# ארץ ישראל.

פון ד. בן-גוריון
און י. בן-צבי.

# ארץ ישראל

## אין פערגאַנגענהייט און געגענוואַרט.

געאָגראַפיע, געשיכטע, רעכטליכע פערהעלטניסע, בעפעלקע־
רונג, לאַנדווירטשאַפט, האַנדעל און אינדוסטריע.

פון

ד. בן־גוריון און י. בן־צבי.

מיט דריי לאַנדקאַרטעס און 80 בילדער פון א״י.

אַרויסגעגעבען פון

פועלי־ציון פאַלעסטינא קאָמיטעט

ניו־יאָרק, תרס״ח.

# ארץ ישראל

## אין פערגאנגענהייט און געגענוואַרט

„. . . וראיתם את הארץ מה הוא,
ואת העם הישב עליה, החזק
הוא הרפה, המעט הוא אם רב.
ומה הארץ אשר הוא יושב בה
הטובה הוא אם רעה, ומה הערים
אשר הוא יושב בהנה הבמחנים
אם במבצרים. ומה הארץ השמנה
הוא אם רזה היש בה עץ אם אַין...‟

(במדבר י״ג 18—20)

# פון די אַרויסגעבער

מיט פרייד טראָגען מיר צו צו אונזערע חברים בפרט און צום ברייטען אידישען לעזער בכלל — דעם בוך „ארץ ישראל“.

דער „פועלי ציון פּאַלעסטינאַ קאָמיטעט“, וועמעס הויפּט צוועק איז — צו זאַרגען פאַר דער בעשאַפונג, אויפבויאונג און דערהאַלטונג פון די אידישע ארבייטער אינסטיטוציאָנען אין ארץ ישראל — וואָס האָט אייגענטליך מיט פערלאַגס־אַרבייט גאָר ניט צו טהון, האָט אָבער געהאַלטען פאַר זיין חוב צו געבען דעם ברייטען אידישען עולם אזא ווערק, וואָס איז לחלוטין ניט געווען בנמצא אין דער אידישער שפּראַך, טראָץ זיין גרויסער נויטווענדיגקייט, און דאָס איז אַ געגנוי־אינפאָרמאַטיווע, בעלעהרענדע און וויסענשאַפטליכע אַרבייט איבער אונזער אַלט־ניילאַנד ארץ ישראל. אַ ווערק, וואָס זאָל בעקאַנט מאַכען דעם אידישען לעזער מיט אַלע פּאַזען פון דער אַמאָליגער און יעצטיגער ארץ ישראל: היסטאָרישער, געאָגראַפישער, פּאָליטישער, קולטורעלער, און וואָס זאָל גלייכצייטיג אויך געבען אַ גענויען סכום פון די גרויסע מעגליכקייטען וואָס דאָס לאַנד פערמאָגט פיר דער נייער אויפבויאונג און ענטוויקלונג פונ׳ם לאַנד — פיר דער בעשאַפונג פון אַ אידיש־נאַציאָנאַלער היים.

דאָס בוך איז לכתחלה געפּלאַנט געוואָרען צו ערשיינען אין אַ פיעל קלענערען פאָרמאַט. אין פערלויף פון דער ארבייט איז אָבער קלאָר געוואָרען אז אום דער בוך זאָל זיין מעהר אָדער ווייניגער פּאָלקאָמען, מוז זיין פאָרמאַט פערגרעסערט ווערען.

מיט דער קליינער אָנשטרענגונג פון פּאָל. קאָמ. און דערהויפּט מיט דער ענערגישער מיטהילף פון די פּועלי ציון פּאַרטיי חברים, איז דאָס ערשינען.

דער פּאָל. קאָמ. גיט דאָס בוך איבער דעם ברייטען אידישען לעזער מיט דעם איניגסטען געפיהל, אז עס איז מיט דעם ערפילט געוואָרען אַ וויכטיגע אויפגאַבע.

פּועלי ציון פּאַלעסטינאַ קאָמיטעט.

נויאָרק, 1918.

# פאָרוואָרט.

דאָס, וואָס איז צוויי טויזענד יאָהר געווען אַ האָפנונג און אַ גלויבען — ווערט ענדליך אַ ווירקליכקייט. דער שטאָלצער חלום פון אייביגען וואַנדערער צוריקצוקעהרען זיך אַלס זעלבסשטענדיגע נאַציאָן אין אייגענעם לאַנד — האַלט ביים מקוים ווערען. אַ פאָלק און אַ לאַנד — אַ פערוואָגעלט פאָלק און אַ פערלאָזען לאַנד — שטעהען אויף תחית־המתים.

די גרעסטע וועלט־מאַכט, וועמעס אַרמעע האָט שוין עראָבערט גאַנץ יהודה און אויפגעצויגען איהר פאָהן אויף די מויערען פון דער אייביגער שטאָדט ירושלים, האָט אָפיציעל פראָקלאַמירט די רעכט פון אידישען פאָלק אויף ארץ ישראל אַלס זיין נאַציאָנאַלע היים. און מיט דער גוטהייסונג פון דער ענגלישער דעקלאַראַציע מצד דעם פריעדענס קאָנגרעס נאָך דעם וועלט־קריעג — ווערט דאָס אידישע פאָלק בערופען אויפצובויען און רעסטאַווירען זיין היסטאָריש פאַטערלאַנד און בעשאַפען זיין נאַציאָנאַלע צוקונפט אין לאַנד פון זיין פערגאַנגענהייט.

---

עס איז איבערפליסיג אין אַזאַ מאָמענט צו דערווייזען די נויטווענדיגקייט פון אַ נעהנטערע, אינטימערע און גרינדליכע בעקאַנטשאַפט מיט׳ן לאַנד פון אונזער נאַציאָנאַלען ווידערגעבורט. דער געדאַנק, געפיהל און ווילען פון גאַנצען אידישען פאָלק איז איצט קאָנצענטרירט אויף א״י. נאָך מעהר, אין קיין איין מאָמענט פון זיין גלות געשיכטע האָט דאָס אידישע פאָלק ניט פערלאָרען דעם טיעפסטען אינטערעס צום לאַנד פון זיין געבורט און פון זיין האָפנונג, און דער זכר פון ציון, די געשטאַלטען פון כרמל און שרון, דער עמק יזרעאל און הרי יהודה, די וואַסערען פון ירדן און די שנעע פון לבנון האָבען אימער געשוועבט פאַר די אויגען פון די פערטריבענע אויף די טייכען פון בבל אַזוי גוט ווי פאַר זייערע וואַנדערנדע אייניקלעך אויף די ברעגעס פון נילוס, ריינוס, דונאַי, ווייכסעל, האָדסאָן און מיסיסיפי. עס איז אָבער מערקווירדיג: די אידען האָבען מעהר ב ע ז ו נ ג ע ן ווי ג ע ק אָ נ ט זייער לאַנד. פון דעם פאַרצייטיגען אַנאָנימען פאָעט פון „על נהרות בבל“ ביז דעם לעצטען אידישען דיכטער פון אונזער צייט — האָט קיין איין אידישער פאָעט ניט פערפעהלט „צו בעוויינען ווי אַ קראָקאָדיל דעם טרויער פון ציון און בעזינגען מיט זיין פיעדעל דעם טרוים פון איהר ערלעזונג“. ווייניג אָבער האָבען אידישע חכמים, למדנים, חוקרים און געלערנטע זיך אָבגעגעבען מיט דער ערפאָרשונג און בעשריי-

בונג פון ארץ ישראל. און אין דער אונגעהויער רייכער פאלעסטינא־ליטעראטור גע־פינט מען ניט אפילו איין ווערק, געשריבען פון א אידען פאר אידען, וואס זאל געבען אן אלגעמיין בילד פון ארץ ישראל אין דער פערגאנגענ־הייט און געגענוואַרט, אהן וועלכען עס איז אונמעגליך זיך פארצושטעלען מעהר־וויי־ניגער ריכטיג די מעגליכע צוקונפט פון אידישען לאנד. אלע בעדייטענדע ביכער איבער א"י, מיט דער אויסנאהמע פון עטליכע עלטערע ווערק, וואס האבען שוין איצט ניט מעהר ווי א היסטארישע בעדייטונג, זיינען די פרוכט פון קריסטליכע געלערנטע וואס האבען געשריבען הויפטזעכליך פאר קריסטען. דער קריסטליכער פארשער און געלערנטער איז בעיקר פעראינטערעסירט אין פאלעסטינא אלס דאס געבורטס־לאנד פון קריסטענטום, און אפילו די פרייגעזאנענסטע פון זיי בעהאנדלען א"י לרב פון טעאלאגישען שטאנדפונקט. אפילו די יעניגע וואס האבען גאר ניט צו טון מיט רעליגיעזע פראגען בעשעפטיגען זיך כמעט אויסשליסליך מיט דער ארחעאלאגיע פון א"י. אלע קריסטליכע ווערק איבער א"י טראגען דעריבער מייסטענס א ריין געשיכטליכען כאראקטער. די ווירטשאפטליכע, סאציאלע, פאליטישע יורידישע, נאַ־ציאנאלע פערהעלטניסע פון די היינטיגע א"י — זיינען נאך כמעט דורכאויס א „קרקע בתולה", אן אונבעארבייטעם פעלד. אפילו די געשיכטע פון לאנד ווערט דורך די קריסטליכע געלערנטע בעהאנדעלט איינזייטיג און ניט אלע מאל פריי פון קריסטליך־טעאלאגישע טענדענצען. די נאך־אידישע עפאכע, אויסער די תקופה פון די נוסעי־הצלב, און די געשיכטע פון די אידען אן א"י נאכ'ן חורבן, ווערען אויך געוועהנליך פערנאכלעסיגט ביי די קריסטליכע געשיכטס־שרייבער פון א"י. די גאנ־צע אידישע נאך־ביבלישע ליטעראטור — תלמוד, מדרשים, פוסקים, מפרשים און שו"ת, — וואס ענטהאלט אונערשעפליכע אוצרות פון רוי־מאטעריאלען איבער דער געשיכטע און געאגראפיע פון א"י, איז פאר 99 פראצענט פון די קריסטליכע געלערנטע א ספר החתום.

די אונפערצייליכע פערנאכלעסיגונג מצד די אידישע געלערנטע פון דיעזער ווי־סענשאפטס־צווייג וואס האט זיי געדארפט זיין נעהענטער ווי די ניט אידישע געלערנ־טע — איז ניט נור א נאציאנאלער פערלוסט און אונעהרע פאר'ן אידישען פאלק — נאר אויך א גרויסער פערלוסט פאר דער אלגעמיינער וויסענשאפט.

די אויסלעזונג פון ארץ ישראל דורך אידען קאן ניט פארקומען אהן דער אויס־לעזונג פון דער א"י וויסענשאפט דורך אידישע געלערנטע. דאס איז אן אויפגאבע ניט פון א יחיד אדער עטליכע יחידים — נאר פון גאנצען קאלעקטיוו פון די אידישע אינטעלעקטועלע קרעפטען וואס ארבייטען אויפ'ן געביט פון דער אידישער וויסענ־שאפט.

---

אין דיזען ווערק האבען די מחברים געשטרעבט צו געבען אן אלגעמיינעם איבער־בליק איבער דער געשיכטע, געאגראפיע, בעפעלקערונג, ווירטשאפטליכע, פאליטישע

און יורידישע פערהעלטניסע פון א"י און דער ענטוויקלונג, צושטאנד און די קאָלאָני־זאציאָנס־פּראָבלעמען פון דאָרטיגען אידישען ישוב, בעגרינדעט אויף די ביז איצטיגע פאָרשונגען און עקזיסטירענדער רייכער פּאַלעסטינא ליטעראטור ווי אויך אויף זייער פערזענליכע בעאָבאכטונגען אין פערלויף פון א צעהן־יעהריגער רעזידענץ אין לאנד. לויט'ן ערשטען פּלאַן האָט די גאנצע ארבייט געזאָלט בעשטעהן פון איין בוך פון בערך 300 זייטען. די ארבייט האָט זיך אָבער אזוי צוואוקסען, אז די מחברים זיינען גע־צוואונגען געוואָרען צו צוטיילען דעם בוך אין צוויי: איין באנד וועגען דעם לאנד אין אלגעמיין, א צווייטער בוך וועגען דעם אידישען ישוב. דער ערשטער באנד אליין, ספּעציעל די פינפטע אבטיילונג („אלגעמיינער ישוב") האָט זיך אזוי פיעל פער־גרעסערט אַז אנשטאט 300 איז ארויסגעקומען 500 זייטען.

דיזער באנד שטעלט מיט זיך פאָר אַן אָבגעשלאָסענע ארבייט, און ענטהאלט די געאָגראַפיע, געשיכטע, יורידישע פערהעלטניסע, אלגעמיינע (ניט אידישע) בעפעלקע־רונג און ווירטשאַפט פון א"י. אין דעם קאַפּיטעל וועגען שטאָדטישען ישוב זיינען אויסגעלאָזען געוואָרען די דריי שטעדט — ירושלים, טבריה און צפת, און זיי וועלען אריינקומען אין צווייטען באנד, וואָס וועט זיין געווידמעט דער געשיכטע און איצ־טיגער לאגע פון אידישען ישוב, שטאָדטישען און דאָרפישען.

דער פּלאַן פון בוך איז געמיינשאַפטליך אויסגעארבייט געוואָרען פון ביידע מחברים און דאָס גאנצע בוך איז פון ביידע דורכגעקוקט געוואָרען. אָבער די זעקס פערשיעדענע אבטיילונגען, אין וועלכע דאָס בוך איז איינגעטיילט — זיינען בעזונדער און זעלבסטשטענדיג בעארבייט געוואָרען, צו דריי פון יעדען איינעם. די ערשטע אָבטיילונג (זייט 3—13), די דריטע („רעכטליכע אינסטיטוטען", זייט 81—124) און די פינפטע („אלגעמיינער ישוב", זייט 177—448) בעלאַנגען צו ד. בן־גוריון; די צווייטע אבטיילונג („געשיכטע", זייט 15—80, צו דיזער אבטיילונג געהערען אויך די זייטען 1—2), די פיערטע („געאָגראַפיע", זייט 125—176) און די זעקסטע („פאָר־שונג פון לאנד", מיט די ביילאַגען, זייט 449—474) בעלאַנגען צו י. בן־צבי. די ביילעגענדע לאנדקארטען זיינען געצייכענט פון דעם קינסטלער מיכאל לאָעב. דער סטיל און די דריי ערשטע אבטיילונגען איז טיילווייז רעדאגירט געוואָרען פון חבר יואל ענטין און פון אונזער פערשטאָרבענעם דוב בער באָרוכאָוו.

די מחברים דריקען דאָ אויס זייער חבר'שען דאנק צו דער אַמעריקאנער פּועלי־ציון פּארטיי וואָס האָט ערמעגליכט די ערשיינונג פון דיזען בוך. בעזונדערס זיינען די מחברים שולדיג א הארציגען און טיעפען דאנק דעם פּאַלעסטינא־קאָמיטעט פון די פּועלי־ציון אין אַמעריקאַ, וועלכער האָט אונטערגענומען די אויסגאַבע פון א בוך וואָס איז געווען פערבונדען מיט גרויסע שוועריגקייטען, מאטעריעלע און טעכנישע.

ניו־יאָרק, חמשה־עשר בשבט תרע"ח.

## אַראַביש־טערקישע ווערטער וואָס ווערען בענוצט אין דיזען בוך:

בעדואינען — וואַנדערענדע אַראַבער, וואָס וואוינען אין געצעלטען, פערנעהמען זיך הויפּטזעכליך מיט פיה־צוכט.

גרוש — טערקישע מטבע, בערך 4 סענט, רופט זיך אויך פּיאַסטער.

ג׳מיע (דזשאמעע) — מאָשעע, מחמד׳אַנישע קירכע.

ג׳מעת (דזשעמאאט) — געמיינדע.

ג׳בל (דזשעבעל) — באַרג.

דונאַם — מאָס פון באָדען, 919 קוואדראַט מעטער, בערך אַ פערטעל אַקער.

וואַדי — אַ טייכעל, אויך דער טאָל אין וועלכען דער טייך פליסט, דאָס זעלבע וואָס אין העבּרעאיש נחל.

ווילאַיעט — פּראָווינץ.

וואַלי — דער פערוואַלטער פון ווילאַיעט, גענעראַל גובערנאַטאָר.

ווערגו — שטייער פון הייזער און באָדען.

וקף (וואַקוף) — אונבעוועגליך אייגענטום וואָס בעלאַנגט צו הקדש.

וועלי — אַ קבר פון אַ הייליגען, רופט זיך אויך „מקם״ (מאַקאַם), העברעאיש־כנעני׳ש „מקום״.

האַראַדזש — שטייער פון ניט־מוסלימער.

חכם־באַשי — אָפיציעלער פּאָרשטעהער פון טערקישען אידענטום (גראַנד־רבי).

האַרת — קוואַרטאַל, שטאָדט אָבטיילונג.

טשיפטליק — אין טערקיש אַ פאַרם; אין א״י ווערט עס בענוצט אין זין פון קרוין־לאַנד, סולטאַנס־באָדען.

כלי (קעלי) — אַ מאָס פון תבואות.

לירא — טערקישע מטבע, בערך 4½ דאָלאַר אָדער 23 פראַנק.

מוכתר (מוכטאַר) — פערטרעטער פון אַ געמיינדע.

מירי — שטאַאַטס־באָדען.

מולק — אַבסאָלוטעס אייגענטום.

מג׳לס (מעדזשעלים) — אָפיציעלער ראַטה; אַדמיניסטראַטיווע אָדער געזעצגעבענדע קערפּערשאַפט.

מתצרף (מוטעסאַריף) — דער פערוואַלטער פון אַ סאַנדזשאַק, גובערנאַטאָר.

מלת (מילעט) — נאַציאָן.

מקם (מאַקאַם) — זעה וועלי.

מודיר — פערוואַלטער פון אַנאַחיע.

נאַחיע — אָבטיילונג פון אַ קאַדאַ.

סאַנדזשאַק — אַן אַבטיילונג פון אַ ווילאַיעט, אַ גובערניע.

עפענדי — אין טערקיש: הער; אין א״י ווערט עס בענוצט אין זין פון פריץ, רייכען גוטסבעזיצער.

עושר — שטייערען פון תבואות, מעשר, געוועהנליך מעהר ווי אַ צעהנטעל (בערך 12½ פּראָצענט).

פלאַח (פעלאַך) — אַקער־בויער.

פדאַן (פעדאַן) — פּאָר אָקסען צום אַקערען, אויך אַ שטח באָדען וואָס אַ פּאָר אָקסען קענען בעאַרבייטען.

קאַדא — בעצירק, אַן אַבטיילונג פון אַ סאַנדזשאַק.

קאַימאַקאַם (קאַימאַקאַם) — פערוואַלטער פון אַ קאַדא, וויצע גובערנאַטאָר.

שריעת (שעריאט) — מוסלימישע רעליגיעזע און רעכטליכע לעהרע.
תל (טעל) — א בערגיל, ווי תל אין העברעאיש.
אין דער אויסלעגונג פון די אראבישע ווערטער האבען מיר בענוצט די אראביש־סעמיטישע ארטאגראפיע. און אום צו מאכען די ווערטער לעזבאר — אויך די אי־דישע ארטאגראפיע. צ. ב. ש. דאס אראבישע ווארט „מילעט" (נאציאן) שרייבט זיך אין אראביש „מלת". דער אראבישער אלף־בית ענטשפרעכט דעם העברעאישען אות ביי אות, אויסער אזעלכע אותיות ווי ע' (לעזט זיך האלב ח, האלב ר'), צ' (ווי ד), ג' (ווי דזש., אין מצרים ווי ג'), ט' (ווי ז).

## אבקירצונגען.

פאלגענדע אבקירצונגען זיינען בענוצט געווארען אין דיזען בוך:

א"י — ארץ ישראל.

גניזה — אנ'אלטער אידישער ארחיוו, וועלכער איז ענטדעקט געווארען נים לאנג אין מצרים.

דבה"י — דברי הימים.

ח"א — חלק א'.

ח"ב — חלק ב'.

יוסיפון — יוסף בן מתתיהו הכהן (פלאוויוס).

געגען אפיאן, אויטאביאגראפיע — די ווערק פון יוסף בן מתתיהו הכהן (פלאוויוס).

מלחמות — אידישע מלחמות פון דעם זעלבען מחבר.

קדמוניות — קדמוניות היהודים פון דעם זעלבען מחבר.

שו"ת — שאלות ותשובות.

די ציטאטען פון תנך ווערען בעצייכענט מיט צוויי סימנים, צ. ב. (יהושע יט 46) מיינט קאפיטעל י"ט, פסוק 46. פון משניות ווערט בעצייכענט דער פרק און די משנה, פון גמרא — דער דף, פון יוסף פלאוויוס ווערען בעצייכענט דער בוך, דער פרק און דער פאראגראף.

H. A.=Deutsches Handels Archiv

P. E. F.=Palestine Exploration Fund

P. P. T. S. = Palestine Pilgrims' Text Society.

Q. S. P. E. F.=Quarterly Statement of the P. E. F.

Z. D. P. V.=Zeitschrift des Deutschen Palaestina Vereins

# אינהאלט:

## ערשטע אָבטיילונג 1—13.

אַלגעמיינע היסטאָרישע און געאָגראַפישע שטריכען פון ארץ ישראל.

### א. די נעמען פון לאַנד.

### ב. די גרעניצען.



### ג. דער שטח פון ארץ ישראל.



### ד. די אדמיניסטראַטיווע צוטיילונג.



## צווייטע אָבטיילונג 15—80.

## געשיכטע.

### א. דאָס לאַנד פאר דער אידישער איינוואַנדערונג.



### ב. די אידישע תקופה.



### ג. די רוימיש־ביזאַנטישע הערשאַפט.

### ד. די אַראַבישע הערשאַפט.



### ה. די טערקישע הערשאַפט.



### ו. די אידען אין דער טערקישער תקופה.



---

## דריטע אַבטיילונג 81—124

## רעכטליכע אינסטיטוטען.



### א. אָטאָמאַנישע רעכטס־סיסטעמען.



### ב. אָטאָמאַנישע בירגערטהום.

### ג. אגראַרע געזעצגעבונג און שטייערען.



### ד. לאָקאַלע און פראָווינציעלע זעלבסט־פערוואלטונג.



### ה. די אויטאָנאָמיע פון לבנון.



### ו. נאַציאָנאַל־רעליגיעזע אויטאָנאָמיע פון ניט־מוסלימישע פעלקער.



### ז. די „אידישע נאַציאָן" (יהודי מלתי).



---

## פיערטע אָבטיילונג 125—176.

# געאָגראַפיע.

### א. די פאָרמען פון דער אויבערפלעכע.

### ב. דער באָדען און די בעוואַסערונג.



### ג. דער קלימאַט.



### ד. די פלאָרא און די פאַונאַ.



---

פינפטע אָבטיילונג, 176 — 448.

# אַלגעמיינער ישוב.

איינלייטונג.



---

ערשטער קאַפּיטעל, 185 — 314.

# די שטעדט: געשיכטע, ווירטשאַפט, ישוב.

### א. שטאָדטישע בעפעלקערונג.

## ב. אינדוסטריע און געווערבען.



## ג. פערקעהרס־מיטלען.



## ד. עקספאָרט און אימפאָרט.



---

## ה. די געשיכטע און איצטיגע לאַגע פון שטעדט.

### יפו.



### לוד.



### רמלה.



### עזה.



### באר־שבע.

## ו. וואוינונג און קליידער.



## ז. פלאחין ווירטשאַפט.



### 1) אַלגעמיינע חאראַקטעריסטיק.



### 2) פעלד אַרבייט.



### 3) טיפּען פון פלאַחין ווירטשאַפט.



## ח. פיה צוכט.



## ט. לאַנדווירטשאַפטליכע פּראָדוקציאָן.



### 1) פלאַנטאַציעס.



### דער אייל‌בוים.



### וויינשטאָק.

## שלום.



---

## זעקסטע אבטיילונג, 449 — 465.

# די פאָרשונג פון לאַנד.



## ביילאַגען, 469—474.

## פערצייכנים פון בילדער.

## פערצייכנים פון לאנדקארטען.

# ארץ ישראל

געאָגראַפיע, געשיכטע, רעכטליכע פערהעלטניסע, בעפעל־
קערונג, לאַנדווירטשאַפט, האַנדעל און אינדוסטריע.

# ערשטע אבטיילונג.

דער היסטאָרישער שיקזאַל פון ארץ ישראל איז פיליכט דער אָריגינעל־סטער פון אַלע אנדערע לענדער אין דער וועלט. שוין באַלד פינף טויזענד יאָהר ווי דאס לאַנד שטעהט אין דעם מיטעלפּונקט פון דער געשיכטע, און קיין איין וויכטיגע פאַזע פון דער מענשליכער ענטוויקלונג איז ניט פאַרגעקומען אָהן דער דירעקטער אָדער אונדירעקטער בעטייליגונג פון דעם קליינעם לאַנד. די אוראַלטע מלחמות צווישען די קולטורען פון נילוס און פון מעסאָפּאָטאַמיען, צווישען מצרים פון איין זייט, און פון שנער, אַשור, בבל און פרס פון דער אנדער זייט; דער קאַמפּף פון גריכענלאַנד מיט פרס; דער קאַמפּף פון דער רוימישער אימפּעריע פאַר דער וועלט־מאַכט געגען די פרייע פעלקער פון אזיען; דער דראַנג פון די אַראַבישע מדבר־שבטים נאָך מזרח און נאָך מערב און דער וועסט־אייראָפּעאישער געגען־דראַנג, וועלכער האָט זיך אויסגעדריקט אין דער אינוואַזיאָן פון די נוסעי־הצלב (קרייצציגע) נאָך דער הייליגער לאַנד; די מאָנגאָלישע אינוואַזיאָנען פון איראַן, טורקעסטאַן און טיבעט, און די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות אין דעם נאָהענטען אָריענט — קיינע פון די וועלטגעשעהענישען האָט ניט פערמיעדען ארץ ישראל. דאס מערקווירדיגסטע איז דער געשיכטע פון דעם לאַנד בעשטעהט אָבער אין דעם, וואס פערנעהמענדיג פון תמיד אַן א סעקונדערען (צווייטען) פּלאַץ אין פּאָליטישען לעבען פון די פעלקער, האָט ארץ ישראל געוואונען א דאָמינירענדע (הערשענדע) וועלט־ראָלע אין רעליגיעזען און אין קולטורעלען זין. די דריי וועלט־רעליגיאָנען, צו וועלכע עס געהערט ביז היינ־טיגען טאָג דער גרעסטער טייל פון דער מענשהייט, זיינען ענטשטאַנען און זיך ענטוויקעלט אין ארץ ישראל גופא, אָדער אונטער איהר אונמיטעלבאַרער, דירעקטער השפּעה.

די געאָגראַפישע לאַגע פון פּאַלעסטינא — אויף דעם מיטעלפּונקט, צווישען דריי וועלט־טיילען, אויף דעם קרייץ־וועג פון די גרעסטע מעכטע פון אַלטערטום, אויף דעם ברעג פון דעם ים, וועלכער איז ביז דער ענטדעקונג פון אמעריקא געוועזען דער גרעסטער פון די צוגענגליכע ימים — דיעזע לאַגע האָט געצויגען צו דעם לאַנד די אויפמערקזאמקייט פון אַלע פעלקער נאָך אין דער פריהלינגס־צייט פון דער מענשהייט. די נאָהענטקייט פון י ם האָט גורם געווען צו דער ענטוויקלונג פון מסחר און פון קונסט אין דער אַלטער פיניקיען, אין צפון־מערב זייט פון ארץ־ישראל, און די נאָ־הענטקייט פון מ ד ב ר האָט תמיד געצויגען זיינע ווילדע קינדער צו אַלץ נייע

אינוואזיאנען אין „דאס לאנד, וואס פליסט מיט מילך און האניג“, די טאלען אויפ׳ן ברעג פון ים און צווישען די בערג־קייטען פון מיטען לאנד, דער שרון מיט דער שפלה, דער עמק עכו מיט דעם עמק יזרעאל, די בקעת־הלבנון, — האבען פאר־געשטעלט מיט זיך די בעסטע וועגען פאר מיליטערישע עקספעדיציעס פון צפון און פון דרום, פאר די פעלקער־מלחמות פון אלע פעריאדען. פון דער אנדער זייט אבער, האבען די שטאלצע בערג מיט די טיפע אבגרונדען פון מיטען־לאנד פער־שטעלט און בעשיצט די ארטיגע בעפעלקערונג געגען די רייטוואגענס פון פרעה׳ס מיליטער, אזוי גוט ווי געגען די אינוואזיאנען פון די גריכיש־סירישע מחנות, און געוויסערמאסען אויך געגען די אראבישע און טאטעריש־מאנגאלישע הארדען. א דאנק דיעזע בערג און פעלזען וועלכע זיינען איבערפילט מיט היילען און פערבארגענע דורכגאנגען, איז פאר דער ארטיגער בעפעלקערונג געוועזען מעגליך אריבערצוקומען די שרעקליכסטע מלחמות און גרעסטע איבערפאלען, און דאס לאנד זאל דערביי ניט אינגאנצען פערוויסטעט ווערען. איבערלעבענדיג די שווערע צייטען, איז זי ווי־דער געקומען צו זיך און דערהאלטען די פעהיגקייט אויפצובליהען פון דאס ניי.

דיעזע נאטירליכע צוריסענקייט האט געהאט דעם נעגאטיווען רעזולטאט, אז במשך פון טויזענדער יאהרען, איז דאס לאנד געווען פאליטיש צוריסען צווישען קלענערע און גרעסערע שבטים און מלוכה־ארגאניזאציאנען. אין די בערג פון יהודה האבען ניט געקענט ענטשטעהן אזעלכע פאליטיש־מעכטיגע ארגאניזמען ווי אין די ברייטע טאלען פון נילום און פון מעסאפאטאמיען. און ווען דעם געניום פון א געוויסער נאציאן איז געלונגען צו גרינדען אין יהודה א צענטר פון א שטארקער מלוכה, איז עס געוועזען צוליעב אנדערע, געזעלשאפטליכע און נאציאנאל־היסטארישע אור־זאכען. דיעזער ארגאניזם האט זיך אויך לאנג נישט געהאלטען אין זיין מאכט, און אין די בעסטע יאהרען פון איהר פאליטישער בליהונג האט ארץ ישראל אלץ ניט בעקומען אזא ברייטע העגעמאניע איבער איהרע נאכבארלענדער, ווי די אנדערע, ווייטערע שכנות, מצרים און אשור, אין זייער צייט.

פון דער אנדער זייט האט אבער קיין מעכטיגע מלוכה נישט בעקומען אזא געוואלטיגע גייסטיגע השפעה אויף די ווייטסטע לענדער פון דער וועלט, און אזא דויערענדע, יאהרטויזענדער זיך ציהענדע ווירקונג אויף די פערשיעדענסטע אומות און אויף די ווייטסטע דורות — ווי די קליינע און פאליטיש שוואכע ארץ ישראל. דערמיט האבען מיר זיכער צו פערדאנקען דער היסטארישער קאמבינאציע פון צוויי פאקטארען. וועלכע האבען געשאפען די העכסטע קולטורעלע און געזעלשאפטליך־מאראלע ווערטען פון דער מענשהייט, דער וואונדערבארער נאטור פון דעם לאנד גופא און די פעהיגקייטען פון דער אי־דישער נאציאן.

## א. די נעמען פון לאַנד.

א ר ץ י ש ר א ל — אזוי ווערט אנגערופען די היסטאָרישע היים פון אידישען פאָלק. פריהער, איידער די אידען האָבען זיך אין לאַנד בעפעסטיגט און געבילדעט דאָרט אן איינהייטליכע נאַציאָן, — האָט מען דאָס לאַנד גערופען ארץ כנען, אויפ'ן נאָמען פון כנען, חם בן נח'ס זוהן, און די כנענים וואָס האָבען פערנומען א טייל פון לאַנד. (עס איז אויך פאַראַן א מיינונג אז כנען איז ניט קיין ראַסען-נאָמען, נאָר א ריין געאָגראַפישער טערמין, וואָס בעדייטעט „נידריג" לאַנד). דער נאָמען כנען ווערט אָם מעהרסטען געברויכט אין דער תורה און בעציהט זיך בלויז אויף דעם מערב-טייל פון א"י — ד. ה. אויף דעם געביעט וואָס ליגט צווישען ירדן און ים התיכון. אין די שריפטען פון תל-אַמרנא (פון 14טען יאָהרהונדערט פ א ר'ן קריסטליכ'ן רעכנונג) ווערט דער נאָמען ארץ כנען בענוצט בלויז בנוגע דעם פעניציישען ברעג-געגענד. דעם נאָמען „ארץ ישראל" בעגעגענט מען צום ערשטען מאָל אין די צייטען פון שאול המלך (שמואל א' פרק י"ג—19), און דער דאָזיגער נאָמען איז פאַרבליבען ביי די אידען ביז'ן היינטיגען טאָג. הגם אין תנ"ך ווערט דאָס לאַנד בעצייכענט אויך מיט אנדערע נעמען, ווי ארץ ה', ארץ יהודה, ארץ העברים, אדמת הקדש.

די פעלקער רופען דאָס לאַנד פּאַלעסטינא, אויפ'ן נאָמען פון די פלשתים, וואָס האָבען פערנומען דעם זיד-וועסטליכען טייל פון א"י. דיזער נאָמען טרעפט זיך שוין אין תנ"ך אין דער פאָרם פלשת („גלילות-פלשת"), און שפּעטער אין מדרש אין דער פאָרם „פלסטני". אויך אין אראַביש און טערקיש הייסט דאָס לאַנד „פיליסטין". צוערשט האָט מען מיט'ן נאָמען פּאַלעסטינא בעצייכענט בלויז דעם טייל, וואָס האָט בעלאַנגט צו די פלשתים — דאָס איז דער געביעט צווישען דעם כרמל און סיני (אין דעם זין ווערט דער נאָמען פּאַלעסטינא געברויכט ביי יוסף פלאַוויוס). ביסלעכווייז האָט זיך דער נאָמען פערשפּרייט אויף גאַנץ מערב א"י. ביז מ'האָט שפּעטער דאָס גאַנצע לאַנד, צווישען דמשק און לבנון אין צפון און דעם האַלב-אינזעל סיני אין דרום, אנגעהויבען רופען מיט דעם דאָזיגען נאָמען. די קריסטען בעצייכענען אָפט דאָס לאַנד מיט'ן נאָמען „דאָס פערשפּראָכענע לאַנד", ד. ה. דאָס לאַנד וואָס איז פערשפּראָכען געוואָרען פון גאָט צום אידישען פאָלק.

## ב. די גרעניצען פון לאַנד.

ארץ ישראל געפינט זיך צווישען דריי וועלט-טיילען — אייראָפּאַ, אזיע, און אפריקאַ, זי גיסט זיך אָבער ניט פאַלשטענדיג צוזאַמען מיט די ארומיגע לענדער, נאָר פערקעהרט, זי טיילט זיך אויס דורך ים, מדבר און בערג וואָס רינגלען זי ארום, און בעקומט א קלאָר-דייטליכע געאָגראַפישע אינדיווידואַליטעט און אייגענאַרטיגע פיזיאָנאָמיע, וואָס טרעפט זיך זעלטען אין אנדערע לענדער. אין מערב — דער ים-התיכון (מיטעללענדישער מעער), אין צפון — די בערג פון לבנון, אין מזרח — די סירישע סטעפּע, אין דרום — מדבר סיני. דאָס זיינען די גרעניצען וואָס די נאַטור זעלבסט האָט בעשטימט פאַר'ן לאַנד. טראָץ דעם אַלעמען הערשט א גרויסע מיינונגס-פערשיעדענהייט אין דער פראַגע וועגען די גרעניצען פון א"י און ס'איז ניט אזוי לייכט צו בעשטימען גענוי וואָס איז א"י און וואָס — ניט.

אין דער תורה ווערען אנגעגעבען דריי פערשיעדענע גרעניצען פון לאנד.

לויט בראשית י׳ י״ט איז די גרענעץ פון כנען געווען פון צידון ביז עזה אין דער לענג, און פון ים התיכון ביז׳ן ים המלח אין דער ברייט — דאס איז, בלויז דאס לאנד מערב זייט פון ירדן, אחוץ דעם עקסטרעם זידליכען טייל וואס רופט זיך נגב.

לויט דער ערקלערונג פון במדבר (פרק ל״ד) — נעהמט ארץ ישראל אויך ארייז דעם נגב און א טייל פון עבר הירדן.

אין אנדערע שטעלען ווידער אין דער תורה (בראשית ט״ו, 18, במדבר ל״ד) און אויך אין ספר יהושע (א׳ 4) ווערען די גרעניצען אויסגעברייט אזש ביז דעם טייך פרת, און א״י שליסט איין ניט נור כנען, פלשת און אדום אין מערב און מואב, עמון און גלעד אין מזרח, — נור אויך גאנץ ארם (די היינטיגע סוריה) ביז ארם־נהרים (מעסאפאטאמיע). דאס זיינען די אידעאלע אדער, לויט דער טראדיציע, די פער־שפראכענע גרעניצען פון לאנד. היסטאריש, אין פערלויף פון דער אידישער עראבערונג און זעלבסטשטענדיגקייט, האבען זיך די גרעניצען פון א״י נאך פיעל מעהר געביטען. יעדע עפאכע האט געהאט איהרע בעזונדערע גרעניצען. איהר גרעס־טען שטח האט א״י דערגרייכט אין די צייטען פון דוד המלך. די אידען האבען דאן געהערשט איבער מואב, עמון, אדום, פלשת אין דרום, און ארם אין צפון. באלד נאך דוד׳ס טויט האט זיך ארם בעפרייט פון דער אידישער הערשאפט, און אדום האט רעוואלטירט — די אידישע מלוכה איז פיעל פערשמעלערט געווארען.

אין די צייטען פון בית שני זיינען די גרעניצען פון א״י געווען נאך שמעלער ווי ביים בית־ראשון. אין צפון האבען די אידען שוין ניט דערגרייכט ווי פריהער די בערג פון לבנון, נור אבגעשטעלט זיך ביים טייך קאסימיע (ליטאני). אין מזרח, עבר הירדן, זיינען זיי שוין מעהר ניט צוגעקומען ביז דער מדבר פון סוריה, און אפילו אין מערב זייט האבען זיי ניט בעהערשט דעם גאנצען ברעג ים, און אייניגע האפען־שטעדט האבען זיך גערעכענט אויסער ארץ ישראל.

נאך דעם ווי די אידישע זעלבסטשטענדיגקייט איז פערניכטעט געווארען, האט א״י אויפגעהערט צו עקזיסטירען אלס א בעזונדער לאנד, די פריהערדיגע גרעניצען זיינען אין גאנצען אבגעווישט געווארען, און דאס לאנד איז אין פערשיעדענע צייטען פערשיעדענארטיג צוטיילט געווארען — מיט בעזונדערע נעמען פאר יעדען טייל.

אין דער געגענווארט איז א״י א טייל פון דער אטאמאנישער אימפעריע, און לויט דער טערקישער אדמיניסטראטיווער פאנאנדערטיילונג עקזיסטירט גאר ניט א״י אלס א בעזונדערס גאנצעס. דאס לאנד איז פערטיילט צווישען עטליכע פראווינצען וואס רופען זיך ווילאיעטען (גרעסערע פראווינצען) און סאנדזשאקען (קלענערע).

ווען מ׳וויל אבער בעשטימען די גרענעצען פון דער איצטיגער א״י, בעזונדערס ווען מ׳דענקט ווענען א״י ניט בלויז אלס א לאנד פון דער אידישער פערגאנגענהייט נור אלס א לאנד פון דער אידישער צוקונפט, אלס א לאנד פאר אידישער קאלאניזאציע און נאציאנאלער היים — קאן מען זיך ניט רעכענען אין גאנצען מיט די אידעעלע, טראדיציאנאל־פערשפראכענע גרעניצען, וואס זיינען ביי די געגענווערטיגע בעדינגונגען צו ברייט, און אויך ניט האלטען זיך אויסשליסליך ביי די היסטארישע גרעניצען, וואס האבען זיך אזוי פיעל מאל געביטען און זיך געבילדעט צופעליג, און זיינען מעהרסטענס צו ענג און שטימען ניט מיט דער נאטירליכער לאגע פון לאנד.

מואב, אדום און פלשת, די אמאליגע זעלבסטשטענדיגע מדינות, וואס האבען פערנומען די זידליכע טיילען פון לאנד. אין מזרח און מערב, עקזיסטירען מעהר ניט, און די ערטער וואו יענע פעלקער זיינען געזעסען, זיינען יעצט אן ארגאנישער טייל פון ארץ ישראל. דער טייך ארנון, וואס איז אמאל געוועזען דער דרום גרענעץ פון עבר הירדן, איז שוין מעהר ניט קיין גרעניץ-טייך. נור א אינווייניגסטער טייך פון א"י. און דאס לאנד וואס ליגט אויף זיינע צוויי ברעגעס, אין צפון און דרום, ביז מ ע ן און עקבה, איז סיי נאטירליך. סיי אדמיניסטראטיוו א טייל פון דער אזוי גע־רופענער בעלקא אדער סאנדזשאק כרך (קעראק) — דאס הייסט פון דעם דרום טייל פון מזרח ארץ ישראל.

דאס זעלבע איז אויך מיט דעם נגב — זידליכער געביעט — פון מערב א"י, וואו ס'זיינען פארצייטענס געזעסען די אדומים און עמלקים. ניט באר־שבע איז יעצט דער עקסטרעמסטער טייל פון א"י אין דרום — נאר דער גאלף פון עקבה, אזוי ווי אין די צייטען פון שלמה. דאס גאנצע לאנד דרום זייט פון באר־שבע און מסדה (אויפ'ן ברעג פון ים המלח) ביז דער מצרישער גרענעץ פון סיני און אל־עריש איז אדמיניסטראטיוו אזוי גוט ווי נאטירליך א טייל פון ירושלים'ער סאנדזשאק. ווען מיר בעטראכטען אלזא די געאגראפישע ווי אויך די עטנאגראפישע, קולטורעל־עקא־נאמישע און פאליטיש־אדמיניסטראטיווע בעדינגונגען פון לאנד קומען מיר צו דעם בעשלוס, אז אין דרום ענדיגט זיך ארץ ישראל, ניט ווי פריהער ביי די גרעניצען פון די פערשוואונדענע מואב און אדום, נאר ביי דעם גאלף פון עקבה.

נעהמענדיג אין אכט אט די פיזיש-נאטירליכע סימנים פון לאנד ווי אויך די קולטורעל עקאנאמישע און עטנאגראפישע בעדינגונגען און אומשטענדען פון דער איצטיגער איינוואוינערשאפט, מוזען מיר בעשטימען די גרענעצען פון א"י. אהן די נאכבאר־לענדער, אויפ'ן פאלגענדען אופן:

אין מ ע ר ב — דער ים התיכון, פון רפה (ראפא) אין דרום, ביי דער טערקיש מצרישער גרענעץ, ביז דעם טייך קאסימיע אין צפון, ד. ה. צווישען '31.20 און '33.20 איז דער נארדליכער ברייט.

אין צ פ ו ן — דער טייך קאסימיע, צווישען צור און צידון אין זיין נארדליכער אומוועגדונג ביז צו דער ליניע וואס ציהט זיך נאהענט צום '33.30 גראדוס פון דער נארדליכער ברייט, און טיילט פאנאנדער אין עבר הירדן די חורן'ער און דמשק'ער סאנדזשאקען, ביי דעם „נהר אלעוג'," דער ביבלישער פרפר.

אין ד ר ו ם — די ליניע וואס ציהט זיך באלכסון פון ראפא ('31.20 נארדלי־כער ברייט) ביז דעם גאלף פון עקבה ('29.30), און פון עקבה ביז מ ע ן, וואו עס טיילט זיך אפ דער סאנדזשאק קעראק פון חעדזשאז.

אין מ ז ר ח — די סירישע סטעפע. די מזרח גרעניץ פון א"י קאן גענוי ניט פעסטגעשטעלט ווערען, ווייל דער מדבר סוריה איז ניט קיין אבסאלוטע האפנונגס־לאזע ווילדערניש. ווי למשל סאהארא, נור א מעהר־ווייניגער בעוואוינטע סטעפע. וואס איז אין אמאליגע צייטען געווען הויך קולטיווירט און וואו יעצט וואנדערען ארום די גרויסע בעדואינישע שבטים.

וואס מעהר מ'וועט אבשוואכען דעם קולטור־פיינדליכען און צושטערענדען איינ־פלוס פון דער מדבר, אלץ מעהר קולטורפעהיג וועט די סטעפע ווערען, און במילא וועלען זיך די מזרח גרעניצען פון לאנד אלץ מעהר אברוקען ווייטער אין מזרח, און

דער שטח פון א"י וועט ווערען אלץ גרעסער. מ'קאן אננעהמען דעם .37 מערי־דיאן (רעכענענדיג פון גרינוויטש) אלס די מזרח גרעניץ פון חורן, און '36.20 אלס די גרעניץ פון בעלקא (דעם זידליכען טייל פון עבר הירדן).

אין די אנגעצייכענטע גרעניצען פון א"י ווערען אלזא איינגעשלאסען:

א) אין מערב זייט פון ירדן דער ירושלם'ער, שכמ'ער און עכו'ר סאנדזשאקען (גובערניעס) און די צוויי נארדליכע בעצירקען וואס בעלאנגען צום בירות'ער סאנ־דזשאק: צור און מרג'עיון, ד. ה. דער גאנצער נגב, יהודה, שומרון און גליל.

ב) אין מזרח זייט פון ירדן די צוויי סאנדזשאקען חורן און קעראק (קיר־מואב) און א טייל פון דמשק'ער סאנדזשאק: די בעצירקען קונייטרא, וואדי אל־אדזשאם און חצביה — ד. ה. דער אמאליגען בשן, גולן, גלעד, עמון און מואב.

צו ארץ ישראל דארף אויך צוגערעכענט ווערען דער געביט פון אל־עריש, הגם ער איז פאליטיש אבגעטיילט פון דער טערקישער פאלעסטינא און בעלאנגט יעצט צו מצרים (ריכטיגער — צו ענגלאנד). אל־עריש איז אבער פאקטיש, סיי פון הימ־טארישען, סיי פון פיזיש־געאגראפישען שטאנדפונקט, אן ארגאנישער טייל פון ארץ־ישראל און די פאנאנדערטיילונג צווישען דער טערקישער פאלעסטינא און אל־עריש איז בלויז א קינסטליכע גרעניץ וואס די ענגליש־מצרישע רעגירונג האט דורכגע־פיהרט פון ראפא ביז עקבה.

די אזוי־גערופענע אידעאלע גרעניץ, ד. ה. די גרעניץ פון לאנד ווי זי איז לויט דער טראדיציע פערשפראכען געווארען צום אידישען פאלק, איז אין צפון א סך גרעסער, ווי ס'איז שוין אויבען אין קורצען בעמערקט געווארען. פיעל מאל ווערט דערמאנט, אז דאס פערשפראכענע לאנד דערגרייכט ביז „דעם גרויסען טייך, דער טייך פרת" (בראשית ט"ו 18, שמות כ"ג 31, דברים א' 7, דברים י"א 24, יהושע א' 4). א צווייטער פונקט וואס ווערט אפט דערמאנט אין פערבינדונג מיט דעם צפון גרעניץ איז „לבוא חמת" (די מרגלים האבען אויסגעקוקט דאס לאנד פון מדבר צין (דרום) ביז לבוא חמת (במדבר י"ג 21). צווישען די לענדער וואס יהושע האט ניט איינגענומען און וואס זיינען „פערבליבען צו ערבען" ווערען אויסגערעכענט „דאס לאנד פון גבל און דער גאנצער לבנון, וואו די זון שיינט אויף, פון בעל גד אונטער דעם בארג חרמון ביז'ן אריינגאנג (לבוא) פון חמת" (יהושע י"ג 5), דאס זעלבע ווערט אין קורצען איבערגע'חזר'ט אויף א צווייטען פלאץ (שופטים ג' 3). דוד'ס מלוכה האט זיך פערשפרייט כמעט אין דער פולער מאס פון די פערשפראכענע גרעניצען בשעת דוד איז געגאנגען צוריקברענגען דעם ארון פון קרית יערים האט ער פערזאמעלט די אידען „פון שיחור מצרים (אין דרום) ביז לבוא חמת" (דברי הימים א' י"ג 5).

אויך אין שלמה'ס צייטען איז „לבוא חמת" געוועזן די צפון גרעניץ פון א"י. אין דעם גרויסען יום־טוב פון חנוכת הבית, נאך דעם ווי דער בית המקדש איז פארטיג געווארען, האט זיך פערזאמעלט א גרויסער עולם פון „לבוא חמת ביז נחל מצרים" (מלכים א' ח' 65, דברי הימים ב' ז' 8). ירבעם בן יואש, דער מלך פון ישראל, האט אין זיין צייט צוריק עראבערט דמשק און חמת, און האט איינגע־שטעלט די אלטע גרעניץ פון דוד און שלמה ביז „לבוא חמת" (מלכים ב' י"ד 25, 28).

די שטאדט חמת, וואס בעצייכענט אויף אזא אופן די נארד גרעניץ פון א"י, איז לויט די תרגומים און אלטע פירושים און אויך דער מיינונג פון איינינע מאדערנע געלערנטע, די שטאדט אנטיוכיא (אנטאקיא) אויף דער לינקער זייט פון טייך אראנטעס (אראביש: אל אסי), ניט ווייט פון אלכסנדרע־טער גאלף. דער הר ההר, וואס ווערט אנגעגעבען אלס איינע פון די פונקטען אויף דער נארדליכער גרעניץ (במדבר ל"ד 7), איז לויט דער מיינונג פון מאיר איש שלום, דער בארג אמאנוס; דאס הייסט אלזא אז די נארדליכע גרעניץ האט דערגרייכט כמעט ביז קיליקיא, און גאנץ סוריה איז איינגעשלאסען אין דעם „אידעאלען ארץ ישראל".

א צווייטע מעהר בעגרינדעטע מיינונג איז, אז די דערמאנטע חמת איז די איצטיגע חאמא (אמא־ליגע עפיפאניע), וואס ליעגט אויף אין דעם טאל פון אראנטעס, אבער מעהר צו דרום צו. . ווען מ'זאל אפילו אננעהמען די לעצטע אידענטיפיקאציע פון חמת, הייסט דאס אז די אידעאלע צפון־גרעניץ האט זיך געצויגען פון חאמא (35.8' נארד) ביז'ן טייך פרת, און דער גאנצער לבנון און אנטי־לבנון און א טייל פון נארדליכער סוריה, דערונטער אויך די אלטע שטאדט תדמור (פאלמירא) וואס שלמה האט אויסגעבויט אין דער מדבר (מלכים א' ט' 18), ד. ה. די איצטיגע סאנדזשאקען בירות, לבנון, דמשק און חומס, בעלאנגען צו דעם „פערשפראכענעם לאנד”.

די אידעאלע גרעניצען פון לאנד זיינען אלזא פון עציון־גבר אדער עקבה און נחל מצרים אדער ואדי אל עריש אין דרום — ביז חמת און טייך פרת אין צפון, און פון ים התיכון אין מערב ביז מדבר סוריה אין מזרח. אין דוד און שלמה'ס צייטען זיינען דאס געווען די ווירקליכע גרעניצען פון דער מלוכה. דער אומפאנג פון דעם „אידעאלען” ארץ ישראל איז כמעט צוויי מאל אזוי גרויס ווי דער שטח פון ארץ ישראל אין די מעהר ענגע „רעאלע” גרעניצען, ווי זיי זיינען פריהער פעסטגעשטעלט געווארען.

## ג. דער שטח פון ארץ ישראל.

גאנץ ארץ ישראל איז עד היום וויסענשאפטליך נאך ניט אויסגעמאסטען, און טראץ דער אונגעהויערער רייכער וויסענשאפטליכער ליטעראטור און פיעלפאכע פארשונ־גען און בעשרייבונגען פון „דעם לאנד פון דער ביבעל”, ווייס מען נאך אלץ ניט גענוי און פינקטליך דעם עלעמענטארסטען פונקט פון דער פאלעסטינער געאגראפיע — די גרויס פון לאנד. פערשיעדענע שרייבען גיבען אן פערשיעדענע גרויסען און די אנגאבען אונטערשיידען און ווידערשפרעכען זיך אין כמעט אן אונגלויבליכער מאס. אייניגע האלטען א"י פאר זעהר א קליין לאנד, קוים די גרויס ווי בעלגיען — ארום 29,000 קילאמעטער, אנדערע ווידער רעכנען אויס, אז א"י איז כמעט 3 מאל אזוי גרויס ווי בעלגיען, און פערנעהמט א שטח פון בערך 85,000 קוואדראט קילאמעטער.

דאס מערקווירדיגסטע דערביי איז וואס גראדע אין דער ציוניסטישער ליטערא־טור ווערט אנגענומען די מינימאלסטע מאס (אזוי צום ביישפיעל נאווראצקי אין זיין „אידישע קאלאניזאציאן אין פאלעסטינא” גיט אן — נאך טריטשען — אין גאנצען 27.000 קוואד. קיל., 18.000 ק. ק. פאר מערב א"י און 9.000 פאר מזרח: ישראל בעלקינד גיט אן ארום 40.000 ק. ק.). אין דער צייט וואס בעדעקער, אין זיין בעריהמטען וועג־וויייזער פאר „סוריה און פאלעסטינא” נעהמט אן די ציפער פון פראנצויזישען פארשער וויטאל קינע, לויט וועלכען א"י פארנעהמט א שטח פון מעהר ווי 86.000 קוואדראט קילאמעטער.

סופאן, דער ארויסגעבער פון „בעפעלקערונג דער ערדע”, וועלכער האט קריטיש פערגלייכט די פערשיעדענע אנגאבען און קוועלען נעהמט אן, אז די גרויס פון א"י איז 79.100 קוואד. קילאמ.

ווענען די בעזונדערע טיילען פון ארץ ישראל, אדער די איינצעלנע סאנדזשאקען, הערשט די זעלבע מיינונגס־פערשיעדענהייט.

דער ירושלם'ער סאנדזשאק פערנעהמט לויט די אפיציעלע טער־קישע אנגאבען און אויך לויט וויטאל קינע 21.300 קוו. קיל. די זעלבע ציפער נעהמט אויך אן בעדעקער. דער ענגלישער קאנסול אין בירות, ערנסט וויקלי, גיט אן פאר ירושלם די גרויס פון 19,900 קוו. קיל. (7,700 ענגלישע קוואדראט מייל). י. דיופאן; אנ'אנדער פראנצויזישער געאגראף, בעהויפטעט ניט מעהר ווי 17.000 ק. ק.

דער שכם'ער סאנדזשאק (שומרון) פערנעהמט לויט וויטאל קינע 6.664 קוו. קיל. לויט דעם טערקישענ סאלנאמע (א אפיציעלען יאהר־בוך) — ניט מעהר ווי 2.849 ק. ק.

דער עכו'ר סאנדזשאק. לויט וויטאל קינע — 7.527 ק. ק., לויט דעם סאלנאמע — 1.547.

די זעלבינע מיינונגס פערשיעדענהייט הערשט אויך בנוגע עבר הירדן. דער חורן'ער סאנדזשאק פערנעהמט לויט וויטאל קינע 29.000 ק. ק. לויט דעם ענגלישען קאנסול אין בירות, ערנסט וויקלי — 28.380 ק. ק., און לויט סופאן — ניט מעהר ווי 21.000 ק. ק.

דער סאנדשאק קעראק (קיר־מואב) פערנעהמט לויט קינע 22.000 — 20.000 ק. ק., לויט ערנסט וויקלי — 13.932 ק. ק., און לויט סופאן 32.000. די גרויס פון עבר הירדן שוואנקט אלזא צווישען א מינימום פון 42.412 (וויקלי) און א מאקסימום פון 53.000 (סופאן).

קיפערט, אין זיין האנד־אטלאס שאצט דעם שטח פון בעלקא־מען (קעראק) צוזא־מען מיט'ן ירושלים'ער סאנדזשאק אין 53.000 ק. ק.

די אלע געבראכטע אנגאבען זיינען ניט מעהר ווי השערות, וועלכע מ'קען בע־טראכטען נור אלס מעהר־ווייניגער קרוב לאמת, ווייל זיי בעגרינדען זיך ניט אויף קיינע וויסענשאפטליכע אויסמעסטונגען פון לאנד.

מ'קאן דעריבער נאך פארלויפיג ניט פעסשטעלען פינקטליך און אונצווייפעל־האפט דעם גנזאמטען שטח פון ארץ ישראל. וואס אנבעלאנגט אבער געוויסע טיי־לען פון ארץ ישראל אין עבר הירדן, ווי גולן, גלעד, בשן (ד. ה. די איצטיגע בעצירקען קונייטרא, עגלון (אדזשלון), אדרעי (דערא), און שייך־סעד) און דעם גאנצען מערב טייל פון א"י (צווישען ירדן און ים־התיכון) האבען מיר שוין בע־שטימטע און פינקטליכע וויסענשאפטליכע אויסמעסטונגען פון דער בעוואוסטער ענגלישער פאלעסטינא־געזעלשאפט, מיט'ן נאמען „פאלעסטיין עקספלארײשאן פאנד" וואס האט זיך געגרינדעט אין 1865 מיט'ן צוועק אויסצופארשען „דאס הייליגע לאנד". די דאזיגע געזעלשאפט האט אין פערלויף פון 1871—1877 אויסגעמאסטען דעם גרעסטען און בעוואוינטעסטען טייל פון מערב א"י — פון דן (באניאס) אין צפון ביז באר־שבע אין דרום. א שטח פון 6040 ענגלישע קוואדראט מייל. א קורצע צייט פאר דעם וועלט־קריעג, אין די יאהרען 1913־1914 האט די זעלבע געזעלשאפט אויסגעמאסטען דעם איבריגען טייל פון מערב א"י — דעם אזוי גערופענעם נגב — פון באר־שבע ביז דעם גאלף פון עקבה, א שטח פון 4.500 ענגלי־שע קוואדראט מייל. צוזאמען אלזא א שטח פון 10.540 ענגלישע ק. מייל, אדער בערך 27.200 קוואדראט קילאמעטער. אין דיזען אויסגעמאסטענעם שטח געהען אריין די פאלגענדע געביעטען: די בעצירקען (קאדא'ס) צור און מרג'עיון אין גליל העליון, עכו'ר, שכם'ער און ירושלים'ער סאנדזשאקען — גענוי גאנץ מערב ארץ ישראל (וועסט־ירדן־לאנד).

אויפ'ן גרונד פון די דאזיגע אויסמעסטונגען קומט אויס, אז דער ירושלים'ער סאנדזשאק (ביז עקבה) פערנעהמט א שטח פון אונגעפעהר 18.900 ק. קילאמעטער. שכם'ער סאנדזשאק — 4.140 ק. ק., עכו — 3.000, צור און מרג'עיון — 1.160 ק. ק.

צורעכענענדיג דערצו דעם געביעט פון אל־עריש, וואס פערנעהמט א שטח פון בערך 5.000 ק. ק. — בעקומט זיך פאר גאנץ מערב א"י א שטרעקע פון בערך 32.000 ק. ק. — מיט 3.000 ק. ק. מעהר ווי גאנץ בעלגיע.

לײדער האָבן מיר ניט אַזעלכע װיסנשאַפטלעך־פּינקטלעכע אַנגאַבן װעגן דער עבר הירדן (מזרח א״י). אױסער אין עטלעכע קלענערע טײלן.

די דערמאָנטע ענגלישע געזעלשאַפט האָט אין יאָהר 1880 אָנגעהױבן אױס־מעסטן און אױספאָרשן אױך דעם מזרח טײל פון א״י. אָבער מחמת די שטערונגען פון דער טערקישער רעגירונג האָט זי געמוזט אױפגעבן איהר אַרבײט נאָך דעם װי זי האָט אױסגעמאָסטן בלױז אַ שטח פון 510 ענגלישע מײל (אונגעפעהר 1.315 ק. קילאָמ.), אין צפון זײט פון ים המלח, אַרום דעם אַמאָליגן רבת־עמון. שפּעטער (1913-1884) האָט אַ דײטשער אינזשענער פון חיפה, גאָטליב שומאַכער, אױסגע־מאָסטן אין גולן אַ שטח פון 1.445 ק. ק., אין װעסטליכען חורן — 620 ק. ק., אין זידליכען בשן — 2.950 ק. ק. און אין עג׳לון 2.940—צוזאַמען אַ שטרעקע פון 7.955 קװאַד. קילאָמעטער. דיזער אױסגעמאָסטענער געביעט שליסט אײן בלױז אַ טײל פון חורנ׳ער סאַנדזשאַק, הײנו די פאָלגענדע 4 קאַדאַ׳ס (בעצירקען): אדרעי. עג׳לון. דער גרעסטער טײל קונײטראַ און אַ טײל שיך־סעד. ניט אױסגעמאָסטען זײנען אַלזאָ: דער גאַנצער סאַנדזשאַק קעראַק (קיר־מואב) און 4 קאַדאַ׳ס פון חורן (דזעבל דרוז, בצר אלחריר, צלכד, אהירא) און 2 קאַדאַ׳ס פון דמשק (װאַדי אל־עדזשאַם און חצביה).

דער אַמעריקאַנער אינזשענער לײז, װאָס איז געשיקט געװאָרען פון דער אַמערי־קאַניש פּאַלעסטינאַ־געזעלשאַפט („פּאַלעסטײן עקספּלאָרײשאַן סאָסײיטי) צו מאַכען די נױטיגע פאָרבערײטונגען און אױספאָרשונגען פאַר דער אױסמעסטונג פון עבר־הירדן, האָט אױסגערעכענט אַז דער מזרח־ירדנ׳ישער געביעט, װאָס ציהט זיך פון אַסטליכען חרמון איבער צפון זײט פון דמשק ביז דעם מערידיאַן ′36.45 (פון גרינ־װיטש) צו מזרח זײט פון דזעבעל דרוז, און פון דאָרט, אין דרום זײט פון צלכד, בצרה ביז דעם ′36.10 מערידיאַן פאַרקערעװענדיג זיך צו קעראַק ביז דעם נאָרדליכען ענד פון ים המלח — פאַרנעהמט אַ שטח פון 8.921 ענגלישע ק. מײל (23.000 ק. קילאָמ.).

דער דאָזיגער געביעט נעהמט אַרײן אין צפון זײט אַ שטרעקע פון בערך 1.000 מײל װאָס געהערט אײגענטליך ניט צו ארץ ישראל, נאָר צו סוריה, דערפאַר אָבער לאָזט ער אױס אין דרום אונגעפעהר אַ העלפט פון קעראַקער סאַנדזשאַק — די בע־צירקען תפל (טאַפילאַ) און מ ע ן. עס איז דעריבער קלאָר אַז דער אַסטליכער טײל פון א״י איז ניט קלענער פאַר דעם װעסטליכען טײל און ענטהאַלט ניט װײניגער (אױב ניט מעהר) פון 27.000 ק. קיל. עס איז גענוג צו װאַרפען אײן בליק אױף דער קאַרטע פון א״י איבערצוצײגען זיך אין דעם. די נאָך העכערע אַנגאַבען פון װיקלי (42.300 ק. ק.), קינע (51.000 ק. ק.) און סופאַן (53.000 ק. ק.) שטאַמען װאַהרשײנליך דער־פון, װאָס די גרעניץ צװישען מזרח א״י און דער סירישער סטעפּע איז ניט פעסטגע־שטעלט און איז דערװײל ניט פעסטצושטעלען, און די גרױס פון חורן און קערעק איז אָבהענגיג דערפון צו די גרענעץ װערט געצױגען מעהר צו מזרח אָדער נעהענטער צום ירדן.

װען אַפילו די לעצטע אַנגאַבען זאָלען זײן איבערטריבען און מ׳זאָל אַננעהמען, אַז די גרױס פון עבר הירדן איז ניט מעהר װי מערב א״י — דאַן בעקומט זיך אױך די גרױס פון ארץ ישראל אַ סך מעהר װי ס׳איז בטעות אָנגענומען אין דער ציוניס־טישער ליטעראַטור. דאָס לאַנד פון חרמון ביז עקבה און פון ים התיכון ביז דער סורי־שער סטעפּע פאַרנעהמט ניט װײניגער װי׳ בערך 55.000 קװאַדראַט קילאָמעטער, און צוזאַמען מיט אל־עריש אַרום — 60.000 ק. ק. (23.000 ק. מײל). דערפון זײנען

36.450 ק. ק. פינקטליך און וויסענשאפטליך אויסגעמאָסטען: אין מערב א"י 27.200 ק. ק.. און אין מזרח — 9.250 ק. ק.

---

## ד. די אדמיניסטראטיווע צוטיילונג.

פאר דער אידישער איינוואנדערונג און עראבערונג איז א"י געווען צוטיילט אין א סך קליינינקע מלוכות, בעוואוינט פון א גאנצע רייהע פערשיעדענע שבטים און פעלקערלאך. דאס ערשטע פאלק וואס האט פעראייניגט גאנץ ארץ ישראל אין איין בעזונדערע, גאנצע מלוכה — איז געווען דאס אידישע פאלק. די אידען האבען דאס עראבערטע לאנד איינגעטיילט אין צוועלף טיילען, לויט די צאהל פון די שבטים. יעדער שבט האט זיך בעזעצט אין א בעזונדער געביעט, אויסער די צוויי שבטים, דן און מנשה, וועלכע האבען זיך פערטיילט אין פערשיעדענע געביעטען פון לאנד. איין העלפט פון מנשה אין שומרון, מערב א"י, און די אנדערע העלפט אין בשן, מזרח א"י (יעצטיגער חורן). פון שבט דן האט איין העלפט בעקומען זיין חלק אין דרומית מערבית, ארום יפו, און די אנדערע העלפט אין צפון, ארום די קוואלען פון ירדן. די איבריגע שבטים זיינען געזעסען צוזאמען. יהודה האט געקראגען זיין חלק אין דרום, ארום חברון און דעם ים המלח, בנימין — אין דעם נאָרדליכען טייל פון די הרי יהודה, ארום ירושלים. אין מערב זייט פון יהודה און בנימין — איז געזעסען דער האלבער שבט ד ן. אפרים און מנשה האבען געקראגען זייער חלק אין צענטראלען א"י — אין שומרון. זבולון האט זיך בעזעצט אין עמק יזרעאל אין די ארומיגע בערג, ישכר'ס חלק איז געווען אין דרום און מזרח זייט פון עמק, ביז דעם ירדן. נפתלי און אשר זיינען געזעסען אין די גליל'ער בערג, אין צפון און מערב זייט, און אין עקסטרעמען צפון איז געווען די נחלה פון צווייטען העלפט דן. אין עבר הירדן, פון עמון ביז דעם טייך ארנון (דער יעצטיגער קעראקער סאנדזשאק), איז געזעסען ראובן. אין צענטער פון עבר הירדן, אין גלעד (יעצטיגער עג'לון), האט געוואוינט דער שבט גד, און דער צפון, דער יעצטיגער חורן און גולן, האט געהערט צום האלבען שבט מנשה.

דער ערשטער וואס האט אנשטאט דער צוטיילונג לויט די שבטים איינגעפיהרט א קינסטליכע אדמיניסטראטיווע צוטיילונג איז געווען שלמה המלך. ער האט איינגעטיילט דאס לאנד אין צוועלף טיילען, מיט א בעזונדערען פערוואלטער (נציב) אין יעדען טייל. אבער אויך דאן, און נאך שלמה'ס טויט, ווען די אידישע מלוכה האט זיך צושפאלטען אין צווייען, אין מלכות יהודה אין דרום און מלכות ישראל (עשרת השבטים) אין צפון, האט די פאנאנדערטיילונג לויט די שבטים געוויסערמאסען נאך אלץ געהערשט אין לאנד. די דאזיגע פאנאנדערטיילונג, וואס איז פערגעסען געווארען אין דער צייט פון די מכבים (חשמונאים), האט איצט שוין ניט מעהר ווי א היסטאָרישע בעדייטונג.

ביים בית שני, אין הורדוס'עס צייטען, איז ארץ ישראל צוטיילט געווארען אויף פינף פראָווינצען, דריי אין מערב, און צוויי אין מזרח.

די מערב פראָווינצען זיינען געווען: 1) אין דרום זייט — יהודה, אין וועלכען ס'איז אריין אויך אדום. 2) אין צענטער, צפון זייט פון ירושלים ביז דעם עמק יזרעאל — ש ו מ ר ו ן. 3) פון עמק יזרעאל ביז די צפון גרענעץ — גליל, גליל־התחתון און גליל העליון.

די-דאָזיגע צוטיילונג פון מערב א"י גילט נאָך איז לאַנד עד היום.

איז מזרח איז געווען: 4) פערעא („דאָס לאַנד פון יענער זייט"), דער דרום'ער געביעט, וואָס האָט איינגעשלאָסען דעם אמאָליגען עמון און מואב. 5) די טעטראַר־כיע (וויצעקעניגרייך) פון פיליפּוס אין צפון, אין וועלכער ס'זיינען אריין גולן, בשן און די בערג פון חורן.

אין איצטיגער צייט איז א"י אונטערגעוואָרפען אונטער דער אדמיניסטראַטיווער צוטיילונג פון טערקיי. די טערקישע מלוכה איז צוטיילט אויף פּראָווינצען וואָס רו־פען זיך ווילאַיעט'ן. אן שפּיץ פון ווילאַיעט שטעהט א וואַלי (גענעראַל גובערנאַטאָר) וואָס איז דירעקט פעראַנטוואָרטליך צום מיניסטאַרען־קאַבינעט.

א ווילאַיעט ווערט צוטיילט אויף סאַנדזשאַק'ס אָדער ליוואָ'ס (גובערניעס), און אן דער שפּיץ פון סאַנדזשאַק שטעהט א מוטעסאַריף (גובערנאַטאָר), וואָס איז אונ־טערגעוואָרפען דעם וואַלי. ס'איז אויך פאַראַן אַזוי גערופענע „זעלבסטשטענדיגע סאַנדזשאַק'ס" („ליוואַי־מוסטאַקילע"), וועלכע געפינען זיך אונטער דער דירעקטער אויפזיכט פון מיניסטאַרען קאַבינעט, און זיינען ניט איינגעשלאָסען אין קיין ווילאַיעט. דער אונטערשיעד צווישען אַזאַ סאַנדזשאַק און ווילאַיעט איז בלויז אין נאָמען. ירושלים איז א „זעלבסטשטענדיגער סאַנדזשאַק".

א סאַנדזשאַק ווידער ווערט איינגעטיילט אין קאַדאַ'ס (טערקיש — קאַזאַ'ס). אן דער שפּיץ פון א קאַדאַ שטעהט א קאַימאַקאַם (וויצע־גובערנאַטאָר, בוכשטעבליך — „שטעל־פערטרעטער"). א קאַדאַ ווערט אָפּטמאָל צוטיילט אין נאַחיעס, וואָס ווע־רען פערוואַלטעט פון א מודיר — אונטערגעאָרדנעטער פון קאַימאַקאַם. די קלענסטע אדמיניסטראַטיווע איינהייט איז א קריה (דאָרף), וואָס ווערט פערוואַלטעט פון אויסדערוועלטע מוכטאַרען (עלטסטע).

ארץ ישראל בעשטעהט פון טיילען פון בירות'ער און דמשק'ער ווילאַיעטען און פון ירושלים'ער זעלבסטשטענדיגען סאַנדזשאַק (אין אַראַביש־טערקיש „קודס שעריף").

1. בירות'ער ווילאַיעט.

א) בירות'ער סאַנדזשאַק: 2 קאַדאַס וואָס בעלאַנגען צו א"י:
1) קאַדאַ (בעצירק) צ ו ר (3 נאַחיעס: תיבנין, קנה, מערכה).
2) קאַדאַ מרג'עיון (2 נאַחיעס: הונין, חולה).

ב) עכו'ר סאַנדזשאַק (צענטער—עכו), 5 קאַדאַס:
1) קאַדאַ עכו (3 נאַחיעס: סאַחיל, שאַגור, שפאַ־עמר (שפרעם).
2) קאַדאַ חיפה (1 נאַחיה: קיסריה).
3) קאַדאַ טבריה.
4) קאַדאַ צפת.
5) קאַדאַ נצרת.

ג) שכם'ער סאַנדזשאַק (צענטער—שכם, אין אַראַביש—נאַבלוס); 3 קאַדאַס:
1) קאַדאַ נאַבלוס (שכם), (3 נאַחיעס: דזשעמאַין עוועל, דזשעמאַין סאַני דזשעמאַין).
2) קאַדאַ דזשעניז (עין־גנים), 2 נאַחיעס: משאַריק עדזשעראַר, שאַ־ראַוויעה שאַרקיע.
3) קאַדאַ בני סאַאַב, צענטער טול־כרם. 2 נַאחיעָס: שַאְרַאוויעַ גַארבִיעַ, וַואָדי שַאִיר אַלְ גַארְבִי.

2. דמשק'ער ווילאיעט.

א) דמשק'ער סאנדזשאק (3 קאדאס וואס בעלאנגען צו א"י):

1) קאדא וואדי אל אדזשאם — צענטר קאטאנא (1 נחיה — טאיבא).

2) קאדא חצביה.

3) קאדא קונייטרא (3נאחיעס: מגדל שמש, גולן, זויה).

ב) חורנ'ער סאנדזשאק — צענטר איז אדרעי, 7 קאדאס:

1) שיך־סעד (2 נאחיעס: גאבאגיב, דזשאסים).

2) עג'לון, צענטר—אירביד (2 נאחיעס: קאפראנדזשע, קורה).

3) דזשעבעל דרוז — צענטר סווידא (1 נאחיע: בוסאן).

4) בצר אל חריר.

5) דערא (אדרעי). (1 נאחיע — בצרה עסקי שאם).

6) צלכד (סלכה).

7) אהירא (1 נאחיע: שאהבא).

ג. סאנדזשאק קעראק (קיר מואב), 4 קאדאס.

1) קאדא קעראק (2 נאחיעס: חאנזירה, דיבאן־דיבון).

2) קאדא סאלט (3 נאחיעס. מידבא, דזשיזע, עמן).

3) קאדא טאפילא (תפל).

4) קאדא מ ע ן (2 נאחיעס: שובק, אל־עקבה).

3. „זעלבסטשטענדיגער סאנדזשאק" ירושלם.

1) קאדא ירושלים (4 נאחיעס: בית־לחם, רם־אלה, צפא, אבוויין).

2) קאדא יפו (2 נאחיעס: רמלה, נעלין).

3) קאדא עזה (3 נאחיעס: מגדל, פאלודזשע, חאן יונים).

4) קאדא חברון (2 נאחיעס: בית אטאב, בית גובריז).

5) קאדא באר־שבע (1 נאחיה: מלחה).

6) קאדא אל־חפיר, ביי דער טערקיש־מצרישער גרענעץ.



## ביבליאגראפיע.

צו דער ערשטער אבטיילונג.

### העברעאיש.

תבואות הארץ מאת ר' יהוסף שווארץ הוצאת לונץ, ירושלם תר"ס (פרק א': גבולי ותחומי הארץ).

גבולות א"י וסוריא — מאת מאיר איש שלום (ירושלם, כרך ב')

לגבולות א"י — ר' שלמה סירליו („ירושלם" כרך ז').

### טערקיש.

علی جواد · ممالك عثمانیه نك تاریخ وجغرافیا لغاتی در سعادت ۱۳۱۳

سالنامهٔ ولایهٔ بیروت ۱۳۲٦

### ענגליש.

Memoirs of the Survey of Western Palestine, 3 vol., London, 1881-1884.

Survey of Eastern Palestine.

The Historical Geography of the Holy Land, by **J. A. Smith.**

The Holy Land in Geography and History by **Townsend MaCoun, A. M.,** 1897.

**Karl Baedeker:** Palestine and Syria, Leipzig, 1912.

**Ernst Weakly:** Trade with Syria, London, 1911.

**G. Schumacher:** Across the Jordan-PEF, 1886.

**G. Schumacher:** Northern Ajlun 1890.

**Palestine Exploration Sooiety,** 4th Statement. New York, 1877.

**C. M. Watson:** Fifty Years' Work in the Holy Land (PEF), London, 1915.

### דייטש.

**G. Schumacher:** Der Dscholan, ZDPV, IX, 1886.

**G. Schumacher:** Unsere Arbeiten in Ostjordanlande. Mitteilungen und Nachrichten des DPV, 1896-1904; ZDPV 1913.

**G. Schumacher:** Das Suedliche Basan, ZDPV, XXI, 1897.

### פראנצויזיש.

**Vital Cuinet:** Syrie, Liban et Palestine, Paris, 1896-1900.

**J. Dupont:** Geographie de l'empire Ottaman.

## צווייטע אבטיילונג.

# געשיכטע.

די גאנצע געשיכטע פון ארץ ישראל קען איינגעטיילט ווערען אין דריי גרויסע תקופות: די אלטע, פאר־אידישע; די אידישע און די נאך־אידישע געשיכטע. לויט זייער לענג אין דער צייט זיינען דיעזע תקופות כמעט גלייך. זיי זיינען אבער גאנץ פערשיעדען לויט זייער ווערטה און בעדייטונג. די וועלט־בעדייטונג פון ארץ־ישראל שטאמט ניט פון דער אוראלטער, פאר־אידישער, און אויך ניט פון דער לעצטער, אראבישער פעריאדע, נאר גראדע פון דער מיטעלער, פון דעה אידישער תקופה, וועלכע איז דעריבער די וויכטיגסטע תקופה אין דער געשיכטע פון לאנד. די אידישע נאציאן, וועלכע איז אין דיעזען לאנד געשאפען געווארען, האט איהם ניט נור איהר נאמען געשענקט, נאר אויך זיין גאנצע וועלט־בעדייטונג געגעבען. און זינט דאס אידישע פאלק איז פון דעם לאנד אפגעריסען, האט ארץ ישראל ווידער פערלארען יענעם לעבענס־עלעמענט, וועלכער האט איהר ווערטה במשך פון צוויי טויזענד יאהרען פאר דער מענשליכער געשיכטע געשמידט.

## א. דאס לאנד פאר דער אידישער איינוואנדערונג.

ענדערונגען אין דער נאטור.

אין דער נאטור־געשיכטע שפיעלט נישט דער צייט־דויער אזא ראלע, ווי אין דער מענשליכער געשיכטע. די געוועהנליכע עוואלוציאן פון דער געאגראפישער אומגעבונג, פון דעם קלימאט און פון דער נאטור פון א געוויסען געגענד קומט פאר אזוי לאנגזאם, אז אין משך פון עטליכע טויזענד יאהר איז כמעט גאר ניט צו בעמערקען קיינע אומענדערונגען.

בנוגע דעם קלימאט און דער לאנדעס־נאטור פון ארץ ישראל איז עס די מיינונג פון די קאמפעטענטסטע היסטאריקער און געאגראפישע פארשער פון דעם לאנד, אז זיינע נאטור־בעדינגונגען האבען זיך פאר די לעצטע עטליכע טויזענד יאהר ניט גע־ענדערט: די געאגראפישע שטריכען פון דער באדענפלעכע און פון דער בעוואסערונג, פון דעם קלימאט, פאונא און פלארא — זיינען געבליבען אימער די זעלבע. נאר אין די גרענעצען צווישען דעם מדבר און ישוב זיינען פארגעקומען פון צייט צו צייט

ענדערונגען: אונטער גינסטיגערע אומשטענדען פלעגט די ציוויליזאציע טיעפער אריינדרינגען אין דער סטעפע און געווינען באדען ביי דער מדבר: ביי ערגערע בעדינגונגען (ווי צ. ב. ש. עס איז געוועזען אין ער לעצטען, אראבישער תקופה) פלעגט דער ישוב פערקעהרט אפטרעטען מעהר פלאץ צו דער ווילדערנים. געוויסע אומענדערונגען זיינען אויך פארגעקומען אין דער געוויקס פון לאנד. אין בעשטימטע תקופות זיינען די בערג געוועזען בעאקערט און פערפלאנצט מיט בוימער, אין אנדערע צייטען — זיינען זיי אפגעלאזען און פערוויסטעט געווארען. דאס אלץ האט, אבער, געהאט מעהר צו טהון מיט דער ארטיגער בעפעלקערונג, מיט איהרע סאציאלע און פאליטישע אומשטענדען, איידער מיט דער נאטור פון לאנד.

טראגלאדיטען.

די נייעסטע אויסגראבונגען און ארכעאלאגישע אויספארשונגען אין מצרים און אין ארץ-ישראל גופא צייגען איינינע סימנים, אז נאך מיט קארגע זעקס טויזענד יאהר פאר אונזער צייט איז די היינטיגע פאלעסטינא געוועזען בעפעלקערט מיט א נידריג-געוואקסענער מענשען-ראסע, וועלכע האט, וואהרשיינליך ניט געהערט צו דעם סעמיטישען*) טיפ. דיעזע אור-מענשען האבען נאך ניט געוואוסט פון קיין מעטאל. זיי זיינען געוועזען טראגלאדיטען, ד. ה. זיי האבען געוואוינט אין נאטירליכע היילען און זיך בענוצט מיט שטיינערנע געוועהר. דיעזע תקופה געהערט, אבער, צו די פאר-געשיכטליכע צייטען. דאס היסטארישע לעבען פון ארץ ישראל פאנגט זיך אן שפעטער און געהט אן דורכאוים פון אנהויב ביז'ן סוף — אונטער א סעמיטישער בעפעלקערונג.

סעמיטישע פעלקער וואנדערונגען.

עס זיינען בעקאנט פיער סעמיטישע „פעלקערוואנדערונגען" פון אראביען נאך מעסאפאטאמיען און נאך די לענדער אויף דעם ברעג פון מיטעלמעער. די ערשטע הייסט די באבילאניש- (בבל) סעמיטישע, וועלכע האט זיך געווענדעט נאך בבל און בעזיעגט דעם סומערישען ישוב, וואס זי האט דארט געטראפען: די סעמיטען האבען איבערגענומען די אלטע קולטור פון שנער (סומער) און זי ווייטער ענטוויקעלט (אונגעפעהר אין די יאהרען 3500 פאר דער קריסטליכער צעהלונג). די צווייטע וואנדערונג איז די כנעניטישע, וועלכע איז געווען געריכטעט הויפטזעכליך נאך דעם לאנד כנען, טיילווייז אבער אויך נאך בבל. (אונגעפעהר אין 2,500 יאהר טרעפט מען זיי שוין אין כנען). צו דער כנעניטישער שיכט געהערען צוערשט די פיניקיער, אדער פשוט כנענים, און שפעטער — אויך די עברים (העברעער). דערביי איז נויטיג צו בעמערקען, אז צו די עברים געהערען אויסער אידען, נאך איינינע פערוואנדטע פעלקער, ווי צ. ב. ש. עמון, מואב, אדום. די דריטע סעמיטישע וואנדערונג איז געוועזען די אראמעאישע. זי הויבט זיך אן אין

---

*) דער נאמען „סעמיטען" שטאמט פון שם, נח'ס עלטער'ן זוהן (בראשית י', א, כ"א). די מעהרסטע פעלקער וועלכע זיינען זיך צו איהם דארטען מתיחס רעדען א בעזונדערע שפראך, וועלכע איז לויט איהר גראמאטיק און ווערטער-שרשים עהנליך צו העברעאיש. דיעזע פעלקער שטאמען אלע פון איין לאנד — פון אראביען. די אנטראפאלאגיע האט אויסגעפונען עהנליכקייט אין דעם בוי פון זייער ארגאניזם און בעזונדערס פון זייערע קאפ-שארבענס. אין דער וויסענשאפט ווערען זיי, דעריבער, בעצייכענט מיט דעם נאמען „סעמיטען" אין אונטערשיעד צו די „אריער" אדער אינדא-גערמאנען. צו די סעמיטען אדער בני-שם געהערען די פאלגענדע פעלקער: די בבלים, די פעלקער-גרופע פון כנען, (צו וועלכער גרופע עס געהערען אויך די אידען), די ארמים, די ערבים, די איינוואהנער פון דרום-אראביען (מינעער. סאבעער, חימיאריטען) און די אביסיניער, וועלכע שטאמען פון די זידליך אראבישע שבטים.

14טען יאהרהונדערט. שפעטער מיט א פינף הונדערט יאהר פאנגט זיך אן א פערטע וואנדערונגס־שיכט פון אראביען — דאס איז די א ר א ב י ש ע וואנדערונג (אנפאנגענדיג פון דעם 9טען יאהרהונדערט פאר דער קריסטליכער צייט־רעכנונג).

ערשטע סעמיטען אין ארץ ישראל.

די ערשטע סעמיטען בעגעגנען מיר, אלזא, אין א"י שוין העכער פינף טויזענד יאהר צוריק. סעמיטישע טיפען בעגעגנען זיך צווישען די עגיפטישע היעראגליפען נאך פריהער. אין בבל געפינען מיר בעווייזע וועגען פערבינדונגען מיט סיריען אין יאהר 3000. מיט צוויי הונדערט יאהר שפעטער (אונג. אין 2750) האט דער קעניג פון אכד, סרגון דער ערשטער, מלחמה געהאלטען מיט די אמורי אין לאנד „מרתו", ווי סיריען הייסט ביי זיי צו יענער צייט. אן אנדער קעניג המורבי (2250) רופט זיך דער קעניג פון „אמורו", ד. ה. פון סיריען און פון פאלעסטינא*).

אנפאנגענדיג פון דעם מיטען פון דעם דריטען יאהרטויזענד ווערט אלזא ארץ ישראל אריינגעצויגען אין קרייז פון די געשיכטליכע לענדער. צו דער זעלבער צייט זיינען שוין פארגעקומען די ערשטע צוזאמענשטויסען צווישען די מלכים פון דער פערטער עגיפטישער דינאסטיע און צווישען סעמיטישע וואנדערער אין דעם מדבר סיני. עטוואס שפעטער, אין די צייטען פון פעפי דעם ערשטען, פון דער זעקסטער דינאסטיע, האבען די עגיפטיאנער געמאכט די ערשטע מיליטערישע עקספעדיציע געגען לסן, ד. ה. ארץ ישראל (2500). אין א דוויערנדער מלחמה האבען זיי פערוויסטעט דאס לאנד. אויסער דעם אנפאל פון יבשה, האבען זיי אויך געשיקט א פלאטע און ארויסגעזעצט זיך ביי די „גאזעלן־בערג", ד. ה. בערג פון כרמל. אזוי איז די עגיפטיאנער געלונגען צו פערשפרייטען זייער הערשאפט ביז דעם צפון פון סיריען.

עס איז ניט קלאר די בעציהונג פון די א מ ו ר י ם צו די כ נ ע נ י ם. איינינע געלעהרטע דענקען, אז די אמורים און די כנענים געהערען צו איין און דעם זעלבען שטאם, נאר אז די אמורים האבען געוואוינט אין די בערג און די כנענים זיינען געוועזען די איינוואוינער פון די טאלען ביי דעם ברעג ים. יעדענפאלס איז בעקאנט, אז די כנענים זיינען געוועזען סעמיטען און האבען געברויכט אלס שפראך א העברעאישען דיאלעקט. די פיניקער, אדער די כנענים, האבען זיך זעהר פריה בעשעפטיגט, אלס איינוואוינער פון ים־ברעג, מיט האנדעל, מיט פישעריי (צידון איז פון ציד־געיעג נאך פיש), מיט ים־רייזען. זיי האבען געבויט און בעפעסטיגט שטעדט אויף דעם ברעג פון ים, וועלכע האבען זיי געדיענט אי אלס מיליטערישע ארסענאלען, אי אלס האנדעל־פונקטען. אזעלכע שטעדט ווי צ. ב. ש. עזה, יפו, אשקלון, דאר, עכו, צור, צידון, גבל — זיינען פון די עלטסטע האפען־שטעדט אין דער וועלט.

אויסערליכע פאליטישע ווירקונגען.

דאס לאנד „כנען" (היינטיגע ארץ־ישראל) האט זיך געפונען, אלזא, אנפאנגענדיג פון די אור־אלטע צייטען, אונטער דער געגענזייטיגער ווירקונג פון עגיפטען און פון אלט־בבל (אדער שנער). די פאליטישע און קולטורעלע ווירקונג פון שנער איז אבער א פריהערע און א שטארקערע פון דער עגיפטישער. דאס פאלען פון דער אויבער־עגיפטישער הערשאפט און די דארטיגע אינערליכע סכסוכים האבען אפגעשוועכט די אויפמערקזאמקייט פון עגיפטען פון דער אויסערליכער פאליטיק. און פאר די נעקסטע עטליכע הונדערט יאהר האט זיך די ווירקונג פון שנער נאך מעהר

*) תגלת פלאסר דער ערשטער (בערך אין יאהר 1100) רופט ארץ ישראל מיט'ן נאמען „מאט אחאר", ד. ה. די הינטער־לאנד, אדער מערב־לאנד.

פערשטארקט. די שפראך פון בבל, איהרע שריפט (די קייל־שריפט), מאסען און וואגען, איהר סיסטעם פון צאהלען און פון ווערט־שטיינער האבען זיך איינגעביר־גערט אין סיריען און די רעליגיאן און קולט פון דעם אלטען בבל האבען בעקומען די גרעסטע ווירקונג אויף דער קולטור פון כנען.

אין דעם סוף פון דער צוועלפטער, מיטעלעגיפטישער, דינאסטיע פאנגט זיך ווידער אן די עגיפטישע ווירקונג אויף סיריען און פאלעסטינא, און די נעכסטע פיער־פינף הונדערט יאהר (ביז אונג. 1200) האט ארץ־ישראל געצאהלט שטייערען צו די מצרים. זעלבסטפערשטענדליך, אז די ווירקונג פון עגיפטען האט זיך געלאזט פיהלען אויך אין קולטורעלען זין, און אין די אויסגראבונגען פון גזר און איבערהויפט אין דרום זייט פון לאנד געפינט מען ביי די כנענים עגיפטישע געטער און אונטערשריפטען. אבער צו צפון זייט ווערט דער עגיפטישער איינפלוס אלץ שוואכער און שוואכער, מחמת דער ווירקונג פון בבל.

תים

צו יענער צייט האט זיך בעוויזען א נייע מאכט אין לאנד, וועלכע איז אנגעקומען פון צפון־זייט, דאס זיינען די ח ת י ם אדער "חאטי". אין זייערע עקספעדיציעס אין 2טען יאהרטויזענד האבען די מצרים געהאט צו טהון הויפטזעכליך מיט דיעזע חתים, וועלכע האבען געהאט געגרינדעט א שטארקע מלוכה אין סיריען, ביז דעם טייך פרת. זייערע צענטרען זיינען געוועזען אין ק ד ש ביי דעם טייך אראנטעס, און אין כ ר כ מ י ש. אין רעזולטאט פון דיעזע מלחמות (פון טוטמאזיס דעם דריטען, 1500,, ביז רעמסס דעם צווייטען, אונג. 1300) איז דער צפון, ד. ה. גאנץ סיריען געבליבען ביי די חתים, און ארץ ישראל ביי די מצרים.

רהם אבינו:

די ערשטע בעקאנטשאפט פון די אוראלטע אידישע שטאמען מיט דעם לאנד כנען בעציהט זיך צו דעם אנהויב פון צווייטען יאהרטויזענד. די תורה דערצעהלט אונז וועגען די בעציהונגען פון א ב ר ה ם א ב י נ ו מיט אור־כשדים, און שפע־טער — מיט אמרפל מלך שנער, אריוך מלך אלסר, און א. וו., וועלכע האבען גע־פיהרט אן עראבערונגס־מלחמה אין דרום זייט פון פאלעסטינא. (אייניגע געלעהרטע אינדענטיפיצירען דיעזע נעמען אמרפל מיט האמור־ראבי. אריוך מיט ארי־אכו א. א. יי.). איין זאך איז קלאר, אז אונזערע אור־עלטערן זיינען געוועזען גוט בעקאנט מיט דעם לאנד כנען פון פערזענליכער ערפאהרונג. זיי האבען דארט אבער ניט געלעבט אלס איינגעזעסענע בעפעלקערונג, נאר אלס בעדואינישע, וואנדערענדע שבטים, וואס האבען זיך בעשעפטיגט הויפטזעכליך מיט פיה־צוכט.

אין דער נעכסטער תקופה, אין דער פעריאדע פון דער היקסען־הערשאפט איבער עגיפטען, האבען זיך אידישע בעדואינען־שבטים וואהרשיינליך בעטייליגט אין דער אינוואזיאן פון די סעמיטישע שטאמען נאך עגיפטען און זיך אויפגעהאלטען א לענ־גערע צייט אין געוויסע עגיפטישע פראווינצען (גושן).

יאת מצרים.

די אידישע איינוואנדערונג קיין מצרים איז פארגעקומען אונגעפעהר פון 1800 ביז 1600 יאהר. די צייט פון דעם אויסגאנג, אדער פון דער יציאת־מצרים איז שווער צו בעשטימען. די מעהרסטע געלעהרטע רעכנען אויס, אז דיעזע ערשיינונג איז פארגעקומען אין די צייטען פון מ ע ר נ ע פ ט ה א , דעם זוהן פון רעמסס דעם צווייטען, ד. ה. אין 13טען יאהרהונדערט פאר דער קריסטליכער צייט־רעכנונג. אנדערע, אבער, דענקען אז יציאת־מצרים איז געוועזען מיט א פאר הונדערט יאהר פריהער.

דאָס איינגעהמען פון לאנד דורך אידען איז פאָרגעקומען ניט מיט איין מאָל, ווי עס ווערט דערצעהלט אין יהושע, נאָר ביסלעכווייז און זעהר לאנגזאם, ווי עס ווערט געשילדערט אין אנדערע ערטער פון תנ״ך. און ה׳ דיין גאָט וועט פערשטויסען דיעזע פעלקער פאר דיר צוביסלעכ־ווייז: דו וועסט זיי ניט קאָנען שנעל פערניכטען, כדי עס זאָל זיך ניט פערמעהרען ביי דיר די (ווילדע) חיה אין לאנד*) זאגט משה רבנו אין דברים (ז׳ כ״ב). אין אנדערע ערטער ווערט בפירוש דערצעהלט, אז ישראל האָט ניט געקענט איינגעהמען „דעם גשורי״, מנשה האָט ניט איינגענומען בית־שאן א. א. וו. „און דער כנעני איז געבליבען זיצען צווישען זיי ביז צו היינטיגען טאָג״. א טייל פון די שבטים איז געקומען פריהער, אנדערע שפּעטער. איינינע שבטים זיינען, לויט אלע וואהרשיינליכקייטען צוגעשטאנען צו דעם כלל ישראל ערשט אין א שפּעטערע צייט, ניט בעטייליגענדיג זיך צוערשט אין גלות־מצרים. מיר קענען זיך לייכט פארשטעלען דאָס בילד, ווי אזוי עס איז פאָרגעקומען דאָס איינגעהמען פון לאנד כנען לויט די בריעף וועלכע מען האָט ענטדעקט אין תל־אמרנא, אין מצרים. עס איז דא א גאנצע ליטעראַטור, געווידמעט צו דער אויספאָרשונג פון דיעזע בריעף. אין דיעזע בריעף ווענדען זיך די קליינע מלכים׳לעך פון פערשיעדענע שטעדט פון כנען (צווישען אנדערע איז אויך דערמאָהנט די שטאָדט ירושלם) צו פרעה׳ן, ער זאָל זיי ראַטעווען פון די קריעגערישע בעדואינען־שטאמען ״חאבירי״ וועלכע זיינען אנגעקומען פון מדבר און איינגענומען איין שטאָדט נאָך א צווייטע. הגם ניט אלע פאָרשער זיינען נאָך איינשטימיג אין דעם, אז די חבירי זיינען עס די עברים, איז אָבער דאָס גאנצע בילד פון דעם כבוש (עראבערען) אזוי עהנליך צו דעם אידישען כבוש, ווי ער מאָהלט זיך אין „שופטים״, און די עפּאָכע איז אזוי נאָהענט צו דער צייט פון אידישער איינוואנדערונג, אז עס איז קלאָר, אז די אידישע איינוואנדערונג אין לאנד כנען איז פאָרגעקומען געגוי אזוי, ווי די סעמיטישע איינוואנדערונג אין דעם לאנד ווערט בעשריבען אין די העכסט־אינטערעסאנטע בריעף פון תל־אמרנא.

## ב. די אידישע תקופה.

די צווייטע פעריאָדע פון דער געשיכטע פון ארץ־ישראל שטעלט מיט זיך, אייגענטליך, פאר דעם ערשטען טייל פון דער אידישער היסטאָריע, ביז דעם פערלוסט פון דער אידישער זעלבסטשטענדיגקייט. לויט איהר וועלט־בעדייטונג איז דיעזע תקופה, וועלכע ציהט זיך סך הכל אנדערהאלבען טויזענד יאָהר, די וויכטיגסטע אין דער געשיכטע פון ארץ ישראל. צוליעב דעם ספּעציעלען כאראקטער און צוועק פון דיעזען בוך ווילען מיר אָבער דורכגעהן דיעזע וויכטיגסטע עפּאָכע בקיצור, ווארום זי איז גוט בעקאנט פון דער אלגעמיינער אידישער געשיכטע.

די אידישע תקופה קען איינגעטיילט ווערען אין דריי טיילען: דאס לאנד אונטער דער אידישער איינוואנדערונג, אונטער דער אידישער נאציאנאל־פּאָליטישער הערשאפט, און אונטער דער אידישער עקאנאמיש־קולטורעלער הערשאפט.

*) „ונשל יהוה אלהיך את הגוים האל מפניך מעט מעט לא תוכל כלותם מהר פן תרבה עליך חית השדה.״

דער ערשטער טייל נעהמט ארום א צייט פון דריי־פיער הונדערט יאהר, פון אנהויב 14טען יאהרהונדערט ביז אונגעפעהר 1030 פאר דער אייראפעאישער צייט־רעכנונג. בשעת די אידען זיינען געקומען אין ארץ כנען, איז דאס גאנצע לאנד געווען צוריסען צווישען קליינע שטעדט־מלוכות, מיט קליינע פירסטען־מלכים אן דער שפיצע, וועלכע האבען ארום זיך קאנצענטרירט די דארפישע פויערן־בעפעלקע־רונג. דיעזע בעפעלקערונג איז בעשטאנען פון א מיש־מאש פון די אמאליגע אבארי־גענען (איינגעבוירענע בעפעלקערונג) פון לאנד מיט די נייע, שפעטער — אנגע־קומענע כ נ ע נ י ם און אנדערע שטאמען. די שפראך, אויף וועלכער מען האט אין לאנד גערעדט איז געווען א סעמיטישע, א נאהענטע צו דעם העברעאיש פון אונזער תנ״ך. אויף די גרעניצען פון ארץ ישראל זיינען געוועזען מעכטיגע שטאמען און אפילו פאליטיש־ארגאניזירטע פעלקער. ביי דעם ברעג ים האבען געוואוינט די פלשתים (ביי די מצרים: פולאסטי*), וואס זיינען לויט זייער אבשטאמונג ניט געווען קיין סעמיטען, נאר עמיגראנטען פון די קליין־אזיאטישע ברעגען אדער פון די גריכי־שע ים־אינזלען. און דיעזע פלשתים, וועלכע האבען קיינע דויערנדע קולטורעלע און פאליטישע ווערטען ניט געשאפען, האבען דאך געגעבען זייער נאמען צו דעם לאנד — פאלעסטינא. וועגען די ח ת י ם איז בעוואוסט, אז זיי זיינען געקומען פון אנאטאליען און האבען געהאט, אין זייער צייט, א שטארקע מלוכה אין לבנון. דיעזעביידע פעלקער־שטאמען האבען אבער צוביסלעך אנגענומען די סעמיטישע שפראך און אסימילירט זיך מיט דער ארטיגער סעמיטישער בעפעלקערונג. שוין אין דוד המלך׳ס מיליציע בעגעגענען מיר די כרתי און די פלתי — פלשתים־שטאמען, ווי אויך אוריה דעם ח ת י א. א. וו. מיט די מלכים פון א מ ו ר י האבען די אידען געפיהרט שווערע און פארצויגענע מלחמות סיי אין די לענדער פון עבר הירדן און סיי אין מערב־לאנד.

ווי געזאגט, זיינען די אידען געקומען אין א״י נישט אלס פארמירטע, איינ־הייטליכע נאציאן, נאר אלס בעזונדערע וואנדערנדע בעדואינער־שבטים. פונקט ווי די אמורי, ווי די כנעני און ווי די אנדערע סעמיטישע שבטים מיט הונדערטער יאהרען פאר זיי, זיינען אויך די בני ישראל געקומען פונ׳ם מדבר אין לאנד כנען, כדי צו ירשנ׳ען דאס לאנד פאר זיך און פאר די קומענדע דורות. דער צוזאמענדיגער לעבען און דער בשותפות׳דיגער צוועק, וועלכער איז פאר זיי אין דעם נייעם לאנד געשטא־נען, די טראדיציעס, זיטען און שפראך. צוזאמען מיט די געמיינזאמע מלחמות האבען פון די איינצעלנע שבטים אויסגעשמידט במשך פון די קומענדיגע יאהרהונדער־טער איין איינהייטליכעם נאציאנאלעם גאנצעס.

נאציאנאלער הארעקטער

שוין אין דער יונגסטער עפאכע פון דער געשיכטע צייגען ארויס די שבטים פון ישראל בעזונדערע נאציאנאלע כאראקטער־שטריכען, וועלכע טיילען זיי אויס פון אלע פריהערדיגע און שפעטערדיגע סעמיטישע און ארישע פעלקער. די שבטים פון ישראל האבען איינגעהאלטען ביי זיך אלגעמיינע ערינערונגען פון געמיינזאמער אבשטאמונג, פון געמיינזאמע אבות האומה (אברהם, יצחק און יעקב), פון זייער אמאליגער פערבינדונג מיט ארץ ־ישראל, פון דעם צוזאמענדיגען לעבען אין קנעכט־שאפט אונטער׳ן יאך פון מצרים, פון דער נאציאנאלער אויסלייזונג אונטער דער פיהרערשאפט פון איין העלד — דעם געזעצגעבער מ ש ה ר ב נ ו , פון געמיינ־

*) ביי די אשורים האט דאס לאנד פון פלשתים געהייסען: פאלאסטאוו אדער פיליסתא.

זאמע וואנדערונגען איבער דעם פרייען מדבר־סיני. און פון א געמיינזאמען נאציאנאלען גאט יהוה, וועלכער האט זיי געגעבען זיין תורה אויף דעם בארג חורב, און וועלכער האט זיי צוגעזאגט צו לאזען ירשנ'ען יענע וואונדערבארע לאנד ביים ברעג פון מדבר וועלכע פליסט מיט מילך און מיט האניג און מיט וועלכער עס זיינען געוועזען פער־בונדען אור־אלטע טראדיציעס פון די ערשטע אבות. שוין פון מדבר זיינען די שבטים פון ישראל געקומען מיט לוחות פון א נייעם גלויבען, פון א נייער וועלטאנשויאונג, וואס איז געווען טיעף פערבונדען מיט זייער אינערליכען וועזען. שוין אין דער אויסשליסליכקייט פון דעם נאציאנאלען גאט, אין דעם נייעם רעליגיעזען פרינציפ: „לא יהיה לך אלהים אחרים על פני" ליעגט פערבארגען דער קערנדעל פון אלע צוקינפטיגע מאניסטישע אידעען, פון דעם אוניווערסאלען מאנאטעאיזם פון די נביאים ביז דער העכסטער ענטוויקלונג פון דעם מאדערנעם מענשליכען געדאנק. דער פרינציפ פון דער געטליכער און סאציאלער גערעכטיקייט איז געווא־רען א גרונד־שטיין פון דער מאראל פאר די קומענדע דורות. דער גלויבען אין איי־גענעם בערוף און אין די אייגענע כחות, צוזאמען מיט דעם גלויבען אין די נייע אידעען, וועלכע די שבטים פון ישראל האבען געטראגען — דאס אלעס האט צוגע־געבען דעם קאמפף צווישען ישראל און די איינוואוינער פון כנען א בעדייטונג פון א סאציאלער ערשיינונג, וועלכע האט ווייט איבערגעשפרייזט די ענגע ראהמען פון איהר ארט און איהר צייט.

ערֹאבערונגען און פערטיילונג פון לאנד.

במשך פון הונדערטער יאהרען האבען די אידישע איינוואנדערער ערֹאבערט דאס לאנד כנען, טיילווייז פערניכטענדיג, טיילווייז אסימילירענדיג די פריהערדיגע בעפעלקערונג, דעם כנעני, דעם אמורי, די חורי און אנדערע איינוואוינער. איבער־געהענדיג פון בעדואינישער ווירטשאפט פון שאף און גמלים צוכט צו פעלאכישער ערדארבייט און צו א שטאדטישען לעבען, האבען די אידען געמוזט איבערנעהמען ביי די כנענים די מעטאדען און פארמען פון דער מאטעריעלער קולטור, און צוזאמען דערמיט אויך די גייסטיגע אנשויאונגען און רעליגיעזע געוואוינהייטען פון די איינ־וואוינער פון כנען, דעם קולט פון בעל און פון דער אשרה, פון די בוימער און פון די טייכלעך, פון די בערגלעך און פון די הייליגע קברים. אזוי האבען די זיעגער אנגעפאנגען זיך אסימילירען מיט די בעזיעגטע.

פון דער אנדער זייט האט דער עראבערונגס־פראצעס פון לאנד נאטירליכער־ווייזע געבראכט צו דער אויסמישונג פון אייניגע אידישע שבטים צווישען זיך. אזוי איז שמעון פערשלונגען געווארען אין יהודה, און לוי, וועלכער האט זיך קיין אייגענע טעריטאריע ניט ערווארבען, איז פערשפרייט געווארען צווישען אלע שבטים פון ישראל. די צענטראלע פאזיציאן האבען פערנומען די שבטים פון יוסף (זעה די מפה). אפרים און דער האלבער שבט מנשה. דער קליינער שבט בנימין האט אבגעטיילט יוסף'ן פון יהודה'ן; יששכר האט פערנומען דעם גאנצען עמק־יזרעאל און זיך פערשפרייט ביז'ן ירדן. צו צפון זייט פון דעם שבט איז געוועזען דער געביעט פון זבלון און פון נפתלי, און ביים ברעג ים, הארט ביי די צידונים, האט זיך באזעצט אשר. א האלבער שבט דן האט געמוזט פערלאזען זיין אלטע היים, אין דרום זייט פון לאנד, און אריבערוואנדערען אין עקסט־רעמען צפון. אויף דער אנדער זייט פון ירדן האבען די זיהן פון ראובן געפיטערט זייערע שאף אין דרום זייט, ביי מואב; צו צפון פון זיי האט געוואוינט גד און וויטער — די צווייטע העלפט פון מנשה. דיעזע שבטים פון עבר הירדן האבען

געפיהרט א האלב נאָמאדישען לעבען און אָנגעהאלטען שטענדיגע מלחמות מיט די ווילדע שכנים.

די שבטים וועלכע זיינען שפּעטער פון מדבר געקומען האָבען נאטירליכער־ווייזע לענגער אָנגעהאלטען דעם קאמפּפס־גייסט און די בעדואינישע לעבענס־פאָרמען. צו דיעזע שפּעטער אָנגעקומענע שטאַמען געהערט אויך „גור אריה יהודה“ (דער יונגער לייב יהודה), אויף וועמעס גורל עס איז אויסגעקומען צו פעראייניגען אונטער זיין



בילד 1

אידישער שטעמפּעל פון די צייטען פון ירבעם בן יואש (745—785).

די אויפשריפט לעזט זיך: „לשמע עבד ירבעם“.

אָנפיהרונג אלע איבעריגע שבטים און אויסצובילדען פון זיי נאציאָנאלע מלוכה־אָרגאניזאציע. אין קאמפּף מיט די שכנות'דיגע פעלקער, מיט דער זיעג איבער עמלק און פלשתים, עמון און מואב, אדום און ארם, האָט זיך אויסגעשמידט די אידישע איינהייט, אונטער דער אָנפיהרערשאפט פון שאול (פון שבט בנימן) און פון דוד'ן (פון יהודה) איז די אידישע מלוכה געגרינדעט און איבער גאנץ ארץ־ישראל און א גרויסען טייל פון סיריען אויסגעשפּרייט. די גרענעצען פון דער אידישער מלוכה אונטער דוד און שלמה זיינען געווען פון מיטעלמעער ביז דעם ים־סוף און פון וואדי־אל־עריש ביז די בערג לבנון, ביז אלעפּאָ, סיריען און תדמור אין דעם סירישען מדבר. אָבער בלויז די לענדער פון די צוועלף שבטים וועלכע זיינען אויבען דערמאָנט, האָבען גע־האט א קאמפּאקטע אידישע לאנדס בעפעלקערונג. די תקופה פון דער אידישער פּאָ־ליטישער הערשאפט ציהט זיך אונגעפעהר פון דעם יאָהר 1028 ביז 586.

דוד און שלמה האָבען אָרגאניזירט דעם אידישען שטאאט מיט א צענטראלער רעגירונג, מיט א שטענדיגער ארמעע פון פוסגעהער און קאוואלעריע, מיט א אידישער פלאָטע אויף דעם ים־סוף, מיט א פיסקאלער (פינגאנסען) סיסטעם. מיט מויערען און פעסטונגען האָט שלמה בעפעסטיגט ירושלם און אנדערע שטעדט. מיט דעם בוי פון דעם בית־המקדש, דעם איינציגען אין דער וועלט טעמפּעל צו דעם איינציגען גאָט, אָהן א בילד און אָהן א פאָרם, איז דער אידישער רעליגיעזער קולט צענטראליזירט געוואָרען, פונקט ווי די פּאָליטישע מאכט, אין ירושלם. אידישע מלוכה.

נאָך א הונדערטיעהריגער פעראייניגונג האָט זיך אָבער די אידישע מלוכה צו־שפּאלטען אין צווייען: יהודה מיט ירושלם אין צענטר און דוד'ס דינאסטיע אין דער שפּיצע פון איין זייט, און ישראל מיט דעם שבט אפרים אין דער שפּיצע, און מיט בעזונדערע רעליגיעזע צענטרען (אין בית־אל און אין דן) פון דער אנדער זייט.

ישראל און יהודה.

די פעריאדע פון דער גלייכצייטיגער עקזיסטענץ פוןביידע מלוכות האט גע־דויערט העכער צוויי הונדערט יאהר. צייטענווייז האבען די מלוכות צווישען זיך גע־קעמפפט, פון צייט צו צייט פלעגען זיי אבער שליסען שלום און מלחמה האלטען נעגען די אויסערליכע שכנים. די פיהרענדע ראָל האט געהערט דערביי צו דער מלוכה פון ישראל. פון צייט צו צייט פלעגט די אידען געלונגען צוריק צו בעקומען די הערשאפט איבער אלע ארומיגע פעלקער פון א"י. אזוי צ. ב. ש. האבען די אידען אין די צייטען פון יהושפט מלך יהודה און אחאב מלך ישראל (876—855) און שפעטער, אין דער צייט פון ירבעם דעם צווייטען (785—745) געהערשט כמעט איבער'ן גאנצען געביעט פון שלמה'ס מלוכה.

גלות פון די עשרת השבטים.

די שטייגענדע מאכט פון אשור, וועלכע האט פערנומען דעם פלאץ פון אלט־בבל, האט זיך אנגעהויבען צו פערשפרייטען איבער גאנץ סיריען. די מלכים פון אשור הא־בען איינגענומען דמשק און גאנץ ארם, (730), אבגעריסען גלעד און גליל און פער־



בילד 2
אידישער שטעמפעל פון די צייטען פון ע ז י ה ו ב ן א מ צ י ה מלך יהודה
(אין דער מיטען פון 8־טען יאהרהונדערט).
די אויפשריפט לעזט זיך, פון איין זייט: „לשבניו", און פון דער אנדער זייט: „לשבניו עבד עזיו".

טריבען זייערע איינוואוינער און אם ענדע האבען שלמנאסר און סרגון געמאכט אן ענדע צו דער מלוכה פון אפרים, חרב געמאכט שמרון און פערטריבען די אנגעזע־הענסטע בירגער אין אשור (722). אויף זייער ארט האט מען געבראכט פרעמדע קא־לאניסטען פון ארם און פון מעסאפאטאמיען און בעזעצט אין שמרון. יהודה איז גע־בליבען זעלבסטשטענדיג, אבער זי האט געמוזט אנערקענען די אויבערהערשאפט פון אשור און צאהלען איהר צינזען. מיט דעם פאלען פון שמרון האט זיך ניט אומגע־קעהרט די צייט פון אן איינהייטליכער אידישער נאציאן, ווי די מלכים פון יהודה האבען געהאפט, ווארום די פערטריבענע שבטים זיינען געבליבען אבגעריסען פון זייער לאנד, און די קאלאניסטען פון שמרון, וועלכע זיינען געבראכט געווארען אויף זייער פלאץ, האבען זיך נור לאנגזאם אסימילירט מיט די אידען, נור אין רעליגיעז־נאציאנאלען זין האט זיך פערשטארקט דער אויטאריטעט און העגעמאניע פון יהודה, אלס „דאס רעשט פון בית ישראל".

די נביאים.

די עקזיסטענץ פון יהודה, אלס איינציגע אידישע מלוכה, האט געדויערט נאך דעם פאלען פון שמרון נאך 135 יאהר. דיעזע תקופה כאראקטעריזירט זיך מיט אן אינ־

טענסיווער גייסטיגער טעטיגקייט און מיט דער הויכער ענטוויקלונג פון נאציאנאלער קולטור. דער אידישער געדאנק האט געפונען זיין אויסדריק אין די אוניווערסאלע, רעליגיעזע, פּאָליטישע און מאָראלישע אנשויאונגען פון די ערשטע נביאים עמוס, הושע, מיכה, ישעיה א, (פאר דעם גלות שמרון), ירמיה און אנדערע נביאים—נאך דעם. יהוה, דער נאציאנאלער גאָט פון ישראל איז דערהויבען געווארען צו דעם איינציגען שופט און הערשער איבער אלע פעלקער, אשור איז ניט מעהר ווי גאָט'ס שטראף — א שליח פון דער השגחה, צו בעשטראפען די פעלקער פון פּאלעסטינא פאר זייערע זינד. די שטראף וועט אָבער פאריבער, און גאָט וועט זיך אומקעהרען צו זיין פאלק, און



בילד 3.

אן אויפשריפט אויף דער וואנט פון דעם וואסער-טונעל „השלח", פון די צייטען פון חזקיהו מלך יהודה (620—692 פאר דער אייראפּעאישער צייטרעכנונג).

(פון אויבען איז דער אָריגינעלער אויפשריפט בוכשטעבליך קאפּירט אין רש"י כתב).

וועט איהם ווידער אויפריכטען אלס א זעלבסטשטענדיגע מעכטיגע נאציאן.

גלות בבל. ניי־באבילאָניען האָט געמאכט אן ענדע צו דער עקזיסטענץ פון יהודה, ווי אשור האָט עס פריהער געטאָן מיט ישראל. אין דעם יאָהר 597 זיינען פערטריבען געוואָרען אלע מייסטערס און צעהן־טויזענד אריסטאָקראטישע פאמיליעס קיין בבל. דער אויפשטאנד פון דעם לעצטען קעניג, צדקיהו, אין עלף יאָהר ארום, איז אונטערדריקט געוואָרען דורך נבכדנאצר מלך בבל, וועלכער האָט חרב געמאכט דעם בית־המקדש און די שטאָדט ירושלם. אלע אנגעזעהענסטע פאמיליען, און א טייל פון דער לאנד־בע־

פעלקערונג זיינען גענומען געוואָרען געפאַנגען און פערשיקט אין די אינערע פּראָווינצען פון בבל. קיין נייע קאָלאָניסטען זיינען אויף זייער אָרט ניט צוגעשיקט געוואָרען: יהודה איז געבליבען פערלאָזען און פערוויסטעט, און די ארומיגע האלב־ווילדע שבטים האָבען גענומען בעלי־בתי־ווען איבער דעם פערלאָזענעם אידישען לאַנד.

שיבת ציון.

אין פופציג יאָהר ארום (אין יאָהר 538), ווען דער פּרסישער קעניג כורש האָט געמאַכט א סוף צו דער הערשאַפט פון דער באַבילאָנישער דינאַסטיע, האָט ער ערלויבט די געפאַנגענע אידען אומקעהרען זיך אין זייער לאַנד. אין דיעזער „שיבת־ציון“ האָבען זיך בעטייליגט ביז 50,000 מאַן, וועלכע האָבען געלעגט א יסוד צו דער נייער אידישער געמיינדע אין די גרענעצען פון דער פריהערדיגער יהודה. דערמיט פאַנגט זיך אָן דער דריטער טייל פון דער אידישער תקופה, די פעריאָדע פון בית־שני, פון אידישער קולטורעל־עקאָנאָמישער הערשאַפט איבער ארץ־ישראל, וואָס האָט זיך געהאַלטען 600 יאָהר.

דער אידישער ישוב אין צייט פון צווייטען בית־המקדש האָט זיך קאָנצענטרירט ארום דער בעניימער ירושלם, אין דעם שמאָלען געביעט צווישען באר־שבע און בית־אל. צו דער צייט האָבען זיך די נאַבאַטייאישע אראַבער (נבטו־נביות) בעוויזען אין די גרענ־ניצען פון ארץ ישראל. זיי האָבען פערכאַפּט די געביעטען פון עמון, מואב און אדום און אריינגעדרונגען ווייט אין צפון. די אדומים זיינען געצוואונגען געווען זיך צוריקצוציהען פון זייערע אַלטע וואוינונגס־לענדער אין די דרום־געביעטען פון יהודה און חברון. אין דעם צענטר פון לאַנד, אין שמרון, זיינען געזעסען די שמרונים אָדער כותים. די פיניקיער האָבען פאַר דער צייט פערכאַפּט דעם גאַנצען ברעג פון ים, (ביז יפו און נאָך זידליכער) וועלכער האָט פריהער געהערט צו די אידען. פון אַלע זייטען זיינען די אידען געוועזען ארומגערינגעלט מיט פיינדליכע שכנים, מיט וועלכע זיי איז אויסגעקומען צו שטעהן אין שטענדיגע סכסוכים.

די מיטגליעדער פון דער נייער אידישער געמיינדע האָבען זיך בעשעפטיגט מיט אַקערבוי, מיט ווייינבוי און, אין די שטעדט, מיט פערשיעדענע מלאכות. דער האַנדעל איז געוועזען אין די הענד פון די כנענים (פיניקיער) און אַנדערע אויסלענדער. אין אַלגעמיין האָט די געמיינדע איבערגעלעבט א שווערע מאַטעריעלע לאַגע, וועלכע האָט זיך אָבער מיט דער צייט פערבעסערט. אין דער פרידליכער צייט פון דער פּערזישער הערשאַפט (537—333) זיינען צוריק אויפגעבויט געוואָרען די רואינען פון דער פערוויסטונג. עזרא און נחמיה (אין דעם מיטען פון פינפטען יאָהרהונדערט) האָבען פיעל געטהאָן פאַר דער פאַרבעסערונג און פאַרשטאַרקערונג פון דער אידישער געמיינדע אין גייסטיגען און מאַטעריעלען זין. צו דער זעלבער צייט איז פאָרגעקומען די ענד־גילטיגע שפּאַלטונג צווישען די אידען און די שמרונים, וועלכע האָבען זיך געשאַפען א בעזונדער קולטורעל־רעליגיעזען צענטר, ארום זייער הייליגען בארג גרזים, וואו זיי האָבען אויפגעבויט א בעזונדער בית־המקדש. דעם פּלאַץ פון׳ם היסטאָרישען קאַמפּף צווישען יהודה און אפרים האָבען פערנומען — די שטענדיגע מלחמות פון די אידען מיט די שמרונים.

אידישע אויטאָנאָ־מיע אונטער פּרס

די אידען האָבען געבילדעט אַן אויטאָנאָמע טעאָקראַטיש־רעפּובליקאַנישע גע־מיינדע. אין דער שפּיצע זיינען געשטאַנען די זקנים און די ראשי בתי האבות (די עלטסטע פון די פאַמיליען), דער כהנים־שטאַנד מיט דעם כהן גדול פון צדוק׳ס דינאַס־טיע בראש, דאָס איז געווען די פעריאָדע פון דער כנסת הגדולה. אין יאָהר 332 האָט אלכסנדר מוקדן איינגענומען אַלע לענדער, וואָס האָבען געהערט צו דער גרויסער

פרס׳ישער מלוכה. דערמיט פאנגט זיך אן א נייע שטירמישע תקופה פאר סיריען און ארץ ישראל. דיעזע לענדער זיינען געווארען אן ארענא פאר דויערנדע מלחמות צווישען די „דיאדאכען״, ווי אלכסנדר׳ס יורשים האבען זיך גערופען, ד. ה. די סירישע סע־לעקווידען און די עגיפטישע פטאלאמעאידען.

אלכסנדר מקדון׳ס יורשים.

די גריכען האבען זיך געסטארעט מיט אלע מיטלען ארויפצוצווינגען זייער קול־טור און הערשאפט אויף די קליינע פעלקער פון פאדער־אזיען. זיי האבען געבויט נייע שטעדט אין זייער סטיל, געבראכט נייע קאלאניסטען, געמויערט טעמפלען, גימנאזיומס און טעאטערע פאר זייער קולט און איינגעבראכט זייערע פאליטישע ארדנונגען. די קליינע אומות פון סיריען האבען זיך אנגעהויבען שנעל צו עלליניזירען, אננעהמענדיג די גריכישע שפראך און זיטען. אפילו די אידישע בעפעלקערונג פון עגיפטען און פון



בילד 4.

אן אלטע העברעאישע אויפשריפט פון ענדע 2טען יאהרהונדערט פאר קריסט. רעכנונג אין הורקנוס בן יוסף׳ס פעסטונג עראק אל־אמיר, (טירוס) עבר הירדן.

נארד סיריען האט זיך מעהר־ווייניגער עלליניזירט, אבער די אידישע קולטור אין יהודה איז געווען צו שטארק און אינערליך־מעכטיג זי זאל זיך אונטערגעבען דער נייער גרי־כישער. עס איז אויסגעבראכען א שארפער קאמפף צווישען דער אידישער און דער גריכיש־מאקעדאנישער קולטור. יהודה איז געווארען אן ארענא פאר דיעזען דאפעלטען קאמפף, דעם קאמפף פון עגיפטען מיט סיריען פאר הערשאפט, און פון יהודה — פאר איהר נאציאנאלער עקזיסטענץ. ביי די אידען גופא האבען זיך געבילדעט פארטייען, וועלכע זיינען געווארען געצווינגט צו קאמפראמיסען מיט דער סיריש־גריכישער הער־שאפט. אנדערע זיינען געווען מעהר נוטה צו די עגיפטישע הערשער, וועלכע זיינען גע־ווען מעהר טאלעראנט איידער די סירישע. מיט דער הילף פון דיעזע פארטייען האבען די פרעמדע הערשער געזוכט אונטערצודריקען דאס אידישע פאלק. די גרויזאמע מעשים

פון אנטיוכוס אפיפנוס, וועלכער האט מחלל געווען דעם בית־המקדש און געפרובט מיט גוואלד ארויפצווינגען אויף די אידען דעם גריכישען רעליגיעזען קולט, האבען איבער־געפילט די מאס. דאס פאלק האט אויפגעהויבען אן אויפשטאנד, און אונטער דער אנ־פיהרונג פון מתתיהו החשמונאי אנגעפאנגען א קאמפף געגען די פרעמדע טי־ראנען און אייגענע פאררעטער. אין א קורצער צייט איז געלונגען יהודה המכבי (161-166) צו זיעגען איבער די סורישע חילות, בעפרייען ירושלם פון פרעמדער הער־שאפט און בענייען די עבודה אין בית־המקדש. זיינע ברידער יהונתן (142-161) און



בילד 5.
א אידישער זילבערנער „שקל" פון שמעון הנשיא (החשמונאי).
פון איין זייט לעזט זיך די אויפשריפט: „שקל ישראל" און „ש"ב" (ד. ה. שנת ב') און פון דער אנדער זייט: „ירושלים הקדושה".

די חשמונאים.

שמעון (142—135) האבען דערגרייכט די פארלשטענדיגע אונאבהענגיגקייט פון יהודה, און די חשמונאים זיינען אנערקענט געווארען סיי פון'ם פאלק, און סיי פון די פרעמדע מלוכות, אלס זעלבסטשטענדיגע הערשער. יוחנן הורקנוס (135—105) האט פער־ברייטערט די הערשאפט פון יהודה איבער שמרון, געצוואונגען די אדומים אננעהמען יודענטום און בעזיעגט די פלשתים און די אראבער. זיינע זיהן יהודה (אריסטבול) און יהונתן (אלכסנדר־ינאי) האבען פארטגעזעצט זייערע עראבערונגען אין גליל, עבר הירדן און אנדערע לענדער. נאך א קורצען פעריאד פון פריעדען, אין דער צייט



בילד 6.
א קופערנע מטבע פון „שמעון הנשיא" (החשמונאי)
די אויפשריפט ארום די צוויי לולבים בעדייטעט: „שנת ארבע חצי". ארום דעם פאלמען־בוים שטעהען צוויי קוישלעך מיט פרות, די אויפשריפט לעזט זיך: „לגאלת ציון".

פון שלומית המלכה, האט זיך אנגעהויבען אן אינערליכער קאמפף צווישען איהרע ביידע זיהן, און די מחלוקת האט געבראכט דאס לאנד אין די הענד פון רוים (63). אין יאהר 37 איז ארונטערגעזעצט געווארען דער לעצטער חשמונאישער קעניג (מתתיה). הורדוס דער אדומי איז ארויף אויפ'ן אידישען טראן. מיט דער קראפט פון רוים איז הורדוס'ען געלונגען צו בעזיעגען די לעצטע אויפשטאנדען און פערשטארקען זיין מאכט. הורדוס האט פעראייניגט אונטער זיין שליטה כמעט דאס גאנצע געביעט

פון דוד'ס רייך און האָט געהאַלטען אונטער אידישער הערשאַפט אַלע קליינע פעלקער.
ער האָט אויפגעבויט און בעפעסטיגט שטעדט, בעזאָנדערס דעם בית המקדש, דורכגעלעגט
וועגען און בריקען, און איבערהויפּט געזאָרגט פאַר דער אויסערליכער שעהנהייט אין
רוימישען סטיל.

הורדוס.

אין הורדוס'עס צייט איז דאס אידישע לאַנד געוועזען צוטיילט אויף פאָלגענדע
טיילען: א) י ה ו ד ה, אריינגערעכענט אדום, ב) ש מ ר ו ן אָדער סאַמאַריא,
ג) ג ל י ל, אונטערשטער און אויבערשטער, ד) ע ב ר ־ ה י ר ד ן אָדער פּערעא,
פון דעם טייך ירדן ביז גרשה און רבת־עמון, און פון טייך ארנון ביז פּחל (פּעללאַ).
חוץ דעם זיינען געוועזען קלענערע געביעטען, ווי צ. ב. ש., די טעטראַרכיע פון פיליפּוס
וועלכע האָט ענטהאַלטען גולן (אריינגערעכענט טבריה), בשן (מיט דער נוקרא), ארגב
(לעדזשאַא) און חורן, ווי אויך גמלא, חלקים, פיניקיא, לבנון, אראביא, און די צעהן
גריכישע שטעדט — די דעקאַפּאָליס (דמשק, גרש, רבת, גדר, סוסיה, פחל, קנת, בית־



בילד 7.
די קברים פון די חשמונאים לעבען דעם דאָרף מודיעין (מידיע).

שאן, דיון, אבל, בית אדם). הורדוס'עס דינאַסטיע האָט געהערשט איבער די פּראָ־
ווינצען פון א"י העכער הונדערט יאָהר. אונטער זיין אייניקעל א ג ר י פּ ס
ה ר א ש ו ן (37—44 נאָך דער קריסטליכער ערא) איז זיין ירושה צום לעצטען מאָל
געוועזען פעראייניגט. נאָך דעם האָבען די רוימער געהערשט איבער יהודה דורך
זייערע פּראָקוראַטאָרען (אגריפּס דער צווייטער איז שוין געוועזען בלויז א נאָמינאַלער
קעניג). די רוימישע הערשער האָבען אונטערדריקט און עקספּלואַטירט די אי־
דישע בעפעלקערונג, און רואינירט דאס לאַנד א דאַנק דער פערדאָרבענקייט פון זייער
אדמיניסטראַציאָן. די רוימישע גרויזאַמקייט און אונגערעכטיגקייט האָבען ארויסגערו־
פען ביי אידען די גרעסטע פערביטערונג. דאן זיינען ענטשטאַנען פערשיעדענע
משיח'ישע סעקטען. איינע פון די בעוועגונגען, וועלכע זיינען צו יענער צייט ענטשטאַ־

נען ביי אידען, איז פערבונדען מיט דעם נאָמען פון ישוע פון נצרת (יעזוס), וועלכער האָט געהייסען ביי זיינע אָנהענגער „דער משיח“ (אין גריכיש: „חריסטאָס“). א גרעסערע בעדייטונג אין דער וועלט האָט דאָס קריסטענטום בעקומען ערשט אין הונדערט יאָהר נאָך דעם. פּאָליטישע אויפשטאַנדען זיינען געוועזען עטליכע: דער ווויכטיגסטער און ענטשיידענער איז אויסגעבראָכען אין די צייטען פון נירון־קיסר. נאָך א צוויי־יאָהריגען העלדישען קאַמפּף געגען די אָרגאַניזירטע רוימישע לעגיאָנען איז ירושלם געפאַלען און דער בית־המקדש איז פערברענט געוואָרען (אין יאָהר 69, דורך טיטוס'ן דעם זוהן פון דעם רוימישען קיסר אספּסינוס). אידען האָבען צום צוויי־טען מאָל זייער זעלבסטשטענדיגקייט פערלאָרען, און דאָס מאָל — אויף לאַנגע, לאַנגע צייטען.

חרבן פון בית שני.

נאָך דעם חורבן זיינען די אידען ניט פערניכטעט געוואָרען דורכאויס. א גרויסער טייל אידען איז נאָך אַלץ פערבליבען אין ארץ ישראל ביי לאַנדווירטשאַפט. אין זעכציג יאָהר ארום נאָך דעם חורבן האָבען די אידען ווידער געקעמפּפט פאַר זייער בעפרייאונג, אונטער דער פיהרערשאַפט פון שמעון בר כוכבא, און אפילו אין פינף הונדערט יאָהר ארום, נאָך דעם אויפשטאַנד פון בר־כוכבא, זענען אידען געוועזען ווידער אמאָל אים שטאַנד צונויפזאַמלען אַן אייגענע ארמעע אום צו קעמפּפען פאַר זייער פרייהייט. דאַן אָבער, אין 7טען יאָהרהונדערט, זיינען שוין די אידען ניט געווען מעהר די מעהרהייט פון דער בעפעלקערונג אין לאַנד, נאָר — א מינדערהייט. דער פּראָצעס פון אידישער פערקלענערונג איז פאָרגעקומען צוביסלעכווייז, אונטער דער רוימישער, בעזונדערס — אונטער דער ביזאַנטישער הערשאַפט. אונטער דער אראַ־בישער הערשאַפט זיינען שוין די אידען געוועזען כמעט דורכאויס א שטאָדטישער עלעמענט: אידישע לאַנדווירטשאַפט טרעפט זיך בלויז אַלס אויסנאַהם. במשך פון דער לאַנגער אראַבישער תקופה האָט זיך דער אידישער ישוב ניט פערגרעסערט: די געשיכטע פון לאַנד האָט זיך אויף אזא אופן, במשך פון טויזענד יאָהר איינגאַנצען אָבגעטיילט פון דער געשיכטע פון דעם פאָלק. נור אין דער לעצטער העלפט פון דעם 19טען יאָהרהונדערט קומט פאָר א ראַדיקאַלע אומענדערונג אין דעם פּראָצעס, און אין דער אידישער געשיכטע קומט פאָר ווידער א טענדענץ צו פעראייניגען דעם גורל פון פאָלק מיט דעם גורל פון זיין אַלטער היים.

## די נאָך־אידישע תקופה.

די נאָך־אידישע געשיכטע פון פּאַלעסטינא דאַרף איינגעטיילט ווערען, לויט איהר פּאָליטישען כאַראַקטער, אין דריי טיילען: די רוימיש־ביזאַנטישע, די אראַ־בישע און די טערקישע.

### ד. די רוימיש־ביזאַנטישע הערשאַפט.

די רוימיש־ביזאַנטישע הערשאַפט איבער סיריען האָט אָנגעהאַלטען, נאָך דעם חורבן פון דער אידישער זעלבסטשטענדיגקייט, 567 יאָהר (פון 69טען ביז 636טען יאָהר קריסטל. צעהלונג). דיעזע פּעריאָדע גופא קען, אין איהר רייהע, איינגעטיילט ווערען אין צוויי טיילען: צוערשט קומט די הערשאַפט פון דער געצענדינערישער, אָדער קלאַסישער, רוימישער מלוכה, מיט דעם צענטער אין רוים (רומא). זי האָט אָנ־געהאַלטען העכער 250 יאָהר. אין דעם צווייטען טייל איז די מאַכט איבער די אזיאַ־טישע פּראָווינצען געלעגען אין די הענד פון דער קריסטליכער אָדער רוימיש־ביזאַנ־

קלאַסישער רוים און ביזאַנטיען.

טישער מלוכה, מיט דעם צענטער אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. די גאַנצע עפּאָכע פון רוימי־שער הערשאַפט שטעלט מיט זיך פאָר אַן איבערגאַנגס פּעריאָדע פון דער אידישער צו דער ניט־אידישער תקופה; אין אָנהויב פון דער עפּאָכע זיינען די אידען געוועזען נאָך אַ מעהרהייט אין לאַנד, אין ענדע שטעלען שוין די אידען פאָר אַ מינדערהייט. יעדענפאלס, אָבער, שפּיעלען נאָך די אידען אין דיעזער תקופה אַן איבערוויגענדע ראָלע אין לאַנד. אין דער הינזיכט איז די געשיכטע פון א"י אין דיעזע ערשטע יאָהר־הונדערטער נאָך אַלץ ביז צו אַ געוויסען גראַד — די געשיכטע פון דער אידישער בעפעלקערונג אין דעם לאַנד.

די קלאַסיש־רוימישע מלוכה האָט בעפעסטיגט דאָס לאַנד און געהאַלפען דער ענטוויקלונג פון קולטור און האַנדעל אין סיריען; זי האָט געבויט פעסטונגען און מערק, אויסגעלעגט וועגען און בריקען. רעשטען פון די רוימישע פעסטונגען, חורבות פון טעאַטערע און וואַסער־קאַנאַלען געפינט מען ביז צו דעם היינטיגען טאָג אין חורן און אַנדערע טיילען פון לאַנד. רוים האָט געהאַלטען אין צוים די ווילדע שבטים פון מדבר, און דער פּרוקטבאַרער באָדען פון עבר הירדן האָט צו יענער צייט געהייסען „דער שפּייכלער פון גאַנץ סיריען". אפילו אין מערב ארץ ישראל איז נאָך אַלע אויפשטאַנדען, געבליבען ווי מיר וועלען עס באַלד זעהן, אַ גרויסע צאָהל פון אַקערבויער. אָבער די אינערליכע געשעהענישען פון דער רוימישער מלוכה האָבען געבראַכט צו איהר אָבשוואַכונג און פאַנאַנדערפאַלונג. און נאָך פריהער, ווי די אימ־פּעריע האָט זיך ענדגילטיג פאַנאַנדערגעגלידערט, איז ארץ ישראל אַריינגעפאַלען אין די הענד פון דער אָסט־רוימישער קריסטליכער מאַכט.

אונטער דער קריסטליכער הערשאַפט האָט זיך שטאַרק אויפגעהויבען דער רעליגיעזער אינטערעס פון רוים צו ארץ ישראל. דאָס לאַנד איז אָנגעפּיהלט געוואָ־רען מיט קלויסטערס און מאַנאַסטירען, אַזוי אַז אין אַ טאָג פון חגא, שרייבט אַ קירכענפאַטער פון יענער צייט, פלעגט דער קלאַנג פון די גלעקער זיך טראָגען אָהן אונטערברעכען פון לבנון ביז די בערג פון מדבר סיני. דאָס עקאָנאָמישע און קולטורעלע לעבען פון לאַנד האָט אָבער אָנגעהויבען אונטער דער ביזאַנטישער הער־שאַפט צו זינקען. די ביזאַנטישע רעגיערונג איז אמת געוועזען גענוג שטאַרק אונטערצודריקען די אידישע און די שמרונישע אויפשטאַנדען פון דיעזער תקופה, און אויסצוראָטען די אפּיקורסישע סעקטעס וועלכע זיינען ענטשטאַנען צו יענער צייט אין דער קריסטליכער קירכע; דיזעלבע ביזאַנטישע רעגירונג איז אָבער געוועזען אונפעהיג איינצוהאַלטען איהרע פּראָווינצען אויף דער קולטורעלער און עקאָנאָמישער הויך. אויף וועלכער זיי זיינען אין דער פריהערדיגער עפּאָכע געשטאַנען. זי האָט אויך ניט געהאַט די מאַכט אָפּצוהאַלטען די אינוואַזיאָן פון די אַראַבישע איינוואַנדערער, וועלכע האָבען זיך צו דער צייט בעוויזען פון דעם מדבר און פערפלייצט דעם גאַנצען עבר הירדן. פערקעהרט, די ביזאַנטישע רע־גירונג איז געוועזען געצוואונגען צו אַנערקענען זייער קראַפט, אָפטמאָל האָט זי אויסגענוצט די אַראַבער, אַלס געדונגענע מיליציע, כדי איינצושטילען איהרע אינער־ליכע אויפשטאַנדען (צ. ב. ש. די שמרונישע). דעריבער אָבער האָט זי איבערגעגעבען מיט די אייגענע הענד איהר מאַכט צו די אַראַבער. ניט ווילענדיג האָט זי געגעבען אַ טויט־קלאַפּ דעם גאַנצען האַנדעל און עקאָנאָמישער בעדייטונג פון איהרע סירישע פּראָווינצען און צוגעגרייט איהר אייגענעם סוף. צו דעם מאָמענט ווען די אַראַבישע האָרדען זיינען, אין אַ פאָר הונדערט יאָהר אַרום, געקומען איינצונעהמען

די וועלט אין נאמען פון איסלאם, האבען זיי געטראפען אין חורן א געדיכטע אראַ־בישע בעפעלקערונג, וועלכע האט זיך גערן מיט זיי פעראייניגט און געהאלפען איינצו־נעהמען די צופוילטע אימפעריע און אראביזירען די סירישע פראווינצען.

אדמיניסטראטיווע איינטיילונג.

אונטער דער רוימישער הערשאפט איז ארץ ישראל געוועזען איינגעטיילט אויף פאלגענדע אדמיניסטראטיווע טיילען: א) יהודה און שמרון ביז דעם עמק יזרעאל האבען געטראגען דעם נאמען „פאלעסטינא פרימא“ (ערשטע פאלעסטינא), מיט דעם צענטער אין שטאדט קסריה. ב) דער נארד־טייל פון לאנד מיט טבריה אין דער שפיצע האט געהייסען „פאלעסטינא סעקונדא“ (צווייטע). ג) די אמאליגע אדום מיט דער שטאדט סלע, אדער פעטרא, האט געטראגען דעם נאמען „פאלעסטינא סאלוטאריס“, אדער „טערציא“ (דריטע). ד) דער געביעט פון צור האט געהייסען „פיניקיא פרימא“ דער לבנון מיט דמשק — „פיניקיא סעקונדא“, און דער גאנצער מזרח־געגענד פונ׳ם ירדן — ביז די דרום־גרענעצען האט געהייסען „פראווינציא אראביא“.

---

מיט דעם אונטערגעהן פון דער פאליטישער זעלבסטשטענדיגקייט האט זיך דער אינטערעס פונ׳ם אידישען פאלק קאנצענטרירט אויף זיין גייסטיגער פערשטארקונג. אנשטאט ירושלם איז דער נאציאנאלער צענטער געווארען יבנה. דער סנהדרין מיט דעם נשיא זיינען געווארען די פארשטעהער פונ׳ם פאלק, און דאס לערנען אין די ישיבות האט פערנומען דעם ארט פון דער עבודה אין בית־המקדש. די ווייטערדי־גע דורות צייכנען זיך אוים מיט אנגעשטרענגטער טעטיגקייט אויף׳ן גייסטיגען געביעט. דאס איז געוועזען די תקופה פון דער משנה (וועלכע איז פערענדיגט געווארען אונגעפעהר אין יאהר 210 נאך דער קריסטל. צעהלונג) און שפעטער — פון דעם פאלעסטינעזישען תלמוד, אדער תלמוד ירושלמי (פערענדיגט ארום יאהר 359).

היידניש־רוימי־שע הערשאפט.

אין פאליטישען און אין עקאנאמישען זין זיינען אבער דיעזע יאהרהונדערטער זעהר שווערע. די ערשטע רוימישע קיסרים, אספסינוס און טיטוס, האבען ארויפ־געלעגט אויף די בעזיעגטע אידען שווערע אבצאהלונגען (דעם זאגענאנטען „פיסקוס יודאיקוס“ פאר דעם קאפיטאלישען זעוס אין רוים), וועלכע זיי פלעגען שטרענג אויפמאהנען. צוליעב דעם צוועק פלעגען זיי האלטען מיליטער איבער׳ן לאנד (מוצא־קולוניא; קסריה, עמואס, אקאבא, א. ז. וו.). דעם גאנצען באדען האבען זיי ערקלערט אלס דעם קיסר׳ס פריוואט אייגענטום, און פלעגען פערלאנגען געלד פאר דאס רעכט צוריק צו בעארבייטען די פעלדער. קיין בעזונדערע קאלאניזאציע האבען אבער די רוימער ניט געפיהרט, אויסער איינצעלנע פלעצער, אין וועלכע זיי האבען בעזעצט וועטעראנען (אויסגעדיענטע סאלדאטען) ווי צ. ב. אין די דערמאהנטע „קאלאניע“ מוצא און עמואס.

נאך איידער די בעפעלקערונג האט זיך בערוהיגט פון דעם לעצטען אויפשטאנד, האבען זיך אנגעהויבען שארפע נאציאנאל־רעליגיעזע פערפאלגונגען מצד פון די רוימישע קיסרים טרינוס און אדרינוס. דאס האט ארויסגערופען נייע אידישע אויפשטאנדען געגען דער רוימישער הערשאפט (אין 117טען און אין די יאהרען 133—136). דער לעצטער אידישער אויפשטאנד, אונטער דער אנפיהרערשאפט פון

בר־כוכבא,

שמעון בר־כוכבא און אונטער דער גייסטיגער פיהרערשאפט פון רבי עקיבא איז געווען דער גרעסטער און דער וויכטיגסטער. ניט ווייניגער ווי א האלבער מיליאן אידען האבען זיך אין דעם אויפשטאנד בעטייליגט. די אידען האבען פער־באפט ביז פופציג פעסטונגען, און נאהענט צו טויזענד שטעדט און

דערפער, אויפגעשטעלט א דרייפאכע פערטיידיגונגס־ליניע, און במשך פון עטליכע יאָהר מיט ערפאלג צוריקגעשטויסען די רוימער. די לעצטע האָבען אין דעם אידישען אויפשטאנד דערזעהן א געפאהר פאר דער עקזיסטענץ פון דער גאנצער אימפעריע און האָבען אנגעשטרענגט אלע קרעפטען אונטערצודריקען איהם. דאָס איז זיי געלונגען ערשט נאָך א דריי יאָהריגען קריעג. אדריינוס האָט זיך אויף א שרעקליכען אופן אָפּגערעכענט ניט נור מיט די קריעגער, נאָר אויך מיט דער גאנצער פריעדליכער



בילד 8.

„דינר" — א אידישע מטבע פון שמעון בר־כוכבא.

פון איין זייט — דער שער פון בית־המקדש מיט אן אויפשריפט „ירושלם", פון דער אנדער זייט — א לולב מיט אן אתרוג. די אויפשריפט לויטעט: „שנת אחת לגאלת ישראל".

בעפעלקערונג. דאָס לאנד איז פערפלייצט געוואָרען מיט בלוט און די געפאנגענע פרויען, קינדער און מענער זיינען פערקויפט געוואָרען פאר שקלאַפען פאר שפּאָט־ביליגע פרייזען אויף דעם שקלאַפען־מארק אין חברון. יהודה איז פערוויסט געוואָרען און אויף דעם אָרט פון אידישען בית המקדש אויף דעם הר־המוריה, איז געבויט געוואָרען א רוימיש־היידנישער טעמפעל צו זייער גאָט יופּיטער קאפּיטאָליוס. אן עהנליכער רוימישער טעמפעל איז אויך אויפגעשטעלט געוואָרען אויף דעם בארג גרזים. ירושלם איז פערבויט געוואָרען מיט א רוימישער שטאָדט „איליא" און עס



בילד 9.

א מטבע פון שמעון בר־כוכבא.

פון איין זייט — א הענגעל טרויבען מיט אן אויפשריפט „שמעון" פון דער אנדער זייט — א קרוג און א זאנג, מיט דער אויפשריפט „ש"ב (שנת ב') לחר (ות) ישראל".

איז אפילו פערווערט געוואָרען די אידען צו דערנעהנטערן זיך צו די מויערען פון זייער פריהערדיגער הויפּט־שטאָדט.

נאָך דעם אויפשטאנד איז דער צענטער פון גייסטיגען און פון רעליגיעזען לעבען אריבערגעטראָגען געוואָרען קיין גליל, וועלכער האָט ווענינער געליטען איידער יהודה. דאָ, אין דעם ראיאָן פון טבריה, איז פערענדיגט געוואָרען דורך דעם דור פון די תנאים, די משנה און דורך די ווייטערדיגע דורות, דורך די אמוראים —— דער תלמוד ירושלמי. גליל אלס צענטער.

2טער און 3טער יאהרהונדערט.

דיעזע תקופה, וועלכע האט זיך געצויגען צוויי הונדערט יאהר, פון רבי עקיבא
ביז הלל השני (ביז דעם ביזיאנטישען קיסר קאנסטאנטין) קען, נאטירליך, ניט
אנגערופען ווערען א רוהיגע צייט אין דער אימפעריע. נאך דעם „פרומען“ אנטאנינוס
און פילאזאפישען קיסר מארקוס אוירעליוס איז געקומען די עפאכע פון מיליטער־
הערשאפט. אין א קורצער צייט פון הונדערט מיט פינף און צוואנציג יאהר האבען
זיך געביטען אויף דעם רוימישען טראן דרייסיג אימפעראטארען. אין די שטענדיגע
רייסערייען פאר'ן טראן האט סיריען, זעלבסטפערשטענדליך, געשפיעלט א בעדיי־
טענדע ראלע. און אין דיעזע מלחמות פלעגען זיך אויך די אידען מיט די שמרונים
בעטייליגען, וו. צ. ב. ש. אין דעם סכסוך צווישען פעסציניוס ניגער און סעפטימיוס
סעווערוס (אין יאהר 193). נאך פריהער איז פארגעקומען א לאקאלער אידישער



בילד 10.
רואינען פון אן אלטען אידישען בית־מדרש אין כ פ ר ־ ב ר ע ם, אין גליל העליון,
פון 3טען יאהרהונדערט.

אויפשטאנד אין צפורי (161), וועלכער האט ארויסגערופען שווערע פערפאלגונגען
געגען די אידען. סעפטימיוס סעווערוס, ארויפשטייגענדיג אויף דעם רוימישען
טראן האט אוועקגערויבט ביי די אידען די פריווילעגיע, וועלכע אידען האבען פער־
מאגט פון די צייטען פון יוליוס־קיסר, צו זיין בעפרייט פון שטייערען אין דעם
שמיטה־יאהר. אין אלגעמיין אבער, האט סעפטימיוס די אידען ניט פערפאלגט,
נאר אויסגעגליכט אין זייערע רעכטע און פליכטען מיט אלע אנדערע בירגער. אבער
טראץ די אלע פאליטישע מהומות און טראץ די אכזריות פון דער רוימישער פער־
וואלטונג, איז די עפאכע פון דער געצענדינערישער רוים געוועזען פיעל בעסער פאר
דער פאנאטישער קריסטליכער הערשאפט, וועלכע איז באלד נאך דעם אנגעקומען.

איינינע רוימישע הערשער זיינען אליין געוועזען סיריער אדער אראבער: אנדערע פון זיי האבען געהאט אפילו א בעזונדער נייגונג צו׳דער סירישער און צו דער אידי־שער קולטור. אלכסנדר סעווערוס (222—235) האט צ. ב. ש. געהאלפען אידען (ווי אויך קריסטען) בויען בתי־מדרשים און שוהלען, און די עלף חורבות פון אלטע אי־דישע בתי מדרשים אין גליל, וועלכע מען געפינט נאך ביז יעצט, שטאמען, וואהר־שיינליך, פון דיזער עפאכע. דערזעלבער הערשער האט אריינגעשטעלט אין זיין פאנטעאן (געטער־הויז), צווישען אנדערע סטאטוען, אויך די סטאטוע פון אברהם־אבינו און פון ישוע הנצרי. קיינמאל האט, יעדענפאלס, די היידנישע רוים ניט געפיהרט אזעלכע סיסטעמאטישע פערפאלגונגען געגען דער אידישער נאציאן, ווי עס האבען געטהאן די קריסטליכע הערשער, ווי נור די ממשלה איז אריבער אין זייע־רע הענד.

דער פאקט איז, אז נאך אלע שרעקליכע מפלות און קאטאסטראפען זיינען די אידען ביסלעכווייז געקומען צו זיך און אומגעקעהרט זיך צום פרידליכען לעבען, וואס האט זיך אנגעהויבען צו קאנצענטרירען אין גליל.

לאנדווירטשאפט ביי אידען.

די הויפט־בעשעפטיגונג פון די פאלקסמאסען איז נאך במשך פון א לאנגער צייט געוועזען די לאנדווירטשאפט: אידען האבען געאקערט דעם באדען און גע־פלאנצט פלאנטאציעס, בעזונדערס טרויבען און אליווען. אויף די בערג פלעגען זיי בויען טעראסען (1), און פערפעסטיגען זיי מיט קינסטליכע ווענט; זיי האבען גע־וואוסט ווי צו בענוצען בעמיסטיגונג (2) און צו בעוואסערען די פלאנטאציעס זומער־צייט (3). מיר געפינען פערשיעדענע סארטען וויין, אליוועז און אנדערע תבואה, מיר געפינען פערשיעדענע סארטען געצייג (4), וואגענס (5), און אזא גרויסע צאהל פון טעכנישע אגריקולטור־טערמינען און אויסדרוקען, וועלכע לאזען ניט איבער קיין ספק וועגען דעם כאראקטער פון דער אידישער בעשעפטיגונג צו דער צייט ווען עס איז פערענדיגט געווארען די משנה (אנהויב 3טען יאהרהונדערט).

צו דער זעלבער צייט האט זיך נאך דעם חורבן פון יבנה געבילדעט אין גליל אויך א בעדייטענדער גייסטיגער צענטער. דא האבען זיך צונויפגעקליבען די איבערגע־בליבענע חכמים און תלמידי־חכמים: דער נשיא האט בעקומען א גרויסע מאכט ניט נור אין ארץ ישראל גופא, נאר אויך ביי אלע אידען, וועלכע פלעגען מוזען זיך ווענדען צו זיין אויטאריטעט אין פיעלע רעליגיעזע און יורידישע ענינים. די אידען פון אלע לענדער פלעגען פרייוויליג צאהלען א בעזונדערען „מס־הנשיא“ (דער שטייער פאר דעם נשיא). דער נשיא האט געהאט דאס אויסשליסליכע רעכט פון סמיכה, ד. ה. די פערראגאטיווע (די העכערע קאמפעטענץ) צו בעשטימען רבנים און דיינים און בעפאלמעכטיגען זיי מיט דער יוריסדיקציע און מיט דער קראפט ארויפצולעגען געלד־שטראפען. נאר ער האט געהאט דאס רעכט צו ערקלערען דעם עבור פון יאהר און מקדש זיין די לבנה, — פון וועלכע פארמאליטעטען עס זיינען געווען אבהענגיג די דאטומס פון אלע אידישע יום־טובים פון יאהר. די רוימישע רעגירונג גופא האט

1) משנה. שביעית: פרק ג, ח׳.

2) שביעית: פרק ב—ב, ופרק ג׳—י׳; יומא: ה—ו׳.

3) מועד קטן: א׳—ג׳.

4) שבת: א, ט; שביעית: ז׳—ו׳.

5) שביעית: ה, ו׳; כלים: כ״ד—ב; כלאים: א׳—ג׳.

אנערקענט דעם נשיא אלס ע ט נ א ר ך (דער העכסטער פארשטעהער, דער קאפ פון דער נאציאן), און זיין בית־דין אלס העכערען געריכט.

די נשיאות.

די גלענצענדסטע תקופה פון דער נשיאות איז געווען די עפאכע פון רבי יהודה הנשיא ביז נאך רבי יהודה דעם צווייטען. שפעטער אבער האט די נשיאות אנגעהויבען צו זינקען; די אלגעמיינע מאטעריעלע ירידה פון דער בעפעלקערונג האט געבראכט דערצו, אז די בעסטע געלעהרטע און חכמים האבען געמוזט עמיגרירען קיין בבל. וואו עס איז ענטשטאנען א נייער צענטר פון תורה. די קריסטליכע הערשאפט האט איין גאנצען דערשטיקט דעם אינסטיטוט פון נשיאות און אונטערדריקט די אידישע ישיבות אין ארץ ישראל.

די גאנצע הערשאפט פון ביזאנטיען האט מיט זיך פארגעשטעלט, מיט קליינע אויסנאהמען א רייהע פון אנטי־אידישע געזעצען און פערפאלגונגען. נאך אין יאהר 315 האט קאנסטאנטין פערבאטען די אידען אויפצונעהמען גרים. נאכדעם, ווי ער האט אנגענומען קריסטענטום, האט דער קיסר בענייט דעם איסור פון אדרינוס, וואס פערוועהרט אידען דערנעהנטערן זיך צו דער שטאדט ירושלם. אין יאהר 336 איז פערוועהרט געווארען אידען מל־צר־זיין זייערע שקלאפען.

ביזאנטישע רדיפות.

די קריסטליכע הערשער פון ביזאנטיען האבען עפענטליך ערקלערט די אידען אלס א ג א ט ל א ז ע, פ ע ר ב ר ע כ ע ר י ש ע ס ע ק ט ע (נעפאריא סעקטא), און האבען געפיהרט אן אויסגעהאלטענע מערדערישע פאליטיק. דער יורש פון דעם ערשטען קריסטליכען הערשער קאנסטאנציוס האט נאך מיט מעהר אייפער פון דעם פאטער פארטגעזעצט זיינע פערפאלגונגען. ער האט מבטל געוועזען די קראפט פון דעם סנהדרין (359) און די ישיבות האבען זיך געמוזט פערמאכען; פיעלע רבנים און תלמידי־חכמים האבען געמוזט זייער היים פערלאזען און עמיגרירען. אונטער טויט־שטראף האט ער פערוועהרט געמישטע הייראטען צווישען אידען און קריסטען, און די זעלבע שטראף האט ער ארויפגעלעגט אויף די, וואס וועלען מגיר זיין זייערע שקלאפען.

דיעזע פערפאלגונגען האבען נאטירליך ארויסגערופען גרויסע אויפרעגונג, וועלכע פלעגט אמאל אננעהמען, אפילו די פארם פון אן אויפשטאנד. אזוי איז, אין די צייטען פון גאלוס און ארסקעניוס, אויסגעבראכען דער אידישער אויפשטאנד אין צפורי (351) — נאכדעם ווי ה ע כ ע ר צ ו ו י י ה ו נ ד ע ר ט יאהר האבען אידען רוהיג געטראגען דעם רוימישען יאך. און פערהאלטען זיך אין פרידען מיט דער רוימישער רעגירונג. אם ענדע האט געפלאצט אפילו דער אידישער געדולד: דער אויפשטאנד איז אבער אונטערדריקט געווארען. צפורי איז גענצליך חרב געווארען, און אויך אנדערע אידישע שטעדט, ווי לוד, טבריה און עכו האבען זעהר שטארק געליטען.

יוליאנוס קיסר.

י ו ל י א נ ו ס ־ ק י ס ר (363—361) איז געווען דער איינציגער ביזאנטישער הערשער, וועלכער האט ארויסגעצייגטווירקליכע סימפאטיע פאר דער אידישער נאציאן. י ו ל י א נ ו ס האט פערעפענטליכט אן אויפרוף צו די אידען, אין וועלכען ער דריקט אוים זיין טיעפע ענטריסטונג איבער דער האנדלונג פון די פריהערדיגע ביזאנטישע מלכים בנוגע צו דער אידישער נאציאן. ער זאגט צו אבגעבען אידען ירושלם און צוריק אויפצושטעלען דעם בית־המקדש. ער האט אויך בעפרייט די אידען פון אלע אומגערעכטע שטייערען, וועלכע זיינען געלעגען אויף זיי צו לאסט. ליידער האט זיך זיין פלאן פאר דער קורצער צייט פון זיין הערשאפט ניט געקענט פער־

ווירקליכען. די אידען זיינען געוועזען דאן זעהר ענטמוטיגט און ענטוישט, נאך דעם חורבן פון די פיער גרויסע אידישע שטעדט, און האבען ניט ארויסגעצייגט קיין שטארקע טעטיגקייט אין דעם מאמענט. באלד איז יוליאנוס קיסר געפאלען אלס אפפער פון דער האנד פון א פאנאטישען קריסט, וואס האט איהם גע׳הרג׳עט מיט דער שווייגענדער הסכמה פון דער קריסטליכער קירכע, וועלכע האט דעם מערקוויר־דיגען אימפעראטאר יוליאנוס בעשימפפט און בעשמוצט אלס „משומד" (אפאסטאט). דערפאר וואס ער האט געוואלט אומקעהרען דעם קלאסישען ראמאניזם און העללעניזם.

פארטזעצונג פון די רדיפות.

די הנחות (פריווילעגיעס) פון יוליאנוס פאר אידען זיינען געבליבען אין קראפט אין דער צייט פון זיינע נאכפאלגער יוביאנעס און וואלענס, אבער טעאדאסיוס דער ערשטער האט ווידער אומגעקעהרט אלע פריהערדיגע בעגרענצונגס־געזעצען געגען אידען און האט נאך מוסיף געווען נייע. בעזונדערס האט געשאלט און געוואלט טעאדאסיוס דער צווייטער (408—450). ער האט פערוועהרט צו בויען נייע שוהלען (בתי־מדרשים), צו האלטען קריסטליכע שקלאפען איבערהויפט; ער האט פערבאטען אידען אונטער אלע אומשטענדען זיך צו משפט׳ען פאר א אידישען בית־דין. דער נשיא רבן גמליאל בתראה (דער זעקסטער) האט עובר געווען אויף דיזע געזעצען און דער קיסר האט ביי איהם צוגענומען די קראפט פון נשיאות (פאטריארכאט). און נאך זיין טויט האט ער אפיציעל מבטל געמאכט די נשיאות ביי אידען (425). די אויבענדערמאנטע פרייוויליגע אידישע אבצאהלונגען פאר דעם נשיא האט ער קאנפיסקירט פאר דעם אוצר־המלוכה (רעגירונגס־שאץ). די איבעריגע הערשער פלעגען בעשטעטיגען אלע פריהערידגע בעגרענצונגען און צוגעבען נייע: זיי האבען צוגענומען ביי די אידען דאס רעכט צו זאגען עדות וועגען קריסטען, און פערפליכ־טענדיג די אידען צוגלייך מיט אלע אנדערע בירגער צו טראגען די לאסט פון דער מלוכה און פון דער מוניציפאלער פערוואלטונג — אבגענומען ביי זיי דאס רעכט צו פערנעהמען העכערע שטעלען, ווי אנדערע בירגער. די ביזאנטינער האבען געווי־זען דעם ערשטען ביישפיעל אין דער געשיכטע אוועק־צורויבען די אידישע בירגער־רעכט, א ביישפיעל, וועלכע די מיטעל־אלטערישע אייראפא האט נאכדעם גערן נאכגעפאלגט. דער פאטענט אויף דיזער רויבעריי קומט אבער, על פי יושר, די קריסטליכע גריכען־ביזאנטינער.

עס איז בעקאנט, אז די ביזאנטישע רעגירונג האט זיך אויך געמישט אין די אינערליכע ענינים פון דער אידישער רעליגיאן, ווי דער פערבאט צו פייערן אידישען פסח בעפאר דער קריסטליכער פאלט אויס, דער בעפעהל צו לעזען די תורה אונבע־דינגט מיט דער גריכישער איבערזעצונג א. ד. ג.

אויפשטאנדען פון די שמרונים.

די שרעקליכע רדיפות זיינען געווענדעט ניט נור געגען די אידען, נאר אויך געגען אנדערע ניט־קריסטען, ווי צ. ב. ש. די שמרונים. די שמרונים זיינען נאך צו יענער צייט געוועזען די הויפט־בעפעלקערונג פון מיטעל־פאלעסטינא, און וועניגער פון די אידען אויסגעמאטערט און ערשעפט פון שטענדיגע רעוואלוציאנען און אויפ־שטאנדען. אם ענדע האט זיך דער שבט אויך גענומען צו דעם געוועהר געגען רוים. דער ערשטער שמרונישער אויפשטאנד איז אויסגעבראכען אין יאהר 484, אונטער דער פיהרערשאפט פון יוסטא, אין שכם און אין קסריה. דעם צווייטען בעדייטענדען אויפשטאנד האבען די שמרונים געמאכט אין יאהר 529 צוליעב די געזעצען פון יוסטיניאנוס. דער אויפשטאנד האט זיך פערשפרייט פון בית־שאן ביז קסריה איבער גאנץ שמרון, אונטער די פיהרערשאפט פון יוליאן בן צבר, וועלכען די

שמרונים בעטראכטען אלס זייער „בר־כוכבא“. דער אויפשטאנד איז אונטערדריקט געווארען און די שמרונים זיינען שרעקליך בעשטראפט געווארען*). מען האט ביי זיי צוגענומען די עלעמענטארע מענשליכע רעכט, צ. ב. ש. דאס רעכט איבערצולאזען ירושה זייערע שמרונישע קינדער. דער דריטער אויפשטאנד פון די שמרונים איז פארגעקומען אין יאהר 556, הויפטזעכליך אין דעם געביעט פון כרמל, און אין איהם האבען זיך בעטייליגט אויך אידען. דער אויפשטאנד איז געווען דער לעצטער. ער איז שנעל אונטערדריקט געווארען, און די שמרונים האבען בעקומען א שווערע שטראף. זיי זיינען גענצליך געשטעלט געווארען אויסער'ן געזעץ, און האבען אנגעווארען די מעגליכקייט אנצופיהרען וועלכע ס'איז ווירטשאפטליכע טעטיגקייט.

דער אונטערגאנג פון די שמרונים איז א רעזולטאט פון די אויפשטאנדען און פון די פערפאלגונגען פון דעם זעקסטען יאהרהונדערט. אין דעם אנפאנג פון אט דעם יאהרהונדערט געפינען מיר נאך א גרויסע שמרונישע בעפעלקערונג, וועלכע וואוינט אין די שטעדט און אין די דערפער פון מיטעל־פלשתינא. און וועלכע איז אים שטאנד ארויסצושטעלען א מיליציע פון 50.000 מאן. צעהנדליגע טויזענדער זיינען אין די מלחמות געפאלען און טויזענדער געפאנגענע זיינען אוועקגעגעבען געווארען צו די אראבישע שבטים, אלס בעלוינונג פאר זייער הילף אונטערצודריקען דעם אויפשטאנד, אם ענדע דערצעהלט דער זעלבער היסטאריקער. איז די מעהרהייט פון דער בעפעלקערונג אין די בערג פון שמרון געבליבען קריסטליך. אזא ערשיינונג וואלט, נאטירליך, ניט געקענט פאסירען, ווען די איבערגעבליבענע פון חורבן שמרונים וואלטען זיך ניט אנגעשלאסען, אלס אנוסים, צו דער הערשענדער קריסטליכער רעליגיאן. פון דעם מאמענט האבען שוין די שמרונים ניט געקענט קומען צו זיך און די ווייטערדיגע שמרונישע געשיכטע איז בלויז די געשיכטע פון דעם אונטערגאנג און פון דער ענטארטונג פון דעם אמאל מעכטיגען און שטאלצען שבט — צו אן אריי־מער, קליינער סעקטע.

אונטערגאנג פון לאנדוווירטשאפט ביי אידען.

ווי אזוי איז, אבער, די אלטע אידישע לאנד־בעפעלקערונג אונטערגעגאנגען? דיעזע פראגע איז נאך ביז יעצט ניט אויסגעפארשט. זי פערלאנגט א בעזונדערע אונטערזוכונג. מיר ווילען זיך, אבער מוזען דא בעגרענעצען בלויז מיט אלגעמיינע שטריכען.

עס איז א פאקט, אז צו דער ענדע פון ביזאנטישער הערשאפט האט נאך געלעבט אין א"י א היבשע אידישע לאנד־בעפעלקערונג, וועלכע איז געווען אים שטאנד צו מאביליזירען אן ארמעע פון 30.000 פרייוויליגע, אבער פון דער אנדער זייט, איז ניט וועניגער קלאר, אז אין פערגלייך מיט דער גאנצער בעפעלקערונג פון פאלעסטינא איז די אידישע בעפעלקערונג פון לאנד געוועזען שוין צו דיעזער צייט (אנהויב פון 7טען יאהרהונדערט) א מינדערהייט. די מעהרהייט איז שוין דאן געווען א קריסטליכע. ווי אזוי איז אזא פראצעס פארגעקומען? וואו זיינען אהינגעקומען די אידישע דערפער, די אידישע געמיינדען פון עקרון, עין־גדי, עניה שמוע, רמון, תלחא, יוטא, כרמל, נערה, דברתא, נוה, — וועגען וועלכע דער גריכישער בישאף אייסעביוס**)

*) איין קריסטליכער היסטאריקער דערצעהלט, אז אין אויפשטאנד זיינען דער'הרג'עט געווארען 20.000 שמרונים. דער אנדערער גיט אן א ציפער פון 100.000 נפשות. לויט די אנגאבען פוןביידע היסטאריקער קומט אויס, אז די שמרונים האבען געהאט א מיליטער פון 50.000 מאן.

**) אין זיין בוך: „אנאמאסטיקאן“ געשריבען אין יאהר 324—330.

רעדט אין מיטען פון 4טען יאהרהונדערט, ווי וועגען אידישע דערפער און געמיינ־דען? (עס איז אויך קיין ספק ניט, אז ער האט מיט דער רשימה בשום אופן ניט ערשעפט די נעמען פון אידישע ישובים אין א"י צו זיין צייט).

דער ענטפער אויף דער פראגע קען זיין נור פאלגענדער: דער גרעסטער טייל פון די אידישע פויערים, וואס איז נאך פערבליבען אין יהודה, האט וואהרשיינליך א נ ־ ג ע נ ו מ ע ן די ק ר י ס ט ל י כ ע ר ע ל י ג י א ן. ווי אזוי דיעזער פראצעס איז פארגעקומען אין ש מ ר ו ן מיט די שמרונים האבען מיר געזעהן. אן עהנלי־כער פראצעס איז מסתמא פארגעקומען אין יהודה מיט א פאר הונדערט יאהר פריהער. דער אנהויב פון דיעזען פראצעס איז, אבער, פארגעקומען א סך פריהער. אינערהאלב דער אידישער בעפעלקערונג איז פון די עלטסטע צייטען, פארגעקומען א ק א מ פ ף צ ו ו י ש ע ן פ ע ר ש י ע ד ע נ ע ק ל א ס ע ן. די ברייטע מאסען פון דער אידישער בעפעלקערונג האבען זיך במשך פון יאהרהונדערטער נאכ'ן חורבן בע־שעפטיגט ווי מיר האבען געזעהן מיט אקערבוי און לאנדווירטשאפט פונקט ווי זיי האבען עס געטהון פאר'ן חורבן. די אידישע „פעלאכען" זיינען געוועזען „פער־גרעבט" און געהאט ווייניג אינטערעס פאר די איידעלע און קונציגע פלפולים פון די געלערנטע. די „עמי־הארץ" (לאנד בעפעלקערונג) פלעגען זאגאר מאנקירען מיט די „עלעמענטארסטע " מצוות, ווי לעגען תפילין, דאוונען. בעזונדערס זיינען זיי געשטאנען אונטער א חשד, אז זיי טיילען ניט אפ קיין תרומה און קיינע מעשרות... אין געגענזאץ צו דיעזער פראסטער מאסע, צו די „עמי־הארץ" האבען די געלעהרטע די תלמידי־חכמים, וועלכע האבען מעהרסטענטיילס געהערט צו די רייכערע קלאסען. און צו דעם יחוס פון כהונה, געהאט א בעזונדערע ארגאניזאציע פון „חברים". דער געגענזאץ צווישען דיביידע קלאסען איז געווען אזוי שארף, אז די תלמידי־חכמים האבען ניט געוואלט מתחתן זיין זיך מיט די עמי־הארץ, און דער עם־הארץ פלעגט זאגען: „ווען עס זאל זיך מיר בעגעגנען א תלמיד־חכם, וואלט איך איהם צוביסען, ווי אן עזעל".

די קריסטליכע אגיטאציע, וועלכע איז צו יענער צייט אנגעפיהרט געווארען אין לאנד דורך פערשיעדענע מאנאכען, מאנאסטירען און סעקטען, האט זיך זיכער אויסגענוצט מיט אט דעם אינערליכען געגענזאץ אום צו פערשטארקען איהר איינפלוס. מען דארף נישט פערגעסען, אז די קריסטען אין יהודה זיינען נאך אלץ געשטאנען נא־הענט צו די אידען, גערעדט איין שפראך מיט זיי (כאלדעאיש־אראמעאיש, אויף וועל־כער עס איז געווען אנגעשריבען דער תלמוד־ירושלמי) און געהאלטען פיעלע אידישע מנהגים הונדערטער יאהרען נאך פאוולוסען. (אזוי צ. ב. ש. האבען די „נצרנים" אין בשן געגלויבט אז ישוע איז געוועזען א מענשליכער נביא, זיי האבען אבגעהיט שבת מילה א. א. וו.). די פערוויסטונג פון יהודה און דאס אריבערטראגען פון די גייס־טיגע צענטרען אין גליל האט איבערגעלאזען די לאנד־בעפעלקערונג פון יהודה אהן שום שוץ געגען דער קריסטליכער אגיטאציע. צוערשט האט זיך דער גרויסער חלוק צווישען די קריסטליכע און אנדערע אידען ניט געלאזט אזוי שטארק פיהלען. וואס א מאל איז אבער דער אונטערשיעד געווארען אלץ גרעסער. און ווען די אויבערמאכט איבער דער גאנצער אימפעריע איז אריבער אין די הענד פון די קריסטען, האט זיך דער אבגרונד צווישען יודענטום און קריסטענטום געעפענט אין זיין גאנצער טיעפקייט.

אזוי איז אפגעפאלען דער גרעסטער טייל פון דער אידישער לאנד־בעפעלקערונג

אין יהודה. שפעטער איז די זעלבע ערשיינונג פארגעקומען אויך ביי די שמרונים. אָבער עס זיינען נאָך געבליבען אידישע רעשטען אין צפון — אין גליל, וואו זיי האָבען זיך בעשעפטיגט אין 6טען און אין 7טען יאָהרהונדערט מיט ערד־ארבייט, מיט אָליווען־פלאַנצונגען, מיט אויל־פּראָדוקציאָן א. ד. ג. און געבילדעט נאָך אלץ א געדיכטען ישוב.

גייסטיגעס לעבען אין גייסטיגען זין האָט ארץ ישראל שוין לאַנג אנגעוואָרען איהר העגעמאָניע. אָבער דאָס ליכט פון תורה איז נאָך ניט פערלאָשען געוואָרען. אזוי געפינען מיר דאָ נאָך אין 6טען יאָהרהונדערט א געוויסע גייסטיגע טעטיגקייט: דאָן ווערען געשאַפען די עלטסטע מדרשים, די מכילתא, דער ספרא מיט דעם ספרי א. א. וו. טבריה איז נאָך אלץ געוועזען דער מיטעל־פּונקט פון דעם א״י יודענטום. דאָס קען מען זעהן פון דעם פאָלגענדען פאַקט: דער אידישער קעניג יוסף דו־נואס אין חמיאר, דרום־אראביען, האָט אין זיין לאַנד פערפאָלגט די קריסטען; האָבען זיך יענע פון דאָרטען געווענדעט צו זייערע ברידער אין ארץ ישראל, צו ווירקען אויף די אידישע פיהרער אין טבריה, און דורך זיי — אויף דעם קעניג יוסף, ער זאָל אומבייטען זיין פּאָליטיק. דאָס איז געווען אונגעפעהר אין 520—530, ד. ה. הונדערט יאָהר נאָך דעם אונטער־גאַנג פון דער נשיאות.

פערבאַנד מיט פּרסים. אין יאָהר 614 האָט דער פּערזישער קעניג חוזרוס דער צווייטער אנגעגריפען די ביזאַנטישע רייך. דאָן האָבען די אידען געפונען די לאַנג געוואונשטע געלעגענהייט צו בעפרייען זיך פון דעם רוימישען יאָך. וועלכען זיי האָבען אויף זיך שוין העכער פינף הונדערט יאָהר געטראָגען. אידען האָבען אָרגאַניזירט א בעזונדער ארמעע פון א 30.000 מאַן, וועלכע האָט געהאָלפען די פּרסים צו געווינען דאָס לאַנד ביי די רוימער. אין דער שפּיצע פון דעם אויפשטאַנד איז געשטאַנען ב נ י מ ן פון טבריה. אין א קורצער צייט איז גאַנץ ארץ ישראל אריבער אין די הענד פון די פּרסים מיט די אידען. אין יולי 614 איז גענומען געוואָרען ירושלם דורך די פּעראַיי־ניגטע מיליטער, און לויט ווי די קריסטליכע היסטאָריקער דערצעהלען, זיינען זעהר פיעל קריסטען אויסגעשלאַכטעט, און קלויסטערס פערברענט געוואָרען. עס איז אויך בעקאַנט, אז פיעלע קריסטען האָבען זיך צוריק אומגעקעהרט צום יודענטום, גלויבענ־דיג, אז עס זיינען געקומען די צייטען פון אידישער אויסלעזונג. במשך פון 14 יאָהר איז דאָס לאַנד געבליבען פריי פון ביזאַנטישער מאַכט. עס זיינען אָבער פאַר דער צייט אויסגעבראָכען סכסוכים צווישען די אידען און די פּערסען. די אידען האָבען געשלאָסען א פערבאַנד מיט דעם ביזאַטישען קעניג הערא̇קליוס און געהאָלפען איהם צוריק די שטאָדט צו געווינען (628). דער ביזאַנטישער קיסר האָט די אידען דערביי ארויסגעגעבען א שריפטליכע הבטחה, אז ער וועט זיך ניט רעכנען מיט זיי פאַר דעם אויפשטאַנד. ווי נור ער האָט איינגענומען דאָס לאַנד, האָט ער אָבער באַלד גע־בראָכען זיין וואָרט, און גענומען פון די אידען א בלוטיגע ראַכע פאַר דעם אויפשטאַנד. דערצו האָט ער בעקומען אן אנרעגונג מצד דער ק ר י ס ט ל י כ ע ר ק י ר כ ע, וועלכע האָט איהם מתיר־נדר געווען, און בעשטימט אפילו א בעזונדערען תענית צו פערגעבען הערא̇קליוס'עס זינד.

לאַנג, אָבער, האָט דאָס מאָל די ביזאַנטישע מאַכט ניט אנגעהאַלטען. דער דראַנג פון די סעמיטען פון מדבר האָט געמאַכט אן ענדע צו דער אָסט־רוימישער הערשאַפט איבער סיריען.

## ד. די אראבישע הערשאפט.

די אראבישע פעריאדע האט זיך געצויגען במשך פון ניין הונדערט יאהר (פון 636 ביז 1516), מיט טיילווייזע הפסקות (נעמליך אין די צוויי יאהרהונדערטער פון די קרייצצוגען).

די אראבישע הערשאפט האט ארויפגעלעגט איהר שטעמפעל אויף דער מאדערנער ארץ ישראל מעהר פון אלע אנדערע תקופות. די אראבישע שפראך האט זיך אין לאנד איינגעבירגערט און איז געווארען די פאקטיש־הערשענדע ניט נור ביי די מוסולמענער, נאר אויך ביי אלע אנדערע פעלקער, אויסער די אידען: חוץ די פערשיעדענע מוסולמענישע שיכטען און סעקטען רעדען אראביש אויך די דרוזען, נאסאאירער, איזמאעליטען, די שמרונים, ווי אויך די קריסטליכע אראבער און די אראבישע אידען. און טראץ דעם וואס דאס לאנד געהערט שוין זייט 400 יאהר צו די טערקען, האט זיך די הערשאפט פון דער אראבישער קולטור אין לאנד ביז יעצט ניט פערמינדערט.

אראבישע עראבערונג. די עראבערונג פון ארץ ישראל און פון סיריען איז פערבונדען מיט דעם נאמען פון דעם צווייטען מוסולמענישען חליף — ע מ ר (אמאר). נאך דעם איינגעהמען פון דמשק, האט ער עראבערט גליל און נאכדעם — שמרון און יהודה. א טייל פון די שטעדט איז געגומען געווארען מיט שטורם. אנדערע האבען זיך אונטערגעגעבען פרייוויליג. ירושלם איז איינגענומען געווארען אין יאהר 636 און מיט דעם פאלען פון קסריה איז פערענדיגט געווארען דער עראבערונגס פראצעס פון ארץ ישראל. מחמד אליין האט ערקלערט ירושלם פאר א הייליגע שטאדט „בית־אל־מקדס“ (בית על־מאקדאס), און עס איז גאנץ פערשטענדליך. פארוואס דער חליף עמר האט בעשלאסען דוקא אויף דעם ארט פון דעם אמאליגען אידישען בית־המקדש א מוסולמענישען טעמפעל צו בויען, און פארוואס דיעזער טעמפעל איז געווארען ביי די מוסולמענער דאס גרעסטע הייליגטום, נאך די טעמפלען פון מכה און מדינה. עמר האט אויסגעבויט בלויז א הילצערנע געביידע, די שטיינערנע טעמפלען האט צום ערשטען אויפגעשטעלט ערשט אין פופציג יאהר ארום דער פינפטער אמאיאדען־חליף עבד־אל־מלך (אבד־על מאליך): דעם „אלמסג'ד־אלאקצי“ (עלמעסדזשיד־עלאקסא) און די „קבת־אלצחרת“ (קובבעט עס־סאחרא). די „אקסא“ איז עטליכע מאל רעפארירט און רעסטאווירט געווארען, די „צחרא“ אבער, וועלכע שטעהט אויף דעם פלאץ פון קדשי־הקדשים, איז יעצט כמעט דיזעלבע, וועלכע איז געבויט געווארען דורך עבד־אל־מלכ'ען אין 7טען יאהרהונדערט, אהן וועזענטליכע שינויים.

ביי דעם אלעמען איז דער צענטר פון חליפאט (אזוי האט געהייסען די נייע אראבישע אימפעריע) געווען ניט אין ירושלם, נאר אין דמשק, וועלכע איז געווען וויכטיגער, אלס צענטראלער פונקט פאר סיריען, אראביען און מעסאפאטאמיען. נאך דעם טויט פון דעם פערטען חליף עלי (אלי) איז די מלוכה־מאכט אריבער אין די הענד פון דער פאמיליע בני־עמיה (אמאיא) אדער אמאיאדען פון דעם שבט „קורייש“. דיעזע תקופה פון די בני־עמיה איז געווען די גלענצענדסטע אין דער אראבישער געשיכטע. אין דיעזער עפאכע האבען די אראבישע זיעגער איינגענומען גאנץ צפון אפריקא און דרום־שפאניען און פערשפרייט די אראבישע הערשאפט פון דעם אטלאנטישען אקעאן אין מערב ביז די בערג פון צענטראל־אזיען אין מזרח.

אינערליכע מלחמות.

העכער הונדערט יאהר האט געדויערט די הערשאפט פון די אמאיאדען (אין דמשק). דאן האט די אבאסידען־דינאסטיע (לויט דעם נאמען פון עבס: אאבבאס, דעם אנקעל פון מחמד) פון בגדד געוואונען די מאכט און אריבערגע־טראגען דעם צענטער קיין באגדאד, מעסאפאטאמיען (750). סיריען איז פערוואנ־דעלט געווארען אין אן ארענא פון בלוטיגע צוזאמענשטויסען צווישען פאליטישע פארטייען און רעליגיעזע סעקטען. די געשיכטע פון די נעכסטע הונדערט יאהר איז אנגעפילט מיט רעליגיעזע סכסוכים, מיט מלחמות און בלוטפערגיסונג. אין דיעזער צייט זיינען ענטשטאנען פערשיעדענע רעליגיעזע סעקטען, הויפטזעכליך — שיעיטישע, ווי צ. ב. ש. די איסמאעיליה און די נוסיריע. ניט קוקנדיג אויף די פערפאלגונגען מצד דער הערשענדער מחמד'נישער קירכע האבען זיך די פערשיעדענע סעקטען שטארק פערשפרייט אין סיריען. פון די איזמאליע איז ענטשטאנען די אסאסינער סעקטע אדער חשאשין*) (אין 11טען יאהרהונ־דערט), וועלכע האט ברייט פראקטיקירט מארד אלס פאליטישע קאמפפסמיטעל, ניט נור אין אזיען, נאר אויך אין אייראפא. די איזמאעליטען־סעקטע עקזיסטירט נאך ביז היינט פונקט ווי די נאסאיירע, אדער אנצאריע, זי איז ענטשטאנען שפע־טער, אנפאנג צעהנטען יאהרהונדערט. אויך די וויסענשאפט האט צו דיעזער תקופה דערגרייכט צו א הויכער מדרגה, בעזונדערס אין די צייטען פון הארון־אלרשיד (הארון־עררשיד) (786—809), ווען איבער גאנץ סיריען זיינען גע־גרינדעט געווארען אראבישע שולען און אקאדעמיעס. טעאלאגיע, פילאזאפיע, מעדיצין, אסטראנאמיע, מאטעמאטיק און נאטורוויסענשאפט, סאנסקריטישע, רוי־מישע און גריכישע ליטער. פארשונג האבען אונטער דער מוסולמענישער הערשאפט גע־בליהט אין אזיען און אפריקא אין דער צייט ווען אין אייראפא האט מען פערניכטעט מיט פייער יעדען שפור פון פרייעם געדאנק. אבער די פאליטישע און רעליגיעזע סכסוכים האבען געבראכט דאס לאנד צו אן עקאנאמישער רואינע. לסוף איז דער באגדאדער חליפאט אויך פאליטיש אזוי אפגעשוואכט געווארען, אז דער אוי־טאריטעט פון די חליפען איז געבליבען אין סיריען בלויז אין ריין גייסטיגען זין. פאקטיש איז דער חליפאט צוגלידערט געווארען. די מוסולער חמדנ'יטען האבען געוואונען נארד־סיריען מיט דער שטאדט אלעפפא, און אחמד בן־טולון, דער הערשער פון עגיפטען האט איינגענומען דאס גאנצע דרום טייל פון סיריען (878). פון דענסטמאלט אן געהט אריין ארץ ישראל אין דעם עגיפטישעןווירקונגס־קרייז און איז אונטערגעווארפען דער עגיפטישער הערשאפט, אינגאנצען אדער טיילווייז אויף גאנצע 650 יאהר (מיט געוויסע הפסקות), הגם נאמינאל רעכענט זיך נאך אלץ דער חליף פון באגדאד — במשך פון הונדערטער יאהרען — אלס דער העכסטער רעליגיעזער אויטאריטעט פון איסלאם.

רעליגיעזע סעקטען.

מאנגאלישע אינוואזיאנען.

אין 28 יאהר ארום זיינען אנגעקומען די ערשטע הארדען פון דעם מאנגאליש־טער־קישען שבט „קארמאטיאן" און אנגעהויבען צו ראבירען דמשק'ער אומגעגענד. אין דער צייט פון דיזע אומרוהען האט זיך דמשק ווידער אפגעריסען פון עגיפטען. שפעטער האט דער עגיפטישער פעלד־מארשאל מחמד אל־אכשיד בעזיגט און פערטרי־בען די מאנגאלען, און דאן ערקלערט זיך אלס אונאבהענגיגער הערשער. זיין דינאס־

*) די פרטים וועגען די אלע רעליגיעזע סעקטען, זייער היסטארישען גורל און היינטיגען צושטאנד זעה אין דעם פרק וועגען דער בעפעלקערונג.

טיע האט געהערשט זעלבסטשטענדיג איבער דעם דרום־טייל פון סיריען ביז דעם יאהר 969. דעם פערטען פאטימידען־סולטאן אל־מעיז (על־מואיז) איז אבער געלונגען צו בעזיעגען די אכשידען־דינאסטיע און ווידער אויפשטעלען די עגיפטישע הערשאפט איבער סיריען.

די עגיפטישע פאטימידען האבען זיך אזוי גערופען דערפאר וואס זיי האבען געשטיצט זייער אויטאריטעט אויף זייער יחוס פון פאטימא, די טאכטער פון מחמד. במשך פון צוויי הונדערט יאהר האבען זיי געהערשט איבער סיריען און ארץ ישראל (פון 969 ביז 1171), ביז זיי זיינען ארונטערגעזעצט געווארען דורך דעם בעריהמטען נור־אלדין (נור־עדדין) אלזנקי פון חלב. איבער סיריען פלעגען זיי הערשען דורך זייערע שטאטהאלטער, וועלכע האבען זיך אבער געפיהרט גאנץ זעלבסטשטענדיג, און פלעגען אפטמאל ניט פאלגען זייערע סולטאנען. דאס פלעגט ברענגען צו סכסוכים און מלחמות, מיט וועלכע סיריען איז איבערפילט געווארען אין די פאר הונדערט יאהר. אויסער דעם איז סיריען געווארען אן ארענא פאר פערשיעדענע סעקטען און א צוציהונגס־פונקט פאר אינוואזיאנען פון נייע מאנגאלישע איינוואנדערער־הארדען.

איינע פון די נייע סעקטען, וועלכע איז ענטשטאנען אונטער דער עגיפטישער הערשאפט איז געוועזען די ד ר ו ז י נ י ש ע, וועמעס גרינדונג ווערט צוגעשריבען צו דעם משוגענעם סולטאן חאכם באומר־אללה (996). דיעזע סעקטע, וועלכע איז איינע פון די שטארקסטע אין סיריען, האט ערווארבען צאהלרייכע אדעפטען (אנהייננגער). זי האט געשפיעלט א גרויסע ראלע אין דעם שיקזאל פון סיריען און צפון ארץ־ישראל. יעצט וואוינען די דרוזען אין לבנון און אין די בערג פון חורן.

אויסער דיעזע, אזוי צו זאגען אונפערמיידליכע אינערליכע מהומות איז צוגעקומען נאך אן ערשיינונג, וועלכע האט געבראכט א חורבן. דאס זיינען געוועזען די אינוואזיאנען פון טאטעריש־מאנגאלישע הארדען, וועלכע זיינען געקומען פון קליין־אזיען און פון מיטעל־אזיען און פערפלייצט דאס לאנד אין צאהלרייכע מאססען.

אין יאהר 1070 האט א ל פ ־ א ר ס ל א ן , דער סעלדזשוקישער הערשער פון חאראסאן איינגענומען דעם צפון טייל פון סיריען אין נאמען פון די אבאסידען־חאליפען פון באגדאד. אונטער דער הערשאפט פון זיין זוהן מ ל כ ־ ש א ה האט זיין קאמאנדיר אטסיז ערא̇בערט ירושלם, טבריה און דמשק (1071). העכער צוואנציג יאהר האבען די סעלדזשוקען געהערשט איבער ארץ ישראל, דאן האבען זי די עגיפטיאנער אויף א קורצער צייט צוריק געוואונען (1096 אדער 1098). כדי באלד צו פערלירען דעם גרעסטען טייל פון דעם לאנד — צו די קרייצציגער (נוסעי הצלב) אין יאהר 1099.

אט די אלע מלחמות און מהומות האבען פיעל מיטגעהאלפען צו דעם זיעג פון די נוסעי הצלב (קרייצציגער), וועלכע זיינען געקומען פון אייראפא איינצונעהמען דאס הייליגע לאנד פאר דעם קריסטענטום.

אונטער דער אראבישער הערשאפט האט ארץ ישראל געהאט אן אדמיניסטראטיווע איינטיילונג, וועלכע איז געווען, אין אלגעמיינע שטריכען, עהנליך צו דער פריהערדיגער רוימישער. דער גאנצער דרום טייל, ד. ה. גאנץ יהודה מיט דעם נגב און שמרון ביז דעם עמק יזרעאל האט געהייסען „פאלאסטין" מיט לוד (שפעטער מיט רמלה) אלס הויפטשטאדט. דער געגענד צו צפון זייט, מיט טבריה אין דער שפיצע,

האט געטראגען דעם נאמען „אורדון“. אהערצו האט געהערט דער גולן מיט דעם גרעסטען טייל פון עבר־הירדן.

אראבישער רעזשים.

די אראבער האבען ניט ארויםגעצוואונגען זייער גלויבען מיט געוואלד אויף דער בעפעלקערונג. אבער די גאנצע לאסט פון די אבצאהלונגען און פון פערשיעדענע שטייערען איז געפאלען אויף די „ניט־גלויביגע“ ד. ה. אויף די ניט־מוסולמאנער און דאס האט געהאט דעם רעזולטאט, אז די בעזיעגטע קריסטליכע לאנדס־בעפעלקערונג האט זיך בעקעהרט צו דעם איסלאם, בעפרייענדיג זיך גלייכצייטיג פון דעם קריסטענטום און פון די שווערע רעגירונגס־שטייערען.

אבשטאמונג פון די מאדערנע פעלאחען.

אנדערש וואלט געוועזען אונמעגליך צו ערקלערען די פאלגענדע היסטארישע רעטעניש: בשעת די קרייצציגער האבען אין 11טען יאהרהונדערט איינגענומען יאס לאנד האבען זיי געטראפען כמעט דורכאויס א מוסולמענישע בעפעלקערונג, אין דער צייט ווען מיט 400 יאהר צוריק, אין דעם 7טען יאהרהונדערט איז די בעפעלקערונג געוועזען אין איהר מעהרהייט א קריסטליכע. פון דער אנדער זייט ווייסען מיר, אז די אראבישע ערא־בערער האבען אין סיריען און ארץ ישראל קיין לאנדווירטשאפטליכע קאלאניזאציע ניט אנגעפיהרט (אויסער געוויסע געגענדען אין עבר־הירדן). פון דער פריהערדיגער עפאכע איז בעקאנט, אז אויך די רוימער און די ביזאנטינער האבען אין זייער צייט קיין בעדייטענדע קאלאניזאציע אין מערב א"י ניט אנגעפיהרט. אויף דיעזען גרונד בויען מיר אונזער השערה, אז די יעצטיגע אראבישע פעלאכען פון מערב ארץ־ישראל שטאמען, הויפט־זעכליך, פון די אידישע און פון די שמרונישע אומ־גליקליכע „עמי־הארץ“, וועלכע האבען זיך אבגעריסען פון זייער פאלק, אבער טריי געבליבען צו זייער באדען, צוויי מאל בעצאהלענדיג פאר זייער טריייהייט — מיט זייער רעליגיאן.

היסטאריש איז דער פראצעס, אלזא, פארגעקומען אויף אזא אופן: אונטער דעם דרוק פון די ביזאנטישע פערפאלגונגען איז די אידישע פויערן־בעפעלקערונג פון יהודה און די שמרונישע — פון דעם שכמ'ער ראיאן, אריבערגעגאנגען אין איהר מעהרהייט צו דעם קריסטענטום און זיך אנגעשלאסען אן דער ביזאנטישער קירכע. יעצט, אונ־טער דער אראבישער הערשאפט, זיינען די פעלאכען לייכט אבגעפאלען פון דעם קריס־טענטום, וועלכען זיי האבען אנערקענט אין א משך פון וואסערע צוויי־דריי־הונדערט יאהר און אנגענומען דעם איסלאם, וועלכער איז געשטאנען דאך נעהענטער צו זייער פריהערדיגען אידישען גלויבען, איידער דער גריכישער קריסטענטום.

מיר קאנען דא ליידער ניט אבגעבען א געהעריגען פלאץ דיעזער העכסט־אינטע־רעסאנטער און וויכטיגער היסטאריש־עטנאגראפישער פראבלעם. מיר ווילען מוזען זיך בעגרענצען בלויז מיט א פאר עטנאגראפישע ראיות, אויסער יענעם היסטארישען בעווייז; וועלכען מיר האבען ערשט געבראכט. דער קאמפעטענטסטער קענער פון א"י און איהר געשיכטע, מאיאר ק. ר. קאנדער גיט איבער, אז אין די צייטען פון די נוסעי־הצלב האט די בעפעלקערונג פון לאנד גערעדט אן אראביש־אראמעאישען דיאלעקט. עס איז אויך א פאקט, אז די היינטיגע שפראך פון די פעלאכען אונטער־שיידעט זיך ניט נור פון דער שפראך פון די ריינע אראבער־בעדואינער, נאר אויך פון דער שפראך פון דער דארפישער בעפעלקערונג פון די נאכבאר־לענדער, פון די

עניפטישע, סירישע און מעסאפאטאמישע פעלאכען. דער אונטערשיעד בעשטעהט אין אראמעאיש־העברעאישע עלעמענטען. עס איז ווייטער א פאקט, אז די רעליגיאן פון די פעלאכען איז ניט קיין ריין־מוסולמענישע: דער קולט פון די „וועלי" (היי־ליגע קברים) אויף די הויכע בערג, די „מאקאם"ס, וועלכע ענטשפרעכען די אמאליגע „מקומות פון די כנענים *) מיט די הייליגע בוימער, דער גלויבען אין די ארטיגע נביאים און גייסטער, די פערשיעדענע רעליגיעזע מנהגים פון די פעלאכען — דאס אלץ איז אן איבערבלייבענים פון דעם אמאליגען כנעניטישען בעל־קולט, וועלכער איז, נאטירליך, געבליבען צווישען די אידישע עמי־הארץ הונדערטער יאהרען נאכדעם ווי די כנענים זיינען אויסגעמישט געווארען צווישען זיי.**)

די אלע פאקטען בעשטעטיגען, אלזא, אונזער השערה, אז די היינטיגע פעלאכישע בעפעלקערונג פון יהודה און שמרון איז; בעיקר, פון אידישער אבשטאמונג. זעלבסט־פערשטענדליך, אז זי איז נישט אין גאנצען ריין פון פערשיעדענע פרעמדע עלעמענטען, וועלכע זיינען צוגעפלאסען במשך פון טויזענדער יאהרען. די פרעמדע עלעמענטען האבען זיך אבער אסימילירט און בטל געווארען צווישען די אריגינעלע פעלאכען. דערביי איז די בעפעלקערונג פון די בערג געבליבען ריינער, לויט איהר אבשטאמונג, איידער די בעפעלקערונג פון די טאלען.

---

נוסעי־הצלב.

די עפאכע פון די קרייצציגע האט געדויערט נאהענט צו צוויי הונדערט יאהר. די ערשטע אייראפעאישע עראבערער, אדער ווי מען האט זיי אויף דעם אריענט גע־רופען „פראנקען" זיינען אריינגעדרונגען פון צפון סיריען. אין יאהר 1099 האבען זיי איינגענומען ירושלם, און געגרינדעט די ירושלמ'ער מלוכה. דער נייער שטאאט איז געוועזען אין דעם סטיל פון די פעאדאלע מלוכות אין אייראפא. די וויכטיגסטע וואסאלען פון דעם ירושלמער קעניג זיינען געוועזען: דער פרינץ פון אנטיוכיה, די גראפען פון עדעסא (אורפא) און פון טריפאלים אין סיריען, און די באראנען פון מואב (מאנטריאל), גליל, חברון און יפו — אין ארץ ישראל. די פאליטישע שוואכקייט פון די קרייצציגער האט זיך ארויסגעוויזען אין זייער אונפעהיגקייט צו ער־אבערן דמשק, צו וועלכער זיי האבען זיך געשפארט מיט אלע זייערע כחות. די גאנצע צייט פון זייער עקזיסטענץ אלס מלוכה, האבען זיי אנגעפיהרט שטענדיגע מלחמות מיט די מוסולמענישע אראבער. אין רעזולטאט האבען זיי געכאפט א טויט־קלאפ פון דעם כורדישען העלד צלח־אלדין אל־איובי (סאלאח־עדדין על עיובי, בעקאנט ביי די קריסטען מיט'ן נאמען סאלאדין). דעם בעגרינ־דער פון דער נייער איובישער דינאסטיע. ביי דעם דארף חטין, לעבען טבריה, האט ער

---

*) „אבד תאבדון את כל המקמות, אשר עבדו שם הגוים... על ההרים הרמים ועל הגבעות ותחת כל עץ רענן: ונתצתם את מזבחתם, ושברתם את מצבותם... ואבדתם את שמם מן המקום ההוא" (דברים י"ב, נ').

**) קלערמאנט גאנא און קאנדער האבען די ערשטע ארויסגעזאגט דעם געדאנק, אז די היינטיגע פעלאכישע בעפעלקערונג שטאמט פון די אור־אלטע פאר־אידישע (כנעני'טישע) פויערען. אבער די פראגע וועגען דער אידישער לאנדווירטשאפטליכער בעפעלקערונג האבען זיי בעריהרט נור פון אויבען אויף. ישראל בעלקינד בעריהרט די לעצטע פראגע אויך נור פערבייגעהענדיג. די היסטארישע בעלייכטונג פון דעם וויכטיגען שיקזאל פון דער אידישער פויערען־בעפעלקערונג ווערט אלזא ביי אונז געגעבען דא צום ערשטען מאל.

געהאט אין ענטשיידענעם זיעג איבער די פראנקען, און דאס גאנצע לאנד איז באלד אריבער אין זיינע הענד (1189). די פראנקען זיינען געווען געצוואונגען אויפצוגעבען כמעט אלע זייערע פאזיציעס.

דער נעקסטער מסע־הצלב (קרייץ־צוג) האט צוריק געוואונען עכו, אבער ירושלם האבען זיי שוין ניט געקענט נעהמען מיט קראפט. פרידריך דער צווייטער האט אין יאהר 1229 בעקומען א קאנצעסיע אויף ירושלם — ביז דעם יאהר 1239. דאן האט ער אנגעווארען די שטאדט אויף א קורצער צייט, שפעטער — פערלענגערט די קאנ־צעסיע נאך אויף איין יאהר (1243—1244). באלד איז אבער אנגעקומען דער מאנ־גאלישער שבט קארא־זעמיאן און פערפלייצט דאס גאנצע לאנד. אין יאהר 1244 האבען די מאנגאלען איינגענומען ירושלם און דורך א בלוטבאד פערניכטעט די גאנצע קריסטליכער בעפעלקערונג. דאס מאל איז די הייליגע שטאדט אבגענומען געווארען ביי די קריסטען אויף אימער. רעסטאווריר[ו]נג פון אראבישער הער־שאפט.

אין יאהר 1260 האבען די מאנגאלישע הארדען, אונטער דער פיהרערשאפט פון הולאגו (טשינגיז־חאן׳ס אן אייניקעל) ווידער אמאל פערוויסט דאס גאנצע לאנד ביז דער עגיפטישער גרענעץ. שפעטער האט דער עגיפטישער קאמאנדיר אמיר בייבארס צוריק געוואונען פון די מאנגאלען גאנץ ארץ ישראל. די פראנקען האבען דאס לעצטע מאל פרובירט זייער גליק, אבער אין יאהר 1291 זיינען די לעצטע פראנקען בעזיעגט געווארען. דאס לאנד האט זיך אומגעקעהרט צו דעם עגיפטישען רעזשים.

במשך פון דעם 14טען און 15טען יאהרהונדערט האט סיריען קיין איינענע געשיכטע ניט געהאט. דאס לאנד איז געווען א פראווינץ פון עגיפטישער מלוכה. אבער די גלאנץ־פעריאדע פון מצרים איז שוין לאנג פאריבער. די מלחמות מיט די פראנקען האבען ארויסגערופען נור איינצעלנע העלדען, אזעלכע ווי נור־אלדין, וועלכער האט ארונטערגעזעצט די פאטימידען־דינאסטיע פון מצרים, אדער ווי דער גרינדער פון דער איוב׳ישער דינאסטיע, דער בעריהמטער בעזיעגער פון די נוסעי־הצלב — יוסף צלח־אלדין („סאלאדין"). נאך נור־אלדין׳ס טויט האט צלח־אלדין איינגענומען סיריען. דמשק איז ווידער דערהויבען געווארען צו א הויפט־שטאדט, און די נייע איוב׳ידען־דינאסטיע האט געהערשט איבער סיריען און עגיפטען ביז דעם 13־טען יאהרהונדערט. דאן האט זיך אבער אנגעהויבען די ווילדע, רדיקזיכטסלאזע הער־שאפט פון די עגיפטישע ממלוכ׳ען (מאמעלוקען). צוערשט האבען געהערשט די אזוי גערופענע „בעהארדזשי" (ים־ממלוכ׳ען). געוועזענע שקלאפען און סריסים פון דעם חא־רים פלעגען ניט־זעלטען ארויפשטייגען אויף דעם סולטאן־טראן, צו וועלכע זיי פלעגען זיך דערהויבען דורך מארד און רויבעריי. די הערשאפט פון די „בעחארדזשי" ממלוכ׳ען האט זיך געצויגען ביז דעם יאהר 1381; במשך פון קארגע 150 יאהר האבען גאנצע 25 ממלוכ׳ען פערנומען דעם טראן, ד. ה. דורכשניטליך האט א סולטאן געהערשט ניט מעהר פון 6 יאהר. דאן האט דער טשערקעס בערקוק פערכאפט די מלוכה, און האט אנגעהויבען מיט זיך א נייע סדרה פון טשערקעסישע הערשער: בורדזשי אדער „בערי"־ממלוכען („קאנטינענטאלע" הערשער). די נייע טשערקעסישע דינאסטיעס האבען זיך, אבער, מיט זייערע בלוטיגע מעשים און אויסגעלאסענקייט ניט אונטער־שיידעט צום בעסטען פון די פריהערדיגע בעהארדזשי־ממלוכ׳ען. במשך פון די נעכסטע 124 יאהר האבען זיך אויף דעם עגיפטישען טראן געביטען ווידער פיער און צוואנציג סולטאנען.

פאר דער צייט זיינען פארגעקומען נאך איינינע מאנגאלישע אינוואזיאנען, די וויכטיגסטע פון וועלכע עם זיינען געווען — פון ג ה א ז א ן ־ כ א ן (1300—1303) און אין הונדערט יאהר ארום — פון טאמערלאן, ריכטיגער — ט י מ ו ר ־ ל ע נ ק, דעם מאנגאלישען הערשער, וועלכער האט פערוויסט דאס לאנד מיט שווערד און פייער און מיטגעשלעפט מיט זיך די איינוואוינער געפאנגענע אין צענטראל אזיען. אין הונדערט יאהר נאך איהם האט דער הערשער פון די אסמאנישע טערקען יאווז סלטאן ס ל י ם געמאכט א סוף צו דער הערשאפט פון די עגיפטישע ממלוכען. אין יאהר 1516 האט ער צושלאגען די עגיפטישע ארמעע לעבען דער שטאדט חלב (אלעפפא) און געוואונען גאנץ סיריען, ארץ ישראל און עגיפטען. דעם לעצטען עגיפטישען סלטאן ק א נ צ י ־ א ל ־ ח א ו ו ר י האט ער ארונטערגעזעצט. פון דעמאלט אן איז ארץ ישראל אריין אונטער דער טערקישער הערשאפט.

---

אידישע לאגע.

אין אנהויב פון דער אראבישער תקופה איז אין ארץ ישראל נאך געווען, ווי מיר האבען עס דערמאנט, א גאנץ היבשע אידישע בעפעלקערונג. זי איז שוין אבער געווען קאנצענטרירט הויפטזעכליך אין די שטעדט. די אראבישע היסטאריקער דערצעהלען, אז אין דער שטאדט ק ס רי ה האט געלעבט אין דער צייט פון אראבישער עראבערונג, א ישוב פון 20.000 אידען און שמרונים. זיי דערמאנען אויך וועגען א אידישען ישוב אין ירושלם (וועגען וועלכען מיר ווייסען אויך פון אנדערע קוועלען) און אין אנדערע שטעדט. אין א קלענערער מאס זיינען די אידען געזעסען אויך אין דערפער, אין עבר־הירדן, אין גולן און אין גליל. מיר געפינען צ. ב. ש. סימנים פון א אידישען דארפישען ישוב אין נ א ו ה (גולן) און אין ד ל ת ו ן (גליל) נאך אין עלפטען יאהרהונדערט.

א קורצע צייט פאר דער אראבישער עראבערונג האט זיך די אידישע בעפעלקערונג פון א"י פערגרעסערט מיט די אידישע שבטים ק א י נ ו ק א און נ א ג'י ר וועלכע האבען אימיגרירט פון אראביען קיין עבר הירדן און בעטייליגט זיך אין די דערמאהנטע פערזישע מלחמות. דיעזע שבטים האבען זיך פערנומען מיט לאנדווירטשאפט.

די אידען זיינען געשטאנען בשעת דער אראבישער איינוואנדערונג אויף דער זייט פון די אראבער. דער קריסטליכער היסטאריקער בעקלאגט זיך, אויסדריקליך, אז די אידען האבען געהאלפען איינגעהמען די שטאדט קסריה, און די ערשטע אראבישע שבטים האבען זיך בעצויגען צו די אידען מיט א געוויסער טאלעראנץ. אמת, דער איסלאם, אלס הערשענדע רעליגיע, האט זיך גענומען גרויסע פריווילעגיעס, און ארויפגעלעגט געוויסע אויסשליסליכע פליכטען אויף די קריסטען און אידען, אבער אידען האבען בעקומען פיעל רעכטע, פון וועלכע זיי זיינען געווען בערויבט אין דער גאנצער צייט פון דער ביזאנטישער הערשאפט, ווי צ. ב. ש. די אינערליכע זעלבסטפערוואלטונג און די פערברייטערונג פון דער אינערליכער רעליגיעזנאציאנאלער אויטאנאמיע.

משיחי השקר.

די פאליטישע און רעליגיעזע תסיסה אין דער אונרוהיגער תקופה פון די ערשטע חאליפען האט זיך אפגערופען אויך ביי אידען מיט פערשיעדענע רעליגיעזע און סעקטאנטאשע בעוועגונגען. דאס איז געווען די תקופה פון די משיחי־השקר ס י ר ע נ א און א ב ו ־ ע י ס א און פון דער ק ר א י מ' ש ע ר בעוועגונג. דיעזע בעוועגונגען וועלכע האבען געהאט אפטמאל קלאר אויסגעדריקטע פאליטישע טענדענצען,

זיינען באמת ענטשטאַנען אין בבל, אָבער זיי האָבען אריינגעצויגען אין זייער קרייז אויך די אידען פון ארץ ישראל. אזוי האָט דער אויבענדערמאהנטער עובדיה א ב ו ע י ס א אָרגאַניזירט א גרויסע אַרמעע פון סירישע און מעסאָפּאָטאַמישע אידען. דאָס איז געוועזען אין דער צייט פון דעם קאַמפּף צווישען דעם לעצטען אָמאַיאַדען־חליף מערואן דעם צווייטען מיט אל־צאפא דעם גרינדער פון אַבאַסירען־הויז. אבו־עיסא'ס כונה איז דערביי געוועזען אפּצונעהמען מיט'ן שווערד א"י פאר אידען: דער פערזוך איז אָבער ניט געלונגען. דאָס איז געוועזען דער לעצטער אידישער אויפשטאַנד פאר ארץ ישראל (754).*) צו דער זעלבער תקופה געהערט די גרינדונג פון דער קראַ־מישער סעקטע דורך ענן'ען (762).

פון די אראבישע קוועלען איז בעקאַנט אז דער עראָבערער פון א"י חליף עמר האָט ארויפגעלעגט געוויסע בעגרענצונגען אויף אידען און אויף קריסטען. עס זיינען אויך בעוואוסט די גזרות פון הרון אלרשיד געגען אידען. אין אַלגעמיין, אָבער האָבען די אידען אונטער דער אראבישער הערשאַפט ניט געליטען פון אזעלכע פער־פאָלגונגען ווי אין דער פריהערדיגער ביזאַנטישער תקופה. אונטער די אראבער זיינען די אידען געוועזען אנערקענט אלס א בעזונדערע נאַציאָן, מיט א „ראש־הגולה" אין באגדאד אָן דער שפּיץ, מיט אייגענע געריכטען און מיט א נאַציאָנאַל־רעליגיעזער אויטאָנאָמיע. דאָס זעלבע איז אויך געוועזען אונטער עגיפּטען, וואו די אידען האָבען געהאט א „נגיד" מיט א בית־דין.

אינערליכע אויטא־נאמיע.

אָפטמאָל האָבען אידען פערנומען גאַנץ הויכע שטעלען, אלס מטבעות־פּרעגער אָדער אפילו שטאַאטהאַלטער (מנשה בן קצרה). שווערע צייטען האָבען די אידען דורכגעמאכט אונטער דער הערשאַפט פון דעם עגיפּטישען ח א כ ם ב א ו מ ר־א ל ל ה, דעם גרינדער פון דרוזישען גלויבען, וועלכער האָט זיך געהאַלטען פאר א גאָט, און האָט געוואָלט ארויפצווינגען דעם גלויבען אויף אלעמען. דיזער וואהנזי־ניגער סולטאַן האָט בעפוילען אידען און קריסטען צו טראָגען שענדליכע מלבושים. און האָט אויף א ווילדען אופן פערפאָלגט די אנהענגער פון אידישען און קריסטליכען גלויבען: ער האָט חרב געמאכט די קריסטליכע קירכען אין ירושלם ווי אויך די אידישע בתי מדרשים און שולען און האָט זיך געקליבען ארויסטרייבען אלע אידען פון זיינע גרעניצען. ער האָט פערפאָלגט אויך די מוסולמענער־סוניטען, וועלכע האָבען ניט אנערקענט זיין געטליכקייט (די דרוזען האַלטען איהם ביז היינט פאר א מאהדי, ד. ה. פאר א משיח). נאָר א רעוואָלוציע האָט אַם ענדע געמאכט א סוף צו די גרויזאַמקייטען פון דעם סולטאַן חאכם. אין אַלגעמיין איז אָבער די אידישע לאַגע אונטער עגיפּטישער הערשאַפט געוועזען ניט שלעכט. דער אראבישער געאָגראַף פון צעהנטען יאָהרהונדערט אל־מקאדאסי דערצעהלט, אַז אין זיין צייט זיינען די אידען און די קריסטען געוועזען גאַנצע תקיפים אין ירושלם. א טייל פון די אידען, אזוי דערצעהלט ער, זיינען געוועזען באַנקירען, אנדערע האָבען זיך בעשעפטיגט מיט ארבייט, אלס פאַרבער, גאַרבער און ד. ג. הגם די אראבישע שרייבער דערצעהלען ניט וועגען אידישע אגרארע ישובים, איז דאָך קיין צווייפעל ניט, אַז אזעלכע זיינען נאָך געבליבען. א פּאָר ביישפּיעלען האָבען מיר אויבען געבראַכט. אנדערע בעגעגע־נען מיר ביי ר' בנימן, אין 12טען יאָהרהונדערט, וועלכער האָט געטראָפען א בעדיי־

*) די דונקעלע אויסלעזונגס־טרוימען פון דער עפּאָכע זיינען אויסגעדריקט געוואָרען אין א קליינעם מדרש פון יענער צייט „נסתרות דרשב"י."

טענדען זעלבסטשטענדיגען ישוב אויף דעם גרענעץ פון א״י — אין פ א ל מ י ר א. ווייטער פערזיכערט אונז אין אַנהויב פון 13טען יאַהרהונדערט ר׳ מנחם בן פרץ החברוני, אז די אלטע אידישע בעפעלקערונג איז טייל־ווייז געבליבען ביז זיין צייט.

קילטור און גייס־טיגער לעבען.

דער גייסטיגער אידישער צענטר אין די לענדער פון איסלאַם האָט אימער גע־שפּיעלט א הערשענדע ראָלע אין דער אידישער וועלט. זינט דער איסלאַם האָט ערא־בערט ארץ ישראל האָט זיך ווידער אַנגעצונדען א שוואַכע ליכט אויף אין ארץ ישראל. אונטער דער ווירקונג פון די אראבישע גראַמאַטיקער און פּאָעטען האָט זיך אַנגעפאַנ־גען אויך ביי אידען דער אינטערעס פאר דקדוק, פאר פילאָזאָפיע און פאר פּאָעזיע. די ערשטע אידישע רעליגיעזע פּאָעטען־פיטנים יוסי בן יוסי, ר׳ ינאי, אליעזר הקליר און א. וו. שטאַמען פון ארץ ישראל און געהערען צו דיעזער עפּאָכע, צו וועלכער עס געהערט אויך די ערפינדונג פון נקודות. (נקוד טבריה — אונג. אין יאַהר 780). די קראַימישע סעקטע, וועלכע איז ענטשטאַנען אין בבל האָט זיך אויך געשאַפען א צענטר אין ירושלם (די אזוי גענאַנטע „אבלי ציון״). אין אונזער צייט איז אויך פעסטגעשטעלט געוואָרען אז אין 11טען יאַהרהונדערט איז געוועזען א בעדייטענדער ישוב אין י ר ו ש ל ם. דאָרטען זיינען געוועזען גרויסע ישיבות מיט ״גאונים״ אַן דער שפּיצע, מיט א בית־דין אָדער סנהדרין. די גאונים פון ירושלם האָבען בעקומען א גרויסען אויטאָריטעט, בעזונדערס נאָך דעם טויט פון ר׳ האי גאון — דעם לעצטען בעדייטענדען גאון אין סורא (1038). די מאַגנאַלישע אינוואַזיאָן פון מאַלכ־שאה האָט רואינירט דעם גייסטיגען צענטר אין ירושלם און דער בית־דין מיט די ישיבות זיינען אריבער אין דער שטאָדט צ ו ר (1094), און שפּעטער, אין דער צייט פון די קרייצציגער — אין מצרים און אין דמשק. צו יענער צייט טרעפען מיר א גרויסען אידישען ישוב אין גליל, בעזונדערס — אין צור, עכו, חיפה און אויך אין די דערפער פון גליל. אין יהודה בעגעגנען מיר א ישוב אין קסריה און אין יפו.

קריסטליכער רע־זשים.

די נוסעי הצלב, וועלכע האָבען נאָך פון דער היים אַנגעהויבען זייערע העלדענ־טאַטען מיט רויב און מאַסאַקרען געגען די אונבעשיצטע אידען אין אייראָפּא האָבען פאָרטגעזעצט זייער פּאָליטיק געגען אידען אין ארץ ישראל. איינגעהמענדיג ירושלים, דערצעהלט דער היסטאָריקער האָבען די אייראָפּעאישע קרייצציגער אויסגעשלאַכטען 70.000 נפשות פון די מוסולמענער. וואס אנבעטרעפט די אידען און די קראַימער, ווערט דערצעהלט, אז מען האָט זיי איינגעשלאָסען אין די בתי־מדרשים און פער־ברענט צוזאַמען מיט די הייליגטימער. די „לאַטינער״ (די נוסעי־הצלב) האָבען אי־בערהויפּט נישט געוואָלט דולדען קיין אידישען ישוב אונטער זייער נייער הערשאַפט. און דאָך געפינען מיר קלאָרע בעווייזען, אז א קליינער אידישער ישוב איז געבליבען אונטער דער הערשאַפט פון די קרייצציגער. די לאַטינער כראָניקען דערמאַהנען וועגען געוויסע אידען, וועלכע האָבען זיי געשוואָרען טרייהייט און געבליבען זיצען אונטער זייער שוץ, און רופען אָן נעמען פון אידישע באַנקירען. עס איז גוט בעקאַנט די לעגענדע וועגען דעם טויט פון דעם גרעסטען אידישען דיכטער ר׳ י ה ו ד ה ה ל ו י. אין דער צייט פון זיין תפלה אין ציון, פון די הענט פון א פאַנאַטישען ריטער נוסע־הצלב (אונג. 1140).

ר׳ בנימין מטודילא.

גענויע ידיעות וועגען דער אידישער לאַגע אונטער די קרייצציגער געפינען מיר ביי דעם בעריהמטען וועלט־רייזענדען ר׳ ב נ י מ י ן מ ט ו ד י ל א, וועלכער האָט בעזוכט ארץ ישראל קרוב צו דעם יאַהר 1173, ד. ה. אין דער ערשטער תקופה

פון די נושאי־הצלב. ער דערצעהלט אונז פון א אידישער בעפעלקערונג פון אונג. 1300 מאן (ריכטיגער — פאמיליעס) וואס עס מיינט א זעקס אדער זיבען טויזענד נפשות

די אידישע בעפעלקערונג איז געוועזן פערשפרייט, אונטער דער קריסטליכער הערשאפט, אין 19 פונקטען, אבער בלויז אין זעקס פון זיי איז געווען א בעדייטענדער ישוב: אין לא־טוראן־דע־לאס־גאוורעס (ריכטיגער, ווי עס איז אנגעגעבען אין אדלער'ס אויסגאבע — אין רמלה) 300, אין עכו און אין אשקלון — צו 200 און אין צור — 400־500 בעלי־בתים. לויט די פריהערדיגע אויסגאבען פון ר' בנימן'ס „ספר המסעות" זיינען געוועזען אויך אין ירושלם 200 אידען, אבער לויט די לעצטע אויסגאבע שיינט, אז צו זיין צייט זיינען אין דער שטאדט ניט געווע־זען מעהר פון פיער פאמיליעס, וועלכע האבען געוואוינט לעבען מגדל דוד און זיך בעשעפטיגט מיט פארבעריי. אין יפו האט געוואוינט בלויז איין פארבער, אין טבריה און אין דארף עלמא צו פופציג פאמיליעס, און אין גוש־חלב און אין ציידון — צו 20. אין חברון און אין שכם זיינען קיין אידען גאר ניט געווען. איינצעלנע אידען האבען זיך געפונען אין תמנתה, אין בית־גוברין, אין בית־לחם, אין בית־נוב, אין לוד, אין רמה (רמש) און אין יזרעאל. אין קסריה זיינען גע־ווען אויך ביז 200 אידען. אין דער לעצטער שטאדט ווי אויך אין שכם און אין דמשק האבען געוואוינט העכער טויזענד שמרונים, און ביז 40 קראים.

די אידען זיינען געוועזען, אונטער דער קריסטליכער הערשאפט, ארים און אונטערדריקט. זיי האבען זיך בעשעפטיגט מעהרסטענטיילס, אלס בעלי־מלאכות, מיט פארבעריי, וועבעריי, גלאז־אינדוסטריע און האנדעל. פאר דאס רעכט צו בע־שעפטיגען זיך מיט זייער פאך אינערהאלב ירושלם, האבען די אידען געמוזט צאהלען א שווערען שטייער. די קריסטען האבען צוגענומען בייַ די אידען דאס רעכט צו האבע באדען־אייגענטום. קיין רייכע אידען בעגעגענען מיר אונטער דער קריסטליכער הערשאפט ניט, נאר אין דער נייער צור האבען אידען זיך בעשעפטיגט מיט ים־מסחר, און געהאט אפילו אייגענע שיפען.

בייַ אזא צושטאנד איז קיין וואונדער נישט, אז די א"י אידען האבען געזוכט שוץ אין די ארומיגע לענדער, וואו עס האבען געהערשט די מחמד'נער. שוין איז עבר־הירדן, אין גלעד האבען רוהיג געלעבט, אונטער מוסולמענישער הערשאפט ביז 60 אידישע פאמיליעס, וועלכע האבען זיך בעשעפטיגט, ווי עס שיינט, מיט אקערבוי אדער פלאנטאציעס. אין פאלמיא (תדמור) האט געוואוינט א אידי־שער זעלבסטשטענדיגער שבט, וועלכער האט געצעהלט 2000 מאן. דער שבט איז געווען אונאבהייניגיג סיי פון מוסולמענישער, סיי פון קריסטליכער הערשאפט, און האט זיך בעשעפטיגט מיט פיה־צוכט און ערד־ארבייט (אן דער שפיצע פון די פאלמי־רער אידען איז געשטאנען ר' יצחק היוני). אין דמשק האבען געוואוינט ביז 3000 פאמיליעס, אין ארם־צובא (אלעפפא) 1500, אין מוצל — 4000, אין נציבין — 7000. אין אראביען האבען געוואוינט הונדערטער־טויזענדער. אין חייבאר האבען געלעבט, לויט ר' בנימן, 50.000 אידען, וועלכע זיינען געווען אונאבהענגיג פון יעדער פרעמדער הערשאפט. ביז 30.000 אידען האבען געוואוינט אין עגיפטען. צווישען זיי איז געוועזן א בעזונדער געמיינדע פון ארץ־ישראלדיגע אידען. דאס ציינט, אז פיעלע אידען האבען געמוזט פערלאזען א"י צוליעב די קריסטליכע פער־

פאלגונגען, כדי צו בעזעצען זיך אין יענע לענדער, וועלכע זיינען געווען פריי פו׳ קריסטליכער הערשאפט.

א וויכטיגע ידיעה גיט אונז איבער ר׳ בנימן, וועגען א שטארקער בעוועגונג וועלכע איז פארגעקומען א קורצע צייט פאר דעם צווישען די אידען אין בבל, מיט דוד אלראי אן דער שפיץ — צו גרינדען א אידישע מלוכה אין ארץ ישראל. אלראי האט ארגאניזירט א אידישע ארמעע אפצונעהמען ירושלם מיט געוועהר. די גאנצע בעוועגונג, אבוואהל זי איז געווען געריכטעט געגען די קריסטליכע הערשער איבער ירושלם, איז אבער געווען צו־ווידער דער בגדד׳ער רעגירונג, וועלכע האט געצוואונגען די רבנים מחרים צו זיין דוד אלראי. ער איז געפאלען פון דער האנד פון געדונגענע מערדער, און די בעוועגונג איז אפגעשטעלט געווארען.

אימיגראציע פון פראנקרייך און ענגלאנד.

ווען צלח־אלדין האט אפגענומען א״י פון די קריסטען (1187), האט ער איינ־געלאדען אידען פון אנדערע לענדער צו קומען בעזעצען זיך אין ארץ ישראל. דיע׳ס איינלאדונג איז דערהערט געווארען פון די אידען, וועלכע האבען געליטען פון די שרקליכע מיטעל־אלטערישע פערפאלגונגען אין מערב־אייראפא. א גרויסע פאר יענער צייט צאהל פון 300 אידישע רבנים און חכמים האבען זיך אפגערופען און האבען עמיגרירט קיין ארץ ישראל, הויפטזעכליך פון ענגלאנד און פראנקרייך (1211). צו דיעזער צייט האט ר׳ יהודה אלחריזי בעזוכט דאס לאנד און איבער־געלא׳ט א קורצע בעשרייבונג אין זיין בוך „תחכמוני“ (1217). דאס איז געוועזען די תקופה פון דער גרויסער מחלוקת צווישען די תלמידים פון דעם רמב״ם און זיינע געגנער, וועלכע איז אריבערגעטראגען געווארען אויך קיין עכו און ירושלם.

די מאטעריעלע לאגע אין א״י אין אנהויב פון 13טען יאהרהונדערט האט זיך אויך פערבעסערט. עס איז זעהר כאראקטעריסטיש צו טרעפען אין דער צייט א משולח פון א פאריזער ישיבה (1258) (ר׳ יחיאל מפאריז), זאמלענדיג נדבות פאר דיעזער ישיבה — אין ארץ ישראל. דער זעלבער ר׳ יחיאל האט געהאט א פלאן צו רעסטאוורירען דעם מזבח.

מאנגאלישע אינוואזיאנען.

עס איז אבער ווי א בייזער פאטום געהאנגען איבער אלע אידישע התחלות. אין יאהר 1229 איז ירושלם ווידער אריבער, לויט אן אפמאך, צו די קרייצציגער. די אידישע האפנונגען זיינען ווידער פערדונקעלט געווארען. דערצו זיינען צוגעקומען די שרעקליכע מאנגאלישע אינוואזיאנען. צוערשט — פון די קארא־עמיאן, וועלכע זיינען געוועזען געטריבען דורך די עראבערונגען פון טשינגיז־חאן. די קארא־זעמיאן האבען פערפלייצט דאס גאנצע לאנד און איינגענומען אויך ירושלם (1244) און אויסגעשלאכט א גרויסע טייל פון דער בעפעלקערונג. נאך א קורצע ווידער־הער־שונג איבער ירושלם, זיינען די קריסטען פארטריבען געווארען פון דארטען. די אי־דישע צרות האבען זיך אבער דערמיט ניט געענדיגט. אין 1260 יאהר קומט די צווייטע, נאך שרעקליכערע מאנגאלישע אינוואזיאן, אונטער דער פיהרונג פון הולאגו־חאן. די בעפעלקערונג איז צולאפען אין ווילדען שרעק פון די רויבערישע האר־דען. דער יונגער ישוב, וועלכער האט נאך ניט בעוויזען זיך איינצוואורצלען אי־רואינירט געווארען. דער פערדיענסט פון דער ווידער־אויפלעבונג נאך דעם חורבן געהערט צו דער ענערגיע פון רבי משה בר נחמן גירונדי, אדער

רעסטאוורירונג פון ישוב.

דעם רמב״ן פון שפאניען, וועלכער איז געקומען אין לאנד אין 1267, און האט דאן אין ירושלם בלויז צוויי אידען געטראפען. א דאנק זיין אויסערגעוועהנליכער ענער־גיע איז איהם געלונגען צוזאמענצוברענגען די אנטלאפענע, און אין איין מאנאט צייט

האט ער שוין געלעגט דעם גרונד צו א נייער אידישער געמיינדע אין ירושלם (ראש השנה ה'—כ"ח 1267). פאר דריי יאהר צייט איז די געמיינדע אויסגעוואקסען ביז צוויי טויזענד נפשות, און פון דעמאלט אן עקזיסטירט זי אהן אונטערבראכען ביז אונזער צייט — במשך פון זעקס הונדערט און פופציג יאהר.

ענדע 13טען יאהרהונדערט זיינען די נוסעי־הצלב גענצליך ארויסגעשטויסען געווארען פון ארץ ישראל .דאס גאנצע לאנד האט זיך ווידער געעפענט פאר אידען. עס איז א מערקווירדיגער צופאל, אז גראד דעם יאהר ווען די קרייצציגער זיינען ארויסגעטריבען געווארען פון ארץ ישראל, זיינען די אידען, אונטער עדוארד דעם ערשטען, ארויסגעטריבען געווארען פון ענגלאנד (1290). אין זעכצעהן יאהר ארום אין פארגעקומען דער ערשטער גירוש־צרפת, אונטער דעם שעהנעם פיליפוס (1306). דער פערצעהנטער יאהרהונדערט איז בכלל געוועזען איבערפילט מיט גזרות און עלילת־דם אויף אידען אין אייראפא. אין דער צייט פון דער שווארצער פעסט זיינען פארגעקומען שרעקליכע מאסאקרען אויף אידען אין גאנץ אייראפא (1348), און צו ענדע פון דעם יאהרהונדערט — מאסאקרען אויך אין שפאניען און דער לעצטער גירוש־צרפת.

צו דערזעלבער צייט איז, אבער, די אידישע לאגע אונטער דער הערשאפט פון די שקלאפען־מאמעלוכען געוועזען פיעל לייכטער ווי אין וועסט אייראפא, און עס איז קיין וואונדער ניט, וואס די אייראפעאישע אידען האבען טיילווייז אנגעהויבען צו עמיגרירען צוריק אין דער אלטער היים. מיר זעהען, ווירקליך, ווי די אידישע פאזיציעס אין לאנד פערשטארקערען זיך אין דעם 14טען יאהרהונדערט ניט נור אין ירושלם, נאר אויך אין פיעלע אנדערע שטעדט און דערפלעך, אין יהודה און אין גליל (ניט ווייניגער ווי 25 פונקטען). נייע צענטרען ווערען געשאפען און מיר טרעפען שוין אידען ניט נור ביי „פארבעריי" — די הויפט פראפעסיאן וועלכע עס איז פאר זיי געבליבען אפען אונטער דער קריסטליכער הערשאפט — נאר ביי פערשיעדענע מלאכות (וועבעריי, גלאז־אינדוסטריע), ביי גרויס און קליין־האנדעל מיט וויין, בוים־אויל און פערשיעדענע סחורות, און אויך ביי ערד־ארבייט און פיה־צוכט. אזוי דערצעהלט אונז איינער פון די חכמים פון יענער צייט, ר' יצחק חילו, וועלכער האט בעזוכט דאס לאנד, אז אין ערד, דרום ארץ־ישראל בעשעפטיגען זיך אידען מיט פיה־צוכט, אזוי אז אפילו דער רב פון דער געמיינדע איז א פאסטוך און לערנט מיט זיינע תלמידים תורה אויף דעם פרייען פעלד.*)

צו יענער צייט האט געוואוינט אין בית שאן דער ערשטער פארשער פון ארץ ישראל ר' אשתורי הפרחי. און עס איז צו זעהן פון זיינע ווערטער, אז א אידישער ישוב איז געוועזען צו יענער צייט אויך אין עגלון, עבר הירדן. ער דערצעהלט, אז פיעלע אידען פון די ארומיגע מוסולמענישע לענדער, פון טריפאלי, דמשק, חלב, קאהירו און אלכסנדריה פלעגען קומען עולה־רגל זיין און פייערן די ימים־

*) ר' יצחק חילו רעכענט אויס פאלגענדע פונקטען מיט א אידישער בעפעלקערונג: אין יהודה און שמרון: ירושלם, עיטם, חלחול, חברון, ערד, גמזו, צריפין (סאראפענד), יפו; גבע; שכם, קסריה; און אין גליל: חיפה, עכו, איבלין (יבנאל), טבריה, מירון, צפת, גוש־חלב, סאסא, פרה, דלתא, עלמא, קדש, בס"ה 23 פונקטען פון די 45 שטעדט און דערפער וועלכע ער בעשרייבט.

טובים אין ירושלם. אידען האבען געהאט אין ירושלם אייגענע קווארטאלען און אייגענע בתי־מדרשים.

די אלגעמיינע לאגע פון די אידען אין ארץ ישראל האט זיך במשך פון דעם פערצעהנטען און די ערשטע העלפט פון דעם 15טען יאהרהונדערט וועניג פערענ־דערט. די צאהל אידען האט זיך לאנגזאם פערגרעסערט אין די גרעסערע צענטרען. דער גרעסטער צענטער איז געוועזן די גאנצע צייט — ירושלם. די אידישע הויפט־בעשעפטיגונג איז געווען — פערשיעדענע מלאכות און האנדעל, ווי צ. ב. ש. סטאָ־לעריי, פארפיומערי, גאָלדשמידעריי, שוסטעריי, זיידען־וועבעריי. אין די קלענערע שטעדט און דערפער האבען די אידען געהאנדעלט מיט שניט־סחורה. וועלכע זיי האָ־בען פערקויפט דער לאנדס־בעפעלקערונג. אין אייניגע ערטער, ווי אין ירושלם, האבען די אידען געהאנדעלט מיט וויין און מיט בוים־אויל. עס איז אויך בעקאנט (פון דעם רייזענדער ר׳ משולם מליוורנו), אז אידען האבען זיך אויך אין דעם 15טען יאהר־הונדערט בעשעפטיגט מיט פלאנטאציעס און ערד־ארבייט, און פראָדוצירט וויין פון אייגענע כרמים (צ. ב.ש. אין עזה). אין אלגעמיין האבען די אידען עגלעבט ניט רייך, אבער זיי האבען זיך עקאנאמיש ניט געהאט צו בעקלאָגען, ווארום די לעבענסמיטלען זיינען געווען זעהר ביליג.

אין גייסטיגען זין האט זיך צו דער צייט אנגעהויבען אויסצובילדען אין ארץ ישראל א קליינער צענטער פון תורה. פיעלע חכמים און רבנים, הויפטזעכליך פון איטאליען, אבער אויך פון אנדערע לענדער, פלעגען בעזוכען דאס לאנד, און אייניגע פון זיי האבען זיך זאגאר בעזעצט אין א"י, געגרינדעט ישיבות און אויפגעשטעלט תלמידים. דער ערשטער פאָרשער פון לאנד, דער אויבענדער־מאהנטער ר׳ אשתורי הפרחי (פון פראנקרייך) האט איבערגעלאזען א וויכ־טיגען ווערק, וואו ער בעהאנדעלט די נאטור פונ׳ם לאנד, די געאגראפיע און די אויבערפלעכע פון ארץ ישראל.

דאך איז במשך פון דעם 15טען יאהרהונדערט ניט ענטשטאנען קיין בעדייטענ־
15טער יאהר־הונדערט. דער אידישער ישוב אין א"י. הגם די אידען האבען געלעבט מיט זייערע שכנים־מוסולמענער אין פרידען, איז עס אבער געוועזן מעגליך נור א דאנק דעם, וואס די אידען פלעגען מיט געדולד אריבערטראגען דעם אראבישען פאנאטיזם. די ירושלמ׳ער אראבער פלעגען האבען, נעמליך, אייביגע פרעטענזיעס צו זייערע אידישע שכנים, ווארום זאגען זיך די אידען ניט אפּ פון דעם וויין־געברויך. ווי עס פאדערט דער געזעץ פון קאראן. און ווען עס פלעגט אויסברעכען א הונגער, אן עפּידעמישע קראנק־הייט, אדער דער רעגען פלעגט פערשפּעטיגען צו קומען, האבען זיי אין דעם אימער געזעהן א שטראף פון גאָט פאר די אידישע חטאים. די ממלוכ׳ישע רעגירונג האט קיינע בעזונדערע בעשרענקונגען אדער אונטערדריקונגען געגען אידען ניט אנגעווענ־דעט, אויסער, נאטירליך, די בעזונדערע אפצאהלונגען און שטייערען. עס איז בע־קאנט צ. ב. ש. א פאקט, ווען צוליעב א געוויסען סכסוך האבען די פאנאטישע מוסול־מענער, אויפגעהעצט פון א גייסטליכען, חרב געמאכט דעם רמב"ן׳ס שול. דאן האט דער העכערער געריכט פון קאהירא גע׳פסקנ׳ט אז די אראבער זאלען צוריק אויפבויען די שול אויף זייערע הוצאות.

אין יאהר 1400 האבען די אידען שטארק געליטען פון טימור־לענק׳ס איוואזיאן. פיעלע זיינען געטויטעט געווארען, אנדערע געפאנגען געווארען פון די ווילדע הארדען. אין דעם יאהר 1434—1435 איז אויסגעבראכען אין לאנד א שרעקליכע מגפה, פון

וועלכער די אידישע בעפעלקערונג האט בעזונדערס שטארק געליטען. שפעטער, (אין יאהר 1440) האט דער סולטאן ארויפגעלעגט אויף דער אידישער געמיינדע אין ירושלם א שווערע אפצאהלונג פאר דאס רעכט צו געברויכען וויין (400 דוקאטען א יאהר). דיעזער שטייער פלעגט אויפגעמאהנט ווערען ניט פון איינצעלנע פערזאנען, נאר פון דער גאנצער געמיינדע, אונאבהענגיג דערפון, ווי גרויס די געמיינדע איז געווען און וויפיעל מיטגלידער זי האט געצעהלט. ספעציעלע בעאמטע — אידישע „שייכען" זיינען בעשטימט געווארען פון דער רעגירונג אויפצומאהנען אט דעם בעזונדערן שטייער. די שייכען פלעגען אויפמאהנען דעם שטייער (פאר וועלכען זיי זיינען געוועזען פערזענליך פעראנטווארטליך) מיט אזא שטרענגקייט, אז אלע פערמעגליכע אידען זיינען זיך אין פאניק צולאפען פון שטאדט. עס זיינען געבליבען בלויז די ארימערע. דאן האבען די „שייכען" פער'משכונ'ט און פערקויפט אלע חצרות און געביידעס, וואס האבען בעלאנגט צו דער געמיינדע. אם ענדע האבען זיי ארויפגעלעגט זייער האנד אויף די אלע אלטע ספר־תורות, וועלכע האבען זיך במשך פון יאהרהונדערטער אנגעזאמעלט אלס מתנות און נדבות פון די אידען פון דער גאנצער וועלט פאר ירושלם; און אויף די ציהרונגען פון ארון־קדש. די שייכען האבען זיך אויסגענוצט מיט דער געלעגענהייט און מיט זייער מאכט געפרעסט געלד ביי דער אידישער בעפעלקערונג אהן מאס און רעכנונג. בעזונדערס איז די לאגע געווארען אונערטרעגליך אין די 80־ער יאהרען פון 15טען יאהרהונדערט. במשך פון א זעקס יאהר האבען העכער הונדערט פאמיליעס פערלאזען די שטאדט. פון 300 פאמיליעס זיינען פערבליבען אין ירושלם בלויז 70 ארימע לייט, אויסער עטליכע הונדערט אלמנות און יתומים. עס האט געשיינט אז דער ישוב געהט אונטער, און אז די גאנצע מיה און קאמפף פון די לעצטע 200 יאהר, זינט דעם רמב"ן, וועלען זיין אומזיסט.

אזוי טרעפען מיר דעם אידישען ישוב צו ענדע פון 15טען יאהרהונדערט. אין דעם שווערסטען קריזיס, וועלכע איהם איז נאר אויסגעקומען איבערצולעבען פון נאך דעם חורבן. די אידישע בעפעלקערונג איז געוועזען ניט נור אין א ביטערען עלענד און ארים אין צאהל, נאר זי האט געהאלטען כמעט ביי פאלשטענדיגען אונטערגאנג. אויסער ירושלם, האבען זיך אין לאנד געפונען פיליכט א 450—500 פאמיליעס. ד. ה. בסך הכל נישט מעהר ווי 2500 נפשות, אדער ה ע ל פ ט פון דער צאהל, וואס ר' בנימן האט געטראפען אין לאנד מיט 300 יאהר צוריק. יעצט זיינען דיעזע אידען געוועזען גרופירט בלויז אין דריי פונקטען אין יהודה און אין 4—5 פונקטען אין גליל העליון.

דאס איז געווען דער טרויעריגער סך־הכל פון דעם דריי־הונדערט יאהריגען קאמפף פאר עקזיסטענץ אונטער שרעקליכע בעדינגונגען פון די מיטעלאלטערישע סיריען און עגיפטען, צווישען דער ווילדער בעפעלקערונג פון די לענדער, אונטער דעם רעזשים פון די קרייצציגער, פון די ממלוכ'ען און פון די „שייכען".

עס איז שווער צו טרעפען, אויף ווי לאנג וואלטען די אינערליכע כחות געשטייעט צו ראנגלען זיך מיט דער נויט און מיט די אונגעהויערע שטייערען. דא זיינען אבער געקומען צו הילף די אויסערליכע געשעהעניסע אין דער אידישער וועלט, וואס האבען חרב געמאכט די וויכטיגסטע אידישע צענטרען אין יענער תקופה — אין דעם פירענעאישען האלב־אינזעל, און צו דער זעלבער צייט געגעבען א שטויס צו א נייעם לעבען אין דעם אריענט. מיט דעם גירוש ספרד (1492) און פארטוגאל (1496) איז

אין ארץ ישראל אריינגעקומען א נייער מענשען־שטראם, וואס האט א נייעם לעבען אריינגעבראכט. וועגען דער תקופה וועלען מיר רעדען אין נעכסטען קאפיטעל, אין פערבינדונג מיט דער טערקישער הערשאפט. פריהער, אבער, עטליכע ווערטער וועגען א מאן, וועלכער האט זעהר פיעל מיטגעהאלפען דער רעטונג פון דעם ישוב פון קריזיס און אונטערגאנג — דאס איז געווען ר' עובדיה מברטנורא. וועלכער איז געקומען אין ירושלים אין יאהר 1488, און האט געשפיעלט פאר ארץ־ישראל כמעט די זעלבע ראלע ווי דער רמב"ן מיט צוויי הונדערט יאהר פאר איהם. א דאנק זיין אייגענעם אויטאריטעט און דער שטיצע, וועלכע ער האט געקראגען פון דעם „נגיד" פון מצרים (וועלכער אמט ענטשפרעכט אונגעפעהר דער ראלע פון היינטיגען חכם־באשי) איז איהם געלונגען צו פערבעסערען די עקאנאמישע לאגע, און מאכען אן ענדע צו דער דעמאראליזאציע פון די „שייכען". פיעלע עמיגראנטען האבען זיך צוריק געקעהרט. און ווען עס איז געלונגען צו פועל'ן ביי דער רעגירונג די שטייערען זאלען אויפגעמאהנט ווערען אויף אן אנדער, מילדערען אופן, איז דער גאנצער קריזיס צוביסלעך בעזייטיגט געווארען.

ר' עובדיה מברטנורא.

## ה. די טערקישע הערשאפט.

(1917—1517)

די ערשטע צוויי הונדערט יאהר פון דער טערקישער עפאכע זיינען אויסגעפאלען אין דער צייט פון דער אטאמאנישער מאכט און וועלט־הערשאפט.

טערקיי אין איהר מאכט־פעריאדע

נאכדעם ווי סלים (סעלים) דער ערשטער האט איינגענומען קורדיסטאן, סיריען, ארץ־ישראל און עגיפטען, און זיין יורש סוליימאן־אל־קאנוני (ד. ה. דער געזעצגעבער) האט פערפעסטיגט די טערקישע אימפעריע און פערשפרייט איהר הערשאפט ביז איבער מעסאפאטאמיען פון איין זייט, און בעסאראביען און אונגארן פון דער אנדער זייט, האבען זייערע נאכפאלגער ערא־בערט דרום־אראביען, קיפרוס און די פערסישע געביעטען ארום דעם חאזארישען אדער קאספישען ים. אין דעם 16טען און אין דעם 17טען יאהרהונדערט איז טערקיי געווען די שטארקסטע מאכט אין אייראפא. פון אוקראיינא און פוילען אין צפון־זייט האט זי געהערשט ביז דעם פערסישען גאלף און אינדישען אקעאן אין מזרח־דרום, און פון דעם מדבר סאהארא ביז די טויערען פון וויען. טערקיי האט געזאגט איהר דעה איבער די פערהעלטנישען פון פוילען, פון ווענעציא און פון אנדערע אייראפאישע מעכטע.

די טערקישע רעגירונג האט בעגינסטיגט און בעשיצט דעם האנדעל אין איהרע פראווינצען, בעזונדערס דעם ים־האנדעל. פערשיעדענע פריווילעגיעס זיינען געגעבען געווארען פון דער טערקיי צו די פראנצויזישע, צו די ווענעציאנער און צו אנדערע סוחרים, כדי זיי דערמיט שטארקער צו פעראינטערעסירען אין דער עקאנאמישער ענטוויקלונג פון די טערקישע פראווינצען. און א דאנק דיעזער פאליטיק האבען זיך אין דעם נאהענטען אריענט ווירקליך ענטוויקעלט וויכטיגע האנדעלס־צענטרען און א לעבעדיגער ים־פערקעהר.

די לאנדווירטשאפט איז געווען און געבליבען די הויפט־בעשעפטיגונג פון דער בעפעלקערונג פון די פערשיעדענסטע פראווינצען, וועלכע זיינען אריין אין דער אטא־

מאנישער אימפעריע. לויט דעם טערקיש־פעאדאלען סיסטעם פלעגט די רעגירונג בעלוינען איהרע זיעגרייכע קריעגער מיט גרויסע נחלאות, וועלכע האבען געהייסען „זיאמעט“ (מיט א יעהרליכע הכנסה פון 20 ביז 100 טויזענד אספער) און „טימאר“ (יעהרליכע הכנסה פון 5 ביז 20 טויזענד אספער) און זייערע פעאדאלען־אייגענטי־מער — „זאאים“ און „טימארלי“. פונקט ווי די מערב־אייראפעאישע פעאדאלען, פלעגען די טערקישע אבגעבען זייער באדען אין ארענדע צו קלענערע פויערען און נעהמען ביי זיי יעהרליכע שטייערען. דערפאר זיינען די פעאדאלען געוועזען פער־פליכטעט צוצושטעלען דער רעגירונג אין צייט פון קריעג א געוויסע צאהל זעלנער, רייטער און פוסגעהעד, לויט דער גרויס פון זייערע נחלאות. דעם מיליטער פלעגען זיי אליין הארפען אויסשטאטען און אויסהאלטען.

מיט דער צייט איז די אבצאהלונג מיט נאטור פערביטען געווארען אויף געלד־שטייערען. וואס אנבעלאנגט דעם פויער־פאכטער, איז ער געבליבען א שטענדיגער ארענדאטאר, אבער ער איז ניט צוגעבונדען געווארען צום באדען ווי דער פאל איז געווען אין מערב און אין מזרח־ אייראפא, און האט זיך בשום אופן ניט פערוואנדעלט אין א לייב־קנעכט ווי אין דייטשלאנד אדער אין א קריעפאסטניק, ווי אין רוסלאנד. די פערזאן פון טערקישען פעלאח איז געבליבען פריי, און דער פעאדאליזם האט זיך ניט ענטוויקעלט ביז זיינע קאנסעקווענצען.

פערוואלטונגס סיסטעם.

דער סיסטעם פון פערוואלטונג האט ענטשפראכען צו דעם סיסטעם פון ערד־איי־גענטום. די מלוכה איז געווען צוטיילט אויף איאלת (עיאלעטס—פראווינצען), די איאלת'ס אויף „סאנדזשאק'עס“. אין דעם אנפאנג פון 16טען יאהרהונדערט איז דאס גאנצע לאנד איינגעטיילט געווען אויף 21 איאלת מיט 250 סאנדזשאקס. צו סיריען האבען געהערט (אין 18טען יאהרהונדערט) די פאשאליקס: חלב (אלעפפא), טראבלוס (טריפאליס), צידון (שפעטער איז דער צענטער אריבער אין עכו), דמשק און פלסטין (מיט דעם צענטער אין ירושלם אדער עזה). די הויפט־פונקציע פון די בעאמטע, וועלכע זיינען געשטאנען אן דער שפיצע פון די פראווינצען און פון די בעצירקען, — די פאשא'ס, בעק'ס (ביי'ס) און די אגא'ס — איז געווען אויפצומאהנען די שטייערען פון דער בעפעלקערונג און איבערשיקען זיי צו דער צענטראלער רעגי־רונג אין סטאמבול (קאנסטאנטינאפאל). די צענטראלע רעגירונג האט ניט געהאט אבער, קיין קאנטראל איבער די איננאהמען און אויסגאבען, זי פלעגט בעקומען בלויז דעם „ריינעם איינטראג“, נאכדעם ווי דער פאשא האט אראבגערעכענט די הוצאות אויף זיין אייגענעם געהאלט און אויף דעם געהאלט פון די בעאמטע און די „קאלעמס“ (אפיסעס). אפטמאל פלעגט דער הויכער בעאמטער בעקומען א בעזונ־דער נחלה, „טימאר חאס“, די הכנסות פון וועלכער זיינען בעשטימט געווען פאר זיין אמט. אזוי, אז דער גובערנאטאר פון א פראווינץ איז געווען מעהר עהנליך צו א רייכען ארענדאטאר, וועלכער פלעגט אבדינגען ביי דער צענטראלער רעגירונג די גאנצע איינטראגען פון א בעשטימטער פראווינץ. איינמאל א יאהר פלעגט דער דאזיגער גובערנאטאר ארויספאהרען, געוועהנליך מיט זיין מיליציע אויפצוזאמלען די שטייערען פון די פעאדאלען און פון די דארפסלייט, בעשטראפען די שייכען, וואס צאהלען ניט אדער וועלכע זיינען ווידערשפעניג צו דער רעגירונג, אויפהענגען א פאר געפאנגענע רויבער און דאס גלייכען.

די מיליטערישע ארגאניזאציאן פון דער טערקיי איז אין די ערשטע צייטען געוועזען פון א פעאדאלען סיסטעם. די מיליטער איז בעשטאנען פון פוס־געהער

און פון רייטער, וועלכע יעדער פעדאל (זאים אדער טימארלי) האט געמוזט אין א בעשטימטער צאהל צושטעלען און אויסהאלטען מיט קליידונג, אמוניציע און געהאלט. אין 16טען יאהרהונדערט, ד. ה. אונגעפעהר צו דער צייט ווען א"י איז איינגענומען געווארען, האבען די פעדאלען אויפגעהערט צוצושטעלען רעגולער די מיליטער. אנשטאט דעם האט זיך פערשטארקט די בעדייטונג פון די יאניטשארען (וואס האבען עקזיסטירט א סך פריהער). דאס זיינען די יאניטשארען־רעגימענטען, וועלכע פלעגען ערצויגען ווערען פון יונגע קינדער (צייטענווייז צוגענומענע מיט געוואלד ביי זייערע קריסטליכע עלטערן) אין טריהייט צו דער רעגירונג און צו דעם איסלאם. די רעגירונג האט אויך געהאט א בעזונדערע קאוואלעריע — די סיפאהי. די יאניטשארען און די סיפאהי האבען געהאט בעזונדערע פריווילעגיעס אויף באדענס, ביים האנדעל א. ד. ג.

די גובערנאטארען זיינען געוועזען אין אלע אינערליכע ענינים פון דער אדמי־ניסטראציע כמעט זעלבסטשטענדיג. אפט פלעגען זיי אפילו פיהרען צווישען זיך מלחמות מיט דעם צוועק צו פערגרעסערען זייערע פראווינצען אויף דעם חשבון פון די שכנים. אזא מין האנדלונג איז ניט געשטאנען אין ווידערשפרוך צו זייער „טרייער אונטערטאנשאפט" צו דעם סולטאן, כל זמן זיי פלעגען ערפילען זייערע פליכטען געגעניבער דעם טראן און דעם אוצר־המלכות. אבער יעדעס מאל, ווען א פאשא פלעגט ווערען צו מעכטיג, פלעגט ער שוין דערמיט ארויסרופען א פערדאכט ביי דער צענטראלער רעגירונג, וועלכע פלעגט איהם באלד בייטען פון איין פראווינץ אויף א צווייטער, אדער גאר ארונטערזעצען און לויט א בעזונדער פירמאן פון סולטאן אפהא־קען דעם קאפ און איבערשיקען קיין סטאמבול. דער פאשא האט געוואוסט די שטענ־דיגע געפאהר און פלעגט זיך סטארען פאר דער קורצער צייט פון זיין הערשאפט אויסצונוצען זיין מאכט כדי צו בערייכערען (אויף דעם חשבון פון דער בעפעלקערונג) זיין פריוואטען שאטץ־קאמער און מיט דער הילף פון דעם אנגעזאמעלטען געלד פער־פעסטיגען זיין אייגענע פאזיציע. אפטמאל פלעגען די פאשא'ס קומען אין קאנפליקט מיט דער צענטראלער רעגירונג, וועלכע פלעגט מוזען, אבהענגיג פון פערשיעדענע אומשטענדען, נאכגעבען אדער שיקען געגען זיי מיליטער און אנפיהרען מלחמה. אמאל פלעגט די צענטראלע רעגירונג בעפאלמעכטיגען איין פאשא צו בעשטראפען דעם צווייטען, וועלכער ערפילט ניט זיינע פליכטען, אדער וועלכער איז געווארען צו מעכטיג און געפעהרליך. אין אזא פאל פלעגט די רעגירונג שטיצען דעם שוואכערען ביז ער פלעגט שטארק ווערען, און דאן, ווידער, אויפשטעלען געגען איהם אן אנדער ניט־פערגינער.

און פונקט ווי די גרויסע ביי'ס און פאשא'ס, פלעגען זיך נוהג זיין די קלענערע וואסאלען, די אגא'ס און שייכען. זיי פלעגען פיהרען שטענדיגע מלחמות צווישען זיך פאר זייערע נחלות. פון צייט צו צייט פלעגען זיי ארויסטרעטען געגען די פאשא'ס גופא, און עס זיינען געוועזען פאלען, ווען געוויסע שייכען איז געלונגען צו דערגרייכען א זעלבסטשטענדיגען מצב, און די שייכען האבען דיקטירט דער צענטרא־לער רעגירונג ווען זי זאל בעשטימען פאר א פאשא אין די נאכבאר־פראווינצען. מעהרסטענטיילס זיינען אבער די קליינע מורדים ניט געווען געפעהרליך פאר די פראווינצען, און די צענטראלע רעגירונג פלעגט זיך בעציהען צו זיי מיט א מערק־ווירדיגער טאלעראנץ.

דיזע שטענדיגע מלחמות און סכסוכים האבען זיך געלעגט מיט א שווערער לאסט אויף דער בעפעלקערונג פון די פראווינצען. די מיליטער האבען זיך מיט דער פריעדליכער בעפעלקערונג בעגאנגען ווי אין א עראבערטען לאנד: צונעהמען די בהמות, די תבואה, בעגעהן רויב און מארד. די פאשאס און די אגא'ס פלעגען ריק־זיכטסלאז עקספלואטירען די איינוואהנער, פיהלענדיג זיך אין דער ראלע פון „מלך בן יומו" (א מלך אויף איין טאג). דיזע ארדנונגען האבען געבראכט די פראווינצען צו א שרעקליכען חורבן אין עקאנאמישען, קולטורעלען און מאראלישען זין.

אנפאנגענדיג פון דעם 18טען יאהרהונדערט, ווען די טערקיי האט שוין אנגע־הויבען צו פערלירען איהר אויסערליכע וועלט־מאכט זיינען דיזע אויפשטאנדען און אינערליכע מלחמות געווארען בעזונדערס געפעהרליך.

און ווידער איז אויסגעפאלען אויף דעם שיקזאל פון סיריען און פון ארץ ישראל צו ווערען אן ארענע פון שטענדיגע אויפשטאנדען און בלוטיגע געשעהענישען.

17טער יאהרהונ־דערט. נאך אין אנהויב פון דעם 17טען יאהרהונדערט טרעפען מיר דעם אויפשטאנד פון דעם חלב'ער פאשא עלי־ג'נבלד (אלי־דזשאנבלאד) (1606). דער דרוזישער פירסט פאחר־אלדין האט זיך מיט איהם פעראייניגט, און האט איינגענומען גאנץ לבנון און די ברעגען ביים ים. די מורדים זיינען אריין אין פערבינדונג מיט די קריסטליכע רעגירונגען פון טאסקאנא, שפאניען, און פון דעם פאבסט, מיט דעם צוועק צו בעקומען פון זיי שטיצע, אום כדי אבצונעהמען ארץ ישראל, און בעזונדערס, ירושלים פון דער טערקיי; דערביי האבען זיי זיך פערפליכטעט געגען די אייראפעאישע מלוכות צו געבען די קריסטען פון ירושלים געוויסע פריווילעגיעס. טערקיי איז אבער גע־ווען דאן אין איהר גלענצענדער מאכט פעריאדע. זי האט געשיקט איהר מיליטער, און האט בעזיעגט די ביידע מורדים. אין רעזולטאט איז ג'מבלאד אבגעקומען מיט דעם, וואס ער איז בעשטימט געווארען פאר א גובערנאטאר אין אן אנדער ווייטע פראווינץ (אין טעמעסוואר, אונגארן), און פאחר־אלדין איז גע־ליבען א „טרייער" וואסאל אויף זיין אלטען אמט. דאס האט דעם טרייען אונטערטאן ניט געשטערט אין עטליכע יאהר ארום ווידער אמאל אויפהויבען אן אויפשטאנד געגען טערקיי.

פערהעלטניסמעסיג רוהיג איז פערלאפען דער זיעבצענטער און די ערשטע העלפט פון 18טען יאהרהונדערט אין סיריען. דערפאר אבער האט זיך אין דער צווייטער העלפט
18טער יאהרהונ־דערט. פון דעם יאהרהונדערט אנגעהויבען א רוישענדע עפאכע פון אויפשטאנדען און מרידות אין אראביען און סיריען.

אין אראביען האט זיך אויפגעהויבען א נייע בעוועגונג געגען דעם פעטיסישטישען קולט פון די הייליגע קברים. די אנהענגער פון דער בעוועגונג, די וואהא־יטען (לויט דעם נאמען פון זייער גרינדער און אנפיהרער מחמד אבן־אלוואהב) איז געלונגען צו ציהען אויף זייער זייט פיעלע אראבישע שבטים, פערכאפען די הייליגע מוסולמענישע פלעצער און אראפווארפען פון זיך די טערקישע הערשאפט (1763). צו דער זעלבער צייט האט איינער פון די עגיפטישע ממלוכ'ען, עלי־בי, אויך ערקלערט זיך זעלבסט־שטענדיג (1768).

שייך דאהיר אלעמר. מיט א קורצער צייט פריהער האט זיך פארשטארקט אין ארץ ישראל דער שייך טאהיר אל־עמר (דאהיר אל־אמאר), א בעדואינער פון דעם שבט בני־זידאן, א מענש מיט מערקווירדיגע פעהיגקייטען. ער האט מיט ערפאלג געפיהרט מלחמות מיט די פאשא'ס פון דמשק און פון צידון, און האט פארשפרייט זיין מאכט איבער'ן גאנצען גליל. דער שייך דאהיר האט געהאט ביי זיך גרויסע פלענער צו ענטוויקלען דעם האנ־

דעל, די אקערבוי און אינדוסטריע. צוליעב דעם צוועק האט ער איינגענומען פאר זיך א פארט־שטאדט, עכו (1759) און זיך דארט בעפעסטיגט. ער האט בעגינסטיגט אידען און קריסטען און מיטגעהאלפען פיהרען א מוסולמענישע, גריכישע און אידישע קאָלאָניזאציע אין גליל.

די ערשטע צייט איז דער שייך געווען לאיאל צו דער צענטראלער רעגירונג. די הויכע פארטע האט אבער געזעהען זיין שטייגענדע קראפט און האט איהם געהאלטען פאר געפעהרליך. עטליכע מאל האט זי געשיקט געגען איהם מיליטערישע עקספעדיציעס. עס איז איהם געלונגען צו בעזיגען די טערקישע מיליטער און צו פארשפרייטען זיין מאכט איבער יפו, רמלה, עזה און גאנץ יהודה, אין פערבינדונג מיט דעם דערמאנטען עלי־בי פון עגיפטען. אין יענער צייט זיינען די רוסען געשטאנען אין קריעג מיט טערקיי, און עטליכע רוסישע שיפען האבען קרייסירט ארום די ברעגען פון ארץ ישראל. דער שייך דאהיר האט זיך מיט זיי פארבונדען און מיט זייער הילף האט ער בעזיעגט זיינע פיינד. העכער 25 יאהר האט דער אלטער שייך געהערשט אין לאנד. ערשט אין יאהר 1776 איז די טערקען געלונגען צו בעזיגען דעם ממלוכ׳ען פיהרער עלי־ביי או׳ שפעטער אויך דעם אלטען שייך דאהיר מיט זיינע זיהן.

נאכדעם קומט די עפאכע פון אחמד ג׳זאר (ד. ה. „דער קצב" — אזוי האט ער געהייסען צוליעב זיין רציחה), אדער ג׳זאר (דזשעזאר)־פאשא, וועלכער איז פון א שקלאף געווארען א הערשער. נאכדעם ווי ער האט פעררעטען זיין פריינד דאהיר איז ער עולה לגדולה געווארען. אין יאהר 1778 איז ער שוין געווארען א פאשא אי׳ער צידון און עכו. מיט דער הילף פון דעם אראבישען שבט חאווארא, וועלכען ער האט געבראכט פון עגיפטען האט ער געהערשט איבער דעם לאנד, אקספלואטירענדיג און רואינירענדיג די בעפעלקערונג מיט זיין טעראר.

נאפאלעאן. אין יאהר 1799 איז נאפאלעאן באנאפארט געקומען מיט זיין מיליטער קיין ארץ־ישראל; איינגענהמענדיג עזה און יפו איז ער צוגעקומען צו עכו און בעלאגערט דארט ג׳זארען מיט זיינע אראבער, אבער אהן ערפאלג. אין עמק־יזרעאל האט נאפאלעאן געגעבען א שלאכט דער אראביש־טערקישער מיליטער פון דמשק׳ער פאשא — לע־ען דער הייניגער מרחביה. די טערקישע מיליטער האבען געמוזט צוריקטרעטען און נאפאלעאן׳ס טרופען האבען דערגרייכט די שטעדט צפת און טבריה אין גליל און רמלה אין יהודה. קיינע וויכטיגע רעזולטאטען האט אבער דער זיעג פאר ארץ ישראל ניט געהאט, ווארום די געשעהענישען אין עגיפטען און אין אייראפא האבען צוריק־גערופען די פראנצויזען פון ארץ ישראל.

מחמד עלי. פון פיעל גרעסערער בעדייטונג זיינען געווען די עגיפטישע געשעהענישען אין אנהויב פון 19־טען יאהרהונדערט, וועלכע זיינען פערבונדען מיט דעם נאמען פון מחמד־עלי, דעם מאן פון אויסערגעוועהנליכע פעהיגקייטען. אליין אן אלבאנישער טאבאק־הענדלער, איז ער געווארען אן אפיציער אין דער טערקישער ארמעע פון עגיפטען, און אין א קורצער צייט האט ער דערגרייכט די העכסטע שטופע פון מיליטערישער און ציווילער מאכט. מיט זיינע אדמיניסטראטיווע פעהיגקייטען איז איהם געלונגען דורכצופיהרען א גאנצע רעוואלוציאן אין דער ארמעע־ארגאניזאציע און אין דער פינאנציעלער פערוואלטונג. אין עטליכע יאהר ארום האט מחמד־עלי שוין געהאט אין זיינע הענד דעם גאנצען גורל פון טערקיי.

געגען איהר ווילען האט טערקיי געמוזט אנערקענען איהם אלס א פאשא און אלס וואלי איבער עגיפטען (1806). מחמד־עלי האט ניט נור בעזיגט, נאר אויסגעראטען די

רעשט ממלוכ'ען פון עגיפּטען און האָט געשיקט אין סטאַמבאַל (אַלס בלוטיגע טראָפּען פון זיין זיעג) 83 ממלוכ'ישע קעפּ. אויף אַזאַ אופן האָט ער געמאַכט אַן ענדע צו דער הונדערטער־יעהריגער באַרבאַרישער הערשאַפט פון די ממלוכ'ען איבער מצרים.

די נייע, אויף גאַנץ אייראָפּעאישע יסודות אָרגאַניזירטע אַרמעע פון מחמד־עלי האָט בעזיעגט די וואַהאַביטען אין אַראַביען און אומגעקעהרט די הייליגע ערטער צו דער טערקיי. מחמד־עלי'ס אַרמעע האָט אונטערדריקט דעם גריכישען אויפשטאַנד, וואו נאָר זי פלעגט ערשיינען. אָבער אויסער זיינע מיליטערישע נצחונות האָט מחמד־עלי אָנגע־פיהרט אַ גרויסע קולטור־אַרבייט ביי זיך אין לאַנד, אויפבויענדיג נייע שולען, דורכ־לעגענדיג וועגען און קאַנאַלען, און דורכגעפיהרט נייע אַדמיניסטראַטיווע רעפאָרמען.

צווישען דער בעפעלקערונג פון א"י האָט געהערשט אַן אונצופריעדענהייט, און אין איינציגע ערטער זיינען פאָרגעקומען לאָקאַלע מרידות. די איינוואָהנער פון ירושלם האָבען אויך רעוואָלטירט געגען דעם דמשק'ער פּאַשאַ סוליימאַן. דעם 17טען תמוז תקפ"ד (1824) האָבען די איינוואָהנער פון ירושלם איינגענומען די שטאָדט און געהערשט איבער איהר העכער 15 חדשים. ערשט ענדע תשרי תקפ"ו (1825) איז געלונגען דעם עכו'ר פּאַשאַ עבד־אַלה צוריק צו געווינען די שטאָדט פון זייערע הענד.

דער עבד־אַלה פּאַשאַ וועלכער האָט בעקומען אַזאַ טרויעריגע בערימטקייט מיט זיינע רציחות (ער האָט פעררעטעריש ערמאָרדעט דעם אידישען פינאַנסיסט ר' חיים פרחי, וועלכער האָט איהם ערצויגען און געמאַכט פאַר אַ פּאַשאַ) האָט פערשאַפט פיעל צרות דער רעגירונג גופא. ער האָט אויפגעהערט צו צאָהלען די שטייערען, און די רעגירונג האָט זיך געווענדעט צו די שכנות'דיגע פּאַשאַס צו צווינגען איהם דערצו. עס איז ענטשטאַנען אַ מלחמה צווישען עבדאַללה און דעם אמיר־בשיר פון איין זייט און צווישען די הערשער פון דמשק חלב און עדנא פון דער אַנדער זייט. לויט עבדאַללה'ס בקשה האָט זיך מחמד־עלי אריינגעמישט און געמאַכט שלום (1830). אין גיכען האָט דער וואָהנזיניגער עבד־אַלה געמאַכט אַ נייעם פערזוך צו בעפרייען זיך פון מחמד־עלי'ס אַפּיטרופּסות, דאָס האָט איהם אָבער געקאָסט זיין פּאָזיציע און זיין גאַנצע קאַריערע. ער איז געשטאָרבען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אַלס בעטלער. אַ צווייטער סכסוך איז פאָרגעקומען אין דמשק און די טערקישע רעגירונג האָט אַליין איינגעלאָדען מחמד־עלי'ן אונטערצודריקען דעם אויפשטאַנד. מחמד־עלי האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטען, און האָט באַלד געשיקט זיין אַדאָפּטירטען זון אבראַהים־פּאַשאַ מיט עגיפּטישע מיליטער אונטערצודריקען דעם אויפשטאַנד. אין רעזולאַט האָט אָבער אבראַהים־פּאַשאַ פערלאַנגט די ווילאַיעטען דמשק און עכו פאַר זיך אַלס בעלוינונג. די רעגירונג האָט איהם ענט־זאָגט, און אבראַהים האָט אָקופּירט די אינערליכע פּראָווינצען פון ארץ ישראל. דער סולטאַן האָט ערקלערט מחמד־עלי'ן און איבראַהים אַלס מורדים, און דער אונפער־מיידליכער קריעג צווישען עגיפּטען און טערקיי איז אויסגעבראָכען. אבראַהים־פּאַשאַ האָט איינגענומען עכו (1832), צושלאָגען די טערקישע אַרמעע לעבען חומץ און ביילאַן (צפון סיריען), שנעל ערפּאָבערט גאַנץ סיריען און קיליקיען און אריינגעדרונגען טיעף אין אַנאַטאָליען. לעבען קאָניא האָט ער בעזיגט די אַרמעע פון גרויסע וויזיר, און דער וועג קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז געבליבען פאַר איהם אָפען. נור ווען רוסלאַנד האָט זיך אריינגעמישט אין דעם ענין, און געשיקט איהר פלאָטע קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, איז באַספּאָר, האָט אבראַהים געמוזט אָבשטעלען זיין מאַרש. מיט דער פערמיטלונג פון רוסלאַנד און פון פראַנקרייך איז געשלאָסען געוואָרען שלום. גאַנץ סיריען איז אריבער אונטער מחמד־עלי'ס הערשאַפט, און אבראַהים איז געוואָרען פּאַשאַ איבער אַדאַנאַ.

אכט יאָהר (1832-1840) האָט געדויערט די עגיפּטישע הערשאַפט איבער ארץ ישראל. מחמד־עלי האָט אָנגעהויבען איינפיהרען אין לאַנד די אַלע נייע אָרדנונגען, וועלכע ער האָט שוין דורכגעפיהרט אין עגיפּטען. ענטוואָפענענדיג די בעפעלקערונג האָט ער מיט אַמאָל אָבגעשטעלט די אייביגע רויבערייען, רציחות און מלחמות, וועלכע זיינען פאָרגעקומען זייט יאָהרהונדערטער אין׳ם לאַנד. מחמד־עלי האָט דורכגעלעגט וועגען און בעוואַכט זיי מיט מיליטער, כדי צו בעזאָרגען דעם האנדעל און דעם פרייען פערקעהר. דאָס לעבען און דאָס אייגענטום זיינען געוואָרען זיכערער. צו דערזעלבער צייט האָט אָבער אבראהים־פּאַשא ארויפגעלעגט שווערע אָבצאָהלונגען (א קאָפּ־שטייער, פון וועלכען די מוסולמאַנער זיינען ביז יעצט געוועזען פריי) און איינגעפיהרט איין אַל־געמיינע מיליטער פליכט (קאָנסקריפּציע), צו וועלכער די בעפעלקערונג איז ניט געווען געוואוינט. דאָס האָט ארויסגערופען א רייהע לאָקאַלע אויפשטאַנדען מצד די דרוזען, בעדואינער און פעלאַחען־שייכען. דער וויכטיגסטער אויפשטאַנד איז געוועזען אין די בערג פון שמרון און פון יהודה, אונטער דער פיהרערשאַפט פון די שייכען א ל ־ ק א ס ׳ ם און א ל ־ ב א ר ק א ו ו י . ס איז זיי זאָגאר געלונגען איינצונעהמען די שטאָדט ירושלם (4טען יוני. 1833). עהנליכע אויפשטאַנדען זיינען אויסגעבראָכען אויך אין חברון, אין צפת, אין טבריה און אין אנדערע ערטער, און נור מיט דער הילף פון א נייער פערשטאַרקונג איז געלינגען צו אונטערדריקען דעם אויפשטאַנד.

פלח׳ישע מרידות.

אין יאָהר 1839 האָט טערקיי ווידער אָנגעפאַנגען א מלחמה געגען עגיפּטען, און אבראהים האָט אויך דאָס מאָל צוקלאַפּט די טערקישע ארמעע (לעבען נציבין). די גאַנצע פּלאַנע איז אריבער אויף דער זייט פון מחמד־עלי. טערקיי איז געווען אויף דעם שוועל פון אבגרונד, און מיט איהרע אייגענע כחות וואָלט זי זיך זיכער ניט געקאָנט רעטען, ווען ניט די אייראָפּעאישע מלוכות, וועלכע האָבען ניט געוואָלט צולאָזען, אז עגיפּטען זאָל ווערען צו שטאַרק. זיי האָבען אינספּירירט די מאַראָניטען צו אַן אויפשטאַנד אין לבנון (יוני 1840). דאַן האָט די ענגלישע מיט דער עסטרייכישער פלאָטע באָמבאַרדירט עכו, און די טעקרישע מיליטער איז געקומען פון דער יבשה. די אראבישסירישע זעלנער האָבען אַבראהים׳ען פערראַטען, און ער האָט זיך געמוזט צוריקציהען נאָך עגיפּטען. דער שלום־אָפּמאַך האָט אומגעקעהרט גאַנץ סיריען און ארץ ישראל צו דער טערקיי. בלויז עגיפּטען און נוביען זיינען ביי מחמד־עלי׳ן געבליבען בירושה (1841). דעם „חעדיוו"־טיטעל (וויצע־קעניג) האָבען זיינע יורשים בעקומען שוין פיעל שפּעטער.

טערקישע וויבערהערשאַפט.

דער 19־טער יאָהרהונדערט האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט וויכטיגע רעפאָרמען אין דער טערקיי. סולטאַן מחמוד דער צווייטער (1808-1839) האָט פאַרניכטעט די יאַני־טשאַרען־קאָרפּוסען און מבטל געמאַכט די פאַרצייטיגע מיליטער־סיסטעם. אנשטאַט דעם האָט ער געשאַפען א נייע מיליטער־אָרגאַניזאַציע אויף׳ן אייראָפּעאישען סטיל. און מיט מאָדערנע פאַרמען און איבונגען. סולטאַן מחמוד האָט אינגאַנצען ארויסגעריסען די מאַכט פון די הענד פון די פעאָדאַלען און אָנגעהויבען צו צענטראַליזירען די אַדמיניסטראַציע אויף אַן אייראָפּעאישען אופן. די נעכסטע שריט האָט געמאַכט זיין זון עבד־אַלמג׳יד (אבדול־מעדזשיד), וועלכער האָט אין יאָהר 1839 ארויסגעגעבען דעם מאַניפעסט פון גיול־חאַנע (חאַטי־שעריף) און שפּעטער אין 1856 דעם בעריהמטען חאַטי־הומאַיון. מיט דעם ערשטען שריפט זיינען פערזיכערט געוואָרען דורך דער מלוכה דאָס לעבען, די עהרע און אייגענטום פון אַלע טערקישע בירגער, אָהן אונטערשייד פון נאַציאָן און רעליגיאָן. עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרען א רעגעלמעסיגקייט אין דער

טערקישע רע־פאָרמען.

אויפהויבונג פון די רעגירונגס־שטייערען, ווי אויך די רעגולירונג פון מיליטער־דינסט. די רעגירונג האָט אָבגעשאַפט דעם אַלטען מנהג, אַז די גובערנאַטאָרען זאָלען אויפ־מאָהנען די שטייערען אָהן רעכנונג, און זי האָט בעשטימט ספּעציעלע בעאַמטע פון דער צענטראַלער רעגירונג פאַר די שטייערען. דאָס איז געוועזען א טויט־קלאַפּ פאַר דער פריהערדיגער אָרדנונג. צוביסלעכווייז האָבען די מלחמות פון די פּאַשאַ׳ס צווישען זיך אויפגעהערט, און טערקיי איז קאָנסאָלידירט געוואָרען (אויסער עגיפּטען און א פּאָר באַלקאַנישע פּראָווינצען) אונטער איין צענטראַלער רעגירונג.

אויב דער גיולחאַנע־מאַניפעסט איז געווען בלויז דער ערשטער שריט, איז דער מאַניפעסט פון 1856 שוין געווען א ראַדיקאַלע רעפאָרם אין די יסודות פון מוסולמעני־שען שטאַאט. די ניט־מוסולמענישע פעלקער פון טערקיי האָבען נאָך פון פריהער געהאַט געוויסע נאַציאָנעל־רעליגיעזע רעכטע. יעצט זיינען זיי בעשטעטיגט און טיילווייז מאָדיפיצירט געוואָרען. מיט דער פּראָקלאַמירונג פון די פּרינציפּען פון גלייכהייט פאַר׳ן געזעץ, גלייכהייט פון שטייערען און דעם רעכט צו אַלע ציווילע און מיליטערישע עמטע און שטעלען און פרייהייט פון גלויבען און קולט — איז פאָרגעקומען די עמאַנ־סיפּאַציע פון די ניט־מוסולמענישע אונטערטאַנען (אידען און קריסטען). ווייטערדיגע רעפאָרמען זיינען אריינגעבראַכט געוואָרען אין פּאָליציי און אין געריכט, אין אַדמי־ניסטראַציע און אין די פינאַנסען. אָבער ניט אַלע רעפאָרמען זיינען דורכגעפיהרט געוואָ־רען אין לעבען. א בעזונדער בעדייטונג האָבען די באָדען־געזעצען (עראַזי־קאַנוננאַמעסי 1858)און דער גרונד־בוך אָדער טאַפּו־געזעץ (1859). שטעהענדיג נאָך אַלץ אויף דעם יסוד פון דעם טראַדיציאָנעלען פּרינציפּ, אַז דער גאַנצער באָדען געהערט, מיט קליינע אויסנאַהמען, צו דעם שטאַאט — איז דאָך די רעגיסטראַציע פון באָדענס געווען א גרויסער שריט פאָרווערטס, עפענענדיג א ברייטע מעגליכקייט צו דער ענטוויקלונג פון פּריוואַטער איניציאַטיווע און פּריוואַטער אגראַר־ווירטשאַפט אנשטאַט די אָבגע־שטאַנענע האַלב־פעאָדאַלע פאָרמען. מען דאַרף אָבער געדענקען, אַז די׳ע אַלע רע־פאָרמען זיינען נישט אַזוי פערווירקליכט געוואָרען אין לעבען, ווי זיי זיינען געוועזען אויף דעם פּאַפּיער. בעזונדערס — אין די ווייט ליגענדע פּראָווינצען, וועלכע זיינען זעהר שוואַך קאָנטראָלירט געווען פון דער צענטראַלער טערקישער רעגירונג. פאַקטיש זיינען די אַלטע אָרדנונגען געבליבען נאָך אויף לאַנגע צעהנדליגער יאָהרען. דערמיט ערקלערט זיך אויך די ערשיינונג, אַז נאָכדעם ווי סיריען און ארץ ישראל האָבען זיך אומגעקעהרט צו דער טערקיי, האָבען זיך די ווייטערדיגע סכסוכים אין דיעזע לענדער נאָך ניט אָבגעשטעלט. בעזונדערס איז לבנון געוועזען א פּונקט פון שטענדיגע אומרוהען. נאָך פערשיעדענע עקספּערימענטען איז דער טערקיי געלונגען אין יאָהר 1845 געוויסערמאַסען צו רעגולירען די בעציהונגען צווישען די דרוזען און די מאַראָניטען. אין פּופצעהן יאָהר ארום זיינען אויסגעבראָכען נייע אומרוהען. די דרוזען האָבען זיך פעראייניגט מיט די מוטואַלי און בעדואינער, און אונטערגעהעצט פון געוויסע אויסלענדישע אגענטען, האָבען זיי געמאַכט מאַסאַקרען געגען די קריסטליכע מאַראָניטען. דער פאַקט איז, אַז ווי נור די אונרוהען זיינען אויסגעבראָכען, האָבען זיך ענגלאַנד, פראַנקרייך און אַנדערע אייראָפּעאישע מלוכות באַלד אריינגעמישט און צו־זאַמען מיט דער טערקיי געגומען „מאַכען אָרדנונג“ . אין רעזולטאַט האָט דער לבנון בעקומען אויטאָנאָמיע. פון דענסטמאָל אָן בעטייליגען זיך אין דער פערוואַלטונג פון

לבנון אלע זיינע נאציאָנען. די קריסטען האָבען דערביי א געוויסע מעהרהייט אין אד־מיניסטראציע. א קריסטליכער גובערנאטאָר ווערט בעשטימט איבער דעם לבנון פון דער טערקיי מיט דער איינשטימונג פון די אייראָפּעאישע מלוכות. די ענטגילטיגע קאָנ־סטיטוציע פון דער אויטאָנאָמער פּראָווינץ לבנון איז אָנגענומען אין יאָהר 1864.

אונטער די נעכסטע סולטאנען עבד־אלעזיז (אבדול־אזיז) און עבד־אלחמיד (אבדול־חאמיד) זיינען פּאַרטגעזעצט געוואָרען די שטאַאטליכע רעפאָרמען און פינאנץ־וועזען, יוסטיץ און אדמיניסטראציע. מידחאת־פּאשא, איינער פון די אדמיניסטראטיווע גע־ניום'ס פון טערקיי האָט פערפאַסט די טערקישע קאָנסטיטוציע און אין יאָהר 1877 איז צונויפגערופען געוואָרען דער ערשטער טערקישער פּאַרלאַמענט. עבד־אלחמידען איז שפּעטער געלונגען צו סוספּענדירען די קאָנסטיטוציע און אונטערצודריקען די פּריי־הייטס־בעוועגונג אויף א לאַנגער צייט, אָבער די רעוואָלוציע פון יאָהר 1908 האָט ווידער אויפגעלעבט מידחאת־פּאשאס קאָנסטיטוציע און איינגעפיהרט דאָס מאָל אין דער ווירקליכקייט פּאַרלאַמענטארישע אָרדנונג.

---

רעזולטאַטען.

די רעפאָרמען האָבען קאָנסאָלידירט דעם אָטאָמאַנישען שטאַאט, פערבונדען די פּראָווינצען צום צענטער, פערשטאַרקט די צענטראַלע מאַכט און געשאַפען א זיכערהייט פאַר דעם לעבען און אייגענטום אפילו אין די ווייטסטע פּראָווינצען. די אומשטענדען אין סיריען און אין ארץ ישראל האָבען זיך בעזונדערס פערבעסערט א דאַנק דעם בעזונדערען אינטערעס פון אייראָפּא צו דיעזע פּראָווינצען. „דאָס הייליגע לאַנד" פלעגט אלע מאָל זיין א צענטער פאַר עולי־רגל און פּילגרימען. יעצט אָבער האָבען די אייראָפּעער און אַמעריקאַנער אָנגעהויבען ארויסצואווייזען א מעהר רעאַלען אינ־טערעס פאַר לאַנד. אין די 40־ער יאָהרען האָט זיך אָנגעפאַנגען אין אַמעריקא און באַלד נאָכדעם אויך אין דייטשלאַנד א קריסטליכע רעליגיעזע קאָלאָניזאַציאָנס־בעוועגונג פאַר פּאַלעסטינא. אין די פופציגער יאָהרען איז די ערשטע אַמעריקאַנער גרופּע, אונטער דער אָנפיהרונג פון מיסס מינאָר געקומען קיין ארץ ישראל און שפּעטער זיינען ערשיענען די ערשטע דייטשע מילעריטען און טאַמפּליערען. צו דער זעלבער צייט האָט זיך אָנגעהויבען א ברייטע וויסענשאַפטליכע אויספאָרשונגס־ארבייט פון לאַנד. די ענגלענדער און דייטשען, די אַמעריקאַנער און פראַנצויזען קאָנקורירען איינע מיט די אַנדערע אויף דיעזען געביעט פון וויסענשאַפטליכע פאָרשונגען שוין במשך פון יאָהר־צעהנדליגער. נאָך פריהער האָבען די אייראָפּעאישע מלוכות געעפענט קאָנסולאַטען און קאָמערציעלע אנשטאַלטען — און צוזאַמען מיט דעם אויך קלויסטערס. מאָנאַס־טירען און מיסיאָנען צו פערשפּרייטען זייער רעליגיאָן און זייער פּאָליטישען איינ־פלוס. די קאָנקורענץ אויף דעם לעצטען געביעט האָט ארויסגערופען און איהר צייט די מלחמה פון קרים (1854).

טראָץ אלע איהרע חסרונות און נעגאַטיווע רעזולטאַטען האָט אָבער די אייראָפּעַ־אישע קאָנקורענץ, און שפּעטער—די אייראָפּעאישע קאָלאָניזאַציע זעהר פיעל מיטגע־האָלפען צו דער אַלגעמיינער ענטוויקלונג פון לאַנד און צו דעם פּראָגרעס פון איהר בע־פעלקערונג פאַר די לעצטע יאָהרצעהנדליגער.

## ו. די אידען אין דער טערקישער תקופה.

גירוש ספרד

די גרויסע אידישע קאטאסטראפע אין ענדע פון דעם 15טען יאהרהונדערט, די גירושים פון שפאניען און פארטוגאל, האט אריבערגעטראגען א בעדייטענדען טייל פון דעם אידישען פאלק אין די אריענטאלע בעזונדערס אין די אראבישע לענדער — אין מאראקא, אלזשיר, עגיפטען און אין דער טערקיי. נאר א קליינער צווייג פון דעם גרויסען שטראם איז פערטראגען געווארען ביז ארץ ישראל. די ערעבערונג פון ארץ־ישראל (1516) דורך דער טערקיי האט שטארקער פערבונדען די נייע אימיגראנטען פון דער אייראפעאישער און אזיאטישער טערקיי מיט ארץ ישראל, און עטוואס פער־שטארקט די אימיגראציע פון די טערקישע ספרדים אין דעם לאנד. אויב אין דער פריהערדיגער עפאכע פון עגיפטישער הערשאפט בעגעגנען מיר צווישען די אידישע איינוואנדערער און רייזענדע הויפטזעכליך — איטאליענישע (און אין די פריהערדי־גע יאהרהונדערטער — ענגלישע און פראנצויזישע) אידען, שטעלען מיט זיך פאר די איינוואנדערער פון 16טען יאהרהונדערט שוין הויפטזעכליך — שפאנישע און פאר־טוגעזישע עלעמענטען, וועלכע לייגען ארויף זייער שטעמפעל אויף דעם ארטיגען ישוב און ווירקען אויף זיין גאנצען כאראקטער.

פריהער פון אלץ האט זיך די אימיגראציע אבגערופען קוואנטיטאטיוו — אויף דער צאהל פון דער אידישער בעפעלקערונג אין לאנד. צו די צייטען פון ר' עובדיה מברטנורא איז די צאהל אידישע פאמיליעס אין גאנץ ארץ ישראל געווען ניט מעהר פון 500, אדער 2500 נפשות. אין יאהר 1522 טרעפען מיר אין ארץ ישראל שוין א דאפעלטע בעפעלקערונג פון אונגעפעהר 960 פאמיליעס, וועלכע גרופירען זיך אין נ ײ ן פונקטען. הויפטזעכליך האבען זיך פערגרעסערט די אידישע צענטרען אין ירושלם און אין צפת: ירושלם האט צו דער צייט געצעהלט א 2000 נפשות און צפת עטוואס וועניגער. דערפאר אבער האט צפת געהאט די מעלה, וואס ארום איהר זיינען געווען עטליכע קלענערע אידישע ישובים אין די נאהענטע דערפער ווי צ. ב. ש. עין־זיתון, עלמא, פקיעין, כפר־ענן, כפר־קנה, און די אידען האבען דארט געהאט א ברייטערען פעלד פאר פרנסה. אין יהודה זיינען אידען געזעסען אויסער ירושלם אויך אין חברון און עזה: אין שמרון — אין שכם.

די הויפט פרנסה צו יענער צייט איז געווען האנדעל און מלאכה. בנוגע דעם האנדעל האט צפת געהאט די מעלה, וואס זי איז געווען נעהענטער צו דמשק און צו די הויפט־האפענס פון יענער צייט, און ארומגערינגעלט מיט מעהרערע דערפער. די אידען פלעגען פיהרען א גרויסען האנדעל מיט דמשק, מצרים, טערקיי און איירא־פא. אנדערע האבען געהאט האנדעלס־פערבינדונגען אפילו מיט אינדיען, קאחינחינא, קאווקאז, אפגאניסטאן און בוכארא, קיין בעדייטענדער האנדעלס אדער אינדוסטריע צענטער איז אבער דא ניט ענטשטאנען. די מעהרהייט האט געפיהרט א קליין־האנדעל (מיט עסענווארג, בוים־אויל, בשמים, וויין) איז שטאדט און מיט ארומיגע דערפער. אויסערדעם האבען זיך אידען בעשעפטיגט מיט מלאכה, אלס שמיעדען, וועבער, שוסטער, סטאליער, מויערער, גאלדשמיעדען און ריעמערס. אין איינצעלנע פונק־טען האבען זיך אידען אנגעהויבען בעשעפטיגען מיט פ ל א נ ט א צ י א ן און ע ר ד ־ א ר ב י י ט, ווי צ. ב. ש. אין ע ז ה, וואו זיי האבען געהאט אייגענע

פעלדער און כרמים און פראדוצירט וויין נאך אין ענדע פון 15טען יאהרהונדערט און אויך אין צפת און אין איהר אומגעגענד.

מיר זעהען אלזא, אז די נייע אימיגראנטען האבען אין ארץ ישראל ניט געשאפען דאס, וואס זייערע ברידער האבען צו דער זעלבער צייט אויפגעטהאן אין סאלאניק, קאנסטאנטינאפאל און אנדערע פונקטען אויף דעם מיטעלמעער — נייע צענטרען פון האנדעל און פון עקאנאמישער אויפבליהונג. דאס לאנד אלס אזעלכע האט פון די גולי־ספרד ווייניג פראפיטירט, זי זאל קענען ווערען אין א ברייטערער מאס א צוציהונגס־פונקט פאר א גרעסערער צאהל אידען — ווי דאס איז געווען דער פאל מיט סאלאניק און אנדערע פונקטען. דער אידישער ישוב האט זיך, אמת, שטארק פערגרעסערט, אבער קיין נייע וויכטיגע פאזיציאנען זיינען ניט ערווארבען געווארען.

און דאך האט די נייע אימיגראציע גערעטעט דעם ישוב פון זיין קריזיס, געגעבען איהם א מעגליכקייט לאנגזאם און מיט מיה אבער דאך פארטזעצען זיין עקזיסטענץ און קאמף פאר דער צוקונפט. בעזונדערס האט די ספרדישע אימיגראציע פיעל נעגעבען אין רעליגיעז־גייסטיגען זין. דער גירוש ספרד בעצייכענט א נייע גייסטיגע תקופה אין א"י, וועלכע האט געהאט א בעדייטונג ניט נור פאר א"י, נאר פאר די אידען אין אלע אנדערע לענדער. דאס איז געווען די קבלה, א פראדוקט פון די שרעקליכע ליידען, פון די אונגעוועהנליכע יסורים וואס האבען אבגעטויט יעדע נאטירליכע האפנונג אויף א מענשליכער אויסלעזונג בדרך הטבע. די קבלה האט אבגעלייקענט די נאטירליכע וועגען און ארויסגערופען יענע מיסטישע בעוועגונג, וואס האט בעהערשט און פערדונקעלט די קלארע אידישע מוחות אין די נעכסטע עטליכע הונדערט יאהר. די קבלה בעקעמפט די פילאזאפיע און יעדען פרייען געדאנק; זי האט אבער אין זיך געטראגען דעם טיעפען שטרעבען צו א בעפרייאונג פון דער אידישער נאציאן, און דורך דעם, פון דער גאנצער מענשהייט, צו דעם "תקון עולם במלכות שדי", צו דער בעגרינדונג פון גאט'ס רייך אויף דער ערד.

גאולה־שטרעבונגען.

א מעהר רעאלען כאראקטער, און ווי עס שיינט, גאנץ בעשטימטע פאליטישע צוועקען האט געהאט די רייזע פון דוד הראובני (1523), דיזעם מערקווירדיגען מאן, וואס איז געקומען קיין אייראפא מיט א פאליטישע מיסיע פון אידישע פרייע שבטים אין אראביען. דוד הראובני האט געוואלט בעוועגען די אייראפעאישע הערשער קומען צו הילף צו די אידישע שבטים אין זייער פאליטישער אונטערנעהמונג און העלפען זיי אבנעהמען ארץ ישראל פאר אידען. זיין נאכפאלגער שלמה מולכו (דער געוועזענער סעקרעטער פון פארטוגעזישען קעניג) האט מיט דער מיסיע פערבונדען גרויסע משיח'ישע האפנונגען און זיי ביידע האבען ארויסגערופען א גרויסע גערונג אין דער גאנצער אידישער וועלט.

קבלה.

די ביידע בעוועגונגען, די קבליסטישע און די ווירקונג פון דוד הראובני, זיינען געוועזען ענג פערבונדען מיט א"י. דער צענטער פון קבלה איז געוועזען א"י, דער עיקר — צפת, וואו עס האבען געלעבט און געלערנט די גרעסטע אויטאריטעטען פון קבלה, און פון דאנעט האבען זיי פערשפרייט זייער ווירקונג איבער גאנץ חוץ־לארץ: דער רדב"ז (ר' דוד בן אבו־זמרא), ר' יעקב בירב, ר' לוי בן חביב (רלב"ח), ר' יוסף קארו, ר' משה מטראני און זיינע תלמידים האבען אנגעפיהרט ישיבות אין ירושלם און צפת, און זייער אויטאריטעט איז געווען פערשפרייט ווייט איבער די גרעניצען

פון א"י. צפת מיט איהרע ארומיגע הויכע בערג, מיט זייער מיסטישער נאטור, איז געווארען דאס וויעגעלע פון די נייע קבלה־מעטאדען פון דעם אר"י (ר' יצחק לוריא) און פון זיינע תלמידים — די „גורי האר"י." פון דאנען האט זי זיך פערשפרייט איבער דער גאנצער אידישער וועלט.

דוד הראובני.

די צווייטע משיחישע בעוועגונג איז אויך געווען פערבונדען מיט א"י. דוד הראובני האט בעזוכט ירושלם נאך אין יאהר 1523, פאר זיין רייזע קיין אייראפא, און האט אויסגעקוקט, פערשטעלטער־הייד, דעם מקום מקדש. אין 5 יאהר ארום האט אויך שלמה מלכו בעזוכט דאס לאנד און האט פייערליך געפרעדיגט צו תשובה און אנגעזאגט די גאולה. צו יענער צייט זיינען אין א"י און אין דער טערקיי איינגעפיהרט געווארען די „משמרות", דאס הייסט דער מנהג צו פאסטען און תשובה טהון צוויי טעג א וואך. און דיעזער מנהג האט אנגעהאלטען גאנצע דריי יאהר. דערביי האט מען זיך אנגעהויבען פיהרען עטוואס מעהר שטאלצער אין בעצוג צו די רעגירונגס בעאמטע, אין דער זיכערהייט אז די גאולה איז גאר נאהענט. געגען דער בעוועגונג איז שארף ארויסגעטראטען דער רלב"ח וועלכער האט אין דעם געזעהן א פאליטישע געפאהר פאר אידען.

סמיכה - פראגע.

אין פערבינדונג מיט דיעזער בעוועגונג איז ענטשטאנען די שטרעמונג ווידער אויפצובויען די אידישע נאציאנאל־רעליגיעזע אויטאנאמיע, און פריהער פון אלץ — אויפצושטעלען די ס מ י כ ה*) און בעניייען די קראפט פון דעם סנהדרין. ר' יעקב בירב, דער איניציאטאר פון דער בעוועגונג האט אויפגעהויבען א דעבאטע וועגען דער פראגע, און זעהענדיג אז די מעהרהייט פון די רבנים איז מיט איהם איינפערשטאנען, האט ער אויפגערופען א פערזאמלונג פון די רבנים אין צפת, וועלכע האט אנגענומען דעם פארשלאג צו בעניייען די סמיכה, און בעשטימט איהם זעלבסט פאר א רב מוסמך (1534). ער האט פון זיין זייט בעפאלמעכטיגט מיט סמיכה אייניגע פון זיינע חברים און תלמידים. אבער דער רלב"ח, פון ירושלם, איז געווען אונצופריעדען, צוליעב פערזענליכע און אלגעמיינע מאטיווען, און א דאנק די סכסוכים, וועלכע זיינען דערפון ענטשטאנען איז דער גאנצער ענין ווידער בטל געווארען.

אין די געמיינדען גופא זיינען פארגעקומען אויך אנדערע שווערע רייבונגען. די ספרדים־שפאניאלען, וועלכע זיינען קולטורעל און געזעלשאפטליך געשטאנען העכער פאר דער ארטיגער, אראביזירטער, אידישער בעפעלקערונג האבען זיך אויסגעטיילט אין א בעזונדערער ספרדישער געמיינדע. די מאראקאנער (אדער די מערבים) האבען זיך אויך אויסגעטיילט פון די דארטיגע אראביש־שפרעכענדע מאריסקאס. די אשכנזים זיינען נאך פריהער געווען בעזונדער, אזוי אז די אידען האבען געבילדעט פיער געמיינדען. דיעזע טיילונג האט אנגעהאלטען א גאנצען יאהרהונדערט. די קולטורעלע ווירקונג פון די ספרדים האט זיך אויך אויסגעדריקט אין

---

*) ס מ י כ ה — הייסט די יורידישע קאמפעטענץ צו פסקנ'ען א דין־תורה, מיט דעם רעכט ארויפצולעגען אויף די צדדים אז א ב ל י נ א ט א ר י ש ע געלד־שטראף. דאס רעכט איז אריבער פון דעם אמאליגען אידישען סנהדרין אין צייט פון ביהמ"ק צו דעם סנהדרין אין יבנה, און צו דעם נשיאי־הסנהדרין אין צייט פון משנה און תלמוד. — שפעטער מיט דער אויפלעזונג פון סנהדרין, איז די קייט איבערגעריסען געווארען. עס איז דא בעווייזע, אז פון צייט צו צייט האט זיך בענייט דער סנהדרין, ווי צ. ב. ש. אין צעהנטען און עלפטען יאהרהונדערט — אין ארץ ישראל. ר' יעקב בירב האט געוואלט די סמיכה בעניייען אין 16טען יאהרהונדערט.

דעם, וואס זיי האָבען פאקטיש אריינגעבראכט זייער שפּראך (ספּאניאליש), און אויך זייערע מנהגים וועלכע האָבען אָנגעהויבען צו הערשען ביי די אידען פון א"י.

אינערליכע רייבונ־גען.

נאָך א סארט קאַמף איז ענטשטאַנען צווישען די חכמים און דער געוועהנליכער בעפעלקערונג. די חכמים האָבען פערלאַנגט די פּריווילעגיע צו זיין בעפרייט פון די שווערע שטייערען, איינזעהענדיג אין אזא פּריווילעגיע די בעסטע גאראנטיע, אז די ישיבות און דאס לערנען פון תורה זאָל אונגעשטערט און פריי זיך ענטוויקלען. דאס פאָלק האָט פּראָטעסטירט געגען דעם, און דערפון זיינען ענטשטאַנען שווערע רייבונ־גען, וועלכע האָבען אָנגעהאַלטען במשך פון דעם 16טען און 17טען יאָהרהונדערטער. דאס וואס די רבנים און די חכמים האָבען זיך געמוזט נאָך א מאָל און נאָך א מאָל בענוצען מיט די שארפסטע חרמות און איסורים, צייגט אז די לאַסט פון די שטייערען איז געווען זעהר שווער, און אז די אידישע בעפעלקערונג האָט שטארק געליטען פון דער רבנישער פּריווילעגיע און איז געוועזען מיט איהר שטארק אונצופרידען. פיעלע אידען האָבען דעריבער געמוזט פערלאַזען די שטאָדט ירושלם, און דער ישוב האָט אָנגעהויבען ווידער צו זינקען.

צפת אלס צענטר

צו דער זעלבער צייט האָט זיך אָבער דער צענטער אין גליל פערשטארקט. צפת האָט שוין געשפּיעלט א גרעסערע ראָלע אלס ירושלם. שפּעטער איז אויך אויפגעגאנ־גען די זון פון טבריה. די שטייערען אין צפת זיינען געווען קלענער, די לעבענס־מיטלע ביליגער, די פּרנסה לייכטער. הגם אין צפת איז אויך אנגעגאַנגען דער זעלבער קאַמף פון די רבנים און חכמים פאר בעפרייאונג פון שטייערען, אָבער דאָרטען האָבען זיי געפונען א שטארקע געגנערשאפט (ווי מען זעהט פון אן אלטען חרם געגען א געוויסע איינפלוסרייכע פּערזאָן, וואס האָט ערפאָלגרייך בעקעמפט די פּריווילעגיעס פון די חכמים).

די בעדייטונג פון צפת צייגט זיך ארויס סיי אין דעם קאַמפף פאר דער בעניי־אונג פון סמיכה, סיי אין איהר ענטוויקלונג, אלס צענטער פון קבלה. דאָ אין צפת, האָ־בען זיך אויך געגרינדעט די ערשטע אידישע דרוקערייען (1563), וועלכע זיינען גע־וועזען איבערהויפּט די ערשטע דרוקערייען אין אזיען.

אידען ביי לאַנד־ווירטשאפט

אין דעם 16טען יאָהרהונדערט האָט צפת געליטען פון פּעריאָדישע קראַנקהיי־טען. אין דער צייט פון אזעלכע מגפות פלעגט די בעפעלקערונג מוזען פערלאָזען די שטאָדט, און בעזעצען זיך אין די ארומיגע דערפער. שפּעטער פלעגט זי זיך אומקעהרען צוריק, און מיט דער גרעסטער ענערגיע און מסירות נפש אויפבויען די פערלאָזענע אָדער רואינירטע נעסטען. אָבער א טייל פלעגט שוין בלייבען וואוינען אין די ארומיגע דערפער. אין דיעזע דערפער האָבען זיך אידען אָנגעהויבען בעשעפ־טיגען מיט ערד־ארבייט. זיי האָבען ערוואָרבען באָדען און פלעגען ווי עס דערצעהלט אונז א זיכערע קוועלע פון יענער צייט, זייען ווייצען, גערשטען, בוים־וואָהל (קאָטאָן) און אנדערע תבואות. די וויכטיגסטע דערפער וואו אי־דען האָבען זיך, אויף דעם אופן, אָנגעהויבען בעשעפטיגען מיט ערד־ארבייט זיינען געוועזען כפר ברעם און עין־זיתון, און וואהרשיינליך אויך דער דאָרף פקיעין, אין וועלכען עס געפינט זיך א קליינע אידישע אקערבוי בעפעל־קערונג ביז צו היינטיגען טאָג. אז די בעשעפטיגונג מיט לאַנדווירטשאפט האָט אָנגע־הויבען צו שפּיעלען א וויכטיגע ראָלע ביי אידען צו דער צייט זעהען מיר אויך פון דער הייסער דעבאטע, וועלכע איז אָנגעפאַנגען וועגען דעם יאָהר, וועלכען מען זאָל אָנהויבען צו רעכענען אלס שמיטה־יאָהר, און עס איז קלאָר אז דיזע פראַגע האָט

גהאט אין דער צייט פון דעם רדב"ז און פון ר' משה מטראני נאר נאר קיין טעאָרע־
טישע נאר א גאנץ וויכטיגע פראקטישע בעדייטונג.

אין מיטען פון דעם 16־טען יאהרהונדערט איז פארגעקומען צום ערשטען מאל
אין דער אידישער געשיכטע א פערזוך פון א פלאנמעסיגער קאלאניזאציאנס־טעטיג־ יוסף נשיא
קייט. דער געדאנק האט געשטאמט פון ד ו ן י ו ס ף נ ש י א, וועלכער האט
פערנומען א וויכטיגען פלאץ אין דעם דיפלאמאטישען קארפוס פון דעם סולטאן סולייי־
מאן דעם גרויס־געבער (1520־1566). יוסף נשיא האט בעקומען פון דעם סולטאן די
שטאדט ט ב ר י ה , מיט נאך זיבען דערפער ארום איהר, מיט דעם רעכט צו
קאלאניזירען דעם ראיאן מיט אידען. יוסף נשיא האט זיך געווענדעט מיט אן אויפ־
רוף צו אידען אין פערשיעדענע לענדער, וועלכע ער האט איינגעלאדען קומען אין ארץ־
ישראל און זיך דארטען בעזעצען. עס איז בעקאנט, אז אייניגע געמיינדען פון אי־
טאליען און פון דער פאבסטליכער פראווינץ האבען זיך אפגערופען און האבען זא־
גאר בעשלאסען צו עמיגרירען אין א"י. אלס בעלי מלאכות און ערד־ארבייטער (צום
ביישפיעל די געמיינדע פון קורי קאמפאנא — מיט 200 נפשות האט בעשטימט צו
עמיגרירען: אנדערע געמיינדען האבען זיך פערפליכטעט צו העלפען זיי מיט געלד).
יוסף נשיא האט אפילו אנגעגרייט שיפען אין ווענעציא און אין אנקאנא, אראבצו־
ברענגען די איטאליענישע אימיגראנטען. יוסף נשיא האט געשיקט אין טבריה זיין
ספעציעלען פערטרעטער י' בן־אדרית, וועלכען דער סולטאן סוליימאן האט איבער־
געגעבען זיין פירמאן צו דעם פאשא אין דמשק און צו זיין שטעלפערטרעטער אין
צפת. באלד האט מען זיך דארט גענומען צו דער ארבייט. דער ערשטער שריט איז
געווען אויפצובויען טבריה, וועלכע איז פאר די לעצטע 150 יאהר געווען אינגאנצען
פערלאזען. יוסף האט אויפגעשטעלט איהרע מויערן און בעזעצט זי מיט אידען.
דאן האט יוסף געהייסען פלאנצען תות־בוימער צוליעב זיידען־צוכט און האט גע־
בראכט מערינאס־שאף פון שפאניען. זיין געדאנק איז געווען איינצופיהרען אין
א"י וואל־צוכט און זיידען־צוכט, גרינדען שפינערייען און וועבערייען, כדי דאס
לאנד זאל זיין אים שטאנד צו קאנקורירען אין דער בעציהונג מיט ווענעציען און
מיט שפאניען. אויף דעם גרונד פון קאלאניזאציע און אינדוסטריע האט ער געהאפט
א געזונדען אידישען ישוב אויפצובויען. די פארבערייטונגס־ארבייטען זיינען שויי
אין יאהר 1565 געווען צו ענדע, און די ערשטע פארטיי האט זיך בעזעצט אין טבריה.
דאך איז ניט געווען בעשערט יוסף'ס גראנדיעזער פלאן זאל פערווירקליכט ווערען.
אויסערליכע פאליטישע אומשטענדען (די געגנערשאפט פון דעם פראנצויזישען אמבא־
סאדאר און פון יוסף'ס אנדערע פאליטישע פיינד) האבען דערצו געשטערט. דאס
איז אבער ניט געווען, נאטירליך, די איינציגע שטערונג. יוסף'ס פלאן האט זיך אנ־
געשטויסען אויך אן אראבישער געגנערשאפט. אייניגע דארפס־שייכען האבען אויפ־
געהעצט די פעלאחען געגען דער אידישער קאלאניזאציע, פערזיכערענדיג אז דערמיט
הויבט זיך אן דער אונטערגאנג פון איסלאם. כל זמן יוסף נשיא איז געווען פא־
ליטיש שטארק האט ער זיי אונטערדריקט מיט מאכט. די געגנערשאפט איז אבער
ביי די אראבער געבליבען, און ווען יוסף איז געשטארבען, האבען זיי חרב געמאכט
כמעט אלע זיינע ארבייטען. די וויכטיגסטע סבה פון דעם דורכפאל איז אבער
געווען, אהן ספק די, וואס די אידישע בעפעלקערונג פון א"י און פון חו"ל
איז נאך אין דערצייט ניט געווען רייף גענוג אויפצונעהמען דעם בעפרייאונגס־

אידעאל, אלס א רעזולטאט פון א נאטירליכען קאלאניזאציאנס פראצעס מיט אייגענע כחות, אזוי אז דער ערשטער דורכפאל האט זיי געדיענט אלס בעוויז, אז עס איז „ניט דער ריכטיגער וועג צו דער אויסלעזונג". צו יענעם דור האבען מעהר אפעלירט די איבערנאטירליכע פאנטאזיעס פון דעם אר"י (1534—1572) און פון ר' חיים וויטאל. (1543—1620).

קריזיס.

אזוי איז בטל געווארען דער ערשטער אידישער קאלאניזאציאנס פערזוך אין דער נייער צייט, בטל געווארען כדי אבצוטרעטען פלאץ ווידער אמאל דער תקופה פון טעארעטישער און עקספערימענטאלער קבלה (קבלה מעשית), און צו די שעדליכע אוטאפיעס פון שבתי צבי און זיינע נאכפאלגער. נאך דעם טויט פון יוסף נשיא (1579) האבען די ארומיגע פעלאחען, ווי געזאגט, צושטערט אלע ארבייטען, און פון דער גאנצער אונטערנעהמונג איז געבליבען אלס זכר — בלויז דער קליינער אידישער ישוב אין דער שטאדט טבריה — ביז די 70־ער יאהרען פון 17טען יאהר־הונדערט.

שווערע צייטען זיינען אנגעקומען אויף דעם ישוב אין ענדע פון דעם 16טען יאהרהונדערט און אין אנהויב פונ'ם 17טען. צפת האט געליטען פון פעריאדישע מגפות, פון הונגער און פון ווילדע איבערפאלען פון די אראבער און דרוזען פונ'ם לבנון. דער אידישער ישוב אין דער שטאדט איז איינפאך געשטאנען אין געפאהר רואינירט צו ווערען. ארום 1584 יאהר — אזוי דערצעהלט אן עדות פון יענער צייט — זיינען צוליעב דעם יקרות און הונגער ביז 1000 נפשות אויסגעוואנדערט פון דער שטאדט. עס איז נור צו פערדאנקען דער אויסערגעוועהנליכער ענערגיע און מסירות נפש פון די צפת'ער אידען, וועלכע האבען ניט געוואלט בשום אופן איינגאנצען פערלאזען די הייליגע שטאדט און די קברים פון זייערע עלטערן, וואס די געמיינדע איז ניט רואינירט געווארען און פארטגעזעצט איהר עקזיסטענץ ביז אונזער צייט. די וואס זיינען אוועקגעפאהרען האבען עמיגרירט קיין דמשק, טיילווייז אויך קיין ירושלם, חברון, עזה און קלענערע פונקטען. צו דיעזער צייט געפינען מיר א אי־דישען ערד־ארבייטער ישוב אין דער אומגעגענד פון צ י ד ו ן און א גרויסען אידישען ישוב אין די דערפער ארום צפת, אין פ ק י ע י ן, אין כ פ ר ־ ע נ ן, אין ע י ן ־ ז י ת ו ן און אין ב י ר י א ה. אין די לעצטע צוויי זיינען אפילו געוועזען פון צייט צו צייט אידישע ד ר ו ק ע ר י י ע ן. אין כפר־ענן (כפר חנניה) ווי אין די אנדערע זיינען געוועזען שולען מיט ארגאניזירטע קהלות. א טייל פון די אידען אין די דערפער, אין פקיעין און אין אנדערע, האט זיך, ווי עס שיינט, שוין פון דאן אן בעשעפטיגט מיט ערד־ארבייט.

דער ישוב אין צפת איז ניט אבגעשטארבען. נאך די שווערע צייטען האט זיך די געמיינדע ווידער פערגרעסערט הגם זי האט שוין מעהר ניט דערגרייכט צו דער שטופע אויף וועלכער זי איז געשטאנען אין איהר גלאנץ־פעריאדע, אין 16טען יאהר־הונדערט.

אבן ־ פארוך'ס רדיפות.

שווערע צייטען האט איבערגעלעבט אויך ירושלם. דער פאנאטיזם פון דער שטאדטישער מוסולמענישער מאסע און דער דרוק פון די קליינע זעלבסטהערשער זיינען געווען אונערטרעגליך. איינער פון די קליינע טיראנען איז געווען דער נאיב אבו־סאייפון, וועלכער האט אין יאהר 1570 פערפאלגט די אידען מיט שווערע שטייערען. אין יאהר 1586 האט מען אוועקגערויבט ביי די אידען זייער אלטע (און צו יענער צייט איינציגע) אידישע שול, וועלכע איז געוועזען געבויט נאך פון

דעם רמב״ן. נאָך דער קורצער עפּאָכע פון מחמוד־פּאשא, ווען אידען האָבען זיך געפיהלט פרייער, געקויפט פעלדער און געבויט הייזער אין ירושלם (צו דיזער צייט איז געבויט געוואָרען די קליינע געביידע אויף רחל׳ס קבר) זיינען אָנגעקומען רדיפות (1625) פון דעם אראבישען שטאטהאלטער אבן־פארוך און פון זיין שוואגער עתמאַן־אַגא. פערכאַפּענדיג די הערשאַפט איבער דער שטאָדט האָט ער ארויסגעטריבען דעם טערקישען יאַניטשאַרען־גאַרניזאָן פון דער פעסטונג (מגדל דוד) און איז געוואָרען אַ פּאָלשטענדיגער בעל־הבית. מיט אינקוויזיציאָנע מיטלען האָט ער געפּרעסט געלד ביי דער בעפעלקערונג. בעזונדערס האָבען אָבער געליטען די אידען, וועלכע זיינען געווען געצוואונגען יעדעס מאָל זיך אויסצוקויפען פון די נייע גזרות. ווען עס איז שוין ניט געווען מעהר קיין געלד, האָבען די אידען געמוזט אָנקומען צו די שכנים און לייהען געלד אויף גרויסע צינזען. סוף כל סוף האָט ער געוואָלט אויפהענגען די אידישע פארשטעהער און האָט זיי געפיהרט מיט שטריק אויפ׳ן האלז איבער׳ן שטאָדט. אַן ענדע צו זיין הערשאַפט איז געקומען ערשט אין יאָהר 1627, ווען ער איז ארונטערגעזעצט און געטויטעט געוואָרען פון דער טערקישער רעגירונג, צוליעב זיינע ווילדע מעשים. זיין נאָמען איז אָבער געבליבען נאָך לאַנג צו פלוך, אַלס אַ נאָמען פון אַ טעראָריסטישען דעספּאָט, וועלכער האָט כמעט אינגאנצען רואינירט די אידישע געמיינדע.

באמת, צוליעב די שרעקליכע פערפאָלגונגען און יסורים, איז אַ גרויסער טייל פון די אידען צולאָפען אין טויט־שרעק, און עס איז געבליבען בלויז איין דריטעל פון דער אידישער בעפעלקערונג. די ישיבות און די בתי־דינים זיינען פערמאַכט געוואָרען. אלס אַ רעזולטאַט איז די אשכנזישע געמיינדע פון ירושלם, וואָס האָט עקזיסטירט העכער 150 יאָהר, בטל געוואָרען נאָכדעם ווען דער של״ה (ישעיה הלוי הורוויץ, מחבר פון „שני־לוחות הברית") האָט געמוזט אנטלויפען פון אבן־פארוך׳ס פערפאָלגונגען. די אנטלאָפענע זיינען אוועק קיין חברון, צפת, עזה, טבריה און אנדערע ערטער. אויף דער געמיינדע איז געבליבען׳ אַ חוב פון 50.000 פּיאַסטער (אין יענע צייטען האָט דער פּיאַסטער געהאַט אין 4 מאָל אַ גרעסערען ווערטה, ווי היינט). די אידישע געמיינדע האָט געמוזט ארויסשיקען אַ בעזונדער שליח אין אייראָפּא צו זאַמלען געלד, כדי קענען אויסצוקויפען זיך פון די אונגעהויערע חובות, וועלכע האָבען געדריקט די אידען נאָך דער תקופה פון דיזע רדיפות.*)

אזוי טרעפען מיר דעם ישוב אין מיטען פונ׳ם 17טען יאָהרהונדערט אין אַ גרויסער ירידה. די בלוטיגע מאַסאַקרען פון חמעלניצקי אין דעם יאָהר 1648 (גזרת ת״ח)

---

*) זעהר כאראקטעריסטיש ווערט געשילדערט די גאנצע תקופה אין דעם בוך „חרבות־ירושלם", וועלכע איז צו דער צייט ערשיענען אין איטאליען. דער מחבר דערצעהלט די אורזאכען פון דעם חורבן (די איטאליענישע אידען האָבען עס דאַן גערופען: „דער דריטער חורבן"). ער דערצעהלט, אַז פאַר די רדיפות איז די מאַטעריעלע לאַגע געווען זעהר גוט. פיעלע אידען פון פערשיעדענע לענדער האָבען זיך שוין גענומען זאַמלען אין ארץ ישראל, „מען האָט געקויפט פעלדער און געבויט הייזער", און עס האָט ווירקליך געשיינט, אַז די גאולה איז גאַר נאָהענט. פּלוצלונג זיינען אָנגעקומען די שווערע פערפאָלגונגען. אנטלויפען האָט מען ניט געקאָנט — און ניט געוואָלט:: ווען די רייכע זאָלען אנטלויפען, וואָס וואָלטען געטהון די אָרעמע? ווען אפילו אלע זאָלען אוועק — וואָלטען די אראבער פערכאַפּט די הייזער, פעראומרייניגט די שולען, די קברים און דעם כתל־מערבי— און דער אידישער ישוב מיט די אידישע האָפנונגען וואָלטען אינגאנצען אויסגעלאָשען געוואָרען. צום סוף ווענדעט זיך דער מחבר צו די אידען פון חו״ל מיט דעם אלטען וואָרט: „אין א״י נקנית, אלא ע״י יסורים" — „מיינט ניט, אַז מען קאָן עראָבערן דאָס לאַנד אָהן קרבנות און יסורים"...

אין פוילען און אוקריינא האבען זיך שווער אבגערופען אויך אויף א"י, ווארום די אויסלענדישע געמיינדען פון די לענדער, וועלכע פלעגען פריהער (אין דער צייט פון דעם בעל השל"ה) שטיצען די אידען אין א"י — זיינען יעצט אליין געוועזען אין גרויס נויט אדער זאגאר רואינירט. א שווערע לאגע האט איבערגעלעבט די געמיינדע פון ירושלים אין יאהר 1663, ווען שבתי צבי איז אהינצו געקומען און זיך אנגעטהאן סגופים און תעניתים; די ירושלמ'ער אידען האבען געמוזט אנ־קומען צו זיין פערמיטלונג, כדי בעקומען א שטיצע פון זיין פריינד און חסיד דעם רייכען רפאל טשעלבי פון מצרים: דיעזע שטיצע האט צוגעגעבען א גרויסען פרעס־טיזש שבתי צבי'ען, וועלכער האט געוואוסט ווי עס אויסצונוצען. זי האט אבער ניט פערשאפט קיין כבוד דער אידישער געמיינדע אין ירושלים. פון די צופעליגע הכנסות האט זיך די לאגע אבער ניט פערפעסטיגט, און עס איז בעקאנט, אז ווען די בעלי־חובות האבען אנגעפאנגען שטרענג צו מאהנען, האבען זעהר פיעלע אידען געמוזט פערלאזען די שטאדט. דער איינציגער מיטעל איז געוועזען — צו שיקען מענשען אין אייראפא נאך הילף. די אידישע געמיינדען אין אייראפא זיינען געקו־מען צו הילף, בעזונדערס די דריי געמיינדען פון ליווארנא, ווענעציא און אמסטערדאם. און נור א דאנק דעם איז געלונגען די אידען אין ארץ ישראל ווי עס איז ארויסקריכען פון די חובות.*)

שבתי צבי.

נאך דעם ווי אבן־פארוך איז ארונטערגעזעצט געווארען, האבען זיך אויך די אשכנזים טיילווייז צוריק אומגעקעהרט. אבער במשך פון דעם גאנצען 17טען יאהר־הונדערט האבען זיי קיין געמיינדע דארט ניט געבילדעט. ערשט אין די יאהרען ת"ס־תס"א (1700-1701) איז פארגעקומען א וויכטיגע פאסירונג וועלכע האט פאר־דאפעלט די אשכנזי'ישע בעפעלקערונג. דאס איז געוועזען די אימיגראציע פון דער פוילישער חסידים־גרופע (ניט צו פערמישען מיט די שפעטערדיגע חסידים פון בעש"ט), מיט ר' יהודה החסיד און חיים מלאך אין דער שפיצע. דיעזע בעוועגונג איז פון איהר זייט ענטשטאנען א דאנק דער שבתי־צבי־אישער משיח'שער בעוועגונג, וועלכע האט אויפגערודערט די גאנצע אידישע וועלט. א גרופע פון גאנצע 1300 נפשות, פרויען, מענער און קינדער, האט פערלאזען זייער היים, און דורך מעהרען, אונגארן און ווענעציע געקומען קיין ארץ־ישראל. (אן אנדער טייל איז געפאהרען דורך קאנסטאנטינאפאל). ביז 500 נפשות זיינען געשטארבען אויף'ן וועג, די איבעריגע זיינען געקומען אין ירושלים כדי זיך דארט צו בעזעצען. אין ערווארטונג פון דער גיכער גאולה. אזא גרויסע פלוצלומדיגע אימיגראציע, וועלכע איז דערצו ניט געוועזען בעזארגט און ארגאניזירט, האט ארויסגערופען א שרעקליכע ענטוישונג. א טייל זיינען געשטארבען פון הונגער און קראנקהייטען, ר' יהודה איז אויך באלד געשטארבען, אייניגע זיינען ארייגעפאלען אין יאוש און אנגענומען דעם אסלאם, אנדערע זיינען געפאהרען צוריק קיין אייראפא, אזוי אז אין אלגעמיין האט

ר' יהודה חסיד.

*) איינער פון די מיטלען, וועלכע די אידען האבען אנגענומען איז געוועזען די בעוואוסטע תקנה, אז יעדער מאן וועלכער שטארבט אין ירושלים אהן יורשים מן התורה, וועלכע זיינען אנוועזענד אין א"י, בלייבט זיין גאנצע ירושה צו גונסטען פון דער געמיינדע. דיעזע הכנסה פון די ירושות פלעגט געהן ספעציעל אויף אבצאהלען די רעגירונגס־שטייערען. די גאנצע געמיינדע האט זיך יעהרליך געניטיגט אין 10.000 פיאסטער, אבער די ארטיגע בע"ב האבען אליין ניט געקאנט אינקאסירען מעהר פאר 2.000 פיאסטער. אין גאנצען האט א"י צו יענער צייט (1700) געצעהלט 1500 — 2000 נפשות, אין ירושלים אליין איז געוועזען נאהענט צו 1000 ארעמע נפשות (שפת אמת).

דיזע בעוועגונג געבראכט פאר'ן ישוב בלויז א שעדליכען רעזולטאט. א קליינע טייל איז אבער דאך פארבליבען. זייענדיג פארבונדען מיט די אידען פון אויסלאנד, האט זי בעקומען פון דארטען א רעגולערע שטיצע. דאס האט זיי געגעבען א מעגליכקייט צו עקזיסטירען אין ירושלם במשך פון קארגע 20 יאהר. זיי זיינען אבער אריינגעפאלען אין אזעלכע געוואלדיגע חובות צו די שכנים־אראבער, אז זיי האבען ניט געקאנט אויסצאהלען אפילו די פראצענטען. זיי האבען זיך געווענדעט נאך שטיצע אין אויסלאנד, פון וואנענט מען איז געקומען צו הילף, — אבער די הילף איז שוין געווען צו שפעט. אין יאהר 1721 איז דער אשכנזי'שער ישוב ווידער אמאל חרב געווארען. די אראבער האבען פארברענט די אשכנזי'שע שול און פערכאפט זייערע הייזער (פאר די חובות) און דאס מאל איז דער אשכנזי'שער ישוב צושטערט געווארען אויף גאנצע 90 יאהר. די אשכנזים האבען געמוזט פערלאזען די שטאדט, אימיגרירען אין חברון און צפת, און די איבערגעבליבענע האבען זיך געמוזט פארשטעלען פאר ספרדים, צוליעב דעם שרעק פאר די אראבער.

א וויכטיגע פאסירונג אין דעם אידישען לעבען אין גליל איז פארבונדען מיט דער הערשאפט פון דעם שייך־דאהיר אין 18־טען יאהרהונדערט. דיעזער שייך, וועלכער האט זיך בעפעסטיגט אין צפת און אין טבריה, האט זיך געטראגען מיט ברייטע עקאנאמישע און פאליטישע פלענער. ער האט איינגעלאדען צו זיך אידען, ווי אויך גריכען פון קיפרוס, און אנדערע צו קאלאניזירען זיך אין זיינע לענדער. אין יאהר 1742 האט ער איינגעלאדען ר' ח י י ם א ב ו א ל ע פ י י א פון אזמיר „ער זאל קומען ירשנ'ען די לאנד פולן זיינע עלטערן" — טבריה (ר' חיים'ס זיידע איז דארטען געוועזען א רב אין דעם פאריגען יאהרהונדערט). ר' חיים אבולאפייא איז געקומען און האט געגרינדעט אין דער שטאדט, וועלכע איז געווען זייט 70 יאהר פערלאזען פון אידען, — א נייעם אידישען ישוב. ער האט געבויט הייזער און קלייטען, דורכגעלעגט וועגען און א נ ג ע ה ו י ב ע ן א נ צ ו פ י ה ר ע ן א א י ד י ש ע ק א ל א נ י ז א צ י ע א י ן ג ל י ל. נאך א הפסקה פון 170 יאהר, פון יוסף נשיא'ס קאלאניזאציע ארום טבריה. פון דיעזער טעטיגקייט איז געבליבען ווייניג ערינערונגען, אבער אייניגע רעשטען זיינען נאך דא ביז יעצט. דער אידישער אקערבוי־ישוב אין ש פ ר ע ם איז דורך איהם געגרינדעט. אין דער זעלבער תקופה בעגעגענען מיר אויך די עקזיסטענץ פון פ ק י ע י ן מיט א אידישער אקערבוי־בעפעלקערונג פון 50 פאמיליעס. אויך אין אנדערע ערטער, ווי אין כפר־יאסיף, טרעפען מיר אידישע איינוואהנער מיט אידישע פעלדער; צו דער זעלבער צייט געפינען מיר א אידישען ישוב אויך אין צידון, אין עכו, אין כפר־ענן, אין חיפה און נאך אין א פאר ערטער. דער ישוב אין דיזע ערטער עקזיסטירט אהן אונטער־ברעכען ביז אונזער צייט.

ר' חיים אבו־אלעפייא.

דער סוף פון 18טען יאהרהונדערט בעצייכענט זיך מיט דעם אויפשוואונג פון דער נייער חסידישער בעוועגונג פון'ם בעש"ט. די חסידות איז געוועזען טיעף פערבונדען מיט אויסלעזונגס־טרוימען. די מאסאקרען פון די היידאמאקען אין וואהלין און פאדאליען (גזרת תקכ"ח־1768) אין וועלכע עס זיינען אומגעקומען ביז 30.000 אידען האבען פערשטארקט די משיח'שע האפנונגען. עס האט זיך אנגעפאנגען א נייע בעוועגונג נאך ארץ־ישראל — און אין יאהר 1777 זיינען געקומען קיין ארץ־ ישראל 300 נפשות אונטער דער פיהרערשאפט פון ר' מ"מ וויטעבסקער, ר"א קאליסקער און ר"י פאליצקער. אזוי ווי אין ירושלם איז דאן קיין אשכנזישע געמיינדע ניט געוועזן

נייע חסידים.

(און האט ניט געקאנט זיין צוליעב דעם פריהערדיגען באנקראט) האבען זיך די נייע אימיגראנטען באזעצט אין צפת און אין טבריה. מאטעריעל איז די לאגע פון די אנגעקומענע געוועזען קריטיש, און דאס האט זיי געצוואונגען אנווענדען אלע כחות צו בעקומען שטיצע פון אויסלאנד. דערביי האבען זיך אבער געגויטיגט אין שטיצע ניט בלויז די חכמים און רבנים — נאר די גאנצע געמיינדע. פון דאנענט נעהמט זיך דער אונטערשיעד, וועלכער עקזיסטירט נאך ביז היינט צווישען די ספרדים און די אשכנזים: ביי די ערשטע נעהמען חלוקה בלויז די חכמים און ארימע לייט — און ביי די אשכנזים —— בענוצען זיך מיט דער חלוקה אלע מיטגליעדער פון דער געמיינדע אהן אונטערשיעד.

פרושים. אויסער די חסידים איז נאך געוועזען א פריהערדיגע אשכנזישע בעפעלקערונג. זיי האבען געהייסען, אין אונטערשיעד פון די חסידים — פרושים (ד. ה. אבגעטיילטע פון חסידות). אזוי האבען אין רושלם גופא געוואוינט (אין יאהר 1768) 50 נפשות. אין טבריה בעגעגענען מיר אשכנזים נאך אין יאהר 1765: אין צפת, חברון און עזה — נאך פריהער. באלד נאך דעם האט זיך אנגעפאנגען א נייע אימיגראציע — פון פרושים, תלמידים פון דעם ווילנער גאון (ר' אליהו). אונטער דער פיהרערשאפט פון ר' מנחם מענדיל און ר' ישראל שקלאווער (1805). אזוי ווי די עקאנאמישע לאגע פון די פרושים איז געוועזען ניט בעסער ווי פון די חסידים האבען זיי אויך געמוזט שיקען ספעציעלע שלוחים קיין רוסלאנד און פוילען אום צו פארזיכערען די זאמלונג פאר ארץ ישראל און מאכען עס פאר א שטענדיגען אנשטאלט. אין יאהר 1812 האבען די אשכנזים אויפגעבויט דעם אזוי־גערופענעם אשכנזישען „דיר" (חצור), און געגרינדעט א בעזונדערע ישיבה.

ירושלים און חברון. די אשכנזישע געמיינדע האט זיך אבער אלץ ניט געקאנט פיהלען זיכער אין ירושלים, כל זמן עס איז איבער איהר קאפ געהאנגען דער דאמאקלעס־שווערד — דער אלטער חוב פון זייערע עלטער־זיידעס מיט ניינציג יאהר צוריק. ערשט אין יאהר 1837 איז די אשכנזים אין ירושלם געלונגען ארויסצוקריגען א פירמאן פון דער עגיפטישער רעגירונג וועלכער האט בעפרייט די נייע געמיינדע פון די אמאליגע חובות. דאן איז די געמיינדע אפיציעל בענייט געווארען. עס איז אויפגעבויט געווארען די נייע שול אויף דעם ארט וואו עס זיינען געוועזען די רואינען פון ר' יהודה החסיד'ס שול, — דאס איז די יעצטיגע גרעסטע אשכנזישע שול „מנחם ציון". „חורבת רבי יהודה החסיד" אדער ווי דאס פאלק רופט זי אן „די חורבה". פון דענסטמאל אן האט זיך די אשכנזישע געמיינדע געשטעלט אויף א פעסטע פוס און שנעל פראגרעסירט. ערשט אין יאהר 1816 האבען די אשכנזים געצעהלט 20 נפשות און אין 1827 — 160 נפשות. אין צוואנציג יאהר ארום טרעפען מיר שוין א בעפעלקערונג פון 1.000 אשכנזים. צו דער זעלבער צייט איז די אלגעמיינע אידישע בעפעלקערונג אויסגעוואקסען ביז 4.000 נפשות (אין יאהר 1845). די חברונער געמיינדע איז אויך שטארק פערגרעסערט געווארען — ביז 500 נפשות.

דער וואוקס פון די ירושלם'עס און חברונ'ער געמיינדע אין אנהויב פון 18טען יאהרהונדערט איז אבער פארגעקומען ניט צוליעב אימיגראציע פון אויסלאנד, נאר גיכער צוליעב דער אינערליכער איינוואנדערונג פון גליל, וואו די ערשטע יאהרצעהנדליגער פון 19טען יאהרהונדערט האבען געבראכט צו די אידען גרויסע צרות. בעזונדערס האבען געליטען די אידען פון צפת. די פערפאלגונגען פון עבדאללה־

צפת און טבריה.

פאשא האבען ארייגעטריבען די צפת'ער געמיינדע אין גרויסע חובות (ביז 400.000 פיאסטער) און זיי האבען שרעקליך געליטען פון זייערע בעלי־חובות. דאס איז אבער געוועזען גארנישט אין פערגלייך מיט די צרות וועלכע די צפת'ער אידען איז אויסגעקומען אויסצושטעהן אין דעם פאלגענדען יאהר־צעהנדליג. אין יאהר 1834 איז פארגעקומען א דרוזען־אויפשטאנד: דיווילדע דרוזען האבען צוראבירט די צפת'ער אידען, און געמאכט א שרעקליכען פאגראם. די אידען האבען ניט געהאט קיין פערטיידיגער. פיעלע זיינען דער'הרג'עט און צוקאליעטשעט געווארען. ערשט שפעטער, ווען די מרידה איז איינגעשטילט געווארען זיינען 13 פון די מורדים אויפגעהאנגען געווארען (דורך דער עגיפטישער רעגירונג). דער מאטעריעלער פערלוסט פון די אידען אין צפת איז אבגעשאצט געווארען אין זעקס מיליאן פיאסטער. אבער נור א קליינע טייל דערפון איז זיי אומגעקעהרט געווארען.

דער דרוזען־פאגראם האט זיך איבערגע'חזר'ט אין פיער יאהר ארום אין דער זעלבער שטאדט, מיט די זעלביגע פרטים: שולען זיינען פערברענט, ספר־תורות פעראומרייניגט, מענער און פרויען געטויטעט און געשענדעט געווארען. אבער אויסער דיעזע פאגראמען האט די צפת'ער בעפעלקערונג געליטען פון אן אנדער אומגליק, וועלכער האט חרב געמאכט די גאנצע שטאדט: דאס איז די גרויסע ערדציטערניש אין יאהר 1837. די ערדציטערניש האט ניט געמאכט קיין אונטערשיעד צווישען אידען און גויים. אויסער צפת האבען נאכ 30 דערפער אין דער אומגעגענד געליטען פון דער ערדציטערניש. בעזונדערס האט אבער אויך דער אומגליק געטראפען די אידען, וועלכע האבען געוואהנט געדיכט אויף דעם שפוע (אבהאנג) פון בארג. מעהר פון העלפט אידישער בעפעלקערונג איז אומגעקומען אונטער די רואינען פון צפת (ביז 2000 נפשות) אויסער די פערוואונדעטע און צוקאליעטשעטע וועלכע עס איז געלונגען צו רעטען. אין טבריה האט זיך דער אומגליק אבגעשפיעלט שוואכער, דאך זיינען דארטען אויך אומגעקומען ביז 700 נפשות. פון שרעק און פערצווייפלונג זיינען די איבעריגע אידען צולאפען — מעהרסטענטיילס האבען זיי זיך בעזעצט אין ירושלם און אין חברון, און נור איינצעלנע זיינען געבליבען אין די אלטע ערטער, אין צפת און אין טבריה, וועלכע האבען אנגעווארען די צענטראלע בעדייטונג וואס זיי האבען געשפיעלט די לעצטע עטליכע הונדערט יאהר אין ארץ ישראל.

אין די פערציגער יאהרען טרעפען מיר אין צפת בלויז 250 פאמיליעס, ד. ד. א 1200־1300 נפשות און אין טבריה 130 פאמיליעס, ד. ה. נאהענט צו 700 נפשות. דאגעגען טרעפען מיר אין ירושלם 4000 און אין חברון 500 נפשות. אין יפו (איז וועלכער אין אנהויב פון 19טען יאהרהונדערט איז געוועזען בלויז 2 אידען) — 30 נפשות. נאך 200 פאמיליעס האבען געוואהנט אין שכם, פקיעין, הצבייה און דר־אל־קאמר, צוזאמען אלזא א בעפעלקערונג פון 7500 נפשות, ד. ה. אונגעפעהר אזוי פיעל וויפיעל ר' בנימן מטודילה האט געטראפען מיט קארגע זיבען הונדערט יאהר צוריק, אין 12טען יאהרהונדערט.

צווייטע העלפט פון 19טען יאהרהונדערט.

דעסטא בולט'ער מערקט זיך דער שנעלער פראגרעס פון דער אידישער בעפעלקערונג אין א"י אין דער צווייטער העלפט פון דעם 19טען יאהרהונדערט. דער געדאנק פון אידישער קאלאניזאציע (וועגען וועלכער מיר וועלען ברייטער רעדען אויף איהר פלאץ) איז געבוירען געווארען ביי אייניגע אידען אין ארץ ישראל גופא, ווי אויך ביי משה מנטפיורי נאך מיט 80 יאהר צוריק. אבער די לעצטע טערקיש־

עגיפּטישע מלחמה און שפּעטער די דמשק׳ער עלילת־דם, האָבן זיינע פּלענער אויף א געוויסע צייט צושטערט*).

שפּעטער האָט ער זיך אָבער צוריק צו דעם געדאנק אומגעקעהרט. אין 1856 האָט מאָנטעפיאָרע געמאכט דעם ערשטען שריט, אויסארבייטענדיג קאָנקרעטע פּלענער און קויפענדיג דעם ערשטען פּרדס לעבען יפו. אין 13 יאָהר ארום איז געגרינדעט געוואָרען די ערשטע אידישע אקערבוי־שולע אין מקוה ישראל (1869), און מיט 8 יאָהר שפּעטער איז שוין געלעגט געוואָרען דער ערשטער יסוד פאַר דער ערשטער אידישער קאָלאָניע פּתח־תקוה (1878). אין אָנהויב פון די 80ער יאָהרען איז ענטשטאַנען די ביל״ו בעוועגונג. עס האָבען זיך געגרינדעט די ערשטע אידישע קאָלאָניען־גרופּען ארום יפו, חיפה און צפת. שפּעטער האָט זיך די אידישע קאָלאָניזאציע פערשפּרייט איבער גאַנץ יהודה, גליל התחתון און עמק יזרעאל, און בּאַדענס זיינען געקויפט געוואָרען אפילו אין עבר הירדן. יעצט צעהלען מיר שוין ביז פופציג אידישע קאָלאָניעס און פאַרמס; כמעט א העלפט פון זיי אין יהודה, 8 אין שמרון און די איבריגע אין גליל העליון און אין גליל התחתון: דער לעצטער (גליל טבריה) איז געוואָרען אויף העלפט א אידישע טעריטאָריע, סיי לויט דער צאָהל פון די קאָלאָניעס (לגבי די איבעריגע דערפער) סיי לויט דער צאָהל פון דער בעפעלקערונג און פון דעם בעארבייטען בּאָדען (גענויער אין דעם קאַפּיטעל וועגען קאָלאָניזאַציאָן אין צווייטען באַנד).

דער שטאָדטישער ישוב האָט זיך פאַר דעם האַלבען יאָהרהונדערט זעהר שנעל ענטוויקעלט. ערשט אין יאָהר 1845 האָט ער געצעהלט 7500 נפשות. מיט צוועלף יאָהר שפּעטער — שוין 10.000 נפשות; אין 20 יאָהר ארום (1870) האָט ער זיך פערדאָפּעלט (21.000 נפשות). אין ניינצעהן יאָהר שפּעטער (1895) מעהר ווי פערדאָפּעלט (ביז 45.000 נפשות אין שטאָדט און 2500 אין די קאָלאָניעס). די לעצטע 19 יאָהר האָבען ווידער געבראַכט א פערדאָפּלונג פון דער אידישער בעפעלקערונג, וועלכע צעהלט יעצט נאָהענט צו הונדערט טויזענד נפשות, אין דער צאָהל אריינגערעכענט א פערצעהנטויזענדיגע בעפעלקערונג אין די אידישע פאַרמס און קאָלאָניעס.

דיעזע ענטוויקלונג געהערט, אָבער, שוין צו דער געגענוואַרט, און וועט בעהאַנדעלט ווערען פון אונז בעזונדער.

---

*) אין יאָהר 1840 איז פאָרגעקומען אין דמשק א שרעקליכער בלבול אויף אידען, אז זיי האָבען דער׳הרג׳עט א געוויסען קריסטליכען גלח טהאָמאס צוליעב ריטועלע צוועקען. דער פראַנצויזישער קאָנסול האָט אונטערשטיצט דיעזע בלוטיגע בעשולדיגונג. די אָנגעזעהענסטע מענשען פון דער אידישער געמיינדע אין דמשק זיינען ארעסטירט געוואָרען און מערדערליך געפּייניגט, כדי זיי זאָלען זיך מודה זיין אין דעם מאָרד. 4 פּערזאָנען זיינען געשטאָרבען אונטער די הענד פון די אינקוויזיטאָרען, און עס האָבען גוזאָלט פּאָרקומען מאַסאַקרען געגען די אידען. דיעזער בלוט־בלבול האָט ארויסגערופען א גרויסע אויפרעגונג ביי אַלע אידען אין אייראָפּא. אויף ספּעציעלע קאָנפערענצען איז בעשלאָסען געוואָרען קומען צו הילף די אידען פון דמשק אין דעם ענין וועלכער האָט אַן אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע בעדייטונג. משה מאָנטעפיורי, יצחק כרמיה און שלמה מונק זיינען צו דעם צוועק געפאָהרען אין עגיפּטען, און זיי איז געלונגען אראָבצונעהמען דעם פלעק פונ׳ם בלבול, און אויך צו בעפרייען די געפאַנגענע. שפּעטער האָט די טערקישע רעגירונג ארויסגעגעבען א בעזונדער פירמאַן, וועלכער האָט פערווערט אויף ווייטער ריטועלע בלוט־בעשולדיגונגען געגען אידען. דיעזער אינצידענט האָט געגעבען א שטויס צו דעם געדאַנק פון „אַלוועלטליכען אידישען פערבאַנד״ („אַליאַנס איזראַעליט אוניווערזעיל״), אָדער כל ישראל חברים (כי״ח), וועלכער האָט זיך, אָבער, פערווירקליכט (דורך דער איניציאַטיווע פון די זעלבע פּערזאָנען, וואָס זיינען געוועזען אין זייער צייט פּעראינטערעסירט אין דעם דמשק׳ער פּראָצעס) ערשט אין צוואַנציג יאָהר ארום.

## שלום.

דערמיט קענען מיר שליסען אונזער היסטארישען איבערבליק. די ווייטערדיגע געשעהענישען געהערען אייגענטליך צו דער ענטשטעהונג און צו דער ענטוויקלונג פון דעם נייעם ישוב.

פאר דעם שלוס ווילען מיר אבער זאגען א פאר ווערטער וועגען דעם לעצטען טייל פון דער אידישער געשיכטע אין א"י — פון נאך דעם חורבן.

דיעזע תקופה ווערט צופאלען, ווי מיר האבען געזעהן, אויף צוויי, ניט קיין גלייכע חלקים: דער ערשטער טייל ציהט זיך פון דעם חורבן ביז דעם אנהויב פון אראבישער הערשאפט און פערנעהמט א דריטעל פון דער גלות-פעריאדע; דער צווייטער טייל דויערט שוין עלף-צוועלף הונדערט יאהר.

אין דעם ערשטען טייל בעגעגנען מיר די אידען אין א"י אין קאמפאקטע מאסען אלס אקערבויער אזוי גוט ווי שטאדטישע איינוואהנער. הויפטזעכליך בעשעפטיגען זיך אבער די אידען ביז דעם 8טען יאהרהונדערט אלץ מיט לאנדווירטשאפט. איז דיעזער תקופה זעהען מיר נאך ארוים די אידישע אקטיוויטעט. אידען ליידען פון דעם רוימיש-ביזאנטישען דרוק, — דערפאר אבער מאכען זיי אויך אויפשטאנדען און פיהרען אן אן אפענעם קאמף אין לאנד פאר זייערע רעכטע און פאר א נאציאנאלער צוקונפט. די אידישע און שומרונישע אויפשטאנדען סאמע ביז דער אראבישער תקופה זיינען דערצו דער בעסטער בעוויז.

דער צווייטער טייל פון דער נאך-אידישער פעריאדע טראגט א גאנץ אנדערען כאראקטער. דער אידישער ישוב אלס גאנצעס איז פולוועריזירט און צעשטרייט געווארען. קיין קאמפאקטע אקערבוי-בעפעלקערונג אין ארץ ישראל גופא בעגעגנען מיר שוין ניט, נאר אויף די גרעניצען פון ארץ-ישראל טרעפען מיר פון צייט צו צייט רעשטען פון אידישער לאנד-בעפעלקערונג. די אראבישע היסטאריקער דערצעהלען אונז בלויז פון א אידישען שטאדטישען ישוב, און די זעלבע גערוסען הערען מיר אויך פון די אידישע רייזענדע פון יענער צייט. די אידישע געשיכטע אין לאנד ווערט במילא א געשיכטע פון איינצעלנע שטאדטישע געמיינדען, פון דער גרעסטער אין לאנד הייליגער געמיינדע, פון ירושלם, און פון קלענערע הייליגע געמיינדען, פון צפת, חברון, טבריה א. א. וו. עס איז שוין נישט מעהר קיין געשיכטע פון אידישע אקטיווע ארויסטרעטונגען און אונטערנעהמונגען אויף דעם עקאנאמישען אדער פאליטישען, אדער אנדערען געזעלשאפטליכען געביעט: עס איז די געשיכטע פון אונמענשליכע ליידען און פון פערצווייפעלטען קאמף פאר א ביטערער עקזיסטענץ. צוערשט, אין 8טען און אפילו אין 12טען יאהרהונדערט בעגעגענען מיר נאך א גרויסע בעוועגונג אין די אנדערע לענדער פון איסלאם פאר א"י. שפעטער טרעפען מיר דאס אויך נישט.

און אין רעזולטאט פון דיזען יאהרהונדערטער דויערנדען שווערען קאמף טרעפען מיר אין דעם מיטען פון 19טען יאהרהונדערט די אידען פון א"י אין אזא קליינער צאהל, און אזוי שוואך און ארעם, פונקט ווי מיט זיעבען הונדערט יאהר בעפאר.

און דאך שטעלט מיט זיך פאר דיעזער אונגלייכער קאמף פון דעם פאלעסטינער יודענטום א הערואישע בילד. דאס לאנד, וועלכע ליעגט אויף דעם מיטען פון פעל-

קער־וואנדערונגען כאפט איין קלאפ נאכ'ן צווייטען. מעכטיגע פעלקער ווערען אב־געמעקט — און עס בלייבט פון זיי קיין זכר ניט אונטער די הימלען פון ארץ ישראל. נאר די אידען, וועלכע ליידען מעהר פאר אלעמען — בלייבען. די אראבישע ערא־בערונג, די אינוואזיאנען פון די מאנגאלישע הארדען וואס האבען פערפלייצט אין זייער צייט גאנץ אזיען און מזרח־אייראפא, פון די קארמאטיאן, פון די קאראזעמיאן. פון הולאגו, פון טימור־לענק, די בלוטיגע מאסאקרען פון די דרוזען און פון די בעדו־אינער, די טיראניע פון די אבן־פארוך'ס, הונגער און פעסט, ערדציטערניש און טעראר — קיין זאך איז ניט געווען אימשטאנד אבצושרע־קען און אויסצוראטען דעם אידישען ישוב. אויסערליך שוואך און נידערשלאגען, האט ער אין זיך ארויסגעוויזען א וואונדערבארע לעבענס־קראפט און ענטשלאסענהייט אונטער אלע מעגליכע און אונמעגליכע אומשטענדען.

דער אלטער אידישער ישוב האט ריזיקירט מיט זיין לעבען און מקריב געווען אפט די מענשליכע ווירדע — דאס האט ער געטהון נישט בלויז אלס „שומרי־החומות", נישט בלויז אלס „אבלי־ירושלם". צוזאמען מיט דעם זכר פון עבר, האט אין זיי גע־גליהט די האפנונג אויף דער גאולה, און זיי האבען זיך בעטראכט אלס דער ערשטער אוואנגארד פון דער אויסלעזונג. זיי האבען גוט געוואוסט אז „אין ארץ ישראל נקנית אלא על ידי יסורים" (מען קאן נישט ערווערבען ארץ ישראל אהן קרבנות, אהן יסורים) — און זיי זיינען געגאנגען פרייוויליג אויף די אלע מעגליכע קרבנות, אבי נור העלפען דער ערווארבונג פון ארץ ישראל. נאטירליך האבען זיי דערביי געגלויבט אז די ישועה קאן קומען נור דורך תפלה, תשובה און צדקה — און די מיטלען האבען זיי אנגעווענדעט אלס די פאסענדסטע, און וועלכע עס האבען ענטשפראכען צו זייער וועלט־אנשויאונג.

ווי קומט עס, אבער, אז א סענטימענט זאל אנהאלטען גאנצע צוויי טויזענד יאהר, נאכדעם ווי דאס פאלק האט בעשיינפערליך אנגעווארען יעדע פארבינדונג מיט זיין לאנד? פון וואנענט נעהמט זיך דער שטארקער געפיהל פאר ארץ ישראל ביי אי־דען אזוי לאנג נאכדעם, ווי זיי זיינען פון איהר אבגעריסען געווארען?

דער מקור פון דעם געפיהל ליגט, נאטירליך, אין די טיפענישען פון דער פאלקס־פסיכאלאגיע וועלכע איז אורשפרינגליך אויסגעהאקט געווארען און שפעטער נאהענט צו צוויי טויזענד יאהר זיך געשפייזט פון יענעם סכום איינדריקע און ערפאהרונגען וואס נעהמען זייער קוואל פון ארץ ישראל. עס איז אבער געווען, אויסער דער געשיכטליכער ווירקונג פון לאנד, נאך א לעבעדיגער פאקטאר, וועלכער האט געווירקט, אויך שפעטער נאכדעם ווי עס איז פערניכטעט געווארען די אידישע לאנדווירטשאפטליכע בעפעלקערונג אין ארץ ישראל: דער רעשט אידי־שער ישוב אין ארץ ישראל, ווי קליין און שוואך ער איז ניט געווען, האט ער מיט זיך פארגעשטעלט א אלעבעדיגע, רעאלע פערבינדונג צווישען דעם פאלק, וועלכעס איז געבליבען אהן זיין לאנד, און צווישען דעם לאנד וואס האט אנגע־ווארען איהר פאלק. די פערבינדונג איז געגליכען צו א קליינעם שרייפעל אדער צו א מעכאנישען רינג, וועלכער פעראייניגט די לעבעדיגע ענערגיע פון פאלק מיט זיין אלטען פאטערלאנד. זי איז עהנליך צו א ברענענדען פונק אונטער א בארג אש: כל זמן דער פונק גליהט, קאן ער נאך פאנאנדערפלאקערען אין א מעכטיגען פלאם: ווערט ער אבער פערלאשען, דאן בעדארף מען האבען שוין נישט נור נייעם ברענ־

מאטעריאל נאָר אויך א נייעם פייער — דער פריהערדיגער, אמאָליגער פייער האָט שוין מעהר קיין ווערטה נישט. דיעזען פונק האָט די נאציאָן ביז אונזער צייט אָב־געהיט מיט דעם גרעסטען אייפער.

ארץ ישראל איז ווירקליך. אונטער אלע אומשטענדען, געוועזען דער ברענפּונקט פון יעדער נייער בעפרייאונגס־בעוועגונג, און יעדע אידישע וועלט־אקטאסטראפע האָט געגעבען א פרישען שטויס צו די פערשלאָפענע ערלעזונגס־האָפנונגען — אין דער אל־טער היימאטה. די קרייצציגע מיט די עלילת־דם אין 12טען יאהרהונדערט, דער גירוש־אנגליה אין 13טען, דער גירוש־צרפת און די שווארצע פּעסט אין דייטשלאנד פון 14טען, דער גירוש־ספרד אין 15טען, פונקט אזוי ווי די גזרות אוקריינא אין 17טען, די הייר־דאמאטשינא אין 18טען און די רוסישע פּאגראמען אין 19טען יאהרהונדערט — האָבען אימער ארויסגערופען א גרעסערע אָדער קלענערע בעוועגונג און אימיגראציע נאָך א"י. די פּלענער צו ווידער־אויפבויאונג דעם מזבח, רעסטאווירען די סמיכה און די סנהדרין האָבען ניט אויפגעהערט, אָנפאנגענדיג פון ר' סעדיה גאון ביז ר' יחיאל מפאריש און פון ר' יעקב בירב ביז דעם רצ"ה קאלישער. די פּאָליטישע פּלענער פון דוד הראובני. פונקט ווי די פאנטאסטישע טרוימען פון שלמה מלכו און דעם אר"י. די שגעונות פון שבתי צבי און די דמיונות פון די חסידים — אלץ האָט זיך פער־בונדען מיט א"י, וועלכע האָט געדיענט אלס אויסגאנגס־און צוגאנגס־פּלאץ.

אָבער נישט נור רעליגיעזע פּלענער און פאנטאזיעס צייגט אונז די געשיכטע פון ארץ ישראל. מיר בעגעגנען דארט אויך גאנץ רעאלע פערזוכען א ו מ צ ו ק ע ה ־ר ע ן ז י ך צ ו ם ב א ד ע ן נאָך אין דער צייט ווען די אידען אין אייראפּא האָבען נאָך ניט געטרוימט וועגען דעם. די פערזוכען פון י ו ס ף נ ש י א אין 16טען יאהרהונדערט און פון ר"ח א ב ו ל ע פ י י א אין 18טע יאהרהונדערט, ווי איבער־הויפּט די אידישע קאָלאָניזירונג אין די דערפער פון גליל העליון און התחתון, וועלכע מיר בעגעגנען פאר די לעצטע יאהרהונדערטער און דער ביז יעצט פערבליבענער הונ־דערט־יעהריגער אקערבויאישער ישוב אין פקיעין זיינען דער בעסטער בעוויז, אז נאָך אין דער צייט, ווען דאס גאנצע אייראָפּעאישע יודענטום וועלכע האָט געלעבט אויף „דעם ברייטען שליאך פון דער ציוויליזירטער געשיכטע", אויף דער גרויסער היסטאָרישער וועלט־ארענע, איז נאָך געוועזען געשמידט אין קייטען פון רעליגעזען קאָנסערוואטיזם און פון מיסטישע אבערגלויבענס — ה א ט ז י ך ב י י ד י פּ ל ש ת י נ א ר א י ד ע ן ש ו י ן ד ע ר וו ע ק ט ד ע ר ח ו ש פ א ר א ו י ס ל ע ז ו נ ג ד ו ר ך נ א ט י ר ל י כ ע וו ע ג ע ן א ו ן ד ו ר ך ר ע א ל ע מ י ט ל ע ן פ ו ן ז ע ל ב ס ט ב ע פ ר י י א ו נ ג.



## ביבליאגראפישע פערצייכנים צו דער היסטאָרישער אבטיילונג.

## אין העברעאיש:

כתובים אחרונים (מועתקים מיונית על ידי רי"ז פרנקל).
פרופ' צבי גראטץ: דברי ימי ישראל, מתורגם עברית מאת שאול פנחס ראבינאוויץ, תשעה חלקים, ווארשא תרנ"א — תרס"ט.
ד"ר. י. קלוזנר: הסטוריה ישראלית ח"א, אודיסא תרס"ט.
ש. רפאלי: מטבעות היהודים, ירושלם תרע"ג.
קירכענהיים: רפאל בן שמשון, כרמי שמרון, פתיחה למסכת כותים, פרנקפורט תרי"א.
„התולידה" השמרונית, בעתון הצרפתי:
Journal asiatique, 1869.
רבי בנימן מטודילא: „ספר המסעות" הוצאת מרדכי בר נתן אדלר, לונדון תרס"ו.
ר' פתחיה מרגנשבורג: סבוב פתחיה, הוצאת מרגולין.
ר' שמואל בר שמשון (ר' אלפים ע'), מסעותיו על קברי אבות, („אוצר טוב" — 1876).
ר' יהודה אלחריזי: ספר התחכמוני.
ר' יצחק חילו: שבילי ירושלם, אין פראנצויזישער איבערזעצונג פון כרמולי.
ר' אשתורי הפרחי: כפתור ופרח, הוצ' לונץ, ירושלם תרנ"ט.
ר' משה בר נחמן (הרמב"ן) „דברי הרמב"ן" בסוף ביאורו על התורה (חמשה חומשי תורה עם תרגום ופירוש רש"י „ופירוש רמב"ן, ויניציאה ש"ח).
ר' משה בר נחמן מכתב, בסוף „שער הגמול", ווארשא תרל"ז.
ר' משולם בן מנחם מוולטירא: מסע לארץ ישראל, בשנת ה'רמ"א — „ירושלם" לא. לונץ, שנה א'.
ר' עובדיה מברטרורא: מכתבים לבניו, נדפסו ב„יאהרבוך פיר דיע געשיכטע דער יודען אונד דאס יודענטומס", לייפציג 1863.
ר' אליהו מפיראראה: אגרת כתב מש' קצ"ד („דברי חכמים", מיץ תר"ט).
שלמה רוזאנוס: דברי ימי ישראל בתוגרמה, ג' חלקים, הוסיאטין.
נוסע אלמוני (שבתי ירושלם).
דוד הראובני (זכרונותיו) נדפסו במקורם ע"י נייבויער בס' Medievel Jewish Chronicles. אוקספורד תרנ"ג.
ר' יוסף הכהן: עמק הבכא, דפוס ווין 1852.
ס' חרבות ירושלם, ויניציאה שצ"ב.
ר' ישעיהו הורוויץ: שני מכתבים משנת שפ"ב, בעתון „שומר ציון הנאמן".
ר' משה חאגיז: שפת אמת — אמשטרדם תר"ז.
ר' יעקב בירב (הצעיר): זמרת הארץ, תק"ד ובלוח א"י ללונץ.
ס' זכרון ירושלם תונס תרס"ד.
ר' יוסף סופר: עדות ביהוסף.

משה מנטפיורי: ספר הזכרונות.

ד"ר לוי: מכתב ב„דביר“.

ס' יהודית: ספר הזכרונות לגב' יהודית, מנטפיורי.

ד"ר פראנקל: ירושלימה! ספר הזכרונות, וויען תרי"ט.

ר' יוסף שווארץ: תבואות הארץ, הוצ' לונץ.

א. מ. לונץ: „ירושלם“ עשרה כרכים, ירושלם.

א. מ. לונץ: לוחות ארץ־ישראל, ירושלם.

גרשון בן אליעזר מפראג: גלילות הארץ, אמשטרדם 1634-5.

אין אידיש: „קארצי בשרייבונג פון ארץ ישראל“ — אמשטרדם תפ"ג.

אין טערקיש:

اسماعيل صبحى ومحمد فؤاد • سالنامهء ثروت فنون استانبول ١٣٢٦

سالنامهء ولاية بيروت ١٣٢٦

אין גריכיש:

„עווסעבעיאו, טו פאמפילו, עפיסקאפו קייסריאס טעס פלשטינעס, פערי טאן טאפיקאן אנאמאטאן טאן ען טע טהעיא גראפע“. — געדרוקט אין „צייטשריפט דעם דויטשען פאלעסטינא פעראיינס“. באנד 26.

פון גריכישען אריגינאל זיינען אויך איבערזעצט יוסף פלאוויוס'עס בעריהמטע ווערק, וועלכע מיר האבען בענוצט צוליעב דיעזען פרק, הויפטזעכליך לויט דער ענגלישער איבערזעצונג. עס עקזיסטירט אויך א העברעאישע איבערזעצונג פון קלמן שולמן („קדמוניות היהודים“, און „מלחמות היהודים“).

אין ענגליש:

Essay about the Sects and Nationalities in Palestine, by **Post** **Quart.** St of the P. E. F., 1890.

**I. Al. Montgomery.** The Samaritans, Philadelphia, Pa., 1907.

**Wil. Muir.** The Chaliphate, Oxford, 1912.

**Guy le Strange.** Palestine Under the Moslems.

**C. R. Conder.** The Latin Kingdom of Jerusalem, London, 1897.

**R. Benjamin.** The Itinerary of., translated and edit by A. Asher, 1841.

**Volney.** Travels through Syria and Egypte, 1805, London.

**Macalister, R. A.** A history of the doings of the fellahin during the first half of the XIX cent., Quart. Stat. of the P. E. F. w. XXXVII and XXXVIIIV.

**Atlas of the historical geogr. of the holy land by G. A. Smith,** London, 1915.

## אין פראנצויזיש:

**S. Munk:** Palestine Description geographique historique et archeologique, Paris, 1845.

## אין דייטש:

**Ed. Meyer.** Geschichte des Altertums 1-ter Bd. 2-te Haelfte, Stutgart u. Berlin, 1913.

**Ed. Meyer.** Die Israeliten und ihre Nachbarstämmen, Halle am S., 1906.

**Dr. Benzinger.** Hebraeische Archeologie,, Tuebingen, 1907.

**Dr. Benzinger.** Geschichte Israels, Leipzig, 1908.

**A. Von Kremer.** Mittel Syrien und Damascus, 1853.

**C. Ritter von Sax.** Geschichte des Machtverfalls der Tuerken.

**Hoelscher.** Die Geschichte der Iuden in Palaestina, Leipzig, 1903.

## אין רוסיש:

**Н. А. Мѣдниковъ.** Палестина отъ завоеванія ея арабами до крестовыхъ походовъ. СПБ. 1897—1902.

**К. М. Базили.** Сирія и Палестина подъ турецкимъ владычествомъ.

**Кацъ.** Іосифъ Наси. Будущность, I, II. 1901.

## דריטע אבטיילונג.

# רעכטליכע אינסטיטוטען.

§ 1. ארץ ישראל איז געווארען א טערקישע פראווינץ אין יאהר 1517. סלים דער ערשטער (1512—1520), באוואוסט אין דער טערקישער געשיכטע מיט'ן נאמען יאוואוז (דער פורכטזאמער) האט, דורך א רייהע זיעגרייכע מלחמות, אין פערלויף פון זיין 8-יעהריגער הערשאפט כמעט פארדאפעלט דעם שטח פון דער שוין אזוי אויך אונגעהויער גרויסער אטאמאנישער אימפעריע. אין 1517 האט ער אויך באזיגט די מאמולעקען פון מצרים און ערֿאבערט סוריה און א"י. וואס האבען זיך ביז דאן געפונען אונטער דער מצרי'שער הערשאפט. פון דאן אן ביז דעם היינטיגען טאג, א משך פון גאנצע 400 יאהר, איז א"י אונטערווארפען דער טערקישער רעגי־רונג. דער פארזוך פון נאפאלעאן דעם ערשטען צו ערֿאבערען א"י און איינשליסען זי אין דער אריענטאלישער אימפעריע, וואס ער האט געהאט בדעה צו גרינדען, האט זיך געענדיגט מיט א דורכפאל ביי דער אונגעלונגענער בעלאגערונג פון עכו (1799), א דאנק דער שטערונג פון ענגלאנד. מעהר גליק. איידער דער גרויסער פראנ־צויזישער קיסר האט איין דרייסיג יאהר ארום געהאט דער מצרי'שער גענעראל איברהים פאשא דער אדאפטירטער זוהן פון מחמד עלי — דעם גרינדער פון דער איצטיגער הערשענדער דינאסטיע אין מצרים. נאך א גרויסען זיג איבער דעם טערקישע מיליטער האט איברהים פאשא ערֿאבערט סוריה און א"י (1832) און פאראייניגט זיי מיט דער ניי־געגרינדעטער מצר'ישער מלוכה פון זיין פאטער מחמד עלי. אבער די מצרי'שע הערשאפט אין א"י האט געדויערט ניט מעהר ווי 8 יאהר: נאך דעם ווי דער פאראייניגטער פלאט פון ענגלאנד און עסטרייך האט באמבאר־דירט עכו, זיינען די מצרים פארטריבען געווארען פון סוריה און א"י. און די צוויי לענדער זיינען צוריקגעקערט געווארען צו דער טערקישער רעגירונג.

טערקישע הערשאפט אין ארץ ישראל.

§ 2. שוין 400 יאהר ווי די טערקען הערשען אין א"י. אבער בלויז אין די לעצטע 60—70 יאהר איז דער אויטאריטעט און איינפלוס פון דער טערקישער

רעגירונג געווארען ווירקזאם און פּיהלבאר אין לאנד. מחמת דער וויטקייט פון צענטער דעם מאנגעל אין פאַרקערס־מיטלען, דער מיליטערישער שוואכקייט און פעאדאלער פּארוואלטונגס־סיסטעם (וואס האט געהערשט אין טערקיי ביז 1864), איז די קאנטראל פון דער צענטראלער קאנסטאנטינאפּאלער רעגירונג איבער'ן לאנד געווען זעהר א שוואכע, כמעט א פיקטיווע. די לאקאלע פערוואלטער, די פּאשאס פון עכו, עזה און ירושלם האבען זיך אפּטמאל געפיהלט אין גאנצען אונאבהענגיג פון דער קאנסטאנטינאפּאלער רעגירונג, און ניט איין מאל האבען זיי טאקע אָפּע־נערהי'ד רעוואלטירט און ערקלערט זייער פולע זעלבסטשטענדיגקייט. די טערקישע געזעצען און געריכטען האבען געהאט א קנאפּע שליטה איבער די אָרטיגע פּאר־העלטניסע; און די לאקאלע מנהגים און אָרדנונגען, ריכטיגער אונאָרדנונגען, האבען פארנומען דעם פּלאץ פון טערקישען געזעץ.

איהר שוואכקייט.

§ 3. אין אנהויב פון 19טען יאהרהונדערט האט די טערקישע רעגירונג בּיס־לעכווייז אנגעהויבען אבצושאפען די אלטע פעאדאלע פּארוואלטונגס־סיסטעם און איינפיהרען רעפארמען אויף'ן אייראפּעאישען שטייגער. די יאניטשארען — דאס אלט מאַדישע געדונגענע מיליטער וואס האט געב'על־הבית'עוועט איבער'ן לאנד — זיינען פארניכטעט געווארען (1826), די פריהערדיגע פּראווינציעלע שטאט־האלטער זיינען אבגעשאפט געווארען, א נייע צענטראליזירטע אדמיניסטראטיווע אָרדנונג, לויט'ן מוסטער פון פראנקרייך, איז איינגעפיהרט געווארען (1864), און די לאקאלע בעאמטע און פערוואלטער — די וואלים, מוטעסאריפס און קאימאקאמס, זיינען געשטעלט געווארען אונטער דער נאהענטער קאנטראל און דירעקטער אבהענ־גיגקייט פון דער צענטראלער רעגירונג. דער איינפלוס פון דער רעגירונג האט זיך צוערשט פארשטארקט בלויז אין מערב א"י — א דאנק איהר נאהענטקייט צום ים און דעם שיפס־פארקעהר. אין עבר הירדן, א דאנק זיין ווילדער בעדואינישער באפעלקערונג, איז די מאכט פון דער רעגירונג געבליבען זעהר בעשרענקט ביז'ן אנהויב פון 20טען יאהרהונדערט, ווען מ'האט אנגעהויבען דורכפיהרען די חעדזשאס־באהן פון דמשק ביז מכה (מעקקאה) (1901). מיט דער גרינדונג פון די צוויי נייע קאימאקאמיעס אין דעם עקסטרעם דרום פון לאנד — אין באר־שבע (1902) און אלחפיר (1908) — האט זיך די קאנטראל פון דער רעגירונג פאקטיש פארשפּרייט איבער'ן גאנצען לאנד „פון דן ביז באר־שבע" און פון ים התיכון ביז די בערג פון חורן.

רעפארמען און פער־שטארקונג.

אין ארץ ישראל אלס טערקישע פּראווינץ הערשען טערקישע געזעצען, טערקישע אדמיניסטראציע און געריכטען. און וויל מען פארשטעהן די געזעלשאפטליכע לע־בענס־בעדינגונגען און אומשטענדען פון לאנד, דאן מוז מען ווארפען כאטש א שנעלען בליק אויף די פונדאמענטאלע רעכטליכע אינסטיטוטען פון טערקיי אין אלגעמיין, באזונדערס אויף די וואס האבען א ספעציעלע באדייטונג פאר א"י און פאר דער רעכטליכער לאגע פון די אידען אין טערקיי בכלל און אין ארץ ישראל בפרט.

## א. אטאמאנישע רעכטס־סיסטעמען.

§ 4. טערקיי איז א קאנסטיטוציאנעל־פּארלאמענטארישע מלוכה. די געזעץ־געבענדע מאכט געהערט דעם סולטאן און דעם פּארלאמענט. די אויספיהרענדע מאכט ליעגט אין די הענט פון מיניסטארען־קאבינעט (היאת־וכלא — הייעטי־

טערקישע קאנסטי־טוציע.

וואקעיא). וואס איז פאראנטוואָרטליך פאר'ן פארלאמענט. דער פּארלאמענט באשטעהט פון צוויי הייזער — דאס רעפרעזענטאנטען הויז (מג'לס־מבעותאן — מידזשעליסי־מאבוסאן). וואס ווערט ערוועהלט פון פאלק אלע פיער יאהר, און פון סענאט (מג'לס־אעיאן — מידזשעליסי־אאיאן). וואס ווערט באשטימט פון דער רעגירונג. יעדער אטאמאנישער בירגער (עתמאנלי) האט דאס וואהל־רעכט, אהן אונטערשיעד פון רעליגיע און נאציאן, מיט דער אויסנאם פון פרויען. אין אלגעמיין איז די קאנסטיטוציע (קאנוני־אסאסי) פון טערקיי עהנליך צו די גרונד־געזעצען פון די מערב אייראפעאישע פארלאמענטארישע מאנארכיעס.

דער קאנסטיטוציאנעלער רעזשים איז צוערשט איינגעפיהרט געווארען אין טערקיי אין יאהר 1877 דורך דעם ליבעראלען גרויס־וויזיר מידחאת פאשא, אבער באלד האט דער סולטאן עבדאל חמיד פארמאכט דעם פארלאמענט נאך א קורצער סעסיע, אבגעשאפען די קאנסטיטוציע, און געהערשט 32 יאהר ווילקירליך און דעספאטיש. ביז די יונג־טערקען האבען דורך א געלונגענער רעוואלוציע אין 1908 צוריק איינגעפיהרט דעם קאנסטיטוציאנעלען רעזשים אויף מעהר דעמאקראטישע יסודות.

§ 5. טראץ די עהנליכקייט פון די טערקישע גרונד־געזעצען צו די מערב אייראפעאישע קאנסטיטוציעס. איז די טערקישע מלוכה אין תוך אריין נאך אלץ פערבליבען גאנץ פארשיעדען פון די מאדערנע מלוכות. ניט קוקענדיג אויף די פיעלע רעפארמעס און מאדערנע איינריכטונגען פון דער טערקישער געזעצגעבונג אין פערלויף פון 19טען און 20טען יאהרהונדערט, איז טערקיי נאך עד היום פערבליבען א טעאקראטישע מלוכה: דער טערקישער סולטאן איז גלייכצייטיג אי דער פאדישאה (הערשער) פון די אטאמאנישע בירגער אי חליף (נאכפאלגער) פון נביא מחמד און דער „אימאם", דער אוניווערסאלער הויפט, פון אלע „גלויביגע" (מוסלימער) אין דער וועלט. טעאקראטיע.

דער איסלאם — די אפיציעלע רעליגיע פון טערקיי, — איז ניט בלויז א שטאטס־רעליגיע נאר א רעליגיאנס־שטאט. די געזעצען פון איסלאם — דער שריעת (שעריאט). — זיינען ניט בלויז רעליגיעזע פארשריפטען נאר אויך פאליטישע, סאציאלע, יורידישע כללים, וואס רעגולירען אלע געגענזייטיגע בעציהונגען פון יחיד, פון צבור און אויך פון שטאט — אפילו די וואס האבען ניט קיין דירעקטע אדער אונדירעקטע שייכות צו דער רעליגיע. אין דעם זין איז דער איסלאם פולשטענדיג גלייך צום אידענטום.

די רעכטליכע סיסטעם פון דער טערקישער מלוכה בעשטעהט דעריבער פון צוויי פערשיעדענע טיילען: פון איין זייט די פארשריפטען פון שריעת, (אחכיאם־שרעיה). וואס טערקיי האט גע'ירש'נט פון די אראבישע מלוכה צוזאמען מיט'ן איסלאם, פון דער אנדערע זייט די געזעצען (קאנון) און תקנות (ניזאם) וואס די טערקישע רעגירונג האט זעלבסטשטענדיג געשאפען אין פערשיעדענע צייטען לויט די בעדערפנישען פון מאמענט, און וועלכע זיינען מייסטענס קאפירט פון דער פראנצויזישער געזעצגעבונג.

§ 6. דאס מוסלימישע רעכט — דער שריעת — שטאמט לויט דעם מוסלימישען גליק פון גאט אליין, און קאן דעריבער ניט געענדערט ווערען דורך דער מלוכה, נאר עס מוז אנגעווענדעט ווערען אזוי ווי ס'איז איינמאל פאר אלע מאל פארמולירט געווארען דורך די אנערקענטע מוסלימישע אויטאריטעטען. דאס דאזיגע רעכט האט פיער פערשיעדענע קוואלען אדער „בעווייזע" (אדלה־ארבעה — עדילעי ארבא). רעליגיעזע רעכט

יסודות פון שריעת.

1) דער ערשטער און וויכטיגסטער קוואל איז „דאס בוך" — כתאב, דאס הייסט דער קאראן. דאס איז דער „יסוד היסודות" („אצל־אלאצול"), „דער הייליגער געבאט וואס איז אראב צום „שליח" (צו מחמד'ן) פון הימעל און איז איבערגעגאנגען פון איין דור צום צווייטען". דאס איז די תורה שבכתב פון איסלאם, „כתאב אלהי" — „דאס געטליכע בוך".

2) דער צווייטער קוואל, וואס איז כמעט אזוי וויכטיג ווי דער ערשטער איז די מסורה, די טראדיציע („סונת") פון נביא מוחמד — זיינע ווערטער, „קול" (קאול) און מעשים (אפעאל). אלעס וואס דער נביא האט געזאגט (חדית), וואס איז אבער ניט אריין איז קאראן, און אלעס וואס ער האט געטון אבזיכטליך (אפעאל קצדיה) — האט די קראפט פון געבאט און ווערט אבגעהיט צוגלייך מיט די בעפעהלען וואס שטעהען בפירוש אין קאראן. דאס איז די תורה שבעל־פה פון איסלאם.

3) דער דריטער קוואל איז — די אויסטייטשונגען און מיינונגען פון די ערש־טע מפרשים („אג'מאע אמת" — אידזשמאי־אומעט), די אזוי גערופענע מוג'תהדין (מודזשטעהידין). אזוי ווי דער קאראן און אויך דער סונת האבען ניט אנגעוויזען קיין וועג פאר אלע מעגליכע פאלען, און אזוי ווי די פארשריפטען פון קאראן האבען זיך אפט סותר געווען אדער געווען אונקלאר איז נויטיג געווען אן „אנשטרענגונג" (אג'תהאד) פון די געלערנטע, אויסצוגעפינען דעם ריכטיגען מיין און פשט. די פירושים און מיינונגען פון די געלערנטע (די תנאים און אמוראים פון איסלאם) ביל־דען דעם דריטען און לויט דעם כמות — דעם וויכטיגסטען טייל פון שריעת. ס'פערשטעהט זיך, אז ניט אלע מאל האבען די מפרשים געהאט די זעלביגע מיינונג. צוליעב די פערשיעדענע חלוקי דעות האבען זיך געבילדעט פיער פערשיעדענע שיטות („מזאהיב) וועלכע זיינען בעקאנט לויט די נעמען פון זייערע גרינדער: אבו־חניפא בן סביט, וועלכען די טערקען רופען אז „דער גרויסער לעהרער" (אימאם אעזאם). און פסק'ענען אין אלע שאלות דעם דין לויט זיין מיינונג, מאליק אבן ענאס, מחמד אבן אידרים שעפי, און אחמד אבן חנבל. זיי ווערען פעררעכענט פאר די תנאים פון איסלאם, און זיי האבען מפרש געווען דעם קוראן אליין, אין דער צייט וואס זייערע תלמידים — די אמוראים פון איסלאם — האבען געמעגט מפרש זיין בלויז די מיינונג פון זייערע רביים.

4) דער פיערטער קוואל איז דער היקש („קיאס") ד. ה. פסק'ענען א שאלה לויט דער עהנליכקייט צו אן אנדער פאל וואס איז שוין דערמאנט געווארען אין „בוך", אדער אין דער „טראדיציע" פון נביא אדער אין די פירושים פון די ערשטע פוסקים און תנאים. א דאנק דעם „היקש" איז דאס מוסלימישע רעכט ניט אין גאנצען פער־גליווערט געווארען, נור געוויסער מאסען זיך ענטוויקעלט אין הסכם מיט די פא־דערונגען פון דער צייט.

בכלל איז די ענטוויקלונג פון מוסלימישען רעכט זעהר עהנליך צו דער ענטוויק־לונג פון דער אידישער תורה שבעל פה און די די אידישע מפרשים און פוסקים.

קאמפעטענץ פון שריעת

§ 7. דאס מוסלימישע רעכט, ווי ס'האט זיך אויסגעארבייט אין פערלויף פון דער צייט גילט נאך עד היום אין א גרוסער מאס אן טערקיי. בעזונדערס אין ציוויל און פערזענליכע אנגעלעגענהייטען. פאמיליען, ירושות, צוואות, גרונד אייגענ־טום א. ז. וו.

ביז צו די גריכטליכע רעפארמען פון 19טען יאהרהונדערט האט איבעראל בלויז עקזיסטירט דאס רעליגיעזע געריכט (מחאכם שרעיה — מעהאקימי־שעריע)

און האט געהאט די אויסשליסליכע יוריסדיקציע איבער אלע רעכטס־פראגען אין טערקיי, אבער אויך נאך דער איינפיהרונג פון די וועלטליכע געריכטען (מחאכם־ניזאמיה) און יוסטיץ מיניסטעריום אין יאהר 1879, זיינען פערבליבען די פריהערדיגע רעליגיעזע געריכטען (מחאכם־שרעה), מיט דער אויסשליסליכער יוריסדיקציע איבער אלע פראגען פון קדושין און גטין, ירושות, צואות, מזונות, (פון פרויען, עלטערען און קינדער) און דגל.

דער שייך אל איסלאם (שייך אול־איסלאם) דער פארשטעהער פון סולטאן און זיין אייגענשאפט אלס חליף, איז פונקט ווי דער פרעמיער מיניסטער (אדער ווי די טערקען רופען איהם בלשון מליצה — די גרויסע ברוסט („סאדרי־אעזאם"), די אנגעזעהענסטע פערזאן אין מיניסטארען־קאבינעט. און יעדער וויכטיגער געזעצגעבערישער אקט מוז האבען די הסכמה פון שייך אל איסלאם, אלס דעם גרעסטען יוריסקאנסולט (מורה הלכה) פון איסלאם, אז דער געזעץ איז אין איינקלאנג מיט די פארשריפטען פון שריעת. די דאזיגע הסכמה ווערט ארויסגעגעבען אין א „פתוא" (פעטוואַ) — א געשריבענער פסק־דין לויט די בעשטימטע פארמולען פון איסלאם.

§ 8. די טערקישע מלוכה האט זיך אבער ניט געקענט בענוגענען מיט די רעכטליכע כללים פון איסלאם, וואס שטאמען פון וויטע צייטען, און פאסען זיך מעהר פאר די פרימיטיווע לעבענס בעדינגונגען פון די אראבער אין דער מיטעל־עלטער, איידער פאר די קאמפליצירטע נויטען פון דער נייער צייט, און דעריבער האבען די סולטאנען, בעזונדערס דער סולטאן סלימאן קאנוני (דער געזעצגעבער) און זיינע נאכפאלגער, פון צייט צו צייט ארויסגעגעבען פערשיעדענע פארשריפטען, וואס האבען געטראגען דעם נאמען „קאנון" (רבים: קואנין) — (וועלטליכער געזעץ) — א געזעץ וואס שטיצט זיך בלויז אויף דער אויטאריטעט און קראפט פון דער רעגיערונג און האט גאר ניט צו טון מיט'ן שריעת. די דאזיגע געזעצען (קואנין) האבען זיך בעזונדערס געמעהרט נאך די אזוי גערופענע „תאנזימאט חייריע" (גליקזעליגע רעפארמען") פון 19טען יאהרהונדערט אונטער דעם דרוק פון די אייראפעאישע מלוכות. די וויכטיגסטע געזעצען וואס זיינען דאן ערשיענען זיינען פאלגענדע:

וועלטליכע רעפארמען און געזעצגעבונג

אין יאהר 1858 — דער שטראף־געזעץ בוך (קאנוני ג'זא), נאכ'ן מוסטער פון די פראנצויזישע געזעצען, און דער אגרארער געזעץ־בוך (אראזי קאנון נאמעסי).

אין יאהר 1862 — א קאדעקס פון קאמערציעלע פראצעדורע.

אין 1864 — ים האנדעל געזעץ־בוך (ביידע לויט די פראנצויזישע געזעצען).

אין 1865 — א געזעץ וועגען וועלטליכע געריכטען (מחאכם־ניזאמיה) און שטאדטישע זעלבסטפערוואלטונג (בלדיה—בעלאדיע).

אין 1877—1869 — ציוויל געזעץ־בוך (מג'לה) — (א קאדיפיקאציע פון רעליגיעזען ציוויל־רעכט).

אין 1870 — האנדעלס געזעץ־בוך (לויט די פראנצויזישע געזעצען).

אין 1871 — א געזעץ וועגען א נייער אדמיניסטראטיווער פערוואלטונג, לויט'ן פראנצויזישען מוסטער.

אין 1877 — דער גרונד געזעץ (די טערקישע קאנסטיטוציע).

די געזעצגעבערישע טעטיגקייט האט זיך שטארק פארברייטערט נאך דער רעוואלוציע פון די יונג טערקען. א גאנצע רייהע געזעצען וועגען באדען רעפארם, יורידישע פערזאנען, אלגעמיינע בילדונג, פרידענס ריכטער, פראווינציעלע זעלבסטפרוואלטונג א. ד. ג. זיינען פארעפענטליכט געווארען אין פערלויף פון 1911—1913.

נִיט־מוסלימישע רעכט.

§ 9. אויסער דעם רעליגיעזן רעכט — שריעת — און די רעגירונגס געזעצן — קאנון און ניזאם — ווירקען אין טערקיי נאך צוויי בעזונדערע רעכטליכע סיס־טעמען. וועלכע קענען אנגערופען ווערען דאס ניט־מוסלימישע רעכט פון טערקיי. דאס זיינען:

א) די רעכט פון די פערשיעדענע ניט מוסלימישע נאציאנאל־רעליגיעזע גרופען, וואס געפינען זיך אין טערקיי, ווי אידען, גריכען, ארמעניער א. ז. וו.

ב) די רעכט פון פרעמדע, אויסלענדישע אונטערטהאנער — די אזוי גערופענע קאפיטולאציאנס־רעכט, וואס זיינען נאך דעם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה אב־געשאפען געווארען (18 סעפטעמבער 1914).

די רעכט פון די ניט־מוסלימישע פעלקער אין טערקיי און בעזונדערס די רעכט פון אידען — וועלען בעהאנדעלט ווערען אין א בעזונדער קאפיטעל. דא וועלען מיר זיך אבשטעלען בלויז אויף די קאפיטולאציאנס־רעכט וואס האבען געשפיעלט אזא בעדייטענדע ראלע אין לעבען פון טערקיי כמעט 400 יאהר, און האבען געהאט אויך א גרויסע ווירקונג אויף דעם אידישען ישוב אין ארץ ישראל.

קאפיטולאציעס

§ 10. די בעזונדערע רעכט און פריווילעגיעס פון וועלכע די אויסלענדישע איינוואוינער אין טערקיי געניסען אויפ'ן סמך פון „אלטע אבמאכען" (עהוד עתיקא). שטאמען גראד פון דער צייט ווען טערקיי איז געווען די מעכטיגסטע מדינה אין דער וועלט — פון די צייטען פון סולטאן סולימאן קאנוני (1520—1566). אין דעם קאמערציעלען און מיליטערישען אבמאך וואס סולימאן האט געשלאסען מיט דעם פראנצויזישען קעניג פראנסוא דעם ערשטען (1535) האט ער געשאנקען די פראנ־צויזישע אונטערטאנען, און בעזונדערס די פראנצויזישע סוחרים, וואס וועלען זיך בעזעצען אין טערקיי, די פריווילעגיע צו זיין אויסגענומען פון דער ווירקונג פון אטאמאנישע רעכט און גריכטען, און צו בלייבען אונטערגעווארפען אונטער די פראנצויזישע געזעצען און דעם געריכט פון די פראנצויזישע קאנסולען — פונקט ווי זיי וואלטען געבליבען אין זייער אייגען לאנד. ביסלעכווייז האבען אויך די אנדערע אייראפעאישע מלוכות אויסגעווירקט די זעלבע רעכט פאר זייערע אונטער־טאנען. די דאזיגע רעכט האבען זיך דאן געשטיצט, פון איין זייט אויף דעם רעכט־ליכען פרינציפ פון עקסטעריטאריאליזם, וואס האט געהערשט איבעראל (א פרינציפ לויט וועלכען די לאנדעס געזעצען זיינען חל אויף די אונטערטאנען פון לאנד, וואו זיי זאלען זיך ניט געפינען, סיי אין לאנד, סיי אין אויסלאנד, און פערקעהרט זיינען ניט חל אויף פרעמדע אונטערטאנען אפילו ווען זיי געפינען זיך אין לאנד), און פון דער צווייטער זייט אויף דעם ספעציעלען רעליגיעזען רעכטס - ארדנונג, וואס האט געהערשט אין טערקיי. די טערקישע געזעצען. וואס זיינען מייסטענס געווען רעלי־גיאנס־געזעצען, האבען ניט געקאנט חל זיין אויף די פרעמדע וואס האבען געהערט צו אן אנדער רעליגיע.

פריווילעגיעס פון פרעמדע.

§ 11. ווען טערקיי איז שפעטער מיליטעריש אבגעשוואכט געווארען, זיינען די פריווילעגיעס פון די פרעמדע (אמתיאזאת אג'נביה — אימטיאזאת עדזשנעביע) פערוואנדעלט געווארען אין א קוואל פון פערשקלאפונג פאר דער טערקישער אימ־פעריע. וואס ווייטער האבען די אייראפעאישע מלוכות אלס מעהר געצוואונגען די טערקיי אויסצוברייטען די רעכט און פריווילעגיעס פון זייערע אונטערטאנען און קאנ־סולען אין טערקיי. און דורך דעם פערשפרייטען זייער פאליטישע, עקאנאמישע, פי־נאנציעלע און רעכטליכע אפוטרופסות און קאנטראל איבער דער טערקישער מלוכה,

די אייראפעאישע מלוכות, וואס האבען קיינמאל ניט געוואלט פערטראגען די עקזיס־טענץ פון דער איינציגער מוסלימישער מלוכה אין אייראפא, האבען זיך בענוצט מיט די רעכט און פריווילעגיעס וואס טערקיי האט זיי געשאנקען, צוערשט פרייוויליג און דערנאך איבער געוואלט, — אלץ מעהר און מעהר אריינצומישען זיך אין די אינער־ליכע אנגעלעגענהייטען פון טערקיי און צו פערשמעלערען און אבשוואכען די פרייהייט און אונאבהענגיגקייט פון דער טערקישער רעגירונג אין איהר אייגען לאנד. טערקיי האט שוין מעהר ניט געקאנט בעשטימען די אבצאהלונגען און צינזען פון אויסלענ־דישע סחורות, פערפאסען די געזעצען וואס האבען א שייכות צו פרעמדע אונטערטא־נען אין איהר לאנד, איינריכטען די געריכטען און די אדמיניסטראציע — אהן דער צושטימונג און ערלויבנים פון די פרעמדע רעגירונגען, אהן דער אריינמישונג פון די פרעהדע אמבאסאדארען און קאנסולען. אין דער האנדעלס־פאליטיק איז טערקיי געווען געבונדען מיט די אבמאכען, וואס מ'האט אויף איהר ארויפגעצוואונגען, ניט צו העכע־רען דעם איינגאנגסצאהל אויף פרעמדע סחורות ביז א געוויסען פראצ.—און דאדורך האט זיך אין טערקיי ניט געקאנט ענטוויקלען דער אינערליכער האנדעל און אינדוסטריע. די טערקישע פראדוקציאן איז ניט געווען אימשטאנד צו קאנקורירען מיט אויסלענדי־שע אימפארטירטע סחורות, און די טערקישע סוחרים האבען ניט געקאנט קאנקורירען מיט די אויסלענדישע סוחרים וואס האבען זיך בעזעצט אין טערקיי. ווייל די לעצטע זיינען געווען בעפרייט פון די אבצאהלונגען וואס האבען בעלעסטיגט די טערקישע אונ־טערטאנען. זייענדיג אין גאנצען פריי פון דער מאכט פון דער טערקישער געזעצ־געבונג, אדמיניסטראציע און געריכט האבען די אויסלענדער פערנומען אין טערקיי א פריווילעגירטע פאזיציע, און פיעלע טערקישע אונטערטאנען האבען בעמיהט זיך צו שטעלען אונטער דער שוץ פון אויסלענדישע רעגירונגען, אדער גאר איבערצוגעהן צו א פרעמדער אונטערטאנשאפט — וואס האט נאך מעהר פערשטארקט דעם איינפלוס פון די פרעמדע מלוכות אין טערקיי. זייענדיג בעגרענעצט אין דער צאהל־ און שטייערען־געזעצגעבונג אויפ'ן געביעט פון האנדעל און אינדוסטריע — האט די טערקיי געמוזט ארויפלעגען די גאנצע לאסט פון מלוכה־בודזשעט אויף די אקער־בויערישע בעפעלקערונג און לאנדווירטשאפטליכע פראדוקטען, און דאדורך שטערען דעם וואוקס פון דער לאנדווירטשאפט, וואס איז כמעט דער הויפט־קוואל פון פאלקס־רייכטום אין טערקיי.

§ 12. די אידען אין ארץ ישראל, וואס זיינען בעשטאנען פון איינגעוואנדערטע עלעמענטען, זיינען אין זעהר א גרויסער צאהל, בעיקר די שטאדטישע בעפעלקערונג, פערבליבען ביז דער לעצטער צייט פרעמדע אונטערטאנען און צוזאמען מיט אלע אויס־לענדער האבען זיי גענאסען פון די רעכט און פריווילעגיעס פון קאפיטולאציאנס־רעזשים. אינדיווידועל איז די לאגע פון פרעמדען אונטערטאן געווען א בעסערע פון דעם טערקישען בירגער, ווייל ער איז געווען פריי פון מיליטער פליכטען און פיעלע אבצאהלונגען, וואס זיינען חל בלויז אויף אטאמאנישע בירגער. אויך די סאציאלע לאגע פון א פרעמדען, וואס האט אונטער זיך די שוץ פון אייראפעאישען קאנסול, איז בעסער פון דעם טערקישען אונטערטאן וואס איז אפטמאל אונטערגעוואר־פען דעם ווילקיר און באקשיש־אפעטיטען פון די לאקאלע בעאמטע.

די קאפיטולאציעס און דער אידישער ישוב.

אלס כלל אבער האט דער אידישער ישוב געליטען דורך דעם וואס א גרויסע טייל אידישע איינוואוינער זיינען געווען ניט קיין בירגער, ווי אויך פון דעם קאפיטו־לאציאנס־רעזשים אין אלגעמיין. בלייבענדיג פרעמדע אונטערטאנען, האבען די אידען

ניט געקאנט געניסען פון די פאליטישע רעכט — וואהל־רעכט אין פארלאמענט, שטאדטישע און פראווינציאנאלע זעלבסט־פערוואלטונג—און זיינען דאדורך געבליבען כמעט אויסגעשלאסען פון אלגעמיין־פאליטישען לעבען פון לאנד. אויך די אלגעמיינע נעגאטיווע פאלגען פון די קאפיטולאציעס — די גרויסע לאנדווירטשאפטליכע שטייערען און די שטערונג פאר דער לאקאלער אינדוסטריע און פאבריקאציע, האבען זיך שלעכט אבגערופען אויף דער ענטוויקלונג פון אידישען ישוב אין א״י. אלס פרעמדע בירגער האבען די אידען זיך אויך אנגעשטויסען אן פיעלע שטערונגען ביי דער קאלאניזאציאנס־ארבייט און לאנד־ ערווערבונג און זייער אנזעהן ביי דער ארטיגער ניט־אידישער בעפעלקערונג און אויך ביי דער רעגירונג האט דערפון שטארק געליטען. דער קליינער נוצען פון די איינצעלנע פערזאנען, פאר וועמען די לאגע פון אויסלענדער איז געווען בעקוועמער, האט זיך ניט געדעקט מיט דעם גרויסען שאדען פאר דעם גאנצען ישוב, וועלכער האט געליטען פאליטיש, עקאנאמיש און געזעלשאפטליך פון דער ניט־בירגערליכקייט פון זיינע פיעלע מיטגליעדער, צווישען וועלכע זיינען געווען מאנכע פון זיינע וויכטיגסטע עלעמענטען.

קאפיטולאציעס אבגעשאפט.

§ 13. נאך דעם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה האט די טערקישע רעגירונג ארויסגעגעבען א דעקרעט פון 18 אלול 1330 (18 סעפטעמבער 1914) אבצושאפען אלע עקזיסטירענדע אויסנאהם־רעכט און פריווילעגיעס פון פרעמדע אונטערטאנען און קאנסולען: לויט דיעזען דעקרעט זיינען די טערקישע געזעצען חל אהן אויסנאהם אויף אלע איינוואוינער פון טערקיי, אהן אונטערשיעד פון אונטערטאנשאפט, אין איינקלאנג מיט די אנגענומענע פרינציפען פון פעלקער־רעכט. לויט וועלכע יעדע פרייע אונאבהענגיגע מלוכה האט די אויסשליסליכע יוריסדיקציע איבער אלע איינוואוינער פון איהר לאנד. צוליעב דעם מלחמה־צושטאנד האבען די קריעגספיהרענדע און נייטראלע מלוכות, וועמען די זאך איז נוגע, און מיט וועלכע די טערקיי האט געהאט געשלאסען די קאפיטולאציאנס־אבמאכען, ניט גענומען נאך קיין. שטעלונג צו דעם דאזיגען שריט פון דער טערקישער רעגירונג, און דער גורל פון דער קאפיטולאציאן פונקט ווי דער גורל פון גאנץ טערקיי און די אנדערע קריעגס־פיהרענדע מלוכות, איז אבהענגיג פון דעם אויסגאנג פון דער וועלט־מלחמה און די פרידענס־בעדינגונגען וואס וועלען נאכפאלגען.

## ב. אטאמאנישע בירגערטום.

§ 14. דער שריעת צוטיילט די וועלט אין צוויי געביעטען: דער געביעט וואס איז אונטערטווארפען דעם איסלאם (דאר אל איסלאם), און דער געביעט וואס איז דעם איסלאם ניט אונטערגעווארפען (דער אל חרבי — דער געביעט פון קריעג).

פרינציפיעל אנערקענט דער איסלאם נאר איין מוסלימישע מלוכה, מיט איין אויבערהאר — דער חליף, — מיט איין און דעם זעלבען רעכטס־סיסטעם — די לעהרע פון שריעת, — כאטש פאקטיש זיינען די מוסלימישע לענדער מייסטענס געווען צוטיילט אין פערשיעדענע מלוכות, מיט בעזונדערע אונאבהענגיגע הערשער. דעסטגלייכען אנערקענט דער שריעת, אז אלע „גלויביגע" (מוסלימער), אפילו די וואס וואוינען אין „דאר אל חרבי", ד. ה. אין ניט מוסלימישע מלוכות, זיינען א טייל פון דאר אל איסלאם, און ממילא זיינען זיי מוסלימישע אונטערטאנען. אבער די „אונגלויביגע" (די כאפיר׳ם — כופרים) ווערען צוטיילט אין „כאפיר־זימי" — געשיצטע כופרים.

מאמינים און כופרים.

און „כאפיר־חרבי" — פיינדליכע כופרים, לויט זייער וואוינונגס־אָרט: אין דאר־אל איסלאם אָדער אין דאר אל חרבי.

איןפּרינציפּ דאַרף די מוסלימישע מלוכה קעמפּפען געגען אַלע אונגלויביגע ביז זיי וועלען אננעהמען דעם איסלאם אָדער אונטערוואַרפען זיך דער מוסלימישער מלוכה און צאָהלען ג'זיה (דזשעזיע) אָדער כרגא (כאַראַדזש) — א ספּעציעלער שטייער וואס ווערט אַרויפגעלייגט אויף די ניט־מוסלימישע אונטערטאנען פון איסלאַם, דערפאַר וואס די מלוכה דולדעט זיי און שיצט זייער לעבען און אייגענטום. ניט אַלע „אונגלויביגע" זיינען אין דער הינזיכט גלייך. דעם איסלאַם אונטערשיידעט צווישען די וואס האָבען א „בוך" (די ביבל) אהל כתאב — די אידען און קריסטען, און די וואס האָבען ניט קיין בוך, די געצענדינער (משרכ — מושריק). די לעצטע ווערען אין קיין פאַל ניט געדולדעט ביז זיי בעקעהרען זיך צום איסלאַם.

§ 15. די דאָזיגע בעגריעפען פון איסלאַם האָבען אויך געהערשט אין דער טערקישע מלוכה ביז נאָך דער קרימער מלחמה (1856), ווען טערקיי איז אריינגענו־מען געוואָרען אין קאָנצערט פון די אייראָפּעאישע מלוכות און האָט זיך געפיהלט פער־פליכטעט אָנצונעהמען די מאָדערנע בעגריפען פון אונטערטאַנשאַפט. און אין 1869 איז פערעפענטליכט געוואָרען דער ביז יעצט עקזיסטירענדער געזעץ וועגען אָטאָמא־נישער בירגערטום.

יעדער איינער וואס איז געבוירען פון אָטאָמאַנישע עלטערען אָדער בלויז פון אַן אָטאָמאַנישען פאָטער ווערט גערעכענט פאַר אַן אָטאָמאַנישען אונטערטאַן (תבעה עתמאני — טאַבאַא־אָסמאַני). א פרעמדער קען זיך נאַטוראַליזירען, נאָך דעם ווי ער האָט 5 יאָהר נאָכאַנאַנד געוואוינט אין טערקיי. די רעגירונג קען אָבער, אויב זי וויל, בעפרייען פון דער 5־יאָהר בעדינגונג. (ווען ס'האָט אויסגעבראָכען די וועלט־מלחמה און טערקיי איז אויך אריין אין קריעג, האָט די רעגירונג אויפ'ן סמך פון דיעזען פּונקט ערלויבט אַלע אידען צו ווערען אָטאָמאַנישע בירגער, אפילו די וואס האָבען זיך אין טערקיי געפונען נאָר א קורצע צייט).

דער בעליידיגענדער טערמין פון כאפיר (אָדער ווי די טערקען זאָגען דאָס אַרויס גיאור) אָדער רעיאַ, מיט וועלכע מ'פלעגט אין טערקיי בעצייכענען די ניט־מוסלימער, איז אָבגעשאַפט געוואָרען נאָך פריהער, דורך דעם חט־הומאַון (מאַניפעסט) פון 1856, אַנשטאָט דעם ווערט יעצט בענוצט דער אויסדרוק „תבעה גיר מוסלימה" (טאַבאַי־גיירי־מוסלימע) — ניט מוסלימישע אונטערטאַנען.

די טערקישע קאָנסטיטוציע האָט אין גאַנצען אויסגעגלייכט די יורידישע לאַגע פון אַלע אונטערטאַנען, אָהן אונטערשיעד פון רעליגיע. אַלע אונטערטאַנען ווערען בעצייכענט מיט'ן נאָמען אָסמאַנלי (אָטאָמאַן) און זיינען גלייכבערעכטיגט (פּונקט 17 פון דער קאָנסטיטוציע).

§ 16. די וויכטיגסטע רעכט און פליכטען פון יעדען אָטאָמאַנישען בירגער זיינען די פאָלגענדע:

א) פּאָליטישע און בירגערליכע רעכט און פערזענליכע פרייהייט. יעדער אָטאָ־מאַנישער בירגער וואס צאָהלט אירגענד וועלכען שטייער האָט דאָס רעכט צו בעטיי־ליגען זיך אין די וואַהלען צום פּאַרלאַמענט. דאָס פּאַסיווע וואַהלרעכט (דאָס רעכט ערוועהלט צו ווערען) האָט נור דער וואס קען לעזען און שרייבען טערקיש.

אַלע אָטאָמאַנער האָבען דאָס רעכט אָנצוקומען אין די רעגירונגס שולען און צו פערנעהמען רעגירונגס עמטער אָהן בעגרענצונג און אונטערשיעד.

אָטאָמאַנישע אונ־טערטאַנשאַפט.

בירגער־רעכטען.

די פרייהייט פון פערזאמלונגען און פעראיינען זיינען בעגרענעצט אין איין פונקט: דאס געזעץ פון פעראיינען ערלויבט ניט צו גרינדען קיין נאציאנאלע פארטייען מיט פאליטישע צוועקען. קיין פאליטישע פארטיי טאר ניט זיין נאציאנאל, ד. ה. בעשטע־הענד בלויז פון איינע פון די פיעלע נאציאנען וואס וואוינען אין טערקיי. די ר ע ־ ל י ג י ע ז ע פ ר י י ה י י ט ווערט גאראנטירט דורך דעם 11טען פונקט פון דער קאנסטיטוציע. „דער איסלאם, לויט דיעזען פונקט, איז די רעליגיע פון דער אטא־מאנישער אימפעריע. אבהיטענדיג דיזען פרינציפ שיצט די מלוכה גלייכצייטיג דעם פרייען געברויך פון אלע אנדערע רעליגיעס, וואס זיינען אנערקענט אין דער טערקיי, אויך די אלע פריווילעגיעס וואס זיינען פון פריהערדיגע צייטען געשאנקען געווא־רען די פערשיעדענע געמיינדעס, געפינען זיך אונטער דער שוץ פון דער מלוכה".

דאס רעכט פון אייגענטום און בעשעפטיגונג. — יעדער אטאמאנער האט דאס רעכט צו ערווערבען בעוועגליכעס און אונבעוועגליכעס אייגענטום און בעזעצען זיך אין אלע טיילען פון טערקיי, מיט דער אויסנאהם פון חג'ז (חעדזשאז) — די פראווינ־צען וואו ס'געפינען זיך די צוויי הייליגע צענטרען פון איסלאם : מכה און מדינה. דארט טאר קיין ניט־מוסלימער ניט אריינקומען.

די פליכטען פון אן „אטאמאנער". — יעדער אטאמאנישער בירגער איז פערפליכטעט צו מיליטער דינסט. ביז 1908 זיינען די ניט־מוסלימער ניט גענומען גע־ווארען אין מיליטער־דיענסט. אנשטאט דעם האבען זיי געצאהלט א ספעציעלען שטייער — בדל־עסכריה (בעדעלי־אסקעריע). נאך דער רעוואלוציע פון די יונג־טער־קען איז דער שטייער אבגעשאפט געווארען, און אויך אידען און קריסטען זיינען פער־פליכטעט צו דיענען אין מיליטער, צוגלייך מיט די מוסלימער. יעדער האט אבער דאס רעכט אויסצוקויפען זיך פון מיליטער־דיענסט פאר א בעשטימטע סומע געלד (ארום 1000 פראנק, אדער 200 דאלאר).

די פליכט פון אלגעמיינע עלעמענטארע בילדונג וואס דער געזעץ פון 1286 (1869) האט איינגעפיהרט איז ביז היינט געבליבען א טויטער בוכשטאב. די איבער־וויגענדע מערהייט פון דער בעפעלקערונג, בעזונדערס פון דער מוסלימישער בעפעל־קערונג אין טערקיי און אויך אין ארץ ישראל, בעקומט ניט קיין בילדונג. אין די מעהרסטע דארפישע ישובים עקזיסטירט נאך אלץ ניט קיין איין איינציגע עלעמענטאר שולע.

די פליכט צו צאהלען שטייערען, וואס איז לויט דער לעהרע פון שריעת פערשיע־דען פאר א „גלויביגען" און א „אונגלויביגען", איז זייט דעם מאניפעסט פון גיול־האנה (1839) גלייך פאר אלע אטאמאנישע אונטערטאנען, אהן אונטערשיעד פון רעליגיע. שטייערען.

די שטייערען אין טערקיי זיינען דירעקטע און אונדירעקטע.

די לעצטע בעשטעהען פון אבצאהלונגען אויף פרעמדע סחורות, מארקען (שטייער פון אפיציעלע פאפירען און דאקומענטען) און איינקונפט פון זאלץ און טאבאק מאנאפאל.

די דירעקטע שטייערען זיינען :

1) עשר (אושר) — מעשר פון די תבואות און אלערליי ערד פראדוקטען.

2) ווערגו — שטייער אויף אונבעוועגליכעס אייגענטום.

3) אבצאהלונגען פון בהמות (שאף, גמלים, באפלען און חזירים).

(די דאזיגע שטייערען וועלכע סיי אטאמאנער סיי פרעמדע מוזען צאהלען, וועלען פערהאנדעלט ווערען אין א בעזונדער קאפיטעל).

4) תמתע (טעמעטו) — פאַטענט־שטייער פון אינטעליגענטע פּראָפעסיעס, בעלי מלאכות און סוחרים. ביז דער אבשאפונג פון די קאַפּיטולאציעס זיינען אויסלענדישע סוחרים און בעלי מלאכות געוועזען פריי פון דעם שטייער.

5) דרביה (דארביע) — וועגען־שטייער.

פריהער (אין 1869) איז יעדער אטאמאנישער אונטערטאַן אין עלטער פון 16 ביז 60 יאָהר, געווען פערפליכטעט אָבצוגעבען 20 טעג אלע פינף יאָהר אויף צו בויען אָדער פעררירכטען וועגען אין זיין געגענד. אין 1889 האָט מען שוין ערלויבט יעדען איינעם וואס האָט פּערזענליך ניט געוואלט ארבייטען דינגען אן אנדערען אויף זיין פּלאַץ אָדער גאַר אויסקויפען זיך מיט געלד. נאָך דער איינפיהרונג פון דער קאָנסטיטוציע איז די פּערזענליכע ארבייט אין גאַנצען אבגעשאפט געווארען, אנשטאט דעם איז איינגע־פיהרט געווארען אן אבצאהל אין ווערטה פון דעם ארבייטס־לוין פון 4 טעג אין יאָהר — לויט די בעזונדערע אומשטענדען פון יעדער פּראָווינץ.

אין ארץ ישראל (ירושלים'ער סאנדזשאַק, בירות'ער און דמשק'ער ווילאיעטס) רעכענטעם זיך דאס 20 גרוש — פיער ארבייטס־טעג. (א גרוש — פיאסטער איז 4 סענט אָדער 20 סאַנטים).

דער שטייער איז חל אויף יעדען איינעם אין עלטער פון 20 ביז 60 יאָהר.

## ג. אגראַרע געזעצגעבונג און שטייערן.

§ 17. אין די ערשטע צייטען פון איסלאַם, ווען די אראבישע שבטים אונטער דער פיהרערשאפט פון מחמד'ען און זיינע נאָכפאָלגער האָבען זיך אוועקגעלאָזט פון דעם אראבישען האלב אינזעל ערגבערען לענדער און פערשפּרייטען דעם נייעם גלויבען, האָבען זיי צוטיילט די באָדענס פון ניט מוסלימער און די איינגענומענע לענדער צווישען די זיעגער (ע'זאַת־גוזאַט) אלס מלחמה־רויב (ענימה־גאנימע). די וואָס האָבען פרייוויליג אָנגענומען דעם איסלאַם — האָט מען זיי איבערגעלאָזט זייערע באָדענס אלס פולער אייגענטום. אזוי האָט מחמד אליין געטון. די אראבישע איינ־וואוינער פון מדינה, וואָס האָבען אָנגענומען זיין גלויבען, זיינען געבליבען בעלי־הבתים איבער זייער גאַנצען פערמעגען. פערקעהרט, די אידישע שבטים, וואס האָבען ניט געוואָלט אנערקענען מחמד'ען פאַר א נביא — האָט מען פון זיי מיט געוואלט אוועקגעריבען זייער לאַנד און עס צוטיילט צווישען די גלויביגע.

באָדען־רעזשים פון איסלאַם.

ווען דער חליף עמר האָט ערגבערט סוריה און ארץ ישראל האָט ער ניט אלע באָדענס צוגענומען פון דער ניט־מוסלימישע בעפעלקערונג. די אלע וואָס האָבען זיך אונטערגעווארפען דער הערשאפט פון איסלאַם און איינגעוויליגט צו צאָהלען כרג' (א שטייער פון ניט־מוסלימער) זיינען פערבליבען ביי זייערע נחלאות. דער באָדען פון די מוסלימער האָט געהייסען אראצי־עשריה (אראדי אושריע), ד. ה. באָדען וואָס צאהלט מעשר, א צעהנטעל פון די פּראָדוקטען, ווייל יעדער מוסלימער איז געווען פער־פליכטעט צו צאהלען מעשר פון די פּראָדוקטען פון זיין באָדען; דער באָדען פון די ניט־מוסלימער האָט זיך גערופען אראצי כרג'יה (אראדי חאראדזשיע) — באָדען וואס צאהלט כרג' (חאראדזש) — באָדען־שטייער, וואס איז בעשטאנען פון 15 ביז 50 פּראָצענט פון'ם איינטראג, און א חוץ דעם נאָך א בעשטימטען שטייער, אונ־אבהענגיג פון די גרויס פון דער הכנסה.

די צוויי סאָרטען באָדענס, סיי עשריה סיי כרג׳יה, זיינען געווען מלכ (מולק) אַן אַבסאָלוטער פולער אייגענטום פון זייערע בעזיצער. ווען די אַראַבישע מלוכה איז אויסגעוואַקסען און די הוצאות, בעזונדערס די מיליטערישע אויסגאַבען, האָבען געפאָדערט אַלץ גרעסערע סומען, האָט די מלוכה אַ טייל פון די עראָבערטע באָדען פערהאַלטען אַלס שטאַטס־אייגענטום (אַראַצי־בית אַלמאַל — אַראַדי בייט אולמאַל). אויך אַלע באָדענס פון וועלכע די זיעגער האָבען זיך ענטזאָגט, אָבער זיינען געבליבען נאָך זייער טויט אָהן יורשים — זיינען געוואָרען דאָס אייגענטום פון דעם מלוכה־שאַץ (בית אַל־מאַל). די מלוכה האָט אָבער זעלטען ווען אַליין בעאַרבייט די באָדענס. אַם מעהרסטענס האָט זי איבערגעלאָזט פאַר זיך ניט מעהר ווי דאָס אייגענטהום־רעכט (רקבה־ראַקאַבאַ), און דאָס נוץ־רעכט (תצרף־טאַסאַרוף) האָט זי אָוועקגעגעבען פּריוואַטע פּערזאָנען.

באָדען־רעזשים פון טערקיי

§18. ווען די טערקען האָבען עראָבערט ארץ ישראל און סוריה, פּראָווינצען וואָס זיינען שוין פריהער געווען אונטערגעוואָרפען די אַראַביש־מוסלימישע מלוכה און געווען אַ טייל פון „דאַר־אַל־אַסלאַם״, וואו ס׳האָבען געהערשט די געזעצען פון שריעת, האָבען זיי שוין דאָרט געפונען דעם באָדען־רעזשים, וואָס די אַראַבישע חליפים האָבען איינגעפיהרט. דער גרעסטער טייל באָדען אין ארץ ישראל איז בעשטאַנען פון שטייער־באָדען, (אַראַצי כרג׳יה) און שטאַטס־באָדען — אַ חוץ די שטרעקעס וואָס זיינען געוועזען „מואת״ — „טויטער״ באָדען.

מיט דער צייט איז וואָס מעהר באָדען געוואָרען שטאַטס־באָדען — צו דורך דעם וואָס די אייגענטימער זיינען געשטאָרבען אָהן יורשים, צו דורך קאָנפיסקאַציעס און עקספּראָפּריאַציעס, אַזוי אַז מיט דער צייט איז כמעט ניט געבליבען קיין זכר פון „אַראַצי עשריה״ אָדער „כרג׳יה״ — די באָדענס וואָס זיינען דער פולער און אַב־סאָלוטער אייגענטום פון זייערע בעזיצער.

איצט ווערען אַלע באָדענס אין ארץ ישראל ווי אויך אין גאַנץ טערקיי איינגע־טיילט אין פינף (5) קאַטעגאָריעס:

קלאַסיפיקאַציע פון באָדען

1) באָדענס וואָס ווערען געהאַלטען אין פולען און אַבסאָלוטען פּריוואַט־אייגענטום — אַראַצ׳י ממלוכה (אַראַזי מעמלוקע) אָדער מלכ (מולק).

2) באָדענס וואָס בעלאַנגען צו דער מלוכה — אַראַצ׳י מיריה (אַראַזי־מיריע), אָדער פּשוט „מירי״.

3) הקדש־באָדען אָדער וקף (וואַקוף) דאָס מיינט חרם אין דער ביבלישער טער־מינאָלאָגיע אָדער דער שפּעטערדיגער הקדש.

4) אַלגעמיינע קהל׳שע באָדענס — אַראַצי מתרוכה (אַראַזי מעטרוקע), וואָס מיינט בוכשטעבליך „פערלאָזענע באָדענס״.

5) „טויטע״ באָדענס — אַראַצי מואת (אַראַזי מעוואַט).

מולק אָדער אַבסאָלוטעס אייגענטום

§19. מלכ (מולק) אָדער אַראַצי ממלוכה איז דאָס פולע און אַבסאָלוטע פּריוואַט אייגענטום, וועמעס אייגעטימער איז בערעכטיגט צו טון דערמיט וואָס ער וויל — פערקויפען, אָוועקשענקען, פער׳משכנ׳ען, פערפלאַנצען און פערבויען אָדער אָוועק־געבען אויף הקדש. מלכ באָדען בעשטעהט: א) פון באָדענס, וואָס געפינען זיך אין שטעדט און דערפער און אַרום זיי, ניט מעהר ווי אַ האַלבער דונאַם; ב) שטאַטס־באָדען (מירי) וואָס ווערט אָוועקגעגעבען פון דער רעגירונג אַלס מלכ, לויט די געזע־צען פון שריעת; ג) אַראַצי עשריה און ד) כרג׳יה (§ 17). פאַקטיש זיינען די דריי לעצטע סאָרטען פון מלכ כמעט ווי ניט בנמצא, און מלכ באָדען אין ארץ ישראל

איז בכלל זעהר ווייניג: בלויז דער באָדען אינערהאַלב שטעדט און דערפער אויף וועלכע די הייזער שטעהען און וואָס איז האַרט אַרום זיי איז מלכ.

בנוגע מלכ־באָדען זיינען נאָך עד היום גילטיג אויסשליסליך די געזעצען פון שריעת, און דער טערקישער אַגראַרער געזעץ־בוך (פון 1858) האָט צו טון בלויז מיט באָדענס וואָס זיינען ניט מלכ.

מתרוכה (מעטרוקע) איז אַזאַ באָדען וואָס קען ניט ווערען קיין פּריוואַט אייגענ־טום, נאָר דיענט אַלגעמיינע בעדערפענישע, ווי צום ביישפּיעל, וועגען, שייערס, שתפות'ע פּאַשע וועלדער. אַזאַ באָדען טאָר ניט פערקויפט ווערען און מ'מעג זיך בלויז מיט איהם בענוצען פאַר בעשטימטע צוועקען, לויט דער נאַטור פון באָדען.

מ ו א ת (מעוואַט) — איז אונקולטיווירטער באָדען, וואָס בעלאַנגט ניט צו קיינעם און איז אויך ניט קיין מתרוכה (קהל'ישער באָדען), און ליגט אַזוי וויים פון אַ ישוב, אַז דאָס געשריי פון אַ מאַן מיט אַ הויכער שטימע קען צו איהם ניט דערגרייכען. הפקר־באָדען.

לויט דער תורה שבעל פה פון מחמד'ן, איז יעדער וואָס קולטיווירט אַזאַ באָדען ווערט שוין דערמיט אַליין דער בעל־הבית איבער איהם. צווישען די מפרשים איז פאַרהאַן אַ מיינונגס פערשיעדענהייט, צו מען דאַרף האָבען דאַרויף פריהער אַן ער־לויבניש פון דער רעגירונג אָדער ניט. דער טערקישער געזעץ פּסק'ענט די הלכה ווי אבו־חניפה, אַז מען ווערט נאָר דאַן דער אייגענטימער פון באָדען, ווען „מ'לעבט" („מחיה") איהם אויף מיט דער ערלויבניש פון דער רעגירונג. ווען איינער לעבט אויף אַזאַ באָדען אָהן אַ פריהערדיגער ערלויבניש — קאָן ער בלייבען דער אייגענטימער נור ווען ער צאָהלט איין די ווערט־פּרייז (תמן־מתל — סעמני מיסי) פון „אויפגעלעבטען" באָדען.

אין ארץ ישראל איז אויך נאָך פאַרהאַן פיעלע אַזעלכע „טויטע באָדענס" (מואת). דאָס זאַמדיגע לאַנד אויף'ן ברעג ים צווישען קיסריה און עזה, אין אַ ברייט פון 4—6 מייל, פיעלע בערגיגע לענדערייען אין יהודה און גרויסע שטרעקעס אין עבר הירדן. בזונדערס אין דרום זייט — זיינען נאָך אַזעלכע אונקולטיווירטע הפקר באָדענס וואָס קאָנען לויט'ן געזעץ ערוואָרבען ווערען דורך קולטיווירונג און „אויפלעבונג".

ו ק פ (וואַקף) — איז באָדען וואָס איז אָוועקגעגעבען געוואָרען אויף וואָהל־טעטיגע אָדער רעליגיעזע צוועקען (אין אָריענט זיינען די ביידע כמעט דאָס זעלבע). הקדש (וואַקף).

„ריכטיגער" וקף (צחיחה — סאַחיחאַ) — איז נור אַזאַ הקדש וואָס בעשטעהט פון באָדען מלכ — פולער און אַבסאָלוטער אייגענטום. אַזאַ הקדש איז זעהר ווייניג פאַרהאַן ווייל מלכ־באָדען איז אַ זעלטענע זאַך אין טערקיי. די גרעסטע צאָהל פון „אוקאַפ" (עווקאַף — רבים פון וקף) איז דער אַזוי גערופענער „ניט ריכטיגער" וקף (עיר צחיחה —גיירי סאַחיחאַ), ד. ה. אַזאַ באָדען וועמעס גרונדאייגענטום (רקבה) בעלאַנגט צו דער רעגירונג, און בלויז דער נוץ־אייגענטום (תצרף) געהערט צום פאַקטישען בעל הבית.

וקף־באָדען טאָר ניט פערקויפט ווערען, סיידען מ'בייט איהם אויס אויף אַנאַנדער באָדען וואָס איז עהנליך אין קוואַליטעט און הכנסה. געוועהנליך ווערט אַזאַ באָדען „פערדונגען" (פאַקטיש פערקויפט) פאַר דאָפּעלטע „שכירות" (אג'ארתין — איר־דזשאַרטין), ד. ה. איין רענט, איין מאָל פאַר אַלעמאָל, וואָס איז גלייך צו דעם ווערט פון באָדען (אג'ארה מועג'לה), און נאָך זעהר אַ קליינע יעהרליכע רענט (אג'ארה מואג'לה), כדי אויפצוהאַלטען דעם כאַראַקטער פון שכירות־קאָנטראַקט.

די רעליגיעזע אנשטאלטען אין ארץ ישראל, סיי די מוסלימישע סיי די קריסט־ליכע, האָבען א סך וקף באָדענס. דער רייכסטער אייגענטימער פון וקף איז דער „ח ר ם" פון חברון — די מערת־המכפלה. אויך די בעריהמטע גמיע (מוסלימישער טעמפּעל) פון עמר, וואָס שטעהט אויף'ן הר־הבית, האָט א סך וקף. פון די קריסטליכע קירכעס איז די רייכסטע אין וקף — די גריכיש־אָרטאָדאָקסישע, צו וועלכער עס בע־לאַנגען די וויינגערטנער אין מר אליאס, צווישען ירושלם און בית לחם, אין בית לחם גופא, אין דאָרף בית ג'לה (דעך אמאָליגער גלה) און ירושלם. אויסער די גריכישע האָבען אויך די לאַטיינישע און ארמענישע קירכען אייגענעם באָדען וואָס איז וקף־הקדש.

אידישע וקף איז פאַרהאַן בלויז אין די שעטדט — ירושלם, חברון, צפת און טבריה.

§ 20. כמעט אלע אקערבוי־לענדערייען אין ארץ ישראל, ווי אויך אין גאַנץ טערקיי, געהערען צו דער קאטעגאריע וואָס רופט זיך אראצי אמיריה (אראזי־עמיריע) אָדער בקצור „מירי" ד. ה. שטאַטס־באָדען. דער גרונד־אייגענטום, וואָס ווערט בעצייכענט מיט דעם וואָרט רקבה (ראקאבא) בעלאַנגט צו דער מלוכה, די פאַקטישע בעלי־הבתים פון באָדען פערמאָגען בלויז דעם נוץ־אייגענטום — דאָס אַזוי גערופענע רעכט פון תצרף (תאסארוף), דאָס רעכט אויסצונוצען דעם באָדען, לויט די בעדינ־גונגען וואָס דער געזעץ שרייבט פאָר: דאָס דאָזיגע רעכט געהט איבער בירושה און קאָן פערקויפט ווערען צו אנדערע. — שטאַאטס־באָדען (מירי).

דער אינסטיטוט פון מירי באָדען, ווי ער האָט עקזיסטירט ביז יעצט אין טערקיי, האָט זיך פאָרמירט נאָך אין די צייטען פון סולימאַן קנוני (1520־1566), לויט די מיינונגען פון דעם בעריהמטען יוריסט (מופתי) אבו־סיוד. דיעזע אלע מיינונ־גען מיט געוויסע ענדערונגען און הוספות זיינען קאָדיפיצירט געוואָרען אין דעם אגראַרען געזעץ־בוך (אראזי קאנון־נאמעסי), וואָס איז פערעפענטליכט געוואָרען דעם 7 ראַמאַזאַן, 1274 (1858) און אין אייניגע שפּעטערע געזעצען. אין די אגראַרע רע־פאָרמען פון 1913 איז געמאַכט געוואָרען א וויכטיגער שריט צו דער פולער מאָדערני־זירונג פון דער אגראַרער געזעצגעבונג אין טערקיי, לויט'ן מוסטער פון די אייראָפּעאישע מלוכות. די רעכט פון די „נוץ־אייגענטימער" זיינען אַזוי אויסגעברייטעט געוואָרען אין די לעצטע געזעצען, אז ס'איז כמעט ניט געבליבען קיין פּראַקטיש־וויכטיגער אונטערשיעד צווישען מירי און מלכ — אויף וויפיעל דאָס איז נוגע די רעכט פון זייערע פאַקטישע בעזיצער, — אויסער דער יורידישער פיקציע, אז די מלוכה איז נאָך אלץ די אייגענטימערין פון דעם גרונד.

§ 21. די וויכטיגע יורידישע אונטערשיעדען צווישען די רעכט פון מירי און די רעכט פון מלכ זיינען פאָלגענדע:

מלכ באָדען איז אונטערוואָרפען די געזעצען פון שריעת, מירי — די געזעצען פון דער טערקישער מלוכה, דאָס הייסט דעם „קאַנון". דיעזער אונטערשיעד איז זעהר גרויס בנוגע דעם אופן פון דער צוטיילונג פון ירושה. לויט דעם שריעת ווערען די חלקים פון די געזעצליכע יורשים (זיהן, טעכטער, פאַטער, מוטער, מאַן און פרוי א. ז. וו.) בעשטימט לויט געוויסע, זעהר קאָמפּליצירטע, פּראָפּאָרציעס. אייניגע פון די יורשים, ווי קינדער, עלטערען, מאַן און ווייב, האָבען שטענדיג, אונטער אלע אומשטענדען, א טייל אין דער ירושה, אנדערע ווידער, ווי ברידער, שוועסטער, אייניקלעך, אורעל־טערען, קוזינס א. ז. וו. ירש'נען נור ביי געוויסע בעדינגונגען. א יורש'טע בעקומט — ירושה

לרוב נור א העלפט פון א יורש א. ד. ג. (דער סיסטעם פון ירושה לויט'ן שריעת איז אזוי פערוויקעלט, אז עס האט זיך געבילדעט א בעזונדערע לעהרע וואס רופט זיך „עלם פראיז" — די לעהרע פון'טיילען). לויט דעם טערקישען געזעץ, וואס ווערט אנגעווענדעט בלויז אין מירי בארדען, ירש'נען אלע קינדער גלייך, סיי מע־נער סיי פרויען, און ווען ס'איז ניטא קיין קינדער אדער אייניקלעך ירש'נען די עלטע־רען, אויך לויט א גלייכער פראפארציע, אהן אונטערשיעד פון געשלעכט.

סיי לויט'ן שריעת און סיי לויט'ן קאנון קען קיין מוסלימער ניט ירש'נען דעם בארדען פון א ניט מוסלימער, און פערקעהרט. אזוי אויך קען קיין אויסלענדער ניט ירש'נען דעם בארדען פון א אטאמאנישען אונטערטאן, אבער א אטאמאן קען ירש'נען אן אויסלענדער.

§ 22. א צווייטער אונטערשיעד צווישען מלכ און מירי — איז די רעכט פון די אייגענטימער בנוגע דער עקספלואטאציע פון בארדען. דער בעל־הבית פון מלכ, אלס אבסאלוטער אייגענטימער, מעג טהון מיט זיין בארדען וואס ער וויל, ניט דארפענדיג קיין ערלויבניש פון דער רעגירונג. ער קען אקערן, פלאנצען, בויען אדער גאר ניט ארבייטען, אויב ער וויל נאר. דער אייגענטימער פון מירי איז קודם כל פערפליכטעט צו בעארבייטען זיין בארדען, כדי די מלוכה זאל דערפון האבען א הכנסה (דורך דעם „עשר"). ווען דריי יאהר נאכאנאנד ווערט דער בארדען ניט בעארבייט אהן א גענוי־געגנדער סבה — פערלירט דער אייגענטימער זיין זכות אויפ'ן בארדען, און די ערד קעהרט זיך אום צו דער מלוכה, דאס הייסט דער בארדען ווערט „מחלול" — „לויז". (די נייערע געזעצען פערברייטערען אין דעם זין די רעכט פון אייגענטימער).

רעכטען פון אייגענ־טימער.

דער בעל הבית פון מירי האט ניט קיין רעכט דורכצופיהרען אין זיין בארדען אזעלכע אפעראציעס, וואס פערמינדערען דעם ווערט פון בארדען אדער פער־ענדערען זיין יורידישען מהות — אהן ערלויבניש פון דער רעגירונג. צום ביישפיעל, דער מירי־אייגענטימער טאר ניט אהן ערלויבניש מאכען קיין ציגעל פון די ערד פון בארדען, אדער בעגראבען דארט א טויטען, ווייל דאס פער־מינדערט דעם ווערטה פון בארדען, וואס בעלאנגט יורידיש צו דער מלוכה. דאס גלייכען טאר מען ניט פלאנצען קיין בוימער אדער בויען הייזער אויף מירי־בארדען אהן אן ערלויבניש, ווייל די הייזער און די בוימער זיינען דאס פולע און אבסאלוטע אייגענטום (מלכ) פון זייער בעל הבית, און געהען אריבער בירושה לויט די געזעצען פון שריעת, און צוליעב זיי מוז אויך דער בארדען צוטיילט ווערען לויט די זעלבע געזעצען, פונקט ווי מלכ בארדען. דאדורך ווערט אלזא פערענדערט דער יורידישער מהות פון בארדען. און דעריבער טאר מען דאס ניט טהון אהן דער ערלויבניש פון דער בארדען־פערוואל־טונג פון דער מלוכה.

אויך די רעכט פון טראנספערירען (פערקויפען, שענקען, פער'משכנ'ען) זיינען ביי מירי־בארדען מעהר בעשרענקט ווי ביי מלכ־בארדען, און יעדער אקט פון טראנספערירען מירי־בארדען מוז האבען די צושטימונג פון דער בארדען־פערוואלטונג, אלס די אייגענט־ליכע בעלי־הבתים פון לאנד.

§ 23. דער שריעת אנערקענט ניט קיין יורידישע פערזאן (א חוץ די מלוכה אדער בית אל־מאל), און דעריבער קען בארדען בעלאנגען בלויז צוווירקליכע פיזישע פערזא־נען. די געזעלשאפטליכע אדער רעליגיעזע אנשטאלטען וואס האבען געהאט בארדען אין א"י (ווי אויך אין טערקיי) האבען דאס געמוזט פערשרייבען אויפ'ן נאמען פון זייער א פערטרויענסווערטען פערזאן.

זינט מען האט אנגעהויבען צו בויען באהנען אין טערקיי און ארץ ישראל — האט די רעגיערונג עדלויבט צו פערשרייבען די באדענס וואס אייזענבאהנען האבען עקס־פראפריאירט אויף'ן נאמען פון דער אייזענבאהן געזעלשאפט. די רעגירונג האט גע־האט איהר פערזענליכען אינטערעס דערינען, ווייל נאך דעם ווי דער טערמין פון דער קאצעסיע ענדיגט זיך געהען די באהנען מיט זייער גאנצען פערמעגען אריבער צו דער מלוכה. אנדערע געזעלשאפטען אבער האבען ניט געהאט דאס רעכט אליין צו בעזיצען באדען, און דאס איז געווען איינע פון די גרעסטע שטערונגען פאר דער ענט־וויקלונג פון דער לאנדווירטשאפט אין טערקיי, ווייל ס'איז געווען אונמעגליך צו גרינדען אגראר־בענק ווי אין אנדערע לענדער ארויסצוהעלפען די לאנד אייגענטימער דורך קליין פראצענטיגע אנלייהען אויף לאנגע טערמינען — און דעריבער זיינען די נויטבעדערפטיגע פויערים געווען געצוואונגען אנצוקומען צו פריוואטע וואוכערער, וואס האבען גענומען שרעקליך הויכע פראצענטען און האבען פערשקלאפט דעם קלאס פון קליין־גוט־בעזיצער און סיסטעמאטיש בערויבט זיי פון זייער באדען.

אין די לעצטע אגראר־רעפארמען פון 1913 האט דער געזעץ ענדליך בעשאפען דעם אינסטיטוט פון יורידישע פערזאנען מיט'ן רעכט צו בעזיצען בעוועגליכעס און אונבעוועגליכעס אייגענטום. אלע געזעלשאפטען און קערפערשאפטען וואס האבען פאקטיש אייגענעם באדען, פערשריבען אויף פרעמדע נעמען, איז געגעבען געווארען די מעגליכקייט אין פערלויף פון 6 חדשים איבערצושרייבען דאס אייגענטום אויפ'ן אייגענעם נאמען. דער געזעץ ענטהאלט נאך אבער אזוי פיעל בעשרענקונגען, ספעציעל פאר אויסלענדישע אקציען־געזעלשאפטען, אז ס'איז נאך אלץ אונמעגליך צו גרינדען אגראר־בענק און עהנליכע אינסטיטוטען פאר דער ענטוויקלונג פון דער לאנדווירט־שאפט אויף ברייטע מאדערנע יסודות. די טערקישע רעגירונג האט אליין אנערקענט די אונפאלקאמענהייט פון די לעצטע רעפארמען, און האט פאר דער מלחמה צוגעגרייט וויכטיגע געזעץ־פראיעקטען, פאר דער ווייטערדיגער מאדערניזאציע פון אגראר־געזעצגעבונג און דער אויסברייטונג פון די רעכט פון געזעלשאפטען און קארפאראציעס און צוזאמענהאנג מיט דעם בעזיץ פון ערד אייגענטום. לויט דעם געזעץ פון 15 פעברואר 1913 קאנען, אויסער פיזישע פערזאנען, ערווערבען אונבעוועגליכעס אייגענטום אויך —

יורידישע פערזאנען. — 

1) יורידישע פערזאנען פון עפענטליכען רעכט.

2) אינדוסטריעלע און קאמערציעלע אטאמאנישע געזעלשאפטען נור פאר'ן צוועק פון זייער בעטריעב.

3) לאנדווירטשאפטליכע אטאמאנישע געזעלשאפטען, וועמענס אקציעס בעלאנגען אויסשליסליך צו אטאמאנער, אבער נור אויסערהאלב דערפער, בעפעסטיגטע פלעצער און מיליטעריש וויכטיגע ערטער.

## גרונדשטייערען.

שטייערען פון איסלאם.

§ 24. דער פונדאמענט פון דעם אטאמאנישען מלוכה־בודזשעט, דער וויכ־טיגסטער קוואל פון איינקונפט פאר דער רעגירונג, איז דער שטייער וואס בעלעס־טיגט די לאנדווירטשאפט — דער אזוי גערופענער עשר (אושר), א שטייער וואס ווערט אויפגעמאנט, מעהדסטענס אין נאטור, פון לאנדווירטשאפטליכע פראדוקטען. דיזער שטייער, פונקט ווי דער אידישער מעשר, האט א רעליגיעזע אבשטאמונג. אין דער

אראביש־מוסלימישער מלוכה איז דער עשר געווען א רעליגיעזער חוב, איינער פון די פינף הויפט־פליכטען וואס דער איסלאם לייגט ארויף אויף יעדען „מאמין“ — דער פליכט פון "זכאת" (זעקאט) אדער „צדקה“ (סאדאקא) — ד. ה. אבליגאטארישע צדקה וואס יעדער מוסלימער איז מחויב צו געבען פראפארציאנעל צו זיינע איינקונפ־טען (אויסער די פערזענליכע זכאת — זכאת־אל ראס. ד. ה. קאפ צדקה). די סומע פון עשר איז געווען 10 פראצ. פון די פראדוקטען וואס וואקסען אהן בעוועסערונג, און 5 פראצ. פון די פראדוקטען וואס ווערען קינסטליך בעוואסערט. די סיסטעם האט זיך געשטיצט אויף חדית (חאדיס) — א פסוק שבעל פה וואס שטאמט לויט דער טראדיציע פון נביא מחמד: „אלעס וואס ווערט בעוואסערט פון הימעל איז אונטער־געווארפען מעשר, אלעס וואס ווערט בעוואסערט דורך קינסטליכע מיטלען — גיט א העלפט מעשר“.

אלס א ריין רעליגיעזער חוב — האבען בלויז מוסלימער געדארפט צאהלען מעשר. ניט־מוסלימער זיינען געווען אונטערגעווארפען שטייער וואס האט זיך גערופען כרג׳ (חאראדזש) און זייער באדען האט דעריבער געהייסען אראצי כרג׳יה (§ 17). דער כרג׳ פון באדען איז געוועהנליך געווען העכער ווי דער עשר. אנשטאט 5—10 פראצ. האבען די ניט־מוסלימער געצאהלט 10—50 פראצ. פון דעם איינקונפט פון באדען. דעם זעלבען שטייער האט אויך געמוזט צאהלען א מוסלימער, וואס האט ערווארבען אראצי כרג׳יה (חאראדזש באדען).

פון אונבעוועגליכען אייגענטום איז בלויז באדען געווען אונטערגעווארפען שטייע־רען. בנינים זיינען, לויט דעם בעפעהל פון חליף עמר (דער צווייטער נאכפאלגער פון מחמד׳ען) געווען אין גאנצען פריי פון צינזען.

שטייערען פון טערקיי.

§ 25. דער באדען־שטייער סיסטעם פון שריעת איז אויך פערבליבען, מיט גע־וויסע ענדערונגען, אין דער טערקישער מלוכה. די טערקען האבען אבער איינגעפיהרט אן איינגענעם מאדום פון קלייבען די שטייערען געבויט אויף פעאדאלע יסודות; אזוי ווי אלע עראבערטע לענדער אין אנאטאליע און רומעלי זיינען ערקלערט געווארען דאס אייגענטום פון דער מלוכה (מירי) — האט די רעגירונג געמעגט טהון מיט׳ן באדען וואס זי האט געוואלט. די שטייערען זיינען ניט דירעקט איינגעמאנט געווארען דורך דער רעגירונג, נאר אוועקגעגעבען געווארען אלס פ י ע ף (ארענדע) צו די הויכע מילי־טערישע און ציווילע בעאמטע, מיט דעם תנאי זיי זאלען פאר דער הכנסה פון באדען אויפהאלטען אויף זייערע קאסטען מיליטער, גרייט צו קעמפען פאר דער רעגירונג אין נויטיגען מאמענט.

אין א״י און סוריה האט דאס רוב פון דער בעפעלקערונג גאר ניט געצאהלט קיין שטייערען צו דער רעגירונג. בעוואוינט פון א פרעמדער ראסע מיט א פרעמדער שפראך האבען די אראביש־שפרעכענדע פראווינצען פון טערקיי אין גאר א קליינער מאס זיך פאקטיש אונטערגעווארפען דער הערשאפט פון די פרעמדע טערקישע בעאמטע. די וואנדערענדע שבטים און בערג־איינוואוינער האבען אין גאנצען ניט אנערקענט דעם אויטאריטעט פון טערקיי, א חוץ דעם אויטאריטעט פון זייערע אייגענע „עלטסטע“.

בלויז אין די מעהר צוגענגליכע טאלען און געגענדען וואס זיינען נעהענטער צום ים, וואו די טערקישע בעאמטע האבען אויסגעאיבט מעהר־ווייניגער זייער קאנטראל איבער דער איינגעזעסענער בעפעלקערונג אין שטאדט און דערפער, איז דער רעגירונג געלונגען איינצומאהנען שטייערען. אויך דא האט די דארף־בעפעלקערונג ניט גע־צאהלט די שטייערען דירעקט צו דער רעגירונג — נור צו די שייכען (עלטסטע) פון

דאָרף, און די שייכען האָבען, דערפאר, איינגעצאהלט א געוויסע סומע צו די טערקי־שע פאשאס.

שטייער־רעפאָרמען.

§ 26. אין 1839, ווען ס'איז פערעפענטליכט געווארען דער מאניפעסט פון גיול־האנע, זיינען דורכגעפיהרט געווארען צוזאמען מיט אנדערע רעפארמען אויך ענדע־רונגען אין דעם סיסטעם פון באדען־שטייערען. אין 1840 איז אָבגעשאפט געווארען דער אונטערשיעד צווישען אראצי כארג'ה און אראצי עשריה, און ביידע קאטעגאריעס באדען זיינען אונטערגעווארפען געווארען אונטער איין און דעם זעלבען שטייער. אויך איז דאן געלעגט געווארען שטייער אויף געביידעס, און איצט ווערט דער אונבעוועג־ליכער אייגענטום אין טערקיי בעלעסטיגט מיט צוויי שטייערען: ע ש ר און ו ו ע ר ג ו.

עשר (מעשר)

1) ע ש ר. פון אלע בעארבייטעטע באדענס אין טערקיי ווערט יעהרליך אויפ־געמאהנט א שטייער אונטער דעם נאָמען עשר: הגם עשר בעדייט א צענטעל — איז דער עשר פאקטיש מעהר ווי א צעהנטעל. געזעצליך נעהמט מען פון די ערד פראָדוקטען ניט 10 פּראָצענט, נאָר 12 און א האלב פּראָצענט, ד. ה. אן אכטעל פוי דער גאנצער איננאהמע. פון דעם געהט 10 און א האלב פּראָצענט פאר דעם אלגע־מיינעם בודזשעט, 1 פראצענט פאר אלגעמיינע בילדונג, א האלב פראצענט פאר מי־ליטערישע צוועקען, און א האלב פראצענט פאר דער אגראר־באנק פון דער מלוכה. בעפרייט פון עשר זיינען בלויז די ערד־פּראָדוקטען וואס וואקסען ארום די הייזער, אין דאָרף און שטאָדט אָדער נאָהענט צום וואנט אָדער פלויט פון הויז און גארטען אויף א שטח ניט מעהר ווי 919 פיק (אן אלטער דונאם).

דער עשר, וואס ווערט פון די מייסטע פּראָדוקטען גענומען אין נאַטור, ווערט ניט דירעקט אויפגעמאהנט דורך דער רעגירונג, נאָר דורך פערמיטלער, וואס קויפען אָב דעם עשר ביי דער רעגירונג. דער אדמיניסטראטיווער ראטה (מג'לס אדארה) פון יעדען געגענד (קאדא, סאנדזשאק און ווילאיעט) שאצט יעהרליך אב די סומע עשר וואס יעדער דאָרף דאַרף בעצאהלען, און מ'גיט צו וויסען די שייכען און מוכטארען (עלטסטע) פון דאָרף. אין א בעשטימטער צייט ווערט דער עשר פערקויפט פער אקציאָן צו דעם וואס צאהלט מעהר. דערביי האָט דער דאָרף גופא דאס רעכט פון פאָרצוג. מעהרסטענס קויפען דעם עשר אב די רייכע תבואה־סוחרים, וואס מאכען יד אחת מיט די בעאמטע.

אזוי ווי די פויערים טאָרען ניט אהיים נעהמען זייער תבואה פון שייער, כל זמן די בעלי עשר האָבען ניט צוגענומען זייער חלק, האָבען די לעצטע דורך פערשיעדענע אויסריידען און דריידלעך א מעגליכקייט צו דריקען די פויערים און צווינגען זיי צו נעבען זיי א סך מעהר ווי דער געזעץ פאדערט. א חוץ דעם ווערען די פויערים דורך די זעלבע מיטלען אָפּטמאָל געצוואונגען צו פערקויפען זייער תבואה פאר א זעהר א נידריגען פרייז. אין א"י פאסירט ניט זעלטען, אז די עפענדים (די רייכע גוטבעזיצער און תבואה סוחרים) וואס דינגען אב דעם עשר ביי דער רעגירונג, זאָלען אוועקנעהמען ביי די פלחין (אראבישע פויערים) ניט 12 און א האלב פּראָצענט, נאָר 25, 30 פּרא־צענט — וואס איז כמעט דער גאנצער ריינער איינקונפט פון דער פויערישער ווירטשאפט.

דער דאָזיגער סיסטעם פון עשר, און בעזונדערס דער מעטאָד פון פּערדינגען און א י נ מ א ה נ ע ן איהם, איז איינע פון די הויפּט סבות פון דער אַלגעמיינער

ארימקייט און אבגעשטאנענקייט פון דער לאנדווירטשאפטליכער בעפעלקערונג אין טערקיי בכלל און א"י בפרט.

אין 1910 האט די רעגירונג צוגעגרייט א געזעץ־פראיעקט צו מאדיפיצירען די עקזיסטירענדע געזעצען בנוגע עשר און די סיסטעם פון זיין פערדינגונג, מיט דיזם צוועק צו בעווארענען די רעכט פון די פויערים אנטקעגען די מיסברויכען פון די בעלי־עשר. דערווייל הערשט נאך די אלטע פראקטיק.

די איינקונפט פון עשר אין גאנץ טערקיי וואס איז אין 1850 געווען בלויז צוויי און א האלב מיליאן טערקישע פונט — האט אין אנהויב פון 19טען יאהרהונדערט דערגרייכט א סומע פון פיער און א האלב מיליאן פונט. אין 1912־11 האט זיך די סומע אויפגעהויבען ביז קנאפע 7 מיליאן פונט (6.986.668). אין דעם זעלבען יאהר איז די אלגעמיינע איינקינפטע פון דירעקטע שטייערען צוזאמען גענומען געווען אין גאנצען 14.145.181 פונט, און די אלגעמיינע הכנסה פון דעם מלוכה־בודזשעט — 28.612.978 פונט. ד. ה. אז דער עשר ברענגט אריין דער מלוכה ארום 65 פראצ. פון די דירעקטע שטייערען און בערך 25 פראצ. פון דער גאנצער הכנסה.

לויט די אנגאבען פון די וויטאל קונע איז די איינקונפט פון עשר אין ארץ ישראל (בלויז אין מערב־טייל) 12.036.433 גרוש:

| | |
|---|---|
| ירושלם'ער סאנדזשאק — — — — — — — — — — — | 5.032.997 |
| שכם'ער סאנדזשאק — — — — — — — — — — — — | 3.783.748 |
| עכו'ער סאנדזשאק — — — — — — — — — — — — — | 3.239.688 |
| | 12.056.433 |

אדער 2.411.286 פראנק (ארום 120.000 טערקישע לירעס).

(די דאזיגע ציפערען בעציהען זיך צום יאהר 1896).

2) ווערגו. אויסער דעם שטייער פראפארציאנעל צו דער יעהרליכער הכנסה, זיינען אלע פערבויטע, ווי ניט פערבויטע פלעצער בעלעסטיגט מיט אן אנדער שטייער, פראפארציאנעל צום ווערט פון אייגענטום, וואס דארף אלע פינף יאהר פון ס'ניי געשאצט ווערען (פאקטיש אבער קומט די אבשאצונג זעלטען פאר). דער שטייער רופט זיך ווערגו (אדער אמלאך ווערגוסו). ווערגו

די גרויס פון דיזען שטייער (ווערגו) איז פאלגענדער:

לענדערייען וואס צאהלען עשר אדער א שטייער במקום עשר — צאהלען יעהר־ליך א פערטעל פראצ. פון זייער ווערט (ד. ה. פיער פון 1000). בא־דענס וועלכע צאהלען ניט קיין עשר און ניט קיין במקום עשר — צאהלען 1 פראצ. פון זייער ווערט.

געביידעס צאהלען פון 4 ביז 10 טייל פון טויזענד (וואס גרעסער די הכנסה פון די געביידעס און וואס העכער זייער ווערט אלץ גרעסער איז דער שטייער). גע־זעלשאפטליכע געביידעס וואס ברענגען קיין הכנסה, געביידעס וואס געהערען צו פערשיעדענע רעליגיעזע אינסטיטוטען אדער וואס דיענען פאר בילדונגס־צוועקע און דעסטגלייכען זיינען אין גאנצען בעפרייט פון ווערגו.

וויטאל קינע גיט אָן די פאָלגענדע ציפערען בנוגע דעם איינקונפט פון ווערגו אין ארץ ישראל (1896):

| | |
|---|---|
| ירושלים'ער סאנדזשאק | 3.868.576 |
| שכם'ער סאנדזשאק*) | 1.704.278 |
| עכו'ער סאנדזשאק*) | 1.979.224 |
| סך הכל | 7.552.078 גרוש |

(בערך אנדערטהאלבען מיליאָן פראנק).

§ 27. צו די לאנדווירטשאפטליכע שטייערען קען אויך צוגערעכענט ווערען די טאקסע אויף בהמות: שאָף, גמלים, בופלאָקסען און חזרים. (ארבייטס בהמות, ווי פערד, פרדות, אָקסען און קיה, זיינען פריי פון שטייערען). דער גרויס פון דער טאקסע איז ניט גלייך אין אלע טיילען פון טערקיי. אין ארץ ישראל צאָהלט מען 4 גרוש א יאָהר פון שאָף, 10 גרוש פון גמל (ארבייטס־גמלים זיינען בעפרייט), דריי און א האלב גרוש פון א חזיר. בופלאָקסען אין ארץ ישראל זיינען פריי פון שטייערען. אבצאָהלונגען פון בהמות.

לויט די אנגאבען פון וויטאל קינע (1896) איז דער איינקונפט פון דעם שטייער אין ארץ־ישראל פאָלגענדער:

| | |
|---|---|
| ירושלם'ער סאנדזשאק | 1.038.475 גרוש |
| שכם'ער סאנדזשאק | 544.235 |
| עכו'ער סאנדזשאק | 578.613 |
| חורנ'ער סאנדזשאק | 4.196.000 |
| קעראקער סאנדזשאק | 555.000 |
| | 6.912.323 גרוש |

אָדער בערך 1.382.464 פראנק.

לויט די אָפיציעלע אנגאבען האָט ירושלם'ער סאנדזשאק אריינגעבאכט אין 1909־1910 די פאָלגענדע סומען פון דירעקטע שטייערען:

| | | |
|---|---|---|
| עשר | 90.815 | טערקישע פונט |
| ווערגו | 54.841 | " |
| שאָף | 15.649 | " |
| פאטענט | 4.342 | " |
| דרביה (וועג־שטייער) | 2.335 | " |
| מיליטער־שטייער | 17.150 | " |
| סך הכל | 185.132 | טערקישע פונט |

אָדער בערך 4.200.000 פראנק.

די אנדערע טיילען פון ארץ ישראל זיינען אריינגענומען געוואָרען אין דעם חשבון פון בירות'ער און דמשק'ער ווילאיעט, צו וועלכען זיי בעלאנגען אדמיניסט־ראטיוו.

*) אין דעם איז שוין איינגעשלאָסען אויך דער איינקונפט פון פאטענטען.

די אלגעמיינע הכנסה פון די צוויי ווילאיעטען איז אין דעם זעלבען יאהר גע־וועזען פאלגענדע:

| | בירות | דמשק |
|---|---|---|
| עש[illegible] | 208.849 ט. פ. | 267.119 ט. פ. |
| ווע[illegible] | 84.788 " | 114.975 " |
| שאף[illegible] | 34.716 " | 79.193 " |
| פאטענט | 20.433 " | 8.245 " |
| דרביה | 23.064 " | 24.811 " |
| מיליטער־שטייער | 19.384 " | 32.138 " |
| | 391.234 ט. פ. | 516.471 ט. פ. |

ביידע ווילאיעטען צוזאמען 901,705 טערקישע פונט אדער בערך 20.700.000 פ.

## ד. לאקאלע און פראווינציעלע זעלבסט-פערוואלטונג.

אויטאנאמע קאלעקטיווען.

§ 28. אויסער דעם מלוכה־ארגאניזם מיט זיינע צענטראלע ארגאנען — דער סולטאן, דער פארלאמענט און מיניסטארען־קאבינעט, וואס האבען די העכסטע און אלגעמיינע יורידיקציע איבער דער גאנצער אימפעריע און איהרע איינצעלנע בע־שטאנד־טיילען, עקזיסטירען אין טערקיי, אינערהאלב די מלוכה, שטאטליך־אנערקענ־טע קאלעקטיווען, אלס בעזונדערע יורידישע פערזאנען מיט אייגענע ארגאנען פון זעלבסט-פערוואלטונג און מיט א בעגרענעצטער יוריסדיקציע איבער זייער מיטגליעדער־שאפט. אזעלכע קאלעקטיווען זיינען פאראן אין טערקיי צוויי־ערליי: טעריטאריעלע און פערסאנאלע.

צו די טעריטארעלע קאלעקטיווען געהערען די זעלבסטפערוואלטונגען פון די מו־ניציפאליטעטען, ווילאיעטען און „זעלבסטשטענדיגע" סאנדזשאקען. די פערסאנעלע קאלעקטיווען זיינען די נאציאנאל־רעליגיעזע זעלבסטפערוואלטונגען פון די ניט־מוס־לימישע פעלקער אין טערקיי, אידען און קריסטען.

פעאדאלע דעקאנ־צענטראציע.

§ 29. ביז דעם 19טען יאהרהונדערט האט אין טערקיי געהערשט אן אייגענאר־טיגער פעאדאל־מיליטערישער אדמיניסטראטיווער סיסטעם. די פערוואלטונג איז ניט געווען דעצענטראליזירט — איבערגעלאזט צו דער ארטיגער בעפעלקע־רונג פון די פערשיעדענע געגענדען פון דער גרויסער אימפעריע, נאר דעקאנ־צענטרירט: אנשטאט איין פערוואלטונג אין צענטער מיט אן אלגעמיינער קאנט־ראל איבער'ן גאנצען לאנד, האט יעדע פראווינץ — איאלת (איאלעט) — געהאט א בעזונדערען הערשער, מיט א צענטראלער מאכט, וועלכער איז קאנטראלירט געווארען. אמוועניגסטען פארמעל (אין דער פראקטיק זיינען די לאקאלע הערשער אפטמאל געוועזען כמעט אין גאנצען זעלבסטשטענדיג און אונאבהענגיג פון דער צענטראלער מאכט אין קאנסטאנטינאפאל, בעזונדערס אין די ווייטערע פראווינצען, ווי סוריה, ארץ ישראל, אראביען, מצרים א. ז. וו.) פון דער רעגירונג אין קאנסטאנטי־נאפאל. אין 1856 איז איינגעפיהרט געווארען א נייע אדמיניסטראטיווע אָרדנונג: דאס גאנצע לאנד איז צוטיילט געווארען אין ווילאיעטען (ולאית), מיט א ווּאלי אן דער שפיץ. דער וואלי איז שוין ניט קיין וואסאלער הערשער, ווי די פריהערדיגע פאשאס פון איאלעטען וואס האבען צווישען זיך געפיהרט מלחמות, נאר אן אונטערגעאָרדענטער אדמיניסטראטיווער בעאמטער פון דער צענטראלער רעגירונג. דער גאנצער פערוואל־טונגס-סיסטעם איז אויף אזא אופן שטארק צענטראליזירט געווארען. פון איין

עקסטרעם — פון צו גרויסע דעקאָנצענטראַציע, וואָס האָט שיער געבראַכט צו אַן אַלגעמיינער צוברעקלונג פון דער מלוכה — האָט זיך טערקיי אַריינגעוואָרפען אין אַ צווייטען עקסטרעם — אַ שטרענגע צענטראַליזאַציע וואָס האָט גאָר ניט גענומען אין אַכט די בעזונדערע אומשטענדען, בעדינגונגען, בעדערפנישען און געוואוינהייטען פון יעדער פּראָווינץ פון דער גרויסער פערשיעדענאַרטיגער, פיעלפאַרביגער מלוכה. די דאָזיגע אָרדנונג איז פערבליבען ביז נאָך דער רעוואָלוציע פון די יונג־טערקען אין 1908.

**דאָרפישע זעלבסט־פערוואַלטונג.**

§ 30. אָבער שוין אויך דער אַלטער רעזשים, ווען די בעפעלקערונג איז אין גאַנצען געווען בערויבט פון יעדען רעכט צו בעטייליגען זיך אין דער פיהרונג פון דער מלוכה, האָט געמאַכט אַן אויסנאַהם פאַר די לאָקאַלע געמיינדעס. די דערפער און שטעדט האָבען שוין פון אָנהויב אָן, ווי ס'איז נור איינגעפיהרט געוואָרען די נייע אַדמינסטראַטיווע אָרדנונג, בעקומען אַ זעלבסטפערוואַלטונג מיט אייגענע ערוועהלטע לאָקאַלע פאָרשטעהער און בעאַמטע, אין דער פאָרם ווי זיי עקזיסטירען עד היום.

יעדע קריה (קאַריאַ—דאָרף) ווערט פערוואַלטעט פון אַ מוכתר (מוכטאַר), ערוועהלט פון אַלע פאָרשטעהער פון דאָרף. אַ דאָרף וואָס האָט אַ געמישטע בעפעלקערונג, פון פערשיעדענע נאַציאָנאַליטעטען און רעליגיעס, האָט עטליכע מוכתר'ס, פון יעדער גרופּע בעזונדער. צום מוכתר ווערט צוגעגעבען אַ ראַט פון עלטסטע — מג'לס אחתיאַריה (מידזשעליסי איכטיאַריע), וואָס איז דער פערמיטלער צווישען דעם דאָרף און דער רעגירונג. זיי פערטיילען און מאַהנען אויף די שטייערען, משפּט'ן די איינוואוינער פון דאָרף אין געלד־זאַכען. ווען די צדדים זיינען אויף דערויף מרוצה, און פערוואַלטען אַלע אינערליכע אַנגעלעגענהייטען פון דאָרף.

דער מוכתר און די מיטגליעדער פון מג'לס ווערען ערוועהלט אַלע יאָהר פון דער גאַנצער דאָרפישער בעפעלקערונג. בלויז די וואָס האָבען אומבעוועגליך אייגענטום אָדער בעאַרבייטען דעם באָדען פון דאָרף און צאָהלען שטייערען האָבען אַ שטימע אין די וואַהלען.

**שטאָדטישע זעלבסטפערוואַלטונג**

§ 31. די שטעדט — שהר (שעהיר) אָדער קצבה (קאַסאַבאַ) האָבען אַ מוניציפּאַלע זעלבסטפערוואַלטונג — אַדאַרה־בלדיה (אידאַרעי בעלעדיע) אָדער בקצור — בלדיה: די פערוואַלטונג בעשטעהט פון אַ רייס בלדיה (רייסי־בעלעדיע) — שטאָדט־פּרעזידענט און אַ מג'לס בלדיה (מידזשעלים־בעלעדיע) — שטאָדט־ראַט פון 6־12 מיטגלעדער (לויט דער גרויס פון שטאָדט), וואָס ווערען ערוועהלט אַלע פיער יאָהר.

**אָרגאַניזאַציע.**

אַקטיווע רעכט אין שטאָדטישע וואַהלען האָבען בלויז מענער, אָטאָמאַנישע בירגער פון 25 יאָהר און העכער, וועלכע צאָהלען אַם ווייניגסטען 50 גרוש אַ יאָהר שטייער פון זייער אומבעוועגליכען אייגענטום. פּאַסיווע וואַהל רעכט האָבען נור די וואָס צאָהלען אַם ווייניגסטען 100 גרוש אַ יאָהר, פון 30 יאָהר און העכער.

דער רייס־בלדיה (שטאָדט־פּרעזידענט) ווערט בעשטימט דורך דער רעגירונג פון צווישען די מיטגלעדער פון שטאָדט־ראַט.

**פונקציעס.**

די דאָזיגע אַדמיניסראַציע פערוואַלטעט די שטאָד־פּאָליציי — צ'בטא בלדיה (זאַביטאַי־בעלעדיע), וואָס גיט אַכטונג אויף דער פרייער בעוועגונג, רוהיגקייט, געזונד און געזעלשאַפטליכע זיכערהייט פון שטאָדט: זי בעזאָרגט די אַלגעמיינע שטאָדטישע בעדערפנישען, ווי בעלייכטונג, קאַנאַליזאַציע, וואַסער־לייטונג, ריינקייט, די בריקירונג פון די גאַסען א. ד. ג. און פערוואַלטעט די געזעלשאַפטליכע וואָהלטעטיגע אינסטיטוטען, ווי שפּיטאָלען, מושב־זקנים א. ז. וו. אום צו ערפילען איהרע פונקציעס האָט די בלדיה דאָס רעכט אַרויפצולעגען שטייערען און טעקסעס אויף די איינוואוינער פאַר

לאקאלע בעדערפנישען: ווי זבחיה (זאבחיע) א טאקסע אויף געקוילעטע בהמות, קנטריה (קאנטאריע) טאקסעס פון מאַסען און וואַגען, תגויראת רסמי (טאגוויראט רעסמי) — בעלייכטונגס-שטייער, טאקסעס פון קאָנטראַקטען א. ז. וו.

אויסער די שטייערען און טאקסעס האָט די שטאַדט פערוואלטונג הכנסות פון שטאַדטישע פערמעגענס.

אין די שטעדט פון ארץ ישראל, מיט דער אויסנאהם פון יענע לאָקאליטעטען, וועלכע ווערען פערוואלטעט דורכאויס פון אידען (תל אביב אין יפו) אָדער וואו די אידען פערנעהמען א מעהר וויניגער חשוב'ען אָרט, ווי אין ירושלם און יפו — עקזיסטירען די מוניציפּאַלע זעלבסטפערוואלטונגען בלויז אויף'ן פּאַפּיר. צוליעב מאַנ־געל אין פינאַנציעלע מיטלען, און נאָך מעהר צוליעב מאנגעל אין קולטור, איניציאַטיווע און ערפאהרונג ווי אויך צוליעב דער אבוועזענהייט פון א בעדערפניש אין העכערע און בעסערע לעבענס-בעדינגונגען ביי דער אָרטיגער בעפעלקערונג אין די דאָזיגע שטעדט ווערען די פונקציעס פון דער שטאַדט-פערוואלטונג פאַלשטענדיג פערנאַכלע־סיגט. די גאַסען ווערען ניט בריקירט, ניט בעלויכטען, ניט גערייניגט, קיין וואַסער־לייטונג און קאַלאַניזאַציע ווערט אין ערגיץ ניט דורכגעפיהרט. די גאַסען זיינען שמוציג און ענג און עס הערשען די זעלבע אונאָרדנונגען ווי אין די אלטע גוטע צייטען פון פאר פופציג יאָהרען צוריק, איידער די שטאַדטישע זעלבסטפערוואלטונג איז איינגע־פיהרט געוואָרען.

§ 32. דער עקסטרעמער צענטראַליזם פון אבסאלוטיסטישען רעזשים אין טערקיי האָט נאָך דער איינפיהרונג פון דער קאָנסטיטוציאָנעלער אָרדנונג אבגעטראָטען זיין פּלאַץ צו א מעסיגער דעצענטראַליזאציע אין דער פערוואלטונג פון די ווילאַיעטען. די יונג-טערקען, די העלדען פון דער רעוואלוציע, זיינען אפילו אליין שטאַרק געניגט צו צענטראַליזאציע מיינענדיג דערמיט טורקיזאציע, און די ערשטע יאָהרען פון זייער הערשאַפט האָבען זיי טאַקי געפיהרט א צענטראַליסטישע פּאָליטיק מיט אויסגעשפּראָ־כענע שאָוויניסטישע טענדענצען. זייער אידעאל איז געווען די אסימילירונג פון די פערשיעדענע פעלקער פון טערקיי אין איין „אָטאָמאַנישער נאציאָן". די געגנערישע פּאַרטייען, פערקעהרט, זיינען געשטאַנען פאַר א פולער דעצענטראַליזאציע און א ברייטער אויטאָנאָמיע פאַר די פערשיעדענע פּראָווינצען וואס זיינען בעוואוינט פון אנדערע פעלקער און ראַסען. דער 108טער פּאַראַגראַף פון דער קאָנסטיטוציע פּאָדערט בפירוש אז די פערוואלטונג פון די ווילאַיעטען זאָל זיך שטיצען אויפ'ן פּרינציפּ פון זעלבסטפערוואלטונג און אויטאָנאָמיע פון דער ווילאַיעט-בעפעלקערונג.

צענטראַליסטישע פּאָליטיק.

דער הויפּט-קאַמפּף צווישען די פּאַרטייען אין פּאַרלאַמענט האָט זיך געדרעהט אַלץ ארום דעם פּונקט. די יונגע טערקען, אלס די הערשענדע פּאַרטיי, האָבען זיך אַלץ געהאַלטען ביי זייער צענטראַליזם און ניט געוואָלט נאָכגעבען די פּאָדערונגען פון די פּאַרשטעהער פון די ניט טערקישע פעלקער. ביז ס'האָט ווי ביי אלטען רעזשים אויסגעבראָכען אן אויפשטאַנד פון די אלבאַנעזער, נאָך וועלכען עס איז באַלד געקומען דער באַלקאַנישער קריעג, און די יונג-טערקישע רעגירונג איז געפאלען. ווען די דאָזיגע פּאַרטיי האָט אם ענדע פון קריעג צוריק בעקומען די מאַכט, האָט זי זיך געאיילט און ארויסגעגעבען א געזעץ וועגען זעלבסטפערוואלטונג אין די ווילאַיעטען — דער געזעץ פון 13טען מארט 1229 (1913).

§ 33. לויט דיזען געזעץ איז יעדער ווילאַיעט (און דעסטגלייכען יעדער „זעלבסט־שטענדיגער סאַנדזשאַק". ווי למשל ירושלם וואס האָט דעם זעלבען דין פון א ווילאַיעט)

געווארען א יורידישע פערזאן, מיט אן אייגענעם בודזשעט און ערוועהלטע ארגאנען פאר זעלבסטפערוואלטונג מיט א בעשטימטער קאמפעטענץ אין די גרעניצען וואס דער געזעץ האט פעסטגעשטעלט. אין אלגעמיין־שטאטליכע אנגעלעגענהייטען, ווי מי־ליטער, געריכט, העכערע בילדונג, פאסט, טעלעגראף א. ד. ג. ווערט דער ווילאיעט, ווי פריהער, פערוואלטעט דורך דער צענטראלער רעגירונג און איהרע לאקאלע אגענטען, ווי דער וואלי (גענעראל גובערנאטאר), מוטעסאריף (גובערנאטאר) און קאימאקאם (בעצירק־פערוואלטער).

דיזע הויפט בעאמטע האבען ביי זיך אן אדמיניסטראטיווען־ראט — מג׳לס אדארה (מידזשעליסי־אידארע), וואס בעשטעהט פון א געוויסע צאהל אונטערגעארדנעטע בעאמטע, פון פארשטעהער פון אלע אנערקענטע רעליגיעזע גע־מיינדעס, מוסלימישע און ניט־מוסלימישע, און ענדליך פון פיער ערוועהלטע מיטגליע־דער, צוויי מוסלימער און צוויי ניט־מוסלימער (אין די געגענדען וואו די בעפעלקערונג איז א געמישטע, ווי למשל אין ארץ ישראל). די פונקציע פון דעם ראט איז אויסצו־הערען די קלאגעס פון דער בעפעלקערונג געגען אונגעזעצליכע מעשים פון די בעאמטע און צו משפט׳ען די דאזיגע בעאמטע, צו קאנטראלירען און רעגולירען אלע רעגירונגס־קאנטראקטען און עפענטליכע אקציאנען ביים פערקויפען דעם עשר און אנדערע שטייערען א. ד. ג.

אדמיניסטראציאנס־ראטה.

וואס אנבעלאנגט אבער די ריין־לאקאלע אנגעלעגענהייטען פון ווילאיעט, ווי בויען וועגען, אויסטרוקענען זומפען, דורכפיהרען בעוואסערונגס־סיסטעמען פאר אגריקולטור־רעלע ציעלען און קאנאליזאציע אין די שטעדט, געבען קאנצעסיעס פאר בעלייכטונג און עלעקטרישע טראמווייען אין שטעדט, די גרינדונג פון עקספערימענטאלע סטאנציעס און מוסטער פערמעס פאר דער ענטוויקלונג פון ערד ארבייט און פיהצוכט, פלאנצען וועלדער אין פאסיגע ערטער, עפענען קונסט־ און געווערב־שולען, אינדוסטריע־לע און קאמערציעלע קאמערען און אויסשטעלונגען, בערזעס, גרינדען עלעמענטארע און מיטעלע שולען, היגיענישע און וואהלטעטיגע אינסטיטוטען — אלעס וואס האט צו טהון מיט דער עקאנאמישער, קולטורעלער און גייסטיגער ענטוויקלונג פון דער בעפעל־קערונג אין ווילאיעט, ווערט דאס איבערגעלאזט צו די ערוועהלטע ארגאנען פון דער ווילאיעטישער זעלבסטפערוואלטונג.

ווילאיעטס־פערוואלטונג.

פונקציעס.

דער העכסטער ארגאן פון דיזער זעלבסטפערוואלטונג איז דער אזוי־גערופענער מג׳לס עמומי (מידזשעליסי אומומי) — דער אלגעמיינער ראט פון ווילאיעט, וואס ווערט ערוועהלט אלע פיער יאהר. יעדע קצ׳א (קאדא) — בעצירק — שיקט איהר פארשטעהער לויט דער צאהל פון דער בעפעלקערונג, צו איין פארשטעהער פון יעדע 12.000 בעפעלקערונג. די וואהלען זיינען אונדירעקטע, פונקט ווי די וואהלען צום פארלאמענט, אבער יעדער אטאמאנישער בירגער האט וואהל־רעכט. דער צענז (די פאדערונגען) פאר פאסיווער וואהל רעכט איז אויך דער זעלבער ווי צום פארלאמענט. דער ראט האט א יעהרליכע זיצונג פון 40 טעג (ווען נויטיג פון 55 טעג), אונטער דעם פארזיץ פון וואלי. ווען די זיצונג ענדיגט זיך ווערט ערוועהלט א שטענדיגע קאמיסיע פון 2 ביז 4 מיטגליעדער — אנג׳מן ולאית (ענדזשומעני ווילאיעט), וועלכע צוזאמען מיט׳ן וואלי פיהרט אויס די בעשלוסען פון מידזשעלים.

ארגאניזאציע

די הוצאות פאר די נויטיגע ארבייטען ווערען גענומען טיילווייז פון די אלגעמיינע מלוכה שטייערען (פון עשר, 1 פראצענט פאר בילדונג און א האלב פראצענט פאר׳ן אגראר באנק), און וועג שטייערען (דארביע), טיילווייז פון ספעציעלע טאקסעס

וואס דער מידזשעלים בעשטימט פאר זיינע אויסגאבען, אלס הוספה צו די דירעקטע שטייערען, און טיילוויז פון די איינקונפט פון די גיטער וואס געהערען דעם ווילאיעט.

דער ווילאיעט האט אויך דאס רעכט צו מאכען הלואות צוליעב געזעלשאפטליכע ארבייטען, בילדונגס אינסטיטוטען און סאניטארע אונטערנעהמונגען.

פון אלע טיילען אין א"י האט בלויז ירושלם, אלס א זעלבסטשטענדיגער סאנדזשאק, וואס געהערט ניט צו קיין ווילאיעט, אזא פראווינציעלע זעלבסטפערוואלטונג. שכם און עכו, אלס טיילען פון בירות'ער ווילאיעט, שיקען זייערע פארשטעהער אין דעם מידזשעלים פון בירות; חורן און קעראק אין עבר הירדן בעטייליגען זיך אין מידזשעלים פון דמשק'ער ווילאיעט צו וועלכען זיי בעלאנגען.*)

ביז איצט האט די פראווינצעלע זעלבסטפערוואלטונג אין ירושלם, צוליעב די זעלבע אורזאכען וואס זיינען אנגעוויזען ביי דער אונטעטיגקייט פון די שטאדטישע זעלבסטפערוואלטונגען, זעהר ווייניג אויפגעטהאן. די איינציגע בעדייטענדע ארבייט וואס זי האט בעשלאסען און אונטערגענומען פאר דער מלחמה איז געווען — דורכפיהרען א שאסע־וועג צווישען יפו און עזה, פארביי די אידישע קאלאניעס אין יהודה. די ראלע אבער פון דעם מידזשעלים אין דיזער אונטערנעהמונג איז הויפטזעכליך בעשטאנען דעריין, וואס ער האט פאר דער זאך בעוויליגט זיין הסכמה. דאס געלד און די ארבייט ווערט בעיקר צוגעשטעלט פון די אידישע קאלאניעס, דורך וועלכע דער וועג געהט דורך.

אויטאנאמע פראווינצען

§ 34. די זעלבסטפערוואלטונג פון די דערפער, שטעדט און ווילאיעטען, אלס א אונמיטעלבארער און דירעקטער פראדוקט פון דער טערקישער געזעצגעבונג, איז איין און דער זעלבער אין אלע טיילען פון דער אטאמאנישער אימפעריע. די רעגולירונג, רעגלאמענטאציע און קאנטראל פון דער דערמאנטער לאקאלער זעלבסטפערוואלטונג שטעהט אונטער דער אויסשליסליכער יוריסדיקציע פון דער צענטראלער מאכט — פארלאמענט און רעגירונג פון קאנסטאנטינאפאל. עס איז אבער פאראן אין טערקיי נאך אנ'אנדער סארט לאקאלע אויטאנאמיעס, מיט א סך ברייטערער קאמפעטענץ, איבער וועלכע די צענטראלע מאכט האט נור א בעגרענעצטע, אין אייניגע פעלען זעהר א בעשרענקטע, כמעט פיקטיווע קאנטראל. דאס זיינען די האלב־אונאבהענגיגע פראווינצען פון טערקיי. אין דער פריהערדיגער צייט זיינען אזעלכע פראווינצען געווען מעהר צאהלרייך ווי איצט. דער אינזעל קריד, מצרים, די אראבישע פראווינצען סאמאס — האבען בעלאנגט צו דיזער קאטעגאריע. קריד איז אין באלקאנישען קריעג אנעקסירט געווארען צו גריכענלאנד, סאמאס האבען פערכאפט די איטאליענער און מצרים איז נאך דעם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה ערקלערט געווארען אלס א זעלבסטשטענדיגע מלוכה אונטער דעם פראטעקטאראט פון ענגלאנד.

פון די פערבליבענע אויטאנאמע פראווינצען האט א בעזונדערע וויכטיגע בעדייטונג פאר א"י — די פראווינץ ל ב נ ו ן. דאס דירעקטע נאכבאר־לאנד אויפ'ן נארדליכען גרענעץ פון ארץ ישראל.

## ה. די אויטאנאמיע פון לבנון.

§ 35. פונקט ווי א"י. בעזונדערס אין דעם נארדליכען טייל פון לאנד, גליל, אזוי האט אויך דער לבנון זעהר א געמישטע בעפעלקערונג. אויף דעם פערהעלטניסמעסיג

*) אין דעם לעצטען מג'לס עמומי אין ירושלם זיינען געווען אויך צוויי אידישע מיטגליעדער. די צאהל פון דער מיטגליעדערשאפט איז 7.

געמישטע בעפעל־קערונג.

קליינעם שטח פון דער פּראָווינץ (3.200 ק. ק.) וואוינען פינף פערשיעדענע גרופּען: מאַראָניטען, דרוזען, גריכען (ריכטיגער — אַראַביש שפּרעכענדע קריסטען), מוסלי־מער־סוניטען און מוטעוועלער (מוסלימער־שיעיטען פון א קורדיש־פּערסישער אבשטאַ־מונג), אויסער אייניגע קלענערע גרופּען ווי אידען, אַרמעניער און ז. וו. דער לבנון איז אלזא, פּונקט ווי א"י און סוריה, א „נאַציאָנאַליטעטען־שטאַט" אין א קליינעם מאַסשטאַב. פון די פינף דערמאַנטע גרופּען, האָבען די ערשטע צוויי — די מאַראָניטען און די דרוזען — געשפּיעלט די הויפּט־ראָלע אין דער געשיכטע פון לבנון, און דער קאַמפּף צווישען זיי, וואס האָט זיך שטאַרק צופלאַקערט אין 1860, האָט געבראַכט צו דער עטאַבלירונג פון דער לבנון'ער אויטאָנאָמיע, אונטער דעם שוץ פון די פינף אייראָפּעאישע גרויסמעכטע אין יענער צייט: פראַנקרייך, ענגלאַנד, רוסלאַנד, עסט־רייך און פּרייסען (שפּעטער אין יאהר 1868, איז אויך איטאַליע געוואָרען איינע פון די פּראָטעקטירענדע מלוכות).

קאַמפּף פאַר זעלבסטשטענדיג־קייט.

מעהר ווי אַלע אַנדערע טיילען פון סוריה און א"י, האָט דער לבנון אבגעהיט זיין אונאבהענגיגקייט, און בעקעמפּפט מיט גרוים עקשנות און מוטה די צאהלרייכע עראָבע־רער וואס האָבען זיך אין פערשיעדענע צייטען אריינגעריסען אין סוריה. אויך אונטער דער טערקישער אויבערהערשאַפט האָבען די איינוואוינער פון לבנון מעהר־וויניגער אבגעהיט זייער זעלבסטשטענדיגקייט. די אונצוגענגליכע בערג פון לבנון האָבען פיעל געהאָלפען די קאַמפּפס־לוסטיגע בערג־לייט צו בעשיצען זיך אנטקעגען פרעמדער הערשאַפט. פאָרמעל זיינען די חכימ'ען (אַרטיגע פערוואַלטער) פון לבנון געווען אונטערגעאָרדענט אונטער דער טערקישער צענטראַלער מאַכט, פאַקטיש אָבער זיינען זיי אָפּטמאָל געווען זעלבסטשטענדיגע, אונאבהענגיגע הערשער, וואס האָבען געפיהרט מלחמות מיט די אַרומיגע טערקישע פּאַשאַס פון דמשק, צידון און עכו. בעזונדערס האָבען זיך די דרוזען אויסגעצייכענט מיט זייער אונאבהענגיגקייטס־גייסט, און זייער עמיר, דער בעריהמטער פחר א־דין (1584—1633) האָט זאָגאַר פערשפּרייט זיין ממשלה איבער א גרויסען טייל פון ארץ ישראל.

אינערליכע קעמפּפע

דער לעצטער מוסלימישער עמיר פון לבנון, בשיר־שהאַב (בעשיר שעהאַב), וואס האָט געהערשט אין לבנון פון 1786 ביז 1840, האָט פיעל מיטגעהאָלפען מחמד עלי'ן און זיין זוהן איברהים פּאַשא פון מצרים געגען די טערקען אין דער עראָבערונג און בעהערשונג פון סוריה און א"י. ווען א דאַנק די אריינמישונג פון אייראָפּא, האָט זיך מחמד עלי געמוזט צוריקציהען פון סוריה (1840), האָט דער טערקישער סולטאַן, וואס איז דאַן געוואָרען דער פּאַקטישער בעל הבית פון לבנון, בעשטימט אַלס חכים פון לבנון א מאַראָניט (א קריסט), דעם עמיר בשיר אל קאַסם. די דרוזען, די טראַדי־ציאָנעלע פיינד פון די מאַראָניטען, האָבען זיך גלייך אָנגעהויבען צו בונטעווען, האָבען בעלאַגערט דעם פּאַלאַץ פון עמיר אין זיין רעזידענץ שטאָדט דייר־אל־קאַמאַר, און אויסגעקוילעט א מאַסע מאַראָניטען. אויף דעם פערלאַנג פון די פינף אייראָפּעאישע גרויס־מעכטע האָט טערקיי איינגעפיהרט אייניגע רעפאָרמען אין לבנון, מיט דעם ציעל אויפצוהאַלטען שלום צווישען די פיינדליכע פעלקער. דער לבנון איז צוטיילט געוואָרען אויף צוויי טיילען, די נאָרדליכע טייל מיט א מאַראָניטישער מעהרהייט, האָט בעקומען א מאַראָניטישען קאימאַקאַם (וויצע־גובערנאַטאָר), און די זידליכע טייל, וואו די דרוזען זיינען געווען דער רוב, — א דרוזישען קאימאַקאַם. ביידע קאימאַקאַמען זיינען געווען אונטערוואָרפען דעם וואַלי פון בירות. נאָך עטליכע יאהר פון פריעדען האָבען זיך די שטרייטיגקייטען ווידער בעגייט (1859). נאָך א יעהרליכע קריעגס־

פארבערייטונג איז פארגעקומען א בלוטיגע שלאכט צווישען די מאראניטען און די דרוזען, און די ערשטע האבען געליטען א מפלה (1860). די דרוזען, כאטש אין צאהל זיינען זיי געווען פיעל ווייניגער פאר זייערע געגנער, האבען געמאכט א גרויסע שחיטה צווישען די מאראניטען. די אונרוהען האבען זיך פערשפרייט אויך אין סוריה, בעזונדערס אין דמשק; פראנקרייך האט גלייך געשיקט א מיליטערישע עקספעדיציע אין בירות „צו בעשיצען די סורישע קריסטען".

§ 36. דעם 5טען אקטאבער 1860 האבען זיך אין בירות פערזאמעלט די פארשטעהער פון טערקיי, פראנקרייך, עסטרייך, ענגלאנד רוסלאנד און פרייסען און אויסגעארבייט א פראיעקט פאר דער אויטאנאמער פערוואלטונג פון לבנון אויפ'ן יסוד פון פראפארציאנעלער פערטרעטערשאפט פון אלע גרופען. אין 1864 איז אנגענומען געווארען עטוואס א מאדיפיצירטער סטאטוט, וואס איז פערבליבען אין קראפט עד היום, פאר דער אויטאנאמיע פון לבנון אונטער דער אויבערהערשאפט פון טערקיי און דעם פריינדליכען פראטעקטאראט פון די אייראפעאישע גרויס־מעכטע*).

אויטאמאנע רעגירונג.

לויט דיזען ענדגילטיגען סטאטוט האט דער לבנון בעקומען א קריסטליכען מוטעסאריף (גובערנאטאר), וואס ווערט אלע 5 יאהר בעשטימט פון טערקיי מיט דער צושטימונג פון די פראטעקטירענדע מלוכות. דער גובערנאטאר פון לבנון האט דעם ראנג „ויזיר" — דער העכסטער ציווילער טיטול אין טערקיי. כדי צו פערמיידען די געגענזייטיגע קנאה פון די ארטיגע פעלקער ווערט שטענדיג בעשטימט אלס גובערנאטאר ניט קיין לבנונ'ער געבוירענער.

דיזער גובערנאטאר וואס קען ניט ארונטערגעזעצט ווערען אין פערלויף פון פינף יאהר, סיידען דורכ'ן געריכט, האט די גאנצע אויספיהרענדע מאכט אין אלע אנגעלעגענהייטען פון דער פראווינץ.

די געזעצגעבערישע מאכט פון לבנון אין רייז לאקאלע ענינים איז איבערגעגעבען דעם צענטראלען מג'לס (נידזשעלים) וואס בעשטעהט פון 12 ערוועהלטע מיטגליעדער: 4 מאראניטען, 3 דרוזען, 2 ראטאדאקסישע גריכען, 1 קאטוילישער גריך 1 מוסלים־סוניט, 1 מוטעוועלער (7 קריסטען געגען 5 מוסלימער). די הויפט־פונקציע פון מג'לס איז צו בעשטימען און פערטיילען די שטייערען, בעשטעטיגען דעם בודזשעט און צו קאנטראלירען די הכנסות און הוצאות פון דער פראווינץ — און אויך פערהאנדלען אלע פראגען וואס דער גובערנאטאר ברענגט פאר. די לאקאלע בעאמטע ווערען ערוועהלט אין יעדען ארט פון דער גרופע וואס בילדעט דארט די מאיארטעט, אויך די ריכטער ווערען בעשטימט פון גובערנאטאר אויף דעם זעלבען אופן.

ציווילע, מיליטערישע, פינאנציעלע ארגאניזאציע.

די פראווינץ האט אן אייגענע מיליץ פון בערך 1000 מאן, אונטער דער קאמאנדע פון א קריסטליכען מיר־אליי (קאלאנעל). די איבריגע אפיצירען ווערען גענומען פראפארציאנעל פון אלע גרופען. די דאזיגע מיליץ טאר אפילו אין צייט פון קריעג ניט בענוצט ווערען אויסערהאלב דעם לבנון.

די שטייערען פון לבנון, אין א סומע פון 805.000 פראנק, מוזען קודם כל בענוצט ווערען פאר לאקאלע אויסגאבען, און נור וואס עס בלייבט איבער געהט צו דער מלוכה. דיזע סומע ווערט צוזאמענגעשטעלט פון באדען־שטייער (ווערגו) און קאפ־שטייער. די בעפעלקערונג פון לבנון צאהלט ניט קיין עשר און קיין תמתע (פאטענט־שטייער)

*) אין יאנואר 1917 האט די טערקישע רעגירונג צוגעשיקט א נאטע צו איהרע פערבינדעטע מלוכות, אין וועלכער זי ערקלערט, אז די אויטאנאמיע פון לבנון ווערט אבגעשאפט.

און אלע אנדערע שטייערן וואס בעלעסטיגען די בעפעלקערונג פון אנדערע טיילען אין טערקיי. אויך די מאנאפאלען וואס עקזיסטירען אין טערקיי — מאנאפאל אויף זאלץ און טאבאק — זיינען אין לבנון ניטא.

א דאנק דעם אויטאנאמען רעזשים און בעפרייאונג פון די שווערע שטייערן, בעזונדערס פון עשר, האט זיך דער לבנון שטארק ענטוויקעלט זינט 1864, און שטעלט איצט מיט זיך פאר די רייכסטע פראווינץ אין סוריה. ניט קוקענדיג אויף דער עמיג־ראציע פון די בערג אין די פארט־שטעדט פון סוריה און אויך אין אויסלאנד, איז דער צוואוואוקס פון דער בעפעלקערונג פון 1864 — ווען ס'איז דורכגעפיהרט געווארען די ערשטע פאלקס־צעהלונג אין לבנון — ביז 1900 — די לעצטע צעהלונג — איבער הונדערט טויזענד מאן. (300.000 מאן אין 1864 ; 402.000 — אין 1900*).

## ו. נאציאנאל-רעליגיעזע אויטאנאמיע פון ניט-מוסלימישע פעלקער.

§ 37. די טעריטאריעלע קאלעקטיווען, ווי דערפער, שטעדט, ווילאיע־טען, וואס זיינען שטאטליך אנערקענט אלס יורידישע פערזאנען מיט אייגענע רעפרע־זענטאטיווע ארגאנען און מיט א בעגרענצטער זעלבסטפערוואלטונג, זיינען, ווי מיר האבען געזעהען אין די פריהערדיגע פאראגראפען, א פראדוקט פון דער רעפארמיסטי־שער געזעצגעבונג אין טערקיי אין די לעצטע פופציג יאהר, און פארלויפיג שפיעלען זיי גאר אן אונבעדייטענדע ראלע אין דעם פאליטיש־געזעלשאפטליכען לעבען פון טערקיי. א סך א גרעסערע היסטארישע בעדייטונג און פאליטישע וויכטיגקייט האבען די פערסאנאלע קאלעקטיווען פון די ניט־מוסלימישע פעלקער, וועלכע געניסען שוין מעהר ווי 450 יאהר דאס רעכט פון נאציאנאל־רעליגיעזער זעלבסטבעשטימונג און זעלבסט־פערוואלטונג, א דאנק דער וויטבליקענדער פאליטיק און קלוגער גע־זעצגעבונג פון דעם גרויסען טערקישען הערשער, דעם סולטאן מחמד דער צווייטער (1451—1481).

נאך דעם ווי טערקיי איז אויף א מערקווירדיגען אופן אויסגעוואקסען פון א קליי־נעם נאמאדען־שבט אין א ווינקעל אין קליין אזיע צו א גרויסער וועלט־אימפעריע, בעזונדערס נאך דעם ווי מחמד דער צווייטער האט אין 1453 איינגענומען קאנסטאנ־טינאפאל און גע'ירש'נט די גאנצע ביזאנטישע אימפעריע — זיינען די טערקישע הערשער אוועקגעשטעלט געווארען פאר א שווערער קאמפליצירטער פראבלעם פון פערוואלטען די פיעל־פארביגע און צאהלרייכע בעפעלקערונג, וואס זיינען געווען גענצ־ליך פערשיעדען פון דער הערשענדער ראסע אין זייער רעליגיע, שפראך, נאציאנאלי־טעט, מנהגים, זיטען, קולטור. די טערקען, אין געגענזאץ צו זייערע אראבישע פאר־געננגער, וואס האבען לרב זעהר שנעל אסימילירט די אונטערגעווארפענע פעלקער, — האבען קולטורעל און גייסטיג גאר אין א קליינער מאס בעאיינפלוסט די בעזיעגטע. די טערקישע קולטור און שפראך, חאטש אפיציעל די הערשענדע, האט זיך אין א גאנץ אונבעדייטענדער מאס פערשפרייט צווישען די ניט־טערקישע פעלקער. די טער־קישע אויבערמאכט איז אין אלע צייטען געווען און געבליבען עד היום נור א פאליטישע, כמעט בלויז א מיליטערישע, און ניט קוקענדיג אויף דער זעקס הונדערט יעהריגער

נאציאנאלע פראגע אין טערקיי.

---

*) לויט די רעליגיע און נאציאנאליטעטען צוטיילט זיך די בעפעלקערונג פון לבנון אויפ'ן פאלגענדעם אופן: (אפציעלע אבשאצונג אין 1900).

מאראניטען — 230.000 ; דרוזען — 50.000 ; גריכען־ארטאדאקסען — 54.000 ; גריכען־קאטא־ליקען — 32.000 ; מוטעוועלער — 17.000 ; מוסלימער — 17.000 ; פראטעסטאנטען — 1.600 ; אידען — 200 ; ארמעניער און סיריער — 200 ; צוזאמען — 402.000.

הערשאפט איז די טערקען אליין ניט געלונגען צו ווערען די דאמינירענדע קראפט אויף'ן עקאנאמישען און קולטורעלען געביט אין טערקיי. נאך מעהר, — זיי האבען זיך אפילו ניט דערהויבען צו דער קולטור־מדרגה פון אייניגע מעהר־ענטוויקעלטע אונטערוואר־פענע פעלקער — ווי ארמענער, אידען און גריכען, און דער איינציגער געביט אויף וועל־כען זיי זיינען געווען ערפאלגרייך און זיך אויסגעצייכענט — בעזונדערס אין די פריהערדיגע צייטען — איז געווען דער מיליטעריש־פאליטישער.

און אזוי איז טערקיי פערבליבען א „נאציאנאליטעטען־שטאט“ — א לאנד פון א גרויסען פעלקער־געמיש, אונטער איין פאליטישע מאכט, אבער אהן אינערליכער פערבינדונג און ארגאנישען צוזאמענהאנג, אנ'ערב־רב פון אלערליי רעליגיעס און סעק־טעס, מוסלימישע, אידישע און קריסטליכע, פון צאהלרייכע פעלקער, ראסען, שטאמען, שפראכען, וואס זיצען זייט ביי זייט און אויסגעמישט אבהיטענדיג יעדערער זיין בע־זונדערע לעבענס־ארט, זיין אייגענע שפראך, היסטארישע טראדיציע, נאציאנאלע קולטור, אייגנארטיגע מנהגים, ספעציעלע קליידונג און סאציאלע איינגענשאפטען.

§ 38. צום קרעדיט פון די טערקען דארף מען אבער צוגעבען — אז זייערע הערשער זיינען זיך בעגאנגען מיט זייערע בעזיגטע פעלקער מיט טאלעראנץ און גרויס־מוט, וואס האט ניט זיין גלייכען אין דער געשיכטע פון די קריסטליכע פעלקער אין יענער צייט. די זיגרייכע טערקען האבען אפילו ניט געפרואווט ארייינצומישען זיך איי דעם אינערליכען לעבען פון די אונטערגעווארפענע פעלקער און ארויפצווינגען אויף זיי זייער רעליגיע אדער שפראך. נאר זיי האבען זיי געגעבען פולע פרייהייט פון רעליגיע־זער און נאציאנאלער ענטוויקלונג. באלד נאכדעם ווי מחמד פאתח האט איינגענומען קאנסטאנטינאפאל — האט ער געשאנקען דעם גריכישען פאלק, וואס האט נאר־וואס פערלוירען זיין פאליטישע זעלבסטשטענדיגקייט, א ברייטע נאציאנאל־רעליגיעזע אויטאנאמיע, און אין א קורצער צייט ארום האט ער די זעלבע רעכט אויך געגעבען די ארמעניער און אידען, און דערמיט געלעגט דעם פונדאמענט פון די רעכט פון די ניט־מוסלימישע פעלקער, וואס איז פון דאן געבליבען אונבעריהרט ביז'ן היינטיגען טאג.

טערקישע טאלעראנץ.

אלס יסוד פון דער דאזיגער רעכט ליגט דער פרינציפ פון נאציאנאלער אויטא־נאמיע, וועלכע איז די לעצטע צייט ענטוויקעלט געווארען דורך די עסטרייכישע טעארעטיקער רודאלף שפרינגער און אטא בויער און איז אנגענומען געווארען אין 1899 אויף דעם עסטרייכישען סאציאל־דעמאקראטישען צוזאמענפאהר אין ברין.

דאס איז דער פרינציפ פון א נאציאנאלער אויטאנאמיע וואס איז געבויט ניט אויף טעריטאריעלע יסודות, נאר פערסאנעלע, ד. ה. אז אלע מיטגליעדער פון דער נא־ציאן, אהן אונטערשיעד פון זייער וואוינארט, בילדען איין פערבאנד, וואס ווערט שטאטליך אנערקענט אלס יורידישע פערזאן מיט געוויסע מלוכה־רעכט פאר דער בעפרידיגונג פון די אלגעמיינע נאציאנאלע בעדערפנישען פון די מיטגליעדער.

פערסאנאלע אויטאנאמיע.

אזא מין סארט אויטאנאמיע האבען זייט 450 יאהר די ניט־מוסלימישע פעלקער אין טערקיי; נור אזוי ווי די טערקישע מלוכה, ווי מיר האבען געזעהן, איז אין גרונד א טעאקראטיע, וואו רעליגיע און שטאאט, רעליגיע און נאציאן זיינען איינס און דאס זעלבע, אזוי איז אויך די אויטאנאמיע פון די פעלקער גלייכצייטיג א נאציאנלע און רעליגיעזע ארגאניזאציע, און די רעכט און פריווילעגיעס וועלכע די פעלקער געניסען, שליסען אין זיך איין סיי רעליגעזע סיי נאציאנאלע פונקציעס און אינטערעסען, און די לייטענדע ארגאנען פון דער זעלבסטפערוואלטונג זיינען דעריבער צוזאמענגעשטעלט

קולטורעל־רעלי־ גיעזע זעלבסט־ בעשטימונג.

פון גייסטליכע און וועלטליכע עלעמענטען. ביי די גריכען, וואס זיינען מעהר קאנ־סערוואטיוו און רעליגיעז, האבען די גייסטליכע עלעמענטען די איבערוויגענדע מאכט, ביי די ארמעניער, אין געגענטייל, וואס זיינען מעהר דעמאקראטיש און פראגרעסיוו, שפּיעלען די וועלטליכע ריין נאציאנאלע עלעמענטען די הויפּט ראלע.

דער רעליגיעזער כאראקטער פון דער נאציאנאלער אויטאנאמיע ערקלערט אויך יענע זאנדערבארע ערשיינונג, וואס גראד די פעלקער פון דער הערשענדער רעליגיע — די מוסלימער, ווי אראבער, קורדען, טשערקעסען, א. ד. גל. — האבען ניט קיין בעזונדע־רע ארגאניזאציעס, ווייל לויט דער לעהרע פון איסלאם בילדען אלע מוסלימער איין נא־ציאן — „מלת־ואחדה“ (מילעטי־ואחידע). אלע „מאמינים“ זיינען פעראייניגט אין איין געזעלשאפט, אין איין אלוועלטליכע ארגאניזאציע, פון וועלכע דער חליף איז דער הויפּט, דער פיהרער און דער פארשטעהער. אין דער דאזיגער געזעלשאפט איז ניטא קיין אונטערשיעד פון שפראך אדער נאציאנאליטעט — „אלע מוסלימער זיינען ברי־דער“ — דאס איז איינע פון די יסודות פון איסלאם.

§ 39. אין געגענטייל די „אונגלויביגע“, די „רעיא“ צוטיילען זיך לויט זייער רע־ליגיע און נאציאנאליטעט און נור זיי האבען די רעכט צו ארגאניזירען זיך בעזונדער אין אן אפיציעלער געמיינדע, וואס ווערט אין טערקישען שטאאט־רעכט אנערקענט און בעצייכענט מיט׳ן ווארט „מלת“*) (מילעט) ד. ה. „נאציאן“.

אנערקענטע „נאציאנען“.

צווישען די אנערקענטע „נאציאנען“ פערנעהמען דעם ערשטען פלאץ די גריכען, „רום מלתי“ (רום מילעטי — „די גריכישע נאציע“), נאכהער קומען די ארמעניער — „ארמני מלתי“ („ארמעני מלעטי“) און די אידען — „יהודי מלתי“ (יאהודי מילעטי) אדער „מלת מוסויה“ (מילעטי־מוסאוויע).

דאס זיינען די דריי הויפּט־פעלקער וואס געניסען אויטאנאמע רעכט נאך פון 15טען יאהרהונדערט. די איינצעלהייטען פון די פּרוויליגיעס און ארגאניזאציאנס־פארמען פון די דריי פעלקער זיינען ניט אין גאנצען אידענטיש, אבער אין פּרינציפּ זיינען אלע גלייך. יעדעס „מלת“ האט די רעכט פון זעלבסט־פערוואלטונג אין אלע נאציאנאל־קולטורעלע און רעליגיעזע אנגעלעגענהייטען, האט אייגענע צענטראלע ערוועהלטע פארשטעהער, שטאטליך אנערקענטע, וואס פערטרעטען די „נאציאן“ ביי דער רעגירונג און פער־וואלטען די אינסטיטוטען פון „מלת“: יעדעס „מלת“ איז בערעכטיגט צו גרינ־דען אייגענע שולען און אונטעררייכטען אין דער

רעכטען פון „נאציאנען“.

*) „מלת“ איז אן אראביש ווארט, זיין אורשפּרינגליכע בעדייטונג איז געוועזן „רעליגיעזע גע־מיינדע“, אין דער טערקישער שפּראך אבער ווערט דאס ווארט בענוצט אין׳ם זין פון נאציאן. צו בעצייכענען א רעליגיעזע געמיינדע ווערט אין טערקיש בענוצט דאס אראבישע ווארט „אמת“ (אומעט), וואס מיינט אין אראביש פאלק, נאציאן, פּונקט ווי דער העברעאישער ווארט „אומה“; אזוי אז די צוויי ווערטער ווערען בענוצט אין טערקיש פּונקט פערקעהרט ווי אין אראביש. און דערפאר זאגט דער טערק: אמת־אסלאמיה (אומעטי איסלאמיע) — די מוסלימישע געמיינדע, קירכע, און „מלת־עתמאניה“ (מילעטי אסמאניע) — דאס אטאמאנישע פאלק, די אטאמאנישע נאציע. אזוי ווערט אויך דער טערמין „מלת“ איבערגעזעצט אין אלע אפיציעלע דאקומענטען פון דער טערקישער מלוכה און בענוצט ביי די אייראפּעאישע און אטאמאנישע פּובליציסטען און יוריסטען. „געמיינדע“ הייסט אין טערקיש „ג׳מאעת“ (דזשעמאאט) — אן אראביש ווארט מיט דער זעלבער בעדייטונג, און אין דער לעצטער צייט בעמיהען זיך די טערקען, וואו זיי איז נור מעגליך, צו פערבייטען אין די געזעצען וואס האבען צו טון מיט די רעכט פון די ניט־מוסלימישע פעלקער דעם טערמין „מלת“ מיט דעם ווייניגער בעדייטענדעם טערמין „ג׳מאעת“.

איינענער נאציאנאלער שפראך. און די שולען האבען די זעלבע רעכט ווי די רעגירונגס־שולען; עס האט אויך דאס רעכט ארויפצולייגען שטייערען אויף אלע מיטגליעדער פון דער געמיינדע כדי אויסצוהאלטען די צענטראלע און לאַ־קאלע אינסטיטוטען, און מעג בעזיצען און פערוואלטען גרונדשטיקע פערמעגען; יעדע געמיינדע האט דאס רעכט צו בעטייליגען זיך דורך אייגענע פארשטעהער אין די אלגעמיינע אדמיניסטראטיווע ראטהען — די אזוי גערופענע „מג׳לש אדראה" (מי־דזשעלים־אידארע) פון ווילאיעט, סאנדזשאק און קאזא, און ענדליך האט עס דאס רעכט צו משפט'ען זיך אין פאמיליען־אנגעלעגענהייטען און טיילווייז אויך אין דיני־ממונות לויט די אייגענע געזעצען פון „מלת". אין פאל ווען ביידע צדדים געהערען צו איין און דעם זעלבען פאלק. אם מעהרסטענס געניסט פון דער לעצטער פריווילעגיע די „גריכישע נאציאן".

§ 40. ניט בלויז די דריי דערמאנטע פעלקער געניסען די רעכטען פון א „מלת". אויך אלע אנדערע ניט־מוסלימער זיינען ארגאניזירט אין בעזונדערע גרופעס וואס זיינען שטאטליך אנערקענט. זיי אונטערשיידען זיך אבער אין נאמען. אויסער גריכען, ארמעניער און אידען, האט קיין אנדער גרופע ניט דעם נאמען „מלת" (נאציאן), נור "ג׳מעאת" (דזשעמאט), ד. ה. געמיינדע. אין די ערשטע צייטען, ווען דער נאציאנאלער בעוואוסטזיין פון די פערשיעדענע פעלקער אין טערקיי איז נאך ניט געווען ענט־וויקעלט, האבען זיך אלע קריסטען גרופירט בלויז לויט זייער רעליגיאן, און דערפאר זיינען אלע ארטאדאקסען (פראוואסלאוונע) געווען אנגעשלאסען אין „רום מלתי" (אין דער „גריכישער נאציאן"), האטש נאציאנאל זיינען זיי געווען גאנץ פערשיעדען (ווי גריכען, סערבען, בולגארען, קוצא־וואלאכען). ווען די נאציאנאלע בעוועגונג פון די באלקאנישע פעלקער אין נייכצעהנטען יאהרהונדערט איז שטארק אויסגעוואק־סען, און איינע נאך די אנדערע האבען זיי זיך אבגעטיילט פון טערקיי. האבען אויך יענע טיילען פון זיי, וואס זיינען געבליבען אונטער דער טערקישער הערשאפט, אנגע־הויבען צו קעמפען פאר א בעזונדערער ארגאניזאציע אויסערהאלב די גריכישע גייסטיגע העגעמאניע, און האבען זיך אבגעטיילט פון דער „גריכישער נאציאן": די בולגארען אין 1870, און די סערבען און רומענער אין 1878. די טערקישע רעגירונג האט אנער־קענט די נייע גרופען און זיי געשענקט אן אייגענע זעלבסטפערוואלטונג; נאר אזוי ווי די פאנאנדערטיילונג איז אויסגעפאלען אין דער צייט, ווען די טערקיי האט גע־שטרעבט צו פערמינדערען די פריווילעגיעס פון די פעלקער, האט די רעגירונג זיי ניט אנערקענט אלס „מלת" (נאציאן), נאר אלס „ג׳מעאת" — געמיינדע. אין תוך אבער האבען זיי אויך בעקומען די זעלבע פריווילעגיעס וואס זיינען פון פריהער געשאנקען געווארען די דריי דערמאנטע „מילעטען".

אנערקענונג פון „געמיינדעס".

§ 41. אלס א בעזונדערע „ג׳מאעת" (דזשעמאאט) איז אויך לעצטענס אנער־קענט געווארען די קראים'ישע גרופע. הגם, זייער צאהל אין טערקיי איז קליין, בלויז אין קאנסטאנטינאפאל האבען זיי א בעדייטענדע און אין ירושלם א גאנץ קליינע געמיינדע. אין 1840 האט דער סולטאן עבד־אל־עזיז (אבדול־אזיז) זיי געגעבען די רעכט צו האבען אנ'אפיציעלע חתימה, אין 1900 האט דער סולטאן עבד־אל־חמיד אנערקענט אין א ספעציעלען פירמאן דעם פארשטעהער פון קראים אלס „ג׳מעאת־באשי" (דזשעמאאט־באשי) — ד. ה. ראש־העדה, פון אלע קראים אין טערקיי; (דער אידישען פארשטעהער — דער חכם־באשי. ווערט בעצייכענט מיט'ן נאמען „מלת־באשי" — ד. ה. ראש העם).

קראים

שומרונים

א צווייטע אידישע סעקטע — די שומרונים, וואס געפינען זיך אויס־שליסליך אין ארץ ישראל (אין גאנצען קנאפע 200 נפשות), איז פארמעל ניט אנערקענט אלס בעזונדערע גרופע. אייניגע מאל זיינען זיי צוגערעכענט געווארען צו די אידען, און אלס אזעלכע געשיצט געווארען פון געזעץ. זייער בעזונדער־ער קולט און בעזונדערע ארגאניזאציע אונטער דער לייטונג פון זייער כהן גדול — ווערט פאקטיש געדולדעט פון דער טערקישער רעגירונג, הגם אהן אפיצעלער אנער־קענונג.

בעשרענקונגען

§ 42. די רעכט פון ניט־מוסלימער צו זיין ארגאניזירט אין א „מלת" מיט אנערקענטע פארשטעהער אן דער שפיץ שטאמט ווי מיר האבען שוין דערמאנט, פון די צייטען פון מחמד פאתח, אין 14—15טען יאהרהונדערט. די שפעטערע טערקישע הערשער אין 16טען און 17טען יאהרהונדערט, האבען אייניגע מאל געפרופט מאכען צו נישט די געשאנקענע פריווילעגיעס, בעזונדערס האבען דערצו געשטרעבט די סול־טאנען פון 19טען יאהרהונדערט, וואס האבען בעטראכט די „מילעטען" אלס א מין „מלוכה אין דער מלוכה", און די ספעציעלע יוריסדיקציע פון די נאציאנאלע פערטרע־טער — אלס א שטערונג פאר די מאדערנע רעפארמען און דער יורידישער אייניהייטליכ־קייט און גלייכבערעכטיגונג פון אלע אטאמאנישע אונטערטאנען. הויפטזעכליך האט זיך די „הויכע פארטע" בעמיהט אוועקצונעהמען פון די גריכען זייערע ווייט־געהענדע פריווילעגיעס אויף'ן געביט פון ציווילער יוריסדיקציע, וואס איז זיי געשאנקען געווא־רען אין א גרעסערע מאס ווי צו אנדערע מילעטען. ס'האט זיך אבער ניט איינגעגעבען. דער גריכישער פאטריארך, מיט דער שטיצע פון אויסלאנד, בעיקר פון רוסלאנד, האט מיט גרויס עקשנות בעקעמפפט יעדען פערזוך צו פערקלענערען מיט עפעס וואס זיין יוריסדיקציע און קאמפעטענץ, און ס'איז איהם אלע מאל געלונגען אבצוהיטען די רעכט און פריווילעגיעס פון דער „גריכישער נאציאן" אין זייער גאנצען אומפאנג, אזוי ווי זיי זיינען בעשטימט געווארען דורך מחמד'ען דעם צווייטען, און זיינען אויפ'ס ניי בעשטעטיגט געווארען אין די „בעראט"ען פון די שפעטערע סולטאנען.

נאציאנאלע קאנסטיטוציעס.

אין די זיבעציגער יאהרען פון 19טען יאהרהונדערט זיינען די אלע רעכט און פריווילעגיעס פון די פעלקער, ווי אויך דער מאדוס פון ערוועהלען די פארשטעהער פון „מלת" און זייערע פליכטען און רעכטען קאדיפיצירט געווארען אין א סיסטעמא־טישע קאנסטיטוציע — „נט'אם נאמה" (ניזאם־נאמע) פאר יעדען „מלת" בעזונדער. די קאנסטיטוציע איז אויסגעארבייט געווארען דורך א ספעציעלער קאמיסיע פון בע־טרעפענדען „מילעט", בעשטעטיגט געווארען פון רעגירונג און פערעפענטליכט געווארען אין „דסתור" (דאסטור) — דעם אפיצעלען געזעץ בוך פון דער טערקישער אימפעריע.

די גריכישע קאנסטיטוציע איז בעשטימט געווארען אין 1860, די ארמענישע אין 1863 און די אידישע אין 1865.

די קאנסטיטוציעס האבען די קראפט פון געזעץ, און קאנען אנדערש ניט געענ־דערט ווערען ווי אויף'ן געזעצגעבערישען אופן, ד. ה. דורך'ן פארלאמענט.

פאליטיק פון יונג־טערקען.

דער עלפטער פאראגראף פון דער טערקישער קאנסטיטוציע גאראנטירט די אב־היטונג פון די דאזיגע פריווילעגיעס וואס זיינען געשאנקען געווארען די פערשיעדענע „געמיינדעס" — דאס ווארט „מלת" ווערט ניט דערמאנט. אין דער פאליטיק פון דער הערשענדער פארטיי — „אתחאד ותרקי" (איטעהאד וועטערעקי) — די פארטי פון „אייניגקייט און פראגרעס" מערקט זיך א שטארקע טענדענץ צו פערשמעלערען די

בעזונדערע רעכט פון די נאציאנאליטעטען ווי ווייט מעגליך, בעזונדערס אויף'ן געביט פון ערציהונג. „אום צו געבען דער ערציהונג פון דער אטאמאנישער בעפעלקערונג — אזוי לויטעט דער 18טער פאראגראף פון זייער פראגראם — אנ'איינהייטליכקייט, וועלען די פריוואטע שולען און די יעניגע וואס געהערען צו די פערשיעדענע נאציאנאליטעטען פון לאנד, אונטערגעווארפען ווערען אונטער דער קאנטראל און אינספעקציאן פון דער רעגירונג". זיי גיבען אבער. צו אין דעם זעלבען פאראגראף: „אבער מיט אכטונג צום פרינציפ פון ניט־אריינמישען זיך אין דעם אונטעררי כט פון דער מוטערשפראך, גלויבען און ליטעראטור פון יעדער נאציאנאליטעט".

דעם קאנקרעטען אינהאלט און די פארמען פון דער רעליגיעזער און נאציאנאל־קולטורעלער זעלבסט פערוואלטונג פון די פעלקער וועלען מיר זעהן אין דעם פאלגענדען איבערזיכט איבער דער רעכטליכער לאגע פון די אידען אין טערקיי.

## ז. די „אידישע נאציאן" (יהודי־מלתי).

§ 43. די רעכטליכע לאגע פון די אידען אין טערקיי איז במשך פון הונדערטער יאהרען געווען אן אויסנאהם פון אלע אייראפעאישע לענדער. די אטאמאנישע מלוכה איז געווען די איין און איינציגע אין דער אלטער וועלט וואס האט קיינמאל ניט געמאכט קיין ספעציעלע בעגרענצונגען פאר אידען און האט זיי צוליעב זייער רעליגיע און נאציאנאליטעט ניט פערפאלגט. פיעל הונדערטער יאהרען פאר דער פראנצויזישער רעוואלוציע האבען די אידען אין טערקיי גענאסען פון פולע רעליגיעזע (און אויך נאציאנאלע) פרייהייט. מעהר ווי אלע אנדערע מוסלימישע מלוכות האט זיך די טערקישע רעגירונג געהאלטען ביי דעם כלל פון שריעת: „לא אכראה פי דין" (קיין צוואנג אין רעליגיאן), און האט געלאזט אלע פרעמד־גלויביגע פעלקער אנגעהן מיט זייער אמונה אהן אירגענד וועלכע שטערונגען און שוועריגקייטען. פון דער דאזיגער פרייהייט האבען אידען גענאסען אין פולער מאס.

*אידישע רעכט אין טערקיי.*

ביז דער איינפיהרונג פון קאנסטיטוציאנעלען רעזשים זיינען די אידען בירגערליך ניט געווען אין גאנצען גלייכבערעכטיגט; זיי האבען ניט געהאט אלע ציווילע רעכט, ווי די מוסלימער, און בנוגע שטייערען האבען זיי געטראגען גרעסערע פליכטען ווי די „גלויביגע". דאס איז אבער ניט געווען קיין ספעציעל אידישער אויסנאהם. אלע ניט־מוסלימער, די אזוי־גערופענע רעיא (ראיא), זיינען געווען פעררעכענט אלס בירגער פון דער צווייטער מדרגה, לויט די אנשויאונגען פון איסלאם וואס האבען געהערשט אין אטאמאנישען רעכט, ווי מיר האבען געזעהן פריהער.

די בעזונדערע קאפ־שטייערען (הארעדזש), געוויסע געריכטליכע בעגרענצונגען, ספעציעלע פעראָרדנונגען ווי צו קליידען זיך א. ד. ג., וואס זיינען געווען אין קראפט ביז די לעצטע רעפארמען, זיינען ניט געווען געריכטעט ספעציעל געגען אידען, נאר געגען אלע ניט־מוסלימישע פעלקער אין טערקיי. די אידען, אין געגענטייל, האבען א לאנגע צייט, פון דעם סולטאן ארחאן גאזי (1326—1359) ביז מוראד דעם דריטען (1574—1595) — ד. ה. די גאנצע תקופה פון וואוקס, ערא בערונג און פערברייטערונג פון דער אטאמאנישער אימפעריע — פערנומען א פריווילעגירטע פאזיציע צווישען די ניט מוסלימישע פעלקער און זייער לאגע איז געווען פיעל בעסער פון דער קריסטען.

§ 44. צום ערשטען מאָל האָבען זיך די אידען בעגעגענט מיט דער טערקישער הערשאַפט אין די צייטען פון אָרחאַן גאַזי. דעם צווייטען אָטאָמאַנישען סולטאַן, נאָך דעם ווי די טערקישע זיעגרייכע אַרמעע האָט גענומען די שטאָדט ברוסא אין קליין אזיען (1326), און געמאַכט זי פאַר די הויפּטשטאָדט פון דער יונגער טערקישער מלוכה. אום כדי צו ענטוויקלען די נייע הויפּט־שטאָדט האָט ארחאַן איינגעלאַדען די אידען פון אזיע און ביזאַנטיע צו קומען בעזעצען זיך אין ברוסה, האָט זיי געשאָנקען אַ בעזונדערען קוואַרטאַל צו וואוינען און אין אַ ספּעציעלען פירמאַן האָט ער זיי געגעבען די רעכט צו ערווערבען הייזער און באָדען אין שטאָדט און דאָרף, און בעשעפטיגען זיך אומעטום מיט האנדעל און מלאכה; דערפאַר האָבען זיי נור געדאַרפט צאָהלען כרג׳, קאָפּ־שטייער לויט דער פערמעגען נאָך: די רייכע 40 דירהעם אַ יאָהר, די מיטעלע 20 און די אָרעמע 10 דירהעם (אַ דירהעם איז געווען אַ צעהנטעל פּיאַסטער). די שטייערען זיינען אויפגעמאַנט געוואָרען דורך די פאַרשטעהער פון דער אידישער קהלה, וואָס האָבען געמוזט שווערען, אַז זיי וועלען ניט אָבנאַרען די רעגירונג. דער רב (חכם באַשי), דער שוחט, דער מלמד און די 5 בעאַמטע פון חכם באַשי זיינען געווען בעפרייט פון שטייערען.

כולטאַן ארחאַן.

ווען אָרחאַן און זיינע נאָכפאָלגער האָבען שנעל עראָבערט די באַלקאַנישע און ביזאַנטישע פּראָווינצען — האָבען זיי איבעראַל געטראָפען אידישע קהלות וואָס האָבען אויפגענומען די טערקישע זיעגער מיט פרייד. די אָטאָמאַנישע עראָבערונגען זיינען פאַר די מזרח׳ישע אידען געווען דאָס זעלבע וואָס נאַפּאָלעאָן׳ס נצחונות פאַר די מערב אייראָפּעאישע אידען. אומעטום וואו די זיעגרייכע טערקען זיינען אריין, זיינען די אידען אויסגעלייזט געוואָרען פון די שרעקליכע גזרות און פערפאָלגונגען, פון וועלכע זיי האָבען זייט הונדערטער יאָהרען געליטען אין ביזאַנטיע און אַנדערע קריסטליכע מדינות פון יענער צייט. די טערקען האָבען פערשטאַנען ווי אָבצושאַצען די טריישאַפט און נוצליכקייט פון די אידען פאַר דער נייער מלוכה. אויסגעצייכענטע קעמפפער און קאָמאַנדירען — זיינען אָבער די טערקען צו דער זעלבער צייט געווען אונפעהיג אויף׳ן עקאָנאָמישען און בירגערליכען טעטיגקייטס־געביט, און האָבען זיך גענויטיגט אין אַ מעהר קולטורעלען און פלייסיגען עלעמענט וואָס זאָל מיטהעלפען די ענטוויקלונג פון די נייע־איינגענומענע פּראָווינצען. צו די קריסטען האָבען די טערקען געהאַט וועניג צוטרוי. דער איינציגער עלעמענט, אויף וועלכען זיי האָבען זיך געקענט פערלאָזען, זיינען געווען די אידען. און די אידען האָבען טאַקע פערנומען דעם אויבען־אָן אין אינדוסטריע, האנדעל און ליבעראַלע פּראָפעסיעס.

אידען אין טערקיי.

§ 45. דער חכם באַשי פון אַדריאַנאָפּאָל, וואָס איז געוואָרען די טערקישע הויפּטשטאָדט אין די צייטען פון מוראַד דעם ערשטען (1359—1380), האָט געקראָגען פולע קראַפט איבער אַלע אידישע געמיינדעס אין אייראָפּעאישער טערקיי. צו גרינדען איבעראַל אידישע בתי־דינים, אויפצופאַהען די אידישע שטייערען און פערוואַלטען מיט אַלע אידישע ענינים. מוראַד דער צווייטער (1421—1451) האָט געגרינדעט אַ „פּ ר ע מ ד ע ן ל ע ג י אָ ן“ און די אידען וואָס האָבען ניט געקאָנט צאָהלען קיין שטייער זיינען אַנגענומען געוואָרען אין דעם לעגיאָן, וואו זיי האָבען זיך שטאַרק אויסגעצייכענט.

ווען מחמד דער צווייטער האָט איינגענומען קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט ער זיך געווענדעט צו די אידען אין אזיען און פאַרגעשלאָגען זיי „הייזער, פעלדער און וויינ־

מחמד דער צווייטער.

גערטנער" אום זיי זאלען קומען בעזעצען זיך אין דער נייער טערקישער הויפט־שטאָדט.

חכים־יעקב, א בעריהמטער אידישער דאקטאר, איז געווארען זיין פינאנץ־מיניסטער און משה המון, א פּאָרטוגעזישער איד, זיין לייב־דאָקטאָר. ר' משה קאפּסאלי א גריכישער איד, איז דאן געווען רב אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. ווען מחמד דער צווייטער האָט בעשטימט דעם גריכישען פּאטריארך צו פערנעהמען די שטעלע פון גריכישען „מלת־באשי" (הויפּט פון נאציאן), האָט ער אויך בעשטימט משה קאפּסאלי אלס דעם הויפּט פון „יהודי מלתי" („דער אידישער נאציאן") און האָט איהם געגעבען א פּלאץ אין דיוואן (העכסטען מלוכה־ראט) צוגלייך מיט'ן שייך אול איסלאם און גריכישען פּאטריארך. פון יענער צייט שטאַמט די אָפיציעלע אנערקענונג פון דער אידישער נאציאנאליטעט (מלת) אין טערקיי, פּונקט ווי די גריכישע און ארמעניש.

ערשטער חכם־באשי

קיין אָפיציעלע דאָקומענטען בנוגע דער בעשטימונג זיינען פון יענער צייט ניט געבליבען, נאָר פון די שריפטליכע עדות פון צייט־גענאָסען, בעזונדערס פון די שריפטען פון אליהו קאפּסאלי, א קרוב פון רבי משה קפּסאלי. ווייסט מען, אז מחמד דער צווייטער האָט צוגעטיילט גרויס כבוד דעם פארשטעהער פון „דער אידישער נאציע", וועלכען „ער האָט אדרעסירט מיט'ן טיטעל „חאָדזשא" (לעהרער, רבי אין טערקיש) און האָט איהם געאכטעט און געלאזט איהם רייטען אויפ'ן קעניגליכען פערד און געשיקט זיינע מיניסטאָרען איהם צו בעגלייטען ביז'ן ארויסגאנג פון הויז און געשיקט די אידען צו משפּט'ן זיך פאר איהם אין דיני נפשות און דיני ממונות"..*)

§ 46. די גינסטיגע און פרייע לעבענס בעדינגונגען פון די אידען אין טערקיי האָבען צוגעצויגען אידען פון אנדערע לענדער. פון דייטשלאנד האָבען די אידען אין די יאָהרען 1450—1500 עמיגרירט מאסענווייז קיין טערקיי. איינער פון די איינגעוואנדערטע רבנים, ר' יצחק צרפתי האָט זיך געווענדעט אין א בריעף „צו די אידישע געמיינדעס וואס געפינען זיך אין דייטשלאנד, אין די שטעדט פון שוואבען, ריינום, שטייערמאַק, מעהרין און אונגארן", וואו ער דערצעהלט וועגען דעם רוהיגען און זיכערען לעבען פון די אידען אונטער דער אטאמאַנישער רעגירונג און רופט די אידען צו קומען און בעזעצען זיך אין לאנד פון תוגר (טערק).

אין 1492 זיינען די אידען ארויסגעטריבען געווארען פון שפּאניען. באיאזיד דער צווייטער (1512—1481) האָט ארויסגעגעבען א בעפעהל צו אלע זיינע בעאמטע אין אלע טיילען פון טערקיי אויפצונעהמען פריינדליך די פערטריבענע אידען, און טויט־שטראָף האָט געדראהט יעדען איינעם וואס וועט זיי שלעכט בעהאנדלען. פיעלע ספרד'ישע אידען האָבען זיך דאן בעזעצט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אדריאנאָפּאָל, סאלאָניק, ברוסה, א. ז. וו., און א דאנק זייער רייכטום און הויכע קולטור האָבען זיי באלד פערנומען א פּראָמינענטען פּלאץ אין עקאָנאָמישען און פּאָליטישען לעבען פון טערקיי. כמעט אלע אמטער פון דאקטוירים, דראגאמאנען און

גירוש ספרד און באיאזיד דער צווייטער

*) „ויצו המלך ויביאוהו לפנים ויבוא (ר' משה קפשאלי) ויעמוד לפני המלך וקראו בלשון רבי ובלשון תוגרמה כוז'ה וידבר אליו טובות אהבו וכבדו, ויצו וירכבוהו על סוסו ושלח משרתיו ופרתמיו היושבים בשער המלך ולווהו עד פתח ביתו — וישא חן וחסד לפניו וכמה פעמים שלח המלך דיני היהודים לפניו לדונם על עסקי נפשות ועל עסקי ממון"... („לקוטים מס' דבי אליהו" פאדובא תרכ"ט:

ארטילעריסטען האבען זיך געפונען אין זייערע הענד. זיי האבען דאס אויסגעלערנט די טערקען מאכען פולווער און גיסען קאנאנען און מיט זייער הילף האבען די טערקען אויפגעשטעלט אמוניציאנס און פולווער פאבריקען.

זייער איינפלוס איז געווען אזוי גרויס צווישען די ארטיגע (ביזאנטישע) און דייטשע אידען, אז במשך פון א קורצער צייט האט זייער קאסטילאנישע שפראך פערנומען דעם ארט פון גריכיש און דייטש, וועלכע די אנדערע אידישע קהלות האבען ביז דאן געברויכט, און עד היום ווערט די שפראך, אונטער'ן נאמען פון אידיש-שפאניאליש, געברויכט צווישען די אידען אין אייראפאישער טערקיי (און אויך בולגאריע, סערביע, סאלאניק, באסניע-הערצאגווינע און דאברוזשא) און קליין אזיע, און טיילווייז אויך אין ארץ ישראל און סוריה.

ווען ר' משה קפסאלי איז געשטארבען (1495) האט באיאזיד בעשטעטיגט דעם נייעם חכם באשי ר' אליהו מזרחי הפרנס אלס הויפט פון דער אידישער נאציאן, און ער האט אויך בעקומען א זיץ אין קייזערליכען דיוואן (ראט) ווי זיין ערשטער פארגענגער.

§ 47. אין די צייטען פון סוליימאן קאנוני (1520—1566) איז געשאפען געווארען א נייער אמט פון „קעהאליק" — א ריין ציווילער פאליטישער פארשטעהער פון דער „אידישער נאציאן" אין הויף פון סולטאן, אין געגענטייל צום חכם באשי. סוליימאן קאנוני
וואס איז געווען דער גייסטיגער פארשטעהער פון אידען. ווי ס'ווייזט אויס זיינען פארגעקומען סכסוכים און רייבונגען צווישען די צוויי עמטער, און די פארשטעהער פון די קאנסטאנטינאפאלער קהלות האבען בעשלאסען אראבצוזעצען דעם „קעהיא" ר' שאלתיאל פון זיין אמט. ר' שאלתיאל איז אבער געווען זעהר אנגעזעהן אין קייזערליכען הויף, און אין צוויי יאהר ארום האט מען איהם ווידער בעשטימט אלס „קעהיא". אין שפעטערע צייטען איז דער „קעהיאליק" געווארען אונטערגעווארפען דעם אמט פון חכם-באשי, און דער קעהיא איז שוין געווען מעהר ניט, ווי אן אונטערגעארדענטער שליח פון חכם באשי. קעהאליק.

צו יענער צייט איז צום ערשטען מאל פארגעקומען אן עלילת-דם אין טערקיי. די גריכען פון אמאסיע (אין קליין אזיען) האבען געמאכט א בלבול אויף די אידען, אז זיי האבען גע'הרג'עט א גריך צוליעב ריטועלע ציעלען. פיעל אידען האבען דערפון שרעקליך געליטען, און אייניגע זיינען אויך אונשולדיגערהייד אומגעקומען. דער גריך וואס אידען האבען געזאלט נוצען זיין בלוט האט זיך שפעטער געפונען. די זאך איז פארגעבראכט געווארען פאר'ן סולטאן סוליימאן, און ער האט ארויסגעגעבען א בעפעהל אז אויף ווייטער זאלען די ארטיגע שופטים מעהר ניט משפט'ן אליין אזעלכע פעלע, נאר אבשיקען דאס דירעקט צום הויף-געריכט, וואו דער סולטאן אליין וועט זיך דערין בעטייליגען.

רייז אידישע אנגעלעגענהייטען זיינען דאן גע'משפט געווארען אין אידישע בתי-דינים, און זייער פסק-דין איז אויסגעפיהרט געווארען מיט דער קראפט פון דער רעגירונג.

§ 48. די צייט פון סלים דעם צווייטען (1566—1574), וואס איז געווען דער קולמינאציאנס-פונקט פון דער טערקישער שטארקייט, גרויס און מאכט — איז אויך געווען די גאלדענע צייט פון אטאמאנישען אידענטום. די אידען האבען דאן פערנומען די העכסטע פאליטישע פאזיציעס, געהאט א גרויסען אנזעהן אין גאנץ טערקיי און אפילו אויסגעאיבט א בעדייטענעם איינפלוס אויף דער אינטערנאציאנא-

לער פאליטיק פון דער טערקישער מלוכה. דון יוסף הנשיא, פון די ספרדי- סלים דער צווייטער און דון יוסף הנשיא.
שע אנוסים, איז געווען דער נאהענטסטער פריינד פון סולימאן קאנוני און זיין זוהן סלים דער צווייטער, וואס האט איהם געמאכט פאר הערצאג פון נאקסאס: אן אנדער איד, שלמה אשכנזי איז געווען טערקישער אמבאסאדאר אין ווענעציע. דער גרויס-האנדעל אויף דער יבשה און אויפ'ן ים, די אבצאהלונגען פון דער מלוכה האבען זיך געפונען גענצליך אין אידישע הענד.

די טערקישע רעגירונג האט זיך ניט בענוגענט מיט די פריינדליכע בעציהונגען צו די אידען אין טערקיי, נאר זי האט אויך אפטמאל געשיצט די אידען אין אויסלאנד.

ווען דער פאפסט פאול דער פיערטער האט אין יאהר 1555 בעפוילען אריינצו-ווארפען אין תפיסה די אידען פון אנקאנא און צו קאנפיסקירען זייער פערמעגען, האט דער סולטאן סולימאן קאנוני איהם געדראהט צו פערטיליגען די קריסטליכע אונטערטאנער, אויב די אידען וואס געפינען זיך אונטער זיין שוץ וועלען ניט בע-פרייט ווערען. און בשעת די פראנצויזישע רעגירונג האט זיך ענטזאגט צו בעצאהלען א חוב פון 150.000 דוקאטען, וואס זי איז געווען שולדיג דון יוסף הנשיא — ווייל דער לעצטער איז געווארען פון א קריסט א איד — האט דער סולטאן סלים דער צווייטער פערכאפט די פראנצויזישע שיפען וואס האבען זיך געפונען אין טערקישע פארטען, און דערמיט געצוואונגען דעם פראנצויזישען קעניג צו בעצאהלען דעם חוב.

§ 49. אין זיבעצענטען יאהרהונדערט האט זיך די אידישע לאגע פערערגערט. מוראד דער דריטער.
שוין דער סולטאן מוראד דער דריטער (1574—1595) האט ארויסגעגעבען די ערש-טע גזרות געגען אידען — זיי זאלען ניט ארויסגעהן אין גאס אין זיידענע קליידער און זאלען ניט טראגען אויפ'ן קאפ קיין טורבאן. דער לוקסוס מיט וועלכען אידען האבען זיך דאן געצירט האט דערוועקט צו זיי די קנאה און שנאה פון די מוסלימער.

די אפטע הויף רעוואלוציעס פון אנהויב פון זיבעצענטען יאהרהונדערט האבען געשאפען א צושטאנד פון אנארכיע אין לאנד און די אידען האבען דערפון שטארק געליטען.

אויך די בעוועגונג פון שבתי צבי און די אלגעמיינע פערווירונג וואס זי האט אריינגעבראכט אין די מוחות האט פיעל געשאדט די אידען סיי פאליטיש סיי עקא-נאמיש. אידישע לאגע ערגער.
דער געשטיגענער פאנאטיזם האט אבגעטויטעט דעם אידישען אונטערנעה-מונגס-גייסט און ענערגיע, די אידען האבען פערנאכלעסיגט זייערע געשעפטען און די קריסטען האבען גלייך פערנומען זייער ארט. די מוסלימער זיינען געווען אויפ-גערעגט פון די אידישע פערדעכטיגע בעוועגונגען און פערזאמלונגען, און האבען גע-מאכט אויף זיי אנפאלען. די אידישע לאגע איז אלץ געווארען ערגער. דער סולטאן מוצטפא (מוסטאפא) דער דריטער (1757—1774) האט פערשטארקט די גזרות וועגען די בעזונדערע מלבושים און נאך מעהר בעגרענצט דעם געברויך פון לוקסוס זאכען. אבער אויך דיזע בעשרענקונגען זיינען ניט געווען ספעציעל געגען אידען, נאר געגען אלע רעיא'ס (ניט-מוסלימער). און אפילו אין דיזער צייט האט די טערקישע רעגי-רונג געשיצט די אידישע רעכט. אין די שלום-אבמאכען פון טערקיי מיט עסטרייך (פון 1718 און 1739) האט די טערקישע רעגירונג אריינגעשטעלט א תנאי, אז אלע טערקישע אידען, פונקט ווי אלע אטאמאנישע אונטערטאנען, זאלען מעגען פריי וואהנען אין עסטרייך, און ס'איז דערפאר אויסגעקומען, אז בשעת עכטע עסטרייכישע אידען האבען ניט געטארט וואהנען אין ווין סיידען מיט א ספעציעלער ערלויבניש וואס מ'האט געמוזט ארויסקריגען אלע צוויי יאהר — האבען זיך אטאמאנישע אידען

דארט בעזעצט פראנק און פריי. און ס'איז געוועזן א סך פעלע, אז עסטרייכישע אידען האבען זיך בעמיהט ארויסצוקריגען טערקישע פאספארטען, כדי זיי זאלען קאנען אלס אטאמאנישע אונטערטאנען פריי בעזעצען זיך אין וויען.

רעפארמען. § 50. אין אלגעמיין אבער איז די אידישע לאגע געווען דאן ערגער פון דער לאגע פון אנדערע ניט־מוסלימישע פעלקער, און צוליעב די פערפאלגונגען פון די יאניטשארען איז זי טיילמאל געווען אונערטרעגליך. די דאזיגע מיליטער, וואס האט פערכאפט דעם רודער פון דער טערקישער מלוכה און געהאלטען און זיין האנד דעם אטאמאנישען טראן, האט בעזונדערס פערפאלגט די שוצלאזע אידען.

אזוי האט זיך דאס געצויגען ביז'ן ניינצעהנטען יאהרהונדערט, ווען טערקיי איז ארויף אויף'ן וועג פון רעפארמען. דעם 18טען יוני. 1826, איז פארגעקומען דער פאל וואס ווערט בעצייכענט אין דער טערקישער געשיכטע מיט'ן נאמען „וואקאי־חייריע" — „די גליקזעליגע געשעהעניש", ד. ה. די בלוטיגע פערניכטונג פון די יאניטשארען. מיט דיזער געשעהעניש הויבט זיך אן א נייע עפאכע אין דער טערקישער געשיכטע — די עפאכע פון „תנזימאת" (טאנזימאט־רעפארמען), און אויך די אידישער לאגע, ווי די לאגע פון די רעיא בכלל, האט זיך אנגעהויבען צו פערבעסערען. מחמד דער צווייטער (1839-1808) האט נאך דער פערניכטונג פון די יאניטשארען, וואס האבען זיך פריהער אנטקעגען געשטעלט יעדען פערזוך פון פאליטישע ענדערונגען און רע־פארמען, אנגעהויבען איינפיהרען א נייעם ארדנונג אין מיליטער, ארמיניסטראציע און רעכטס־אינסטיטוטען אויף'ן איירָאפעאישען שטייגער, און די „רעיא" זיינען ביס־לעכווייז אויסגעגליכען געווארען אין זייערע רעכט מיט די מוסלימער. די אידען האבען אויך פראפיטירט פון דער נייער ארדנונג, חאטש זיי האבען זיך שוין מעהר ניט אומגעקעהרט צו דער אלטער פריווילעגירטער לאגע פון 15טען און 16טען יאהר־הונדערט. דער נאכפאלגער פון מחמוד'ן — דער סולטאן עבד־אל־מג'יד (אבדול־מעדזשיד 1861-1839) האט שוין פאלשטענדיג אויסגעגליכען די רעכטליכע לאגע פון „יאהודי מילעטי" (די אידישע נאציאן) מיט דער לאגע פון אנדערע פריווילעגירטע קריסטליכע נאציעס.

אלבערט כהן, דער ממונה איבער צדקה ביי ראטשילדען האט אין 1854 אויסגעאר־ביים מיט'ן טערקישען גרויסוויזיר רעשיד־פאשא די פאלגענדע פארמולע בנוגע דער רעכטליכער לאגע פון אידען אין טערקיי: „אלע רעכט, פריווילע־גיעס און הנחות, וואס זיינען געגעבען געווארען אדער וועלען געגעבען ווערען אירגענד וועלכער קריסטליכער געמיינדע — ווערען דערמיט אויך געגעבען די אידען". דער סולטאן האט די פארמולע בעשטעטיגט און אויסגעפיהרט. שוין אין מאניפעסט (חאטי־שעריף) פון גיול־חאנע (1839) האט אבדול מעדזשיד אין דער אנוועזענהייט פון די אויסלענדישע אמבאסאדארען, פארשטעהער פון די קריסטליכע פעלקער און חכם באשי משה פרעסקו, ערקלערט זיין ווילען איינ־צופיהרען גלייכהייט צווישען אלע אונטערטאנען. נאך דעם עלילת דם אין דמשק (1840) האט דער סולטאן ארויסגעגעבען א פירמאן, וואו ס'ווערט ענטשידען אב־געלייקענט דער שרעקליכער בלוט־בלבול וואס די אידישע שונאים האבען אויסגע־טראכט, און אלע טערקישע בעאמטע ווערען בעפוילען צו שיצען אויף ווייטער די אי־דען געגען אזעלכע פאלשע בעשולדיגונגען.

אידישע גלייכ־בערעכטיגונג.

§ 51. אין 1856 איז פערעפענטליכט געווארען א צווייטער מאניפעסט, דער בע־וואוסטער „חט־המיון“ (חאטי־הומאיון), וואו ס'ווערען גענצליך אבגעשאפט די בע־זונדערע שטייערען פון די רעיא, און אלע אונטערטאנען אהן אונטערשיעד ווערט פער־זיכערט גלייכהייט פאר'ן געזעץ און געריכט. אין דעם צווייטען פונקט פון דיזען מאני־פעסט ווערען ווידער אמאל בעשטעטיגט אלע פריווילעגיעס און הנחות וואס זיינען אין פריהערדיגע צייטען געגעבען געווארען די ניט־מוסלימישע געמיינדעס. גלייכצייטיג ווערט יעדע געמיינדע אויפגעפאדערט צו שאפען א ספעציעלע קאמיסיע וואס זאל עק־זאמינירען אונטער דער אויפזיכט פון „דער הויכער פארטע“ איהרע אלטע פריווילעגיעס און צושטעלען א פראיעקט פון רעפארמען וואס זיינען נויטיג אז די רעכטע זאלען געבראכט ווערען אין הארמאניע מיט די מאדערנע לעבענס־בעדינגונגען.

אויף דיזער אויפפאדערונג האבען צוערשט די גריכען און דערנאך די ארמעניער אויסגעארבייט א נאציאנאלע קאנסטיטוציע, וואס איז בעשטעטיגט געווארען פון דער טערקישער רעגירונג.

אונארדנונג אין דער קהלה.

אין דער אידישער געמיינדע האט צו יענער צייט געהערשט א גרויסער אונארדנונג. אן דער שפיץ פון דער אידישער קהלה זיינען געשטאנען צוויי רבנים: א חכם־באשי, אלס וועלטליכער פארשטעהער און מנהיג, און א רב הכולל, אלס גייסטליכער פיהרער. קיין פעסטגעשטעלטע ארדנונג און פלאן פון נאציאנאלער פערוואלטונג האבען די אידען ניט געהאט, און דאס האט געבראכט צו פיעל אינער־ליכע רייסערייען און סכסוכים. צווישען די צוויי פיהרער און זייערע אנהענגער זיינען פארגעקומען גרויסע שטרייטיגקייטען. דער חכם באשי יעקב אביגדור און דער פרעזי־דענט פון ועד הגשמי אברהם קאמאנדא האבען געשטרעבט איינצופיהרען נייע ארד־נונגען און פערבעסערונגען אין דער פערוואלטונג פון דער געמיינדע, אבער דער רב הכולל און די ארטאדאקסען האבען זיך ענערגיש געגענגעשטעלט יעדער רעפארמע. דער קאמפף צווישען די צוויי עלעמענטען האט זיך שטארק צופלאקערט און איז ענדליך פארגעבראכט געווארען פאר דער רעגירונג. בשעת דער סולטאן איז צוגעפאהרען אין זיין שיף צו חאסקוי (א אידישער קווארטאל אין קאנסטאנטינאפאל) האבען זיך א מאסע אידען אויסגעשטעלט אויף'ן ברעג פון „גאלדענעם הארן“ און געשיקט א דעפוטאציע צום סולטאן אויפצוקלערען איהם וועגען די שטרייטיגקייטען. דער גרויס־וויזיר פואד־פאשא האט דאן צוזאמענגערופען א בעראטונג פון דריי גרויסע רבנים, זיי זאלען אויסגלייכען די סכסוכים. די קאמיסיע האט געגעבען רעכט דעם חכם־באשי און זיין פארטיי. אבער אין א קורצע צייט ארום האבען זיך די סכסוכים ווידער בענייט. דאן (1863) האט די „הויכע פארטע“ מודיע געווען דעם אדריאנאפא־לער חכם־באשי יעקב גירון, אז די רעגירונג האלט פאר נויטיג איז די אידען זאלען, פונקט ווי די קריסטען, האבען א נאציאנאלע קאנסטיטוציע וואס זאל בעשטעטיגט ווערען דורך דער רעגירונג, און צוויי ועדים, איינער א וועלטליכער און איינער א גייסטליכער, זאלען ערוועהלט ווערען צו פערוואלטען די קהל'שע ענינים. דעם 25טען

קאנסטיטוציע פון „אידישער נאציאן“.

תמוז, 1279 (2טען יולי, 1863), האט דער סולטאן בעפוילען אין א ספעציעלע איראדע אז א קאמיסיע, צוזאמענגעשטעלט פון אידישע נאטאבלען, וועלטליכע און גייסט־ליכע, זאל אויסארבייטען א קאנסטיטוציע, לויט וועלכער ס'זאל שפעטער ערוועהלט ווערען א חכם־באשי. יעקב גירון וואס האט פארלויפיג פערנומען דעם פאסט פון דעם אראפגעזעצטען חכם־באשי האט בעשטימט א קאמיסיע צו פערפאסען די קאנסטיטוציע. די אויסגעארבייטעטע קאנסטיטוציע איז איבערגעגעבען געווארען די „הויכע פארטע“

און מיט אייניגע ענדערונגען איז זי בעשטעטיגט געווארען פון סולטאן עבד־אל־עזיז (5 מאי, 1865). און אונטער'ן נאמען פון „חכם־חאנע ניזאם נאמעסי" איז זי אלס געזעץ פערעפענטליכט געווארען אין ערשטען באנד פון דסתור (אפיציעלע זאמלונג פון די טערקישע געזעצען). אין דער קאנסטיטוציע איז פעסטגעשטעלט געווארען די פער־וואלטונגס־סיסטעם פון דער „אידישען נאציאן", און די פונקציעס פון איהרע ארגא־נען: דער חכם־באשי, דער אלגעמיינער נאציאנאלער ראטה און די צוויי ועדים. ועד גשמי און ועד רוחני.

§ 52. לויט דיזער קאנסטיטוציע, וואס איז פערבליבען אין קראפט ביז היינטי־גען טאג אהן ענדערונגען, איז „דער חכם באשי דער שעף פון דער אידישער נאציאן אין טערקיי" (אזוי לויטעט דער ערשטער פאראגראף פון דעם „ניזאם נאמע„).

אמט פון חכם־באשי

דער חכם באשי איז ניט קיין רב וואס פסק'ענט שאלות, נאר דער פארשטעהער פון דער „אידישער נאציאן" און דער פערמיטלער צווישען די אידען און דער „הויכער פארטע". ער פיהרט דורך אלע בעפעהלען פון דער רעגירונג וואס האבען צו טון ספעציעל מיט אידען און רעפרעזענטירט די ריין אידישע אינטערעסען ביי דער רע־גירונג. דער חכם באשי טאר אבער אליין, אהן דער צושטימונג פון די נאציאנאלע ועדים, ניט בעשליסען קיין זאך און ער האט אויך ניט דאס רעכט אבצוהאלטען א בע־שלוס פון די דאזיגע ועדים, סיידען דער בעשלוס איז געגען דעם געזעץ. בלויז אין א נויט־פאל, ווען ס'איז אונמעגליך צוזאמענצורופען דעם בעטרעפענדען ועד און די זאך איז דרינגענד, מעג דער חכם באשי האנדלען אויף זיינע אייגענע אחריות, אבער אויך דאן איז ער פערפליכטעט פארצוברענגען די זאך פאר דער ערשטער זיצונג פון ועד גשמי וואס דארף גוטהייסען זיין האנדלונג.

ערוועלונג.

דער חכם באשי ווערט ערוועהלט דורך דעם נאציאנאלען ראטה (מידזשעליסי אומומי), וואס בעשטעהט פון 80 שטענדיגע מיטגליעדער פון קאנסטאנטינאפאל און 40 פארשטעהער פון די אידישע קהלות אין אדריאנאפאל, סאלאניק, אזמיר (סמירנא), ברוסה, בגדד, אלכסנדריה, קאהירו, יפו, ירושלם (די דאזיגע 40 מיטגליעדער ווערען צוגעזעצט צום ראטה נור צוליעב די וואהלען).

אלס חכם באשי קען ערוועהלט ווערען נור א געבוירענער פון אטאמאנישע על־טערען. די ערוועהלונג פון חכם באשי דארף בעשטעטיגט ווערען פון דער הויכער פארטע.

בעשטעטיגונג.

דער רעזולטאט פון די וואהלען ווערט פער'חתמ'עטערהייד איבערגעגעבען דער הויכער פארטע און דער ניי ערוועהלטער חכם באשי ווערט איינגעלאדען אין „חכם־חאנה" (אזוי ווערט אנגערופען דאס הויז וואו דער אמט פון חכם־באשי געפינט זיך), וואו ער גיט אב עפענטליך א שבועה צו זיין געטריי צו דער אטאמאנישער רעגירונג, דער אידישער נאציע און דער נאציאנאלער קאנסטיטוציע. דערנאך ווערט דער חכם באשי איינגעלאדען דורך דער הויכער פארטע צום סולטאן. א „בעראט" (א סולטאני־שער בריעף) ווערט פערעפענטליכט און פארגעלעזען אין דער הויכער פארטע אין דער אנוועזענהייט פון חכם באשי, די מיניסטארען און אידישע נאטאבלען. אין „בע־ראט" ווערען אויסגערעכענט די רעכטע פון חכם באשי און ער ווערט בעשטעטיגט דורך'ן סולטאן אין זיין אמט; דאן ווערט דער חכם באשי אויפגענומען אין א ספע־ציעלער אוידיענציע ביים סולטאן מיט פייערליכע צערעמאניעס, פונקט ווי ביי דער אנערקענונג פון א נייעם אמבאסאדאר פון א פרעמדער מלוכה.

§ 53. דער חכם באשי איז בלויז דער רעפּרעזענטאַטיווער און אויספיהרענדער אָרגאַן פון דער „נאַציאָן". אַלע בעשלוסען און בעשטימונגען ווערען אָנגענומען דורך מג'לס עמומי.
דריי פערשיעדענע ועדים, פון וועלכע דער העכסטער איז דער אַזוי־גערופענער מג'לס עמומי (מידזשעליסי אמומי) — גענעראַל־ראַטה. דער דאָזיגער מידזשעליס בעשטעהט פון 80 מיטגליעדער; 60 פאַרשטעהער וואָס ווערען ערוועהלט פון די אידען אין קאָנ־סטאַנטינאָפּאָל און אומגעבונג, און 20 רבנים וואָס ווערען בעשטימט דורך די 60 ערוועהלטע פאַרשטעהער. בײַן אַלטען רעזשים האָט קאָנסטאַנטינאָפּאָל געהערשט איי־בער'ן גאַנצען לאַנד, און די בעפעלקערונג פון דער הויפּטשטאָדט האָט געהאַט ספּע־ציעלע פּריווילעגיעס און הנחות. די קאָנסטיטוציע פון דער „אידישער נאַציאָן", וואָס איז דאַמאָלס פערפאַסט געוואָרען, האָט דעריבער איבערגעגעבען דעם גאַנצען מידזשע־ליס צו די קאָנסטאַנטינאָפּאָלער אידען, חאָטש דער גענעראַל־ראַטה פערוואַלטעט ניט בלויז די אינטערעסען פון דער אָרטיגער קהלה, נאָר די ענינים פון גאַנצען אָטאָ־מאַנישען אידענטום. די קהלות אין דער פּראָווינץ בעטייליגען זיך אין דעם „מג'לס־עמומי", ווי מיר האָבען געזעהן, נור ביי די וואַהלען פון אַ נייעם חכם באשי. און אפילו דאַן — נור מיט אַ העלפט דעלעגאַטען — 40 פון גאַנצען לאַנד אַנטקעגען 80 פון דער הויפּטשטאָדט.

ווען נאָך דער יונג־טערקישער רעוואָלוציע איז ערוועהלט געוואָרען דער יעצטיגער חכם באשי, חיים נחום, האָט ער פערשפּראָכען צו פערריכטען דעם אונרעכט און צו־פּאַסען די תקנות פון „דער נאַציאָן" צו די פאָדערונגען פון דעמאָקראַטיע. אין איינינע יאָהר אַרום איז אויסגעאַרבייט געוואָרען אַ מעהר דעמאָקראַטישער קאָנסטיטוציאָנס־פּראָיעקט, וואָס האָט געזאָלט פאַרגעבראַכט ווערען פאַר דער רעגירונג. דערוויי̆ל אָבער זיינען די פערבעסערונגען ניט בעשטעטיגט געוואָרען און ס'פיהרט זיך נאָך אַלץ לויט דער ערשטער קאָנסטיטוציע.

דער „מג'לס עמומי" פערזאַמעלט זיך איין מאָל אין יאָהר אונטער'ן פאָרזיץ פון חכם באשי אויסצואַרבייטען דעם נאַציאָנאַלען בודזשעט, בעשטימען די אַרבייט פון „חכם חאנע" און אויסצוהערען אַ דין וחשבון פון די צוויי שטענדיגע ועדים — ועד גשמי און ועד רוחני.

דער ועד גשמי — אין טערקיש „מג'לס ג'סמאני" (מידזשעליסי־דזשיסמאַני) בע־ ועד גשמי.
שטעהט פון 9 מיטגליעדער וואָס ווערען ערוועהלט דורך'ן מג'לס עמומי פון צווישען די 60 וועלטליכע מיטגליעדער אויף צוויי יאָהר. די ערוועהלטע דאַרפען בעשטעטיגט ווערען פון דער הויכער פּאָרטע. מיטגליעדער פון ועד גשמי מוזען קענען טערקיש און העברעאיש. „דער ועד גשמי פערוואַלטעט אַלע וועלטליכע און מאַטעריעלע אַנגעלעגענ־הייטען פון דער אידישער נאַציאָן": ער מאָנט אויף די נאַציאָנאַלע שטייערען, היט אָב די תקנות פון "חכם חאנע ניזאַמנאַמעסי", קאָנטראָלירט די הכנסות און הוצאות פון נאַציאָנאַלען בודזשעט, טוט אַכטונג אויף די פּראָווינציעלע קהלות, שיצט די פער־מעגענס פון אידישע יתומים און הקדש. ער איז פעראַנטוואָרטליך פאַר'ן „מג'לס עמומי", און יעדעס יאָהר מוז ער איהם אָבגעבען אַ בעריכט פון זיין טעטיגקייט און פון די פינאַנסען.

דער ועד רוחני — אין טערקיש „מג'לס רוחני" (מידזשעליסי רוחאַני), בעשטעהט ועד רוחני.
פון 7 רבנים וואָס ווערען ערוועהלט פון צווישען די 20 רבנים וואָס בעטייליגען זיך אין „מג'לס עמומי". דער דאָזיגער ועד גיט אַכטונג אויף די אידישע רעליגיעזע אַנגעלעגענ־הייטען, פּסק'ענט שאלות און משפט אידישע בעלי־דינים לויט דעם אידישען דין אין

פראגען פון קדושין, מזונות, ירושה, צוואות און ד. ג. אין די אלע פראגען וואס געהען אריין אין דער קאמפעטענץ פון ועד רוחני — ווערט זיין פסק דין אויסגעפיהרט דורך די בעאמטע פון דער רעגירונג. אין קרימינעלע ענינים טאר זיך דער ועד רוחני ניט מישען, דער איינציגער שטראף וואס ער קען ארויסגעבען איז א ריין־רעליגיעזער — דער חרם. יעדער דאקומענט וואס ווערט ארויסגעגעבען מיט דער חתימה פון ועד רוחני בנוגע דעם ציווילען סטאטוס פון א אידען — ווערט אנערקענט אין אלע טערקישע גע־ריכטען אלס אפיציעלער דאקומענט.

§ 54. אין דער קאנסטיטוציע פון „חכם־חאנע" איז ניטא קיין בעזונדערע פונק־טען וועגען דעם ארדנונג און פערוואלטונג פון די לאקאלע קהלות — אבער אין די מעהרסטע אידישע קהלות הערשט די זעלבע סיסטעם ווי אין דער פערוואלטונג פון „מילעט". אן דער שפיץ פון דער קהלה שטעהט א חכם־באשי, וואס ווערט ערוועהלט פון די ארטיגע א ט א מ א נ י ש ע אידען און בעשטעטיגט פון דער רעגירונג און פון קאנ־סטאנטינאפאלער חכם־באשי, און ביי יעדען חכם באשי געפינען זיך צוויי ועדים, א ועד גשמי פון 7 מיטגליעדער און א ועד רוחני פון 3 רבנים. דער חכם־באשי רעפרעזענ־טירט די ארטיגע אידען פאר דער לאקאלער רעגירונג און בעטייליגט זיך (דירעקט אדער דורך א פערטרעטער) אין נאמען פון זיין געמיינדע אין דעם אדמיניסטראטיווען ראטה — אין דעם אזוי גערופענעם „מידזשעלים אידארע" (§ 33) פון זיין שטאדט. לאקאלע קהלות.

אחוץ דעם האט יעדער אידישער קווארטאל (אין די גרעסערע שטעדט צו עטליכע, אין די קלענערע נור איינעם) א אידישען „מוחטאר" מיט אנ'אפיציעלען זיגעל, וואס גיט ארויס יעדען, ווען נויטיג, א צייגנים וועגען זיין אידענטיטעט, ציווילען סטאטוס, א. ד. גל. אין די שטעדט וואו אידען האבען עטליכע קהלות, אשכנזישע, ספרדישע, תימנ'ישע, מערב'ישע, א. ז. וו. (ווי דער פאל איז אין ירושלם) האט יעדע קהלה אנ'אייגענעם מוחטאר.

די קהלה, סיי די צענטראלע, סיי די לאקאלע, האט אויך דאס רעכט איינצומאהנען שטייערען פון די מיטגליעדער און פערוואלטען מיט קהל'שען פערמעגען.

דער הויפט שטייער איז די „נאציאנאלע אבצאהלונג" — אין טערקיש „אעאנה־מליה" (איאנעי־מיליע) — וואס געהט פאר דער אויסהאלטונג פון דער ביורא פון חכם באשי און די ועדים און אנדערע געזעלשאפטליכע אנשטאלטען. די גרויס פון דעם שטייער איז פון איין פערטעל ביז דריי טערקישע לירעס א יאהר. דאס איז דער איינציגער דירעקטער שטייער פאר דער נאציאנאלער פערוואלטונג. אויסער דעם זיינען פאראן איניגע אונדירעקטע שטייערען: א טאקסע פון יעדען אפיציעלען דאקומענט בנוגע חתונה, געבורט, אידענטיטעט, א. ד. ג. וואס מ'נעהמט ארויס פון דער ביורא פון חכם באשי פארצושטעלען אין די געהעריגע רעגירונגס אנשטאלטען. טאקסעם פון וויין און קעז און פלייש, וואס רופט זיך „גאבעלא". נאציאנאלער שטייער.

§ 55. ווי מיר האבען געזעהן פון די פריהערדיגע פאראגראפען ווערען די אי־דען אין טערקיי פארמעל אנערקענט אלס א נאציאן, אדער ווי דאס טערקישע שטאאטס־רעכט רופט זיי אן „יהודי־מלתי" (יאהודי־מילעטי) אדער „מלת־מוסויה" (מילעטי־מוסאוויע) — „אידישע נאציאן". אחוץ די רעכט פון האבען א צענטראלע נאציאנאל־רעליגיעזע זעלבסט־פערוואלטונג, האבען זיי אויך, פונקט ווי די אנדערע ניט־מוסלימישע פעלקער, דאס רעכט צו ערציהען און אונטערריכטען זייערע קינ־דער אין דער נ א צ י א נ א ל ע ר ש פ ר א ך. די אפיציעלע שפראך פון דער אטאמאנישער מלוכה איז, זעלבסטפערשטענדליך, טערקיש. אין דער שפראך ווערען

געפיהרט אלע פערהאנדלונגען אין פארלאמענט, רעגירונגס־אנשטאלטען און אויף דער אונטערריכט אין אלע שולען. וואס ווערען דירעקט אויסגעהאלטען פון דער רעגירונג, מיט דער אויסנאהם פון אראביש און פרסיש — די צוויי שפראכען וואס פערנעהמען אין טערקיי דעם ארט פון גריכיש און לאטייניש אין מערב אייראפא — און פראנצויזיש, וואס איז אין גאנצען אריענט די שפראך פון דער אינטעליגענץ און האנדעל — ווערען אין די רעגירונגס־שולען ניט געלערענט קיין אנדערע ארטיגע שפראכען. יעדעס פאלק האט אבער דאס רעכט צו גרינדען אויף'ן אייגענעם חשבון עלעמענטארע און מיטעלע שולען מיט'ן אונטעררעכט אין דער אייגענער שפראך. און ווען די שולען האבען נור די זעלבע פראגראם פון די רעגירונגס־שולען און רעגיסטרירען זיך אין מיניסטעריום פון בילדונג — האבען זיי די זעלבע רעכט און פריווילעגיעס פון די לעצטע.

נאציאנאלע שפראך.

דאס טערקישע רעכט ערקלערט ניט העברעאיש פאר די נאציאנאלע שפראך פון די אידען אין טערקיי, פונקט ווי ס'ערקלערט ניט וואס איז די אנערקענטע נאציאנאלע שפראך פון אנ'אנדער נאציאן. יעדעס פאלק איז זיך אין דעם הינזיכט פריי אויסצוקלייבען וואסערע שפראך עס וויל. בלויז אין איין פאל דערמאנט דאס טערקישע געזעץ בפירוש די העברעאישע שפראך אין צוזאמענהאנג מיט נאציאנאל אידישע ענינים, דער פאראגראף 43 פון דער אידישער קאנסטיטוציע („חכם חאנה ניזאם־נאמעסי"), פאדערט אז די מיטגליעדער פון ועד גשמי (מג'לס ג'סמני) מוזען זיין אנגעמבאר צו דער הויכער פארטע, בעליעבט ביי דער אידישער נאציע און א טייל פון זיי מוזען קאנען טערקיש און העברעאיש. דער פאראגראף 19 פון דער זעלבער קאנסטיטוציע פאדערט פון אלע קאנדידאטען פאר'ן אמט פון מג'לס עמומי (נאציאנאלען ראטה) — צו קאנען לעזען און שרייבען אין דער „שפראך פון די אידען" („יהודי לסאני") — ניט זאגענדיג אויסדריקליך וואסערע שפראך עס ווערט דערביי געמיינט.

העברעאישע שולען

די נאציאנאל־אידישע מיטעל שולען אין ארץ ישראל, וואו דער גאנצער למוד ווערט געפיהרט אין העברעאיש, ווי דער יפו'ר גימנאזיום און דער בית־המדרש למורים (לעהרער־סעמינאר) אין ירושלם — האבען אלע רעכטען פון א טערקישע מיטעל־שולע, און זייערע תלמידים ווערען אנגענומען אין טערקישען אוניווערסיטעט צוגלייך מיט די תלמידים פון „אידאדיע" אדער „סולטאניע" (א טערקישע גימנאזיע).

## ביבליאגראפיע צו דער דריטער אבטיילונג.

### אין העברעאיש:

דברי ימי ישראל מאת צבי גראטץ, מתורגם עברית מאת שאול פנחס ראבינאוויטץ, כרך ששי ושביעי.

דברי ימי ישראל בתוגרמה — מאת אברהם רוזאנוס, ג' חלקים.

לקוטים שונים מספר „דבי אליהו" מאת אליהו קפשלי ז"ל, (הוצאת אברהם לאטיש, פאדובא תרכ"ט).

ההנהגה העצמית בוליות מאת ד. בן־גוריון. (הוצאת „אחדות", תרע"ז, ירושלם).

### אין טערקיש:

موسوی خاخام باشیسی خایم ناخوم افندینك ماموریتنی متضمن براان عالی (دستورجدید جلد اول ۳۵۱)

خاخام خانه نظامنامه س (دستور جلد ثانی ۹٦۲)

مجموعهء لاحقهء قوانین

اراضی قانون نامه س (دستور اول)

سالنامه ثروت فنون ۱۳۲٦

### אין פראנצויזיש:

**Savvas Pacha:** Etude sur la theorie du droit musulman. Paris 1892-1898.

**Georg Young:** Corps de droit ottoman. 7 vol. Oxford 1905-6.

**A. Heidborn:** Manuel de droit public et administratif de l'Empire Ottoman. Vienne-Leipzig 1908.

**A. Heidborn:** Les finances ottomans. 1912.

**F. van den Steen de Jehay:** De la situation legale des cujets ottomans non-musulmans. Bruxelles 1906.

**V. Padel et L. Steeg:** De la legislation fonciere ottoman. Paris 1904.

**Isidor Loeb:** La situation des Israelits en Turquie, en Serbie et en Roumanie. Paris 1877.

**M. Franco:** Historie des Israelits de l'Empire Ottoman. Paris 1897.

פיערטע אבטיילונג

# געאָגראפיע.

## א. די פאָרמען פון דער אויבערפלעכע.

געאָגראפישער כאראקטער.

לויט איהר געאָגראפישען כאראקטער שטעלט ארץ ישראל מיט זיך פאר די נאַטירליכע פאָרטזעצונג פון סיריען, מיט וועלכער זי גרענעצט זיך אין איהר גאנצען צפון־טייל. ארץ ישראל האָט אָבער אויך איהרע בעזונדערע נאטור־שטריכען, וועלכע אונטערשיידען זי פון די שכנ'ישע לענדער, און גיבען איהר צו אַן אייגענארטיגען כאראקטער.

אין די אור־אַלטע פאר־היסטאָרישע צייטען, מיט צעהנדליגע טויזענדער יאָהרען צוריק, איז דער באָדען פון ארץ ישראל און פון סיריען צושפּאָלטען און דורכגעבויערט געוואָרען, דורך וואולקאנישע אויסברוכען, אין אונטעראירדישע היילען און טיעפע אָבגרונדען, סימנים פון די אמאָליגע געאָלאָגישע קאטאסטראָפען.

די הויכע בערג פון לאַנד זיינען דורכגעשניטען מיט ברייטע טאָלען, וועלכע צו־טיילען זיי אויף בערג־גרופּען און הויכע עבענעם (בערג־פּלאטאָ). דער גרויסער ס י־ ר י ש ע ר ג ר א ב ע ן שניידט דורך דאָס גאנצע לאנד פון צפון ביז דרום. אין זיין נאָרד־טייל פליסען די טייכען אָראָנטעס (נהר אל עצי — על אדי), אין סיריען, און דער נהר־ליטאַני־קאסימיע, וואָס טיילט אָפּ ארץ ישראל פון סיריען; אין זיין דרום־טייל, אין ארץ ישראל, לויפט אויף דעם גרונט פונ'ם סירישען גראבען, אין דעם אזוי־גערופענעם „עור" (גהאָר) — דער ירדן, און צו דרום זייט פון איהם ציהט זיך די ערבה. דיעזער טאָל צוטיילט דאָס גאנצע לאַנד אין דער לענג, פון צפון ביז דרום, אויף מערב־ארץ ישראל (פון דעם מיטעל־מעער ביז דעם ירדן) און אויף מזרח־ארץ ישראל (פון דעם ירדן ביז דעם סירישען מדבר), אָדער ווי מען רופט עס פערקירצט — עבר הירדן (טראַנס־יאַרדאַן־לאַנד).

דיביידע טיילען פון לאַנד זיינען פערשיעדען לויט זייער נאַטור און לויט דער פאָרם פון זייער אויבערפלעכע.

אין דעם מערב־טייל ציהען זיך בערג־קייטען איינע איבער דער צווייטער, מיט הפסקות, איבער דער גאנצער לענג פון לאַנד. פון צפון ביז דרום און פון לבנון ביז די בערג פון מדבר־סיני. די העכסטע רוקענס פון די בערג, וועלכע רופען זיך „דער וואַסערשייד" (דערפאר ווייל זיי בילדען דעם גרענעץ צווישען די באסיינען פון די טייכען, וואָס געפינען זיך פון זייערע ביידע זייטען) ציהען זיך נישט אין רעכטען מיטען פון לאַנד, נאר נעהענטער צו דעם ירדן־טאָל אזוי, אז קרוב צו דריי חלקים פון די בערג ליעגען צו מערב זייט, און נור איין פערטעל — צו מזרח־זייט פון דעם וואסערשייד. דערפון נעהמט זיך. וואָס צו מערב־זייט לאָזען זיך די בערג אראָפּ לאנגזאַם און בהדרגה צום ים־צו, און בילדען דערביי ברייטע טאָלען. אין דער זעלבער צייט אָבער איז די אראָפּנידערונג צו מזרח־זייט, און אויך צו דרום־זייט, גאנץ משופּע און אָפּגעריסען, און שטעלט מיט זיך אָפּטמאָל פאר טיעפע אָפּגרונדען.

דאס איז דאס אלגעמיינע בילד פון מערב־לאנד. דער מזרח־זייט פון ירדן שטעלט מיט זיך, דאגעגען, פאר א מעהר־איינארטיגען גרויסען בערג־פלאטא, אדער הויך־עבענע, וועלכע געהט איבער אין איהר מזרח־טייל אין א זאמדיגען מדבר, אדער פעלזיגע סטעפע. פון דיעזען פלאטא הויבען זיך ארויס הויכע בערג־שפיצען און קראטערם פון פערלא־שענע וואולקאנען.

בשעת ווען פאליטיש און אדמיניסטראטיוו איז דאס לאנד צוטיילט א י ן ד ע ר ב ר י י ט, ד. ה. פון צפון צו דרום, געהט די געאגראפישע צוטיילונג פון ארץ ישראל, פערקעהרט, אין ד ע ר ל ע נ ג, אדער פון מערב צו מזרח. דערביי שטעלט מיט זיך דאס לאנד פאר פיער פערשיעדענע טיילען: א) דעם פאס ביי דעם ברעג ים, ב) דעם בערג־געביעט אין מיטעל־לאנד, ג) דעם גרויסען ירדן־טאל און ד) די בערג פון עבר־הירדן מיט זייער פערענדיגונג אין דער סירישער סטעפע.

געאגראפישע צוטיילונג.

א) ד ע ר ט א ל ב י י ד ע ם ב ר ע ג י ם ציהט זיך איבער דער גאנצער לענג פון לאנד, אנפאנגענדיג פון דעם געביעט פון פיניקיען אין צפון זייט, ביז דעם עקסטרעמען דרום. אין צפון איז דער פאס גאנץ שמאל, אונגעפעהר איין מייל די ברייט. אזוי ציהט ער זיך אויף 13 מייל, פון דעם מויל פון קאסימיע ביז דעם ראש־הלבן, אדער ראס־אל־ אביץ (ראס־על־אביאד). א מערקווירדיגען פונקט שטעלט מיט זיך פאר דער האלב־אינזעל פון דער בעריהמטער אלטער פיניקישער קרוינשטאדט צ ו ר, וועלכער רייסט זיך אריין אויף א מייל אין ים אריין און איז מיט א שמאלען האלז פעראייניגט מיט דער יבשה. צו דרום־זייט לאזען זיך אראפ די „טערראסען (טרעפ) פון צור" (סולמת־צור).

נאך א קליינער הפסקה צווישען ראס־אל־אביאד און ראס־אל־נקורא, ברייט זיך דער טאל אוים ביז 4 מייל (6.4 קילאמעטר) אין דער ברייט און 12 מייל (19,3 קילא־מעטר) אין דער לענג, צווישען ראס־אלנקורא און דער שטאדט עכו. די געגענד איז פערפלאנצט מיט פערשיעדענע בוימער און פרדסים. צווישען עכו און חיפה ציהט זיך דער עמק־עכו, 9 מייל די לענג (14,5 קילאמעטר). זיין ברייט גרייכט ביז 8 מייל, דורכשניטליך דארף מען אבער רעכנען 5—6 מייל (8—10 קילאמעטר).

נאך א קליינער הפסקה לעבען חיפה, וואו די כרמל־בערג גרייכען אויף 200 יארד נאהענט צום ים, ברייט זיך דער טאל ווידער אוים צו דרום־צו, באלד נאך עתלית (אטליט), ביז 2 מייל (3,2 קיל.), איון די דאזיגע ברייט האלט ער אן ביז נהר־זרקא, ד. ה. אויף א שטרעקע פון 12 מייל. דא, ביי דיעזען טייך ענדיגט זיך די בערג־קייט פון כרמל, וועלכע האט זיך געצויגען גאנצע 21 מייל, און עס עפענט זיך פאנאנדער דער ברייטער טאל פון שרון, וועלכער ציהט זיך פון דאנען צו דרום, ביז דעם נהר־רובין, אויף גאנצע 44 מייל, אדער 70.8 קילאמעטער אין דער לענג. די ברייט פון דעם שרון איז פערשיעדען: פון אנהויב, ארום קסריה איז ער 8 מייל (12,8 קילאמעטר), זעקס מייל צו דרום־צו ברייט ער זיך אוים ביז 10 מייל און לעבען יפו האלט ער שוין 11—12 מייל (19 קילאמעטר). דיעזער טאל איז אבער ניט אימער פלאך. צוויי שורות בערג־לאך שניידען איהם איבער, צווישען די באסיינען פון דעם נהר־אסכנדרונה און ירקון, און צווישען דעם ירקון און דעם נהר־רובין (די רמלה'ר בערגלאך).

די לעצטע רייהע בערגלעך בילדעט מיט זיך דעם גרעניץ צווישען דעם שרון און דעם עמק־פלשתים, אדער שפלה. דער ברעג פון ים ארום דיעזען עמק ציהט זיך פון לעבען נהר־רובין ביז דעם עגיפטישען גרעניץ אין ראפיא אויף 52 מייל (85 קיל.).

די שפלה בעשטעהט פון איינצעלנע עבענעס, דורכגעשניטען מיט נידעריגע בערגלאך, וועלכע וועקסלען זיך ווידער מיט טאלען.

דער בערג־פאס האט א גוטען פרוכטבארען באדען (גענויער וועגען דעם אין קו־מענדיגען קאפיטעל). צו מזרח זייט פון דעם פאס ציהען זיך הויכע בערג און בערג־עבענעס, פון וועלכע עס לאזען זיך אראפ טייכען און „וואדים" וואס שניידען דורך די טאלען ביים ברעג ים און בעוואסערען זיי רייך. מיט דעם נאמען „וואדי" (וועלכער ענטשפרעכט דעם העברעאישען „נחל") הייסען אין אראביש די טיפע טייך־גרונטען, וואס ווערען ווינטער־צייט אנגעפילט מיט וואסער־שטראמען, און בילדען שטורמיגע ווינטער־טייכען; זומער־צייט ווערט דאס וואסער אין די וואדי'ס בעדייטענד קלענער און אייניגע וואדי'ס ווערען אין גאנצען אויסגעטריקענט, בעזונדערס אין זייערע אוי־בערשטע טיילען, אין די בערג. דער עמק איז אבער רייך מיט וואסער דור'ן יאהר, אפילו אין די גרעסטע היצען. וואדי'ס

דא וועלען מיר אויסרעכענען בלויז די נעמען פון די וויכטיגסטע טייכען און וואדי'ס, וועלכע בעוואסערען דעם עמק (גענויער וועגען זיי — אין דעם פאלגענדען קאפי־טעל). אויף דעם צפון־גרענעץ פליסט דער נ ה ר ־ א ל ־ ל י ט א נ י וועלכער טראגט אויך דעם נאמען נ ה ר ־ א ל ־ ק א ס י מ י ע; עטליכע וואדי'ס שניידען דורך דעם פיניקישען טאל, און צווישען עכו און חיפה לויפען דער ש י ח ו ר ־ ל ב נ ת און דער היסטארישער נ ח ל ־ ק י ש ו ן. די וויכטיגסטע טייכלעך צווישען די בערג פון כרמל און יפו זיינען: דער נהר־אלזרקא אדער נ ה ר ־ ה ת נ י נ י ם, וואדי דיפלה*) און נהר־אל־מופדזשיר; דא געפינט זיך איינע פון די גרעסטע און בעדייטענדסטע אידישע קאלאניעס, חדרה, ווי אויך די נייע פארם כרכור. דאן געהען דער נהר אסכנדרונה, דער נהר־אל־עוג'ה (אאודזשע) אדער דער ירקון, וועלכער בעוואסערט די גרעסטע פרדסים אין דער אומגעגענד. צו דרום זייט פון דעם טייך ליעגט די גרעסטע און עלטסטע אידישע קאלאניע, די „מוטער" פון די קאלאניעס — פתח תקוה. מיר האבען שוין דערמאנט דעם וואדי־רובין, אויפ'ן דרום פון שרון. דאן געהט דער נהר־סוכרייר און וואדי־עזה אין דעם עמק פלשתים, אדער שפלה. אין דער געגענד פון שרון און שפלה געפינען זיך אלע וויכטיגסטע קאלאניעס פון יהודה: ראשון־לציון און רחובות, וואדי־חאנין און גדרה, עקרון און קאסטיניה, די פארם מקוה־ישראל און די נאציאנאל־פאנד־פארם „בן־שמן" ביי דער אלטער לוד, די פארב רוחמה אין נגב, ווי אויך די נייע ארבייטער־דערפלעך ארום די אלטע קאלאניעס. טייכלעך

ב) ד ע ר צ ע נ ט ר א ל ע ר ב ע ר ג ־ ג ע ב י ע ט פאנגט זיך אן פון דעם ל ב נ ו ן (ליבאן, דזשעבל־ליבנאן) און דעם מ ו ל ־ ל ב נ ו ן (אנטי ליבאן: דזשעבל־שערקי). די העכסטע שפיצען פון לבנון, וועלכע דערגרייכען ביז צעהן טויזענד פוס, געהערען אייגענטליך צו סיריען, ניט צו ארץ ישראל. אין דעם דרום טייל פון לבנון, וואו ער גרענעצט זיך מיט א"י, איז ער נידעריגער, און זיינע העכסטע שפיצען דערהויבען זיך בלויז ביז 1700—1850 מעטער (5600—6100 פוס). דער מול־הלבנון איז, פערקעהרט, אין דרום־זייט העכער ווי אין צפון. דא געפינט זיך זיין אבצווייגונג און פארטזעצונג — דער ח ר מ ו ן (וועלכער טראגט נאך אייניגע נעמען: שניר, שיאון), מיט זיין אייביגען שניי־שפיץ (9050 פוס די הויך). צוליעב וועלכען ער הייסט אויך

*) צו צפון פון דיפלה ליעגט טאנטורה, דאס איז די אלטע דור, מיט נייע רואינען פון באך. ראטשילדס אונגעלונגענעם פערזוך צו גרינדען א גלאז־פאבריק.

בקעת הלבנון

טור-תלגא, און אין אראביש „דזשעבל-אל-שייך" (ד. ה. דער בארג, וואס איז עהנליך צו א גרוי-ווייסען שייך, זקן). דיביידע בערג-קייטען, דער לבנון מיט דעם מול-הלבנון, זיינען פאנאנדערגעטיילט דורך א פרוכטבארער עבענע, בקעת-הלבנון, וועלכע איז בעקאנט אין דער געשיכטע אלס „קעלעסיריען"*). אויף דעם גרונד פון דיזער „בקעה" פליסט דער טייך ליטאני-קאסימיה, וועלכען מיר האבען שוין אויבען דערמאנט. אין איהר דרום טייל געהט די בקעת-הלבנון אריבער אין דעם פלאטא עמק-עיון וועלכער ציהט זיך פון די בערג גבל-אלטהר (דזשעבל-עד-דאהאר) צווישען די טייכען ליטאני און חצבני (חאסבאני), און ווערט ברייטער צו דרום זייט. דער באדען פון דער עבענע עמק עיון (אין אראביש: מערדזש-עיון) איז פון א וואולקא-נישער אבשטאמונג און ציכענט זיך דעריבער אויס מיט זיין פרוכטבארקייט. דא גע-פינט זיך די נארדליכסטע אידישע קאלאניע מטולה. צו מערב-זייט לאזט זיך די עבענע



בילד 11.

דער בארג חרמון, ווי ער זעהט אויס פון דעם דארף ראשיה.

גליל העליון

אראפ משופע'דיג. עטליכע וואדים לאזען זיך ארונטער צו צפון זייט און בילדען איי-ניגע עבענעס, וועלכע זיינען געדיכט בעארבייט און בעפלאנצט. צו מזרח זייט ער-הויבט זיך דער חרמון. פון זיינע זייטען שלאגען ארויס די קוואלען פון ירדן, לעבען חספיא, ווי אויך די מערות-פמיים אדער באניאס (אויף דער הויך פון 1080 פוס איבער דער ים-פלעכע).

אין דרום-מזרח זייט לאזט זיך דער עמק-עיון אראפ צו דעם ירדן און צו דעם טאל חולה, און אין דרום-מערב זייט געהט ער אריבער אין די בערג פון נפתלי (הרי נפתלי).

* אין גריכיש: קאילה סוריא, ד. ה. די דורכגעבויערטע, ליידיגע סיריען.

וועלכע שטעלען מיט זיך פאַר הויכע פּלאַטאָ׳ס מיט איינינגע שפּיצען. דער העכסטער פון זיי איז דער עצמון (דזשעבל־דזשערמאַק), צו צפון־מערב פון צפת (1199 מעטער — 3934 פוס). פּיעלע עבענעס צווישען די בערג זיינען בעדעקט מיט פרוכט־בוימער און פעראַקערט. בכלל זיינען די בערג אין מערב־טייל און אין צענטער בעסער בעאַרבייט ווי אין מזרח טייל. פערשיעדענע וואַדיס פאַנגען זיך אַן פון דיזע בערג. א טייל פון די וואַדיס לאָזען זיך אַראָפּ צו מערב, די וויכטיגסטע אָבער ציהען זיך צו מזרח, צו דעם טאַל חולה, מי־מרום און כנרת (ווי צ. ב. ש. וואַדי עאובה—הינדאַדזש, וואַדי־מועדמיה און וואַדי טאַוואַחין). צווישען די וואַדיס צו מזרח זייט שפּרייטען זיך אויס צוויי טעראַסען: די בקעת קדש און די חולה.

מיט די הרי־נפתלי הויבט זיך אַן דער גליל, וועלכער ווערט איינגעטיילט אויף צוויי טייל: דער גליל־העליון (אויבערשטער גליל) און דער גליל־התחתון (אונטערש־טער גליל). דער גרענעץ צווישען די ביידע טיילען פון גליל געהט לויט א ליניע, דורכ־געפיהרט צווישען דעם צפון־זייט פון ים־טבריה, פאַרביי כפר־חנניה און דעם דאָרף כבול ביז עכו. צו דרום זייט פון דער ליניע פאַנגען זיך אַן די בערג פון גליל־התחתון, וועלכע זיינען נידעריגער פון דעם גליל־העליון, מעהר צושפּרייט און דורכגעשניטען מיט ברייטע טאָלען און עבענעס. דאָ געפינט זיך, למשל, די בקעת בית־נטופה (סאַהל אל באַטוף) אָדער דער עמק־זבלון, וואָס האַלט 9 מייל די לענג אויף צוויי מייל ברייט און איז בעריהמט מיט זיין פרוכטבאַרקייט. צו דרום זייט געפינט זיך א קלענערער, אָבער ניט ווייניגער פרוכטבאַרער פּלאַטאָ פון תרען (טוראַן), ניט ווייט פון דער אידישער קאָלאָניע און פאַרם סעדזשערא. דער עמק־זבלון איז דורכ־געשניטען מיט דעם וואַדי חמאם, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ אין ים־כנרת. צו מערב־זייט פון דעם עמק הויבען זיך אויף די בערג פון שפרעם (שפאַ־עמר), צו מזרח זייט ליעגט איינע פון די פרוכטבאַרסטע געגענדען אין ארץ ישראל — די סאַהל־אל־אחמא, וועלכער איז דורכגעשניטען מיט׳ן וואַדי פעדזשאַס. ניט קוקענדיג אויף איהר פרוכטבאַרקייט איז די געגענד ביז ניט לאַנג געוועזן פערלאָזען. א בעדואינישער שבט פלעגט בלויז בענוצען עס פאַר זייערע גערשטען. נאָר מיט עטליכע יאָהר צוריק איז דאָ ענטשטאַנען א ישוב, זינט יק״א האָט געגרינדעט די קאָלאָניעס פון גליל־התחתון. (יעמאַ, בית־גן, און ניט ווייט דערפון אויך מסחה און מלחמיה).

פיעל שפּעטער האָט דער אידישער נאַציאָנאַל פאָנד דאָ געגרינדעט זיינע פאַרמס און די אַרבייטער־גרופּען, און די אַמעריקאַנער „אחוזות" האָבען אויך אָנגעהויבען קאָ־לאָניזירען דיזע געגענד.

דער גליל־התחתון

די עבענע פון שפרעם דערנעהנט זיך צום כרמל; ניט דערגעהענדיג צו איהם טרעט זי אָפּ דעם וועג פאַר דעם וואַדי אלמלך און נחל קישון, וועלכע פעראייניגען, אויף אזא אופן, דעם עמק עכו מיט דעם עמק יזרעאל. די אומגעגענד איז בעדעקט מיט א געדיכטען וואַלד, וועלכער ציהט זיך אויף גאַנצע פערציג מייל, די איבעריגע פעלדער צווישען די וואַדיס זיינען דורכאויס בעאַרבייט.

בקעת שפרעם

דער כרמל שטעלט מיט זיך פאַר אַן איינזאַמע בערג־קייט, אָפּגעריסען פון די איבעריגע בערג פון גליל; זיין הויפּט־רוקען ציהט זיך פון דרום־מזרח צו צפון־מערב אויף אונגעפעהר 12 און א האַלב מייל. איינער פון זיינע העכסטע פּונקטען איז די מחרקה (1.400 פוס), ד. ה. דער אָרט פון ברענען, דאָס איז דער אָרט וואו אליהו הנביא האָט, לויט דער ביבלישער לעגענדע, פערברענט זיין קרבן אויף א פייער פון הימעל. די „מחרקה" איז א זעלטענער פּונקט. פון דאַנען קאָן מען זעהן דאָס גאַנצע

דער כרמל

לאַנד, פון דעם חרמון, פון צפון זייט, ביז די ווייטסטע טיילען פון שרון. אין אַ קלאָרען טאָג זעהט מען פון די מחרקה אויך פון יפו.

אויף די אפצווייגונגען פון כרמל געפינט זיך איינע פון די עלטסטע און גרעסטע אידישע קאָלאָניעס — זכרון יעקב, מיט איהרע קלענערע „טעכטער" — שפיה, אם־אל־ג'מאל, שוני און עתלית.

עמק יזרעאל

דער עמק יזרעאל, אָדער „מערדזש אבן אמר" (דער טאָל פון דעם זוהן פון „אמר", ד. ה. עמרי מלך ישראל) איז איינער פון די מערקווירדיגסטע טאָלען אין ארץ ישראל. ער האָט די פאָרם פון אַ אונרעגעלמעסיגען דריי־עק צווישען די בערג תבור, גלבוע, שמרון און כרמל. תבור (דזשעבל טור) דערהויבט זיך איינזאַם מיט זיין רונדען שפּיץ אין צפון זייט פון דעם עמק (562 מעטער — 1843 פוס). אין דער



בילד 12

יזרעאל, דער בארג גלבע און בית־שאן.

ברייט ציהט זיך דער עמק אויף 9 מייל אָדער 14,5 קילאָמעטער (פון מגדו ביז דעם דאָרף יזרעאל), און אין דער לענג אויף גאַנצע 14 מייל, אָדער 22,5 קילאָמעטער (פון ג'ניז ביז ג'נ'גאַר, דזשינזשאַר). דער באָדען איז פון וואולקאַנישער אבשטאַמונג, און האָט גענוג וואַסער. ווינטער בילדען זיך אין איהם זאַגאַר זומפּען, זומער אָבער גיסען זיך אָפּ די וואַסערען דורך פיעלע וואַדים ווי צ. ב. דורך דעם קישון אין מערב־זייט און נהר־ג'לוד (דזשאַלוד) צו מזרח זייט. אין די אַמאָליגע צייטען איז דער עמק יזרעאל געוועזען גוט בעאַרבייט און גערדיכט בעזעצט. מיט דער צייט איז ער אָבער פערלאַזען געוואָרען. די פעלאַחען פלעגען איהם בעאַרבייטען נור טיילווייז, אַרום די בערג, אין זיין גרעסטען טייל איז אָבער דער עמק געבליבען אַלס פּאַשע פאַר די וואַנדערענדע בעדואינער שבטים. גאָר די לעצטע עטליכע צעהנדליג יאָהר ווען די זיכערהייט איז

געווארען שטארקער, האט מען איהם ווידער גענומען בעארבייטען. אידען האבען זיך אבער אנגעהויבען ערשט בעזעצען אין עמק גאר די לעצטע צייט. (די קאלאניע מרחביה און די ארבייטער-קבוצה תל-עדש).

פון מזרח זייט ציהט זיך א בערג-עבענע מיט איינינע וואדי'ס (וואדי אל בירה, וואדי אל ג'אלוד), וועלכע פאלען אריין אין ירדן, און צו דרום זייט פון דעם לעצטען וואדי פאנגט זיך אן דער עמק פון בית־שאן. צו מערב פון בית שאן געהען די בערג גלבוע (פוקועא), וועלכע זיינען בעריהמט מיט דעם העלדישען טויט פון שאול'ן און יהונתן, דאן קומט דער שפּיץ ג'בל דאהי, אדער קליין־חרמון. צו מערב זייט פון יזרעאל ציהען זיך די עבענעס פון ערבה, בילאד רוחא און שייך אסכאנדר, וועלכע זיינען רייך מיט פלאנצונגען און מיט וואסער.

דאס איז שוין דער אמאליגער געביעט פון א האלבען שבט מנשה און פון אפרים, די שפּעטערדיגע בערג פון שמרון. די וויכטיגסטע פון די בערג געפינען זיך זידליכער, דאס זיינען די בערג פון ברכה און פון קללה, גרזים (דזשעבל עט־טור) און עיבל (דזשעבל עסלאמיע): דער לעצטער, דער נארדליכער, איז העכער — (3077 פוס אדער 938 מעטר), דער ערשטער — נידעריגער (2849 פוס, אדער 868 מעטר). דער הר עיבל איז נאקעט פון בוימער, דער הר־גרזים האט אבער ארום דעם קוואל „ראס אל עין", אויף די אבהאנגען פון בארג, שעהנע גערטנער. צווישען דיביידע בערג איז א לאנגע, אבער שמאלע עבענע, די בקעת סוכר (וואדי־אסקער), אדער דער עמק פון שכם, וואו עס ליעגט די אלטע היסטארישע שטאדט. דער עמק איז גוט בעוואסערט. די שטאדט שכם צעהלט ביז 32 וואסער־קוואלען, — און אלע סארטען פון די א"י'דיגע בוימער וואקסען אין דער געגענד. די מערב־בערג לאזען זיך אראפּ צום עמק הירדן און פערשיעדענע וואדי'ס שניידען זיי דורך (וו. אל־שובאש, וואדי אל־מאליח, וו. אל־פארעא, וו. אל־מלחא). צווישען דיעזע בערג, צו צפון, געפינט זיך א געשלאסענער טאל „מערדזש אל־חורוק", וועלכער האט קיין אויסגאנג ניט פאר זיינע וואסערען, דערפאר פערוואנדעלט ער זיך ווינטער־צייט אין א גרויסען זומפּיגען באך (אזערא). דער אבהאנג צו מזרח־צו צום ירדן איז משופּע'דיג, אין מאנכע פלעצער לאזט ער זיך אראפּ פון 2600 פוס הויך אויף א שטרעקע פון 6 מייל (צ. ב. ש. ראס אבזיק — בזק).

שמרון א לאנגער, פערצווייגטער וואדי — וואדי דיר־באלוט — דרעהט זיך צווישען די בערג פון שמרון און פון יהודה, און טיילט אפּ די ביידע געביעטען. צו דרום זייט פון דעם וואדי הויבען זיך אן די הרי־יהודה (די בערג פון יהודה). די בערג ווערען העכער, שטיילער, די טאלען טיעפער, ווילדער. פאר וויסענשאפטליכע אויסמעסטונגען שטעלט דיזע געגענד פאר די גרעסטע שוועריג־קייטען. אין איינינע ערטער זיינען די בערג אזוי שטייל, אז מען קאן זיי ניט בעאר־בייטען; אין אנדערע ערטער זיינען ווידער געמאכט געווארען טעראסען, וואו עס וואקסען אליוון, פייגען, טרויבען און אנדערע פלאנצונגען. דאס צייגט, אז ביי ראַ־ציאנאלער בעארבייטונג קאנען אלע בערג פערפלאנצט ווערען מיט פרוכט בוימער. קיין שטענדיגע פליסענדע טייכען זיינען ניטא, אבער איינינע ערטער צווישען די בערג זיינען רייך מיט קוואלען, ווי צ. ב. ש. אין דער אומגעגענד פון חאן־לובאן.

דער העכסטער פונקט פון די הרי־יהודה איז תל־עצור אדער בעל־חצור (3316 פוס אדער 1011 מעטר). פון דאנען ציהט זיך די וואסערשייד־ליניע דורך ביריע (2920 פוס) ביז משארף, ביי איין מייל פון ירושלים (2700—2600 פוס די הויך). פון

די בערג לאָזען זיך אראָפּ צום ירדן פיעלע וואדי׳ס, די וויכטיגסטע פון וועלכע עס זיינען וואדי אל־ אאודזשע (ניט צונויפמישען מיט דער אודזשע־ירקון ארום יפו!). דער וואדי פארא (אין העברעאיש: נחל־פרת) און דער וואדי קלת (קעלט), וועלכער איז, וואהרשיינליך, דער זעלבער וואס נחל־כרית, וואו אליהו הנביא האָט זיך אויס־בעהאלטען פון איזבל׳ן, און די פויגלען פון הימעל האָבען איהם, נאָך דער לעגענדע, געקאָרמעט מיט פלייש.



בילד 13

דער וואדי־קעלט, צו מזרח זייט פון ירושלם, אין דער ריכטונג פון יריחו.

ירושלים איז ארומגערינגעלט מיט בערג און מיט וואדים. די צפון און מערב־בערג ערהויבען זיך אויף 2680 פוס — 817 מעטער (מצפה — אויף גאנצע 2939 פוס — 896 מעטער). די דרום־בערג (לעבען מאנטעפיארעס הייזער) אויף 2440 פוס (744 מעטער), די מזרח־בערג (הר־הזתים) — 2.623 פוס — 800 מעטער. פון מערב־זייט הרי יהודה

שטאדט לויפט פארביי דער ודי־בית־חנינא, פון מזרח — דער „ע מ ק־י ה ו ש פ ט“ אדער דער נ ח ל ק ד ר ו ן (ואדי אל־נאר) וועלכע ציהט זיך דורך בית־לחם צום ים המלח. אין דרום זייט ליגעט דער ע מ ק־ר פ א י ם אדער אל־בוקיעה, צוויי מייל די לענג און איין מייל די ברייט. דאן, צו דרום זייט פאנגען זיך אן די הויכע בערג פון חברון, פון וועלכע טיעפע וואדי'ס לאזען זיך אראפ צום ים המלח.

א גאנצע סיסטעם פון גרעסערע, פערצווייגטע וואדים ציהט זיך צו מערב זייט פון דעם וואסערשייד. דער וואדי בית חנינא פערוואנדעלט זיך אין א ברייטען טאל נאכדעם ווי ער געהט פארביי ליפתא (מי־נפתוח), דאן — פארביי דער אידישער קאָלאָניע מ ו צ א, און דעם דארף עין־כרם. דא פארקערט זיך דער וואדי צו מערב זייט און בעקומט דעם נאמען נ ח ל־ש ו ר ק, וועלכען מיר האבען שוין אויבען בעגעגנט. צווישען די בערג פון יהודה טרעפען זיך נאך אייניגע קלענערע עבענעס, ווי ביתוניה, גוב, (דזשיב), אל־רם (עראם). וואסער־קוואלען זיינען דא זעהר ווייניג און די בעפעלקערונג מוז זיך בענוצען הויפטזעכליך מיט די ווינטערדיגע רעגענוואסער, וועלכע זי קאנסערווירט אין בורות און ציסטערנען. דער באדען פון די בערג איז אבער כמעט דורכאויס גינסטיג פאר אליוועז און אנדערע פרוכטבוימער וואס פאדערן ניט קיין בעוואסערונג, בעזונדערס אין דער אומגעגענד פון ערקוב און ארום חברון. דער פלאטא פון יהודה לאזט זיך אראפ צו מערב זייט, צו דעם שרון און שפלה, גאנץ שטייל אויף א שטרעקע פון 9 מייל.

דער הויפט־דורכגאנג פון די בערג אין די טאלען געפינט זיך צו צפון זייט פון דער אייזענבאהן־ליניע יפו־ירושלם, דאס איז דער ב א ב־א ל־ו ו א ד (דער טויער פון די טאלען), דורך וועלכען עס לויפט דער שאסע־וועג. אויף די בערגלעך פון יהודה צווישען דעם שאסע און צווישען דעם אייזענבאהן געפינען זיך די אידישע קאָלאָניעס ארטוף, כפר־אוריה און די אידישע נאציאנאל־פאנד פארם חולדה.

חברונ'ער בערג די העכערע שפיצען פון די חברונער בערג דערגרייכען ביז 3.343 פוס לעבען ח ל ח ו ל. דא, אין חלחול, פאנגען זיך אן צוויי גרויסע וואדים: דער וואדי סיעיר (סיא'איר) ציהט זיך צו מזרח־צו, דער אנדערער — צו מערב זייט, און דרעהט זיך איבער'ן גאנצען נגב. דיעזער וואדי טראגט אין פערשיעדענע ערטער פערשיעדענע נעמען, ווי צ. ב. ש. וואדי חוליל (נחל־חברון) און וואדי סבע (נחל־שבע). זיין גאנצער קורס ציהט זיך אויף 65 מייל, מיט א ירידה פון 3000 פוס. צו דרום זייט פון חברון געפינט זיך אויך דער נ ח ל־א ש כ ו ל, וועלכער איז נאך גוט בעקאנט פון דער תורה. די גאנצע אומגעגענד איז זעהר פרוכטבאר, בעזונדערס דער ע מ ק ה א ל ה (וואדי אסלונט), וואס לאזט זיך אראפ צום עמק פלשתים.

צו מזרח־זייט זיינען די בערג־זייטען גוט פאר פאשע און פאר תבואה, אונטען אבער, ביי דעם ברעג פון ים־המלח פאנגט זיך אן א וויסטע סטעפע, דער י ש י מ ו ן, וועלכע ווערט דורכגעשניטען מיט אייניגע וואדים (וואדי אלתעמרה, וואדי דראג'ה). צו דרום זייט הויבט זיך אן דער נגב, וואס עס הייסט א ט ר ו ק ע נ ע ר ג ע ג ע נ ד, און נאך זידליכער — דער אמאליגער געביעט פון א ד ו ם.

דער נגב און אדי דער געגענד צווישען באר־שבע און עזה ווערט בעארבייט דורך די בעדואינער, הויפטזעכליך מיט גערשטען. זידליכער דערפון פאנגט זיך שוין אן דער מדבר, וועלכער שטעלט מיט זיך פאר א פלאטא, דורכגעשניטען מיט וואדים. זעלטען וואו עס גיט זיך אויס א פאסענדער פלאץ פאר זייען, וואו מען זאל קאנען האפען אויף א ערנטע (צ. ב. ש. לעבען חאלאסא און רוחייבא — דער אלטער רחובות פון יצחק'ן). דערפאר

אָבער געפינט מען איבעראַל דייטליכע סימנים פון אַמאָליגער קולטור. אין די אַלע וואַדים און טאָלען זיינען געבליבען ווענט פון אַמאָליגע טעראַסען, אַפּטמאָל פּאַרקענס פון גערטנער און אַפילו רואינען פון גאַנצע דערפער. אַזעלכע רואינען געפינט מען אויף דער גאַנצער לענג פון טערקיש־עגיפּטישען גרענעץ אויף דעם וועג פון רפיח (ראַפיא) ביז עקבה (אַקאַבא): אין וואַדי אַל־חפיר, אין וואַדי אַל עיז, וואַדי אַביאַץ (אַביאַד) און וואַדי האַראַיסאַ. מר. לאָורענס, וועלכער האָט דעם געגענד גרינדליך אויסגעפאָרשט אין יאָהר 1914, דענקט אַז די קלימאַטישע בעדינגונגען האָבען זיך פון אַמאָל ביז היינט בשום אופן ניט פערענדערט צום שלעכטען. אַמאָל איז אָבער די גאַנצע געגענד געוועזען אַ פּלאַץ פאַר דעם גרויסען וועלט־האַנדעל, וועלכער איז אַנגעגאַנגען פון אייראָפּאַ מיט כינא, אינדיען און פּערסיען — דורך דיביידע ימים פון ארץ ישראל: דעם מיטעלמעער און דעם ים־סוף. פּונקט ווי אין די צייטען פון שלמה־המלך און פון יהושפט מיט אחאב'ען, אַזוי איז אויך געוועזען שפּע־טער, אין דער רוימישער תקופה. צוליעב האַנדעלס־צוועקען זיינען אויף דער גאַנצער לענג פון דיעזען וועג, פון עזה ביז אילת און עציון גבר, אויפגעשטעלט געוואָרען מילי־טערישע פעסטען, אויפגעבויט געוואָרען סטאַנציעס פאַר די רייזענדע און עס איז במילא געשאַפען געוואָרען אַ געדיכטער ישוב, וועלכער האָט אויסגענוצט אַלע מיטלען צו בעפעסטיגען מיט טעראַסען און בעבויען די וואַדיס דורך רעזערווירונג פון וואַסער. אויסער דעם זיינען אויף דעם גאַנצען געביעט געבויט געוואָרען פיעלע קלויסטערס מיט מאָנאַסטירען. דער גאַנצער חסרון פון דער וויסטע בעשטעהט אין דעם וואָס די וואַסערען פון קורצען ווינטער ווערען שנעל איינגעזונקען אָדער אויסגעוועפּט, און אַזוי ווי נאָך מערץ איז שוין אין דער וויסטע מעהר קיין רעגענס נישטאָ, קאָן די תבואה כמעט קיינמאָל ניט צייטיג ווערען (אויסער די פּאָר ערטער, וואו עס זיינען דאָ שטענ־דיגע קוואַלען). ווי נור די ביזאַנטישע מלוכה איז אָפּגעשוואַכט געוואָרען, האָט זיך עס באַלד אָפּגערופען אויף דעם טראַנזיט־מסחר דורך ארץ ישראל, און ווען דאָס לאַנד איז איינגענומען געוואָרען דורך די אַראַבער האָט מיט דעם גאַנצען האַנדעל צווישען אייראָפּאַ און אינדיען דורך ארץ ישראל — גענומען אַ סוף. די גריכיש־קריסטליכע בעפעלקערונג האָט זיך שנעל אַראַביזירט, און אַנשטאָט דער פריהערדיגער פערהעלט־ניסמעסיג־הויכער אַגריקולטור האָט מען זיך אַנגעהויבען אָפּגעבען מיט פּאַשע, דער הויפּט־בעשעפטיגונג פון די וואַנדערענדע אַראַבער. די קולטור פון דורות איז פערלאָ־זען געוואָרען און צו גרונד געגאַנגען, און פון די אַמאָליגע אידישע און קריסטליך־ביזאַנטישע שטעדט און דערפער זיינען געבליבען מיזעראַבלע חורבות.

און אַזוי איז דאָס געבליבען ביז אונזער צייט. נור אין די לעצטע יאָהרען האָט די טערקישע רעגירונג גענומען שענקען מעהר אויפמערקזאַמקייט אָט דעם זידליכען געביעט, גרינדענדיג די נייע קאַימאַקאַמיעס פון באר־שבע און פון אַל־חאַפיר (מיט דעם צענטער אין אעוג'ה — אַאודזשע), און אָנפאַנגענדיג זיך עטוואָס צו פער־פעסטיגען אין עקבה־האַפען. דערווייל איז אָבער נאָך כמעט ווי גאָר נישט געמאַכט געוואָרען פאַר דער אויפלעבונג פון דעם געגענד. דער גאַנצער נגב איז נאָך היינט פוסט און וויסט, און וואַרט אויף פלייסיגע, ענערגישע הענד, וועלכע זאָלען איהם אומקעהרען צו דעם אַמאָליגען קולטורעלען צושטאַנד.

ג) דער ירדן־טאָל איז איינער פון די מערקווירדיגסטע טאָלען אויף דער וועלט אַ דאַנק דער טיעפער לאַגע, וועלכע ער פערנעהמט, פון זיעבען ביז דריי־צעהן הונדערט פוס נידעריגער פאַר דער ים־פלעכע. פראַנצויזישע געאָגראַפען בע־

טראכטעז איהם אלס פאָרטזעצונג פון דעם גרויסען סירישען גראבען, וואס הויבט זיך אָן צווישען די בערג פון לבנון און מול־הלבנון. דער ירדן־טאָל האָט אָבער עטוואס אַן אנדער ריכטונג, ניט צו דרום־מערב צו, ווי די בקעת־הלבנון, נור דירעקט פון צפון צו דרום, איבער דער גאנצער לענג פון לאנד.

דער עמק הירדן

דיזער טאָל שטעלט מיט זיך פאָר די נאטירליכע בעט פאר דעם גרעסטען און וויכטיגסטען טייך פון ארץ־ ישראל, פאר דעם ירדן און פאר די דריי געשלאָסענע אזערעס־ימים, וועלכע ער שניידט דורך אויף זיין וועג. דער טאָל ווערט אלץ טיע־ פער פון צפון צו דרום, און דערגרייכט זיין גרעסטע טיעף אין דעם ים־המלח (1292



בילד 14

א טראנספּארט פון א טשערעדע שאָף איבער'ן י ר ד ן ביי נידעריגער וואסער. ארום די ברעגען וואקסען געדיכט ט א מ א ר י ס ק ע ן ־בוימער.

פוס). דער גרונד פון דעם טאָל איז פון דריי מדרגות (טעראסען). צוערשט געהט „עור" (כאָר). זיין זידליכער טייל איז בעקאנט מיט דעם העברעאישען נאָמען דער ברייטער ע מ ק ־ ה י ר ד ן (טאָל פון ירדן), וועלכער טראָגט דעם אראבישען נאָמען ערבת הירדן. אין דער מיטען פון דעם „כאָר" איז דאָ א טיעפערער גראבען, וועלכער הייסט דער „זאָר". וואהרשיינליך האָט דער „זאָר" פארגעשטעלט מיט זיך אין די אוראלטע צייטען די נאטירליכע בעט פון ירדן. יעצט אָבער פילט דער ירדן ניט אָן דעם גאנצען „זאָר": דער טייך פליסט אין א טיעפערען גרונד, און נאָר ווינטער אין די גרויסע רעגענס הויבט ער זיך אויף און פערפלייצט דעם „זאָר". די אויבערשטע

טעראסע, דער „כאר" ווערט אבער פון די ירדן־וואסערען ניט דערגרייכט. דער עמק־הירדן האט אין זיינע פערשיעדענע טיילען א פערשיעדענעם כאראקטער.

פון צפון זייט ציהט זיך דער פרוכטבארער טאל פון חולה, וועלכער האלט ביז 16 מייל די ברייט (פון מזרח צו מערב) און א 4—5 מייל אין דער לענג פון צפון צו דרום. א גרויסער טייל פון דעם טאל איז בעדעקט מיט א שטענדיגער זומפ, וועלכע איז בעוואקסען מיט א געדיכטען וואלד פון פאפירוס־רעהרען און קאמיש. די זומפ איז ביז 12 פוס טיעף און איז נאך ביז היינט ניט ערפארשט געווארען. די זומפ האלט 6 מייל אויף אנדערהאלבען מייל, און האט א סך ווילדע פויגלאך און חיה'לאך. די אראבער נוצען דעם קאמיש פאר פלעכטען ראגאזשעס, וועלכע ווערען פערקויפט איבער'ן גאנצען לאנד.

מי מרום

די זומפ האט איהר אויסגוס אין דעם ים־חולה אדער מ י ־ מ ר ו ם, וועלכער ציהט זיך אין דרום זייט, אין דער פארם פון א דריי־עק. צווישען דעם מי־מרום און כנרת איז דער באדען געוועזען פערלאזען און פערוויסטעט, בלויז אראבישע שבטים האבען דארט געפאשעט זייערע סטאדעס. דער אנהויב פון דער אידישער קאלאניזאציע אין די אכציגער יאהרען האט שוין צוגעצויגען אהערצו די ערשטע קאלאניסטען, פון רומעניען און פון רוסלאנד, און אין דעם ראיאן זיינען געגרינדעט געווארען די עלטסטע קאלאניעס פון גליל העליון, ראש פנה מיט מחנים, יסוד־המעלה און משמר־הירדן. צו מערב און דרום זייט פון דעם ים־כנרת האט זיך אנגעהויבען די אידישע קאלאניזאציע נור אין דער לעצטער צייט, אזוי אז יעצט איז דער ים ארומגערינגעלט פון דריי זייטען מיט אידישע ישובים, פארמס און קאלאניעס.

דער ירדן־טאל איז אין איניגע ערטער זעהר ברייט, ביז 6 מייל. דער באדען און דער טראפישער קלימאט מאכען מעגליך א רייכע קולטור פון אינדיגא, מאיס, בוים־וואהל (קאטאן) און אנדערע טראפישע פלאנצונגען. די מעגליכקייטען זיינען אבער נאך כמעט ניט אויסגענוצט ביז יעצט.

בעזונדערס איז וויכטיג דער עמק פון בית־שאן, וואו עס וואקסען טייטלען, טאמאריסקען, טערעבינטען, אלעאנדרען און אנדערע בוימער. דער צווייטער בעדייטענדסטער טאל ארום ירדן איז דער טאל פון יריחו (ערבות ירחו), וועלכער ציהט זיך פון 5 און א האלב ביז 6 און א האלב מייל אין דער ברייט און ביז 8 מייל אין דער לענג.

צו דרום־זייט פון דעם ים המלח ציהט זיך דער טאל ערבה (אראבא), וועלכער איז אין זיין מיטען צוטיילט מיט א ברייטער הויך־עבענע אויף אזא אופן, אז דער צפון־טייל פונ'ם נחל הערבה איז אנגעבויגען צו דעם ים־המלח, און דער דרום־טייל, אויף יענער זייט פון דעם בארג איז, פערקעהרט, אפגעלענקט צו דער זייט פון עקבה (אקאבא) אויף דעם ברעג פון ים־סוף.

דער טאל פון ערבה איז נאך ניט גענוג אויסגעפארשט. זיין דרום־טייל איז בעסער בעקאנט ווי זיין צפון־טייל. ביי עקבה איז די געגענד וויסט, צו צפון־זייט פון עין דאפיה זיינען אבער שוין פאראן פאלמען און אנדערע בוימער, אזוי אז דער אומגעגענד צווישען עין־דאפיה און עין־גאדיאן*) איז עהנליך צו א גארטען. צו צפון דערהויבט זיך דער הויכער דזשעבל הארון (דער בארג פון אהרן הכהן), וועמעס אבהאנגען זיינען אין איניגע ערטער בעארבייט און בעוואקסען מיט בוימער. אין אלגעמיין איז דיעזע געגענד, וועלכע בילדעט דעם געביעט פון אמאליגען אדום, און דעם נאטירליכען

*) איניגע אידענטיפיצירען דעם פונקט מיט „עציון־גבר".

גרענעץ צווישען דעם נגב־יהודה און דעם לאנד פון מואב — זעהר ווילד און ארעם מיט וואסער. אבער אויך אין דיעזען ווילדסטען טייל פון ארץ ישראל געפינען זיך פיעלע רואינען — רעשטען פון א פארצייטיגען ישוב וועלכע זיינען, נאטירליך, צו דער זעלבער צייט אויך פיעל פערשפרעכענדע סימנים פאר דער צוקונפט.



בילד 15

ערבת־ירחו. די סטעפע פון ירחו, מיט אן אויסזיכט פון מואב.

## ד. עבר הירדן.

צו־פוסען פון דעם בארג חרמון פערשפרייט זיך דער ריעזיגער עבר־הירדן פלאטא. לאנגע וואדים מיט גרויסע שטורמיגע טייכען שניידען איהם דורך. טראגענדיג זייערע וואסערען אין דעם עמק־הירדן.

דער עבר־הירדן־פלאטא ווערט איינגעטיילט דורך זיינע פיער הויפט טייכען ירמוך. יבוק, ארנון און נחל זרד, אויף פינף גרויסע חלקים.

א) צו צפון און צו מזרח זייט פון ירמוך געפינט זיך דער היינטיגער אדמיני־סטראטיווער סאנדזשאק חורן (אויסער עגלון), וועלכער איז געאגראפיש איינגעטיילט אויף גאנץ פערשיעדענע טיילען. אהערצו געהערט דער גולן, די בערג פון חורן אדער די דרוזען־בערג, דער ארגב אדער לעדזשאא, און דער אייגענטליכער חורן אדער בשן (אין אראביש: נוקרא).

די הויך־עבענע פון גולן (דזשאלאן) לאזט זיך אראפ פון צפון צו דרום. דער העכסטער שפיץ אין צפון דערגרייכט ביז 3625 פוס און אין דרום בלויז ביז 974 פוס. די דורכשניטליכע הויך פון דער עבענע איז אלזא 2950 פוס. דער באדען פון דעם גולן איז אן אויסגעצייכענטער צוליעב זיין וואולקאנישען אורשפרונג. עטליכע שפיצען

גולן און בשן

פון פערלאַשענע וואולקאַנען זיינען דאָ פאַראַן ביז היינט. דער פּלאַטאָ איז דורכגע־שניטען מיט איינינע וואדים און מיט גרויסע טייכען, די בעדייטענדסטע פון וועלכע עס זיינען וואדי אל־צאפא, אלדאליה, נהר־אלרקאד און נהר אל־אעלאַן, וועלכער ביל־דעט דעם מזרח־גרענעץ פון ג׳ולן. צו צפון־מזרח זייט ערהויבט זיך דער פּלאַטאָ פון ג׳ידור — דער אמאָליגער געביעט פון גשור (וואוהין אבשלום בן דוד איז אנטלאָפען פון זיין פאטער).

דער געביעט פון ג׳ולן איז רייך מיט רואינען פון אלטע צייטען, צווישען זיי זיינען אויך דאָ צאָהלרייכע אידישע חורבות, וועלכע בעשטעטיגען דעם היסטאָרישען פאקט, אז די אידישע נאציאָן איז געוועזען די הערשערין אין גולן פאר און נאך דעם חורבן. אין דאָרף נוה אין גולן געפינט מען סימנים אז דארט האָט נאך אין 11טען יאָהרהונ־דערט עקזיסטירט א אידישער ישוב.

דער אייגענטליכער חורן איז עס דער אמאָליגער בשן, אָדער אין רוימיש „באטא־נעא“ — דער קעניגרייך פון דעם ביבלישען עוג (מלך הבשן), וועמעס לאַנד דער האלבער שבט פון מנשה (יאיר בן מנשה) האָט עראָבערט. שפּעטער איז דער נאָמען בשן געבליבען בלויז פאר דעם צפון־טייל פון דעם פרוכטבארען טאָל. בנוגע צו דעם דרום־טייל איז דער נאָמען פערגעסען געוואָרען. יעצט הייסט דער טאָל פון חורן מיט׳ן נאָמען נ ו ק ר א: ער איז ביז היינט בעריהמט מיט זיין אונגעהויערער פרוכטבאר־קייט. ער איז פון וואולקאַנישער אורשפּרונג און פערנעהמט א גרויסען שטח פון אונגעפעהר 3000 קוואדראט קילאָמעטער.

ארגב

צו צפון־זייט פון דעם פרוכטבארען טאָל געפינען זיך די בערג פון ארגב אָדער לעדזשאה. אין דער סירישער און רוימישער עפּאָכע האָבען זיי געטראָגען דעם נאָמען טראַכאָניטים. דער ארגב שטעלט מיט זיך פאָר א וואולקאַנישע געגענד, 80 קילאָמעטער אין דער לענג אויף 40 קילאָמעטער אין דער ברייט. פון די אוראַלטע צייטען איז לעדזשאַא געווען בעוואוינט מיט רויבער־שבטים, וועלכע פלעגען פון דאַנען מאַכען זייערע אויספלוגען אויף דער בעפעלקערונג פון דער אומגעגענד. אין דער תורה ווערט די געגענד געשילדערט אלס א טייל פון עוג׳ס מלוכה. דוד המלך האָט דאָס לאַנד אויף א קורצע צייט איינגענומען. צום צווייטען מאָל איז ארגב אונטערגעפאַלען אונטער אידישער הערשאַפט אין די צייטען פון הורדוס׳ן, וועלכען ס׳איז געלונגען צום ערשטען מאָל איינצופיהרען דאָ א רוהיגערע אָרדנונג. הורדוס האָט קאָלאָניזירט אין ארגב א גארניזאָן פון 3000 אדומים. שפּעטער האָבען געהערשט זיינע יורשים ביז א יאָהר דרייסיג נאָך דעם חורבן, ווען די געגענד איז אריבער צו רוימישע בעאַמטע. היינט זיינען דיעזע בערג בעפעלקערט מיט דרוזען און זיינען אונצוגענגליך כמעט ווי אין די אלטע צייטען. דערפאר הייסען זיי, אייגענטליך אל־לעדזשאַא, וואס עס הייסט — א „מקום־מקלט“. צו צפון־מזרח זייט פון ארגב ציהען זיך די וואולקאַנישע בערג־לאַך פון דירת־אל־תלול (דירעט־עט־טולול).

חורן

א צווייטע בערג־גרופּע דערהויבט זיך אין דעם מזרח־טייל פון חורן — דאס זיינען די הרי־חורן (דזשעבל־חאווראַן) אָדער די דרוזען־בערג (דזשעבל־דרוז), וועלכע דער־גרייכען ביז 1839 מעטער (6032 פוס) איבער דער ים־פלעכע. די בערג זיינען בעפעל־קערט הויפּטזעכליך מיט דרוזען, וועמעס נאָמען זיי טראָגען. צו מזרח־זייט לאָזען זיך די בערג אראָפּ צו דער סירישער וויסטע חררא, אין העבראַאיש — חררים. דער בע־ריהמטער אויספארשער פון חורן וועצשטיין זעהט אין די חורן׳ער בערג דעם ביבלישען

צלמון. דיעזער אויספארשער רעכענט אין דעם געביעט פון די בערג ביז 20 פערלאַ־שענע וואולקאנען.

צו דרום־זייט געהט דער חורן אריבער בהדרגה אין דער סטעפּע חאממאד. אין דרום־מערב טייל גרענעצט ער זיך מיט די זוממאל־היגלען, וואס שיידען אפּ די נוקרא פון עגלון (אדזשלון). דער וויכטיגסטער וואסער־באסיין פון חורן איז דער ירמוך מיט זיינע וואדים, אויף וועלכע מיר וועלען זיך גענויע אפּשטעלען אין דעם קומענדיגען פּרק.

עגלון אדער גלעד ב) צווישען דעם ירמוך און דעם יבוק ליעגט דער צווייטער טייל פון עבר־הירדן־פּלאַטאָ, וועלכער טראגט דעם נאָמען עגלון (אדזשלון) און ענטשפּרעכט דעם צפון טייל פון דעם אמאָליגען גלעד. דיעזער פּלאַטאָ איז פיעל שמעלער אין דער בריית



בילד 16

א לאנדשאפט אין די בערג פון חורן.

(פון מערב צו מזרח) אין פערגלייך מיט דעם נאָרדליכען טייל פון חורן, און איז אַבגע־גרעניצט מיט א רייהע בערגלאך, די אויבענדערמאָנטע גבל־אל־זמל, (דזשעבל־זוממאל) פון דעם מזרח־דרום טייל פון חורן. דיעזער טייל ענטשפּרעכט דעם אמאָליגען געביעט פון מכיר בן מנשה, וועלכען ער האָט ערֺאבערט פון עוג, מלך הבשן. אין פיעלע ערטער הייסט דעריבער מכיר דער פאטער פון גלעד.

ג) צו דרום־זייט פון נחל־יבוק, צווישען דעם לעצטען און דעם נחל־ארנון געפינט זיך דער געביט פון דער אמאָליגער מלוכה פון אמורי (סיחון מלך האמורי) און טיילווייז פון די בני־עמון. שפּעטער איז דאס לאנד ערֺאבערט געוואָרען פון די שבטים גד און ראובן. דער פּלאַטאָ, וועלכער טראגט אויך דעם נאָמען בעלקא, איז אייגענטליך די פאָרטזעצונג פון גלעד. צו מזרח צו געפינען זיך די העכערע שפּיצען פון דיעזען פּלאַטאָ — דער דזשעבל־כפכפא, דער דזשעבל־חאקארעט (1085 מעטער — 3559 פוס) און די

ג׳בל־ג׳לעוד (דזשעבל־דזשאל׳עוד) מיט דעם הויכען שפּיץ ג׳בל־הושע (1096 מעטר — 5395 פוס). פּיעלע וואדיס, גרעסערע און קלענערע, שניידען דורך דעם פּלאַטאָ און פאַלען אריין אין ירדן און אין דעם ים־המלח, ווי דער וואדי־נמרין, וואדי־חשבון, וואדי זרקא־מעין און אנדערע. דער וויכטיגסטער צופלוס פון ארנון איז דער וואדי אל־וואלה, וועלכער ענטשפּרעכט דעם אמאָליגען „נחליאל״.

**דאס לאַנד פון עמון**

דער גאַנצער בעלקא־פּלאַטאָ איז צוטיילט אויף צוויי: אין צפון־זייט איז ער בערגיג און אין דרום זייט בעשטעהט ער פון א הויכעבענע, מיט איינציגע שפּיצען. די עבענע איז אַנגעבויגען פון צפון צו דרום־צו און פון מערב זייט צו מזרח־צו. די בערג פון עמון זיינען עס די הרי־העברים מיט דעם שפּיץ הר־נבו, וועלכער דערהויבט זיך אויף גאַנצע 3674 פוס איבער דער פלעכע פון ים־המלח. מיט דעם בארג זיינען פערבונדען די ערינערונגען איבער די לעצטע שטונדען פון משה רבנו, וועל־כער האָט פון דאָנען געקאַנט זעהן, פאַר זיין טויט, דעם גאַנצען עמק־הירדן און א גרויסען טייל פון מערב ארץ־ישראל.

**דער געביט פון מואב**

ד) צו דרום זייט פון דעם נחל־ארנון ליעגט דער געביעט פון מואב, וועלכער טראגט היינט דעם נאָמען קעראַק, לויט דער הויפּט שטאָדט פונ׳ם סאַנדזשאַק כרך (קעראק), דעם אמאָליגען קיר־מואב. דיעזע געגענד שטעלט מיט זיך פאַר די וויי־טערדיגע פאָרטזעצונג פון דער בעלקא (אָפּטמאָל טראגט ער טאקע דעם זעלבען נאָמען אויף); ער אונטערשיידעט זיך אבער פון דעם צפון־פּלאַטאָ דערמיט וואס ער איז אַנ־געבויגען ניט צו דרום־זייט, נאָר פערקעהרט, פון דרום זייט צו צפון־זייט. די וויכ־טיגסטע בערג־שפּיצען, וועלכע גיבען זיך פון איהם ארויס זיינען: דער ג׳בל־סיחון (דזשעבל־סייכון — דער בארג פון סיחון), 848 מעטר אָדער 2781 פוס הויך; דער בארג פון קעראַק אויף 1026 מעטר (3365 פוס) און דער בארג ג׳עפר (דזשאאפאר) — 1254 מעטר (4313 פוס) הויך. די וויכטיגסטע וואדיס פון מואב זיינען דער וואדי אל־כרב, וואדי אל־זייאתין, מי־נמרים און דער וואדי קרחי (קעראחי), אָדער אל־חסא, דאס איז דער נחל־זרד, וועלכער בילדעט זיין דרום־גרענעץ, און טיילט איהם אָפּ פון דעם לאַנד שעיר, אָדער דעם אלטען געביעט פון אדום.

**שעיר אָדער אדום**

ה) צו דרום זייט פון נחל זרד פאַנגט זיך אָן דער פּלאַטאָ פון שעיר אָדער אדום, וועלכער ווערט איינגעטיילט מיט די בערג דאנא אויף צוויי ניט קיין גלייכע טיילען. דער קלענערער טייל, צו צפון פון די בערג דאנא הייסט אל־ג׳באל (בערג, א בערגיגער געגענד) און איז אַנגעבויגען צו מזרח, צו דער זייט פון אראבישער וויסטע, וועלכע דרינגט אין דעם געגענד אריין וויט צו מערב פון דער חעדזשאזער אייזענבאַן־ליניע. די וויכטיגסטע וואדיס זיינען דער וואדי טאַפילה און וואדי גאַראנדל, וועלכע פאַלען אריין אין דעם ים המלח.

צו דרום זייט פון די דערמאָנטע דאנא־בערג ציהט זיך א הויך־עבענע ביז די בערג פון אודרוה (אַדרו) — 1280 מעטר (1498 פוס). דאס איז א וויסטער מדבר (אויסער איהר מערב טייל, וואו עס געפינען זיך רואינען), אָהן שום וואַסער־וואדיס. איהר דרום גרענעץ בילדען די בערג שאראת, וואָס עס מיינט א גראַדע שטראָס. דיעזע בערג־קייט לאָזט זיך אראָפּ, צו מערב זייט צו דעם עמק־הערבה, און אויף איהר מיטעלער טעראַסע ליעגען די גלענצענדע רואינען פון דער אמאָליגער הויפּטשטאָדט פון אדום (שעיר) — סלע אָדער פּעטרא. די עבענע ווערט דורכגעשני־טען מיט דעם וואדי מוסא (נחל־משה), אין וועלכען עס גיסען זיך אריין די עיון־מוסא (משה׳ס קוואלען). דער העכסטער בארג־שפּיץ אין דער געגענד איז דער הור־

ה ה ר, וועלכער הייסט אין אראביש דזשעבל־הארון (דער בארג פון אהרן). אויף דעם שפּיץ פון בארג שטעהט א קאַלירטע געביידע, וועלכע די אראבער זיינען מיחס צו דעם טראַדיציאָנעלען קבר פון אהרן הכהן אויף דיזען בארג. די לופט איז אזוי קלאָר, אז די געביידע פון דעם קבר זעהט זיך ארויס אויף 50 מייל פון דער ווייטענס.

די שטאָדט סלע שטעלט מיט זיך פאַר רייכע רואינען און קברים פון דער רוי־מישער און פון דער נאבאטייאישער עפּאכע (נאבאטייאישע שריפט און שפּראך זיינען זעהר עהנליך צו אלט־העברעאיש און אראמיש).

די אבצווייגונגען פון די בערג פון שעיר ציהען זיך איבער'ן גאנצען געגענד ביז די צפון־ברעגען פון דעם ים־סוף (רויטער מעער), מיט דער שטאָדט עקבה (אקאבא), דעם איינציגען האפען פון ארץ ישראל אויף דיזען ים.

## ב. דער באָדען און די בעוואסערונג.

דער באדען פון סיריען איז א פּראדוקט פון קרייד, וועלכע איז שיכטענווייז פער־שפּרייט איבער'ן לאנד, און אין פיעלע ערטער בעדעקט פון אויבען מיט וואולקאנישע אויסגוסען, ווי באזאלט אדער דאָלאָריט. אויף די בערג געפינען זיך געוויסע קאלך־שיכטען, אין די טהאָלען — דילואוויאל*), ד. ה. אָנגעטראָגענע ים־שיכטען, און אין די טיעפע אָבגרונדען — אללואוויאל (ד. ה. זאמדיגע ליימענע שיכטען). געאלאגישע סטרוקטור.

א דאנק דעם ווייכען קריידען־שיכט, און דער פרישער לאווא (וואולקאנישער אויסגוס), האָבען זיך די וואסער־קוואלען טיעף אין באָדען איינגעגראבען און געביל־דעט פון ביידע זייטען שטיילע ווענד. אין פיעלע ערטער ווערט די רעגענוואסער אזוי איינגעזאפּט פון די קרייד־שיכטען, אז די קוואלען ווערען צווישען די בערג פלוצלונג פערשוואונדען. דערפאר אבער שטראָמען זיי מיט שפע ארויס צו־פוסען פון די בערג, און בילדען דאָרט קלענערע אדער גרעסערע טייכען. אויף דעם אופן הויבט זיך אָן די אָדזשע אדער דער ירקון (לעבען פתח־תקוה), פון די קוואלען, וואס שטראָמען פון אונטער די אפרים־בערג. דער ירמוך האט זיין אורשפּרונג אין די בערג פון חורן. די גרעסטע טייכען, אבער, נעהמען זיך פון די בערג פון צענטראל סיריען, פון לבנון, מול־לבנון און פון חרמון.

האלטענדיג זיך אָן דער פריהערדיגער צוטיילונג פון לאנד, וועלען מיר בעטראכ־טען דעם באָדען און די בעוואסערונג אין ארץ ישראל, לויט איהרע פערשיעדענע טיילען.

א) דער באָדען פון דעם פּאַס ביי דעם ברעג ים איז רייך מיט קאלך און איז זעהר פּרוכטבאר. אין יענע ערטער וואו די אויבערשטע שיכטען זיינען זאמדיג איז דער באָדען, נאטירליך, מאָגערער. און פון דעסטוועגען וואקסען אויך אויף דיזען ליימיגען און זאמדיגען באדען פערשיעדענע פרוכט־בוימער אָהן קיין שום בעוואסערונג, ווי צ. ב. ש. אפּריקאָסען, וויינטרויבען און מאנדלען. צום ווייצען טויג אזא באדען נישט, דערפאר אבער געראָטען אויף איהם גערשטען, קארטאפעל (פּאטייטאס), ארבוזען (וואדער־מעלאנס), לופינען (תרמוס) א. ד. ג.

וואס נעהנטער צו די בערג איז דער באָדען אלץ מעהר פעלזיג און קאלכיג.

**) וויכער פוכקער שיכט, וואס ענטהאלט ארגאנישע רעשטען פון מאלוסקען, ראקאווינעס און אנדערע ים־חיות.

אנדערע פעלדער זיינען דורכאויס בעדעקט מיט קליינע שארפע שטיינדלאך און פעלזען־ברוך. ביים ברעג ים, בעזונדערס אין דרום זייט פון לאנד, פארמירען זיך שמאלע זאמד־דיונען. פערשפרייטענדיג זיך אויף די ארומיגע פעלדער, רויבען זיי אוועק ביי דעם מענשען דעם מקור פון זיין חיונה — דעם פרוכטבארען באדען. אין בירות און אין די אידישע קאלאניעס האט מען שוין געפרובט איינפיהרען אזא סארט בוים, וועלכער האלט איין די זאמדען, און לאזט זיי ניט פערשפרייטען זיך. דארטען, אבער, וואו די פויערן־בעפעלקערונג נעהמט קיינע קאמפפס־מיטלען ניט אן, דערגרייכען די זאמדען ביז די הייזער פון דארף. אפט מאל געפינט מען, גראבענדיג אין די זאמדען, פערשאטענע געביידעס, אלטע בורות (וואסער־ציסטערנען) און אויך גוטע זריעה־באדען.

אין יענע ערטער, וואו דער זאמד־שיכט איז ניט אזוי טיעף, איז דער באדען גאנץ גוט אויך פאר פרדסים־ביארעס (ד. ה. אזעלכע גערטנער, וואס דארפען זומער־צייט קינסטליך בעוואסערט ווערען, ווי צ. ב. ש. אראנזשען־גערטנער). דער אויבערשטער זאמד־שיכט האט א ניצליכע ווירקונג, אפטויטענדיג די שעדליכע גראזען. און אין דעם אונטערשטען פרוכטבארען שיכט געפינען פאר זיך דיווארצלען פון די בוימער גענוג פייכטקייט און גוטען נאהרונגס־שטאף.

אין אייניגע ערטער ווערט דער זאמד פערהארטעוועט פון אויבען, און איז אונפרוכטבאר. אבער אויך אין אזעלכע פעלען האט מען געפרובט (צ. ב. ש. די דייטשען אין סאראנא) פערפלאנצען קיפאריסען, און מיט ערפאלג.

דער טאל ביי דעם ים־ברעג האט נאך די מעלה, אז אויסער די פיעלע טייכען, וועלכע בעוואסערען איהם פון אויבען ענטהאלט ער אין זיך. אין יעדען פונקט, רייכע גרונד־וואסער (אויף דער טיעף פון 65 ביז 200 פוס). עטליכע מעטער אפגעטראטען פון ים קאן דער וועג־געהער איבעראל געפינען אביסעל וואסער צו שטילען זיין דורשט ווען ער זאל נור אויסגראבען א קליין גריבעל אין זאמד, בעזונדערס לעבען א גרויסען שטיין.

די טייכען פון ים־טאל

פאלגענדע טייכען און וואדים בעוואסערען דעם ים־טאל, פון צפון ביז דרום:

דער נ ה ר ־ א ל ־ ל י ט א נ י (אדער לעאנטעס) האט אמאל געהייסען „דער טייך פון צור". ער פאנגט זיך אן ארום בעל־בעק, אויף א הויך פון 1170 מעטער. ער פליסט פון צפון צו דרום זייט אויף א שטרעקע פון 100 קילאמעטער (62 מייל) און דערגרייכט נאהענט צו דער צפון־קאלאניע מטולה. דא, אבער, פערקערעוועט דער טייך פלוצלונג צו מערב זייט, און לעגט זיך דורך א וועג צום ים, אונטער א נייעם נאמען „נהר אל־קאסמיה" (דער טייך, וועלכער צוטיילט), וואו ער פאלט אריין צווישען דער אלטער צרפת און צור. נהר־אל־ליטאני איז זעהר א שנעלער, און האט אין זיין אונטערשטען טייל פון 40 ביז 50 מעטס (131—164 פוס) אין דער ברייט. לעבען מטולה איז דער טייך אימשטאנד צו געבען, לויט די חשבונות פון דעם אגראנאם ווילבושעוויטש, פון צוויי ביז דריי טויזענד פערד־קראפט. דער טייך איז איינער פון די גרעסטע אין א"י. און זיינע ברעגען זיינען רייך מיט תבואה־פעלדער און מיט פרוכטבוימער, וועלכע ציהען זיך ביז צור.

דער גאנצער געגענד צו דרום־זייט איז גוט בעארבייט מיט פערשיעדענע גרינסען און פרוכטבוימער, בעזונדערס זיינען בעריהמט די פרדסים פון בחיה (באכיע) אין דעם אומגעגענד פון עכו. פערשיעדענע קלענערע וואדים שניידען דורך דעם פיניקישען

טאָל. וואַדי־אל־קורן איז דער וויכטיגסטער פון זיי. אויסער דעם געפֿי־נען זיך דאָ נאָך אַקוואַדוקטען (וואַסער־לייטונגען) צו בעוואַסערן די פעלדער.

דער עמק עכו איז דורכגעשניטען מיט צוויי טייכען: נהר־אל־נעמן, אָדער שיחור־לבנת און דער נחל־קישון (אין אראביש: וואדי־אל־מוקאַטע). דער לעצטער פליסט פון מערב־זייט צו דעם בארג תבור און ציהט זיך אויף 23 מייל (37 קיל.) און נעהמט אין זיך אריין די וואַסער פון מגדו (אל־לעדזשון) און די קוואַלען פון אל־וואַרד. פון מגדו ביז קישון איז די לענג פון דעם הילפס־שטראָם 19 מייל (30,5 קיל.), און זיין פאַלען בעטרעפט 280 פוס. דער נחל קישון פערבינדעט דעם עמק יזרעאל מיט דעם עמק עכו, און ציהט אָפּ די רעגען־וואַסער פון דעם טאָל יזרעאל אין ים אריין. דער אויבענדערמאַנטער נהר־נעמן, וועלכער הייסט אויך בעלוס, נעהמט אין זיך אריין די וואַסערען פון פערשיעדענע קוואַלען און זומפּען, און איז בעוואַקסען ארום מיט קאַמיש און רעהרען אויף דער שטרעקע פון פינף מייל. דער גאַנצער עמק עכו ארום דיביידע טייכען איז בעארבייט מיט תבואה. צווישען די טייכען נעמן און קישון געהט דורך דער ודי־אל־ מלב. ביי דעם מויל פון דעם טייך בעלוס געפינען זיך זאַמדען, פון וועלכע די פיניקיער, — די ערשטע ערפינדער פון גלאָז — האָבען געמאַכט זייער גרויסע ערפינדונג. נאָך אַ ערפינדונג איז געמאַכט געוואָרען פון די זעלבע פיניקער אין דעם אָרט: די פּורפּור־פאַרב, וועלכע זיי האָבען פּראָדוצירט פון אַ געוויסען סאָרט ראַקאָווינעס אויף דעם ברעג פון דעם ים־התיכון.

דער נהר־אל־זרקא, וועלכער הייסט אויך נהר־התנינים (קראָקאָדילען־טייך) גרענצט אָפּ דעם שרון פון די עבענעס; זיינע ברעגען זיינען בעדעקט מיט רעה־רען, תמריסקען, פּאַפּירוס און אַנדערע בוימער. ביים אריינפאַלען האַלט ער פון 5 ביז 10 יאַרד די ברייט און ענטהאַלט גוטע וואַסער.

דער נהר־דופלה און וואַדי־אל־מופדזשיר, אָדער וואַדי־חציירה (חדירה*) זיינען קלענער פאַר איהם און בעוואַקסען מיט שטרויך־בוימער ארום. פון דרום־זייט ציהען זיך גרויסע זומפּען; אמאָל, פאַרצייטענס, פלעגט מען די זומפּען קינסטליך דרענאַזשירען מיט קאַנאַלען (אזא קינסטליכען קאַנאַל שטעלט מיט זיך פאָר צ. ב. ש. דער נהר־אל־פאַלק, צו דרום זייט). דאַס ציינט אונז, אז די קולטור פון די אמאָליגע איינוואוינער פון דעם לאַנד איז געשטאַנען אַ סך העכער. ווי פון דער היינטיגער בעפעלקערונג, וועלכע האָט פערנאַכלעסיגט די מיטלען פון קולטור, און דער געגענד איז פערפלייצט געוואָרען מיט שטענדיגע שטעהענדיגע זומפּען. ערשט די אידען האָבען אָנגענומען מאָדערנע מיטלען די זומפּען צו פערניכ־טען דורך דרענאַזש און דורך פערפלאַנצען אייקאַליפּטוס־בוימער. יעצט שטעלען מיט זיך פאָר די אידישע אייקאַליפּטוס־בוימער גאַנצע וועלדלאַך ארום חדרה.

נאָך די קליינע טייכלעך נהר־אסכנדרונה (איסקאַנדערונע) און דעם דערמאַנטען נהר־פאַלק קומט דער בעדייטענדסטער טייך פון יהודה, די עוג׳ה (אָדזשע) אָדער מי־הירקון, וועלכע פאַנגט זיך אָן פון אַ קוואַל לעבען אנטיפּטרס, פינף קילאָ־מעטער פון פתח־תקוה, און פאַלט אריין אין ים אונג. 5 קילאָמעטער (3,2 מייל) צו צפון זייט פון יפו. אין גאַנצען האַלט דער ירקון 15 מייל, אָדער 24 קילאָמעטער אין לענג. און איז אין איינינגע ערטער ביז 15 מעטער די ברייט. ער פאַלט אראָפּ בסך הכל אויף

*) וועמעס נאָמען עס טראַגט די גרויסע אידישע קאָלאָניע חדרה, וואָס געפינט זיך אין דעם געגענד.

50 מעטר (164 פוס) און בעוועגט איניגע אראבישע מיהלען. ביי איינער פון די מיהלען גיט דער ירקון 8 קובישע מעטר וואסער אין איין סעקונדע, ביי דער אידישער ביארע „בחריה" (פאראחיה) — 7 קוביק מעטער. לויט דעם חשבון פון פראפ. באלאד קאן מען מיט דער וואסער־קראפט פון ירקון בעוואסערען 66.000 העקטאר באדען ארום, ד. ה. ניט נור אלע עקזיסטירענדע גערטנער און ביארעס אין דעם יפו'ר אומגעגענד, נאר א גרויסע טייל פונ'ם גאנצען שרון. דערוויייל ווערט פאקטיש אויס־גענוצט די וואסער־קראפט פון ירקון בלויז טיילווייז, אויסער די דערמאנטע מיהלען — דורך אידישע פלאנטאציעס, וואס געהערען צו פתח־תקוה.

צו דרום זייט פון יפו זיינען פאראן נאך איניגע וואדיס. די וויכטיגסטע פון זיי זיינען די פאלגענדע: דער נ ה ר ־ ר ו ב י ן מיט דעם וואדי־צרר (סאראר), וועלכער פאנגט זיך אן ווייט אין די בערג פון יהודה, און איז בעקאנט אין דער אידישער געשיכטע מיט דעם נאמען „נ ח ל ־ ש ו ר ק". דאן געהען דער ו ו א ד י ס כ ר י י ר (סוקרייד) און דער ו ו א ד י ־ א ל ־ ח א ס י (לכיש), דאן צו דרום זייט פון עזה — דער ו ו א ד י ע ז ה און דער ו ו א ד י ־ ס ב ע (שבע) מיט דעם היסטארישען נ ח ל ־ ב ש ו ר.

די וואדיס פון דרום ווערען זומערצייט מעהרסטענטיילס אויסגעטריקענט. דער גאנצער טאל פון שרון און די שפלה, וועלכע ענטהאלטען גוטען באדען פאר תבואה און פלאנטאציעס ווערען אייפריג בעארבייט. די אומגעגענד פון קסריה ביז עזה איז אינטענסיוו קולטיווירט מיט אליוועז, וויינטרויבען, פרדסים, ווי אויך מיט ווייץ און אנדערע תבואות. דער געגענד ארום עזה איז רייך מיט תמרים (טייטעל־פאלמען). צו דרום זייט זעען די בעדואינער מעהרסטענס גערשטען: זעלבסטפערשטענדליך פיהרען זיי אן זייער ווירטשאפט אויף גאנץ פרימיטיווע מעטאדען, און אין נגב איז נאך דא פלאץ פאר א ברייטען ישוב אויף ראציאנאלע יסודות.

ב) דער באדען פון די ב ע ר ג איז מעהרסטענס פון קאלך. צווישען אנדערע מינעראלען, האט דער דייטשער געאלאג בלאנקענהארן אויסגעפונען די פאלגענדע סארטען: גרויער אדער דונקעל־רויטער קאלך־שטיין, מארמאר, מארגעל פון פער־שיעדענע קאלירען און הארטער קיזעלשטיין. דער אראבישער פלח (פויער) אונטער־שיעדעט דריי מינים באדען: רויטען, ווייסען און שווארצען. דער רויטער (אין אראב־ביש: „חמרא") האט זיין קאליר פון אייזען־עקסיד, דער שווארצער (אין אראביש: „סמרא") — פון הומוס, אדער רעשטען פון טויטע ארגאניזמען. דער גרויער באדען איז דער בעסטער. ער נעהמט זיך פון אלטע חרוב־געווארענע שטעדט, וועלכע זיינען מיט דער צייט אין גאנצען פערשאטען געווארען און פעראקערט געווארען פון אויבען. קיין אנדער זכר איז שוין פון זיי ניט געבליבען, אויסער דעם גרויען שטויב, איבער־געמישט מיט צאהללאזע שערבלאך. דיעזער סארט באדען איז רייך מיט קאלי און מיט פאספאר־זויער. אזעלכע בערגלאך מיט חורבות ווערען אין אראביש אנגערופען „תל", פון דעם זעלבען שורש, און פון דער זעלבער בעדייטונג, ווי אין העברעאיש.*)

קיין וואסער קאן זיך דא אויבען ניט אנהאלטען, ווייל די פוכקע שטיינער לאזען דורך זיך דורך די וואסער־טראפענס. אין פיעלע ערטער, אבער, שטראמען וואסער־קוואלען צופוסענס פון די „תל"ס.

פיעלע קוואלען פליסען צווישען די בערג. איניגע פון זיי ווערען אבער זומער־צייט אויסגעטריקענט. די צאהל פון די שטענדיגע יעהרליכע וואסער־קוואלען איז

*) דערפון נעהמט זיך אויך דער אידישער אויסדריק: „מאכען א תל".

די קוואלען

פאנאנדערגעטיילט ניט גלייכמעסיג. אזוי האט די ענגלישע וויסענשאפטליכע אויס־פארשונגס־עקספעדיציע פון דעם "פאלעסטינא עקספלארייששאן פאנד" אויסגעפונען 4,2 יעהרליכע קוואלען אויף יעדע צעהן סקווער מייל: אין דעם געגענד פון מערדזש־עיון — 5,4 קוואלען און אין גליל העליון — 3,3 קוואלען אויף יעדע צעהן סקווער מייל. דורכשניטליך מאכט עס אויס אויף דעם גליל 26,3 קוואלען אויף יעדע הונדערט קוואדראט מייל (אונגעפעהר 10 קוואלען אויף יעדע 100 קוואדראט קילאמעטער): אין שמרון — 13,2 און אין יהודה בסך הכל 7,8 קוואלען אויף יעדע הונדערט קוואדראט מייל. איינצעלנע ערטער זיינען אויך אין יהודה און אין שמרון רייך מיט וואסער קוואלען ווי למשל די אומגעגענד פון שכם (22וואסער־קוואלען) און די אומגעגענד פון חברון (56 קוואלען). אין דעם געגענד צווישען תל־אבו־קודס (קדש) און תל־קימון פליסען פון 50 ביז 60 וואסער־קוואלען. פיעלע קוואלען זיינען אויך דא אין דער



בילד 17
ברכות שלמה. — אלטע וואסער ציסטערנען, אויף דעם וועג צווישען ירושלם און חברון.

אומגעגענד פון חאן־לובאן. בכלל זיינען אבער די בערג רייך מיט אונטער־ערדישע וואסערען, וועלכע קאנען לייכט דערגרייכט ווערען אין די טאלען און אין די נידעריגערע בערג־עבענעס.

ברכות און וואסער־רעזערוואן

אויסער די נאטירליכע וואסער קוואלען זיינען נאך פארבליבען אין אייניגע ערטער אלטע קאנאלען און ברכות (וואסער־דיסטערנען). פון די שענסטע ברכות אין יהודה זיינען די ברכות־שלמה, צווישען ירושלים און חברון, וועלכע ווערען צוגעשריבען צו שלמה המלך.

אין די פריהערדיגע צייטען איז דער וואסער־רעזערוו אין לאנד געוועזען פיעל בעדייטענדער ווי יעצט. די אורזאכע ליעגט נישט אין די אומענדערונגען פון נאטור. די רעגענוואסער האט זיך ניט פערמינדערט, און עד היום פערמאגט ארץ ישראל

דורך'ן יאָהר מעהר וואסער־נידערונגען איידער צ. ב. ש. דייטשלאנד. (זעה נעקסטען פאראגראף).

אמאָל האָט זיך די רעגענוואסער פיעל בעסער איינגעהאלטען אין באָדען א דאנק די רייכע פלאנצונגען און די טעראסען, וועלכע האָבען ארומגעצוימט די זייטען פון די בערג און געווען בעדעקט מיט אייכען, וויינשטאָק, באָקסערן און טערעבינטען. היינט איז אָבער נור דריי פּראָצענט פון דעם באָדען פון ארץ ישראל בעדעקט מיט וועלדער. די איבעריגע בוימער זיינען פערנאכלעסיגט און איינפאך פערניכטעט געוואָרען דורך דער בעפעלקערונג. די אָרטיגע בעפעלקערונג בעגניגענט זיך ניט מיט אויסשניידען בוימער צום געברויך. נאָר מען רייסט זיי אפטמאָלס ארויס צוזאמען מיט די טיעפע ווארצלען, וועלכע ווערען געברויכט אויך צום הייצען. דערמיט מאכט מען חרוב ניט נור די בוימער, נאָר אויך דעם באָדען גופא. ווארום ווען די בוימער ווערען אויסגעווארצעלט, ווערט דער באָדען צושטויבט און ארונטערגעשווייגקט דורך די רעגענס אין אָבגרונד אריין. די גוטע באָדען־שיכטען פאלען אָפּ, און עס בלייבען די טרוקענע שטיינער — די בלויזע פעלזען, נאקעט און פרוכטלאָז.




בילד 18

דער בוי פון דעם באָדען אין די בערג.

1) פוכקער באָדען — די אויבערפלעכע. 2) נארי־שיכט מיט פּאָרען און שפּאלטען, דורך וועלכע די וואסערען זופּען זיך דורך. 3) פרוכטבארער באָדען־שיכט. 4) פעסטער פעלז, אָדער דער באָדען־גרונט.

פלח'ישע בעלי־הבית'ישקייט

ביי אזא סארט בעל־הבתי'שקייט במשך פון דורות־לאנג זיינען אויסגעריסען געוואָרען די בוימער פון די בערג, און צוזאמען מיט זיי איז אויך פערקלענערט געוואָרען דער שטח פונ'ם באָדען, וועלכער טויג צו בעארבייטונג. די רעגענוואסער, וועלכע ווערט שוין נישט מעהר פערהאלטען דורך בוימער און שטרויכען, שטראָמט מיט אימפּעט אין אבגרונד צושווייגקענדיג די אלטע בערג־טעראסען. דער באָדען איז שוין אונפעהיג דאס וואסער צו פערהאלטען אין זיך. דעריבער זיינען די קוואלען גופא געוואָרען אָרעמער און ווייניגער אין צאהל. פון דער אנדער זייט, ווערען די וואסער־שטראָמען פערשטאָפּט מיט זאמד, וועלכער שיט זיך אראפּ פון די בערג, וואו עס זאמלען זיך גרויסע זומפּען און שטעהענדיגע בלאָטעס, נעסטען פון פיבער און

פון קראנקהייטען. אזוי ווערט די ערד אויף די בערג פערטריקענט און פערוויסט, און אין די טאָלען — צוליעב דיזעלבע אורזאכען פערזומפט און פערפעסטעט.

א גרויסער טייל פון די סירישע בערג בעשטעהט פון דריי שיכטען באדען, וועלכע ליעגען איינער איבער'ן צווייטען. דער אונטערשטער, פעלזיגער גרונד איז בעדעקט מיט פרוכטבארען באדען. איבער איהם הויבט זיך אַן אַ האַרטער אונפרוכטבאַרער שיכט, וועלכער הייסט אין אראביש נארי. דאס איז אזא מין קלעפּיגע ליים. דער נאַרי איז פון אויבען פערהארטעוועט, אזוי ווי א קיזעלשטיין (קרעמען). אינווייניג, אבער, איז ער אלץ ווייכער. וואס נעהענטער צום אונטערשטען פרוכטבארען באדען־שיכט. דער נוצען פון דער פערהארטעוועטרע אויבערפלעכע איז א דאָפּעלטער. ערשטענס, פערטיידיגט זי, ווי מיט א שילד, דעם גוטען, פרוכטבארען באדען, און לאָזט איהם ניט צושטויבט ווערען. צווייטענס, ווערט, אויף אזא אופן, די רעגענ־וואסער בעסער רעזערווירט און פערהיט פון אויסוועפּונג. די ליחות (פייכטקייט), וואס זאמעלט זיך אַן אונטען, אונטער דעם שיידעל פון הארטען נאַרי, בעוואסערט די וואָרצלען פון די אָליוועז, מאנדלען, וויינשטאָק א. א. וו., וועלכע קענען, א דאנק דעם, אויסקומען אָהן קינסטליכער בעוואסערונג.

די בוימער אויף די בערג געפינען, אלזא, זייער נאהרונג אין דעם דערמאנטען פרוכטבארען אונטער־שיכט. אָבער די תבואה קען מיט איהרע וואָרצלען אזוי טיעף ניט דערגרייכען. דער נאַרי־שיכט טויג, דעריבער, פאר קיין תבואה ניט. אין די שפּאלטען פון די פעלזען־בערג געפינט זיך אָבער גאנץ אָפט דער בעסטער פעטער באָדען, וועלכער ציהט זיך. פּונקט ווי אָדערן, אין דעם פרוכטלאָזען נאַרי־שיכט.

ג) ד ע ר ע מ ק ־ ה י ר ד ן ווערט בעטראכט אלס א בעט פון אן אור־אלטען ים, וועלכער האט זיך אמאָל ברייט פערשפּרייט צווישען דעם לבנון און דעם ים־סוף. אויף דעם זאגט עדות דער ווייכער, זומפּיגער מארגעל־גרונד פונ'ם עמק הירדן, אָהן שום שטיינער און פעלזען־בראָך. מיר האָבען שוין אָנגעוויזען אז דיזער באָדען קען זעהר ברייט אָויסגענוצט ווערען פאר טראָפּישע פלאנצונגען, הגם ביז יעצט זיינען געמאכט געוואָרען בלויז קליינע פערזוכען אויף דעם געביעט אין בעל־בך. חמת, חמץ און לעבען יריחו.

דער ירדן און זיינע צו־פלוסען.

אויף דעם גרונד פון דיעזען גראבען פליסט דער ירדן, וועלכער בעקומט אויך רייכע צופלוסע פוןביידע זייטען. די הויפּט־קוועלען פון דעם ירדן הויבען זיך אָן פון די נידערונגען פון דעם העכסטען בארג אין לאנד, פון דעם גרייז־גרויען חרמון. דער וויכטיגסטער פון זיי איז חצבני. וועלכער פליסט אין דער בקעת־מצפה, אָדער וואדי־אל־תים. ער פאנגט זיך אַן לעבען דער שטאָדט חצביה (חספיה) און האָט 35—40 קילאמעטער איז דער לענג (22—24 מייל), און פאלט, אויף דיעזען שטח, אויף גאנצע 475 מעטער אָדער 1558 פוס, ד. ה. 65 פוס אויף א מייל. צו מזרח־צו פון איהם פליסט דער צווייטער ירדן־קוואל, דער לדן, וועלכער הויבט זיך אַן ביי דעם תל־אל־קאצי (טעל־על־קאדי. ד. ה. די בערגעל פון דעם דיין). די ביידע נעמען דערמאָנען אַן דעם שבט דן, וועלכער האָט זיך בעזעצט אין דעם געגענד, נאָכדעם ווי ער האָט איהם איינגענומען ביי די צידונים, ווי עס דערצעהלט אונז די געשיכטע אין ספר שופטים. לדן האלט בס"ה 8 קילאמעטער (5 מייל) אין דער לענג, ער פאלט אָבער עטוואס שנעלער פאר דעם חצבני — דהיינו אויף 360 פוס. דער דריטער קוואל איז — באניאס, אָדער די מערות־פמיים: ער ציהט זיך אויף גאנצע 40 קילאמעטער (25 מייל), און פאלט אויף 834 פוס (285 מעטער).

ערשט פעראייניגענדיג זיך צוזאמען, בילדען די דריי צופלוסען ד ע ם  י ר ד ן. (אין אראביש הייסט ער אל־אורדון אדער אל־שריעת אלכביר, ד. ה. דער גרויסער טייך). צוערשט שניידט ער דורך דעם אויבענדערמאנטען פרוכטבארען און זומפיגען טאל פון חולה (ארץ־אל־חולה) און פאלט אריין אין דעם  י ם ־ ח ו ל ה  אדער  מ י ־ מ ר ו ם  (אין תלמוד הייסט ער ים־סומכי. און די אראבער רופען איהם: בחרת אל־חולה). דער ים איז ניט גרויס, ער איז אבער רייך מיט פיש און מיט פערשיעדענע וואסער־פויגלען. זיין פארם איז א דריי־עקיגע: ער האלט 4 מייל (6,4 קילאמעטר) אין דער לענג (זיינע מזרח־ברעגען זיינען ניט אויסגעמאסטען) און געפינט זיך אויף זעקס מיט א האלבען פוס איבער דער ים־פלעכע.

ערשט ארויסגעהענדיג פון דעם מי־מרום, בעקומט דער ירדן זיין אמת'ע בעדייטונג. אויף דעם שטח פון א צעהן מייל, פון מי מרום ביז ים־כנרת, פאלט ער



בילד 19
דער ים־כנרת און די „חמי־טבריה“ (ווארעמע בעדער פון טבריה).

אויף גאנצע 210 מעטער (689 פוס) און פערמאגט, לויט אינזש. ווילבושעוויטשעס אויסמעסטונגען, 31.500 פערד־קראפט.

ים־כנרת

דער  י ם ־ כ נ ר ת  (ער הייסט אויך ים־גינוסר אדער ים־טבריה, אין אראביש: בחר־טבריה) האט אן אויסערליכען אויסזעהן פון א הארפע, — דערפון האט זיך וואהרשיינליך געגומען זיין נאמען. זיינע וואסערען זיינען רייך מיט פיש און גוט צום טרינקען. דער ים־כנרת פערנעהמט אין דער לענג ביז 13 מייל (21 קילאמעטער) און אין דער ברייט ביז 6 מייל (קרוב צו צעהן קילאמעטער). זיין שטח איז אלזא 70 קוואדראט מייל אדער 181 קוו. קילאמעטער.

פון כנרת ביז דעם ים המלח שלענגעלט זיך דער ירדן אזוי, אז ער איז פונקט דריי מאל לענגער פון א דירעקטער ליניע, וועלכע מען קען דורכפיהרען אין דער לופטען צווישען דיזע ימים. די לענג פון דעם ירדן אויף דיזער שטרעקע איז 185

מייל (300 קילאמעטער). און זיין פאלען איז אויף גאנצע 610 פוס, ד. ה. דורכשניט־ליך 3.3 פוס (העכער א מעטער) אויף איין מייל. אזוי אז אין יעדען פונקט קען לייכט רעאליזירט און אויסגענוצט ווערען א כח פון טויזענד פערד־קראפט.

די קראפט פון ירדן ווערט פערשטארקט א דאנק די צאהלרייכע טייכען, וואדים און קוואלען, וועלכע בעררייכערען איהם מיט די וואסערען פון די בערג, וואס זיי ברענגען אראפ פוןביידע זייטען. די פערשיעדענע וואדים פון די מערב־בערג האבען מיר שוין אויבען דערמאהנט. יעצט וועלען מיר זיך אפשטעלען גענויער אויף די וויכטיגסטע פון זיי.

צווישען מי־מרום און דעם דרום־בערג פון כנרת פאלען אין איהם אריין דער ו א ד י־ע א ו ב ה (אאובע) אדער וואדי־הינדאדזש, דאן ו ו א ד י מ ו ע ד מ י ה (מואדעמיע), ו ו א ד י־א ל־ע מ ו ד, ו ו א ד י א ל־ח מ א ם און ו ו א ד י־פ ע ד ז ש א ס. צו דרום זייט פאלט אריין דער נהר־ג'אלוד („דער טייך פון גלית"). וועלכער ציהט זיך אין א ברייטען טאל אויף דעם שטח פון גאנצע 12 מייל. ער פאלט אראפ אויף 960 פוס און בילדעט בעדייטענדע וואסערפאלען, וועלכע קענען נאטירליך, ברייט אויסגענוצט ווערען. צו דרום זייט פון דעם טייך פאנגט זיך אן דער בעריהמטער עמק פון ב י ת־ש א ן, וועלכער איז זעהר רייך מיט וואסער (65 קוואלען) און מיט געוויקס. אלעאנדרען און אנדערע בוימער בילדען א גאנצען וואלד לעבען בית־שאן און וואקסען געדיכט אויך אויף די ברעגען פון דעם צווייטען בעדייטענדען וואדי, דעם ו ו א ד י־א ל־ב י ר ה, וועלכער לאזט זיך אראפ פון דעם צפון־פלאטא, צווישען דעם כנרת און דעם וואי־ג'אלוד.

דאן געהען די ו ו א ד י־ש ו ב א ש און וואדי א ל־מ א ל י ח, וועלכער בילדעט די דרום גרעניץ פון דעם עמק בית־שאן. דער וואדי איז אינטערעסאנט מיט די ג ע ז א ל צ ע נ ע מינעראלע וואסערען, וועלכע ער נעהמט אין זיך אריין, און פון וועלכע ער האט בעקומען זיין נאמען. ווייטער נעהמט אריין דער ירדן די צוויי וואדים ו ו א ד י־א ל־ב ו ק י י ע ה און ו ו א ד י־א ל־פ ר ע ה (פאר'־עא). דער ערשטער ציהט זיך אויף 7 מייל אין דער לענג און 1 און א האלב מייל אין דער ברייט. דער צווייטער איז א סך לענגער (12 מייל) און פיעל רייכער מיט וואסער. פון די איבעריגע בעדייטענדסטע וואדים זיינען: ו ו א ד י פ צ א ל (אדער וואדי פזאל), אויף א זומפיגען געגענד, און מיט פיעלע ז א ל ץ־ק ו ו א־ל ע ן ציהט זיך אויף 3 מייל; וואדי אל אאודזשע און ו ו א ד י א ל־ק ע ל ט. דער לעצטער שטעלט מיט זיך פאר א טיעפען גראבען, מיט שטיילע פעלזיגע ווענט, מיט א קאלכיגען באדען. דער וואדי אל קעלט איז שמאל, אבער זעהר שטראמיג און אין דער רעגענצייט רייך מיט וואסער. יעדע סעקונדע ברענגט ער 0,3 קוביק מעטער וואסער. דער „וואדי קעלט" ציהט זיך אויף 6 און א האלב מייל: ער נעהמט אבער אין זיך אריין אויפ'ן וועג איינציגע קלענערע קוואלען. דער וויכטיגסטער פון וועלכע איז דער וואדי פארא, אדער נ ח ל־פ ר ת. צווישען דעם וואדי קעלט און יריחו וואקסען פערשיעדענע בוימער, טאמאריסקען, אקאציעס, סידרעס און אנדערע מינים. דיעזער עמק, וועלכער איז איינער פון די פרוכטבארסטע אין דער וועלט, איז פאסיג פאר טראפישער קולטור, און קען רייך קולטיווירט ווערען מיט פער־שיעדענע פלאנצונגען פון דעם טראפישען מיז.

דירעקט אין ים־המלח פאלען אריין קלענערע וואדים, וועלכע זיינען ארעמער מיט וואסער. אהערצו געהערט דער נ ח ל־ק ד ר ו ן (אין אראביש: וואדי־

אלנאר) און וואדי אל־דראג'ה (דערראדזשע). דער וואדי אל ערוב איז רייכער מיט וואסער־קוואלען. אין אייניגע ערטער ביים ברעג ים געפינען זיך מינע־ראלע שוועבעל־קוואלען (צו צפון־זייט פון ראס־מרשד).

אבער די וויכטיגסטע וואסער־אוצרות בעקומען דער ירדן, מיט'ן ים המלח, דוקא פון מזרח־זייט. די בעדייטענדסטע פון די מזרח־טייכען זיינען: דער ירמוך, יבוק, ארנון און נחל־זרד.

דער ירמוך (שריעת אל־מנדאהיר) איז דער בעדייטענדסטער טייך אין עבר הירדן, וועלכער בריינגט אריין אין ירדן נאך א מאל אזוי פיעל וואסער, וויפיעל דער ירדן פערמאגט אין דעם פונקט וואו זיי בעגעגענען זיך. אויף זיין וועג צום ירדן נעהמט דער ירמוך אריין גרויסע טייכען און וואסער־שטראמען. אויף א שטח פון 55—60 קילאמעטער (ביז 38 מייל) פאלט דער ירמוך אויף גאנצע 700 מעטער (2300 פוס). אזוי, אז ווען ספעציעלע סטאנציעס זאלען איינגעריכטעט ווערען צו אוטיליזירען די קראפט פון דעם וואסער־פאל, וואלט אין יעדען פונקט לייכט געקענט דערגרייכט ווערען א כח פון 450 ביז 700 פערד־קראפט.

נחל יבוק (אין אראביש: וואדי־זרקא) פאנגט זיך אן אין דעם מזרח זייט פון די בערג פון גלעד. לעבען דער אמאליגער הויפט־שטאדט פון רבת־עמון (פילאדעלפיא). צוערשט פליסט ער פון דרום צו צפון ביז תל־אל־אמראמה, און נעהמט אריין אין זיך עטליכע צופלוסען: ביי דעם דערמאנטען פונקט פערקערעוועט ער צו מערב זייט און פאלט אריין אין ירדן אין דעם ארט וואס הייסט ערב־אל־משאלח. זיינע ברעגען זיינען געדיכט בעוואקסען מיט אלעאנדרען און אנדערע שטרויכען. נהר ארבעין, נחל־יבש (וואדי־יאבים) און נחל־הבתרון (וואדי־אדזשלון) זיינען די וויכטיגסטע וואדים פון עגלון. וואדי־נמרין, וואדי־כפרן, נחל־חשבון (וואדי־חסבאן), וואדי־עיון מוסא און וואדי זרקא־מעין — די בעדייטענדסטע וואדים פון דער בעלקא.

נחל־ארנון (וואדי אל־מודזשיב) נעהמט אין זיך אריין די וואסערען פון א ברייטען 2000 קילאמעטער־שטח, פון דעם גאנצען געביעט פון מואב. דער זידליכער צופלוס פון דעם ים־המלח איז נחל־זרד, אדער וואדי אל חעסא, דער גרענעץ פון מואב.

דער ירדן גופא איז נישט ברייט. זומער־צייט האלט ער בלויז 100 פוס, און נאר ווינטער צוגיסט ער זיך ווייט איבער זיינע ברעגען. דערפאר איז אבער דער ירדן זעהר שטראמיג. לויט דער אויסרעכנונג פון אייניגע פאך־לייטע שליידערט דער ירדן אריין אין דעם ים־המלח זעקס מילאן טאן וואסער א טאג. מיט דיעזער קראפט וואלט מען געקענט ניט נור בעוואסערען א גרויסען טייל פון ארץ־ישראל, נאר אויך בעלייכטען דאס גאנצע לאנד מיט עלעקטריע און זעצען אין בעוועגונג די גרעסטע מאשינען און אייזענבאנען.

דער ים־המלח, הייסט אויך דער אספאלט־ים, דער ים פון סדום, אדער „דער טויטער ים“, אין אראביש: בחר־לוט — באכר־לוט— לוט'ס ים. דאס איז דער גרעסטער פערמאכטע באסיין אין א"י, און איינער פון די מערקווירדיגסטע געשלאסענע ימים אין דער וועלט. ער האלט 47 מייל אין דער לענג און 10 מייל אין דער ברייט, ד. ה. א שטח פון 370 קוו. מייל, אדער פון 960 קוו. קילאמעטער. די אויבערפלעכע פון דעם ים איז מיט 399 מעטער (1292 פוס) נידעריגער פאר דעם מיטעלמעער, און זיין טיעף דערגרייכט אין אייניגע פלעצער ביז 1330 פוס. דער גאנצער אומפאנג

פון דעם יב־המלח האלט אונפעהער 120 מילארד קובישע יארד וואסער, ד. ה. צוויי מאל גרעסער פאר דעם אומפאנג פון גענפער באַד. די וואסערען פון ים־המלח פערמאגען פאלגענדע מערקווירדיגע אייגענשאפטען: אין דער צייט וואס אלע ימים ענטהאלטען בלויז 3,5 פראצענט זאלץ און מינעראלען, האט דער ים המלח אין זיך גאנצע 22—28 פראצענט פערשיעדענע מינעראלען, שוין אריינגערעכענט 7 פראצענט טיש־זאלץ. דעריבער איז דער געוויכט פון דער וואסער אין ים־המלח פיעל שווערער ווי געוועהנליכע, און א מענשליכער קערפער שווימט אויף דעם ים־המלח אהן מינדסטער אנשטרענגונג און ווערט ניט געזונקען. אויסער זאלץ ענטהאלטען זיינע וואסערען נאך די פאלגענדע מינעראלען: בראם, חלאר, מאגנעזיום, נאטריום און קאלציום, ווי אויך א היבשע דאזע פון אספאלט, אזוי אז דער ים האט בעקומען דעם נאמען „אספאלט־מעער“.



בילד 20

עין־גדי. דער אורשפרונג פון קוואל. לינקס און רעכטס — זיזיפוס־בוימער (אטד, אין אראביש: „סידרעס“). הינטען אין דער מיטען סעדזשאל־אקאציע.

אין דעם ים־המלח איז ניטא קיין פיש, ווארום קיין לעבעדיגער וועזען קען ניט עקזיסטירען אין די שארפע שניידענדע וואסערען פון דעם ים, און די פיש, וואס דער שטארקער ירדן־שטראם פערשלעפט, ווערען אין איהם דערשטיקט.

פון די פערשיעדענע ארגאנישע שטאפען בילדעט זיך דער אויבענדערמאנטער אספאלט, וועלכער זאמעלט זיך מאסענווייז אויף די בערגלעך ארום די דרום־ברעגען פון דעם ים. א חוץ דעם זאמלען זיך אין פערשיעדענע ערטער זאלץ־בערגלעך, וועלכע ווערען עקספלואטירט (אויף א פרימיטיווען אופן) פון דער רעגירונג און פון דער ארומיגער בעפעלקערונג (אין אראביש הייסען אזעלכע זאלץ־פאנען: „סבכא“), די דרום בערגלעך טראגען דעם נאמען „גבל־אוסדום“, ד. ה. די בערג פון סדום. מיט דעם ארט פערבינדט די פאלקס־לעגענדע די ביבלישע געשיכטע

װעגן דער אמאליגער קאטאסטראפע, אין סדום און עמורה, און די אומוואנדלונג פון לוט'ס פרוי אין א שטיק זאלץ־סלופּ (נציב מלח).

פיעל וויכטיגער און אינטערעסאנטער איז דער היסטארישער פּלאץ פון מסדה (מאסאדא), יענע אידישע פעסטונג וואס די לעצטע קנאים האבן פערטיידיגט מיט דער גרעסטער העלדישקייט שוין נאך דעם ווי דער בית־המקדש איז געפאלען. קיין איינציגער פון די פערטיידיגער פון מסדה האט זיך ניט אונטערגעגעבן: אלע זיינען זיי געפאלען, ניט פון דער רוימישער פייל, נאר פון דעם אייגענעם שווערד און געפונען א קבר אין די רואינען פון דעם מסדה־פעלז, וועלכער דערהויבט זיך. ווי אן אדלער־נעסט הויך איבער די כוואליעס פון ים־המלח.

א מין אאזיס אין די מדבר־פעלזען ארום ים־המלח שטעלט מיט זיך פאר עין־גדי, וועלכער איז בעריהמט געווען מיט זיינע ווייבגערטנער. ארום דעם קוואל (בילד 20) וואקסען נאך היינט פערשיעדענע בוימער.

דער באדען פון עבר־הירדן

ד) דער עבר הירדן האט א באדען פון לעהם־שטיין, און אין פיעלע ערטער — פון וואלקאנישער לאווא, וועלכע איז זעהר פרוכטבאר. בעזונדערס פערמאגען א פרוכטבארען באדען דער גולן און די נוקרא אין חורן, ווי אויך אנדערע טיילען פון חורן.

דער באדען פון גולן איז גוט ניט נור פאר פאשע (פיטערן די פיה), נאר אויך פאר אלע מינים פון תבואה און פרוכטבוימער. דער גולן אזי רייך מיט קוואלען. ארום וועלכע א גאנץ יאהר וואקסט גרינס־צייג. ווינטער־צייט איז די גראז אין גולן אזוי הויך ווי א מענשליכער וואוקס: זומער צייט אבער ווערט דאס גראז, צוליעב די היצען, אויסגעברענט. עס זיינען פאראן דייטליכע סימנים, אז אין די אמאליגע צייטען זיינען אין גולן געווען גרויסע וועלדער, רעשטען פון וועלכע עס געפינען זיך נאך אויף די הרי הבשן (תלול־אל־חיש).

די נוקרא

דער צפון טייל פון גולן איז אויך רייך בעוואקסען. אבער זיין באדען איז א הארטער לאווא־פעלז און איז בעסער פאר פאשע איידער פאר אקערבוי.. בעזונדערס אבער איז דער באדען פון גולן פרוכטבאר אין זיין דרום־טייל, וואו ער איז ריין פון פעלזען־ברוכע, און בעשטעהט פון ווייכען דונקעלען לאווא־שיכט, וואס פערמאגט א זעלטענע פרוכטבארקייט. גרויסע שטרעקען פון דעם גולן־באדען זיינען נאך עד היום ניט אויסגענוצט. די טיילען, וועלכע זיינען שוין פערנומען, ווערען בעארבייט אויף א העכסט פּרימיטיווען אופן.

די נייע אויספארשער פון חורן בעשטעטיגען פאלקאם די בעריכטען פון די פרי־הערדיגע רייזענדע, אז דער באדען פון נוקרא איז מערקווירדיג פרוכטבאר. דער גרויסער טאל, וועלכער האלט ביז 3500 קוו. קילאמעטער, גיט א גערעטעניש ביז 40—50 מאל, און דאס אלץ, טראץ די פּרימיטיווסטע מיטלען און אלטפרענקישע מעטאדען פון אגריקולטור. אלערליי תבואה וואקסען אין דעם ראיאן, איבערהויפּט ווייץ (דריי־פערטעל באדען איז בעארבייט מיט ווייץ), לופין, גערשטען, מאיס, פערד־באהנען, האבער, א. ד. ג. אבער אויך פרוכט־בוימער האבען דא א גוטען באדען. אין די אלטע יאהרען האט מען זיי קולטיווירט, שפּעטער איז די קולטור פערנאכלעסיגט געווארען. אבער די לעצטע צייט האט מען זיך ווידער גענומען צו טרויבען און אליווען פלאנצען. אין די אידישע פארמס ג'יליין (דזשילין), סאחם־ג'ולן און אנדערע, וואס דער באראן ראטשילד האט געקויפט, זיינען אין די אכציגער יאהרען פערפלאנצט געווארען נאהענט צו פיער הונדערט טויזענד

בוימער, איבערהויפט טרויבען און אליוועז. דער חורן, וועלכער איז אין דער רוי־מישער תקופה געוועזען איינער פון די תבואה־אמבארען פון דער רוימישער אימפעריע, הויבט שוין אן צו שפּיעלען אזא גרויסע ראלע אויך אין אונזער צייט*). נאך מיט דרייסיג יאהר צוריק איז דער חורן געוועזען האלב וויסט: בלויז די ווילדע בעדו־אינער פלעגען אין איהם פּאשען זייערע סטאדעס. די פעלאכען זיינען געזעסען נור ארום די בערג, זייענדיג אין געפאהר פון די מדבר־שבטים, צו וועלכע זיי פלעגען מוזען צאהלען א יעהרליכען „ברודער־שטייער", (חוה־חובע) כדי יענע זאלען זיי נעהמען אונטער זייער שוץ. זינט אבער די לעצטע עטליכע צעהנדליג יאהר האט זיך דער איינפלוס פון דער רעגירונג, און צוזאמען דערמיט די זיכערהייט פון לעבען און אייגענטום — אזוי פערשטארקט, אז די בעדואינער וואגען שוין נישט אנצופאלען אויף א גאנצען דארף און צו ראבעווען, ווי זיי פלעגען עס טהאן ביז גאר ניט לאנג. די פעלאכען און די טשערקעסען האבען זיך בעזעצט איבער'ן גאנצען חורן, אזוי אז יעצט איז א גרויסער טייל באדען פערנומען. זעלבסטפערשטענדליך, אז די ארבייט איז נאך זעהר פרימיטיוו, און די יעצטיגע בעפעלקערונג קען לייכט פערמעהרט ווערען אין עטליכע מאל. (איז דער רוימישער צייט איז די בע־פעלקערונג פון חורן געוועזען מינימום 400.000 נפשות, ד. ה. דריי מאל אזוי גרויס ווי היינט). אנדערע אויטארען שעצען זי אין מיליאנען (בארטאן און דראקע אין זייער „אונעקספלאורעד סיראא").

א מערקווירדיגען בילד שטעלט מיט זיך פאר דער געגענד פון א־ר ג ב (לעדזשאא), וועלכער מאכט אן איינדרוק פון א געוואלדיגען לאווא־ים. וואס איז פלוצלונג פערגליווערט געווארען אין א כאאטישער אונארדנונג. דער גאנצער באַ־דען איז בעדעקט מיט לאווא־אויסגוס, מיט דעם שווארצען ב א ז א ל ט־שטיין, וועלכער האט אייגענטליך געקראגען זיין נאמען, אויף אלע שפראכען, פון דעם העב־רעאישען אייגען־נאמען בשן, דעם צפון־טייל פון חורן, וועלכער קומט צו נאהענט צו דער לעדזשאא. (באזאלט איז אין גריכיש: „באסאניטעס ליטהאס", ד. ה. דער שטיין פון בשן). דיעזער באדען פון ארגב איז ניט פאסענד פאר אגריקולטור. ער־טערווייז אבער ענטהאלטען אין זיך אויך די בערג פון לעדזשאא פרוכטבארע טאלען און עבענעס, וועלכע קאנען בעארבייט ווערען. ארגב

דער דייטשער געאלאג פראפ. מאקס בלאנקענהארן האט ענטדעקט אין די יאהרען 1894 און 1904 וויכטיגע פאספאט רעזערוועז פון אספאלט צו מזרח־זייט פון דער שטאדט סאלט און אין מערב־זייט פון א"י, ארום די ברעגען פון ים המלח. דער אוצר פון אספאלט ארום סאלט ציהט זיך אויף 2 קילאמעטער און ענטהאלט, לויט זיינע שאצונגען ביז 144 טויזענד טאן מיט דעם ווערטה פון קרוב צו 6 מיליאן מארק. דער זעלבער פראפעסאר האט ענטדעקט ערד־אויל, און אנדערע מינעראלען. די ערשטע פראבען זיינען געמאכט געווארען, און א געוויסע אמעריקאנער געזעלשאפט האט זאגאר בעקומען ביי דער טערקישער רעגירונג אן ערלויבנים די נאטירליכע אוצרות צו עקספּלואטירען.

דער געביעט פון מואב און עמון איז טיילווייז געאייגנעט פאר פלאנטאציעס, (אזוי צ. ב. ש. פראדוצירט דער אומגעגענד פון סאלט דעם בעסטען סארט ראזינקעס).

*) די תבואה פון חורן ווערט ארויסגעפיהרט דורך די פארטען חיפה, בירות און עכו פאר גאנץ סיריען און ארץ ישראל און אויך פאר אויסלאנד, א חוץ דעם געברויך אין דמשק און אומגעגענד.

טיילווייז פאר פּאשע און פּיה־צוכט. דער געגענד צווישען חשבון און וואדי־אל־וואלע פּראָדוצירט ווייצען. צו צפון־זייט פון כרך פּאשען זיך שאָף.

די בעוואסערטע ברעגען פון ארנון, וואדי־אל־וואלע, א. א. וו. קענען, נאַטירליך, אויסגענוצט ווערען מעהר ראציאנאל פאר פּלאנטאציעס און גרינס, ווען מען וועט אנפאנגען בענוצען מאָדערנע וויסענשאפטליכע מעטאָדען.

דער עבר־הירדן האָט די רייכסטע און גרעסטע טייכען און וואדיס אין לאנד.

צו צפון זייט פליסען אין דעם עמק בטיחא די דריי וואדיס: וואדי אלצפא (וואדי עססאפא), וואדי אל־דאליה און וואדי־אלסנאם (עס־סונאם). וואדי אלצפא האָט שטענדיגע וואסער און איז 16 מייל די לענג. פון די איבעריגע וויכטיגסטע טייכען פון גולן זיינען: א) דער נהר־אלסעאר (נהר־עססעאר), וועלכער פאנגט זיך אָן אין חרמון און פאלט, אויף דער שטרעקע פון 9 מייל, אויף 2362 פוס. ב)



בילד 21.

דער טייך ירמוך אין זיין אונטערשטען טייל. איבער איהם — אן אייזענבאהן־בריק פון דעם חג'אז־באהן. אין דער מיטען געהט א טעררא־סע פון לאווא־שטראם.

נהר־אלרקאד (עררוקאד), מיט איינינגע וואסער־פאלען, איז איינער פון די גרעסטע צופלוסען פון ירמוך. ער האלט גאנצע 38 מייל לענג און פאלט אויף 3.544 פוס. זיינע וואסערען זיינען רייך מיט פיש און זיינע ברעגען — בעדעקט מיט אלעאנדרען, פייגען־בוימער און אנדערע מינים. ג) נהר אלעלאן בילדעט דעם מזרח־גרעניץ פון גולן און ציהט זיך, ביז זיין אריינפאלען אין ירמוך, אויף 12 מייל: ער פאלט אויף 1268 פוס.

דער וויכטיגסטער וואסער־באסיין פון עבר הירדן איז דער ירמוך אָדער שעריעת־אל־מנאדאהיר. דער ירמוך ווערט צוזאמענגעשטעלט פון עטליכע צופלוסען, וועלכע קומען אָן פון פערשיעדענע זייטען. די צופלוסען פון צפון זייט האבען מיר

שוין געזעהן. פון מזרח איז די וויכטיגסטע קוועלע דער וואדי אל באדזשע, וועלכע שטראָמט ארוים פון דעם באך פון מ ז י ר י ב , און רעכענט זיך פאר דעם אור־קוואל פון דעם ירמוך. אויף דעם שטח פון55—60 קילאָמעטער (35—38 מייל) פון מזיריב ביז'ן ירדן, פאלט דער ירמוך אראָפּ אויף 700 מעטר (2216 פוס) אזוי אז אויב ספּעציעלע סטאנציעס זאָלען איינגעאָרדענט ווערען, כדי אויסצונוצען די קראפט פון'ם וואסער־פאל, וואָלט מען אין יעדען פונקט לייכט געקאָנט דערגרייכען א כח פון 450—700 פערד־קראפט.

דער באך „מ ז י ר י ב" גופא איז ניט גרוים; ער האט א שטח פון בלויז 27 אקר (11 העקטאר) און איז פון 16 ביז 20 פוס די טיעף און בעוואקסען מיט



בילד 22.

טויטע טאמאריסקען אין וואסער פון דעם י ם ־ ה מ ל ח, ביי דעם מויל פון נ ח ל ־ א ר נ ו ן (וואדי־אל־מאָדזשיב).

שילפרעהרען (טשערעט). ער איז אָבער פערלאָזען און פערוויסטעט, צוליעב די מיקראָבען, מיט וועלכע ער איז איבערפילט.

פון די איבריגע מזרח־טייכלעך איז דער וויכטיגסטער דער ו ו א ד י ־ א ל א ח ר י ר, 11 מייל אין דער לענג. דער דערמאנטער וואדי אל־אעלאן פליסט אין איהם אריין.. ער פאלט אראָפּ ס"ה אויף 1301 פוס. דאן קומט פון דרום זייט דער רייכער שטראם ו ו א ד י א ל ־ ש א ל א ל ע, מיט די קלענערע וואדים וואס ער נעהמט אין זיך אריין.

דער נחל־ארנון האָט אַ ברייטען באַסיין, וועלכער ציהט אָפּ די וואַסער פון אַ שטח פון צוויי טויזענד קוו. קיל. אין צפון־זייט פאַלט אין איהם אריין דער גרויסער וואַדי אל־וואַלע (מעגליך — נחליאל) און פון דרום זייט — דער וואַדי אל־מוחרס (מוכערעס), וועלכער אין זיין רייהע נעהמט אריין אַ גאַנצע מענגע מיט קלע־נערע וואַדיס, וואָס לויפען אַלע פון דרום זייט צו צפון זייט. איינער פון די לעצטע איז דער וואַדי־אל־סולטאַנה. דער צווייטער בעדייטענדסטע וואַדי, וואָס פאַלט אריין אין וואַדי־מוחרס, איז וואַדי אל גובר, וועלכער קומט אַראָפּ פון די בערג פון כרך. דער דריטער איז — מי־נמרים.

אין דרום זייט פון מואב זיינען די בעדייטענדסטע וואַדיס — דער וואַדי אלכרכ וואַדי אל־זייאַתין און וואַדי אל חאסא. דער לעצטער פאַנגט זיך אָן צו מזרח־זייט פון דעם חעדזשאַזער אייזענבאַהן, און נעהמט אין זיך אריין אַ מאַסע קוואַלען און טייכלעך. אין זיין אונטערשטער טייל הייסט ער וואַדי אל קוראחי. און ער ענטשפּרעכט צו דעם ביבלישען נחל זרד, דעם גרענעץ צווישען מואב און שעיר (אדום). ביי זיין אריינפאַלען אין ים המלח געפינען זיך די חורבות „בורדזש“, וועלכע מען האַלט פאַר רעשטען פון דער ביבלישער „צוער“.

צו צפון־זייט פון די בערג דאַנאַ זיינען נור צוויי בעדייטענדע וואַדיס: וואַדי־טפילה (תפל) און וואַדי גאַראַנדאל, צו דרום זייט — דער וואַדי אלעובר (כובר), וועלכער צווייגט זיך פאַנאַנדער און פאַלט אריין אין דעם ברייטען וואַדי אל־ערבה. דער וויכטיגסטער דרום וואַדי פון שעיר איז דער וואַדי־מוסא מיט די עיון־מוסא, וועלכע פליסען אין איהם. דיזער וואַדי פאַלט אויך אריין אין ערבה.

אַלטע ציסטערנען און קאַנאַלען. די גרונד־וואַסער פון עבר־הירדן איז גאַנץ טיעף, און דאָרט וואו ס'איז ניטאָ קיינע פליסענדע טייכען און קוואַלען איז אונמעגליך צו געברויכען ברונעמער, ווי עס איז דער פאַל ביי דעם ברעג ים. די אָרטיגע בעפעלקערונג נוצט דעריבער, פון די עלטסטע צייטען ביז היינט „בורות“, ד. ה. אין שטיין אויסגעהאַקטע ציסטערנען מיט אַ שמאָלע עפענונג פון אויבען. אין דיזע דירות ווערט דער רעגען־וואַסער פון ווינטער רעזערווירט פאַר אַ גאַנץ יאָהר.

אין אייניגע ערטער זיינען דאָ אַזעלכע נאַטירליכע ברכות („מאַטח“), וואו עס זאַמעלט זיך דאָס וואַסער. אין אַנדערע ערטער זיינען געמאַכט געוואָרען קינסטליכע ציסטערנען. אַזוי איז דאָ אין בצרה אַ ציסטערנע אויסגעהאַקט אין שטיין מיט אַן אויבערפלעכע פון 390 קוואַדראַט פוס. אַ צווייטע ציסטערן איז נאָך גרעסער: 530 פוס אויף 420 פוס און 20 פוס די טיעף (ד. ה. כמעט פיער מיט אַ האַלבען מיליאַן קובישע פוס). דאָס זיינען אַלץ רעשטען פון די אַמאָליגע בנינים, פון די חסאַנידען, רוימער און אידען, רעשטען פון אידישע בנינים און ציסטערנען געפינען זיך ספּעציעל אין גולן און אין לעדזשאַא.

פיעל וואונדערבאַרער פאַר די גרויסע ציסטערנען זיינען די מייל׳ען־לאַנגע וואַ־סער קאַנאַלען און אַקוואַדוקטען, וועלכע האָבען מעגליך געמאַכט די ווייטסטע און טרוקענסטע געגענדען צו באַפעלקערען. איינער פון אָט די אַלטע וואַסער־קאַנאַלען איז בעקאַנט מיט׳ן נאָמען „פאַלמאַ“ לויט דעם רוימישען קאָמאַנדיר, קאָרנעליוס פאַלמאַ, וואָס האָט איהם געבויט. ער ציהט זיך אויף גאַנצע 20 קילאָמעטער. אַן אַנדער קאַנאַל איז בעשטימט געוועזען צו בעוואַסערען דעם מזרח טייל פון לעדזשאַא. און האָט זיך געצויגען אויף גאַנצע 35 קילאָמעטער. אַ דריטער קאַנאַל לר־וואַ האָט געפיהרט וואַסער פון די בערג פון חורן אין דער סטעפּע חאַררא. דער גרעסטער

קאנאל איז אבער דער, וועלכער איז געבליבען ביז היינט — דאס איז די קנת־פרעון (קאננאט־פיראאון), וואס ציהט זיך אין דער לענג פון דעם חאדזש־וועג אויף גאנצע 80 קילאמעטער. די אראבער זיינען זי מיחס צו דעם חסאנידען־קעניג ח ר ת ת (ארעטאס) דעם ערשטען.

אויסער די קאנאלען און וואסער־ציסטערנען זיינען געליבען איבער דעם גאנצען שטח פון חורן רואינען פון גרויסע שטעדט און פארצייטיגע מויערן. חורבות פון פראכטפאלע שלעסער — רעשטען פון דער אמאליגער ציוויליזאציאן זיינען אויך גע־בליבען אין בעלקא (ווי צ. ב. ש. דער בעריהמטער שלאס פון משיטא־מ'שעטא) אידי־שע קברים און רואינען זיינען פערבליבען בעזונדערס איז גולן („קבור בני־ישראל"), אין נאוה, פיק און חאן־בענדעק; אבער אויך אין אנדערע פלעצער, ווי צ. ב. ש. אין דער אלטער אידישער פעסטונג פון הורקנוס בן יוסף, אין עראק־אל־אמיר, אין מידבא, א. א. וו.

די גרויסארטיגע רעשטען פון די אמאליגע גראנדיעזע בנינים זאגען עדות אויף די אלטע בעסערע צייטען, ווען דער געגענד פון עבר־הירדן איז געוועזען בעפעלקערט מיט א געדיכטען בליהענדען ישוב.

---

מינעראלע און וואסערען: די נאטירליכע רייכטימער פון ארץ ישראל זיינען נאך ווייניג אויסגעפארשט און נאך ווייניגער אויסגענוצט. פיעלע מ י נ ע ר א ל ע  ו ו א ס ע ר ע ן זיינען בע־קאנט אין לאנד. די ח מ י  ט ב ר י ה (הייסע בעדער פון טבריה) צ. ב. ש. זיינען בעריהמט מיט זייערע גוטע איינגעשאפטען צו היילען רעוומאטיזמוס־קראנקהייטען. (זיי האבען א טעמפעראטור פון 55 ביז 61 גראד צעלזיוס, אדער 132,2—142,2 פאהרענהייט). דא אויף דעם ברעג פון כנרת וואלט זיך געקאנט ענטוויקלען א גרויסער קוראָרט פלאץ. דערוויילי אבער שטעהען דא בלויז א פאר געביידעס מיט זעהר פרימיטיווע איינריכטונגען. נאך מינעראלע וואסערען זיינען דא אין אנדערע ערטער, למשל די שוועבעל־קוואלען פון גדר (גאדארא, אדער אום־קיים) (מיט א טעמפעראטור פון 49 גראד צעלזיוס אדער 110 גראד פאהרענהייט), די ווארעמע קוואלען זיינען אויך דא אין  ו ו א ד י ־ מ א ל י ח  און אין וואדי  פ צ א ל ; שוועבעל־קוואלען פון  ז ר ק א ־ מ ע י ן  (61 גראד צעלזיוס אדער 141,8 גראד פאהרענהייט), וועלכע זיינען בעקאנט אלס גוטע היילוואסער נאך פון דעם אלטערטום. רייכע זאלץ־קוואלען לעבען ראס־מרשד, ביים ים־המלח, און אויך אין דער אומגעגענד פון יריחו.

מינעראלען: פון די איבעריגע מינעראלען זיינען בעקאנט: א ס פ א ל ט  אין דעם ים־המלח און אויף די דרום־ברעגען פון דעם ים, ווי אויך אין חצביה (חספיה), צר־פוספאטען פון דעם לבנון. סימנים פון  ק ו פ ע ר־ערץ און אדערען פון רויטען קופער־ערץ האט מען געפונען אין די בערג צו מזרח פון ערבה, און אין טאל פון ערבה מיט 40,48 פראצענט פון דעם מינעראל. אויך האט שומאכער געפונען סימנים פון אייזען־ערץ אין דרום עגלון (גלעד).

אייזען־מינען געפינען זיך אויך אין איינגע ערטער אין סיריען און אין לבנון. לויט דעם פראפ. ווארבורג'ס אנגאבען געפינט זיך אין סיריען אויך אמברא, אנטימאן, באראדים, חראם־מינעראלען, קופער, ניקעל בליי און אפילו גאלד־און זילבער־אדערן

(אין מאראש). לעבען אנטיוכיה, סיריען, האט מען זאגאר געפונען ק ו י ה ל ע ן־מינען (ווי אויך אין איאס און עגלון, עבר־הירדן). פ ע ט ר א ל ע א ו ם (נפט, קע־ראסין) האט מען ענטדעקט אין צוויי ערטער, אין עגלון און צווישען חברון און ים המלח, און די אמעריקאנישע סטענדארד איל קאמפאני האט שוין אפילו ארויסבעקו־מען אן ערלויבניס דיעזע פעטראל־קוועלען צו עקספלואטירען, נאר די מלחמה האט געשטערט דער אונטערנעהמונג. גיפס, פאספאט, קאלי־זאלץ, בראם, מאגנעזיום, קאלך, ליים, מארמאר, געפינען זיך אין פערשיעדענע פלעצער איבער'ן לאנד.

צוליעב דער אונטעטיגקייט פון דער רעגירונג און צוליעב דער אבגעשטאנענהייט פון דער בעפעלקערונג, ווי אויך צוליעב מאנגעל אין פערקעהרס־מיטלען זיינען די פערשיעדענע נאטור־רייכטימער ביז יעצט ניט אויסגענוצט געווארען. צוליעב די זעלבע סבות איז נאך גאר ניט בענוצט געווארען די געוואלדיגע קראפט פון ירדן און פון די אנדערע נאטירליכע וואסער־שטראמען, וועלכע דאס לאנד פערמאגט אין אזא גרויסער מאס, און וועלכע קענען מיט זייער קראפט אויסקויפען דעם חסרון אין מי־נעראל קוילען און נאטירליכען הייץ־מאטעריאל.

די נאטור פון לאנד בלייבט במשך פון יאהרטויזענדער, אבער די געזעלשאפט־ליכע בעדינגונגען בייטען זיך. ביי גינסטיגערע פאליטישע בעדינגונגען און ביי א מעהר ענערגישער און בעגאבטער בעפעלקערונג וועט די נאטור פון ארץ ישראל עפענען איהרע פערבארגענע אוצרות, און דיעזע לענדער וועלען צו א נייעם לעבען ערוואכען. אזא ארבייט וועט פערלאנגען נאטירליך פיעל קרעפטען, גרויסע קאפי־טאלען און דער עיקר — מענשליכע כחות; אהן דעם קען קיין לאנד נישט אויפ־בליהען, און בפרט דארט וואו פערוויסטונג און חאאס האבען הונדערטער יאהרען געהערשט. די ווידער־אויפלעבונג פון לאנד איז בלויז א פראגע פון צ י י ט און פון ע נ ע ר ג י ש ע ר מ ע נ ש ל י כ ע ר ט ע ט י ג ק י י ט.

## די נאכבאר־לענדער.

### ס ו ר י ה.

די נאהענטסטע נאכבאר־לענדער פון ארץ ישראל זיינען סיריען אין צפון זייט און סיני אין דרום זייט. דיביידע לענדער זיינען פערבונדען מיט ארץ ישראל און מיט איהר בעפעלקערונג סיי געאגראפיש, סיי היסטאריש.

סיריען אדער ס ו ר י ה (אין אראביש: אל־שאם—עששאם, ד. ה. דאס צפון לאנד, אין געגענזאץ צו ימן־יעמען, דעם דרום־לאנד) פאנגט זיך אן מיט דעם בערג־קייט אקמא־דאג אדער אמנה (אמאנוס), אויף דעם גרעניץ פון אנאטאליען און נעהמט ארום דעם גאנצען א ר א נ ט ע ס ב א ס י י ן. דעם צפון גרענעץ פון סיריע, ליעגט אויף דער ליניע צווישען אלעקסאנדריעטא־גאלף און די צופלוסען פון פרת, ביי דער '36.5 ליניע פון צפון ברייט. איהר דרום גרענעץ איז דער צפון גרענעץ פון ארץ ישראל, ד. ה. די דרום־נידערונגען פון לבנון און פון מול־הלבנון. דער גאנצער שטח פון סיריען איז אונגעפעהר 78.000 קוואדראט מייל אדער 200.000 קוואדראט קילאמעטער, נישט רעכנענדיג ארץ ישראל גופא.

אין איהר מזרח־טייל שטעלט מיט זיך סיריען פאר א סטעפען־עבענע, 1100 פוס דורכשניטליכער הויך. די עבענע דערגרייכט ביז דעם טייך פרת. אין איהר מערב טייל איז סיריען בערגיג, און ביי דעם ברעג ים אויך זאמדיג.

די אמאנוס־בערג האבען דעם זעלבען כאראקטער און דיזעלבע ריכטונג וואס די טאוורוס און אנטי־טאוורוס אין קיליקיען (אנאטאליען). צו צפון־זייט פון אלעקסאנדרעטא געפינט זיך יונה'ס

טויער אויף דעם נאָמען פונ׳ם נביא, וועמען דער פיש האָט, לויט דער לעגענדע, אין דעם אָרט ארויסגעוואָרפען. צו דרום זייט פון גאָלף דערהויבען זיך די ג׳בל־מוסא און דער דורכגאַנג פון ביילאַן, וועלכער ברענגט אריין אין דער אנטיוכיא־עבענע. צו דרום זייט פון אנטיוכיא געפינען זיך די אנסאריא בערג מיט דעם העכסטען שפּיץ גבל־עקרא אָדער קאסיוס (5900 פוס), וועלכער איז געוועזען הייליג ביי די כנענים און ביי די גריכען, ווי א צווייטער אָלימפּוס. נ ה ר ־ א ל ־ כ ב י ר בילדעט דעם גרענעץ צווישען צפון און צווישען דרום סיריען.

דרום סיריען איז אָנגעפילט מיט די בערג פון לבנון און מול הלבנון. די לבנון בערג־קייט ציהט זיך אויף גאַנצע 30 מייל אָדער 48 קילאָמעטר. צווישען דעם לבנון און דעם דורכאויס פּאַראַלעלען מול־הלבנון געפינט זיך די גרויסע בקעת־הלבנון, אָדער „קעלעסיריא“. דריי פון די העכסטע לבנון־שפּיצען דערהויבען זיך אויף העכער 10.000 פוס, אָבער די העכסטע שפּיצען פון מול־הלבנון זיינען אויף 1000 פוס נידעריגער. דער מול־הלבנון איז א סך רייכער מיט וועלדער איידער דער לבנון, — דאָס איז דער וואַלדרייכסטער פּלאַץ אין גאַנץ סיריען. בכלל איז דער לבנון זעהר רייך קולטיווירט מיט ביימער און מיט תבואה, וועלכע וואַקסען ביז 4000 פוס איבער דער ים־פלעכע. דער לבנון איז זעהר געדיכט בעפעלקערט. אָבער אויך אויסער דעם לבנון פערמאָגט סיריען גאַנץ גרויסע צענטרען מיט א געדיכטען ארומיגען ישוב, ווי צ. ב. ש. חלב אָדער אַלעפּפּא (אידען רופען עס: ארם־צובא, אָדער אחלב), חמץ (עמעססא), חמת (חאממא), דמשק, בירות, אנטיוכיה א. א. וו.

די הויפּט וואַסער־באַסיינען זיינען: א ו ר ו נ ט ס (אָראָנטעס) אָדער נהר אל עצי (נהר־על־אַדי), וועלכער פאַנגט זיך אָן צו צפון־זייט פון בעל־בך; דאָן געהט א רייהע פערמאַכטע באַכען (אָזערעס) און טייכען צווישען דעם אָראָנטעס און דעם טייך פרת, ווי דער קאָוויק, דער נהר־אלדהב (עד־דאהאב) מיט דער געזאַלצענער „סבכא“ א. ד. ג. א מערקווירדיגער טייך פאַלט אריין אין דעם נהר־אל־כביר — דאָס איז דער נ ה ר ־ ש ב ת י אָדער שבתאי, וועלכער ענטשפּרעכט דעם לעגענ־דאַרען ס מ ב ט י ו ן. אמת דיעזער טייך שבתאי רוהט נישט גראָדע שבת ווי די לעגענדע וויל, נאָר פערקעהרט, ער איז טעטיג בלויז איינמאָל אין דריי מעת־לעת. די איבעריגע צייט ווערט ער אויסגעטריקענט, אָדער איינגעשלונגען. די ערשיינונג ערקלערט זיך מיט דער ווירקונג פון די אונ־טעראירדישע וואַסערען. אויסער דיעזע גרעסערע טייכען איז כדאי צו בעצייכנען נאָך דעם נ ה ר ־ ק ד י ש א און דעם נהר אבראהים (אדוניס) און נ ה ר א ל כ ל ב — צו צפון זייט פון בירות.

## סיני.

דער האַלב־אינזעל סיני איז פון צוויי זייטען ארומגערינגעלט מיט דעם ים־סוף (רויטער מעער) און מיט דעם סועץ קאַנאַל, פון דער דריטער זייט מיט דעם ים־התיכון און פון דער פערטער — (צפון־מזרח) גיסט ער זיך צונויף מיט דעם „נגב“.

דער גאַנצער שטח פון סיני (אריינגערעכענט דעם צפון געביעט צווישען וואַדי אל־עריש און רפיא, וועלכער געהערט אייגענטליך צו ארץ ישראל) איז עטוואָס קלענער פאַר א״י גופא, דהיינו — 23.000 סקווער מייל אָדער 60.000 קוואַדראַט קילאָמיטער. דער צפון־טייל פון סיני שטעלט מיט זיך פאָר א ריעזיגע מדבר־עבענע, וועלכע שפּאַרט זיך אָן אין די בערג טיה. דיעזע בערג גרענצען אָפּ דעם סיני־פּלאַטאָ פון דעם ים, אַזוי ווי צוויי זייטען פון א משולש (דרייעק, טריאַנגעל) סיי צו מזרח, סיי צו מערב זייט. די הויך פון די בערג טיה איז ביי 3000 פוס. צו מזרח־צפון זייט איז דער געביעט פון שעיר אָפּגעטיילט מיט א גאַנצע רייהע פון וואַדי׳ס, וועלכע פאַלען אריין אין דעם וואַדי א ל ־ ע ק ב ה.

דער האַלב־אינזעל סיני איז א וויסטער זאַמדיגער מדבר, אָהן וואַסער און אָהן שום גרינס —מיט דער אויסנאַהם פון איינצעלנע בליהענדע אָאַזען. נור פריהלינג צייט ווערט דער מדבר טיילווייז בעדעקט מיט א געוויסער גראָז. אין דעם מדבר סיני, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר די אַרענע פון די אידישע פערציג־יעהריגע וואַנדערונג, אויף דעם וועג פון מצרים, וואַנדערען יעצט קליינע אראַבישע נאָמאַדען־שבטים, וועמעס צאָהל שטייגט נישט אריבער 17.000 נפשות. בעדעקער צעהלט בלויז 6-5 טויזענד. ווי אַלע נאָמאַדען זיינען זיי לויט זייער גלויבען — מוסולמענער, אָבער פאַקטיש וויסען זיי זעהר וועניג פון איסלאַם און פייערען מיט ימים־טובים און קרבנות דעם אנדענקען פון זייערע „נאַציאָנאַלע“ נביאים מ ו ס א (מ ש ה ר ב נ ו) און צ א ל י ח.

דער פּלאַץ פון דעם באַרג חורב, אויף וועלכען עס איז געגעבען געוואָרען די תורה איז*)

*) אין אייניגע אויסגאַבען איז דיעזע לעצטע שורה על פּי טעות אריינגעשטעלט אונטער׳ן בילד 23 (זייטע 160).

ניט פעסטגעשטעלט געווארען מיט זיכערהייט. אין די אלטע צייטען האט מען געהאלטען פון דעם ג ב ל - ס ר ב ל (דזשעבל סערבאל), יעצט אבער, גלויבען די קריסטען, אז דער העכסטער שפיץ פון סיני דער דזשעבל-קאטערין איז עם דער ביבלישער בארג סיני, און דער שפיץ „אום-אלוי“ איז עם דער הר־האלוהים (שמות ג״א; שם כ״ד, י״ד). ג ב ל ־ ק א ט ע ר י ן איז אויך געאמעטריש דער מיטעלפונקט פון סיני. די קריסטליכע מאנאכען, וועלכע האבען דארט א קלויסטער, גלויבען, אז דער דערבייאיגער ג׳בל מוסא ענטשפרעכט דעם ביבלישען הר־חורב, און אויך פיעלע מוסולמענער



**בילד 23**

דער פלאץ פון דעם בארג ח ו ר ב, אויף וועלכען עס איז געגעבען געווארען די תורה, איז ר פ י ד י ם. אן אאזיס אין מדבר סיני.

גלויבען אין דעם. די בערג צו מערב זייט פון טיה פון זיינען פון קאלך. אין אייניגע ערטער, בעזונדערס אינ׳ם טאל מאגארא (דפקה) זיינען דא זעהר אלטע קופער־מינען, מיט די עלטסטע אין דער וועלט אויפשריפטען פון פאר 5100 יאהר צוריק. דיעזע ק ו פ ע ר - מ י נ ע ן וואלטען נאך אויך יעצט געקענט עקספלואטירט ווערען ביי גוטע וועגען און הייץ מאטעריאלען.

## ג. דער קלימאַט.

אין סיריען און אין די בערגיגע טיילען פון ארץ ישראל פאַלט אויס דער שנעע כמעט יעדען ווינטער, אַבער זעלטען ווען ער בלייבט ליגען לענגער פון א מעת-לעת. זומער בלאָזט א שטענדיגער ים-ווינטעל, וועלכער קיהלט די לופט און דערפרישט אַלע לעבעדיגע בריות. דער הייסער טרוקענער מזרח-ווינד, וואָס קומט פון מדבר און איז בעקאַנט מיט דעם נאָמען סיראָקאָ (פון „ש א ר ק" וואָס בעדייט אין אראביש "מזרח", פון וואַנען ער בלאָזט), דויערט בלויז עטליכע טעג. אַבער אפילו אין דער צייט איז ניט הייסער ווי אין די זומערהיצען אין אייראָפּאַ און אמעריקאַ.

א בעזונדער אייגענשאַפט פערמאָגט דער סירישער קלימאַט, און דאָס איז — די ר ע ג ע ל מ ע ס י ג ק י י ט פון דעם וועטער, וועלכער בייט זיך ניט אזוי האַסטיג, ווי אין פיעלע אנדערע לענדער.

דער דייטשער אגראַנאָם הובערט אויהאַגען, וועלכער האָט א לענגערע צייט בעאָבאַכטעט דאָס לאַנד און איהר נאַטור, בעשרייבט אויף א פאָלגענדען אופן דעם קלימאַט אין א געוויסען אָרט לעבען ברעג ים, זומערצייט:

אין דער פריה, ווי נור די זון וואַרעמט אָן מיט איהרע שטראַהלען די אויבער-פלעכע פון דער ערד, הויבט זיך אויף די אָנגעוואַרעמטע לופט אויבען. פון ים הויבט אָן צו בלאָזען א פרישער קיהלער ווינטעל. און וואָס מעהר די זון וואַרעמט, ווערט דער ווינטעל אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. פון נאָך דריי אזייגער, ווען ער דער-גרייכט זיין קולמינאַציאָנס-פונקט, פאַנגט דער ווינטעל אָן אָראָפּצופאַלען, און אזוי ביז סאַמע פאַר נאַכט. ביינאַכט איז די אָרדנונג א פערקעהרטע. די וואַרעמקייט, וואָס די ערד האָט דורכ'ן טאָג איינגעזאַפּט, ווערט שנעל אויסגעוועפּט, די לופט ווערט אָפּגעקיהלט, און באַלד נאָך האַלבע נאַכט פאַנגט אָן א יבשה-ווינד צו בלאָזען אין דער אומגעקעהרטער ריכטונג. די גרעסטע היץ איז בשעת דעם שטילשטאַנד, דאָס איז פון 6 ביז 8 אין דער פריה און אויך פאַר האַלבע נאַכט.

די טעמפּעראַטור ביים ברעג ים איז איינע און דיזעלבע דורכ'ן מעת-לעת, כמעט אָהן שום אונטערשיעד. יולי צייט, למשל, צייגט דער טערמאָמעטער, ביי אַן אָפּענעם פענסטער, 26 גראַד צעלזיוס (78,8 גראַד פאַרענהייט) ביי טאָג, אזוי גוט ווי שפּעט ביי נאַכט. נאָר אין דרויסען איז ביינאַכט מיט א פּאָר גראַד נידעריגער. אָט די רעגעלמעסיגקייט פון טעמפּעראַטור שטאַמט פון דער נאָהענטקייט צו דעם ים.

דער לענגסטער זומערטאָג איז פון 5 אין דער פריה ביז 7 אבענד, אזוי אַז אין פערגלייך מיט אנדערע לענדער זיינען זומערדיגע טעג קירצער און די נעכט לענגער, און דאָס דערלייכטערט אריבערצוטראָגען די היצען פון זומער, בעזונדערס ביי דער פעלד-אַרבייט.

יעהרליכער וועטער — אין די זומערדיגע נעכט פאַלט אויס א שטאַרקער ט ו י. וועמעס בעדייטונג פאַר די געוויקסען איז העכסט וויכטיג: ער איז אייגענטליך דער איינציגער קוואַל צו שטילען דעם דורשט פון דער תבואה אין דעם לאַנגען, רעגענלאָזען זומער-סעזאָן.

פון מאָנאַט יוני ביז סעפּטעמבער בלייבט דער וועטער כמעט אָהן ענדערונג. די היצען זיינען ענדע זומער עטוואָס שטאַרקער, אַבער דער גאַנצער חילוק איז בלויז אין א פּאָר גראַד. די נעכט ווערען לענגער און קיהלער. דער ווינד ווערט שטאַרקער

און בעדעקט מיט דיקען שטויב יעדען בוים, יעדע גרעזעל. אין סעפטעמבער ווייזען זיך שוין אויפ'ן הימעל וואלקענס. פון עגיפטען קומען זיי אַן, פון דעם נילוס, און זיינען די ערשטע אַנזאגער פון דעם נאָהענטען ווינטער. אָבער די אַזוי לאַנג ערוואַר־טעטע רעגענס און קעלט קומען נאָך ניט אַזוי שנעל. צוערשט קומען אַן שווערע הייסע טעג — די טעג פון די טרוקענע מזרח־ווינטען סיראָקאָ. די היץ פיהלט זיך יעצט שטאַרקער און צוליעב דעם וואס דער ים־ווינד הערט אויף, און די טעמפּעראַטור דערגרייכט ביז 30—36 צעלזיוס (86—96 פאַרענהייט). די גרויסע היצען האַלטען אָבער ניט לענגער פון 5—8 טעג. באַלד ווייזען זיך שוין לייכטע וואָלקענס, שוואַכע בליצען מיט דונערן זאָגען אַן די נאָהענטקייט פון דעם רעגען. געוועהנליך קומט אַן דער ערשטער רעגען יורה, אָדער דער פריה־רעדען, אין ענדע אָקטאָבער. א מאָל גיט ער א גאָס מיט גרויס קראַפט און אימפּעט, אַן אַנדערש מאָל בענעצט ער נור לייכט די אויבערפלעכע פון דער ערד. דאס איז דער קריטישסטער מאָמענט פאַר דעם אַקער־בויער. ער איז אין סכנה, עס זאָלען צוריק ניט קומען די היצען און אַפּטויטען די יונגע זריעה, אויב נור די ווייטערדיגע רעגענס וועלען פערשפּעטיגען צו קומען. געוועהנליך. ענטשליסט זיך דער בויער צו זעען, און מעהרסטענטיילס נאַרט איהם זיין האָפנונג ניט אָפּ.

נאָך דעם פריה־רעגען שפּראָצט אַרויס די פרישע גראָז, די בוימער און די פעלדער ווערען בעדעקט מיט בלומען און מיט בלעטער. אין די מאָנאַטען נאָוועמבער און דעצעמבער בליהט שוין אַלץ אויף. נאָך האַלב דעצעמבער פאַנגען זיך אַן די ווינטער־דיגע האַסטיגע רעגענס, מיט די שטורם־ווינטען. אָפטמאָל פאַלט אַרויס אין איין טאָג ביז 80 מילימעטער*) (3,14 אינטשעס) רעגען. אין יאהר 1892 איז איין מאָל אין א דעצעמבער טאָג אויסגעפאַלען אין ירושלים 119 מילימעטר (4,68 אינטשעס) רעגען. עס איז לייכט זיך פאָרצושטעלען די פערוויסטונג וואס אַזאַ שטורם־רעגען מאַכט אַן אויף די וועגען און אויף די בערג־טעראַסען. אויב דער פּויער איז ניט ענערגיש גענוג צו פערריכטען אין צייט די קאַנאַלען, דאַן ריזיקירט ער מיט א גרויסען טייל פון זיין יעהרליכער האַראוואַניע. דער שטורם־רעגען דויערט אָבער נישט לאַנג. ער ווערט אויסגערבראַכען, די זון שיינט אַרויס, און אין עטליכע טעג ווערט שוין אַלץ טרוקען. דער רעגען קעהרט זיך אום עטליכע מאָל, פון צייט צו צייט פאַלט אויס אויף די הויכע בערג א שנעע אָדער א האַגעל, אין די טאָלען טרעפט זיך דאס זעלטענער. דאס איז די ערגסטע צייט פאַר די פיה, וועלכע קאָנען זיך אין די שטורם־רעגענס אין פעלד ניט פּיטערן. די פעריאָדע פון די רעגענס דויערט ביז מערץ און אַפּריל, מעהרסטענטיילס, אָבער, זיינען די רעגענס צו דער צייט שוין שוואַכער, אַזוי אַז ענדע פעברואַר הויבט זיך שוין אייגענטליך אָן דער פריהלינג. די וואַרעמע טעג פאַנגען זיך אַן, די ערד בעדעקט זיך מיט בלומען, די מאַנדעל־בוימער

*) איין מילימעטר איז 0,0393 אינטשעס.

זיינען פערפוצט אין שנעע־ווייסע מאנטלען, און באלד הויבען שוין אָן צו בליהען די ציטראָן (לימאָן־בוים) און די אראנזשען. שטונדען לאנג איידער די שיף קומט אָן קיין יפו טראגט זיך איבער'ן ים דער שארפער ריח פון די אראנזשען־גערטנער און בעגריסט פון דער ווייטענס די רייזענדע.

צווישען פסח און שבועות ערשיינט דער ווילדער גאסט פון מדבר, דער טרו־קענסטער פון אלע ווינטען — דער „חאמסין". אין דער לופטען ווערט שטיל און טרוקען, אזוי אז די אויבערשטע ערד־שיכטען ווערען פערטריקענט און פיעלע צמחים — פערוועלקט און פערדארבען. דער „חאמסין" דויערט א טאג פיער־פינף.

נאָך פסח ווערט צייטיג די ווינטער־תבואה, מען שניידט שוין דאס גערשטען, און אין אייניגע פלעצער הויבט מען שוין אָן צו שניידען ווייץ. דער אקער־בויער מאַרקירט אויס נאָך פון אָנהויב ווינטער צו זעען אזוי, אז די תבואה זאָל פּארטיג ווערען, איידער דער חאמסין קומט אָן.

דער חאמסין בעדייטעט דער סוף פון ווינטער און דער אָנהויב פון זומער־סעזאָן. דער לעצטער רעגען, אָדער דער מלקוש. קומט ערשט אין אדר־ניסן (אפּריל) און מאכט פאַרטיג די תבואה. דער חאמסין גופא ברענגט א דאָפּעלטען נוצען. ער העלפט מיט דעם געזונטען וואוקס פון דער תבואה און פערניכטעט אלערליי קראנקהייטס־מיקראָבען פון דעם ווינשטאָק. נאָך ל"ג־בעומר (האלב מאי) איז דער רעגען שוין א זעלטענע ערשיינונג. ער איז שוין אויך איבעריג, און וואָלט זאָגאר געוועזען שעדליך סיי פאר דעם שניט פון דער ווינטער־תבואה, סיי פאר דעם וואוקס פון דער זומער־תבואה. סוף מאי ענדיגט זיך דער מזרח־ווינד, און דער יעהרליכער ציקל (מחזור) הויבט זיך אָן פון דאָס ניי.

יעצט וועלען מיר בעטראַכטען דעם אונטערשיעד פון קלימאט אין די פערשיע־דענע טיילען פון לאנד.

דער קלימאט אין פערשידענע געגענדען.

א) אין דעם ים־פאס איז דער קלימאט דערזעלבער, וואס אין אנדערע לענדער, וועלכע ליעגען ארום דעם ים־התיכון (מיטעלמעער). קעלט זיינען דאָ א זעלטענהייט. און דער כמות (קוואנטיטעט) פון רעגענס דורכ'ן יאָהר איז דאָ 600—900 מילימעטער (23,6—35,3 אינטשעס). די דורכשניטליכע צאָהל פון רעגענטעג אין יאָהר איז 62, פון דער צאהל פאלט אויס אויף די דריי ווינטער־חדשים, דעצעמבער, יאנואר און פעברואר, סך הכל 34 רעגענטעג.

ב) די טעמפעראטור אין די בערג ענדערט זיך. לויט זייער הויך נאָך. די דורכשניטליכע טעמפּעראטור אין די ירושלים'ער בערג איז בס"ה 17 גראַד צעלזיוס (62 גראד פאַרענהייט), אין דער צייט, וואס אין בירות איז די טעמפּערא־טור העכער, דהיינו 66 גראד פאַרענהייט. דער אונטערשיעד צווישען דער בייטאגיגער און ביינאכטיגער טעמפעראטור איז אין די בערג גרעסער ווי דער אונטערשיעד אין דעם פּאס ביים ים. דער כמות פון די רעגענס איז עטוואס קלענער ווי ביי דעם ים, דהיינו: אין ירושלם 690 מילימעטער (27 אינטשעס) און אין נצרת 640 מילימעטר (25 אינטשעס). די צאָהל פון די רעגענטעג איז דורך'ן יאָהר 51.

פאלגענדע טאבעלע ציינט די טעמפעראטור און די צאהל פון די רעגענטעג אין ירושלם, לויט די בעזונדערע מאָנאטען פון יאָהר:

| מאָנאטען | דורכשניטליכע פאהרענהייט | טעמפעראטור צעלזיוס | די צאהל פון די רעגענטעג |
|---|---|---|---|
| יאנואר | 47,3 | 8,5 | 11 |
| פעברואר | 48,6 | 9,2 | 10 |
| מערץ | 53,2 | 11,8 | 8 |
| אפריל | 61,5 | 16,4 | 5 |
| מאי | 68,0 | 20,0 | 1 |
| יוני | 73,0 | 22,8 | 0 |
| יולי | 75,0 | 24,1 | 0 |
| אויגוסט | 76,0 | 24,4 | 0 |
| סעפּטעמבער | 74,0 | 23,3 | 0 |
| אָקטאָבער | 68,5 | 20,3 | 1 |
| נאָוועמבער | 60,4 | 15,8 | 6 |
| דעצעמבער | 51,8 | 11,0 | 9 |

ג) דער גרויסער סירישער גראבען. אין זיין צפון־טייל, אין בעל־בך (1170 מעטער, אָדער 3840 פוס) איז דער קלימאט קיהל אפילו זומער און אין דרום־טייל פון דעם ים־המלח איז די היץ פאר אן אייראפּעער אונערטרעגליך. אזוי ווי דיעזער טאָל איז בעשיצט מיט בערג און מיט פעלזען, קענען אהערצו קיינע ווינטען פון מזרח אָדער מערב ניט צוקומען, און די שווערע היצען ווערען מיט קיין זאך ניט געמעסיגט. די טעמפעראטור פון דעם עמק הירדן איז דעריבער זעהר הויך, דורכשניט־ליך 24 גראד צעלזיוס (75 גראד פאהרענהייט). די כמות פון רעגען איז, דאגעגען, גאנץ קליין (אין טבריה, למשל, 433 מילימעטר — 17 אינטשעס, און אין יריחו — נאך וועניגער). קעלט איז דאָ כמעט אן אונבעקאנטע ערשיינונג, אזוי אז אין דער צייט פון די ווינטערדיגע שלאק־רעגענס און קעלט איז גענוג אָבצופאהרען א דריי שטונדען פון ירושלם צו יריחו, און דער מענש געפינט זיך שוין אין א נייער וועלט, אין א וועלט פון אייביגען פריהלינג און אייביג־לויטערען הימעל.

ד) דער קלימאט פון די בערג אויף יענער זייט ירדן איז, דאגעגען, קאָנטינענטאל (קאָנטינענט הייסט יבשה, אין אונטערשיעד פון ים). דער זומער איז דארט הייסער ווי אין מערב ארץ־ישראל, און דער ווינטער איז קיהלער. הגם דער חורן שטעלט מיט זיך פאר א הויכע בערג־לאנד, איז ער דאך דערגרייכבאר צו דעם פרישען ים־ווינד, וועלכער האָט אָבער דאָ שוין א קלענערע שליטה. שטארקע רעגענס טרעפען זיך אויך דאָ, אָבער וואס נעהענטער מען קומט צו דער סטעפּע, ווערען די רעגענס אלץ וויניגער.

---

אין אלגעמיין איז דער קלימאט און די לופט פון גאנץ סיריען און פון ארץ ישראל אויסער די דערמאהנטע מדבר־ווינטען — אזוי גוט און געזונד פונקט ווי דער קלימאט פון אייראפּא. אלס בעווייז קען דיענען די בעפעלקערונג פון סיריען, וועלכע איז על פי רוב קערפּערליך שטארק געבויט און הויך געוואקסען, ניט קוקענדיג אויף זייערע שלעכטע נאהרונגס־מיטלען און אזנהיגיענישע לעבענס־בעדינגונגען. דער סירישער קלימאט ווירקט ניט אויף דעם מענשען צום שלעכטען, ווי דער טראָפּישער, און שוואכט

ניט אפּ זיין ענערגיע. פערקעהרט, ער פּערשטארקט דעם מענשליכען קערפּער און גייסט. עס איז אויך פאקטיש בעוויזען געווארען, אז די פיזישע ארבייט אין סיריען ווירקט גינסטיג אויך אויף אייראָפּעער.

עס זיינען דאָ אין לאנד געוויסע קראנקהייטען. טיפוס און פּאָקען בעזונדערס גאנץ אָפט די אראבישע דאָרפישע בעפעלקערונג, און אויגען־קראנקהייטען זיינען שטארק פערשפּרייט. דאָס איז אָבער ניט צוליעב דעם שלעכטען קלימאט פון לאנד, נאָר צוליעב דער שמוץ און מאנגעל פון עלעמענטארע היגיענישע מיטלען. די געזונדהייט קיינער קימערט זיך נישט וועגען געזונדהייט און סאניטארע מיטלען. די רעגי־רונג און אָרטיגע אדמיניסטראציע זאָרגט זיך נישט דעריבער, און די בעפעלקערונג — אודאי ניט. דער שרעקליכער פיינד פון דער סירישער בעפעלקערונג איז — די מאלאריע, אָדער פיבער. דער פיבער שטאמט ניט פון דער לופט, וועלכע איז דורכאויס א געזונטע, נאָר פון דער פערוויסטונג און פון דער פערנאכלעסיגונג. דאס וואסער וואס זאמעלט זיך אין די טיפערע טאָלען קלייבט זיך אין שטעהענדיגע זומפּען, וועלכע דיענען אלס נעסט פאר אזא סאָרט מאָסקיטאָ, מיט'ן נאָמען אנאָפעלס, וואס פערשפּרייט דיעזע קראנקהייט, וועלכע פיהרט צו דער פערניכטונג פון דער בעפעלקערונג אין גאנצע געגענדען.

צו צפון זייט פון יפו געפינט זיך אן אראביש דאָרף אל־דזשעליל (ג'ליל) לעבען א שרעקליכען זומפּ. אין די אלטע צייטען פלעגט דאס וואסער אָפּגעצויגען ווערען מיט א בעזונדערן אונטער־אירדישען קאנאל. דער אגראנאָם אויהאגען האָט זיך אין דעם קאנאל אראָפּגעלאָזען ביז 50 מעטער (164,5 פוס) טיעף. ווי עס שיינט פלעגט מען אמאָל אויף דיעזען אופן אפּפיהרען און רייניגען די זומפּען. אָבער צוליעב דער גרויסער פערוויסטונג זיינען די אלטע קאנאלען חרב געווארען, און די זומפּען האָבען זיך אָנ־געזאמעלט ווידער און פערוויסטען גרויסע ערד־פלעכען. ווי מיר האָבען אויבען געזעהן, ארום ירקון (לעבען פּתח־תקוה), ארום חדרה, לעבען קישון (ביי חיפה), אין עמק־יזרעאל א. א. וו.

די אידישע קאָלאָניזאציע גיט אפּ זעהר פיעל מיה צו בעקעמפּפען די מאלאריע און געזונד צו מאכען די געגענדען. לעבען די קאָלאָניעס זיינען שוין פיעלע זומפּען אויס־געטריקענט געווארען און בעפלאנצט מיט אייקאליפּטוס־בוימער און מיט אנדערע פלאנצונגען, וואס ציהען ארויס די ליחות פון די זומפּען. אין די שטעדט זיינען גע־גרינדעט געווארען דורך אידען ספּעציעלע געזונדהייטס־סטאַנציאָנען, ווי צ. ב. ש. די ירושלים'ער סאניטארע סטאציאָן, וועלכע בעקעמפּפט די אויגען־קראנקהייטען און דעם פיבער דורך מעדיצינישע און סאניטארע מיטלען. דיעזע ארבייט, וועלכע איז פריהער פון אלץ נויטיג פאר דער אידישער קאָלאָניזאציע גופא, ברענגט צו דער זעלבער צייט דעם גרעסטען נוצען פאר דעם אלגעמיינעם געזונדהייטס־צושטאנד פון דער גאנצער בעפעלקערונג, פאר דער קולטור און פאר דעם פּראָגרעס פון לאנד.

## ד. די פלארא און די פאונא (די געוויקס און די בעלי־חיים)

אין פערגלייך מיט יעדען אנדער לאנד פון דעם זעלבען שטח און פון עהנליכע נאטירליכע בעדינגונגען, איז ארץ־ישראל פיליכט דאס רייכסטע לויט דער פערשיע־דענארטיגקייט פון איהר פלארא (צמחים,געוויקס) און פון איהר פאונא (בעלי־חיים, לעבעדיגע ברואים). ארץ ישראל צייכענט זיך אויס ניט נור מיט דער צאהל פון פער־שיעדענע מינים (ספעציעס) פון געוויקס, וועלכע זי פערמאגט, נאר אויך דערמיט וואס זי האט ביי זיך אזעלכע סארטען וועלכע ס'איז זעהר זעלטען צו טרעפען אין איין ארט צוזאמען, אדער אפילו אזעלכע מינים, וואס געפינען זיך נישט אין קיין שום אנדער לאנד אין דער וועלט.

די געוויקס פון ברעג ים געהערט צו דער מיטעל־לענדישער פלארא, וועלכע צייכענט זיך אויס מיט אייביג־גרינע בוימער. אין צפון סיריען זיינען אבער דא אויך נארד־בוימער און אין דרום ארץ־ישראל — אינדישע און עטהיאפישע פלאנצען. אין דעם עבר הירדן טראגט די געוויקס, פערקעהרט, א סטעפען־כאראקטער.

אין די לבנון בערג און אויך ביי די דייטשע קאלאניסטען אין ארץ ישראל בעגע־גענען מיר די סאסנע (ארן, אצטרבול). אבער פון די אמאליגע ארזים־ (צעדער־בוימער) וועלדער פון לבנון זיינען יעצט פערבליבען נור עטליכע הונדערט בוימער. דער הויכער קיפארים (ברוש) טרעפט זיך זעלטען צווישען די פעלזען, אבער דער נידעריגער סארט קיפארים וואקסט לרוב. דער דעמב (אלון) פון ארץ ישראל איז פון פערשיע־דענע מינים: פון זיינע פירות מאכט מען א סארט קאווע, ווי אויך פארב און מאסטיק. אין די בערג וואקסט דער באקסער (חרוב) און אין די טאלען — דער אלעאנדער (הרדוף), דער סטאראקס (אבהר), דער זשאסמין, די אקאציע, די ווערבע (ערבה) און אנדערע. ארום די אידישע קאלאניעס און אין די שטעדט וואקסט א שטארקער, דיקער בוים מיט'ן נאמען זאנזאלאכט (אזדרכת).

דער א י י ק א ל י פ ט ו ס־בוים צייכענט זיך אויס מיט זיין שנעלען הויכען וואוקס. מיט זיינע לאנגע פעסטע ווארצלען ציהט ער אויס די פייכקייט פון די זומפען און פערטרייבט דעם פיבער. די אראבער רופען איהם „שעדזעשער אל־יהוד", ד. ה. דער אידישער בוים, מחמת די אידען האבען איהם די ערשטע אין לאנד געבראכט און פערשפרייט.

בונטע בלומען און צאהלרייכע גראזען בעדעקען די ערד מיט פראכטפאלע טעפיכער: די ווייסע טיולפע, די היאצינט, די בלוט־רויטע דמומית (בלוט־טראפען), די נארצים, די אלפענפיילכען א. א. וו. אייניגע בלומען דיענען אלס פאשע פאר די פיה, אנדערע גיבען ארויס פון זיך א סארט זאפט, וועלכער ווערט עקספלואטירט. עס זיינען אויך דא בלומען, שעדליכע פאר דער תבואה.

די ראלע פון די פלאנצונגעדמינים.

אין אלגעמיין ווערען די פלאנצונגען צוטיילט אויף צוויי מינים: די וועלכע זאמלען אין זיך דעם אזאט (שטיק־שטאף) און די וועלכע טיילען איהם פון זיך ארויס. דער אזאט ווערט געזאמעלט, אייגענטליך, דורך געוויסע מיקראבען, וואס וואוינען אין די ווארצלען, און גיבען איהם איבער צוריק צו דעם באדען. דערמיט ווערט פערבע־סערט די קוואליטעט פונ'ם באדען. און פערקעהרט, יענע פלאנצונגען, וועלכע שעפען דעם אזאט פון באדען, מאגערן איהם אויס דערמיט. אלע „הילזען־פרוכט" (אדער באבען־אויבסט) געהערען צו יענע, וועלכע זאמלען דעם אזאט און בערייכערען דעם באדען.

עס איז גאנץ אינטערעסאנט צו בעאבאכטען, ווי אזוי דיעזע צוויי מינים, די „אויסברענגער" מיט די „זאמלער" פון אזאט פארען זיך צוזאמען. אזוי צ. ב. ש. קענט איהר טרעפען זייט ביי זייט מיט דעם באקסער־בוים — וועלכער געהערט צו די „זאמלער" — א בינטעל טיולפען (הבצלת), וועלכע האבען א גרינגע פרנסה ארום זייער פלייסיגען שכן. די קלענערע הילזען־פרוכט האבען זייערע קליינינקע פאראזיטען, וואס לעבען אויף זייער חשבון. די מינים וואס עקספלואטירען דעם באדען, האבען ליעב פייכטקייט און איז א רעגען־יאהר פערמעהרען זיי זיך אונגעהויער און שטויסען ארויס אנדערע געוויקסען. דעם קומענדיגען יאהר ווען עס איז ווייניגער רעגען און ווייניגער אזאט אין באדען, דאן פערקלענערט זיך דער מין, און אויף זיין ארט פערשפרייטען זיך די געוויקסען וואס זאמלען אזאט פון דער לופט און קעהרען איהם אום צום באדען, און אזוי ארום קומט פאר די נאטירליכע אומוועקסלונג פון די געוויקסען.

צו די שעדליכע צמחים, וואס פילען אן אלע פעלדער געהערט דער א י נ ז ש י ל (יבלית) און דער סער (סעידה). מיט זייערע צאהללאזע פערימלעך־ווארצלען ציהען זיי ארויס די גאנצע ליחות פון דעם באדען, און זיי פערלאנגען גרויסע הוצאות, כדי זיי אויסצואווארצלען. אין אנדערע אונבעארבייטע פעלדער וואקסט די ח י ל פ א, וועלכע ווערט געברויכט אלס הייץ־מאטעריאל, אדער אויסצושפרייטען אין די שטאלען פאר די בהמות. אויף איהרע ווייכע קעפלאך פיטערן זיך די בהמות מיט די שאף. אויסער דעם זיינען דא ווילדע דערנער, די „סידרע" (אטד). אויב דער אקערבויער פאסט ניט אויף צו דער צייט קענען זיי זיך פערשפרייטען און פיעל שאדען ברענגען.

קולטור־פלאנצונגען.

פאלגענדע מינים תבואה ווערען קולטיווירט אין לאנד.

1. ווינטער־תבואות, ד. ה. תבואות וואס ווערען פערזעעט אין דעם רעגען־סעזאן פון די ווינטערדיגע חדשים:

א) ו ו י י ץ וואקסט אויף באזאלט־באדען, אויסגעמישט מיט קאלך. אויף א באדען, וועלכער איז דורכאויס פון קאלך וואקסט אן ערגערער סארט. אזוי ווי דער גוטער מין ווייץ פאדערט זיך פאר אויסלאנד, צוליעב מאקאראנען־פראדוקציאן, האט מען אנגעהויבען אין דער לעצטער צייט, זינט דער פערקעהר מיט אויסלאנד האט זיך פערשטארקט, צו זעען ווייץ אין אזעלכע פלעצער, וועלכע האבען פריהער געדיענט בלויז פאר פאשע.

ב) ג ע ר ש ט ע ן וואקסט שנעל און פאדערט ניט אונבעדינגט דעם בעסערען באדען. און דעריבער זעעט מען איהם אין טריקענערע געגענדען: ארום עזה און באר־שבע פראדוצירט מען אויסשליסליך גערשטען. מען פערקויפט איהם קיין אויס־לאנד, און זיין פרייז איז א העלפט פון ווייץ.

ג) פ ו ל (אין אראביש: פול) — אזא מין גרויסער באב, וואס ווערט בענוצט הויפטזעכליך פאר די ארבייט־בהמות; ס'ווערט אויך געברויכט צום עסען ביי דער ארימערער בעפעלקערונג.

ד) לינזען (עדשים, אין אראביש: עדס) און כ ר ש ו נ ה (אזא מין סארט ארבעס, מיט וועלכען מען קארמעט די בהמות).

2. די זומער־תבואה, וועלכע מען פערזעעט אם ענדע פון דעם רעגען־סעזאן און אין פריהלינגס־צייט:

א) ח ו מ צ ה (אין אראביש: חומוצ') — ווייסע ארביסען.

ב) שומשמין (סעזאם, אין אראביש: סומסום)—פון וועלכע מען מאכט סעזאם־אויל.

ג) דורה, עהנליך צו מאיס, אדער טערקישען וויץ.

דער קאטאן אדער בוימוואהל (כתן, צמר־גפן) ווערט דא געפלאנצט דערווייל נאך זעהר ווייניג, אלס זומער תבואה. אין מקוה־ישראל און אין פתח־תקוה האט מען געמאכט אזא פערזוך, וועלכער איז געלונגען. אין אנדערע ערטער האבען אידען פער־זוכט צו פלאנצען קאטאן אונטער׳ן וואסער. עקספערימענטען זיינען געמאכט גע־ווארען אויך מיט טאבאק, מיט צוקער־ריבען און אזוי ווייטער.

צו די ירקות געהערען: וואסער־מעלאנס, מעלאנס, קירבעס (דלעת), באמיא (גריכענהארן), קוסעס, אוגערקעס, טאמאטעס, רעטאך, ריבען א. א. וו.

די וויכטיגסטע פרוכטבוימער, וועלכע ווערען קולטיווירט אין לאנד, זיינען פאלגענדע:

אליווען־בוים (זית). אמאל איז דאס לאנד געווען רייך מיט אליווען אדער עלבערט־בוימער. אבער די פעלאכען פערניכטען דיעזען רייכטום מיט זייערע אייגענע הענט, כדי פטור צו ווערען פון די שווערע אבצאהלונגען, וועלכע ליגען אויף די עלעברט־בוימער. שפעט הויבט אן דער בוים צו ברענגען פרוכט, ערשט אויף זיין 8טען אדער 10טען יאהר. דערפאר,אבער, לעבט דער זית זעהר לאנג, און פאדערט ניט קיינע גרויסע הוצאות.

די פרוכט פון דעם בוים, די עלבערטען, ווערען פרעזערווירט, אדער געפרעסט צוליעב בוימעל־אויל. ביז ניט לאנג פלעגט מען דעם סירישען אויל פערקויפען קיין אויסלאנד, וואו ער האט גע׳שם׳ט מיט זיינע גוטע אייגענשאפטען. פאר דער לעצטער צייט אבער, פיהרט מען בוימעל־אויל ניט ארויס, נאר מען ברויכט נאך צו ברענגען אויל פון חוץ־לארץ. אין דער לעצטער צייט האבען אידען אנגעהויבען איינצופיהרען אויל־פאבריקען מיט מאדערנע פרעסען און מאשינען.

פייגען, טייטלען און אפריקאסען־בוימער גיבען פרוכט, מייסטענס, פאר׳ן אינערליכען געברויך. דער זיידען־בוים (תות) ברענגט נוצען הויפט־זעכליך מיט זיינע בלעטער, מיט וועלכע עם שפייזט זיך דער זייד־ווערימעל. זיידען־צוכט ווערט געטריבען אין צפון־סיריען, ארום צידון, בירות און אין לבנון. אויך אין גליל־העליון זיינען דורך אידען געמאכט געווארען פערזוכען צו קולטיווירען זיידען־בוימער און צו פאבריצירען זיידענס. (אין דער קאלאניע ראש־פנה). די פארזוכען זיינען אבגעשטעלט געווארען צוליעב זייטיגע סבות, וועלכע קעהרען זיך ניט אן מיט די אלגעמיינע בעדינגונגען פון זיידען־צוכט אין דעם לאנד.

דער סאבר (צבר) אדער קאקטוס דיענט אלס צוים פאר גערטנער און פעלדער. אויף איהם וואקסט א געשמאקער פרוכט, מיט וועלכען ארעמע פעלאכען ערנעהרען זיך אין די זומערדיגע מאנאטען.

דער מאנדעלבוים פערנעהמט א וויכטיגען פלאץ ספעציעל אין דער אידישער ווירטשאפט, ביי די אראבער אין יהודה און גליל איז זיין קולטור געווען גאר ניט בעקאנט, הגם די דמשק׳ער געגענד גיט ארויס די בעסטע מאנדלען און פיסטאציען. דיעזע פלאנצונגען פערלאנגען א קלענערען קאפיטאל, און האבען די מעלה, אז זייערע פראדוקטען קענען לייכט פרעזערווירט ווערען און האבען א גוטען אפגאנגס־מארק אין די מיטעלמעער לענדער.

דער וויינשטאק וואקסט אויף גאנץ פערשיעדענע באדענס, און אפילו אויף הויכע (ביז 4,500 פוס) בערג. אין מאנכע פלעצער וואקסט ער אין א ווילדען צו־שטאנד, אבער די אידען האבען איינגעבראכט זיינע בעסטע סארטען און קולטיווירען זיי. הויפטזעכליך ווערען די טרויבען בענוצט פאר וויין; און דיזע פראדוקציאן האבען אידען ניט נור איינגעפיהרט נאר אויך הויך ענטוויקעלט, אזוי אז העכער ניינציג פראצענט פון דעם וויין, וואס ארץ ישראל פיהרט ארויס אויף דעם וועלט־מארק איז פון די אידישע קאלאניעס. מען טרייבט פון די טרויבען אויך ספירט; אראבער טריקענען די טרויבען פאר ראזינקעס און אנדערע זיסיגקייטען.

אנדערע פרוכטבוימער ווערען קולטיווירט אין ספעציעלע גערטנער מיט קינסט־ליכער בעוואסערונג, וועלכע טראגען דעם נאמען ביארעס, און אין העברעאיש פרדסים. צו זיי געהערען פאלגענדע מינים:

א) אראנזשען בוימער (תפוחי־זהב), די בעסטע אראנזשען אדער מאראנצען (די אראבער רופען זיי: פארטוגאלען) זיינען אין דער אומגעגענד פון יפו. זיי צייכנען זיך אויס מיט א גראבער פעלכעל, וואס גיט די מעגליכקייט צו פרעזערווירען זיי אויף א לענגערע צייט, און ארויסצושיקען ניט נור אין די נאהענטע פארטען, אין עגיפטען, קאנסטאנטינאפאל און אדעס, נאר אויך אזוי וייט ווי ענגלאנד און אויסטראליען.

ב) לימאנען (ציטראנען). דער מין ווערט פראדוצירט ווייניגער, ווארום זיי קענען אויף דעם וועלט־מארק ניט קאנקורירען מיט דעם איטאליענישען און שפאנישען מין.

ג) דורך אידען ווערט נאך קולטיווירט אין א קליינער מאס דער אתרוג. אויסער א ברכה צו מאכען, איז דער אתרוג אויך גוט פאר איינגעמאכץ.

ד) אפריקאסען, אדער משמש, ווערען געברויכט אין רויהער פארם און אויך געקאכטערהייד.

ה) די באנאנע (אדער מוז) וואקסט אין א קליינער צאהל אין די גערטנער פון יפו, חיפה און צידון. די אראבער פלאנצען פיעל טייטעל־בוימער (דאטעל־פאלמען, תמרים). אין די אידישע פרדסים האט מען אנגעהויבען פלאנצען אויך עפעל, בארען, פלוימען, מילגראמען, — אלץ אזעלכע פירות, וואס ווערען פערקויפט אין לאנד גופא צום עסען.

---

ווילדע בעלי חיים.

די פאונא, אדער די וועלט פון לעבעדיגע ברואים, איז כמעט אזוי רייך ווי די פלארא. די פאלגענדע מינים פון בעלי־חיים האבען א שייכות צו דער לאנד־ווירטשאפט:

הירשען און הינדען (איל, יחמור, צבי) פיהרען זיך איבער׳ן גאנצען לאנד, און בעזונדערס — אין די בערג פון כרמל. אמאל לויפען זיי איינציג־ווייז, אן אנדערש מאל טרעפט מען זיי סטאדעס־ווייז. אנדערע פאנגען זיי און מאכען זיי היימיש. אין חרמון פיהרען זיך שנעע־מייז, און די געוועהנליכע פעלד־מייז בעזוכען אפט די פעלדער און ברענגען דעם אקערבויער גרויסען היזק.

אן אנדער מחבל איז פאראן — דער „האמסטער", א גרויסער חצוף, וואס שרעקט זיך אפילו פאר קיין מענשען ניט אפ, ראבעוועט קארן און בעהאלט עס אין זיינע לעכער. נאך א סארט שרץ, וועלכער הייסט אין דייטש דער „זיעבענשלע־

פער" גנב'עט פרוכט פון די בוימער און צו'מזיק'ט די גארטענס. אנדערע מיני מזיקים זיינען דוקא בעלנים אויף עופות.

דער ב ע ר געפינט זיך זעלטען, בלויז אין צפון סיריען און אין חרמון. דעם ל י י ב טרעפט מען שוין היינט גארניט, אמאל, אבער, אין די אלטע צייטען זיינען אט דיעזע חיות געווען שטארק פערשפרייט אין לאנד, ווי מיר זעהען פון די גע־שיכטעס מיט שמשון הגבור, דוד המלך, אלישע הנביא און די גרי־אריות. זעלטען ווען עס בעגעגענט זיך נאך דער ל ע א פ א ר ד. אין די בערג טרעפט מען אבער דעם ו ו א ל ף און די פ א נ ט ע ר, מיט איהרווערטפולער פעל.

צו די ווילדע חיות געהערט דער ש ט י י נ ב א ק (יעל), מיט זיינע שעהנע גרויסע פערצווייגטע הערנער. דער ווילדער ח ז י ר פיהרט זיך אין די בעוואקסענע בלאטעס, אבער בלויז די קריסטליכע אראבער יאגען זיך נאך זיין פלייש. דער ש א ק'א ל פיהרט זיך איבעראל, און ברענגט שאדען די כרמים און די גרינס־גערטנער. די ה י ע נ א אדער, ווי די אראבער רופען זי „ד ע ב ע" (צבוע) איז א שעדליכע חיה. די אראבישע פעלאכען ציטערן פאר דער דעבע און דערצעהלען זיך אן וועגען איהר שרעקליכע פאנטאסטישע מעשיות. די פעל פון א היענע איז שעהן, און ווערט פערקויפט פאר גוטע געלד. צו די קליינע שעדליכע בעשעפעניסען געהערט דער שטאכעלשוויין (קפוד). דאגעגען ברענגט דער חולד, אדער מוילוואורף, פיעל נוצען צופרעסענדיג די קליינע רמשים, דאס זעלבע אויך מיט דעם איגעל (יאזש), וועלכער קויפט אוים דעם היזק, מיט'ן נוצען, וואס ער ברענגט.

פאלגענדע סארטען פויגלען האבען א שייכות צו דער לאנדווירטשאפט: פויגלען

דער ג י י ע ר (רחם), דער ש פ ע ר ב ע ר (נץ) און אנדערע פון דעם מין פרעסען אויף די עופות ביי דעם פויער. די רייכע אראבישע שייכען און פריצים האדעווען דעם פ א ל ק (פרס)צוליעב פויגעל־יאגד. ק ר א ה ע ן (עורב) פיהרען זיך מכל המינים, דער ש ט א א ר (זרזיר) קומט צופליהען גראד בשעת מען בעט איהם ניט, אין דער צייט פון זריעה, און נאשט פון די זאמען. א שטיקעל נוצען ברענגט ער כאטש דערמיט, וואס ער צופיקעט די שעדליכע רמשים פון די פעלדער. אמאל איז, צ. ב. ש., געקומען א היישעריק, און דער שטאאר, וועלכער איז צו דיעזער צייט אנגעפליגען, האט איהם צופיקט און פערניכטעט.

די „ח ו ב ע" איז א שעהנע זינגעריו. אבער דער פויער וואלט איהר מיט פערגעניגען מוחל געווען איהרע זמירות, אבי זי זאל איהם ניט אבפרעסען די זריעה זיינע. דער ש פ ע ר ל י נ ג (אנקער) איז אויך א בעלן אויף פרעמדע תבואה.

די א ר י א ל ע האט גאלדענע פעדערען מיט שווארצע פליעגלען. דער ב י ה נ ע נ פ ר ע ס ע ר, וועלכער פערצוקט די ביהנען אין דער לופטען, האט וואונ־דערבארע בונטע פארבען. דער ק ק ו א (קארמאראן) מיט דער ר ו ח מ ה (פעליקאן) מאכען אפטמאל א מאדנעם סארט שותפות. דער ערשטער איז פלינק צו כאפען פיש פון אונטער'ן וואסער, דער פעליקאן, אבער, איז שטארקער פאר איהם און ווי נור דער קקוא כאפט א פיש אונטער'ן וואסער און גיט איהם א שליידער אין דער לופטען, וואקסט אוים דער פעליקאן ווי פון אונטער דער ערד. ער רייסט ארוים ביי דעם פלינקען יעגער זיין רוים פון מויל, און מאכט נישט מיט איהם אפילו קיין „יחלוקו". אין פיעלע פעלדער פיהרט זיך דער שליו, אדער ו ו א כ ט ע ל (פערעפעל), און אין מאנכע ערטער יאגט מען זיך נאך איהם.

די ש ל ע נ ג וואס פיהרען זיך אין סיריען זיינען לרוב ניט קיין גיפטיגע. אין די ימים ביים לאנד פיהרען זיך שילדקרעטען (טשערעפאכעס), פון א היבשער גרויס, אזוי אז אמאל פאנגען די פישערס א טשערעפאכע פון א 30 קילאגראם (65 ענגלישע פונט). אויסער דעם בעגעגנען זיך פערשיעדענע מינים א י י ד ע ק ס ע ן, וועלכע דערגרייכען ביז 80 סענטימעטער (35 אינטשעס) די לענג, און בעדואינער עסען זיי: דער כאמעלעאן, וועלכער קלעטערט אויף די בוימער, און בייט זיינע פארבען לויט די אומשטענדען. קראקאדילען טרעפען זיך זעהר זעלטען — אין די וואסערען פון דעם ק ר א ק א ד י ל ע ן ־ ט י י ך נהר־אל־זרקא (לעבען חדרה).

**אינסעקטען**

די ב י ה ן בעגעגענט זיך אפט און ווערט ערצויגען עקסטרא צוליעב איהר האניג ביי די אראבער און ביי איינינע קאלאניסטען, בעזונדערס אין וואדי־חנין.

דער ה י י ש ע ר י ק איז א גרויסער פלאג פאר'ן לאנד. ער פרעסט אפ דאס גאנצע גרינס פון די פעלדער און פון די גערטנער און לאזט נאך זיך איבער אייעלעך. פון וועלכע עס שעהלט זיך אויס א יונגער דור, וועלכער איז נאך שעדליכער פאר דעם אלטען, ווארום ער פערניכטעט יעדע גרעזעלע, יעדעס גרינס, וואס איז נאך געבליבען פון דעם אלטען היישעריק. דער היישעריק קומט פון מצרים דורך דעם מדבר. קיין ראדיקאלע מיטלען זיינען געגען איהם פארלויפיג ניטא. מיט ארגאניזירטע, געזעלשאפטליכע מעטאדען קען מען אבער געגען איהם קעמפפען. צום גליק קומט דער היישעריק גאנץ זעלטען.

די „צ ע ק ע" איז אזא מין פליעג וועלכע מוטשעט שטארק די בהמות. דערפאר אבער פערטיליגט זי אויך די פעלד־מייז. מיט עטליכע יאהר צוריק האבען זיך פערפיהרט פעלד־מייז, וועלכע האבען צו'פטר'ט די תבואה, און מען האט געגען זיי קיינע מיטלען ניט געפונען. דערווייל איז אנגעקומען די „צעקע", און האט צופיקט זיי די אויגען און אויסגעראמט אין גאנצען.

**הויזווירטשאפטליכע בעלי־חיים**

אין דער הויזווירטשאפט ווערען געברויכט פאלגענדע מינים:

ר י נ ד ע ר ווערען ערצויגען ביי דעם פעלאך ניט צוליעב מילך. נאר אויסשליסליך צוליעב זייער ארבייט. אויסער היי (אויסגעדראשענע שטרוי) גיט דער אראבישער פויער זיינע בהמות ניט כמעט קיין שום אנדערען שפייז. דעריבער זיינען ביי איהם די בהמות אזוי דאר און מאגער. אבער ווען מען פרובט די סירישע בהמות פיטערן, ווערען זיי דיק און שעהן. די אקסען פון לבנון זיינען פון שטארקערען מין. און די קיה גיבען א סך מילך; כאטש די פאשע איז דארטען אויך ניט פון די בעסטע. נאשען אבער די בהמות די לבנון—תות־בלעטער. אפטמאל פארט מען צוזאמען די לבנון'ער בהמות מיט דעם גוטען עגיפטישען מין. אין דעם עמק הירדן, אין חולה און אין די זומפען ארום חדרה בעגעגענט זיך אויך, אין א ווילדען צושטאנד, דער באפפאל־אקס (כוי). צוליעב פיהרען משאות נוצט מען דעם ג מ ל (קעמעל) מיט איין הויקער. די בעדואינער פאשען זיי גאנצע טאבונעס. דער געוועהנליכער פ ע ר ד שטאמט פון אנאטאליען אדער פון סיריען, נאר מען פערבעסערט דעם מין מיט דעם מיוחס'דיגען אראבישען פערד. די בעדואינער האבען בעזונדערע סימנים פאר די ריין־בלוטיגע פערד (א צ י ל ה) מיט גאנצע יחוס־בריעף. א געוועהנליכער פעלאכישער פערד איז ווערטה פון 100 ביז 1,000 פר., לויט זיין ארבייטס־פעהיגקייט. דער מ ו י ל־ע ז ע ל (פרד אדער פרדה) איז מעהר ארבייטס־פעהיג פאר א פערד, און זיין דורכשניטליכע פרייז איז דעריבער העכער — ביז 600 פראנק. אין צידון און איבערהויפט אין צפון ערציהט מען דעם מין עקסטרא צום פערקויף,

אבער דער בעסטער סאָרט מויל־עזעל ווערט געבראַכט פון בגדד. דער עזעל ווערט געוועהנליך בענוצט פאר שלעפּען משאות און צום רייטען — פון דער אָרימער שטאָדטישער אָדער דאָרפישער בעפעלקערונג. זיין דורכשניטליכער פרייז איז 200 פראַנק.

צוליעב מילכווירטשאַפט בענוצען די פעלאַכען אויסשליסליך קליינע פיה, ווי שאָף און ציעגען. צו דעם בעסטען סאָרט געהערט די אנגאָרער ציעג. פון מילך שלאָגען די אראבער אויס פוטער, זויערמילך און פערשיעדענע אנדערע מאכלים.

עס איז פערשפּרייט א מיינונג, אז סיריען און ארץ ישראל זיינען ניט גאר פּאַסענד פאר מילך־ווירטשאַפט אין אייראָפּעאישען זין. אלס אורזאכע ווערען אָנגעגעבען די היצען און די מאַנגעל אין פּאַשא דורך'ן זומער. דיעזע מיינונג איז, אבער, נישט קיין בעגרינדעטע. לויט דער בעהויפּטונג פון ספּעציאַליסטען קאָן די נאַטירליכע פּאַשע פערביטען ווערען דורך דעם איינפיהרען פון פוטער־פלאַנצונגען פאר די בהמות. ווינטער־צייט קען מען דיעזען פוטער לייכט קולטיווירען איבעראַל. אלס אַזעלכע קענען דיענען פערשיעדענע לעגומינאַזען, ווי צ. ב. ש. די לוצערנע, קלעע, וויקען, קירבעס, רונקעל־ריבען, האָפער מאַאיס, א. א. וו. די דייטשע קאָלאָניסטען האָבען עס שוין טאקע בעוויזען צו טהאָן, און זיי האָבען אויסגעצייכענטע סטאַדעס מיט בהמות. פאר די לעצטע עטליכע יאָהרען האָבען שוין די אידען אויך אָנגעהויבען איינצופיהרען ראַציאָנאַלע מילך־ווירטשאַפט אין די נאַציאָנאַל־פאָנד פאַרמס, אין מרחביה און בן שמן, און פּריוואַטע קאָלאָניסטען אין איינינגע קאָלאָניעס (ווי עקרון) האָבען שוין אויך געמאַכט אָן אָנהויב. עס האָט זיך אַרויסגעוויזען אז די מילך־פּראָדוקטען האָבען זעהר א גוטען מאַרק אין די אַרומיגע שטעדט און קאָלאָניעס.

עופות פערשיעדענע סאָרטען געפליגעלטע פיהרען זיך אין לאַנד, און עופות־צוכט האָט א גוטען באָדען אין דער לאַנדווירטשאַפט. אין פיעלע ערטער אין סיריען ווערען יעהרליך עקספּאָרטירט קיין אויסלאַנד אייער־געלכלאַך און ווייסלאַך. אין פיעלע מקומות פיהרען זיך ענטען און גענז. אין איינינגע אידישע קאָלאָניעס האָט מען אפילו איינגעפיהרט מעכאַנישע אויוועגס (אינקיובייטאָר'ס) אויסצוואַרעמען עופות. אין אנדערע ערטער האָט מען געמאַכט א פערזוך צו ערציהען שטרויסען, צוליעב זייערע ווערטפולע פעדערען.

* * *

פון דעם וואס איז ביז יעצט געזאָגט געוואָרען איבער דער פיזישער געאָגראַפיע פון ארץ ישראל קומען מיר, אַלזאָ, צו דעם פאָלגענדען רעזיומע:

רעזיומע די אויבערפלעכע פון לאַנד בעשטעהט פון טאָלען, בערג און ברייטע הויך־עבענעס מיט גרויסע שטרעקעס פון העכסט־פּרוכטבאַרען באָדען, פון ליים, קאַלך, אָדער פון לאַווא־שיכטען. בעזונדערס צייכנען זיך אויס מיט זייער פּרוכטבאַרקייט די ברייטע טאָלען ביים ברעג ים, דער עמק־יזרעאל, דער עמק הירדן און דער ריעזינער עבר־הירדן־פּלאַטאָ. דער גרעסטער טייל פון דיזע טאָלען און עבענעס קען אויסגענוצט ווערען פאר ווייצען, גערשטען, מאַיס, דורראַ און אַנדערע ווינטער און זומער־תבואות,

טיילווייז קענען זיי אויסגענוצט ווערען פאר פערשיעדענע בעוואסערטע און טרוקענע פלאנטאציעס. פאר פלאנטאציעס קענען אויסגענוצט ווערען, אין זייער גרעסטען טייל, די בערג פון גליל, שמרון, יהודה און א טייל פון דעם נגב, וועלכע דארפען צוליעב דעם בעארבייט ווערען אין טעראסען. די איבעריגע טיילען פון די בערג קענען אויך אויסגענוצט ווערען פאר פאשע, פאר פיה און פאר שאף־ווירטשאפט. דער פלאטא פון עבר הירדן קען טיילווייז בעוועלדערט ווערען געדיכט און די בערג פון מואב בעדעקט ווערען מיט פעלדער פאר תבואה און פאר פאשע. ביי אזא בעארבייטונג וועט די לאנדווירטשאפט אליין לייכט קענען דיענען אלס יסוד פאר א בעפעלקערונג, וועלכע איז אין 6—10 מאל גרעסער פון די היינטיגע און איז צוויי־דריי מאל גרעסער פאר דער אמאליגער בעפעלקערונג אין צייט פון בית־שני.

ווייניג לענדער זיינען אזוי רייך מיט וואסער ווי ארץ ישראל. אויב דאס רייכטום ווערט ניט אויסגענוצט, איז עס צוליעב צוויי אורזאכען: ערשטענס, ווייל דאס וואסער איז ניט גלייכמעסיג פאנאנדערגעטיילט און א גרויסער טייל פון דעם רעגענוואסער ווערט פערלארען אומזיסט, אראפרינענדיג מיט די וואדים אין ים אריין: און צווייטענס, זעהט זיך דאס וואסער אזוי נישט אן פון אויבען מחמת די אונטער־ערדישע היילען, און די נאטירליכע ציסטערנען וואס ענטהאלטען אין זיך געוואלטיגע אוצרות מיט וואסער, וועלכע שטראמט ארויס אין דער פארם פון קוואלען, ברונעמער און פאנטאנען, במשך פון א גאנצען יאהר. מיט קינסטליכע בורות, ברכות (ציסטער־נען) קאנאלען און טעראסען וואלט מען געקענט די רעגענוואסער אזוי רעזערווירען און פאנאנדערטיילען, אז קיין איין טראפען וואסער זאל ניט געהן לאבוד: די גרעסטע טייל פון דעם ביז יעצט ניט בעארבייטען בערג־באדען זאל גוט בעארבייט און בעבויט ווערען, שאפענדיג א מקור צום לעבען פאר מיליאנען נפשות.

די קראפט פון די וואסער־שטראמען און טייכען קען ביי גינסטיגע בעדינגונגען ברייט אויסגענוצט ווערען צוליעב עלעקטרישער בעלייכטונג, הייצונג און בעוועגונג, דאס וועט עפענען גרויסע מעגליכקייטען פאר א גרויסער אינדוסטריע און האנדעל, בעזונדערס וועט עס אויפלעבען די פערבינדונג צווישען די צוויי ימים — דעם מיטעל־מער און דעם ים־סוף. די וואסער־קראפט וועט פארשטענדיג קענען פערבייטען דעם מאנגעל אין קויהלען און אנדערע מינעראלען, מיט וועלכע דאס לאנד איז ניט אזוי רייך.

די רייכע פלארא און פאונא זיינען זעהר גינסטיג פאר דעם וואוקס פון דער בעפעלקערונג און זיי מאכען נוציליך פאר דעם מענשען אלץ וואס דער באדען און דער קלימאט ברענגען ארויס.

דער קלימאט גופא איז מיטעלמעסיג ווארעם און געזונד. זייענדיג גענוג הייס, כדי צו פארקלענערען די הוצאות פאר ווינטערדיגער קליידונג און בעהייצונג פון די קאלטע לענדער, איז דער קלימאט אבער ניט טראפיש, שוואכט ניט אפ די מענשליכע ענערגיע, ווי עס איז דער פאל אין די עקוואטאריעלע לענדער. דער קלימאט איז אלזא דער פאסענדסטער פאר דעם וואוקס פון א גרויסען מענשליכען ישוב.

דער גאנצער כאראקטער פון לאנד ערקלערט אונז די ערשיינונג, וואס נאך אלע געוואלטיגע מלחמות און חורבנות וואס ארץ ישראל איז אויסגעשטאנען פון די עלטסטע צייטען ביז אונזער דור, איז דאס לאנד ניט לגמרי פערוויסטעט געווארען. ווי צ. ב. ש. מעסאפאטאמיען, פרס אדער נארד־אפריקא. נאר — פערקעהרט: איהר בע־פעלקערונג פלעגט זיך ביי דער ערשטער געלעגענהייט צוריק אומקעהרען א היים, אויב ניט אין גאנצען אין טיילווייז, סיי פון די בערג־שפאלטען, וואו זיי פלעגען זיך בע־האלטען אין עת־צרה, סיי פון די ארומיגע לענדער, וואו זיי האבען זיך ערווארבען א צייט־ווייליגען צופלוכטס־ארט.

דעם איבערבליק ווילען מיר פערענדיגען מיט א ציטאטע פון דעם בעריהמטען ענגלישען פארשער פון אריענט קאפיטאן בוירטאן, וועלכער שרייבט אין זיין „אונ־עקספלאורד סיריא": בעזארגט מיט אייזענבאהנען און טראמווייען וועט דאס היי־ליגע לאנד פארשטעלען מיט זיך א גליקליכסטע קאמבינאציע פון דער אלטער מיט דער נייער וועלט. זי וועט ווערען א צווייטער עגיפטען מיט דעם אונטערשיעד, וואס זי האט א העכערען קלימאט און א נאבעלערע מענשען־ראסע. סיריע און פאלעסטינא — איך קען עס מיט זיכערהייט פאראויסזאגען — ערווארט די שטונדע, ווען, ווע־רענדיג א היים פון א פרייען, ערפאהרענען און ענערגישען פאלק, וועט זי ווידער ארויס־געבען קארן און אויל, ווידער פליסען מיט מילך און מיט האניג און וועט ברענגען מיט איהר אייגענער ענטוויקלונג, כמעט אלע יענע גוטע זאכען וועלכע זי האט געגעבען צו מענשען".

# ביבליאגראפיע.

## צו דער פיערטער אבטיילונג.

## העברעאיש.

א ספיר: הארץ, הוצאת „קהלת“ יפו, התרע"א.
ה. אוהגן, אגרונום: ארץ ישראל וסוריה, מתורגם עברית ע"י א. ספיר, הוצאת „לעם“ יפו, התרע"א.
תבואות הארץ מאת ר' יוסף שווארץ, הוצאת לונץ, ירושלם, תר"ס.
מפת ארץ ישראל, ערוכה ע"י א. ספיר וא. קרוזה ע"פ מפת קיפרט, הוצאת ועד הפועל הציוני, ברלין, התרע"ג.

## טערקיש.

علی جواد ۰ ممالك عثمانيه نك تاريخ وجغرافيا لغاتی در سعادت ١٣١٣
سالنامهٔ ولاية بيروت ١٣٢٦

## ענגליש.

**K. Baedecker:** Palestine and Syria, Handbook for travellers. Leipzig, New York, London, 1912.

**Post:** Essay about the Sects and Nationalities in Palestine, Quart. statement of the P. E. F., 1890.

**L. Oliphant:** The land of Gilead, 1880.

**The Survey of Western Palestine.** Memoirs of the topography, orographie, hydrographie and archeology, by **Lieut. C. R. Conder, R. E.** and **Lieut. H. H. Kitchener, R. E.** Vol. I.—Galilee, Vol. II.—Samaria, Vol. III.—Judaea, and Spec. **name-lists** Vol., London, 1881-3.

**The Survey of Eastern Palestine.**

**Leonard Woolley and T. E. Lawrence:** The Wilderness of Zin, P. E. F., Annual 1914-1915.

**G. Schumacher:** The Jaulan, London, 1886.

**G. Schumacher:** Northern Ajlun, 1890.

**Trelawney Saunders:** An introduction to the Survey of Western Palestine.

**Atlas.** of the historical Geographie of the Holy Land by **G. A. Smith,** London, 1915.

**Elisee Reclus:** The Universal Geography, Vol. IX, Chap. IX, Syria, Palestine, Sinay, edited by A. H. Keane, London.

## דייטש.

**Prof. Otto Warburg:** Ueber die Kulturpflanzen Palaestinas, Die Welt 1910.

**Dr. V. Schwoebel:** Die Verkehrswege und Ansiedlungen Galilaeas in ihrer Abhaengigkeit von den natuerlichen Bedingungen ZDPV XVII, Leipzig, 1904.

**Hubert Auhagen,** Agronom: Beitrage zur Kaenntnis der Landesnatur und der Landwirtschaft Syriens und Palestinas, Berlin, 1907.

**Dr. Benzinger:** Hebraeische Archeologie Tuebingen, 1907.

**Dr. G. Rindfleisch:** Die Landschaft Hauran in Roemischer Zeit und in Gegenwart ZDPV, Bd. XXI (1898).

**G. Schumacher:** Das Suedliche Basan ZDPV, XX, 1897.

**Prof. Dr. Max Blankenhorn:** Naturwissenschaftliche Studien am Toten Meer und in Jordantal, Berlin, 1912.

**Hans Fischer's:** Das Syrisch-Aegyptische Grenzgebiet ZDPV. I9I0.

**Karte des Ostjordanlandes,** Haifa 1895-6, von Dr. G. Schumacher.

## רוסיש

**И. Белькиндъ.** Современная Палестина. Одесса, 1913.

Инж. **Н. Вильбушевичъ:** Водяныя Силы Палестины. Евр. Жизнь, I, 1905.

פינפטע אבטיילונג

# אלגעמיינער ישוב.

##ווירטשאפטליכע, רעליגיעזע, נאציאנאלע פערהעלטניסע.

### איינלייטונג.

פערשידענאר־טיגקייט פון לאנד און איהר ווירקונג אויף דער בעפעל־קערונג.

די איינוואוינערשאפט פון א"י ציייכענט זיך אויס מיט דער אויסעראָרדענט־ליכער פערשיעדענארטיגקייט און פיעלגעשטאלטיקייט, וואס איז אזוי כאראקטעריס־טיש פאר דער פיזישער נאטור פון לאנד, פאר איהר קלימאט, פאונע און פלארע. דאס לאנד וואו ס'איז געשאפען געווארען דאס אוניווערסאלסטע בוך פון דער וועלט־ליטעראטור איז אליין אן אוניווערס אין מיניאטור. קיין אנדער בעוואוסטער געגענד אין דער וועלט קאמבינירט ניט אויף אזא קליינעם שטח אזוי פיעל נאטירליכע קאנ־טראסטען, פערשיעדענע קלימאטען, אבוועקסלונגס־רייכע נאטור־געשטאלטען — ווי ארץ ישראל*). „פאלעסטינא האט אלערליי קלימאטען, פון דעם סוב־טראפישען אין איין ענד פון ירדן־טאל, ביז דעם סוב־אלפינישען אין צווייטען ענד. אין יריחו וואק־סען פאלמען און אין לבנון — סאסנעס. אין גהאר (ירדן טאל) איז זומער די טעמ־פעראטור איבער 100 גראד פארענהייט, און דאך זעהט מען פון דארטען די גלאנ־ציגע שנעע־פעלדער פון חרמון. און אלע צווישענדיגע מדרגות פון אט די עקסטרע־מען קאן דאס אויג כאפען אין איין בליק פון כרמל: די זאמדען און פאלמען פון ברעג, די ווייץ־פעלדער פון יזרעאל, די דעמבעס און סיקאמארען פון גליל, די סאסנעס און שנייאיגע שפיצען פון אנטי־לבנון — און ווי נאהענט דאס אלעס ליעגט בייאנאנדער! שניידט דורך א שטרעקע אין יהודה: די פאלמעס און ברונעמס פון פלשתים־טאל וואלטען געקאנט זיין א טייל פון דער מצרישער דעלטא. אבער די בערגלעך פון דער שפלה דערמאנען די לאנדשאפט פון דרום־איירא̈פא. איבער זיי הויבען זיך די הרי יהודה וואס זיינען עהנליך צו דער ענטבלויזטער הויכלאנד פון צענטראל־דייטשלאנד — די פאסטוכער טראגען דא שאפענע פעלצלעך און וואהנען אונטער שטיינערנע דעכער. טיילמאל ליעגט זיך דא א דיקער שניי. עטליכע מייל ווייטער אין מזרח — און איהר קומט אראפ אין מדבר וואו די בעדואינער זיצען אין הארענע געצעלטען. נאך עטליכע מייל ווייטער — און איהר פאלט אראב אין די גליהענדע היץ פון עמק הירדן.

*) די דאזיגע כאראקטעריסטישע אייגענשאפט פון א"י איז שוין בעמערקט געווארען אין א דרש פון ר' שמעון בר יוחאי: „תבל" זו א"י, שנאמר „משחקת בתבל ארצו", ולמה נקרא שמה תבל? שהיא מתובלת בכל; שכל הארצות יש בזו מה שאין בזו, אבל א"י — אינה חסרה כלום, שנאמר: „לא תחסר כל בה" (ספרי).

פון דאנען הויבט זיך ארויף נאך עטליכע מייל ווייטער — און איהר געפינט זיך אין דער הויכבעבענע פון מואב, וואו די אראבער זאגען „די קעלט איז שטענדיג אין דער היים". און ביי אלעם דעם איז פון פלשת ביז מואב קוים זיבעציג מייל" (ג. א. סמיטה).

די דאזיגע פערשיעדענארטיגקייט פון דער פאלעסטינער נאטור האט מעגליך געמאכט פאר די צאהלרייכע שטאמען, פעלקער און ראסען, וואס האבען זיך אין פערלויף פון טויזענדער יאהר בעזעצט אין לאנד, אבצוהיטען זייער אייגענארטיגע כאראקטער, קולטור, סאציאל־עקאנאמישע ארגאניזאציע. יעדעס פאלק האט דא געפונען א היימישע סביבה. יעדע גרופע האט דא געקענט לעבען אבגעזונדערט, איזאלירט פון די ארומיגע שכנים. די אונצוגענגליכע בערג און די שווער דורכגאנגבארע מדבריות האבען געדיענט אלס נאטירליכע מחיצות צווישען שבט און שבט, צווישען פאלק און פאלק, צווישען רעליגיע און רעליגיע. די איינגעבוירענע פעלקער האבען דא געקענט פיהרען א זעלבסטשטענדיג לעבען, ניט אויסמישענדיג זיך איינער מיט'ן צווייטען. פערשיעדענע ענטגעגענגעזעצטע קולטורען האבען דא געקאנט עקזיסטירען אונאבהענגיג, די גרעסטע ווירטשאפטליכע און סאציאלע עקסטרעמען האבען דא געקאנט צוזאמענלעבען אין דער נאהענטסטער געאגראפישער שכנות, כמעט אהן געגענזייטיגער בעריהרונג. מיט דעם ערקלעהרט זיך די זאנדערבארע ערשיינונג, וואס מיר געפינען שוין אין דער אוראלטער געשיכטע פון א"י, אזוי גוט ווי אין דער געגענווארט: די שכנות'דיגע עקזיסטענץ פון אזעלכע סאציאל עקאנאמישע הפכים ווי די פרימיטיווע פאטריארכאלע וואנדערענדע שבטים, וואס לעבען פון פאשע, געיעג און רויב און די הויך ענטוויקעלטע, אינדוסטריעלע שטאדטישע פעניקיאנער, וואס פיהרען א וועלט־האנדעל און גרינדען קאלאניעס אין אלע עקען וועלט, דערמיט ערקלערט זיך אויך ווי אזוי די אידען וואס זיינען געווען ארומגערינגעלט מיט א גאנצער רייהע פעלקער — זיינען דאך געבליבען אן „עם לבדד ישכון"*).

אין דער צייט וואס די נאטור־קאנטראסטען, די בערג און וויסטעס האבען מיטגעהאלפען די איינוואוינער פון לאנד אבצוהיטען זייער זעלבסטשטענדיגקייט, אייגענארטיגקייט און אבגעזונדערהייט, האבען די טאלען אין לענג און ברייט פון לאנד — די שפלה, דער שרון, דער עמק יזרעאל, דער מרג' עיון, די נוקרא — און די אפענע פארטען פון די פלאכע ברעגעס פערלייכטערט די נייע איינוואנדערונגען און אינוואזיאנען, און א דאנק דער צענטראלער פאזיציע פון א"י צווישען די דריי וועלט־טיילען, האבען זיך אין פערלויף פון טויזענדער יאהרען כמעט אלע פעלקער און ראסען פון אזיע, אפריקא און אייראפא דא בעגעגענט און צוזאמענגעשטויסט. פון דרום דורך די שפלה, פון צפון דורך די בקעה און פון מזרח דורך די נוקרא און עמק יזרעאל האבען איינגעשטראמט אין לאנד פרעמדע פעלקער און שטאמען, און עס איז דא ענטשטאנען אן אויסערגעוועהנליכער מיש־מאש פון פערשיעדענסטע נאציאנאלע, רעליגיעזע און קולטור־געשיכטליכע געזעלשאפטען, און די איצטיגע בעפעלקערונג פון א"י שטעלט מיט זיך פאר א לעבעדיגען מוזעאום פון אלערליי ראסען, פעלקער, שטאמען, רעליגיעס, סעקטען, קולטור־מדרגות, ווירטשאפטליכע פארמען, סאציאלע ארדנונגען און געזעלשאפטליכע זיטען.

---

*) פון דער אנדערער זייט האט דער בעזאנדערער כאראקטער פון א"י אהן צווייפעל מיטגעהאלפען אויסארבייטען אין אידישען פאלק די אויסערגעוועהנליכע פעהיגקייטען צוצופאסען זיך מיט א בעזונדערער לייכטקייט צו די פערשיעדענסטע געאגראפישע סביבות פון דעם ערד־קוגעל, איבער וועלכען זיי זיינען שפעטער פערשפרייט געווארען.

### 1) אינערליכע גרופירונג.

די איינוואוינערשאפט פון א״י — אדער ווי מ׳רופט זיי אין אראביש די מקדסי (מאקאדסי), ד. ה. די איינוואוינער פון הייליגען לאנד — ווערט איינגעטיילט אין צוויי הויפט־טיילען: ח צ ׳ ר (חאדאר) — איינגעזעסענע און ב י ד ו י (בעדאווי) — נאמאדען, מדבר־איינוואוינער, בעדואינער. די לעצטע, הגם זיי צופאלען זיך אין צאהלרייכע זעלבסטשטענדיגע שבטים, וואס פיהרען אפטמאל מלחמות צווישען זיך, זיינען דאך לויט זייער אבשטאמונג, אויסזעהן, לעבענס־ארט און רעליגיע אן איינהייטליכער עלעמענט. די חאדאר (איינגעזעסענע) פערקעהרט, בעשטעהען פון די פערשיעדענסטע עלעמענטען, וואס אונטערשיידען זיך איינע פון צווייטען לויט זייער אורשפרונג, ראסע, שפראך, גלויבען, מנהגים, קולטור.

איינגעזעסענע און וואנדערער.

ו ו י ר ט ש א פ ט ל י ך צוטיילען זיך די חאדאר אויף מ ד נ י ה (מעדניע) — שטאדט־איינוואוינער און פ ל ח י ן (פעלאכין) — אקערבוי, דארפישע איינוואוינער. די שטאדטישע איינוואוינער אונטערשיידען זיך פון די דארפישע ניט נור מיט זייער בעשעפטיגונג און ארט־לעבען, נאר אויך מיט זייער קליידונג און אויסערליכען אויסזעהן. הגם פיעלע פון זיי פערנעהמען זיך מיט אקערבוי און פלאנטאציעס אקוראט ווי די פלחין. א מעדני בעציהט זיך מיט דער טיעפסטער פעראכטונג צו א פלח, און די איינוואוינער פון די גרעסערע דערפער פרעטענדירען אויך צו זיין מדני.

שטאדטישע און דארפישע.

ע ט נ א ג ר א פ י ש בעשטעהען די חאדאר פון גאנץ פערשיעדענע עלעמענטען: סוריער, אראבער, אידען, טשערקעסען, טערקען, טורקמענער, ארמעניער, פרס׳ען, קורדען, נעגרען, אבעסיניער, קאפטען, ציגיינער און פערשיעדענע פראנקען (אייראפעער). נאך א גרעסערען מיש־מאש שטעלט מיט זיך פאר די חאדאר ר ע ל י ג י ע ז. ניט נור זיינען דא פערטראטען די דריי־הויפט־רעליגיעס, וואס זיינען ענטשטאנען אין דעם לאנד, נור מ׳געפינט דא אויך אלע זייערע שפעטערע אבצווייגונגען, און איינינגע אזעלכע וואס עקזיסטירען מעהר אין ערגיץ ניט אויסער א״י און סוריה, ווי שומרונים, מוחידין (מוואחידין, ד. ה. בעלי־היחוד, דרוזען), נוציירים. די הערשענדע און אם מעהרסטען פערשפרייטע רעליגיע איז דער איסלאם. א חוץ מוסלימער־סוניטען (וואס גלויבען אין דער תורה שבעל פה פון איסלאם — אין סונת) זיינען דא פאראן אויך מוסלימער־שיעיטען (וואס האלטען נור פון תורה שבכתב ד. ה. פון קוראן, א סארט מוסלימישע קראים), און האלב מוסלימישע סעקטעס ווי דרוזען, יעזידען, ישמעאליטען, נוציירים. צו דער אורשפרינגליכער רעליגיע פון לאנד — דער אידישער — געהערען דא א חוץ אידען (רבנישע) אויך שומרונים און קראים. אם רייכסטען אין סעקטעס זיינען די קריסטען: צוערשט — לויט דער צאהל — קומען די גריכען־ארטאדאקסען, דאן די קאטאליקען און יוניטען (מאראניטען, סיריאקען, מלכ׳יטען, לאטיינער, כלדיים און אנדערע), מאנאפיסיטען (ארמעניער־גרעגאריאנער, יעקביטען, קאפטען, אביסיניער, נעסטאריאנער) און פראטעסטאנטען מכל המינים.

עטנאגראפישע און רעליגיעזע אונטערשידען.

יעדע רעליגיעזע סעקטע האלט זיך פאר א בעזונדער פאלק, האט א בעזונדערע ארגאניזאציע, בעזונדערע אפיציעלע פארשטעהער, געפינט זיך אונטער אן אנדער פאליטישער השפעה, פערנעהמט א פערשיעדענע געזעלשאפטליכע לאגע. די רעליגיעזע אונטערשיעדען שפיעלען אין מזרח פאקטיש די זעלבע ראלע ווי די ריין נאציאנאלע

אין מערב. אין בעוואוסטזיין פון דער אריענטאלישער בעפעלקערונג זיינען די צוויי בעגריפען — רעליגיע און פאלק — כמעט אונטערענבאר. די איינגעבוירענע איינוואוינער פון א״י בעצייכנען זיך זעלבסט אויסשליסליך לויט דער אנגעהעריגקייט צו דער אדער יענער קירכע. ווען מ׳פרעגט דא איינעם, וואס ער איז, וועט ער שטענדיג ענטפערען: א מוסלים, א קריסט (נאצראני) א. ד. ג.

צווישען די פיעלפארביגע און פערשיעדענארטיגע מאסען קאן מען הערען אלערליי שפראכען און דיאלעקטען. די מעהרהייט אבער — בערך 90 פראצענט פון דער גאנצער בעפעלקערונג אין א״י — רעדט אראביש. עס איז אבער א גרויסער טעות צו דענקען, אז די אלע אראביש־שפרעכענדע עלעמענטען בילדען איין נאציאן; דאס דרוזישער בערג־פאלק און די חורנ׳ער בעדואינער האבען וועניגער געמיינזאמעס אין נאציאנאלען זין איידער די מעקסיקאנער און שפאניער. די אראביש־שפרעכענדע מאראניטען פון לבנון און זייערע מוטעוועלישע שכנים אין דרום האבען ניט מעהר שיכות מיט דער אראבישער נאציאן אלס די ענגליש־שפרעכענדע נעגרען פון זיד אמעריקא אדער די אירלענדער האבען מיט דער ענגלישער. אין דער אראבישער שפראך גופא ווערט מיט דעם ווארט „ערב“ בעצייכענט נור א בעדואינער, און די בעדואינער זיינען ווירקליך דער איינציגער עלעמענט אין א״י וואס קאן זיך בעריהמען מיט א ריין אראבישער אבשטאמונג און אונמיטעלמארער געהעריגקייט צו דער אייגענטליכער אראבישער נאציאן. נאציאנאלע און־איינהייטליכקייט.

אין דעם אויסערגעוועהנליכען מישמאש פון פעלקער, ראסען, שטאמען און רעליגיאנען, וואס שטעלט מיט זיך פאר די בעפעלקערונג פון א״י און סוריה, איז ניט לייכט צו בעשטימען אויף וויפיעל די אדער יענע גרופע בילדעט א בעזונדער נאציאנאליטעט אדער איז ניט מעהר ווי א רעליגיעזע געמיינדע. איין זאך איז אבער קלאר: די דאזיגע פערשיעדענארטיגע, צוזאמענגעשטעלטע מאסע, אפילו די יעניגע וואס איז פערבונדען מיט איין שפראך. שטעלט מיט זיך ניט פאר, סיי סוביעקטיוו, סיי אביעקטיוו אן איינהייטליכע נאציאן און ס׳איז א גרויסער ספק צו וועלען זיי זיך אמאל פערשמעלצען אין איין נאציאנאלען ארגאניזם.

שוין וואלני. אין אכטצעהנטען יאהרהונדערט, האט אויפמערקזאם געמאכט אויף דער נאציאנאלער אונאיינהייטליכקייט פון דער סורישער בעפעלקערונג. אין זיין אינטערעסאנטער און בעלעהרענדער רייזע בעשרייבונג פון 1783-85 אין סוריה און א״י ווייזט ער אן, אז „מ׳דארף ניט בעטראכטען די איינוואוינער פון סוריה ווי איין פאלק, נאר ווי א געמיש פון פעלקער“, און דער סורישער פובליציסט חייר־אללה, א הייסער אנהענגער פון א סורישער אויטאנאמיע, שטעלט אוועק די פראגע, צו וועלען זיך די צאהלרייכע סורישע פעלקער, וואס אונטערשיידען זיך אין זייער אורשפרונג, געשיכטע, רעליגיאן, מנהגים, זיטען, שפראך — פעראייניגען אין איין געזעלשאפטליכען גאנצעם? און ער ענטפערט דערויף: נאך דעם ווי הונדערטער יאהרען פון צוזאמענדיגען לעבען האבען דאס ניט דערוויזען — ערוועקט זיך במילא אויף א ספק בנוגע דער צוקונפט.

2. בעפעלקערונגס־סטאטיסטיק.

אין טערקיי, און דערונטער אויך אין א"י איז נאך ניט איינגעפיהרט געווארען קיין רעגעלמעסיגע פאלקסצעהלונג, און עס איז דעריבער ניטא קיין גענויע, פינקטליכע סטאטיסטיק פון דער בעפעלקערונג. ווען מען פערגלייכט די צאהלרייכע אנגאבען פון פערשיעדענע קוועלען (אפיציעלע מיטטיילונגען, קאנסול־בעריכטען, וויסענשאפט־ליכע אויספארשונגען און שאצונגען, לאקאלע ידיעות א. ז. וו.) בעקומט זיך א מינימום פון 750.000 און א מאקסימום פון 1.050.000. אויף'ן גרונד פון אויספיהרליכע ידיעות פון יעדער שטאדט און כמעט יעדען איינצעלנעם דארף אין ירושלמ'ער, עכו'ר, חורנ'ער סאנדזשאקען און נאך איניגע קאדאס אין מערב און מזרח א"י — שיינט אונז די מאקסימאלע צאהל צו זיין די ריכטיגסטע.

בערך 70 פראצענט פון דער בעפעלקערונג געפינט זיך אין מערב א"י, און 30 פראצענט — אין מזרח (אין עבר הירדן).

דער מיליאן איינוואוינער פון א"י בעשטעהט פון בערך 500.000 פלחין (פעלאכען) וואס וואוינען אין 1300 דערפער, קנאפע 400.000 מדניה, וואס זיינען קאנצענטרירט אין א 25 שטעדט און שטעדטלעך און עטוואס מעהר פאר 100.000 בעדואינער אהן א בעשטענדיגען וואוינונגס־ארט. די גרעסטע טייל פון זיי וואנדערען ארום אין נגב, צווישען עזה, באר שבע, חברון אין צפון און דער מדבר סיני און גאלף פון עקבה אין דרום.

לויט די אפיציעלע אנגאבען פון 1915*) צעהלט א"י 1.079.204 איינוואוינער, פון זיי זיינען 759.659 אין מערב א"י, און 319.545 אין מזרח א"י.

אין די איינצעלנע קאדאס (בעצירקען) איז די בעפעלקערונג לויט די דערמאהנטע אנגאבען ווי פאלגט:

## א. מערב א"י.

1) ירושלמ'ער סאנדזשאק:

| | |
|---|---|
| קאדא ירושלים | 123.017 |
| " יפו | 81.490 |
| " חברון | 56.241 |
| " עזה | 82.614 |
| " באר שבע | 55.000 (בעדואינער) |
| | 398.362 |

2) שכמ'ער סאנדזשאק:

| | |
|---|---|
| קאדא שכם | 76.426 |
| " גנין (עין גנים) | 41.422 |
| " בני צעב | 35.901 |
| | 153.749 |

*) פערעפענטליכט אין דר. רופינ'ס נייעם בוך „סוריען אלס ווירטשאפטס־געביעט", בערלין 1917.

3) עכו'ער סאנדזשאק:

| | |
|---|---|
| קאדא עכו | 40.897 |
| " חיפה | 30.629 |
| " נצרת | 20.801 |
| " טבריה | 13.102 |
| " צפת | 31.735 |
| | 137.164 |

4) אין בירות'ער סאנדזשאק:

| | |
|---|---|
| קאדא צור | 39.274 |
| " מרג' עיון | 31.110 |
| | 70.384 |

## ב. מזרח א"י.

5) אין דמשק'ער סאנדזשאק:

| | |
|---|---|
| קאדא קנייטרא | 35.267 |
| " חצביה | 15.204 |
| " וואדי אלעג'ם | 15.680 |
| | 66.151 |

6) חורנ'ער סאנדזשאק:

| | |
|---|---|
| קאדא חורן | 27.691 |
| " עגלון | 61.500 |
| " בצר אלחריר | 26.448 |
| " סווידה (ג'בל דרוז) | 24.260 |
| " אזרוע | 29.382 |
| " מאסמיע | 13.825 |
| | 183.106 |

7) כרכ'ער סאנדזשאק:

| | |
|---|---|
| קאדא סאלט | 37.235 |
| " כרך | 19.551 |
| " תפל | 7.750 |
| " מען | 5.752 |
| | 70.288 |

די בעפעלקערונג פון גאנץ סוריה איז לויט די זעלבע קוועלע 3.423.626: אויף א"י קומט אלזא אוים 31,5 פראצענט פון גאנצען סורישען ישוב.

די סורישע בעפעלקערונג איז פערטיילט אין די פאלגענדע ווילאיעטען און זעלבסט־שטענדיגע סאנדזשאקען :

| | |
|---|---|
| חלב'ער ווילאיעט (57.000 קוואדראט קילאמעטער) — | 869.402 |
| דמשק'ער ווילאיעט (90.000 ק. ק.) — — — — — — | 924.805 |
| בירות'ער ווילאיעט (30.000 ק. ק.) — — — — — — | 823.307 |
| לבנונ'ער סאנדזשאק (3.200 ק. ק.) — — — — — — | 407.750 |
| ירושלים'ער סאנדזשאק (20.000 ק. ק.) — — — — — | 398.362 |

די בעפעלקערונגס דיכטע איז אזא : אין חלב 15,2 נפשות אויף א קוואדראט קילאמעטער, אין דמשק — 10.3, אין בירות — 27,4, אין לבנון — 127,3, אין ירושלים — 20 נפשות.

אין די אפיציעלע אנגאבען איז ניט אנגעוויזען די צאהל פון די בעזונדערע נאציאנאל־רעליגיעזע גרופען. אויפ'ן גרונד פון די אנגאבען פון סירישען שרייבער חייר־אלה אין 1912 און נדרא מוטראן אין 1916, און אנדערע, קאן מען איינטיילען די סורישע בעפעלקערונג אונגעפעהר אויפ'ן פאלגענדען אופן*).

א) מוסלימער־סוניטען :

| | | |
|---|---|---|
| 1) | פערשיעדענע בעדואינען־שבטים (אראבער) | 130.000—200.000 |
| 2) | איינגעזעסענע סוריער און אראבער — | 1.350.000—1.660.000 |
| 3) | טשערקעסען — — — — — — — — — — — | 40.000 |
| 4) | קורדען — — — — — — — — — — — — | 40.000 |
| 5) | טורקמענער — — — — — — — — — — — | 35.000—40.000 |

ב) מוסלימער־שיעיטען :

| | | |
|---|---|---|
| 1) | מוטעוועלער — — — — — — — — — — — | 80.000—120.000 |
| 2) | פרס'ען — — — — — — — — — — — — | 6.000 |

ג) האלב־מוסלימישע סעקטען און פעלקער :

| | | |
|---|---|---|
| 1) | דרוזען — — — — — — — — — — — — | 150.000—200.000 |
| 2) | נוציירים — — — — — — — — — — — | 130.000—170.000 |
| 3) | ישמעאליטען — — — — — — — — — — | 20.000—25.000 |
| 4) | יעזידען — — — — — — — — — — — | 10.000—15.000 |

*) בנוגע דעם נאציאנאל־רעליגיעזען בעשטאנד פון דער בעפעלקערונג אין א"י אליין איז קיין גענויע סטאטיסטיק ניטא. די אנגאבען פון וויטאל קינע אין זיין ווערק איבער „סוריה, לבנון און פלשתינא", וועלכע זיינען אויך ציטירט אין בעדעקער'ס „סוריה און פלשתינא", זיינען פול מיט טעותים, איבערטרייבונגען און אונטערשעצונגען. שטארק איבערטריבען איז ביי איהם די צאהל פון די קריסטליכע גרופען, בעזונדערס די קאטוילישע. דאגעגען אנדערע גרופען זיינען שטארק אונ־טערשעצט. דערצו איז שוין דער גאנצער מאטעריאל (קינע'ס) עטוואס פערעלטערט. אין דעם וויי־טערדיגען קאפיטעל וועגען די נאציאנאליטעטען און סעקטען גיבען מיר א מעהר בעגרינדעטע סטא־טיסטישע אבשאצונג פון די פערשיעדענע עלעמענטען.

ד) אידען — — — — — — — — — — — — — — — — 130.000
(דערונטער 185 שומרונים).

ה) קריסטען:

I. קאטאליקען:

| | | |
|---|---|---|
| 1) מאראניטען — — — — — — — — — — | | 350.000 |
| 2) גריכען־מלכ׳יטען — — — — — — — | 160.000 | —140.000 |
| 3) כלדיים — — — — — — — — — — — | 20.000 | —6.000 |
| 4) לאטיינער — — — — — — — — — — | 20.000 | —18.000 |
| 5) ארמענישע קאטאליקען — — — — — — | | 10.000 |

II. ניט־קאטאליקען:

| | | |
|---|---|---|
| 1) גריכען־ארטאדאקסען — — — — — — | 250.000 | —200.000 |
| 2) ארמענער־גרעגאריאנער — — — — — — | | 25.000 |
| 3) פראטעסטאנטען — — — — — — — | | 20.000 |
| 4) נעסטאריאנער — — — — — — — — | | 6.000 |
| 5) יעקביטען — — — — — — — — — | | 10.000 |

ו) פערשיעדענע עלעמענטען (ציגיינער און פרענקען) 40.000

ערשטער קאַפּיטעל

# די שטעדט.

## געשיכטע, ווירטשאַפט, ישוב.

### א. שטאָדטישע בעפעלקערונג.

אין אָנהויב פון נײַנצעהנטען יאָהרהונדערט איז ירושלם געווען די איינציגע שטאָדט אין ארץ ישראל, וואָס האָט געהאַט א בעפעלקערונג פון איבער 10.000, און אַלע שטעדט צוזאַמען האָבען נאָך דאַן ניט געהאַט די צאָהל איינוואוינער וואָס ירושלם האָט איצט אַליין — בערך 80.000. נאָך אין 1875 האָבען ניט מעהר ווי פיער שטעדט — ירושלם, עזה, חברון, שכם — געהאַט אַן איינוואוינערשאַפט פון העכער 10.000. מיט 40 יאָהר שפּעטער — אין 1915 — האָבען שוין עלף שטעדט ניט ווייניגער ווי צו 10.000 איינוואוינער, און די גאַנצע שטאָדטישע בעפעלקערונג (פון 22 שטעדט) בעטרעפט אונגעפעהר 375.000, בערך 38 פּראָצענט פון דער גאַנצער בעפעלקערונג אין לאַנד. פון זיי זיינען איבער צוויי־דריטעל קאָנצענטרירט אין זיבען שטעדט — ירושלם, יפו, עזה, שכם, חברון, צפת, חיפה — און איין־דריטעל איז פערשפּרייט אין די איבריגע 16 קלענערע שטעדט און שטעדטלאָך. די איבערוויגענדע מעהרהייט פון שטאָדטישען ישוב (בערך 85 פּראָצענט) געפינט זיך אין מערב א"י. דעם ערשטען אָרט פערנעמט יהודה (8 שטעדט מיט בערך 200.000 איינוואוינער), נאָכהער קומט גליל (6 שטעדט מיט עטוואָס מעהר פון 80.000) און צום לעצט שומרון (3 שטעדט מיט 38.000). דער ווייניג בעפעלקערטער און אונענטוויקעלטער עבר הירדן האָט אין גאַנצען 5 קלענערע שטעדט, מיט א בעפעלקערונג פון בערך 45.000 נפשות.

ווּאוקס פון שטאָדטישען ישוב.

לויט די רעליגיעס בעשטעהט די שטאָדטישע בעפעלקערונג פון בערך 130.000 מוסלימער, 85.000—82 אידען און 60.000—57 קריסטען. אידען בילדען אַ מאַיאָריטעט אין די שטעדט: ירושלים, טבריה, צפת. קריסטען — אין בית לחם, נצרת, חצביה. אין אַלע אַנדערע שטעדט איז די מעהרהייט אַ מוסלימישע.

דער ישוב אין די איינצעלנע שטעדט איז אונגעפעהר (קיין פּינקטליכע סטאַטיסטיק איז ניט פאַרהאַן) ווי פאָלגט:

| | | |
|---|---|---|
| ירושלם | 80.000 | (יהודה) |
| יפו | 45,000 | (יהודה) |
| עזה | 35.000 | (יהודה) |
| שכם | 30.000 | (שומרון) |
| חברון | 22.000 | (יהודה) |
| חיפה | 20.000 | (גליל) |
| צפת | 20.000 | (גליל) |
| נצרת | 15.000 | (גליל) |
| סאלט | 15.000 | (עבר הירדן) |
| עכו | 12.000 | (גליל) |
| בית לחם | 11.000 | (יהודה) |
| כרך (קיר מואב) | 10.000 | (עבר הירדן) |

| | | | |
|---|---|---|---|
| טאפילה (תפל) | — — — — — — — — | 9.000 | (עבר הירדן) |
| טבריה | — — — — — — — — — | 8.000 | (גליל) |
| לוד | — — — — — — — — — | 7.000 | (יהודה) |
| רמלה | — — — — — — — — — | 7.000 | (יהודה) |
| צור | — — — — — — — — — | 7.000 | (גליל) |
| חצביה | — — — — — — — — — | 7.000 | (עבר הירדן) |
| מען (מאאן) | — — — — — — — — | 5.000 | (עבר הירדן) |
| טול־כרם | — — — — — — — — | 5.000 | (שומרון) |
| דזשעניז (עין גנים) | — — — — | 3.000 | (שומרון) |
| באר שבע | — — — — — — — — | 3.000 | (יהודה) |

מ׳קאן אויך צוגעבן איינינע לאקאליטעטן, וואס זיינען האלבע דערפער, האלבע שטעדט, ווי סוויידה (דער צענטער פון ג׳בל דרוז) 4.500 איינוואוינער, ג׳דיידה (צענטער פון מרג׳ עיון) 5.000, אדרעי (צענטער פון חורן) 5.000, קנייטרה (צענטער פון ג׳ולן) 1.500, שפרעם (אין עכו׳ער קאדא) 2.700. — צוזאמען אונגעפעהר 20.000 איינוואוינער.

דער אויפשוואונג פון שטאדטישען ישוב פאלט צוזאמען אין צייט מיט דעם ענטשטעהן פון נייעם אידישען ישוב אין א״י — און דאס איז ניט קיין צופאל. די אידישע איינוואנדערונג און קאלאניזאציע האט געהאט א גרויסע ווירקונג אויף דעם וואוקס פון די שטעדט, סיי דירעקט דורך דעם צופלוס פון די נייע אנגעקומענע, סיי אינדירעקט דורך דעם ווירטהשאפטליך־פראגרעסיווען איינפלוס פון נייעם ישוב; דאס איז אבער ניט דער איינציגער פאקטאר. די גרינדונג פון אייראפעאישע קאנסולאטען, האנדעלס־ און באנק־אינסטיטוטען אין די וויכטיגסטע שטעדט, ווי ירושלם, יפו, חיפה, עזה, די טעטיגקייט פון די קריסטליכע מיסיאנען וואס האבען אויסגעשפרייט א נעץ פון שולען, שפיטאלען און וואהלטעטיגע אנשטאלטען אין אלע ווינקלען פון לאנד, די שטענדיגע צאהל פון אויסלענדישע טוריסטען און פילגרימען, די אייזענבאהנען וואס זיינען אויסגעבויט געווארען אין די לעצטע 25 יאהר צווישען יפו—ירושלם און חיפה—דמשק, — די אלע פאקטארען האבען געגעבען א שטארקען אנשטויס דעם וואוקס און פאנאנדערבליהונג פון די שטעדט. געוויסער מאסען האט זיך דער שטאדטישער ישוב פערגרעסערט אויפ׳ן חשבון פון דארפישען. די איבערפאלען מצד די בעדואינער אויף די אונבעהאלפענע שוצלאזע דערפער, דער שווערער לאסט פון לאנד־שטייערען, דער שטייגענדער וואוקס פון גרויס־גרונד־בעזיץ, דער מאנגעל פון אגראר־קרעדיט און עהנליכע סבות האבען געצוואונגען פיעלע דארף־איינוואוינער צו פערלאזען זייערע דערפער און איבערקלייבען זיך אין די שטעדט.

דער איבערגאנג פון דארף אין שטאדט מיינט ניט אונבעדינגט אן איבערגאנג פון פעלד־ארבייט צו אינדוסטריעלער אדער קאמערציעלער טעטיגקייט. א בעדייטענדער טייל פון דער שטאדטישער בעפעלקערונג לעבט פון לאנדווירטשאפט, הויפטזעכליך פלאנטאציעס. די מייסטע שטעדט זיינען ארומגערינגעלט מיט גרויסע אליווענוועלדער (שכם, עזה, לוד, רמלה), כרמים (חברון, סאלט) און אראנזש־גערטנער (יפו, צידון, צור), וואס געהערען די שטאדט־איינוואוינער. אין עבר הירדן זיינען די שטעדט אייגענטליך ניט מעהר ווי גרויסע דערפער, וואו דער ישוב לעבט הויפטזעכליך פון ערד־ארבייט און פיהצוכט. די מעהר זידליכע שטעדט — כרך. תפל, מען, און טיילווייז אויך סאלט — שטעלען מיט זיך פאר בעדואינען־צענטען, און די דארטיגע איינוואוי־

נער אונטערשיידען זיך כמעט מיט גאָר ניט אב פון זייערע נאָמאדען־ברידער וואס וואוינען אין געצעלטען.

מיט דער אויסנאהם פון יפו, חיפה און ירושלם, וואו דער אייראפּעאישער איינ־פלוס און די ווירקונג פון נייעם אידישען ישוב איז בעזונדערס גרויס, טראָגען נאָך אלע שטעדט אין א״י א ריין־אָריענטאַלישען כאראקטער. די גאסען זיינען ענג און קרום, און ניט אומעטום קאָן א וואגען דורכפאהרען, די הייזער זיינען מייסטענס איינ־גארענדיגע, זעלטען מעהר ווי צוויי, מיט פלאטשיגע דעכער און קליינע פענסטערלעך פערשטעלט מיט הילצערנע אָדער אייזערנע גראטען. די אָרימערע קווארטאלען, גע־וועהנליך אין די עקען פון שטאָדט, זיינען זעהר ענהליך צו די פלחישע הייזער. פיעלע געסלעך זיינען איבערגעדעקט מיט קופּאלארטיגע דעכער וואס ציהען זיך איבער גאנ־

אויסזעהן פון די שטעדט.




בילד 24.
אראבישע שטאָדט־וואוינונג.

צע קווארטאלען, און די גאסען זעהען גיכער אויס ווי ענגע קארידארען צווישען לאנגע רייהען הייזער, וואָס זיינען אָנגעקלעפּט איינע אָן די צווייטע. אין אזעלכע קארידאָ־רען־געסלעך געפינען זיך מייסטענס די שטאָדט־באזארען, וואָס זיינען די וויכטיגסטע און לעבעדיגסטע פּלעצער אין די אָריענטאלישע שטעדט.

דער אויבען־אָן צווישען די שטאָדט־איינוואוינער פערנעמען די אזוי־גערופענע ע פ ע נ ד י׳ ס — די גרויסע לאנד־בעזיצער, די אייגענטימער פון די גערטנער, פאַרמס, דערפער ארום דער שטאָדט און איבער׳ן לאנד. דאס איז דער געבילדעסטער און איינפלוסרייכסטער קלאס פון דער אָרטיגער בעפעלקערונג. זיי צייכנען זיך אויס

שטאָדטישע אריסטאָקראַטיע.

מיט זייער פיינעם ליטעראַרישען רעדענס־אַרט: אפילו אין געוועהנליכען שמועס בענוצען זיי א הויך־ליטעראַרישען אַראַביש און זיינען שטאַרק מדקדק אויף דער שעהנקייט פון סטיל און ריכטיגקייט פון אויסשפּראַך. איינער דעם צווייטען אַדרעסירען זיי מיט הויכע טיטולען און מליצה'דיגע קאָמפּלימענטען. זיי האָבען געוועהנליך די גאַנצע דעה ביי דער רעגירונג און אין עפענטליכען לעבען. א חוץ די גרויסע לענדערייען, וואָס ברענגען זיי אריין רייכע הכנסות, געפינט זיך אויך אין זייער האַנד דער גאַנצער תבואה האַנדעל און די אויפמאַהנונג פון עשר. דאָס פּויערטום איז פּאַקטיש אַבהענגיג פון די עפענדים, וואָרום זיי לייען זיי אויס געלד — געוועהנליך אויף זעהר הויכע פּראָצענטען, אַפּטמאָל 20, 30 פּראָצענט און מעהר — און קויפען ביי זיי אָב די גערעטעניש אויף פון פריהער אויס בעשטימטע נידריגע פּרייזען. הגם עקאָנאָמיש זיינען זיי מעהר פערבונדען מיט'ן דאָרף — לעבען זיי אָבער דורכאויס אין שטאָדט, און פערנעמען דאָ אַלע וויכטיגסטע פּאָליטישע און געזעלשאַפטליכע עמטער — אין מידזשעלים אידאַרע (אַדמיניסטראַציאָנס־ראַטה), און בעלעדיע (מוניציפּאַליטעט) א. ד. ג.

קלענער אין רייכטום און געזעלשאַפטליכען איינפלוס, אָבער גרעסער אין צאָהל זיינען די אַנדערע צוויי קלאַסען פון דער שטאָדט בעפעלקערונג: קרעמער און האַנדווערקער.

דער שטאָדטישער אַראַבער האָט א בעזונדערע נייגונג און פעהיגקייט צום האַנדעל, און זיצען אין א קלייט איז ביי איהם איינער פון די אַנגענעהמסטע צייט־פערטרייבען. און פיעלע האַלטען קלייטלעך בלויז אויס ליעבשאַפט צו דער זאַך. הגם זיי פערדינען גאָר ניט פון זייערע קלייטלעך אָדער נויטיגען זיך ניט אין די דאָזיגע פערדינסטען.

קרעמער.

קרעמעריי איז דעריבער די פערשפּרייטעסטע בעשעפטיגונג און אין יעדער שטאָדט און שטעדטעל טרעפט מען פיעל מעהר קראָמען ווי ס'וואָלט געדאַרף זיין פּראָפּאָרציאָנעל לויט דער צאָהל בעפעלקערונג.

אין יפו, חיפה און ירושלם איז שוין פאַראַן מאָדערנע, גרויסע האַנדעלס־געשעפטען אויפ'ן אייראָפּעאישען שטייגער, אין די אַנדערע שטעדט אָבער, ווי שכם, עזה, טבריה א. ז. וו. און אויך אין די מוסלימישע קוואַרטאַלען פון די פריהערדיגע שטעדט — טראָגען די קראָמען אַן אייגענאַרטיגען כאַראַקטער. דער האַנדעל קומט פאָר ניט אין קראָם, נאָר אויפ'ן גאָס, וואָרום דאָס קרעמעל איז צו קליין, אַז דער קונה זאָל קענען אריינגעהן. די סחורה איז אויסגעשטעלט אין קוישלעך און פּושקעלעך, טיילווייז אין גאָס, טיילווייז אין קראָם גופא, איןביידע זייטען פון קרעמער, אַזוי אַז ער אַליין קאָן זיך קוים א ריהר טהאָן. ער בעוועגט זיך טאַקע ניט פון אָרט די גאַנצע צייט, דער קונה קלייבט זיך אַליין אויס וואָס ער וויל, און דער קרעמער מעסט און וועגט און נעמט די געלד, אַלץ זיצענדיג אויף די פיס, אויפ'ן אָריענטאַלישען שטייגער.

זעהר פערשפּרייט אין אַלע שטעדט זיינען די בשמים־קרעמלעך: זיי זיינען געוועהנליך קאָנצענטרירט אין א בעזונדער גאָס — וואָס רופט זיך „שוק אל עטאַרין" (בשמים־גאָס). דאָ ווערען פערקויפט אַלערליי אָריענטאַלישע געווירצען און פּערפומען, דערביי קאָן מען דאָ אויך קריגען זאַכען וואָס האָבען א קנאַפּע שיכות מיט בשמים — ווי זאַטלען, שיך, פּולווער, אַלערליי זריעות, רייט־זעקלעך, „אַנאַלען" (אַזעלכע וואַלענע בייגעל וואָס מען טוט אַן אויפ'ן קאָפּ־טוך), גאַרטלען א. ד. ג. דאָס אַלעס הענגט אין דרויסען אויפ'ן וואַנד און פערטשעפּעט די דורכגעהער. מען מוז דעריבער בעוועגען

זיך אין די געסלעך זעהר פאַמעלעך. און די קרעמער נוצען דאַס אויס צו לויבען און רעקלאַמירען זייער סחורה.

קאַפּע-הייזער. אין יעדער גאַס, אם מעהרסטען אָבער ביי די "חאנס" (איינפוהר-הייזער) און אויף די ראָגען פון די גאַסען און ביי די טויערען פון שטאָדט קאָן מען געפינען קאַפּע-הייזער. זייער צאָהל איז גרויס אין יעדער שטאָדט, און זיי פערנעמען ביי דער אָרטיגער בע-פעלקערונג דעם פּלאַץ פון אַ בירזשע, אַ ביבליאָטעק און אַ טעאַטער. ביי אַ גלעזעל



בילד 25.

אראבישער קלייט וואו מ'פערקויפט עסענווארג.

קאַפע וואס ווערט געטרונקען מייסטענס ניט אין קאַפּע-הויז, וואס איז צו קליין, נאָר אין דרויסען אויף קליינינקע פוס-בענקעלעך. טרעפען זיך דאָ פריינד און בעקאַנטע צוליעב געשעפט, האנדעל, פּאָליטיק און גלאַט אַזוי צייט-פערטרייב. אַ קאַפּע-הויז איז דער אָריענטאַלישער קלוב.

בעלי - מלאכות.

פון בעלי מלאכות זיינען דא זעהר פערשפרייט ק ו פ ע ר - א ו ן ג א ל ד - ש מ י ד ע ן, ווארום די אָרטיגע פרויען און אויך די מענער האָבען א שטארקע נייגונג צו אלערליי צירונג און תכשיטים און קופערנע געשיר, און כמעט יעדע שטאָדט האָט א בעזונדער גאס פון קופער שמידען. וואס רופען זיך אין אראביש נאחאָס (העברעאיש — נחשת).

ג א ר ב ע ר ס געפינען זיך נור אין די גרעסערע שטעדט, וואו ס'איז פאראַן גענוג קונים פאר זייערע פראָדוקטען — לאָגעל מאכער, שוסטער, זאָטלער. די פרימיטיווע גארבעריי געפינט זיך אויסשליסליך אין די מוסלימישע הענד, פערקעהרט די מאָדערנע — אין אידישע און דייטשע (די ערשטע מאָדערנע גארבעריי איז געגרינדעט געוואָרען דורך דער „אליאנס" אין מקוה ישראל). דאס זעלבע איז אויך מיט ש ל ע ס ע ר. די אָרטיגע שלעסער בעשעפטיגען זיך נור מיט די איינפאכסטע, פרימיטיווע ארבייטען. מעכאניקער און גוטע שלעסערס געפינען זיך נור צווישען אידען און דייטשען.



בילד 26.
אראבישע קאפע-הויז — דער קלוב פון די אָרטיגע אראבער.

איינגע פאכען —ווי ש נ י י ד ע ר י י, ש ו ס ט ע ר י י, ב ל ע כ ע ר י י א ו ן ש מ י ד ע ר י י — געפינען זיך הויפטזעכליך ביי די אידען פון אלטען ישוב אין די הענד. די אראבישע שוסטער מאכען מייסטענס נור בעדואינישע און פעלאכישע שיך פון געפארבטע לעדער. פ א ר ב ע ר, וואס פארבען קליידער און מאטראצען, זיינען לרב מוסלימער, און פערנעמען געווענליך א בעזונדערע גאס. (פריהערדיגע צייטען איז פארבעריי געווען א אידישער מאָנאָפּאָל. א גרויסע טייל אידען, וואס ר' בנימין מטודילא האָט געפונען אין א"י. זיינען געווען פארבער).

אָן אָנגעזעהענעם פלאץ צווישען די בעלי־מלאכות פערנעהמען די „חאלאקין" — בארבירער, וואס א חוץ גאָלען און שערען בעשעפטיגען זיך דאָ אויך מיט בלוט־לאָזען.

פיאוועקס־שטעלען און עהנליכע מעדיצינישע אפעראציעס. דאס גאלען אליין שפיעלט א וויכטיגע ראלע אין אראבישען לעבען. דאס ראזירען זיך — ניט פון דער בארד, נאר פון קאפּ — רעכענט זיך פאר א בעפוצונג, און דאס ראזירען ווערט דעריבער בעצייכענט מיט'ן נאמען „תזיין“ (טאזיאין), ד. ה. פערפוצען.

כמעט אין אלע שטעדט זיינען פאראן „מ ו ק ע ר י“ס — ד. ה. אייזעל און מויל־טיער טרייבער. מחמת מאנגעל פון גוטע וועגען און מאדערנע פערקעהרס־ און טראנספארט־מיטלען זיינען די מוקערים אונבעדינגט נויטווענדיג פאר רייזענדע און אויך פאר'ן האנדעל. אין אזעלכע שטעדט ווי צפת, חברון, סאלט, עזה א. ד. ג. זיינען די מוקערים דער איינציגער מיטעל צו טראנספּארטירען סחורות, און אפלו אין ירושלם, יפו, לוד, רמלה, וואס האבען שוין אן אייזענבאהן, ווערען די מוקערים געברויכט אין טראנספּארטירען פרוכט, גרינסען א. ד. ג. אין עבר הירדן, אין דרום זייט פון חברון און אין צפת וואס האבען נאך ניט קיין שאסעע ווערען די מוקערים אויך גענוצט צוליעב רייזע ציעלען.

פאר'ן טראנספארט אינערהאלב די שטעדט ווערען בענוצט „עטאלען“ — ד. ה. טרעגער. אין די ענגע געסלעך, וואו א וואגען קאן ניט דורכגעהן, וואלט געווען אונמעגליך איבערצופיהרען משאות אהן דער הילף פון די דאזיגע טרעגער, וואס זיינען בעריהמט אלס די שטארקסטע מענשען, ניט נור פון א"י נור פון גאנצען אריענט. די שווערע משא, וואס דער פאלעסטינער „עטאל“ שלעפּט אויף זיין פלייצע, אפטמאל זעהר א לאנגע שטרעקע, און אויף א בארג ארויף, וואלט א טרעגער אין אן אנדער לאנד ניט אומשטאנד געווען צו טראגען. בעזונדערס זיינען בעריהמט מיט זייער גבורה די טרעגער פון די האפען־שטעדט — יפו און חיפה. די אונגעהויערע משאות לאדען זיי זיך אויף א זאטעל, וואס זיי טראגען שטענדיג אויפ'ן רוקען, און פערבונדען עס מיט א שטריק צום שטערען.

א בעזונדער קלאס טרעגער זיינען די „סאקא“ — וואסער טרעגער — וואס פיהרען אויפ'ן רוקען וואסער אין לעדערנע לאגלען פון ציגענע פעל. זיי ווערען, ווי די פארצייטיגע שואבי מים (דברים כ"ט 11), ביי דער בעפעלקערונג זעהר פעראכטעט.

אין די פארט־שטעדט שפיעלען א גרויסע ראלע די באהאריה (שיפלער). אין א"י איז נאך ניטא קיין איין איינגעריכטעטער האפען, און די שיפען מוזען זיך אבשטעלען אין מיטען ים, איין און א האלב מייל פון ברעג. די סחורות און פאסאזשירען ווערען דעריבער איבערגעפיהרט פון און צום ברעג אויף קליינע שיפלעך.

א חוץ די האנדווערקער, וואס געפינען זיך כמעט אין יעדער שטאדט, זיינען נאך פאראן אייניגע פראפעסיעס וואס בעגרענצען זיך נור אין איינער אדער נור עטליכע שטעדט, ווי וועבער, טעפער, (עזה, מג'דל), זייפענזידעריי (שכם, רמלה און אנדערע), גלאז און לאגלען מאכער (חברון), שטיינטעשער און מויערער, פערלמוטער ארבייטער (בית־לחם, ירושלים) א. ד. ג. (וועגען דיזע פאכען זעה אין די בעטרעפענדע שטעדט).

## ב. אינדוסטריע און געווערבען.

אינדוסטריעלע אבגעשטאנען־קייט.

די אינדוסטריע אין א"י איז נאך זעהר ווייניג ענטוויקעלט. דער נידעריגער איינפוהר־צאהל — פריהער 8 פראצענט און לעצטענס 11 פראצענט — וואס האט געהערשט אין טערקיי ביז איצט צוליעב די קאפּיטולאציעס (זעה זייט 87), האט אונמעגליך געמאכט די קאנקורענץ מיט אויסלענדישע פראדוקטען. דערצו קומט נאך צו דער מאנגעל אין פערקעהרס־מיטלען און הויפטזעכליך די אונוויסענהייט,

אַבגעשטאַנענקייט און אָרעמקייט פון דער אָרטיגער בעפעלקערונג. די איינגעבוי־רענע פון א"י האָבען ניט די מאַטעריעלע און קולטורעלע מיטלען, דעם אונטערנעהמונגס גייסט און אָרגאַניזאַציאָנס־פעהיגקייטען, וואָס זיינען נויטיג פאַר דער אויפבויאונג פון א מאָדערנער אינדוסטריע.

די אַלע אינדוסטריעס, וואָס ווערען בעטריבען פון דער אָרטיגער בעפעלקערונג, האָבען דעם כאַראַקטער פון הויז־אינדוסטריע. די ארבייט ווערט געטהאָן מיט דער הילף פון דער אייגענער פאַמיליע, קיין געדונגענע ארבייטער ווערען כמעט ניט בענוצט. וואו מ'קאָן אָהן פרעמדע ארבייט ניט אויסקומען — ווי צ. ב. ש. אין דער זייפען־זידעריי — בעקומט דער ארבייטער זיין געהאַלט ניט מיט געלד, נאָר מיט א טייל פון די פאַבריצירטע פּראָדוקטען. די ארבייטס־מעהאָדען זיינען זעהר פּרימיטיווע, פערעלטערטע, און קיין מאַשינען און מאָדערנע אינסטרומענטען ווערען ניט בענוצט.



בילד 27.
פּרימיטיווער אראבישער אויל־פּרעס.

די גרויס־בעטריבען, וואו ס'ווערען געברויכט מאַשינען און געדונגענע ארבייט, בעלאַנגען אויסשליסליך צו די נייע איינגעוואַנדערטע עלעמענטען — הויפּטזעכליך אידען און טיילווייז אויך דייטשען. א חוץ די אידישע ווייןקעלערען אין ראשון לציון איז ניטאָ קיין אונטערנעהמונג אין לאַנד, וואָס בעשעפטיגט מעהר פאַר 60—65 ארבייטער. בכלל קאָן מען אָנצעהלען 5—6 פאַבריקען, וואו ס'ארבייטען ניט וועניגער פאַר 15 ארבייטער.

די וויכטיגסטע און פערשפּרייטעסטע אינדוסטריען אין א"י זיינען די, וואָס בעארבייטען די רויהע מאַטעריאַלען פון לאַנד גופא.

אויל־פאַבריקאַציע.

אין דער ערשטער רייהע קומען אויל־פאַבריקאַציע, זייפען־זידעריי און מילנעריי. די אויל אין א"י ווערט געצויגען פון אַליוועס און סעזאַם. אין דער פאַבריקאַציע ווערען נאָך אַלץ בענוצט די פּרימיטיווסטע אויל־מיהלען, ביי וועלכע פיעל אויל געהט

לאבוד. לויט די אנגאבען פון ענגלישען קאנסול האט די פראדוקציע פון אליוויז־אויל אין די געגענדען פון שכם, עכו, צפת און יפו אין יאהר 1909 בעטראפען 5,5 מיליאן אקא (בערך 4.300.000 קילאגראם). די דאזיגע אויל ווערט פערברויכט כמעט גענצליך אין לאנד גופא. נאר זעהר א קליינער טייל ווערט עקספארטירט. אין 1913 איז פון יפו עקספארטירט געווארען אליוועז־ און סעזאם־אויל אין דער ווערטה פון 156.750 פראנק. אין די פריהערדיגע יאהרען איז דער עקספארט פון אויל געוועזן א סך א גרעסערער, אין 1885 — 25.266 פונט שטערלינג, אין 1890 — 75.080, אין 1907 שוין ניט מעהר ווי 4990 פ. ש. דאגעגען, אין די לעצטע צייט, פערגרעסערט זיך אלץ דער אימפארט פון אויסלענדישען אויל. אין 1907 איז אימפארטירט געווארען 829 טאן אליוועז־אויל אין דער ווערטה פון 26.600 פ. ש., און אין 1913 — 2,440 טאן אין דער ווערטה פון 48.800 פ. ש. דערביי איז אינטערעסאנט, וואס זעהר פיעל סעזאם ווערט עקספארטירט פון לאנד אונבעארבייטערהיים. פון חיפה אליין ווערט יעהרליך ארויסגעפיהרט איבער 10.000.000 מעסטלעך סעזאם, און דער סעזאם עקספארט פון יפו האט אין פערלויף פון 1909—1913 בעטראפען יעהרליך די סומע פון 1.235.000 פראנק. דאס בעווייזט, אויך וויפיעל די פראדוקציאן אין לאנד בעפריעדיגט נאך אפילו ניט דעם אינערליכען געברויך, הגם דאס לאנד פערמאגט נאך פיעלע רויה־מאטעריאלען.

זייפענזידעריי. זייף־זידערייען געפינען זיך אין לאנד ארום 50—40. דער צענטער פון דער פראדוקציע איז שכם. צו מאכען זייף ווערט גענוצט דער געמיינערער אויל, וואס טויג ניט צום עסען. אלס הייץ־מאטעריאל ווערט געברויכט דער „דזשיפט" (גפ״ת) דער אבפאל פון אויסגעפרעסטע אליוועז. די אויל ווערט געליפערט פון די בעזיצער פון אליוועז־גערטנער, וואס לאזען אפטמאל די אויל זידען אויף'ן אייגענעם רעכנונג און בעצאהלען דעם פאבריקאנט מיט א פראצענט פון זייף. די נויטיגע קאלי ווערט צוגעשטעלט דורך בעדואינער, וואס קלייבען דאס מייסטענס אין עבר הירדן. די בעסטע זייף ווערט געמאכט אין שכם. קיין אייראפעאישע פרעסען ווערען כמעט ניט בענוצט. פון די דריי אייראפעאישע פאבריקען זיינען 2 אידישע און 1 דייטשע. די ארבייט ווערט מייסטענס געטהאן דורך א גרופע ארבייטער, אונטער דער אנפיהרונג פון א „רייס" (מאסטער), וואס וואנדערען פון איין זייף פאבריק צו דער צווייטער, און בעקומען אלס לוין ניט קיין געלד, נאר א פראצענט פון דעם זייף, וועלכען זיי דארפען אליין פערקויפען. די ארבייט קומט פאר אין די ווינטער־חדשים, און געוועהנליך ארבייט מען ניט מעהר ווי 4—3 חדשים אין יאהר. פון אלע ארטיקלען, וואס ווערען פאבריצירט אין א"י, פערנעהמט זייף דעם ערשטען פלאץ אין דער ליסטע פון עקספארט. דער הויפט־מארק איז מצרים. זינט 1885 האט זיך עקספארט פון זייף פערגרעסערט מעהר ווי אויף 12 מאל. אין 1885 איז ארויסגעפיהרט געווארען 431 טאן זייף אין דער ווערטה פון 343.030 פראנק, און אין 1913 — 6.250 טאן אין ווערטה פון 5.000.000 פראנק. דער דורכשניטליכער עקספארט אין פערלויף פון 1909—1913 איז געוועזן 4 און האלב מיליאן יעהרליך.

מיהלען־אינדוסטריע. די איינגעבוירענע איינוואוינער פון א"י האבען זיך פריהער בענוצט מיט האנד־מיהלען, וואס רופען זיך „רחי" (אין העברעאיש רחים). נאך איצט מאהלען אין פיעלע ערטער די פעלאכישע פרויען די ווייץ מיט די אייגענע הענט. אין די ערטער, וואו ס'איז פאראן טייכען, וואסער־פאלען און גרויסע קוואלען, האט מען געבויט וואסער־מיהלען. קיין ווינד־מיהלען ווערען ניט געברויכט. די וואסער־מיהלען ווערען גע־

טריבען דורך הילצערנע טורבינעס פון אראבישע ארבייט, און געבען ארויס א גראבען. טונקעלען סארט מעהל. די איינציגע וואסער־מיהל מיט אן אייראפעאישע טורבינע, וואס געפינט זיך אין וואדי קעלט, איז אויפגעשטעלט געווארען דורך א אידישען מעכאניקער. אראבישע וואסער־מיהלען געפינען זיך ביי דער עוגה, נעבען פתח־תקוה, ביי דער זערקא (נהר התנינים), אין לעדזשון (מי־מגדו), אין בית־שאן ביים קוואל פון גלית'ען (עין ג'לוד), אויפ'ן טייך נעמן (בעלוס) נעבען עכו און נאך איניגע ערטער. די אידען האבען די ערשטע איינגעפיהרט דאמפף און מאטאר־מיהלען. נאכהער זיינען אויך געקומען די דייטשען, וואס האבען דעם פאך פערפאלקאמט. כמעט אין יעדער אידישער קאלאניע איז פאראן א מעכאנישע מיהל, וואס מאהלט די מעהל פון די ארומיגע אראבישע דערפער*). אין פיעלע שטעדט איז נאך פאראן פרימיטיווע מיהלען, וואס ווערען אנגעטריבען מיט דער קראפט פון פערד און פרדות, זיי געפינען זיך מייסטענס אין די פינסטערע געסלעך טיעף אין דער ערד.

דער פאלעסטינער ווייץ איז הארט, גלאזיג און געלבליך און גיט ארויס עטוואס א טונקעלען סארט מעהל. די אידען אין ראש פנה און אויך די דייטשען אין יפו האבען שוין גע'פטר'ט א סך מיה און געלד אויף די נויטיגע אויסבעסערונגען, כדי צו בעקומען ווייסע מעהל, ביזהער האט זיך אבער דאס נאך ניט איינגעגעבען.

טראץ דעם, וואס די צאהל מיהלען פערגרעסערט זיך פון יאהר צו יאהר, — פערנעהמט נאך אלץ דער איינפוהר פון מעהל דעם צווייטען ארט אין דער ליסטע פון אימפארטירטע ארטיקלען. דורך יפו און חיפה ווערט יעהרליך ארייגעפיהרט מעהל בערך אויף 3.000.000 פראנק; אין דער זעלבער צייט ווערט עקספארטירט יעהרליך פון א"י א.־ום 30.000.000 קילאגראם ווייץ.

וויין־פאברי־קאציע.

די ענטוויקעלסטע (אין טעכנישען זין) אינדוסטריע אין א"י איז די וויין־פאבריקאציאן, וואס ווערט בעטריבען הויפטזעכליך דורך אידען (90—85 פראצענט). די אידישע ווינקעלערען אין ראשון לציון זיינען די פון די גרעסטע און פאלקאמענסטע אין דער גאנצער וועלט. דאס איז דער איינציגער אינדוסטריעלער בעטריב אין א"י וואס געברויכט עלעקטרישע קראפט. די יעהרליכע פראדוקציע ווערט געשאצט אין 50־55.000 העקטאליטער, פון זיי ליפערען די אידישע קעלערען אליין (ראשון לציון, זכרון יעקב, פתח־תקוה, מקוה ישראל און אנדערע) ארום 45.000 העקט., די איבעריגע 5.000 קומען פון דער דייטשער קאלאניע שרונה (סאראנא), פון ירושלם און חברון און דער איטאליעניש־מאנאכישער פארם אין לאטרון. עס ווערען דא פאבריצירט וויין, קאניאק און אראק (ספירט, בראנפען). די ערשטע צוויי זיינען בעשטימט הויפטזעכליך פאר'ן אויסלענדישען מארק, די לעצטע — פאר'ן אינערליכען געברויך. פון 1885 האט דער עקספארט פון וויין פערגרעסערט זיך מעהר ווי אין 12 מאל. אין 1885

---

*) לויט דער אויסרעכנונג פון אינזשענער ווילבושעוויטש קאסט איינריכטען א מאטאר־מיהל צו מאהלען איינפאכע מעהל 8.500 פראנק (געשטעל 1.200 פראנק, פעטראלעאום מאטאר און קיהל־באסיין 2.800 פראנק, מיהל־געביידע 3.000 פראנק, טראנספארטירען און איינשטעלען די מאשין 500 פראנק, אונפאראויסגעזעהענע אויסגאבען 1.000 פראנק). ביי 10 ארבייטס־שטונדען און 250 ארבייטס־טעג א יאהר קאן זי בעארבייטען יעהרליך 375.000 קילאגראם ווייץ (150 קילאגראם א שעה), רעכענענדיג 1.42 פר. פער 100 קילאגראם — מאכט דאס אויס א יעהרליכע הכנסה פון 5.300 פראנק. די יעהרליכע הוצאה פון פעטראלעאום, שמיר־מאטעריאל, אמארטיזאציע, ארבייטס לוין א. ד. ג. איז 3.600 פראנק. דער ריינער איינקונפט בעטרעפט אלזא די סומע פון 1.700 פראנק וואס מאכט אויס 20 פראצענט פון ארייגעלעגטען קאפיטאל. (זעה „די מיהלען־אינדוסטריע אין פאלעסטינא" פון נ. ווילבושעוויטש, „אלט ניי לאנד" 1904, זייט 353).

האט דער ארויספיהר פון וויין בעטראפען 124.000 פר., אין 1913 — 1.513.250 פר. דער וויין־עקספארט פערנעמט איצט דעם דריטען ארט אין דער עקספארט־ליסטע. עס איז אבער אינטערעסאנט, וואס טראץ דעם וואס א"י פראדוצירט וויין און ספירט פאר אויסלאנד, הערט פונדעסטוועגען ניט אויף דער אימפארט פון די דאזיגע ארטיקלען פון אויסלאנד. אין פערלויף פון 1909־1913 האט דער יעהרליכער אימפארט פון וויין און ספירט בעטראפען אין דורכשניט די סומע פון 360.000 פראנק.

אליוועןהאלץ און פערלמוטער אינדוסטריע.

די אליוועןהאלץ און פערלמוטער אינדוסטריע איז כמעט אין גאנצען אויסגערעכענט פאר'ן אויסלענדישען געברויך, אדער פאר די טוריסטען און פילגרימען וואס בעזוכען דאס לאנד. דער צענטר פון אינדוסטריע איז ירושלם און בית־לחם. דא ווערען אויסגעארבייט פערשיעדענע סואווענירען און רעליגיעזע ארטיקלען, וואס האבען געוויסער מאסען א קינסטלערישען ווערט. די גרעסטע אונטערנעהמונג פון דעם סארט איז די בצלאל־שולע, וואס בעשעפטיגט ביי דיזער ארבייט איבער 30 ארבייטער. פון 1902 ביז 1913 האט זיך דער עקספארט פון די דאזיגע ארטיקלען פערגרעסערט אין 4 מאל: 121.250 פר. אין 1902, ביז 514.000 פר. אין 1913. דער יעהרליכער ארויספיהר אין פערלויף פון 1909—1913 איז געווען דורכשניטליך 414.000 פראנק. אין דער ליסטע פון עקספארט־ארטיקלען פערנעמט די אינדוסטריע דעם 6טען פלאץ. צו דיעזער קאטעגאריע געהרט די שפיצען־אינדוסטריע וואס די אידען האבען אנגעהויבען צו ענטוויקלען די לעצטע צייט אין ירושלם, יפו און אין די קאלאניעס.

די ערשטע וואס האבען אנגעהויבען צו ענטוויקלען די אליוועןהאלץ אינדוסטריע זיינען געווען ירושלמ'ער אידען. די פערלמוטער־ארבייט שטאמט פון די בית־לחמ'ער קריסטען.

טעקסטיל אינדוסטריע.

די טעקסטיל אינדוסטריע געפינט זיך נאך גאר אין אנפאנגס־שטאדיע. די איינציגע אונטערנעהמונג וואס איז כדאי דערמאנט צו ווערען איז די אידישע טוך־פאבריק ביי דער אליאנס שולע אין ירושלם. מען ארבייט נור פאר'ן אינערליכען געברויך, בעיקר פון פלחין און בעדואינער. פרימיטיווע וועבערייען געפינען זיך אויך אין מג'דל און עזה (זעה „עזה"). די נויטיגע פארבען ווערען געבראכט פון דייטשלאנד. די וואל קומט פון לאנד גופא. עס ווערט אבער נאך ניט בעארבייט דער גאנצער רוי־מאטעריאל פון לאנד. דער איבערפלוס פון וואל ווערט אימפארטירט.

טוכווארג און אויך גרייטע קליידער פאר דער שטאדטישער בעפעלקערונג און אייראפעאישע קאלאניסטען ווערט אימפארטירט מייסטענס פון עסטרייך. בוימוואל־ווארען פון ענגלאנד. דער דורכשניטליכער ארייןפיהר פון די ארטיקלען בעטרעפט יעהרליך די סומע פון איבער 7.000.000 פראנק.

לעדער־אינדוסטריע.

די לעדער־אינדוסטריע האט זיך די לעצטע צייט אנגעהויבען צו ענטוויקלען דורך די אידען אין יפו און די דייטשען אין חיפה. עס איז נאך דערוויל געמאכט געווארען בלויז אן אנפאנג. עס ווערט נאך אלץ ארויסגעפיהרט פון לאנד רויע פעל און אימפארטירט פון אויסלאנד אויסגעארבייטעטע לעדער. (דער יעהרליכער עקספארט פון פעל בלויז דורך יפו'ר פארט אין פערלויף פון 1909—1913 איז געווען דורכשניטליך 305.595 פר., און דער אימפארט — 424.775 פר.).

קאנסערוון־פאבריקאציע

מ'קאן נאך דערמאנען די פרימיטיווע קאנסערוון־פאבריקאציאן פון אראבער — חאלווא, דיבס (א מין סיראפ פון טרויבען) און אנדערע זיסקייטען, און באנבאנען־פאבריקען, די פאבריקאציע פון פערפיומען, באנבאנעס (אידיש) און מאקאראנעס (דייטש). די קאנסערוון אינדוסטריע, וואס האט אזא גרויסע צוקונפט אין א"י —

א לאנד, וואס פראָדוצירט די רייכסטע און פערשיעדענסטע פרוכטען, גרינסען און בלומען — געפינט זיך אָבער נאָך אַלץ אין דער פרימיטיוועסטער אנפאנגס־שטאַדיע.

מ׳דאַרף אויך נאָך דערמאָנען די פאבריקען פון קינסטליך אייז און סאָדע פאַבריקען וואָס געפינען זיך אין אַלע גרעסערע שטעדט.

צו די וויכטיגסטע אינדוסטריען אין ארץ ישראל, וואָס בעציהען זייערע רוי־מאַטעריאַלען פון אויסלאַנד — בעלאַנגען מאַשינען ־ פאַבריקען און מעכאַנישע ווערקשטאַטען, דרוקערייען, די פאַבריקאַציע פון פעסער (פאַר ווייז) און קעסטלעך (צו פּאַקען אראַנזשען) און צעמענט און אַנדערע פאכען פון האַלץ און בוי אינדוסטריע. די דאָזיגע אונטערנעמונגען זיינען מייסטענס אידישע.

מעכאַנישע ווערקשטאַטען.

די מאַשינען־פאַבריקען פּראָדוצירען ניט זעלבסטשטענדיג מאַשינען : זייער הויפּט ארבייט איז נור צוזאַמענשטעלען לאַנדווירטשאַפטליכע מאַשינען און אייַנריכטען מאָטאָרען און פּאָמפּעס, וואָס מ׳ברענגט אין איינצעלנע טיילען פון אויסלאַנד, אין גרעסטען טייל פון אמעריקא און ענגלאַנד. די דאָזיגע אינדוסטריע עקזיסטירט הויפּטזעכליך אויף דעם געברויך פון די אידישע קאָלאָניעס, און בעשעפטיגט ביי דער ארבייט מייסטענס אידישע ארבייטער, אפילו אין דער דייטשער פאבריק אין יפו ארבייטען אידען. די צוויי אייזענבאַהן ליניעס (אין יפו און חיפה) האָבען ווערקשטאַטען פאַר דעם אייגענעם בעדאַרף.

דרוקערייען

דער צענטער פון דרוקערייען (אידישע, אראַבישע, אייראָפּעאישע) איז ירושלם, און די גרעסטע צאָהל דרוקען זיינען אידישע. די 2 גרעסטע דרוקערייען אָבער בעלאַנגען צו א דייטשער מיסיאָן (שנעלער) און צום לאַטיינישען פּאַטריאַרכאַט. עס איז אויך פאַראַן 2 אידישע און איין אראַבישע דרוקערייען אין יפו, און איין אראַבישע אין חיפה. די ערשטע דרוקעריי אין לאַנד איז געווען א אידישע.

האָלץ ־ אינדוסטריע.

די פּראָדוקציאָן פון קעסטלעך און פעסער איז דירעקט פערבונדען מיט׳ן עקספּאָרט פון אראַנזשען און ווייַן און געפינט זיך אין גאַנצען אין יפו. פון וואַנען די דאָזיגע אַרטיקלען ווערען ארויסגעפיהרט. די האָלץ ווערט געבראַכט פון אויסלאַנד. אין דער לעצטער צייט האָבען די אידען אָנגעהויבען צו פּראָדוצירען האָלץ (ברעטער, סלופּעס א. ד. ג.) פון די אידישע אייקאַליפּטוס־וועלדער אין חדרה.

בוי ־ אינדוסטריע.

הייזער ווערען אין א״י געבויט פון שטיינער, וואָס געפינען זיך אויפ׳ן אָרט אָדער אין דער נאָהענט. אויך די קאַלך ווערט געליפערט פון לאַנד גופא. דאָס קאַלך־ברענען געפינט זיך בעיקר אין פעלאַכישע הענד, וואָס טוען דאָס אויף זעהר א פּרימיטיווען אופן. שטיינמעצער זיינען מייסטענס אידען (פון ירושלם) און קריסטען (פון בית לחם און בית ג׳לה). די אַנדערע נויטיגע בוי־מאַטעריאַלען — אייזען, ציגעל, צעמענט, האָלץ א. ד. ג. — ווערען געבראַכט פון אויסלאַנד. אין דער לעצטער צייט האָט מען שוין אָנגעהויבען צו פּראָדוצירען אין לאַנד גופא צעמענט־ציגעל, פּלאַטען און ענליכע בוי־מאַטעריאַלען (אידישע פאַבריקען אין יפו און נעבען טבריה). בכלל האָלט די בוי אינדוסטריע אין איין וואַקסען, הויפּטזעכליך א דאַנק דער אידישער איינוואַנדערונג, און דער אימפּאָרט פון בוי־מאַטעריאַלען ווערט גרעסער פון יאָהר צו יאָהר (פון 1900 האָט דער אימפּאָרט דורך יפו׳ר פּאָרט פון אייזענוואַרג, ציגעל, האָלץ, צעמענט בעטראָפען בערך 200.000 פר. און אין 1913 — 4.750.000 פראַנק, ד. ה. 22 מאָל אַזוי פיעל).

## ג. פערקעהרס-מיטלען.

פריהערדיגע פערקעהרס־מיטלען.

ביז די זעכציגער יאהרען פון 19טען יאהרהונדערט האט מען אין ארץ ישראל נאך ניט געוואוסט וואס איז אזוינס א וואגען אויף רעדער. אלץ איז געפיהרט געווארען אויפ'ן רוקען פון בהמות — גמלים, פרדות, פערד, אייזלען, ס'איז נאך ניט געווען קיין אויסגעלעגטע וועגען, שאסעען צווישען שטאדט און שטאדט, איבער די מעהרהייט טייכען און וואדים איז ניט געווען קיין בריקען. דערצו נאך זיינען די וועגען געווען שטענדיג בחזקת סכנה. רייזען פלעגט מען נאר אין קאראוואנען, ווייל איינער אליין איז קיינמאל ניט געווען זיכער מיט'ן לעבען און מיט זיין האב און גוטס. ווען איינער האט געדארפט



בילד 28.
רואינעס פון אנ'אלטע בריק איבער'ן ירדן.

אין ערגעץ, האט ער געמוזטווארטען ביז א גרעסערע צאהל מענשען וועלען געהן אין דעם זעלבען ארט. אפילו די וועגען פאר רייטער און פוס־געעהר זיינען געווען זעהר שלעכטע: די רעגיערונג האט אויף זיי ניט אכטונג געגעבען און די בעפעלקערונג, אנשטאט צו פערבעסערען, האט זיי מיט א כיון פערערגערט, כדי שווער צו מאכען פאר דער רעגיערונג צו ברענגען מיליטער און קאנאנען.

נייע וועגען.

פאר די לעצטע 40—50 יאהר איז פיעלעס אויסגעבעסערט געווארען. די פערשטארקונג פון די רעגירונגס־מאכט און אויטאריטעט האט אריינגעטראגען מעהר זיכערהייט אין לאנד, הגם נאך איצט זיינען די רייזענדע ניט פאלקאם בעשיצט פון רויבעריישע איבערפאלען, בעזונדערס אין עבר הירדן. ס'זיינען דורכגעפיהרט געווארען אייניגע פאהרבארע וועגען און שאסעען: צווישען יפו־ירושלם (65 קילאמעטער), יפו־שכם

(68 קיל.) — דער זעלבער וועג ציהט זיך פון טול־כרם דורך זכרון־יעקב און חיפה. ירושלם־שכם (70 קיל.), ירושלם־חברון (30 קיל.), חיפה־טבריה דורך נצרת (64 קיל.). דמשק־חורן (100 קיל.), לויפט א שטרעקע פאראלעל מיט דער דמשק־חורן אייזענבאהן און ווערט פארטגעזעצט זידליך דורך די אזויי־גערופענע „דארב־אל־האדזש“, ד. ה. דער וועג פון די עולי־רגל וואס געהען אין מעקא.

די וועגען ווערען אבער זעהר שלעכט אנגעלעגט און נאך ערגער אבגעהיט, און פיעלע פון זיי זיינען כמעט ניט פאהרבאר, בעזונדערס אין ווינטער. דער וואגען־טראנספארט איז דעריבער זעהר טייער.

פיעל שטעדט האבען נאך אין גאנצען ניט קיין שאסע־פערבינדונג (צפת, סאלט, עכו, כרך און אנדערע). לעצטענס האט מען אנגעהויבען בויען א שאסע צווישען יפו־עזה דורך די אידישע קאלאניעס אין יהודה (65 קיל.). אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה האט די אדמיניסטראציע פון די אידישע קאלאניעס אין גליל דורכגע־פיהרט א שאסע צווישען צפת און טבריה (ארום 20 קיל.), און די רעגיערונג האט אנגעהויבען בויען א ברייטען מיליטערישען שאסע פון עכו ביז דמשק דורך צפת—ראש פנה און דעם עמק חולה. א דאנק די מיליטערישע בעדערפנישען זיינען פיעלע פון די פריהערדיגע וועגען אין דער צייט פון דער מלחמה געבראכט געווארען אין ארדנונג.

די ערשטע אייזענבאהן אין ארץ ישראל איז אונטערנומען געווארען דורך א
יפו־ירושלם אייזענבאהן. ירושלם'ער איד יוסף נבון עפענדי. וואס האט אין 1888 ארויסבעקומען פון דער טערקי־שער רעגיערונג א קאנצעסיע אויף 71 יאהר צו בויען אן ענגזייטיגע אייזענבאהן צווי־שען יפו און ירושלם (87 קילאמעטער). אין 1892 איז די באהן פארטיג געווארען דורך א פראנצויזישע געזעלשאפט וואס האט אבגעקויפט די קאנצעסיע פאר א מיליאן פראנק פון יוסף נבון. די קאנצעסיע האט אויך ענטהאלטען דאס רעכט צו בויען אין פערלויף פון 4 יאהר איין צווייג אין שכם (50 קילאמ.) און א צווייטען אין עזה (75 קילאמ.). דאס רעכט איז אבער אין דער בעדינגטער צייט ניט אויסגענוצט געווארען.

ביז 1908 איז טעגליך געגאנגען נור איין צוג צווישען יפו און ירושלם, פון 1908 און ווייטער געהען שוין צוויי צוגען א טאג, אין דער פריה און נאך מיטאג (די רייזע דויערט פון דריי און א האלב ביז פיער שעה). פאר די לעצטע צעהן יאהר (1904—1913) איז דער פערקעהר אויף דער באהן פערגרעסערט געווארען כמעט אין צווייען.

אין דעם יאהר 1904 האט די באהן געפיהרט 75.608 פערזאנען און 26.309 טאן
פערזאנען און פראכט־פער־קעהר. פראכט. און אין דעם יאהר 1913 — 182.700 פערזאנען און 47.800 טאן פראכט. דער יעהרליכער איינקונפט פון דער באהן האט אין די לעצ־טע יאהרען דערגרייכט די סומע פון בערך 1 און א פערטעל מיליאן פראנק, און דער ריינער ריוח — אונגעפעהר 875.000 פראנק. נאך דעם ווי אין די ערשטע יאהרען פון איהר עקזיסטענץ האט די באהן־געזעלשאפט געהאט א שטענדיגען דעפיציט, און זי איז געוועזען גרייט צו פערקויפען די באהן, נאר האט ניט געפונען קיין קונים.

אפעראציאנען פון יפו־ירושלם אייזענבאהן אין 1904—1913.

| יאהר | פערזאנען פערקעהר | פראכט (טאן) פערקעהר | ריוח פ. ש. | יאהר | פערזאנען פערקעהר | פראכט (טאן) פערקעהר | ריוח פ. ש. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1904 | 75.608 | 26.309 | | 1909 | 149.200 | 37.300 | 34.000 |
| 1905 | 92.576 | 24.573 | 21.362 | 1910 | 168.200 | 42.000 | 33.200 |
| 1906 | 101.000 | 34.000 | 24.200 | 1911 | 168.700 | 46.400 | 34.200 |
| 1907 | 101.183 | 36.000 | 29.800 | 1912 | 169.400 | 37.750 | 31.120 |
| 1908 | 122.500 | 36.000 | 30.000 | 1913 | 182.700 | 47.800 | 36.800 |

טוריסטען־ און פּילגרים־בע־וועגונג.

א וויכטיגע בעדייטונג פאר דעם באהן־פערקעהר האבען די טוריסטען און פּיל־גרימען וואס קומען דורך יפו בעזוכען דאס „הייליגע לאנד“. צווישען די טוריסטען פערנעהמען דעם ערשטען אָרט אמעריקאנער, דאן קומען ענגלענדער, פראנצויזען, דייטשען, איטאליענער, אידען און אנדערע. די גרעסטע צאהל פּילגרימען קומען פון רוסלאנד. אויך גריכען, קאפּטען, ארמעניער קומען אין בעדייטענדע צאהלען.

טוריסטען און פּילגרים בעוועגונג אויף יפו־ירושלם אייזענבאהן:

| יאהר | טוריסטען | פּילגרימען |
| --- | --- | --- |
| 1907 | 4.464 | 18.000 |
| 1908 | 5.521 | 15.100 |
| 1909 | 5.595 | 17.720 |
| 1910 | 7.196 | 33.000 |
| 1911 | 5.759 | 33.500 |
| 1912 | 5.320 | 24.140 |
| 1913 | 3.238 | 20.450 |

חערדזשאז־באהן.

א צווייטע באהן האט זיך אָנגעהויבען צו בויען דורך א פּריוואטע געזעלשאַפט אין חיפה אין 1892. די געזעלשאַפט האט אָבער ניט אויסגעבויט מעהר ווי איניגע קילאָ־מעטער, און האט צוליעב פּאָליטישע און פינאנציעלע שוועריגקייטען די ארבייט אָב־געשטעלט. אין 1902 האט די רעגירונג אָבגעקויפט דעם אויסגעבויטען טייל מיט אלע קאָנצעסיעס און האט אליין אונטערגענומען די ארבייט, אין צוזאמענהאנג מיט דעם אויפבוי פון דער חערדזשאז־באהן (דמשק־מכה), וואס האט זיך אָנגעהויבען אין סעפּטעמ־בער 1900. די דורכפיהרונג פון דער באהן איז איבערגעגעבען געוואָרען דעם מיליטערי־שען מיניסטעריום אונטער דער פּערזענליכער השגחה פון סולטאן עבד־אל־חמיד, וואס האט זיך אין דער אונטערנעהמונג שטארק פּעראינטערעסירט מחמת רעליגיעזע און סטראַטעגישע צוועקען. די באהן האט געדארפט פערבינדען טערקיי דורך דמשק און חיפה מיט די הייליגע צענטרען פון איסלאַם (מדינה און מכה). פון דער גאנצער מוסלי־מישער וועלט האט מען געקליבען נדבות פאר דער „הייליגער באהן“. און די ארבייט איז אויסגעפיהרט מיט אן אונגעוועהנליכער פאר דער טערקישער רעגירונג ענערגיע און שנעלקייט. אין 1903 האט שוין די באהן דערגרייכט ביז דרעא (203 קילאָמעטער פון דמשק) אין 1904 ביז מען (460 קילאָמעטער פון דמשק), אין 1908 ביז מדינה (1303 קיל.). די ליניע צווישען חיפה און דרעא (162 קיל.) איז פערענדיגט געוואָרען אין יאהר 1906.

דורך דער באהן איז דער חיפה'ר פּאָרט פערבונדען געוואָרען מיט דעם וויכטיג־סטען תבואה־צענטר פון ארץ ישראל — דעם פּרוכטבארען חורן, מיט דמשק און דעם גאנצען עבר הירדן*).

נייע צווייגען.

אין 1912 איז דורכגעפיהרט געוואָרען א צווייג־ליניע צווישען חיפה און עכו (18 קיל.) און אין 1913 איז די באהן צוגעצווייגען געוואָרען פון דער סטאַנציע עפולה (נעבען מרחביה) ביז ג'נין (עין־גנים). פון דאַנען האט געדאַרפט דורכגעפיהרט ווע־רען א ליניע דורך שכם ביז ירושלם. די ארבייט איז געגאנגען פּאַמעלעך — ביז ס'האט

---

*) ווען די באגדאדער באהן וועט פערענדיגט ווערען, וועט חיפה האָבען א דירעקטע באהן־פערבינדונג פון איין זייט מיט באגדאד און גאנץ מעסאָפּאָטאַמיע, פון דער אנדערער זייט מיט קאָנ־סטאנטינאָפּאָל, און דורך איהר מיט אלע אייראָפּעאישע צענטרען. די ווירקונג וואס דאס וועט האָ־בען אויף דער ווירטשאַפטליכער ענטוויקלונג פון א"י איז גאָר ניט אבצושאצען. חיפה וועט אָהן ספק דאן ווערען דער וויכטיגסטער פּאָרט ניט נאָר פון א"י, נאָר פון גאנץ סוריה.

אויסגעבראכען דער קריעג. די מיליטערישע בעדערפנישען האבען פערשנעלערט די ענטוויקלונג פון באהנבוי. פאר דער צייט פון מלחמה איז אויסגעבויט געווארען א נייע ליניע פון שכם קיין טול־כרם, און פון דאנען — דורך סג׳ד (נעבען די נאציאנאל פאנד פארם חולדה) — קיין באר שבע און נאך ווייטער אין דרום ביז אל־חפיר. די באהן שניידט איצט אלזא דורך די שפלה, די הרי־אפרים, דעם פרוכטבארען עמק־יזרעאל, דעם עמק הירדן, חורן, און פעראייניגט דעם עקסטרעמען דרום (ארום באר שבע) אין מערב א״י מיט דעם עקסטרעמען צפון אין מזרח א״י (ארום דמשק).

רעליגיעזע, פאליטישע און עקאנאמישע בעדייטונג פון חערדשאז־באהן.

צווישען חיפה—דמשק געהט טעגליך נור איין צוג (די רייזע דויערט 12 שעה). דער פערזאנען פערקעהר בעשטעהט אין א גרויסער מאס פון די „חאדזש“ — די מוסלימישע פילגרימען וואס געהען בעזוכען מעקא. לויט דעם בעריכט פון ענגלישען קאנסול האט די באהן איבערגעפיהרט אין 1911טען יאהר 10.000 פיליגרימען פון דמשק נאך מדינה, 25.000 פון מדינה נאך דמשק, 11.000 פון דמשק נאך חיפה, און 2.000 פון חיפה נאך דמשק.

דער ריינער ריוח פון דער באהן אין דעם זעלבען יאהר איז געווען איבער 2.500.000 פראנק (דער אלגעמיינער איינקונפט איז געווען 5.350.000 פר.).

די באהן נוצט זעהר פיעל די רעגירונג צוליעב מיליטערישע צוועקען, אפילו אין פרידליכע צייטען*): איבערצופיהרען סאלדאטען אין די אונזיכערע געגענדען פון עבר הירדן און אראביען. אזוי, למשל, האט די רעגירונג איבערגעפיהרט אין 1910 פיעל מיליטער אין חורן אונטערצודריקען דעם דרוזינישען אויפשטאנד.

די בעדואינישע איינוואוינער פון עבר הירדן, וואו די באהן געהט דורך, בעציהען זיך דעריבער זעהר פיינדליך צו דער מאדערנער איינריכטונג און מאכען אפטע איבערפאלען אויף דער באהן, זיי צוברעכען די טעלעגראף סלופעס, צושטערען די רעלסען, בערויבען די רייזענדע. אין 1908 האט מען אנגעצעהלט אזעלכע 128 אנגריייפען מצד די בעדואינער. בשעת דעם בעדואינישען אויפשטאנד אין כרך, וואס האט נאכגעפאלגט דעם אויפשטאנד פון די דרוזען, איז דער באהן־פערקעהר צייטווייליג איבערגעריסען געווארען. די באהן האט אבער געהאט אן אונגעהויערע ווירקונג אויף דער פערשטארקונג פון דער רעגירונגס־מאכט און פערפעסטיגונג פון ארדנונג אין דעם האלב־ווילדען עבר הירדן.

אויסער די רעליגיעזע און פאליטיש מיליטערישע בעדייטונג האט די באהן שוין איצט א גרויסען ווירטשאפטליכען ווערט, בעזונדערס פאר׳ן חורן — „דעם שפייכלער פון סוריה“. די חורנ׳ער ווייץ וואס איז פריהער מיט גרויסע שוועריגקייטען און גרויסע הוצאות טראנספארטירט געווארען אויף גמלים — ווערט איצט צוטראגען מיט דער באהן אין אלע וויכטיגע צענטרען פון סוריה און א״י — דמשק, בירות, חיפה, עכו. די באהן האט אויך אבגעצויגען א טייל פון בירות׳ער האנדעל קיין חיפה. די גרויסע שטאדט דמשק, וואס האט פריהער איםפארטירט נאר דורך בירות הויבט זיך אן, א דאנק די חערדשאזער באהן, אלץ מעהר צו בענוצען זיך מיט חיפה׳ר פארט.

וואסער וועגען.

אין איינערליכע וואסער־וועגען איז א״י ניט רייך. די טייכען פון א״י זיינען ניט ברייט און טיעף, און אין זייער איצטיגען צושטאנד זיינען זיי אונשיפבאר. ביי א געוויסער אויסבעסערונג און רעגולירונג איז דאך מעגליך צו

---

*) ד. ה. פרידליכע צייטען אין אינטערנאציאנאלען זין. אינערליך, צווישען די פערשיעדענע שבטים, קומען פאר מלחמות כמעט אהן אויפהער, בעזונדערס אין דעם ראיאן וואו די באהן געהט דורך.

מאכען די גרעסערע טייכען — דעם ירדן און זיינע נעבענפליסען ירמוך און יבוק, די עוג'ה, דעם קישון — נוצליך און דיענסטבאר פאר'ן טראנספארט.

א גרעסערע בעדייטונג פאר'ן פערקעהר האבען די צוויי אזערעס—דער ים כנרת און דער ים המלח. אין די לעצטע צייט אויף זיי אנגעהויבען צו קורסירען צוויי קליינע דאמפפערס.

ים פערקעהר. וואס אנבעלאנגט דעם וואסער־פערקעהר מיט דער אויסער־ליכער וועלט געפינט זיך א"י אין זעהר א גינסטיגער לאגע. די מערב גרעניץ פון א"י איז דער מיטעללענדישער מעער, און אויף די ברעגעס פון ים ליגען א גאנצע רייהע פארט־שטעדט: עזה, יפו, קיסריה, חיפה, עכו, צור, צידון. א"י איז געווען דאס געבורטס־לאנד פון אינטערנאציאנאלען שיפס־פערקעהר און האנדעל, און די פעניקישע האפען שטעדט צור און צידון האבען מיט 3—4 טויזענד יאהר צוריק געשפיעלט די זעלבע ראלע אין וועלט־האנדעל, וואס היינט שפיעלט לאנדאן און ניו־יארק. איצט געפינען זיך די פארטען אין א"י אין א צושטאנד פון אבגעלאזענקייט. קיין איין שטאדט האט ניט קיין איינגעארדנעטען האפען, און די שיפען קענען ניט לאנדען און מוזען זיך אבשטעלען אין מיטען ים. די וויכטיגסטע פארט־שטעדט, וואס האבען א רעגעלמעסיגען שיפס־פערקעהר, זיינען יפו און חיפה. אויך אין עכו פערקעהרען פון צייט צו צייט דאמפפ־שיפען, אין עזה — זעהר זעלטען. די אנדערע פארטען ווע־רען איצט נאר בעזוכט פון זעגעל־שיפען.

א חוץ דעם ים התיכון אין מערב האט א"י א וואסער־וועג אויך אין דרום — דער גאלף פון עקבה, וואס פערבינדעט א"י דירעקט מיט'ן אינדישען אקעאן. דורך דעם וועג האט שלמה המלך שוין מיט דריי טויזענד יאהר צוריק געשיקט שיפען אין אופיר. איצט איז דער ים־וועג אין גאנצען פערלאזען און האט פארלויפיג פאר'ן לאנד ניט קיין ווירטשאפטליכע בעדייטונג.

שיפסבעוועגונג אין די דריי וויכטיגסטע פארטען פון א"י זיינען אין דעם לעצטען יאהר פאר דער מלחמה — 1913 — אריינגעקומען 1.187 דאמפפ־שיפען מיט אן אינהאלט פון 1.986.387 טאן און 2.478 זעגעל־שיפען מיט אן אינהאלט פון ארום 40.000 טאן. פון דעם קומט אוים אויף יפו עטוואס ווייניגער פאר 60 פראצענט, חיפה — ארום 40 פראצענט און עכו קוים 1 פראצענט. פאר די לעצטע צעהן יאהר איז דער טאנען־אינהאלט פון די אריינגעקומענע דאמפפ־שיפען כמעט פערדאפעלט געווארען, (אין 1904 האט דער אינהאלט פון אלע אריינגעקומענע שיפען בעטראפען 1.081.212 טאן). דער וואוקס איז אבער ניט גלייכמעסיג צוטיילט צווישען די דריי פארטען. דעם גרעס־טען צוואוואוקס, סיי אבסאלוט, סיי רעלאטיוו, האט געהאט חיפה (263 שיפען מיט 296.855 טאן אין 1904 און 486 שיפען מיט 808.763 טאן אין 1913), נאכהער קומט יפו (489 שיפען מיט 704.936 טאן אין 1904 און 665 שיפען מיט 1.160.513 טאן אין 1913). עכו, פערקעהרט, איז שטארק צוריקגעגאנגען. אנשטאט 121 שיפען מיט 79.421 טאן אין 1904, האט זי אין 1913 ניט געהאט מעהר ווי 36 שיפען מיט 17.309 טאן.

## ד. עקספּאָרט און אימפּאָרט.

קיין אָפיציעלע סטאַטיסטיק פון אימפּאָרט און עקספּאָרט איז ניטאָ. נאָר אויף׳ן גרונד פון די קאָנסול־בעריכטען ווערט דער אויסווערטיגער האנדעל פון ארץ ישראל געשאצט אין א סומע פון 120 מיליאָן פר. יעהרליך. בערך א דריטעל דערפון געהט דורך דעם סורישען הויפּט־פּאָרט (בירות), די איבריגע צוויי דריטעל — דורך די פּאָרטען פון ארץ ישראל גופא: יפו חיפה, עכו, עזה, קיסריה, טאַנטורה, צור, אמייסטענס דורך די ערשטע צוויי — יפו און חיפה. דער אנטייל פון די איבריגע דערמאָנטע פּאָרטען אין דעם אויסווערטיגען האנדעל פון ארץ ישראל איז נאָך דערווייל א אונבעדייטענדער.

דורך יפו ווערען ארויסגעפיהרט די אגרארע און אינדוסטריעלע ארטיקלען פון יהודה, שומרון און עבר הירדן, וואס זיינען בעשטימט פאר אויסלאנד. די הויפּט ארטיקלען וואס ווערען עקספּארטירט זיינען: אראנזשען, זייף, וויין, גרינסען, רע־ליגיעזע ארטיקלען (אָליוועגהאָלץ־ און פּערלמוטער־ארבייטען פון ירושלם און בית־לחם), ראזינקעס, מאנדלען, פּעלען, דורא, סעזאם, אויל א. ד. ג. די וויכטיגסטע ארטיקלען וואס ווערען אימפּארטירט זיינען: בוימוואל ווארע, מעהל, האָלץ, לעדער, פּעטראָ־לעאום, רייז, צוקער, טאבאק, אייזען, שטאָל, קופּער, לאנדווירטשאפטליכע מאשינען און מאטאָרען פאר די ברונעמס, קליידער־שטאָף און גרייטע קליידער, קאפּע, שטיינ־קוילען, גלאזווארג, מעדיקאמענטען, פּאפּיער א. ד. ג. פאר די לעצטע 30 יאָהר איז דער אויסלענדישער האנדעל פון יפו פערפינפפאכט געווארען. אין 1885 איז דער אימפּארט פון יפו ווערט געווען 287.740 ענגלישע פונט (7.193.000 פראנק) און דער עקספּארט — 132.579 ע. פּ. (3.314.000 פראנק). אין 1913 האָט שוין דער אימ־פּארט בעטראפען די סומע פון 1.312.659 פונט (אָדער 32.816.000 פראנק), און דער עקספּארט — 745.413 פונט (18.135.000 פראנק).

יפו׳ר פּאָרט

די ענטוויקלונג פון יפו׳ר אויסלענדישען האנדעל אין פערלויף פון 1894—1813 (אין פונט־שטערלינג).

| יאָהר | עקספּאָרט | אימפּאָרט |
|---|---|---|
| 1894 | 285.604 | |
| 1895 | 282.906 | 275.990 |
| 1896 | 373.447 | 256.090 |
| 1897 | 309.389 | 306.630 |
| 1898 | 306.780 | 322.430 |
| 1899 | 316.158 | 390.260 |
| 1900 | 264.950 | 382.405 |
| 1901 | 277.635 | 426.310 |
| 1902 | 203.390 | 405.550 |
| 1903 | 322.335 | 439.775 |
| 1904 | 295.300 | 473.320 |
| 1905 | 370.000 | 460.000 |
| 1906 | 500.000 | 660.000 |
| 1907 | 484.340 | 809.000 |
| 1908 | 556.370 | 803.400 |
| 1909 | 560.935 | 973.143 |
| 1910 | 636.145 | 1.002.450 |
| 1911 | 710.660 | 1.169.910 |
| 1912 | 774.162 | 1.090.019 |
| 1913 | 745.413 | 1.312.695 |

ייִנפלוס פון ידישען ישוב.

זעהר א גרויסען טייל אין דער אויפשוואונג פון אימפּארט און עקספּארט האָט די נייע אידישע איינוואנדערונג אין יפו און ירושלם און די ענטוויקלונג פון די אידי־שע קאָלאָניעס אין יהודה. פון איין זייט האָט דער צופלוס פון די נייע עלעמענטען, מיט העכערע בעדערפנישען און א גרעסערע קויף־קראפט אין א גרויסער מאָס פער־גרעסערט דעם אריינפיהר פון פיעלע אויסלענדישע קאָנסום־ארטיקלען, ווי אייראָ־פּעאישע מעהל, גאלאנטערי־ווארען, גלאזווארג, מעבעל, קליידער־שטאָף, קליידער א. ד. ג. פון דער צווייטער זייט האָבען די העכערע ווירטשאפטס־פארמען, די נייע אינדוסט־

ריעלע צווייגען, בוי־טעטיגקייט פון די נייע איינוואנדערער אין די שטעדט און אין די קאלאניעס ארויסגערופען די נויטווענדיגקייט אין פיעלע רויה־מאטעריאלען און פראדוקציאנס־מיטלען וואס ווערען ניט פראדוצירט אין לאנד און וועלכע די ארטיגע אבגעשטאנענע ווירטשאפט האט פריהער זעהר ווייניג אדער גאר ניט גענוצט, ווי מאטארען, לאנדווירטשאפטליכע מאשינען, כעמישע מיסט, ציגעל, צעמענט, שטיינ־קוילען, האלץ, שטאבאייזען א. ד. ג.

דער אנטייל פון נייעם ישוב אין דער פערגרעסערונג פון עקספארט איז אויך א בעדייטענדער. אראנזשען פערנעמען דעם ערשטען ארט אין דער ליסטע פון עקס־פארט־ארטיקלען (זעה זייט 204). פון דער אלגעמיינער סומע פון 745.413 פונט שטערלינג וואס דער יפו'ר עקספארט האט בעטראפען אין 1913, פאלט אויס אויף אראנזשען אליין 297.700 פ. ד. ה. אונגעפעהר 40 פראצענט פון גאנצען עקספארט. צו דיזער סומע האבען די אידישע קאלאניעס ארום יפו בייגעטראגען בערך 25—20 פראצענט. דער עקספארט פון וויין, וואס פערנעמט דעם דריטען ארט אויף דער ליסטע, איז 90 פראצענט אידישער. די אידישע קאלאניעס האבען אויך א בעדיי־טענדעם חלק אין דעם עקספארט פון מאנדלען און אנדערע לאנדווירטשאפטליכע ארטיקלען.

דער אויסווערטיגער האנדעל פון חיפה בעשטעהט פון עקספארט פון ווייץ, גערשט, סעזאם, אויל, זייף, און וויין, און אימפארט פון צוקער, פעטראלעאום, רייז, קאפע, בוימוואלווארע, שטיינקוילען, קליידער, גלאז, אייזענווערק, מעהר, האלץ, מעבעל — די אלע זאכען וואס ווערען ניט פראדוצירט און פאבריצירט אין לאנד. חיפה'ר פארט

חיפה בעזארגט מיט אויסלענדישע פראדוקטען דעם גאנצען גליל און דעם חורן, טיילווייז אויך דמשק. דער האנדעל וואס איז פריהער געפיהרט געווארען אין עכו — געהט אלץ מעהר אריבער אין חיפה. אלס צענטראלער פארט פון ארץ ישראל וואס האט די בעסטע פערקעהרס־וועגען מיט דעם גרעסטען טייל פון לאנד, האט חיפה די לעצטע צייט אנגעהויבען צו קאנקורירען אפילו מיט יפו. דער האנדעל פון שכם און שומרון, וואס איז פריהער אין גאנצען געווען אנגעוויזען אויף'ן יפו'ר פארט, הויבט אן אלץ מעהר און מעהר צו בענוצען זיך מיט חיפה.

דער עקספארט פון חיפה איז נאך אבשיידענער, ווייל די אגרארע פראדוקטען פון חיפה'ער ווירטשאפטליכען איינפלוסזאנע — גליל און נארדליכען שומרון — ווע־רען מייסטענס פערברויכט אין לאנד גופא. דערפאר אבער איז דער אימפארט א גאנץ היבשער, און פאר די לעצטע צעהן יאהר (ביז דער וועלט־מלחמה) איז ער בעדייטענד אויסגעוואקסען. לויט די אנגאבען פון דייטשען קאנסול האט דער אימפארט פון חיפה במשך 9 יאהר (1903—1911) פערגרעסערט זיך אויף 770 פראצענט, און דער עקס־פארט — אויף 200.

די ענטוויקלונג פון חיפה'ר אויסווערטיגען האנדעל אין פערלויף פון 1903—1911 (לויט א בעריכט פון דייטשען קאנסול). די ווערט פון די סחורות איז אנגעוויזען אין דייטשע מארק.

| יאהר | עקספארט | אימפארט | יאהר | עקספארט | אימפארט |
|---|---|---|---|---|---|
| 1903 | 1,750.000 | 1.500.000 | 1908 | 4.500.000 | 3.200.000 |
| 1904 | 2.375.000 | 2.357.000 | 1909 | 3.750.000 | 11.480.000 |
| 1905 | 2.340.000 | 3.140.000 | 1910 | 3.200.000 | 12.320.000 |
| 1906 | 4.000.000 | 3.150.000 | 1911 | 3.500.000 | 11.500.000 |

עקספאָרטירטע ארטיקלען פון יפו אין פערלויף פון 1911—1912.

| ארטיקעל | מענגע (טאָן, קילא, קעסטלעך, א. דג.) 1911 | 1912 | 1913 | ווערט (אין ענגלישע פונט) 1911 | 1912 | 1913 |
|---|---|---|---|---|---|---|
| אראנזשעם (קעסטלעך) | 869.850 | 1.418.000 | 1.608.570 | 217.500 | 283.600 | 297.700 |
| זייף (טאָן) | 4.300 | 7.790 | 6.250 | 144.300 | 254.000 | 200.000 |
| וויין און ספיריטס | | | | 77.600 | 60.400 | 60.530 |
| וואסער מעלאָנען און פרוכטען | | | | 42.000 | 25.000 | 34.000 |
| סעזאם (טאָן) | 4.800 | 1.508 | 1.535 | 98.000 | 30.160 | 31.300 |
| רעליגיעזע ארטיקלען (פעק) | 1.018 | 1.500 | 1.300 | 19.150 | 22.000 | 20.800 |
| לופינען (פערטעל) | 12.100 | 8.500 | 11.000 | 13.180 | 10.620 | 12.560 |
| פעל | | | | 17.150 | 7.400 | 10.530 |
| ראָזינען (טאָן) | 330 | 630 | 530 | 8.675 | 11.088 | 10.400 |
| מאאיז (פערטעל) | 8.600 | 15.000 | 6.400 | 11.900 | 20.250 | 9.500 |
| אָליווען און סעזאם אויל (מעסטלעך) | | | | 14.930 | 4.000 | 6.200 |
| רינד פיה | | | | 5.100 | 4.500 | 5.200 |
| גערשט | | | | | 1.250 | 3.400 |
| מאנדלען (קילאס) | 37.200 | 144.000 | 240.000 | 1.370 | 5.700 | 9.000 |
| קאלאקינטען | | | | 6.525 | 4.000 | 2.350 |
| קנאָכען (טאָן) | 490 | 160 | 171 | 1.470 | 560 | 573 |
| ארבסען | | | | | 354 | 390 |
| פוטער פאר פיה (פערטעל) | 135 | 120 | 150 | 1.030 | 700 | 870 |
| פערשיעדענע ארטיקלען | | | | 30.730 | 28.580 | 30.040 |
| סך הכל | | | | 710.660 | 774.162 | 745.413 |

אימפּאָרטירטע ארטיקלען פון יפו אין פערלויף פון 1911—1913.

| ארטיקעל | מענגע (טאָן, קילא, קעסטלעך, א. דג.) 1911 | 1912 | 1913 | ווערט (אין ענגלישע פונט) 1911 | 1912 | 1913 |
|---|---|---|---|---|---|---|
| בוימוואָל ווארען (פעק) | 7.430 | 6.077 | 5.937 | 262 340 | 243.080 | 240.800 |
| מעהל (טאָן) | 111.545 | 37.325 | .116.450 | 122.700 | 47.776 | 150.625 |
| האָלץ (קוביק מעטר) | 21.274 | 25.150 | 26.210 | 80.400 | 100.000 | 107.000 |
| טאבאק (קעסטלעך) | 9.123 | 5 870 | 8.848 | 72.200 | 50.000 | 67.300 |

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| פעטראָלעאום (קעסטלעך) — — — — | 179.415 | 110.928 | 260.450 | 42.730 | 30.500 | 81.800 |
| רייז (טאָן) — — — — — — — — | 4.655 | 3.870 | 3.677 | 60.860 | 46.440 | 63.430 |
| צוקער (טאָן) — — — — — — — | 3.452 | 2.600 | 3.351 | 64.840 | 41.600 | 53.600 |
| קאפע (טאָן) — — — — — — — — | 344 | 336 | 865 | 22.060 | 30.000 | 51.900 |
| גאַלאַנטעריי ווארען (קעסטלעך) — | 1.510 | 1.775 | 1.560 | 24.060 | 35.000 | 32.800 |
| שטיין קוילען (טאָן) — — — — — | 7.671 | 12.390 | 10.671 | 11.730 | 24.780 | 20.340 |
| שטאב אייזען, רוירען, טרעגער (טאָן) | 2.770 | 2.500 | 3.456 | 23.200 | 20.000 | 24.192 |
| רינד פיה — — — — — — — — | | | | 40.600 | 36.000 | 28.000 |
| גלאָז ווארג (טאָן) — — — — — — | 492 | 420 | 499 | 13.700 | 12.600 | 13.250 |
| מאשין אויל (טאָן) — — — — — — | 325 | 350 | 422 | 7.960 | 10.000 | 11.000 |
| מאשינען (טאָן) — — — — — | 170 | 220 | 255 | 14.650 | 20.000 | 15.320 |
| פעל און לעדער (טאָן) — — — — — | 249 | 220 | 279 | 19.740 | 14.700 | 15.800 |
| אייזענווארג (קעסטלעך) — — — — | 3.623 | 5.068 | 4.415 | 25.200 | 36.500 | 32.200 |
| מעבעל (טאָן) — — — — — — — | 326 | 260 | 256 | 7.300 | 10.000 | 9.280 |
| לערע זעק (טאָן) — — — — — — | 438 | 440 | 470 | 12.360 | 13.200 | 13.523 |
| קליידערשטאָף (קעסטלעך) — — — — | 160 | 221 | 269 | 14.200 | 14.870 | 15.000 |
| צינק קופער קליינאייזען ווארען (טאָן) | 950 | 540 | 987 | 28.400 | 15.000 | 19.000 |
| אַליוועןאויל (טאָן) — — — — — — | 725 | 1.110 | 2.440 | 31.740 | 30.000 | 48.800 |
| מאטארען (טאָן) — — — — — — | 111 | 180 | 165 | 7.380 | 14.000 | 12.750 |
| ציגעל און באקשטיינער (שטיק) — | 1.557.000 | 1.000.000 | 1.830.528 | 7.140 | 5.000 | 7.800 |
| וויין און ספּירימ (קילא) — — — | 950 | 540 | 987 | 28.400 | 15.000 | 19.000 |
| קאָנסערוועז (טאָן) — — — — — — | 410 | 610 | 695 | 21.650 | 30.000 | 33.200 |
| פארב (טאָן) — — — — — — — — | 214 | 180 | 507 | 6.240 | 6.000 | 10.000 |
| געטריקענטע פיש (טאָן) — — — — | 263 | 320 | 409 | 6.120 | 9.600 | 9.800 |
| שרייב־און פּאק־פּאפּיער (טאָן) — | 740 | 350 | 410 | 20.960 | 7.000 | 9.000 |
| זאלץ (טאָן) — — — — — — — — | 870 | 1.350 | 973 | 5.130 | 8.100 | 7.250 |
| בעט שטעלען (פּעק) — — — — | 2.334 | 845 | 1.650 | 3.200 | 1.780 | 3.250 |
| זויערען (טאָן) — — — — — — — | 361 | 320 | 334 | 4.500 | 2.200 | 3.670 |
| קויסטישע סאָדע (טאָן) — — — | 1.227 | 1.000 | 1.150 | 13.900 | 12.000 | 12.700 |
| צעמענט (טאָן) — — — — — — — | 2.207 | 3.000 | 2.810 | 8.330 | 8.100 | 7.850 |
| כעמישע מיסט (טאָן) — — — — — | 275 | 1.000 | 814 | 9.000 | 14.680 | 10.580 |
| אנדערע ארטיקלען — — — — — — | | | | 33.110 | 65.500 | 55.580 |
| סך הכל — — — | | | | 1.169.910 | 1.090.019 | 1.312.695 |

## אימפּאָרט אין חיפה אין פערלויף פון 1904—1913:

| | 1904 | 1905 | 1906 | 1907 | 1908 | 1909 | 1910 | 1911 | 1912 | 1913 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אלקאָהאָל (קילאָם) | | | | | 8.800 | 5.400 | 5.300 | 4.700 | 7.300 | 37.000 |
| קליידערשטאָף (פּעק) | 326 | 250 | 350 | 470 | 625 | 904 | 1.386 | 310 | 220 | 893 |
| שטיינקוילען (טאָן) | 550 | 4.300 | 13.000 | 23.000 | 33.000 | 15.000 | 21.516 | 15.900 | 33.000 | 26.500 |
| קאַווע (זעק) | 1.400 | 1.600 | 2.000 | 1.192 | 1.880 | 2.290 | 1.893 | 857 | 2.507 | 2.113 |
| בוימוואָהל און וואָלענע גוטס (פּעק) | 1.333 | 1.800 | 2.500 | 1.315 | 1.758 | 1.417 | 1.925 | 2.937 | 3.598 | 2.953 |
| מעדיקאַמענטען (קעסטלעך) | 278 | 260 | 300 | 450 | 597 | 1.411 | 1.510 | 640 | 1.211 | 1.181 |
| מעהל (זעק) | 7.218 | 2.000 | 2.650 | 3.805 | 6.000 | 4.203 | 19.886 | 21.670 | 6.667 | 15.600 |
| גלאָז און פּאָרצעלאַן (קעסטלעך) | 620 | 600 | 1.000 | 1.450 | 1.070 | 1.400 | 1.250 | 1.187 | 1.395 | 4.250 |
| אייזענוואַרע (קעסטלעך) | 3.200 | 8.500 | 15.000 | 8.000 | 1.500 | 1.800 | 1.160 | 1.073 | 3.039 | 5.787 |
| אייזען און שטאָל (טאָן) | 7.300 | 3.500. | 18.000 | 23.500 | 709 | 1.607 | 1.543 | 1.792 | 1.413 | 1.731 |
| פּאַק־און שרייבפּאַפּיר (טאָן) | 40 | 50 | 50 | 40 | 55 | 80 | 75 | 83 | 230 | 449 |
| פאַרב־און־ליין־אויל (פעסלעך) | | | | | 1.054 | 2.000 | 2.400 | 2.000 | 1.733 | 2.712 |
| פּעטראָלעאום (פעסלעך) | 25.000 | 18.000 | 55.000 | 51.900 | 35.000 | 79.560 | 80.500 | 85.170 | 60.146 | 101.360 |
| צעמענט (זעק און פעסלעך) | | | | | | | 10.410 | 16.630 | 15.966 | 30.900 |
| רייז (זעק) | 10.000 | 9.500 | 15.000 | 26.500 | 18.700 | 23.077 | 36.158 | 27.960 | 17.130 | 37.657 |
| ספּיריטואָזען, וויין, ביער (פעסלעך) | 1.600 | 1.200 | 1.800 | 2.300 | 2.350 | 3.400 | 4.567 | 5.830 | 5.195 | 5.084 |
| צוקער (זעק) | 7.500 | 1.000 | 6.000 | 7.100 | 12.000 | 35.250 | 41.540 | 51.610 | 23.107 | 85.386 |
| זעק (פּעק) | | | | | 730 | 1.450 | 565 | 350 | 564 | 500 |
| האָלץ (טאָן) | | | | | | 2.100 | 2.560 | 3.050 | 1.155 | 3.500 |
| גאַרן (פּעק) | | | | | | 968 | 940 | 611 | 592 | 698 |
| קאָנסערווען (פעסלעך) | 2.000 | 2.800 | 3.500 | 3.900 | 2.874 | 3.178 | 3.343 | 2.678 | 3.928 | 3.664 |

## עקספּאָרט אין חיפה אין פערלויף פון 1904—1913:

| | 1904 | 1905 | 1906 | 1907 | 1908 | 1909 | 1910 | 1911 | 1912 | 1913 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| גערשט (טאָן) | 800 | 400 | 1.500 | 1.120 | 2.950 | 2.531 | 790 | 478 | 270 | 1.129 |
| לינזען, באָהנען (פעסלעך) | 4.300 | 6.500 | 10.000 | 10.200 | 14.000 | 12.323 | 5.370 | 3.525 | 6.550 | 2.200 |
| סעזאַם (טויזענדער מעסטלעך) | 9.000 | 20.000 | 18.000 | 9.000 | 8.870 | 11.647 | 11.620 | 15.264 | 18.209 | 6.980 |
| ווייץ (פערטלעך) | 48.000 | 75.000 | 54.000 | 58.000 | 92.600 | 85.325 | 33.540 | 24.800 | 70.820 | 32.450 |

## ה. געשיכטע און איצטיגע לאגע פון די שטעדט.

### יפו.

די פאלעסטינישע ברעגעס פון מיטעללענדישען מעער זיינען אויסגעזעצט מיט א גאנצער רייהע שטעדט, וואס האבען אין פערלויף פון דער פיער־טויזענד־יעהריגער ערייגניספאלער געשיכטע פון א"י זעהר אפט געביטען זיך מיט דער ראלע פון הויפט־פארטען און האנדעלס־צענטרען פון לאנד. איינינע פון די שטעדט — ווי צידון, צור, עכו — האבען אין זייער צייט געדיענט אלס צענטרען פון וועלט־האנדעל און אינטער־נאציאנאלען פערקעהר, און זייער ווירטשאפטליכע בעדייטונג און איינפלוס האט זיך פערשפרייט א סך ווייטער פון די גרעניצען פון לאנד. מעהרערע שטעדט האבען אבער געהאט נור א לאקאלע בעדייטונג, און נור אין בעשטימטע פעריאדען. דער אויפ־שוואונג און אונטערגאנג אדער ריקגאנג פון די פערשיעדענע פארטען איז געווען מיים־טענס אבהענגיג פון דעם וועקסעל פון הערשער און ערבאבערער און פון דעם איינ־פלוס און קראפט פון די יעניגע פעלקער וואס האבען פערנומען די געגענד ארום דער פארט־שטאדט. די גרויסקייט פון צור און צידון איז פערבונדען מיט דער בליהונגס־פעריאדע פון די פעניקיאנער, און מיט זייער אונטערגאנג האבען די אמאל וועלט־בעריהמטע האנדעלס־שטעדט פערלארען זייער בעדייטונג עד היום. קסריה האט אויפ־געבליהט אין דערצייט פון דער רוימישער אויבערהערשאפט אין א"י, און צוזאמען מיט איהר אונטערגעגאנגען. עכו איז געווארען רייך און מעכטיג אונטער דער הער־שאפט פון די נוסעי הצלב, און מיט דער פערניכטונג פון דער לאטיינישער מלוכה האט זי פערלארען איהר וויכטיגקייט. די האפען־שטאדט וואס איז אויך א מערקווירדיגען אופן פערבונדען מיט דער אידישער געשיכטע אין ארץ ישראל — איז די שטאדט יפו, דער פארט פון ירושלם. דאס איז געווען דער ערשטער אידישער האפען אויפ'ן ים־התיכון, סיי ביים בית ראשון, סיי ביים בית שני. פון נאכ'ן חורבן בית שני ביז דער מאדערנער אידישער קאלאניזאציע אין א"י. איז דער יפו'ר פארט געוועזען אהן בעזונדע־רער וויכטיגקייט אין לאנד. און אין די לעצטע פערציג יאהר, זינט עס האט זיך אנ־געהויבען די אידישע איינוואנדערונג און הויפטזעכליך א דאנק דער דאזיגער איינ־וואנדערונג, איז יפו געווארען דער וויכטיגסטער פארט און האנדעלס צענטר פון א"י.

יפו איז איינע פון די עלטעסטע שטעדט אין דער וועלט, איינינע דענקען — די עלטסטע שטאדט. לויט אנ'אלטער לעגענדע, וואס ווערט שוין געבראכט ביי די פאר־צייטיגע לאטיינישע געאגראפען (פאמפאניוס מעלא און פליניוס) איז יפו אויפגעבויט געווארען נאך פאר'ן מבול. אנדערע שרייבען צו די אויפבויאונג פון יפו צו יפת בן נח. יוסף פלאוויוס דערצעהלט (מלחמות היהודים 3, 9, 3) אז אין די פעלזען וואס שטארען ארויס פון יפו'ר ים דערקענט מען נאך די צייכען פון די קייטען מיט וועלכע די עטיאפישע פרינצעסין אנדראמעדא איז, לויט'ן גריכישען מיטה, געווען געבונדען ביז פערסעאוס האט זי בעפרייט. דער ערשטער היסטארישער דאקומענט וועגען יפו געפינט זיך אין מצרים, אין דעם אויפשריפט פון טעמפעל אין קארנאק, צווישען די רשימה פון שטעדט וואס טאטמעס דער דריטער פון מצרים האט ערא־בערט אין לאנד כנען (16טען יאהרהונדערט פאר דער קריסטליכער צייטרעכנונג). יפו ווערט אויך איינינע מאל דערמאנט אין די שריפטען פון־אמרנא (15טען יאהרהונ־דערט), און יאביטירי. א מצרישער גובערנאטאר. האט פערוואלטעט מיט יפו און עזה

יפו פאר אי־דישער איינ־וואנדערונג.

אין נאָמען פון פּרעה מלך מצרים. פּונקט ווי היינט איז יפו געווען דאַמאָלס בעריהמט מיט איהרע גערטנער, וואָס ווערען דערמאנט אין „די רייזען פון א מאַהאַר", א מצרישע רייזע־בעשרייבונג פון א"י פון די צייטען פון רעמסס דעם צווייטען (14טען יאָהר־הונדערט). דער נאָמען פון יפו אין די בריעף פון תל־אמרנא שרייבט זיך יאַפו.

ביבלישע תקופה.

יפו ווערט אין דער תורה ניט דערמאנט. אין תנ"ך טרעפט זיך דער נאָמען ערשט אין יהושע (י"ט 46), ביי די גרעניץ פון שבט דנ'ס טעריטאָריע. יפו ווערט ניט איינ־גערעכענט צווישען די שטעדט וואָס זיינען אויסגעפאַלען אויף'ן גורל פון שבט דן, און צו יענער צייט האָט זי ווארשיינליך נאָך ניט בעלאַנגט צו די אידען. עס איז ניט בעוואוסט געגנוי, ווער איז דאַמאָלס געזעסען אין יפו. די פּלשתים וואָס האָבען זיך געפונען אין דער שפלה, זיכליך פון יפו, האָבען די שטאָדט ניט בעזעסען. מעגליך אז יפו איז געווען דאָן א פיניקישע קאָלאָניע. אין שלמה'ס צייטען איז יפו געוואָרען דער פּאָרט פון ירושלם, און חירם מלך צור האָט דורך יפו געשיקט האָלץ פון לבנון



בילד 29
יפו פון דער זייט פון די גערטנער.

פאַר'ן בית המקדש (דברי הימים ב', ב' 15). עס ווייזט אויס אז יפו האָט שוין דאַ־מאָלס בעלאַנגט צו אידען. לויט אן אלטער אידישער טראַדיציע האָבען זיך אין יפו געפונען די וויינקעלער פון שלמה המלך (פּסוקתא דרב כהנא פ' רני עקרה). נאָך דער צושפּאַלטונג פון דער אידישער מלוכה איז יפו ווארשיינליך אוועקגענומען געוואָרען פון די אידען. אין דער צייט פון ירבעם דעם צווייטען זיינען די האַפען שטעדט און צווישען זיי אויך יפו, אונטערגעפאַלען די הערשאַפט פון אשור אונטער רימאַן־ניראַרי דעם דריטען (783—812). צו יענער צייט איז פאָרגעקומען דאָס אנטלויפען פון יונה אין א שיף פון יפו (יונה א' 3). און אין יפו'ר ים, וואָס איז אָפט מאָל אזוי שטור־רעמדיג, אז נאָך היינט קאָן א מאָל א שיף ניט צוקומען צום ברעג, האָבען די מאַטראָ־סען ארייגעוואָרפען דעם אידישען נביא, נאָך דעם ווי זיי האָבען אומזיסט געפּרופט

דערנעהנטערען זיך צו דער יבשה אין גרויסען שטורם. דער מלך חזקיה בן אחז, וואס האט זיך בעפרייט פון דער אשור'ישער הערשאפט האט צוריק איינגענומען די פלשת'יי־שע שטעדט ביז עזה (מלכים ב' י"ח 8), און צווישען זיי אויך יפו. אין דער ביבלי־שער ערצעהלונג ווערט יפו ניט דערמאנט, אבער אן אויפשריפט פון סנחריב מלך אשור דערצעהלט אז די שטעדט בית דגן, בני ברק, חצור און יפו*) פון מלך חזקיה האבען רעוואלטירט געגען אשור, און דערפאר איז סנחריב געקומען מיט זיין ארמעע (701) אין יהודה בעשטראפען דעם אידישען קעניג (זעה מלכים ב' י"ח 13).

צום צווייטען בית המקדש האבען די צידונים און צורים (פעניקיאנער) ווידער אמאל געבראכט האלץ פון לבנון קיין יפו, מיט דער ערלויבניש פון כורש מלך פרס (עזרא ג' 7)). יפו איז דאן צום צווייטען מאל געווארען דער פארט פון ירושלם: זי האט אבער ניט בעלאנגט צו די אידען ביז די חשמונאים. נאך דעם ווי אלכסנדר מוקדון האט אין 333 בעלאגערט און איינגענומען יפו — איז די שטאדט אין פערלויף פון 200 יאהר איבערגעגאנגען פון האנד צו האנד: די מצרישע און סורישע גריכען (פטאלעמאידען און סעלעוקידען) האבען געפיהרט אן אונאויפהערליען קאמפף פאר דער הערשאפט איבער יפו און די אנדערע פארט־שטעדט פון ארץ ישראל און סוריה. אין דער עפאכע פון די מכבים איז די בעפעלקערונג פון יפו געווען א העלעניסטישע אדער העלעניזירטע. אבער עס האבען זיך שוין דארט געפונען אויך אידען. אין דער צייט פון אנטיוכוס עפיפאנוס דעם פערטען האבען די גריכען אין יפו אויף א פער־רעטערישען אופן דערטרונקען 200 אידען אין יפו. יהודה המכבי איז באלד געקומען צו נעהמען נקמה פאר זיינע ברידער און האט פערברענט זייערע שיפען (חשמונאים י"ב). שפעטער (148) האט יונתן החשמונאי איינגענומען יפו, וואס איז דאן געווען בעפעסטיגט. די איינוואוינער האבען צוערשט ארויסגעוויזען א ווידערשטאנד, נור ווען יונתן האט גענומען שטורמען די מויערען פון יפו, האבען זיך די איינוואוינער דערשראקען און געעפענט פאר איהם די טויערען (חשמונאים א', י' 82-84). שפע־טער (144) ווען שמעון האט געהערט אז די יפו'ר גריכען קלייבען זיך צו רעוואלטירען, האט ער אוועקגעשטעלט דארט א אידישען גארניזאן (ח"א, י"ב 39), און ווען ארץ ישראל איז שוין אין גאנצען בעפרייט געווארען פון פרעמדער הערשאפט, האט ער בעפעסטיגט יפו (141) און איינגעארדענט דארט א האפען פאר'ן שיפס־פערקעהר און אויסלענדישען האנדעל פון דער אידישער מלוכה (ח"א, י"ד 5). אידען פון אנדערע געגענדען זיינען דאן געקומען בעזעצען זיך אין דער האפען־שטאדט (ח"א, י"ד 38), און יפו איז געווארען די אידישסטע שטאדט אויפ'ן ברעג ים, אין דער צייט וואס אין אנדערע פארט־שטעדט, ווי עזה, קסריה (סטראטאס טורעם), עכו, דור א. ז. וו. איז א גרויסער טייל פון דער בעפעלקערונג געווען העלעניזירט און פיינדליך צו אידען.

בית שני.

פארט־שטאדט פון חשמונאים.

אין דעם ערשטען יאהר פון יוחנן הורקנוס (135) האט אנטיוכוס פערכאפט יפו, אבער דער רוימישער סענאט, מיט וועלכען יוחנן האט בעגייט דעם פריידענס־בונד, האט בעפוילען אומצוקעהרען יפו און איהר פארט צו די אידען (קדמוניות 13, 9, 2).

*) בית דגן און בני ברק זיינען איצט צוויי דערפער אין דער אומגעבונג פון יפו: בית דגן נעבען ראשון לציון, בני ברק ניט ווייט פון פתח־תקוה. חצור דענקט מען איז אידענטיש מיט דעם דארף „יזור" וואס איז נעבען יפו און מקוה ישראל.

אלכסנדר ינאי (יוחנן דער צווייטער) האט בעפעסטיגט די אומגעגענד פון יפו געגען דעם אנגריף פון אנטיוכוס דעם צוועלפטען, וואס איז דורכגעגאנגען יהודה אויף זיין וועג אין אראביען (קדמוניות 7,15,13).

אין יאהר 63 האט פאמפעיוס צוגענומען יפו פון די אידען, געמאכט זי פאר א פרייע שטאדט און פעראייניגט זי מיט דער סורישער פראווינץ (קדמוניות 14, 4, 4). אבער יוליוס קיסר (צעזאר), וואס האט בעקעמפפט פאמפעיוס'ען האט בעפוילען, אז אלעס וואס האט פריהער בעלאנגט צו די אידען זאל זיי אומגעקערט ווערען. און יפו איז איבערגעגעבען געווארען דעם כהן גדול הורקנוס דעם צווייטען (47). אין דעם קאמפף צווישען הורדוס און מתתיהו דעם צווייטען (אנטיגונוס) איז יפו געשטאנען אויף דער זייט פון לעצטען חשמונאי. און ווען הורדוס האט זיך אומגעקעהרט פון רוים צו ווערען דער קעניג פון יהודה האט ער געמוזט נעהמען יפו מיט כח (מלחמות 1, 15, 3).

ביז דאן איז יפו געווען דער הויפט פארט פון א"י, אבער זינט הורדוס האט אויפגעבויט קסריה (אויף'ן ארט פון סטראטא'ס טורעם) מיט א גרויסען און גערוימען האפען איז יפו אראב פון איהר גדולה. זי איז אבער נאך אלץ פערבליבען א בעדייטענדער צענטר, און ביז'ן חורבן איז זי געווען פון די צוועלף וויכטיגסטע שטעדט אין יהודה, א חוץ ירושלם די הויפט־שטאדט (מלחמות 5,3,3). להיפך פון אנדערע האפען־שטעדט, וואס האבען געהאט א שטארקע ניט־אידישע בעפעלקערונג און א גריכיש־רוימישען אויסזעהן, איז יפו געווען א ריין אידישע שטאדט מיט א שטרענג נאציאנאלען כאראקטער. שטעהענדיג אין נאהענטע בעציהונגען מיט ירושלם, האט אין יפו געהערשט דער זעלבער נאציאנאלער גייסט וואס אין דער הויפט־שטאדט. די גריכישע קולטור וואס הורדוס האט פערשפרייט אין די אנדערע שטעדט האט ניט געהאט קיין צוטרי צו יפו, און בשעת ס'האט זיך אנגעהויבען דער קאמף געגען די רוימישע הערשאפט, אין די האלב־אסימילירטע שטעדט מיט א געמישטער בעפעלקערונג אויף'ן ברעג ים, האבען זיך צוטיילט אין צוויי פיינדליכע לאגערען פאר און געגען די רוימער און האבען ביטער געקעמפפט צווישען זיך, איז יפו געבליבען אייניג און פאטריאטיש, און האט הערואיש געקעמפפט געגען די פרעמדע אונטערדריקער. ווען די רעוואלוציע האט אויסגעבראכען אין 66, און קעסטיוס גאלוס איז געגאנגען מיט אן ארמעע אויף ירושלם, איז ער קדם כל אנגעפאלען אויף יפו, ווען זי איז ניט געווען פארבערייטעט צום קריעג, און דער'הרג'עט 8400 מאן, ראבירט און פערברענט די שטאדט (מלחמות 2, 18, 10).

אידישסטער פארט פון א"י.

יפו איז אבער באלד צו זיך געקומען. בשעת אספסינוס'עס ליגאנען האבען זיך צוגערוקט צו יהודה און חרב געמאכט די גאנצע געגענד, זיינען מאסען אידען געקומען פון די רואינירטע פלעצער און פערזאמעלט זיך אין יפו, און ווייל די גאנצע סביבה איז געווען פערוויסטעט און האט זיי ניט געקענט ערנעהרען, האבען זיי אויסגעבויט שיפען און געמאכט איבערפאלען אויף די סורישע, פעניקישע און מצרישע ברעגעס (מלח' 3, 9, 2). אספסינוס האט דאן געשיקט א שטארקע ארמעע קיין יפו און די אידען זיינען ארויף אויף זייערע שיפען און האבען זיך אוועקגעלאזט אין ים. צום אונגליק האט זיך אויפגעהויבען א שרעקליכער שטורעם, און די ברויזענדע כוואליעס האבען צושמעטערט די שיפען אן די פעלזען וואס שטארען ארויס פון ים און מאכען דעם יפו'ר האפען פאר דעם געפעהרליכסטען ארט אויף'ן גאנצען פאלעסטינישען ברעג. פיעלע שיפען האבען זיך אנגעשטויסען איינע אין די צווייטע, פיעלע

זיינען פערטראגען געווארען ווייט אין ים און דארטען דערטרונקען געווארען. אום ניט אריינצופאלען אין די הענד פון שונא האבען פיעלע אידען אויף די צושעדיגטע שיפען זיך אליין דער'הרג'עט מיט די שווערדען, און דער יפו'ר ים איז געווארען אויף א גרויסען שטח רויט פון בלוט; די, וועלכע די כוואליעס פון ים האבען צוגעשלעפט צו דער יבשה, זיינען דורך די רוימער גרויזאם ערמארדעט געווארען. דער ברעג איז פערפלייצט געווארען מיט טויטע קערפערס. די רוימער האבען דאן איינגענומען יפו און זי צושטערט (מלחמות 3, 9, 3). אספסינוס האט דא איבערגעלאזט אן ארמעע וואס האט נאך מעהר חרב געמאכט די גאנצע געגענד (מלחמות 3, 9, 4).

נאך'ן חורבן נאכ'ן חורבן איז יפו צוריק אויפגעבויט געווארען און אין צייט פון תלמוד זיינען אידען נאך דא געזעסען, און פון זיי זיינען ארויסגעקומען איניגע חכמים, ווי ר' אדא (מגילה ט"ז), ר' חנינא (ירושלמי מו"ק), ר' תנחום (פסיקתא רבתי י"ז), ר' אחא (פ"ר י"ז), ר' נחמן (בראשית י"ג), ר' פנחס (ירושלמי פסחים פ"א), ר' יוחנן (פסיקתא דרב כהנא). דאס קריסטענטום האט דא געפונען א גינסטיגען באדען, און ביז דער אראבישער עראבערונג אין 636 איז יפו געווען די רעזידענץ פון א בישאף. אונטער דער אראבישער הערשאפט איז יפו געווען א קליין אונוויכטיג שטעדטעל.

די געשיכטע פון יפו אין די שטורמדיגע צייטען פון נוסעי־הצלב איז פול מיט בלוטיגע שלאכטען, איבערקערענישען און פערוויסטונגען. אלס נאהענטסטע פארט־שטאדט פון ירושלם, וואס איז געווען דער הויפט ציעל פון די קריסטען, און אלס מיטעל־פונקט אויפ'ן וועג צווישען סוריה און מצרים, פון וואנען די קריסטליכע און מוסלימי־שע ארמעען האבען געמארשירט איינע געגען די אנדערע, האט יפו געהאט א גרויסע סטראטעגישע בעדייטונג פאר ביידע שטרייטענדע צדדים און ארום איהר זיינען פארגעקומען אפטע שלאכטען. און די שטאדט איז פיעל מאל איבערגעגאנגען פון איין צד צום צווייטען, פיעל מאל צושטערט און צוריק אויפגעבויט געווארען. אין 1099 איז זי צום ערשטען מאל אריינגעפאלען אין די הענד פון די נוסעי הצלב. באלדווין דער ערשטער האט זי בעבויט און בעפעסטיגט. די סעלדזשוקען פון אשקלון האבען זי געשטורעמט (אין 1115 און 1122), אבער ניט געקענט זי בייקומען. אונטער דער קריסטליכער הערשאפט האבען זיך דא געפונען ווייניג אידען. רבי בנימין פון טודילא האט אין 1163 געפונען אין יפו ניט מעהר ווי איין איד, א פארבער. אין 1187 האט צלח־א־דין איינגענומען יפו צוזאמען מיט די אנדערע פארט־שטעדט. זי איז אבער ניט לאנג פערבליבען ביי די מוסלימער. אין 1191 האט דער ענגלישער קעניג ריטשארד איינגענומען די שטאדט. מיט 6 יאהר שפעטער איז אהער געקומען מאלך עדיל, צלח־א־דין'ס ברודער, מיט א גרויסער ארמעע. ער האט גענומען די פעסטונגען מיט שטורעם און אויסגע'הרג'עט אלע קריסטען און חרב געמאכט די שטאדט. נאך איהם זיינען געקומען די דייטשען (1198), זיי זיינען אבער באלד פערטריבען געווארען. אין 1204 האבען די קריסטען נאך אמאל איינגענומען יפו, ביז דער מצרישער סולטאן ביבארס האט זיי ענדליך פערטריבען אין 1268. ער האט צושטערט די געביידעס און אוועקגע־שיקט די מארמארנע שטיינער און די האלץ נאך קאהירו. מיט 50 יאהר שפעטער געפינט מען שוין יפו צוריק אויפגעבויט. אבו־ל־פודא (אין 1321) טיילט מיט, אז יפו איז ניט בעפעסטיגט. אבער איהר האפען ווערט בעזוכט פון אלע שיפען וואס קומען אין פאלעסטינא, און הגם די שטאדט איז קליין, האט זי א בעדייטענדען האנדעל און א גוט בעזוכטען מארק. פון דער בעשרייבונג פון רבי יצחק חילו מיט 13 יאהר שפע־טער זעהט מען, אז די שטאדט האט געהאלטען אין וואקסען, ווארום ער טיילט מיט

אז די בעפעלקערונג פון יפו איז רייך און גרויס, און איז טעטיג אין האנדעל פון אויל, בוימוואל, זייף, גלאזווארג, פרוכטען, א. ד. ג. יפו האט דאן געהאט א אידישע קהלה מיט אן אייגענע שול, שולע און א ביבליאטעק.

דער דאזיגער גינסטיגער צושטאנד האט אבער ניט לאנג אנגעהאלטען. אין 1432 האט דער פראנצויזישער רייזענדער בערטראנד דע לא בראקיער געפונען אין יפו ניט מעהר ווי עטליכע געצעלטען בעדעקטע מיט סכך — די שטאדט איז געווען גענצליך צושטערט. דער פאלשטענדיגער חורבן פון יפו האט געדויערט עטליכע הונדערט יאהר. נאך אין 1573 האט רוויואלף ניט געפונען אפילו איין הויז אין יפו, און ער האט ניט געקאנט גלויבען, אז דא איז אמאל געשטאנען א גרויסע און א רייכע שטאדט. אין 17טען יאהרהונדערט האט די רעגירונג דא אויסגעבויט א קליינע פעסטונג פאר א מיליטערישער וואך. און עס האט זיך ביסלעכווייז אנגעהויבען צו שאפען א ישוב אין יפו. ניבור (אין 1766) האט שוין געטראפען דא 4—5 הונדערט הייזער און גערטנער ארום דער שטאדט. וואלני (1783) טיילט מיט, אז פאר דעם אנפאל פון די מצרישע מאמלוקען אין 1778 איז די אומגעגענד פון יפו געווען בעדעקט מיט א וואלד פון אראנזשען, ציטראנען, פאלמען און אליוועז, אבער די מאמלוקען האבען דאס אלץ פערניכטעט. זיי האבען אויסגעהאקט די בוימער פאר ברען-מאטעריאל. די הכנסה פון יפו און איהר ראיאן האט דאן בעלאנגט צו דעם סולטאנס מוטער (די וואלידה), וואס האט דאס אוועקגעגעבען אין ארענדא צו דעם אגא פאר 6.000 פיאסטער. דערפאר האט דער אגא דערהאלטען פאר זיך אלע טאקסעס פון בארען און איינקונפט פון גומרוק (האפען). יפו איז שוין דאן ווידער געווארען דער האפען פון ירושלם, און די פראדוקטען פון לאנד, הויפטזעכליך בוימוואל, זיינען עקספארטירט געווארען דורך איהר פארט. חורבן יפו.

אם ענדע פון 18טען יאהרהונדערט איז יפו ווידער אמאל צושטערט געווארען. דעם 3טען מארט 1799 איז נאפאלעאן געקומען מיט זיין ארמעע פון עזה נאך יפו. די שטאדט איז געווען בעפעסטיגט מיט א מויער און טורעמס, און האט געהאט א גארניזאן פון 4000 מאן. די פראנצויזען האבען אטאקירט יפו און גענומען זי מיט שטורעם. דער גאנצער גארניזאן האט זיך אונטערגעגעבען. נאפאלעאן האט די געפאנגענע ניט געוואלט אוועקשיקען אין מצרים, אום ניט צו דארפען מיט זיי שיקען א טייל פון זיינע אייגענע סאלדאטען. ער האט זיי אויך ניט געוואלט פריי לאזען, זיי זאלען ניט פעראייניגען זיך מיט'ן פיינד — און ער האט בעשלאסען צו טון א שוידערליכע זאך. ער האט בעפוילען אויסצוקוילענען אלע געפאנגענע. אומקערענדיג זיך קיין מצרים נאך זיין מפלה ביי עכו, האט נאפאלעאן פאלשטענדיג חרב געמאכט יפו.

---

די פרידליכע ענטוויקלונג פון דער מאדערנער יפו הויבט זיך אן אין 19טען יאהרהונדערט. נאך דער צושטערונג פון נאפאלעאן האט דער אגא (וויצע-גובערנאטאר) פון יפו, מוחמד אבו נאבות, א מאמעלוק פון ג'זאר פאשא, רעסטאוורירט די מויערען, וואס רינגלען נאך איצט ארום די אלטע שטאדט, אויסגעבויט א פארט, א באזאר און זעהר פיעל געטאן פאר דער זיכערהייט און ארדנונג פון שטאדט. די גערטנער, וואס די פראנצויזען האבען פערניכטעט, זיינען פון דאס ניי פערפלאנצט געווארען, און אין א קורצער צייט זיינען די זאמדען ארום יפו בעדעקט געווארען מיט

כרמים און פרדסים פון אראנזשעז, מאנדלעז, ציטראנעז, אבריקאסעז, גראנאטעז א. ד. ג.
אין די ערשטע דריי פערטעל פון 19טעז יאהרהונדערט איז יפו געוואקסעז זעהר פא־
מעליך. אין 1810 האט זי געצעהלט ארום 3.000 איינוואוינער, אין 1843 — 5.000, וואוקס פון ישוב.
אין 1876 — 8.000. אין די לעצטע פערציג יאהר, זינט ס'האט זיך אנגעהויבעז די
נייע אידישע איינוואנדערונג און ס'זיינעז געגרינדעט געווארעז נעבעז יפו די ערשטע



בילד 30
אראבישער באזאר אין יפו.

קאלאניעס, האט די שטאדט אנגעהויבעז זעהר שנעל צו וואקסעז און די בעפעלקערונג האט זיך פערגרעסערט אויף 4—5 מאל. אין 1880 האט יפו געצעהלט אונגעפעהר 10.000 איינוואוינער, אין 1895 (לונץ—לוח א"י) — 18.000, און אין 1913 — 40.000 — 45.000 (10.000 אידעז, 10.000 קריסטעז, די איבריגע מוסלימער).

מאדערנע יפו.

די איצטיגע יפו קאן איינגעטיילט ווערען אין צוויי הויפט־טיילען: די אלטע שטאדט אין זידען, נעבען דעם „גומרוק“ (טאמאזשניע), וואס איז אויסגעבויט אויף א פעלזיג בערגעל ביים ברעג ים, מיט ענגע, קרומע און שמוציגע געסלעך אויפ׳ן אריענ־טאלישען שטייגער, און די נייע שטאדט אין צפון און מזרח, מיט מעהר ברייטע און גלייכע גאסען. מיט דער אויסנאהם פון ירושלם, וואו א דאנק דער וואקסענדער אי־דישער איינוואנדערונג און דעם גרויסען שטראם פון חלוקה־געלדער און אנדערע וואהל־טעטיגע פאנדען ווערען אויסגעבויט נייע שכונות (שטאדט־פערטלען) איינע נאך די אנדערע, האט יפו צו פערצייכנען די אינטענסיווסטע בוי־טעטיגקייט אין לאנד און די שנעלסטע אויסברייטונג פון דעם שטאדישען שטח. די דייטשע קאלאניע, וואס איז בשעת איהר גרינדונג (1869) געווען אויסער דער שטאדט, איז שוין איצט א אינערליכער טייל פון יפו, און די אידישע קווארטאלען נוה־שלום, נוה־צדק און די נייע מוסטערהאפטע פארשטאדט תל־אביב — די שענסטע ניט נור אין יפו, נאר אין גאנצען לאנד — פערשפרייטען זיך דארט, וואו מיט איינינע צעהנדליג יאהר צוריק איז געווען ניט מעהר ווי א זאמדיגע וויסטעניש.

ארום דער שטאדט, אויף א שטח פון עטליכע מייל ציהען זיך די אראנזש־גערט־נער וואס זיינען בעריהמט מיט זייערע פרוכטען אין אלע וועלט־טיילען. הגם דער ארומיגער באדען איז א זאמדיגער צייכענט ער זיך אויס מיט אן אויסערגעוועהנליכער פרוכטבארקייט, א דאנק די רייכקייט פון וואסער וואס פליסט דא אויף טריט און שריט. אפילו הארט נעבען ים געפינט זיך דא זיסע וואסער נאהענט צו דער אויי־בערפלעכע, און דער בעוואסערטער באדען גיט ארויס ביי די קלענסטע אנשטרענגונג די רייכסטע פרוכטען און גרינסען.

די דאזיגע גערטנער און דער האפען — זיינען די הויפט קוואלען פון יפו׳ס רייכטום. דער יפו׳ר פארט בעדיענט איצט ניט בלויז ירושלם, ווי אין שלמה׳ס צייטען, נאר דאס גאנצע לאנד, פוןביידע זייטען ירדן, און דער גרעסטער טייל פון פא־לעסטינער עקספארט און אימפארט געהט דורך יפו. דא שטייגען אויס די טוי־זענדער טוריסטען און פילגרימען וואס קומען יעהרליך בעזוכען דאס לאנד, און אויך די אידישע איינוואנדערער געהען מייסטענס ארא אין יפו. און דער שיפס, פערזאנען און האנדעלס־פערקעהר פון יפו פערנעהמט דעריבער דעם ערשטען פלאץ צווישען די פאלעסטינישע פארטען.

אין יפו קומען אריין האנדעלס־ און פאסאזשיר־שיפען פון ענגלאנד, רוסלאנד, עסטרייך, פראנקרייך, איטאליע, דייטשלאנד, גריכענלאנד און מצרים. די שיפס־בעוועגונג איז פאר די לעצטע צעהן יאהר כמעט פערדאפעלט געווארען.

שיפסבעוועגונג אין יפו.

| יאהר | דאמפשיפען | טאן | זעגעלשיפען | טאן | יאהר | דאמפשיפען | טאן | זעגעלשיפען | טאן |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1902 | 330 | 503.926 | 285 | 11.161 | 1908 | 672 | 1.014.557 | 531 | 21.815 |
| 1903 | 425 | 576.820 | 340 | 12.429 | 1909 | 744 | 1.154.771 | 482 | 15.648 |
| 1904 | 489 | 704.936 | 409 | 13.711 | 1910 | 707 | 1.115.391 | 807 | 21.379 |
| 1905 | 545 | 803.325 | 426 | 15.653 | 1911 | 633 | 1.025.461 | 756 | 23.630 |
| 1906 | 602 | 907.680 | 522 | 18.277 | 1912 | 587 | 1.014.084 | 565 | 12.079 |
| 1907 | 611 | 912.076 | 398 | 16.885 | 1913 | 665 | 1.160.315 | 676 | 16.166 |

דער ריקגאַנג פון 1911—1912 איז פעראורזאַכט געוואָרען דורך דעם טריפּאָלי־טאַנישען קריעג, וואָס האָט געשטערט די איטאַליענישע שיפען צו בעזוכען די טערקי־שע פּאָרטען. די איינטיילונג פון די שיפען לויט די לענדער פון וואַנען זיי קומען איז אין 1913 געווען ווי פאָלגט:

| | שיפען | טאָן | | שיפען | טאָן |
|---|---|---|---|---|---|
| ענגלאַנד — — — | 170 | 270.361 | דייטשלאַנד — — | 48 | 78.656 |
| עסטרייך — — — | 118 | 228.456 | אַמעריקאַ — — — | 28 | 19.064 |
| רוסלאַנד — — — | 130 | 212.469 | טערקיי — — — | 3 | 1.065 |
| פראַנקרייך — — | 77 | 213.202 | פערשידענע — — | 30 | 32.777 |
| איטאַליע — — — | 61 | 104.265 | סך הכל — — — | 665 | 1.160.315 |

דער וואוקס פון דער שיפס־בעוועגונג אין יפו איז אַ רעזולטאַט פון דעם וואַק־סענדען אימפּאָרט און עקספּאָרט פון לאַנד און פון שטייגענדען שטראָם פון אימיגראַנ־טען (הויפּטזעכליך אידישע), טוריסטען און פּילגרימען.

(וועגען דעם אויסוועדטיגען האַנדעל פון יפו זעה „עקספּאָרט און אימפּאָרט". זייט 202—206).

אַ וויכטיגער פאַקטאָר אין דער עקאָנאָמישער אויפבליהונג פון יפו איז געווען די יפו־ירושלם אייזענבאַהן (87 קילאָמעטער), וואָס איז אויסגעבויט געוואָרען אין 1892 דורך אַ פראַנצויזישער קאָמפּאַניע. די באַהן־ליניע פערבינדט יפו מיט לוד, רמלה און ירושלם, אויך די וויכטיגסטע אידישע קאָלאָניעס אין יהודה: מקוה ישראל, ראשון לציון, רחובות, בן שמן, חולדה, כפר אוריה, ארטוף, מוצא, געפינען זיך אין דער נאָכבאַרשאַפט פון דער ליניע.

די אַנדערע שטעדט וואָס בענוצען דעם יפו'ר פּאָרט — עזה, חברון, בית לחם, שכם, סאַלט, כרך — ליידען נאָך אַלץ פון מאַנגעל אין פערקעהרס־מיטלען. נאָר צווישען יפו—שכם איז פאַראַן אַ שאָסע, און אויך דער געפינט זיך אין אַזא צושטאַנד, אַז די וואָגענס מוזען מעהר פאָהרען איבער די פעלדער, אום אויסצומיידען די גריבער און לעכער פון שאָסע. דער טראַנספּאָרט צווישען יפו און די איבריגע שטעדט (חברון, עזה, סאַלט, כרך) קומט הויפּטזעכליך פאָר אויף גמלים, וואָס קאָסט נאַטירליך זעהר טייער און דויערט לאַנג.

דער מאַנגעל פון פערקעהרס־ און טראַנספּאָרט־מיטלען שטעלט אין געפאַהר די ווייטערע ענטוויקלונג פון יפו אַלס צענטראַלער פּאָרט פון לאַנד. אין די לעצטע יאָהרען האָט חיפה אָנגעהויבען שטאַרק צו קאָנקורירען מיט יפו אין דעם הינזיכט, אַ דאַנק איהר מעהר ענטוויקעלטע און ברייטע אייזענבאַהן ליניע וואָס פערבינדעט זי מיט עבר הירדן (זעה „חיפה"). דערצו איז דער חיפה'ר האַפען פון דער נאַטור בעסער פאַר דעם יפו'ר. ווי אין די אוראַלטע צייטען ציהט זיך ביי דעם ברעג פון יפו אַ רייהע פון גרויסע פעלזען וואָס שטאַרען אַרויס פון ים און פערשטעלען דעם צוגאַנג צו דער יבשה. די פעלזען זיינען זעהר נאָהענט איינער צום צווייטען, און נור אין איינציגע ערטער קאָן אַ קליין שיפעל דורכגעהן מיט גרויס מיה. די ברייזענדע כוואַליעס וואָס שמייסען אונאויפהערליך די פעלזען מאַכען די נאַוויגאַציע אין דעם אָרט זעהר גע־פעהרליך: שיפען מוזען זיך אָבשטעלען אויף אַ היבשען שטח פון דער ווייטענס, און אין שטורמדיגען וועטער, בעזונדערס אין די רעגען־צייט (וואָס פאַלט דאָ אויס

אין ווינטער) קאָנען אָפטמאָל די שיפען וואכען לאנג ניט אראבלאזען דעם אנקער ביי די ברעגעס פון יפו*).

און ווען טראָץ די שוועריגקייטען און שלעכטען צושטאנד פון פּאָרט, איז יפו נאָך אלץ דער וויכטיגסטער האנדעלס־צענטער אין לאנד — איז דאס א דאנק די צאָהלרייכע אראנזשען־גערטנער ארום דער שטאָדט און די אידישע קאָלאָניעס אין יהודה, וואס פּראָדוצירען הויפּטזעכליך פאר'ן אויסלענדישען מארק און עקספּאָר־טירען זייער גוטס — די פרוכטען און פּראָדוקטען פון די פרוכטען. אראנזשען, וויין, מאנדלען, אויל און זייף — דורך יפו, וואס איז פאר זיי דער נעהנסטער פּאָרט. דעסט־גלייכען ירושלם וואָס נעהמט צו בערך 60 פּראָצ. פון דעם גאַנצען אימפּאָרט פון יפו, וועט וואהרשיינליך אויך אין דער צוקונפט זיך בענוצען מיט יפו, וואס איז איהר אם נאָ־הענסטען. דאס גאראנטירט די צוקונפט פון יפו'ר פּאָרט, און הגם חיפה האָט מעהר שאנסען צוליעב איהר צענטראלע לאגע און פון נאטור בעשיצטען האפען צו ווערען מיט דער צייט דער הויפּט־פּאָרט פון לאנד, וועט יפו אויך ווייטער אָהן צווייפעל שפּיעלען א וויכטיגע ראָלע אלס דער פּאָרט פון דער הויפּט־שטאָדט און פון גאנץ דרום ארץ ישראל.

אויסער דעם האנדעל האָט יפו צו פערצייכענען אויך די גרעסטע אינדוסטריעלע־טעטיגקייט אין לאנד. דאָ געפינען זיך 2 מאשינען־פאבריקען, א אידישע און א דייטשע, וואָס בעשעפטיגען זיך הויפּטזעכליך מיט איינשטעלען מאָטאָרען און איינ־ריכטען ברונעמס אין די „ביארעס“ (אראנזש־גערטנער), צוויי צעמענט שטיינפאב־ריקען, וואָס פּראָדוצירען בוי־מאטעריאלען פאר הייזער, 4 מעכאנישע ווערקשטאטען (אידישע), 12 זייף פאבריקען, 10 דאמפף מיהלען (4 אידישע, 4 דייטשע), 1 ביער־ברויעריי (דייטשע), וואָס פּראָדוצירט נור פאר'ן אָרטיגען געברויך. 1 מאקארענען פאבריק, 1 קראָכמאל פאבריק, 2 אייז פאבריקען, 1 מעכאנישע טישלעריי (אידישע) וואָס פאבריצירט קעסטלעך צו פּאקען אָראנזשען און 1 באנבאָנען־פאבריק (אידישע). א חוץ דעם זיינען דאָ פערטראָטען אלערליי האנדווערקער אין א גרעסערע צאָהל (קיין גענויע סטאטיסטיק איז ניטאָ) — טישלער, שמידען, שניידער, בוך־בינדער, שוסטער, גארבערס, שטיינטעשער, מויערער. די בוי־אינדוסטריע און דער פּאָרט בעשעפטיגען א גרויסע צאָהל אונקוואליפיצירטע ארבייטער: אלס טרעגער (אטאלען) און זאמד־ארבייטער, ד. ה. ארבייטער וואָס גלייכען אוים די זאמדיגע טאָלען און בערגלעך ארום דער שטאָדט, וואו ס'ווערען דורכגעלעגט נייע גאָסען.

פונקט ווי יפו איז קאָמערציעל און אינדוסטריעל די ענטוויקעלסטע שטאָדט אין לאנד, אזוי איז דער יפו'ר דיסטריקט דער דייכסטער און קולטיווירטסטער געגענד אין גאנץ ארץ ישראל. יפו איז אדמיניסטראטיוו דער צענטער פון איינע פון די זעקס קאָדא'ס פון ירושלם'ער סאנדזשאק. דער יפו'ר דיסטריקט פערנעמט א שטח פון

*) די פראגע פון בויען א האפען אין יפו איז פיעל מאָל אויפגעהויבען געווארען סיי ביי דער רעגירונג, סיי ביי אויסלענדישע קאפּיטאליסטען. לעצטענס (אין 1912) האָט די געזעלשאפט, צו וועלכער עס געהערט די יפו־ירושלם אייזענבאהן, פערהאנדעלט מיט דער רעגירונג וועגען א קאָנצעסיע צו בויען א האפען. דערביי האָט זי פערלאנגט געוויסע בעדינגונגען בנוגע דער צובויאונג פון נייע אייזענבאהן ליניען וואס זאלען פערבינדען דעם יפו'ר פּאָרט מיט די וויכטיגע פונקטען אין לאנד. די רעגירונג אָבער איז מעהר גענייגט צו געבען דעם פארצוג פון הויפּט־פּאָרט אין לאנד די מעהר נאָרדליכע חיפה, וואס דיענט אלס אויסגאנגס־פונקט פאר דער טערקישער חעדזשאס־באהן, און די פערהאנדלונגען האָבען זיך מיט גאָר ניט געענדיגט. דער האפענבוי אין יפו איז נאָך אלץ געבליבען א זאך פון דער צוקונפט.

אונגעפעהר 1,000 קוואדראט קילאמעטער, אויף וועלכע ס'געפינען זיך 55 אראבישע דערפער, 14 אידישע און 3 דייטשע קאלאניעס.

צו יפו'ער קאדע געהערען אויך די צוויי שטעדט לוד און רמלה. די לאנדווירט־שאפטליכע בעפעלקערונג פון דער קאדא איז אונגעפעהר 30.000, דערונטער 7,000 אידען און 460 דייטשען. דער באדען פון דעם ראיאן געהערט צו די וואסער־רייכסטע און פרוכטבארסטע אין גאנץ ארץ ישראל און די בעסטע פרוכטגערטנער פון לאנד — אראנזשען, מאנדלען, זיתים, וויינשטאק — זיינען דא קאנצענטרירט. ארום יפו אליין זיינען פערפלאנצט בערך 1.000 ביארעס (אראנזשען־גערטנער), ארום לוד און רמלה געפינען זיך גרויסע אליוועו־גערטנער, און די פלאנטאציעס פון די אידישע קאלאניעס — די כרמים און פרדסים פון פתח־תקוה, ראשון לציון, רחובות, נס־ציונה, מקוה־ישראל, בן־שמן, חולדה, באר־יעקב, עין גנים און אנדערע, — זיינען די בעסטע אין גאנץ ארץ ישראל.

דא געפינען זיך אויך די גרויסע אידישע וויין־קעלערען מיט דעם צענטער אין ראשון לציון וועלכע פראדוצירען 90 פראצענט פון דעם גאנצען וויין וואס ווערט עקספארטירט אין אויסלאנד. דער יעהרליכער עקספארט אין אראנזשען, וויין און מאנדלען פון יפו'ר דיסטריקט בעטרעפט די סומע פון אכט מיט א האלבען מיליאן פראנק, אין דעם בעטייליגען זיך די אידישע קאלאניעס מיט בערך דריי מיליאן פראנק.

אבער אויך אין דעם נאטור־רייכען און אין פערגלייך מיט אנדערע ערטער אין לאנד, ענטוויקעלטסטען געגענד פון ארץ ישראל, ווערט פארלויפיג נור זעהר א קליינער טייל פון די נאטירליכע אוצרות אויסגענוצט און צוועקמעסיג עקספלואטירט. דער יפו'ר ראיאן וואס בעשטעהט פון זידליכע שרון־טאל איז כמעט דורכאויס פלאכלאנד, און קאן לייכט אין גאנצען בעוואסערט ווערען. א חוץ דער רייכקייט פון אונטער־ערדישע וואסער, וואס געפינט זיך דא אין די אויבערפלעכליכע שיכטען פון באדען, פערמאגט דיזער דיסטריקט א גרויסען אוצר פון טייך־וואסער: 10 קילאמעטער נארדליך פון יפו פאלט אריין אין ים דער טייך עוג'ה (מי־הירקון), דער צווייטער טייך אין ארץ ישראל לויט זיין גרויס, וואס קען בעזארגען די שטאדט מיט עלעקטרישע קראפט און בעוואסערען די גאנצע אומגעבונג. לויט די אויסרעכנונג פון פאך־מענער איז די עוג'ה אומשטאנד צו בעוואסערען איבער 600.000 דונאם לאנד — ד. ה. 20 מאל אזוי פיעל ווי דער שטח ביארעס וואס ווערט איצט בעוואסערט אין יפו'ר דיסט־ריקט.

א אידישע בעוואסערונגס־געזעלשאפט האט מיט עטליכע יאהר צוריק איינגעריכ־טעט נעבען די קוואלען פון דער עוג'ה א פאמפע וואס ווערט בעטריבען מיט א זויג־גאז־מאטאר פון 80 פערד־קראפט, און האט דורכגעלעגט אויף א שטרעקע פון עטליכע קילאמעטער רעהרען צו בעוואסערען די אידישע פרדסים אין פתח־תקוה; דערמיט ווע־רען פערשפארט די גרויסע הוצאות פון איינצעלנע ברונימס. די ווייטערע פערברייטונג פון אזעלכע אונטערנעמונגען וועלען געבען א געוואלדיגען אנשטויס דער ענטוויקלונג פון אינטענסיווער פלאנצונגס־ווירטשאפט אין דעם גאנצען געגענד. דערוויילל אבער ווערען די אונשאצבארע קרעפטען פון דער עוג'ה פערנאכלעסיגקייט מחמת פאליטישע שטערונגען.

א פראיעקט וואס איז פארגעשלאגען געווארען דער רעגיערונג פאר א ברייטע עקספלואטאציע פון דעם טייך צוליעב עלעקטרישע קראפט־בעזארגונג און פלאנמעסיגע

אירינאציע פון דעם גאנצען ראיאָן — איז צוריקגעוויזען געוואָרען, און די וואסערען פון דער עוג׳ה פליסען נוצלאָז אין ים ווי מיט טויזענדער יאָהרען צוריק.

אין דרום זייט פון יפו ציהען זיך אויף א לאנגע שטרעקע גרויסע זאמד־דיונען, וואָס דערגרייכען אין איינינע ערטער 3—4 מיילען אין דער ברייט. אין פערלויף פון דער הונדערטיעהריגער פערנאכלעסיגונג האָבען זיך די זאמדען פון ים פראנק און פריי אַלץ ווייטער און ווייטער אריינגערוקט אין לאנד און פערשאָטען די רייכע, פרוכטבארע באָדענס פון ברעג. אין די גאָר אלטע צייטען זיינען די זאמדען דאָ ניט געווען, און דער גאנצער ברעג איז געווען הויך קולטיווירט. די געגענד ארום יבנה (ניט ווייט פון די אידישע קאָלאָניעס ראשון לציון און רחובות) איז לויט דער עדות פון גריכישען געאָגראף סטראבאָ, וואָס האָט געלעבט אין לעצטען יאָהרהונדערט פאר׳ן חורבן בית שני, געווען אזוי געדיכט בעפעלקערט, אז דער אָרט אליין האָט געקאָנט ארויסשטעלען 40.000 סאָלדאטען, וואָס מיינט א ישוב פון 3—400.000 מאָן. איצט איז דאָרט קוים פאראן א דרייסיגסטעל דערפון.

אין דער אלגעמיינער אָבגעשטאנענקייט פון לאנד האָט יפו מיט איהר סביבה צו פערצייכענען פאר די לעצטע 40 יאָהרען א גרויסען פּראָגרעס אויף אַלע געביטען: אין האנדעל, אינדוסטריע און לאנדווירטשאפט. די נייע איינגעוואנדערטע עלעמענ־טען, הויפּטזעכליך אידען, צו טייל אויך דייטשען, מיט זייער קאפּיטאל, אונטער־נעמונגס־גייסט און מאָדערנע ארבייטס־מעטאָדען האָבען דעם פּראָגרעס געשאפען. עס איז אָבער נאָך מעהר ווי אָן אָנהויב ניט געמאכט געוואָרען. פאר דער פולער ענטוויקלונג און רעאליזירונג פון די עקאָנאָמישע מעגליכקייטען וואָס ליגען דאָ פאר־באָרגען זיינען נאָך נויטיג נייע קרעפטען און נייע מיטלען. די אויפבויאונג פון א האפען אין יפו, די אויסברייטונג פון דער אייזענבאהן ליניע, די עקספּלואטאציע פון די וואסער קרעפטען צוליעב אינדוסטריעלע און אגראַרע אונטערנעהמונגען, די בע־פלאנצונג פון די דיונעס מיט וועלדער און די ווייטערע אינטערנסיווירונג פון דער לאנדווירטשאפט — דאס זיינען זאכען וואָס דארפען נאָך דורכגעפיהרט ווערען אין דער צוקונפט, און וואָס וועלען פאָדערען פיעל נייע ארבייט־מיה און קאפּיטאלען.

## לוד.

צווישען רייכע אָליווען־גערטנער אין זידליכען שרון, צו מזרח זייט פון יפו, אין צענטער פון די אידישע קאָלאָניעס פון יהודה, ליעגט דאָס שטעדטעל לוד, די ביבלישע לֹד.

אורשפרונג. לויט די ביבלישע ערצעהלונג, איז לוד אויפגעבויט געוואָרען דורך אלפּעל פון שבט בנימין, און הגם זי האָט זיך געפונען אין דער נחלה פון שבט דן, האָט זי בעלאָנגט צום שבט בנימין (דברי־הימים א׳ ח׳ 12). זי ווערט ניט דערמאָהנט צווישען די שטעדט, וואָס יהושע האָט איינגענומען און פערטיילט, אָבער לויט א תלמודישער טראַדיציע האָט זי שוין עקזיסטירט אין יענער צייט, און צוזאַמען מיט אונו און גיא־החרשים איז זי בעפעסטיגט געוואָרען דורך יהושע. נאָר אין דער מלחמה פון פּלגש־בגבעה איז זי צושטערט געוואָרען, און אלפּעל האָט זי ווידער אויפגעבויט, און שפּעטער האָט זי אסא מלך יהודה בעפעסטיגט (מגילה ד׳). די מאָדערנע ארכעאָלאָגישע פאָרשונגען האָבען געוויסערמאסען בעשטעטיגט די דאָזיגע טראַדיציע פון תלמוד. אין דעם אויפ־שריפט פון קארנאק אין מצרים ווערען דערמאָהנט לוד און אונו צווישען די שטעדט, וואָס טאָטמעס דער דריטער (אין 16־טען יאָהר־הונדערט פאר׳ן אייראָפּעאישען צייט־

רעכענונג, ד. ה. העכער הונדערט יאהר פאר דער אידישער איינוואנדערונג) האט איינ־געגומען אין א"י. פון דעם איז אלזא קלאהר, אז לוד האט שוין עקזיסטירט אין יהושע בן נון'ס צייטען.

נאך גלות־בבל האבען 725 מאן פון שבט בנימין*) צוריק אומגעקעהרט אין זרבבל'ס צייטען אין זייערע היימען אין לוד, חדיד און אונו (עזרא ב' 33, נחמיה י"א 35). אין די צייטען פון די חשמונאים האט דעמעטריוס ניקאטאר אבגעריסען לוד פון שומרון און איבערגעגעבען זי, אלס טייל פון יהודה, אין רשות פון יונתן החשמונאי. ווי עס ווערט דערצעהלט אין א בריעף פון דעמעטריוס צו לאסטענעס (חשמונאים א' י"א 34, קדמוניות 13, 4, 9). אין צייט פון בית שני.

נאך דעם טויט פון יוליוס קיסר (צעזאר — 44 פאר קריסטוס) איז קאסיוס, איינער פון די קאנספיראטארס און רוצחים פון צעזארען, געקומען פון רום אין סוריה און האט אנגעהויבען אונטערדריקען יהודה, פאדערענדיג גרויסע טאקסעס. די שטעדט, וואס האבען ניט געקענט בעצאהלען די שווערע שטייערען, זיינען פערשקלאפט געווארען. דאס האט געטראפען מיט די צוויי גרויסע שטעדט גופנא און עמאוס און די צוויי קלענערע לוד און תמנה (קדמוניות 14, 11, 2). ווען אנטאניוס האט בעזיעגט קאסיוס'ען, האט ער בעפרייט די אידען פון לוד און די אנדערע שטעדט, און האט זיי אומגעקעהרט צו זייערע היימען (קדמוניות 14, 12, 2). ווען דער רוימישער פרא־קאנסול געסטיוס גאלוס האט געמארשירט פון קיסריה געגען ירושלים, איז ער פון אנטיפאטרים אריין אין לוד. די גרעסטע טייל איינוואוינער זיינען דאן געווען אין ירושלים אלס עולי־רגל צו יום טוב. גאלוס האט אויסגעהרג'עט די וואס זיינען געבליבען און האט פערברענט די שטאדט (מלחמות 2, 19, 1). פון דארט איז ער אוועק אין ירושלים. די שטאדט איז אבער צוריק אויפ־געבויט געווארען, און אין די צייטען פון חורבן איז לוד געווען פון די עלף הויפט־שטעדט פון יהודה (מלחמות 3, 3, 5). פאר דער בעלאגערונג פון ירושלים איז לוד צוזאמען מיט אנדערע שטעדט פון יהודה אריינגעפאלען אין די הענט פון אספסינוס (מלחמות 4, 8, 1).

נאך דעם פאל פון ירושלים און דעם חורבן פון בית־המקדש איז לוד געווארען פון די וויכטיגסטע אידישע צענטרען אין א"י. נאך פאר'ן חורבן זיינען אין לוד געווען אידישע חכמים (ירושלמי סנהדרין), אבער א גרויסער צענטער פון תורה איז זי ערשט געווארען אין די צייטען פון רבי אליעזר בן הורקנוס, דעם תלמיד פון רבי יוחנן בן זכאי. דער בית־מדרש פון רבי אליעזר האט זיך געפונען אויף דעם ארט, וואו ס'איז געווען די ארענא פאר פערד־רייטער, און רבי יהושע האט געקושט דעם שטיין, אויף וועלכען רבי אליעזר איז געזעסען און געלערענט תורה, און האט געזאגט: דער שטיין איז גלייך צום בארג סיני. און דער וואס זיצט אויף איהם—צום ארון הברית (מדרש רבא, שיר השירים א'). די וויכטיגקייט פון לוד איז דאמאלסט געווען אזוי גרויס, אז די שטאדט האט זיך ביי אידען גערעכענט אלס די צווייטע צו ירושלים (פסיקתא רבתי ח'). דער בית־דין פון רבי אליעזר אין לוד איז פעררעכענט געווארען צווישען די בעסטע בתי־דינים פון אידען (סנהדרין ל"ב). א חוץ רבי אליעזר האבען זיך געפונען אין לוד אנדערע גרויסע חכמים, ווי רבי טרפון, און אויך רבי עקיבא האט דארט געוואוינט פון צייט צו צייט. ווען די חכמים האבען אריינגעלעגט רבי אליעזר אין חרם צוליעב נאכ'ן חורבן.

*) 721 לויט נחמיה ז' 37.

צענטר פון תורה.

זיין עקשנות און האלטען זיך ביי זיין מיינונג געגען אלע אנדערע חכמים, האט ער מיט טרעהרען אין די אויגען מקבל געווען די גזרה פון זיינע חברים. ער האט פערלאזט זיין בית המדרש אין לוד און איז אוועק אין קסריה, אין גליל העליון. בשעת די גזרות און רדיפות פון אדרינוס קיסר, נאכ'ן חורבן פון ביתר (135), האבע די חכמים אנגענו־מען אין לוד די וויכטיגע תקנה, אז אויף אלע עברות פון דער תורה מעג מען עובר זיין, אום ניט געהרג'עט צו ווערען, א חוץ עבודה זרה, גלוי עריות און שפיכות דמים, פאר וועלכע מ'דארף זיך מוסר נפש זיין. די תקנה איז אנגענומען געווארען אין דער „עליה" פון בית־נתזה אין לוד, אין דער אנוועזענהייט פון רבי עקיבא, רבי טרפון, רבי יוסי הגלילי און אנדערע (קדושין מ', סנהדרין ע"ד, ירושלמי, שביעית ד'). אין די פערפאלגונגען פון די רוימער געגען די אידען אין א"י נאכ'ן חורבן, בעזונדערס אין די צייטען פון בר־כוכבא, האט לוד אויך געליטען, און צווישען די הרוגי מלכות זיינען געווען אויך די הרוגי לוד. צווישען די לעצטע זיינען בעריהמט צוויי ברידער, וואס האבען זיך מוסר נפש געווען, כדי צו ראטעווען די אידישע קהלה אין לוד, וועלכע מ'האט חושד געווען אין דער הריגה פון א רוימישע פרינצעסין, און די צוויי ברידער האבען גענומען די שולד אויף זיך און זיינען דערפאר אומגעקומען (תענית י"ח, בבא בתרא י').

ווען די סנהדרין איז אריבער פון יהודה אין גליל, האט לוד א סך פערלארען פון איהר וויכטיגקייט: די צענטרען פון די חכמים זיינען געווען אין צפורי, אושא, שפרעם און טבריה, אבער נאך אפילו אין די שפעטערדיגע צייטען—נאך דעם טויט פון רבי יהודה הנשיא — האט זיך אין לוד געפונען א וויכטיגע ישיבה אונטער דער פיה־רערשאפט פון רבי יהושע בן לוי. דער גרעסטער געלערנטער אין זיין צייט, לויט וועמענס מיינונג ווערט גע'פסק'ענט די הלכה אפילו ווען דאס איז געגען די מיינונג פון אזעלכע חכמים ווי רבי יוחנן און ריש לקיש. אין אלגעמיין אבער האט שוין לוד געהאלטען אין אונטערגעהן אלס אידישער צענטער, און די איינוואוינער פון לוד האבען געהאט א שלעכטען נאמען ביי די גליל'ער, וואס האבען זיי גערופען „גסי־רוח ומעוטי תורה".

ירידה.

צוליעב די רדיפות האט לוד דערגראדירט ניט נאר קולטורעל, נאר אויך מאטעריעל. פריהער איז לוד בעריהמט געווען מיט איהר האנדעל („תגרי לוד" ווערען אפט דער־מאהנט אין תלמוד) און מיט פרוכטבארע אומגעבונג. רבי יעקב בן דוסתאי דערצעהלט, אז ווען ער איז געגאנגען פון לוד אין אונו האבען זיינע פיס א גאנצען וועג געזונקען אין האניג פון פייגען, ד. ה. אז ארום לוד האבען זיך געפונען גרויסע פייגען־גערטנער. שפעטער אבער איז די שטאדט פערארעמט געווארען און מ'האט געזאגט, אז פון די צעהן מאס ארעמקייט, וואס זיינען אראב אויף דער וועלט, האט לוד גענומען ניין (מדרש אסתר א'). אין פיערטען יאהר־הונדערט, אונטער דעם רוימישען קיסר קאנ־סטאנציוס (350) זיינען די פערפאלגונגען געגען אידען אין א"י געווארען אזוי אונ־ערטרעגליך, אז זיי האבען זיך ווידער אמאל געמוזט נעהמען פאר'ן געוועהר. דער צענטער פון נייעם אויפשטאנד איז געווען אין צפורי (גליל התחתון), אבער אויך לוד האט זיך דערינען בעטייליגט. די אידען האבען זיך נוקם געווען אין זייערע פיינד, אבער די נייע לעגיאנען, וואס זיינען געקומען פון רוים, האבען דערשטיקט דעם אויפ־שטאנד. צפורי איז חרוב געווארען און לוד און אנדערע שטעדט האבען אויך שטארק געליטען.

די צאָהל פון די אידען אין לוד איז געוואָרען אַלץ ווענינגער, און פערקעהרט, די צאָהל פון די קריסטען, וואָס האָבען זיך דאָ בעזעצט אין דריטען יאָהר־הונדערט, אַלץ מעהר. אין פיערטען יאָהרהונדערט איז שוין לוד געוואָרען די רעזידענץ פון אַ קריסטליכען בישאָף, און דאָס קריסטענטהום האָט פערנומען דאָס פּלאַץ פון אידענ־טהום אין לוד, אום אין דריי הונדערט יאָהר שפּעטער ארויסגעשטויסען צו ווערען דורך דעם איסלאַם. פון לוד איז געוואָרען דיאָספּאָליס (ד. ה. די שטאָדט פון גאָט). ווי די גריכען, רוימער און קריסטען האָבען גערופען די שטאָדט. דער דאָזיגער נאָמען געפינט זיך אויף מטבעות, וואָס זיינען געגאָסען געוואָרען אין די צייטען פון סעפּטימוס סעווערוס (211—193) און קאַראַקאַלאַ (217—211*). אויך אייסעביוס און הערא:י־מוס דערמאָהנען שוין דעם נאָמען דיאָספּאָליס. ביי דער בעפעלקערונג איז אָבער פער־בליבען דער אַלטער נאָמען, דער אידישער, און נאָך דעם, ווי די שטאָדט איז אדיינגע־פאַלען צו די מוסלימער, איז דער גריכישער נאָמען פערגעסען געוואָרען, און עד היום רופט זיך די שטאָדט ביים נאָמען לוד (ווי אין תלמוד, און ניט לד ווי אין תנ"ך).

ביי די קריסטען איז לוד בעריהמט אַלס דער לעגענדאַרישער געבורטס־אָרט פון הייליגען געאָרג, וועלכער האָט געליטען מאַרטירערטהום אם ענדע פון דריטען יאָהר־הונדערט אונטער די קיסרים דיאָקלעציאַן און מאַקסימיאַן. לכבוד דעם הייליגען האָבען די קריסטען אין זעקסטען יאָהר־הונדערט אויפגעבויט אין לוד אַ קירכע, וואָס איז שפּעטער צושטערט געוואָרען דורך די פּרסים. די קירכע איז אייניגע מאָל צוריק אויפגעבויט געוואָרען און דערנאָך צושטערט געוואָרען דורך די מוסלימער. די איצ־טיגע קירכע פון הייליגען געאָרג בעלאַנגט צו די גריכען. לויט דער מוסלימישער טראַדיציע האָט מחמד ערקלערהט, אז אין דעם „לעצטען טאָג" וועט קריסטוס דער־הרג'ענען דעם אַנטי־קריסט אין לוד, ביי די טויערען פון געאָרג'ס קירכע (די טראַדיציע ווערט שוין געבראַכט ביי מוקדסי אין צעהנטען יאָהר־הונדערט).

ווען די אַראַבער האָבען עראָבערט א"י. איז לוד געווען די הויפּט־שטאָדט פון זידליכען דיסטריקט, וועלכען זיי האָבען גערופען „פּיליסטין". לוד איז דאַן געווען אַ בעדייטענדע שטאָדט, אָבער נאָך דעם ווי רמלה איז אויפגעבויט געוואָרען (716) און דער צענטער איז אַריבער אין דער נייער שטאָדט — האָט לוד אָנגעהויבען אונטער־צוגעהן אַלץ מעהר און מעהר. די בעפעלקערונג פון לוד איז אריבער אין רמלה. אין די צייטען פון די נוסעי הצלב האָט לוד געליטען דעם זעלבען גורל פון איהר נאָהענטע שכנה — רמלה. נאָך דעם שלאַכט פון חטין איז לוד צוזאַמען מיט רמלה אריינגע־פאַלען אין די הענט פון צלח־אל־דין. אין 1271 האָבען די מאָנגאָלען, וואָס האָבען נעהאָלפען דעם ענגלישען פּרינץ עדוואַרד געגען די מוסלימער, חרוב געמאַכט די שטאָדט.

ווען רבי יצחק חילו איז געווען אין א"י (1334), איז לוד געווען ניט מעהר ווי אַ דאָרף. פון דעמאָלסט אָן און ווייטער ווערט לוד כמעט ניט דערמאָהנט ביי די רייזענדע. ווען וואָלני האָט בעזוכט א"י. איז לוד געווען „אַ דאָרף, וואָס זעהט אויס ווי ס'וואָלט נאָר וואָס חרוב געוואָרען דורך שווערד און פייער. פון די הייזקעס פון די איינוואוינער ביז דעם סעראַי פון אגאַ איז אַלץ אַ בארג פון שטויב און חורבות". ס'איז שוין אָבער דעמאָלסט געווען אַ וועכענטליכער מאַרק אין לוד, וואוהין די ארומיגע

*) דער נאָמען דיאָספּאָליס איז שוין פאַרהאַן ביי יוסף פלאַוויוס (מלחמות 1, 6, 4). אָבער ווי ראָבינסאָן האָט שוין בעמערקט (ביבלישע פאָרשונגען 2, 245), בענוצט יוסיפון אויך אָן אַנדער אָרט (קדמוניות 14, 3, 3) פאַר דעם זעלבען אינצידענט דעם נאָמען דעליוס, און ניט דיאָספּאָליס.

פויערים האָבען געבראַכט צו פערקויפען אויסגעארבייטע בוימוואָהל, וואָס איז דע־מאָלסט קולטיווירט געוואָרען אין א"י.

ראָבינסאָן (1838) שרייבט, אַז לוד איז אַ היבש דאָרף מיט קליינע הייזלעך. עס צייכענט זיך אָבער מיט גאָר ניט אויס פון אנדערע מוסלימישע דערפער. אין 1851 האָט לוד געצעהלט, לויט אָפיציעלע אנגאבען, 1.345 מענער, דאָס מאַכט אויס ארום 4.000 נפשות, אין די דערפער פון לוד — 4.400 מענער אָדער 13.200 נפשות. לויט די אנגאבען פון ליעווין אין 1869, איז די בעפעלקערונג פון לוד בעשטאַנען פון 4.850 מוסלימער, 1.940 גריכען, 55 קאַטאָליקען, 5 פּראָטעסטאַנטען — בס"ה 6.850 נפשות. אויב די געבראַכטע אנגאבען זיינען ריכטיג, הייסט דאָס, אַז די בעפעלקערונג איז אין פערלויף פון די 18 יאָהר פערגרעסערט געוואָרען מיט 2.850 נפשות, אָדער ניט בערך 150 אַ יאָהר (3,75 פּראָצענט יעהרליך). דער וואוקס האָט זיך אָבער כמעט גענצליך אָב־ געשטעלט. אין 1913 האָט זיך די איינוואוינערשאַפט פון לוד גערעכענט ניט מעהר ווי 7.000, כמעט אזוי פיעל ווי אין 1869.

געגענוואַרט.



בילד 31

לוד

אויסער קרעמעריי און אַלגעמיינע שטאָדטישע פּראָפעסיעס, בעשעפטיגט זיך לוד אויך מיט גערטנעריי. בעזונדערס מיט אָליווען פּלאַנצונגען. די שטאָדט האָט אייניגע פּרימיטיווע פאַבריקען, וואָס פּראָדוצירען אויל. פון דעם בוימוואָהל האַנדעל, וואָס האָט דאָ עקזיסטירט אין 18־טען יאָהר־הונדערט, איז ניט פערבליבען קיין צייכען. זינט די קאַטאָן פּלאַנצונג האָט אויפגעהערט אין לאַנד. די יפו־ירושלים אייזענבאַהן געהט פאַרביי די שטאָדט, און לוד איז די ערשטע באַהן־סטאַנציאָן נאָך יפו.

1.500 יאָהר, נאָך דעם ווי דער אידישער ישוב אין לוד איז צושטערט געוואָרען, זיינען ווידער אַמאָל אויסגעוואַקסען ארום די אַמאָליגע שטאָדט פון בנימין — נייע אידישע ישובים, און אין 1906 איז נעבען לוד געגרינדעט געוואָרען אַ פאַרם פון אידי־

שעז נאציאנאל־פאנד, בן־שמן, מיט א מאדערנע זייף־פאבריק, און די צאהל אידען, וואס האבען זיך אומגעקעהרט אין דער נייער צייט אין די געגענד פון לוד, איז שוין גרעסער פון די צאהל אידען, וואס האבען זיך אהין אומגעקעהרט אין די צייטען פון עזרא און נחמיה. און לוד מיט איהר אומגעבונג שטעלט מיט זיך איצט פאר אן אונ־געוועהנליך בילד פאר אידען אין אנדערע לענדער: אין שטאדט גופא וואוינען ניט קיין אידען, נאר אין דער סביבה זיינען פארהאן הונדערטער אידישע קאלאניסטען און ערד־ארבייטער, וואס קומען פון צייט צו צייט אין שטאדט צוליעב פערשיעדענע צוועקען, און די ניט־אידישע שטאדטישע בעפעלקערונג ציהט א גרויסען טייל פון איהר חיונה פון די ארומיגע אידישע דערפער.

## רמלה.

ניט ווייט פון לוד, עטוואס מעהר זידליך, אויפ'ן וועג פון יפו נאך ירושלם שטעהט די מיטעלאלטערליכע הויפט־שטאדט פון א"י — רמלה. דער נאמען פון דער שטאדט („רמלה“ בעדייט אין אראביש „זאמד) ווי אויך איהר אבשטאמונג זיינען ריין אראבישע. די טראדיציע אז רמלה איז רמתים צופים (שמואל א' א' 1) האט ניט קיין גרונד. אין פערגלייך מיט אנדערע שטעדט אין א"י איז רמלה זעהר א יונגע שטאדט — זי איז אלט אין גאנצען ארום 1200 יאהר. דער אראבישער היסטאריקער און געאגראף יעקובי, וואס האט געלעבט אין 9טען יאהרהונדערט, דערצעהלט, אז רמלה איז אויפ־געבויט געווארען דורך חליף סולימאן, דער זוהן פון עבד אל מליך (ארום 716). פריהער איז לוד געווען די הויפט־שטאדט פון דער פראווינץ פיליסטין (וואס ענט־שפרעכט דעם געגענד פון יהודה) אבער נאך דעם ווי לוד איז געגאנגען צו גרונדע זיינען די איינוואוינער אריבער אין רמלה, וואס איז דאן געווארען די הויפט־שטאדט פון פיליסטין. די בעפעלקערונג פון רמלה איז געווען דאן געמישט פון אראבער, גריכען און שומרונים. אויף דעם ארט וואו די שטאדט איז געבויט געווארען איז פריהער געווען ניט מעהר ווי זאמדען, און דערפאר האט מען די שטאדט א נאמען געגעבען רמלה. 

*גרינדונג.*

פון דעם שטח פון די ארומיגע חורבות און פון דער גרויסער צאהל ציסטערנעס איז קלאר, אז אין פריהערדיגע צייטען איז רמלה געווען א סך גרעסער ווי איצט, און לויט די ערצעהלונגען פון די אראבישע שרייבער פון 9טען און 10טען יאהרהונדערט איז די נייע רמלה געווען דאן א רייכע און בליהענדע שטאדט. „רמלה — זאגט מקדסי אין 10טען יאהרהונדערט — איז א שעהנע שטאדט און גוט געבויט. איהר וואסער איז גוט און פיעל, איהרע פרוכטען זיינען רייכליך. דער האנדעל איז דא בליהענד און די מארקעטס זיינען אויסגעצייכענט. די דאזיגע הויפטשטאדט שטעהט צווישען פרוכטבארע פעלדער, און זי בעזיצט פראכטפולע גאסטהייזער און פיינע בעדער, געשמאקע שפייז און פערשיעדענע געווירצען, געראומע הייזער, שעהנע מאשעען און ברייטע וועגען. דא וואקסען פייגען און פאלמען, די פעלדער נויטיגען זיך דא ניט אין בעוואסערונג און זיינען פון דער נאטור רייך און פרוכטבאר. די הויפט מאשעע פון רמלה וואס הייסט אל אביאד (דער ווייסער) איז אפילו שעהנער און בחנ'עוודיגער פון דעם מאשעע אין דמשק“. די שטאדט איז געווען ארומגערינגעלט מיט א מויער, און האט געהאט 12 טויערען, פון וועלכע מוקדסי רעכענט אויס אכט ביים נאמען. דער פרס'ישער רייזענדער נאצירי כוזרו האט בעזוכט רמלה אין 1047 און ער שרייבט אין זיין טאג בוך: „רמלה איז א גרויסע שטאדט מיט א הויכע און דיקע שטיינערנע מויער און מיט אייזערנע טויערען. די שטאדט פערמאגט פיעל מארמאר,

*פריהערדיגע גרויסקייט.*

און די מעהרסטע הייזער און געביידעס זיינען מארמארנע. אין 1033 איז דא פאר־נעקומען א שטארקע ערד־ציטערניש, און א סך געביידעס זיינען צושטערט געווארען".
עדריסי אין 1150 שרייבט, אז רמלה און ירושלם זיינען די וויכטיגסטע שטעדט אין ארץ ישראל, און די ערשטע האט א גרויסען האנדעל און הכנסה. ווען די נוסעי־הצלב זיינען אין 1099 געקומען, אין זייער מארש פון אנטיוכיה אין ירושלם נאך לוד, זיינען 500 ריטערס אונטער דער קאמאנדע פון גראף ראבערט פון פלאנדריע געשיקט געווארען צו רעקאגנאסצירען די געגענד פון רמלה, און זיי האבען געפונען די טויערען אפען און די שטאדט פערלאזען פון איהרע איינוואוינער, וועלכע זיינען אנטלאפען נאך אשקלון. די קריסטליכע ארמעע איז גלייך אנגעקומען אין רמלה און נאך דעם ווי זיי האבען דארט פערבראכט דריי טעג, און געגרינדעט א בישאפטום, זיינען זיי אויפ'ן פערטען טאג אוועק נאך ירושלם.

אין 1177 איז די שטאדט אונטערגעצונדען געווארען און האט דערפון שטארק געליטען. צלח אל־דין האט אין 1178 געליטען א מפלה נעבען רמלה פון דעם קריסט־ליכען קעניג באלדווין דעם פערטען, אבער נאך דעם ענטשיידענעם קאמפף פון חטין אין 1187 איז די גאנצע געגענד פון רמלה מיט יפו, אשקלון און ירושלם אריינגעפאלען אין זיינע הענד. ווען דער ענגלישער ריטשארד (לייב־הארץ) האט זיך אין 1191 דער־נעהנטערט צו א"י האט צלח־אל־דין בעפוילען צו צושטערען די פעסטונג פון רמלה. לויט דעם אבמאך וואס איז געשלאסען געווארען אין א יאהר ארום צווישען צלח־אל־דין און ריטשארדען—איז דאס גאנצע ברעג־לאנד פון צור ביז יפו, און דערונטער א העלפט פון לוד און רמלה, פערבליבען ביי די קריסטען. אין 1204 האבען זיי איבערגענומען גאנץ רמלה, און ביז 1266 איז זי פערבליבען אין זייערע הענד. אין דעם לעצטען יאהר איז די שטאדט ענדליך אבגענומען געווארען פון די פראנקען דורך דעם מצרישען סולטאן בייבארס. ווען אבן באטוטא האט בעזוכט רמלה (1355) איז זי נאך אלץ געווען א גרויסע שטאדט. רבי יצחק חילו, דער מחבר פון „שבילי דירושלם" (1334) שרייבט, אז רמלה איז היבש בעפעלקערט און האט א בעדייטענדע צאהל אידען, וואס בעשעפ־טיגען זיך מיט אלערליי מלאכות; אייניגע פון זיי זיינען זעהר רייך. און האבען בוימ־וואל פאבריקען. אין די לעצטע צוויי יאהרהונדערטען פון דער אראבישער הערשאפט איז רמלה אלץ מעהר און מעהר געזונקען; אין 1547 האט בעלאן געפונען כמעט א וויסטע שטאדט. ניט מעהר ווי צוועלף הייזער זיינען נאך געווען בעוואוינט, און די פעלדער ארום דער שטאדט זיינען כמעט ניט בעארבייט געווארען. אונטערגאנג.

וואלני (1785) בעשרייבט רמלה אזוי: „די שטאדט איז רואינירט כמעט אזוי ווי לוד, אלץ האלט אין איינפאלען, אפילו דער סעראי פון אגא (גובערנאטאר). ווען איך האב געפרעגט דעם געהילף פון אגא, פארוואס מען פערריכט ניט דעם סעראי. האט ער געענטפערט: פערריכטען איז גוט, ווען אבער אין א יאהר ארום וועט א צווייטער פערנעמען זיין פלאץ — טא ווער וועט איהם אומקעהרען די הוצאות?" די גערטנער פון איילבירטען ארום דער שטאדט ווערען רואינירט דורך די אונאויפ־הערליכע מלחמות צווישען די צוויי פארטייען. אין שטאדט וואוינען קוים 200 משפחות. דאס ביסעל בעארבייטע בארדען געהער אין גאנצען צו אייניגע פערזאנען, די איבריגע בעשעפטיגען זיך מיט שפינען בוימוואל, וואס ווערט פערקויפט צו די צוויי פראנצויזישע פאבריקאנטען אין רמלה. (ווי מיר האבען געזעהן האט שוין רבי יצחק חילו אין 14טען יאהרהונדערט דערמאנט די בוימוואל פאבריקען, וואס האבען דאן בעלאנגט צו אידען). ס'איז אויך פאראן אין רמלה א פאבריק פון זייף, וואס

ווערט עקספּאָרטירט אין מצרים. אין 1784 האָט דער אַגאַ דאָ אויפגעשטעלט אַ ווינדמיל — די איינציגע אין גאַנץ סוריה און מצרים.

בעפעלקערונג. ווען ראָבינסאָן האָט בעזוכט רמלה (1838) האָט די שטאָדט געצעהלט בערך 3000 נפשות. ביז די אַכטציגער יאָהרען האָט זיך די בעפעלקערונג ניט פערגרעסערט. לויט די אַנגאַבען פון טווירוויט דרייק אין 1872 האָט רמלה געצעהלט 2000 מוסלימער, 500 גריכען, 40 קאַטוילִיקען, 30 גלחים, 12 אַרמעניער, 2 אידען — בסך הכל 2584 נפשות. לויט די אַנגאַבען פון ליעווין האָבען זיך דאָן געפונען 3000 מוסלימער, 400 גריכען, 60 קאַטוילִיקען — בס"ה 3460 נפשות. פּראָפ. סאָצין גיט אָן די קיילעכדיגע ציפער פון 3000, פון זיי 2000 מוסלימער און 1000 קריסטען. אין דער לעצטער צייט איז די בעפעלקערונג פון רמלה פערהעלטניסמעסיג שטאַרק אויסגעוואַקסען — אין 1912 האָט זיך די בעפעלקערונג פון רמלה גערעכענט בערך 7000 נפשות. די אורזאַכען פון דעם



בילד 32

רמלה

דאָזיגען וואוקס זיינען ערשטענס די יפו־ירושלם אייזענבאַהן וואָס געהט פערביי רמלה, צווייטענס די אידישע קאָלאָניזאַציע. רמלה געפינט זיך אין נאָהענטער שכנות מיט ראשון לציון, רחובות, עקרון, נס ציונה, באר יעקב און בן־שמן.

איצטיגער צושטאַנד. דאָס רייכטום פון דער איצטיגער רמלה בעשטעהט אין די פּראַכטפולע גערטנער (פון זיתים) אַרום דער שטאָדט. דער באָדען איז זעהר רייך און פרוכטבאַר און די גערעטעניש איז אויסערגעוועהנליך גוט. אין דער שטאָדט גופא איז ניט פערבליבען קיין שפור פון אַמאָליגער גרויסקייט און רייכטום. די בוימוואָל אינדוסטריע פון 14טען און 17טען יאָהרהונדערט עקזיסטירט שוין מעהר ניט, און דער אַמאָליגער גרויסער האַנדעל פון דער אַראַביש־פּאַלעסטינישער הויפּטשטאָדט האָט ניט איבערגעלעבט די אַראַבישע הערשאַפט. די איינציגע אינדוסטריע וואָס איז פאַראַן אין רמלה — איז די פּרימיטיווע זייפענזידעריי. בכלל בעשעפטיגט זיך די בעפעלקערונג מיט קליין

האנדעל, פערשיעדענע מלאכות און מיט גערטנעריי. א גרויסען טייל פון איהרע הכנסות ציהט די שטאָדט פון די רייזענדער, טוריסטען און פילגרימען, וואס פאהרען פערביי רמלה אין זייער וועג פון יפו נאָך ירושלם און צוריק.

רמלה איז די רעזידענץ פון א מודיר וואס איז אונטערגעווארפען דעם קיימאקאם אין יפו.



בילד 33

דער טורעם אין רמלה, איז אויפגעבויט אין אָנהויב פון 13טען יאָהרהונדערט.

דער אינטערעסאנטסטער מאָנומענט פון שטאָדט איז דער בעוואוסטער „טורם פון רמלה“, אָדער ווי די אראבער רופען איהם „מקם אל ארבעין מע׳זי“ (מאגאזי) — „דער קבר פון די פערציג גבורים“. די הויך פון טורם איז בערך 100 פוס, און דער ארויפגאַנג איז אויף 126 שטיינערנע טרעפ. דער טורם שטעהט אין מערב זייט פון רמלה, בערך 10 מינוט גאנג פון שטאָדט, אין מיטען די רואינעם פון א פיער קאנטיגער מויער און גרויסע אונטערערדישע קעלערס. אויף דעם פּלאץ האָט זיך געפונען די „ווייסע

מאשעע", וואס דער גרינדער פון רמלה, דער חליף סוליימאן, האט אויסגעבויט. פון די ג'מיע איז ניט מעהר פערבליבען ווי דער טורם, וואס האט געדיענט אלס מינארעט. אן אראבישע אויפשריפט אויף דער טהיר פון טורם ענטהאלט דעם דאטום פון 710 נאך דער הג'ירה, דאס הייסט 1310 לויט דעם אייראפעאישען רעכנונג. דער דאטום בעשטעטיגט די ערצעהלונג פון מג'ר א־דין (1495), דער היסטאריקער פון ירושלם, אז דער טורם איז אויפגעבויט געווארען דורך דעם מצרישען חליף נאסיר מוחמד אבן קאלאוואן (1310).

פון שפיץ פון טורם ענטפלעקט זיך פאר'ן צושויער א הערליך בילד. דער גאנצער עמק השרון, פון די הרי יהודה און שומרון ביז'ן ים התיכון, און פון די פיס פון כרמל ביז די דיונעס פון פלשת, מיט די אלע שטעדט און דערפער און אידישע קאלאניעס פון יהודה, שפרייטען זיך אויס אין א פיעל־פארביגע פאנאראמע: די בלויע בערג, די גרינע פעלדער, די אראנזשען גערטנער פון יפו, די אליוועןוועלדער פון לוד און רמלה, די כרמים און פרדסים פון די אידישע קאלאניעס און דער אונענדליכער טיעף בלויער ים.

## עזה.

צוועלף ענגלישע מייל צו צפון זייט פון דער מצרישער גרעניץ איז ראפא, ניט ווייט פון ברעג ים (בערך א שעה גאנג אדער 2 ענגלישע מייל), אויף א בערגעל וואס קוקט אריבער איבער דעם פרוכטבארען געגענד פון די אמאליגע פלשתים, איינגעטונקען אין גערטנער און פרדסים און כרמים שטעהט די אלטע שטאדט עזה*) („די שטארקע") — איינע פון די עלטסטע שטעדט אין ארץ ישראל און אין דער גאנצער וועלט. פון די בעריהמטע פינף פלשתים־שטעדט — אשדוד, אשקלון, גת, עזה און עקרון — איז עזה די איינציגע וועלכער ס'איז געלונגען אין פערלויף פון טויזענדער יאהרען, טראץ די צאהלרייכע איבערקערענישען, מלחמות, חורבנות און פערניכטונגען, איינצו־האלטען איהר וויכטיגקייט און בעדייטונג אין לאנד. און נאך א לאנגער געשיכטע פון גרויסקייט און אונטערגאנג, גלאנץ און פערוויסטונג — פערנעמט איצט עזה לויט איהר עקאנאמישער בעדייטונג און דער גרויס פון איהר בעפעלקערונג דעם דריטען ארט צווישען די שטעדט אין ארץ ישראל**).

עזה איז די ערשטע שטאדט פון א"י וואס ווערט דערמאנט אין דער תורה (בראשית י' 19); אין די אוראלטע מצרישע שריפטען ווערט זי בעצייכענט מיט'ן נאמען גאדאטא, און אין די בריעף פון תל אמרנא (פון 1450 פאר'ן אייראפעאישען צייט־רעכנונג) מיט'ן נאמען עזתי, אין אשוריש חזיתו. די אוראלטע איינוואוינער פון עזה, די עוים, זיינען ארויסגעשטויסען געווארען דורך די פלשתים וואס זיינען געקומען פון כפתור (דברים ב' 23). די פלשתים זיינען לויט דער מיינונג פון פיעלע געלערנטע, ניט קיין סעמיטען, נור זיי האבען זיך סעמיטיזירט אין א"י און איבערגע־נומען די שפראך און דעם קולט פון כנען. זייער איינוואנדערונג נאך א"י איז פאר־

*) אין אראביש ווערט די „עין" פון עזה אויסגעשפראכען העלפט ווי א "חית" און העלפט ווי א „ריש" אדער „גימל", און דעריבער הייסט די שטאדט אין די אייראפעאישע שפראכען „גאזא".

**) פון די אנדערע פיער פלשתים שטעדט איז גת אין גאנצען פערשוואונדען געווארען, און מ'ווייס יעצט אפילו ניט מיט זיכערהייט דעם ארט וואו זי האט זיך געפונען, און די איבריגע דריי — אשדוד, אשקלון און עקרון — זיינען איצט ניט מעהר ווי מיזעראבעלע פלח'ישע דערפער. אויף דעם באדען פון דער לעצטער, וואס רופט זיך אין אראביש עקיר געפינט זיך די אידישע קאלאניע עקרון (אדער ווי זי ווערט אפיצעל גערופען „מזכרת בתיה").

געקומען ארום דעם יאָהר 1100 פאר דער אייראָפּעאישער צייטרעכנונג. און עזה איז געוואָרען איינע פון די הויפּט שטעדט פון די דאָזיגע איינוואַנדערער, וואס האָבען יאָהרען לאנג געפיהרט א ביטערען קאמפּף מיט די אידישע איינוואנדערער, וועלכע זיינען אריינגעקומען אין לאנד פון מזרח זייט. עזה איז אויסגעפאלען אויף דעם גורל פון שבט יהודה, אָבער דיזער שבט „האָט ניט געקאנט עראָבערען די איינוואוינער פון טאָל, ווייל זיי האָבען אייזערנע רייט־וועגען" (שופטים א׳ 19).*

פלשתים.

די פינף סרני הפלשתים פון אשדוד, אשקלון, גת, עקרון און עזה האָבען צוריק־געהאלטען דעם שטראָם פון די אידישע עראָבערער, און אָפּטמאָל אויך אָרויפגעלעגט זייער יאָך אויף די אידען, ווי צ. ב. ש. אין די צייטען פון שמשון. נאָך 40 יאָהר פון אונטערדריקונג איז ערשיענען דער גבור פון צרעה, און עזה איז געווען דער אָרט וואו דער אידישער העלד האָט בעוויזען זיינע גבורות און וואו ער איז ענדליך אריינגעפאַלען אין די הענד פון זיינע פלשתי׳שע פיינד, דורך דעם פעררעאַט און אינטריגעם פון זיין געליעבטע. אין טעמפּעל דגון אין עזה איז שמשון געפאלען, נאָך דעם ווי ער האָט אליין געשטירצט די זיילען פון דער געביידע מיט די אונשטערבליכע ווערטער: תמות נפשי עם פלשתים" (שופטים ט"ז). נאָך לאנגע און ביטערע קעמפּפע מיט די שופטים און די ערשטע צוויי מלכים זיינען די פלשתים ענדליך בעזיעגט געוואָרען דורך דוד׳ן, און עזה איז געוואָרען די גרעניץ שטאָדט פון שלמה׳ס קעניגרייך (מלכים א׳, ה׳ 4). די קומענדע מלכים האָבען אָבער ווידער געמוזט קעמפּפען מיט די פלשתים, און עזה וואס איז ארויס פון אידישען רשות, האָט אנגעטון די אידען פיעל צרות און פערקויפט די געפאנגענע פון יהודה אלס קנעכט צו אדום (עמוס א׳ 6). דערמיט האָט עזה ארויס־גערופען א טיעפען האס און גרויס ביטערקייט מצד די אידישע נביאים עמוס, צפניה און זכריה, וועלכע האָבען פערשאָלטען די שטאָדט פון די פלשתים**) און נביאות געזאגט אויף איהר חורבן און פערוויסטונג. פון די אידישע מלכים נאָך שלמה איז נור חזקיה׳ן געלונגען צו בעזיעגען די פלשתים ביז נאָך עזה (מל"ב י"ח 8).

די געאגראפישע פּאָזיציע פון עזה אויף דער גרעניץ פון מצרים און א"י — האָט צוגעגעבען דער שטאָדט פון די פלשתים א בעזונדערע סטראטעגישע וויכטיגקייט. און אלע מיליטערישע עקספּעדיציעס אויפ׳ן וועג פון מצרים אין פּאָדער־אזיען און פון פּאָדער־אזיען נאָך מצרים האָבען זיך אָנגעשטויסען אויף די וויכטיגע גרעניץ שטאָדט צווישען אפריקא און אזיע, און דעריבער איז עזה כסדר איבערגעגאנגען פון הענד צו הענד. „דער אכט־טאָגיגער מארש דורך די זאמדען פון דער דעלטא, פּאָדערט, ווען אָן ארמעע געהט מיט דעם וועג קיין סוריה, אז עזה, דער ערשטער אברוה פון דער מדבר, זאָל זיך געפינען אין פריינדליכע הענד, און דערפון שטאַמט די כסדר׳דיגע אנשטרענ־גונג פון מצרים צו בעהערשען די שטאָדט. סיי אין די צייטען פון די פרעה׳ס פון 16טען און 14טען יאָהרהונדערטער, סיי אין דער תקופה פון די פטאלעמאידען פון 3טען און 2טען יאָהרהונדערט, געפינען מיר עזה פערנומען אָדער ביטער בעקעמפּפט פון מצרישע מיליטער. אלכסנדר מוקדון אין זיין מארש נאָך מצרים און נאפּאָלעאָן אין זיין מארש נאָך סוריה, האָבען ביידע געמוזט איינגעהמען צוערשט עזה — די פּאָרפּאָסט פון אפריקא, די טהיר פון אזיע" (ג. א. סמיט).

געאגראפישע לאגע און סטראטעגישע וויכטיגקייט.

*) מיט א פסוק פריהער ווערט אפילו בעהויפּטעט, אז יהודה האָט יא איינגענומען עזה, („וילכד יהודה את עזה" שופטים א׳ 18), דאָס שיינט אָבער צו זיין א טעות. אין תרגום השבעים („סעפּטואגינטא") לעזט זיך דער פסוק „און יהודה האָט נ י ט איינגענומען עזה".

**) עמוס א׳ 6—7; צפניה ב׳ 4, זכריה ט׳ 5.

ווי עס דערצעהלט די אויפשריפט אויפ'ן טעמפעל אין קארנאק איז איינער פון די פרעה'ס פון דער 18טער דינאסטיע, דעהוט־מאזים (טאָמטעס) דער דריטער (1515) אריינגעדרונגען אין א"י און גלייך אהן שווערינקייטען איינגענומען עזה, און פון דארט איז ער אוועק ווייטער ביז'ן עמק יזרעאל און האט נעבען מגדו צושלאגען די פעראייניגטע כנען'ישע מלכים. זיין נאכפאלגער, אמענאפוס דער צווייטער האט אין עזה אויפגעבויט א טעמפעל צו די געטין „מוט". ווי ס'ציינט א היעראגליפישער אויפשריפט וואס איז ענטדעקט געווארען אין עזה. דער נאמען פון עזה ווערט איינינע מאל דערמאנט אין די בריעף פון עבד־חיבי. דער גובערנאטאר פון אורוסאלים (ירושלם) צו פרעה מלך מצרים. אין די צייטען פון אמענהאטעפ דעם 3טען איז עזה פערוואלטעט געווארען פון מצרישען גובערנאטאר יאביטירי, און צווישען די שריפטען פון תל אמרנא געפינען זיך בריעף, וואו יאביטירי בעט דעם קעניג בעפרייען איהם פון זיין אמט אין עזה און יפו. און דער גאנצער צייט פון דער 18טער און 19טער דינאסטיעס האבען די מצרים געהערשט אויף גרויסע טיילען פון א"י. און עזה איז געווען זייער גרעניץ פעסטונג, און נאך אין די צייטען פון מענעפטא, דער זוהן פון רעמסס דעם צווייטען (דער פרעה פון יציאת מצרים) איז א מצרישער גארניזאן געשטאנען אין עזה. מעגליך אז די רייהע פעסטונגען וואס סעטי דער ערשטער (פון דער 19טער דינאסטיע) האט אויפגעבויט „אויפ'ן וועג פון די פלשתים"—אויפ'ן מיטעללענדישען ברעג פון מצרים ביז עזה — איז געווען די סבה פאר וואס די אידען האבען אויסגעמידען דעם דאזיגען וועג ווען זיי זיינען ארויסגעגאנגען פון מצרים.

אין פינפטען יאהר פון רחבעם שלמה'ס זוהן, איז פרעה שישק (פון דער 22טער דינאסטיע, 925) אריינגעדרונגען אין א"י (מלכים א', י"ד 25). די געשיכטע פון זיין צוג איז אויסגעקריצט אויפ'ן טעמפעל פון קארנאק, נעבען דער אויפשריפט פון א פריהערדיגען פרעה, און צווישען די איינגענומענע שטעדט ווערט אויך דערמאנט עזה (גזטו). שפעטער איז עזה אריינגעפאלען אין די הענד פון תגלת־פלאסר דער מלך פון גינוה (734). דאס איז געווען דאן, ווען אחז בן יותם, דער מלך פון יהודה, האט זיך געווענדעט נאך הילף צום מלך פון אשור געגען רצין מלך ארם (מלכים ב', ט"ז 1). תגלת פלאסר האט דאן איינגענומען דמשק און א סך שטעדט פון ישראל (מלכים ב', ט"ו 29) און איז אוועק אין דרום, אין לאנד פון די פלשתים. שפעטער האט זיך עזה פעראייניגט מיט מצרים געגען אשור, אבער סרגון האט בעזיעגט די שטאדט. עזה איז געווען אונטערטעניג צו אשור אין די צייטען פון סנחרים (681—705), זיין זוהן אסר־חדון און זיין אייניקעל אסור־בני־בעל. פון די אשור'ישע שריפטען זיינען בעקאנט די נעמען פון די מלכים ח נ ו ן און פון צ ל ־ ב ע ל, וועלכע האבען געהערשט אין עזה אין די צייטען פון אחז, חזקיהו און מנשה.

אין די צייטען פון ירמיהו איז עזה אריינגעפאלען אין די הענד פון פרעה נכה (ירמיה מ"ז 1). ווען כמביזס, דער פרס'ישער קעניג, איז געגאנגען געגען מצרים, איז עזה געווען די איינציגע שטאדט וואס האט געוואגט זיך אנטקעגען צו שטעלען. די שטאדט איז בעלאגערט געווארען (529) און איז אריינגעפאלען צו די פרסים, און ביז אלכסנדר מוקדון איז זי געבליבען אין זייער האנד. ווען אלכסנדר האט געמארשירט פון סוריה נאך מצרים האט עזה אין פערלויף פון פינף חדשים פערהאלטען דעם וועלט עראבערער ביי איהרע פערמאכטע טויערען (332). ווען די שטאדט איז ענדליך געפאלען האט זיך אלכסנדר גרויזאם נוקם געווען: ער האט אויסגעקוילעט די איינוואוינער, פערקויפט די פרויען און קינדער פאר שקלאפען און צושטערט די שטאדט. ווען

אונטער מצרים

אונטער אשור.

אונטער פרס און יון.

עזה איז מיט דער ערלויבעניש פון אלכסנדר'ן צוריק אויפגעבויט געווארען איז זי בעזעצט געווארען מיט גריכישע איינוואוינער. עזה האט אויפגעהערט צו זיין א פלשתישע שטאדט. דא איז געווארען א נייער גריכישער צענטר.

מלחמות מיט השמונאים.

נאכ'ן טויט פון אלכסנדר האבען איבער עזה געקעמפפט די קאנקורירענדע סעלעווקידען פון סוריה און פטאלאמעער פון מצרים. אין די צייטען פון די חשמונאים האט באקכידעס דער סוריער בעפעסטיגט עזה געגען די אידען, אבער יונתן החשמונאי איז אין 145 געקומען מיט זיין ארמעע פאר די טויערען פון עזה און פערברענט איהרע פארשטעדט. די בעפעלקערונג פון עזה האט דאן געבעטען שלום און פערשפראכען איהם זייער הילף. יונתן האט געשלאסען א בונד מיט עזה און גענומען פון איהר מענשען־משכנות און אוועקגעשיקט זיי נאך ירושלם (יוסיפון, קדמוניות 13, 5, 5). דער בונד האט ניט לאנג געדויערט און דער נאכפאלגער פון יונתן, זיין ברודער שמעון, האט בעקעמפפט די שטאדט. שפעטער האט אלכסנדר ינאי (96) נאך א גאנץ יאהריגע בעלאגערונג איינגענומען די שטאדט — די איינוואוינער פון עזה האבען דאן אליין פערברענט זייערע הייזער און געקוילעט זייערע קינדער, אום ניט אריינצופאלען אין די הענד פון הונדערט יעהריגען שונא. די גאנצע שטאדט איז חרב געווארען (קדמוניות 13, 13, 3).

אונטער רוים.

אין יאהר 62 האט דער רוימישער גענעראל פאמפעיוס אוועקגענומען עזה פון די אידען און געמאכט זי פאר א פרייע שטאדט. שפעטער האט גאבינויס (57) אויפגעבויט די שטאדט נעהענטער צום ים. אויגוסטוס צעזאר (30) האט אוועקגעשאנקען די „האפען שטאדט“ עזה צו'הורדוס'ען, אבער נאך זיין טויט איז עזה ווידער צוגענומען געווארען פון די אידען און פעראייניגט מיט סוריה.

אין דעם אויפשטאנד געגען די רוימער, אין דער צייט פון פראקוראטאר געסטיוס פלארוס, האבען די אידען צושטערט עזה ווי אויך אנדערע רוימישע העלענישע שטעדט (65). (מלחמות 2, 18, 1). אבער נאכ'ן חורבן איז עזה ווידער אמאל אויפגעבויט געווארען אלס פרייע, פריווילעגירטע רוימישע שטאדט מיט אייגענע מטבעות און אן אייגענע צייט־רעכנונג. עזה איז דאן געווען א רייכע און א בליהענדע שטאדט אין סוריה, און די לאטיינישע שרייבער ריידען וועגען איהר אלס „די פרעכטיגע, גלענצענדע, בעריהמטע שטאדט, וואס איז גרויס מיט איהר האנדעל און איבערפליסט מיט רייכטום“. הערא‏נימוס (אין 4טען יאהרהונדערט) רעדט נאך אלץ וועגען עזה אלס א גרויסע שטאדט. ביז'ן זעקסטען יאהרהונדערט איז עזה נאך אלץ געווען א צענטר פון היידענטום, און הגם דאס רוב איינוואוינער זיינען געווען געצענדינער האבען די אידישע חכמים ערלויבט אידען וואוינען אין עזה. דער אבגאט פון עזה איז געווען דער אלטער פלשתי'שער גאט מרנא — דער גאט פון רעגען*).

אונטער אראבישער הערשאפט.

אין 634 איז עזה אריינגעפאלען אין די הענד פון עמר אבן אל טסי. איינער פון די אראבישע גענעראלען, וואס זיינען געקומען פון אראבישען האלב־אינזעל צו פערשפרייטען די נייע תורה פון מחמד'ן. פון דאן אן איז עזה א מוסלימישע שטאדט. אין עזה איז געשטארבען דער זיידע פון מוסלימישען נביא, האשים אבן עבד מאנאף, וועלכער האט נאך אין די צייטען פון „ג'האלת“ („אונוויסענהייט“) — ד. ה. פאר דער

*) די סטאטוע פון מרנא („אונזער הערר“ אין אראמיש) איז אין 1880 געפונען געווארען אין תל עג'ול, ניט ווייט פון עזה, און איז אריבערגעפיהרט געווארען אין קאנסטאנטינאפאלער מוזעאום.

ענטשטעהונג פון איסלאם געפיהרט א האנדעל צווישען אראביען און עזה. אין עזה איז אויך געבוירען געווארען איינער פון די פיער גרינדער פון מוסלימישער טעאלאגיע און יוריספרודענץ — מוחמד אבן אידריס שעפי. אין דעם בירגער־קריעג, וואס האט אין 8טען יאהרהונדערט געהערשט צווישען די אראבער אין א"י איז עזה ווי אויך אנדערע שטעדט צושטערט געווארען (796). זי איז אבער ווי אלע מאל ווידער אויפגעבויט געווארען, און הגם זי איז שוין ניט געווען אזוי גרויס און רייך ווי פריהער, איז זי נאך אלץ געווען א בעדייטענדער פלאץ. דער אראבישער געאגראף פון 10טען יאהרהונדערט אל מוקאדאסי, וואס האט פערפאסט זיין געאגראפיע פון א"י אין 985, שרייבט וועגען עזה אלס „א גרויסע שטאדט וואס ליגט אויפ'ן וועג נאך מצרים". ווי ס'ווייזט אויס האט עזה שטארק געליטען פון מלחמות צווישען די מוסלימישע הערשער פון סוריה און מצרים פאר דעם אנקומען פון די נוסעי הצלב, ווייל ווען די ערשטע נוסעי הצלב זיינען אין 1099 געקומען נאך א"י האבען זיי געפונען עזה כמעט אין גאנצען אין רואינען. די שטאדט איז אבער באלד אויפגעשטאנען צו תחית־המתים, און דער שפאניש־אראבישער געאגראף, אידריסי, וואס האט געשריבען אין 1154, בעריכטעט וועגען עזה, אז „זי איז שטארק בעפעלקערט און געפינט זיך אין די הענד פון די גריכען" (די נוסעי הצלב). עזה האט דאן געהאט א פארט מיט'ן נאמען טידא*). דער קריסטליכער קעניג באלדווין דער צווייטער האט אויפגעבויט א פעסטונג אין עזה, וועלכע צלח א־דין איובי (אדער ווי די אייראפעער רופען איהם סאלאדין) האט שפעטער (1170) אומזיסט געפרופט צו צושטערען. אבער נאך דעם ענטשיידענדעם זיעג פון חאטין (1187) איבער די קריסטען, איז עזה צוזאמען מיט דעם גאנצען געגענד אריינגעפאלען אין די הענד פון צלח־א־דין. אין 13טען יאהרהונדערט האבען די שפעטערע נוסעי הצלב פערלארען צוויי מלחמות נעבען עזה (אין 1239 און אין 1244). די שטאדט איז שוין מעהר ניט ארויס פון דער מוסלימישער הערשאפט ביז'ן מארש פון נאפאלעאנען אין 1799.

אין 14טען יאהרהונדערט איז עזה לויט דער ערצעהלונג פון רייזענדער יוהאן מאנדעוויל (1322) „א לוסטיגע און רייכע שטאדט, זעהר א שעהנע און פול מיט מענשען". אויך דער אראבישער רייזענדער אבן באטוטא (1355) דערצעהלט, אז עזה איז א גרויסע און זעהר בעפעלקערטע שטאדט. ארום דער שטאדט זיינען שוין דאן געווען וויינגערטנער, פאלמען און אנדערע פרוכט־בוימער, און פיעלע פון זיי האבען בעלאנגט צו אידען. ווען דער אידישער רייזענדער ר' משולם פון וואלטערא איז געווען אין עזה (1481), האבען זיך דארט די אידען בעשעפטיגט מיט גערטנעריי און וויין־פאבריקאציאן. א חוץ רבנישע אידען זיינען אין עזה אויך געווען קראים און שומרונים, און נאך אין 17טען יאהרהונדערט האט דער קראי שמואל בן דוד געפונען אין עזה א קראימישע שול. בליהונגס־צייט.

ווי ר' משולם דערצעהלט האט עזה געהאט דאמאלס א בעפעלקערונג „ווי די זאמד אויפ'ן ברעג ים". דאס איז נאטירליך א גוזמא. אבער אויך אן אנדער שרייבער פון יענער צייט (פראטרוס פאברי וואס האט געשריבען אין 1483) דערצעהלט, אז עזה איז צוויי מאל אזוי גרויס און בעפעלקערט ווי ירושלם און זעהר רייך און

*) רבי בנימין פון טודילא, וואס האט בעזוכט א"י כמעט אין דער זעלבער צייט (ארום 1160) דערמאנט גאר ניט וועגען עזה, הגם ער בעשרייבט גענוי די נאהענטע אשקלון אלס א גרויסע און שעהנע שטאדט צו וועלכער ס'קומען סוחרים פון אלע זייטען, א דאנק איהר גוטע פאזיציע אויפ'ן גרעניץ פון מצרים.

פערמאָגט א גרויסען האנדעל. אין 17טען יאָהרהונדערט האָט עזה דערגרייכט איהר העכסטע שטופע פון גרויסקייט אונטער דער מוסלימישער הערשאפט. זי איז דאַן געווען די הויפט־שטאָדט פון „פּילּיסטין", און דער פאשא פון עזה איז געווען אונאָב־הענגיג פון דער טערקישער רעגירונג. דער פראנצויזישער רייזענדער ד'ארוויע (1658) און אנדערע האָבען איבערגעלאזט שילדערונגען פון דעם פראכט. רייכטום און שעהנקייט פון עזה פון זייער צייט. אין 18טען יאָהרהונדערט איז עזה אראָב פון איהר גדולה. די אלגעמיינע אונאָרדנונג אין לאנד, די אונאויפהערליכע אינערליכע מלחמות, די אונזיכערהייט פון לעבען און פערמעגען, די אינוואזיאָנען פון די בעדואי־נער א. ז. וו. האָבען דעגראדירט דאס גאנצע לאנד און דערונטער אויך עזה. ווען וואָלני איז געווען אין א"י (1783) איז עזה שוין ניט געווען מעהר ווי א דאָרף — הגם זי איז נאָך אלץ געווען דער זיצפּלאץ פון אגא (גובערנאטאָר) פון „פּיליסטין".

ירידה.

די בעפעלקערונג, אין גאנצען ארום 2000 מאן, האָט זיך בעשעפטיגט מיט קאטאָן און זייף פּראָדוקציאָן אזו האנדעל מיט די קאראוואנען וואס גייען צווישען סוריה און מצרים. עזה איז אויך געווען דער צענטער וואוהין די בעדואינער האָבען געבראכט צו פערקויפען די זאכען וואס זיי האָבען געפלעגט צו רויבען ביי די רייזענדע קאראַ־וואנען און עולי־רגל קיין מכה.

בעפעלקערונג. 19טען יאָהר־הונדערט.

אין 1799 איז עזה אריינגעפאלען אין די הענד פון נאפּאלעאָנען אין זיין מארש פון מצרים נאָך א"י. אונטער דער מצרישער הערשאפט (1832-40) איז עזה געווארען א וויכטיגער צענטער. דער מוטעסעלים (גובערנאטאָר) פון עזה האָט פערוואלטעט מיט גאנץ דרום א"י ביז פעטרא. די בעפעלקערונג פון שטאָדט איז שנעל געוואקסען. וועהרענד אין אָנהויב פון 19טען יאָהרהונדערט האָט עזה געצעהלט נור 5000 נפשות (לויט די אָנ־גאבען פון עלי ביי), האָט די בעפעלקערונג אין 1838 (ווען ראבינסאָן האָט זי בעזוכט) שוין געשטייגט ביז 16.000. דאמאלס איז עזה געווען די גרעסטע שטאָדט אין א"י — וואָרום אפילו ירושלם האָט קוים געהאט 15.000 איינוואוינער. אין פערלויף פון 49 יאָהר איז די שטאָדט כמעט גאָר ניט געוואקסען; אין די אכציגער יאָהרען האָט עזה געצעהלט ארום 18.000 איינוואוינער. פון דאַן אָן אָבער האָט זיך די בעפעלקערונג פערדאָפּעלט. אין 1900 האָט שוין עזה גערעכענט 35.000, און אין 1910 — 40.000 איינוואוינער. אין די לעצטע פאָר יאָהר האָבען פיעלע אויסגעוואנדערט פון עזה אין יפו, חיפה, מצרים און נאָך. און דער ישוב איז פערקלענערט געווארען. איצט צעהלט עזה בערך 35.000 איינוואוינער.

---

די איצטיגע עזה געפינט זיך אויף דעם זעלבען אָרט וואו ס'איז אמאָל געשטאַנען די „שטאַרקע" שטאָדט פון די עוים און פלשתים. הגם ניט וויים פון ים איז עזה דאָך ניט קיין האפען שטאָדט, און די זאמדיגע בערגלעך וואס געפינען זיך צווישען דער שטאָדט און דעם ברעג פערשטעלען פאר עזה דעם אָנזעהן פון ים, וואס ליגט אין גאנצען ארום 2-3 מייל פון שטאָדט. עזה האָט שוין מעהר ניט קיין שפור פון איהר אמאָליגער גרויסקייט, זי פערנעמט אָבער נאָך אלץ א וויכטיגען אָרט אין לאנד. די מויער מיט וועלכע די שטאָדט איז געווען ארומגערינגעלט, עקזיסטירט שוין איצט ניט. דער פאַרצייטיגער פּאָרט מאיומא איז אין גאנצען פערשוואונדען, נור צייכענס אין באָדען ארום דער שטאָדט דערמאנען אָן דער אמאָליגער שטאָדט מויער, פון וועלכע ס'איז ניכר אז די אלטע שטאָדט איז געווען א סך גרעסער פאר די מאָדערנע.

מאָדערנע שטאָדט.

עזה בעשטעהט פון צוויי טיילען: די אויבערשטע, אויף א העכערען פּלאַטאָ, און די אונטערשטע. די גאסען, ווי אין אלע אָריענטאַליש־מוסלימישע שטעדט, זיינען ענג און שמוציג. די הייזער נידריג און כמעט אָהן מאָדערנע פענסטער. די נייערע הייזער זיינען געבויט פון די מאטעריאַלען פון די פאַרצייטיגע געביידעס.

די שטאָדט צוטיילט זיך אין פיער קווארטאַלען אָדער, ווי מ׳רופט דאס אין אראַביש „חארת“:

1) חארט ע־דיראַדזש — אויפ׳ן שפּיץ בערגעל אין דעם מערב׳דיגען שפּוע.
2) חארט ע־תפאח (טופאַד), אין צפון זייט.
3) חארט ע־סעדזשעריע, אין דער נידער, אין מזרח זייט.
4) חארט ע־זייטון, אין דרום.

אין דער מזרח זייט, נעבען „באב־אל כאליל“ (דער חברונ׳ער טויער) ווייזען די



בילד 34
עזה.

אראבער אויפ׳ן קבר פון שמשון הגבור, אָדער ווי די אראבער רופען איהם „אבו־ל־עזם“ — „דער פאָטער פון קראפט“.

גרויסע גערטנער, כרמים און פרדסים רינגלען ארום די שטאָדט פון אלע זייטען, אין צפון און דרום — אויף א שטח פון 4 מייל, און אין מערב ארום 3 מייל. אויפ׳ן נאָרדליכען וועג געפינט זיך א פיער־מייליגע אַלעע פון אלטע בוימער. לויט דער לע־גענדע זיינען די זיתים (אָליוון) פון עזה געפלאנצט געווארען דורך אלכסנדר מוקדון, און עס ווערט בעהויפטעט, אז זינט דער אראבישער עראבערונג איז קיין איין נייער אָליווענבוים דאָ ניט פערפלאנצט געווארען. אומגעגענד פון עזה.

אין די לעצטע יאָהרען האָט מען אָנגעהויבען צו פלאנצען פרדסים (אראנזשען גערטנער) ארום עזה, און לויט די בעריכטען פון ענגלישען קאנסול, זיינען די עזה׳ר אָראַנזשען בעסער פאר די יפו׳ר, סיי אין גרויס, סיי אין טעם. דער באָדען איז זעהר

גינסטיג פאר דער דאזיגער פלאנטאציע, וואסער איז פאראן פיעל, און ניט זעהר טיעף. און די אראנזשען פלאנצונגען האבען א גרויסע צוקונפט אין עזה און אין דער אומ־געבונג. אין דער שטאדט גופא געפינען זיך ארום 20 ברונעמס פון גוטע טרינק וואסער.

די היינטיגע עזה פיהרט שוין מעהר ניט קיין האנדעל מיט מצרישע און סינישע קאראוואנען, דאך טראגט די שטאדט א האלב־מצרישען כאראקטער. די נאהענטקייט פון מצרים פיהלט זיך אין עזה מעהר ווי אין אלע אנדערע דרום שטעדט פון א"י. די מוסלימישע פרויען אין עזה בעדעקען זייער פנים אויפ'ן מצרישען שטייגער, און אויך דער באזאר אין עזה טראגט א מצרישען כאראקטער.

לאנדווירט־שאפט.

ע'ה איז יעצט די רעזידענץ פון א קאימאקאם וואס פערוואלטעט מיט איינער פון די זעקס קאימאקאמיעס (בעצירקען) פון ירושלם'ער סאנדזשאק. דער שטח פון עזה'ר קאימאקאמיע איז בערך 5.000 קוואדראט קילאמעטער און שליסט איין כמעט דעם גאנצען געגענד פון די אמאליגע פלשתים. אויף דעם שטח געפינען זיך 60 דערפער מיט א בעפעלקערונג פון בערך 40.000 נפשות, דארונטער 3 אידישע קאלאניעס (קאסטינע, רוחמה, גדרה) און דריי גרויסע דערפער — מגדל, פאלוג'ה און חאן יונים. אין וועלכע ס'זיצען מודיר'ס. די פראדוקציע פון עזה'ר געגענד בעשטעהט פון ווייץ, דורא, סעזאם, ערבסען, לופין, אלערליי גרינסען, עפעל, מאנדלען, טייטלען, לימאנען, פייגען, טרויבען, אראנזשען, א־ער די הויפט קולטור בעשטעהט פון גערשטען. דער באדען איז זעהר פרוכטבאר און בעזונדערס גינציג פאר גערשטען, וועלכע ברענ־גען נאך היינט, פונקט ווי אין יצחק'ס צייטען א גרויסען ערטראג, הגם די ארבייטס־מעטאדען פון די פלחים און בעדואינער וואס בעשעפטיגען זיך מיט דער גערשטען־קולטור איז זעהר א פרימיטיווע.

פיהצוכט.

א חוץ אקערבוי בעשעפטיגט זיך די בעפעלקערונג אויך מיט פיהצוכט. אין עזה און אין דער אומגעבונג געפינען זיך בערך 7—6 טויזענד גמלים, 170.000 שאף און ציגען, 10.000 קיה. פערד, פרדות און אייזלען זיינען דארט ווייניג. די גמלים ווערען בענוצט אלס דער איינציגער טראנספארט־ און פערקעהרס־מיטעל. פון קיין וואגענס וויים די איצטיגע בעפעלקערונג פון עזה און פלשתים־לאנד ניט, הגם די פארצייטיגע איינוואוינער פון דעם געגענד האבען שוין געהאט אייזערנע רייט־וועגען, וועלכע דער שבט יהודה האט ניט געקאנט בייקומען.

האנדעל.

דער האנדעל פון עזה בעשטעהט הויפטזעכליך פון די לאנדווירטשאפטליכע פרא־דוקטען פון דעם ארומיגען געגענד, און בעיקר פון גערשטען, וואס ווערט געבראכט אין אנהויב זומער קיין עזה אויף גמלים, און ווערט פון דארט עקספארטירט נאך אויסלאנד, מייסטענס נאך ענגלאנד.

די זאכען וואס ווערען אימפארטירט נאך עזה (וואל, טאבאק, נאפט, צוקער, האלץ, קאפע, רייז, אייזען, פארבען, ספירט, קליידער א. ד. ג.) ווערען ניט געבראכט דירעקט פון אויסלאנד, נור פון יפו און בירות. דאס זעלבע איז אויך מיט'ן עקספארט. די סחורות וואס עזה פיהרט ארויס — ווי טעפ, בעדואינישע מלבושים, זייף און לאנדווירטשאפטליכע פראדוקטען (תבואה, גרינסען, פרוכטען )ווערען ניט ארויסגע־פיהרט דורכ'ן ים, נור מיט דער יבשה אויף גמלים אין אנדערע שטעדט און פארטען פון א"י. נור גערשטען ווערט עקספארטירט דירעקט פון עזה מיט'ן ים, מייסטענס קיין ענגלאנד אין ענגלישע שיפען.

דער דורכשניטליכער יעהרליכער עקספארט פון גערשטען פון עזה'ר געגענד איז בערך 6—5 מיליאן פראנק (1,2־1 מיליאן דאלאר). קיין פארט איז אין עזה ניטא. און דער ארויספיהר קומט פאר אויף אן אייגענארטיגען אופן: די גערשטען ווערען אוועקגעפיהרט אין זעק אויף גמלים צום ים, א מהלך פון 2 שעה פון דער שטאדט. דארט ווערט די תבואה אויסגעשאטען אויפ'ן ברעג ים. גאנצע בערג פון גערשטען ווערען אויף אזא אופן אנגעזאמעלט, און ספעציעלע וועכטער ווערען אוועקגעשטעלט צו היטען פאר גנבים. די תבואה ליגט אזוי לאנג ביז ס'קומען אן די ענגלישע שיפען און נעמען זי צו. פאר רעגען האט מען ניט קיין מורא, ווייל זומער רעגענט דארט קיינמאל ניט. אן די בערג גערשטען דערקענען די שיפס קאפיטאנען דעם עזה'ר „פארט", ווייל קיין אנדער צייכען פון א פארט געפינט זיך דארט ניט. עזה פיהרט אויך א האנדעל מיט די בעדואינער פון דרום א"י — זיי געפינען זיך דארט אין א צאהל פון 80.000—60.000. דער סעזאן פון גערשטען — מאי, יוני, יולי — איז די לעבעדיגסטע צייט אין עזה. די שטאדט איז דאן פול מיט לעבען. די איבריגע ניין חדשים איז די שטאדט פערשלאפען.

דער אימפארט פון עזה איז אין די לעצטע דריי יאהר (פאר דער וועלט־מלחמה) שטארק געשטיגען. פון 53.250 ענגלישע פונט אין יאהר 1911 איז ער אין 1912 געשטיגען ביז 96.495, און אין 1913 ביז 108.230 פונט שטערלינג. דער עקספארט איז נאך מעהר געוואקסען. פון 77.150 ענג. פונט אין 1911 איז ער אין 1913 גע־שטיגען צו דער סומע פון 161.120 ענג. פ. (בערך 800.000 דאלאר, אדער 4.000.000 פראנק).

די אימפארטירטע סחורות קומען לרוב פון ענגלאנד, דאסגלייכען דער עקספארט (בעיקר גערשטען) געהט מייסטענס נאך ענגלאנד. אויסער ענגלאנד האנדעלט עזה מיט מצרים, טערקיי, עסטרייך, רוסלאנד, דייטשלאנד, פראנקרייך און אמעריקא.

עזה'ר עקספארט און אימפארט אין די לעצטע דריי יאהרען.

(ס'זיינען אנגעגעבען בלויז די וויכטיגסטע ארטיקלען. די ווערט איז אנגעוויזע־ן אין ענגלישע פונט־שטערלינג).

| | 1911 | 1912 | 1913 |
|---|---|---|---|
| **עקספארט:** | | | |
| גערשטען | 48.000 | 47.632 | 143.820 |
| ווייץ | 12.000 | 738 | |
| וואל | 2.500 | 3.000 | 2.500 |
| מאנדלען | 150 | 1.000 | 800 |
| אראנזשען | 800 | 300 | 1.000 |
| ארבוזען | 2.000 | 1.900 | 400 |
| אייער | 1.000 | 500 | 1.000 |
| **אימפארט:** | | | |
| זאלץ | 1.000 | 800 | 1.000 |
| צוקער | 1.600 | 4.800 | 5.000 |
| האלץ | 4.000 | 2.000 | 1.500 |
| צינק, קופער | | 500 | 500 |
| טאבאק | 8.000 | 7.000 | 10.000 |
| וואלענע סחורות | 5.000 | 3.000 | 3.500 |
| גארען | 8.000 | 7.000 | 6.000 |
| וויין, ספירט | 600 | 500 | 1.000 |
| טייטלען | | | 3.000 |

עזה איז אויך דער צענטער פון האנדעל מיט גמלים. יעהרליך געהען דורך עזה ארום 60.000 גמלים וואס ווערען פערקויפט אין מצרים, א חוץ די וואס פערקויפען זיך אין עזה.

דער שיפס פערקעהר פון עזה געפינט זיך נאך אין עמבריאָנעלען צושטאנד. בלויז אין די זומער חדשים קומען איינציגע ענגלישע שיפען ספעציעל צוצונעהמען די גערשטען פון עזה'ר געגענד. אין די לעצטע יאהרען איז די צאהל שיפען געווען זעהר א קליינע.

1911 — — — — — 5 שיפען מיט א טאנאזש פון 9.434
1912 — — — — — 4 " " 6.730
1913 — — — — — 6 " " 8.007

אויסער דעם מאנגעל פון א פאָרט ווערט דער האנדעל און אין אלגעמיין די ענט־וויקלונג פון עזה אויך געשטערט דורך דעם מאנגעל פון וועגען. הגם די רעגירונג מאַנט אויף א ספּעציעלען וועג־שטייער (דרביה) — ווערען אָבער קיין וועגען ניט געמאכט. אין 1902 האט די רעגירונג אפילו דורכגעלעגט א וועג פון דער שטאָדט צום ים צו — ער איז אָבער אין פערלויף פון איינציגע יאהר פערשאָטען געוואָרען.

קיין שאָסע צווישע עזה און די ארומיגע שטעדט — יפו, חברון, באר־שבע איז ניטאָ, און ווינטער, אין רעגען סעזאָן, ווען די פרימיטיווע וועגען ווערען קאליע, איז כמעט אונמעגליך צוצוקומען קיין עזה פון דרויסען. ערשט אין 1910 האט דער מג'לס עמומי (פראווינציעלער ראט) פון ירושלם בעשלאָסען צו בויען א שאָסע פון יפו נאָך עזה וואס זאָל דורכגעהן די אידישע קאָלאָניעס פון יהודה. דער וועג וואס ווערט גע־מאכט הויפטזעכליך מיט אידישע געלד און ארבייט איז נאָך ניט פארטיג.

א חוץ האנדעל און קרעמעריי בעשעפטיגט זיך די עזה'ר בעפעלקערונג אויך מיט האנד־ארבייט און אינדוסטריע, אויף זעהר א פרימיטיווען אופן. די וויכטיגסטע צווייגען זיינען טעפעריי, וועבעריי און זייפענזידעריי — פון די גרויסע זיידען פראָ־דוקציאָן וועלכע האט געבליהט אין עזה אין זיבענצענטען יאָהרהונדערט, איז ניט געבליבען קיין זכר.

פרימיטיווע אינדוסטריען.

די וועבעריי עקזיסטירט שוין אין עזה א לאנגע צייט. ווען וואָלני האט בעזוכט א"י (אין דער צווייטער העלפט פון 18טען יאָהרהונדערט) האָבען זיך שוין אין עזה געפונען 500 וועב־שטולען. פון דאן אן האט די דאָזיגע אינדוסטריע ניט ענטוויקעלט זיך ווייטער. די ארבייט ווערט געטאן אויף דעם זעלבען פרימיטיווען שטייגער ווי 150 יאָהר צוריק. די צאהל פון די וועב־שטולען איז געוואָרען ווייניגער, און יעצט געפינט זיך שוין ניט מעהר ווי ארום 100 ווערקשטאָטען מיט 200—300 שטולען. (דער צענטער פון וועבעריי איז אריבער אין מג'דל, א דאָרף צווישען עזה און יפו, וואו ס'געפינען זיך איצט ארום 500 וועב־שטולען).

וועבער.

דער גאנצער פאַך איז קאָנצענטרירט אין איין געגענד, ווי דער מנהג איז אין אלע אריענטאלישע שטעדט. די מעהרסטע וועבערייען געפינען זיך אין דער אויבערש־טער שטאָדט, אין חארת בני עמר, און אין דער אונטערשטער שטאָדט איז דא א גאס דורכאויס פון וועבער. די ארבייט איז נאָך זעהר פרימיטיוו, פון קיין מאָדערנע מא־שינען וויים מען נאָך ניט. אין יעדען ווערקשטאָט געפינען זיך עטליכע שטולען. מ'וועבט ליינוואנד, וואָל און בוימוואָל. די וואָל ווערט געליפערט פון עזה'ר געגענד גופא, דער בוימוואָל און די לייוואנד ווערט אימפּאָרטירט פון אויסלאנד, מייסטענס

פון מצרים. די הויפּט פּראָדוקציע איז די אויסאַרבייטונג פון די „אבא"עס — די געשטרייפּעלטע מאַנטלען וואָס די בעדואינער און פלחים טראָגען. די וואָלשפּינעריי ווערט בעזאָרגט דורך די עזה'ר פרויען מיט די אַלטמאָדישע שפּינדלען, וועלכע די פרויען טראָגען אָפטמאָל אויפ'ן קאָפּ, אַרבייטענדיג דערביי מיט די הענד און נאָך מעהר מיט'ן מויל. די פאַבריקאַציאָן ווערט בעטריבען פאַמיליענווייז. דער וועבער האַלט ניט קיין געזעלען און געדונגענע אַרבייטער, נאָר אַרבייט מיט זיין אייגענע בני־בית. זעלבסטפערשטענדליך אַז אונטער אַזעלכע אומשטענדען קאָן קיין גרויס־בעטריב זיך ניט ענטוויקלען. און הגם די אַרבייטס־קאָסטען זיינען דערביי זעהר קליינע איז דער פערדיענסט פון וועבער אונבעדייטענד, און דער גאַנצער פאַך געפינט זיך אין אַ דערשלאָגענעם צושטאַנד. גרעסערע קאַפּיטאַלען, מאָדערנע אַרבייטס־מעטאָדען און די קולטיווירונג פון פלאַקס און בוימוואָל אין א"י וואָלטען אָהן צווייפעל געגעבען אַ נייעם אויפשוואונג דער דאָזיגער אינדוסטריע און וואָלטען מיטגעהאָלפען דער אַלגע־מיינער ענטוויקלונג פון עזה און דער אומגעגענד.

אַ גרעסערע בעדייטונג פאַר דער וועבעריי האָט די טעפּעריי אין עזה. פונקט ווי די וועבער האָבען אויך די טעפּער אַן אייגענעם צענטר אין וועסטליכען אָבהאַנג פון דער אויבערשטער שטאָדט. די צאָהל פון די ווערקשטאַטען איז אַרום 20 — צו 3־4 אויבענס אין אַ ווערקשטאַט. אויך דאָ ווערט די אַרבייט בעטריבען פאַ־מיליענווייז. די קינדער טראָגען דאָס ליים און שטעלען די אויסגעאַרבייטע געשיר צום טרוקענען. די עלטערע מיטגליעדער פון דער משפחה אַרבייטען ביים ראָד און אויוון. די אַרבייטס סיסטעם איז אַ פּרימיטיווע. דאָס גלאַזירען פערשטעהען די עזה'ר טעפּער נאָך ניט. די געשיר וואָס ווערט פאַבריצירט — קליינע טרינק־קריגלעך („שערבע"), וואַסער־קריגען („דזשאַרא") וואָס די פרויען טראָגען אויפ'ן קאָפּ, שיסלען („לעקען"), ליימערנע לעמפּלעך („סיראַדזש"), קאַנאַל־רעהרען א. ד. ג. — ווערט מעהרסטענס געברויכט אין לאַנד גופא, ביי די בעדואינער און פלחים פון יהודה. אַ טייל ווערט אויך געליפערט אויף גמלים אין ירושלם, שכם און עכו. טעפּער..

די שוועריגקייטען פון פערקעהר צוליעב מאַנגעל אין וועגען שטערען דעם וואוקס פון דעם פאַך, וועלכער האָט זאָנסט אַלע מעגליכקייטען צו ענטוויקלען זיך. ווייל די טעפּעריי אין א"י און אין מזרח בכלל האָט אַ גרעסערע וויכטיגקייט ווי אין די איי־ראָפּעאישע לענדער. לויט די אָרטיגע בעדינגונגען איז די ערדענע געפעס מעהר געברויכליך אויפצוגעהמען אַלערליי פליסיגקייטען (וואַסער, אויל, מילך, וויין א. ד. ג.), ווי אַנדערע מאַטעריאַלען. דער מאַנגעל פון האָלץ און דער וואַרימער קלי־מאַט שליסען כמעט אויס הילצערנע און מעטאַלענע כלים פון געברויך. די ערדע־נע כלי האַלט לענגער איין די קאַלטע טעמפּעראַטור, און איז דעריבער ביי אַזאַ קלי־מאַט ווי אין א"י אונבעדינגט נויטווענדיג. די פּראָדוקציאָן האָט דעריבער אַ זיכערען אָבגאַנג אין לאַנד. אויך די נויטיגע רויהע מאַטעריאַלען דערצו — ליים און וואַסער — געפינען זיך איבעראַל און אָהן גרויסע מיה און קאָסטען.

אין די צוויי דערמאָנטע אינדוסטריען — וועבעריי און טעפּעריי — פערנעמט עזה צוזאַמען מיט דעם נאָהענטען דאָרף מג'דל, דעם ערשטען פּלאַץ צווישען אַלע שטעדט אין ארץ ישראל. וואָס אַנבעלאַנגט אָבער די זייפענפאַבריקאַציאָן — וואָס איז די הויפּט אינדוסטריע פון לאַנד — פערנעמט עזה ניט קיין וויכטיגען פּלאַץ. אין גאַנצען געפינען זיך אין עזה 3 זייפען פאַבריקען, וואָס בעאַרבייט דעם אויל פון עזה'ר געגענד אויף אַ פּרימיטיווען אופן. אין עזה ווערט פאַבריצירט נור אַ פּראָסטער,

ארדינערער סארט זייף, וואס ווערט טיילוייז פערברויכט אין לאנד גופא, מייסטענס אבער ווערט ער עקספארטירט נאך מצרים דורך יפו.

די בעפעלקערונג פון עזה איז געמישט — האלב סוריש, האלב מצריש. דאס רוב זיינען מוסלימער, ארום 1000 קריסטען און בערך 150 אידען. די צאהל פון די איינוואוינער, וואס האט אין 1910 דערגרייכט ביז 40.000 איז אין די לעצטע יאהרען, ווי געזאגט, פערקלענערט געווארען אויף עטליכע טויזענד, צוליעב דער אויסוואנדערונג פון פיעלע מחמת די שלעכטע גערעטענישען פון גערשטען אין דער עזה'ר געגענד אין 1910. וועגן ניט דער אויסגעצייכענטער קלימאט פון עזה — אזוי שרייבט דער ענגלישער קאנסול פון דער דאזיגער שטאדט אין זיין אפיציעלען בע־ריכט — וואלט די בעפעלקערונג נאך מעהר פערקלענערט געווארען, פונקט ווי זי ווערט פערקלענערט אין די דערפער, צוליעב די היגיענישע אבגעלאזענקייט, שלעכ־טע לעבענס בעדינגונגען, אונריינקייט א. ד. ג. די שלעכטע גערעטענישען שטא־מען ניט נור פון מאנגעל אין רעגען, נאר פון די אבגעשטאנענע ארבייטס מעטא־דען*). אויך דער שווערער שטייער פון עשר ווירקט שלעכט אויף דער בעפעלקע־רונג, און פיעלע פלחים פערלאזען מיט א כיוון זייער באדען, כדי פטור צו ווערען פון עשר. טיילמאל האקען זיי אויך אויס די אליוון בוימער צוליעב דעם זעלבען טעם. און דאס ווירקט שלעכט אויף 'ן גאנג פון רעגען. און דאס אלץ, צוזאמען מיט די אנדע־רע שטערונגען — א מאנגעל פון א פארט, שאסעען, מאדערנע האנדעלס איינריכטונ־גען, ביליגער קרעדיט — פערהאלטען דעם וואוקס פון עזה און די אויפבליהונג פון דער גאנצער געגענד וואס איז פון דער נאטור בעשאנקען געווארען מיט אלע נויטיגע בעדינ־גונגען פאר הויכער ענטוויקלונג.

א געזונטער קלימאט, פרוכטבארער באדען, רייכע בעוואסערונג; די געאגראפישע פאזיציע פון דער שטאדט — נעבען ים, און ביי דער גרעניץ פון מצרים — אלעס פערשפרעכט די אמאליגע „פרעכטיגע, גלענצענדע שטאדט וואס איז גרוים מיט איהר האנדעל און איבערפליסט מיט רייכטום“ ניט קיין ווייניגער גלענצענדע צוקונפט.

## באר שבע

אויפ'ן גרעניץ פון דעם וואסער־רייכען, פרוכטבארען פלשת־טאל (שפלה) אין צפון און דעם טרוקענעם, סטעפענארטיגען נגב אין דרום, האלב־וועגס צווישען ים המלח און ים התיכון, ביים וואדי סבע (סאבא), וואס ציהט זיך פון מיטעללענדישען מעער אין דרום זייט פון עזה (מיט'ן נאמען וואדי גאזע) און פערבייגט זיך אין מזרח צו די בערג פון חברון (מיט'ן נאמע וואדי חאליל) ליגט די פארצייטיג־מאדערנע שטאדט באר שבע, וועמענס נאמען איז פערבונדען מיט אוראלטע פארהיסטארישע האלב־לעגענדארע זכרונות פון די אבות אברהם, יצחק און יעקב און וועלכע עקזיסטירט איצט קוים א צעהנדליג יאהרען. די פיער טויזענד יאהר וואס זיינען דורכגעלאפען זינט באר־שבע איז צום ערשטען מאל דערמאנט געווארען אין דעם פרידענס־בונד צווישען אברהם אבינו און אבימלך האבען ניט אומגעביטען דעם נאמען פון דעם ארט (די אראבער רופען דעם ארט "ביר סבע"—די ברונעם פון זיבען) — הגם די שטאדט

*) אלס בעווייז ברענגט דער קאנסול די דריי אידישע קאלאניעס וואס געפינען זיך אין עזה'ר געגענד, וועלכע האבען א דאנק זייערע מאדערנע ארבייטס־מעטאדען א בעסערע גערעטעניש אלס די ארטיגע פויערים.

האַט פיעלע הונדערטער יאָהרען שוין ניט עקזיסטירט, און דער איינציגער סימן וואס איז פערבליבען פון דער אלטער באר שבע זיינען די ב ר ו נ ע מ ס, אויף וועלכע די בעדואינער, וואס קומען אהין אנטרונקען זייערע שאף און גמלים, צייגען נאָך היינט מיט א טיעפען ראספען־שטאָלץ אלס די ברונעמס פון זייער אוראלטען פאטער „אברהים אל חליל“ (אברהם דער בעליבטער)*). די שטאָדט גופא איז צוריק אויפגעבויט געוואָרען ערשט מיט 16 יאָהר צוריק. אין דער נייער באר שבע הערט מען שוין דעם פייפען פון לאָקאמאָטיוו, און אייזערנע רעלסען שניידען דורך דעם געגענד, וואו ביז מיט מיט צוויי יאָהר צוריק האָבען נור בעדואינער ארומגעוואנדערט אויף זייערע גמלים אקוראט ווי אין אברהם אבינו'ס צייטען. נאָך האָבען זיך די זיטען מנהגים, קליידונג, בעשעפטיגונג פון די נאמאדישע שבטים ארום באר שבע אויף א האָר ניט אומגעביטען און פערענדערט געווארען אין פערלויף פון די 40 יאָהרהונדערטען. די



בילד 35

די ברונעם פון באר־שבע.

טראדיציעס וועגען דעם לעבען פון די אבות אין באר שבע, וואָס זיינען דערגאנגען צו אונז אין דעם אונשטערבליכען תנ"ך, זיינען נאָך עד היום פערקערפּערט אין דער ווירקליכקייט און אין דעם לעבען פון איינוואוינער ארום דעם זעלבען אָרט. צוגלייך

*) פריהער זיינען דא געווען ז י ב ע ן ב ר ו נ ע מ ס. פיער פון זיי זיינען מיט דער צייט פערשטאָפּט געווארען, און מ'קאָן זיי שוין איצט קוים דערקענען. דריי עקזיסטירען נאָך עד היום. איינע איז טרוקען, צוויי זיינען פול מיט וואסער. דער גרעסערער איז 12 און א האלב פוס, דער קלענערער 5 פוס אין דיאמעטער.ביידע זיינען קיילעכדיג און אויסגעלייגט מיט גרויסע שטיינער, וואס טראגען אויף זיך דעם צייכען פון טיעפער אלטערטום. די וואסער אין די ברונעמס איז ריין און געשמאק. ארום ביידע ברונעמס איז פאראן שטיינערנע טרינק קאָריטעס פאר שאף און גמלים, זיכער עהנליך צו די קאָריטעס וואס זיינען בענוצט געווארען אין די צייטען פון אונזערע אבות.

כער צייט שפּראצט דאָ ארויס א נייעס לעבען און עס בויט זיך א יונגע, מאָדערנע שטאָדט, וואו ס'רוישען שוין די רעדער פון אייזענבאהן. אין קיין אנדער אָרט פון דעם אלט־נייעם לאנד האָבען זיך ניט אזוי נאָהענט בעגעגענט דאס אוראלטע פּאַטרי־ארכאלע לעבען פון תנ"ך מיט די מאָדערנע קולטור פון צוואנציגסטען יאָהרהונדערט ווי אין דער יונגסטער שטאָדט פון א"י — אין דער ביבלישער באר שבע.

פּאַטריארכאלע זכרונות.

לויט דעם תנ"ך האָט די שטאָדט געקראָגען איהר נאָמען פון די שבועה וואָס אברהם און אבימלך האָבען געשוואוירען איינער צום צווייטען אין דעם פרידענס בונד וואָס זיי האָבען געשלאָסען נאָך דעם סכסוך צוליעב אברהם'ס ברונעם (בראשית כ"א 31). אלס עדות אז די ברונעם בעלאנגט צו איהם, האָט אברהם אוועקגעשטעלט זיבען שאָף און געגעבען אבימלך'ן*). די „שבע" בעדייטעט דאָ אלזאָ אי זיבען אי שבועה. ביי יצחק'ן (בראשית כ"ו 33) ווערט אויסדריקליך ערקלערט די מיינונג זיבען. דאָ האָט אברהם געפלאנצט אן אשל (טאמאריסק) אינ'ם נאָמען פון גאָט, און אהער האָט ער זיך אומגעקעהרט נאָך דער עקדה פון יצחק'ן. די ברונעמס וואָס ער האָט דאָ אויסגעגראבען האָבען די מענשען פון אבימלך'ן שפּעטער פערשטאָפּט, און יצחק האָט זיי צוריק אויפגעגראבען און בענייט מיט א שבועה דעם בונד מיט אבימלך'ן (בראשית כ"ו 32). פון דאנען איז יעקב אין זיין יוגענד אוועק אין חרן, מעסאָפּאָטאַ־מיען (בראשית כ"ח 23), און אויף זיין עלטער, דערהערענדיג אז יוסף לעבט, איז ער פון דאנען אוועקגעפאהרען אויף פרעה'ס וואָגענס נאָך מצרים (בראשית מ"ו 5).

ווען די אידען האָבען ערֹאבערט כנען איז באר שבע אויסגעפאלען אויפ'ן גורל פון שבט יהודה (יהושע ט"ו 28). אָבער בעזעצט האָט זיך אין איהר דער שבט שמעון, וועמענס נחלה איז אויסגעפאלען צווישען די נחלה פון יהודה (יהושע י"ט 2). באר שבע איז געווען די גרעניץ שטאָדט אין דרום, נעבען אדום, פּונקט ווי דן איז געווען די גרעניץ שטאָדט אין צפון, און דערפון נעהמט זיך דער אויסדרוק „מדן ועד באר שבע".

אין דער צייט פון בית ראשון.

שוין אין די צייטען פון די שופטים איז אין באר שבע און די אומגעגענד געווען א אידישער ישוב, און שמואל'ס זיהן, יואל און אביה, האָבען דאָרט גע'משפט די אידען (שמואל א' ח' 2). אין דעם „מפקד־העם" (פאלקס־צעהלונג) וואָס דוד האָט אונטער־נעמומען זיינען די צענזוס־בעאמטע געקומען אין דרום יהודה ביז באר שבע (שמואל ב' כד 7). אין יהושפט'ס צייט (914) איז די מלוכה פון יהודה געווען פון באר שבע ביז'ן הר אפרים (דברי הימים ב' י"ט 4). אין באר שבע האָט אליהו הנביא אי־בערגעלאָזט זיין בעגלייטער ווען ער איז אנטלאָפען פון איזבל, אחאב'ס פרוי, נאָך דעם ווי ער האָט אויסגע'הרג'ט די נביאים פון בעל, און איז אוועק אין מדבר, א טאָג רייזע פון דער שטאָדט (מלכים א' י"ט 4). פון דאנען האָט געשטאַמט צביה די מוטער פון יהואש בן אחזיה מלך יהודה (מלכים 2 י"ב 2). אין עמוס'עס צייטען (750) איז באר שבע געווען א צענטער פון געצענדינערייי צוזאמען מיט בית אל און גלגל און פון די צפונ'דיגע מלוכה פון ישראל זיינען אידען געקומען דינען די אבגעטער אין באר שבע, און דער נביא פון תקוע האָט דערפאר געשטראָפט די איינוואוינער פון שומרון (עמוס ה' 5, ח' 14). יאשיה בן אמון מלך יהודה האָט שפּעטער (610) צושטערט די במות און די אבגעטער פון באר שבע און אלע אנדערע ערטער אין יהודה (מלכים

*) דער גריכישער היסטאָריקער העראָדאָטוס דערצעהלט עטוואס עהנליכעס וועלען די אראבער: זיי פלעגען אלס צייכען פון בונד און געגענזייטיגע אבמאך אוועקלעגען צווישען די צוויי צדדים זיבען שטיינער און בעשמירען זיי מיט בלוט.

כ"ג 8). נאָכ'ן גלות בבל איז באר שבע נאָך אמאָל בעזעצט געוואָרען פון אידען, און די עולים פון די בני יהודה האָבען זיך אומגעקעהרט אין זייערע שטעדט אין דרום א"י, דאַרונטער אויך באר שבע (נחמיה י"א 27, 30). אין דעָר גאַנצער געשיכטע פון בית שני ווערט שוין מעהר באר שבע אין ערגיץ ניט דערמאָנט. צווישען די שטעדט וואָס יוסף בן מתתיהו (פלאַוויוס) האָט בעפעסטיגט אין די צייטען פון חורבן — ווערט דערמאָנט אויך א באר שבע (בערסאַבע), אָבער דאָס איז גאָר אַן אַנדער שטאָדט, אין גליל (מלחמות 2, 20, 6).

נאָכ'ן חורבן בית שני. אונטער דער רוימישער הערשאַפט, אין 4טען יאָהרהונדערט פון דער נייער ערא, איז באר שבע געוועזען א גרויס דאָרף, וואו עס איז געשטאַנען א רוימישער גאַר־ניזאָן. עס איז שפּעטער געוואָרען א קריסטליכער צענטער און א רעזידענץ פון א בישאָף. די נוסעי הצלב האָבען ניט דערגרייכט אזוי ווייט זידליך ווי באר שבע, און זיי האָבען על פּי טעות אָנגענומען די איצטיגע בית גוברין (א דאָרף אין דעם געגענד פון חברון) פאַר דעם פּלאַץ פון באר שבע. די אַראַבישע געאָגראַפען פון 10טען ביז'ן 14טען יאָהרהונדערט דערצעהלען זעהר ווייניג פון באר שבע. סער דזשאָן מאַנדוויל אין 1322 שרייבט אין זיין רייזע פון סיני ביז ירושלים, אַז באר שבע איז געוועזען פריהער א גרויסע און שעהנע קריסטליכע שטאָדט, אָבער בלויז איינציגע קירכען זיינען איבערגעבליבען. קיין בעשטענדיגער ישוב איז שוין דאָ ניט געוועזען. אין דעם געגענד אַרום וואוינען נור בעדואינער, ניט אין הייזער נאָר אין געצעלטען, וואָס זיי מאַכען פון דער פעל פון גמלים און אַנדערע בהמות. זיי בעאַרבייטען ניט דעם באָדען און עסען ניט קיין ברויט, נאָר פלייש און פיש וואָס זיי בראָטען אויף די שטיינער אַן דער זון. זייער איינציגע בעשעפטיגונג איז געיעג, און זיי זיינען שטאַרק און קריגעריש: זיי שרעקען זיך ניט פאַר'ן טויט און האָ־בען דעריבער ניט קיין מורא פאַר'ן סולטאַן און פאַר קיין אַנדער הערשער. אָפטמאָל האַלטען זיי אפילו מלחמות מיט'ן סולטאַן, ווי דאָס האָט זיך געטראָפען גערעדע אין דער צייט פון זיין רייזע. זייער איינציגע געוועהר איז א פּיקע און א שילד, און זיי זיינען פערברעכעריש און שלעכט מיט א פערשאָלטענער נאַטור. די שילדערונג דערמאָנט ניט ווילענדיג אין דעם לעגענדאַרישען פאָטער פון די בעדואינער וואָס האָט מיט זיין מוטער הגר אַרומגעוואַנדערט מיט טויזענדער יאָהרען צוריק אין דער מדבר פון באר שבע.

פערוויסטונג. די זעקס הונדערט יאָהר וואָס זיינען פון דאַן פערלאָפען איז באר שבע גע־בליבען א אונבעוואוינטעס אָרט. אין פערלויף פון 500 יאָהר האָבען די רייזענדער אפילו ניט בעזוכט דעם פּלאַץ, און נור די וואַנדערענדע קינדער פון מדבר האָבען אָב־געהיט דעם אַלטען נאָמען פון „די ברונעם פון די שבועה" (אָדער „פון זיבען"). דער ערשטער ערפאָרשער וואָס האָט בעזוכט באר שבע איז געווען דער בעריהמטער עדוואַרד ראָבינסאָן אין 1838. אויסער די ברונעמס האָט ער דאָ גאָר ניט געפונען. בלויז אויף די נאָרדליכע בערגלעך אין צפון זייט פון די ברונעמס האָט ער דערקענט די חורבות פון די אַלטע וואוינונגען, וועמענס פונדאַמענטען האָבען זיך קלאָר אַנ־געזעהן, הגם עס איז שוין מעהר ניט געבליבען א שטיין אויף א שטיין. דער איינ־ציגער סימן פון לעבען איז געווען נור ביי די ברונעמס וואו די בעדואינער האָבען געשעפּט וואַסער אין לעדערנע לאָגלען, אקוראַט ווי ס'האָט געטון מיט פיער טוי־זענד יאָהר צוריק זייער מוטער הגר.

ביז דעם אבשלום פון 19טען יאָהרהונדערט איז באר שבע געבליבען א וויס־
טער פּלאַץ.

די איצטיגע באר שבע האָט זיך אָנגעהויבען צו בויען אין 1901. מיט דעם
ציעל צו פערשטאַרקען איהר אויטאָריטעט צווישען די בעדואינער פון דרום א"י.
גרינדונג פון נייער שטאָדט.
און צו בעפעסטיגען זיך אויף דער מצרישער גרעניץ, האָט די טערקישע רעגירונג
בעשלאָסען צו גרינדען א נייע קאימאקאמיע אין נגב און אויפבויען די אַלטע שטאָדט
באר־שבע אלס איהר צענטר. דאס איז געווען די איינציגע שטאָדט אין א"י, וואס
איז אויסגעבויט געווארען מיט דער איניציאטיווע פון דער רעגירונג. אין 1905
זיינען שוין דא געווען 50 הייזער. די רעגירונג האָט איינגעלאַדען די ארומיגע
איינוואוינער צו בעזעצען זיך און בויען הייזער אין דער נייער שטאָדט. פון חברון
איז דורכגעלעגט געווארען א וואָגען־וועג, און פון איינע פון די אלטע ברונעמס איז
אריינגעפיהרט געווארען וואסער אין שטאָדט. אין 1908 זיינען געווען אויסגעבויט
130 הייזער, א מאָשעע און א שטאָדטליכער גארטען. די רעגירונג האָט אויך גע־
פּלאַנעוועט אויפצובויען דא אן אגראנאָמישע שולע, צו פערשפּרייטען לאנדווירט־
שאַפטליכע ידיעות צווישען די ארומיגע בעדואינער — דער פּלאַן איז אָבער נאָך
ניט פערווירקליכט געוואָרען. די וועלט־מלחמה האָט אויף אן אונערווארטעטען
אופן מיטגעהאָלפען די ענטוויקלונג פון דער יונגער שטאָדט. צוליעב מיליטעריש־
סטראטעגישע נויטען האָט די רעגירונג מיט אן אונגעוועהנליכער שנעלקייט פער־
ברייטעט די באהן ליניע פון מערב ארץ ישראל. אין 1915 איז באר שבע פערבונ־
דאן געווארען מיט די חעדזשאזער אייזענבאהן. די חיפה דמשק'ער ליניע איז
דורך שכם און טול־כרם פעראייניגט געווארען מיט די יפו־ירושלם'ער איי־
זענבאהן, און פון דאנען איז די ליניע פארטגעזעצט געווארען ביז באר שבע און
נאָך ווייטער אין דרום. און אויף אזא אופן איז דער צענטר אין דרום פערבונדען
מיט אלע וויכטיגע שטעדט אין א"י: ירושלם, יפו, שכם, חיפה.

ענטוויקלונג.
די בעפעלקערונג פון באר שבע האָט זיך פאר דער צייט בעדייטענד פערגרע־
סערט. פאר דער מלחמה איז דער ישוב פון באר שבע בעשטאַנען פון ארום טויזענד
נפשות. א דאנק דער אייזענבאהן האָבען זיך דאָ בעזעצט פערשיעדענע עלעמענ־
טען פון גאנצען לאַנד — אינזשענירען, האנדווערקער, סוחרים, קרעמער. און די
נייע שטאָדט האלט אין וואקסען. אין 1915 האָט שוין באר שבע געצעהלט 3000
איינוואוינער. קיין אידען האָבען ביז דער מלחמה דא ניט געוואוינט; אָבער ביי
די ארבייטען פון דער באהן האָבען פיעלע אידישע קאָלאָניסטען און ארבייטער פון
די יהודה'ר קאָלאָניעס און פערשיעדענע בעלי מלאכות פון יפו געפונען ארבייט,
און גראדע אין דער צייט פון מלחמה האָט זיך געשאפען א נייער אידישער ישוב
אין דער נייעסטער שטאָדט פון ארץ ישראל.

אונקולטווירטע סביבה.
דער דיסטריקט (קאַדא) פון באר־שבע איז פון די גרעסטע דיסטריקטען אין
ירושלם'ער סאנדזשאק — ער ענטהאלט העכער 3000 קוואדראט קילאָמעטער, כמעט
אזוי גרויס ווי די אויטאָנאָמע פּראָווינץ פון לבנון וואס צעהלט 900 דערפער און
400.000 איינוואוינער. אויף דעם גאנצען שטח געפינט זיך ניט, אויסער באר־
שבע גופא, ק י י ן א י י ן ב ע ש ט ע נ ד י ג ע ר י ש ו ב. די גאנצע בעפעל־
קערונג פון דיסטריקט בעשטעהט פון בעדואינישע שבטים — אזאזימא, תיאהא,
טראַבין, קאדייראת און זולאם, וואס בעשעפטיגען זיך מיט פיהצוכט און אין א
קליינער מאס אויך מיט אקערבוי. זיי בויען ניט קיין הייזער און זיצען ניט אויף

איין אָרט, נאָר טראָגען זיך ארום מיט זייערע געצעלטען און מיט זייערע טשערעדעס שאָף און גמלים. די איינציגע זאַך וואָס ווערט דאָ קולטיווירט איז גערשט און ווייץ. אין פריהערדיגע צייטען זיינען דא געוועזען דערפער און שטעדט. פּראָ־פעסאר פּאלמער האָט ווייט זידליך פון באר־שבע, אין דער מדבר פון א־תיה, געפונען אלטע בנינים, הייזער, טעמפּלען, קירכען, ברונעמס, גערטנער — אייניגע גאנצער־הייט, אייניגע רואינירט. דער גאנצער געגענד איז געווען פריהער בעוואוינט. זיבעציג מייל אין דרום פון באר שבע געפינט מען נאָך איצט צאהלרייכע רעשטען פון שטיינערנע הייזער. די בערג זיינען געווען טעראסירט, איינצוהאלטען די רעגענס און די פייכקייט, ווי עס זאָגען עדות די שטיינערנע צוימען פון די טעראסען, וואָס מען זעהט איצט אויף די וויסטע בערג און בערגלעך פון נגב. איינע פון די וואַדיס, וואָס איז איצט וויסט, טראָגט נאָך דעם נאָמען „וואדי חאניין", ד. ה. דער וואדי פון בלומען־גארטענס. די פיעלע ברונעמס און טעראסען וואָס זיינען אויסגעבויט אין דער לענג פון וואדי, צייגען אז דער דאָזיגער נאָמען האָט אין פריהערדיגע צייטען ענטשפּראָכען די ווירקליכקייט. 25 מייל זידליך פון באר שבע געפינען זיך די חורבות פון סבייטא (די צ פ ת פון נגב וואָס שמעון און יהודה האָבען צוגענומען פון דעם כנעני — שופטים א׳ 17). די רואינען בעדעקען א שטח פון 500 יארד אין דער לענג און 2.300 יארד אין דער ברייט. נעבען יעדען הויז איז פאראַן א ברונעם, אויך געפינען זיך דאָרט צוויי גרויסע רעזערוואוארען פאר וואסער. אין די שטיינערנע געביידעס איז אָבער ניטאָ קיין צייכען פון לעבען. אזעלכע חורבות טרעפען זיך איבעראל. די נבואה פון ירמיה איז מקוים געוואָרען: „די שטעדט פון נגב וועלען פערהאקט ווערען און עס איז ניט דא ווער זאָל עפענען" (ירמיה י"ג 19).

די אויפבויאונג פון באר שבע און בעזונדערס די אייזענבאהן וועט אָבער זיכער פיעל מיטהעלפען די אויפלעבונג פון דעם נגב. און ווען די לענדערייען פון דעם נייעם דיסטריקט וועלען מעהר קולטיווירט ווערען וועט באר שבע פון איהר זייט ווערען א וויכטיגער צענטער אויף דעם דרום גרעניץ פון ארץ ישראל.

## עקבה (אילת, עציון גבר)

קיין אָרט אין ארץ־ישראל, מיט דער אויסנאהם אפשר פון יפו און איהר אומגעבונג, קאָן זיך ניט פארגלייכען איצט מיט דעם אמאליגען בליהענדען צושטאנד פון פאר צוויי און דריי טויזענד יאָהר צוריק. איבעראל, איבער'ן גאנצען לאנד דערקענט מען קלאָר די טרויעריגע צייכענס פון פערוויסטונג און דעגראדירונג. אין ערגיץ אָבער איז דער חרבן פון לאנד ניט אזוי גרויס ווי אין דעם עקסטרעמען דרום — אין דעם אזוי גערופענעם נגב — פון חברון און באר שבע ביז דעם מדבר תיה, נעבען נאָרדליכען סיני און דעם גאָלף פון עקבה — א שטח פון העכער 10.000 קוואדראט קילאָמעטער. דער גאנצער געגענד שיינט איצט צו זיין א טרויעריגע, האָפנונגסלאָזע, אונבעוועסענע וויסטע. פון די אמאליגע גרויסע שטעדט חלוצה, רחובות, עבדה, בוריין, סעבייטא (צפת) און אנדערע איז מעהר ניט פערבליבען ווי חורבות. די אויפשריפטען פון די אלטע רואינען צייגען אז דער נגב האָט זיך נאָך אין פינפטען יאָהרהונדערט געפונען אין א בליהענדען צושטאנד. אין פיעלע ערטער זיינען נאָך ביז היינט פארבליבען די סימנים פון דערפער, ברונעמס, פעלדער, טעראסען און גערטנער.

וואָס צייגען אויף א אינטענסיווער לאנדווירטשאפט און רייכע פּלאנטאציעס — איצט געפינען זיך דאָ קוים צוויי טויזענד בעדואינער וואָס בעארבייטען צובּיסלעך און אויף א זארגלאָזען אופן דעם באָדען. און אויף דעם אמאָליגען גרויסען האנדעלס־פּאָרט פון אילת און עציון גבר, אויפ׳ן ברעג פון ים־סוף, דורך וועלכען ארץ ישראל האָט געפיהרט א גרויסען האנדעל מיט אינדיען — געפינט זיך נור א מיזעראבל דער־פעל עקבה, וואָס צעהלט קוים טויזענד אָרעמע איינוואוינער.

אין דער ביבלישער געשיכטע ווערט עציון גבר בעגעגענט אין דריי פערשידענע עפּאָכען. ווען די אידען האָבען פאר׳ן אריינגעהן אין ארץ־ישראל ארומגעוואנדערט אין דער מדבר — איז עציון גבר געווען איינע פון די סטאנציעס וואו זיי האָבען גערוהט

ביבלישע תקופה



בילד 36

דער גאָלף פון עקבה (אקאבא)

(במדבר ל״ג 35, דברים ב׳ 8). דער וואדי וואָס ציהט זיך פון עציון גבר (דעם גאָלף פון עקבה) ביז דעם דרום־ענד פון ים־המלח האָט אין משה׳ס צייטען געטראָגען אין העברעאיש עם ,זעלבען נאָמען וואָס הייסט אין אראביש — ערבה (אין אראביש ערבה, לעז: אראבא) (דברים ב׳ 8). דאס לאנד ארום דעם אָרט האָט דאן בעלאנגט צו די בני עשו אָדער אדום.

שפּעטער אין שלמה׳ס צייטען איז עציון גבר געווען דער פּאָרט פון ארץ־ישראל. דאָ האָט שלמה אויפגעבויט א פלאָט (מלכים א׳ ט׳ 26) און די מאטראָזען פון חירם מלך צור צוזאמען מיט שלמה׳ס מענשען זיינען איין מאָל אין דריי יאָהר געפאָהרען

אין אופיר, ווארשיינליך אז ערט אין אינדיען, צו ברענגען גאלד, זילבער, העלפאנטען, מאלפעס און פאפוגייען (מלכים א׳ י׳ 22).

אויך יהושפט מלך יהודה האט געבויט שיפען אין עציון גבר צו שיקען נאך גאלד אין אופיר — אבער די שיפען זיינען געשעדיגט געווארען נאך פאר׳ן אוועקגעהען, און די ים־עקספעדיציע האט זיך ניט איינגעגעבען (מלכים א׳ כב 49, דברי־הימים ב׳ כ׳ 36). אום צו קענען בויען שיפען אין עציון גבר האט אדום געמוזט זיין דאן אונטער געווארפען די מלוכה פון יהודה. אין דער צייט פון יהושפט האט טאקי אדום ניט געהאט קיין אייגענעם מלך (מלכים א׳ כב 48). נאך יהושפט׳ס טויט האט אדום רעוואלטירט געגען יהודה (דברי הימים ב׳ כ״א 8) און דער פארט פון ים־סוף איז אבגעריסען געווארען פון ארץ ישראל, און נאר נאכדעם ווי זיין אוראייניקעל אמציה בן יהואש האט צושלאגען די אדומים און פערכאפט זייער הויפט־שטאדט סלע (איצטיגע פעטרא) (מלכים ב׳ י״ג 7), איז געלונגען עזריה (עזיה), דעם זוהן פון אמציה צו פערפעסטיגען זיך אויף ברעג פון ים סוף און אומקעהרען אילת צו יהודה (מלכים ב׳ י״ד 22, דברי הימים ב׳ כ״ו 2). די זיבליכע פארט שטאדט איז אבער ניט לאנג פערבליבען אין רשית פון יהודה. אין די צייטען פון אחז בן יותם מלך יהודה, עזריה׳ס אייניקעל, האט רצין דער מלך פון ארם פערדרענגט די אידען פון אילת, און די אדומים האבען זיך צוריק דארט באזעצט „ביז דעם היינטיגען טאג" (מלכים ב׳ ט״ז 6). מעהר ווערט שוין דער ארט ניט דערמאנט אין דער אידישער געשיכטע. יוסף פלאוויוס דערצעהלט בלויז אז עציון גבר הייסט איצט (ד. ה. אין זיין צייט) בערעניקע, און דאס איז ניט ווייט פון דער שטאדט אילת (קדמוניות ז׳ 6, 4), אז די ביידע שטעדט זיינען געווען נאהענט איינע צו די צווייטע איז קלאר אויך פון פסוק אין מלכים א׳ (ט׳ 26): ואני עשה המלך שלמה בעציון גבר אשר את אלות על שפת ים סוף בארץ אדום.

פון דאן אן ווערט עציון גבר שוין אין ערגיץ ניט דערמאנט, און פון שלמה׳ס פארט שטאדט איז ניט פערבליבען מעהר קיין זכר אדער סימן אויף׳ן ארט. לויט דער מיינונג פון עדווארד ראבינסאן איז עציון גבר אידענטיש מיט׳ן וואדי עצ׳יאן (גאדיאן) וואס עפענט זיך פון די וועסטליכע בערג אין צפון זייט פון עקבה אין דעם טאל פון ערבה.

אילת איז מיטעלאלטער

אילת (אדער אילות) האט אויף א לאנגע צייט איבערגעלעבט איהר שכנ׳טע עציון גבר. נאך אין פיערטען יאהרהונדערט נאך׳ן חורבן בית שני איז אילת געווען א גרויסער האנדעלס־צענטער. א רוימישער לעגיאן איז דא געשטאנען און פון אילת׳ער האפען זיינען שיפען געגאנגען אין אינדיען. ווי אין שלמה׳ס צייטען איז ארץ־ישראל געווען פערבונדען מיט הודו דורך דעם ים־סוף. די האפען שטאדט אילת האט נאך געהאט א אידישען ישוב אין דעם זעקסטען יאהרהונדערט, און די בעציהונגען צווישען די אידען און קריסטען אין אילת, לויט די עדות פון פראקאפיוס, דעם כראניקער פון די פרס׳ישע מלחמות אין 6טען יאהרהונדערט, זיינען געווען זעהר פריינדליך, און אויך שפעטער, אונטער דער מוסלימישער הערשאפט האבען די צוויי גרופען פארטגעזעצט צו לעבען ביינאנדער אין פריינדשאפט. נאך אין עלפטען און צוועלפטען יאהרהונדערט אין די צייטען פון די נוסער הצלב, האבען אידען געוואוינט אין אילת.

אלס דער נאהענטסטער ארט אין ארץ־ישראל צו אראבישען האלב אינזעל, איז אילת פריהער פאר אנדערע טיילען פון ארץ־ישראל אונטערגעפאלען די מוסלימישע מאכט, נאך ביים לעבען פון מוחמד׳ען (אין 630). מוקדסי (אין יאהר 985) שרייבט

אז ווילה (אילת) איז א גרויס־בעפעלקערטע און שעהנע שטאָדט מיט פיעלע פאַלמען. א גרויסער פּאָרט פון ארץ־ישראל און דער עמפּאָריום (גרויסער האנדעלס־צענטר) פון חעדזשאז. אין 1116 האָט באלדווין דער ערשטער, דער קריסטליכער קעניג פון ירושלים, איבערפאלען אילה און האָט זי געפונען אין גאנצען פערלאָזען. די איינ־וואוינער זיינען זיך פאר שרעק צולאָפען. אין 1167 האָט צלח־א־דין אָבגענומען אילה פון די קריסטען, און מעהר איז זי שוין ניט ארויס פון מוסלימישען רשות. אָבער די מלחמות אין לאנד צווישען קריסטען און מחמדאנער האבען וואהרשיינליך אָבגערופען



בילד 37
די איצטיגע עקבה (אקאבא)

זיך אויף דער זידליכער פּאָרט שטאָדט און צושטערט איהר האנדעל. אין אידריסי'ב צייטען (אין 1154) איז אילת געוועזען שוין ניט מעהר ווי א קליין אונבעדייטענד שטעדטעל. אין אבו־ל־פידא'ס צייטען, אין אָנהויב פון פיערצעהנטען יאָהרהונדערט איז אילה געוועזען שוין כמעט אין גאנצען פערוויסטעט. ניט מעהר ווי א קליינע פעסטונג, דער רעזידענץ פון מצרי'שען גובערנאטאָר, איז געבליבען אויף'ן פּלאץ פון פריהער־דיגען עמפּאָריום.

עקבה איצטיגע

די איצטיגע עקבה (אַקאַבאַ) („עקבה“ אין אראביש מיינט אַן אָבהאַנג פון אַ באַרג, אַ דורכגאַנג), אויפ'ן גאָלף וואָס טראָגט דעם זעלבען נאָמען, איז ניט ווייט פון דעם אָרט, וואו ס'איז פריהער געווען אילת. פון דער אַלטער שטאָדט איז מעהר קיין צייכען ניט געבליבען. אין דער גאַנצער אומגעבונג איז ניטאָ קיין שפור פון אַמאָליגען ישוב. בלויז אַ קליינע שטיינערנע פעסטונג, וואו ס'שטעהט דער טערקישער גאַרניזאָן, דער־מאַנט עטוואָס אין די עלטערע צייטען. די געגענד איז בעוואוינט נור מיט בעדואינער, און אין עקבה גופא זיצען אין גאַנצען אַרום טויזענד נפשות. אין דער ערשטער העלפט פון 19טען יאָהרהונדערט איז עקבה נאָך געווען אַ וויכטיגע סטאַציאָן פון די מוסלימישע חאַדזש־ (עולי־רגל) קאַראַוואַנען, וואָס זיינען געגאַנגען פון מצרים קיין מכה דורך דעם סינישען האַלב אינזעל. אויפ'ן גאַנצען וועג איז געווען אויסגעבויט אַ רייהע פעסטונ־גען מיט ברונעמס וואַסער און פּראָוויזיאָן פאַר די פּילגרימען, און די בעדואינישע שבטים פון סיני און נגב האָבען בעקומען אַ בעשטענדיגען געהאַלט פון דער רעגירונג פאַר דער שוץ און זיכערהייט פון די עולי־רגל אין די גרעניצען פון די בעשטימטע טעריטאָריעס אויף וועלכע יעדער שבט האָט געהאַט אַ חזקה. נאָך דעם פאַלען פון דער מצרישער הערשאַפט אין א״י און סוריה (1840) האָט זיך די לאַגע געביטען. די דירעקטע פערבינדונג צווישען מצרים און א״י דורך דער יבשה איז אָבגעריסען געוואָ־רען און עקבה האָט אָנגעוואָרען איהר לעצטע וויכטיגקייט אַלס „דורכגאַנג“. ניט האָבענדיג קיין בעוואוינטעס „הינטערלאַנד“ האָט איצט דער פּאָרט פון עקבה ניט קיין קאָמערציעלע בעדייטונג. דער שיפּס־פערקעהר מיט אינדיען, וואָס האָט דאָ אָנגעהאַל־טען אין פערשיעדענע צייטען אין פערלויף פון צוויי טויזענד יאָהר — אָנפאַנגענדיג פון דעם צעהנטען יאָהרהונדערט פאַר'ן אָנהויב פון קריסטליכען צייטרעכנונג (אין שלמה'ס צייטען) ביז דעם צעהנטען יאָהרהונדערט נאָך איהם (אין דער צייט פון נוסעי הצלב) האָט פאַר די לעצטע 900 יאָהר גענצליך אויפגעהערט .ווי אין די צייטען פון יציאת מצרים איז דאָ איצט בלויז אַן אָרט פאַר וואַנדערנדע בעדואינישע שבטים. עס איז אָבער זיכער, אַז ווען דאָס הינטערלאַנד פון עקבה — דער זידליכער טייל פון א״י — זאָל צוריק ווערען קולטיווירט און בעזעסען, און עקבה זאָל ווערען פערבונדען מיט דער אייזענבאַהן פון באר שבע און ירושלים אין מערב, און מיט דער חעדזשאַזער באַהן שטראַסע אין מזרח — וועט דאָ צוריק ווערען אַ וויכטיגער האַפען און האַנדעלס צענטער. און א״י וועט ווידער אַמאָל פערבונדען ווערען דורך אַ דירעקטען שיפּס־פער־קעהר פון עקבה'ר גאָלף מיט דעם אינדישען אָקעאַן. עקבה וועט דאַן זיין פאַר דרום און מזרח א״י. דאָס וואָס יפו און חיפה זיינען פאַר מערב ארץ ישראל.

## חיפה.

אין דעם זידליכען ווינקעל פון דער עכו'ר בוכטע, ביי די פיס און אויפ'ן רוקען פון די כרמל־בערג אין זייער נאָרד־וועסטליכען אַבהאַנג ביים ים התיכון, ניט ווייט פון דעם אָרט וואו דער נחל קישון פאַלט אריין אין ים — ליגט חיפה. די וויכטיגסטע האַפען־שטאָדט פון גליל. דאָס וואָס יפו איז פאַר ירושלים און יהודה, איז חיפה פאַר גליל און חורן: דער הויפּט־פּאָרט פון איינפיהר און אויספיהר, דער צענטער פון שיפּס־פער־קעהר, האַנדעל און אינדוסטריע.

אין צפון זייט פון חיפה, ניט ווייט פון נחל קישון, עפענט זיך אויף דער עמק עכו מיט אַ וועלדעל פּאַלמען, וואָס ווערט שוין דערמאָנט אין 11טען יאָהרהונדערט. אין דרום, אין שמאָלען פּאַס צווישען ים און כרמל, אויפ'ן וועג צום עמק השרון, ליגט די

שעהנע קאָלאָניע פון די דייטשע טעמפּלער. אין מזרח זייט הויבען זיך אויף די כרמל בערג און שפּיעגלען זיך אב אין די בלויע וואסערען פון ים.

אורשפּרונג

חיפה ווערט אין תנ"ך און אויך אין די אפּאקריפען ניט דערמאָנט*), הגם די אומגעגענד פון חיפה, בעזונדערס דער כרמל קומט אָפט פאר אין דער ביבלישער געשיכטע און פּאָעזיע**). מעהר פון אלץ איז דער אָרט פערבונדען מיט די זכרונות פון אליהו הנביא (מלכים א׳ י"ח) און זיין נאָכפאָלגער אלישע (מלכים ב׳ ב׳ 25, ד׳ 25). די אַראַבער רופען דעריבער דעם כרמל — דזשעבעל מר אליאַס — דער באַרג פון אליהו. ניט ווייט פון חיפה, אין דרום זייט, ביים וועג קיין יפו, געפינט זיך אויפ׳ן רוקען פון בארג א הייל, וואס ווערט געהאלטען ביי אידען, מוסלימער און קריסטען פאר אליהו הנביא׳ס הייל. ירמיה דערמאנט דעם „כרמל וואס קומט צו צום ים" (ירמיה מ"ו 18). דאס איז נעבען חיפה. מ׳געפינט אָבער ניט אין ערגיץ קיין זכר פון חיפה ביז נאָכ׳ן חורבן בית שני. רבי בנימין פון טודילא האָט אָנגענומען חיפה פאַר



בילד 38
חיפה, ביי די פיס פון כרמל.

„גת החפר". לויט דער מיינונג פון ראבינסאָן איז חיפה די אלטע שטאָדט שקמונה (סיקאמינוס) וואָס ווערט דערמאָנט אין תלמוד און ביי די קלאסישע שרייבער.

*) דער נאָמען חיפה שטאמט, לויט אייניגע, פון שורש „חפה", וואס מיינט אין העברעאיש בעדעקען, שיצען, און „חיפה" בעדייטעט אלזא א בעשיצטער אָרט. עס איז אויך פארהאן אן השערה אז אין פּסוק „אשר ישב לחוף עמים" (שופטים ה׳ 17) בעציהט זיך דער וואָרט לחוף צו חיפה. חיפה געפינט זיך טאַקי אין דער טעריטאָריע וואָס איז בעשטימט געוואָרען פאר׳ן שבט אשר.

**) מען דארף ניט צוזאמענמישען די בערג כרמל, וואָס ליעגען אין גליל, דרומית־מערבית פון עמק יזרעאל, מיט דער ביבלישער שטאָדט כרמל אין יהודה, דרום זייט פון חברון, א שטאָדט וואס האָט בעלאנגט צום שבט יהודה (יהושע ט"ו 55) און וואו שמואל איז פאנאנדער־געגאנגען זיך מיט שאול׳ן צוליעב עמלק׳ן (שמו"א ט"ו 12) און שפּעטער איז דארט פּאַרגעקומען דער אינצידענט צווישען דוד׳ן און נבל הכרמלי (שמו"א כ"ה, 2, 5, 7, 40).

(אויך יוסף פלאוויוס דערמאנט זי אין זיינע קדמוניות היהודים, 12, 13, 3). אהין איז געקומען פטאלאמעאוס פון מצרים מיט אנ'ארמעע פון 30.000 צו העלפען עכו געגען אלכסנדר ינאי. אייסעביוס, א געבוירענער פון קיסריה, נעבען חיפה, וואס האט געלעבט אין פירטען יאהרהונדערט, רעדט וועגען סיקאמינום, וואס רופט זיך „עפא".

נאר'ן חורבן

נאכ'ן חורבן איז אין חיפה געווען א אידישער ישוב, און די שטאדט ווערט פיעלע מאל דערמאנט אין תלמוד. די חיפה'ר אידען זיינען בעוואוסט מיט זייער שלעכטער העברעאישער אויסשפראכע; זיי האבען ניט ריכטיג אויסגעשפראכען דעם אלף אין דעם עין און פערביטען די דאזיגע פערשיעדען קלינגענדע אותיות (מגילה כ"ד, ירושלמי ברכות י"ב). חיפה איז אין די פריהערע צייטען געווען פון די ערטער, וואו מ'האט געפישט די הלזון־שנעקעם (שבת כ"ו). דא איז אין דער עפאכע פון תלמוד געווען א צענטר פון אידישען לערנען, און פיעלע חכמים שטאמען פון דיזער שטאדט: ר' אבא (שבת מ"ה), ר' חלפתא (גטין פ"ו), ר' אבדימי (קדושין ל"ג, בבא בתרא י"ב). איינער פון די נאהענטסטע מענשען פון רבי יהודה הנשיא, וואס האבען איהם בעדיענט ביים לעבען און ביים טויט, איז געווען יוסף חפני פון חיפה (כתובות ק"ג).

אידישער צענטר.

נאך פיעל הונדערטער יאהרען שפעטער געפינט מען אידען אין חיפה. אין 11טען יאהרהונדערט האט די שטאדט אין גאנצען בעלאנגט צו אידען. דער באגדאדער חליף האט זיי אוועקגעגעבען חיפה פאר א בעשטימטען יעהרליכען אבצאהל. חיפה איז דאן געווען א צענטער פון שיפבוי (דער פרס'ישער רייזענדער נאצרי־כוזרו דערצעהלט אין 1047 אז אין חיפה ווערען געמאכט זעהר גרויסע שיפען) און די שיפבויער זיינען ווארשיינליך געווען אידען. נאך מיט הונדערט יאהר שפעטער געפינט מען אין דער שכנות'דיגער שטאדט צור פיעל אידישע שיפבעזיצער. די אידישע קהלה אין חיפה האט דאן געשפיעלט א וויכטיגע ראָלע אין געזעלשאפטליכען לעבען פון אידענטום אין א"י. און דער גאון רבי אליהו בן שלמה הכהן, וואס האט געהאט זיין רעזידענץ אין צור, איז פאר'ן טויט (1084) געקומען „מקדש זיין דאס יאהר (ד. ה. בעשטימען דעם עבור) און בענייען די גאונות און די סמיכה אין בית־הועד אין חיפה." באלד אבער האט זיך אנגעריקט אן אומגליק אויף דער אידישער חיפה. אין 1099 איז ירושלים ארייגעפאלען אין די הענד פון די נוסע הצלב. טאנקרעד, וואס איז בעשטימט געווארען אלס הער־שער פון גליל, איז אין 1100 איבערגעפאלען חיפה מיט א שטארקער קראפט. די אי־דען האבען העלדיש פערטיידיגט זייער שטאדט — די כחות זיינען אבער ניט געווען גלייך. צו טאנקרעדס הילף איז געקומען דער פלאט פון ווענעציע, און נאך א 15־טאָ־גיגער בעלאגערונג פון ים און יבשה איז חיפה געפאלען. די קריסטען האבען אין גאנ־צען פערניכטעט דעם אידישען ישוב און רבי בנימין מטולידא וואס איז דא געווען מיט עטליכע און זעכציג יאהר שפעטער, האט שוין דא ניט געפונען קיין איין איד. ער דערמאנט בלויז די אידישע קברים הינטער די כרמל בערג נעבען דער שטאדט. אין 1177 האט צלח־א־דין צוריקגענומען די שטאדט פון די קריסטען. אונטער דער מוס־לימישער הערשאפט האבען זיך אידען צוריק בעזעצט אין חיפה, און ר' יצחק חילו (1334) האט אין חיפה געפונען א אידישע קהלה וואס האט זיך געריהמט מיט איהר חסידות.

די רייזענדע פון 15טען, 16טען און 17טען יאהרהונדערט דערמאנען זעהר וויניג חיפה. וואלני (1783) בעגנוגענט זיך בלויז מיט דער קורצער מיטטיילונג, אז דאס ד א ר ף חיפה איז ניט ווייט פון עכו. דער שייך דאהער אל־עמר פון עכו

האָט פאָרגעשלאָגען די קאָנסטאַנטינאָפּאָלער רעגירונג צו בעפעסטיגען חיפה. די רעגירונג האָט צוגעשטימט און אויסגעבויט דאָ אַ פעסטונג און אוועקגעשטעלט אַ קאַנאָן. דאַן האָט דאהער צושטערט די פעסטונג און אריבערגעפיהרט דעם קאַנאָן צו זיך אין עכו.

וואוקס פון נייער שטאָדט.

נאָך אין דער ערשטער העלפט פון 19טען יאהרהונדערט איז חיפה געווען אַן אונבעדייטענדער אָרט. לויט די אַנגאַבען פון קאָנסול ראָדזשערס אין 1859 האָט חיפה געצעהלט ניט מעהר ווי 3.000 איינוואוינער. ביז די אַכציגער יאָהרען איז די שטאָדט ווייניג געוואַקסען. אין 1877 איז די בעפעלקערונג בעשטאַנען פון 1140 מוסלימער, 1.000 אידען, 1000 גריכען, 600 קאַטאָליקען, 30 מאַראָניטען, 170 לאַטיינער — צו־זאַמען 3.040 נפשות. (לויט דעם בעריכט פון ענגלישען קאָנסול יאַגאָ איז שוין אין 1873 דאָ געווען 5.000 איינוואוינער). פון דאַן אָן האָט דער ישוב אָנגעהויבען שנעל צו פּראָגרעסירען. אין 1890 געפינען מיר שוין 7.250 איינוואוינער (לויט אָפּי־ציעלען סאַלנאַמע), אין 1898 — 12.000 (בעדעקער) אין 1913 — 20.000: העבער 10.000 מוסלימער, 5.000 אידען און די איבעריגע קריסטען, צווישען זיי 650 דייטשען. (כמעט אַלע איינוואוינער פון דער דייטשער קאָלאָניע). אין פערלויף פון פערציג יאָהר האָט זיך די בעפעלקערונג פון חיפה אַלזאָ כמעט פערפינפפאַכט.

די הויפּט־פאַקטאָרען אין דעם שנעלען וואוקס פון חיפה זיינען געווען: די גרינדונג פון דער טעמפּלער־קאָלאָניע נעבען חיפה אין 1868, די אידישע קאָלאָניזאַציע אין שומרון (זכרון יעקב אין 1882, חדרה אין 1891, עתלית אין 1896) און גליל (די קאָלאָניעס אין טבריה'ר ראַיאָן 1899־1914) און די אויפבויאונג פון די חעדזשאַזער אייזענבאַהן אין 1906*). חיפה האָט זיך געוויסערמאַסען ענטוויקעלט אויפ'ן חשבון פון דער שכנות'דיגער עכו, וואָס איז בעשרענקט אַלס מיליטעריש בעפעס־טיגטע שטאָדט; אויך צוליעב די שוץ וואָס די כרמל בערג גיבען דעם חיפה'ר האַפען, אין דער צייט וואָס דער עכו'ר פּאָרט איז אָפען און אונבעשיצט, איז דער שיפס־פערקעהר און האַנדעלס־צענטער פון עכו ביסלעכווייז אריבערגעטראָגען געוואָרען אין חיפה, די בויאונג פון אידישען טעכניקום אין חיפה, וואָס איז איבער דער מלחמה אָבגעשטעלט געוואָרען, האָט פיעל מיטגעהאָלפען די ענטוויקלונג און וואוקס פון דער שטאָדט.

דורך די העדזשאַז־באַהן איז חיפה פערבונדען מיט טבריה (דורך בית שאן), דמשק, דרעא און חורן און זידליכען עבר הירדן ביז מ ע ן (מאַאַן), ג'נין און שכם אין שומרון, און אַ דאַנק די נייע צווייג וואָס איז אין דער מלחמה צייט צוגע־בויט געוואָרען, אויך מיט טול־כרם, ירושלים—יפו (ביי דער באַהן סטאַנציאָן פון סעדזשער, נעבען דער אידישער פאַרם חולדה) און באר שבע און אל־חפיר אין דרום א"י. אַ קליינע צווייג פעראייניגט אויך חיפה מיט עכו. די אויסלענדישע שיפס־געזעלשאַפטען פערבונדען חיפה מיט פרעמדע לענדער. דער עסטרייכישער ללויד, די רוסישע האַנדעלס און דאַמפף־שיף געזעלשאַפט, די ענגליש־מצרישע כעדיוויאַל־

*) דער דייטשער קאָנסול אין חיפה אין זיין אָפיציעלען בעריכט פאַר 1905 שרייבט וועגען דעם פאָלגענדעס: „דער פיהלבאַרער אויפשוואונג פון גליל דאַרף צוגעשריבען ווערען ניט נור דעם בוי פון חיפה—דמשק אייזענבאַהן, נאָר מעהר־ווייניגער אויך דער פאַרטגע עצטער גינסטיגער ווייטער־ענטוויקלונג פון די אידישע קאָלאָניעס (צווישען וועלכע זכרון־יעקב, בערך 4 שעה פון חיפה, איז די בעדייטענדסטע) און די אידישע צואוואַנדערונג". (זעה: דייטשעס האַנדעל ארכיוו, ארויסגעגעבען אין רייכסאַמט דעם אינערן, 1905, זייטע 889).

מייל שיקען רעגעלמעסיג זייערע שיפען אלע אכט טאג אין חיפה, אויפ'ן וועג צווישען קליין-אזיען און מצרים. אויך דייטשע, פראנצויזישע און איטאליענישע שיפען פער־קעהרען אָפט אין חיפה. פון 1897 ביז 1913 איז דער שיפס-פערקעהר כמעט פער־פיערפאכט געוואָרען. שיפס בעוועגונג:

שיפס בעוועגונג אין חיפה אין די לעצטע 10 יאהר (1904—1913).

| יאהר | דאמפשיפען | טאָן | זעגעלשיפען | טאָן |
|---|---|---|---|---|
| 1904 | 263 | 296.855 | 947 | 13.248 |
| 1905 | 221 | 241.669 | 371 | 4.575 |
| 1906 | 407 | 487.615 | 582 | 6.093 |
| 1907 | 481 | 609.564 | 775 | 8.750 |
| 1908 | 606 | 776.936 | 725 | 9.527 |
| 1909 | 626 | 810.938 | 790 | 12.148 |
| 1910 | 555 | 771.444 | 759 | 6.664 |
| 1911 | 516 | 750.260 | 778 | 15.308 |
| 1912 | 440 | 689.358 | 470 | 11.684 |
| 1913 | 486 | 808.763 | 1.111 | 14.311 |

ווי מיר זעהען פון דער טאבעלע האט זיך די שיפס בעוועגונג פערדאָפּעלט אין דעם זעלבען יאהר וואס די חעדזשאס באהן איז געעפענט געוואָרען (1906). דער אויפשוואונג פון 1909 איז געקומען נאך דער טערקישער קאנסטיטוציע, און דער ריק־גאנג אין 1910-1911 איז פעראורזאכט געוואָרען דורך דעם באלקאנישען און איטא־ליענישען קריעג.

ווי אין יפו, אזוי אויך אין חיפה, איז דער שיפס-פערקעהר געוואקסען צוזאמען מיט'ן אויסווערטיגען האנדעל, ווי מיר האבען געזעהען ביי דעם עקספּאָרט און אימ־פּאָרט פון חיפה'ר האפען (זייט 203).

אויך דער אינערליכער האנדעל פון חיפה וואקסט זעהר שנעל, און לויט די אנ־גאבען פון אפיציעלען סאלנאמע פון 1326 (1910) צעהלט חיפה 928 קלייטען און 423 גרעסערע מאגאזינען.

די אינדוסטריעלע טעטיגקייט פון חיפה איז נאך' גאנץ בעשרענקט, אָבער דער וואוקס פון דער אידישער קאָלאָניזאציע אין גליל און שומרון האָט שוין פיעל מיט־געהאָלפען דער געווערקשאפטליכער ענטוויקלונג פון חיפה. בעמערקונגסווערטע פארט־שריט האָט געמאכט דאס שלאָסעריי און שמיד- און וואגען-געשעפט. חיפה פערמאגט 10 שמיד-און שלאָסער-ווערקשטאטען, 22 טישלערייען און 4 זאָטלערייען, 3 זייף פאב־ריקען (2 פּרימיטיווע, אראבישע, און 1 מאָדערנע, א אידישע), 2 אויל-פּרעסען, אן אייז-פאבריק, א ברויעריי (דייטשע) וואס ארבייט נור פאר דעם אָרטיגען געברויך. 3 גארבערייען און 1 מאשינען פאבריק („עתיד“ וואס האָט זיך צוליעב געלד מאנגעל לעצטענס געשלאָסען), אויסער די ווערקשטאטען פון חעדזשאז-באהן. אינדוסטריע

א בעדייטענדע ראלע אין ווירטשאפטליכען לעבען פון חיפה שפּילען די דייטשען, וואס האבען דאָ אן אייגענע קאָלאָניע אויפ'ן וועג קיין יפו. לויט די אנגאבען פון דייטשען קאָנסול אין 1905 צעהלט די קאָלאָניע 545 נפשות, און איהר גאנצער בעזיץ בעטרעפט 2 און האלבען מיליאן מארק. די איינוואהנער בעשטעהען פון 23 וויינ־גערטנער, 2 אקערבויער, 2 זייפען-פאבריקאנטען, 10 קויפלייט, 1 אַרצט, 1 ביער-ברויער, 2 בעקער, 3 גאסטווירטען, 1 גערטנער, 2 אינזשענירען, 3 קאָנסולען, 3 לעהרער, 2 לעה־רערין, 40 פערשיעדענע האנדווערקער, 4 מילנער, 3 פּאסטאָר און געהילפען, 1 פּאסט־בעאמטער.

חיפה'ר ראיאן

חיפה איז אדמיניסטראטיוו א צענטער פון א קאדא פון עכו'ר סאנדזשאק. דער דיסטריקט פון חיפה וואס שליסט איין דעם כרמל און דעם נארדליכען טייל פון שרון צעהלט 43 אראבישע דערפער און 10 אידישע קאלאניעס: זכרון יעקב, שפיה, בת־שלמה, בורג׳, מאראח, חדרה, חפצי־בה, עתלית (אטליט), כרכור, שוני. דער שטח פון דעם דיסטריקט איז בערך 750 קוואדראט קילאמעטער, און די איינוואוינערשאפט אונגעפעהר 15.000. אויסער די אידישע קאלאניעס ווערט דא הויפטזעכליך בעטריבען אקערבוי־ווירטשאפט. לויט די אנגאבען פון דייטשען קאנסול אין 1903 איז דער שטח פון בעארבייטעטען אקער לאנד 329.400 דונאם. דער איינטראג פון דעם דיסטריקט איז, לויט אפיציעלע אנגאבען פון 1910 — 100.000 כיילה ווייץ, 100.000 כיילה גערשטען, 10.000 כיילה ארבסען, 8.000 כיילה סעזאם, 1.000.000 אקא וויינטרויבען, 117.000 אקא אליוועז, 1.000.000 אראנזשען א. ד. ג. דער אלגעמיינער איינטראג איז אונגעפעהר 20.000 טאן, „צו ווייניג אין פערהעלטניס צום גרויס און פרוכטבארקייט פון לאנד", ווי עס בעמערקט דערויף דער דייטשער קאנסול אין זיין בעריכט. די אורזאכען זיינען דא, ווי אין גאנצען לאנד, די אפגעשטאנענקייט פון דער ארבייט און די פערלאזענקייט פון א סך באדענס. דער כרמל, וואס איז אמאל געווען בעדעקט מיט וועלדער און וויינגערטנער, ווי עס צייגט דער נאמען זיינער, איז איצט כמעט אין גאנצען ענטבלויזט און אונבעוואקסען, מיט דער אויסנאהם פון דעם וועסטליכען אבהאנג נעבען חיפה, וואס איז פערפלאנצט מיט וויינגערטנער.

די ענטוויקלונג פון די אידישע קאלאניעס אין דעם ראיאן און דערוואוקס פון חיפה אין די לעצטע דרייסיג יאהר עפענען פאר דעם גאנצען געגענד ברייטע האריזאנטען. די פערצווייגונג פון דער חיפה'ר באהן אויפ'ן נארדליכען און זידליכען ברעג צו בירות און יפו, די אויפבויאונג פון א גוט־איינגעארדענטען האפען אין חיפה, די פערענדיגונג פון אידישען טעכניקום און די ווייטערע קאלאניזירונג פון כרמל און שרון — דאס זיינען די הויפט־אויפגאבען פון דער נאהענטסטער צוקונפט פאר דער ווייטערער ענטוויקלונג פון חיפה און חיפה'ר ראיאן.

## עכו.

אין דעם נארדליכען ווינקעל פון דער בוכטע וואס שניידט זיך אריין ווי א האלבער קרייז אין די גליל'ער ברעגעס פון ים התיכון, נעבען דעם טייכעל נעמן (בעלוס) שטעהט די אלט־פעניקישע שטאדט עכו (אין אראביש עכא) *). די איינציגע בעפעסטיגטע האפען־שטאדט פון א"י. עכו איז אויפגעבויט אויף א קליין ווינקעלדיג בערגעל, וואס שטארט ארויס אין ים, און איז ארומגערינגעלט מיט א פעסטער מויער. אלס דער נאהענטסטער פארט צום היסטארישען שלאכט־פעלד פון א"י — דעם עמק יזרעאל — האט עכו אלע מאל געהאט א גרויסע סטראטעגישע בעדייטונג און האט זיך גערעכענט פאר'ן שליסעל פון גאנץ סוריה. און א דאנק איהר גרוימען און זיכערען האפען האט זי א לאנגע צייט געשפיעלט א וויכטיגע ראלע אין האנדעל פון לאנד. דורך דעם עכו'ר האפען זיינען אין פערלויף פון הונדערטער יאהרען פערמדע ארמעען, פילגרימען, סוחרים אריינגעקומען אין לאנד, און עכו האט גע'שמ'ט מיט איהר האנדעל.

*) עס איז אינטערעסאנט, דאס דער אוראלטער נאמען פון דער שטאדט, ווי ער ווערט געבראכט אין די שריפטען פון תל אמרנא ד. ה. נאך פאר דער אידישער איינוואנדערונג אין לאנד, איז אויך געווען עכא, מיט אן אלף, און ניט עכו מיט א „ו" ווי אין תנ"ך.

רייכטום, גלאנץ און מאכט. אבער דער גורל פון צור און צידון האט אויך ניט אויס־געמידען עכו, און פון דעם גאנצען גלאנץ און פראכט פון דער פיניקישער שטאדט איז ניט פערבליבען קיין זכר, הגם עכו האט געהאט א בעסער מזל ווי איהרע גרעסערע און מעהר בעריהמטע שוועסטער, און האט א לענגערע צייט אלס זיי פערנומען א וויכטיגען ארט אין פאליטישען און עקאנאמישען לעבען פון לאנד.

פעניקישע תקופה. עכו ווערט שוין דערמאנט אין זעכצעהנטען יאהרהונדערט פאר דער קריסטליכער צייט־רעכנונג. איהר נאמען געפינט זיך אין דער ליסטע פון שטעדט וואס טאטמעס דער דריטער האט איינגענומען אין א״י. אין די שריפטען פון תל־אמרנא ווערט אנגע־געבען דער נאמען פון מצרישען גובערנאטאר זוראטא וואס האט רעגיערט אין עכו אין נאמען פון פרעה. אויך ס ע ט י דער ערשטער, וואס האט אויפגעבויט א רייהע פעסטונגען „אויפ׳ן וועג פון די פלשתים" האט איינגענומען און בעהערשט עכו.



בילד 39
**עכו.**

אין תנ"ך ווערט עכו דערמאנט נור איין מאל*) (שופטים א׳ 31). די שטאדט איז אויסגעפאלען אין דער נחלה פון שבט אשר, אבער דער דאזיגער שבט האט ניט געקאנט פערטרייבען די איינוואוינער פון די האפען־שטעדט, און עכו איז פערבליבען א פיניקישע שטאדט ווי געוועזן. ווען שלמנאסר דער פינפטער (722—727) האט בעלאגערט צור האט עכו זיך געפונען אונטער דער הערשאפט פון די צורים. סנחריב האט נאך זיין קאמפף געגען מרודך בלאדן פון בבל אריינגעדרונגען אין סוריה (אין די צייטען פון חזקיה מלך יהודה) און האט איינגענומען עכו צוזאמען מיט די אנדערע פעניקישע שטעדט: צידון, צרפת, אכזיב און נאך. ווען אחשורוש דער צווייטער

*) לויט דער מיינונג פון רעלאנד ווערט עכו דערמאנט אין מיכה (א׳ 10), אין פסוק „בגת אל תגידו בכו אל תבכו". אנשטאט בכו דארף מען לעזען בעכו אל תבכו.

(359—405) האָט געפיהרט אַ קאַמפף געגען מצרים, האָט דער פּאַרט פון עכו געדיענט אַלס באַזיס פאַר דעם פּרס'ישען פלאָט, ווייל קיין אַנדער האַפען אויף דעם סורישען ברעג איז ניט געווען גרויס גענוג אַריינצונעמען דעם גרויסען פלאָט פון אחשורוש (קסערקסעס).

אונטער די גריכען.

מיט די אידען האָט עכו אין דער צייט פון בית ראשון גאָר ניט געהאַט צו טון, און איהר נאָמען ווערט פערבונדען מיט דער אידישער געשיכטע ערשט נור ביים בית שני און נאָכ'ן צווייטען חורבן. די שטאָדט האָט שוין דאַן געענדערט איהר נאָמען אויף פּטאָלעמאַיס און אַ גריכישע קאָלאָניע האָט זיך דאָרט בעזעצט. עכו איז געוואָרען העלעניש דורך די ערָאבערונג פון אלקסנדר מוקדון (332), און דעם נייעם נאָמען האָט איהר געגעבען איינער פון די מצרישע פּטאָלעמאַידען, וואָס האָט בעהערשט די שטאָדט אין קאַמפף געגען די סורישע סעלעווקידען. עס איז ניט בעוואוסט וועד פון די פּטאָלע־מאַידען דאָס איז געווען. עכו איז דאַן שוין געוואָרען דער וויכטיגסטער האַנדעלס־פּאָרט פון גאַנץ סוריה, און די יורשים פון אלכסנדר מוקדון האָבען זיך שטאַרק אַרומ־געריסען צוליעב איהר בעזיץ. ווען יהודה המכבי האָט צושלאָגען די סוריער און האָט מחדש געווען דעם מזבח אין ירושלם האָט ער געשיקט זיין ברודער שמעון מיט 3000 מאַן אין גליל געגען דעם פיינד. שמעון האָט בעזיעגט דעם שונא און פערטריבען איהם ביז די טויערען פון עכו (חשמונאים א', ה' 55). ער האָט אָבער די שטאָדט ניט געקאָנט איינגעמען. שפּעטער, ווען אלכסנדר באַלאַס איז געוואָרען קעניג אין עכו (150) האָט זיין געגנער דימיטריוס דער 1טער פערשפּראָכען די שטאָדט עכו מיט אַלע איהרע פּאָרשטעדט צו יונתן החשמונאי, אַלס אייגענטום פון בית המקדש אין ירושלם (ח"א י' 42). אין דער שטאָדט איז יונתן אויף אַ פעררעטערישען אופן אַריינגעפאַלען אין די הענד פון זיין פיינד. דער סורישער גענעראַל טריפאָן, מורא האָבענדיג פאַר דער מאַכט פון יונתן, האָט איהם געשיקט אַ פריינדליכע איינלאַדונג צו קומען פריידליך אין עכו. יונתן, ניט האָבענדיג קיין פערדאַכט, האָט איבערגעלאָזט זיין גרויסע אַרמעע אין בית שאן און איז געקומען אין עכו בלויז מיט 1000 מאַן. טריפאָן האָט דאַן גלייך אויסגע'הרג'עט יונתן'ס בעגלייטער און איהם אַליין גענומען אין געפאַנגענשאַפט (ח"א. י"ב 49 : קדמוניות 13, 6, 2), דערנאָך האָט ער איהם געטויטעט. אלכסנדר ינאי (יונתן דער צווייטער) וואָס האָט פערברייטערט די אידישע גרעניצען מעהר ווי אַלע פריהערדיגע חשמונאים, האָט בעלאַגערט עכו. די איינציגע האַפען שטאָדט איז א"י אַ חוץ עזה וואָס איז נאָך פערבליבען איינצונעהמען (ניט רעכענענדיג דור און סטראַטאָס טורם — שפּעטער קסריה — וואָס האָבען בעלאַנגט צו דעם טיראַן זוילים). די עכו'ר האָבען געבעטען הילף ביי פּטאָלאָמעאוס לאַטירוס, וואָס האָט געשיקט זיי אַן אַרמעע פון 30.000. דאַן איז אלכסנדר געווען געצוואונגען אוועקצוגעהן פון עכו (קדמוניות 13, 12, 3-2). באַלד נאָך דעם איז די שטאָדט אַריינגעפאַלען אין די הענד פון קלעאָפּאַטראַ, די מצרישע קעניגין. הורדוס דער גרויסער האָט אויפגע־בויט אין עכו גימנאַזיומס. מעגליך אַז דאַמאָלס האָבען זיך אידען אָנגעהויבען בעזע־צען אין עכו, יעדענפאַלס איז בעוואוסט, אַז אונטער דער רוימישער אויבערהערשאַפט איז אין עכו געווען אַ אידישער ישוב, און פאַר'ן חורבן, אין דער צייט פון רוימישען גובערנאַטאָר פלאָרוס וואָס האָט אָרגאַניזירט אַ אידישען מאַסאַקר אין קסריה, (62—64) זיינען 2000 אידען דער'הרג'עט געוואָרען אין עכו (מלחמות היהודים 2, 18, 5).

דער רוימישער קיסר קלאַוודיוס (41—54) האָט געמאַכט עכו פאַר אַ פּרייער רוימישע קאָלאָניע, און די שטאָדט האָט געהאַט איהרע אייגענע מטבעות. 4 יאָהר פאַר׳ן חורבן האָבען זיך דאָ פערזאַמעלט די רוימישע לעגיאָנען, וואָס האָבען צושטערט די אידישע זעלבסטשטענדיגקייט. אהער איז אָנגעקומען אספּסינוס מיט זיין אַרמעע פון אנטיוכה, און טיטוס מיט אַ צווייטע אַרמעע פון אַלכסנדריה, און פון דאַנען זיינען זיי אַוועק אין גליל און שפּעטער אין ירושלים.

נאָכ׳ן חורבן זיינען אידען נאָך פערבליבען אין עכו, הגם זי האָט זיך אין אַ געוויסען רעליגיעזען זין (בנוגע תרומות און מעשר) גערעכענט אַלס חוץ לארץ. אין אַנדערע אַנגעלעגענהייטען, ווי צום ביישפּיעל גטין, האָט עכו זיך גערעכענט פאַר ארץ ישראל (גטין ב׳). אין דער צייט פון תלמוד זיינען דאָ געזעסען פיעלע אידישע חכמים, ווי רבי יוסי בן חלפתא, רבי יהודה, רבי שמעון בן גמליאל דיבנה, רבי אבא, רבן גמליאל דער דריטער, און נאָך. עכו איז דאַן געווען דער הויפּט־פּאָרט פון א״י (יומא ל״ח) און די אידען אין עכו האָבען זיך בעשעפטיגט מיט פישעריי (מועד קטן י״ג). דער עכו׳ער „שער הדגים״ (פיש־מאַרק) איז געווען אַ שם דבר (מדרש צפניה). צווישען עכו און יפו איז דאַן געווען אַ לעבעדיגען שיפס פערקעהר, און די רייזע צווישען די צוויי שטעדט האָט געדויערט נאָר איין טאָג (נדרים ל׳). ווען אדרינוס האָט געגעבען אַן ערלויבניש צוריק אויפצובויען דעם בית המקדש, האָבען זיך אַ סך אידען אומגעקעהרט קיין א״י דורך עכו, און די צוויי בעריהמטע ברידער פּפּוס און לוליאנוס פון לודקיא, וואָס האָבען פריהער געקעמפּפט געגען דעם רוימישען טיראַן קיטאָס, האָבען אויפגעשטעלט פון עכו ביז אנטיוכא וועקסעל־טישען צו צושטעלען גאָלד און זילבער פאַר די עולי־גולה (וואָס קעהרען זיך פון גלות אין א״י). נאָך די נידערלאַגע פון בר־כוכבא האָט זיך דער ניט־אידישער עלעמענט אין עכו פערגרעסערט, און די שטאָדט איז גערעכענט געוואָרען פאַר איינע פון די צענטרען פון געצענדיענסט (עבודה זרה מ״א). אין דעם שטאָדט־מרחץ איז געשטאַנען די סטאַטוע פון ווענוס (ע״ז מ״ב). די ליעבשאַפט צו א״י איז געווען דאַן אַזוי גרויס, אַז די חכמים האָבען ניט געפּלעגט צו געהן ווייטער פון עכו, כדי ניט אַרויסצוגעהן פון א״י אין חוץ לארץ (גטין ע״ו). און רבי יוסי בר חנינא האָט געקושט די ערד אין עכו, זאָגענדיג, אַז א״י דערגרייכט ביז אהער (ירושלמי שקלים ד׳), און רבי אבא האָט געקושט די פעלזען פון עכו (כתובות קי״ב).

אונטער דער ביזאַנטישער הערשאַפט איז עכו געוואָרען די רעזידענץ פון אַ קריסטליכען בישאָף. דער העלעניזם, וואָס האָט פערנומען דעם אָרט פון דער סעמיטיש־פעניקישער קולטור, האָט אָבגעטראָטען זיין פּלאַץ דעם קריסטענטהום, און דאָס לעצטע האָט אין איינגע הונדערט יאָהר שפּעטער געמוזט אָבטרעטען פאַר׳ן איסלאַם. אין 367 האָט דער חאליף עמר איינגענומען ירושלים, און אין 638 איז געפאַלען קסריה. די אַנדערע שטעדט, און דאַרונטער אויך עכו, האָבען זיך דאַן אונטערגעגעבען אָהן ווידערשטאַנד. לויט די מיטטיילונג פון מוקדסי איז עכו ניט געווען בעפעסטיגט ביז דער אונאָבהענגיגער רעגיערער פון מצרים, אחמד איבן טולון (878), האָט בעהערשט סוריה, און זעהענדיג די שטאַרקע מויערען פון צור האָט ער בעשלאָסען צו בעפעסטיגען אויך עכו, כדי צו בעשיצען דעם האַפען פון אַן אָנפאַל, און האָט איבערגעגעבען די אַרבייט צום ירושלים׳ער אַרכיטעקטאָר, דעם זיידען פון מוקדסי. בעשיצט פון די נייע פעסטונגען, איז עכו געוואָרען דער זיכערסטער האַפען אין א״י, און ווען די נוסעי הצלב זיינען אָנגעקומען אין א״י, האָבען זיי מייסטענס בענוצט דעם עכו׳ער פּאָרט.

נוסעי הצלב און גרויסקייט פון עכו.

איילענדיג איינצונעהמען קודם כל ירושלים, האבען די ערשטע פילגרימען אין 1099 איבערגעלאזט עכו אין די מוסלימישע הענד. אין 1103 איז באלדווין דער ערשטער געקומען פון ירושלים מיט אן ארמעע פאר די טויערען פון עכו, ער האט אבער גע־מוזט אבטרעטען נאך דעם ווי צור און טריפאלי האבען געשיקט א פלאט צו העלפען דעם עכו׳ער גאריזאן. אין א יאהר ארום האט ער בענייט די בעלאגערונג פון עכו מיט די הילף פון א גענועד פלאט, און נאך צוואנציג טעג איז עכו אריינגעפאלען אין די קריסטליכע הענט (1104).

עכו איז באלד געווארען די וויכטיגסטע שטאדט פון ארץ ישראל, א חוץ ירושלים. קריסטליכע שיפען פון פיזא, גענוא, ווענעציע און אנדערע שטעדט, אנגעלאדען מיט פילגרימען, געוועהר, סחורות, האבען זיך אונאויפהערליך קאנצענטרירט אין עכו׳ער האפען. אין שטאדט זיינען שנעל אויסגעבויט געווארען הערליכע פאלאצען, גראנדיעזע מאגאזיינען, ארסענאלען, האספיטעלער און אונגעהויערע רייכטהימער פון גאנץ אייראפא האבען זיך דא אנגעזאמעלט.

אין עכו האט זיך דעמאלסט געפונען א אידישער ישוב, מעגליך פון נאכ׳ן חורבן. רבי בנימין פון טודילא האט דא געפונען 200 אידישע פאמיליעס (1163) ; און אין 1165 איז דער רמב״ם מיט זיין פאמיליע אנגעקומען אין עכו פון פעס און האט דא פערבראכט א האלב יאהר ביז ער איז אוועק אין ירושלים, און פון דארט אין מצרים.

צוויי טעג נאך דעם שלאכט פון חטין (1187) איז צלח־אל־דין צוגעקומען צו עכו, און די שטאדט האט זיך אונטערגעגעבען אהן ווידערשטאנד. אונשעצבארע רייכטהי־מער זיינען אריינגעפאלען אין די הענט פון די מוסלימער. אבער עכו, אלס דער שלי־סעל פון גאנץ א״י, איז געווען צו וויכטיג, אז די קריסטען זאלען זי איבערלאזען ביים פיינד, און אין 1191 איז קעניג גווידא פון יבשה און א פיזער פלאט פון ים געקומען בעלאגערען די שטאדט. צוויי יאהר נאכאנאנד האבען די מוסלימער אין עכו זיך אנטקעגענגעשטעלט די קריסטען, ביז ס׳זיינען אנגעקומען פרישע קרעפטען, דער פראנ־צויזישער קעניג פיליפ אויגוסט און דער ענגלישער רימשארד מיט זייערע ארמעען, און עכו מיט אלע איהרע אוצרות פון גאלד און זילבער, שפייז און געוועהר, שיפען אוןווארע, זיינען אריינגעפאלען צום צווייטען מאל אין די קריסטליכע הענט (12טען יולי, 1191).

הונדערט יאהר נאכאנאנד איז עכו פערבליבען ביי די נוסעי הצלב. אין 1202 האט זי שטארק געליטען פון אנ׳ערד־ציטערניש, אבער דאס האט ניט געשטערט איהר וואוקס. אין 1229, נאך דעם פאל פון ירושלם, איז זי געווארען די הויפט־שטאדט פון דער קריסטליכער מלוכה אין א״י און די רעזידענץ פון די פערשיעדענע ריטערישע ארדענס. נאך איינעם פון די ארדענס, סענט זשאהן, האבען די קריסטען אנגעהויבען רופען די שטאדט סענט זשאהן ד׳אקר. עכו איז געווארען א צענטר פון רייכטום, לוקסוס און גלאנץ. די רייכע אריסטאקראטען, פרינצען און באראנען פון סוריה און אייראפא האבען זיך דא בעזעצט און אויפגעבויט הערליכע פאלאצען, און סוחרים פון אלע לענדער האבען דא געעפענט מאגאזינען און געשעפטען און געבראכט אהער די פראדוקטען פון אלע געגענדען און קלימאטען. אין די גאסען פון עכו האבען זיך געהערט די שפראכען פון אלע נאציאנען.

צו דער זעלבער צייט איז עכו געווארען דער צענטר פון ביטערע קעמפפע, אינ־טריגעס, קריגערייען און בלוטיגע צוזאמענשטויסען צווישען פערשיעדענע עלעמענ־טען פון די נוסעי־הצלב. די כלומר׳שטע רעליגיעזע ציעלען זיינען אין גאנצען פער־

געסען געוואָרען און די פּערזענליכע אַמביציעס און זעלבסטזיכטיגע אינטערסען פון די פיהרער און זייערע נאָכפאָלגער האָבען ארויסגערופען אונאויפהערליכע שנאה־קנאה וואס האָט ניט איין מאָל געענדיגט זיך מיט בלוט־פערגיסונג. בכלל האָבען די קריסטען פון עכו גע'שמ'ט מיט זייער פערדאָרבענקייט, פאלשקייט, בעטריגערייע און פעררעטערישע האנדלונגען. די שטאָדט איז פערזונקען געוואָרען אין רייכטום, לוקסוס און פערברעכען.

אין דעם צושטאנד איז די קריסטליכע עכו איבערגעפאלען געוואָרען פון דעם מצרישען סולטאן מלך אל־אשראף אבן קאלוואן מיט א גרויסער אראבישער ארמעע, און נאָך א שטורעמדיגע שלאכט פון 6 וואָכען איז עכו געפאלען (18 מאי 1291). מאסען קריסטען זיינען אויסגעקוילעט געוואָרען און די גאנצע שטאָדט איז פערברענט געוואָרען. די מויערען און פעסטונגען זיינען צושטערט געוואָרען און עכו איז אויס־געגלייכט געוואָרען מיט'ן גרונד. דערמיט האָט זיך געענדיגט די הערשאפט פון די נוסעי הצלב אין א"י. דער אראבישער רייזענדער אבן באטוטא האָט אין 1355 געפונען עכו אין רואינען*). די שטאָדט איז געוועזען פוסט און אונבעוואוינט, נור 60 אראבער זיינען דארט געזעסען און געהיט דעם פּארט און די חורבות. מעהר ווי פיער הונדערט יאָהר האָט עכו ניט געקאָנט קומען צו זיך נאָך דעם חורבן. הענרי מאָנדרעל, וואס האָט בעזוכט דעם פּלאץ אין 1697, האָט דאָ געפונען ניט מעהר ווי א גרויסען חאן, א מאָשעע און א פּאר ארימע הייזלעך. די בעפעלקערונג איז בעשטאַנען אין גאנצען פון 400—300 מאן.

**אונטערגאנג**

**אויפשוואונג אונטער שייך דאהער.**

אין 1749 האָט עכו ווידער אמאָל אָנגעהויבען אויפצובליהען. אין דיזען יאָהר האָט א בעדואינישער שייך דאהער אל עמר פון שבט זיידאן פון צפת'ער געגענד פערכאפּט עכו, פערטריבען דעם טערקישען אַגאַ, און אונטערקויפענדיג דעם פּאשא פון צידון, האָט ער זיך געמאכט פּאר דעם הערשער פון שטאָדט און דער אומגעבונג, אויף'ן פּלאץ פון אגא. דאהער איז געוועזען א העכסט בעגאַבטער און ענערגישער אדמיניסטראַטאָר, א אויסערגעוועהנליך פעהיגער געשעפטס מאן, א מוטיגער סאָל־דאַט און אַ אויסערגעצייכענטער סטראַטעגיקער. אין א קורצער צייט איז איהם געלונגען צו פערוואנדלען דאס רואינירטע, מיזעראבעלע דערפעל — אזוי איז עכו געוועזען אין זיין צייט — אין א בעפעסטיגטע, קאָמערציעלע, לעבעדיגע שטאָדט. ניט נור די שטאָדט, נאָר די גאנצע געגענד ארום האָט מיט אמאָל אויפגעוואכט צו א ניי לעבען. דאהער האָט אבגעריינינגט דאס לאנד, איינגעשטעלט זיכערהייט, געמאכט איבעראל אָרדנונג, און די פלאחין (פויערים) פון די ארומיגע פּראָווינצען, וואס האָבען געליטען אי פון דער טיראַניי פון די פּאשאס אי פון די איבערפאלען און רויבערייען פון די בעדואינער, האָבען זיך אוועקגעלאזט צו דאהער'ן, וואו זיי האָבען געפונען שוץ, זיכערהייט און טאָלעראנטע בעהאנדלונג, און האָבען געגרינדעט נייע דערפער און אויפגעלעבט פערוויסטעטע שטרעקעס באָדען. אויסלענדישע סוחרים האָבען אין עכו געפונען א מארק פאר זייערע סחורות, און זיי האָבען זיך דאָ בעזעצט

*) די מיטיילונג פון רבי יצחק חילו, דער מחבר פון שבילי ירושלם, אין 1334 אז „עכו איז א בע־ריהמטער האפען מיט א גרויסען האנדעל און א רייכע און צאהלרייכע בעפעלקערונג" שטימט ניט מיט די בעוואוסטע היסטאָרישע פאקטען פון יענער צייט. מעגליך אז דאס איז איינע פון די פעלשונגען, אין וועלכע צונץ האָט חושד געוועזען דעם איבערזעצער און ארויסגעבער פון חילו'ס רייזע בוך, אליקום כרמולה.

און פערגרעסערט דעם האנדעל און שיפס פערקעהר. דאהער האט געשלאסען א בונד מיט די גרויסע בעדואינישע שבטים פון עבר הירדן, ענזה, סאקר, סארדיה, און האט זיך מיט זיי מתחתן געווען, און דערמיט האט ער געקראגען א שטארקע מאכט אין א נויטפאל געגען דער טערקישער רעגירונג. דעסטגלייכען האט ער זיך אנגענומען פאר די מוטעוועלער, וואס האבען זיך ענטזאגט צו צאהלען שטייערען די פאשאס פון צידון און דמשק; ער האט פאר זיי בעצאהלט די שטייערען און אויסגעגליכט צווישען זיי און דער רעגירונג, און דערמיט געוואונען אויף זיין זייט א מאכט פון צעהן טויזענד רייטער, וואס די מוטעוועלער האבען געקאנט ארויסשטעלען אין קריעג. מיט אזעלכע מיטלען איז דאהער ביסלעכווייז געווארען א געוואלדיגע מאכט אין לאנד, און עכו איז געווארען דער צענטר פון א נייער, כמעט אונאבהענגיגער פירשטענ־טום וואס האט געהאלטען אין איין וואקסען. די ממשלה פון דאהער'ן האט זיך פערשפרייט פון צפת ביז עזה. די טערקישע רעגירונג האט מיט פערדראכט און שרעק צוגעקוקט צו דעם וואוקס פון דער נייער מאכט אין עכו, זי האט אבער ניט געוואגט אפען ארויסצוטרעטען געגען דאהער'ען. דערווייל איז די שטאדט געוואקסען, די בעפעלקערונג האט זיך פערגרעסערט, דער האנדעל האט זיך ענטוויקעלט, דער אימ־פארט און עקספארט האט זיך שנעל געהויבען. איינער פון די וויכטיגסטע עקספארט ארטיקלען איז געווען קאטאן (בוימוואל) וואס איז אין א גרויסער צאהל פראדוצירט געווארען אין עכו'ר געגענד.

אין 1775 איז שייך דאהער אין עלטער פון 90 יאהר דער'הרג'עט געווארען דורך אגענטען פון דער קאנסטאנטינאפאלער רעגירונג, און א מצרישער ממלוך (שקלאוו) אחמד, וועלכען מען האט צוליעב זיין אכזירות געקרוינט מיט'ן נאמען ג'זאר (קצב), איז בעשטימט געווארען אלס דער הערשער פון עכו. אחמד ג'זאר, וואס האט זיך אויפגעהאלטען פריהער פינף יאהר צייט אין דאהער'ס הויז אלס אנטלאפענער פון מצרים, האט דער'הרג'עט אלע זיהן דאהער'ס (אויסער איינעם, וואס איז א דאנק זיינע גרויסע פאעטישע פעהיגקייטען געשאנעוועט געווארען און אבגעשיקט אין קאנסטאנטינאפאל), און צוגענומען זייער טעריטאריע. אין זיין צייט איז עכו נאך מעהר אויסגעוואקסען. אחמד ג'זאר האט זיך בעזונדערס אויסגעצייכענט מיט זיין ליעבשאפט צו בויען. ער האט געלאזט ברענגען פון אלע ארומיגע שטעדט די מאטעריאלען פון אלטע פאלאצען און רואינעס, און האט בעשיינט עכו מיט גרויס־ארטיגע געביידעס; ער האט אויסגעבויט דא א הערליכען מאשע, א געדעקטען באזאר און א וואסערלייטונג מיט פיינע פאנטאנען.

דעם 20 מארט 1799 איז נאפאלעאן באנאפארט געקומען מיט א פראנצויזישער ארמעע פאר די טויערען פון עכו, און מיט צוויי טעג פריהער איז דער ענגלישער אדמיראל סידני סמיט געקומען מיט צוויי קריעגס־שיפען העלפען ג'זאר'ן געגען די פראנצויזען. 60 טעג איז עכו געווען בעלאגערט. אכט מאל זיינען די פראנצויזען צוריקגעשטויסען געווארען פון ג'זאר'ס סאלדאטען. ענדליך האבען זיך די פראנ־צויזען געמוזט צוריקציהען, און נאפאלעאן דער גרויסער האט פערלוירען די שלאכט ביי דעם געוועזענעם ממלוך אחמד ג'זאר פאשא פון עכו*).

---

*) ג'זאר איז געשטארבען אין 1804. זיין נאמען איז א לאנגע צייט געבליבען לעבען אין לאנד, ניט אזוי אלס דער בעזיעגער פון נאפאלעאנען, ווי אלס גרויזאמער און מאנסטריעזער טיראן. יאהרען לאנג נאך זיין טויט האט מען נאך געקענט טרעפען אין עכו מענשען מיט צוקאליעטשעטע נעזער, אויס־

אין 27 נאָוועמבער 1831 איז איברהים פּאשא געקומען מיט א מצרישע ארמעע און האָט בעלאַגערט עכו. דער הערשער פון עכו איז דאַן געווען עבד אלה פּאשא, א בלוטיגער דעספּאָט, וואס האָט אין 1820 פערנומען דעם פּלאַץ פון אחמד ג'זאר'ס נאָכפאָלגער, דער פרידליכער סוליימאַן פּאשא. 6 חדשים האָט זיך די בעלאַגערונג געצויגען, אָבער אברהים פּאשא איז געווען ערפאָלגרייכער פאר נאפּאָלעאָן באָנאַ־פּארט. נאָך א שטארקער באָמבאַדירונג איז עכו גענומען געווארען מיט שטורם (27 מאי 1832). די שטאָדט איז צושטערט געווארען, פון עכו איז ניט מעהר גע־בליבען ווי א פארמלאָזע מאַסע רואינען.

אונטער דער גוט אָרגאַניזירטער הערשאַפט פון מוחמד עלי און איברהים פּאשא איז עכו שנעל צוריקגעקומען צו זיך. די הייזער זיינען צוריק אויפגעבויט געווארען, די מויערען זיינען בעניית געווארען און דער האנדעל האָט צוריק אויפגעלעבט. אָבער אין 1840 איז די שטאָדט ווידער אמאָל באָמבארדירט געווארען, דאס מאָל פון ים, דורך דעם פעראייניגטען פלאָט פון ענגלאַנד, עסטרייך און טערקיי. אן עקס־פּלאָזיאָן פון א פּולווער מאַגאַזין האָט אומגעבראכט מעהר פון 2000 מצרישע סאָל־דאַטען (3 נאָוועמבער 1840), און די נעקסטע נאָכט האָבען זיך די איבערגעבליבענע מצרישע רעגימענטען געמוזט צוריקציהען פון עכו. פון דאַן אָן איז די שטאָדט פער־בליבען אונטער דער טערקישער הערשאַפט.

נאָך אזוי פיעל איבערקעהרעענישען איז נאַטירליך וואס אין עכו איז ניט פער־בליבען קיין צייכען פון איהרע אלטערטימער און פון די פערשיעדענע עפּאָכען וואס די שטאָדט האָט איבערגעלעבט: די אלט פעניקישע, גריכיש־אידישע, רוימיש־אי־רישע, ביזאנטיש־קריסטליכע, אראביש־מוסלימישע, פרענקיש־קריסטליכע (נוסעי הצלב), און ווידער אמאָל מוסלימישע אונטער די קאהירער און קאָנסטאַנטינאָפּאָלער חאליפען.

---

א טייל פון די מויער וואס רינגעלט איצט ארום עכו שטאַמט נאָך פון די נוסעי הצלב, דאָס איז דער טייל נעבען ים אין דרום זייט. די אנדערע טיילען פון די אינ־וועייניגסטע מויער זיינען ווידער אויפגעבויט געוואָרען דורך שייך דאהער, ווי עס ציינט אן אויפשריפט וואס געפינט זיך אויף די אָסטליכע וואנד. נאָך דעם צוריק־טריט פון נאפּאָלעאָנען האָט ג'זאר פּאשא און זיין נאָכפאָלגער עבד־אלא פּאשא פערגרעסערט די שטאָדטישע בעפעסטיגונגען מצד דער יבשה, און צוגעבויט א צוויי־טע מויער, 400 פוס ווייט פון די אינוועייניגסטע מויער פון שייך דאהער. דער שטח פון עכו אינערהאלב די אויסענוועייניגסטע מויער איז ארום 50 אקער. אין געגענזאַץ צו ירושלם, וואס איז אין די לעצטע 50 יאָהר זעהר שטאַרק אויסגעוואקסען מחוץ די אלטע מויערען, איז עכו עד היום פערבליבען בעשרענקט מיט די מויער, ווייל די רעגירונג האָט צוליעב סטראטעגישע סבות ניט ערלויבט בויען הייזער אויסער די שטאָדט־וואנד.

---

געשטאָכענע אויגען, אבגעשניטענע אויערען, אבגעהאקטע הענד. דאס זיינען געווען די קרבנות פון ג'זאר פּאשא. זיין אידישער פינאנס מיניסטער ח י י ם פ ר ח י איז געווען איינער פון די קרבנות. ג'זאר האָט איהם אויסגעשטאָכען איין אויג און אָבגעהאקט די שפּיץ נאָז. אין איין פאל האָט ער געטויטעט זיבען פון זיינע ווייבער מיט זיינע אייגענע הענד.

עכו איז איינגעטיילט אין צעהן קווארטאלען (חארת). אין זיבען וואוינען נור מוסלימער, אין דריי איז די בעפעלקערונג א געמישטע: אין חארת שייך עבד־אלה וואוינען אידען, קריסטען, מוסלימער, אין חארת אל שעחום און חארת אל מודזשא־ דעלע (אל מג'אדלה) — מוסלימער און קריסטען. בעפעלקערונג.

די בעפעלקערונג פון עכו, האט אין פערגלייך מיט אנדערע שטעדט, זעהר וועניג געוואקסען אין די לעצטע יאהרצעהנדליגע. לויט ראבינסאנ'ס אנגאבען אין 1852 האט עכו געצעהלט 5.000 נפשות (די אפיציעלע אנגאבען פון יענער צייט זיינען העכער. 2378 מוסלימער און 793 אידען און קריסטען — צוזאמען 3171, רעכענענדיג נור מענער). אין 1886 האט אינזשעניר שומאכער דורכגעפיהרט א פינקטליכע סטא־ טיסטיק פון עכו'ר סאנדזשאק. די שטאדט עכו האט דאן געצעהלט 9.800 נפשות (7.230 מוסלימער, 2570 קריסטען, 140 אידען. ווילסאן אין 1843 האט דא געפונ־ נען 150—125 אידען).

לויט די אנגאבען פון וויטאל קינע אין 1900, האט עכו געצעהלט 10.400 איינ־ וואוינער (די אפיציעלע אנגאבען פון 1910 זיינען ניט מעהר ווי 9.279), און לויט די אפיציעלע אנגאבען פון 1915 — 12.000. ד. ה. אז פאר די לעצטע 30 יאהר האט זיך די בעפעלקערונג פערגרעסערט אין גאנצען אויף בערך 2000 מאן.

דעם פלאץ פון עכו אלס הויפט־פארט פון א"י האט אין די לעצטע 40—30 יאהר פערנומען יפו; אין די לעצטע צייט האט מיט עכו שטארק אנגעהויבען צו קאנקורי־ רען איהר נאהענטע שכנ'טע חיפה (זעה „חיפה" זייט 250). בעזונדערס זינט עס איז אויסגעבויט געווארען די חיפה—דמשק'ער אייזענבאהן (1906). פיעלע איינ־ וואוינער פון עכו האבען זיך איבערגעצויגען קיין חיפה.

פריהער איז עכו געווען דער צענטר פון תבואה־עקספארט. ביז 1890 האט דער חורן ארויסגעפיהרט זיין ווייץ און גערשטען אין אויסלאנד דורך עכו. איצט געהט די תבואה מייסטענס דורך חיפה. דער שיפס־פערקעהר פון עכו'ר האפען ווערט אלץ מעהר פערקלענערט, אין דער צייט וואס אין חיפה האלט ער אין איין וואקסען: אין 1904 זיינען אנגעקומען אין עכו'ר האפען 121 דאמפפשיפען מיט אן אלגעמיי־ נעם טאנאזש פון 79.421, און 1078 זעגעלשיפען מיט א טאנאזש פון 17.037, צוזא־ מען 96.458 טאן. אין 1913 — ניט מעהר ווי 36 דאמפפשיפען (17.309 טאן). 691 זעגעלשיפען (9109 טאן) צוזאמען א טאנאזש פון 26.418.

אין 1913 איז עכו פערבונדען געווארען דורך א צווייג־ליניע פון 17 קילאמעטער מיט דער חעדזשאז באהן אין חיפה. דאס וועט זיכער מיטהעלפען די ווייטערע ענט־ וויקלונג פון שטאדט; אבער זי וועט אויך ווייטער שפיעלען א סך קלענערע ראלע, ווי איהר יונגערע שוועסטער, די שטאדט חיפה, וואס האט זיך פאר דער לעצטער צייט אזוי שנעל ענטוויקעלט, און האט אלע שאנסען צו ווערען דער וויכטיגסטער האפען פון גאנץ ארץ ישראל. שיפס בעוועגונג

די פאלגענדע טאבעלע ווייזט די שיפס־בעוועגונג פון עכו פאר די לעצטע צעהן יאהר בעפאר דער וועלט־מלחמה.

| יאהר | דאמפשיפען | טאן | זעגעלשיפען | טאן | יאהר | דאמפשיפען | טאן | זעגעלשיפען | טאן |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1904 | 121 | 79.421 | 1078 | 17.037 | 1909 | 123 | 80.684 | 608 | 9.366 |
| 1905 | 61 | 60.843 | 793 | 10.071 | 1910 | 93 | 49.619 | — | — |
| 1906 | 136 | 68.324 | 855 | 9.284 | 1911 | 90 | 44.755 | 1049 | 11.598 |
| 1907 | 138 | 49.202 | 391 | 10.703 | 1912 | 65 | 45.543 | 769 | 11.441 |
| 1908 | 140 | 88.421 | 1134 | 13.332 | 1913 | 36 | 17.309 | 691 | 9.109 |

ווי מיר זעהען פון די אויביגע אנגאבען האט דער שיפספערקעהר דערגרייכט דעם העכסטען פונקט אין די יאהרען 1908—1909. די סבה דערפון איז די טער־קישע קאנסטיטוציע פון 1908. דער נייער ארדנונג האט ארויסגערופען א לעבטהאפ־טערע ווירטשאפטליכע טעטיגקייט אין גאנצען לאנד. די בעשרענקונגען פון אלטען רעזשים פאר'ן אויסלענדישען פערקעהר זיינען בעזייטיגט געווארען און דער האנדעל איז דעריבער בעלעבט געווארען. די ערווארטונגען פון נייעם רעזשים האבען זיך אבער ניט ערפילט, און אין 1910 האט זיך ווידער אנגעהויבען א ריקגאנג.

א חוץ די אלגעמיינע געווערבען אזו האנדווערקעריי זיינען אין עכו פערטראטען די פאלגענדע אינדוסטריעס: אייל־פאבריקאציאן, גארבעריי און מיהלעריי. עכו פערמאגט 3 אויל־פרעסען, 4 גארבערייען, 1 גרויסע מעהל פאבריק צוזאמען מיט אן אייז־פאבריק. נעבען עכו, אויפ'ן טייך נעמן (בעלום) איז אויך פארהאן א וואסער־מיהל (טחונת אל חג' סליח). א טייל פון דער בעפעלקערונג בעשעפטיגט זיך אויך מיט לאנדווירטשאפט. דאס זיינען מייסטענס עפענדים וואס בעזיצען גערטנער און אקער־לאנד ארום עכו און בעארבייטען עס דורך פעכטער.

אינדוסטריע און האנדעל

דעם וויכטיגסטען ארט אין האנדעל פון עכו פערנעמט דער מסחר מיט תבואה. א גרויסער טייל פון דער ערנטע (גערעטעניש) אין גליל און חורן ווערט געבראכט אויפ'ן עכו'ר מארק. דער דאזיגער האנדעל איז קאנצענטרירט אין די הענד פון די עפענדים — די רייכע גוטסבעזיצער. דער איינצעל־האנדעל און קרעמעריי איז אויך דא שטארק פערטראטען. לויט די אפיציעלע אנגאבען פון 1326 (1910) געפינען זיך אין עכו 166 מאגאזינען און 415 קראמען.

עכו איז די רעזידענץ פון מוטעסאריף פון עכו'ר סאנדזשאק און א צענטר פון א קאדא. זי איז אויך א וויכטיגער מיליטערישער פונקט, אלס די איינציגע בעפעס־טיגטע שטאדט אויפ'ן ברעג ים.

דער עכו'ר דיסטריקט (קאדא) פערנעמט א שטח פון אונגעפעהר 800 קוואדראט קילאמעטער און ענטהאלט 53 דערפער מיט א בעפעלקערונג פון 25.000 (לויט די אפיציעלע אנגאבען פון 1910). דער באדען איז זעהר פרוכטבאר און רייך מיט וואַ־סער, און בעדייטענדע שטרעקעס זיינען בעפלאנצט מיט אלערליי פרוכט־בוימער: אליוון, אראנזשען, וויינשטאק, פייגען, אבריקאסען א. ד. ג. און גרינסען. די גרעסטע טייל אבער פון בעארבייטעטען באדען געפינט זיך אונטער אקערבוי. לויט די אפיציעלע אנגאבען פון 1316 (1910) איז דער יעהרליכער איינטראג פון עכו'ר קאדא 400.000 קיילה ווייץ, 150.000 כ. גערשטען, 170.000 דורא, 15.000 ארבעסען, 50.000 סעזאם און 20.000 קיילה אנדערע תבואות. 5.000.000 אקא ארבוז, 150.000 אקא געטריקענטע פייגען, 50.000 אקא פייגען, 20.000 בארנעס, 10.000 אקא מאנדלען, 60.000 אקא אבריקאסען, 20.000 אקא וויינטרויבען, 6.000.000 שטיק אראנזשען, 2.000.000 לימאנען, 1.000.000 זיסע לימאנען, 500.000 אתרוגים און א 2.000 אקא פערשיעדענע פרוכטען.

עכו'ר ראיאן

די דאזיגע געגענד איז שוין אין די אוראלטע צייטען געווען בעריהמט מיט איהר אויסערגעוועהנליכע פרוכטבארקייט, בעזונדערס מיט דעם גערעטעניש פון אליוון. אשר, וואס די טעריטאריע איז אויסגעפאלען אויף זיין חלק, ווערט געבענשט מיט פעטקייט און אויל. „אשר'ס ברויט איז פעט" ווערט געזאגט אין יעקב ברכה צו זיינע זיהן (בראשית מ"ט 20). „אשר וואשט זיינע פיס אין אויל", לויטעט די ברכה פון משה'ן (דברים ל"ג 24).

די דאָזיגע געגענד איז געווען בעריהמט ניט נור מיט די פּראָדוקטען פון דער ערד, נאָר אויך מיט איינע פון די וויכטיגסטע אינדוסטריען. לויט די ערצעהלונגען פון די אלטע גריכען האָבען איניגע מאטראסען צופעליג ערפונדען די פאבריקאַציע פון גלאָז אויפ'ן ברעג פון טייך בעלוס (נעמן), וואָס איז נעבען עכו.

אין פריהערדיגע צייטען האָט מען דאָ אויך קולטיווירט קאטאָן (בוימוואל). אין דער עפּאָכע פון שייך דאהער אל עמר (18טען יאָהרהונדערט) איז קאטאָן געווען פון די וויכטיגסטע פּראָדוקטען וואָס מ'האָט עקספּאָרטירט נאָך אויסלאנד. וואָלני (1783—85) לויבט די גערעטעניש פון בוימוואל אין עמק עכו. לויט זיין מיטטיילונג, זיינען תבואה און בוימוואל געווען דער באזיס פון עכו'ר האנדעל, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אין א זעהר בליהענדען צושטאנד. איצט איז פון דעם קיין זכר ניט געבליבען.



בילד 40.
שפרעם.

אין דער קאַדאַ פון עכו געפינט זיך דאס שטעדטעל שפרעם (שפאָ־עמר), וואָס איז געווען נאָכ'ן חורבן בית שני די צייטווייליגע רעזידענץ פון סנהדרין (ראש השנה ל"א). איצט איז דא דער צענטר פון א מודיריע. אין דער צייט פון שייך דאהער אל־עמר (ארום 1745) איז דא געגרינדעט געווארען דורך רבי חיים אבולעפייא א אידישער לאנדווירטשאפטליכער ישוב. אין די פיפציגער יאָהרען פון 19טען יאָהרהונדערט האָבען זיך דאָ אויך בעזעצט מאראקאנער אידען אלס ערד־ארבייטער. דער אידישער ישוב עקזיסטירט נאָך דא עד היום, ער איז אָבער פאר דער צייט, צוליעב די אונאָרדנונגען און שווערע שטייערען, שטאַרק פעראָרימט גע־וואָרען און פערמאָגט שוין איצט זעהר ווייניג באדען. ער צעהלט איצט ארום 50 נפשות. די גאנצע בעפעלקערונג רעכענט זיך ארום 2,700, פון זיי 1,100 קאטאָליקען, 700 מוסלימער, 500 דרוזען, 175 מאראניטען, 140 פּראטעסטאנטען.

# נצרת.

די פיהרענדע ראָלע וואָס ארץ ישראל האָט, טראָץ איהר פּאָליטישער און עקאָנאָמישער אונוויכטיגקייט, געשפּיעלט אין דער וועלט־געשיכטע און די גרויסע ירושה וואס דאס אידישע פאלק האָט איבערגעלאזען פאר דער מענשהייט פון די צייטען פון זיין נאַציאָנאלער זעלבסטשטענדיגקייט — האָבען אריינגעפלאכטען די זכרונות פון לאנד און פון איהרע איינצעלנע ערטער אין דעם אלמענשליכען בעוואוסטזיין און האָבען פיעלע שטעדט, וואס לויט זייער גרויס קאָנען זיך קוים פערגלייכען מיט מעהר־וויניגער גרויסע דערפער, צוגעגעבען אן אלוועלטליכע בעריהמטקייט. צו די דאָזיגע שטעדט געהערט די גליל'ער שטאָדט נצרת (אין אראביש אן־נאצירה, און אין די אייראָפּעאישע שפּראכען נאַזארעט). וואס מכה (מעקקא) איז פאר'ן איסלאם — איז נצרת פאר דער קריסטליכער וועלט. דאס איז, לויט דער טראדיציע פון די עוואנגעליומס, די שטאָדט וואו ישו הנוצרי האָט פערבראכט זיין יוגענד און אין וועמעס אומגעבונג ער האָט געפּרעדיגט זיין תורה.

די שטאָדט ליגט אויף דער וועסטליכער זייט פון א לאנגען און שמאָלען באסיין־ארטיגען טאָל, וואס איז בעהאלטען צווישען די זידליכע בערג־רייהען פון גליל התחתון, ביי דער נאָרדליכער זייט פון עמק יזרעאל. פון דער שטאָדט גופא איז דער טאָל אונזיכטבאר, אָבער ווען מען קריכט ארויף אויף'ן שפּיץ פון די בערג וואנד ענטפּלעקט זיך פאר'ן צושויער איינע פון די הערליכסטע און מערקווירדיגסטע פּאנאראמעס אין דער וועלט—דער היסטאָרישער שלאכט־פעלד פון פעלקער, דער עמק יזרעאל, איינגערינגעלט אין די בערג פון כרמל, שומרון, גלבוע און דער איינזאמער תבור. קיין אנדער געגענד אין א"י איז ניט אזוי רייך מיט אלוועלטליך־היסטאָרישע און בעזונדערס מיט אידיש־נאַציאָנאַלע זכרונות ווי דער גליל התחתון און דער עמק אין דער נאָהענטקייט פון נצרת: פון דעסטוועגען ווערט נצרת קיין איינמאָל ניט דערמאנט אין תנ"ך און אויך ניט אין די ווערק פון יוסף פלאוויוס. פיעל ערטער ארום נצרת ווערען שוין אין די צייטען פון ערשטען בית דערמאנט אין דער אידישער געשיכטע, און נאָך מעהר, אין די צייטען פון בית שני און נאָך'ן חורבן, ווי ע י ן ־ ד ו ר , וואוהין שאול איז געקומען צו די בעלת־אוב פאר זיין טראגישען טויט אין קאמפּף מיט די פלשתים אין עמק יזרעאל (שמואל א' כח), וואס עקזיסטירט עד היום מיט דעם זעלבען נאָמען אין דרום זייט פון נצרת, י פ י ע א שטאָדט וואס האָט בעלאנגט צום שבט זבולון (יהושע י"ט 12), און יעצט א דאָרף אין מערב זייט פון נצרת מיט'ן נאָמען יאַפאַ, ג ת ה ח פ ר א שטאָדט אין זבולון (יהושע י"ט 13) פון וואנען עס האָט געשטאמט דער נביא יונה בן אמתי (מלכים ב' י"ד 25) איצט א דאָרף אויפ'ן וועג פון נצרת קיין טבריה, מיט'ן נאָמען אל־משהד: צ פ ו ר י, די הויפּט־שטאָדט פון גליל פאר'ן חורבן בית שני און די רעזידענץ פון רבי יהודה הנשיא און דעם סנהדרין, איצט א דאָרף אין צפון זייט פון נצרת מיט'ן נאָמען צאַפּוריאַ, און נאָך פיעל אנדערע. יוסף פלאוויוס האָט א לאנגע צייט פערבראכט אין דעם געגענד פון נצרת אלס פערוואלטער און אויבער קאָמאנדיר פון די אידישע קרעפטען אין גליל, און אין זיינע ווערק: זיין אויטאָביאגראפיע, אידישע מלחמות און אידישע קדמוניות דערמאנט ער א גרויסע צאהל פון ערטער אין גליל, שטעדט און דערפער, וואס געפינען זיך זעהר נאָהענט צו נצרת, ער פערשווייגט אָבער אין גאנצען דעם אָרט וואס איז שפּעטער בעריהמט געווארען אין דער גאנצער וועלט. דערפון איז קלאָר אז נצרת איז דאן געוועזן ניט מעהר ווי א קליין אונבעדייטענד דערפעל.

אונבעדייטענד דאָרף אין ישו'ס צייטען.

געשיכטע פון נצרת.



וואס האָט ניט געשפּיעלט קיין ראָלע אין געזעלשאַפטליכע, פּאָליטישע און קולטור־רעלע לעבען פון די אידען אין גליל. „צי קאָן פון נצרת ארויסקומען עפּעס גוטעס?“ איז געווען די פראגע וואס מ'האָט געפרעגט וועגען דעם נייעם נביא (יוחנן, 1, 46). און נאָך אין פערטען יאָהרהונדערט איז נצרת געווען ניט מעהר ווי א דאָרף, ווי מיר ווייסען פון די עדות פון אייסעביוס. אַן אנדער שרייבער פון דער זעלבער צייט, עפּיפאַניוס, דערצעהלט אז ביז דעם קיסר קאָנסטאַנטין (337—333) איז נצרת געווען בעוואוינט אויסשליסליך מיט אידען. אונטער דעם קריסטליכען קיסר ווייזט אויס האָבען די קריסטען אָנגעהויבען צו בעזעצען זיך אין דער שטאָדט פון זייער משיח, אָבער אידען זיינען נאָך אַלץ פערבליבען דאָרט אפילו אין 6טען יאָהרהונדערט: אנטאָניוס מארטיר (570) דערצעהלט נאָך וועגען דער אידישער שול, אין וועלכער ישו הנוצרי האָט געלערנט אלף בית. ער לויבט אויך די אידישע פרויען פון נצרת מיט זייער שעהנקייט, וואס האָט ניט קיין גלייכען אין גאנצען לאנד. פון זיינע שבחים צו די





בילד 41.

נ צ ר ת .

אידען אין נצרת וואס בעציהען זיך גוט צו די קריסטען, ניט ווי די אידען אין אנדערע ערטער, קאָן מען דרינגען אז נאָך דעמאָלס איז אין נצרת געווען מעהר אידען ווי קריס־טען.

ער לויבט אויך זעהר שטארק די פרוכטבארקייט און נאטירליכע רייכ־קייט פון דעם געגענד און פערגלייכט דעם פּלאַץ צו א גן עדן התחתון. צוליעב די גרוי־סע שפע אין פרוכטען, וויין, האָניג, אויל און תבואה.

דער קריסטליכער ישוב האָט זיך ווייזט אויס פערגרעסערט אין 7טען יאָהרהונ־דערט, און דער בישאָף ארקולפוס וואס האָט בעזוכט די שטאָדט (ארום 700) האָט שוין געפונען אין נצרת צוויי גרויסע קירכעס, נאָך דעם ווי מיט הונדערט יאָהר פריהער איז דאָרט געווען נור איין קירכע און איין אידישע שול. פאר דעם אנקומען פון די נוסעי

הצלב האָבען די מוסלימער צושטערט נצרת. נאָך דעם ווי די קריסטען האָבען איינגע־נומען ירושלם (1099) איז טאנקרעד בעשטימט געווארען אלס גובערנאטאָר פון גליל און ער האָט צוריקאויפגעבויט די פערוויסטעטע נצרת, וועלכע איז געווארען א וויכטיגער קריסטליכער צענטר. נאָך דעם שלאכט פון חטין (1187) איז די געבורטס שטאָדט פון קריסטענטום ווידער אמאָל אריינגעפאלען צו די מוסלימער; די שטאָדט איז פערארימט געווארען. דער גרויסער אראבישער געאגראף יאקוט (1225) בעשרייבט „אן־נאצרא" אלס א דאָרף. און אנדער געאגראף דמשקי (1300) דערצעהלט וועגען די אינערליכע קעמפפע פון די צוויי פארטייען — קיים און יעמען — וואס איז אָנגע־גאנגען אין גליל. די נצרת׳ער אראבער האָבען בעלאנגט צו די ימנ׳ישע פארטיי. און די איינוואוינער פון כפר קנא צו די קייסים. נצרת איז דאן געווען א פלאץ פון קריסטליכע פילגרימען. אין 15טען יאָהרהונדערט איז נצרת געווען א גרויס דאָרף. די בעפעלקערונג איז געווען א מוסלימישע. די קריסטליכע קירכע, וואס דער מצרישער סולטאן ביבארס (1260) האָט צושטערט איז נאָך אלץ געלעגען אין רואינען („די רייזען פון בערטראנד דע לא בראקיער", 1432). אין 16טען יאָהרהונדערט זיינען דאָ געזעסען בלויז מוסלימער. דער רייזענדער קאטאוויקוס, אם ענדע פון 16טען יאָהרהונדערט האָט ניט געפונען אין נצרת מעהר ווי 2—3 קריסטען, צו וועלכע די מוסלימער האָבען זיך בעצויגען מיט פיינדשאפט און אונטאלעראנץ. ווען דער גליל איז אונטערגעפאלען דער אויבערהערשאפט פון דרוזישען פרינץ פחר־א־דין (1633—1584) פון לבנון, וואס האָט זיך געפונען אין גוטע בעציהונגען מיט די קריסטען, האָ־בען די פראנציסקאנער בעקומען אן ערלויבניש צוריק אויפצובויען די קריסטליכע קירכע מיט א פראנציסקאנער מאָנאסטיר. די בעפעלקערונג איז נאָך אלץ געווען א ריין מוסלימישע, און הענרי מאנדרעל האָט אין 1697 געפונען אין נצרת, דאן א אונ־בעדייטענד דאָרף, ניט מעהר ווי אכט קאטוילישע גלחים, וואס האָבען כסדר געצי־טערט פאר זייער לעבען פון מורא פאר די ארומיגע פיינדליכע אראבער. אין 18טען יאָהרהונדערט האָבען זיך די קריסטען פערמעהרט אין נצרת. שוין אין וואלני׳ס צייטען (1783) האָבען די מוסלימער אויסגעמאכט ניט מעהר ווי א דריטעל פון דער בע־פעלקערונג אין נצרת, צוויי־דריטעל זיינען געווען קאטוילישע גריכען. דער הערשער פון גליל איז דאן געווען דער שייך דאהער אל עמר אין עכו, און די נצרת׳ער איינוואוי־נער זיינען געווען פערפליכטעט צו שיקען מתנות צו יעדער נייער פרוי וואס דער שייך האָט גענומען — א זאך וואס איז פארגעקומען יעדע וואָך.

אין 1799 האָט די ארמעע פון נאפאלעאן באנאפארט בעלאגערט עכו, און צייט־ווייליג איינגענומען א טייל פון גליל התחתון ארום נצרת. הינטער די בערג פון נצרת, אין דעם דאָרף פולע, וואו ס׳געפינט זיך איצט די אידישע קאָלאָניע מרחביה, איז פארגעקומען די בעריהמטע שלאכט אין וועלכער די קליינע ארמעע פון קלעבערען האָט צושלאָגען די צעהן מאָל גרעסערע ארמעע פון די טערקען. באנאפארט האָט אבער געליטען א מפלה ביי עכו און האָט זיך גענויזט צוריקציהען פון א"י. אחמד דזשעזאר פאשא, וואס האָט בעזיעגט דעם פראנצויזישען העלד, האָט געוואלט דאן אויסקוילענען אלע קריסטען פון גליל, נור דער ענגלישער אדמיראל, סידני סמיט, וואס האָט איהם געהאָלפען געגען נאפאלעאנען, האָט איהם דערפון אָבגעהאלטען.

אין 19טען יאָהרהונדערט איז די בעפעלקערונג און די עקאָנאמישע בעדייטונג פון נצרת אויסגעוואקסען בהדרגה.

ווען דאס לאנד האט זיך געפונען אונטער דער מצרי׳שער הערשאפט (1832—40) האט די רעגירונג דורכגעפיהרט א צענזוס פון דער שטייערפליכטיגער מענערישער בע־פעלקערונג. לויט דיזען צענזוס האט נצרת געצעהלט, לויט די אנגאבען פון ראבינסאן אין 1838 — 260 גריכען, 170 מוסלימער, 130 קאטוילישע גריכען, 120 לאטיינער, 100 מאראניטען — צוזאמען 780 שטייער־פליכטיגע מענער, ד. ה. בערך 3.000 נפשות. אין 1859 האט די בעפעלקערונג — לויט די אנגאבען פון קאנסול ראדזשערס — גע־צעהלט 4.000 נפשות. אין 1886 האט דער אינזשעניער שומאכער פון חיפה דורכ־געפיהרט א סטאטיסטיק אין עכו׳ר סאנדזשאק. נצרת האט דאמאלס געהאט א בע־פעלקערונג פון 6.575 נפשות. לויט די אנגאבען פון דעם זעלבען שומאכער אין 1890, איז די צאהל געשטיגען ביז 7.500, דארונטער 2.870 גריכען, 1.825 מוסלי־מער, 1.310 לאטיינער, 950 גריכישע קאטוילען, 252 מאראניטען.

וואוקס פון ישוב.

אין די לעצטע 20 יאהר איז די בעפעלקערונג נאך מעהר אויסגעוואקסען. לויט די אנגאבען פון בעדעקער׳ן אין 1898 — האט נצרת געצעהלט 10.000 נפשות, און אין 1912 — 15.000, פון זיי א דריטעל (בערך 5.000) מוסלימער, און צוויי־דריטעל קריסטען (5.000 גריכען, 2.000 לאטיינער, 1.000 קאטוילישע גריכען, 250 פראַ־טעסטאנטען, 200 מאראניטען).

אורזאכען.

דער פערהעלטניסמעסיג גרויסער וואוקס פון נצרת איז געוויסער מאסען פער־אורזאכט געווארען דורך די אנגריפען און איבערפאלען פון די אסט׳ירדנ׳ישע בעדואי־נער, וואס האבען געצוואונגען די איינוואוינער פון די ירדן־טאלען און עמק יזרעאל פון פערלאזען זייערע אונזיכערע הײמען אין די אסטליכע געגענדען און זוכען שוץ אין נצרת און אנדערע שטעדט נעהנטער צום מערב און צום ברעג־ים, וואו די קאנטראל פון דער רעגירונג איז אלע מאל געווען שטארק. אויף אזא אופן זיינען פיעלע ערטער ביים ירדן פערלאזען געווארען און די איינוואוינער האבען זיך איבערגעצויגען אין שטאדט.

א צווייטע אורזאכע פון דעם וואוקס פון נצרת איז — די אנציהונגס קראפט וואס די געבורטס שטאדט פון קריסטענטום האט פאר די קריסטען. נצרת צוזאמען מיט ירושלים און בית לחם זיינען די הייליגסטע שטעדט פון דער קריסטליכער וועלט און זינט די וועלטליכע רעפארמען אין טערקיי פון די 50־גער יאהרען, וואס האבען פעסט־געשטעלט די פרינציפען פון רעליגיעזער פרייהייט און גלייכהייט אין טערקיי — זיינען פיעלע אויסלענדישע קריסטליכע אינסטיטוטען — שולען, קירכען, מאנאסטירען, האספיטעלער א. ד. ג. געגרינדעט געווארען אין נצרת. די ארטיגע קריסטען, וואס זיינען געווען צושפרייט אין די גליל׳ער דערפער, האבען זיך אנגעהויבען צו קאנצענט־רירען אין שטאדט, וואו זיי האבען געפונען מאטעריעלע און גייסטיגע אונטערשטי־צונג ביי זייערע אויסלענדישע גלויבענס־גענאסען. און דאדורך איז נצרת, וואס האט איבער טויזענד יאהר געהאט נור א מוסלימישען ישוב, געווארען אין די לעצטע הונ־דערט יאהר די קריסטליכסטע שטאדט אין א״י, מיט דער אויסנאהם פון בית לחם.

די איצטיגע נצרת איז די הויפט־שטאדט פון א קאימאקאמיע (קאדא), איינע פון די 5 קאימאקאמיעס פון עכו׳ר סאנדזשאק, און גליל התחתון, אין דער אמאליגער טעריטאריע פון שבט זבולון. אין דעם ראיאן געפינען זיך 25 דערפער (דארונטער 2 אידישע קאלאניעס — מרחביה און תל עדם) מיט א בעפעלקערונג פון 8.000, וואס איז בעשעפטיגט הויפטזעכליך מיט אקערבוי און פיה־צוכט, און אין א קלענערע מאס מיט פלאנטאציעס (אליווען). פיעלע פון די שטאדטישע איינוואוינער בעשעפטיגען

זיך פונקט ווי די פלחין מיט אקערבוי און פיהצוכט, אבער א בעדייטענדע צאהל איז פערנומען מיט האנדעל און פערשיעדענע פראפעסיעס און קליינע אינדוסטריעלע בע־טריבען. פון די קלענערע שטעדט אין א"י, וואס געפינען זיך ניט ביים ברעג ים, קאן זיך נור בית לחם פערגלייכען צו נצרת אין איהר עקאנאמישער אקטיוויטעט, אבער די לעצטע איז פיעל רייכער פאר די ערשטע.

לויט די אנגאבען פון אינזשיניער שומאכער זיינען די נצרת'ער בעשעפטיגט מיט די פאלגענדע פראפעסיעס:

בערך 300 זיינען פערנומען מיט אקערבוי און פיה־צוכט, 140 הענדלער און קרעמער, 24 גרויסע גוטבעזיצער און תבואה־הענדלער, 45 נאגעל־, מעסער־, קופער־ און פערד־שמידען, 15 טישלער, 8 סטעל־מאכער (וואס מאכען אראבישע אקערס), 12 גארבערס, 10 פארבער, 40 שוסטער, 9 זאטעל־מאכער, 10 וועבער, 6 שניידער, 8 בלעכער, 8 פעלץ־מאכער, 8 סעקלער, 9 מילנער (צווישען זיי 5 דאמפפמיהלען), 8 ביקסענמאכער, 6 גאלד־שמידען, 16 מויערער, 53 שטיינהויער (דאקאקא), 22 שטיינ־ העקער (חארזשארא), 6 קאלכברענער, 15 גיפסער, 24 גערטנער, 16 בארבירעס, 10 מוקערים (פערד־ און אייזעל־טרייבער) און נאך איניגע קליינע פראפעסיעס. בעשעפטיגונגען.

די וויכטיגסטע רעליגיעזע געמיינדען האבען אייגענע קווארטאלען — די גריכען אין נארדליכען טייל פון שטאדט, „חארת אל־רום", די מוסלימער אין צענטר, „חארת אל איסלאם", די לאטיינער אין דרום „חארת אל לאטין". אין איניגע קווארטאלען וואוינט א געמישטע בעפעלקערונג. קיין אידען זיינען אין נצרת ניטא*) און די אר־טיגע קריסטען וואס צייכנען זיך אויס מיט זייער פאנאטיזם, בעציהען זיך מייסטענס פיינדליך צו אידען. די אידישע קאלאניזאציע אין גליל התחתון האט זיך פריהער בעגרענעצט בלויז מיט'ן טבריה'ר ראיאן, אבער אין די לעצטע יאהרען האבען זיך אנ־געהויבען גרינדען אידישע קאלאניעס אונטער די בערג פון דער געבורטס־שטאדט פון קריסטענטום, און מיט'ן וויטערען וואוקס און פערשטארקונג פון דער אידישער קא־לאניזאציע אין עמק יזרעאל וועט אויך מעגליך ווערען די ענטשטעהונג פון א אידישען ישוב אין נצרת.

## בית לחם

אויף צוויי קליינע בערג וואס זיינען צוטיילט דורך אנ'ענגען דורכגאנג, בערך צוויי שעה גאנג פון ירושלם (ארום 5 מייל) צו דרום אויף'ן וועג פון חברון, אין מיטען פון דער פרוכטבארסטער אמאליגער טעריטאריע פון שבט יהודה ליגט די געבורט־שטאדט פון דעם גרויסען קעניגליכען פאעט פון אידישען פאלק — ב י ת ל ח ם (אדער בית לחם יהודה ווי זי ווערט עטליכע מאל בעצייכענט אין תנך כדי ניט צו פערמישען מיט אנאנדער בית־לחם נעבען עמק יזרעאל וואס האט בעלאנגט צום שבט זבולון — זעה יהושע י"ט 15). די שטאדט האט אויך געהייסען אפרת (אפרתה), און די איינוואוינער פון בית־לחם האבען זיך גערופען אפרתים**). דיביידע נעמען פון דער שטאדט פאסען זיך מיט דער אונגעהויערער פרוכטבארקייט פון דער אומגע־

*) נאר די אדמיניסטראציע פון יק"א האט דא א הויז פאר איהרע בעאמטע.

** אין איניגע ערטער אין תנ"ך (שופטים י"ב 5, שמואל א' א' 1, מלכים א' י"א 26) מיינט אפרתי א מיטגליעד פון אפרים.

בונג (אפרת שטאמט פון פרה — זיין פרוכטבאר, און בית־לחם מיינט „הויז פון ברויט)*).

בית־לחם איז פון די שטעדט אין ארץ־ישראל וואס האבען אין פערלויף פון טויזענדער יאהרען, פון יעקב אבינו ביז היינט, ניט געביטען איהר נאמען, און עד היום רופען זי די אראבער „בית־לחם“.

דעם נאמען פון בית־לחם בעגעגענען מיר שוין אין די צייטען פון יעקב אבינו. אויף'ן וועג פון פדן ארם ניט ווייט פון אפרת וואס איז בית לחם איז געשטארבען רחל (בראשית ל"ה 19), און דארט, צווישען בית־לחם און ירושלם, שטעהט נאך עד היום די קופאלארטיגע מצבה וואס טראגט דעם נאמען פון רחל'ס קבר. ביבלישע תקופה.

אויף די פעלדער פון בית־לחם האט זיך אין די צייטען פון די שופטים אבגע־שפיעלט די איינפאכע און הערליכע געשיכטע פון אידישען לעבען, די וואונדערבארע



בילד 42.
בית־לחם.

אידיליע פון רות און בועז. דער נאמען פון בית־לחם איז אויך פערבונדען מיט איינעם פון די מערקווירדיגסטע עפיזאדען פון יענער תקופה — מיט דעם בירגער קריעג צווישען גאנצען פאלק און שבט בנימין צוליעב דער „פילגש בגבעה“. (שופטים י"ט 2). פון בית־לחם איז אויך געקומען איינער פון די שופטים, אבצן, וואס האט גע'משפט־די אידען נאך'ן טויט פון יפתח הגלעדי (שופטים י"ב 8). אבער א וויכ־טיגען פלאץ אין דער אידישער געשיכטע האט בית־לחם פערנומען ערשט שפעטער, מיט דעם אויפטריט פון דוד בן ישי, דער פאסטוך פון זיין פאטערס שאף, צו דער

*) עס איז אויך פאראן א השערה אז בית־לחם שטאמט פון לחמו, א נאמען פון א כלדעאישען גאט פון פרוכטבארקייט, און דער נאמען בית לחם בעדייטעט „דער טעמפעל פון לחמו“.

גרויסער ראָלע וואָס ער האָט געשפּיעלט אין דעם לעבען פון זיין פאָלק. אהין, קיין בית־לחם, איז שמואל געגאנגען זוכען א נייעם מלך פאר'ן אידישען פאָלק, נאָך דעם ווי ער איז זיך פאנאנדערגעגאנגען מיט דעם ערשטען מלך וואָס ער אליין האָט ער־וועהלט. דאָ האָט שמואל געזאלבט אין געהיים דוד'ן פאר א מלך אויף שאול'ס אָרט.

שפּעטער ווען דוד איז גענומען געוואָרען צו שאול'ן צו פערטרייבען מיט זיין הארפע די מרה שחורה פון פערביטערטען קעניג האָט זיך דער יונגער פּאסטוך־מנגן נאָך געפלעגט אומצוקעהרען קיין בית לחם, צו די שאָף פון זיין פאָטער (שמואל א' י"ז 15). פון בית לחם האָבען אויך געשטאמט די העלדישע מיטהעלפער פון דוד'ן, די דריי זיהן פון צרויה מיט יואב'ן בראש. נעבען בית לחם איז פאָרגעקומען די ריהרענ־דע סצענע מיט'ן וואסער וואָס די דריי גבורים האָבען געבראכט דעם דורשטיגען קעניג פון דעם לאגער פון די פלשתים אין בית לחם, און דוד האָט די וואסער אויסגע־גאָסען, ניט וועלענדיג טרינקען „די בלוט פון די מענשען וואָס האָבען איינגעשטעלט זייער לעבען אין געפאהר" (שמואל ב' כ"ג 17).

בית לחם איז געוועזען פון די שטעדט וואָס רחבעם האָט פערפעסטיגט אין יהודה (דברי הימים ב' י"א 6). נעבען בית לחם האָבען זיך אין דער צייט פון ערשטען חורבן פערזאמעלט יוחנן בן קרח מיט דעם „שארית העם" צו געהן נאָך מצרים און ירמיה הנביא האָט זיי אין א פייערדיגער שפּראָך געוואָרענט געגען דעם.

צווישען די אידען וואָס זיינען צוריקגעקומען פון גלות בבל אין דער „עליה" אונ־טער זרבבל'ן זיינען געווען אויך הונדערט און דריי און צוואנציג פון בית־לחם וואָס האָבען זיך אומגעקעהרט אויפבויען זייער געבורטס שטאָדט (עזרא ב' 12).

אין די ווייטערע היסטאָרישע געשעהענישען פון בית שני ווערט בית־לחם שוין ניט דערמאָנט.

נאָך'ן חורבן. נאָך דעם צווייטען חורבן איז בית־לחם בעריהמט געוואָרען צווישען די קריס־טען אלס דער געבורטספּלאַץ פון ישו הנוצרי. אויף דעם אָרט וואו קריסטוס איז לויט דער לעגענדע געבוירען געוואָרען שטעהט די בעוואוסטע „געבורטסקירכע", וואָס רעכענט זיך פון די גרעסטע קריסטליכע הייליגטימער.

אויף להכעיס די קריסטען האָט אדריאנוס (117—138) בעפוילען אנפלאנצען אויף דעם פּלאַץ א גאָרטען געווידמעט צום סורישען גאָט אדאָניס.

קריסטליכער צענטר. אין פערטען יאהרהונדערט האָט דער בעריהמטער געלערנטער טעאָלאָג הערא־נימוס (331—420) — איינער פון די פאָטערס פון דער קריסטליכער קירכע — בע־זעצט זיך אויף דיזען פּלאַץ, און לערנענדיג העברעאיש און תנ"ך אין אָריגינאל ביי די אידישע חכמים, האָט ער אין בית לחם פערפאסט זיין לאטיינישע איבערזעצונג פון ביבל (די אזוי־גערופענע „וואולגאטא") און אנדערע טעאָלאָגישע ווערק. די קירכע פון דער הייליגער מרים אדער „געבורטס־קירכע" אין בית לחם — וועלכע איז אוי־סער דער קירכע אויף ישו'ס קבר אין ירושלם דאָס גרעסטע קריסטליכע הייליגטום אין דער וועלט, שיינט צו עקזיסטירען נאָך פון 4טען יאהרהונדערט, און זי איז דעריבער די עלטעסטע קירכע אין דער גאנצער וועלט. ווען די מוסלימער האָבען אין 7טען יאהר־הונדערט עראָבערט דאָס לאנד האָבען זיי די אלטע קירכע ניט אָנגעריהרט. שוין פון גאָר אלטע צייטען איז בית לחם געווען בעוואוינט דורכאויס מיט קריסטען, און ווען די נוסיע הצלב האָבען זיך דערנעהנטערט צו ירושלם, האָבען זיי צוערשט איינגענומען בית־לחם, מיט דער הילף פון די קריסטליכע איינוואוינער. ווי סיוואולף, א קריסטליכער פּילגרים, וואָס האָט איבערגעלאזט א בעשרייבונג פון א"י גלייך נאָך די ערשטע נוסעי

הצלב, דערצעהלט, האבען די אראבער פריהער געהאט צושטערט די גאנצע שטאדט און ניט מעהר איבערגעלאזט ווי די קירכע פון דער הייליגער מרים (אדער „געבורטס־קירכע"). רבי בנימין פון טודילא (1163) האט געפונען אין בית־לחם 12 אידישע איינוואוינער, ריכטיגער 12 משפחות, אלע האבען זיך בעשעפטיגט מיט פארבערייי—די אידישע מלאכה פאר עקסעלענץ פון יענער צייט. אין 1244 איז בית לחם צוגלייך מיט ירושלם חרוב געווארען דורך די ארדום פון די קארא־זעמיאנער, וואס זיינען אין 1240 אריינגעדרונגען פון מיטעל־אזיע אין סוריה. ווען דזשאהן מאנדעוויל האט בעזוכט א"י (1322) איז בית לחם געווען א קליין שטעדטעל, ארומגערינגעלט מיט א מויער. די גאנצע בעפעלקערונג איז געווען א קריסטליכע. אין דער אומגעגענד איז געווען צאהלרייכע וויינגערטנער. אין 1489 איז בית לחם ווידער אמאל חרב געווארען.

א לאנגע צייט האבען נור קריסטען געוואוינט אין בית לחם. די ערשטע קריסטען זיינען געווען גריכען און סיריער. אין 17טען יאהרהונדערט האבען אויך רוימישע קאטאליקען אנגעהויבען בעזעצען זיך דארט, און נאך דעם אנהויב פון 18טען יאהרהונדערט האבען אריינגעוואנדערט אויך ארמענער.

אין וואלני'ס צייט (1783) האט בית לחם געצעהלט 600 מאן וואס טראגען וואפען, וואס מאכט אויס א בעפעלקערונג פון בערך 3000 נפשות. די בית־לחם'ער זיינען געווען בעריהמט מיט זייער העלדישקייט און האבען זעהר אפט בענוצט זייער געוועהר — אמאל געגען דעם טערקישען פאשא, אמאל געגען אנדערע דערפער און אמאל צווישען זיך אליין. אין דער מלחמה פון די צוויי פארטייען וואס האבען במשך פון הונדערטער יאהרען (ביז פאר 60 יאהר בערך) אנגעפיהרט אין א"י אן אונאויפהערליכען בירגער־קריעג, די קייסים און יאמאנים, איז בית לחם געווען אויף דער זייט פון יאמאן, און האבען דעריבער געקעמפפט געגען די איינוואוינער פון חברון, וואס האבען בעלאנגט צו די קייסים. אין דעם אויפשטאנד פון די פלחים געגען דער הערשאפט פון מוחמד עלי און איברהים פאשא אין 1834 האבען די בית־לחם'ער גענומען אן אקטיווען אנטייל. בעזונדערס האבען זיך אויסגעצייכענט די מוסלימער פון בית לחם, די פאגאווירע וואס האבען זיך דא בעזעצט אין 18טען יאהרהונדערט ווען דער אויפשטאנד איז דערשטיקט געווארען האט איברהים פאשא ענטוואפענט אלע בית־לחם'ער, חרוב געמאכט דעם מוסלימישען קווארטאל און ארויסגעטריבען אלע מוסלימער פון שטאדט. אבער נאך דעם ווי די מצרים זיינען פערטריבען געווארען פון א"י (1840) און דאס לאנד איז אריבער צוריק צו טערקיי האבען זיך די מוסלימער ביסלעכווייז אומגעקעהרט אין בית לחם, נאך דעם ווי זיי האבען זיך א לאנגע צייט בעהאלטען אין די אומגעבונג פון חברון.

די בעפעלקערונג פון בית לחם וואס איז אין 1840 געווען בערך 3.000 נפשות האט אין 1890 געצעהלט שוין 8000, און אין 1910 ארום 10.000 נפשות. איצט רעכענט זיך בערך 12.000—11 איינוואוינער.

די מאדערנע בית לחם איז אויסגעבויט אהן צווייפעל אויף דעם זעלבען פלאץ, וואו ס'האט זיך געפונען די געבורטס־שטאדט פון דוד בן ישי מיט 3000 יאהר צוריק. די הויך פון דער שטאדט איבער'ן ים איז 775 — 825 מעטר. ארום דער שטאדט, אויף די בערג ברייטען זיך אויס וויינגערטנער און אקער פעלדער.

דער טעראסען־בוי פון דער אומגעבונג גיט דעם גאנצען ארט א מאלערישען אמפיטעאטרישען אנזעהן. דער באדען פון דער שטאדט און דער סביבה איז זעהר פרוכטבאר און איילבירטען, מאנדלען, פייגען און וויינטרויבען גראטען דארט

אויסערגעווערנליך גוט. דער קלימאט איז ענליך צום ירושלם'ער קלימאט, נור עט־
וואס מילדער. מיט וואסער איז בית לחם גוט פערזארגט. אין נארדליכען אריינגאנג
פון שטאדט געפינען זיך די גרויסע ציסטערנעס וואס די אראבער רופען „ביאר דאוד"
— דוד'ס ברונעם. דאס רעכענט מען זיינען די ברונעמס, וואו דוד'ס העלדען האבען
אנגעשעפט וואסער פאר זייער פיהרער אין דער צייט ווען די פלשתים זיינען געווען
אין בית לחם. אין שטאדט גופא האבען די איינוואוינער פיעל פריוואטע ציסטערנעס.
א חוץ דעם האט די שטאדט אן אלטע וואסער־לייטונג, וואס איז רעפארירט געווארען
אין 1845. טראץ די רייכקייט פון וואסער בעשעפטיגט זיך קיינער ניט מיט געמיוז,
און אלע גרינסען ווערען אריינגעבראכט פון אנדערע ערטער. אפילו די קולטור פון
פלאנטאציעס געפינט זיך אין א שפל'ע מדרגה, און זי קאן ניט פערגליכען ווערען
צו דעם אמאליגען וואוילשטאנד פון דעם געגענד.

כמעט די גאנצע בעפעלקערונג איז א קריסטליכע. אידען זיינען דא נור איניגע,
און מוסלימער בערך 300. די קריסטען צוטיילען זיך אויף גריכען (ארום 4000), לא־
טיינער־קאטוליקען (ארום 3000), ארמעניער, קאפטען, סוריער, פראטעסטאנטען.
א טייל פון דער בעפעלקערונג שטאמען אב פון די נוסעי הצלב. זיי רעדען נאך איטא־
ליעניש און רופען זיך ווענעציאנער. די פאמיליען־נעמען זייערע זיינען אויך איירא־
פעאישע. דאס איז פיליכט דער איינציגער לעבעדיגער סימן וואס איז פערבליבען
אין לאנד פון די הונדערטער־טויזענדער אייראפעאישע קריסטען, וואס האבען אין
פערלויף פון הונדערטער יאהרען געשטראמט אין א"י פון אלע עקען פון אייראפא, אום
כדי צו שאפען א קריסטליכע מלוכה אין דעם געבורטס לאנד פון ישו הנוצרי...

א חוץ אקערבוי, פלאנטאציעס, פיהצוכט און האנדעל בעשעפטיגט זיך די בית
לחם'ער בעפעלקערונג מיט הייליגע בילדער און ראזענקראנץ אינדוסטריע, ווי בעשעפטיגונגען.
אויך מיט פערלמוטער־ארבייט. די דאזיגע אינדוסטריע געווינט אלץ א גרעסערע
בעדייטונג. א חוץ די פראדוקטען וואס ווערען עקספארטירט נאך אויסלאנד ווער'ן
זעהר פיעל זאכען פערקויפט אויף'ן פלאץ צו די קריסטליכע טוריסטען און פיל־
גרימען וואס בעזוכען אין טויזענדער די שטאדט. פון דעם אספאלט וואס געפינט זיך
אין דער נאהנטקייט פון ים המלח אדער דער שטיין וואס די אראבער רופען „חאג'אר
נבי מוסה" (משה רבינו'ס שטיין) ווערען אויסגעארבייט אין בית לחם טרינקשאלען
און אנדערע כלים, וואס ווערען פערקויפט אלס אנדענק פון „הייליגען לאנד" צו די
אויסלענדישע טוריסטען. לויט די אנגאבען פון פ. פאלמער געפינען זיך אין בית
לחם 90 פערלמוטער און ראזענקראנץ ארבייטער, 30 וואס ארבייטען אויס פערשיע־
דענע כלים פון עצי זית (אייל בירט האלץ), עטליכע ארבייטער פון משה'ס שטיינער.
דאס זיינען די בעשטענדיגע בעלי מלאכות. א חוץ זיי בעשעפטיגען זיך מיט די דאזי־
גע טוריסטען־געווערבען אין דעם סעזאן פון טוריסטען, ארום פסח־צייט, אויך פיעלע
אנדערע, וואס א גאנץ יאהר זיינען זיי פערנומען מיט אנדערע פראפעסיעס, ווי צום
ביישפיעל די שטיינטעשער און מויערער, וועלכע קאנען זיך ניט פערנעמען אין ווינ־
טער, אין רעגען צייט, מיט זייער אייגענעם פאך.

אויף דיזער פאך, מויערייי און שטיינטעשערייי, איז אין בית־לחם זעהר פערשפרייט,
און מיט דער אויסנאהמע פון ירושלם, האט בית לחם די גרעסטע צאהל שטיינטעשער
און מויעדער פון אלע פאלעסטינער שטעדט. לויט די אנגאבען פון דעם דערמאנטען
פ. פאלמער איז פאראן אין בית לחם בערך 250 שטיינהויערס, 30 מויערער און 50
שטיינהעקער. דער גרעסטער טייל פון זיי ארבייט געווערנליך אין ירושלם און אומ־

געבונג. פון אנדערע פּראָפעסיעס געפינען זיך אין בית־לחם ארום 50 גמלים־טרייבער, 40 מילנערס (פערד־מיהלען און אויך איין דאמפף מיהל), 4 וועבער, 3 שלויכען מאכער, 6 שמיעדען, 5 בארבערס, 6 גיפסער, 6 געוועהר ארבייטער, 5 טישלערס, 3 גאָלדשמידס, 15 שוסטער און נאך אייניגע קליינע פאכען, 140 קרעמער און הענדלער און ארום 300 בעשעפטיגען זיך מיט אקערבוי, גערטנעריי און פיהצוכט.

די שטאָדט איז איינגעטיילט אין 8 קווארטאלען אדער „חארת"ס. די מוסלימער זיצען אין א בעזונדער קווארטאל וואס רופט זיך אויף זייער נאָמען חארת אל פואע'רה (חארט על פאוואגארע), און זייער בעשעפטיגונג איז אקערבוי, פיהצוכט און גמלים־טרייבעריי (מוקערי'ס).

יעדער קווארטאל האָט א בעזונדערען מוכטאר (אָפיציעלען פאָרשטעהער), און וואו ס'זיצען צוזאמען אין קווארטאל עטליכע סעקטעס, האָט יעדע סעקטע אן אייגענעם מוכטאר. אויף אזא אופן האָט בית לחם 14 מוכטארס: 5 קאטוילישע, 5 גריכישע, 2 מוסלימישע, 1 ארמענער, 1 פּראָטעסטאנט. די מוסלימער און קריסטען לעבען צווישען זיך פריינדליך. דערפאר אָבער הערשט א גרויסע אונפריינדשאפט צווישען די קריסטליכע סעקטעס, צוליעב די רעליגיעזע שטרייטיגקייטען און שנאה־קנאה בנוגע די „הייליגע פּלעצער". די רייסערייען ענטשטעהען אָפט אין דער געבורטס־קירכע וואָס געפינט זיך אונטער דעם רשות פון די דריי קאנפעסיאנען: גריכען, קאטויליקען און ארמעניער.

בית־לחם איז די רעזידענץ פון א מודיר, וואס שטעהט אן דער שפיצע פון א קליינעם טערקישען רעגימענט פון 25 סאָלדאטען. אין די קריסטליכע ימים טובים ווערט זייער צאהל פערגרעסערט כדי אכטונג צו געבען אויפ'ן ארדנונג און פרידען אין דער געבורטס־קירכע, וואו ס'ברעכען ניט זעלטען אויס בלוטיגע קריגערייען צווישען די אייפערזיכטיגע אנהענגער פון גאָט פון ליעבע.

## חברון.

חברון, די ערשטע קרוין־שטאָדט פון דוד המלך ליגט אין א שמאָלען פרוכט־בארען טאָל — אין „טאָל פון ממרא" — אין דער בערגיגער געגענד פון דרום יהודה, קנאפּע צוואנציג מייל אין דרום זייט פון ירושלם, צווישען צאהלרייכע וויינגערטנער, אָליווען, מאנדלען און רייכע וואסער קוואלען. די הייזער זיינען אויסגעבויט טיילוויז אין טאָל, טיילוויז אויפ'ן אָבהאנג פון בארג. חברון איז די העכסטע שטאָדט אין מערב ארץ ישראל, זי שטעהט 3040 פוס איבער די הויך פון ים, 500 פוס העכער פאר ירושלם און קנאפּע 300 פוס העכער פאר צפת, און פערמאָגט, דעריבער זעהר א גע־זונטען קלימאט. צווישען די כרמים, ניט ווייט פון שטאָדט, פליסען גוטע קוואלען, דער בעסטער פון זיי איז „עין סארה", דער ביבלישער בור־הסירה (שמואל ב' ג' 26). אין דרום זייט פון שטאָדט געפינט זיך א גרויסער פיערעקעדיגער באסיין (ברכת אל סולטאן), פון 133 פוס אין קוואדראט און 21 פוס אין טיעף, ארומגעמויערט מיט געמעשעטע שטיינער.

לויט דער אָרטיגער טראדיציע האָט דוד המלך אויף דעם באסיין אויפגעהאנגען רכב און בענה, די רוצחים פון איש בשת (שמואל ב' ד' 12). אין צפון זייט פון שטאָדט איז פאראן א צווייטער באסיין (ברכת אל קאזאזין) א קלענערער (85 פוס אין לענג, 55 אין ברייט און 18 אין טיעף). די אָנגעזעהענסטע און פּראָמינענסטע זאך פון

שטאָדט איז די פעסטונגארטיגער „חרם“ (מוסלימישע קירכע) וואס איז אויסגעבויט אין צענטער פון שטאָדט, אויף'ן אָסטליכען אָבהאנג פון בארג, איבער דער טראַדיציאָנעלער „מ ע ר ת - ה מ כ פ ל ה“, וואו ס'זיינען בעגראבען געווארען די אבות אברהם, יצחק און יעקב. צוליעב דיזען ארט איז די שטאָדט גלייך הייליג ביי אידען און מוסלימער, און אויף'ן נאָמען פון אברהם'ן „דער פריינד פון גאָט“ (אלחאליל־אללה) רופען די אראבער חברון „אלחאליל“.

אלטערטום. חברון איז פילייכט די עלטסטע שטאָדט אין דער וועלט וואס עקזיסטירט נאָך



בילד 43.
די ברכה (באסיין) וואו דוד האָט געהאנגען די רוצחים פון איש-בשת.

עד היום. דער ביבלישער שרייבער, בעטאָנענדיג די אלטקייט פון דער שטאָדט, דערצעהלט, אז חברון איז געבויט זיבען יאָהר פאר צוען אין מצרים, די רעזידענץ שטאָדט טאָניס פון די היקסאָס־דינאַסטיע (במדבר י"ג 22, קדמוניות 1, 8, 3). יוסף פלאוויוס טיילט מיט, אז אין זיין צייט האָבען די איינוואוינער פון לאנד גערעכענט חברון ניט נור פאר די עלטסטע שטאָדט אין ארץ ישראל, נור אפילו עלטער פאר

מעמפים אין מצרים, און שוין דאמאלס איז זי אלט געווען 2300 יאהר (מלחמות 4, 9, 7). אין די פאטריארכאלישע צייטען פון אברהם אבינו (בערך 2350 פאר'ן קריסטליכען צייטרעכנונג) האבען אין דער געגענד פון חברון געלעבט חתים און אמורים.

ביבלישע תקופה.

חברון האט דאן געהייסען קרית־ארבע, די שטאדט פון ארבע*), דער הויפט פון אמורישען שבט ענקים וואס האבען דא געוואוינט (בראשית כ"ג 2, במדבר י"ג 22). און צווישען די בוימער פון ממרא, נעבען חברון, האט דער ערשטער העברעאישער איינוואנדערער אויפגעשטעלט זיין געצעלט (בראשית י"ג 18). דא איז געשטארבען זיין פרוי שרה, און אברהם האט אבגעקויפט פון עפרון החתי דאס פעלד פון מכפלה און די הייל צו בעגראבען זיין ווייב (בראשית כ"ג). דא איז אויך געזעסען שפעטער יצחק (בראשית ל"ה 27), און פון דאנען האט יעקב אוועקגעשיקט יוסף'ן צו זעהן וואס מאכען די ברידער וואס האבען געפאשעט די שאף אין אומגעגענד פון שכם (דארט ל"ז 14).

ווען די מרגלים זיינען געגאנגען אויסזעהן דאס לאנד זיינען זיי „ארויפגעגאנגען" אין דרום ביז חברון, וועמענס אומגעגענד איז דאמאלס פונקט ווי היינט געווען רייך מיט וויינטרויבען, גראנאטען און פייגען, און האבען פון דארט געבראכט צו ווייזען „די פרוכט פון לאנד" (במדבר י"ג 26-22). ווען די אידען זיינען אריבער דעם ירדן און גבעון האט זיי זיך פרייוויליג אונטערגעגעבען, איז הוהם, דער אמורישער מלך פון חברון צוגעשטאנען צו אדוני־צדק דעם מלך פון ירושלים און זיינע פערבינדעטע, צו נוקם זיין זיך אן די גבעונים (יהושע י' 5), אבער יהושע איז געקומען צו הילף די גבעונים און איז שפעטער בעפאלען חברון און האט אויסגעראטען די ענקים פון שטאדט און פון די ארומיגע בערג (יהושע י"א 21). דער ערא‏בערער פון חברון איז געווען כלב בן יפונה, פון שבט יהודה, און צו איהם איז די שטאדט אריינגעפאלען אלס נחלה (יהושע י"ד 14, ט"ו 13, שופטים א' 20).

חברון איז בעשטימט געווארען אלס איינע פון די דריי ערי המקלט אין מערב א"י (יהושע כ' 7, כ"א 13) און די לויים האבען זיך אין איהר בעזעצט. צו זיי האבען בעלאנגט די שטאדט און די ארומיגע פלעצער, און צו כלב'ן די פעלדער און די דערפער (יהושע כ"א 11, דברי הימים א' ו' 40).

אין דער ווילדער אומגעבונג פון חברון האט זיך דוד אויסבעהאלטען פאר שאול המלך און אהין האבען זיך צו איהם פערזאמעלט אלע פערביטערטע און אונצופריע־דענע, און נאך שאול'ס טויט איז ער מיט זיי אוועק אין חברון און געלאזט זיך זאלבען פאר א קעניג פון יהודה (שמו"ב ב' 3), און פאר זיבען און א האלב יאהר איז חברון געווען די קרוין־שטאדט פון יהודה. אהער איז אבנר געקומען פארשלאגען דוד'ן די מלוכה פון ישראל און האט דא געפונען דעם טויט פון יואב'ס הענד (שמו"ב ג' 27). נאך דער ערמארדונג פון איש בשת, שאול'ס זוהן, זיינען פארשטעהער פון אלע אידישע שבטים געקומען אין חברון זאלבען דוד'ן פאר מלך איבער'ן גאנצען פאלק (שמו"ב ה', דברי הימים א' י"ב).

אין חברון האט אבשלום ארגאניזירט דעם אויפשטאנד געגען זיין פאטער (שמו"ב ט"ו 10) און רחבעם האט צווישען אנדערע שטעדט אין יהודה בעפעסטיגט אויך

*) לויט'ן תלמוד האט חברון געהייסען קרית ארבע ווייל אין איהר זיינען בעגראבען די פיער זוגות: אדם און חוה, אברהם און שרה, יצחק און רבקה, יעקב און לאה (עירובין י"ג).

חברון (דברי הימים ב' י"א 10). נאך גלות בבל האבען זיך די בני יהודה צוריק בעזעצט אין חברון און איהרע דערפער (נחמיה י"א 25).

בית שני.

אין דער צייט פון די חשמונאים האט זיך חברון געפונען אונטער דער הערשאפט פון די אדומים, וועלכע האבען זיך אונטער דעם דרוק פון די זיידליכע אראבער פער־שפרייט אין דרום זייט פון א"י און פערנומען אייניגע אידישע שטעדט. יהודה המכבי האט בעפרייט חברון און האט צושטערט די פעסטונגען און פערברענט די טורעמס וואס די אדמים האבען דארט אויסגעבויט (חשמונאים א' ה' 62, קדמוניות 12, 8, 6). פאר'ן צווייטען חורבן איז שמעון בר גיורא בעפאלען חברון און האט פערכאפט דארט א סך רויב און פירות, באלד אבער איז אספסינוס אנגעקומען מיט זיין ארמעע פון קסריה און איינער פון זיינע אפיצירען, צערעאליס, איז אנגעפאלען אויף חברון מיט א גרויסער קראפט און האט זי איינגענומען. אלע איינוואוינער זיינען אויסגעקוילעט געווארען און די שטאדט גופא איז פערברענט געווארען (מלחמות 1, 9, 7; 4, 9, 9).

נאך'ן חורבן.

נאכ'ן חורבן איז חברון געווען פערוויסט און פערלאזען. ארקולף, אם פון זיבע־טען יאהרהונדערט דערצעהלט אז אויף דעם ארט פון חברון זעהט מען נור די רואינעס פון די אלטע שטאדט. אבער אונטער דער אראבישער הערשאפט האט זיך „די שטאדט פון פריינד" צוריק אויפגעבויט. פון די בעשרייבונגען פון די אראבישע געאגראפען אין צעהנטען יאהרהונדערט זעהט מען אז חברון האט דאן אויסגעזעהן פונקט ווי איצט. ארום דער שטאדט זיינען געווען פיעל גערטנער — אליוועז, פייגען, וויינשטאק און אנדערע. ווען די נוסעי הצלב זיינען אנגעקומען איז חברון געווען צושטערט, וואהר־שיינליך דורך די מאנגאלען. רבי בנימין מטודילא האט דא געפונען נאר איין אידען. נאך דעם ווי צלח־א־דין האט פערטריבען די קריסטען פון חברון (1187) האט זיך דער אידישער ישוב דא פערגרעסערט און האט פון דאן אן ניט אויפגעהערט צו עק־זיסטירען ביז היינט. אין פערצענטען יאהרהונדערט האט ר' יצחק חילו שוין גע־טראפען אין חברון א סך אידען, וואס בעשעפטיגען זיך מיט פאבריקאציע און האנדעל פון בוימוואהל און גלאז. די גלאז אינדוסטריע, וואס עקזיסטירט נאך איצט אין חברון, איז דא איינגעפיהרט געווארען אין צוועלפטען יאהרהונדערט דורך אידען פון ווענעציע.

צענטער פון פאנאטיזם.

קיין קריסטען זיינען אין חברון קיינמאל ניט געזעסען, אויסער די קורצע צייט פון דער הערשאפט פון די נוסעי הצלב. די מוסלימישע איינוואוינער פון חברון הא־בען זיך פון שטענדיג אן אויסגעצייכענט מיט זייער עקסטרעמען פאנאטיזם (שוין דזשאהן מאנדעוויל אין 1322 בעקלאגט זיך דערויף) און זיי האבען ניט דערלאזט, אז קריסטען זאלען זיך צווישען זיי בעזעצען. אפילו רייזענדער זיינען ניט געווען זיכער מיט זייער לעבען אין חברון. נור דער אידישער געדולד און מסורות־נפש'ידיגע צו־געבונדענקייט צום „לאנד פון די אבות" האט געקאנט גובר זיין די אונטאלעראנץ און דרוק פון מוסלימישען פאנאטיזם.

די חברונ'ער איינוואוינער האבען בעלאנגט צו די קייסיטישע פארטיי. און זיי האבען געפיהרט אן אונאויפהערליכע מלחמה מיט די איינוואוינער פון בית לחם, וואס זיינען געווען יאמאניטען. אין וואלני'ס צייט (1785) האט חברון געקאנט ארויס־שטעלען 8-900 בעוואפענטע מענער, און האט זיך גערעכענט פאר דעם שטארקסטען ארט אין גאנצען געגענד.

אין דעם אויפשטאנד פון די פלחין (אין 1834) געגען דער מצרישער הערשאפט האט חברון גענומען א גרויסען אנטייל, און זי האט לענגער פאר אנדערע ערטער זיך אנטקעגענגעשטעלט די ארמעע פון איברהים פאשא. נעבען די ברכות־שלמה,

צווישען בית־לחם און חברון, איז פארגעקומען די שלאכט צווישען די פיינדליכע כחות, און די חברון'ער האבען געליטען א מפלה. זיי האבען זיך צוריקגעצויגען און בעפעסטיגט אין חברון, אבער איברהים פאשא האט גענומען די שטאדט מיט שטורם און האט געלאזט זיינע סאלדאטען די ראבעווען און פליגדערען. פיעלע זיינען גע'הרג'עט געווארען, די איבריגע זיינען אנטלאפען אין עבר הירדן, אין כרך. די אידען, וואס זיינען פערבליבען, פערלאזענדיג זיך אויף איברהים'ס צוזאג, אז מ'וועט זיי ניט טשעפען, האבען שטארק געליטען; איברהים פאשא האט זיין ווארט ניט געהאלטען. יאהרען לאנג האט די שטאדט ניט געקאנט קומען צו זיך נאך דעם חורבן.

ווען דאס לאנד האט זיך אומגעקערט אונטער דער טערקישער הערשאפט (אין 1840) האט חברון א לאנגע צייט געליטען פון אן ארטיגען רויבער, א שייך פון א נאהענט דארף דורא (אדורים) מיט'ן נאמען עבד אל־רחמן, וואס האט יאהרען לאנג אנגעווארפען א שרעק אויף די גאנצע געגענד און געוועלטיגט אין חברון אונאבהענגיג פון דער טערקישער רעגירונג.

בעפעלקערונג. אנהויבענדיג פון 1875 האט זיך די שטאדט צוואוואקסען, בעזונדערס האט זיך פערגרעסערט דער אידישער קווארטאל.

אין 1838 האט ראבינסאן גערעכענט די בעפעלקערונג פון חברון ארום 10.000 נפשות, אין 1875 האט דער קאימאקאם פון חברון געשאצט די איינוואוינערשאפט אין 17.600 נפשות, אין 1915 האט זיך גערעכענט 25.000—22.000 איינוואוינער, פון זיי ארום 2,000 אידען, און אלע איבריגע מוסלימער.

די שטאדט איז איינגעטיילט אין 7 קווארטאלען, דער הויפט קווארטאל איז „חארת אל חאראם", וואו עס געפינט זיך די מערת־המכפלה („חאראם"). די אידען וואוינען אין „חארת אל קאזאזין" („דער קווארטאל פון די גלאז־מאכער"), צפונית־מערבית פון חאראם. די שטאדט איז ניט ארומגערינגעלט מיט א וואנד, נאר יעדע גאס האט א טויער וואס פערשליסט זיך ביינאכט. די גאסען, ווי געוועהנליך, זיינען זעהר ענג, קרום און שמוציג, און פיעלע זיינען בעדעקט מיט שטיינערנע באלקענס.

די שטאדט פיהרט א האנדעל מיט די בעדואינער פון דרום א"י און עבר הירדן, און פאבריצירט צוויי ארטיקלען וואס ווערען ניט געמאכט אין קיין אנדער ארט פון א"י א חוץ חברון: לעדערנע לאגלען און גלאזווארג. די ציגענע פעלען פון וועלכע די לאגלען ווערען געמאכט, ליפערען די בעדואינער און די ארומיגע פלחין, און די לאגלען, וואס ווערען בענוצט ווי אין די ביבלישע צייטען אויף צו טראגען וואסער, האבען אן אבגאנג אין לאנד גופא, אין סוריה און אראביען. פריהערדיגע צייטען האט מען ארויסגעפיהרט א סך לאגלען אין מצרים, אבער זייט מ'האט דארט דורכגעפיהרט אויף א ברייטען מאסשטאב די וואסער־לייטונגען איבער'ן לאנד, האט דער ארויספיהר אויפגעהערט, און די פראדוקציע האט אנגעהויבען צו פאלען. אין א"י גופא ווערען נאך די לאגלען בענוצט ביי דער איינגעבוירענער ניט־אידישער בע־פעלקערונג פון די שטעדט.

האנדעל.

אינדוסטריע.

די גלאז אינדוסטריע, ווי מיר האבען שוין דערמאנט, שטאמט נאך פון 12טען יאהרהונדערט און ווערט נאך איצט בעטריבען מיט די זעלבע מעטאדען און מיטלען ווי מיט 700 יאהר צוריק. ס'ווערען דא געמאכט פלעשלעך, גלעזלעך, גלעזערנע בראסלעטען, פינגערלעך און אנדערע צירונגען, ניט אריגינעל פון זאמד, נור פון שטיקלעך גלאז וואס מ'קלויבט צוזאמען אין חברון און אנדערע ערטער אין לאנד. דער הויפט מארקעט פאר די זאכען — איז ירושלם. פריהער האט מען דא געמאכט אויך גלעזערנע

לעמפּלעך וואָס זיינען מאַסען־ווייז פּערקויפט געוואָרען אין מצרים. אָבער די לעצטע צייט האָט אויך דער עקספּאָרט אויפגעהערט.

א חוץ די צוויי הויפּט אינדוסטריעס געפינען זיך דאָ אויך, ווי אין עזה, ערדענע טעפּעריייען און פּרימיטיווע וועבערייען. א גרויסער טייל פון דער בעפעלקערונג לעבט פון די וויינגאָרטנער וואָס בעדעקען די גאַנצע אומגעגענד פון חברון.

די חברון׳ער טראַבען און ראָזינקעס האָבען א שם אין גאַנצען לאַנד. אין צייט פון בציר (טרויבען־שניט) פּערלאָזען די בעלי כרמים די שטאָדט און בעזעצען זיך אין די גערטנער. די בעלי כרמים, וואָס זיינען אַלע מוסלימער, מאַכען ניט פון די טרויבען קיין וויין, נאָר פּערקויפען זיי פרישערהייד, צום גרעסטען טייל אין ירושלם, אָדער מאַכען פון זיי ראָזינקעס, סיראָפּ (דיבס) און אַזאַ מין מאַרמעלאַד וואָס רופט זיך אין אַראַביש „מלבן" (מאַלבען). נאָר די אידען אין חברון פּערנעמען זיך מיט וויין־פּראָדוקציאָן. חברונער ראָזינקעס



**בילד 44.**

חברון

דער דיסטריקט (קאַדאַ) פון חברון איז זעהר גרויס. לויט וויטאַל קינע פּערנעמט ער א שטח פון 5.800 קוואַדראַט קילאָמעטער. אָבער א טייל דערפון, אין דרום, איז וויסט, דער בעוואוינטער שטח אַליין איז אונגעפעהר 2.300 קוואַד. קיל. אויף דעם שטח געפינען זיך 55 דערפער מיט א בעפעלקערונג פון בערך 28.000—30 נפשות (אויסער די שטאָדט). לויט די אָפיציעלע אַנגאַבען פון 1851, וואָס דער ענגלישער קאָנסול פין ציטירט אין זיין בעריכט, האָט דער חברון׳ער דיסטריקט (ניט רעכענענדיג די שטאָדט) געצעהלט דאַמאָלס 78.000 נפשות. אויב די ציפערען זיינען ריכטיג הייסט דאָס אַז פאַר דער צייט איז די דאָרפישע בעפעלקערונג פּערקלענערט געוואָרען מעהר ווי א העלפט.

קיין אידישער ישוב (אויסער חברון גופא) איז אין דעם געגענד נאָך ניטאָ.

נאָך ירושלם איז חברון די רייכסטע שטאָדט אין יהודה אין אלעטערטימער, אמת'ע און לעגענדארישע. ניט ווייט פון שטאָדט, אויפ'ן וועג קיין ירושלם, איז פארהאן א בארג מיט רואינעס פון דער אוראלטער שטאָדט, וועלכע מ'רופט נאָך היינט „אל חברה", צווישען די חורבות איז דאָ א טיפע הייל, וועלכע ווערט געהאלטען פאר דעם קבר פון ישי, דוד המלך'ס פאָטער. עטוואָס ווייטער, אין א כרם, שטעהט א קליין הויז מיט א הייל פון אונטען וואס האָט אכט נישעס (כוכים), וואו לויט דער טראדיציע זיי־נען בעגראָבען עתניאל בן קנז און זיינע זיהן. לויט אן אלטער לעגענדע (וואָס האָט שוין צירקולירט אין 14טען יאָהרהונדערט) האָבען זיך אדם און חוה, נאָך דעם ווי זיי זיינען ארויסגעטריבען געוואָרען פון גן־עדן, בעהאלטען אין איינעם פון די כרמים פון חברון, און אין דער געגענד האָט קין גע'הרג'עט הבל'ן. אין מערב זייט פון שטאָדט שטעהט אן אלטער ריזיגער בוים, איינער פון די שענסטע און גרעסטע בוימער אין א"י. דער היקף פון זיין שטאָם איז בערך 23 פוס. דעם בוים האלטען די קריסטען פאר אלון ממרא, וואו אברהם האָט אוועקגעשטעלט זיין געצעלט. די אידען אָבער ציינגען אויף אן אנדער אָרט, ניט ווייט פון ירושלים'ער וועג, וואו ס'געפינט זיך א פונדאמענט פון אן אלטער געביידע מיט'ן נאָמען „רמת אל חליל", אלס דעם ביבלישען אלון־ממרא. אויף דעם אָרט האָט אדריינוס פערקויפט די אידישע געפאנגענע פאר שקלאפען אין צווייטען יאָהרהונדערט (נאָך בר־כוכבא'ס אויפשטאנד).

אָבער דער וויכטיגסטער מאָנומענט, ניט בלויז פון חברון, נאָר פון גאנץ א"י. איז אָהן צווייפעל די מ ע ר ת ־ ה מ כ פ ל ה. די וואנד ארום דער הייל האלט 197 פוס אין דער לענג און 111 אין דער ברייט, און איז געבויט פון גרויסע, געטע־שעטע שטיינער (דער גרעסטער שטיין האלט 24 פוס אין דער לענג און 3 פוס אין דער הויך), וואס זיינען עהנליך אין סטיל און אויסזעהן צו די שטיינער פון דעם אלטען פונדאמענט פון די מויער ארום דעם בית המקדש אין ירושלם. מערת המכפלה.

דער הויף פון חרם, אינערהאלב די וואנד, איז 15 פוס העכער פאר דער דרויסענ־דיגער גאַס. דער חרם וואס שטעהט איבער די הייל געפינט זיך אין דרום זייט פון הויף. די מוסלימער פערהייליגען אזוי שטארק דעם פלאץ, אז זיי לאָזען קיין „אונ־גלויבינגען" ניט אריין געהן, ניט נאָר אינווייניג אין חרם, נאָר אפילו ניט אין הויף; עס איז ערלויבט ארויפצוגעהן ניט מעהר ווי ביז דעם זיבעטען טרעפ פון דעם אריינ־גאנג אין הויף.

משה מאָנטיפיארע, אין זיין צווייטען וויזיט אין א"י (אין 1839) האָט אומזיסט געפּרופט אריבערטרעטען די פערבאָטענע שוועל פון חרם. דער ערשטער ניט־מוסלי־מער, פאר וועמען מ'האָט געעפענט די טויערען פון מערת המכפלה, איז געווען דער ענגלישען פרינץ — שפּעטער קעניג — עדוארד, אין 1862. דערנאָך האָבען נאָך איינינגע אייראָפּעאישע פּרינצען און זייערע בעגלייטער בעקומען אן ערלויבניש צו בעזוכען דאס אבגעהיטע היילינגטום. אָבער אויך זיי איז נור געלונגען אריינצוגעהן אין דעם אינערליכען טייל פון חרם וואָס איז אויסגעבויט איבער דער הייל, און וואו ס'געפינען זיך נור די שטיינערנע מצבות אויפ'ן נאָמען פון די אבות. די אונטערשטע הייל גופא, וואו לויט דער לעגענדע געפינט זיך דער קבר פון די אבות, ווערט קיין מאָל ניט געעפענט, און אפילו די מוסלימער אליין וואגען ניט אהין אריינצוגעהן.

א טייל פון דער אויסערער געביידע איז א שפּעטערע הוספה, טיילווייז קריסטליכע און טיילווייז אראבישע, צו דעם אָריגינעלען מאָנומענט, וואָס שטאמט אָהן שום ספק פֿון דער אידישער תקופה. שוין יוסף פלאוויוס בעהויפּטעט, אז אַברהם און זיינע

יורשים האבען זיך געבויט קברים אדער מאנומענטען אויף דעם ארט פון מערת המכפלה, און אין דער געשיכטע פון די אידישע מלחמות דערצעהלט ער בפירוש, אז דער דאזיגער מאנומענט ווערט נאך איצט (ד. ה. אין צייט פון חורבן בית שני) געוויזען אין חברון, און דער מאנומענט איז געמאכט פון אויסגעצייכענטען מארמאר און זעהר אן עלעגאנטען פאסאן (מלחמות 4, 9, 7). לויט דער מיינונג פון פערגוסאן און קאנדער איז דאס די ארבייט פון הורדוס'ן. זייער הויפט ארגומענט איז, וואס דער סטיל איז עהנליך צו דער וואנד פון בית המקדש אין ירושלם, וועלכע שטאמט פון יענער תקופה. סטענלי, וועלכער האט אויך צוזאמען מיט'ן ענגלישען פרינץ בעזוכט פערזענליך דעם חרם, איז מיט דער מיינונג, אז די געביידע איז פון א סך א פריהערדי-



בילד 45
מערת-המכפלה.

גער צייט: פון יוסיפונ'ס ווערטער איז קלאר געדרינגען, אז דער מאנומענט איז געבויט געווארען פון פריהער, פאר זיין אייגענע צייט; ער דערמאנט ניט, אז הורדוס איז געוועזען דער בויער — דער איינציגער וואס וואלט דאס דאן געקאנט טון. און אויב ניט הורדוס איז אונדענקבאר, אז איינער פון די פריהערדיגע הערשער אין דער אונרוהיגער צייט פון בית שני זאל האבען געבויט אזא קאסטבארע געביידע, און מ'מוז דעריבער צוריקגעהן צו די מלכים פון בית ראשון, און מעגליך אז דער בויער איז געוועזען דוד אדער שלמה המלך.

## שכם (נאבלום).

שכם ליגט אין דעם קליינעם טאָל — ארום 1600 פוס די ברייט — צווישען די צווילינג־בערג עיבל און גרזים, וועלכע די אראבער רופען נאָך איצט דער באַרג פון קללה (ג'בל לענת) און באַרג פון ברכה (ג'בל ברכת). וויינעג ערטער אין א"י זיינען אזוי רייך אין וואסער און גערטנער ווי די הויפּטשטאָדט פון אפרים. די שטאָדט איז איינגעטונקען אין א ים פון גרינסען און פרוכטבוימער. דער באָדען איז ניט אויסערגעוועהנליך פרוכטבאר, נאָר די וואסער איז זעהר רייך; אין יעדער זייט פליסען פרישע קוואלען און די שטראָמען הערען ניט אויף צו רוישען אפילו ענדע זומער. דער גרעסטער קוואל „ראס אל עין" פליסט אין דרום זייט. אייניגע קוואלען געפינען זיך אין די הויפען פון די ג'מיעס, אנדערע אין די גערטנער ארום דער שטאָדט. נעבען אייניגע גרויסע קוואלען ווערען אויך געטריבען מיהלען.



בילד 46

ש כ ם, צווישען די בערג עיבל און גרזים.

צענטר פון לאַנד.

שכם ליגט כמעט אין סאמע מיטעל־פונקט פון א"י — האלב־וועגס צווישען דן און באר שבע, אקוראט ארום דעם אָרט וואו דער לויף פון די וואסערען שיידען זיך: די קוואלען און טייכען אין מערב זייט פון שטאָדט פליסען צום ים התיכון, און אין מזרח זייט — לויפען אראב צום ירדן. קיין אנדער שטאָדט אין א"י האָט ניט אזא נאָהענטע און דירעקטע פערבינדונג מיט אלע טיילען פון לאַנד — אין מזרח און מערב, צפון און דרום. די וועגען פון גליל אין יהודה, פון עבר הירדן אין מערב א"י לויפען פערביי שכם. די ביבלישע ערצעהלונג, אז שכם איז געווען דער ערשטער אָרט אין א"י, וועלכען אברהם האָט בעזוכט אָנקומענדיג פון אור־כשרים (בראשית י"ב 6), און דאָס זעלבע אויך יעקב אין זיין וועג פון פדן ארם (בראשית ל"ג 18) —

שטימט פולשטענדיג מיט דער געאגראפישער פאזיציע פון שכם. עס איז אויך נאטירליך וואס גראדע דא איז ענטשטאנען א באזונדערע אידישע סעקטע — די שומרונים — וועמענס הויפט אונטערשיעד פון אידענטום בעשטעהט אין דעם, וואס ניט דער הר המוריה נעבען ירושלם, נאר דער הר גריזים נעבען שכם ווערט גערעכענט פאר דעם הייליגען בארג וואו מ'דארף מקריב זיין צו גאט*).

לויט איהר שעהנקייט, פרוכטבארקייט און געאגראפישער לאגע איז שכם ווירקליך דער נאטירליכער צענטער פון לאנד. דא האבען זיך טאקי צום ערשטען מאל נאכ'ן אריבערגעהן דעם ירדן צוזאמענגענומען אלע אידישע שבטים, א העלפט אויפ'ן בארג גרזים און א העלפט אויפ'ן בארג עיבל, און יהושע האט פארגעלעזען די ברכה און די קללה ווי משה האט געהייסען (יהושע ח' 30-35). שכם האט אבער א גרויסען חסרון אלס הויפט-שטאדט, און דאס איז איהר אפענקייט און שוצלאזיגקייט. דער צוטריט צו דער שטאדט איז זעהר לייכט פון אלע זייטען פון לאנד, פון ים און פון עבר הירדן, פון יהודה און פון גליל, אין דער צייט וואס ירושלם, ארומגערינגעלט מיט הויכע בערג, איז פון דער נאטור שטארק בעשיצט און איז כמעט אומצוגענגליך פאר א פיינדליכע ארמעע.

שכם איז דער איינציגער וויכטיגער ארט אין א"י. וואו די ארטיגע בעפעלקערונג האט ניט אבגעהיט דעם אלטען העברעאישען נאמען, נאר געברויכט (פערגרייזטערהייט) דעם שפעטערען נאמען וואס די רוימער האבען די שטאדט געגעבען: נעאפאלים („די נייע שטאדט"), פון וועלכע די אראבער האבען געמאכט נאבלוס**). אבער שוין די אידען נאכ'ן חורבן האבען בענוצט דעם נאמען „ניפולים" אדער „נבוליז" (ירושלמי עבודה זרה פ"ה, ה"ד, במדרש רבה פ, כ"ג) — מעגליך אויס פיינדשאפט צו שכם, דער צענטער פון די שומרונים.

לויט דער מיינונג פון דייטשען געלערנטען מאקס מיללער ווערט שכם דערמאנט אין דער רייזע פון מצרישען מאהאר (אין 14טען יאהרהונדערט פאר'ן אייראפעאישען צייטרעכנונג) אין דער פארם פון סכם (סאכאמא). לויט דער ערצעהלונג פון דער תורה האט נאך שכם אלס א שטאדט ניט עקזיסטירט אין אברהם'ס צייטען (בראשית י"ג 6) און נור ביי יעקב'ן ווערט שוין דערמאנט די שטאדט שכם (בראשית ל"ג 18). דער ארט שלם, וואוהין יעקב איז געקומען נעבען שכם ענטשפרעכט דעם איצטיגען דארף סאלים, אסטליך פון שכם. אויף דעם פעלד, וואס יעקב האט לויט דעם תנ"ך אבגעקויפט פון חמור שכם'ס פאטער, געפינט זיך נאך איצט א ברונעם „ביר יעקוב" (יעקב'ס ברונעם) וועלכע טראגט אויף זיך צייכען פון גרויס עלטער. די ארטיגע טראדיציע וועיזט אויך אן אויף „קבר יוסף" (יוסף'ס קבר) וואס געפינט אויף דעם זעלבען פעלד (יהושע כ"ד 32) ביי דער צוטיילונג פון לאנד איז שכם אויסגעפאלען אויפ'ן גורל פון מנשה, (יהושע י"ז 7), דא איז געווען איינע פון די דריי ערי המקלט אין מערב א"י (יהושע ז' 7) און די שטאדט איז אוועקגעגעבען געווארען צו די לויים (כ"א 21). אהער האט יהושע פאר זיין

ביבלישע תקופה.

*) די שומרונים פרעטענדירען אויך, אז דער הר-גרזים און ניט הר-המוריה איז געווען דער ארט וואו אברהם האט געזאלט מקריב זיין יצחק'ן אויף דער עקדה. א. פ. סטאנלי שטיצט אונטער די מיינונג אויפ'ן גרונד וואס דעם הר גרזים קאן מען זעהן פון דערווייטענס, און הר-המוריה — ניט, און לויט דער ערצעהלונג פון דער תורה האט אברהם געזעהן דאס ארט פון דערווייטענס: „וישא אברהם את עיניו וירא את המקום מרחוק" (בראשית כ"ב 4).

**) אין אראביש איז ניטא קיין פ', און אנשטאט פ' זאגט דער אראבער ב'.

טויט פערזאמעלט די אידען און געגעבען זיי די געזעצען און געבאָטען (יהושע כ״ד). נאָך גדעון׳ס טויט האָט אבימלך פערכאַפּט די ממשלה און געהערשט אין שכם (שופטים ט׳), און אויפ׳ן בארג גרזים, צווישען די רייכע גערטנער פון שכם האָט יותם געהאַלטען זיין שעהנעם משל װעגען די בוימער. ער האָט פאַר זיך אַהן צווייפעל געזעהן ארום שכם די אַלע בוימער וואָס ער האָט ארויסגעבראַכט אין זיין משל. ווען די איינוואוינער פון שכם האָבען פערראַטען אבימלך׳ן האָט ער צושטערט די שטאָדט. קיין שכם זיינען צום צווייטען מאָל געקומען אַלע אידען, צו מאַכען רחבעם׳ן פאַר קעניג, און דאָ האָט זיך געשפּאַלטען די אידישע מלוכה אין צווייען. און שכם איז געוואָרען די ערשטע הויפּט־שטאָדט פון מלכות ישראל (מלכים א׳, כ״ב). נאָך דעם ווי תרצה און דערנאָך שומרון זיינען אויפגעבויט געוואָרען דורך די שפּעטערע מלכים פון ישראל האָט שכם פערלאָרען איהר וויכטיגקייט און ווערט שוין כמעט ניט דערמאָנט, זי איז אָבער נאָך געווען בעוואוינט אפילו אין דער צייט פון ערשטען חורבן (ירמיה מ״א 5).

צענטער פון שומרונים.

אין דער צייט פון בית שני איז שכם געוואָרען דער רעליגיעזער צענטער פון די שומרונים — א עלעמענט וואָס איז לויט דער ערצעהלונג פון תנ״ך (מלכים ב׳, י״ז, 24-30, *עזרא ד׳ 12) געבראַכט געוואָרען פון כות אין שמרון דורך דעם מלך פון אשור, — וועלכע האָבען געפיהלט א האַס צו די אידען וואָס האָבען ניט געוואָלט צוזאַמען מיט זיי בויען דעם בית המקדש. ווי יוסף פלאַוויוס דערצעהלט (קדמוניות 11, 8, 2-4) האָט מנשה, דער ברודער פון כהן גדול ידוע, וועלכען דאָס פאָלק האָט ארויס־געטריבען פון בית המקדש, ווייל ער האָט גענומען א פרעמדע פרוי, די טאָכטער פון סנבלט החורני, — אויפגעבויט דעם שומרונישען בית המקדש אויף׳ן בארג גרזים, מיט דער ערלויבניש, וואָס זיין שווער סנבלט האָט בעקומען פון אלכסנדר מוקדון פאַר די הילף וואָס ער האָט איהם געגעבען בשעת דער בעלאַגערונג פון צור (ארום 330). שכם האָט אָנגעהויבען צום צווייטען מאָל צו קאָנקורירען מיט ירושלם, און דער הר גרזים איז פון די שומרונים געגענגעשטעלט געוואָרען דעם הר המוריה. פון דאַמאָלס אָן זיינען אַלע, וועלכע מ׳האָט אין ירושלם בעשולדיגט אין ברעכען די אידישע גע־באָטען, אנטלאָפען אין שכם, אין דער מעטראָפּאָליע פון דער נייער סעקטע (קדמוניות 11, 8, 7). ארום 200 יאָהר איז דער שומרונישער טעמפּעל געשטאַנען אויפ׳ן הר גרזים ביז יוחנן הורקנוס החשמונאי האָט איהם צושטערט (ארום 129). די שומרונים האָבען ניט אויפגעהערט צו בעטראַכטען דעם בארג אלס זייער הייליגטום ביז׳ן היינטיגען טאָג.

אין קאַמפּף געגען די רוימער האָבען זיך די שומרונים בעטייליגט אזוי גוט ווי די אידען פון גליל און יהודה, און א גרויסע מאַסע האָט זיך פערזאַמעלט אויף׳ן בארג גרזים. געגען זיי איז געשיקט געוואָרען דער רוימישער גענעראַל צערעאַליס, וועלכער איז זיי בעפאַלען אין א הייסען טאָג אין סיון און האָט פון זיי אויסגע׳הרג׳עט עלף טויזענד און זעקס הונדערט מאַן (מלחמות 3, 7, 32). שכם איז דאַן מעגליך חרוב געוואָרען און די נייע שטאָדט וואָס איז צוריק אויפגעבויט געוואָרען נאָך דער מלחמה האָט מען א נאָמען געגעבען נעאַפּאָליס אָדער פלאַוויא נעאַפּאָליס, לכבוד דעם רוימישען קיסר. אויף די מטבעות פון שכם וואָס זיינען געגאָסען געוואָרען אין דער צייט פון אנטאָניוס פּיוס (138—161) איז אויפגעמאָלט א טעמפּעל אויפ׳ן בארג גרזים, וואוהין עס פיהרט א לייטער אויסגעהאַקט אויף׳ן רוקען פון בארג.

דאָס קריסטענטום האָט זיך פריה אָנגעהויבען צו פערשפּרייטען אין שכם צווישען די שומרונים און דאָ איז געגרינדעט געוואָרען אַ קריסטליכע בישאָפטום. אם ענדע פון צווייטען יאָהרהונדערט, בשעת דעם קאַמפּף צווישען פּיסצינוס ניגער און סעפּטי־מוס סעווערוס פאר דער רוימישער הערשאַפט, האָבען זיך די שכם׳ער שומרונים געשטעלט אויף דער זייט פון ערשטען. ווען סעווערוס האָט בעזיעגט זיין געגנער און איז געוואָרען רוימישער קיסר האָט ער זיך אָבגערעכענט מיט זיינע פיינד. ער האָט ארויסגעגעבען שטרענגע געזעצען געגען די שומרונים און האָט ביי זיי צוגע־נומען די רעכט פון רוימישע בירגער, פון וועלכע זיי האָבען ביז דאַן גענאָסען.

שומרונישע מלחמות. די קריסטליכע פערפאָלגונגען האָבען אויך ביי די שומרונים, ווי ביי די אידען, ארויסגערופען בעוואָפענדע אויפשטענדע. אם ענדע פון פינפטען יאָהרהונדרט אין דער צייט פון קיסר זענא (ארום 490) זיינען די שכם׳ער שומרונים בעפאַלען זייערע קריסטליכע אונטערדריקער און האָבען פיעלע פון זיי דער׳הרג׳עט. דערפאַר האָט מען די שומרונים פערטריבען פון זייער היילינען בארג גרזים און די קריסטען האָבען דאָרט אויפגעשטעלט אַ קירכע. די שומרונים האָבען נאָך אַ לאַנגע צייט ניט אויפ־געגעבען דעם קאַמפּף, און אין די צייטען פון די שפּעטערע ביזאַנטישע קסרים האָ־בען אויסגעבראָכען בלוטיגע שטרייטיגקייטען צווישען די שומרונים און די קריסטען. אין 529, אין דריטען יאָהר פון קיסר יוסטיניאַן, האָט דער קאַמפּף אָנגענומען זעהר אַ שאַרפען כאַראַקטער. די זיעגרייכע שומרונים, אונטער דער פיהרערשאַפט פון יוליאַן האָבען זיך גרויזאַם נוקם געווען אַן זייערע פיינד, זיי האָבען פערברענט און צושטערט די קריסטליכע קירכעס אין שכם און די אומגעבונג, דער׳הרג׳עט דעם בישאָף פון שכם און געקרוינט זייער פיהרער יוליאַן פאר מלך. דער ביזאַנטישער קיסר האָט געשיקט געגען זיי אַ שטאַרקע קראַפט, און יוליאַן מיט אַ גרויסע צאָהל שומרונים זיינען געפאַלען אין שלאַכט. די שולען פון די שומרונים זיינען צושטערט געוואָרען און די שומרונים האָבען אָנגעוואָרען זייערע בירגערליכע רעכט. די פערפאָל־גונגען געגען די שומרונים זיינען דאַן געוואָרען אַזוי שרעקליך, אַז פיעלע פון זיי האָבען געמוזט אַנטלויפען אין פּרס און פיעלע זיינען געצוואונגען געווען אָנצונעמען דאָס קריסטענטום. זיי זיינען אָבער ניט פערניכטעט געוואָרען אין גאַנצען, ניט קוקענדיג אויף אַלע רדיפות, און נאָך היינט געפינט מען די געטרייע און פּער׳עקשנ׳טע פער־עהרער פון הר גרזים ביי די פיס פון זייער היילינען בארג אָבהיטענדיג אין זייער אַלטער געבורטס־שטאָדט די מנהגים און דעם קולט פון פאַר צוויי מיט אַ האַלבען טויזענד יאָהר צוריק.

פון זייט דער אַראַבישער עראָבערונג האָט שכם געטיילט דעם אַלגעמיינעם גורל פון לאַנד. די אַראַבישע געאָגראַפען פון 8טען ביז׳ן 13טען יאָהרהונדערט בעצייכע־נען געוועהנליך שכם אַלס די שטאָדט פון די שומרונים; שוין דאַמאָלס איז שכם געווען בעריהמט מיט איהרע גערטנער און בעזונדערס זיתים, און מוקדסי רופט זי אַזש „די קליינע דמשק“ — דער גרעסטער שבח וואָס אַן אַראַבישער שרייבער קאָן געבען אַ שטאָדט. „די שטאָדט — זאָגט דימאַשקי — שטעהט ווי אַ פּאַלאַץ צווישען גערטנער, און האָט זעהר פיעל בוימער. די אויל פון איהרע אַליוון ווערט צוטראָגען אין אַלע לענדער פון מצרים, סוריה, חעדזשאַז און אַראַביען. פון די אויל מאַכען זיי אויך זעהר פיינע זייף, וואָס ווערט עקספּאָרטירט אין אַלע לענדער און אינזלען פון מיטעללענדישען מעער“. נאָך איצט איז שכם דער וויכטיגסטער צענטר פון זייף־פאַבריקאַציע אין א״י.

די נוסעי הצלב האָבען עטליכע מאָל בעהעדשט שכם, צום ערשט פון 1099 ביז 1187 און שפּעטער פון 1242 ביז 1244. פון דאַן אָן איז די שטאָדט שוין מעהר ניט ארויס פון די מוסלימישע הענד.

אונרוהיגע בע־פעלקערונג.

די בעפעלקערונג פון שכם האָט זיך אַלע מאָל אויסגעצייכענט מיט איהר אונרוהיגען, קריעגערישען כאַראַקטער. פון די אוראַלטע צייטען, אָנהויבענדיג פון דער געשיכטע מיט דינה יעקב'ס טאָכטער ביז דער צווייטער העלפט פון 19טען יאָהרהונדערט, איז שכם געווען אַ פּלאַץ פון גוואַלדטהאַטען און מאָרד. בלוטיגע שטרייטיגקייטען האָבען דאָ כמעט קיינמאָל ניט אויפגעהערט*). צום ערשט צווישען אידען אליין — ווי אין די צייטען פון אבימלך, גדעון'ס זוהן, דערנאָך צווישען די אידען און די שומרונים, די שומרונים און רוימער, שומרונים און קריסטען, און לעצטענס צווישען די מוסלימישע איינוואוינער געגען די אראבישע און אטאמאנישע הערשער, און ענדליך צווישען די צוויי פּאַרטיגע פּאַרטייען קיים און יאַמאַן. דער בירגער־קריעג וואס האָט הונדערטער יאָהרען נאָכאַנאַנד אַנגעהאַלטען אין גאַנצען לאַנד, האָט מיט אַ בעזונדערער שטאַרקייט געפלאַקערט אין שכם און איהר אומגעבונג. די שלאַכטען דאָ צווישען די צוויי פיינדליכע פראַקציעס האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט בלוטיגער גרויזאַמקייט. דער אויטאָריטעט פון דער רעגירונג איז דאָ געווען שטענדיג שוואַכער ווי אין אַנדערע טיילען פון מערב א"י. אַפילו דעם בלוטיגען ג'זאַר פּאַשאַ פון עכו איז ניט געלונגען אין גאַנצען איינצושטילען און אונטערדריקען די מאָדערנע אונרוהיגע אפרתים. די שכם'ער זיינען אויך געווען די ערשטע אויפצושטעהן געגען דעם אייזערנער האַנד פון איברהים פּאַשאַ. און ביז 60—50 יאָהר צוריק איז די געגענד פון שכם געווען דער געפעהרליכסטער אָרט אין מערב א"י.

איצט זיינען די איינוואוינער פון שכם פיעל רוהיגער און פרידליכער ווי אין אמאָליגע צייטען, און דער אויטאָריטעט פון דער רעגירונג איז דאָ פעסט איינגעשטעלט, ניט ווייניגער ווי אין ירושלם און יפו.

איצטיגער צושטאַנד.

לויט דער גרויס פון איהר ישוב פעדנעמט איצט שכם דעם פערטען פּלאַץ אין א"י. — זי צעהלט בערך 30.000—27.000 איינוואוינער. אין 1838 האָט ראָבינסאָן געשאַצט איהר בעפעלקערונג אין 8000 נפשות; אין 1875 האָט מען גערעכענט ארום 15.000 און אין 1895 — בערך 20.000 איינוואוינער. כמעט די גאַנצע בעפעלקערונג איז אַ מוסלימישע. אידען געפינען זיך דאָ נור איינציגע, קריסטען ארום 700, שומרונים — 170.

די שומרונים וואוינען אַלע צוזאַמען אין אַ בעזונדער קוואַרטאַל, וואס רופט זיך חארת א־סאַמאַרא, נעבען דעם וועג וואס פיהרט ארויף צום הייליגען אָרט אויפ'ן הר גרזים.

אין פערגלייך מיט אַנדערע אראבישע שטעדט מאַכט שכם אַ גוטען איינדרוק מיט איהרע פערהעלטניסמעסיג ריינע און גערוימע גאַסען. די שטאָדט האָט ניט קיין מויער, נאָר ווי אין חברון שליסען זיך די גאַסען מיט טויערען. דער באַזאַר אין שכם רעכענט זיך פאַר דעם שענסטען אין א"י און איינער פון די לעבעדיגסטע אין סוריה.

*) דער תלמוד האָט שוין בעמערקט אַז שכם איז אַנ'אָרט פאַר פורעניות: אין שכם האָט מען געפייניגט דינה'ן, אין שכם האָבען די ברידער פערקויפט יוסף'ן און אין שכם איז געשפּאַלטען געוואָרען די אידישע מלוכה (סנהדרין ק"ב).

די דערפער און די אומגעגענד פון שכם, בורקא, ביתא, סאלם, בית־פוריק, בית־דגן, סאבאסטיה, אזמוט, תלפית און אנדערע האבען גרויסע אליוועןפלאנטאציעס, און שכם איז דער גרעסטער צענטער פון אויל און זייפענאינדוסטריע אין לאנד. דא ווערען יעהרליך בעארבייט ארום דריי מיליאן אקא אליוועז. אין 1910 האט די שטאדט געצעהלט 10 אויל פרעסען און 22 זייף־פאבריקען. די זייף־פאבריקאציע איז שוין דא זעהר אנ'אלטע — זי האט שוין דא עקזיסטירט אין דרייצעהנטען יאהרהונדערט, זי ווערט נאך אבער בעטריבען מיט די פרימיטיווע מיטלען ווי אמאל. די מאדערנע טעכנישע און כעמישע איינריכטונגען זיינען נאך אונבעקאנט.

אויל און זייף צענטער.

א דאנק איהר נאהענטקייט צום עבר הירדן — פון שכם ביז'ן ירדן איז בערך 18 מייל — פיהרט שכם א גרויסען האנדעל מיט מזרח א"י, בעזונדערס אין וואל און בוימוואל. דא איז אויך דער צענטער פון תבואה האנדעל פאר גאנץ צענטראל א"י.

פונקט ווי פארצייטענס איז שכם געוועז דער מיטעלפונקט פון די וויכטיגסטע האנדעלס וועגען אין לאנד, אזוי איז זי איצט געווארען דער פערבינדונגס־צענטער צווישען אלע באהן־ליניען אין מערב און מזרח א"י. אין 1915—1916 איז שכם פעראייניגט געווארען דורך דער העדזשאז באהן אין צפון מיט ג'נין (עין גנים) חיפה פון איין זייט (מערב), און בית שאן, אדרעי. דמשק פון דער צווייטער (מזרח). אין דרום איז זי פעראייניגט מיט לוד און במילא אויך מיט יפו־ירושלם, און ווייטער מיט באר שבע און אל חפיר.

שכם איז די רעזידענץ פון מוטעסאריף (גובערנאטאר) וואס פערוואלטעט מיט'ן שכמ'ער סאנדזשאק — די אמאליגע שומרון, א שטח פון אונגעפעהר 4.100 קוואדראט קילאמעטער. אין דעם שטח זיינען איינגעשלאסען די דריי קאדאס: שכם (1.500 ק. ק.), עין־גנים (ג'נין) — 1.700 ק. ק. און בני צעב — 900 ק. ק. פונקט ווי אין שכם גופא בעשטעהט אויך די בעפעלקערונג פון גאנצען סאנדזשאק כמעט דורכאויס פון מוסלימער. אויסער שכם געפינען זיך ניט־מוסלימער נור אין ג'נין און אין די פאלגענדע דערפער: בורקין, כפר קוד, נאין, זרעין (קאדא ג'נין), זאבאבדה, רפידיא, בית־אמרין, ג'ניסיניא, נוסג'נדין (קאדא שכם), פרעון און די אידישע קאלאניע כפר סבא (קאדא בני צעב). לויט די אפיציעלע סטאטיסטיק פון 1326 (1910) האבען זיך גערעכענט אין גאנצען סאנדזשאק 2.670 ניט־מוסלימער, פון זיי 1464 גריכען־ארטאדאקסען, 486 פראטעסטאנטען, 507 קאטאליקען, 35 אידען און 178 שומרונים.

שכמ'ער ראיאן

די קאדא פון שכם אליין שליסט איין 82 דערפער מיט א בעפעלקערונג פון 46.000. דער יעהרליכער איינקונפט פון דער קאדא — לויט די אפיציעלע אנגאבען פון 1910 — בעשטעהט פון 100.000 כיילה ווייץ, 40.000 כיילה האבער, 10.000 כיילה דורא, 5.000 כיילה סעזאם, 5.000 — לינזען, 4.000 — ארבסען. 2.000.000 אליוועז, 300.000 אקא טרויבען. דאס איז איינע פון די קולטיווירטעסטע און אם געדיכטעסטען בעזעסענע געגענדען אין א"י. דאך אפילו דא ווערט נור בעארבייט ארום א צעהנטעל פון גאנצען בארדען. לויט האלב־אפיציעלע אנגאבען ווערען נור 400.000 דונאם קולטיווירט אין שכמ'ער סאנדזשאק, וואס מאכט אויס קנאפע 9 פראצענט פון אלגעמיינעם שטח (אונגעפעהר 4.500.000 דונאם). פריהער, ביז די זעכציגער יאהרען פון פערגאנגענעם יאהרהונדערט האבען מען דא קולטיווירט אויך בוימוואל, וואס האט זיך גערעכענט פאר דעם בעסטען אין גאנץ טערקיי. לויט אן ענגלישען בעריכט פון 1840 האט מען אין 1838 עקספארטירט פון שכם 7.500 פעק

בוימוואָהל אין אויסלאַנד. זייט פופציג יאָהר איז די קולטור פערשווינדען פון דעם געגענד.

ג׳ניז (עין גנים) די קאַדא פון ג׳ניז, וואָס איז מיט 200 קוואַד. קיל. גרעסער פאַר שכם, שליסט איין 87 דערפער, פון וועלכע 20 ווערען פערוואַלטעט דורך דער אַדמיניסטראַציע פון בית־שאן׳ער טשיפטליק (סולטאַנס־באַדען), די איבריגע 67 שטעהען דירעקט אונטער דעם רשות פון קאימאַקאַם פון ג׳ניז. דאָ געפינען זיך די בעסטע און רייכסטע לענדערייען פון א״י — די באָדענס פון בית־שאן און עמק יזרעאל. די קאַדא פּראָדוצירט יעהרליך 400.000 כיילה ווייץ, 100.000 כ. גערשט, 10.000 כ. דורא, 10.000 כ. לינזען, 10.000 כ. ארבסען און באָב, 5.250.000 כ. סעזאַם, 500.000 אָקאַ אָליווען, 100.000 אָקאַ פייגען, 154.000 אָקאַ מאַנדלען און 50.000 אָקאַ אַפּריקאָסען.

ג׳ניז*) גופא, דער צענטער פון די קאַדא, איז ניט מעהר ווי א קליין שטעדטעל, כמעט א דאָרף, פון 3000—4000 איינוואוינער. די הויפּט־בעשעפטיגונג פון דער בעפעלקערונג איז ערד־ארבייט. די נאַטור פון פּלאַץ שטימט פּאַסטעגדיג מיט זיין



בילד 47

עין גנים (ג׳ניז).

העברעאישען נאָמען עין־גנים. דאָס איז ווירקליך א „קוואַל פון גערטנער“. א רייכער קוואַל פליסט אין מיטען שטאָדט און טרינקט אָן די ארומיגע גערטנער פון אראַנזשען, אָליווען, טייטלען, אַמאַריסקען און אַלערליי גרינסען.

*) לויט אַלע וואַרשיינליכקייטען איז ג׳ניז אידענטיש מיט דער ביבלישער עין־גנים (יהושע י״ט 21, כ״א 29), א שטאָדט אין דער טעריטאָריע פון שבט ישכר וואָס איז אוועקגעגעבען געוואָרען די לויים. יוסף פלאַוויוס דערמאַנט זי אונטער׳ן נאָמען גיניאַה. זי איז געלעגען ביי דער גרעניץ צווישען גליל און שומרון (מלחמות 3, 3, 4) און האָט בעלאַנגט צו די לעצטע. א גרופּע גליל׳ער עולי־רגל וואָס זיינען דאָ פערבייגעגאַנגען אין זייער וועג נאָך ירושלם, זיינען אַמאָל אָנגעגריפען און ערמאָרדעט געוואָרען פון די שומרונים (קדמוניות 20, 6 1).

א. ספיר אידענטיפיצירט עין־גנים מיט דער שטאָדט גינא וואָס ווערט דערמאַנט אין די בריעף פון תל־אמרנא, דאָס איז א טעות. אין דער קאָרעספּאָנדענץ פון ת״א רעדט זיך וועגען א שטאָדט אין יהודה.

## צור.

פון אלע פאָרט־שטעדט אין ארץ ישראל האָט קיין איינע ניט געהאט אזא רייכע און גלענצענדע פערגאנגענהייט, קיין איינע האָט ניט געשפיעלט אזא מערקווירדיגע ראָלע אין דער געשיכטע, ניט בלויז פון לאנד, נאָר פון דער גאנצער וועלט — ווי צור, די אמאָליגע מעטראָפּאָליע פון פעניקיע, אויף דער נאָרדליכער גרעניץ פון ארץ ישראל. דאס וואס ירושלם איז געווען פאר רעליגיע און מאָראל, אתונא — פאר קונסט און פילאָזאָפיע, רוים — פאר רעכט און שטאַטספערוואלטונג איז צור געווען פאר׳ן וועלט־האנדעל און שיפפאהרט.

ראָל פון פעניקיע אין דער וועלט־געשיכטע.

די איינוואוינער פון צור און די שכנות׳דיגע פאָרט־שטעדט אויפ׳ן ברעג פון כנען — צידון, עכו, ארוד, בירות און אנדערע — וועלכע די גריכען האָבען גערופען פעניקיאנער — זיינען די ערשטע פיאנירען פון אינטערנאציאנאַלען שיפספערקעהר. זיי האָבען געמאכט די ערשטע רייזעס צווישען די אינזלען פון ים־התיכון, און 2000 יאָהר פאר בארטאָלאָמעי דיאז און וואסקאָ דע גאמא האָבען זיי ארומגערייזט אפריקא אין זייערע שיפען. זייערע מאטראסען האָבען דערגרייכט דעם אטלאנטישען און אינדישען אָקעאן, און געפיהרט זייערע סחורות אין בריטאניען, אראביען און אינדיען. פון וואנען זיי האָבען געבראכט מעטאלען, טייערע שטיינער און לוקסוס ארטיקלען. זיי האָבען געגרינדעט קאָלאָניען אויף די אינזלען פון מיטעללענדישען מעער און אויפ׳ן קאָנטינענט — אין קליינאזיען, גריכענלאנד, איטאליען, שפאניען, צפון־אפריקא. שטעהענדיג אין האנדעלס־פערבינדונגען מיט ציוויליזירטע און בארבארישע פעלקער האָבען זיי איבערגענומען די הויכע קולטור פון די ערשטע און פערשפּרייט זי צווישען די לעצטע. זיי האָבען אויך אליין ערפונדען און ענטוויקעלט פערשיעדענע אינדוסטריען, ווי גלאז, פורפעל, מעטאל. פון זיי האָבען די מאָדערנע קולטור פעלקער גע׳ירש׳ענט איינעם פון די גרעסטע וואפען פון מענשליכען פּראָגרעס — די סיסטעם פון אלף־בית.

דיזעס מערקווירדיגעס פאָלק וואס האָט אזוי פיעל מיטגעהאלפען די מענשליכע ציוויליזאַציע, איז געווען גאָר נאָהענט צום אידישען פאָלק לויט זיין ראסע, און האָט גערעדט א העברעאישען דיאלעקט, וואס האָט זיך זעהר וועניג אבגעשיידט פון ביבלישען העברעאיש. זיי האָבען אורשפּרינגליך פערנומען דעם שמאָלען פאַס לאנד צווישען כרמל און לבנון, וועלכען די גריכען האָבען גערופען פעניקיע, און די איינוואוינער האָט מען דעריבער גערופען פעניקיאנער. אין תנ״ך ווערען זיי בעצייכענט מיט׳ן נאָמען כנענים, הגם דער נאָמען כנענים איז א סך ברייטער און נעמט אריין אויך אנדערע פעלקער וואס האָבען וועניג געמיינזאמעס מיט די פעניקיאנער. זיי ווערען אויך אָפטמאָל אָנגערופען אויפ׳ן נאָמען פון זייערע שטעדט ווי צידונים, צורים, גבלים א. ז. וו.

דער שמאָלער פאַס פון ברעג ים איז געווען צו קליין אז די איינוואוינער זאָלען קאָנען עקזיסטירען פון לאנדארבייט, און זיי האָבען להיפך פון זייערע אידישע קרובים און שכנים פריה זיך גענומען צום ים. לכתחלה אלס פישער און דערנאָך אלס הענדלער און שיפער. כמעט פון זינט זיי זיינען ערשיענען אויף דער היסטאָרישער ארענא ביז זייער אונטערגאנג זיינען זיי געווען א שטאָדט־פאָלק, וואס לעבט פון האנדעל.

אין דעם איז געלעגען זייער גרויסקייט, דאָס איז אויך געווען זייער שוואכקייט פון וועלכען זיי זיינען ענדליך אונטערגעגאנגען.

לויט העראדאטוס זיינען די פעניקיער אהער געקומען פון פּרס׳ישען גאָלף בערך 3000 יאָהר פאר׳ן אייראָפּעאישען צייטרעכנונג. אויך וויפיעל דאס איז ריכטיג איז נאָך א פראגע. מיט דער צייט האָבען זיי אויסגעבויט אויפ׳ן ברעג א גאנצע רייהע שטעדט: צידון, צור, עכו, אפק, אכזיב, גבל, בירות, צרפת, ערקא, ארוד און אנדערע. די וויכטיגסטע פון זיי זיינען געווען די ערשטע צוויי.

סאנחאניאטאָן, דער אוראלטער געשיכטס-שרייבער פון פעניקיע, וואס האָט געלעבט מיט איבער דריי טויזענד יאָהר צוריק, דערצעהלט אז צור איז אויפגעבויט געוואָרען נאָך צידון. אין דער פעלקער-ליסטע פון בראשית (י׳ 15) ווערט צור גאר ניט דערמאנט און צידון ווערט בעצייכענט אלס דער בכור פון כנען. הגם די פעניקישע שטעדט זיינען אלע געווען אויטאָנאָם און האָבען געהאט יעדע אָן אייגענעם מלך,



בילד 48
צור.

האָט אָבער צידון א לאנגע צייט געהאט די העגעמאָניע אויפ׳ן פעניקישען ברעג. האָמער אין זיינע ליעדער רופט אָן די פעניקישע סוחרים — צידונים. אויך שלמה המלך אין זיין בריעף צו חורם מלך צור (מלכים א׳ ה׳ 20), בענוצט דעם נאָמען צידונים, הגם ער מיינט דערביי ניט נור די איינוואוינער פון צידון.

גרינדונג פון צור.

ווען צור איז אויפגעבויט געוואָרען איז ניט גענוי בעקאנט. סיי די גריכישע, סיי די פיניקישע טראדיציע שרייבט איהר צו א גרויסע עלטער. די בעהויפּטונג פון יוסף פלאוויוס אז צור איז אויפגעבויט געוואָרען 240 פאר דער גרינדונג פון בית המקדש אין ירושלם (קדמוניות 8, 3, 1), ד. ה. אין דרייצעהנטען יאָהרהונדערט, איז ניט ריכטיג, ווארום אין דער קאָרעספּאָנדענץ פון תל-אמרנא מיט 200 יאָהר פריהער (אין 15טען יאָהרהונדערט) ווערט שוין צור דערמאנט. דער גריכישער היס-

טאַריקער העראדאטוס, וואס האָט געלעבט אין דער צייט פון עזרא און נחמיה (אין 5טען יאָהרהונדערט) האָט זייענדיג אין צור געהערט פון די כהנים פון מעלקאַרט'ס*) טעמפעל, אז דער טעמפעל צוזאמען מיט דער שטאָדט זיינען אויפגעבויט געוואָרען מיט 2,300 יאָהר צוריק, ד. ה. העכער 2700 יאָהר פאר דער קריסטליכער ערא. אויף וויפיל דאס איז ריכטיג איז אונמעגליך פעסטצושטעלען.

דער פלאַץ אויף וועלכען עס שטעהט איצט צור איז אורשפרינגליך געווען א פעלזיגער אינזעל, וועלכער איז קינסטליך פעראייניגט געוואָרען מיט דער יבשה (דורך אלכסנדר מוקדון). דער פאס וואס פעראייניגט דעם אינזעל מיט'ן ברעג בעשטעהט פון זאמדיגען באָדען און האלט אין דער לענג ארום דריי־פערטעל קילאָמעטער. ביים ברעג איז ער ברייטער, ארום צוויי קילאָמעטער, און ביים אינזעל שמעלער, ארום 600 מעטער. וואו דער אוראלטער ישוב האָט זיך צום ערשט בעזעצט — אויפ'ן ברעג אָדער אויפ'ן אינזעל — איז נאָך ניט פעסטגעשטעלט געוואָרען. די גריכישע שרייבער רופען אָן די שטאָדט אויפ'ן ברעג „אלט צור“ (פאלעיטיראָס), פון דעם איז אָבער נאָך ניט געדרונגען, אז דא איז געווען דער ערשטער ישוב. ישעיה (כ"ג 1) רופט די איינוואוינער פון צור — „יושבי־אי“ (אינזעל־איינוואוינער) און יחזקאל זאגט, אז צור זיצט אין מיטען ים (יחז' כ"ח 2).

בילד 49

צידון.

מצרישע הערשאפט.

אין די ערשטע צייט, פון וועלכע מיר האָבען היסטאָרישע ידיעות פון צור, די עפּאָכע פון די תל־אמרנא בריעף געפינט פעניקיע זיך אונטער דער אויבערהערשאפט פון מצרים. דער פערוואלטער פון צור רופט זיך מיט'ן ביבלישען נאָמען אבימלך (אבי

*) מלקרת (מעלקארט) ד. ה. מלך־קרת (דער מלך פון שטאָדט) איז געוועז דער הויפט־גאָט פון צור.

מלכי) און זיין שליח וואס ער שיקט צו זיין אויבערהאר פרעה אין מצרים — הייסט אלימלך (אלי־מלכי). גאנץ פעניקיע האט זיך דאן געפונען אין אן אונרוהיגען צושטאנד, און די הערשער פון די פערשיעדענע שטעדט, הגם אונטער דער מצרישער הערשאפט, רייסען זיך ארום. אין זייערע בריעף צו פרעה׳ן ווארפען זיי די שולד איינער אויף׳ן אנדערען און בעטען הילף ביי זייער אויבערהאר. אבימלך פון צור איז דאן געשטאנען אין קאמפף מיט זמרי־די פון צידון. פון די אלע בריעף איז צו זעהען, אז די מצרישע הערשאפט איז געווען זעהר א לייכטע, און די רעגירער פון די פעניקישע שטעדט זיינען געווען האלב־זעלבסטשטענדיג. נאך דעם ווי מצרים איז אבגעשוואכט געווארען און צור איז געווארען אונאבהענגיג האט זי זיך שנעל צוואוואקסען דורך די אימיגראציע פון אנדערע פעניקישע שטעדט און איהר עקאנאמישע און פאליטישע מאכט האט אונגעהויער געשטיגען.

העגעמאניע פון צור איז פעניקיע.

פריהער איז צור געווען פילייכט ניט מעהר ווי א קאלאניע פון צידון. ישעיה רופט אן צור „די טאכטער פון צידון“ (ישעיה כ״ד, 12). מיט דער צייט האט אבער די טאכטער אריבערגעיאגט די מוטערשטאדט און האט פערנומען איהר פלאץ אן דער שפיץ פון די פעניקישע שטעדט. אנהויבענדיג פון צוועלפטען יאהרהונדערט ווערט צור דער צענטר פון וועלט־האנדעל און אינדוסטריע. איהרע שיפען דערגרייכען ווייטע ימים און איהרע האנדעלס־פערבינדונגען פערשפרייטען זיך ארום דעם גאנצען מיטעללענדישען מעער, אין אזיע, אייראפא און אפריקא. דער האנדעל האט רייך געמאכט די פעניקישע שטעדט און „צור האט אנגעזאמעלט זילבער ווי שטויב און די גאסען“ (זכריה ט׳ 3). יחזקאל האט איבערגעלאזט א קלאר און פארבענרייך בילד פון צור׳ס גרויסקייט, פראכט, האנדעל און רייכטום (יחזקאל כ״ז). צו איהר האבען די פעלקער פון מצרים, פרס, שפאניען (תרשיש), גריכענלאנד (יון), ארמעניע (תוגרמה), סוריה (ארם), ישראל און יהודה, אראביען, מעסאפאטאמיע און אנדערע געבראכט זייערע פראדוקטען. מארמאר, פורפעל, זילבער, גאלד, צין, בליי, אייזען, קופער, העלפאנט ביין, טייערע שטיינער, האניג, אויל, ווייז, ווייץ, וואהל, שאף און רינדער, בשמים, טייערע געוועבען, א. ז. וו.

די צורים בעשעפטיגען זיך ניט בלויז מיט האנדעל נאר אויך מיט אינדוסטריע. די הויפטפאבריקאציע, וואס האט זיי געמאכט א גרוסען נאמען און אריינגעבראכט פיעלע רייכטימער איז געווען פורפעל און בלויע פארבען. זיי זיינען אויך געווען קינסטלער אין האלץ, שטיין, גלאז און מעטאל ארבייטען. ווען דוד המלך האט געוואלט אויפשטעלען א הויז פאר זיך האט איהם זיין פריינד חירם מלך צור, דער זוהן פון אביבעל, געשיקט האלץ און שטיין ארבייטער פון צור (שמואל ב׳ ה׳ 11).

בעציהונגען מיט אידען.

מיט די אידען האבען די צורים געלעבט אין פריינדשאפט. צור איז אפילו אויסגעפאלען אויף׳ן גורל פון אשר (יהושע י״ט 29), אבער די פעניקיאנער זיינען געווען צו מעכטיג און רייך. אז די אידען זאלען זיי קענען פארטרייבען, און „אשר האט זיך באזעצט צווישען דעם כנעני. ווייל ער האט איהם ניט געערבט“ (שופטים א׳ 33). די פריינדליכע בעציהונגען צווישען די אידען און די צורים האבען זיך געשטיצט אויף געגענזייטיגע עקאנאמישע אינטערעסען. דער שמאלער פאס לאנד פון פעניקיע איז ניט געווען גענוג אויסצוהאלטען די גרויסע שטאדטישע בעפעלקערונג, און זיי האבען זיך דעריבער גענויטיגט אין שפייז פון הינטערלאנד. און די אידען האבען זיי צוגעשטעלט „ווייץ, האניג, אויל און באלזאם“ (יחזקאל כ״ז 17). פון דער צווייטער זייט האבען די פעניקיאנער ווארשיינליך צוגעשטעלט די אידען בוי־מאטעריאלען און

לוקסוס־ארטיקלען. מיט דער הילף פון א צורישען קינסטלער און פון די מאטעריאלען וואס חירם מלך צור האט איהם צוגעשיקט האט שלמה אויפגעבויט דעם בית המקדש (מלכים א׳ ה׳ 27, ז׳ 14). דערפאר האט שלמה צוגעשטעלט חורמ׳ן א בעשטימטע צאהל ווייץ און אויל יעהרליך (מל״א ה׳ 25). צורישע מאטראזען זיינען אויך גע־פאהרען אין שלמה׳ס האנדעלס־פלאט פון עציון־גבר אין אופיר נאך גאלד און טייערע זאכען. בכלל האט געהערשט א גרויסע פריינדשאפט צווישען דעם קעניג פון צור און די ערשטע מלכים פון יהודה. מעגליך אז די פריינדשאפט האט געהאט נאך א אורזאכע. דוד האט בעזיעגט די פלשתים וואס האבען פריהער געדריקט די אידען. די זעלבע פלשתים, וואס זיינען געווען פיראטען האבען אויך אנגעטון פיעל צרות. די צורים אין זייער שיפס־בעוועגונג און האנדעל אויף׳ן ים. מיט דער אונטערדריקונג פון די פלשתים האט דוד אלזא געטון א גרויסע טובה אויך דאס צורישע פאלק.

ווען די אידישע מלוכה האט זיך צושפאלטען אין צווייען, האבען מעגליך אויפ־געהערט די פערבינדונגען צווישען צור און יהודה, אבער מיט די מלכות ישראל, מיט וועלכע צור האט זיך געגרענעצט אין צפון, האבען אויך ווייטער געהערשט נא־הענטע בעציהונגען. דער קולט פון פעניקיע — דער בעל און די עשתרת — האט גע־הערשט אויך אין דער אידישער נארדליכער מלוכה, און איינער פון די מלכי ישראל, אחאב בן עמרי האט זיך זאגאר משדך געווען מיט דעם מלך פון צור*). די נאהענטע בעציהונגען האבען אויך אהן ספק מיטגעהאלפען די אידען וואס זיינען געזעסען אין צור. שוין אין דער צייט פון דוד המלך געפינט מען אידען אין דער פעניקישער מעט־ראפאליע, ווי מיר זעהען דערפון וואס בשעת דער פאלקסצעהלונג וואס דוד האט דורכ־געפיהרט זיינען יואב׳ס צענזוס־בעאמטע אויך אנגעקומען אין צור איבערצוצעהלען די דארטיגע אידען (שמואל ב׳ כ״ד 7).

שפעטער האט צור ארויסגערופען געגען זיך דעם האס פון די אידישע נביאים. ישעיה, עמוס, יואל, ירמיה, יחזקאל רעדען וועגען צור מיט גרויס פערביטערונג און שנאה און זאגען נביאות אויף איהר ערנידריגונג און אונטערגאנג**). ווי מיר זעהען פון אייניגע אויסדריקען פון עמוס (א׳ 9—10) און יואל (ד׳ 6) האט די פיינדשאפט געשטאמט דערפון, וואס די צור׳ער סוחרים האבען געהאנדעלט מיט אידישע געפאנ־גענע און האבען זיי פערקויפט אלס שקלאפען צו די גריכען („בני היונים") און אדומים. פון קיין מיליטערישע צוזאמענשטויסען צווישען די פעניקיאנער און די אי־דען — איז ניטא קיין שום היסטארישער צייכען, און עס ווייזט אוס אז די צוויי העברעאישע פעלקער האבען געלעבט תמיד בשלום צווישען זיך.

די צורים, ווי די פעניקיאנער בכלל, זיינען ניט געווען קיין קריגערישעם פאלק. זייער ציעל איז ניט געווען ווי ביי רוים עראבערען לענדער און איינשלינגען די גאנצע וועלט — נור פריעדליכע האנדעלס פערבינדונגען מיט די נאהענטע און ווייטע פעל־קער. אין אלע מלחמות וואס זיי איז אויסגעקומען צופיהרען זיינען געווען פערטיי־דיגונגס־מלחמות.

---

*) אין פסוק (מלאכים א׳ ט״ז 31) ווערט אתבעל אפילו אנגערופען דער מלך פון צידונים, דאס מיינט אבער ניט דער מלך פון צידון. א דאנק די בכורה פון צידון האט מען אלע פעניקיאנער טיילמאל גערופען צידונים, אזוי ווי דאס האט אויך געטון האמער. יוסיפון (קדמוניות 8, 12, 2) זאגט בפירוש אז איזבל אחאב׳ס פרוי איז געווען די טאכטער פון אתבעל מלך צור.

**) ישעיה כ״ג 1—17; עמוס א׳ 9—10; יואל ד׳ 4—6; ירמיה מ״ז 4; יחזקאל כ״ו, כ״ז, כ״ח, זכריה ט׳ 3—4.

מלחמות מיט אשור.

די גרויסע אשורישע וועלט־מאכט וואָס איז אויפגעשטאַנען אין מערב אזיע איז געוואָרען א שטענדיגע סכנה פאַר פעניקיע, פונקט ווי פאַר ישראל און יהודה. דאָס רייכטום פון צור האָט ארויסגערופען די קנאה פון די הערשער פון אשור. אסור־בניפאל (וועלכער די גריכען האָבען גערופען — סארדאנאפאל), האָט אין 9טען יאָהרהונדערט געמאכט אן עקספעדיציע געגען צור. אין א אויפשריפט וועגען זיינע נצחונות און גבורות, בעריהמט זיך דער מלך פון אשור, אז נאָך דעם ווי ער האָט בעלאַגערט צור פון ים און יבשה האָט בעל, דער מלך פון צור, געמוזט שיקען צו איהם זיין זוהן יהימלך אום אויסצודריקען זיין אונטערטעניגקייט. די צורים האָבען אָבער אויך געקענט אנטקעגען שטעלען זיך דעם שונא מיט קראפט. שלמנאסר, וואָס האָט חרוב געמאכט די מלוכת־ישראל איז איבערפאלען אויך פעניקיע און איהר מעטראָפאָליע צור. די שכנות'דיגע שטעדט עכו, צידון און אלט־צור (פאַלעיטיראָס) האָבען רעוואָלטירט געגען צור און זיך אונטערגעגעבען דעם מלך פון אשור. זיי האָבען נאָך געהאָלפען מיט 60 שיפען צו בעקעמפפען צור. די אינזעל־לייט זיינען דאַן בעפאלען מיט 12 שיפען דעם שונא און האָבען איהם פארטריבען און גענומען א סך געפאַנגענע. נאָך דעם האָט שלמנאסר זיך אומגעקערט און בעלאַגערט צור פון יבשה 5 יאָהר נאָכאַנאַד — און צור האָט די בעלאַגערונג אויסגעהאַלטען (קדמוניות 9, 14, 2)*). געגען נבוכדנאצר'ן, וואָס האָט חרוב געמאכט ירושלים, האָט צור בייגעשטאַנען נאָך א לענגערע בעלאַגערונג, פון דרייצעהן יאָהר — און האָט זיך ניט אונטערגעגעבען. די קראפט פון צור איז געלעגען אין איהר איזאָלירטער פאָזיציע אויף'ן אינזעל און אין איהר פלאָט.

אויבערהער־שאפט פון פרס.

אונטער דער נייער וועלט מאכט פון פרס וועלכע האָט אויך איינגעשלאָסען פעניקיע האָט צור פונדעסטוועגען אָבגעהיט איהר אינערליכע זעלבסטשטענדיגקייט. ווען קאמביזוס האָט אונטערגענומען אן עקספעדיציע געגען קארטאגא און האָט בעפוילען די פעניקיאנער זיי זאָלען איהם צושטעלען שיפען פאַר'ן קאמפף, האָבען זיך די לעצטע ענטזאָגט צו ערפילען זיין פערלאַנג, וויל זיי האָבען ניט געוואָלט קעמפפען געגען זייערע אייגענע קינדער, און דער פרס'ישער קעניג האָט זיי דערצו ניט געצוואונגען, הגם ער האָט זיך געמוזט אבזאָגען פון דער גאנצער אונטערנעהמונג, וויל אָהן דעם פלאָט פון צור האָט ער ניט געהאַט גענוג כח ארויסצוטרעטען געגען דער שטארקער ים־מאכט פון דער טאָכטער־שטאָדט פון צור אין אפריקא.

ווען די אידען האָבען געבויט דעם צווייטען בית המקדש האָבען די פעניקיאנער ווידער אמאָל געבראַכט פאַר זיי האָלץ פון לבנון, מיט דער ערלויבניש פון כורש'ן (עזרא ג' 7). צו יענער צייט געפינט מען אויך צורים אין ירושלים בעשעפטיגען זיך מיט האנדעל צווישען די צוריקגעקומענע אידען (נחמיה י"ג 16).

אין 332 איז א נייער וועלט עראָבערער, אלכסנדר מוקדון, געקומען פאַר די טויערען פון צור. גאנץ פעניקיע האָט זיך איהם שוין געהאַט אונטערגעגעבען, נאָר די שטאָלצע צור האָט זיך אנטקעגען געשטעלט. וויסענדיג אז די קראפט פון צור בעשטעהט אין איהר פלאָט און איהר פאָזיציע אלס אינזעל אין ים, האָט אלכסנדר צוזאמענגעקליבען שיפען פון די שכנות'דיגע פעניקישע שטעדט צידון, ארוד, גבל און די גריכישע

*) אייניגע מאָדערנע היסטאָריקער דענקען אז די פינפיעהריגע בעלאַגערונג איז ניט פאָרגעקומען נאָכאַנאַנד, נאָר יוסיפון האָט דאָ צוזאמענגעמישט אינאיינעם עטליכע בעלאַגערונגען פון סנחריב, אסרחדון און אסורבניפאל.

אינזלען און איז איבערגעפאלען די אינזעל־שטאָדט אום זי אָבצושניידען פון ים; די צורים זיינען דאן געווען געצוואונגען צו דערטרינקען זייערע אייגענע שיפען אום צו פערשטעלען דעם ארייגגאנג אין האפען. אלכסנדר האָט דאן צושטערט די קאָנטינענטאַלע צור (פּאַלעטיראָס) און פון'ם מאַטעריאַל האָט ער אויסגעלעגט א בריק צום אינזעל. צור האָט אויפגעהערט צו זיין אן אינזעל־שטאָדט — און דערמיט איז איהר גורל פערחתמ'עט געוואָרען. אלכסנדר האָט צוגעבראַכט פון דער יבשה זיין מיליטער צו די ווענט פון צור און נאָך א בעלאַגערונג פון זיבען חדשים איז די מעטראָפּאָליע פון פעניקיע געפאלען. דער גריכישער זיעגער האָט זיך דאן גרויזאם אָבגערעכענט מיט די שטאָדט וואס האָט געוואגט אנטגעגענצושטעלען זיך. 8000 איינוואוינער פון צור זיינען אויסגעקוילעט געוואָרען און 30.000 זיינען פערקויפט געוואָרען אלס שקלאַפען. צור איז געוואָרען א גריכישע קאָלאָניע. די אלטע סעמיטישע קולטור איז אָבגעווישט געוואָרען.

*פאל פון פעני קישען צור.*

נאָך אלכסנדר'ס טויט איז צור איבערגעגאנגען צו די סעלעוקידען, וועלכע האָבען איהר געשאַנקען אויטאָנאָמיע רעכט. פון יענער צייט זיינען פערבליבען צורישע מטבעות מיט גריכישע און פעניקישע אויפשריפטען. נייע עמיגראַנטען האָבען זיך דאָ באַזעצט און די שטאָדט איז ביסלעכווייז געקומען צו זיך נאָך דעם חורבן פון אלכסנדר'ן און איז ווידער געוואָרען א גרויסער האַנדעלס־צענטר, הגם זי האָט פיעל געליטען פון דער קאָנקורענץ פון דער יונגער אלכסנדריה (אין מצרים).

*צור אונטער יון און רוים.*

אין יאָהר 64 (פאר'ן קריסטליכען צייטרעכנונג) איז צור אינאיינעם מיט גאַנץ סוריה אונטערגעפאלען דער רוימישער הערשאַפט. פּאָמפּעיוס האָט באַשטעטיגט די אויטאָנאָמיע פון וועלכע צור האָט גענאָסען אונטער דעם גריכישען רעזשים. הורדוס דער ערשטער האָט דאָ ווי אין פיעל אנדערע שטעדט אויסגעבויט גרויסאַרטיגע טעמפּלען, פערגעניגענס־און האַנדעלס־פּלעצער. די שטאָדט האָט זיך דאן געריהמט מיט איהר פּראָדוקציאָן פון פּורפּעל. זי האָט געהאַט צוויי פּאָרטען, א מצרישען אין דרום, און א „צידונישען" אין צפון זייט פון שטאָדט. צווישען איהרע איינוואוינער האָבען זיך געפונען אויך אידען, אָבער די בעציהונג פון דער העלעניזירטער בעפעלקערונג פון צור צו די אידען איז געווען א פיינדליכע („געגען אפיון" 1, 13), און פאר'ן חורבן, ווען פלאָרוס (62-64) האָט אָרגאַניזירט דעם מאַסאַקער אויף די אידען אין קיסריה, וועלכען עס האָט נאָכגעפאָלגט א בלוטיגער קאַמפף צווישען די אידען און די גריכען אין די שטעדט מיט א געמישטער בעפעלקערונג, האָבען די צורים אויסגע'הרג'עט א גרויסע צאָהל פון זייערע אידישע מיטבירגער און נאָך א גרעסערע צאָהל האָבען זיי ארייגגעוואָרפען אין געפענגעניש (מלחמות 2, 15, 5).

נאָך דעם ענטשטעהען פון קריסטענטום איז צור געווען פון די ערשטע שטעדט וואו די נייע רעליגיע האָט זיך פערשפּרייט, און שוין אם ענדע פון צווייטען יאָהרהונדערט געפינט מען דאָ א קריסטליכען בישאָף. דער אידישער ישוב אין צור האָט אָבער ניט אויפגעהערט צו עקזיסטירען, און פיעלע אידישע חכמים האָבען געשטאַמט פון צור אָדער געוואוינט אין צור, ווי רבי מני (סנהדרין ה'), ר' שמעון בן יעקב (ברכות ל"ג), ר' יעקב בר אידי (בבא מציעא מ"ג), ר' חנינה (ירושלמי שביעית פ"ו, ה"ב), ר' יונה (מועד קטן פ"ג, ח"ו), ב' אבא הושעיה. צור האָט זיך דאַמאָלס געפונען אין א בליהענדען צושטאַנד. דער תלמוד רופט זי אן „כרך גדול שול צור", און העראָנימוס (אין פיערטען יאָהרהונדערט) זאָגט עדות אז אין זיין צייט איז צור די שענסטע און נאָבעלסטע שטאָדט אין פעניקיע און פערמאָגט א גרויסען האַנדעל.

די פערפאלגונגען פון די אידען אין א"י מצד דעם טריאומפירענדען קריסטענ־טום האט אויך פערשארפט די בעציהונגען צווישען די אידען און קריסטען אין צור. די פערפאלגטע אידען האבען נור געווארט אויף א געלעגענהייט זיך אבצורעכענען מיט זייערע שונאים. די געלעגענהייט איז געקומען, בשעת די גליל'ער אידען האבען געבילדעט אן ארמעע צו העלפען די פרס'ען אין זייער קאמף געגען ביזאנטיום (614). די אידען פון צור האבען זיך דאן געווענדעט צו זייערע ברידער זיי זאלען קומען אי־בערפאלען די שטאדט. אויף דעם רוף האבען אידען פון טבריה, ירושלים, דמשק און קיפרים צוזאמענגעשטעלט אנ'ארמעע פון ארום 20.000 מאן וואס איז געגאנגען אנ־גרייפען צור. די קריסטען האבען זיך אבער פון פריהער דערוואוסט, אז די אידען קלייבען זיך זיי איבערצופאלען און זיי האבען געכאפט אלע צור'ער אידען און אריינ־געווארפען זיי אין תפיסה. די אידישע ארמעע האט בעלאגערט די שטאדט, און צושטערט אלע קריסטליכע קלויסטערם און מאנאסטירען פון דער אומ־געגנד. די בעלאגערטע קריסטען האבען דאן ארויפגעשלעפט די געפאנגענע אידען אויף די מויער פון צור און דער'הרג'עט זיי אין די אויגען פון די דערויסענדיגע אידען. און זייערע קעפ האבע זיי אראבגעווארפען אין אידישער לאגער. ארום 2.000 אידען זיי־נען אויף אזא אופן אומגעקומען. די אידישע ארמעע האט דאן אבגעלאזט די שטאדט און אראבגענומען די בעלאגערונג.

די טעג פון דער קריסטליכער הערשאפט אין צור זיינען שוין אבער געווען געצ־צעהלטע. אין 638 איז די שטאדט אריינגעפאלען אין די הענד פון חליף עמר'ס זיגנ־רייכע ארמעען.

אונטער דער אראבישער הערשאפט איז צור נאך אלץ געווען א בליהענדע שטאדט. אין צור'ער האפען האט די אראבישע רעגירונג געהאלטען איהר קריגס־פלאט. די שטאדט איז געווען שטארק בעפעסטיגט און נאך מעהר דער האפען, וועלכער איז יעדע נאכט געשלאסען געווארען מיט אן אייזערנע קייט. די באוואוינער האבען זיך געריהמט מיט זייער רייכטום און שעהנקייט. די בעפעלקערונג איז בעשטאנען פון פערשיעדענע נאציאנאליטעטען, צווישען זיי אויך אידען. אין עלפטען יאהרהונדערט איז צור געווארען די מעטראפאליע פון פאלעסטינער אידענטום. דער גאון פון ארץ ישראל, אליהו בן שלמה הכהן (1062-1082), וועלכער האט געמוזט פערלאזען ירושלים צוליעב די איבערפאלען פון די סעלדזשוקען אונטער מלך־שאה (1071), האט זיך בע־זעצט אין צור, און דא איז פארגעקומען דער גרויסער צוזאמענקונפט פון אלע אידישע קהלות אין גליל, אויף וועלכען דער גאון האט פאר זיין טויט בעשטעטיגט זיין עלט־סטען זוהן אביתר אלס גאון אויף זיין פלאץ און זיין צווייטען זוהן אלס אב בית־דין. נאך מיט הונדערט יאהר שפעטער, ווען צור איז שוין געשטאנען אונטער דער הערשאפט פון די נוסעי־הצלב, וואס איז אין אלגעמיין געווען אונגינסטיג פאר די אי־דען, האט ר' בנימין מטודילא געפונען דא די גרעסטע אידישע קהלה פון ארץ ישראל — בעשטעהענדיג פון 400 פאמיליעס, פיעלע פון זיי שיפס־אייגענטימער און גלאז־פאבריקאנטען.

צור איז געווען אזוי שטארק בעפעסטיגט, אז די נוסעי־הצלב האבען א לאנגע צייט ניט געקאנט צוקומען צו איהר. אין 1111 האט באלדווין דער ערשטער אהן ער־פאלג זי בעלאגערט 4 חדשים, און ערשט 25 יאהר נאכדעם ווי ירושלים איז שוין געווען ביי די קריסטען איז צור געפאלען. די נוסעי־הצלב זיינען איבערגעפאלען די שטאדט פוןביידע זייטען: באלדווינ'ס ארמעע פון דער יבשה און א וועגעציאנער

מילחמה מיט אידען.

אונטער אראבי־שער הערשאפט.

אידישער צענטר.

פלאַט פון ים. נאָך אַ בעלאַגערונג פון פיער מיט אַ האַלבען חדש האָבען זיך די מוס־לימער אונטערגעגעבען (27 יוני, 1124) מיט דעם תנאי מ׳זאָל זיי אַלעמען אַבלאָזען פריי מיט זייערע פערמעגענס. אַריינגעהענדיג אין שטאָדט זיינען די קריסטליכע זיע־גער איבעראַשט געוואָרען פון דער הויך און גרויסאַרטיגקייט פון די הייזער, פון דער פעסטקייט און גרויסקייט פון די טורעמס און מויערען, פון דער שעהנהייט פון פאַרט מיט זיין גוט־בעשיצטען אַריינגאַנג.

צור איז פערבליבען ביי די קריסטען ביז נאָך דעם ענדגילטיגען פאַל פון דער לאַטיינישער מלוכה אין ארץ ישראל אין 1291, ד. ה. איבער 160 יאָהר. צלח־א־דין, וואָס האָט אין 1187 בעפרייט דאָס גאַנצע לאַנד פון דער קריסטליכער הערשאַפט האָט דריי חדשים בעלאַגערט צור און ניט געקאָנט זי בייקומען. דאָס איז געווען דער איינציגער וויכטיגער פלאַץ אין ארץ ישראל וועלכען ס׳איז געלונגען בייצושטע־הען דעם גרויסען העלד.

חורבן צור ערשט ווען מלך אל־אשראף האָט אין 1291 גענומען עכו מיט שטורם — האָט זיך צור שוין מעהר ניט געקאָנט האַלטען. ווי זיי האָבען נור געהערט אַז עכו איז געפאַלען זיינען די קריסטען פון צור אַנטלאָפען אויף זייערע שיפען און איבערגע־לאָזט די שטאָדט אויף הפקר. די מוסלימער זיינען צומאַרגענס אַריין אין צור און האָבען פערניכטעט אַלע בעפעסטיגונגען און דערביי אויך חרוב געמאַכט די שטאָדט. אבן־באַטוטא האָט אין 1355 געפונען אין צור ניט מעהר ווי אַ באַרג רואינען. די אַלטע וועלט־שטאָדט איז געפאַלען — און האָט שוין מעהר קיין תקומה ניט געהאַט. די רייזענדע פון 14טען, 15טען און 16טען יאָהרהונדערט דערצעהלען נור וועגען די חורבות פון צור. דער דרוזישער פרינץ פחר־א־דין האָט אין אָנהויב פון 17טען יאָהר־הונדערט אפילו געפרובט צוריק אויפלעבען די אַלטע שטאָדט, און ער האָט דאָרט אויסגעבויט אַ פּאַלאַץ מיט פערשיעדענע האַנדעלס־הייזער. די געביידעס זיינען אָבער געבליבען לעער. — אַם ענדע פון 17טען יאָהרהונדערט האָט הענרי מאַנדרעל שוין ניט געפונען קיין איין גאַנץ הויז אין שטאָדט, אויסער אַן אַלטען טערקישען שלאָס, און האַסעלקוויסט האָט אין 1741 דאָ געטראָפען ניט מעהר ווי אַ צעהנדליג איינ־וואוינער, וואָס האָבען געכאַפּט פיש אַרום דעם אַמאָל בערימטען אינזעל. אַזוי טיעף איז געפאַלען די אַמאָליגע הערשערין פון וועלט־האַנדעל... ווי עס וואָלט מקוים גע־וואָרען די נביאות פון יחזקאל׳ן: „איך וועל דיך מאַכען פאַר אַ טרוקענעם פעלז, אַן אָרט פאַר פישער אויסצושפּרייטען זייערע נעצען״.*)

די נייע צור איז צוריק אויפגעשטעלט דורך די מוטעוועלער (מוסלימער־שיעי־טען פון פּרס׳ישער אָבשטאַמונג), וואָס זיינען געזעסען אויף דער צפון גרעניץ פון ארץ ישראל, ביי די פיס פון לבנון. אין 1766 האָבען זיי פערנומען די רואינירטע צור, מאָדערנע שטאָדט. אויסגעבויט אַ מויער אַרום דער שטאָדט און דערמיט געלעגט אַ פונדאַמענט פאַר איהר אויפלעבונג (אין ערדציטערניש פון 1837 איז די מויער צושטערט געוואָרען). מיט צוואַנציג יאָהר שפּעטער האָט וואָלני שוין דאָ געפונען 50—60 פאַמיליעס, באַשעפ־טיגט מיט ערדאַרבייט און פישעריי. „זייערע וואוינונגען זיינען ניט בעשטאַנען, ווי אין סטראַבאָ׳ס צייטען, פון דריי־ און פיער־שטאָקיגע הייזער, נאָר פון מיזעראַבלע בודקעס וואָס זיינען גרייט צו צופאַלען יעדע מינוט.״ דער גאַנצער האַנדעל פון שטאָדט איז בעשטאַנען פון אַרויספיהרען דעם טאַבאַק, וואָס איז געוואַקסען אין די

*) „ונתתיך לצחיח סלע, משטח חרמים תהיה״... (יחזקאל כ״ו, 14).

בערגיגע אומגעבונג, נאָך מצרים. צוביסלעך האָט זיך דער ישוב פארגרעסערט. ראַ־בינסאָן אין 1838, האָט דאָ גערעכענט 400 שטייערפליכטיגע מוסלימער און 300 קריס־טען, וואס מאכט אויס אנ׳איינוואוינערשאפט פון ארום 3000 נפשות. ווילסאָן אין 1843 האָט געשאצט די בעפעלקערונג אין 5000 נפשות (2500 קריסטען, 2430 מוטע־וועלער און 70 אראבער). אין די ניינציגער יאָהרען פון פערגאנגענעם יאָהרהונדערט האָט צור געצעהלט ארום 6.000 איינוואוינער, און אין 1915 — 7.000—8.000, מייסטענס מוטעוועלער, א קליינע צאָהל מוסלימער־סוניטען און ארום 2.800 קריסטען.

די איצטיגע צור צייכענט זיך מיט גאָר ניט אויס פון אנדערע קליינע אראבישע שטעדטלעך. אויסער דעם נאָמען (אויך איצט רופט זיך די שטאָדט צור) איז קיין זאך ניט פערבליבען וואָס זאָל דערמאָנען אין אמאָליגען רייכטום און גלאנץ. בלויז מאסען שטיקער גלאָז וואָס האָבען זיך אָבגעלעגט אין די זאמדען פון האלבען־אינזעל און זיינען מיט דער צייט פארהארטעוועט געוואָרען אין איין שטיק, דיענען אלס צייכען פון דער גלאָז־אינדוסטריע וואָס האָט דאָ געבליהט פון אוראלטע צייטען ביז׳ן צוועלפ־טען יאָהרהונדערט. דער האפען, פון וואנען פעניקישע שיפען האָבען מיט דריי טויזענד יאָהר צוריק צוטראָגען די רייכטימער פון אלע פעלקער אין אלע בעוואוסטע לענ־דער — איז איצט כמעט אין גאנצען פוסט. דער האנדעל פון הינטער־לאנד פון צור געהט איצט דורך די פּאָרטען פון בירות, חיפה און צידון. קיינע אינדוסטריעלע אונ־טערנעמונגען זיינען דאָ ניט פארהאָן, אויסער עטליכע מיהלען, אויל־פּרעסען, א גאר־בעריי און צוויי פּרימיטיווע זייף פאבריקען. די זעגעל שיפען וואס פערקעהרען אין צור בענוצען זיך מיט דעם „צידונישען" ד. ה. נאָרדליכען האפען, וואו מ׳דערקענט נאָך די צייכענס פון אלטע האפען־סטרוקטור. דער „מצרישער" האפען, אין דרום זייט, איז איצט כמעט אין גאנצען פערשטאָפּט.

אדמיניסטראטיוו איז צור א טייל פון בירות׳ער סאנדזשאק און א צענטר פון א קאדא וואָס ענטהאלט אויף א שטח פון 900 קוואדראט קילאָמעטער 121 דערפער מיט א בעפעלקערונג פון בערך 30.000 נפשות, מעהר ווי א העלפט פון זיי מוטעוועלער.

דער יעהרליכער פּראָדוקט פון דער קאדא איז לויט אָפיציעלע אנגאבען פון 1910 190.000 כיילה ווייץ, 130.000 כיילה גערשט, 50.000 כיילה ארבסען, 10.000 כיילה לינזען און 30.000 כיילה אנדערע תבואות, 500.000 אָקא טרויבען, 150.000 אָקא פייגען, 70.000 אָקא טוטון, 50.000 אָקא אָליוון־אויל און 500.000 אָקא אנדערע פרוכטען.

אין דעם דיסטריקט פון צור ווי אויך אויף דעם גאנצען פעניקישען ברעג איז קיין נייער אידישער ישוב ניטאָ. נאָר איינצעלנע אידען געפינען זיך אין מאנכע דער־פער. די סבות אָבער וואס האָבען געשטערט די אידען אין יהושע בן נון׳ס צייטען צו באזעצען זיך אין צור און "עכו, צידון, אחלב, אכזיב, חלבה, אפיק, רחב" — די גע־דיכטקייט פון דער אבאָריגינעלער בעפעלקערונג, איהר הויכע קולטור, רייכטום און מאכט — עקזיסטירען איצט ניט. פארקעהרט, די פּאראָרימטע געגענד נויטיגט זיך אין א צופלוס פון אן ענערגישער, קולטורעלער, קאפּיטאל־קרעפטיגער און אונטערנעה־מונגס־פעהיגער בעפעלקערונג, וואס זאָל זיין אימשטאנד ווידער־צובעשאפען די הויכע און רייכע קולטור פון די אמאָליגע פעניקיאנער.

## די שטעדט פון עבר הירדן.

פון די צאָהלרייכע שטעדט וואָס האָבען עקזיסטירט אין די פאַר־אידישע, אידישע און רוימיש־ביזאַנטישע עפּאָכען אין עבר־הירדן — אין גולן, בשן, גלעד, עמון, מואב —



בילד 50.

די „חאזנא" — אַנ'אַלטער פּאַלאַץ אין סלע (פּעטרא) פון בר־כוכבא'ס צייטען.

זיינען היינט פערבליבען נאָר 3—2, וואָס זיינען באמת נאָך ראוי גערופען צו ווערען מיט'ן נאָמען שטאָדט. אַ גרויסע צאָהל זיינען אין גאַנצען אָבגעווישט געוואָרען פון

דער ערד, און מ׳ווייס אפילו ניט געגוי זייער ארט. פון אנדערע, זיינען קוים פאר־בליבען קלענערע און גרעסערע רואינען וואס זאגען עדות מיט זייער שטומען, אבער וואהרהאפטען לשון אויף די גליקליכע צייטען פון דעם אמאל בליהענדען לאנד. א גרויסע צאהל זיינען, ווידער, פערבליבען אין דעם פארם פון קליינע, מיזעראבעלע פלאחין־ און בעדואינען־דערפער. דער עבר הירדן האט מעהר פון מערב ארץ ישראל גע־ליטען פון די אונאויפהערליכע מלחמות און שלאכטען, פון די בארבארישע אינוואזיא־נען און פאליטישע און אדמיניסטראטיווע דעסארגאנזאציע, וואס האבען אונטער־געגראבען דעם עקזיסטענץ פון די פערבליבענע ישובים.

די פערוויסטונג פון עבר הירדן דורך די בעדו־אינער.

די ווירקונג פון די צושטערענדע פאקטארען איז געוועזן פיעל שטארקער און גרעסער אין מזרח זייט פון ירדן, צוליעב די נאהענטקייט צום מדבר און דעם רואיני־רענדען איינפלוס פון די קינדער פון מדבר — די בעדואינער, וואס האבען פון צייט צו צייט אריינגעדרונגען אין די בעזעסענע טיילען פון לאנד, אויפגעגעסען און צושטערט די תבואות אויף די פעלדער, ארויפגעלעגט שווערע שטייערען אויף די בעפעלקערונג און פערשפרייט איבעראל אונזיכערהייט און שרעק. ביז די לעצטע צעהנדליג יאהרען האט די רעגיערונג ניט געהאט גענוג כח, ענערגיע און מיטלען איינצוצווימען די ווילדע קינדער פון וויסטע און צו בעשיצען די בעפעלקערונג פון זייער אנגריעף און אונטער־דריקונג. די באדענס זיינען דעריבער כמעט ניט בעארבייטעט געווארען, און ביי אז אונבעדייטענע לאנדווירטשאפטליכע בעפעלקערונג האבען זיך דא ניט געקאנט אויס־בילדען אפילו אזעלכע קליינע שטעדט ווי אין מערב א״י.

די דורכפיהרונג פון דער חעדזשאזער אייזענבאהן און די פאלגליכע פערשטאר־קונג פון דער רעגיערונגס־מאכט האבען פיעל מיטגעהאלפען דער לאנדווירטשאפטלי־כער ענטוויקלונג פון עבר הירדן. די בעדואינער זיינען צוריקגעשטויסען געווארען אין מדבר, א טייל פון זיי איז געצוואונגען געווארען צו בעזעצען זיך אויף אן ארט און אונטערוווארפען זיך דער קאנטראלע פון דער רעגיערונג, און א דאנק דעם איז דאס לעבען און פערמעגען פון די איינגעזעסענע בעוואוינער אין עבר הירדן געווארען זי־כערער. פיעלע איינוואוינער פון מערב א״י האבען זיך בעזעצט אין די פריהער רואי־נירטע דערפער אין עבר הירדן און האבען פערגרעסערט דעם שטח פון בעארבייטעטע באדענס. סוחרים און קרעמער און בעלי מלאכות פון טבריה, שכם, חברון און ירושלם האבען זיך בעזעצט אין איניגע גרעסערע דערפער: מיט דער אויסנאהם, אבער, פון צוויי ערטער — סאלט אין גלעד און כרך אין מואב — בעשטעהט דער עבר הירדן פון דורכאויס לאנדווירטשאפטליכע בעפעלקערונג. אפילו אין די גרעסערע ארט־שאפטען, ווי אדרעי, תפל, מען, קנייטרא, סווידה איז דער פראצענט פון בעלי מלאכות און הענדלער זעהר קליין.

## סאלט.

דער גרעסטער צענטר אין עבר הירדן, סיי לויט דעם גרויס פון ישוב, סיי לויט דער עקאנאמישער וויכטיגקייט, איז די ראזינען־שטאדט סאלט*). ארומגערינגעלט מיט

*) איניגע רייזענדע און פארשער האבען געדענקט, אז סאלט איז די אלטע ראמות גלעד, א שטאדט פון שבט גד, איינע פון די דריי ערי המקלט אין עבר הירדן (דברים ד׳ 43, יהושע כ׳ 8, כ״א 36), וואו יהושפט מלך יהודה און אחאב מלך ישראל האבען אהן ערפאלג געקעמפפט געגען ארם (מלכים א׳ כ״ב, דברי הימים א׳ י״ח) און שפעטער האבען אויפ׳ן זעלבען ארט אחזיה בן יהורם פון יהודה און יורם בן אחאב פון ישראל געליטען א מפלה פון חזאל מלך ארם (מלכים ב׳ ח׳ 28, דברי

הויכע בערג און טיפע טאלען, קאן מען די שטאדט ניט זעהן ביז מ'קומט ניט צו זעהר נאהענט. זי ליעגט טיילווייז אין א טיעף איינגעשניטענעם בערג קעסעל, טיילווייז אויף דעם אבהאנג פון א שטיילען און איזאלירטען בארג, וואס איז געקרוינט אין דער הויך מיט א פעסטונג ("קלעה"), וואס שטאמט פון די נוסעי הצלב, און איז נאך דער מאנגאלישער צושטערונג צוריק אויפגעבויט געווארען דורך'ן מצרי'שען סולטאן ביבארס (בערך 1265). די אומגעבונג פון דער שטאדט, ווי אויך די גאנצע געגענ־ פון גלעד, איז אבוועקסלונגסרייך און מאלעריש. א שעה גאנג נארדליך פון סאלט ליעגט דער הויכער בארג הושע (3.995 פוס). אויף'ן שפיץ בארג שטעהט א קבר, וואס איז לויט דער אראבישער טראדיציע דער קבר פון נביא הושע בן בארי, פון וועלכען ס'ענטפלעקט זיך א פרעכטיג בילד פון א גרויסער טייל א"י: דער עמק הירדן, דער הר הזיתים נעבען ירושלם, די בערג עיבל און גריזים נעבען שכם, דער תבור און די גליל'ער בערג ארום ים כנרת און אין ווייטען צפון דער שנעע־בעדעקטער חרמון.

דער נאמען סאלט שטאמט וואהרשיינליך פון לאטיינישען ווארט סאלטוס — וואלדיגער און בערגיגער געגענד, וואס ענטשפרעכט פאלשטענדיג דעם כאראקטער פון דער שטאדט, וועלכע ליגט צווישען בערג און טאלען, כרמים און אליוועז־גערט־ נער. סאלט איז פונקט ווי שכם זעהר רייך מיט וואסער און קוואלען. אין מיטע־ שטאדט פליסט א רייכער קוואל, און ניט ווייט פון שטאדט א צווייטער. א דאנק דעם איבערפלוס פון וואסער איז די גאנצע שטאדט איינגעטונקען אין פרוכט־און געמיז־ גערטנער. דער באדען איז נאך פרוכטבארער ווי אין שכם, און די בוימער זיינען דא מעהר ענטוויקעלט. דער ג'דור טאל, נעבען שטאדט, וואו ס'פליסט א שטארקער קוואל, איז בעפלאנצט מיט די פערשיעדענסטע פרוכט־בוימער: גרויסארטיגע נוס און מויל־ בערים, שעהנע פייגען און בארנעס. דאס גרעסטע רייכטום פון סאלט זיינען אבער די צאהלרייכע טרויבען פלאנצונגען אויף די זארגפול טעראסירטע בערג ארום דער שטאדט, פון וועלכע ס'ווערען געצויגען די געטריקענטע ראזינען וואס זיינען בעריהמט אין גאנצען לאנד. אויך ווערען דא געטריבען אייניגע וואסער־מיהלען אויף די פערשיע־ דענע וואסער־פאלען, וואס בילדען זיך אויפ'ן שטראם פון ג'דור.

ביז ניט לאנג צוריק איז סאלט געווען א פרייע, אונאבהענגיגע שטאדט, הגם נאמינעל האט זי זיך געפונען אונטער דער טערקישער הערשאפט. דער פאשא פון דמשק, וואס האט רעגיערט איבער גאנץ עבר הירדן, האט אומזיסט געפרובט פיעל מאל צו דערשטיקען די זעלבסטשטענדיגקייט פון סאלט. ווען איברהים פאשא פון מצרים

פרוכטבארע־ געגענד.

הימים ב' כ"ב 5). דער אמעריקאנער פארשער סעלא מעריל און אנדערע האבען אבער דערוויזען, אז ראמות גלעד האט ניט געקאנט זיין אויפ'ן פלאץ פון איצטיגען סאלט, נאר א סך ווייטער צו צפון, אין דער צווייטער (נארדליכער) זייט פון טייך יבוק. ראמות גלעד איז געווען די רעזידענץ פון בן גבר, איינער פון די 12 נציבים (קאמיסארען) פון שלמה המלך (מלכים א' ד' 13), וואס האט פערוואל־ טעט מיט דעם דיסטריקט (חבל) פון ארגב (היינטיגע לעדושא) און בשן און מיט די חוות (דערפער) פון יאיר בן מנשה אין גלעד; סאלט איז אבער צו ווייט פון די דערמאהנטע געגענדען. לויט דעם תלמוד זיינען די דריי ערי המקלט אין עבר הירדן אויסגעקומען אקוראט געגענאיבער די דריי ערי המקלט אין מערב א"י, ווי צוויי שורות אין א וויינגארטען: חברון אין יהודה געגען בצר אין מדבר, שכם אין הר אפרים נעגען ראמות אין גלעד, קדש אין הר נפתלי נעגען גולן אין בשן (בבלי מכות דף ט' עמוד 2). די פאזיציע פון סאלט, וואס איז א סך מעהר אין דרום ווי שכם, שטימט ניט מיט דער דאזיגער טראדיציע. עס איז דעריבער קלאהר, אז דאס איז ניט ראמות, די שטאדט פון גד. ראמות גלעד איז לויט קאנדער'ס מיינונג — דאס איצטיגע דארף רימון, אין דער קאדא ענ'לון פון צפון זייט צום טייך יבוק (זערקא). סעלא מעריל דענקט, אז ג'רש (דזשעראש) — עטוואס אסטליכער פון רימון — איז דער ארט פון דער אמאליגער עיר המקלט.

האט איינגענומען ארץ ישראל (1832) האט ער אפילו בעשטימט אז אראבישען שייך
אלס גובערנאטאר פון סאלט און האט איהם אוועקגעזעצט אין די פעסטונג וואס אויפ׳ן
שפּיץ בארג. די סאלט׳ער האבען זיך אבער ניט אונטערגעגעבען און אבהאקענדיג
דעם קאפ פון שייך האבען זיי איהם אוועקגעשיקט צום פאשא אלס צייכען פון זייער
אונאבהענגיגקייט. ווען דאס לאנד איז ווידער אריבערגעאנגען צו דער קאנסטאנטינא־
פאלער רעגיערונג, איז סאלט געווען א לאנגע צייט די זידליכע גרעניץ פון דער פאקטי־
שער טערקישער הערשאפט, אבער אין די זיעבעציגער יאהרען איז טערקיי ענדליך געלונ־
גען צו בעפעסטיגען איהר מאכט אין אוועקזעצען א קאימאקאם אין סאלט. ביז דאן
האבען רעגיערט די שייכען — די עלטסטע פון די פערשיעדענע שבטים, וואס האבען
באוואוינט די שטאדט. אפטמאל האבען די דאזיגע שייכען געפיהרט מלחמות צווישען
זיך און די בעפעלקערונג איז געווען צוטיילט אין צוויי פיינדליכע פראקציעס. די



בילד 51.
סאלט.

וואוקס פון ישוב.

פערשטארקונג פון רעגיערונגס אויטאריטעט האט אבגעשאפען די אינערליכע קריעגע־
רייען און א דאנק די זיכערהייט וואס איז דערפון ענטשטאנען, האט די שטאדט זיך
שטארק ענטוויקעלט און די בעפעלקערונג איז שנעל אויסגעוואקסען. בורקהארדט
אין 1812 האט דא געפונען ניט מעהר ווי 500 פאמיליעס, אדער 3.000 נפשות, אלי־
פאנט אין 1880 האט שוין געטראפען דא ארום 6.000 איינוואוינער, מיט 11 יאהר
שפעטער (1891) האט שומאכער גערעכענט 10.000, (די אידישע אגראנאמען אהרנ־
סאן און סאסקין, וואס האבען בעזוכט סאלט אין 1904, גיבען אז ניט מעהר ווי 8.000
איינוואוינער), און אין 1912, לויט די אנגאבען פון בעדעקער׳ן, האט די בעפעלקערונג
דערגרייכט די צאהל פון 15.000, בערך 11.000 מוסלימער און 4.000 פערשיעדענע

קריסטליכע סעקטען, מייסטענס גריכען, ד. ה. אין משך פון הונדערט יאָהר איז די בעפעלקערונג פערפינפאַכט געוואָרען.

האנדעל און אינדוסטריע.

פונקט ווי די איינוואוינער פון כרך זיינען אויך די סאַלט'ער זעהר עהנליך אין זייער שפּראַך, קליידונג און אויסערליכען אויסזעהן צו די בעדואינער. וואָס וואנדערען אין די אומגעגענדען פון סאַלט. לויט זייער בעשעפטיגונג זיינען דאָס מייסטענס אַקערבויער און סוחרים. פון געווערבען איז נאָר די פאַבריקאַציע פון איינפאַכע טעפּיכען פון ציגען־האָר כדאי דערמאָהנט צו ווערען. דער מאַרק פערקעהר פון קליידערשטאָפען, מאַנטלען (אַבאַיעס), צוקער, קאַפע, רייז, איז דאָ זעהר אַ לעבהאַפטער, ווייל דאָ איז דער איינציגער קאָמערציעלער צענטר אין עבר הירדן, וואו די בעדואינישע שבטים פון מואב און גלעד קויפען איין זייערע בעדערפנישע און טוישען אויס זייערע פּראָדוקטען: שאָף, מילך, ווייץ, גערשט, שטראָוס־פעדערען, א. ד. ג. די סאַלט'ער בעשעפטיגען זיך אויך מיט צוזאַמענקלייבען אויף די אַרומיגע בערג די סומאַק־בלעטער וואָס ווערען געברויכט אין פאַרבעריי. דער וויכטיגסטער אַרטיקעל אָבער פון סאַלט, ווי ס'איז שוין פריהער דערמאָהנט געוואָרען, זיינען די ראַזינען. לויט די אַנגאַבען פון אהרנסאָן און סאַסקין איז דער שטח לאַנד וואָס געפינט זיך אונטער דער קולטור פון ווייןטרויבען אַרום סאַלט — בערך 2.000 העקטאַר. דער דאָזיגער שטח ווערט מייסטענס בעאַרבייט ניט דירעקט דורך די ערד בעזיצער, נאָר דורך פּעכטער. דאָס לאַנד ווערט צוטיילט אין קליינע חלקים פון 2—1 העקטאַר, און יעדער חלק בעזונדער ווערט איבערגעגעבען אַ פּעכטער צו בעאַרבייטען. דער פּעכטער מיט זיין פאַמיליע בעזאָרגט די גאַנצע אַרבייט און בעקומט דערפאַר אַ פערטעל פון דער איינ־נאַהמע. די טרויבען ווערען טיילווייז פערקויפט אויפ'ן פּלאַץ אָדער אין די אַרומיגע דערפער און אין די ווייטערע געגענדען פון חורן און ג'ולן. די גרעסטע טייל אָבער ווערט אויסגעטריקענט אַלס ראַזינען און טראַנספּאָרטירט דורך יפו אין אויסלאַנד. סאַלט פערמאָגט אַן אייגענע גאַטונג פון טרויבען, קליינע און אָהן קערענדלעך (זיי רופען זיך „בנאת א־שם“), וואָס ווערען זעהר הויך געשאַצט אין מאַרק. דער איינטראַג פון די טרויבען וואָס ווערען דאָ פערוואַנדעלט אין ראַזינען איז אַ סך גרעסער ווי די הכנסה פון די טרויבען אין די אידישע און דייטשע קאָלאָניעס פון וועלכע מען מאַכט וויין. לויט דער אויסרעכנונג פון די צוויי דערמאָהנטע אַגראָנאָמען ברענגט אַריין אַ העקטאַר (אויף אַ העקטאַר ווערט אין סאַלט פערפלאַנצט בערך 1.000 ווייןשטאָק, יעדעס בוימעל ווערט געפלאַנצט אויף אַ דיסטאַנץ פון 8—6 מעטר) דורכשניטליך 10.000 קילאָגראַם טרויבען. צוליעב די ווייטקייט פון בוים צו בוים איז די פּראָדוקטיוויטעט זעהר גרויס און מאַנכע ברענגען צו 50 קילאָגראַם טרויבען. וועהרענד פאַר איין קילאָגראַם ראַזינען זיינען נויטיג 5—4 קילאָגראַם טרויבען, קאָן מען רעכענען דעם איינטראַג פון ראַזינען פּער העקטאַר 2.500—2.000 קילאָגראַם. אַ קאַנטאַר ראַזינען (250 קילאָגראַם) פערקויפט זיך פאַר 60—50 פראַנק, און דאָס הייסט איז די ברוטאָ איינקונפט פון אַ העקטאַר איז 500—400 פראַנק*). ליידער אָבער ווערט די הכנסה שטאַרק

ראַזינען־צענטער.

---

*) לויט דער מיינונג פון די צוויי קאָמפּעטענטע אַגראָנאָמען צייגען די דאָזיגע ציפערן אויף די גוטע לאַנדווירטשאַפטליכע און עקאָנאָמישע אויסזיכטען פון א"י. די געבירגע פון סאַלט צייכנען זיך ניט אויס מיט אַ ב ע ז ו נ ד ע ר ע ר פרוכטבאַרקייט. ווען זיי זאָלען איבערגעלאָזט ווערען צו זיך אליין, וואָלטען זיי מיט ווילדע וועגעטאַציאָנען בעדעקט געוואָרען און פּונקט ווי די בערג פון שומרון און גליל פערוויסטעט און אונפּראָדוקטיוו געבליבען. זיי וואָלטען דאַן אפילו אַ הונדערטסטעל פון זייער איצטיגע איינגאַהמען ניט אומשטאַנד געווען צו ברענגען. אַ דאַנק דעם איינפאַכען

פערקלענערט צוליעב מאנגעל אין מאדערנע טראנספארט־ און פערקעהר־מיטלען. סאלט איז ניט פערבונדען מיט יפו ניט דורך א באהן און ניט אפילו מיט א געוועהנ־ליכען שאסע. די סחורה מוז דעריבער טראנספארטירט ווערען אויף פרדות פון סאלט אין שכם און פון שכם אין יפו. א חוץ דעם וואס ביי אזא סיסטעם פון איבער־פיהרען ווערט זעהר פיעל קאליע אויף'ן וועג, מאכען אויס די קאסטען פון טראנספארט ביז דעם האפען אין יפו 20—15 פראנק אויף יעדען קאנטאר — בערך 30 פראצענט פון די ווערטה פון די סחורה אויפ'ן ארט.

סאלטער ראיאן.

סאלט איז דער צענטר פון א גרויסע קאדא (דיסטריקט), וואס איז פריהער געוועזען פערבונדען מיט חורן, און איצט מיט'ן סאנדזשאק פון כרך. הגם דער שטח פון דיסט־ריקט איז זעהר גרויס (ער שליסט איין די גאנצע געגענד צווישען יבוק און ארנון, וואס פערנעהמט ארום 5.000.000 דונאם) און דער באדען איז אין אלגעמיין פרוכט־באר, געפינט זיך אין דער קאדא א קליינע צאהל בעוואוינטע ערטער. א חוץ סאלט איז דא פארהאן אין גאנצען 11 בעזעסענע דערפער — פון טשערקעסען, טורקמענער, מוסלימישע און קריסטליכע אראבער. קיין אידישער ישוב איז נאך אין דעם געגענד ניטא, אויסער עטליכע אידען, וואס זיצען אין סאלט.

אין 1880 איז ניט מעהר ווי 5 פראצענט פון גאנצען שטח פון סאלט'ער דיסט־ריקט געוועזען בעארבייט. פון דאמאלס אן האט זיך נאר די שטאדט און די נאהענט־סטע אומגעבונג עטוואס מעהר ענטוויקעלט, די גאנצע געגענד אבער איז נאך אלץ פערבליבען אונקולטיווירט און אונבעוואוינט.

## כרך (קיר־מואב).

פיער קילאמעטער צו מזרח זייט פון ים המלח און 30 קילאמעטער צום דרום זייט פון טייך ארנון, אויף דער הויכבעבנע פון מואב, ליעגט די אלטע פעסטונג־שטאדט כרך, די העכסטע שטאדט פון א"י.

כרך איז אויסגעבויט אויף א שטיילען בארג, 3720 פוס איבער דעם הויך פון ים. צוויי טיעפע וואדים פון 1000 ביז 1350 פוס טיעף, ציהען זיך פוןביידע זייטען פון שטאדט, אין צפון וואדי כרך. אין דרום וואדי חמד, און פעראייניגען זיך אין מערב. אין דעם טאל ארום דער שטאדט, זיינען פארהאן צאהלרייכע קוואלען, דער ארומיגער באדען איז זעהר פרוכטבאר, און די בעפעלקערונג קולטיווירט דארט גרינסען און אליוועז.

---

פליים פון די זאנסט ניט בעזונדערס פלייסיגע איינוואוינער פון סאלט, זיינען די בערג אין רייכע פלאנצונגען פערוואנדעלט געווארען, און די גאנצע געגענד איז צו א וואהלשטאנד געבראכט געווארען. מיט עטוואס פליים וואלטען אלע געבירגע פון ארץ ישראל דעם זעלבען וואונדער געקענט ארויסברענגען. שוין איצט עקס-פארטירט סאלט, דיזער אונבעדייטענדער טייל פון א"י, 4—5 מיליאנען קילאגראם ראזינען יעהרליך, אויסער א גרויסע טייל וואס ווערט פערברויכט אויפ'ן ארט, וועהרענד קאלפיארניע, א שטח פון 403.000 קילאמעטער, מיט איהרע פיעל פערשריגענע וואונדערבארע וויין-בערג און פאבעל-האפטע ערטראגען, עקספארטירט יעהרליך ניט מעהר אלס 40 מיליאן קילאגראם ראזינען. (זעה: א. אהרונסון אונד דר. ס. סאסקין: די וויינפראגע און די רעבענקולטור אין פאלעסטינא, „די וועלט" 1901 נומער 32).

די שטאָדט איז ארומגערינגעלט מיט א מויער, וואָס איז אין איינינע ערטער שוין צושטערט געוואָרען. אין דרום זייט פון שטאָדט געפינט זיך א בעפעסטיגטער שלאָס פון די צייטען פון די נוסעי הצלב; צאָהלרייכע אלטע ציסטערנעס זיינען אויסגעהאַקט אין די פעלזען פון דער שטאָדט, מייסטענס נעבען די טורעמס פון די מויער. טיעפע אונטערערדישע טונעלען ציהען זיך פון שטאָדט אין עטליכע ריכטונגען. איהר נאַטיר־ליכע פעסטע פּאָזיציע און די דאָזיגע אלטע איינריכטונגען האָט די שטאָדט צו פער־דאנקען איהר עקזיסטענץ. אין די מויער מיט איהרע טורעמס, דער שלאָס, די אינערליכע ציסטערנען און אונטערערדישע טונעלען האָבען די איינוואוינער פון כרך געפונען שוץ געגען די פרעמדע אינוואזיאָנען און בעדואינישע אנגריפען, וואָס האָבען חרוב געמאכט די אנדערע ישובים פון עבר הירדן.



בילד 52.

קיר־מואב (כרך)

כרך איז די אוראלטע שטאָדט פון די מואבים, וואָס איז בעוואוסט אין תנ"ך מיט'ן נאָמען פון „קיר מואב" (ישעיה ט"ו 1), אָדער „קיר חרשת" (מלכים ב' ג' 25, ישעי הט"ז 1), און אויך „קיר חרש" (ישעיה ט"ז 11, ירמיה מ"ח 31, 36). כרך איז אראמיש מיינט דאָס זעלבע וואָס קיר אין העברעאיש—א וואנד, א מויער, א בעפעסטיג־טע שטאָדט. דער נאָמען כרך געפינט זיך שוין אין תרגום יונתן און אין כלד'עאישע אפּאָקריפען (כרכא דמואב). די נוסעי הצלב, וואָס האָבען על פּי טעות געדענקט, אז כרך איז די הויפּט־שטאָדט פון אַראַביאַ פּעטרא, האָבען די שטאָדט גערופען פּעטרא דעזערטי. אָבער ווי אלע אנדערע נעמען וואָס די קריסטען האָבען געגעבען די שטעדט אין ארץ ישראל, איז אויך דער נאָמען פערגעסען געוואָרען, און די בעפעלקערונג האָט אבגעהיט דעם אלטען נאָמען כרך ביז היינט.

ארום קיר חרשת איז פאַרגעקומען דער קאַמפּף פון די דריי פערבינדעטע מלכים. יהורם מלך ישראל, יהושפט מלך יהודה און דער מלך פון אדום, געגען מישע מלך מואב, וואָס האָט רעוואָלטירט געגען ישראל נאָך דעם טויט פון אחאב'ן (מלכים ב' ג'). אין 1868 האָט מען צווישען די רואינעס פון דיבון, די אמאָליגע הויפּט־שטאָדט פון מואב, אין צפון זייט פון כרך, געפונען אַ שטיין, אויף וועלכען „מישע דער זוהן פון כמוש־מלך, דער מלך פון מואב אין דיבון", האָט אויסגעקריצט די געשיכטע פון זיין בעפרייאונג



בילד 53.
די מצבה פון מישע מלך מואב, פון בערך 890 פאר'ן איירא־פעאישען צייטרעכנונג.

פון דעם יאָך פון ישראל און די שטעדט וואָס ער האָט אויפגעבויט אין מואב און די גבורות וואָס ער האָט בעוויזען מיט דער הילף פון מואב'ישען גאָט כמוש.

דאָס לאַנד פון מואב איז דאַן געווען בעריהמט מיט איהרע רייכע פּאַשע און בלי־הענדע וויינגערטנער (ישעיה ט"ז). פון די פיעלע מואב'ישע שטעדט, וואָס ווערען דערמאָהנט אין דעם שטיין פון מישע מלך מואב (דיבון, קרחה, מידבא, בעל מעון.

## דער אויפשריפט אויף מישע'ס שטיין.

1 אנכ משע בן כמש מלך מאב הד
2 יבני. אבי מלך על מאב שלשן שת ואנכ מלכ
3 תי אחר אבי. ואעש הבמת זאת לכמש בקרחה. במשע מ
4 שע כי השעני מכל המלכן וכי הראני בכל שנאי. עמר
5 י מלך ישראל ויענו את מאב ימן רבן כי יאנף כמש באר
6 צה. ויחלפה בנה ויאמר גם הוא אענו את מאב. בימי אמר כ
7 עבר וארא בה ובבתה וישראל אבד עלם. וירש עמרי את כל אר
8 ץ מהדבא וישב בה ימה וחצי ימה בנה ארבען שת. ויש
9 בה כמש בימי. ואבן את בעל מען ואעש בה האשוח ואבן
10 את קריתן. ואש גד ישב בארץ עטרת מעלם ויבן לה מלך י
11 שראל את עטרת. ואלתחם בקר ואחזה. ואהרג את כל העם מ
12 הקר ריח לכמש ולמאב. ואשב משם את אראל דודה ואס
13 חבה לפני כמש בקרית. ואשב בה את אש שרן ואת אנשי
14 מחרת. ויאמר לי כמש לך אחז את נבה על ישראל וא
15 הלך בללה ואלתחם בה מבקע השחרת עד הצהרים. ואח
16 זה ואהרג כלם שבעת אלף מגברן ומבנן וגברת ובנ
17 ת ורחמית. כי לעשתר כמש החרמתי ואקח משם ארא
18 לי יהוה ואסחבהם לפני כמש. ומלך ישראל בנה
19 יהץ וישב בה בהלתחמה בי. ויגרשה כמש מפני
20 אקח ממאב מאתם אש כל רשה. ואשאה ביהץ ואחזה...
21 לספת על דיבן. אנכ בנתי קרחה חמת היער וחמת
22 העפל. ואנכי בנתי שעריה ואנכ בנתי מגדלתה. וא
23 נכ בנת בת מלך ואנכ עשתי כלאי להאש... מן בקרב
24 הקר. ובר אן בקרב הקר בקרחה ואמר לכל העם עשו
25 לכם אש בר בביתה. ואנכ כרתי המכרתת לקרחה באשר
26 ן מישראל. אנכ בנתי ערער ואנכ עשתי המסלת בארנן.
27 ואנכ בנתי בת במת כי הרס הא. אנכ בנתי בצר כי עינ
28 ...ש דיבן חמשן כי כל דיבן משמעת. ואנכ מלכ
29 ת מאת בקרן אשר יספתי על הארץ. ואנכ בנת
30 י (מה)ד(ב)א ובת(ד)בלתן. ובת בעל מען ואשא שם את נק
31 צאן הארץ. וחורנן ישב בה...
32 אמר לי כמש רד הלתחם בחורנן. וארד ואלת...
33 (חם בחורנן) ישבה כמש בימי ועל דה משם עשת
34 ...שדק ואנ...

קריתים, עטרות, קריות, נבו, יהץ, בית־במות, ערוער, בצר, בית־דבלתים, חורונים). און גלייכצייטיג אין תנ"ך און נאך איינינגע וואס ווערען בענעגענט בלויז אין תנ"ך — איז קלאר, אז דאס לאנד פון מואב איז דאמאלס געווען שטארק קולטיווירט און גע־דיכט בעוואוינט; וועהרענד היינט געפינען זיך דא נאר די חורבות פון די אלטע שטעדט, און דאס לאנד איז כמעט פוסט און ניט בעארבייט. מואב, וואס איז געווען אין בלום און שפראך זעהר נאהענט צו אידען, איז פערשוואונדען אין דער צייט פון בית־שני. קיר מואב אדער כרכא דמואב ווערט א לאנגע צייט ניט דערמאהנט*). ווען די נוסעי הצלב זיינען געקומען אין א"י האבען זיי געפונען כרך א צושטערטע און א פער־לאזענע. פולקא, דער קריסטליכער קעניג, האט דא אין 1136 געלאזט אויסבויען א מעכטיגע פעסטונג, און א סך איינוואוינער האבען זיך דא בעזעצט. אבו־ל־פידא אין 14־טען יאהר־הונדערט לויבט די פעסטונג פון כרך אלס איינע פון די שטארקסטע און אונצוגענגליכסטע אין גאנץ סוריה. צוליעב איהר בעפעסטיגטע פאזיציע איז כרך געווען זעהר אפט דער שטרייט־פונקט צווישען די פערשידענע הערשער און עראבע־רער. טראץ דעם האט זיך די שטאדט געפונען אין א בליהענדען צושטאנד, און ארום איהר זיינען געווען צאהלרייכע גערטנער מיט אויסגעצייכענטע פרוכטען.

בעדואינישע הערשאפט.

נאך דעם ווי א"י איז אונטערגעפאלען דער טערקישער הערשאפט (1517), האט כרך אנגעהויבען צו זינקען. די טערקישע רעגיערונג האט דא געהאט א קנאפע דעה, און די אמת'ע בעלי־בתים פון „לאנד פון מואב" זיינען געווארען די בעדואינער. כרך איז לענגער ווי אלע אנדערע טיילען פון עבר הירדן געבליבען אונאבהענגיג. אין 18־טען יאהר־הונדערט האט זיך כרך געפונען אונטער דער הערשאפט פון בעדואינישען שבט בני־אמר, וואס זיינען געזעסען אין געצעלטען ארום דער שטאדט און האבען ארויפגעלעגט שווערע שטייערען אויף איהרע איינוואוינער, ביז דער שייך פון כרך האט זיך פעראייניגט מיט א בעדואינישען שבט האווייטאט פון זיד א"י (דאס אמאליגע אדום) און האט מיט זיין הילף בעפרייט די שטאדט פון דעם יאך פון די בני־אמר. די פערטריבענע בני־אמר האבען יאהרען לאנג ארומגעוואנדערט ארום די ברעגעס פון ים המלח, אבער די איבערפעלע פון זייערע אלטע פיינד, די בעדואינער פון שבט טעראביז, האבען זיי געצוואונגען צוריקצוקעהרען זיך אין אנהויב פון 19־טען יאהר־הונדערט צו כרך און איבערגעבען זיך אין די הענט פון שייך פון שטאדט, וואס זיי האבען פריהער בעהערשט. דער שייך פון כרך האט זיי אויפגענומען מיט'ן תנאי. זיי זאלען זיך אין גאנצען אונטערווארפען זיין ממשלה, און מיט זייער הילף האט די שטאדט אנגעווארפען א פחד אויף די איבעריגע בעדואינישע שכנות'דיגע שבטים, און דערמיט האט כרך פערזיכערט איהר פאלקאמענע זעלבסטשטענדיגקייט, און איהר איינ־פלום אין דעם גאנצען געגענד פון דער ־בעלקא האט זיך שטארק פערגרעסערט.

אונאבהענגיג־קייט פון כרך.

דער אויפשטאנד פון די וואהאביסטען (א נייע מוסלימישע סעקטע, וואס האט אנגעפיהרט א קאמפף געגען דער טערקישער הערשאפט און דעם אפיציעלען איסלאם, עהנליך צו דעם קאמפף, וואס די רעפארמאציע האט אין 16־טען יאהר־הונדערט אנ־געפיהרט געגען דעם רוימישען פויפסט און אפיציעלען קאטאליציזם) האט גאנץ אראב־ביען און זיד א"י געבראכט אונטער דער הערשאפט פון די נייע מוסלימיש־פראטעס־טאנטישע סעקטע און כרך האט זיך נאמינעל אויך גערעכענט פאר א וואהאביסטישע

*) אין חשמונאים ב' (י"ב 17) ווערט דערצעהלט אז יהודה המכבי איז געקומען אין א שטאדט כ א ר א ק א, וואו די אידען האבען זיך גערופען טוביים. דאס איז פיליכט כרך.

פראווינץ (1808). פאקטיש אבער זיינען די כרכ'ער געבליבען אונאבהענגיג אויף פון דער נייער אראבישער רעגיערונג, פונקט ווי זיי זיינען פריהער געווען פריי פון דער טערקישער. ווען די שטייער־אויפמאהנער פון מדינה (די רעזידענץ פון וואהאבים־טישען אנפיהרער אבן סעיד) זיינען געקומען אין כרך, האבען זיי געקראגען א גאנץ פריינדליכע אויפנאהמע, זיי האבען אבער געמוזט אוועקגעהן מיט ליידיגע הענט. די איינוואוינער פון כרך האבען קיינעם קיין שטייערען ניט געצאהלט, אין גענענטייל, זיי האבען ארויפגעלעגט שטייערען אויף די קליינע ארומיגע בעדואינישע שבטים און פלאחין, וואס האבען בעארבייט די ברעגעס פון ים המלח.

אפילו מחמד עלי און איברהים פאשא פון מצרים, וואס האבען בעזיעגט די וואהאביסטען און ערֺאבערט א"י און סוריה און מיט אן אייזערנע האנד געוועלטיגט אין לאנד ארום 8 יאהר, זיינען ניט געווען ביכלת אונטערצודריקען די זעלבסטשטענ־דיגקייט פון כרך. הגם א מצרי'שער גארניזאן האט א געוויסע צייט פערנומען די פעס־טונג פון כרך און איברהים האט צושטערט א טייל פון כרך'ס מויערען.

נאך דעם אוועקגעהן פון איברהים פאשא אין 1840 איז כרך נאמינעל ווידער אמאל אונטערגעפאלען דער טערקיי; די איינוואוינער האבען אבער נאך א לאנגע צייט ניט געוואלט אנערקענען דעם אויטאריטעט פון די קאנסטאנטינאפאלער רעגיערונג. אין 1893 האט די טערקישע רעגיערונג געשיקט א גרויסע ארמעע געגען כרך. און ערשט דאן האבען די איינוואוינער פון דער פעסטונג־שטאדט זיך אונטערגעגעבען. די רע־גיערונג האט געמאכט כרך פאר'ן צענטר פון א נייעם סאנדזשאק אין דמשק'ער ווילא־יעט און האט דא אוועקגעזעצט א מוטעסאריף (גובערנאטאר). אין דעם נייעם סאנ־דזשאק איז איינגעשלאסען געווארען דער גאנצער דרום טייל פון עבר־הירדן, פון טייך יבוק ביז'ן גאלף פון עקבה — דאס אמאליגע לאנד פון גד, ראובן, מואב און אדום. דער הויפט צוועק פון שאפען א נייעם סאנדזשאק איז געווען צו בעפעסטיגען די טער־קישע מאכט צווישען די מאדערנע איינוואוינער פון מואב. מיט דער הילף פון דער חעדזשאז־באהן איז ענדליך געלונגען די רעגיערונג צו צווינגען די פרייע קינדער פון מדבר אונטערצוואארפען זיך איהר אויטאריטעט.

דער לעצטער אויפשטאנד פון כרך אין 1910 האט זיך געענדיגט מיט א פאל־שטענדיגען זיעג פון דער רעגיערונג.

ווען מ'האט געבויט די באהן, האט די רעגיערונג געצאהלט א יעהרליכען געהאלט די בעדואינישע שייכען, זיי זאלען ניט שטערען די דורכפיהרונג פון נייעם וועג. ווען די באהן איז טיילוויז פערענדיגט געווארען, האט די רעגיערונג זיך שוין געפיהלט גענוג שטארק ניט צו צאהלען מעהר קיין געהאלט. דאס האט נאטירליך שטארק אויפ־גערעגט די בעדואינער. די רעגיערונג האט דאן בעשלאסען זיי צו ענטוואפענען מיט געוואלד (1910). דער מוטעסאריף פון כרך האט צוזאמענגערופען אלע שייכען פון כרכ'ער געגענד און פערלאנגט, זייערע שבטים זאלען איבערגעבען זייער געוועהר צו דער רעגיערונג. אין א שארפען דיספוט האט איינער פון די שייכען געצויגען זיין שווערד אויפ'ן מוטעסאריף. אבער דער לעצטער האט איהם גלייך דערשאסען מיט זיין רעוואלווער. דאס האט באלד ארויסגערופען אן אויפשטאנד. א גרויסע ארמעע פון בעדואינער זיינען בעפאלען די רעגיערונגס בעאמטע אין כרך און פיעלע אויסגע־הרג'עט. דער פאשא מיט א ביסעל מיליטער האבען זיך צוריקגעצויגען אין די פעס־טונג, און די גאנצע שטאדט איז אריינגעפאלען אין די הענט פון די רעוואלטירענדע בעדואינער. אלע רעגיערונגס־געביידען זיינען צושטערט געווארען און מחנות בע־

אויפשטאנד אין 1910.

דואינער האָבען זיך פערשפרייט אין גאַנצען געגענד און חרב געמאַכט די טעלעגראַ־פען און אייזענבאהנען סטאַנציאָנען אויף א גרויסען שטח פון עבר הירדן און איבעראַל אויסגע׳הרג׳עט די טערקישע בעאַמטע און סאָלדאַטען. צו די בעדואינער זיינען צוגעשטאַנען די אַנטלאָפענע דרוזען, וואָס האָבען מיט א קורצע צייט צוריק געמאַכט אַן אויפשטאַנד אין חורן. א שרעק איז אָנגעפאַלען אויפ׳ן גאַנצען לאַנד, און מ׳האָט מורא געהאַט, אז די רעוואָלטירענדע זאָלען ניט אריבערגעהן דעם ירדן און אָנ־פאַלען אויך אויף חברון, עזה, באר שבע אין מערב א״י. באַלד אָבער האָט די רע־גיערונג געשיקט א גרויסע אַרמעע פון דמשק און ירושלים. סעמי פאַשא, וואָס האָט אונטערגעדריקט דעם דרוזישען אויפשטאַנד, איז אַן דער שפּיצע פון אַן אַרמעע פון 20.000 מאַן אָנגעקומען מיט דער באַהן קיין קעטראַנע, און פון דאָרט אין כרך. די בעדואינישע מחנות האָבען זיך גלייך צושפּרייט און אַנטלאָפען אין מדבר. דער פאַשאַ פון כרך, וואָס איז 10 טעג געווען פערשפּאַרט אין פעסטונג, איז ארויס מיט זיין מילי־טער, און דער געגענד האָט זיך איינגעשטילט.

ווען דער בעריהמטער רייזענדער בורקהאַרדט האָט בעזוכט כרך (1812), האָבען זיך דאָרט געפונען ארום 550 פאַמיליען, 400 מוסלימישע, 150 קריסטליכע. (דער אַמעריקאַנער ליגטש האָט געפונען דאָ אין 1848 נאָר 300 פאַמיליעס, דאָס רוב קריס־טען). די דאָזיגע בעפעלקערונג איז מייסטענס בעשטאַנען פון אויסוואַנדערער פון מערב א״י — מוסלימער פון די בערג פון שכם און חברון און קריסטען פון ירושלם און בית לחם. די הויפּט בעשעפטיגונג איז געווען פיה־צוכט, אַקערבוי און האַנדעל. די בעפעלקערונג, הגם בעשטענדיגע איינוואוינער פון שטאָדט, האָבען אין אַלעם — אין שפּראַך, קליידונג און זיטען — אויסגעזעהן ווי בעדואינער. ווי די לעצטע זיינען זיי געווען צוטיילט אין קלענערע שבטים אָדער קלאַנען — אין אַראַביש: חמולה — מיט א שייך אַן דער שפּיצע. דער דאָזיגער בעדואינישער כאַראַקטער פון כרך איז פער־בליבען ביז היינט. אויך איצט בעשעפטיגט זיך די בעפעלקערונג הויפּטזעכליך מיט פיה־צוכט און פעלד־ארבייט. דער האַנדעל פון שטאָדט ווערט געפיהרט מיט חברון און ירושלם און מיט בעדואינישע שבטים פון דער בעלקאַ.

די מעהרסטע קריסטליכע איינוואוינער פון כרך (ארום 1.500 מאַן) האָבען פער־לאָזען אין 1880 די שטאָדט און בעזעצט זיך אין מירבאַ. איצט איז כמעט די גאַנצע בעפעלקערונג — ארום 10.000 מאַן — א מוסלימישע.

די אומגעבונג פון כרך איז, א חוץ דעם פערוויסטעט נגב, די אם וועניגסטען בעפעלקערטע געגענד פון א״י. דער שטח פון כרך׳ער סאַנדזשאַק איז לויט קינע 20.000 קילאָמעטער. לויט די אָפיציעלע אָנגאַבען פון 1915 זיצען דאָ אין גאַנצען ארום 70.000 נפשות, די גרעסטע טייל בעדואינער, וואָס בעשעפטיגען זיך הויפּטזעכ־ליך מיט פאַשע. די צאָהל פון בעשטענדיגע ישובים איז זעהר קליין. אין די קאַדאַ פון כרך זיינען פאַרהאַן אין גאַנצען פינף דערפער, און אין גאַנצען סאַנדזשאַק — 30.

דיזער געגענד מאַכט איצט ביי זיין שיטערער און האַלב־ווילדער בעפעלקערונג אַן איינדרוק פון א מדבר. אין דער ווירקליכקייט איז ער פון דער נאַטור בעשאַנקען געוואָרען מיט א הויכער פּראָדוקטיווער קראַפט, און דורך געניגענדע און ראַציאָנעלע ארבייט וואָלט ער לייכט געקאָנט געבראַכט ווערען צו א בליהענדען צושטאַנד. די קול־טורען פון אלע לענדער און אלע קלימאַטען קאָנען זיך דאָ ענטוויקלען און טראָגען פרוכט. אין טאַל, נעבען דעם ירדן און ים־המלח, וואָס איז דער טיפסטער אָרט אין דער וועלט (ארום 1.300 פוס אונטער דער אויבערפלעכע פון ים) איז דער קלימאַט

א הייסער, א סוב־טראָפּישער ווי אין מצרים. דאגעגען די עבענע פון מואב ליגט 4000 פוס איבער די הויך פון ים, אָדער 5000 פוס איבער דעם ירדן־טאָל. דער רעזולטאט דערפון איז, אז דאָ איז מעגליך צו דערגרייכען אזא פערשיעדענארטיגקייט פון אג־ריקולטורעלע פּראָדוקטען ווי אין קיין אנדער אָרט אויף דער וועלט ביי אזא בע־שרענקטען שטח. אין טאָל קאָן מען קולטיווירען קאטאָן, צוקער־רוירען, רייז, קאפע, באמבוק, אינדיגא, פּאלמען. עטוואָס העכער איז דאָס לאנד צוגעפּאסט צו דער קול־טור פון טאבאק, מאיז, פלאקס, סעזאם, אראנזשען, גראנאטען, פייגען. נאָך העכער אין דער עבענע, וואקסען ווייץ, גערשט, לינזען, טרויבען, אָליווען, זייד, אבריקאָסען, מאנדלען און אנדערע פרוכטען.

די צאָהלרייכע חורבות און רעשטען פון גרויסארטיגע געביידען, פּאלאצען, טעמפּ־לען און גאנצע שטעדט וועלכע מ'געפינט נאָך איצט אין פערשיעדענע טיילען פון



בילד 54.

א פערצייטיגע ציסטערנע אין זיזא וואָס האלט 138,000 קוואדראט פוס.

כרך'ער סאנדזשאק — אין ג'רש (דזשעראש), סלע (פּעטרא), רבת־עמון, ערק־אל־אמיר, משיתא און אנדערע ערטער — זאָגען עדות אויף דער הויכער קולטור און גע־דיכטער בעפעלקערונג פון אמאָליגע צייטען. בעזונדערס אינטערעסאנט זיינען די גרויסע ברכות (ציסטערנעס) וואָס זיינען פערבליבען פון אמאָל. די דאָזיגע וואסער־באסיינען זיינען אויסגעהאקט אין פעלזען אָנצוזאמלען די רעגען וואסער, און האָבען געדיענט פריהער פאר איריגאנציאָנס־צוועקען. נעבען זיזא געפינט זיך די גראנ־דיעזע ציסטערנע וואָס האלט 420 פוס אין דער לענג און 330 פוס אין דער ברייט און ענטהאלט 70.000 קוביק מעטר וואסער, א צווייטער באסיין נעבען קאטראנע ענטהאלט 36.000 קוביק מעטער. קלענערע ציסטערנעס זיינען פארשפּרייט אין מיס־בייטא, אוב־ראסאס, מידבא און אנדערע ערטער.

עס איז כאראקטעריסטיש וואס אפילו איינע פון די הונדערטער ציסטערנעס, וואס זיינען פערשפרייט אין זידליכען עבר הירדן, איז ניט געמאכט געווארען פון די איצטיגע איינוואוינער פון לאנד. די האלב־ווילדע בעדואינער פערשטעהען זאגאר ניט דעם גרויסען ווערטה פון די דאזיגע איריגאציאנס־מיטלען, א דאנק וועלכע דאס לאנד איז געווען פריהער אזוי פרוכטבאר און רייך, און קאנען זיך מיט זיי ניט בענוצען. פיעלע פון די באסיינען ווערען דעריבער רואינירט. עס פאדערט זיך אבער ניט קיין סך מיה צוריקצובערענגען די גרויסע וואסער־רעזערוואארען אין א נוצליכען צושטאנד, און צו בעוואסערען מיט זיי די גרויסע שטרעקעס אונבעארבייטעטע באדענס פון מואב און גלעד, און דערמיט ווידער בעשאפען דעם פריהערדיגען וואוילשטאנד און געדיכטען ישוב, אויף וועלכען עס צייגען די גרויסארטיגע רואינעס פון די פיעלפאכע שטעדט.

א גרויסע בעדייטונג פאר דער עקאנאמישער צוקונפט פון „לאנד פון מואב“ האבען די אונערשעפליכע אוצרות פון כעמישע און מינעראלאגישע רייכטימער פון ים המלח, וואס זיינען ביז איצט כמעט נאך ניט בעריהרט געווארען. צוזאמען מיט די רייכע פאספאט גרובען וואס זיינען לעצטענס ענטדעקט געווארען אין דער אומגעגענד פון סאלט און די נאפט־קוואלען פון גלעד אין דער נאהענטקייט פון ים המלח, ווי אויך די הייסע הייל־בעדער און שוועבעל־קוואלען פון זערקא־מעין אדער קאליראהי, די בעדער וואס זיינען געווען בעריהמט אין דער גאנצער רוימישער אימפעריע — שאפען זיי א מעגליכקייט פאר דער ענטוויקלונג פון גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען און דעם איפשוואונג פון א שטאדטישען ישוב, וואס וועט אהן צווייפעל איבערשטייגען אפילו דעם ישוב פון די בליהענדסטע צייטען אין דער פערגאנגענהייט פון לאנד.

די אייזענבאהן שניידט איצט דורך די גאנצע לענג פון עבר הירדן, און איז פערבונדען מיט די צוויי הויפט־פארטען פון לאנד — חיפה און יפו. פון מ ע ן — דער ווייטסטער פונקט אין זידליכען עבר־הירדן, פון וואנען די חעדזשאז־באהן געהט אוועק אין מדינה — ביז'ן גאלף פון עקבה איז אינגאנצען 125 קילאמעטער, און ביי דער דורכפיהרונג פון א נייעם צווייג איבער דיזען פערהעלטניסמעסיג קליינעם שטח ביז עקבה, — בעקומט דער עבר־הירדן א דירעקטען אויסגאנג דורכ'ן ים צום אינדישען אקעאן, ווי אין שלמה'ס צייטען. וואסערע גלענצענדע פערספעקטיווען דאס וועט עפענען פאר'ן לאנד — איז זיך איצט אפילו שווער פארצושטעלען.

אונאויפהערליכע מלחמות, פּאָליטישע אנארכיע און די הערשאפט פון די קולטור־פיינדליכע בעדואינער האָבען פערוויסטעט די רייכע פּראָווינץ און פערניכ־טעט די גרויסע שטעדט פון עבר הירדן. איצט האָט זיך די קאָנטראָל פון דער רע־גיערונג דאָ פערשטארקט, די שליטה פון די בעדואינער איז שוין כמעט אָבגעשאפט, די זיכערהייט איז שוין ניט פיעל וויינינער ווי אין מערב א״י — און די הויפּט־זאַך וואס פעהלט פאר דער אויפלעבונג פון דעם נאָך אלץ האלב-ווילדען געגענד — איז א קולטורעלער עלעמענט, וואס זאָל זיין אומשטאנד צו פערווירקליכען די עקאָנאָמישע מעגליכקייטען, וואס זיינען דאָ פערבאָרגען. געוויס קאָן מען דאס ניט ערווארטען פון די וואנדערענדע איינוואוינער, פון די האלב ווילדע בעדואינער. די מעהר פער־שטענדליכע בעדואינישע אנפיהרער פערשטעהען שוין אליין, אז דאס לאנד שטעהט פאר גרויסע ענדערונגען, בעזונדערס זייט די אייזענבאהן איז דאָ דורכגעפיהרט געוואָרען, און זיי קאָנען שוין מעהר ניט בלייבען די הערשער פון מדבר — ווייל די מדבר איז גרייט צוריק פערוואנדעלט צו ווערען אין א קולטור־לאנד.

דער דייטשער אינזשענער און פּאַלעסטינא־פּאָרשער גאָטליב שומאכער, וועלכען די טערקישע רעגיערונג האָט געשיקט אין עבר הירדן צו מאכען די נויטיגע פּאָרבע־רייטונגען פאר דער דורכפיהרונג פון דער אייזענבאהן דערצעהלט וועגען א שמועס, וואס ער האָט געהאט מיט דעם הויפּט־שייך פון וליד־עלי פון שבט ענזה, דער מעכ־טיגסטער שבט צווישען די בעדואינער פון עבר־הירדן, מכח די געפּלאנעוועטע איי־זענבאהן.

„איך זעה זעהר גוט — האָט געזאגט מוחמד אבן א־סמייר, דער שייך פון וליד־עלי. וועלכען די בעדואינער רופען „סולטאן אל־באר״ (סולטאן פון לאנד), — אז מיט דעם גרויסען אייזען־וועג וועלען מיר ניט קאָנען בלייבען אין חורן. אָבער מיר ווייסען, אז דאס לאנד וועט זאָ־ווי־זאָ ניט בלייבען אונזערס אויף אייביג, ווארום מיר האָבען געהערט, אז די קינדער פון די יענינע וועמענס ביינער ליגען אונטער די רואינעס פון לאנד, זיינען גרייט צו קומען צוריק, אום ווידעראויפצובויען איהרע שטעדט, אזוי ווי זיי זיינען געווען אין די צייטען פון זייערע אורעלטערען״...

## ביבליאגראפיע צו דער פינפטער אבטיילונג, ערשטער קאפיטעל.

### אלגעמיינעם.

תבואות הארץ מאת הרב יוסף שווארץ. ירושלם, תר"ס.
כפתור ופרח מאת ר' אשתורי הפרחי. הוצאת לונץ, ירושלם, תרנ"ט.
הארץ מאת א. ספיר (הוצאת „קהלת") יפו א"י, ה' תרע"א.
לוח ארץ ישראל הוצאת א. מ. לונץ, ירושלם תרע"ו-תרע"ד.

سالنامهء ولايۀ بيروت ١٣٢٦

علی جواد . ممالك عثمانيه نك تاريخ وجغرافيا لغاتی در سعادت ١٣١٣

Carl Ritter: Vergleichende Erdkunde der Sinai-Halbinsel, von Palaestina und Syrien. 4Bde. Berlin. 1848-55.
C. R. Conder: Tent Work in Palestine. 2 vol. London. 1878.
Memoirs of the Survey of Western Palestine. Vol. 1, 1881. Vol. 2, 1882. Vol. 3, 1884.
W. Thomson: The Land and the Book. 3 vol. Hartford, Conn. 1907.
H. S. Osborn: Palestine, Past and Present. 1859.
A. P. Stanley: Sinai and Palestine. 1889.
H. B. Tristram: Land of Israel. London. 1866.
H. B. Tristram: Land of Moab. 1873.
H .Stebbig: The Christians in Palestine.
V. Guerin: Description geographique, historique et archeolgigue de la Pal. 7 vol. Paris. 1868-1880.
Laurence Oliphant: The Land of Gilead. New York. 1881.
Laurence Oliphant: Haifa or Life in Modern Palestine. New York. 1887.
E. H .Palmer: Desert of the Exodus. 1872.
Selah Merrill: East of the Jordan. New York. 1881.
M. Lorter: La Syrie d'Aujourd'hui. Paris. 1884.
Vital Cuinet: Syrie, Liban et Palestine. Paris. 1896-1901.
C. Geike: The Holy Land and the Bible. 2 vol. New York.
Karl Baedeker: Palestine and Syria. Leipzig. 1912.
Herman Guthe: Palaestina. Leipzig. 1908.
G. E. Post: Essays on the Sects and Nationalities of Syria and Palestine. Q. S. P. E. F. 1890, p. 98.
D. Tritsch: Palaestina Handbuch. 1912.
M. K. T. Khairallah: La Syrie. (Revue du Mond Musulman, vol. 19. 1912.)
Nadra Moutran: La Syrie de demain. Paris. 1916.

### געשיכטליכעם:

כתובים אחרונים, מועתקים מיונית ע"י רי"ז פרנקל.
משא ארץ ישראל ע"פ חכמי המשנה והתלמוד ליוסף דרנבורג, תרגום מבש"ז. תרנ"ו.
דברי ימי ישראל מאת צבי גראטץ, מתורגם עברית מאת

שאול פנחס ראבינאוויטץ, תשעה חלקים, ווארשו תרנא־תרס"ט.
דור דור ודורשיו מאת א. ה. ווייס.
דברי ימי ישראל בתוגרמה מאת אברהם רוזאנוס ג' חלקים הוסיאטין.
שלשת בעלי המסעות לבית ישראל (אלדד הדני. ר' בנימין מטודילא ור' פתחיה מרעגענסבורג) מאת פ. מרגלין. ס"ט פטרבורג, תרמ"א.
מסע לא"י מאת ר' משולם בן מנחם מוולטירא בשנת ה' רמ"א (ירושלם", כרך א').

A. H. Sayce: Patriarchal Palestine. 1895.
L. B. Paton: The Early History of Syria and Palestine. 1901.
C. R. Conder: The Tell-Amarna Tablets. London. 1893.
W. M. Petrie: Syria and Egypt from the Tell-el-Amarna lettres. New York. 1898.
Records of the Past,being English translation of the Assyrian and Egyptian monuments, published under the sanction of the Society of Biblical Archaeology. 11 vol.
E. Robinson: Biblical Researches in Palestine. 3 vol. Boston. 1856.
H. Reland: Palaestina ex monumentis veteribus illustrata. 1714.
F. Buhl: Geographie des Alten Palaest. 1896.
G. A. Smith: The Historical Geography of the Holy Land. 17th Edition.
H. O. Harper: The Bible and Modern Discoveries. 1891.
The Works of Flavius Josephus, by Whiston. 1891.
J. A. Montgomery: The Samaritans, Philadelphia. 1907.
C. R. Conder: The Latin Kingdom of Jerusalem. London. 1897.
Adolph Neubauer: Le Geographie du Talmud. Paris. 1868.
Description of Syria including Palestine by Mukaddasi. Translated by Guy le Strange. 1892. P. P. T. S.
Dr. G. Hoelscher: Die Geschichte der Juden in Pal. seit dem Jahre 70 nach Chr. Leipzig. 1909.
Guy le Strange: Palestine under the Moslems. 1890.
Das Gaonat in Pal. The Jewish Quarterly Review, vol. XV.
T. Wright: Early Travels in Palestine. 1848. Contests:
The Travels of Bishop Arculf.......... 700
The Travels of Willibald..........721-727
The Voyage of Bernard the Wise.......... 867
The Travels of Seawulf..........1102-1103
The Saga of Sigurd the Crusader..........1107-1111
The Travels of Rabbi Benjamin of Tudela..........1160-1173
The Book of Sir John Maundeville..........1322-1356
The Travels of Bertrandon de la Broquiere..........1432-1433
The Journey of Henry Maundeville..........1697
Intineraires de la Terre Sainte des XIII, XIV, XV, XVI et XVII siecles. Traduis de l'Hebreu par E. Carmoly. Bruxelles. 1847. הליכות א"י.
אינהאלט: ספר הכוזרים. מסע דפלסטיני מאת שמואל בר שמשון (1210), סימני הקברים מאת יעקב דפרים (1253), שבילי דירושלם מאת ר' יצחק חילו (1334), אהבת ציון מאת אליהו דפיראדה (1438), יחוס הצדיקים מאת גרשון דסקארמולה (1561), יחוס האבות מאת אורי דקיעל (1564), מסעות של שלמה יעמסל (1641).

L. d'Arvieux: Voyage dans la Palestine (1658-65). Paris. 1717.
C. F. Volney: Voyage en Egypte et en Syrie pendant les annees 1783, 1784 et 1785. Paris. 1787.
Travels of Lady Hester Stanhope. 3 vol. 1846.
J. L. Burckhardt: Travels in Syria. London. 1822.
Narrative of a Mission of Inquiry to the Jews in 1939. 2 vol. Edinburgh. 1848.
J. Wilson: The Lands of the Bible. Edinburgh. 1847.
Diaries of Sir Moses and Lady Montefiore. Edited by Dr. L. Loewe in 2 vol. London. 1890.
L .A. Frankel: Nach Jerusalem. Leipzig. 1858.
S. Munk: Palestine. Paris. 1843.
The City and the Land. 1892. P. E. F.

## ווירטשאפטליכעס.

Dr. A. Ruppin: Syria als Wirtschaftsgebiet. Berlin. 1917.
P. Palmer: Das jetzige Bethlehem. Z. D. P. V. XVII. 1894.
Das jetzige Nazareth von G. Schumacher. Z. D. P. V. XIII. 1890. s. 235.
G. Schumacher: Es-Salt. (Z. D. P. V. XVIII. 1895.)
A. Aaronson, Dr. S .Soskin: Die Rosinenstadt Es-Salt. (Altneuland. 1904. s. 13.)
Ph. G. Baldensperger: The Immovable East. Q. S. P. E. F. 1903.
G. Schumacher: Population of Akka. Q. S. P. E. F. 1887.
D. Tritsch: Die Industrien Palaestinas. (Palaestina. 1907. s. 149.)
Curt Nawratzki: Die Judische Kolonisation Palaestinas. Munchen. 1914.
G. Gatt: Industrielles aus Gaza. Z. D. P. V. VIII. 1885.
N. Wilbuschewitch: Die Muehlenindustrie in Palaestina. (Altneuland. 1904. s. 353.)
Die Verkehrswege Palaestinas, von A. Aaronson und Dr.S. Soskin. (Pal. II. 1903. s. 7.)
Ernest Weakly: Report upon the Conditions and Prospects of British Trade with Syria. London. 1911.
Annual Series Diplomatic and Consular Reports on the Trade of the District of Jerusalem for the years 1885-1913;of the District of Syria (Beirut) for the years 1893-1913; of Damascus for the years 1901-1911.
Monthly Consular and Trade Reports. Washington. 1907. July. No. 322.
Berichte ueber Handel und Industrie. Band XIII. Berlin. 19 November, 1909. Heft. 6.
Handel und wirtschaftliche Verhaeltnisse im Bezirk des Kaiserl. Konsulats von Jerusalem. s. 226.
Deutsches Handels Archiv. Berlin. 1914:
Schiffahrrsbericht des Kais. Vizekonsuls fuer das Jahr 1913. Haifa. s.. 757.
H. A.: 1913. s. 798. Jaffa Handelsbericht des Kais. Vizekons. fuer 1912.
H. A. 1903. s. 855: Jaffa Handelsbericht fuer das Jahr 1902.
H. A.: 1905. Haifa. s. 889.
1906. Jaffa. s. 789.
1906. Jaffa. s. 1198.

צווייטער קאַפּיטעל.

# לאַנדווירטשאַפטליכער ישוב.

די פלאחין (פעלאַכין). זייער געשיכטע און סאָציאַל־עקאָנאָמישע פערהעלטניסע.

## א. דאָרפישע בעפעלקערונג.

ארץ ישראל איז אַן אַגריקולטורעלעס לאַנד. ניט װעניגער פון 70 פּראָצענט פון גאַנצען ישוב בעשעפטיגט זיך מיט לאַנדווירטשאַפט — ערד־אַרבייט און פיה־צופט. בערך אַ זיבעטעל פון זיי — קנאַפּע 100.000, װאוינען אין די שטעדט און בילדען 25 פּראָצענט פון שטאָדטישען ישוב. אַנ'אַנדער זיבעטעל בעשטעהט פון װאַנדערנדע געצעלט־איינוואוינער, בעדואינער. זיי בעשעפטיגען זיך הויפּטזעכליך מיט פיהצוכט, און נאָר אין זעהר אַ קליינער מאָס מיט ערדאַרבייט. די איבעריגע פינף זיבטעל — ד. ה. די גרעסטע העלפט פון דעם גאַנצען ישוב אין ארץ ישראל — זיינען דאָס די אייגענטליכע אַקערבויערישע אָדער דאָרפישע בעפעלקערונג, די אַזוי־גערופענע פלאחין (פעלאַכין).

(פלאחין איז דער רבים פון פלאח, װאָס בעדייטעט אין אַראַביש אַקערבויער, פון שורש פלח — אַקערען).

אין ארץ ישראל זיינען ניט פאַרהאַן קיין איינצעלנע איזאָלירטע פאַרמס, װי צום ביישפּיעל אין אַמעריקאַ. די פּויערים װאוינען צוזאַמען אין דערפער, אין קלענערע און גרעסערע געמיינדעס, דורכשניטליך צו 400 נפשות אין אַ דאָרף. אייניגע דערפער (װי תרשיחא און גליל העליון, לוביה און כפר כנא אין גליל התחתון, בית דג'ן, מגדל אין יהודה, סלפית, ג'מעין אין שומרון און נאָך אייניגע), צעהלען גאָר פון 2000 ביז 3000 איינוואוינער.

סטאַטיסטיק פון דערפער און לאַנדווירטשאַפטליכע בעפעלקערונג.

בערך צוויי דריטעל פון דער לאַנדווירטשאַפטליכער בעפעלקערונג געפינט זיך אין מערב ארץ ישראל און איין דריטעל — אין עבר הירדן. די צאָהל דערפער אין ביידע טיילען לאַנד איז עטוואָס מעהר פאַר 1300, פון זיי 850 אין מערב זייט פון ירדן, די איבריגע אין מזרח זייט. די פאָלגענדע ליסטע צייגט די צאָהל דערפער און זייערע איינוואוינער אין איטליכער קאַדאַ פון ביידע זייטען ירדן. ביים צוזאַמענשטעלען די ליסטע האָבען מיר געהאַט פאַר זיך (רעכענענדיג בלויז די וויכטיגסטע קוועלען) די אָפיציעלע אַנגאַבען פון „סאַלנאַמעי־דעוולעטי־אַליע“ (אָפיציעל טערקישער יאָהר־בוך), פון סאַלנאַמע (יאָהרבוך) פון דמשק'ער ווילאַיעט, װאָס ענטהאַלט אַנ'אויספיהרליכע רשימה פון אַלע דערפער אין עבר הירדן, האַרטמאַנ'ס ליסטע פון אַלע דערפער אין ירושלים'ער סאַנדזשאַק פון 1871, אַנ'אָפיציעלע רשימה פון אַלע דערפער פון שכמ'ער סאַנדזשאַק, אינזשעניער שומאַכער'ס דעטאַלירטע סטאַטיסטיק פון יעדען איינצעלנעם אָרט אין עכו'ר סאַנדזשאַק (אין 1886), די אָפיציעלע אַנגאַבען פון סאַלנאַמע פון בירות'ער ווילאַיעט (אין 1910), אינזשעניער שומאַכער'ס סטאַטיסטישע מאַטעריאַלען פון גולן, בשן, גלעד (עגלון) און די אויספאָרשונגען פון „פּאַלעסטיין עקספּלאָריישאָן פאָנד“, װאָס האָט בעשריבען יעדעס דאָרף אין מערב א"י.

די פאָלגענדע רשימה איז פּינקטליך ווי מעגליך אויף וויפיעל דאָס איז נוגע די צאָהל דערפער, וואָס אנבעלאַנגט אָבער די דאָרפישע בעפעלקערונג איז אזא פּינקטליכקייט נאטירליך אויסגעשלאָסען. די ציפערען זיינען געשטיצט אויף פערשיעדענע סטאטיסטישע אנגאבען פון 1895 ביז 1910.

## א. מערב ארץ ישראל

| קאדא | דערפער | איינוואוינער |
|---|---|---|
| יפו — — — — — | 55 | 30.000 |
| ירושלים — — — | 116 | 45.000 |
| עזה — — — — — | 60 | 40.000 |
| חברון — — — — — | 55 | 28.000 |
| ס"ה אין ירושלם'ער סאנדזשאק — — | 286 | 143.000 |
| שכם — — — — — | 82 | 46.000 |
| ג'נין (עין נגב) — | 87 | 37.000 |
| בני־צעב — — — | 59 | 30.000 |
| ס"ה אין שכם'ער — סאנדזשאק — — | 228 | 113.000 |
| עכו — — — — — | 53 | 25.000 |
| חיפה — — — — — | 43 | 15.000 |
| נצרת — — — — — | 23 | 8.000 |
| טבריה — — — — | 17 | 6.000 |
| צפת — — — — — | 34 | 12.000 |
| ס"ה אין עכו'ער — סאנדזשאק — — | 170 | 66.000 |
| צור — — — — — | 121 | 31.000 |
| מרג עיון — — — | 45 | 25.000 |
| ס"ה אין בירות'ער סאנדזשאק— — | 170 | 56.000 |
| ס"ה אין מערב א"י | 850 | 378.000 |

## ב. עבר הירדן.

| קאדא | דערפער | איינוואוינער |
|---|---|---|
| חצביה — — — — | 18 | 8.000 |
| קנייטרה (גולן) — | 53 | 25.000 |
| וואדי אלעג'ם — — — | 74 | ——— |
| שייך סעד — — — — | 51 | 22.000 |
| אדרעי — — — — | 31 | 15.000 |
| בצר אל חריר — | 34 | 14.000 |
| עג'לון — — — — — | 105 | 37.000 |
| ג'בל דרוז — — — — | 95 | 20.000 |
| כרכ'ער סאנדזשאק | 31 | 20.000 |
| ס"ה אין עבר הירדן | 492 | 161.000 |

צוזאמען אלזא 1342 דערפער מיט בערך 540.000 איינוואוינער.

די דאָרפישע ישובים זיינען ניט פאַנאַנדערגעטיילט גלייכמעסיג איבער'ן לאַנד. אין איינינע טיילען זיינען די דערפער מעהר און די בעפעלקערונג געדיכטער, אין אַנדערע פערקעהרט. די ברעג-עבענע, מיט דער אויסנאַהם פון די זומפּיגע געגענד פון טול-כרם'ער קאַדא, דער אויבערשטער גליל און שומרון האָבען פּראָפּאָרציאָנעל די גרעסטע צאָהל דערפער און איינוואוינער. דער עקסטרעמער דרום, דער ירדן-טאָל און די נאָהענטע בערג פון מערב-זייט האָבען די קלענסטע צאָהל ישובים. דאָס אַלץ איז אין מערב ארץ ישראל. אין עבר הירדן איז די וועסט-נאָרדליכע טייל פיעל מעהר קולטיווירט און האָט מעהר דאָרפישע ישובים ווי דער זיד-אָסטליכער טייל. ווען מיר זאָלען איינטיילען דאָס לאַנד אין גלייכע סעקציעס פון 10 קילאָמעטער אין דער לענג און 10 קיל. אין דער ברייט און אויסרעכענען פּראָפּאָרציאָנעל די צאָהל דערפער און איינוואוינער וואָס קומט אויס אויף יעדער סעקציע אין פערשיעדענע טיילען פון לאַנד — וועלען מיר בעקומען די פאָלגענדע רעזולטאַטען:

| סאנדזשאק | אלגעמיינער שטח (אין קוואד. ק.) | אויף יעדע 100 ק. ק. — דערפער | אויף יעדע 100 ק. ק. — נפשות |
|---|---|---|---|
| ירושלים — — — — — — — — — | 18.900 | 1.5 | 756 |
| שכם — — — — — — — — — | 4.140 | 5.5 | 2.729 |
| עכו — — — — — — — — — | 3.000 | 5.6 | 2.200 |
| צור און מרג' עיון — — — — — (בירות'ער סאנדזשאק) — — | 1.160 | 14.3 | 4.827 |
| ס"ה אין וועסט-ירדן-לאַנד — — | 27.200 | 3 | 1.389 |

דער שטח פון עבר הירדן בכלל און פון זיינע בעזונדערע טיילען בפרט איז נאָך ניט פעסטגעשטעלט געוואָרען. בלויז וועגען איינינע קאַדא'ס האָבען מיר מעהר-ווענינער פּינקטליכע אנגאַבען בנוגע זייער גרויס. מיר וועלען דעריבער מוזען זיך בעגרענ־צען נור מיט זיי.

די קאַדא אַ ד ר ע י (דרעא) פערנעמט אַ שטח פון 2.060. אויף יעדע הונדערט ק. ק. קומט דאָ אויס 1.5 דערפער און 728 איינוואוינער. דער שטח פון עג'לון (גלעד) איז אונגעפעהר 3.000 ק. קל. דאָס מאַכט אַלזאָ אויס 3.5 דערפער און 1.233 איינ־וואוינער אויף יעדע 100 ק. ק. די גרויס פון קנייטרה (גולן) איז בערך 1.800 ק. ק. אויף אַ סעקציע פון 100 ק. ק. קומט דאָ אויס 3 דערפער און 1.389 איינוואוינער. דער שטח פון גבל-דרוז איז אונגעפעהר 3.600 ק. ק. אויף יעדע 100 ק. ק. קומט אַלזאָ אויס 2.6 ישובים און 555 נפשות.

שאַצונגסווייזע קאָן מען אָננעהמען אַז דער גאַנצער עבר-הירדן וואָס האַלט בערך 30.000—25 ק. ק. האָט דורכשניטליך אויף יעדע 100 ק. ק. 1.9—1.5 דערפער מיט 644—536 איינוואוינער, וואָס מאַכט אויס כמעט אַ העלפט פון דעם אַלגעמיינעם דורכשניט אין מערב ארץ ישראל.

אין דער שכנות'דיגער פּראָווינץ אויף'ן צפון גרעניץ פון ארץ ישראל, אין אויטאָנאָמען לבנון, געפינט מען אויף אַ שטח וואָס איז עטוואָס גרעסער פאַר'ן עכו'ער סאַנדזשאַק (3.200 ק. ק.), 930 דערפער מיט אַ בעפעלקערונג פון 375.,000 נפשות, ד. ה. אונגעפעהר אַזוי פיעל ווי אין גאַנץ מערב ארץ ישראל, וואָס איז 8 און אַ האַלב מאָל גרעסער פאַר'ן לבנון. אויף יעדע 100 ק. ק. קומט דאָ אויס 29 דערפער מיט 11.656 נפשות.

## ב. די אבשטאמונג פון די פלאחין.

נאציאנאל־רעליגיעזער בעשטאנד.

ווי די פאלעסטינער בעפעלקערונג בכלל אזוי איז אויך אויך דער דארפישער ישוב זעהר פערשיעדענארטיג לויט זיין אבשטאמונג, רעליגיאן און נאציאנאליטעט, בעזונ־דערס אין די נארדליכע טיילען פון לאנד, אויף דער גרעניץ צווישען ארץ ישראל און סוריה (אין גליל, גולן און די אומגעבונג פון חרמון). אין די דערפער פון איין און דער זעלבער קאדא קאן מען געפינען 3—4 פערשיעדענע נאציאנאל־רעליגיעזע גרופען, וואס וואוינען אין בעזונדערע דערפער פאר זיך אדער גאר אויסגעמישט מיט אנדערע אין איין און דעם זעלבען דארף. אזוי צום ביישפיעל געפינט מען אין דער קאדא חצביה, וואס צעהלט 18 דערפער, 3 דרוזישע, 2 קריסטליכע, 1 מוסלימישע און 12 געמישטע דערפער. אין איינינע וואוינען דרוזען צוזאמען מיט קריסטען, אין אנדערע קריסטען מיט מוסלימער. פון 121 דערפער פון קאדא צור האבען 58 א מוטעוועלישע בעפעלקערונג, 46 — א מוסלימישע, 8 — א קריסטליכע, 2 — א דרוזישע און 7 — א געמישטע — מוסלימער מיט קריסטען, מוטעוועלער מיט דרוזען א. ד. ג. אין גאנץ גליל, אין אונטערשטען און אויבערשטען, איז ניטא איין קאדא וואס זאל האבען אן איינהייטליכע דארפישע בעפעלקערונג, און אין איינינע דערפער וואוינען 3—4 פערשיעדענע עלעמענטען מיט א מאל. אין דארף פקיעין (אדער בקיעין, אין ארא־ביש בוקיע), ניט ווייט פון צפת וואוינען צוזאמען מוסלימער, דרוזען, אידען*) און קריסטען. אין שפרעם, נעבען עכו, געפינט מען מוסלימער, דרוזען, אידען, מארא־ניטען, פראטעסטאנטען און אנדערע קריסטליכע סעקטען. אין שומרון און יהודה איז די לאנדווירטשאפטליכע בעפעלקערונג מעהר איינארטיג, אבער ניט דורכאויס. די בערך קליינע שטרעקע פון נארדליכען שרון, צווישען חיפה און קסריה, ווערט בעארבייט דורך פארשטעהער פון 8 פערשיעדענע ראסען: סוריער, אידען, טשערקעסען, אראבער, סלא־ווען (באסניאקען), טורקמענער, דייטשען, נעגרען. אין חורן'ער סאנדזשאק קאן מען באגעגענען דערפער פון נעגרען, טורקמענער, נוציירים, טשערקעסען, בעדואינער, מאראניטען.

אין אלגעמיין אבער איז די בעפעלקערונג אין מעהרסטע דערפער אן איינהייט־ליכע. פון די 850 דערפער (ניט רעכענדיג די 50 אידישע און 7 דייטשע קאלאניעס) אין מערב א"י זיינען בערך 680 בעוואוינט אויסשליסליך מיט אראביש־שפרעכענדע מוסלימישע פלאחין, און נור קנאפע 170 ענטהאלטען אנדערע גרופען (81 מוטעווע־לער, 20 קריסטליכע, 11 דרוזישע, 3 טשערקעסישע, 1 באסניאקישע, די איבריגע האבען א געמישטע בעפעלקערונג).

די איבערוויגענדע מעהרהייט פלאחין זיינען אלזא איינהייטליך אין זייער שפראך און רעליגיע. די אייראפעער, בעזונדערס די וואס זיינען נור אויבערפלעכליך בעקאנט מיט א"י, רופען געוועהנליך די פלאחין אראבער. אין דער אמת'ען אבער האבען די פלאחין מיט די אראבער זעהר ווייניג געמיינזאמעס אין נאציאנאלען זין.

---

*) אונטער אידען ווערען דא פערשטאנען ניט די נייע איינגעוואנדערטע קאלאניסטען וואס האבען זיך בעזעצט אין לאנד אין די לעצטע צעהנדליג יאהרען, נאר אידישע פ ל א ח י ן, וואס זיצען אין לאנד און בעארבייטען דעם באדען זייט הונדערטער אהרען, און שיידען זיך מיט גאר ניט אב אין זייער אויסזעהן, קליידונג, שפראך, געזעלשאפטליכע זיטען, וואוינונג און ארבייטס־מעטאדע פון זייערע ניט־אידישע שכנים.

פלאחין שטאמען ניט פון אראבער.

די אבשטאמונג פון די פלאחין איז נאך וויניג אויסגעפארשט, און זייער אורשפרונג איז פארלויפיג נאך וויסענשאפטליך ניט פעסטגעשטעלט געווארען מיט פולער זיכערהייט. איין זאך איז אבער קלאר — **די פלאחין שטאמען ניט פון די אראבישע עראבערער**, וואס האבען אין זיבעטען יאהרהונדערט בעהערשט א"י און סוריה. **די אראבישע זיעגער האבען ניט פערניכטעט די לאנדווירטשאפטליכע בעפעלקערונג וואס זיי האבען געפונען אין לאנד.** זיי האבען נור פערטריבען די פרעמדע ביזאנטישע הערשער, אבער דעם ארטיגען ישוב האבען זיי ניט אנגעריהרט. **די אראבער האבען זיך אויך ניט בעשעפטיגט מיט קאלאניזאציע.** די קינדער פון אראביען האבען זיך פריהער אין זייער היים אויך ניט פערנומען מיט ערד־ארבייט. פונקט ווי די איצטיגע בעדואינער זיינען זיי געווען בעיקר פאסטוכער, קריעגער און סוחרים. אין די עראבערטע לענדער האבען זיי ניט געזוכט קיין נייעם קאלאניזאציאנס־געביעט פאר זייער אקערבויערישען קלאס, וואס איז ביי זיי כמעט ניט געווען בנמצא. זייער גאנצער אינטערעס אין די נייע לענדער איז געווען א פאליטישער, רעליגיעזער און פינאנציעלער: הערשען, פערשפרייטען דעם איסלאם, נעהמען שטייערן. די אראבישע אויסוואנדערער האבען גאר ניט געהאט קיין חשק צו נעהמען זיך צו לאנדווירטשאפט. נאך איצט זעהען מיר ווי שווער דער בעדואינער — דער אמת'ער אראבער — געהט אריבער צו ערד־ארבייט טראץ אלע בעמיהונגען פון דער רעגירונג, וואס שטרעבט צוצובינדען די פרייע קינדער פון מדבר צום באדען. די זיגרייכע אראבער וואס האבען זיך אבגעשטעלט אין עראבערטען א"י האבען זיך בעזעצט מייסטענס אין די שטעדט און בעגנוגענט זיך מיט ארויפלייגען שטייערען אויף דער ארטיגער לאנדווירטשאפטליכער בעפעלקערונג, וואס איז אונטערגעפאלען זייער יאך. און עד היום הערשט א געגענזייטיגע שנאה און פעראכטונג צווישען די פלאחין און די בעדואינער — אדער די ערב (אראב), ווי די פלאחין רופען זיי (זיך אליין בעצייכנען זיי אויסשליסליך מיט'ן נאמען פלאח) — און זעלטען ווען זיי זיינען זיך משדך. בעזונדערס איז גרויס די פעראכטונג מצד די וואנדערענדע פאסטוכער צו די איינגעזעסענע פויערים, און די בעדואינער האבען א ווערטעל: „בידוי סולטאן א־דוניא, פלאח חמאר א־דוניא", ד. ה. דער בעדואינער איז דער סולטאן (הערשער) פון דער וועלט, דער פלאח — דאס אייזעל פון דער וועלט.

---

עס קאן קיין ספק ניט זיין, אז די פלאחין שטאמען פון דעם פויערישען ישוב, וואס די אראבער האבען געטראפען אין לאנד אין זיבעטען יאהרהונדערט. פון וועמען איז דער ישוב דאמאלס בעשטאנען?

די פויערישע מאסען אין ארץ ישראל, פאר דעם אנקומען פון די אראבער זיינען זיכער ניט געווען קיין גריכען אדער רוימער. די גריכיש־רוימישע ישובים אין ארץ ישראל זיינען געווען הויפטזעכליך שטאדטישע קאלאניעס, לרב אין די פארט־שטעדט און אויף די וויכטיגסטע האנדעלס וועגען אין לאנד. די בעפעלקערונג אין ארץ ישראל — ווי עס זאגט עדות העראנימוס אין פערטען יאהרהונדערט — האט גערעדט ניט גריכיש און ניט רוימיש — נאר אראמעאיש (ארמית), די שפראך פון די אידישע פאלקס־מאסען אין די צייט פון חורבן, א שפראך וואס איז זעהר פיעל געברויכט אין דער תלמודישער און רבני'ישער ליטעראטור.

השערה וועגן כנען'ישער אבשטאמונג.

דער פראנצויזישער ארכעאלאָג קלערמאָן גאנא בעהויפּטעט, אז דער דאמאָלסדיגער ישוב איז בעשטאַנען פון די אוראלטע כנענים, וועלכע די אידען האָבען געטראָפען אין ארץ ישראל אין די צייטען פון יהושע בן נון, דאס הייסט די כנענים חתים, יבוּסים, אמורים, פלשתים, אדומים, א. ז. וו. ער בעגרינדעט זיין בעהויפּטונג דערמיט וואס מען געפינט נאָך היינט צווישען די פלאחין געוויסע מנהגים וואס דערמאָנען אן דעם אלטען פאליטעאיסטישען קולט פון די כנענים, ווי די פערהייליגונג פון איינזאמע בוימער (כנענישע אשרות), די אויפשטעלונג פון הייליגע מצבות אויף בערגלעך (כנענישע במות), די האלבע פערגעטערונג פון די „מקמ״ס. וואָרום הגם אפּיציעל זיינען בערך 75 פּראצענט פון די פלאחין מוסלימער, האָבען אָבער פיעלע פון זיי פּאקטיש א קנאפּע שייכות מיט'ן איסלאם, אויסער געוויסע אויסערליכע צערעמאָניעס און אויסדריקע. מ'קאָן זעהען צעהנדליגע מוסלימישע דערפער וואס האָבען ניט קיין ג'מיע (געבעט-הויז) און וואו מ'הערט קיינמאָל ניט דעם מועזין (חזן וואס רופט צום דאווענען) אויסרופען דעם בעקאנטען פסוק „לא אללה אילא אללה, וסידנא מחמד רסול אללה“ (ניטאָ קיין גאָט אויסער אללה, און מוחמד איז דער שליח פון גאָט). דערפאר אבער טרעפט מען אין פיעלע דערפער לאָקאלע הייליגטימער — קליינע פיערעקעוודיגע געביידעס מיט ווייסע קופּאלען, וואס ווערען געוועהנליך אויפגעבויט אויף אָנגעזעהענע בערגלעך, נעבען גרויסע, שעהנע בוימער. די געביידעס זיינען געווידמעט דעם אָנדענקען פון הייליגע — די אידישע אבות, מלכים, נביאים, בעריהמטע שייכען א. ד. ג. — וואס ווערען געהאלטען פאר בעשיצער און פערטיידיגער פון אָרט. די דאָזיגע בנינים רופען זיך „ולי“ (וועלי) אָדער „מקם“ (מאקאם, העבּרעאיש מקום*). די דאָזיגע מקמ'ס ווערען ביי די פלאחין פיעל מעהר געאכטעט אלס די אָפיציעלע ג'מיעס.

לויט גאנא'ס מיינונג איז דער גאנצער אידישער ישוב אומגעקומען אין די מלחמות מיט אספּסינוס, טיטוס און אדרינוס. די אידען, הייסט דאָס, האָבען שוין ניט עקזיסטירט (אין א״י) א האלב טויזענד יאָהר פאר דעם אָנקומען פון די אראבער. און ווי באלד די פּויערים אין א״י זיינען געווען ניט קיין אידען און ניט קיין גריכען — האָבען זיי דאָך געמוזט זיין כנענים.

די השערה פון פראנצויזישען ארכעאָלאָג האלט אָבער ניט אויס קיין ערנסטע קריטיק, און זיינע היסטאָרישע פאראויסזעצונגען זיינען ניט אין גאנצען ריכטיג.

דאָס אידענטום אין ארץ ישראל איז ניט פערניכטעט געוואָרען פאָלשטענדיג נאָך די מלחמות מיט אספּסינוס, טיטוס, אדרינוס, ווי עס דענקט קלערמאָן גאנאָ. דער גרויסער אידישער אויפשטאנד געגען די פערפאָלגונגען און גזירות פון קאָנסטאנציום אין פערטען יאָהרהונדערט, אין וועלכען עס האָבען זיך בעטייליגט די אידישע מאסען פון יהודה און גליל, צייגט אז נאָך דאמאָלס האָט ארץ ישראל געהאט א גרויסען אידישען ישוב. אין צענטראל פּאלעסטינא איז די צאהל פון די שומרונים אין 5טען און 6טען יאָהרהונדערט נאָך געווען גענוג גרוס צו פיהרען א קאמף מיט זייערע קריסטליכע פיינד. און נאָך אין אָנהויב זיבעטען יאָהרהונדערט זיינען די אידען אין ארץ ישראל געווען אימשטאנד ארויסצושטעלען א גרויסע ארמעע צו קעמפּפען אינאיינעם מיט די פּרסים געגען דער ביזאנטישער הערשאפט און די אָרטיגע

*) דאָס זיינען די „ערטער“ צו וועלכע די כנענים האָבען געדיענט. זעה דעם פסוק: „אבד תאבדון את כל ה מ ק ו מ ו ת אשר עבדו שם הגוים“ (דברים י״ב, 2).

קריסטען. די אידישע מיליטערישע מאכט אז דאן געווען נאך אזוי גרויס, אז הערא־קליוס, דער ביזאנטישען קיסר, האט געפונען פאר נויטיג צו שליסען א בונד מיט די זעלבע אידען נאך זיין זיעג איבער די פרסים. די קריסטליכע געמיינדעס וואס האבען זיך שטארק געמעהרט אין ארץ ישראל, אנהויבענדיג פון פיערטען יאהרהונדערט און ווייטער, זיינען אויך בעשטאנען הויפטזעכליך פון ארטיגע אידען: די אונגוויסענדע, ארימע, פערגרעבטע מאסען, בעזונדערס די צוגעבונדענע צום לאנד פויערים האבען אונטער דעם דרוק פון די שרעקליכע גזירות און פערפאלגונגען אנגענומען דעם נייעם גלויבען וואס האט זיי פון אלעם בעפרייט און פיעלעס פערשפראכען. אויף וויפיעל די „בעקערונג" איז געווען בעוואוסטזיניג און גרינדליך קאן מען זעהען דערפון וואס



בילד 55.
ולי (וועלי) נבי ימין, נעבען כפר סבא.

נאך די אראבישע עראבערונגען האבען די זעלבע מאסען מיט אזא לייכטקייט און שנעלקייט פערביטען דעם נביא פון נצרת אויף דעם נביא פון מעקקא.

די אידישע בעפעלקערונג אין ארץ ישראל האט זיך הויפטזעכליך בעשעפטיגט מיט לאנדווירטשאפט. אזוי איז דאס געווען פאר'ן חורבן און אזוי איז עס אויך געבליבען נאך'ן חורבן. דאס פויערטום איז געווען דער רוקען־ביין פון דער אידישער געזעלשאפט. די אונצעהליגע אנווייזונגען, פערהאנדלונגען, מסיח לפי תומו'דיגע בעמערקונגען אין דער תלמודישער ליטעראטור לאזען אין דעם ניט איבער דעם מינדעסטען צווייפעל. ניט נור איז אונז פון תלמוד בעקאנט דער אלגעמיינער פאקט פון דער עקזיסטענץ פון א אידיש פויערטום אויך נאך'ן חורבן. נאר עס איז מעגליך אויף'ן גרונד

עקזיסטענץ פון אידישען פויער־טום.

פון דער רייכער תלמודישער ליטעראַטור, וואָס האָט דירעקט און אומדירעקט א שיכות מיט דעם ענין — פעסטצושטעלען מיט אַלע איינצעלהייטען א קלאָר און אַלזייטיג בילד וועגען דעם צושטאַנד און מעטאָדען פון דער אידישער לאַנדווירטשאַפט. בעד הויפּטען אַז מיט׳ן פאַל פון ירושלים אונטער טיטוס׳ען און מיט דער נידערלאַגע פון בר־כוכבא האָבען די אידען גענצליך אויפגעהערט צו בעאַרבייטען דעם באָדען פון א״י — הייסט אַרויסווייזען א פולשטענדיגע אומוויסענהייט מכח דער אידישער געד שיכטע און ליטעראַטור פון יענער צייט.

די צעהנדליגע און הונדערטער טויזענדער אידען וואָס האָבען געקעמפט פאַר זייער נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיגקייט נעגען די רוימער אין דער צייט פון רבי יוחנן בן זכאי און שפּעטער רבי עקיבא זיינען בעשטאַנען מייסטענס פון פּויערים. צווייפלען אין דעם אויב דאָס זיינען געווען אידען — הייסט אייגענטליך צווייפלען אין דעם צו עס זיינען בכלל געווען אידען אין ארץ ישראל. אַז אין ארץ ישראל׳דיגען אידענטום האָט זיך צונויפגעשמישט א קלענערע אָדער גרעסערע מאָס פון כנען׳יש בלוט איז זעהר מעגליך, אָבער בעהויפּטען, אַז דוקא דאָס איבערגעבליבענע פּויערטום איז בעשטאַנען פון כנענים, און אידען זיינען געווען נאָר די וואָס זיינען אומגעקומען אין די מלחמות אָדער עמיגרירט אין אַנדערע לענדער — הייסט בעהויפּטען אַן אַבסורד.

די צוגעבונדענ־קייט פון פּויער צום באָדען.

דער לאַנדווירטשאַפטליכער ישוב איז געווען א אידישער. נאָך לאַנג נאָך׳ן חורבן בית שני, און אפילו נאָך דער נידערלאַגע פון בר־כוכבא — וואָס דאַרף איי־גענטליך גערעכענט ווערען מעהר ווי דער חורבן פון בית המקדש פאַר דעם סוף פון דער אידישער פּ אָ ל י ט י ש ע ר זעלבסטשטענדיגקייט — זיינען אידען נאָך געזעד סען אין גרויסע מאַסען אויפ׳ן באָדען. אין די מלחמות און אויפשטאַנדען זיינען פיעלע שטעדט חרב געוואָרען און גאַנצע קהלות פערניכטעט געוואָרען, אָבער די פּויערישע בעפעלקערונג האָט ניט געקענט אַזוי לייכט אַבגעווישט ווערען פון לאַנד. אונטער דעם פּרעמדען דרוק און די גזרות און פערפאָלגונגען האָבען די שטאָדט־איינ־וואוינער, די פערמעגליכערע און געבילדעטע קלאַסען, אויסגעקליבען בעסער צו פער־לאָזען זייער היים און אויסוואַנדערען אין מעהר פרייע לענדער, ווי צום ביישפּיעל בבל. אָבער דער אידישער פּויער, ווי בכלל יעדער פּויער, האָט ניט אַזוי שנעל זיך אָבגעריסען פון זיין באָדען, וואָס איז בעגאָסען געוואָרען מיט זיין שוויים און מיט׳ן שוויים פון זיינע עלטערען. אין דער שפּעטערער געשיכטע פון א״י זעהען מיר די זעלבע ערשיינונג. אין די מלחמות פון די נוסעי הצלב און די מוסלימער, אין די שטרייטיגקייטען צווישען די מצרישע און סורישע סולטאַנען, אין די אינערליכע רייסערייען צווישען די פערשיעדענע פּאַשאַס זיינען פיעלע שטעדט גענצליך חרב געוואָרען, און דער בעשטאַנד פון שטאָדטישען ישוב האָט זיך טיילמאָל פולשטענדיג איבערגעביטען מיט דעם בייטען זיך פון הערשער, אין דער צייט וואָס די פּויערישע בעפעלקערונג, טראָץ אַלע אונטערדריקונגען און ליידען, איז געבליבען די זעלבע. איינצעלנע דערפער זיינען נאַטירליך אויך חרב געוואָרען אָדער אומגעקומען, אָבער דאָס פּויערטום אַלס א כלל האָט זיך ניט געביטען, נאָר טיילמאָל זיינען נייע עלעמענ־טען צוגעקומען פון צייט צו צייט פון דרויסען, ווי דאָס האָט איינינע מאָל פּאַסירט אין נייינצעהנטען יאָהרהונדערט (מצרישע צוואַנדערונג אין דער צייט פון מוחמד עלי און איברהים פּאַשאַ, די אימיגראַציע פון אַלזשירער אין די פופציגער יאָהרען

צוזאמען מיט'ן עמיר עבד־אל־קדר, די טשערקעסישע קאָלאָניזאציע אין לעצטען פערטעל פון פערגאנגענעם יאָהרהונדערט).

ניט אַלע פּוערים זיינען אומגעקומען.

ווען דאָס אידישע פאלק האָט ענדליך פערלוירען זיין פּאָליטישע זעלבסטשטענדיגקייט — איז דאָס אידישע פּויערטום ניט אומגעקומען הגם עס האָט זיכער פיעל געליטען פון דער גרויסער נאַציאָנאַלער קאטאסטראפע. גענצליך זיינען נור רואינירט געוואָרען די הויפּט־ש טעדט וואָס האָבען געדיענט אלס צענטרען פון קאמפּף און אויפשטאנד, ווי גמלא, יודפת, בית ירח (טאריכעא), יפו און בעזונדערס ירושלם בשעת דעם חורבן פון בית המקדש, און ביתר בשעת דעם קאמפּף פון בר כוכבא. פיעלע שטעדט זיינען פונדעסטוועגען געבליבען גאַנץ נאָך די שרעקליכע מפּלות. א פּשיטא שוין די דערפער, פון וועלכע זעהר פיעל זיינען גאָר ניט געלעגען אויף'ן וועג פון די צושטערענדע רוימישע לעגיאָנען, און האָבען דירעקט פון די מלחמות ניט געליטען. עס איז אויך זיכער אז די אידען וואָס האָבען נאָך'ן חורבן צוליעב די אונערטרעגליכע פערפאָלגונגען און גזירות פערלאָזט זייער היים און אויסגעוואנדערט אין בבל און אנדערע לענדער — זיינען געווען מייסטענס שטאָדט־איינוואוינער, ד. ה. די מעהר בעוועגליכע, מעהר פערמעגליכע און מעהר געבילדעטע און רעליגיעזע (צו יענער צייט זיינען דאָך די חכמים געווען די טרעגער פון אמונה). וועלכע האָבען ניט געוואָלט זיך אונטערוואַרפען די גזירות געגען זייער רעליגיע און וועלכע עס איז געווען מאטעריעל און פּסיכאָלאָגיש לייכטער צו פערלאָזען זייער לאנד און זוכען שוץ און רעליגיעזע פרייהייט אין מערב (בבל). די אידישע פּויערים, די מעהר אונוויסענדע און פערגראָבטע, אָבער מעהר צוגעבונדענע צו זייער באָדען, האָבען זיך ניט אָבגעריסען פון זייער לאנד אפילו אין די פינסטערסטע צייטען.

דאָס אלעם פיהרט צו דעם שלום אז די פּויערישע בעפעלקערונג וואָס די אראבישע עראָבערער האָבען געפונען אין א"י. איז געווען אין א גרויסער מאָס א אידישע. א סך פון זיי האָבען שוין פון פריהער געהאט אָנגענומען אויסערליך די קריסטליכע אמונה, אָבער נאָך פיעלע האָבען זיך געהאלטען ביי זייער אלטען גלויבען און פון צייט צו צייט געמאכט אויפשטענדע און געקעמפּפט געגען די קריסטליכע פערפאָלגער און אונטערדריקער.

די אראביזירונג פון דער א"י בעפעלקערונג.

די אראביזאציע פון אידישען פּויערטום איז פאָרגעקומען אויף דעם זעלבען אופן ווי די אראביזאציע פון דער גאנצער סורישער בעפעלקערונג. די ארמ'ישע אומגאנגס־שפּראך איז ביסלעכווייז פערביטען געוואָרען אויף דער הערשענדער און נעהענטער אראביש. ווי דר. געאָרג קאמפּפמייער האָט דערוויזען אויף'ן גרונד פון א היסטאָריש־פילאָלאָגישען אנאַליז איבער די „אלטע נעמען אין היינטיגען פּאלעסטינא און סוריה" האָט די בעפעלקערונג אין ארץ ישראל אין פערלויף פון א געוויסע צייט גערעדט ביידע שפּראכען — ארמ'יש און אראביש, ביז ענדליך די ערשטע איז ארויסגעשטויסען געוואָרען דורך די לעצטע, אָבער נאָך עד־היום זיינען ניט אינגאנצען אָבגעמעקט געוואָרען די ארמ'ישע בעזונדערע סימנים פון פלאחישען דיאלעקט. די נייע רעליגיע, דער איסלאם, האָט זיך פערשפּרייט צוגלייך מיט דער אראבישער שפּראך. און וואהרשיינליך נאָך שנעלער. דער שווערער שטייערלאסט וואָס דער זיעגרייכער איסלאם האָט ארויפגעלעגט אויף די „בעשיצטע אונגלויביגע", די אזוי גערופענע „זימי" — קאָפּ־טעקסעס און באָדען־שטייערען („חאראדזש" און „דזשעזיע") פון וועלכע די „מאמינים" זיינען געווען גענצליך פריי, האָט בעוואויגען די ניט־מוסלימישע בעפעלקערונג אָנצונעהמען די נייע רעליגיע. די געפאהר אין גאנצען בערויבט צו

ווערען פון באַדען האָט פיעל מיטגעהאָלפען דער פערשפּרייטונג פון דער נייער רע־ליגיע צווישען דער לאַנדווירטשאַפטליכער בעפעלקערונג. דער באַדען אין די בעזיגטע לענדער איז געווענליך פערטיילט געוואָרען אלס „ע׳נימה" (מלחמה־רויב) צווישען די „ע׳זאַת" (זיגער), און דאָס אומקעהרען זיך צום איסלאַם איז געווען א גוטע שמירה געגען די רויבערישע אַפּעטיטען פון די פיהרער פון די מוסלימישע ארמעען.

בעזונדערס לייכט איז פאַרגעקומען די פערשפּרייטונג פון איסלאַם צווישען די טיילען פון דער אידישער בעפעלקערונג וואָס האָבען שוין פריהער אָנגענומען אויסערליך דאָס קריסטענטום. די לעהרע פון נביא פון מכה (מעקקא) איז געווען פיעל נעהענטער די אידישע מאסע ווי די לעהרען פון דעם נביא פון נצרת.

אנציהונגס־קראַפט פון איסלאַם.

אחוץ דעם וואָס די עיקרים פון דער נייער אמונה זיינען געווען פיעל נעהענטער צום אידענטום אלס די נוצרישע תורה, האָבען זיך די נייע הערשער געהאַלטען פיעל מעהר דעמאָקראַטיש אלס די ביזאַנטיש־קריסטליכע הערשער. אַנגעהמענדיג דעם קריסטליכען גלויבען איז דער אָרטיגער געבוירענער אלץ געבליבען פעראַכטעט און ערנידריגט אין די אויגען פון די ביזאַנטינער. דאָס אַנגעהמען דעם גלויבען פון „ליעבע און ברודערשאַפט" האָט אויך א האָר ניט אַבגעשוואַכט די סאָציאַלע און פּאָליטישע אנטאַגאָניזמען און אונטערשיעדען צווישען די הערשער און בעהערשטע. גאַנץ אַנדערש איז געווען מיט׳ן איסלאַם. עס איז געווען גענוג איינמאָל צו אַנערקענען עפענטליך, אז „ניטאָ קיין גאָט אויסער אללא און מוחמד איז דער שליח פון אללא" — אָנגענומען צו ווערען אלס גלייך־און פול־בערעכטיגטער מיטגליעד אין דער הערשענדער געזעלשאַפט. דער כלל פון איסלאַם אז „אַלע מוסלימער זיינען ברידער" איז ניט געבליבען א טויטער בוכשטאַב ווי די ליעבע און ברודערשאַפט פון קריסטענטום. ניט נאָר זיינען פאַר די וואָס האָבען אָנגענומען דעם איסלאַם אַבגעשאַפען געוואָרען אַלע פּאָליטישע און ציווילע בעגרענצונגען און אויסנאַהמען, נאָר אויך די סאָציאַלע אונטערשיעדען זיינען כמעט גענצליך אַבגעווישט געוואָרען; דיזער דעמאָקראַטיזם פון איסלאַם האָט זעהר שטאַרק געווירקט בעזונדערס אויף׳ן פּויערטום וואָס איז א ווי לאַנג אונטערדריקט געוואָרען דורך רוים און ביצאַנץ.

פערשידענע ניט־אידישע צומישען אין עבר הירדן.

ניט אַלע פלאַחין שטאַמען פון דעם אַבאָריגינעלען לאַנדווירטשאַפטליכען ישוב. וואָס די אראבישע עראָבערער האָבען געפונען אין לאַנד. אין עבר־הירדן איז דער זעסהאַפטער ישוב בערך א גאַנץ נייער. דער ג׳בל דרוז איז כמעט אין גאַנצען בעוואוינט מיט דרוזען וואָס האָבען אהער איינגעוואַנדערט פון לבנון אין די לעצטע צוויי הונדערט יאָהר, בעזונדערס נאָך די געשעהענישען פון לבנון אין 1860. אויך די קריסטליכע פלאַחין שטאַמען פון צפון — פון די אַרומגעגענד פון חרמון און לבנון. די מוסלימישע פלאַחין בעשטעהען אין א גרויסען טייל פון האלב־בעדואינער וואָס האָבען זיך ביסלעכווייז אוועקגעזעצט אויף׳ן באָדען. די נאָהענטקייט פון דער מדבר — אין מזרח און דרום, האָט אַלע מאָל געמאַכט דעם עבר הירדן פאַר דער בעליבטער נעסט פון די בעדואינישע שבטים. שוין הורדוס דער גרויסער האָט געפונען פאַר נויטיג צו באַזעצען דעם עבר־הירדן מיט קריגערישע אידישע ערד־ארבייטער פון בבל, כדי זיי זאָלען זיין א שוץ קעגען די רויבערישע איבערפאַלען פון די בעדואינער. אקוראַט ווי די טערקישע רעגירונג האָט אין לעצטען פערטעל פון 19טען יאָהרהונדערט קאָלאָניזירט קאווקאַזישע און בולגארישע טשערקעסען אין גולן און מואב מיט דער זעלבער כונה. דער ריין אראבישער עלעמענט איז דאָ בעזונדערס גרויס, איצט אזוי גוט ווי אין די פריהערדיגע צייטען.

ניט־אידישע עלעמענטן אין מערב א״י

אין מערב ארץ ישראל זיינען די שפּעטערע, אויסווערטיגע צומישען צו דער אבאריגינעלער בעפעלקערונג נאך מעהר פערשיעדענארטיג, הגם, פיליכט ניט אזוי צאהלרייך. אויסער דעם אונצווייפעלדיגען צופלוס פון ריין אראבישע עלעמענטען וואס האבען זיך מיט דער צייט אסימילירט מיט דער ארטיגער בעפעלקערונג, האבען אין פערלויף פון די לעצטע פופצען הונדערט יאהר אין ארץ ישראל אונאויפהערליך אריינגעשטראמט די פערשיעדענסטע פעלקער פון אלע וועלט טיילען — פרסים, מאנגאלען, טשערקעסען, פראנקען, מצרים פון וועלכע געוויסע טיילען האבען זיך אבגעשטעלט אין לאנד און ביסלעכווייז צוזאמענגעגאסען מיט דעם ארטיגען ישוב. דער צופלוס פון פרסים איז געווען בעזונדערס גרויס אין דער צייט פון צלח־אדין (12טען יאהרהונדערט) און זייער איינפלוס איז נאך עד־היום קענטיג אין צפון ארץ ישראל — אין אויבערשטען גליל. פון זיי שטאמען אהן צווייפעל די מוטעוועלער וואס בילדען די מעהרהייט אין צור'ער קאדא. לויט די ארטיגע טראדיציעס האבען זיך טשערקעסען בעזעצט מיט עטליכע הונדערט יאהר צוריק אין די יהודה'ער בערג, און פון זיי זאלען שטאמען די איינוואוינער פון קרית אל־ענב (אויך „אבו־חאש"), די אמאליגע קרית יערים. די שטראמען פון די נוסעי הצלב האבען זיכער איבערגעלאזט צייכענס אין דער ארטיגער לאנד בעפעלקערונג. אין מאנכע דערפער, בעזונדערס ארום דעם כרמל, בעגעגענט מען טיילמאל רויט און בלאנד האריגע פלאחין וואס שטאמען פיליכט פון נארד אייראפעאישע עלטערען. נעבען ירושלים איז פאראן א דארף מלחא, וועמעס איינוואוינער שטאמען פון גרוזינישע קאלאניסטען וואס האבען זיך באזעצט אין ארץ ישראל מיט הונדערטער יאהרען צוריק. זיי האבען שוין פערגעסען די שפּראך און די רעליגיע פון זייערע עלטערען, אבער זיי געדענקען נאך זייער נארדליכע אבשטאמונג און רופען זיך מיט'ן נאמען גרודזשי. זיי אונטערשיידען זיך עטוואס אין זייערע זיטען און אויך אין קליידונג פון די ארומיגע פלאחין. אויך זייערע שכנים קוקען אויף זיי אלס איינגעוואנדערטע. עס איז אונבעוואוסט ווען זיי האבען זיך בעזעצט אין ארץ ישראל, אבער לויט די עדות פון פריהערדיגע רייזענדער איז זייער צאהל אמאל געווען א סך גרעסער. אין דער צייט פון דער מצרישער הערשאפט (1832־1840) האט איברהים פאשא קאלאניזירט איניגע ערטער אין ארץ ישראל מיט מצרישע פלאחין: בית־שאן, כפר מצר אין ג'נינ'ער קאדא, און די דערפער קבייבה, זרנוקה, עקרון אין יהודה און נאך. אין גליל התחתון האבען זיך אין דער צווייטער העלפט פון 19טען יאהרהונדערט געגרינדעט אלזשירער קאלאניעס. כפר צמח, מעדר, עולם, חדתא, כפר סבת און אנדערע זיינען נאך ביז איצט בעזעצט הויפּטזעכליך מיט אויסוואנדערער פון אלזשיר. דער עמק הירדן איז בעזעצט מיט א האלב בעדואינישער בעפעלקערונג, און אויך די איינוואוינער פון עמק יזרעאל שטאמען מייסטענס פון אראבער. זיי בעזיצען נאך קלארע טראדיציאנען פון זייער איינוואנדערונג. זיי רופען זיך — און אזוי רופען זיי אויך אנדערע — חורני (חאווארני), וואס צייגט, אז זיי זיינען געקומען פון עבר הירדן, פון חורן. זיי שטימען אויך אין זייער אויסשפּראך מיט די חורנ'ער און בעדו־

אינער. זעהר געמישט, ווי עס איז העכער בעמערקט געוואָרען, איז די בעפעלקרונג פון גליל, וואָס פערדינט נאָך היינט פונקט ווי אמאָל דעם נאָמען „גליל הגויים".

אָבגעזעהען פון די צאָהלרייכע צומישעניש איז דאָך דער „רוב מנין ורוב בנין" פון די פלאחין פון מערב ארץ ישראל איינהייטליך אין זייער אויסזעהן און אָבשטאַמונג, און אין זייערע אָדערען פליסט אָהן ספק זעהר פיעל אידישעס בלוט—פון יענע אידישע פויערים וואָס האָבען אין צייטען פון שרעקליכע רדיפות און אונטערדריקונגען זיך אָבגעזאָגט פון זייער אידישע רעליגיע און פאָלק אבי צו קאָנען בלייבען טריי און צו־געבונדען צום אידישען לאַנד.

## ג. אידישע טראַדיציעס צווישען די פלאחין.

אין דער שפּראַך, זיטען, מנהגים, רעליגיע, טראַדיציעס פון די מאָדערנע פלאחין געפינט מען זעהר פיעלער וואָס זאָגט עדות אויף זייער אידישע אָבשטאַמונג. דער דיאַלעקט פון די פלאחין אין ארץ ישראל אונטערשיידעט זיך זעהר שטאַרק סיי פון די שפּראַך פון די שטאָדט איינוואוינער, סיי פון די שפּראַך פון די בעדואינער. די שפּראַכליכע אייגענטימליכקייטען פון די פלאחין טראָגען אויף זיך לויט דער מיי־נונג פון קאנדער'ן דעם שטעמפּעל פון אַראַמיש; נאָך מעהר, אַלע ווערטער און טער־מינען וואָס ווערען געברויכט אין תנ"ך צו בעצייכנען נאַטור־זאַכען און סימנים, ווי פעלזען, קוואַלען, שטראָמען, א. ד. ג. ווערען געברויכט ביי די פלאחין — און נור ביי די פלאחין — אין דער אַלגעמיינער נאָמענקלאַטור פון לאַנד. אייניגע פון די ווערטער ווי רמה, טירה האָבען שוין פערלאָרען זייער אָריגינעלע בעדייטונג, און די פלאחין פערשטעהען ניט זייער טייטש. בכלל, זעהר פיעלע העברעאישע און אַראַמישע ווערטער — וואָס זיינען גאָר ניטאָ אין דער אַראַבישער שפּראַך, אָדער ווערען אין איהר איצט ניט געברויכט — קומען אָפט פאָר אין דער פלאחישער שפּראַך. און זייער אָריגינעלע מיינונג ווערט גוט פערשטאַנען.

אַראַמישע אייגענטימליכקייט פון פלאחישען דיאַלעקט.

א דאַנק דער גראַנדיעזער וויסענשאַפטליכער ארבייט פון „פּאַלעסטיין עקס־פּלאָריישאָן פאָנד", וואָס האָט אויסגעפאָרשט יעדען אָרט, כמעט יעדען שטיין אין מערב ארץ ישראל און האָט צוזאַמענגעקליבען 10.000 נעמען פון אַלע דערפער, טיי־כען, קוואַלען, בערג, חורבות, טאָלען, בערג און בערגלעך. „פון דן ביז באר שבע". איז פעסטגעשטעלט געוואָרען דער פאַקט, אויף וועלכען קאַנדער האָט שוין געמאַכט אויפמערקזאַם, אַז די גאַנצע ביבלישע נאָמענקלאַטור פון ארץ ישראל לעבט נאָך אונגעענדערט אין דעם מויל פון דער פלאחישער בעפעלקערונג. קאַנדער, אונ־טער וועמעס אויפזיכט איז אָנגעפיהרט די גאַנצע ארבייט פון „פאָנד", האָט בעמערקט, אַז אין די געגענדען וואָס זיינען בעוואוינט מיט בעדואינער איז די אַלטע נאָמענקלאַטור פערשוואונדען געוואָרען. און נור די פלאחין האָבען אָבגעהיט און איינגעהאַלטען די אַלטע ביבלישע נעמען. א סך ערטער, וואָס זיינען פאַרצייכענט אויף דער גרויסער מפה פון „פּאַלעסטיין עקספּלאָריישאָן פאָנד", זיינען אין תנ"ך גאָר ניט דערמאָנט געוואָרען, און דאָך רופען זיי די פלאחין מיט אַזעלכע נעמען וואָס געפינען זיך ניט אין אַראַבישען ווערטערבוך און נור אין העברעאיש האָבען זיי א טאָפּאָגראַפישע מיינונג.

ביבלישע נאָמענקלאַטור.

העברעאישע נעמען פון דערפער.

נאך מעהר האראקטעריסטיש זיינען די נעמען פון די פלאחישע דערפער. בערך א פערטעל פון אלע עקזיסטירענדע דערפער אין מערב ארץ ישראל טראגען נאך איצט די זעלבע העברעאישע נעמען וואס זיי האבען געהאט אין די צייטען פון יהושע בן־נון, דוד המלך, עזרא הסופר, יוסף בן מתתיהו הכהן און רבי יהודה הנשיא. פון די 850 דערפער אין מערב טייל פון לאנד ווערען ניט וועניגער פאר 210 גערופען מיט ביבלישע און תלמודישע נעמען. פיעלע פון די אלטע נעמען זיינען דערגאנגען ביז היינט כמעט אהן אירגענד וועלכע ענדערונגען, אויסער אזעלכע שנויים וואס קומען געוועגליך פאר צווישען די צוויי שוועסטער שפראכען העברעאיש און אראביש, ווי דאס פערבייטען פון געוויסע אותיות (א־ע, ל־נ, ד־ט, ג־ק, ש־ס). אין מאנכע דאפעלטע נעמען ווערט אויסגעלאזען דער פארנאמען וואס הויבט זיך אן מיט בית (ווי אין בית־תפוח), עין (אין עין־גנים), כפר (אין כפר יתמה), און אמאל פערקעהרט — דיזעלביגע פארנעמען ווערען אין די מאדערנע דערפער טיילמאל צוגעגעבען צו דעם אריגינעלען נאמען. גאר א גרויסע צאהל דערפער האבען לחלוטין ניט גענדערט איין אות פון דעם נאמען וואס זיי האבען געטראגען מיט צוויי און דריי טויזענד יאהר צוריק. צעהנדליגע איבערקערענישען און טויזענדער יאהרען האבען ניט געקענט אבמעקען פון לאנד דעם העברעאישען שטעמפעל וואס דאס אידישע פאלק האט אויף איהר ארויפגעלעגט, און די אראביזירטע פלאחין האבען אונבעוואוסטזיניג פאר זיך אליין אבגעהיט און איבערגעגעבען פון דור צו דור די סימנים פון זייער אידישער אבשטאמונג. וואלט דאס פויערטום ניט בעשטאנען אין א גרויסער מאס פון דער אריגינעלער אידישער בעפעלקערונג, וואלט גאר א נייער און פרעמדער עלעמענט בעזעצט זיך אויף׳ן בארען — וואלט ער זיכער ניט אבגעהיט אזא גרויסע צאהל פון פרעמדע נעמען. אין מזרח ארץ ישראל, וואו דער ישוב בעשטעהט אין א גרויסער מאס פון בעדואינער געפינען זיך נור 25 דערפער (פון דער אלגעמיינער צאהל 490) וועלכע ווערען נאך גערופען מיט די אלטע העברעאישע נעמען.

די פאלגענדע רשימה ענטהאלט אלע דערפער פון א״י וואס רופען זיך נאך איצט ביי די ביבלישע און תלמודישע נעמען — אונגעענדערט אדער מיט לייכטע שנויים (די געענדערטע נעמען זיינען אנגעוויזען אין קלאמערען). מיר האבען דערביי אויסגעלאזט אלע דערפער, וועמענס נעמען ווייכען שטארק אב פון העברעאישען אריגינאל.

### אין יפו׳ר קאדא:

אנו 1) (כפר עאנה), בית דגון 2) (בית־דג׳ן), בית שמש 3) (עין־שמס), בני ברק 4), גמזו 5), חדיד 6) (חדיתה), יבנה 7), יהוד 8) (יהודיה), יתלה 9), כפר ספוריא 10) (צפוריא), מודיעין 11) (מדיא), נבו 13) בית נובא), נעמה 13) (נעני), סלמה 14), עמום 15), עקרון 16 (עקר), צרעה 17), תמנה 18) (תבנה).

1) דברי הימים א׳ ח׳ 12, 2) יהושע ט״ו 41, 3) יהושע ט״ו 10. אין די שריפטען פון תל אמרנא ווערט דיזער ארט אנגערופען „עין שמש“, און דאס איז אויך דער איצטיגער נאמען פון דארף. 4) יהושע י״ט 45, 5) דברי הימים ב׳ כ״ח 18. 6) נחמיה ז׳ 37. 7) דברי הימים ב׳ כ״ו 6. 8) יהושע י״ט 45, 9) יהושע י״ט 42, אין תרגום־השבעים איז דער נאמען איבערזעצט „סילתא“, דער איצטיגער נאמען איז „שילתא“. 10) ירושלמי, קדושין ג׳. 11) חשמונאים א׳ ב׳. 12) נחמיה ז׳ 33. 13) יהושע ט״ו 41. 14) חשמונאים א׳ ז׳. 15) מכות י״ד. 16) יהושע י״ג 3. 17) שופטים י״ג 2. 18) בראשית

## אין ירושלמ'ער קאדא:

ברזית 19), בית און 20) (בית אוניא), בית חגלה 21) (עין חג'לא), בית הכרם 22) (עין כרם), בית סוחרה 23) (בית סחור), בית לבן 24) (לובן), ביתר 25) (ביתיר), גבע 26) (ג'בע), גדרה 27) (א־ג'דירה), גלגל 28) (ג'לג'וליא), גלה 29) (בית ג'אלה), גפנה 30), כסלון 31) (כסלא), כפר עקביא 32) (כפר עקיב), מכמש 33) (מכמס), מצפה 34) (נבי סמואיל), נטופה 35) (בית נטיף), עטרות אדר 36) (עטרה), ענתות 37) (ענתא), צרדה 38), קרית יערים 39) (קרית ענב), קטונית 40) (קטנה). רמה 41) (א־רם), רמון 42).



ביילד 56.

יבנה, די רעזידענץ פון סנהדרין נאך'ן חורבן, איצט א דארף, נעבען יפו.

## אין עזה'ר קאדא.

אשדוד 43) (אסדוד), אשקלון 44) (עסקלאן), דכרין 45) (דקרין), גדרות 46) (קטרה), יגור 47) (עגור), מגדל גד 48) (מג'דל), סנסנה 49) (סמסם), שוכה 50) (שויכה), תרמסא 51) (תל תרמס).

## אין חברונ'ער קאדא:

אדורים 52) (דורא), אשתמוע 53) (א־שמוע), בית אל 54) (בית אולא), בית

---

ל"ח 12. 19) דברי הימים א' ז' 31. 20) יהושע ז' 2. 21) יהושע ט"ו 6. 22) נחמיה ג' 14. 23) חשמונאים א' ו'. 24) מנחות ז' 6. 25) גטין נ"ז. 26) שמואל א' י"ג 3. 27) דבה"יא י"ב 4. 28) שמו"א י"א 15. 29) שמו"ב ט"ו 12. 30) מלחמות 1, 11, 2. 31) יהושע ט"ו 10. 32) ירושלמי. נזיר ט'. 33) שמו"א י"ג 2. 34) שופטים י' 17. 35) שמו"ב כ"ג 28. 36) יהושע י"ח 13. 37) יהושע כ"א 18. 38) מלכים א' י"א 26. 39) יהושע ט' 17. 40) סוטה ט'. 41) יהושע י"ט 25. 42) שופטים כ' 45. 43) יהושע י"א 22. 44) שופטים א' 18. 45) גטין נ"ז. 46) יהושע ט"ו 41. 47) תוספתא, אהלות י"ח. 48) יהושע ט"ו 37. 49) יהושע ט"ו 31. 50) יהושע ט"ו 35 51) ירושלמי

גדר 55) (ג׳דור), בית גוברין 56) (בית ג׳ברין), בית צור 57), בית תפוח 58) (תפוח), בית זכריה 59) (בית זכריא), גבעה 60) (ג׳בעה), דומה 61) (א־דוימה), דיבון 62) (דיר דיבן), חלחול 63), חרשא 64 (חרס), יטה 65), כפר טבי 66) (א־טיבה), ענב 67) (בית ענב), ציעור 68) (צעיר), שוכה 69) (שויכה).



בילד 57.
דער פעלזען־דורכגאנג פון מכמש.

אין שכמ׳ער קאדא:

בית אל 70) (ביתין), בית רמה 71) (בית רימא), גבע 72) (ג׳בעה), חרס 73) (חארס), ינוחה 74) (יענון), כפר יתמה 75) (יתמה), כפר קסם 76), עקרבה 77).

---

ברכות ב׳. 52) דברהי״ב י״א 9. 53) יהושע כ״א 14. 54) שמו״א ל׳ 27. 55) דבהי״א ב׳ 51. 56) ירושלמי. דמאי ב׳. 57) יהושע ט״ו 58. 58) יהושע ט״ו 53. 59) קדמוניות 12, 9, 4. 60) יהושע ט״ו 57. 61) יהושע ט״ו 52. 62) נחמיה י״א 25. 63) יהושע ט״ו 58. 64) עזרא ב׳ 52. 65) יהושע ט״ו 55. 66) מלחמות 2, 8, 1. 67) יהושע י״א 21. 68) יהושע ט״ו 54. 69) יהושע ט״ו 48. 70) בראשית י״ב 8. 71) מנחות ט׳. 72) משנה, כלים י״ז. 73) שופטים ב׳ 9. 74) יהושע ט״ו 6.

פנדק 78), פרעתון 79) (פרעתא), רבית 80) (רבה), שלה 81) (סילון), שלם 82) (סאלם), תבץ 83) (תובאץ).

### אין קאדא פון ג'ניין:

אנחרת 84) (א־נעורה), ארומה 85) (אל ערמה), בית השטה 86) (שטא), ברקה 87) (בורקין), הדד־רמון 88) (רמנה), יזרעאל 89) (זרעין), כפרה 90), נעין 91) (נאין), עין־דור 92) (אנדור), ערבה 93), קשיון 94) (קשין), שונם 95) (שולם).

### אין קאדא פון בני־צעב (טול־כרם):

גלגל 96) (ג'לג'ליא), גת רמון 97) (ג'ת), טיבה 98) (א־טיבה), כפר סבא 99).

### אין קאדא פון נצרת:

אובלין 100) (עבלין), גבתא 101) (ג'באתא), דברת 102) (דבוריה), יפיע 103) (יאפא), כסלות 104) (א־כסאל), נהלל 105) (מעלול), כפר מנדי 106) (כפר מנדא), סכנין 107), צפורי 108) (צפוריה), ראני 109) (ריני), רומא 110), רמון 111) (רמאנה).

### אין טבריה'ר קאדא:

אולם 112) (עולם), כפר ימא 113), כפר גון 114) (אם ג'וניא), כפר חטיה 115) (חטין), כפר צמח 116) (צמח), כפר שובתי 117) (כפר שבת), מגדלא 118) (מג'דל), נמרה 119) (נמרין).

### אין עכו'ער קאדא:

אכזיב 120) (אזיב), באינה 121) (בעינה), בית העמק 122) (עמקא), בצת 123) (א־בצה), ינוח 124), כבול 125), כפר סאסא 126) (סעסע), ערב 127) (עראבה), שאב 128) (שעיב), שפרעם 129) (שפא־עמר).

### אין חיפה'ר קאדא:

בית לחם 130), גבע 131), חפרים 132) (כפרין), טבעון 133), טריה 134) (טירה), קסריה 135).

### אין צפת'ער קאדא:

בירי 136) (בריא), גברה 137) (כאברה), גוש־חלב 138) (א ג'יש), חקוק 139) (יקוק), יראון 140) (יארון), כפר חנניה 141) (כפר ענן), כפר סימאי 142) (כפר

---

75) משנה, ערלה ב'. 76) תוספתא ע"ז ו'. 77) מלחמות 4, 9, 9. 78) ירושלמי, דמאי ב'. 79) שופטים י"ב 15. 80) יהושע י"ט 20. 81) יהושע י"ח 1. 82) בראשית ל"ג 18. 83) שופטים ט' 51. 84) יהושע י"ט 19. 85) שופטים ט' 41. 86) שופטים ז' 22. 87) פסחים נ"ז. 88) זכריה י"ב 11. 89) מלכים א' כ"א 1. 90) ירושלמי, פאה ה'. 91) בראשית רבה, צ"ח. 92) יהושע י"ז 11. 93) יהודית ו'. 94) יהושע י"ט 20. 95) יהושע י"ט 18. 96) יהושע י"ב 23. 97) יהושע י"ט 45. 98) ירושלמי, ד'אי ב. 99) נדה ס"א. 100) תוספתא, שביעית ז'. 101) קדמוניות 13, 1, 4. 102) יהושע י"ט 12. 103) יהושע י"ט 12. 104) יהושע י"ט 12. 105) יהושע י"ט 15. 106) תוספתא, יבמות י'. 107) סנהדרין ל"ב. 108) קדמוניות 5,12,13. 109) תוספתא, עבודה זרה ז'. 110) עירובין נ"א. 111) יהושע י"ט 13. 112) ירושלמי, סנהדרין י. 113) נדרים נ"ז. 114) ירושלמי, בבא כתרא ה'. 115) חגיגה ה'. 116) קדמוניות 13, 9, 1. 117) בראשית רבה פ'. 118) קהלת רבה א'. 119) ירושלמי, תענית ד'. 120) יהושע י"ט 29. 121) יהושע י"ט 27. 122) ירושלמי ערלה. 123) ירושלמי שביעית ו'. 124) מלכים א' ט"ו 29. 125) יהושע י"ט 27. 126) תוספתא, גטין א'. 127) שבת ק"א. 128) ויקרא רבה כ'. 129) ראש השנה כ"א. 130) יהושע י"ט 15. 131) מלחמות 3, 3, 1. 132) יהושע י"ט 19. 133) תוספתא, נדה ד'. 134) נדרים נ"ז. 135) מגילה ו'. 136) בבא מציעא פ"ד. 137) יוסיפוס'ס אויטאביאגראפיע 10. 138) מנחות פ"ה. 139) יהושע י"ט 34. 140) יהושע י"ט 35. 141) שבת ק"כ. 142) גטין ו'. 143) ירושלמי תענית ד'. 144) ירושלמי, תרומות ח'. 145) מלחמות

סמיע), מרון 143) (מירון), ספסופה 144) (ספסאף), עכבר 145) (עכברא), עמוקה 146), פקיעין 147) (בקיע), רמה 148) (רמיה).

### אין קאדא צור:

חניתא 149) (חנויה), יתיר 150) (יטיר), מרות 151), עין בול 152) (עין אבל), עיתה 153), עיתלו 154) (עיתרון), קדש נפתלי 155) (קדס), קנה 156) (קאנא).

### אין קאדא מרג׳ עיון.

אבל מים 157) (אבל א־סאקי. סאקי אין אראביש מיינט אנטרינקען, דאס איז אן איבערזעצונג פון מים).

### אין עבר הירדן:

אבילה 158) (כפר אביל), אלעלה 159) (אלעאל), אדרעי 160) (דרעא), אפקה 161) (פיק), בעון 162), בצרה (בצר אלחרירי) 164), גלעד 165), גרש 166), זיזון 167), חשבון 168) (חסבאן), חספון 169), כפר חריבה 170) (חפר חריב), מידבא 171) (מאדבא), נוה 172) (נוא), קנת 173) (קנואת), רגב 174).

---

אלט - אידישע טראדיציעס.

די אונוויסענדע פלאחין וואס האבען ניט קיין אהנונג פון דער אידישער ליטעראטור, האבען ניט נור אבגעהיט אין הונדערטער ערטער די נעמען פון תנ"ך, אפאקריפען, יוסיפון, תלמוד און מדרשים, נאר אויך די טראדיציעס וועגען די מענער, וואס זיינען פערבונדען מיט די פערשיעדענע ערטער. אזוי צוםביישפיעל, די אלטע בנימינ׳ישע שטאדט מצפה וואו שמואל הנביא האט פערזאמעלט די אידען צו קעמפפען געגען די פלשתים (שמו"א ז׳ 5), רופען איצט די פלאחין „נבי סמואיל“. אין דעם געגענד פון שמשון הגבור הערט מען נאך איצט די נעמען שמשון אל ג׳בר (שאמשון אל דזשבאר), שייך אבו אל ג׳חם (דזשאחם) — דער פאטער פון לייב און נאך אזעלכע.

„אברהם׳ס גע־זעצען“.

פריהער, בשעת די ממשלה פון די שייכען איז געווען גרעסער, און זיי האבען געהאט קראפט אליין צו משפט׳ען די פלאחין, האבען זיי זיך געפיהרט לויט אייגענע טראדיציאנעלע געזעצען, וואס זיינען געווען אין גאנצען אנדערש פון דעם אפיציעלען געזעץ פון איסלאם וואס איז אנגענומען אין רעגירונגס־געריכט. די אונגעשריבענע פלאחין־געזעצען אדער רעכטס־מנהגים האבען זיך גערופען שריעת אל חליל (שעריאט אל האליל) — דאס געזעץ פון אברהם אבינו, אין געגענזאץ צו שריעת מחמד (שעריאט מוחמאד) — דאס געזעץ פון מוחאמעד׳ען, דעם נביא פון די אראבער. די פלאחין האבען זעהר שטארק געאכטעט „אברהם׳ס געזעצען“ —

---

2, 20, 6. 146) נאך תלמודישע ליטעראטור. 147) סנהדרין ל"ב. וועגען דעם ארט זיינען פאראן חלוקי דעות. לויט דער מיינונג פון אשתורי הפרחי האט זיך דער פקיעין פון תלמוד געפונען אין יהודה. די איצטיגע „בקיע“ ווערט אויך אידענטיפיצירט מיט תקוע, שבת ק"ז, וואו ר׳ שמעון בן יוחאי איז געזעסען. 148) יהושע י"ט 36. 149) תוספתא, שביעית ד׳. 150) ירושלמי, שביעית ו. 151) מלחמות 2, 20, 6. 152) חולין נ"ז. 153) תוספתא, שביעית ד׳. 154) ירושלמי נדה א׳. 155) יהושע כ׳ 7. 156) יהושע י"ט 28. 157) דברי הימים ב׳ ט"ז 4.

158) קדמוניות 12, 3, 3. 159) במדבר ל"ב 3. 160) במדבר כ"א 33. 161) מלכים א׳ כ׳ 26. 162) במדבר ל"ב 3. 163) חשמונאים א׳ 5. 164 ירושלמי כלאים ט׳. 165) הושע ו׳ 8. 166) מלחמות 1, 4, 8. 167) ירושלמי דמאי ב׳. 168) במדבר כ"א 26. 169) קדמוניות 12, 8, 3. 170) ירושלמי. תענית ד׳. 171) במדבר כ"א 30. 172) שבת ל׳. 173) במדבר ל"ב 43. 174) קדמוניות 13, 15, 5.

ד. ה. די לאקאלע אוראלטע מנהגים פון זייערע עלטערען, אין דער צייט וואס מוחמד'ס געזעץ — די אראבישע רעכטליכע טראדיציעס זיינען זיי געוועזן פרעמד.

אידישע פלאחין

איינע פון די מערקווירדיגסטע פאקטען וואס האבען א שיכות מיט דער פלאחין פראגע איז די עקזיסטענץ פון אידישע פלאחין אין פקיעין, ארום צעהן ענגלישע מייל אין מערב זייט פון צפת. אויסערליך שיידען זיך די אידישע פלאחין אויף א האר ניט אב פון זייערע דרוזישע און קריסטליכע שכנים. זייער שפראך איז אראביש פונקט ווי ביי אלע אנדערע פלאחין. אין אויסזעהן איז אויך כמעט ניטא קיין אונטערשיעד. לויט זייער אייגענער טראדיציע זיצען זיי אויף'ן לאנד נאך פון די צייטען פון יהושע בן נון. דאס איז נאטירליך ניט מעהר ווי א לעגענדע. אויב זיי זיינען ווירקליך אנ'אי־



בילד 58.
אידישע פלאחין פון פקיעין.

בערבלייבעניש פון דעם אידישען ישוב פון נאך'ן חורבן איז זעהר שווער צו בע־שטימען. א טייל פון זיי האבען זיך דא בעזעצט אין בערך א פרישער צייט. דער עיקר ישוב אבער איז שוין אלט הונדערטער יאהרען. דער רייזענדער סטיפאן שולץ, וואס האט בעזוכט גליל אין 1754, דערצעהלט שוין וועגען דרוזישען דארף, וואס ענט־האלט אידישע אקערבויערישע פאמיליען וואס בעארבייטען דעם באדען אקוראט ווי די פלאחין. ר' שמחה ב"ר יהושע וואס איז געקומען קיין גליל אין תקכ"ה (1765), שרייבט אין זיין ספר „אהבת ציון": ובפקיעין יושבים יהודים נ'בעלי־בתים. עובדי שדות וכרמים ונקראים פלחין". ווי לאנג זיי זיינען שוין דאמאלס דא געזעסען איז אונ־בעקאנט, אבער דערפון וואס זיי האבען זיך שוין דאמאלס גערופען פלאחין קאן מען אורטיילען, אז זייער ישוב איז שוין דאן געוועזן זעהר אלט. וועגען אידישע לאנד־

ווירטשאפטליכע ישובים אין גליל און אויך אין יהודה דערצעהלען אונז שוין פיעל פרהערדיגע אידישע רייזענדער. דאס בעווייזט ניט נור אז אידען האבען זיך אלע מאל, ווען די אויסערליכע בעדינגונגען פון לאנד האבען דאס נור ערלויבט, (און די אויסערליכע בעדינגונגען פון ארץ ישראל זיינען זעלטען געווען זעהר גינסטיג דערפאר) אומגעקעהרט צו פעלד ארבייט אין זייער היסטארישער היים, נאר אויך אז דער אלטער לאנדווירטשאפטליכער ישוב איז פערבליבען פיעל לענגער ווי מען דענקט געוועהנליך. אויב אפילו דער אידיש-פלאחישער ישוב פון פקיעין זאל ניט שטאמען דירעקט פון אוראלטען לאנדווירטשאפטליכען אידישען ישוב, איז כמעט קיין ספק ניטא, אז פריהער זיינען אזעלכע ישובים יא געווען. די עקזיסטענץ פון א פעראייניצעלטען אידישען ישוב אין דעם אונרוהיגען גליל אמווייניגסטען אין די לעצטע דריי הונדערט יאהר, וואס צייכענען זיך אויס מיט זייער שטורעמדיגע און צאהלרייכע איבערקערע-



בילד 59.
אידישע פלאחינען פון פקיעין.

נישען, מלחמות, אויפשטאנדען און בירגער-קריגען — צייגט אויף די וואהרשיינליכקייט פון א דויערענדען עקזיסטענץ פון פיעלע אנדערע אידישע ישובים הונדערטער יאהרען נאך'ן חורבן. מיט דער צייט זיינען די דאזיגע ישובים פערשלונגען געלארען אין דער ארומיגער סביבה, אזוי ווי עס האט כמעט פאסירט מיט'ן ישוב פון פקיעין, ווען ניט די נייע איינוואנדערונג און קאלאניזאציע אין צפת און אנדערע ערטער אין גליל.

די אינטערעסאנטסטע ערשיינונג וואס צייגט אויף דעם שיכות פון די פלאחין מיט דעם אמאליגען אידישען ישוב — איז אהן ספק די מערקווירדיגע עהנליכקייט און אפטמאל אידענטיטעט פון טאג-טעגליכען לעבען פון די היינטיגע פלאחין מיט די בילדער און שילדערונגען פון דעם אמאליגען אידישען לעבען, ווי עס שפיגעלט

זיך אַב אין דער אַלט־אידישער ליטעראַטור — תנ"ך און תלמוד. אַרויסברענגענ אַלע אַנאַלאָגיעס פון דער היינטיגער פלאַחישער ווירקליכקייט מיט די ביבלישע און תלמודישע שילדערונגען וואָלט זיך געפאָדערט דערויף אַ ספּעציעלעס גרויסעס ווערק. אין לויף פון דער ווייטערער אַבהאַנדלונג וועגען דער פלאַחישער ווירטשאַפט וועלען מיר זיך געלעגענטליך אָבשטעלען אויף די מעהר האַראַקטעריסטישע פערגלייכונגען צווישען די געברויכען פון די היינטיגע פלאַחין און פון די פאַרצייטיגע אידען.

## ד. געזעלשאַפטליכע געשיכטע פון די פלאַחין.

פון נאָך דעם אונטערגאַנג פון דער אידישער מלוכה איז די בעפעלקערונג אין א"י ניט געווען מעהר זעלבסט רעגירענד. א"י האָט אויפגעהערט צו זיין אַ זעלבסטשטענ־דיגע מדינה; אַלס טייל פון גרויסע אימפּעריעס איז דאָס לאַנד געווען אונטערוואָרפען דעם גורל פון יענע מלוכות צו וועלכע עס האָט בעלאַנגט, און די איינוואוינער פון לאַנד האָבען ניט געבילדעט קיין געשלאָסענע, איינהייטליכע געזעלשאַפט מיט אַ געמיינ־שאַפטליכען ווילען, מיט אַנ'אייגענער אָרגאַניזאַציע.

נאָך דער אַראַבישער ערעבערונג האָט זיך די בעפעלקערונג פון א"י צוטיילט אין צוויי פיינדליכע, קעמפפענדע פּאַרטייען, וואָס האָבען אונאויפהערליך געפיהרט צווישען זיך מלחמות. די בלוטיגע פּאַרטיי שטרייטיגקייטען זיינען געווען בעזונדערס גרויס צווישען די פלאַחין. די צוויי פיינדליכע פּאַרטייען האָבען זיך גערופען קיים און יאמאַן. די פלאַחין גופא האָבען ניט געוואוסט דעם אורשפּרונג פון דער צוטיילונג און האָבען ניט געקענט ערקלערען די אורזאַכע פון אונאויפהערליכען בירגער־קריעג. לויט אַנ'אַרטיגער טראַדיציע האָבען אַמאָל געלעבט צוויי איינפלוסרייכע ברידער, מיט'ן נאָמען קיים און יאמאַן, וואָס זאָלען האָבען זיך איינמאָל שטאַרק צוקריגט. דערפון זאָל שטאַמען דער קריעג פון די צוויי פּראַקציעס. וואַרשיינליך שטאַמט די צושפּאַלטונג פון צוויי אַראַבישע פיינדליכע שבטים, וואָס האָבען אַריינגעוואַנדערט אין א"י, און האָבען אַריינגעצויגען די גאַנצע בעפעלקערונג אין זייער דורות־לאַנגען ברידער־קריעג. די אַראַבישע געאָגראַפען און היסטאָריקער דערצעהלען וועגען שלאַכ־טען צווישען די קייסיטען און יאמאַניטען נאָך אין ערשטען יאָהרהונדערט פון דער אַראַבישער ערעבערונג. די שטרייטיגקייטען האָבען ניט אויפגעהערט ביז דער צוויי־טער העלפט פון 19טען יאָהרהונדערט.

צוויי פיינדליכע פּאַרטייען.

ניט בלויז די מוסלימער, נאָר אויך די קריסטען אין א"י און אפילו די דרוזען פון לבנון האָבען זיך פריהער געפונען אין די צוויי קעמפפענדע פּראַקציעס. נאָך אין 1711 איז אין לבנון, נעבען עין־דאַרא פאָרגעקומען אַ בלוטיגע שלאַכט צווישען די קייסיטישע און יאמאַניטישע דרוזען, אין וועלכען די לעצטע האָבען געליטען אַ גרויסע מפּלה און זיינען געצוואונגען געוואָרען אויסצואוואַנדערען אין חורן (ג'בל דרוז). מיט דעם קאַמפּף איז געשלאָסען געוואָרען דער סכסוך פון די צוויי פּאַרטייען אין לבנון. אין א"י אָבער האָבען די מלחמות אָנגעהאַלטען פיעל לענגער, ביז פאַר פופציג יאָהר, און דער אַנטאַגאָניזם אין פיעלע ערטער האָט נאָך ניט אויפגעהערט עד היום, הגם מיט דער פערשטאַרקונג פון טערקישען אויטאָריטעט אין דער לעצטער העלפט פון 19טען יאָהרהונדערט האָט דער בירגער־קריעג אויפגעהערט, אָבער נאָך היינט קומען פאָר בלוטפערגיסונגען אין מאַנכע דערפער צווישען די פיינדליכע צדדים און משפחות.

בירגער קריעג.

דער ברידער־קריעג צווישען די פלאחין האט זיך בעזונדערס פערשטארקט אין אנהויב פון 19טען יאהרהונדערט, נאך דעם אבטרעטען פון דער פראנצויזישער ארמעע פון א"י. דאס גאנצע לאנד, (ד. ה. צו מערב טייל, פון ים התיכון ביז'ן ירדן, ווארום דער עבר הירדן איז נאך דאן געווען באזעצט הויפטזעכליך מיט בעדואינער) איז געווען איינגעטיילט אין 18 געגענדען, און איבער יעדען געגענד האט געהערשט א שייך — דער הויפט פון א גרויסער איינפלוסרייכער, מעכטיגער פאמיליע. די שייכען זיינען געווען פעראנטווארטליך פאר די שטייערען פון זייערע דערפער צו דער רעגירונג. איין מאל אין יאהר איז דער וואלי פון דמשק ארויסגעפאהרען אויפמאהנען די שטייערען, און ניט אלע מאל איז איהם דאס געלונגען. ווען דער וואלי האט געשיקט סאלדאטען אין א דארף וואס האט זיך ענטזאגט צו צאהלען שטייערען — זיינען זיך די איינוואוינער צולאפען אדער בעהאלטען זיך אין די ארומיגע היילען, אדער גאר אנטלאפען צו די בעדואינען, וואס האבען אין גאנצען ניט אנערקענט דעם אויטאריטעט פון דער רעגיערונג. די שייכען פלעגען אבוואַרטען דעם פאשא און איהם אונטערקויפען ער זאל העלפען מיט זיינע סאלדאטען בעקעמפפען זייערע געגנער און פיינד.

שייכען הערשאפט.

די רעגירונג האט זיך עפענטליך אין די שטרייטען ניט געמישט. אפטמאל האבען די פאשאס און זייערע אגאס (געהילף־גובערנאטארס) שטילערהייד אליין אויפגעהעצט איין טייל פון דער בעפעלקערונג געגען דער צווייטער, און געשטיצט אמאל דעם צד און אמאל דעם צווייטען. אין אזא צושטאנד פון אנארכיע איז דאס לעבען און פערמעגענס קיינמאל ניט געווען זיכער. פיעלע באדענס זיינען ניט בעארבייט געווארען. בעציהונגען צווישען איין טייל לאנד און צווייטען זיינען געווען אונמעגליך. די אנגעהעריגע פון איין פארטיי האבען געציטערט אריבערצוטרעטען די טעריטאריע פון דער צווייטער פארטיי.

אנארכיע.

אין דער צייט וואס די גאנצע בעפעלקערונג איז געווען צושפאלטען אין קיים און יאמאן, זיינען די דערפער געווען צוטיילט אין שבטים. יעדער שבט האט פערנומען עטליכע דערפער. די שבטים זיינען בעצייכענט געווארען מיט'ן ווארט „בני", בני חסן (די דערפער מלחה, עין־כרם, בית־ג'לה, סובא, ולג'ה און אנדערע, דרומית מערבית פון ירושלים), בני מלך (די דערפער קרית־אל־ענב, בית יענב, ליפתא, בית־ליקיה, בית חורון עליון — בית־אור פוקא, בית חורון תחתון—בית־אור תחתא, ילו און אנדערע, צפונית מערבית פון ירושלים). בני חרית (דערפער דיר אבזיה, ספה, עין עריך. עין קניא, גפנא, ברזית, מזרעה, בית אלו, צפון זייט פון ירושלים), בני זיד, בני מורה, בני צעב און אנדערע. געוועהנליך האט דער גאנצער געגענד בעלאנגט צו איין און דער זעלבער פארטיי — קיים אדער יאמאן, עס זיינען אבער אויך געווען אויסנאהמען. עטליכע דערפער פון איין שבט האבען זיך בעטייליגט אין איין פראקציע, און אנדערע — אין דער אנדערער.

שבטים צוטיילונג.

אינערהאלב יעדען דארף זיינען די איינוואוינער געווען, און אזוי זיינען נאך איצט אין די מייסטע דערפער, צוטיילט אין פאמיליען־פערבאנדען וואס רופען זיך אין אראביש חמולה, (חאמולא) מעהרהייט חמאיל. די סאלידאריטעט פון אלע מיטגליעדער פון דער חמולה, סיי אין ציווילע סיי אין קרימינעלע אנגעלעגענהייטען איז זעהר גרויס. ליידעט איינער פון דער חמולה אנ'עולה — נעמען זיך אלע פאר איהם אן, דארף איינער בעצאהלען שטראף זיינען אלע פעראנטווארטליך. איז איינער גע'הרג'ט געווארען האט די גאנצע „חמולה" געדארפט זיך נוקם זיין, און ווען מ'האט ניט געקענט געפינען דעם רוצח — האט מען געדארפט הרג'נען אנ'אנדערען פון זיין

פאמיליען־פערבאנדען.

פאמיליען־סאלידאריטעט.

פאמיליע אויף זיין ארט. די אנטאגאניסטישע משפחה האט דאן געזוכט געגען־נקמה, און די בלוט־ראכע האט זיך אזוי געצויגען אהן א סוף, איבערגעהענדיג פון איין דור צום צווייטען, סיידען די צוויי צדדים האבען געמאכט שלום דורך בעצאהלען כפר־נפש (אראביש דיעה). דער מנהג פון בלוט־ראכע, וואס איז אויך געווען בעקאנט די אידען מיט'ן נאמען גאולת־הדם, איז נאך פערבליבען ביז'ן היינטיגען טאג, טראץ די בעמיהונגען פון דער רעגירונג אין די לעצטע פופציג יאהר אבצושאפען די אנארכיע און זעלבסט־געריכט אין לאנד.

די מאכט פון די חמולה'ס איז געווען פראפארציאנעל צו זייער צאהל מיט־גליעדער. וואס צאהלרייכער א חמולה איז אלץ מעהר איינפלוס און מאכט פערמאגט זי. צו דער חמולה האבען בעלאנגט ניט בלויז בלוט־גערוואנדטע; אויך פרעמדע האבען זיך מיט דער צושטימונג פון די אנפיהרער געקענט איין איהר אנשליסען. די שטארקערע חמולה'ס האבען בעשטימט די שייכען פון דארף. הגם די שייכען האבען געדארפט קריגען די אנערקענונג פון די איינוואוינער פון דארף — איז דיזער אמט געוועהנליך איבערגעגאנגען בירושה פון פאטער צו קינדער.

צו דער חמולה האט אויך בעלאנגט בשותפות דער גאנצער באדען וואס האט זיך געפונען אין רשות פון זיינע מיטגליעדער (אין פיעלע דערפער איז דער געמיין־אייגענטום פון די פאמיליען־פערבאנדען נאך פערבליבען ביז היינט). טיילמאל האבען די חמולה'ס געהאט צווישען זיך בשתפות א טייל פון דארפישען באדען.

די בעציהונגען פון איין חמולה צו דער צווייטער איז געווען ווי די בעציהונגען פון איין דארף צום צווייטען — בעציהונגען פון פרעמדע און אפט פון פיינד.

די שייכען פון איין דארף, וואס האבען געקעמפפט צוזאמען אונטער דעם הויפט שייך מיט דער געגנערישער פארטיי, ווען עס האט אויסגעבראכען א שלאכט צווישען קייסיטען און יאמאניטען, האבען אפטמאל געקעמפט צווישען זיך, הגם זיי האבען בעלאנגט צו איין און דערזעלבער פארטיי. די מלחמות האבען אויסגעבראכען לויט'ן קאפריז פון די שייכען און זייערע מקורבים, וואס זיינען צו קיינעם ניט געווען פער־אנטווארטליך. לרב האבען די מלחמות געטראגען א לאקאלען כאראקטער. זעלטען ווען דאס גאנצע לאנד אדער אפילו זעהר א גרויסע צאהל דערפער האבען אריינ־געטראטען אין א געמיינזאמען קאמפף*).

ווען איברהים פאשא פון מצרים האט ערשט א"י האט ער איינגעפיהרט מיט אנ'אייזערנער האנט א שטרענגען ארדנונג אין לאנד און הארט בעשטראפט די אונ־רוהיגע שייכען וואס האבען פארטגעזעצט די אינערליכע מלחמות. נאך הונדערטער יאהרען פון בירגער־קריעג האט זיך דאס לאנד איינגעשטילט. ניט נור די פלאחין, נאר אפילו די בעדואינער האבען ניט געוואגט מעהר איבערצופאלען און אנצוגרייפען פרעמדע און פיינד. די וועגען זיינען געווארען זיכער און די גרעניצען פון די פער־שיעדענע שבטים, וואס זיינען פריהער געווען אונדורכגאנגבאר — זיינען אבגעווישט

*) א פלאח פון ברזית, וואס האט זיך אליין בעטייליגט אין פיעלע פון די פארטיי־קעמפפען האט איבערגעלאזט א געשיכטע פון די פלאחין־מלחמות. די געשיכטע איז פערעפענטליכט געווארען אין א ענגלישע איבערזעצונג אין „קווארטערלי סטייטמענט" פון פאלעסטיין עקספלארייזשאן פאנד פאר די יאהרען 1904—1906. די בעשרייבונג פון די דאזיגע שייכען־מלחמות דערמאנט ניט ווילענדיג אן די מלחמות פון די „מלכים" פון יריחו, עי, חברון, לכיש, גזר, א. ז. ווי — די 31 מלכים וואס האבען געקעמפפט מיט דריי טויזענד יאהר צוריק געגען יהושע בן נון אין די זעלבע פלעצער, פיעלע נאך איצט מיט די זעלבע נעמען.

געווארען. אנטשאט די אלמעכטיגע שייכען, וואס האבען זיך מיט די פערטרעטער פון דער טערקישער רעגירונג זעהר ווענִיג גערעכענט, האט ער בעשטימט אין יעדען דארף נאטור'ס, ד. ה. היטער, וואס זיינען געווען אונטערגעווארפען זיינע „מוטעסעלים" (גובערנאטארען) פון ירושלים, עזה, יפו, שכם, עכו, א. ד. גל.

פלאחישער אויפשטאנד.

די פלאחין. און בעזונדערס די פריהערדיגע שייכען האבען ניט געקענט פערטראגען דעם נייעם ארדנונג. דער מיליטערישער צוואנגסדינסט און שווערע שטייערען וואס די מצרישע רעגירונג האט איינגעפיהרט האבען געהאלפען אויפצורייצען די בעפעלקערונג, און אין 1834 האט אויסגעבראכען א גרויסער פלאחישער אויפשטאנד, וואס האט ארומגענומען דאס גאנצע לאנד, און האט זיך געענדיגט מיט דער צייטווייליגער ערָאבערונג פון ירושלים דורך די פלאחין. איברהים פאשא האט אבער גלייך דערשטיקט דעם אויפשטאנד און אונברחמנות'דיג בעשטראפט די אנפיהרער. דערנאך איז דאס לאנד געווען שטיל ביז איברהים פאשא האט אין 1840 געמוזט אבטרעטען פון ארץ ישראל. דער פאל פון דער מצרישער הערשאפט איז געווען א סיגנאל פאר נייעם בירגער־קריעג אונטער שייכען־הערשאפט. די טערקישע רעגירונג האט פערזוכט אבצושטעלען די אנארכיע — אבער עס האט זיך איהר א לאנגע צייט ניט איינגעגעבען. די איינפלוסרייכע שייכען פלעגען אבקויפען די טערקישע בעאמטע און גובערנאטארען וואס זיינען אינסטרואירט געווארען זיי צו פערהאלטען, און אנשטאט שטראף פאר זייערע אונגעזעצליכע מעשים פלעגען זיי נאך טיילמאל בעקומען הילף צו בעקעמפפען זייערע שונאים*).

אבשאפונג פון שייכען־הערשאפט.

נאך דער קרימער מלחמה, וואס האט זעהר פיעל אויפגעהויבען דעם פרעסטיזש פון דער טערקיי איבעראל, האט זיך דער אויטאריטעט פון דער רעגירונג אויך פערשטארקט אין א"י. אויף'ן בעפעהל פון סולטאן עבד־אל־עזיז אין די זעכציגער יאהרען זיינען אבגעשאפען געווארען די עמטער פון שייכען און אויף זייער פלאץ זיינען אוועקגעשטעלט געווארען טערקישע בעאמטע. די שטייערען, וואס זיינען ביז דאן אויפגעמאנט געווארען דורך די שייכען, האט מען אנגעהויבען פאדערען דירעקט אין דער רעגירונגס קאסע, און דערמיט האט זיך געענדיגט די ממשלה פון די שייכען און די אינערליכע שטרייטיגקייטען האבען אויפגעהערט.

דאך טרעפען זיך נאך היינט מלחמות צווישען איין דארף און צווייטען, און אמאל אויך צווישען צוויי פיינדליכע חמולה'ס פון איין און דעמזעלבען דארף; בעזונדערס אין די דערפער וואס זיינען עטוואס דערווייטערט פון די אדמיניסטראטיווע צענטרען, וואו די רעגירונגס מאכט פיהלט זיך נאך ווענִיג. די שטרייטיגקייטען קומען פאר צוליעב גרעניץ סכסוכים, הויפטזעכליך אבער צוליעב בלוט־ראכע. צווישען די בעדואינער קומען די מלחמות פאר פיעל אפטער, אבער ביי די פלאחין ווערען זיי אלץ וויינִיגער. די טעלעגראפען, אייזענבאהנען און שאסעען וואס זיינען די לעצטע צייט אויסגעבויט

*) עדוארד ראבינסאן דערצעהלט וועגען די לעמפפען פון די צוויי פארטייען אין שכם'ער געגענד אין 1852. דער פיהרער פון די קייסיטען, מחמוד עבד אל־חאדי, האט גובר געווען זיינע געגנער, די יאמאניטישע בני־טוקאן, און איז געווארען הערשער אין שכם. ער האט דאן אנגעהויבען אונטערצודריקען די אנהענגער פון דער געגנערישער פארטיי. די לײדענדע האבען אוועקגעשיקט א דעלעגאציע אין בירות צו בעקלאגען זיך אויף די אונטערדריקונגען. מחמוד האט זיך אבער מקדים געווען און האט אוועקגעשיקט אין בירות 40.000 פיאסטער חאבאר. ווען די דעלעגאציע איז אנגעקומען אין בירות מיט זייערע קלאגעס — האט מען זיי ארייגעווארפען אין תפיסה אויף 25 טעג, דערנאך האט מען זיי צוריקגעשיקט מיט דער פערזיכערונג, אז מחמוד עבד אל־האדי אליין וועט שוין אויסהערען זייערע טענות.

געוואָרען אין לאַנד — האָבען פערלייכטערט און פערפעסטיגט דעם קאָנטראָל פון דער רעגירונג.

רעזולטאַטען פון בירגער־קריעג.

די הונדערטיעהריגע קעמפפען און קריגערייען האָבען ארויפגעלעגט זייער חתימה אויף׳ן געזעלשאַפטליכען האַראַקטער פון דער פלאַחישער בעפעלקערונג. דער מאַנגעל פון נאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט, די אונפעהיגקייט צו פעראייניגען זיך פאַר געמיינשאַפטליכע ציעלען, מיט וועלכע די פלאַחין צייכנען זיך אויס, זיינען אָהן ספק א פּראָדוקט פון די היסטאָרישע אומשטענדען אין וועלכע עס איז זיי אויסגעקומען צו לעבען אין פערלויף פון הונדערטער יאָהרען.

עס איז זעהר האַראַקטעריסטיש פאַר דער אַלגעמיינער געגענזייטיגער אבגעריסענקייט און פיינדליכקייט פון די פלאַחין דער אַרט פון זייער געהן אין וועג. דער פלאַח ווען ער פערלאָזט זיין דאָרף האַלט ער זיך ווי ער געהט ארויס אין שלאַכט. אין וועג געהט ער ארויס בעוואָפענט, ווייל ער איז אין סכנה. דער וועג הייסט ניט פּשוט וועג, נאָר „חטר“ (האַטאַר) — וואָס מיינט בוכשטעבליך געפאַהר. ווארום דער פלאַח איז שטענדיג אין קריעגס צושטאַנד, און ווי נאָר ער געהט ארויס פון די גרעניצען פון זיין דאָרף געפינט ער זיך אין פיינדליכע טעריטאָריע. ער געטרויט דאָן קיינעם ניט. ער זאָגט קיינעם ניט וואוהין ער געהט, כדי צו זיין מעהר בעשיצט און בעוואָרענט. ווען איינער טרעפט איהם אין וועג און פרעגט איהם: פאַין יאַ מאַסהאַל? (וואוהין געהסטו?) — ענטפערט ער: „עלא באַב אללה“ — צום טויער פון גאָט.

ע. פין, וואָס האָט א לאַנגע צייט געלעבט צווישען די פלאַחין און בעאָבאַכטעט זייערע געזעלשאַפטליכע בעציהונגען בעמערקט פאָלגענדעס וועגען זייער נאַציאָנאַלען האַראַקטער:

נאַציאָנאַלע צוריסענקייט.

„זיי רעדען אין אַלגעמיינע שפּראַך, זיי האָבען אין אַלגעמיינע רעליגיע, זייערע מנהגים און מדות זיינען בכלל איינע און די זעלבע איבער׳ן גאַנצען לאַנד. דאָך האָבען זיי אבסאָלוט ניט אין זיך קיין נאַציאָנאַלע איינהייט. זיי פערבונדען זיך קיינמאָל ניט פאַר אַנ׳אַלגעמיינעם ציעל, אויסער ווען דער צופאַל פעראייניגט איינִיגע קלאַנען צו העלפען איינער דעם צווייטען אין זייערע גרופּען־קעמפּפען. זיי זיינען אמת אלע קלאַסיפיצירט אונטער די צוויי גרויסע אבטיילונגען פון קיים און יאמאַן, אָבער אפילו דאַן האָבען זיי גאָר ניט אַזעלכעס וואָס זאָל דערמאָנען די צוזאַמענוויר־קונג פון פּאַטריאָטען, אלס איין נאַציאָן, וואָס זיינען גרייט און וויליג צו געהן האַנד ביי האַנד פאַר דעם מוטערלאַנד. דיזער צושטאַנד איז גענוג צו ערקלערען אין א גרויסער מאָס די אָבגעשטאַנענקייט פון דער ברייטער בעפעלקערונג. זיי האָבען ניט קיין נאָציאָנאַלען לעבען. יעדער דיסטריקט לעבט בעזונדער פאַר זיך, און פיהרט זיינע אייגענע קעמפּפען מיט די שכנים, האָט אָבער ניט קיין געמיינשאַפטליכען אינ־טערעס און אויפגאַבען מיט די אַנדערע. די איינוואוינער פון די פערשיעדענע דיסט־ריקטען אונטערשיידען זיך אין א געוויסער מאָס אין זייער אויסערליכען אויסזעהן, אין האַראַקטער און אָרט רעדען. זיי זיינען עהנליך איינער צום צווייטען אַזוי פיעל, אַנצוצייגען אויף א געמיינשאַפטליכער אָבשטאַמונג. זיי אונטערשיידען זיך ווי פראַגמענטען פון א נאַציאָן, וואָס איז צוברעקעלט געוואָרען מיט א לאַנגע צייט צוריק אין פערשיעדענע און פיינדליכע קלאַנען. אַלע זיינען פלאַחין, דאָך איז יעדער א טייל פאַר זיך, אָבגעריסען, און פיינדליך איינער צום צווייטען“.

## ה. באַדענאייגענטום־פערהעלטניסע.

פריהערדיגע פערהעלטניסע.

אין פריהערדיגע צייטען האָבען די פלאחין גערעכענט זיך פאַר בעלי־בתים פון די באַדענס וואָס זיי האָבען בעאַרבייט. קיין פעסטגעשטעלטע פאָרם פון באַדענאייגענטום האָט נאָך בכלל ניט עקזיסטירט. די לענדערייען זיינען ניט געווען רעגיסטרירט. קיין שריפטליכע צייגניסע האָט קיינער ניט פערמאָגט אויף זיין נחלה. מ'האָט זיך פערלאָזט אויף דער חזקה און דער טראַדיציע. אין פאַל פון א סכסוך האָבען געגילט מינדליכע עדות. דערביי האָט נאַטירליך געשפּיעלט א גרויסע ראָלע דער פּרינציפּ פון „כל דאלים גבר“ (מאכט איז רעכט) — די מעהר שטאַרקע און גרעסערע דערפער האָבען פערכאַפּט די באַדענס פון די שוואַכערע און קלענערע דערפער און האָבען פערניכטעט זייערע איינוואוינער אין בלוטיגע קריעגערייען. דער באָדען פון יעדען דאָרף איז געהאַלטען געוואָרען בשותפות צווישען אַלע איינוואוינער. וואו די שייכען פון דאָרף זיינען געווען בעזונדערס שטאַרק און איינפלוסרייך, זיינען זיי פאַקטיש געווען די אמת'ע בעלי בתים פון גאַנצען באָדען. די שייכען האָבען זיך בעמיהט צוצוציהען וואָס מעהר אַקערבויער אין זייערע דערפער, כדי צו קאָנען ביישטעהן די איבערפאַלען פון די בעדואינער און זיי האָבען פערטיילט באַדענס און הייזער צו פאַמיליעס וואָס זיינען געווען גרייט צו בעזעצען זיך ביי זיי אין דאָרף מיט'ן בעדינג זיי זאָלען בעאַרבייטען דעם באָדען און פערטיידיגען דאָס דאָרף אין פאַל פון איבערפאַל. די שייכען האָבען זאָגאַר צוגענומען דעם באָדען פון די אַלטע איינוואוינער פון דאָרף, וואָס האָבען צוליעב אירגענד וועלכער סבה פערלאָרען זייערע אַרבייטס־בהמות, און עס אָוועקגעגעבען צו נייע אנזידלער אויב זיי האָבען נור געהאַט אָקסען פאַר דער אַרבייט. ביי דער שיטערקייט פון בעפעלקערונג און די פיעלע אונקולטיווירטע לענדערייען האָט בכלל דער באָדען ניט געשפּיעלט אַזאַ ראָלע, און די הויפּט זאַך איז געווען די אַרבייטס־פיה.*)

שפּעטער האָט די רעגירונג אַרויסגעגעבען א געזעץ וועגען „טאבו“ — ד. ה. גרונד אייגענטום צייגניסע. די שטרעבונג פון דער רעגירונג איז געווען, אַז דאָס

---

*) באַלדענספּערנער דערצעהלט דעם פאָלגענדען כאַראַקטעריסטישען אנעקדאָט, וואָס זאָל האָבען פאָרגעקומען אין דאָרף קבייבה (צווישען יבנה און יפו), וועלכער אילוסטרירט די דאָרפישע בעציהונגען אין דעם הינזיכט אין פריהערדיגע צייטען: אין קבייבה איז געקומען א מאַן מיט א פּאָר אָקסען און האָט געבעטען מ'זאָל איהם געבען א הויז און באָדען, כדי ער זאָל זיך דאָ אַוועקשטעלען אַרבייטען און בעטייליגען זיך אין אַלע פליכטען פון דאָרף. דער שייך האָט גלייך אַרויסגעשיקט א פלאח, וואָס איז געווען אָהן אָקסען, פון זיין הויז, און דער פרעמדער האָט זיך דאָרט בעזעצט. דער פערטריבענער האָט נאַטירליך פּראָטעסטירט וואָס מען רויבט ביי איהם דאָס הויז וואָס ער אַליין האָט אויפגעבויט, אָבער די עלטסטע פון דאָרף האָבען זיך דערמיט ניט גערעכענט. זיי האָבען פון דעסטוועגען פערשפּראָכען צו ערלויבען איהם ווייטער וואוינען אין דאָרף, אויב ער וועט זיין אומשטאַנד אין א געוויסער צייט צו ווערען צוריק א ריכטיגער דאָרפסמאַן ווי ס'געהער צו זיין — ד. ה. ערווערבען א פּאָר אָקסען. דער פרעמדער האָט בעקומען א טייל אין באָדען און האָט זיך אויפגעבויט א הויז מיט דער הילף פון גאַנצען דאָרף. דערווייל איז דער פערטריבענער אַוועק אין רמלה און האָט געקויפט א פּאָר אָקסען און האָט זיי געבראַכט אין קבייבה. בעפאָר ער איז אריין אין דאָרף האָט ער אַראָפּגענומען דעם טאַרבוש פון קאָפּ און האָט עס אָנגעטאָן אויף די הערנער פון אַן אָקס. ווען מען האָט איהם געפרעגט וואָס דאָס בעדייט, האָט ער געענטפערט, אַז לויט ווי ער האָט געזעהן איז דער אָקס אין קבייבה מעהר יחסן פאַר'ן דאָרפסמאַן, ווייל אָהן אַן אָקס איז זיין אייגען הויז ניט זיינס, און עס איז דעריבער ניט מעהר ווי רעכט צו געבען כבוד דעם וואָס האָט עס פערדיענט.

געמיינאייגענטום וואס האט ביז דאן געהערשט זאל איבערגעביטען ווערען אויף אינדיווידועלעם אייגענטום, וואו יעדער פלאח זאל האבען זיין בעשטימטען שטיק באָ־דען, אויך אז יעדער זאל האבען א שריפטליכען אפיציעלען דאקומענט (טאבו סענעדי) אויף זיין נחלה.

אלס רעזולטאט פון דאזיגען געזעץ זיינען פיעלע לענדערייען אוועקגענומען גע־ווארען פון זייערע פריהערדיגע בעלי־בתים און אריינגעפאלען צו די רייכע עפענדים.

רעזולטאטען פון קאדאסטער רעפארם.

צוערשט האבען דערפון געליטען די בעדואינער פון עבר הירדן וואס האבען זיך יאָה־רענלאנג גערעכענט פאר בעלי־בתים פון גרויסע שטרעקעס לאנד אין מערב ארץ ישראל, בעזונדערס אין עמק יזרעאל. די בעדואינישע שבטים וואס האבען קיינמאל ניט אנערקענט דעם אויטאריטעט פון דער רעגירונג, האבען נאטירליך ניט געהאט קיין גילטיגע בעזיצטיטלען אויף זייער באדען, און זיי האבען אזעלכעס גאר ניט גע־וואלט ארויסנעמען ביי דער רעגירונג אום ניט אונטערצופאלען איהר הערשאפט. די רעגירונג האט דאן פערקויפט א טייל פון די לענדערייען אלס פרייע באדענס צו פרי־וואטע קאפיטאליסטען און א טייל האט זי פערהאפט אלס פריוואטע רעגיערונגס־לאנד, ד. ה. אלס קרוין־לאנד. די רעפארמע האט זיך אבער אויך שטארק אבגערופען אויף׳ן לאנד־בעזיץ פון די פלאחין.

באדען־פערלוסט ביי בעדואינער.

די אונוויסענדע פלאחין האבען ניט געקאנט בעגרייפען דעם זין פון דער נייער רעפארמע און האבען זי בעטראכט אלס א גזרה פון דער פערהאסטער „דולה" (רע־גירונג), וועלכע מ׳דארף אויסמיידען ווי ווייט מעגליך. די ארימערע פלאחין האבען מיט א כיון פערלייקענט זייער אייגענטום, אום פטור צו ווערען פון דעם שטייער, וואס איז געווען פערבונדען מיט׳ן ארויסנעהמען פון „טאבו סענעדי" (די צייגנים אויף׳ן באדען). און האבען אויף אזא אופן פערלארען זייער באדען. אנדערע האבען אבגעטראטען זייערע נחלות פאר א שפאט־ביליגען פרייז צו די רייכע עפענדים, אבי נאר ניט צו האבען צו טון מיט דער רעגירונג, צו וועלכער דער פלאח בעציהט זיך נאך היינט מיט פערדאכט און מורא. דאס גרויסע דארף בית דגן (נעבען ראשון לציון) האט אויף אזא אופן פערקויפט א דריטעל פון זיינע באדענס צו רייכע עפענדים פון יפו. אין פיעלע ערטער האבען די תקיפ׳ע שייכען און רייכע שטאָדטי־שע איינוואוינער, וואס האבען געהאט א צד ביי דער רעגירונג, דורך שווינדלערייען און פאלשקייטען פערשריבען אסך לענדערייען אויף זייערע נעמען. פון דאן אָן זיינען גרויסע שטרעקעס באדען פערבליבען אין די הענד פון איינצעלנע אייגענ־טימער.

באדען־פערלוסט פון פלאחין.

און איצט איז דער גרעסטער טייל פון קולטיווירטען באדען אין ארץ ישראל ניט דאס אייגענטום פון די וואס בעארבייטען איהם — די פלאחין — נאר פון גרויסע גוט־בעזיצער, די אזוי גערופענע עפענדים. דערצו האבען געבראכט, אויסער די שוין דערמאנטע אורזאכען, נאך צוויי סבות. דער טערקישער געזעץ, אז יעדער קולטור־פעהיגער באדען וואס ווערט ניט בעארבייט דריי יאהר נאכאנאנד ווערט דאס אייגענ־טום פון דער רעגירונג האט אין א גרויסער מאס מיטגעהאלפען דער קאנצענטראציע פון באדען אין די הענד פון אייניגע קאפיטאליסטען. צוליעב דער שיטערקייט פון בעפעלקערונג אין א"י און די שווערע שטייערען און קליינע איינקינפטע פון באדען זיינען פיעלע לענדערייען ניט בעארבייט געווארען און אומגעקעהרט זיך לויט׳ן געזעץ צו דער רעגירונג, וועלכע האט זיי פערקויפט פאר זעהר קליינע פרייזען צו די רייכע עפענדים. אזוי האט א קריסטליכער באנקיר פון בירות (סורסיק) ערווארבען אין

קאנצענטראציע פון באדען.

1872 דעם נאָרדליכען טייל פון עמק יזרעאל מיט 20 דערפער — א שטח פון איבער 180 קוואדראט קילאָמעטער (אונגעפעהר 200.000 דונאם) — פאר די אונבעדייטענדע סומע פון 500.000 פראנק. בלויז דער יעהרליכער איינקונפט פון דעם באָדען איז ניט וויינינער פאר 300.000 פר. — מעהר ווי א העלפט פון דעם גאנצען פרייז.

מעהר פאר אלץ אָבער ווירקט אין דעם הינזיכט די שטענדיגע נויט פון פלאח וואָס פאלט געוועהנליך א קרבן צו דעם שטאָדטישען וואוכערער — מייסטענס א קריסטליכער אראבער. זעהר וועניג פלאחין זיינען גענוג פערמעגליך צו קענען עקזיס־טירען עקאָנאָמיש זעלבסטשטענדיג און ניט אָנצוקומען צו פרעמדע הלואות. די גרעסטע מעהרהייט פון לאנדבעפעלקערונג קאָן ניט אויסקומען דורך'ן יאָהר אָהן אן אנלייהע ביז'ן שניט. ביי מייסטע פויערים קלעקט דאָס גערעטעניש קוים אויף אויסצו־צאָהלען די חובות, און איהם אליין בלייבט אויסער אביסעל שפייז, קיין זאך ניט. דערי־בער קאָן זיך דער פלאח ניט בעגעהן אָהן דעם וואוכערער. די פּראָצענטען זיינען שרעק־ליך גרויסע — 3־2 פּראָצענט א חודש, און ענדליך ווערט דער פלאח וועמענס חובות וואקסען אלץ גרעסער און גרעסער געוועהנליך רואינירט. ווען ער איז שוין מעהר ניט אומשטאנד צו צאָהלען די פּראָצענטען — מוז ער אָבטרעטען זיין באָדען צום בעל־חוב. גאנצע דערפער געהען אויף אזא אופן אריבער אין רשות פון איינצעלנע קאַפּיטאַליסטען. דמשק'ער, עכו'ר, חיפה און יפו'ר קאַפּיטאַליסטען־וואוכערער האָבען אזוי ערוואָרבען די בעסטע לענדערייען אין עבר הירדן, גליל און יהודה, און איצט בעלאַנגט דער גרעסטער טייל באָדען אין ארץ ישראל ניט צו די פלאחין—נור צו די גרויס־גרונד איינענטימער.

קיין פּינקטליכע סטאטיסטיק בנוגע דער פערטיילונג פון באָדען צווישען די פערשיעדענע קלאסען איז ניטאָ. לויט דעם דייטשען אגראנאָם אויהאגען בעלאנגען צו די פלאחין 15 פּראָצענט פון די באָדענס אין עבר הירדן, 20 פּראָצענט — אין גליל און 50 פּראָצענט אין יהודה. דר. רופין טיילט מיט אן אָפּיציעלען בעריכט פון דמשק'ער ווילאיעט (וואָס שליסט איין דעם גאנצען עבר־הירדן), לויט וועלכען 60 פּראָצענט פון באָדען געפינט זיך אין גרויסבעזיץ, 15 פּראָצענט — אין מיטעלען און 25 פּראָצענט אין קליינבעזיץ. צו די עפענדים בעלאנגען אויך די גרעסטע טייל גערטנער ארום צידון, עכו, יפו, צפת און עזה. כמעט דער גאנצער עמק יזרעאל איז דאָס איינענטום פון איין קאַפּיטאַליסט — א בירות'ער קריסט.

די רעגירונג גופא איז פון די גרעסטע גוט־בעזיצער אין ארץ ישראל און סוריה. אין דער ליסטע פון טשיפטליקס*), וואָס איז פערעפענטליכט געוואָרען אין 1913, בשעת די רעגירונג האָט געדענקט, מחמת דוחק אין געלד נאָך די באלקאנישע און טריפּאָליטאַנישע קריג, צו פערקויפען איהרע באָדענס אין סוריה און מעסאָפּאָטאַמיע (בערך 28 מיליאָן דונאם), — געפינען זיך 390.000 דונאם אין עמק־הירדן (בית־שאנ־ער טשיפליק), איבער 100.000 דונאם אין חורן און 11.335.000 דונאם אין אנדערע טיילען פון דמשק'ער ווילאיעט. די רעגירונג בעזיצט אויך גרויסע שטרעקעס באָדען אין צפון און דרום ארץ ישראל — אין דער חולה און אין דער געגענד פון עזה.

*) די לענדערייען וואָס בעלאנגען דירעקט צו דער רעגירונג רופט מען אין א"י מיט'ן טערקישען נאָמען „טשיפטליק", הגם די אמת'ע בעדייטונג פון טשיפטליק איז א פאַרם, א גוט בכלל, אָהן אונטער־שיעד צי עס בעלאנגט צו דער רעגירונג אָדער צו א פּריוואַט־פּערזאָן.

געמיין־אייגענטום („מושא").

די באדענס וואס בעלאנגען צו די פלאחין זיינען טיילווייז אינדיווידועלע, טייל־ווייז קאמונאלעס אייגענטום. ביי די זעכציגער יאהרען פון 19טען יאהרהונדערט זיינען אלע פלאחישע לענדערייען געוועזן „מושא" (משע) — ד. ה. געמיינשאפטליכע אייגענטום. זינט די רעגירונג האט איינגעפיהרט דעם „טאבו" האט זי געצוואונגען די פלאחין זיי זאלען צוטיילען צווישען זיך דעם באדען. אין סוריה זיינען פון דאן די מעהרסטע באדענס פאנאנדער געטיילט געווארען צווישען די איינצעלנע, אייגענטימער, אין ארץ ישראל זיינען נאך אבער די גרעסטע טייל באדען פערבליבען „מושא". —געמיינשאפטליכעס אייגענטום. אין די דערפער אויף די בערג הערשט געוועהנליך די פארם פון אינדיווידועלען אייגענטום. אין די טאלען ווידער, בעזונדערס אין עמק השרון און די שפלה, איז דער אקערבאדען דאס שותפ'טע אייגענטום („מושא") פון גאנצען דארף. ד. ה. יעדער פלאח האט א רעכט אויף א בעשטימטען חלק, למשל דריי הונדערטסטעל, פינף הונדערטסטעל פון גאנצען אקערבאדען, דער חלק אבער איז ניט אויסגעטיילט אויף דעם אדער יענעם שטיק לאנד. פון צייט צו צייט (געוועהנליך אלע צוויי יאהר) ווערט דער „מושא"־באדען פון דאס ניי פאנאנדערגעטיילט על פי גורל צווישען די אייגענטימער און די שאדאדין — שאדאד ווערט אנגערופען א פלאח וואס האט א טייל אין מושא, שאדאדין איז דער רבים פון שאדאד — בעקומען נאטירליכערווייזע זייער טייל באדען יעדעס מאל אויף אנאנדער פלאץ.

פאנאנדערטיילונג פון „מושא"־באדען.

דער באדען ווערט צוטיילט לויט די צאהל „פעדאנ"ען וואס געפינען זיך אין דארף. א „פעדאן" (פדאן) אין אראביש מיינט בוכשטעבליך א פאר אקסען, עס ווערט אבער בענוצט אין זין פון שטח באדען, וואס א פאר אקסען קאנען אויפאקערען אין פערלויף פון ארבייט־סעזאן*). מערסטע פלאחין האבען נור צו איין פעדאן. ס'איז אבער פארהאן אויך אזעלכע וואס האבען צו עטליכע פעדאנס, אויך וואס האבען נור א האלבען פעדאן — ד. ה. איין אקס (אין אזא פאל מאכט ער שותפות מיט א צווייטען וואס האט אויך ניט מעהר ווי איין אקס און בעארבייטען צוזאמען זייער באדען.

דער באדען ווערט פאנאנדערגעטיילט אויף פאלגענדען אופן:

צוערשט ווערט דאס לאנד איינגעטיילט אין גוטע, מיטעלע און ערגערע סארט, דאן אויסגעמאסטען מיט א שטריק ווי אין די צייטען פון עמוס**) און צוטיילט לויט די צאהל פעדאנ'ס וואס איז פארהאן אין דארף. יעדער שאדאד בעקומט זיין חלק על פי גורל. דער גורל (אין אראביש: „ג'אראל") ווערט געצויגען דורך צוויי קליינע קינדער אין דער אנוועזענהייט פון אלע שאדאדין, וועלכע שרייען אוים יעדעס מאל ווען ס'ווערט ארויסגעצויגען א נייער גורל: אללה יקום בג'רלי (אלא יאקום בידזשא ראלי, ד. ה. גאט זאל אבהיטען מיין גורל!)***).

דאס שטיקעל באדען וואס פאלט אוים יעדען שאדאד ווערט ניט זיין אייגענטום, נור בלייבט אין זיין רשות ביז נאך'ן שניט; נאך דעם געהט עס איבער אין אנאנדער־

*) פעדאן אין אראביש איז דאס זעלבע וואס צמד אין העברעאיש. אין ערשטען זין ווערט בענוצט דער אויסדרוק „צמד בקר" (שמואל א' י"א 7), אין צווייטען זין „צמד שדה" (שמו"א י"ד 14).

**) ואמדתך בחבל תחולק (עמוס ז' 17).

***) עטוואס עהנליכעס איז ווארשיינליך אויך פארגעקומען אמאל ביי די אידען, ווי מ'קאן זעהן פון דעם פסוק אין תהלים (ט"ז 5—6): „אתה תומיך גורלי, חבלים נפלו לי בנעמים, , אף נחלת שפרה עלי".

רענס רשות. ביי אזא סיסטעם האט דער פלאח נאטירליך ניט קיין שום אינטערעס אין דער פערבעסערונג פון באדען: מיסטיגען די פעלדער, אבריייניגען די שטיינער, פערניכטען די ווילדע גראזען און געוויקסען וואס צערען אויס דעם באדען א. ד. ג. זיין איינציגע זארג איז נור וואס מעהר עקספלואטירען דאס לאנד פאר דעם יאהר אדער צוויי וואס עס געפינט זיך אין זיין רשות. פון אינטענסיווערווירטשאפט, וואס איז אויסגערעכענט אויף א לאנגע רייהע יאהרען, ווי פלאנטאציעס, קאן דא גאר קיין רייד ניט זיין. די איינציגע זאך וואס איז איהם נוגע איז די גערעטעניש פון דעם לויפענדען יאהר. דאס איז איינע פון די הויפט־סבות פון דער שרעקליכער פערלאזענקייט און אבגעשטאנענקייט פון דער פלאח'ישער ווירטשאפט.

**פעכטער און פאכט־בעדינגונגען.**

די גרויסע גוטבעזיצער בעווירטשאפטען זעלטען אליין זייער באדען, אזוי, אז טראץ דער הערשענדער פארם פון גרויסגרונדאייגענטום איז דער לאנדווירטשאפטליכער גרויסבעטרייב אין לאנד כמעט ניט בנמצא, אויסער אין איינצעלנע ערטער. אין צפון זייט פון מידבא (אין עבר הירדן) איז דא א גרויסער גוטבעזיצער מיט'ן נאמען אבו גאביר וואס אקערט מיט 40 פאר אקסען אין א מאל. ער דינגט ארבייטער אין דעם גאנצען אומגעגענד און צאהלט זיי אויסער אלע קאסטען א פערטעל פון דער ערנטע. אזעלכע פאלען זיינען זעהר וועניג. געוועהנליך פערדינגט דער גרויסער גרונד אייגענטימער זיין באדען צו פלאחין־ פ ע כ ט ע ר וואס רופען זיך דאן מוזרע (מוזארי) אדער חאראת. די בעדינגונגען פון פאכט זיינען פערשיעדען. דער פעכטער צאהלט געוועהנליך א פינפטעל (חומס) פון איינטראג אין פאל ווען ער בעקומט פון אייגענטימער נאר דעם באדען און א הויז צום וואוינען, אלעס איבריגער — ארבייטס־בהמות, זריעה און אנדערע קאסטען — גיט ער, דער פעכטער, אליין. טיילמאל ליפערט דער בעל הבית פון באדען אויך די זריעה. דער פעכטער אקערט, זייעט, שניידט און דרעשט און נעמט דערפאר א דריטעל אדער א העלפט פון דער ערנטע, וואס בלייבט נאך דעם אבצאהל פון „עושר". די גאר ארעמע פלאחין וואס פערמאגען ניט קיין אייגענעם אינוועטאר (ארבייטס־בהמות און ווערקצייג) ארבייטען אלס לוין ארבייטער אין א פרעמדער ווירטשאפט און ערהאלטען אלס זייער לוין א „חצה" (חיסא), ד. ה. א „טייל" פון דער ערנטע, געוועהנליך א „חומס", ד. ה. א פינפטעל.

די פעכטער וואס בעארבייטען דעם "טשיפטליק„—ד. ה. קרוין־לאנד—זיינען אין אלגעמיין גינסטיגער אוועקגעשטעלט איידער די פריוואט פעכטער. זיי צאהלען די רעגירונג א פינפטעל פון ערטראג אלס ארענדע, און זיינען שוין דערמיט בעפרייט פון „עושר" און אנדערע שוועריגקייטען וואס זיינען פערבונדען מיט שטייערען.

פיעלע לענדערייען אין עמק הירדן בעלאנגען צו בעדואינער פון עבר הירדן. די בעדואינער בעארבייטען אויך ניט אליין זייערע פעלדער, נאר די פלאחין פון מערב ארץ ישראל. די פלאחין געבען די זריעה, אקערען און זייען און קעהרען זיך אום אין זייערע דערפער. די בעדואינער בלייבען איבער צו היטען די פערזייטע פעלדער. אין צייט פון שניט קומען ווידער די פלאחין און שניידען און דרעשען. ווען די ארבייט איז געענדיגט נעמען די בעדואינער א דריטעל פון ערטראג, די פלאחין א דריטעל, און א דריטעל געהט אוועק אויף בעטרייבס־קאסטען.

די גאר גרויסע גרונד־אייגענטימער פערדינגען ניט זייער באדען דירעקט צו די פלאחין, נאר צו אונטערנעמער, פערמיטלער וואס פערטיילען שוין דאס לאנד צו די

„מוזרעין". די עקספלואטאציע פון פעכטער־פלאח ביי אזא סיסטעם איז געוועגליך א גרעסערע.

אויך ביים פאכט הערשט די סיסטעם פון „מושא"־באדען. דער פעכטער, אפילו ווען ער דינגט לאנד ביי דעם זעלבען עפענדי צענדליג יאהרען נאכאנאנד, בעקומט אלע צוויי יאהר אויסגעטיילט זיין באדען פון דאס נייע אויף אנ'אנדער ארט. אזא פעכטער האט נאטירליך נאך ווייניגער אינטערעס אלס א שותפות'ער אייגענטימער צו פערבעסערען דעם באדען.

## ו. וואוינונג און קליידונג.

די דערפער מאכען אן אונאנגענעהמען, מאנאטאנעם איינדרוק. די הייזער ווערען געבויט פון זעלבען מאטעריאל, פון וועלכען עס בעשטעהט דער ארומיגער באדען, און פון דערווייטענס גיסען זיי זיך דעריבער צוזאמען מיט'ן אונטערגרונד אויף וועל־



בילד 58.
פלאחישע הייזער, אין דער הויף פון ליים, הינטען פון שטיין.

כען זיי שטעהען. אין די בערג ליגען די דערפער אויף דעם סאמע שפיץ אדער אויבערשטען רוקען פון בארג, אום עס זאל זיין לייכטער צו פערטיידיגען זיך פון א פיינדליכען איבערפאל. אין די טאלען ווערען די דערפער געבויט געוועהנליך ניט ווייט פון וואסער־קוואל אדער ברונעם, וואוהין די פלאחישע טעכטער און פרויען געהען טעגליך שעפען וואסער מיט די קרוגען וואס זיי טראגען, ניט אויפ'ן אקסעל ווי רבקה, נאר אויפ'ן קאפ. אין גליל און שומרון זיינען מייסטע דערפער ארומגע־רינגעלט מיט קליינע פרוכטגערטנער — מייסטענס אליוועז, פייגען, גראנאטען, וויינשטאק, — אין יהודה און עבר הירדן טרעפט מען אבער פיעלע דערפער וואך

האבען ניט ארום זיך קיין איין בוימעל, אויסער פעראיינצעלטע פאלמען דא און דארט.

אין די גרעסערע דערפער זיינען פאראן צוויי קהל'שע געביידעס. א גאסט־הויז — אין אראביש מדפה (מעדאפא) אדער מנזול (מענזול), און געבעט־הויז — ג'מיע (בוכשטעבליך „פערזאמלונגס־הויז"). אין די קריסטליכע דערפער הייסט די לעצטע „כניסה". די קלענערע דערפער בעגנוגענען זיך בלויז מיט א גאסט־הויז. דערפאר אבער האבען זעהר פיעלע דערפער לאקאלע הייליגטימער, א קבר פון א הייליגען, א „נביא", אלשייך — די שוין דערמאנטע מקמ'ס אדער ולי (וועלי'ס), א קליינע קופאל־ארטיגע געביידע נעבען א הויכען שאטיגען בוים.

געבוי פון הייזער.

די הייזער ווערען געבויט אהן פלאן און ארדנונג, מייסטענס איינשטאקיג מיט פלאטשיגע דעכער, און פון דערווייטענס זעהען זיי אויס ווי רואינעס אדער אונפערענדיגטע געביידעס. אין די בערג, וואו שטיינער זיינען פאראן לרב, ווערען די הייזער געבויט פון ניט געטעשעטען שטיין. אין די טאלען, וואו די צופיהרונג פון שטיינער איז שווערליך און פערבונדען מיט הוצאות, בויען די פלאחין די הייזער פון ליימענע ציגעל, וואס ווערען געטרוקענט אויף דער זון, און אביסעל וואפנע. קיין האלץ ווערט אין די געביידעס ניט בענוצט אויסער דעם דאך, וועלכער ווערט בעלייגט מיט דיקערע צווייגען און אנדערע געוויקסען און ווערט פערשאטען מיט ערד, ליים און שטרוי. אין רעגען צוואוואקסט זיך אמאל דער ערדענער דאך און זעהט אויס ווי א גרין פעלד. עס פערוועלקט אבער זעהר שנעל (1). אין איינינע דערפער נעבען די אידישע קאלאניעס זעהט מען הייזער בעדעקט מיט רויטע דאכציגעל (קיראמיט).

דאס הויז פון פלאח בעשטעהט געוועהנליך נור פון איין צימער, וואס ווערט איינגעטיילט אין צוויי איבער איינאנדער ליגענדע טיילען. די נידריגע העלפט ביים אריינגאנג (רופט זיך אין אראביש „קע־אדדאר") דיענט אלס שטאל. דא האלט דער בעל הבית זיין קוה, קעלבעל, אייזעל און עופות: אין דער אויבערשטער העלפט, וואס איז מיט א שטאפעל העכער (הייסט אין אראביש מצטבה, העברעאיש אצטבה), זיצט די פאמיליע פון פלאח. פערמאכענדיג ביי נאכט די טהיר, האט דער פלאח ביי זיך זיין גאנץ הויזגעזינד און בעוועגליכען בעזיץ (2). פון דעם אונאנגענעהמען ריח פון די פיער־פיסיגע שכנים ווערט דער פלאח וויניג נתפעל. די רייכערע פלאחין האבען מייסטענס נאך אן אויבערשטען צימער אויפ'ן צווייטען שטאק, וואס רופט זיך אין אראביש (ווי אין העברעאיש) „עליה", וואו ער עמפפאנגט זיינע געסט. קיין קוימען איז אין הויז ניטא, און דער רויך פון דעם ליימענעם אויווען, אויף וועלכען די פויערטע קאכט פאר'ן הויזגעזינד, פילט אן דעם צימער און געהט ארויס דורכ'ן טהיר אדער דורכ'ן לאך אין וואנד, וואו ס'איז נאר פאראן אזעלכעס אנשטאט א פענסטער. קיין פענסטער אין אייגענטליכען זין פון ווארט איז אין די מעהרסטע

---

1) דאס איז דער „חציר גגות" (מלכים ב' י"ט 26) צו וואס דער נביא פארגלייכט אלע אונשטאנדהאפטע זאכען וואס פארגעהען שנעל.

2) אננעמענדיג אז די זעלבע איינריכטונגען האבען עקזיסטירט אויך ביי די פארצייטיגע **אידען,** ערקלערט פראפ. גוטהע דערמיט דעם זאנדערבארען נדר וואס יפתח האט געטאן פאר זיין געהן מלחמה האלטען מיט די בני עמון (שופטים י"א 31): מקריב צו זיין דאס ערשטע וואס וועט ארויסגעהן פון זיין הויז־טיר איהם אנטקעגען, ווען ער וועט זיך מיט פרידען אומקעהרען אהיים. יפתח זאל דערביי האבען געדענקט פון זיין פיה, וואס האט זיך אויפגעהאלטען אין הויז. צום אונגליק אבער איז ארויסגעקומען זיין איינציגע טאכטער.

פלאחישע הייזער ניטאָ. דער פלאח פאַרברענגט נאַטירליך ניט פיעל אין אזא דומפּער וואוינונג. ביי טאג איז ער אין פעלד אָדער אין גאַס, נור ביי נאכט קומט ער אין הויז. זומער שטעלט ער אויף אויפ'ן דאך א לייכטע ביידעל, וואו ער שלאָפט ביינאכט (3).

די גרויסע דערפער ווערען איינגעטיילט אין קווארטאַלען („חארת") און רופען זיך אויפ'ן נאמען פון דער „חמולה" (פאַמיליענפערבאנד) וואס וואוינט אין איהר. ווען צווישען די „חמולה'ס" פון א דאָרף הערשט א יאַהרלאַנגע שנאה — וואס טרעפט ניט זעלטען אין די גרעסע דערפער — טרעטען די מיטגליעדער פון איין חמולה ניט אריבער די טעריטאָריע פון דער צווייטער; יעדע האָט זיך דאן אן אייגענע „מנזול" (גאסט-הויז) און טייל מאָל אויך אן אייגען געבעט הויז. יעדענפאלס וועט קיינער פון דער פיינדליכער חמולה ניט איבערטרעטען די שוועל פון א „ג'מיע" אָדער א „כניסה", וואס ליגט אין דער גרעניץ פון א געגנערישען „חארת". אין קריסטליכען דאָרף טיבה, וואו ס'האָט געהערשט אזא שנאה צווישען צוויי קריסטליכע חמולה'ס, האָט דער צווייטער צד זיך אויפגעשטעלט א צווייטע „כניסה" און אנגעשטעלט אן



בילד 59.
הייזער אין מגדל מיט זומער וואוינונגען אויפ'ן דאך.

אייגענעם גלח. דערמיט איז דער פערקעהר צווישען ביידע פארטייען גרינדליך אָבגעשניטען געוואָרען.

אויסער דעם הויז און א קליינעם הויף ארומגעצוימט מיט א פלאָט פון דערנער, בויט דער פלאח ניט מעהר קיין אנדערע געביידעס, אזעלכע ווי שטאַלען, אמבארען א. ד. ג., מיט דעם אויסנאהם פון אן אויוון (אין אראביש טאַבון). די ארימערע פאַמיליעס האָבען בשותפות איין אויוון (4). דער פלאח האָט ניט קיין וואָגען און

(3) דאס איז פילייכט דער „בית הקיץ" פון די אמאָליגע אידען (עמוס ג' 15). אין משנה ווערט עס גערופען אלקטיות (מעשרות 3, 7; אהלות 19, 9).

(4) א שותפות'ער אויוון פאר עטליכע פאַמיליעס איז ביי די אידען בעטראַכט געוואָרען אלס אן אומגליק. זעה „ואפו עשר נשים לחמכם בתנור אחד" (ויקרא כ"ו 26).

ארבייטס כלים וואס ער זאָל דארפען האלטען אין א זיכערען פּלאַץ. די תבואה בע־האלט ער אין א „מטמורא“ — א צוגעדעקטער גרוב אין דער ערד (5).

טראגלאדיטען

עס זיינען נאָך ניט אין גאנצען פערשוואונדען פון לאַנד די טראָגלאָדיטען — איינוואוינער פון היילען. אין גלעד (ג׳בל עגלון) אין פארהאן א גאנץ דאָרף פון טראגלאָדיטען, מיט׳ן נאָמען ענב. אירביד (דער אמאָליגער ארבאל) — דער צענטר פון ג׳בל עג׳לון בעשטעהט פון האלב אונטערערדישע וואוינונגען. אויך אין דהריה, אין דער אומגעבונג פון חברון, וואוינט מען נאָך אין היילען. דהריה געפינט זיך אין דער אמאָליגער טעריטאָריע פון אדום — די היים פון די פארצייטיגע טראָגלאָדיטען — „חורים“ (6). אין פּעטרא (סלע) און אנדערע ערטער פון אדום געפינט מען נאָך איצט הונדערטער היילען וואס שטאמען פיליכט פון די חורים. אין מאנכע דערפער בענוצען די פלאחין איצט די היילען אלס שטאלען פאר די ציגען. א גרויסע צאהל אזעלכע היילען פערמאָגען די תעמרה, וואָס זיצען ביי די מערב ברעגעס פון ים המלח. ווי אמאָל ביי די אידען געברויכען טיילמאָל די פלאחין די היילען אלס שוטצאָרט



בילד 60.
טראגלאדיטען אין גלעד.

געגען פיינד. די פלאחין פון ארטס, ווען זיי פלעגען זיך צוקריגען מיט דער רעגיע־רונג האָבען זיך געוועהנליך צוריקגעצויגען אין די אונצוגענגליכע פעלזען־היילען. אזוי ווי עס האָבען פריהען געטאָן די אדומים (7).

דער היינטיגער פלאח זאמעלט ניט די מיסט פון זיינע בהמות, אום צו מיסטיגען דערמיט זיינע פעלדער, ווי עס האָט געטאָן דער אידישער פויער מיט צוויי טויזענד

5) ביי די אידען האָט דאס געהייסען „מטמון“ (ירמיה מ״א 8).

6) בראשית י״ד 6, ל״ו 20.

7) „זדון לבך השיאך שכני בחגוי־סלע מרום שבתו אמר בלבו מי יורידני ארץ“ (עבדיה א׳ 3), זעה אויך ירמיה כ״א 13, איוב ל׳ 6, מלחמות 1, 16, 4, בבלי שבת ס׳.

יאָהר צוריק (8). נאָר ער וואַרפט זי אַרויס אַלס א נוצלאָזע זאַך אויפ'ן מיסטבאַרג — אין אַראַביש מזבלה (העברעאיש „אשפה") — וואָס געפינט זיך אין יעדען דאָרף. אין פערלויף פון צעהנדליגער און הונדערטער יאָהרען ווערט דער באַרג מיסט אַלץ העכער און העכער, און די פלאַחין הויבען ענדליך אָן צו בויען דערויף זייערע הייזער. דער באָדען פון פיעלע דערפער בעשטעהט דעריבער פון אונגעהויער רייכע ערד, וואָס די אידישע קאָלאָניסטען קויפען טיילמאָל צו מיסטיגען זייערע כרמים און פרדסים.

אין די דערפער וואו ס'איז ניט פאַראַן קיין האָלץ און האָלץ־קוילען צום הייצען, בענוצט דער פלאַח צו דעם ציעל די פיה־מיסט, וואָס ער קלויבט צוזאַמען, קנעט זי אויס מיט שטרוי און מאַכט מיסט־קוכענס, וואָס רופט זיך אין אַראַביש ג'ילה (אין העברעאיש גלל, גללים), און נאָך דעם ווי עס טריקענט זיך אויס אויף דער זון ווערט עס געברויכט אַלס הייץ־מאַטעריאַל (9). דערפון שטאַמט דער ספּעציפישער, זעהר אונאַנגענעהמער ריח וואָס הערט זיך פון די אַראַבישע דערפער.

די אינערליכע איינריכטונג פון הויז איז זעהר אַן אָרעמע און איינפאַכע. די מעבעל בעשטעהט פון די אונפערמיידליכע אָריענטאַלישע ראַגאָזשע („חצירא"), אין רייכע הייזער אויך א קאַרפּעט („חוג'רא"), אויף וועלכע מען זיצט און מ'עסט (פון טיש און שטוהלען ווייס מען נאָך ניט), אַביסעל בעטגעוואַנד („פירשי"), א קאַסטען פאַר דער פרוי'ס מלבושים, עטליכע שטרויענע קוישלעך און ערדענע און קופּערנע כלים צום קאָכען און עסען, ליימענע קרוגען צו האַלטען וואַסער און אַנדערע פליסיג־קייטען, א האַנדמיל („טאַחונה" אָדער „רחי") א. ד. ג. דער פלאַח איז זעהר שפּאָ־רעוודיג, און אין דעם זעלבען „דיסט" (א גרויסע פאַן) אין וועלכער מ'קאָכט עסען פאַר די געסט, וואַשט מען אויך די וועש פון דער פאַמיליע.

די קליידונג („כסוה" אָדער „מלבוס") פון פלאַח איז לייכט און איינפאַך, ווי ס'פאָדערט דער קלימאַט פון לאַנד. אויפ'ן קערפּער טראָגט ער א ווייסען אָדער בלויען „חלק" (חאַלאַק) אָדער „טאָב" — א גראָבען העמדאַרטיגען קיטעל פון בוימוואָהל, וואָס דערגרייכט ביז די קניה, — און גאַרטעלט זיך אַרום מיט א ברייטען שנור „זונאר." דער דאָזיגער קיטעל דיענט גלייכצייטיג אַלס א העמד און א ראָק. קיין הויזען טראָגט דער פלאַח געוועגליך ניט. איבער דעם „טאָב" הענגט דער פלאַח אָן די „אבאי" — א שוואַרץ געשטרייפעלטער מאַנטעל פון גראָבע וואָל, וואָס בעשטעהט פון צוויי פיער־עקיגע שטיקער, מיט צוויי גרויסע לעכער אין דער פאָדערשטער זייט פאַר די הענד. די „אבאי", הגם ניט זעהר עלעגאַנט, איז זעהר א נוצליכער בגד.

8) דער אידישער פויער האָט אַזוי הויך געשאַצט די ווערט פון מיסט, אַז ער האָט ניט נור בעהאַלטען און גענוצט זיין שטאַל מיסט (תוספתא, פסחים ב' 18), שטרוי־מיסט (בבא קמא ג' 3) אַש (תוספתא, שבת ח' 19) א. ד. ג., נאָר ער האָט אויך געקויפט די בלוט וואָס האָט אַרויסגערונען פון בית המקדש און נחל קדרון, אום צו מיסטיגען דערמיט זיינע גערטנער (יומא ה' 6) און האָט אַפּטמאָל בעצאָהלט הויכע פּרייזען פאַר נאָך ניט צוגעגרייטען מיסט (בבא מציעא ה' 7) אום צו זיין זיכער, אַז ער וועט בעצייטענס קאָנען געבען זיין פעלד דעם נויטיגען מאַטעריאַל.

9) דעם זעלבען געברויך פון פיה־מיסט האָבען געמאַכט די אידען אין דער צייט פון יחזקאל הנביא. „ראה נתתי לך את צ פ י ע י ה ב ק ר תחת גללי האדם, ו ע ש י ת א ת ל ח מ ך עליהם" (יחזקאל ד' 15). די היינטיגע פלאַחין בענוצען קיינמאָל ניט פאַר דעם ציעל מענשליכע צואה. דער נביא האָט אויך געהאַלטען פאַר א שטראָף די נויט צו באַקען ברויט אויף אַזאַ מיסט: ועגת שעורים תאכלנה, ו ה י א ב ג ל ל י צ א ת ה א ד ם תעגנה לעיניהם (יחזקאל ד' 12). אויף אַזאַ ברויט האָט דער נביא געזאָגט אַז ס'איז טמא.

דער פלאח געברויכט זי פאר די פערשיעדענסטע צוועקען. בייטאג שיצט זי איהם פון רעגען און קעלט, ביינאכט דיענט זי איהם אלס א אונטערדעק און א קאלדרע. ער האלט אין איהר ווי אין א זאק גערשט אדער גראז פאר זיין בהמה און שפרייט זי אויס ווי א טעפיך צו דאווגען דערויף ווען ער איז אין וועג (10). מיט שיך איז דער פלאח זעהר שפארזאם. פון קיין זאקען ווייס ער ניט. לרב געהט ער גאר באָרוויס, נאר ווען ער גרייט זיך אין א ווייטען וועג אדער געהט איבער א שטעכעדיג פעלד טראגט ער ברייטע לאפטיעס פון רויט אדער געל לעדער. מעהר פערשווענדעריש איז ער מיט די קאפ־בעדעקונג. אויפ'ן גלאט ראזירטען קאפ טראגט ער א קאפעל פון בוימוואהל ארייגצונעהמען די שוויים פון קאפ. דערויף א צווייטען קאפעל פון פעלץ — „לעבאדע“ — און איבער דעם א רויטען טארבוש ארומגעבונדען מיט



בילד 61.
א פלאח מיט זיין אייזעלע.

א דיקען רויטען, געלען, ווייסען — לויט'ן מנהג פון ארט — טוכעל, וואס רופט זיך לפה (לעפע). די דאזיגע דרייגארענדיגע אומהילונג איז ניט נור א שוץ געגען די הייסע זונענשטראלען, נאר דיענט אויך אלס קישען צוקאפענס בשעת'ן שלאף. מאנכע פלאחין, בעזונדערס די יונגערע, בעדעקען דעם קאפ אויפ'ן בעדואינישען שטייגער — מיט א „קעפיע“ — א טיכעל וואס העגגט אריבער איבער'ן אקסעל און איז ארומ־

(10) די העברעאיש „שלמה“ האט אויך ערפילט די דאפעלטע פונקציע פון א מלבוש ביי טאג און א צודעק ביינאכט, און דעריבער האט די תורה בעפוילען אומצוקעהרען די פער'משכנ'טע „שמלה“ פאר'ן זונענאונטערגאנג: “כי היא כסותה לבדה, היא שמלתו לעורו, במה ישכב“... (שמות כ"ב 26).

געוויקעלט מיט אנ׳„אגאל“ — א שווארצע, דיקע, וואָלענע שנור. די רייכערע פלאחין קליידען זיך ווי די שטאָדט־איינוואוינער.

די פלאחישע פרוי טראגט אויך א „חלק“ (אָדער טאָב) און א „אבאי“ — עטוואס עלעגאנטער ווי די מענערשע. אין מאנכע ערטער טראגט זי הויזען. די מוסלימישע פרויען אין דאָרף פארדעקען ניט דעם פנים, ווי זייערע שטאָדטישע שוועסטער, נאָר בלויז דעם קאָפּ..



בילד 62.
א פלאחישע פרוי.

אין איינינע ערטער, בעזונדערס אין שומרון, טראגען זיי אויף ביידע זייטען געצ־זיכט א „צמדה“ (סמאדע) — אזא סאָרט האלבע־לבנה אויף וועלכע ס׳זיינען אָנ־געהאנגען א מאסע זילבערנע מטבעות (11). דאָס איז ניט בלויז א צירונג, נאָר צוגלייך

---

11) דאָס זיינען ווארשיינליך די אלט העברעאישע „סהרונים“ (ישעיה ג׳ 18). מאנכע פון די סטאטועס פון עשתרת, וואס מ׳האָט געפונען אין פעניקיע און אינזעל קיפרוס (קפריסין), טראגען אקוראט אזעלכע האלבע לבנות.

אויף די געלד קאסע פון דער פרוי. אזא „סמאדע“ טראגען נור פערהייראטע פרויען (זיי טוען דאס צום ערשטען מאל אן ביי דער חתונה), און דערמיט איז לייכט אונטער־צושיידען א פערהייראטע פון אן אונפערהייראטע פרוי. בכלל האבען די פלאחישע פרויען זעהר ליעב צו ציערען זיך. זיי טראגען איבעראל בראסלעטען („אסאווער“), פינגערלעך — חותם (חאוואטעם) פון זילבער און בליי — און אין מאנכע ערטער פוס־רינגען („חולחאל“) (ווארשיינליך די אלט העברעאישע „עכסים“, ישעיה ג׳ 18). קיין אויריגגלעך געברויכען זיי ניט, דערפאר טראגען זיי ערטערווייז נאז־רינגען אין איינעם פון די נאזלעכער (12). ווי די אידישע פרויען אין אלטערטום (13) פארבען זיך די פלאחינען די אויגען מיט „כחל“, א שווארצע שמינקע וואס דיענט גלייכצייטיג אי פאר שעהנקייט אי פאר שטארקען די אויגען, און די פינגער מיט „חנה“, א רויטע פארב. אויך טרעפט מען זעהר אפט דאס טאטואירען, וואס איז געווען פארבאטען צו די אידען (ויקרא י״ט 28).

## ז. פלאחין ווירטשאפט.

בעשעפטיגונג פון פלאחין.

די הויפטבאשעפטיגונג פון די פלאחין איז לאנדווירטשאפט. אין מאנכע דערפער פערנעהמען זיך די איינוואוינער אויך מיט פרימיטיווע הויז־אינדוסטריען ווי פלעכטען ראגאזשעס און קארבען, וועבעריי און טעפעריי, און אזעלכע ביי־מלאכות ווי קאלך־און קוילען־ברענען, מויערעריי. אייניגע זיינען אויך גמלים טרייבער, קרעמער און הענדלער. די איבערוויגענדע מעהרהייט אבער פון דארף, ווי אויך א טייל פון שטאדטישען ישוב, לעבט פון אקערבוי, פלאנטאציעס, גרינסבעטריעב און פיה־צוכט.

1. אלגעמיינע כאראקטעריסטיק.

אבגעשטאנענ־קייט פון ווירטשאפט.

דער פלאח צייכענט זיך אויס מיט אויסערגעוועהנליכען קאנסערוואטיזם און קולטורעלער אונבעוועגליכקייט און זיין ווירטשאפט טראגט אויף זיך דעם שטעמפעל פון פרימיטיווער איינפאכקייט און אבגעשטאנענקייט. זיין וואוינונג און קליידונג, ארבייטס־מעטאדען און ארבייטס־אינוועטאר האבען זיך ניט געענדערט זייט הונ־דערטער יאהרען, פונקט ווי די צייט וואלט ניט געהאט אויף איהם קיין שליטה. דער אונגעהויערער פראגרעס פון מאדערנער לאנדווירטשאפט, די נייע, ראציאנעלע אר־בייטס־מעטאדען און די אנווענדונג פון וויסענשאפטליכע ערפינדונגען און מאשינען אין לאנדבוי זיינען דעם פלאח נאך איצט אזוי פרעמד ווי מיט טויזענד יאהר צוריק. ניט נור האט ער ניט די מינדעסטע אהנונג פון די פאלקאמענערע כלים און נייע מא־שינען פון מאדערנעם לאנדווירטה, נאר ער ווייס נאך אפילו ניט דעם געברויך פון אזעלכע געוועהנליכע פויערישע ווערקצייג ווי א וואגען, א בראנע, א קאסע. ער בע־נוצט איצט די זעלבע כלים וואס עס האבען געברויכט זיינע אורעלטערען, פיליכט

---

(12) נאז־רינגען — נזמי־אף — זיינען אויך געווען צווישען די צירונגען פון די „בנות־ציון“ (ישעיה י׳ 21).

(13) „ותשם בכחל עיניך ועדית עדי“ (יחזקאל כ״ג 40), די פאר״ב האט אויך געהייסען „פוך“: „ואיזבל שמעה ותשם בפוך עיניה“ (מלכים ב׳ ט׳ 30); „כי תקרעי בפוך עיניך — לשוא תתיפי“ (ירמיה ד׳ 30). אויך אין דער צייט פון משנה איז דער „כחל“ בענוצט געווארען פאר שעהנקייט (לקשוט) און געזונד (לרפואה); „אם לרפואה — כדי לכחול עין אחת, אם לקשט — בשתי עינים“ (שבת פ׳).

זינט דער אראבישער עראָבערונג פון לאַנד, אויב ניט פריהער. זיין גאנצע בעל־הבית׳ישקייט, לויט׳ן אויסדרוק פון אגראָנאָם אויהאגען, שטעלט מיט זיך פאָר א לעבעדיגען מוזעאום פון אלטערטום, און זיין ווירטשאפט אונטערשיידעט זיך ניט פון דעם ווירטשאפט פון פאר טויזענד יאָהר און מעהר, אויסער דעם וואס עס איז איצט מעהר פאראַרימט.

פערגלייך מיט אלט אידישער לאנדווירט־שאפט.

מאנכע שרייבער זעהען אין דער איצטיגער לאנדווירטשאפט פון ארץ ישראל, ווי זי ווערט בעטריבען דורך די פלאחין, א געטריי בילד פון דער אידישער אגריקולטור מיט צוויי טויזענד יאָהר צוריק. דאָס איז ניט אין גאנצען ריכטיג. אין פערגלייך מיט דעם צושטאַנד פון׳ם לאַנדבוי ביי אידען אין דער צייט פון זייער נאציאָנאלער זעלבסטשטענדיגקייט און אויך עטליכע הונדערט יאָהר נאָך׳ן חורבן — איז די לאַנדווירטשאַפט פון די מאָדערנע פלאחין זעהר פיעל דעגראדירט און צוריקגעשטאַנען, ניט נור אין כמות, נאָר אויך — און בעזונדערס — אין איכות. אין שטח פון בעאַרבייטען באָדען, אין אינטענסיוויטעט און טעכניק שטעהט דער לאַנד־בוי פון די פלאחין אין דער געגענווארט אומפערגלייכליך נידריגער ווי אין דער צייט פון אידישער הערשאפט אין די ערשטע יאָהרהונדערטער נאָכ׳ן חורבן, כל זמן אידען האָבען נאָך אין קאָמפאַקטע מאַסען בעזעסען און בעארבייט זייער לאַנד. דער טעראַסען־בוי (1) די קינסטליכע בעוואַסערונג (2), בעמיסטיגונג (3) און אמעליאראציע (פערבעסערען און רייניגען) פון באָדען (4), וואס אידען האָבען פּראַקטיצירט מיט צוויי מיט א האלבען טויזענד יאָהר צוריק, זיינען דעם איצטיגען פלאח אונבעקאנט, מיט דער אוסינאהם פון אייניגע געצעהלטע ערטער; גרויסע שטרעקעם לאנד ווערען דעריבער ניט קולטיווירט, דער בעארבייטער באָדען גיט ניט אזוי אזוי רייכליך זיין פּרוכט ווי אמאָל, און אָרעמקייט, אָבגעלאָזענקייט, עלענד און נויט הערשען דאָרט, וואו מען דערקענט נאָך קלאָר די סימנים פון אמאָליגען וואוילשטאַנד, די פרוכט פון אינטענסיווער ווירטשאפט און העכערער קולטור.

1) משנה שביעית ג׳ 8; משנה כלאים א׳ 2; ירושלמי שבת ז׳ 10, תוספתא שביעית ג׳ 4.

2) קהלת ב׳ 6, מלחמות 4, 8, 3; מועד קטן י״א, משנה שביעית ב׳ 4, משנה בבא בתרא א׳ 6, משנה פאה ה׳ 3, עירובין ק״ד.

3) משנה יומא ה׳ 6, תוספתא פסחים ב׳ 18, משנה שביעית ג׳ 4; ג$ 2; משנה שבת ח׳ 5.

4) מגילה י״ד, בבא בתרא נ״ד, משנה שביעית 2, 3; 3, 7; 4, 2.

### 2. פעלדארבייט.

יאהרעס צייטען.

לויט דעם טעמפעראטורגאנג און רעגענפעהעלטניסע אונטערשיידעט דער פויער אין א"י, היינט אזוי גוט ווי פארצייטענס, צוויי הויפט יאהרעס צייטען — זומער און ווינטער אדער טרוקענצייט און רעגענצייט (1). דער פריהלינג און הערבסט זיינען ניט מעהר ווי קורצע איבערגאנגס־פעריאדען צווישען די צוויי הויפט־סעזאנען. אויך די פערשיעדענע פרוכטען ווערען, לויט דער צייט פון זייער פארזען און רייף ווערען, איינגעטיילט אין ווינטער פרוכטען (אראביש — שיתאווי) און זומער־פרוכטען (צייפי). די גרעניץ צווישען די צוויי מינים איז ניט איבעראל פעסטגעשטעלט.

ווינטער און זומער פרוכטען.

ביי פערשיעדענהייט פון קלימאט אין א"י ווערען מאנכע פרוכטען פאררעכענט אין איין ארט צו דער ערשטער, אין אן אנדער ארט — צו דער צווייטער קאטעגא־ריע. מאנכע תבואות ווערען אויף איין און דעם זעלבען ארט געזייעט אמאל אלס ווינטערדיגע און אמאל אלס זומערדיגע. די וויכטיגסטע מינים־צווישען ווינטער תבואה זיינען ווייץ און גערשט, דאן קומען פול (באהנען), לינזען (עדשים) און חומצה (ארבסען). פון זומער־תבואה זיינען די וויכטיגסטע דורא, סעזאם (שומשמין) און מאיז. דערצו ווערען אויך פעררעכענט פערשיעדענע גרינסען ווי וואסער־מעלאנען, ארבוזען, אוגערקעס.

די הערשענדע סיסטעם פון אקערבוי איז די צוויי פעלד־ווירט־שאפט — אויף דעם זעלבען פעלד בעשטעלט מען איין יאהר ווינטער תבואה, און דאס פאלגענדע יאהר — זומער תבואה. פון דעם מעהר פאלקאמענעם פרוכט וועקסעל פון מאדערנער ראציאנעלער לאנדווירטשאפט וויים דער פלאח ניט. ער האלט זיך ביי דער סיסטעם וואס ער האט גע'ירשנ'ט פון זיינע אורעלטערען פון הונדערטער, טויזענדער יאהרען צוריק.

נאך דער ארבייט טיילט דער פלאח דאס יאהר אין פיער צייטען:

1) צייט פון אקערען און זייען: נאוועמבער — ענדע יאנואר.

2) צייט פון שניט און דרעשען: מאי — אויגוסט.

3) טרויבענצייט (בציר): מיטען יולי — מיטען אקטאבער.

4) צייט פון אליוועןערנטע און אויל־פערפערטיגונג: אקטאבער — מיטען נאוועמבער.

דער ארבייטס־קאלענדאר פון היינטיגען פלאח אונטערשיידעט זיך כמעט גאר ניט פון דעם פון העברעאישען פויער פון פאר דריי טויזענד יאהר, ווי מיר זעהען

1) דער אורעלטער העברעער האט איינגעטיילט דאס יאהר נור אין צוויי טיילען — קיץ און חורף. „כל ימי הארץ זרע וקציר, וקר וחם, וקיץ וחרף, ויום ולילה לא ישבתו" (בראשית ח', 22). שפעטער, אין דער צייט פון דער משנה האט מען די צוויי טיילען גערופען „ימות החמה" (זונענטעג) און „ימות הגשמים" (רעגענטעג), אדער „ימי־ניריד" (טרוקענצייט) און „ימי רביעה" (פייכטע צייט).

פון דעם העברעאישען אויפשריפט וואס איז געפונען געווארען אין גזר (2). דער אידישער פויער אבער, אמווייניגסטען פון פאר צוויי טויזענד יאהר, ד. ה. אין דער



בילד 63.
דער קאלענדאר פון גזר.

2) אין די אויסגראבונגען פון גזר איז געפונען געווארען אן אלט העברעאישער קאלענדאר אויפשריפט, וואס איז פיליכט דער עלטעסטער העברעאישער דאקומענט. ער בעשטעהט פון זיבען שורות און לעזט זיך (לויט פראפ. מארק לידזבארסקי) ווי פאלגט:

| אריגינאל | איבערזעצונג |
| --- | --- |
| 1) ירח אסף. ירח ז | 1) חורש פון ערנטע· חודש פון ז |
| 2) רע. ירח לקש | 2) ייען. חודש פון שפעט-גראז |
| 3) ירח עצד פשת | 3) חודש פון פלאקס־שניט |
| 4) ירח קצר שערם | 4) חודש פון גערשטען־שניט |
| 5) ירח קצר כל | 5) חודש פון אלגעמיינעם שניט |
| 6) ירח זמר | 6) חודש פון אבשניידען (וויינשטאק) |
| 7) ירח קץ | 7) חודש פון פייגענערנטע |

צייט פון משנה האָט געטאָן זיין ארבייט פיעל גרינדליכער און אינטענסיווער און מיט מעהר זאָרגפעלטיגקייט אלס דער היינטיגער פלאח (3).

דער פלאח טוט קיין זאַך ניט צו פערבסערען דעם באָדען — דאָס וואָס איז דעם

3) צאהלרייכע אָנווייזונגען וועגען דער אינטענסיוויטעט און גרינדליכקייט פון דער אידישער לאנדווירטשאַפט אין ארץ ישראל מיט צוויי טויזענד יאָהר צוריק זיינען פערשפּרייט אין אַלע טיילען פון דער תלמודישער ליטעראַטור — משנה, תלמוד, ירושלמי, תוספתא, ספרא, ספרי, מדרשים.



בילד 64.
א פלאח מיט זיין „פראז".

די אונגעהויערע רייכע העברעאישע טערמינאלאגיע, אין אַלע געביעטען פון לאנדווירטשאַפט, וועלכע מען טרעפט אין דער משנה און אין אַנדערע טיילען פון דער תלמודישער ליטעראַטור, צייגע אויף דער הויכער מדרגה אויף וועלכער די לאַנדווירטשאַפט איז דאַמאלס געשטאַנען (דאָס איז, אגב, אויך א בעוויז אַז די לאַנדווירט-שאַפטליכע בעפעלקערונג האָט גערעדט ביז גאָר א שפּעטע צייט העברעאיש און ניט אַראַמיש, וואָס איז געווען מעהר פערשפּרייט צווישען די שטאָדט איינוואוינער). פערגלייך, צום ביישפּיעל, פאָלגענדע שטעלען: „כל דבר שהוא להניית הקרקע חייב משום חורש: החופר, החורץ, הנועץ, המדייר, המעדר, המזבל, המכבד, המרביץ, המפעפע גושים, המברה בחרשים, המצית את האור בחושת קנים ובאגד תמרים, — המסקל, הבונה מדרגות, הממלא את הנקעים שתחת הזיתים והעושה עוגיות לגפנים וכל דבר שהוא להניית הקרקע..." (ירושלמי שבת פ"ז

פארצייטיגען אידישען פויער געווען בעקאנט מיט'ן נאמען „שבח־קרקעות“ (4) און אומצוקעהרען איהם די שטאפען וואס ער ציהט יעהרליך פון איהם ארויס. דער באדען פון א"י האט שוין הונדערטער יאהרען נאכאנאנד ניט געקראגען קיין מיסט (5), און עס איז כמעט אונפערשטענדליך ווי אזוי טראגט דאס לאנד טראץ דעם נאך אלץ פרוכט, אין מאנכע ערטער, ווי אין חורן, אפילו אין א אויסערגעווענליך גרויסער מאס. געווענליך לאזט דער פלאח אויסרוהען זיין באדען איין מאל אין צוויי יאהר — ד. ה. ער לאזט יעדעס יאהר א העלפט אדער א דריטעל באדען „בור“ — אונבעארבייט. דער גלייכגעוויכט פון די נאהרונגס־שטאפען פון באדען ווערט געוויסערמאסען אויפגעהאלטען דורך דעם וועקסעל פון זומער און ווינטער תבואה, וואו עס בייטען זיך שטיקשטאף־זאמלענדע (לינזען און ארבסען) און טיעף־ווארצעל־דיגע פרוכטען (דורא און סעזאם) מיט שטיק־שטאפצערענדע און פלאך־ווארצעלדיגע (ווייץ און גערשט).




בילד 65.

אן אראבישער אקער. אין דער הויך א „מינסאס“, העברעאיש מלמד הבקר אדער מרדע.
1) קאבוסא (אראביש). 2) דאקר (אראביש), חרב (העברעאיש). 3) בורך (אראביש), ברך (העברעאיש).
4) א־נאטח (אראביש). 5) אל־סאוואדזשיר (אר.), בירית (העב.). 6) וצלה, יצול (אר.), יצול (העב.).
7) סיקא (אר.), סיכתא (אראמיש), קנקן (העב.).

פון די פערשיעדענע פעלד־ארבייטען איז די איינציגע, וועלכע דער פלאח פיהרט דורך אמבעסטען, דאס אקערן, און אויך דאס אויף א זעהר פרימיטיווען אופן.

דער אראבישער אקער איז זעהר א אייפאכער אינסטרומענט, וואס איז עהנ־ליך — אויב ניט אידענטיש — צום אלט אידישען אקער ווי ער ווערט געשילדערט

---

ה"ב). „הראשונים חרשו, זרעו, ניכשו, כיסחו, עדרו, קצרו, עמרו, דשו, זרו, בררו, טחנו, הרקידו, לשו, קיטפו ואפו“ (ירושלמי שקלים פ"ח ה"א). „הקוצר, הבוצר, המוסק, הגודר, התולש והאורה — כלן משום קוצר“ (ירושלמי שבת פ"ז ה"ב). „כל דבר שהוא מבחיל את הפירות חייב משום ז ו ר ע : הנוטע, המבריך, המרכיב, המקרסם, המזרד, המפסל, המזהב, המפרק, המאבק, המעשן, המתליע, הקוטע, הסך והמשקה ומנקב, והעושה בתים. וכל דבר שהוא להבחיל את הפירות (דארט).

4) משנה גטין 5, 3.

5) ווי ווייט דער פערצייטיגער אידישער פויער האט אבגעשעצט די וויכטינקייט פון מיסטי־גען די פעלדער — זעה בעמערקונג 8, אויף זייט 348, און בעמערקונג 3, אויף זייט 352.

6) משנה כלים 21, 2; תוספתא כלים 1, 7.

אין דער משנה (6). אין גליל איז ער עטוואס פאלקאמענער ווי אין יהודה. דער אייזערנער שפיץ (אין אראביש סיקה, ווי אין אראמיש) וואס איז אנגעטאן אויף א הילצערנעם לייסט (אין אראביש דאקר), דרינגט ניט אריין טיעף אין באדען און קעהרט איהם ניט איבער, נאר צושארט אביסעל די ערד, אויף 10-15 סענטימעטער טיעף. און מאכט זי פעהיג אויפצונעהמען די זאמען. דער פלאח רייניגט ניט אב דאס פעלד פון שטיינער און דערנער און בוימווארצלען, ווי עס האט געטאן דער אידישער פויער (7), נאר ווייכט אוים די שטערונגען מיט זיין לייכטען, שיקליכען אקער.

דער ערשטער שטארקער רעגענגוס פון „יורה" (פריה-רעגען), וואס פאלט גע-



בילד 66.
א פלאח אקערט מי טאנ'אייזעל און א קוה.

וועהנליך ענדע אקטאבער אדער אנפאנג נאוועמבער, בעפייכטעט דאס טרוקענע און דורשטיגע לאנד נאכ'ן לאנגען רעגענלאזען זומער, דאמאלס געהט דער פלאח ארויס צו זיין ארבייט. אין יהודה פערזייעט מען דאס פעלד פאר'ן אקערן. אויף'ן אונ-אויפגעאקערטען און מיט דערנער בעדעקטען פעלד פערשפרייט דער פויער מיט'ן

7) „סקול" (שטיינרייניגען) — שביעית 2, 3; קוץ" (דערנעררייניגער) — שביעית 4, 2.

8) נעגען דעם האט געווארענט דער נביא פון ענתות, וואס ליגט אין יהודה: „נירו לכם ניר ואל תזרעו אל קוצים" (ירמיה ד', 3).

האנד די זריעה און פעראקערט עס זאפארט (8). אין גליל דאגעגען אקערט מען צוערשט און מען זייעט דערנאך.

אין אקער ווערען געוועהנליך געשפאנט א פאר אקסען, טיילמאל אויך קיה, ווי עס האבען געטאן די אידען אין ביבלישע און משנה'שע צייטען (9). די ארעמערע פלאחין שפאנען אויך צוזאמען א קוה אדער אן אקס מיט אן אייזעל, א זאך וואס איז ביי אידען געווען פערבאטען (10). זעלטען שפאנט מען איין אין אקער א פערד אדער א פרדה. אין דרום א"י זעהט מען אויך גמלים פיהרען דעם אקער. בערגהיים דערצעהלט, אז ער האט געזעהן אייניגע מאל פרויען איינגעשפאנט צוזאמען מיט אן אייזעל אין אקער (11).

ווען דער פלאח געהט אין דער פריה ארויס אין פעלד אקערען, טראגט איהם דאס אייזעל דאס זעקעל זריעה, און אין דער צייט וואס די אקסען אקערען — פאשעט זיך דאס אייזעל דערנעבען, ווי אין איוב'ס צייטען (12). די אקסען ווערען אנגעטריבען מיט א לאנגען שטעקען, דער אלט העברעאישער „מלמד הבקר", וואס רופט זיך אין אראביש „מינסאס". דער שטעקען האט אין איין עק א שפיציגען נאגעל (אראביש — „נאקאזא") צו שטעכען און אונטערטרייבען די פוילע אקסען, און אין אנדערען עק — א קליין שויפעל („סאבוט") צו רייניגען דאס מעסער פון אקער, אקוראט ווי דער „מרדע" פון משנה (13).

זריעה.

דער ניט טיעפער פרימיטיווער אקער לאזט איבער פיעל אונקרויט אין פעלד, און מען מוז דעריבער דאס פעלד עטליכע מאל רייניגען פון די שעדליכע גראזען, ווען ניט קאן די תבואה גענצליך דערשטיקט ווערען. נאר פאר די זומער תבואה ווערט דאס פעלד מעהרערע מאל געאקערט אום אומצוברענגען די צאהלרייכע אונקרויטען.

צום ערשט ווערט פערזעעט פול און לופין, נאכהער קומט ווייץ און גערשט (דעצעמבער—יאנואר), לינזען און ארבסען ווערען געזייעט צום לעצט, שוין אם ענדע ווינטער (פעברואר—מארט). זומער־תבואה ווערט געזעעט שוין נאך די לעצטע גרויסע רעגענס (מלקוש אפריל—מאי), ווייל זיי נויטיגען זיך שוין ניט אין גרויסע בעפייכטונג (וואס איז פאר זיי זאגאר שעדליך) און בעגנוגענען זיך בלויז מיט דער געדיכטער טוי וואס פאלט ביינאכט אין פערלויף פון גאנצען זומער.

נאך איידער עס פארענדיגט זיך די פעריאדע פון אקערען און זייען הויבט זיך אן

---

9) שופטים י"ד, 18; מלכים א', י"ט, 19; איוב א', 14; עמוס ו', 12; בבא מציעא 6, 4; שביעית 5, 8.

10) „לא תחרוש בשור ובחמור יחדיו" (דברים כ"ב, 10). דערפון וואס דאס איז פערבאטען געווארען, קען מען דרינגען, אז עס איז דאמאלס פראקטיצירט געווארען, אמווייניגסטען ביי די כנענים.

11) פ. באלדענספערגער, איינער פון די בעסטע קענער פון די פלאחין אין ארץ ישראל, אין אן ארטיקעל איבער דער פלאחישער פרוי אין „קווארטערלי סטייטמענט" פון פאלעסטיין עקספלאריישאן פאנד (פאר 1900, זייט 177), לייקענט ענטשיעדען אב אלע ערצעהלונגען וועגען פלאחישע פרויען וואס ווערען איינגעשפאנט אין אקער. ק. ר. קאנדער אבער בעמערקט דערויף, אז ער האט אליין געזעהן א פרוי שלעפען אן אקער צוזאמען מיט אן אייזעל און ער לייגט דערביי צו די עדות פון איינעם דר. טשאפלין, וואס האט געזעהן אין עמק השרון א פרוי איינגעשפאנט צוזאמען מיט אן אייזעל אין אקער.

12) „הבקר היו חורשות והאתונות רעות על ידיהם" — איוב א' 14.

13) אויך דער אקסען-שטעקען פון אידישען פויער האט געהאט א נאגעל „דרבון", און א קליינעם שויפעל „חרחור" (משנה כלים 25, 2).

דער סעזאָן פון שניידען (14). נאָך דעם לעצטען רעגען, וואָס פאלט אוים בערך האלב מאַי ווערט די תבואה שנעל רייף. צום ערשט ווערט געל דער גערשט, נאכהער דער ווייץ. דער גערשטענשניט הויבט זיך אָן אָנהויב מאַי, ווייץ ווערט געשניטען מיט עטליכע וואָכען שפּעטער. ניט אומעטום ווערט די תבואה פארטיג אין דער זעלבער צייט. אין ירדן טאָל מיט זיין טראפּישען קלימאט הויבט מען אָן שניידען גערשט אין אָנפאנג אפּריל, אין עמק השרון און די שפלה — ענדע אפּריל, אין די בערגיגע געגענד אין מיטען מאַי אָדער נאָך שפּעטער.

שניט. דִי תבואה ווערט געשניטען מיט'ן פּרימיטיווען סערפּ (אין אראביש מינג'ל, העברעאיש מגל). סעזאָם, כרסינה, שפּייז־לינזען ווי אויך גערשטען ווען זיי וואקסען קורץ, ווערען אָבגעריסען מיט דער בלויזער האנד. דער געברויך פון א קאָסע איז אונבעקאנט. די איינצעלנע ארבייטען פון שניט זיינען די זעלבע, וואָס זיינען אונז



בילד 67.
א זייער.

בעקאנט פון תנ"ך. די זאנגען ווערען געבונדען אין קליינע גארבען, געלייגט אין א הויפען און מיט די הענד — אָדער ווען דאָס פעלד איז ווייט — אויף'ן רוקען פון אייזעל (זעלטען אויף גמלים און פרדות) צוגעטראגען צום דרעש פּלאַץ (אראביש „ביידאר", אין יהודה זאגט דער פלאח אָפּט ג'רן, ווי אין העברעאיש). דער געברויך פון א וואָגען איז דעם פלאח גאנץ אונבעקאנט, הגם דער אידישער פויער האָט דאָס שוין בענוצט מיט טויזענדער יאָהר צוריק (15).

לקט און פאה. דער אידישער מנהג פון „לקט" איז נאָך איבעראל אָנגענומען. פרויען און קינדער, אָהן אונטערשיעד פון אָרעם ביז רייך, געהען נאָך די שניידערס און קלויבען אויף די זאנגען וואס די גארב־מאכער לאָזען איבער אין פעלד. דאָס הייסט אין

14) „ונגש חורש בקוצר" (עמוס ט', 13).

15) עמוס ב', 14; כלאים 8, 4; שביעית 5, 6; כלים 14, 4.

אראביש „לקטה“ (לוקאטא) אָדער ציפּת (סעיאפּאט). א פליסיגע „קלויבעריין“ קאָן צוזאמענגעמען אין א טאָג מעהר וויפיעל זי איז אימשטאנד צו פערדיענען אלס טאָג־לוינעריין. אין מאנכע דערפער עקזיסטירט נאָך דער מנהג פון פאה — איבערצולאזען אונאבגעשניטען א ביסעל תבואה פאר אלמנות און יתומים. דאס הייסט אין אראביש ג׳רועה.

דער דרעש־פּלאַץ איז דאס שתפות׳ע אייגענטום פון גאנצען דאָרף. דאס איז געוועהנליך א גלאטער שטיינערנער פּלאַץ נאָהענט צום דאָרף. אין די בערג איז עס טיילמאָל א גרויסער, פלאכער נאטירליכער פעלז. קיין קינסטליכע שייערס איז ניטאָ. קיין דאָך איז ניט נויטיג, ווייל אין צייט פון שניט און דרעש פאלט שוין מעהר ניט קיין רעגען (16). אויפ׳ן אלגעמיינעם שייער האָט יעדער פלאח זיין בעשטימטען פּלאַץ וואו ער לייגט אוועק זיין תבואה אין א בעזונדער הויפען.

דאס דרעשען קומט פאר אויף צוויי אופנים:

דרעשען.

1) מיט בלויזע בהמות. מ׳לייגט אוים די תבואה אין א קרייז אין דער הויך פון א קניע — דאס רופט זיך אין אראביש „טרחא“ (טארחא), און אלע בהמות וואס דער פלאח פערמאגט, אָקסען, אייזלען, גמלים טרעטען אזוי לאנג אויף דער תבואה ביז די קערנער טיילען זיך אָב פון די זאנגען. צוליעב דעם הייסט דאס דרעשען אין אראביש „דרס“, וואס מיינט אזוי ווי אין העברעאיש טרעטען מיט די פיס. דער אָרט דרעשען איז אויך געווען בעקאנט די אוראלטע אידען (17). די דאָזיגע סיסטעם ווערט אם מעהרסטען פּראַקטיצירט אין יהודה.

די פלאחין בעזונדערס די קריסטליכע האלטען ניט דעם אידישען דין פון „לא תחסים שור בדישו“ (18), און זיי פערבינדען אָפט דאס מויל פון די אָקסען בשעת׳ן דרעשען. די מוסלימער טוען דאס אבער זעלטען.

2) מיט א דרעש־שליטעל, וואָס בעשטעהט פון א ברייט, גראָב ברעט, פון אונטען בעזעצט מיט שטיינדלעך און שטיקלעך אייזען. דאס ברעט ווערט איינגעשפּאַנט אין א פּאָר אָקסען, דער פויער שטעלט זיך דערויף ארויף און שליטעלט זיך אזוי לאנג אויף דער „טארחא“ ביז די תבואה ווערט אויסגעדראשען און די שטרוי צוריבען. אזא דרעש־ברעט רופט זיך אין אראביש נורג׳, אבער די פלאחין רופען עס מורג׳, ווי עס האָט געהייסען אין העברעאיש (19).

דאס דרעשען מוז זיך אָנהויבען גלייכצייטיג אין גאנצען דאָרף. ווארום מען דאַרף דערויף בעקומען אַן ערלויבעניס פון שטייער־פּעכטער, וואָס דאַרף נעהמען זיין „מעשר“. ווען דער פלאח וויל אויסדרעשען א ביסעל תבואה פאר׳ן אלגעמיינעם דרעשען, אָהן אַן ערלויבעניש. קלאפּט ער אוים די זאנגען בגנבה מיט א שטעקען, און אזא סאָרט דרעשען הייסט ניט „דרס“ נאָר „חבט“ אָדער „דק“, ווי אין העברעאיש (20). מאנכע פון די זומער תבואה, ווי סעזאם ווערט אויך ניט געדראָ־

---

16) „כשלג בקיץ וכמטר בקציר“ (משלי כ״ו, 1), איז געווען א משל פאר אַן אונמעגליכע זאַך. אויף דער פלאח האָט א ווערטעל „זלקת פי תמוז“ — א גאָסרעגען אין תמוז, ד. ה. א זאַך דער אונמעגליכקייט.

17) מיכה ד׳, 13.

18) דברים כ״ה, 4.

19) שמואל ב׳, כ״ד, 24; דברי־הימים כ״א, 23; ישעיה מ״א, 15.

20) ווען גדעון אָהט אוים מורא פאר די מדינים אויסגעדרעשט בגנבה זיין ווייץ אין א ווינקעלער, האָט ער אויך דעם ווייץ ניט אויסגעדרעשט נור אוים־געקלאָפּט, און דער תנ״ך געברויכט דערפאר דעם זעלבען וואָרט ווי דער היינטיגער פלאח: „וגדעון

שען, נאָר אויסגעקלאַפּט מיט א שטעקען, ווי אין די צייטען פון ישעיה הנביא (21).

די דרעש־מאַשינען וואס ווערען בענוצט אין אידישע פאַרמס זיינען די פלאַחין אונבעקאַנט.

דאַס דרעשען קומט פאַר ביי־טאָג, ווען די זון וואַרעמט שטאַרק און מאַכט לויז די קערנער אין די זאַנגען. דאַס ווינדשווינפלען דאַגעגען קומט פאַר ביינאַכט — ווען עס בלאָזט א לייכטער ווינד. דער פּרימיטיווער אַרט דרעשען, סיי מיט בהמות, סיי מיט דרעש־שליטלעך, טיילט ניט אָב בעזונדערס די קערנער פון שטרוי און די פּלעווע. עס ווערט דעריבער בענוצט צו רייניגען די תבואה א הילצערנער גאָפּעל מיט עטליכע צונגען, וואס רופט זיך אין אראביש מזריה (מיזראַיא) — מזרה אין



בילד 68.
א דרעשער.

העברעאיש. די זאַרנעס און די פּלעווע ווערט געשליידערט אין דער הויך דורך'ן גאָפּעל, און דער בלאָזענדער ווינד טראָגט אוועק די פּלעווע אין א זייט (22), און די שווערע זאַרנעס פאַלען צוריק אראָב אויף דער ערד אויפ'ן זעלבען אָרט. עס איז פאַר דער ארבייט נויטיג א מעסיגער ווינד, וואס זאָל זיין גענוג צו פערטראָגען די

בנו חבט חטים בגת להניס מפני מדין" (שופטים ו', 11). אויך ביי רות'ן ווערט גע־ברויכט דער וואָרט חבט (רות ב', 17). דעם טערמין „דק" בגעגענען מיר אויך אין תנ"ך: „לחם יודק, כל לא לנצח אדוש אדושנו" (ישעיה כ"ח, 28).

21) „כי לא בחרוץ יודש קצח — כי במטה יחבט קצח וכמון בשבט" (ישעיה כ"ח, 27).

22) „כמץ יסער מגרן" (הושע י"ג, 3); „כמץ אשר תדפנו רוח" (תהלים א' 4).

לייכטע פּלעווע, און צו שוואַך מיטצושלעפּען די קערנער. מען מוז דעריבער אבווארטען אויף אזא ווינד אום צו קאָנען שויפלען, און אָפט מאָל מוז דאָס מען דאס ט.ג.ז ביינאכט ווי בועז האָט דאָס געטאָן (23). די ווייטערע מעהר גרינדליכע רייניגונג קומט טיילמאָלס פאַר שוין אין דער היים פון פלאח. דאס איז די ארבייט פון דער פרוי, וואס בעשעפטיגט זיך דערמיט אין די זוניגע ווינטער־טעג אויף די דעכער פון די הייזער.

די צייט פון שניט און דרעשען איז די פרעהליכסטע צייט אין יאָהר ביי די פלאחין ווי אמאָל ביי די אידען 24). מענער, פרויען און קינדער געפינען זיך דאן איז פעלד און שפּעטער אויפ'ן שייער. ווען די תבואה ליגט אויפ'ן שייער, בעזונדערס ווען מ'הויבט שוין אָן צו דרעשען, שטעלט מען געוועהנליך אוועק וועכטער, צו היטען די הויפענס תבואה (25), ווארום די גנבות אויפ'ן שייער זיינען פון אוראלטע צייטען אָן געווען זעהר פערשפּרייט צווישען די האלב־ווילדע שבטים פון א"י (26).

די „צייט פון שייער" (וואקת־אל־ביידאר) איז אָבער פאר'ן פלאח אויך ניט אָהן זאָרגען — ער דארף דאמאָלס בעצאָהלען אלע זיינע חובות.

עושר.

קדם כל קומט דער בעל־עשר (דער שטייער־פּעכטער), דאָס איז איינע פון די גרעסטע פּלאָגען וואָס דריקען און רואינירען דעם פלאח. דער אָרימער פּויער ליידעט ניט בלויז פון דער הויכקייט פון שטייער, (געזעצליך 12 און א האלב פראצענט פון ברוטא אייננאהמע, פאקטיש נאָך פיעל מעהר, פערגלייך העכער ז. 98) נאָר אויך — און בעזונדערס — פון דער ארט און וויזע ווי אזוי דער שטייער ווערט אויפגענומען. דער בעל־עשר נעמט זיין חלק אין נאטור. און די גאנצע תבואה מוז דעריבער ליגען אויף'ן שייער ביז ער נעמט צו זיין טייל. שוין מאי ליגט געוועהנליך די תבואה אויף'ן שייער, מ'טאָר אָבער ניט דרעשען כל זמן דער בעל־עשר ערלויבט ניט. דערווייל ליגט די תבואה אוף'ן שייער און שטעהט אין געפאהר פערדארבען אָדער בע'גנב'עט צו ווערען. דער בעל־עשר לעגט מיט א כיוון אָפּ אלץ לענגער דאָס דרעשען כדי צו צווינגען די פלאחין געבען איהם מעהר ווי עס קומט געזעצליך. לויט'ן געזעץ האָבען די אקערבויער אפילו דאָס רעכט צו פאָדערען פון שטייערפּעכטער צו קומען אין א בעשטימטע צייט, אָבער די בעאַמטע, וואָס דארפען דאָס געזעץ דורכפיהרען זיינען געוועהנליך אויף'ן זייט פון תקיפ'ען שטייערפּעכטער, וואָס איז מייסטענס א רייכער עפענדי און א חשוב ביי דער לאָקאלער רעגירונג. ווען ער קומט שוין ענדליך אין דאָרף אין דער בעגלייטונג פון עטליכע משרתים, פערברענגט ער 4־5 טעג ניט צוטרעטענדיג צו די געשעפטען, מיט פערשיעדענע אויסריידען. דאָס דאָרף דערווייל מוז איהם און זיינען משרתים מיט זייערע פערד אויסהאלטען די גאנצע צייט. ענדליך הויבט ער אָן צו מאכען א רשימה פון אלע „שאדאדין" (דאָרפס־בעזיצער) מיט זייער „פעדאנ"ען. ער רופט צוזאמען די שייכען פון דאָרף און הויבט אָן ריהמען די גרויסע גערעטעניש וואס אללא האָט צוגעשיקט (אפילו ווען ס'איז אין דער אמת'ן זעהר א שלעכט יאָהר), און די פלאחין אוים העפליכקייט מוזען נאטירליך צושאָקלען און ענטפערען „חמד אל אללה" (לויב צו גאָט!). דער בעל עשור ווענדעט זיך צו איינעם פון די פלאחין און פרעגט וויפיעל דענקט ער

23) „הנה הוא זורה את גרן השעורים בלילה" (רות ג', 2).

24) ישעיה ט', 2; תהלים קכ"ו, 5—6.

25) בועז האָט אליין געמוזט היטען זיין הויפען אויפ'ן שייער (רות ג', 7).

26) „הִנֵּה פְלִשְׁתִּים — וְהֵמָּה שֹׁסִים אֶת הַגֳּרָנוֹת" (שמואל א', כ"ג, 1).

בעטרעפט זיין איינגאהמע, און איידער דער פלאח בעווייזט נאך צו ענטפערען, בע־צייכענט שוין דער בעל עשור אליין א סומע וואס איז 6־5 מאל אזוי גרויס ווי די ווירקליכע. די פלאחין ערווידערען דארויף נאטירליך, אז הגם, ס'איז געוועזן א ברכה קאן דאך אזוי פיעל ניט זיין. דער שפיעל ווערט אזוי פארטגעזעצט ביז איינער פון די צדדים ווערט מיעד און גיט נאך. געוועהנליך געבען זיך די פלאחין די ערשטע אונטער און שטימען איין צו בעצאהלען פיעל מעהר אלס דער געזעץ פאדערט פון זיי. אבי זיי זאלען נור קאנען ענדיגען דאס דרעשען און צונעהמען אהיים וואס עס פער־בלייבט זיי. ווען ס'קומט ניט צו אן אויסגלייך בלייבט דער בעל עשור אדער זיינער א מענש ביז די תבואה ווערט אויסגעדראשען, אויסגעשויפעלט און דאן איינגעטיילט אין אכט טיילען, און דער בעל עשור נעמט זיך אוים איין טייל. ביז דאן פאשען זיך זיינע פערד אויפ'ן גורן. און דערצו נעמט ער נאך געוועהנליך א צוגאב מיט'ן אויסרייד, אז די פלאחין בע'גנב'ענען אין דער צייט פון דרעשען זייער אייגענע תבואה.

נאך דעם שטייערפעכטער קומט דער וואוכערער. דער געלד־מאנגעל פון די פלאחין איז זעהר גרויס און כמעט יעדער איז פערטאן אין שולדען. דער וואוכערער איז לרב אויך דער תבואה סוחר (אמאל אויך דער בעל עשור), וואס קויפט אב די גערעטעניש פון פלאח נאך פון פריהער אויף זעהר קליינע פרייזען.

נאך דעם ווי דער פלאח צאהלט אב אלע זיינע חובות, בלייבט איהם שוין זעהר ווייניג. קאן ער נאך אלע שולדען בעצאהלען, אז ס'זאל איהם בלייבען גענוג עסען פאר זיך און פאר זיין פאמיליע — האט ער זעהר א גוט יאהר, ווען ניט — מוז ער ווייטער זיך פערשולדיגען אויף הויכע פראצענטען (20־30 א יאהר), דער שולדען־לאסט ווערט אלץ גרעסער, ביז ניט בלויז זיין גאנצער איינקונפט, נאר אויך זיין גאנצער בעזיץ געהט אריבער צום פראצענטניק. אין אזעלכע פעלע טרעפט עס אפט, ווי אין דוד המלך'ס צייטען 27), אז דער פערשולדיגטער פלאח מאכט פליטה, געהט אריבער דעם ירדן און שליסט זיך אן אין א בעדואינען־שבט אדער א רויבער־באנדע — און ווערט אין גאנצען א „פרייער מאן.“

3. טיפען פון פלאחין ווירטשאפט.

מיר האבען ביז איצט בעטראכט די אינסטרומענטען און מעטאדען פון דער פלאחישער פעלדארבייט: מיר וועלען איצט אין עטליכע קאנקרעטע ביישפיע־לען זעהען דעם אינהאלט און צושטאנד פון דער פלאחישער ווירטשאפט. די פאל־גענדע דריי טיפען פון פלאחין־ווירטשאפט זיינען ענטנומען פון דער ווירקליכקייט. די ערשטע צוויי — פון דער אומגעבונג פון לוד (לויט די אנגאבען פון אגראנאם י. ווילקאנסקי, וועלכע דר. רופין האט פערעפענטליכט) און די דריטע — פון דארף זיף, אין דער אומגעבונג פון חברון (לויט די אנגאבען פון דייטשען אגראנאם ה. אויהאגען).

דער ביישפיעל 1 קאן בעטראכט ווערען אלס דורכשניטליכער טיפ פון א ניט־ארע־מען פלאחין־ווירטשאפט אין א"י. דער שטח פון בעארבייטעטען באדען איז 100 דונאם, אדער א געוועהנליכער „פעדאן“. די ארבייטער זיינען דער פלאח און זיין פרוי, קיין פרעמדע ארבייט ווערט ניט בענוצט. די איינציגע ארבייטס־בהמות זיינען א פאר אקסען, פון עטוואס נידריגער אלס מיטעלמעסיגע ווערט. די גאנצע

27) שמואל א', כ"ב, 2.

ווירטשאפטס־אינסטרומענטען בעשטעהען פון א הילצערנעם אקער און א דרעש־ברעט. קיין געביידעס אויסער א הייזקע און א „מטמורה" און אן אויוועז איז ניטא. דער ריינער יעהרליכער ריוח פון ווירטשאפט איז ארום 750 פראנק. דאס איז די הכנסה פון באָדען און פון עטליכע שאף ביי אייגענער ארבייט. די הכנסה בלייבט אין קעשענע פון פלאח אין פאל ווען ער האט ניט קיין חובות, וואס איז ניט קיין געוועהנליכע ערשיינונג. א פערשולדיגטער פלאח האט קוים א העלפט דערפון און אמאל א העלפט אויך ניט.

## ערשטער ביישפיעל.

שטח ארום 100 דונאם, מיטעלער באָדען. עס ארבייטען נור דער פלאח און די פרוי.

א) אנלאגע קאפיטאל:

| | |
|---|---|
| באָדען — — — — — — — — — — — — — | 2.500 ביז 4.000 פראנק |
| געביידעס — — — — — — — — — — — — | 200 ביז 300 פראנק |
| לעבעדיגער אינווענטאר: 2 אָקסען 300 פראנק. 5 שאף 100 פראנק. | |
| טויטעס אינווענטאר: אקער, דרעשברעט 30 פראנק. | |
| | 3.130 ביז 4.730 פראנק. |

ב) פרוכטוועקסעל:

50 דונאם ווייץ, גערשט, כרסינה.

50 דונאם סעזאם אָדער דורא.

ג) ווירטשאפטס־אויסגאבען:

| | |
|---|---|
| ווינטער זריעה — — — — — — — — — — — — — — | 160 פראנק |
| זומער זריעה — — — — — — — — — — — — — — | 25 פראנק |
| אהיימפיהרען די תבואה אויף א געדונגענעם גמל — — — | 75 פראנק |
| שמירה (וואך) — — — — — — — — — — — — — — | 20 פראנק |
| 2 קאנטאר „קוסבע" (סעזאם קוכען) פאר די אָקסען — — — | 60 פראנק |
| עשר, ווערגו, דארף־שטייערען — — — — — — — — — | 500 פראנק |
| | 840 פראנק |

ד) ווירטשאפטס איינגאהמען:

| | |
|---|---|
| 35 דונאם ווייץ 120 כלי (3360 ק"ג) — — — — — — — — | 720 פראנק |
| 10 דונאם גערשט — — — — — — — — — — — — — | 190 פראנק |
| 5 דונאם כרסינה — — — — — — — — — — — — — | 100 פראנק |
| 35 דונאם סעזאם — — — — — — — — — — — — — | 400 פראנק |
| 15 דונאם דורא — — — — — — — — — — — — — — | 250 פראנק |
| מילך און צוּוואוּקס פון שאף נאך דער אברעכנונג פון הוצאות פאר פאשע — — — — — — — — — — — — | 30 פראנק |
| | 1.590 פר. |

ריינער ריוח — — — 750 פראנק.

## צווייטער ביישפיעל.

שטח — ארום 100 דונאם, זעהר גוטער באָדען.

אויסער דעם פלאח און זיין פרוי ארבייטען אויך צוויי געדונגענע ארבייטער פאר עטליכע חדשים.

א) אנלאגע קאפיטאל:

| | |
|---|---|
| באָדען — — — — — — — — — — — — — | 4.000 ביז 6.000 פראנק |
| געביידען — — — — — — — — — — — — — | 400 פראנק |

לעבעדיגער אינוועטאר:

| | |
|---|---|
| 4 אקסען — — — — — — — — — — — — — | 600 פר. |
| 1 אייזעל — — — — — — — — — — — — — | 60 פר. |
| 1 קוה אָדער 6 שאָף — — — — — — — — — — — | 120 פראנק |
| | 780 פראנק |

טויטער אינוועטאַר.

| | |
|---|---|
| 2 אקערס מיט אן אייזען — — — — — — — — — — — | 30 פראנק |
| דרעשברעט — — — — — — — — — — — — | 15 פראנק |
| | 45 פראנק |
| | 5.225 ביז 7.225 פר. |

ב) פרוכטוועקסעל ווי אין ערשטען ביישפיעל.

ג) ווירטשאפטס אויסגאבען:

| | |
|---|---|
| ווינטער זריעה — — — — — — — — — — — — — | 160 פראנק |
| זומער זריעה — — — — — — — — — — — — — | 25 פראנק |
| ארבייטער לוין — — — — — — — — — — — — — | 160 פראנק |
| א געדונגענער גמל אהיימצוברענגען די תבואה — — — — | 100 פראנק |
| א סטאָליער — — — — — — — — — — — — — | 20 פראנק |
| שמירה — — — — — — — — — — — — — | 20 פראנק |
| 2 קאנטאר קוסבע — — — — — — — — — — — — | 60 פראנק |
| עשר, ווערגו און דארפס אויסגאבען — — — — — — — | 650 פראנק |
| | 1195 פר. |

ד) ווירטשאפטס איינגאהמען:

| | |
|---|---|
| 35 דונאם ווייץ, 200 כלי (5.600 ק"ג) — — — — — — — | 1200 פר. |
| 10 דונאם גערשט, 80 כלי (1.600 ק"ג) — — — — — — — | 300 פר. |
| 5 דונאם כרסינה, פול, לינזען — — — — — — — — — | 200 פר. |
| 35 דונאם סעזאם — — — — — — — — — — — — | 700 פר. |
| 15 דונאם דורא — — — — — — — — — — — — | 250 פר. |

איינקונפט פון קוה אדער שאף נאך דער אברעכנונג פון קאסטען
פאר פאשע — — — — — — — — — — — — — 30 פר.

2.680 פר.

ריינער ריוח — — — 1.485 פראנק.

דער אונטערשיעד צווישען ערשטען און צווייטען ביישפיעל איז נור אין קוואליטעט פון באדען און עטוואס גרעסערע אינטענסיוויטעט פון דער ארבייט.ביידע ווירטשאפטען בערוהען גענצליך אויף אקערבוי. די פיהצוכט שפיעלט א אונבעדייטענדע ראלע. קיין פלאנצונגען זיינען גענצליך ניטא. דאס זעלבע אויך גרינסען.

## דריטער ביישפיעל.

א פיעל מעהר ענטוויקעלטען און קאמפליצירטען טיפ פון ווירטשאפט שטעלט מיט זיך פאר דער דריטער ביישפיעל. א חוץ פלחה איז דא אויך פארהאן אין א ברייטער מאס פיהצוכט און פלאנטאציעס. א חוץ אייגענעם באדען בעארבייטען די בעלי־בתים אויף ארענדירטען פרעמדען באדען און געדונגענע ארבייט ווערט אנגעווענדעט אין א גרעסערען מאסשטאב. אויסער די ווירטשאפט־אויסגאבען ווערען אויך אנגעוויזען די פאמיליען אויסגאבען, אזוי אז מיר האבען א קלאר און אלזייטיג בילד פון עקאנאמישען לעבען פון א פ ע ר מ ע ג ל י כ ע פלאחישע פאמיליע (אייגענטליך עטליכע שתפות'ע פאמיליעס).

די ווירטשאפט געהערט צו דריי פערהייראטע ברידער בשתפות: א חוץ צוויי גרויסע זיהן, וואס זיינען בעשטענדיג טעטיג אין ווירטשאפט, זיינען נאך פארהאן 7 קינדער אין עלטער פון 2 — 14 יאהר, פון וועלכע די עלטערע העלפען ביי דער ארבייט ווען ס'מאכט זיך א געלעגענהייט. צו די דריי ברידער בעלאנגען 315 דונאם אייגענער באדען, אויסער דעם נעמען זיי נאך אין ארענדע 60 דונאם פרעמדען באדען, און צאהלען דערפאר א דריטעל פון ערטראג און נאטור צום בעל הבית, די רעשט בלייבט זיי.

א חוץ די 60 דונאם פאכט־לאנד בעטרעפט די ווירטשאפט די פאלגענדע סומען:

א) אונבעוועגליכעס אייגענטום:

300 דונאם אקער־באדען, צו 15 פר. א דונאם — — — — — 4.500 פר.
15 דונאם ווייגגארטען, צו 200 פר. א דונאם — — — — — 3.000 פר.
א בעסער וואוינהויז מיט עטליכע געביידעס — — — — — 3.600 פר.

11.100 פר.

ב) לעבעדיגער אינווענטאר:

6 אקסען צו 140 פראנק — — — — — — — — — 840 פר.
1 גמל — — — — — — — — — — — — — 200 פר.
1 אייזעל — — — — — — — — — — — — — 40 פר.
150 ציגען צו 10 פראנק — — — — — — — — — 1.500 פר.
50 שאף צו 12 פראנק — — — — — — — — — 600 פר.
3 הינער — — — — — — — — — — — — — 3 פר.

3.183 פר.

ג) טויטער אינוועטאר:

| | |
|---|---|
| 2 אקערס צו 10 פראנק — — — — — — — — — — — — — — | 20 פר. |
| 2 זיפען צו 2 פראנק — — — — — — — — — — — — — — | 4 פר. |
| 2 ווינדשויפלען — — — — — — — — — — — — — — — | 3 פר. |
| 3 העק. — — — — — — — — — — — — — — — — — | 6 פר. |
| זאטעל און שטריק פאר א גמל — — — — — — — — — — | 8 פר. |
| | 41 פר. |
| ס"ה פון אנלאגע קאפיטאל | 14.324 פר. |

ד) איינגאהמע פון פעלד:

אין ביישפיעל יאהר (1904-5) איז פערזייעט געווארען 68 „טאבע" (א טאבע איז 24 קילאגראם) ווייץ, און אבגעערנטעט 57 גמל־לאסטען צו 12 „טאבע" אדער צוזאמען 684 טאבע, וואס מאכט אויס עטוואס מעהר אלס א צעהנפאכיגער ערטראג. דערפון זיינען 7 גמל־לאסטען פערבליבען אלס זריעה, 25 גמל־לאסטען ווערען פערברויכט פאר'ן הויזגעזינד, און 25 גמל־לאסטען, ד. ה. 300 „טאבע" צו 4 פר. ווערט פערקויפט פאר 1200 פר.

גערשט ווערט פערזייעט 36 „טאבע" (צו 22 ק"ג א טאבע), און די ערנטע איז 30 גמל־לאסטען (אקוראט א צעהנפאכיגער ערטראג). דערפון ווערט פערווענדעט 7 לאסטען פאר די ארבייטס־בהמות, 3 לאסטען פאר זריעה און 20 לאסטען צו 20 פר. ווערט פערקויפט פאר 400 פר.

דורא ווערט געזייעט 3 „טאבע", ערנטע 120 טאבע (14־פאכיגער ערטראג). דערפון פערבלייבען 3 פאר זריעה, 57 פאר שפייז אין הויז און 60 ווערען פערקויפט צו 2 פר. — 120 פר.

לינזען — געזייעט 12 טאבע (2412 ק"ג), ערנטע 36 טאבע (א שלעכטע ערנטע, 3־פאכיגער ערטראג). דערפון בלייבען 2 טאבע פאר'ן הויז, 6 פאר זריעה און 28 ווערען פערקויפט צו 4 פר. — 112 פר.

כרסינה — געזייעט 24 טאבע, ערנטע 120 (5־פאכיגער ערטראג). דערפון בלייבען 24 פאר זריעה, 16 פאר'ן גמל און 80 ווערען פערקויפט צו 2.5 פר.—200 פר.

פון ווייגגארטען ווערען פערקויפט 400 ראטעל (צו 25 ק"ג) ראזינען צו 1.10 פר. — 440 פראנק.

ה) איינגאהמע פון פיה:

| | |
|---|---|
| 30 ראטעל פוטער צו 6 פראנק — — — — — — — — — — | 180 פר. |
| 50 ראטעל „לבן" („לעבען") — זויער מילך — צו 1.5 פר. — | 75 פר. |
| 20 שעפעלעך, צו 8 פראנק — — — — — — — — — — — | 160 פר. |
| 30 ציגען צו 6 פראנק — — — — — — — — — — — — | 180 פר. |
| איינקונפט פון גמל פאר 10 טראנספארט לאסטען נאך יפו, — | 120 פר. |
| פאר פערדונגען די אקסען — — — — — — — — — — — | 140 פר. |
| | 780 פר. |

ו) ווירטשאפטס־אויסגאבען:

1) שטייערען: ווערגו (גרונדשטייער) פאר'ן הויז 12 פר., פאר'ן כרם 10 פר., פאר 300 דונאם אקערלאנד — 34 פר., צוזאמען 56 פר.

פאר שאף און ציגען, צו 1 פראנק — 200 פר.

גמל, פערד און אייזעל 4.50 פר., פאר וועגען 16.50 פר., פאר שולע 2.75 פר., — צוזאמען שטייערען 279.75 פר. (אויסער דעם עשר, וואס איז שוין אבגערעכענט געווארען פון ערנטע ערטראג).

2) ל ו י ן — דער פאסטוך בעקומט יעהרליך 20 יונגע ציגען, דערצו נאך 2 העמדער צו 2 פר., — 4 פר., א מאנטעל — 8 פר., א קאפטוך — 6 פר., א גארטעל פון לעדער 4 פר., 2 פאר שיך צו 2 פר. — 4 פר., — צוזאמען 26 פר.

2 ש נ י י ד ע ר בעקומען זייער געהאלט אין ווייץ, און דאס איז שוין אראב־גערעכענט פון דער ערנטע.

3) פאר פעררפיכטען דעם אינווענטאר ערהאלט דער שמיד 5 טאבע ווייץ און און דער סטאליאר 2 טאבע ווייץ, 2 טאבע דורא און 2 טאבע גערשט — דאס אלץ איז אראבגערעכענט פון דער ערנטע. אויסער דעם קאסטען יעהרליך 5 נייע אקער־מעסערס 10 פר., 1 זאטעל פאר'ן גמל — 5 פר., שטריק פאר'ן אייזעל און בינדפעדעם — 23 פר., צוזאמען 38 פר.

ס"ה פוןווירטשאפט אויסגאבען אין געלד (אויסער די אויסגאבען אין נאטור פאר זריעה, לוין א. ז. וו.) — 343.75 פר.

ז) הויזהאלט אויסגאבען:

1) ק ל י י ד ו נ ג. 5 מענער ערהאלטען יעהרליך צו 2 העמדער (2 פר. א העמד) — 4 פר., 1 מאנטעל — 8 פר., 2 פאר שיך צו 3 פר. — 6 פר., א קאפטוך און קאפעל צום טארבוש — 6 פר., צוזאמען 120 פר.

3 פרויען ערהאלטען יעהרליך צו 1 פאר שיך — 2 פר., 1 העמד — 3 פר., א קאפטוך און א שלייער — 1 פר., צוזאמען 18 פר.

בעקליידונג פאר 7 קינדער צו 4 פר. — 28 פר.

צוזאמען קליידונג פאר דער גאנצער פאמיליע פון 15 נפשות — 166 פר.

2) ע ר נ ע ה ר ו נ ג, אויף וויפיעל עס ווערט ניט גענומען דירעקט פון דער ווירטשאפט. פלייש — 40 פר., אויל — 24 פר., אליווען — 6 פר., גרינסען 40 פר. רייז — 16 פר., צוקער 6 פר., זאלץ — 10 פר., קאפע — 6 פר., צוזאמען 148 פר.

3) פערשיעדענעס: אייז מאן רויכערט, נעמליך פאר 6 פר., 1 גמל־לאסט האלצקוילען — 8 פר., 1 קעסטעל פעטראלעאום — 3 פר., שוועבעלעך — 1½ פר., נעהען א. ז. וו. — 2 פר., צוזאמען — 20.50 פר.

ס"ה הויזהאלט אויסגאבען א יאהר — 334.50 פר.

אלס אויסערגעוועהנליכע אויסגאבען דארף צוגערעכענט ווערען די חתונה פון א זוהן (דער פרייז פון קויפען א פרוי) און אויסלייזען זיך פון מיליטער־דיענסט. דאס לעצטע קאסט 50 טערקישע פונט. א פרוי אין חברונ'ער געגענד קאסט אונ־געפעהר 560 פר. דאך דארף מען די לעצטע סומען ניט ארייגרעכענען אין די אויס־גאבען, ווייל די טעכטער פון הויז וואס ווערען פערהייראט ברענגען אריין צוריק די זעלבע סומע.

די אויסלייזונג סומע פון מיליטער־דיענסט דארף פערטיילט ווערען אויף 5 יאהר, אזוי אז אויף איין יאהר פאלט אויס ארום 200 פר.

| | |
|---|---|
| דערצו קומען צו ווירטשאפטס אויסגאבען — — — — — — | 343.75 פר. |
| הויזהאלט אויסגאבען — — — — — — — | 878.25 פר. |
| די הכנסה בעטרעפט | 3.327.50 פר. |

עס בלייבט אלזא א יעהרליכער איבערפלוס פון ריוח 2448.75 פר. דער ריוח ווערט ערהאלטען פון דער ארבייט פון 5 מענער און 3 פרויען און אייניגע גרעסערע קינדער. דאס איז אן איינקונפט וואס איבערטרעפט דעם געוועהנליכען דורכשניט און קומט פאר נור ביי די רייכערע משפחות וואס דארפען ניט אנקומען צו הלואות.

---

דער דורכשניטליכער שטח פון א פלאחישער ווירטשאפט וואו עס ווערט בעטריבען אקערבוי, לויט האלב־אפיציעלע אנגאבען פון יאהר 1325 (1909), שוואנקט צווישען 40 און 100 דונאם. די צאהל פון די אקערבויטרייבענדע פאמיליען און דער דורכשניטליכער גרויס פון די ווירטשאפטען איז לויט די דאזיגע אנגאבען ווי פאלגט.

| סאנדזשאק | אקערבוי־טרייבענדע פאמיליען | פראצענט פערהעלטניסע פון די ווירטשאפטען לויט'ן גרויס: אונטער 50 דונאם. | איבער 50 דונאם. | דורכשניטליכע גרויס פון אקערבויאיש בעארבייטעטען בארען אין יעדער ווירטשאפט |
|---|---|---|---|---|
| ירושלים — — — — — | *3.000) | 67 | 33 | 53 דונאם |
| שכם — — — — — — | 9.760 | 63 | 37 | 41 " |
| עכו — — — — — — | 4.150 | 2 | 98 | 54 " |
| בירות — — — — — | 7.330 | 13 | 87 | " |
| דמשק — — — — — | 20.594 | 69 | 31 | 34 " |
| כרך — — — — — — | 7.400 | 33 | 67 | 82 " |

---

*) די ציפער שיינט צו זיין פיער נידריגער פון דער ווירקליכקייט.

## ח. פיהצוכט.

„א לאנד וואס פליסט מיט מילך".

די טיערצוכט איז אין אלע צייטען געווען זעהר א וויכטיגער צווייג פון דער פאלקסווירטשאפט אין ארץ ישראל. ניט נור האבען די נאמאדישע שבטים געלעבט פון די גרויסע סטאדעס, ווי מיר זעהן אין די ערצעהלונגען וועגען די אבות, נור אפילו די זיצהאפטע פעלקער, ווי די מואבים 1), וואס האבען קולטיווירט ווייז, און אויך די אידען נאך דער עטאבלירונג פון דער מלוכה, האבען זיך בעשעפטיגט מיט האדעווען „שאף אין די פערצוימונגען און רינדער אין די שטעלער" 2). דוד המלך האט געהאט ספעציעלע עקאנאמען („שרי הרכוש"), וואס האבען אויפגעפאסט אויף די רינדער וואס פאשען אין שרון און אין די טהאלען, און אויף די גמלים און אייזעלינען און די שאף 3). ווי ווייט די פיהצוכט און מילכווירטשאפט איז געווען פערברייטעט אין ארץ ישראל, קען מען זעהן פון דעם בעוואוסטען ביבלישען אויסדרוק צו כאראקטעריזירען דאס פערשפראכענע לאנד: „א לאנד וואס פליסט מיט מילך און האניג". מאנכע קריטיקער דענקען, אז דיזער אויסדרוק איז ניט מעהר ווי אן איבערטריבענע התפעלות פון מדבר וואנדערער, וואס האבען פאר זיך צום ערשטען מאל דערזעהן א קולטיווירט לאנד, און אין זייערע אויגען וואס זיינען געוואוינט געווען צו דער טרויעריגער נאקעטער וויסטע, האט אפילו אן ארעם, אבער בעארבייטעט לאנד אויסגעזעהן ווי א גן עדן. א נעהנטערע בעקאנטשאפט מיט די נאטור בעדינגונגען פון לאנד און איהרע ווירטשאפטליכע פערהעלטניסע אין דער פערגאנגענהייט, בעשטעטיגט פאלקאם די ריכטיגקייט און טרעפליכקייט פון דער ביבלישער כאראקטעריזירונג פון ארץ ישראל. ביי דעם גרויסען רייכטום פון פיה, בעזונדערס שאף, און פרוכט גערטנער, מיט וועלכע דאס לאנד האט זיך אויסגעצייכענט אין דער פערגאנגענהייט, איז דאס ווירקליך געווען א לאנד וואס טריפט מיט מילך און האניג, דערביי דארף אונטער דעם ווארט האניג (דבש) פערשטאנען ווערען ניט ביהנען האניג, וואס איז אין די ביבלישע צייטען געווען ניט פיעל אין ארץ ישראל. נור פרוכט האניג (האניג פון טייטלען, פייגען און פילייכט אויך פון טרויבען, ווי דער פלאחישער טרויבען-האניג וואס רופט זיך נאך איצט „דבס"—דבש), וואס איז זאגאר עקספארטירט געווארען נאך אויסלאנד 4). „שמאנט פון רינדער און מילך פון שאף, מיט פעטס פון שעפסען און ווידערס פון סטאדעס פון בשן און בעק" האבען זיך גערעכענט צווישען די רייכטהימער פון לאנד צוגלייך מיט די תבואות פון פעלדער, פרוכטען-האניג און בוימאייל פון צווישען די פעלזען, פעטע ווייצען און רויטע טרויבען ווייז 5).

מיט דער דעגראדירונג פון דער לאנדווירטשאפט און בעזונדערס מיט דעם פערשווינדען פון די וועלדער, איז אויך די פיהצוכט אין ארץ ישראל פיעל צוריקגעשטאנען אין פערגלייך מיט דעם אמאליגען בליהענדען צושטאנד. דאך איז נאך אלץ דיזער ווירטשאפטס צווייג פערהעלטניסמעסיג זעהר פערברייטעט אין לאנד.

1) מלכים ב' ג' 4.
2) חבקוק ג' 17.
3) דברי הימים א' כ"ז 29.
4) יחזקאל כ"ז 17.
5) דברים ל"ב 14.

און הגם דאָס אַמאָליגע גאָרטען־לאַנד וואָס טריפט מיט האָניג איז איצט כמעט בוימלעער, זיינען נאָך מאַנכע געגענדען פון ארץ ישראל, בעזונדערס אין עבר הירדן. אַזוי רייך מיט פיה, בעזונדערס מיט שאָף, אַז מען קען נאָך איצט ריידען ווענען אַ פלוס פון מילך, ווען מען זאָל דערביי פערשטעהן נור מילך פון שאָף און ציעגען.

אויף וויפיעל עס אַנבעלאַנגט דער מילך ווירטשאַפט האָבען ביי דעם פלאַח אַ בעדייטונג נור קליינפיה — שאָף און בעזונדערס ציעגען. דאָס זיינען די פער־



בילד 69.

א פלאַחישע פרוי מאכט פוטער אין לאַגעל.

שפרייטסטע בהמות אין לאַנד. דער פלאַח, ווי אויך דער בעדואינער, האָדעוועט זיי אין גרעסערע צאָהלען, ווייל זיי ליעפערען איהם פלייש צום עסען, וואָהל און לעדער צום קליידען און מילך צום טרינקען. די שאָף (אראַביש—חארוף) אין ארץ ישראל געהערט דורכאוים צו דער מאַרינאָסען־ראַסע מיט ברייטע, פעטע עקען. די ציעגען (אַראַביש—ענזה) זיינען מיטעל־גרויסע מיט זעהר לאַנגע, אַראָפּהענ־גענדע אויערען, וואָס בעריהרען אָפט דעם באָדען. זיי בעקומען מייסטענס ניט קיין

מילך ווירט־שאפט.

אנדערע נאהרונג אויסער די פּאשע אין פעלד. דער קליינער איינגעטימער פּאשעט זייד נע בהמות אין די אונמיטעלבארע אומגעבונג פון זיין וואוינארט, דאגעגען דער בעד זיצער פון גרויסע סטאדעס פיהרט זיי אוועק ווייט אין לאנד, ווינטער אין די וואַד רעמערע טיילען אין טאָל, וואו עס איז נור פערהאנען פּאשע, און זומער — אין די בערג וואו די גראָז בלייבט לענגער גרין און וואו עס איז שוין פיעלע ערטער פערהאנען קלענערע און גרעסערע וועלדלעך, וועמענס בלעטער עס דיענען די פיד ערפיסינע מזיקים אלס נאהרונג, ווי באלד עס מאכט זיך נור א מאנגעל אין גראָז. ביי דער אלגעמיינער נאַכלעסיגקייט פון דער לאנדווירטשאפטליכער בעפעלקערונג און אדמיניסטראטיווער מיספערוואלטונג איז דאָס איינע פון די הויפּט סבות פון דער בוימער אַרעמקייט פון לאַנד. די שאף און ציגען פערדארבען אונאויפהערליך דאָס ביסעל וועלדער וואס איז נאך פערבליעבען פון פריהערינע צייטען: בעזונדערס שעדליך איז די ציעג וואָס דראפּעט זיך אויף די בוימער און מאַכט אַז אַ חורבן אין די צווייגען. אויך די זארגלאָזע פּאסטוכער העלפען דערביי צו פערניכטען די בוימער, דערמיט וואס זיי פערברענען אָפט די געוויקסען כדי צו פערבעסערען די לאַנ־ קעס דורך האַלץ־אַש אָדער צו בעשיצען די אייטערס פון די בהמות פון דערנער און שטעכעכץ וואָס וואַקסען צווישען די בוימער.

די מילך טרינקען און פערקויפען די פלאחין פרישערהייט, אדער מאכען דער־ פון „לאבאן“, א מין זויער־מילך. די פרישע מילך ווערט געקאַכט גלייך נאָכ׳ן מעל־ קען, דערנאָך וועט זי אָבגעקיהלט ביז זי ווערט לעבליך, דאן לאָזט מען אריין א פּאָר טראָפּען פון אָבגעשטאַנענע זויערע מילך און מען פערבינדט דאָס ביז עס ווערט אין פערלויף פון א טאָג פערגליווערט. די פלאחין מאַכען פון די מילך קעז און פּוּ־ טער, וועלכעס זיי פערקויפען אין שטאָדט. די פּוּטער ווערט צונויפגעקלאַפּט פון מילך וואָס מען גיסט אריין אין א לעדערנעם לאָגעל. דער לאָגעל, וואָס הענגט אויף א שטריק, ווערט אַזוי לאַנג געשאָקעלט ביז די שמאַנט פון די מילך ווערט פערוואַנדעלט אין פּוּטער.

לויט האַלב־אָפיציעלע אַנגאַבען פון 1325 (1909), צעהלט דער ירושלים׳ער סאנדזשאַק 166,311 שאָף און 83,692 ציעגען. אין דעם איז ניט אריינגערעכענט די קאַדא פון חברון. דער יעהרליכער ערטראַג ווערט, לויט דער זעלבער קוועלע, גע־ רעכענט 3,496,128 אָקאַ מילך, 110,000 אָקאַ קעז, 61,156 אָקאַ פּוּטער, 91,159 אָקא וואָל, 25,795 אָקאַ ציעגען־האָר און 143,000 ציעגענע און שאָפענע פעלען.

דער בירות׳ער ווילאיעט ציילט 221,573 שאָף און 480,356 ציעגען מיט א יעהרליכען ערטראג פון 7,257,508 אקא מילך, 705,978 אקא קעז, 173,558 אקא פּוּטער, 196,828 אקא וואָל, 105,394 אקא ציעגען־האָר, 118,760 ציעגענע און שאָפענע פעל.

דמשק׳ער ווילאיעט צעהלט, לויט די אָפיציעלע אַנגאַבען פאַר 1330 (1914) וועלכע דר. רופּין האָט בעקומען — 2,139,174 שאָף און ציעגען מיט אַ יעהרלי־ כען ערטראַג פון 687, 16,135 אקא מילך, 823,210 אקא קעז, 643,630 אקא פּוּטער, 588,889 אקא וואָל, 275,300 אקא ציעגען־האָר און 63,000 ציעגענע און שאָפּע־ נע פעל.

פון אלע צווייגען פון טיער־צוכט שטעהט די צוכט פון רינדפיה (אין אראביש —באקאר — בקר — ווי אין העברעאיש) אַמניעדעריגסטען ביי די פלאחין. זיי האָבען גאָר ניט קיין אַהנונג וועגען דער בעדייטונג פון רינדער פאר מילך־ווירט־

קליינפיה.

שאפט. קיה (אין אראביש — בקרה — באקארא) און אָקסען (טור, טיראן), האלטען די מוסלימישע פלאחין נור פאר דער ארבייט. רינדפלייש געברויכען זיי ניט. די רינדער וואָס טויגען שוין ניט פאר דער ארבייט לאָזען זיי פאשען ביז זיי שטאַר- בען, אדער זיי פערקויפען זיי צו קריסטען און אידען. די אָרטיגע רינדפיה ראסע איז זעהר אַ קליינע און אַ מאָגערע און ברענגט זעהר ווייניג מילך. די אָקסען זייַ- נען עטוואָס העכער פאר די קיה, זיי דערגרייכען אָבער קוים די מיטעלגרויס. די קיה קעלבען זיך אין ערשטען חודש נאָך'ן אָנהויב פון דער „רביעה" (גרין פאשע) — ענדע מערץ און גיבען מילך נור פיער חדשים, לענגסטענס ביז יולי. די פלאחין לאָזען די קעלבער, ספּעציעל די וואָס ווערען ערצויגען אלס ארבייטס-אָקסען, זעהר לאַנג זויגען, ניט ווייניגער ווי אכט חדשים, ווייל זיי גלויבען, אז דערפון וואַקסט דער געברויכסווערט פון די אָקסען (אויך זייערע אייגענע קינדער ענטוועהנען די פלאחין זעהר שפּעט, ערשט אין דריטען יאָהר און אַמאָל אויך שפּעטער).

רינדפיה·

גרעסערע און בעסערע רינדער גיבט עס אין דמשק און לבנון: די דמשק'ער קוה ליעפערט יעהרליך 3000—4000 ליטער מילך. די לבנונ'ער קוה האָט ווייניגער מילך. דערפאַר אָבער מעהר פלייש.

די פוטער, מיט וועלכע די בהמות ווערען געפלעגט ביי די פלאחין בעשטעהט אויסשליסליך פון צוריבענע שטרוי וואָס רופט זיך „תבן". נור בשעת'ן אקערען בע- קומען די אָקסען אביסעל כרסינה. נאָך די ערשטע רעגענס, ווען עס הויבט זיך אָן די „רביעה" פאשען זיך די בהמות אין פעלד, די גרינע פאשע דויערט אָבער ניט לאַנג, ווארים אין די ערשטע דריי רעגענלאָזע חדשים ווערען די גראָזען פערטרוקענט און פערוועלקט, און די פלאחין ווייסען ניט פון פאַרבערייטען היי אָדער פון זייען גראָז. די בהמות זיינען דעריבער דאַר, קליין, מאָגער און מילכאָרעם.

אין ירדן-טהאַל, אין דער חולה און אין די זומפּען ארום חדרה און יפו, ווערען געהאָדעוועט בויפאַלען (אין אראביש—ג'אמוס), וואָס צייכנען זיך אויס מיט זייער גרויס, קראַפט און פעטקייט.

לויט די אויבענדערמאָנטע קוועלען, צעהלט דער ירושלים'ער סאַנדזשאַק 13,479 קיה, 23,600 אָקסען, 4,680 שטיערען, 2,000 קעלבער און 225 בויפאַלען. דער בירות'ער ווילאיעט צעהלט: 33,762 קיה, 66,077 אָקסען, 1,790 שטיערען, 9,851 קעלבער און 1797 בויפאַלען. בנוגע עבר הירדן, זיינען קיין אָפיציעלע אָנגאַ- בען ניטאָ. לויט וויטאַל קינע, וועמענס סטאַטיסטיק צייכענט זיך ניט אויס מיט בעזונדערער פּינקטליכקייט און איז ניט אַלע מאָל פערטרויענסווערט, צעהלט דעם חורן'ער סאַנדזשאַק 1,400,000 אָקסען און קיה און 50,000 בויפאַלען, און כרכ'ער סאַנדזשאַק 100,000 אָקסען און קיה.

להיפך פון רינדפיהצוכט, וואָס שטעהט ביי דער איינגעבוירענער בעפעלקערונג פון ארץ ישראל אויף דער ניעדעריגסטער מדרגה — איז דער פ ע ר ד צ ו כ ט, אויף וויפיעל ער ווערט פּראַקטיצירט אין לאַנד, העכער ווי אין אַלע אַנדערע לענדער. קיין איין פערד ראסע אין דער וועלט קען זיך ניט פערגלייכען צו דעם וואויל- בלוטיגען אראבישען פערד וואָס אָנבעלאַנגט גראַציעזיטעט, פלינקייט, פערשטאַנד, טרייהייט, אויסדויער, גענוגזאַמקייט און קאָסטבאַרקייט. ניט אַלע פערד אין לאַנד צייכענען זיך אויס מיט די דערמאָנטע מעלות. עס איז אַ גרויסער אונטערשיעד צווי- שען דעם ארבייטס-פערד, וואָס רופט זיך „קדיש" און ווערט בענוצט ביי פעלד ארבייט און לאַסט טראָגען, און דעם אמת'ן ראסען-פערד, וואָס ווערט נור בענוצט

פערדצוכט.

צום רייטען. צו דעם ערשטען מין בעלאנגען די פערד וואס מען ברענגט פון סוריה און אנאטאליע (קליין אזיען). די פערד זיינען שטארק פעהיג צו בערג שטייגען און זייער פרייז איז פון 100 ביז 1,000 פראנק. די צווייטע שטאמען פון אראביען און דער סורישער וויסטע, וואו זיי ווערען ערצויגען מיט דער גרעסטער זארגפעלטיגקייט און ליעבשאפט דורך די בעדואינער און ווערען געשאצט אין זעהר גרויסע סומען ווי 15,000—20,000 פראנק. אזעלכע קאסטבארע ריינע ראסען־פערד זיינען אין ארץ ישראל כמעט ניטא, און די „אצילה"'ס (אזוי רופען די אראבער די וואוילבלוטיגע פערד), וועלכע די שייכען און די עפענדים און רייכע פלאחען פערמאגען, זיינען נור האלב אדער פיערטעל בלוטיגער אראבישער פערד. אפילו אזעלכע פערד ווערען זעל־טען געהאלטען אין פולען אייגענטום ביי איין אייגענטימער. געוועהנליך, בעלאנגט אזא פערד צו צוויי אדער נאך מעהר שותפים. איינער פון די שותפים אין אזא פאל האט דעם „רסן" (ראסן—פערד־צוים), ד. ה. אונטערהאלט די שקאפע ביי זיך און בענוצט זיך מיט איהר צום רייטען און די שותפים האבען א טייל אין די ולדות. ווען דער אייגענטימער פערקויפט אזא שקאפע, שטעלט ער געוועהנליך א בעדינגונג אז דער קונה זאל דעם ערשטען אדער אויך צווייטען זשרעבעקעל אבטרעטען איהם און זאל זיי לאזען זויגען אונענטגעלטליך ביי דער שקאפע.

לויט די אויבענדערמאנטע קוועלען, צעהלט ירושלים'ער סאנדזשאק 4751 פערד, שקאפעס און יונגע פערדלעך. בירות'ער ווילאיעט צעהלט 14,251. לויט די אנ־גאבען פון קינע צעהלט דער חורנ'ער סאנדזשאק — 2.100, און דער כרכ'ער 8.000 פערד.

פיעל זעלטענער ווי פערד געברויכען די פלאחין פרדות (מוילאייזלען, א פראדוקט פון א פערד און אן אייזעל, אין אראביש — באחיל). זיי ווערען הויפטזעכליך בענוצט צום לאסט טראגען ביי די „מוקערים" — וואס בעשעפטיגען זיך מיט טראנספאר־טירען מענשען און סחורות אויף פערד, אייזלען און פרדות. די פרדות זיינען מעהר לייסטונגספעהיג אלס די פערד אין דער ארבייט און זיי זיינען אויך מעהר גענוג־זאם איידער די לעצטע. דערפאר אבער זיינען זיי הינטערשטעליג אין בעצוג צום ריי־טען. אין אקער ווערען זיי זעלטען איינגעשפאנט, אויסער אין די אידישע (און אויך דייטשע) קאלאניעס. א פרדה קאסט פון 200 ביז 500 פראנק. זיי ווערען מייסטענס געבראכט פון דמשק. אין ארץ ישראל גופא ווערען זיי ניט ערצויגען. פרדות.

די כאראקטעריסטישע בהמה אין דער פלאחיןווירטשאפט אין דער אייזעל (אין אראביש—חמאר). דער אייזעל איז פיעל וויינינער לייסטונגספעהיג אלס דער פערד און די פרדה, דער דורכשניטליכער פלאח אבער איז צו ארעם צו פערשאפען זיך א מעהר ארבייטספעהיגע און קאסטבארע בהמה. אויף דעם אייזעל רייט דער פלאח ווען ער דארף זיך אוועקלאזען אין וועג און אויף'ן אייזעלע פיהרט ער איבער זיינע משאות — די זריעה אין פעלד אריין און די אבגעשניטענע תבואות פון פעלד. דער אייזעל ווערט אויך אמאל ביי די ארעמע פלאחין איינגעשפאנט אין אקער צו־זאמען מיט א קוה אדער אן אקס; די פרייז זיינע, איז פערשיעדען, לויט די גרויס און שטארקייט, פון 40 ביז 200 פראנק. אייזלען

ירושלים'ער סאנדזשאק צעהלט, לויט די שוין דערמאנטע קוועלען, 2,098 מויל־אייזלען און 17,932 אייזלען, בירות'ער ווילאיעט — 2,612 מויל־אייזלען און 23,463 אייזלען. לויט וו. קינע, צעהלט דער חורנ'ער סאנדזשאק 8,000 פרדות און 10,000 אייזלען און דער כרכ'ער סאנדזשאק — 4,000 פרדות און 5,000 אייזלען.

דער צוכט פון גמלים ווערט אין זעהר א גרויסע מאָס פּראַקטיצירט ביי די בעדואינער אין עבר הירדן. די פלאַחין בענוצען די גמלים זעהר זעלטען ביי פעלד־ארבייט, אויסער אין דרום יהודה און אין נגב. הויפּטזעכליך ווערט דער גמל בע־נוצט צום לאַסט טראָגען און רייטען. ער איבערטרעפט אַלע אַנדערע בהמות אין לייס־טונגספעהיגקייט, גענוגזאַמקייט און ווידערשטאַנדספעהיגקייט אין בעצוג צו היץ און טרוקעניש. ער בעגעהט זיך א לאַנגע צייט אָהן וואַסער און אין נויט פאַל בעגנוגענט ער זיך מיט וויסטע פלאַנצען, דאַרונטער מיט שטעכיגע דערנער, צו וועלכע מען קען זיך ניט צוריהרען מיט די האַנד און וועלכע קיין אַנדערע בהמה קען ניט עסען. פונקט ווי ביי פערד, אונטערשיידעט מען צווישען א רייט גמל וואָס רופט זיך אין אראַביש הג׳ן (הידזשען, אין העברעאיש—הגן) און צווישען א לאַסט גמל וואָס רופט זיך אין אראַביש איינפאַך ג׳מל (דזשאַמל). א רייט גמל קאָסט בערך פיער מאָל אַזוי

**גמלים.**



בילד 70.
גמלים אַקערען אין נגב.

פיעל ווי א לאַסט גמל, און צייכענט זיך אויס מיט זיין אויסערגעוועהנליכער אַד־בייטספעהיגקייט, שנעלקייט און גענוגזאַמקייט. ער קען אַבלויפען א טאָג ביז 120 קילאָמעטער און קען זעהר א לאַנגע צייט אויסקומען אָהן עסען און טרינקען.

די פלאַחין פון בית־ג׳לה און בית־לחם און אויך די איינוואָהנער פון רמלה, לוד פערמאָגען א בעדייטענדע צאָהל גמלים און בעשעפטיגען זיך מיט טראַנספּאָרט פון סחורות פון יפו נאָך ירושלים און צוריק.

די גרעסטע צאָהל גמלים געפינט זיך אָבער אין עבר הירדן און אין דרום ארץ ישראל. לויט די אָפיציעלע און האַלב־אָפיציעלע אַנגאָבען צעהלט דער ירושלים׳ער סאַנדזשאַק 15,167, בירות׳ער ווילאַיעט — 8,226 און דמשק׳ער ווילאַיעט — 109,133 גמלים.

## ח. לאנדווירטשאפטליכע פראָדוקציאָן.

לויט איהרע געאלאגישע, מעטעאראלאגישע, געאגראפישע און קלימאטישע פערהעלטניסע איז ארץ ישראל אויסערארדענטליך גינסטיג געאייגנעט פאר׳ן בוימ־צוכט, תבואות און גרינסען. די שארפע קלימאטישע געגענזעצען פון לאנד, וואו דאס אויג כאפט אין איין בליק אימער גרינע פעלדער און בוימער און דורך׳ן יאהר שנייבעדעקטע בערג, די פיעלפאכע גלידערונג פון דער אויבערפלעכע, וואס פעראייניגט אין זיך אראבהענגענדע טיפע עבענעס ביז 1200 פוס אונטער דעם ים־שפיגעל און איבער די וואלקענס ארויפשטייגענדע געבירג ביז 10000־9000 פוס אי־בער דעם ים־שפיגעל, די קאנטראסטפולע איינפלוסען פון ים און מדבר וואס שלי־סען איין דאס לאנד פון געגענגעזעצטע זייטען — האבען ערמעגליכט אזא רייכלי־כע פערשיעדענארטיגקייט פון בוימער און פלאנצונגען, וואס טרעפט זיך זעלטען ערגיץ אנדערשוואו אויף איין און דעם זעלבען אָרט.: פאלמען און צעדרען, אראנ־זשען און נוס־בוימער, ציטראנען און פייגען, באנאנעס און מאנדלען, טראפישע און אלפישע געוויקסען בליהען און וואקסען אין נאָהענטער שכנות.

נאטור־פערשיע־דענארטיגקייט פון א״י.

מיט זיבען מינים האט זיך א״י בעריהמט אין אלטע צייטען — ווייץ און גערשט, וויינשטאק און פייגען, מילגראמען און אייל־בירטען און האניג *), — דאס זיינען אבער ניט געוועזן די איינציגע מינים וואס דאס לאנד האט פראדוצירט.

אין תנ״ך ווערען דערמאנט איבער הונדערט פערשיעדענע בוימער, פלאנצונגען, תבואות, בוימער, געווירצען און אנדערע געוויקסען, און אין משנה בעגעגענט מען ארום 230 פערשידענע צמחים, פון וועלכע געגוי 200 טראגען ריין העברעאישע נעמען, וואס צייגט, אז דיזע אלע געוויקסען זיינען פון לאנג אן געווען בעקאנט די אידען אין א״י. עס איז קיין ספק ניט, אז ניט אלע פארהאנענע געוויקסען זיינען שוין אין יענע אוראלטע צייטען געווען בעקאנט די איינוואוינער פון לאנד, און ניט אלע צמחים וואס זיינען געווען בעקאנט זיינען אריין אין תנ״ך און משנה. אבער אפילו בלויז דאס וואס איז יא דערמאנט געווארען צייגט אויף דעם רייכטום פון פלאנצונגען און צמחים אין די פריהערדיגע צייטען.

א״י איז באטאניש און אגריקולטורעל נאך ניט גענוג אויסגעפארשט געווארען, אבער שוין די ניט־פולע פארשונגען האבען פעסטגעשטעלט דעם פאקט, אז קיין אנדער לאנד וואס איז ניט גרעסער פאר ארץ ישראל האט ניט אזא רייכע און פערשיע־דענארטיגע פלארע.

רייכטום פון פלארא.

„די פלארע פון דיזען לאנד — זאגט דר. ג. פאסט, ביז איצט דער גרעסטער קענער פון דער פלארע פון א״י און סוריה — איז די סאמע רייכסטע, רייכער פון אירגענד וועלכען לאנד מיט איין און דעם זעלבען שטח. דא געפינען זיך איבער 3.000 פערשיעדענע געוויקסען, און א סך פון זיי פערמאגען א גרויסע צאהל ספעציעס.״

קאליפארניע וואס איז כמעט 20 מאל אזוי גרויס ווי ארץ ישראל און צייכענט זיך אויס מיט איהר אויסערגעוועהנליך רייכער פלארע פערמאגט ניט מעהר מינים

*) דברים ח׳ 8.

פלאנצונגען פון ארץ ישראל. אלזשיר וואס האט אויך זעהר א פערשיעדענארטיגען קלימאט און באדען פערמאגט קוים א העלפט מינים פון א"י. הגם זי איז 15 מאל אזוי גרויס. דייטשלאנד, וואס פערנעמט א שטח פון איבער 540.000 קוואדראט קילאמעטער — צעהלט קוים 1.200 פערשיעדענע מינים.

הויכע קוואלי־טעט פון א"י פראדוקטען.

ניט נור צייכענט זיך ארץ ישראל אוים מיט דער כ מ ו ת פון איהרע פער־שיעדענע געוויקסען, נאר אויך מיט דעם א י כ ו ת פון איהרע פרוכט. דער באדען און קלימאט פון ארץ ישראל זיינען פעהיג צו פראדוצירען די ערשט־קלאסיגע פירות וואס האבען ניט עטוואס בעסערעס אין קיין אנדער לאנד. די יפו'ער אראנ־זשען זיינען איבעראל בעריהמט, און די אפעלסינען פון אנדערע לענדער קאנען מיט זיי ניט קאנקורירען אויפ'ן וועלט־מארק. ווען די טאמאטעס פון א"י ערשיינען אויפ'ן מארק פון מארסייל (פראנקרייך), הויבען אן אלע היימישע טאמאטעס צו פאלען אין פרייז. די גרעסטע פרייזען ווערען אין האמבורג און מארסייל בעצאהלט פאר דעם סעזאם (שומשמין) פון חיפה — וואס וואקסט אויף די פעלדער פון עמק יזרעאל און עמק השרון. דער גערשט פון עזה (דרום א"י) ווערט זעהר הויך געשאצט אויפ'ן ענגלישען מארק, אלס דער בעסטען שטאף פאר ביער ברויעריי. און פאר'ן גלאזארטיגען חורנ'ער ווייץ צאהלט מען זעהר הויכע פרייזען אין איטאליע און פראנקרייך פאר דער מאקאראנען־פראדוקציאן. א"י איז דאס היימלאנד פון אייל־בוים, וואס וואקסט ווילדערהייט אין די פעלזיגע בערג און רייכע טאלען פון מזרח און מערב ארץ ישראל, מעהר פאר אלץ אבער איז א"י א וויינלאנד. די אידישע עקספערימענטאלע סטאנציאן אין אטליט האט צונויפגעזאמעלט מעהר אלס זעכציג היימישע וואריעטעטען פון וויינשטאק. די עקספערימענטאלע סטאנציאן אין קאלי־פארניע פון די פעדעראלע רעגיערונג פון די פעראייניגטע שטאטען האט אין פערלויף פון צעהן יאהר אויסגעפרובירט איבער 1.300 פערשיעדענע וואריעטעטען פון וויינ־שטאק פון כמעט דער גאנצער וועלט. צוויי מינים, איינער א שווארצער און איינער א ווייסער, זיינען געפונען געווארען אלס די בעסטע. די דאזיגע צוויי וואריעטעטען זיינען ביידע געוועזען פון צפון ארץ ישראל, און לויט דער מיינונג פון אגראנאם אהרונסון, דער דירעקטאר פון דער אידישער עקספערימענטאלער סטאנציאן אין אטליט, זיינען דאס נאך ווייט ניט די סאמע בעסטע מינים פון א"י. די ווערטפול־קייט פון די ארץ־ישראל'דיגע פלאנצונגען און תבואות זיינען אנערקענט געווארען אויך פון אויסלענדישע אפיציעלע עקספערטען. אין א פאררעדע צום בעריכט אי־בער „אגריקולטורעלע און באטאנישע פארשונגען אין א"י" פון אגראנאם א. אהרונסון, וואס דער אגריקולטורעלער דעפארטמענט פון די פעראייניגטע שטאאטען האט פער־עפענטליכט אין 1910, רעקאמענדירט דער דירעקטאר פון פלאנטאציאנס־אינ־דוסטריע אבטיילונג, ג. ה. פאוועל, „א בעדייטענדע צאהל פון עקאנאמישע פלאנצונגען, געבוירענע אין א"י. און בעזונדערס תבואות, וואס זיינען ווערט אקלימאטיזירט צו ווערען אין די פעראייניגטע שטאאטען, נעמענדיג אין אכט די נאהענטע עהנליכקייט פון די נאטור־בעדינגונגען אין א"י צו די יעניגע פון קאליפארניע און די שכנות'דיגע שטאטען פון זיד־וועסט".

## 1. פלאַנטאַציעס.

אונטער די אויסעראָרדענטליך גינסטיגע נאַטור־בעדינגונגען פון א"י — באָדען, קלימאַט און וואַסער — האָט דער בוימצוכט אלע צייטען פערנומען זעהר א וויכטיגען אָרט אין דער אַרטיגער לאַנדווירטשאַפט. בעזונדערס האָט דער אנבוי פון פרוכט־בוימער געשפּיעלט זעהר א גרויסע ראָלע אין דער אידישער לאַנדווירטשאַפט פון די אוראַלטע צייטען, נאָך פאַר דער גרינדונג פון ערשטען קעניגטום אונטער שאול און דוד'ן, ביז נאָכ'ן אבשלום פון דער משנה (1). דער אידעאַל פון אידישען לאַנדווירט איז געווען א געמישטע ווירטשאַפט: א דריטעל אַקערבוי, א דריטעל אַליוועןנבוי, א דריטעל וויינבוי (2). דעראביי האָבען אויך ניט געפעהלט פרוכטבוימער מיט וועלכע א"י צייכענט זיך נאָך איצט אויס, אויסער אראַנזשען וואָס זיינען נאָך דאַן געווען אונבעקאַנט אונזער לאַנד (3). בוים־צוכט אַמאָל און היינט.

סעדער און גערטנער מיט די פערשיעדענסטע און צאָהלרייכע פרוכטבוימער האָבען בעדעקט גרויסע שטחים לאַנד, בעזונדערס די בערג, און א דאַנק די טעראַסען־קולטור מיט וועלכע די אידען האָבען זיך בעשעפטיגט זעהר פלייסיג און ענערגיש (4). זיינען די איצט בוימלאָזע און נאַקעטע בערג אבהענג געווען בעדעקט מיט פרוכטבאַרע און פרעכטיגע, וויינגערטנער און אַליוועןנסעדער, און אין די פעלזען פון די בערג זיינען אויסגעהאַקט געווען וויינקעלערס און אייל־פרעסען צו „טרעטען" די טרויבען און פרעסען די איילבירטען. צאָהלרייכע רעשטען פון די בערג־טעראַסען און פעלזענקעלערס אין די בערג פון יהודה, גליל, שומרון און עבר הירדן בעשטעטיגען מיט זייער שטומע שפּראַך די ערות פון ליטעראַרישע דאָקומענטען.

און ניט נור זיינען די פערשיעדענאַרטיגסטע פלאַנטאַציעס און פרוכט־בוימער געווען זעהר פערשפּרייט אין אלע טיילען פון לאַנד, נאָר אויך זעהר אינ־טענסיוו בעאַרבייטעט. פונקט ווי אין געמיזע ווירטשאַפט און טיילווייז

1) שופטים ט' 7-15, שמואל א' ח' 14, דברי הימים א' כ"ז 25-31, ישעיה ה' 1-6, יואל א' 12, יחזקאל י"ז 6-9, קהלת ב' 5-6; חשמונאים א' י"ד 8; בן סירא כ"ד 14-20; מלחמות היהודים 2, 21, 2, 3, 10, 8; 3, 3, 2. משנה־מעשרות 1, 1-4; שביעית 2, 4; מועד קטן 1, 3; עבודה זרה 3, 2; פאה 1, 5; דמאי 1, 1; כלאים 1, 4; ירושלמי שבת פ"ז, ה"ב; בבלי פסחים ח', מגילה ו', בבא קמא קי"ט, כתובות קי"ב.

2) „ברוך אתה בשדה" — שיהיו נכסיך משולשין: שליש בתבואה, שליש בזיתים ושליש בגפנים (בבא מציעא ק"ז).

3) די פאָלגענדע צוויי כאַראַקטעריסטישע שטעלען אין תנ"ך און משנה גיבען א קלאָר בילד וועגען דעם צוזאַמענשטעל פון דער אידישער לאַנדווירטשאַפט און די רייכקייט פון פלאַנטאַציעס:

„כי תאנה לא תפרח ואין יבול בגפנים, כחש מעשה זית ושדמות לא עשה אכל, גזר ממכלה צאן ואין בקר ברפתים" (חבקוק ג' 17).

„התאנים משהבחילו, הענבים והאבשים משהבאישו, האוג והתותים משיאדימו וכל האדומים משיאדימו, הרימונים משימסו, התמרים משיטילו שאור, האפרסקים משיטילו גידים, האגוזים משיעשו מגורה,—החרובין משינקדו וכל השחורים משינקדו, האגסים והקרוסטומלין, הפרושין והעוזרדים משיקרחו, וכל הלבנים משיקרחו, התלתן משתצמח, התבואה והזיתים משיכניסו שליש, ובירק: הקשואים והדלועים והאבטיחים והמלפפונות (משנה מעשרות, 1, 4).

4) זעה בעמערקונג 1, אויף זייטע 352.

אויך אין אקערבוי איז די קינסטליכע בעוואסערונג אנגעווענדעט געווארען אין בוימ־צוכט אין זעהר א ברייטער מאס, שוין פון אוראלטע צייטען ביז נאכ'ן חורבן (5).

נאכ'ן אונטערגאנג פון אידישען ישוב, בעזונדערס פון נאך דער אראבישער עראבערונג, איז דער בוימער־רייכטום פון ארץ ישראל פערניכטעט געווארען. א גאנצע רייהע פון אונגיסטיגע היסטארישע און סאציאלע אומ־שטענדען, אויף וועלכע מיר וועלען זיך נאך ווייטער אבשטעלען האבען פערוואנדעלט א"י אין א בוימלערען לאנד. צוזאמען מיט די אמאל געדיכטע וועלדער זיינען פארשוואונדען די צאהלרייכע וויין־גערטנער, אליוועז און אנדערע פרוכטבוימער. און אויף גרויסע שטרעקעס קאן מען איצט ניט געפינען א בוים צו בעשיצען זיך אין זיין שאטען און צו געניסען זיינע פרוכטען. „דערנער אין צאהללאזע מענגען בע־דעקען די שעהנע טאלען, די גערטנער און אויבס־וועלדלעך זיינען פערשוואונדען, דער וואלד צירונג איז פערניכטעט, די בערג־אבהענגע זיינען נאקעט און לעבענסלאז, ענטבלויזט פון זייער פרוכט־ערד, דאס לאנד איז בעדעקט מיט רואינעס."

וויפיעל אבער די צושטערענדע היסטארישע בעדינגונגען האבען ניט פער־ארימט די פלאנצונג פון א"י, איז זיי דאך אלץ ניט געלונגען גובר צו זיין די לעבענס־קרעפטען פון לאנד, און טראץ די אפטע מלחמות און חורבנות, פאליטישע אונרוהען



בילד 71.
א פארצייטיגער אידישער וויינקעלער (לעבען ארטוף).

און מיספערוואלטונג, רויבערישע איבערפאלען פון בעדואינער און אונוויסענהייט פון דער פלאחישער בעפעלקערונג, די דריקענדע טעקסעס און ווילקיר פון די טעקס־זאמלער, וואס האבען געפיהרט צו דער סיסטעמאטישער פערניכטונג פון דער רייכער, פערברייטער, אינטענסיווער בוימקולטור פון אמאל, זיינען נאך פערבליבען בעדייי־טענדע צאהלען פון וואלד און פרוכט־בוימער, און דער בוימצוכט פערנעמט נאך אלץ אין איינינע טיילען פון לאנד זעהר א וויכטיגען פלאץ אין דער פלאחישערווירטשאפט. אין די טאלען און אויף די בערג, אויף פרוכטבארען און שטייניגען באדען, אין קוואלען־רייכע און וואסעראריםע געגענדען — איבעראל בעגעגענט מען נאך פער־איינצעלטע עקזעמפלארען און אויך גאנצע אנלאגען פון די פערשיעדענסטע פרוכט־בוימער. אין פיעלע דערפער ווי אויך אין איניגע שטעדט, ווי סאלט, חברון, לוד, רמלה, שכם, ציהען זייער הויפט חיונה פון די גרויסע פלאנטאציעס אין זייער אומגעבונג.

5) ירמיה י"ז 8, קהלת ב' 6; בן סירא כ"ד 31־32; מלחמות 4, 8, 3; מועד קטן 1, 3; שביעית 2, 4.

די פערשפרייטעסטע פרוכט־בוימער אין לאנד זיינען נאך איצט די יעניגע מיט וועלכע א"י האט זיך געריהמט אין משה'ס צייטען — דער אליוועגבוים, דער וויינ־שטאק, דער פייגענבוים און דער מילגרוים (6). צו זיי איז די לעצטע צייט אויך צוגעקומען דער אראנזש. דער וויכטיגסטער פון זיי אלעמען, איצט אזוי גוט ווי פריהער, איז דער ערשטער.

## דער איילבוים.

די באדען פערהעלטניסע און קלימאט פון א"י זיינען בעזונדערס גינסטיג פאר דער קולטור פון אליוועגבוים — אין אראביש זיתון (זייטון), העברעאיש זית. עס שיינט אז א"י (און סוריה) איז געווען די היימאט פון דיזען בוים. דער אליוועגבוים בליהט דא אין אלע טיילען פון לאנד, און זיין וואוקס דא איז אונז בעקאנט פון אונדענקליכע צייטען; נאך פאר דער אידישער איינוואנדערונג איז א"י געווען אן אליוועגרייך לאנד (1). די שטארקייט פון פעסטקייט פון זיין שטאם, זיין אויסערארדענטליכע ווידערשטאנדס־פעהיגקייט און די מערקווירדיגע לעבענסקראפט וואס ער צייגט ארויס אין שלאגען אלע מאל נייע ווארצלען און אין דערגרייכען אן אונגעהויער הויכער עלטער (מ'זאגט אז א זית קאן לעבען 800־7 יאהר און מעהר) צייגען, אז דער באדען פון א"י איז די נאטירליכע היים פון איילבוים. בוימער וואס האבען שוין דורכגעלעבט הונדערטער יאהרען געפינען זיך נאך אין פולער פראדוקציאנס קראפט. אין פערשיעדענע געגענדען פון לאנד געפינען זיך פעראיינצעלטע איילבוימער פון זעהר א הויכער עלטער און אויסערגעוועהנליכער שטארקייט. אין קדרון־טאל, נעבען ירושלים, האלט איינער אזא בוים 4 מעטר אין דיאמעטער נעבען ווארצעל. די שענסטע אליוועגבוימער געפינען זיך אין עבר הירדן, אין וואסערדייכען געגענד פון גלעד.

אין אלע טיילען פון לאנד געפינט מען ווילדע און האלב־ווילדע איילבוימער, וואס זיינען וואוקספעהיג אין אלערליי באדענס און קלימאטען, אפילו וואו עס איז פאראן ווייניג רעגען.

די אליוועס ווערען קולטיווירט איבעראל, אין אלע געגענדען פון לאנד, און איבעראל געראטען זיי. זיי וואקסען אין ירדן טאל, 650־850 פוס אונטער'ן ים־שפיגעל, און אויף'ן לבנון און חרמון 4.000־5.000 פוס איבער'ן ים. די מעכטיגע ווארצלען פון איילבוים שלאגען זיך דורך א וועג אפילו אין די פעלזיגע בערג, און דערפון שטאמט דער ביבלישער אויסדרוק „אויל פון א פעלז", א פעלז וואס פליסט מיט שטראמען־אויל (2).

ביי די אמאליגע אידען אין א"י איז דער איילבוים געווען זעהר פערשפרייט און זעהר הויך געשעצט, אלס דער סימבאל פון שעהנקייט (3) און פרישקייט (4).

6) דברים ח' 8, חגי ב' 19.

1) דברים ו' 11, נחמיה ט' 25.

2) „ושמן מחלמיש צור" (דברים ל"ב 13), „וצור יצוק עמדי פלגי־שמן" (איוב כ"ט 6).

3) הושע י"ד 7.

4) תהלים נ"ב 10.

די אומגעגענד פון ירושלם, דער טאָל פון פלשתים און די שפלה (5), דאס לאנד פון אשר (6) — שפּעטער גליל העליון — און דער „אויל־טאָל“ פון אפרים (7), וואס איז נאָך איצט זעהר רייך מיט אָליווען, זיינען שוין אין דער צייט פון ערשטען בית המקדש געווען בעריהמט מיט זייערע אָליווענגערטנער. אייניגע ערטער ווי ברזית (8),



בילד 72.
און אלטער איילבוים.

הר הזיתים האָבען זיך גערופען אויפ'ן נאָמען פון די פלאַנצונגען, אין דער צייט פון בית שני און דער משנה זיינען געווען בעריהמט מיט זייערע איילבוימער מרון, תקועה.

---

5) שופטים ט"ו 5, דברי־הימים כ"ז 28.

6) דברים ל"ג 24.

7) ישעיה כ"ח 1.

8) דברי־הימים א' ז' 31, איצט א דארף פון צפון זייט פון ירושלים מיט'ן נאָמען ביר־זיית.

רגב, בי־זיתא, גת־שמנין און בעזונדערס גוש־חלב (9). די פיעלע פעלזען־אויל־פּרע־סען וואס מען געפינט היינט אין אזעלכע ערטער וואו קיין אײלבוימער וואקסען שוין ניט מעהר צייגען, אז אמאל איז דיזער בוים געווען פיעל מעהר פערשפּרייט אין לאנד ווי איצט.

אבער נאך איצט איז דער אײלבוים דער פערשפּרייטסטער און חאראקטערים־טישסטער בוים פון א״י.

דער אײלבוים איז זעהר גענוגזאם און פאדערט ניט קיין סך פלעגע. אלץ וואס ער דארף האבען איז — א פרייער פלאץ צו ענטוויקלען זיינע ברייטע ווארצלען און אויסצובילדען זיין גרויסע קרוין. יעדער בוים ווערט געפלאנצט אויף א מהלך פון 10 מעטער אבגערוקט פון צווייטען, אזוי, אז ס׳קומט אוים אויף א דונאם ניט מעהר אלס 9־10 בוימער.

ניט אומעטום קריגט דער בוים מיסט. די פלאחין גלייכען דעם זית צו א „בידויה“ (בעדואינישע פּרוי) וואס וואקסט אין מדבר און איז געזונד און פעסט, טראץ אפּטען הונגער און פערנאכלעסיגונג. פיעלע פלאחין אקערען ארום ו׳עם בוים נור איין מאל אין יאהר, מאנכע צוויי מאל, אין דעצעמבער און מארט.

א גוט ענטוויקעלטער, געזונדער און אייניגערמאסען געפלעגטער בוים ברייננט א ריינע הכנסה פון 5־6 פראנק (פּראפ. גוטע רעכענט די דורכשניטליכע הכנסה פון א גוטען בוים אין 10 פר. א יאהר). ביי א בעסערער בעהאנדלונג (רייכליכע בע־מיסטיגונג, זארגפעלטיגע באדענבעארבייטונג) איז דער ערטראג העכער. אין אלגע־מיין ליפערט דער זית א פולע ערנטע נור איין מאל אין צוויי יאהר, דאס צווייטע יאהר גיט נור א האלבען ערטראג. דאס שטאמט הויפּטזעכליך דערפון וואס די פלאחין קלאפּען אראפּ די פּרוכט מיט שטעקענס, אזוי ווי עס האבען דאס פּראקטיצירט די אוראלטע אידען (10), דערביי ווערען די יונגע בליטען וואס דארפען טראגען פּרוכט אין א יאהר ארום, ארונטערגעשלאגען. די אידישע און דייטשע קאָ־לאניסטען וואס פליקען אב די אליווען מיט דער האנד און ניט מיט שטעקענס, בע־קומען כמעט אלע יאהר א נארמאלען ערטראג. אין מאנכע דערפער פליקען אויך די פלאחין די פּרוכט מיט די הענד.

די אײלבירטען הויבען אן רייף צו ווערען אין סעפּטעמבער. זיי זיינען נאך ד׳אן גרין, און יי ווערען איינגעמאכט אין שטארק געזאלצען וואסער אלס שפּייז. די אליווען וואס ווערען בענוצט אויף אויל מאכען בלייבען אויפ׳ן בוים ביז אנהויב נאוועמבער, אויף די בערג אויך ביז דעצעמבער, ביז זיי ווערען טונקעל־גרין אדער שווארץ. פון די ערשטע אליווען ווערט אויסגעפּרעסט דאס בעסטע אויל — גע־וועהנליך פאר׳ן איינענעם געברויך: די פּרוכט ווערט געווייקט אין וואסער און געריבען מיט די הענד ביז די אויל שווימט ארויף.

צום פערקויף ווערט די אויל פארבערייטעט דורך מאהלען און פּרעסען. די אליווען ליגען עטליכע חדשים ביז זיי ווערען האלב־פויל, דאן מאהלט מען זיי אין א זעהר פּרימיטיווען אויל־מיהל. די צוריבענע אליווען ווערען דערנאך געפּרעסט אין

(9) פלאוויוס אויטאביאגראפיע 13, מלחמות 4, 8, 1, בבלי מנחות פ״ה, תוספתא מנחות 9, 5.

(10) „כי תחבוט זיתך“ (דברים כ״ח 20). שפּעטער, אין דער צייט פון משנה, פלעגט מען שוין אראבנייסען די אליווען איינציגווייז מיט גרויס פארזיכטיגקייט (דאס האט געהייסען לקט), אדער איינפאך אראבגעפליקט מיט דער האנד — דאס האט געהייסען מסק. די אליוועגערנטע האט דעריבער געהייסען מסיק (שבת י״ז, בבא בתרא ל״ו).

דער „מעצרה“ (מאסארא) — אויל־פרעס (זעה בילד 27, זייט 192). דער גאנצער בעשטאנד פון מיהל און פרעס און ארבייטס פראצעס וואס ווערט דערביי בענוצט איז אויף א מערקווירדיגען אופן עהנליך צום אמאליגען אידישען אויל־מיהל (ריחים של זיתים) און אוילפרעס (בית־הבד) ווי זיי ווערען געשילדערט אין דער משנה (11).

די אליווען, אלס פרוכט און אויל, זיינען פון די הויפט נאהרונגס־מיטלען פון דער ארטיגער בעפעלקערונג. זיי ליפערען אויך מאטעריאל פאר די גרעסטע אינ־דוסטריע, פון לאנד — זייפענזידעריי (זעה העכער ז. 192־193).

די אליווענקולטור וואלט אונטער גינסטיגערע אומשטענדען געקאנט ווערען א קוואל פון וואוילשטאנד און פון רייכטום פאר׳ן לאנד. כמעט קיין אנדער בוים איז ניט אזוי צוגעפאסט צום באדען און קלימאט פון לאנד ווי ער. דער אבגאנג פון די פרוכטען און פון אויל איז א געזיכערטער. דער ריינער איינקונפט איז בערך א הויכער און די בעהאנדלונג פון בוים פאדערט ניט קיין סך אויסגאבען און מיה.

די הויכע ווערט פון איילבוים ווערט אנערקענט אין לאנד־פערקויף: ווען איינער בעצאהלט פאר אן אליווענבוים האט ער שוין דערמיט צוגלייך געקויפט דעם באדען, אויף וועלכען דער בוים שטעהט. ווען איינער, פארקעהרט, קויפט א שטיק לאנד, וואס איז פערפלאנצט מיט זיתים, בעלאנגען די בוימער צום אלטען בעל־הבית. סיידען עס ווערט אויסדריקליך אנדערש בעשטימט אין קאנטראקט (12). טראץ דעם זעהט מען ניט אין לאנד קיין יונגע אליווענאנלאגען (אויסער אין די אידישע קאלאניעס). די מייסטע אליווען־וועלדלעך זיינען שוין זעהר אלט, מעהרערע האבען שוין דורכגעלעבט הונדערטער יאהרען. ניט נור ווערען די איילבוים־פלאנצונגען ניט פערגרעסערט, נור פערקעהרט, די פלאחין האקען אויס פיעל אליווענבוימער און פער־קויפען זיי אלס ברענהאלץ אדער פאר די אוילבוים־פראדוקציאן אין ירושלים. דאס קומט פאר ערשטענס דערפאר, וואס דער איילבוים ענטוויקעלט זיך זעהר לאנגזאם און עס דויערט 10־12 יאהר ביז ער ווערט פעליג ערטראגספעהיג (ביי גוטער בע־האנדלונג געשעהט דאס מיט איניגע יאהר פריהער). דער פויער האט דעריבער ניט קיין לוסט איהם צו פלאנצען. צווייטענס דער שווערער לאסט פון שטייערען. דער איילבוים איז בעלעסטיגט מיט א ספעציעלען שטייער, אויסער דעם עשר און די אלגעמיינע באדען שטייערען, וועלכער ווערט אויפגעמאנט אין שלעכטע אזוי גוט ווי אין גוטע יאהרען, און דער פלאח ציהט בעסער אפטמאל פאר אויסצוהאקען אין גאנצען דעם בוים אבי פטור צו ווערען פון די שטייערען.

די פערניכטונג פון די בוימער, בעזונדערס אין ירושלמ׳ער געגענד, אויסער די שלעכטע ווירקונג וואס האט אויף׳ן קלימאט, רופט זיך אויך אב אויף׳ן אלגעמיינעם ווירטשאפטליכען לעבען פון לאנד. ווי עס בעריכטעט דער דייטשער קאנסול פון ירושלם אין 1909, איז די זייפענפאבריקאציאן צוריקגעגאנגען אלס פאלגע פון אויס־האקען די אליווענבוימער, און פון די צאהלרייכע זייפענזידערייען אין ירושלם פון פריהערדיגע יאהרען איז ניט מעהר געבליבען ווי איינע, און די הויפט שטאדט פון א״י, אנשטאט צו עקספארטירען זייף ווי פריהער, מוז זי ארייכפיהרען פאר איהר אייגענעם געברויך פון שכם און יפו.

---

11) משנה בבא בתרא 4, 5; זבים 4, 2, טהרות 9, 8, תוספתא ב״ב 3, 2. דער פראצעס פון אויל־פרעסען ווערט געשילדערט אין משנה מנחות 8, 4.

12) דאס שיינט צו זיין זעהר אן אלטער מנהג. ווען אברהם האט דאס פעלד פון מכפלה געקויפט, האט ער בפירוש אויסגערעדט, אז ס׳זאל בעלאנגען צו איהם דאס פעלד און יעדער בוים וואס אין פעלד (בראשית כ״ג 17).

פערייינצעלטע און קלענערע גרופען אוילבוימער געפינען זיך אין מעהרערע דערפער, בעזונדערס אין גליל העליון, שומרון און די אומגעגענד פון ירושלים, גרעסרע אליוועגאנלאגען זיינען פאראהאן ארום שכם, לוד, רמלה, חברון, בית לחם, צפת, עכו, חיפה און צור. די דערפער טירה, איג'זים, עין־גאזאל ביי דעם פוס פון כרמל זיינען בעריהמט אין לאנד מיט זייער גוטען אויל. די אליוועגגערטנער פון דארף רמה, אין גליל העליון, אין א הויך פון 1.300־2.000 פוס איבער'ן ים, שטייגען איבער אלע אנדערע מיט זייער פראדוקטיוויטעט און הויכער קוואליטעט פון אויל. אין דארף עבדיה, וואס איז ביים ירדן (צווישען מלחמיה און כנרת), ווי אויך אין יריחו בעוואסערט מען די אליוועגן קינסטליך אין פערלויף פון הייסען זומער.

לויט האלב אפיציעלע אנגאבען פון 1325 (1909) צעהלט דער ירושלים'ער סאנדזשאק 3.593.566 אליוועגבוימער מיט א פרוכטענערטראג פאר דעם בעריכט יאהר פון 74.384.900 אקא (אן אקא איז 1.28 קילאגראם). דער בירות'ער ווילאיעט האט לויט אפיציעלע אנגאבען, וועלכע דר. א. רופין טיילט מיט, 1.527.000 אייל בוימער מיט א פרוכטענערטראג פון 19.010.000 אקא. דער דמשק'ער ווילאיעט — 449.714 איילבוימער (אויף 23.491 דונאם) מיט אן ערטראג פון 19.010.000 אקא פרישע אליוועז. לויט די אנגאבען פון אפיציעלען „סלאנאמע" (יאהרבוך) פון בירות'ער ווילאיעט פאר'ן יאהר 1326 (1910) איז דער אליוועגערטראג פון שכמ'ער סאנדזשאק 2.900.000 אקא (2.000.000 אין שכמ'ער קאדא, 500.000 — טול־כרם, 400.000 — ג'נין), וואס בעדייטעט, נעמענדיג אלס מאסשטאב די פראפארציע פון דער צאהל בוימער און זייער ערטראג אין גאנצען בירות'ער ווילאיעט (12.5 אקא פון א בוים) אז דער סאנדזשאק צעהלט אונגעפעהר 237.000 אליוועגבוימער. דער אליוועגערטראג פון גליל, לויט דער זעלבער קוועלע, איז 970.000 אקא אליוועגאויל. פאר אן אקא אויל פאדערען זיך בערך 5 אקא אליוועז. דאס מאכט אלזא אויס אן ערטראג פון 4.850.000 אקא פרישע אליוועז, און רעכענדיג 12.5 אקא פון א בוים, מאכט עס אויס אונגעפעהר 388.000 אליוועגבוימער. אין עבר הירדן איז די צאהל זעהר א קליינע. ווארשיינליך ניט מעהר אלס א דריטעל פון דער אלגעמיינער סומע פון דמשק'ער ווילאיעט, ד. ה. ארום 150.000 בוימער. דאס גאנצע לאנד צעהלט אלזא ארום 4.318.566 אליוועגבוימער (אויף א שטח פון אונגעפעהר 288.000 דונאם).

## וויינשטאק.

דער וויינשטאק—אין העברעאיש גפן אדער דלית, אראביש דליה (דאליא)— ווערט אין תנ"ך זעהר אפט דערמאנט צוזאמען מיט'ן פייגענבוים (1), און דער הייניגער פלאח פלאנצט זיי געוועהנליך צוזאמען אין איין גארטען. דער קלימאט און באדען פון א"י איז פאר וויינפלאנצונגען נאך מעהר געאייגענט ווי פאר איילבוימער, און דער וויינשטאק בליהט דא אומעטום, אין די פרוכטבארע עבענע פון שרון, אין די פעלזענהויכען פון יהודה און גליל, אין מזרח און מערב זייט פון ירדן. אפילו אויף די גאר הויכע און שטיילע בערג־אבהענגע, וואו מ'וועגדעט נור אן די טעראסענקולטור, ברענגען די וויינגערטנער א גוטען ערטראג. בעזונדערס גוט געראטען די

1) במדבר כ' 5, דברים ח' 8, יואל ב' 22, חגי ב' 19, ירמיה ה' 17.

וויינפלאנצונגען אויף די זאנפטע אבהענג פון די בערג. דאס גאנצע בערגלאנד פון א"י איז אייגענטליך א געבוירענעס וויינלאנד. דערפון שטאמט דער אפטער ביבלי־שער אויסדרוק „בערג טריפען מיט טרויבענזאפט" (2). ווי רייך און פערשפרייט די וויינפלאנצונגען זיינען אמאל געווען ביי די אידען צייגען די צאהלרייכע פעלזען־וויינקעלערן, שטיינערנע וועכטער־טורמען און צעפאלענע מויערען פון טערא־סענקולטור, וואס מ'זעהט נאך איצט אין די הרי יהודה, אויפ'ן כרמל, אין עבר הירדן. די אידען פלעגען פלאנצען די וויינשטאק מייסטענס אויף די בערג אבהענגע (3). פיעל וויינגערטנער האבען זיך אויך געפונען אין די טאלען (4). מאנכע ערטער האבען זיך גערופען אויפ'ן נאמען פון וויינשטאק אדער וויינגארטען, ווי נחל שורק, אבל־כרמים, בית הכרם א. ד. ג. (5).

בעזונדערס האט זיך יהודה געריהמט מיט איהר וויינקולטור, פונקט ווי גליל מיט איהרע אליוון. אויף יהודה איז געזאגט געווארען אין יעקב'ס ברכה: „ער בינד זיין אייזעלע צום וויינשטאק, און צום וויינצווייג זיין יונגע אייזעלין; ער וואשט אין ויין זיין קלייד און אין טרויבען־בלוט זיין ראק" (6). דער „נחל אשכול" נעבען חברון, פון וואנען די מרגלים האבען געבראכט א הענגעל טרויבען (7), איז נאך איצט בעריהמט מיט רייכע וויינגערטנער. הענגעלטרויבען האבען זיך געפונען אויף די אידישע מטבעות אלס סימבאל פון אידישען פאלק, און די נביאים האבען אפט פערגליכען דאס אידענטום צו א וויינשטאק (8).

ביי דער אנלאגע פון א וויינגארטען (כרם אין העברעאיש און אראביש) ווערט דער באדען אבגערייניגט פון שטיינער, ארומגעצוימט מיט א צוים (ג'דר אדער סינסילה) און אויפ'ן הויכען פלאץ ווערט אויסגעבויט א טורם (אראביש קצר) פון וויכען שטיין, אויף וועלכען עס ווערט אנגעצייגען א ביידעל (ערישה) פון ראגא־זשעס פאר'ן וועכטער — אזוי ווי דאס ווערט געשילדערט אין „וויינגארטען געזאנג" פון ישעיה הנביא (9). נור קיין וויינקעלער ווערט שוין מעהר אין כרם ניט אויסגע־האקט, ווייל די מוסלימישע פלאחין בעשעפטיגען זיך ניט מיט וויין־בעטריעב. דער וויינשטאק ווערט אין אייניגע ערטער (ווי עין כרם, בית־מחסיר, חברון) ארויפגעצוי־גען אויף שטאבעס, אין אנדערע (ווי אין נצרת, סאלט, ראמאלאה) לאזט מען די צווייגען ליגען אויף דער ערד, און זיי שטעלען מיט זיך פאר א נידריגע געוויקס, ווי עס מאהלט דער נביא יחזקאל (10). געוועהנליך ווערען עס־טרויבען געפלאנצט ארויפ־

---

2) „והטיפו ההרים עסים וכל הגבעות תתמוגגנה", עמוס ט' 13.

3) דברי הימים ב' כ"ו 10, ירמיה ל"א 4, תהלים פ' 10; בית רימה ובית לבן בהרים—מנחות 8, 11.

4) בקעת בית־הכרם נדה 2, 7; בקעת בי־טרפי—שבת ק"ט; שרון—בבא בתרא 6, 2; כפר סיגנא בבקעה—מנחות 11,8.

5) נחל־שורק — שופטים י"ד 5; אבל־כרמים און עבר הירדן — שופטים י"א 33; גפן שבמה — ישעיה ס"ז 8; ירמיה מ"ח 32; בית הכרם — נחמיה ג' 14.

6) „אסרי לגפן עירה ולשרקה בני אתנו, כבס ביין לבשו ובדם ענבים סותה הכלילי עינים מיין" (בראשית מ"ט 11-12).

7) במדבר י"ג 23.

8) תהלים פ' 9, הושע י' 1, חולין צ"ב. בר־כוכבא האט אויף זיינע מטבעות אויסגעגאסען א בילד פון א וויינשטאק אלס סימבאל פון אידישען פאלק (זעה בילד 9, זייט 32)

9) ישעיה ה' 1־2.

10) יחזקאל י"ז 6-9.

געצווינגענע, און דאגעגען טרויבען פאר ווייז — לאזט מען ליגען אויף דער ערד (11).

דער וויינשטאק פאדערט פיעל מעהר זארגפעלטיגע בעהאנדלונג ווי דער איילבוים און פייגענבוים, און די פלאחין האבען א ווערטעל: דער איילבוים איז א בעדואינעריז, וואס וואקסט אפילו אין מדבר: דער פייגענבוים איז א פלאחישע פרוי. א פערהארטעוועטע פויערטע אויף וועלכע מ'קוקט זיך ווייניג אום און איז פעסט און שטארק; דער וויינשטאק איז א „סיט" — א צארטע שטאדטישע דאמע, וואס פערלאנגט בעזונדערע פלעגע און אויפמערקזאמקייט.

נאך די ערשטע רעגענס ווערט דער וויינגארטען געאקערט, אין די הויכע, שטיילע בערג אבהעגגע וואו ס'איז אונמעגליך צו אקערען — ארומגעהאקט מיט א פיאש, און שפעטער, אין פעברואר, ווערט דער שטאק ארומגעשניטען. אין פריהלינג אקערט מען נאך צוויי דריי מאל.

די טרויבען — ענב (אינאב) אין אראביש — ווערען ניט איבעראל צייטיג מיט אמאל. געוועהנליך ווערען זיי אין טאל רייפער מיט א חדש פריהער אלס אין די בערג. די פריהסטע טרויבען — מיטען יוני — זיינען אין יריחו און איז דער פלשתים־עבענע. די שפעטסטע — אין חברון, סאלט און ארום צפת. עס זיינען אויף אזא אופן פארהאן פרישע טרויבען פון יוני ביז ענדע נאוועמבער. דער אנהויב פון בציר (טרויבענערנטע) שליסט זיך אונמיטעלבאר אן אין דרעש־צייט, און דער סוף זיינער — אין דעם זייען פאר דעם נייעם יאהר (12).

די טרויבען, ווי זיי הויבען נור אן אויסצואוואקסען, מוזען שטרענג אבגעהיט ווערען פון די אונגעבעטענע געסט — די קליינע פיקסעלעך, וואס כאפען זיך אריין ביינאכט איינציגווייז און טרופענווייז אין וויינגארטען און מאכען א חורבן אין וויינשטאק (13). ניט ווייניגער געפעהרליך זיינען די צווייפיסיגע גנבים, וועמעס צאהל אין יעדען דארף איז אזוי גרויס כמעט ווי די צאהל איינוואוינער. און דער בעל־כרם ציהט זיך דעריבער זומער אין גאנצען אריין אין וויינגארטען און פערברענגט דארט מיט זיין גאנצע פאמיליע ביז ענדע זומער. אין די וויינגערטנער ווערען געוועהנליך פערפלאנצט אויך אנדערע פערשיעדענע פרוכטבוימער — פערסיקעס, גראנאטען, מאנדלען, עפעל, אבריקאסען, בארנעס, מוילבערים און עפטער ווי אלץ — פייגען, און אין די הייסע מיטאג־צייט רוהט דער פלאח אב אונטער זיין וויינשטאק און פייגענבוים (14). די עטליכע חדשים וואס דער פויער פערברענגט אין וויינגארטען לעבט ער כמעט אויסשליסליך מיט פרישע טרויבען. דער מוסלימער טאר ניט טרינקען קיין ווייז, און ער האלט זיך דעריבער ביי די פרוכט. בכלל איז דער פערברויך פון פרישע פרוכט אין גאנצען לאנד אונגעהויער גרויס, און עס איז א דאנק די דאזיגע ערנעהרונג וואס די פלאחין פערמאגען צו ערהאלטען א גוטע געזונדהייט

11) די צוויי פערשיעדענע אופנים זיינען אויך געווען בעקאנט צו אמאליגע אידישע כורמים. ־ויפגעצויגענע וויינשטאק האט געהייסען דליות, אויף דער ערד ליגענדע — רוגליות. דער גוטער וויין האט זיך בעקומען פון די רוגליות, און פאר'ן בית המקדש האט מען דעריבער געבראכט נור פון לעצטען מין און ניט פון ערשטען („אין מביאין מן הדליות, אלא מן הרוגליות, מנחות 8, 6).

12) דער צוזאמענפאל פון דרעש־צייט מיט טרויבענערנטע און טרויבענערנטע מיט דער נייער ז־יעה ווערט אין תנ"ך בעצייכענט אלס א סימן פון ברכה. „והשיג לכם דיש את בציר ובציר ישיג את זרע" (ויקרא כ"ו, 5), ונגש חורש בקוצר ודורך ענבים במושך הזרע" (עמוס ט' 13).

13) „שועלים קטנים מחבלים כרמים" (שיר השירים ב' 15).

14) „תחת גפנו ותחת תאנתו" — מלכים א' ה' 5, מיכה ד' 4.

און א קרעפטיגען קערפּער טראָץ די זאנסט אונגינסטיגע לעבענס־בעדינגונגען.

אויסער די גרויסע צאהל טרויבען וואס ווערען קאָנסומירט פרישערהייד, אויפ׳ן אָרט און אין דער נעהענטערע און וויטערע נאכבארשאפט, וואוהין די טרויבען ווע־רען פאנאנדערגעפיהרט אויף אייזעלעך, — ווערען זעהר פיעל טרויבען געבראכט אין האנדעל אלס ראָזינען („זביב"), טרויבענהאָניג (דיבס) און טרויבענמאַרמעלאַד אָדער טרויבענקוכען (מלבן). די קריסטליכע פלאחין טרעטען אויך אויס אביסעל וויין. די אלטע פעלזען־וויינפּרעסען, וועלכע די כנענים און אידען האָבען אמאָל געניצט און געפינען זיך נאָך אין מאנכע כרמים — ווערען שוין מעהר ניט געברויכט (15).

די פּראָדוקציאָן פון ראָזינען איז בעזונדערס גרויס אין סאלטער ראיאָן (זעה זייט 301). א חוץ די מאסען ראָזינען וואס ווערען פערנוצט אין לאנד גופא ווערען יעהרליך עקספּאָרטירט דורך יפו איבער 500 טאָן ראָזינען פאר א פערטעל מיליאָן פראנק. דער טרויבענהאָניג — אראביש דבס, העברעאיש דבש — ווערט פּאַר־בערייטעט הויפּטזעכליך אין ירושלים׳ער און חברונ׳ער ראיאָנען — פון אויס־געפּרעסטען טרויבענזאפט, וואס ווערט נאָך דורכלייטערונג מיט א ווייכע קאלכשטיין מאסע געקאָכט ביז עס בעקומט די געוואונשטע דיק. דער „מלבן" ווערט אויך פּאַר־בערייטעט פון געמאכטען טרויבענזאפט, געמישט מיט פערשיעדענע זאמען, וואס ס׳ווערט דערנאָך אויפגעשמירט אויף טיכער און אויסגעטריקענט, און אלס דינע פּלאַדען פערשפּייזט.

לויט אפיציעלע אנגאבען פון 1325 (1909) האָט דער ירושלים׳ער סאנדזשאק 37.360 דונאם וויינפּלאנצונגען מיט א יעהרליכען איינטראג פון 21.281.000 אקא פרישע טרויבען (אין דעם זיינען שוין אויך איינגעשלאָסען די אידישע כרמים פון די יהודה׳ר קאָלאָניעס, וואס פערנעמען א שטח פון 12.000 דונאם, ד. ה. כמעט א דריי־טעל פון גאנצען וויין־שטח פון סאנדזשאק). פון דעם ווערען פּראָדוצירט 2.033.374 אקא וויין (בערך 90 פּראָצענט אידישער), 150.000 אקא ראָזינען און 57.404 אקא אראק. פאר איין אקא וויין ווערען פערברויכט 2־3 אקא טרויבען, פאר איין אקא ראָזינען 4־5 אקא פרישע טרויבען, פאר איין אקא אראק 3־4 פרישע טרוי־בען—מ׳קאָן דעריבער רעכענען אז פון גאנצען יעהרליכען טרויבען־ערטראג ווערען בערך 6.000.000 אקא פרישע טרויבען פערווענדעט אין דער פּראָדוקציאָן פון וויין (בערך 5.080.000 אקא טרויבען), ראָזינען (אונגעפעהר 675.000 אקא) און אראק (ארום 200.000 אקא). די איבריגע 15.000.000 אקא טרויבען ווערען פערברויכט אין לאנד פרישערהייד אָדער פערווענדעט אויף דער פּראָדוקציאָן פון טרויבענהאָניג און מארמעלאַד. ירושלים און שכם אליין פערברויכען אונגעפעהר 900.000 קילאָגראם אָדער 704.000 אקא טרויבען יעהרליך.

אויסער די אידישע קאָלאָניעס וואס ליגען אין שרון, האָט חברון די אומפאנגס־רייכסטע וויינפּלאנצונגען אין מערב א"י. אויך די אומגעגענד פון די דערפער רמאלה און אבו חוש אין די ירושלים׳ער בערג האָבען בעדייטענדע וויינגערטנער. אין עבר הירדן איז דער צענטער פון וויינקולטור — סאלט. אויך די דערפער עג׳לון, תבנה, ענבה און אנדערע אין גלעד (אָדער ג׳בל עג׳לון) האָבען גרויסע כרמים אין

15) נעבען דער אידישער קאָלאָניע ארטוף, צווישען צרעה און אשתאול, געפינט זיך איינע פון די ראָזינע אוראלטע וויינקעלערס. זעה בילד 71, זייט 379.

אומפאנג פון 200-1000 דונאם. די גולנ'ער בעדואינער זיינען גרויסע ליעבהאבער פון טרויבען, און די פלאחין ווייסען צו ציהען דערפון פראפיט, אז זיי פאהרען ארום מיט זייערע טרויבען אויף אייזלען פון איין בעדואינען-לאגער צום צווייטען.

בנוגע די בירות'ער און דמשק'ער ווילאיעטען ברענגט רופין די פאלגענדע אפי־ציעלע אנגאבען פון יאהר 1913: דמשק'ער ווילאיעט — 282.239 דונאם מיט א יעהרליכען ערטראג פון 129.019.100 אקא פרישע טרויבען, בירות'ער ווילאיעט — 33.428 דונאם מיט א ערטראג פון 4.870.000 אקא. לויט די אפיציעלע אנגא־בען פון די בירות'ער סאלנאמע פאר 1326 (1910) איז דער יעהרליכער ערטראג פון טרויבען אין קאדא מרג'עיון 100.000 אקא, אין קאדא צור — 500.000 אקא, צפת — 1.000.000 אקא, עכו — 20.000, חיפה — 1.000.000, שכם — 300.000 אקא. — צוזאמען אלזא פאר גאנץ גליל און שומרון (אויסער נצרת, וואס פערמאגט זעהר ווייניג כרמים) — 2.920.000 אקא. קיין גענויע ציפערען וועגען דעם שטח וויינפלאנצונגען פון שומרון, גליל און עבר הירדן — זיינען ניטא, אונגעפעהר ווערט עס געשאצט אין 80.000—120.000 דונאם.

לויט די אנגאבען פון די אגראנאמען אהרונסון און סאסקין ברענגט ארייז א העקטאר עסטרויבען ארום 500 פראנק ריינעם ריוח. דער מיטעלער ערטראג פון א העקטאר איז בערך 6.000 קילאגראם טרויבען, רעכענענדיג 0.15-0.25 פראנק א ק"ג פרישע טרויבען מאכט עס אויס אויף א העקטאר (ביי 6.000 ק"ג פרא העקטאר) אי־בער 1.000 פראנק ברוטא איינקונפט. דערפון דארף מען אראפרעכענען בערך א העלפט פאר די אויסגאבען. דאס איז פיעל מעהר ווי עס ברענגען ארייז די טרויבען צוליעב וויין־פראדוקציע אין די אידישע קאלאניעס.

## דער פייגענבוים

דער פייגענבוים — אין ארמיש „תין", העברעאיש תאנה — איז לעבענס־קרעפטיג ווי דער איילבוים און שטייגט איהם נאך איבער אין גענוגזאמקייט. ער בעדארף פיעל ווענינער באדען, און זיינע ווארצלען בעגנוגענען זיך אפילו מיט א פעלזענשפאלט. זיין ערטראגס־פעהיגקייט איז אונגעהויער גרויס — ער ברענגט פרוכטען עטליכע מאל אין זומער, און איז פון אוראלטע צייטען געווען א בעשטאנד־טייל פון פויערישען ווירטשאפט אין א"י (1). זיינע ברייט־פערשפרייטע צווייגען ווארפען א געדיכטען שאטען, און דער פייגענבוים איז דעריבער אלע מאל געווען דער בעליעבטער אברוה־ארט פון פויער אין א"י, און דער אויסדרוק „זיצען אונטער'ן פיי־גענבוים" בעצייכענט אין תנ"ך א סימן פון רוהיגקייט, פרידען און וואוילשטאנד. די בלעטער פון פייגענבוים זיינען גרעסער פון אלע אנדערע בוימער אין א"י (2) און מ'מאכט פון זיי, נאך היינט, ווי אין עמוס'עס צייטען (3), קארבען צו טראגען אין זיי לייכטע פרוכט.

1) דברים ח' 8, שופטים ט' 10, מל"א ה' 5, מלכים ב' כ' 7, מיכה ד' 4, חבקוק ג' 17, מעשרות 2, 7; בבא בתרא 3, 1; מלחמות היהודים 3, 10, 8.

2) די ערצעהלונג אז אדם און חוה האבען זיך גענעהט א גארטעל פון פייגענ־בלעטער (בראשית ג' 7) איז אויך זיכער געשטיצט אויף דעם פאקט.

3) „כלוב־קיץ" (עמוס ח' 1, 2) בעדייטעט אהן צווייפעל א קארב אדער קוישעל פון פייגענ־בלעטער (קיץ איז אין העברעאיש דאס זעלבע וואס תאנה).

דער פייגענבוים איז נאך היינט איבעראל פערשפרייט אין לאנד, הגם ער האט איצט א פיעל קלענערע בעדייטונג אין דער פלאחישער ווירטשאפט. ער געפינט זיך איצט מעהר פעראיינצעלט, אלס אין גאנצע אנלאגען, און וואו אזעלכע זיינען פארהאן זיינען זיי ניט גרויס. בעזונדערס פערשפרייט איז ער אין גליל העליון, וואו מ'געפינט זעהר פיעל פערשיעדענע מינים—שווארצע, גרינע, געלע און אנדערע. געוועהנליך וואקסען די פייגען אויף איין ארט צוזאמען מיט די וויינטרויבען. א גרויסע פייגען־גארטען געפינט זיך נעבען בית־אל (בתין) אין וואדי־תין („דער טאל פון פייגענבוימער"). אויך ארום בית־לחם, בית־סחור, קדרון־טאל, עין־יברוד זיינען פארהאנען קליינע פייגענגערטנער. נעבען נצרת זעהט מען זעהר שעהנע און הויכע פייגענבוימער אין א גרויסער צאהל.

די פרישע פרוכטען רופען די פלאחין קיט' (קייז), וואס איז ווארשיינליך דער העברעאישער קיץ (4). די גרינע פייגען הייסען פג' (פאדזש), העברעאיש פג (5). די פייגען הויבען אן רייף צו ווערען זעהר פריה, אין חודש מאי, דאס זיינען פריה־



בילד 75.
פייגענבוים לעבען יפו.

פייגען, די אזוי גערופענע בכורה (6), און האלטען אן מיט זייער ערנטע ביז מיטען ווינטער, ארום דעצעמבער. די פרוכטען ווערען פערצערט פרישערהייד אדער גע־טרוקענט. זיי ווערען אבער פערברויכט נאר אין לאנד, מחמת די פארהאנענע מינים אין א"י פראדוצירען קליינע פרוכטען וואס לוינט ניט צו עקספארטירען.

א בעזנדער מין פייגען, וואס איז בעקאנט מיט'ן נאמען סיקאמאר־פייגען (העב־רעאיש שקמה, אראביש ג'מאיז) צייכענט זיך אויס מיט א אויסערגעוועהנליכער ווי־דערשטאנדס־פעהיגקייט אין בעצוג צו טרוקעניש און אונגעהויערער פרוכטבארקייט. די אראבער פערזיכערען, אז ער טראגט זיבען מאל א יאהר פרוכט. די צאהל פירות

4) שמואל ב' ט"ז 1; ירמיה מ' 10. אין העברעאישען קאלענדאר־אויפשריפט וואס איז אויס־געגראבען געווארען אין גזר, ווערט איין חדש אנגערופען „ירח קיץ", וואס פראפ. לידזבארסקי פער־טייטשט „דער חדש פון פייגענערנטע".

5) התאנה חנטה פגיה (שיר השירים ב' 13).

6) ישעיה כ"ח 4, מיכה ז' 1, ירמיה כ"ד 2.

פון יעדען בוים איז ווירקליך ערשטוינענד. דער בוים וואקסט זעהר שנעל און נעמט אן א ריזיגען געשטאלט — מיט א ברייטען שטאב, מעכטיגע ווארצלען און א גרויסע קרוין. די פרוכט איז ניט זעהר געשמאק, און נאר די ארימסטע שיכטען עסען זי. אבער זי ענטהאלט פיעל צוקער און איז זעהר גוט אלס פוטער פאר.פיה.

די סיקאמארען וואקסען אין טאל, און ענטוויקלען זיך זעהר גוט אין דיונעס ביים ברעג־ים. איצט בעגעגענט מען גור פעראיינצעלטע בוימער, אמאל זיינען זיי געווען אזוי צאהלרייך, בעזונדערס אין דער שפלה, אז דוד המלך האט בעשטימט א ספעציעלען אויפזעהער אויף זיי (7), און ווענען שלמה המלך ווערט דערצעהלט, אז ער האט געבראכט אין ירושלם צעדרען „אזוי פיעל ווי די סיקאמארען אין דער שפלה" (8).

אין פערלויף פון די רעגענלאזע צייט ווערען די פייגען אויסגעשפרייט אויפ'ן דאך פון הויז אדער אויף אנ'אנדער פלאכען פלאץ אויסצוטרוקענען. און אזעלכע אויסגעשפרייטע פייגען רופען די פלאחין „משטח (מישטאח) תין", אזוי ווי דאס האבען גערופען די אידען אין דער צייט פון משנה (9).

לויט די אפיציעלע אנגאבען פון בירות'ער „סאלנאמע" פון 1910 גיט גליל ארוים יעהרליך 450.000 אקא פייגען, אז ג'נין און טול־כרם 180.000 אקא. גענויע ציפערען וועגען דער צאהל און שטח פון פייגען־פלאנטאציעס איז ניטא.

7) דברי הימים א' כ"ז 28.
8) מלכים א' ז' 27, דברי־הימים ב' א' 15.
9) מכשירין 3, 6; טהרות 9, 6; תוספתא טהרות 11, 8.

## מילגרוים.

דער מילגרוים — אין אראביש רמאן, העברעאיש רמון — איז איינער פון די זיבען מינים מיט וועלכע א"י האט זיך געריהמט אין אלטע צייטען (1) און איז געווען בעקאנט די אידען נאך פון מצרים (2). די מילגרוים־בוימער זיינען איצט זעהר פערשפרייט אין א"י, הגם זייער פרוכט האט א קליינע קאמערציעלע בעדייטונג. און אין יעדען גארטען, מיט אדער אהן בעוואסערונג, געפינט מען א צאהל עקזעמפליארען פון דעם בוים וואס איז זעהר בעליעבט אין מזרח, צוליעב זיין שעהנקייט און פרוכט. די אידען האבען געברויכט דעם מילגרוים אלס א הייליגע עמבלעמע אין בית־המקדש און אויף די קליידער פון די כהנים. פון די זאפט פון זיין פרוכט האבען זיי געמאכט וויין (3). די מילגרוים־פלאנצוגגען זיינען דאן געווען זעהר צאהלרייך צוגלייך מיט טרויבען, פייגען און אליוון (4) און פיעלע ערטער אין לאנד האבען זיך גערופען רמון, עין רמון, סלע־הרמון, גת־רמון, ווארשיינליך צוליעב די מילגרוים גערטנער וואס זיינען דארט געווען(5). איינער פון די ערטער, אין דער טעריטאריע פון שבט זבולון, איז נאך איצט בעריהמט מיט זיינע מילגרוימען; דאס דארף ריינה, אין צפון זייט פון נצרת.

1) דברים ח' 8.
2) במדבר כ' 5.
3) שיר השירים ח' 2.
4) שמואל א' י"ד 2, יואל א' 12, חגי ב' 19, שיר השירים ד' 13, ו' 11, ז' 13.
5) רמון און יהודה — יהושע ט"ו 32; עין רמון—יהושע י"ט, נחמיה י"א 29; סלע־הרמון— שופטים כ' 45; רמון און זבולון—יהושע י"ט 13; נת־רמון—יהושע כ"א 25.

וואס געפינט זיך ניט וויט פון אמאליגען רמון אין זבולון, איז אויך בעקאנט מיט'ן נאמען אום־א רמאן, ד. ה. מוטער פון מילגרוימען, צוליעב די צאהלרייכע און פיינע מינים מילגרוימען וואס וואקסען דארט.

די מילגרוים־בוימער זיינען זעהר ווידערשטאנדפעהיג אין בעצוג צו טרוקעניש און וואקסען אין די נידעריגערע און הייסערע געגענדען, ווי אין יריחו, און אויך אויף א הויך פון 1.300־1.000 פוס. ס'איז פארהאן צוויי הויפט־מינים: זויערע און זיסע. די פרוכט ענטהאלט אין זיך זעהר פיעל זאפטיגע קערנדלעך, וואס זיינען זעהר בעליעבט ביי דער בעפעלקערונג. די שאל ווערט בענוצט אין גארבעריי. פון די זאפט מאכט מען איצט ניט קיין וויין ווי אמאל, נאר די זאפט פון זויערע מינים ווערט אפט בענוצט אנשטאט לעמאן־זאפט, אין געקעכטס און געטראנקען.

די פרוכט ווערט רייף אין סעפטעמבער—אקטאבער, און היט זיך אב א לאנגע צייט, איז אויך זעהר בעקוועם צו טראנספארטירען, און קאן דעריבער קולטיווירט ווערען פאר'ן אויסלענדישען מארק.

## פאלמע.

די פאלמען אדער טייטעלבוימער — אין אראביש באלאח, העברעאיש תמר — האבען איצט כמעט ניט קיין ווירטשאפטליכע בעדייטונג. הגם מ'זעהט נאך איצט דיזען שלאנקען, הויכען בוים ארום פיעלע דערפער, און בעזונדערס ארום די שטעדט אויפ'ן ברעג ים, אבער ער דיענט איצט הויפטזעכליך אלס א צירונג.

פריהער זיינען די פאלמען געוועזען פיעלפאך מעהר פערשפרייט, און אין דער אידישער לאנדווירטשאפט, פון דער ביבלישער תקופה אזוי גוט ווי אין די צייטען פון דער משנה איז דער טייטעלבוים קולטיווירט געווארען צוזאמען מיט די וויינשטאק, פייגען, מילגרוימען, אליוועז און אנדערע פרוכטען (1).

דאס גאנצע ברעג לאנד פון לבנון ביז יפו האט, א דאנק זיינע פאלמען, געקראגען פון די גריכען דעם נאמען פעניקיע, וואס בעדייטעט „פאלמענלאנד." אויך די אידען האבען אייניגע ערטער גערופען מיט'ן נאמען תמר — ווי חצצון־תמר (2), בעל תמר (3), תמר (4). די פאלמען האבען זיך געפונען אפילו אויף די בערג, און דבורה הנביאה איז געזעסען אונטער א טייטעלבוים אויפ'ן בארג פון אפרים (5). מעהר ווי אומעטום אבער האבען די פאלמען געראטען אין ירדן־טאל, עין־גדי, וואדי פזאל און הויפטזעכליך אין יריחו, וואס האט צוליעב דעם בעקומען דעם נאמען „עיר דתמרים" (די פאלמען שטאדט) (6).

די טייטעלבוימער פון יריחו, וואס זיינען איצט גענצליך פערשוואונדען, האבען אונטער זיך א געשיכטע פון אריבער צוויי טויזענד יאהר. אין תנ"ך ווערען די פאל־

1) יואל א' 12, קדמוניות 18, 2, 2, מלחמות 3, 3, 3; 3, 10, 8, פאה 1, 5; 4; 1; דמאי 1, 1; כתובות נ"ו, בבא מציעא ל"ט.

2) בראשית י"ד; אין דברי הימים ב' 2, ווערט דאס אידענטיפיצירט מיט עין־גדי, וואס האט זיך געריהמט מיט זיינע וויינגערטנער (שיר השירים א', 14), באלזאם פלאנצונגען און פאלמען וועלדער (קדמוניות 9, 1, 2,).

3) שופטים כ', 33.

4) יחזקאל מ"ז, 19, מ"ח, 28.

5) שופטים ד', 5.

6) דברים ל"ד, 3, שופטים א', 16, ג', 13, דברי־הימים ב', כ"ח, 15.

מען פון יריחו שוין דערמאנט נאך איידער די אידען זיינען אריבערגעגאנגען דעם ירדן, און אויך פאר דעם ערשטען חורבן. פון פאר'ן צווייטען חורבן דערצעהלט יוסף פלאוויוס, אז יריחו איז זעהר רייך אין באלזאם און טייטעלבוימער וואס צייכנען זיך אוים מיט זייער פיינקייט (7). נארדליך פון יריחו אין פזאל (פאזאעלים) האט שלומית, הורדוס'עס שוועסטער, געהאט א גרויסע פלאנטאציע פון טייטעלבוימער וואס זי האט איבערגעלאזט נאך איהר טויט צו אויגוסט צעזאר'ס פרוי (8). די יריחו פאלמען האבען דאמאלס געהאט א שם אין דער רוימישער אימפעריע, און דער רוימי־שער נאטוראליסט פליני אין זיין נאטורגעשיכטע (4,13) לויבט די טייטלען פון יריחו אלס די בעסטע אין דער וועלט. אויך דער גריכישער געאגראף סטראבא קאנ־סטאטירט די רייכקייט פון יריחו'ר געגענד אין באלזאם און פאלמען וועלדער. אנדע־רע קלאסישע שרייבער ווי טאציטוס, האראציוס, דיאדארוס, סיצילוס, טראגוס,



בילד 76.
א פאלמען וועלדעל אין חיפה.

פאמפעיוס בעשרייבען אין זייערע ווערק די בעריהמטע פלאנצונגען פון דער פאלמען־שטאדט. „די איינוואוינער פון יריחו זיינען דעם גאנצען טאג (פון ערב פסח) מרכיב טייטעלבוימער, און די חכמים האבען אנטקעגען דעם ניט פראטעסטירט״—דערצעהלט אויך די משנה (9). א גריכישע געאגראפיע פון פערטען יאהרהונדערט לויבט נאך אלץ „די רייכליכע פאלמע פון א געגענד אין פאלעסטינא וואס הייסט יריחו״. דער רייזענדער ארקולף, אם ענדע פון זיבעטען יאהרהונדערט, דערצעהלט נאך וועגען „די גרויסע גערטנער פון טייטעלבוימער צווישען יריחו און ירדן״ און סיוואולף אין

7) מלחמות 1, 6, 6; 1, 18, 5; 4, 8, 3; קדמוניות 4, 6, 1; 14, 4, 1; 15, 4, 2.

8) קדמוניות 18, 2, 2; מלחמות 9, 9, 1.

9) אנשי יריחו — מרכיבין דקלים כל היום (פסחים 4, 8).

1102 שילדערט יריחו אלס אנ׳אָרט בעדעקט מיט בוימער „וואָס פּראָדוצירט אלערליי סאָרטען פּאַלמען און אנדערע פּרוכטען." נאָך אין אָנהויב פון 13טען יאָהרהונדערט האָבען די פּאַלמען דאָ עקזיסטירט, ווי עס זאָגט עדות יאַקוט, דער גרעסטער אראַבישער געאָגראַף פון יענער צייט (1225). מיט הונדערט יאָהר שפּעטער זיינען שוין די בעריהמטע בוימער געוועזן פערניכטעט. דער רייזענדער דזשאָן מאַנדעווויל בעשרייבט יריחו אין 1322 „אלס א רואינירטען פּלאַץ, וואָס איז שוין ניט מעהר ווי א קליין דערפעל" און דערמאָנט שוין מיט איין וואָרט ניט וועגען די פּאַלמען. אין 1838 האָט עדוואַרד ראָבינסאָן געפונען אין יריחו נור איין איינזאַמען בוים — א טרויעריגע איבערבלייבעניש פון די הערליכע פּלאַנצונגען וואָס האָבען מעהר פאַר צוויי טויזענד יאָהר נאָכאנאַנד בעציערט די „פּאַלמען שטאָדט". איצט איז שוין דער איינציגער בוים אויך פערניכטעט.

די פּאַלמען זיינען פון אוראַלטע צייטען געוועזן דער סימבאָל פון פרייד און פייערליכקייט און די אידען האָבען זיך בענוצט מיט „כפּות־תמרים" (לולבים) צו פייערען דעם יום־טוב פון אָסיף (ערנטע) (10). מיט גאָלדענע פּאַלמען זיינען אויך געוועזן בעציערט די ווענד פון בית־המקדש און די חשמונאים האָבען אויף זייערע מטבעות אוועקגעשטעלט דאָס בילד פון א פּאַלמע (זעה בילד 6, זייט 27). ווען אספּסינוס האָט ערָאבערט ירושלם און חרב געמאַכט דעם בית־המקדש האָט ער אויסגעגאָסען א מטבע מיט א בילד פון א וויינענדיגער פרוי זיצענדיג אונטער א טייטעלבוים, וואָס שטעלט פאָר מיט זיך די „געפאַנגענע יהודה."

די ווייניגע פּאַלמען־בוימער וואָס וואַקסען נאָך איצט אין ירדן־טאָל האָבען א קנאַפּע בעדייטונג. נור דאָס דאָרף עבדיה (אַבאַדיע), צווישען די אידישע קאָלאָניעס מלחמיה און ביתניה, ביים ברעג פון ירדן און זיין אַרויסגאַנג פון ים־כנרת, פערמאָגט נאָך א פּאַלמען־וועלדעל מיט זעהר גוטע פּרוכטען.

דער עבר הירדן, וואו די פּאַלמען זיינען געוועזן זעהר פיעל לויט דער ערצעהלונג פון יוסף פלאַוויוס (11), האָט נאָך איצט אין צוויי ערטער בעדייטענדע פּאַלמען־פּלאַנטאַציעס. 1) אין דעם טאָל זערקא־מעין, צו מזרח זייט פון ים־המלח, אויף דעם אָרט פון די אוראַלטע בעריהמטע וואַרם־בעדער פון קאַליראָהי. 600־800 פוס אונטער דעם ים־שפּיגעל, וואַקסען טויזענדער און טויזענדער ווילדע טייטעלבוימער — אין די טרוקענע, שפּאַלטען פון זאַמד־שטיינער און אין די ענגע, ברעגענדיגע געבירגס־דורכגענג. 2) אַרויף אין צפון זייט נעבען דעם ירמוך, 600־800 מעטר איבער דעם ים־שפּיגעל, אין א זומפּיגען באָדען וואָס בילדעט זיך פון הייסע וואַסער קוואַלען מיט א טעמפּעראַטור פון 118־133 גראַדוס (פאַרענהייט), בילדען די ווילדע פּאַלמען א ווירקליכען דזשאַנגעל, וואָס עטוואָס עהנליכעס טרעפט זיך זעהר זעלטען אויפ׳ן ערד־קוגעל.

די פּאַלמען וואַקסען אויך ביי די דיונעס אויפ׳ן ברעג ים; אין די בעוואַסערטע גערטנער און פּרדסים ווערען זיי איצט מעהר בענוצט אלס צירונג ווי צוליעב זייערע פּרוכט. ווי עס צייגען אָבער די געשיכטליכע עדות פון אידישע און ניט־אידישע שרייבער קאָן די קולטור פון טייטעלבוימער ווערען א לוינענדער צווייג פון דער אַגראַרער ווירטשאַפט.

10) ויקרא כ״ג, 40; נחמיה ח׳, 15; חשמונאים א׳, י״ב, 51.

11) מלחמות 3, 3, 3.

די פלאחין פארעהרען אויף דעם טייטעלבוים, ווייל „א פאלמע האט דעם זעלבען לעבענס־זאפט וואס א מענש", און ער ווערט דערפאר גערעכענט פאר א הייליגען בוים. כמעט ארום יעדען „וועלי" אדער „מקום" קאן מען זעהן א שלאנקען טייטעלבוים.

## מאנדלען.

דער מאנדעלבוים — אראביש לוז, העברעאיש שקד אדער לוז — ווערט זעהר ווייניג קולטיווירט ביי די ניט־אידישע איינוואוינער פון לאנד און האט אין דער פלאחישער ווירטשאפט כמעט ניט קיין בעדייטונג, ניט קוקענדיג דערויף וואס א"י האט שוין פראדוצירט מאנדלען אין דער טיפער אלטערטום (1) און אין דער פאר־צייטיגער אידישער לאנדווירטשאפט איז דער מאנדעלבוים געווען זעהר גוט בעקאנט (2). בית־אל, צווישען ירושלם און שכם (איצט „בתין") האט פריהער געטראגען דעם נאמען לוז (3) —מאנדעלבוים, — ווארשיינליך צוליעב די מאנדלען וואס האבען דארט געוואקסען. דער ארט צייכענט זיך איצט אויס מיט זיין רייכטום פון פרוכט, נאר אנשטאט מאנדלען וואקסען איצט דארט פייגען.

דער ווילדער מאנדעל, אמת ווילד, נאך קיינמאל ניט קולטיווירט, און ניט בלויז פערווילדעט מחמת פערנאכלעסיגונג, איז זעהר פערשפרייט אין לאנד, איבער א בעדייטענדען שטח, און איז זעהר רייך אין פערשיעדענע ארטען און ראסען. זעהר פיעל וואקסען זיי אויף די באזאלט־בערג פון גולן, וואו די בעדואינישע פרויען קלויבען צוזאמען זייער פרוכט און טראגען זיי אוועק אויפ'ן דמשק'ער מארק. אויף די קרייט־פעלזען פון שומרון זיינען רייך אין ווילדע מאנדלען, און פון שכמ'ער געגענד נעמט מען ווילדלינגען פאר פלאנצונגען. די דאזיגע מינים זיינען זעהר גוט צו ערציהען קולטור־מאנדלען און אבריקאסען וואס וואקסען אויף טרוקענעם וואסער־ארמען באדען. א געוויסער סארט, וואס הייסט אריענטאלער מאנדעל, איז זעהר פערשפרייט אויפ'ן חרמון בארג, 3,300־5000 פוס איבער'ן ים־שפיגעל; ער איז אויסערגעוועהנליך ווידערשטאנדספעהיג און געראט אפילו אויפ'ן ערגסטען באדען פון די טרוקענע געגענדען.

דער מאנדעלבוים איז כמעט דער ערשטער פון אלע בוימער צום בליהען — ער בעדעקט זיך מיט זיינע צאהלרייכע שניי־ווייסע בלימלעך שוין אין יאנואר— פעברואר — און מעגליך דעריבער האט ער בעקומען דעם נאמען שקד, וואס בעדייט אין העברעאיש „פערדערן זיך" אדער איילען זיך. די פרוכט ווערט פארטיג אין יולי־אויגוסט, אן אנהויב פון ביציר.

כמעט די גאנצע מאנדעל־פראדוקציאן וואס האט זיך פאר די לעצטע 10־15 יאהר בעדייטענד פארברייטערט אין לאנד, איז א אידישע. עס ווערען הויפטזעכליך קולטיווירט צוויי מינים: ווייכשאליגע מאנדלען („פרינצעסע") און הארטשאליגע („וויקטאריע"). די ערשטע ווערען ווייניגער אנגעבויט, ווייל זיי ברויכען מעהר צייט ביז זיי טראגען פרוכט (9 יאהר ביז צום ערשטען ערטראג, און 13 יאהר ביז צום פולען פרוכט־טראגונג) און ברענגען א קלענערען ערטראג, דערפאר אבער איז

1) בראשית מ"ג 11.

2) פאה 1, 5; כלאים 1, 4.

3) בראשית כ"ח 19, ל"ה 6, יהושע י"ח 13, שופטים א' 23.

זייער פרוכט ווערטפולער. דער צווייטער מין ווערט שנעלער ערטראגספעהיג (ערש־טער ערטראג אין 5טען יאהר, פולער ערטראג אין 7־9טען יאהר) און גיט מעהר פרוכט.

דער יעהרליכער ערטראג אין גאנצען לאנד ווערט געשאצט אין א מיליאן פראנק. דער גרעסטער טייל ווערט פערברויכט אין לאנד, דאס איבעריגע ווערט עקספארטירט, הויפטזעכליך אין פראנקרייך און מצרים. פאר די לעצטע פינף יאהר (1909־1913) פאר דער מלחמה איז דער עקספארט פערגרעסערט געווארען מעהר ווי אין צוואנציג מאל. לויט די בעריכטען פון ענגלישען קאנסול איז דער ארויספיהר פון מאנדלען דורך יפו פאר די יאהרען 1909־1913 געווען ווי פאלגט:

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1909 — 10.025 | קילאגראם אין ווערט פון | 365 | פונט שטערלינג |
| 1910 — 23.000 | קילאגראם אין ווערט פון | 810 | " " |
| 1911 — 37.000 | קילאגראם אין ווערט פון | 1.370 | " " |
| 1912 — 144.000 | קילאגראם אין ווערט פון | 5.7000 | " " |
| 1913 — 240.000 | קילאגראם אין ווערט פון | 9.000 | " " |

דער גאנצער ארויספיהר איז פון די אידישע קאלאניעס. דער שטח פון די אי־דישע מאנדעל־פלאנצונגען איז געווען אין 1914 אונגעפעהר 37.000 דונאם. די נימ־אידישע מנאדעל־פלאנטאציעס זיינען אונבעדייטענד.

## אראנזשען.

די אראנזשען — אין אראביש „נאראנדזש" און אין וואולגארער שפראך „בורד־קאן" — אונטערשיידען זיך פון אלע פריהערדיגע פרוכט דערמיט וואס זיי זיינען בערך ערשט ניט לאנג אריינגעפיהרט געווארען אין א"י. אין אלטערטום איז דיזער בוים געווען דא אונבעקאנט. עס איז אבער ניט ריכטיג די מיינונג פון אייניגע שרייבער (ווי אנדערלינד, אהרונסון און אנדערע) אז די אראנזשען האבען זיך ערשט בעוויזען אין א"י מיט הונדער־צוויי הונדערט יאהר צוריק. שוין דער ארבישער געאגראף מוקאדאסי (פון 10טען יאהרהונדערט) דערמאנט צווישען די פרוכטבוימער פון א"י — אויך דעם אראנזש. דער אראבישער היסטאריקער מסעודי (מאסודי) פון באגדאד, וואס האט פערענדיגט זיין געשיכטע אין 943, שרייבט פאלגענדעס וועגען דער אקלי־מאטיזירונג פון אראנזש און ציטראן בוים:

„דער אראנזש און דער בוים וואס טראגט א קיילעכדיגען ציטראן זיינען גע־בראכט געווארען פון אינדיען אין יאהר 300 (912) און זיינען צום ערשטען פער־פלאנצט געווארען אין עומאן. פון דאמאלס אן האט מען זיי געבראכט דורך קארא־וואנעס פון בצרה נאך איראק און סוריה. די דאזיגע בוימער זיינען איצט געווארען זעהר צאהלרייך אין די הייזער פון די איינוואוינער פון טארסוס און אנדערע סורישע גרעניץ שטעדט, אויך אין אנטיוכה און אין אלע ברעג־שטעדט פון סוריה, פאלעס־טינא און מצרים, וואו זיי זיינען אקארשט געווען אונבעקאנט."

היינט זיינען די יפו'ר אראנזשען בעריהמט אין דער גאנצער וועלט. אין קיין ארט וואקסען ניט אזעלכע גרויסע אפעלסינען ווי דא: שוין אין דער ערשטער העלפט פון 18טען יאהרהונדערט איז יפו געווען ארומגערינגעלט מיט „א וואלד פון אראנזשען און לעמאנען, ציטראנס און פאלמען", ווי עס דערצעהלט דער פראנצויזישער רייז־ענדער וואלני, אבער די מאמעלוקען פון מצרים האבען דאס אלעס צושטערט און

פערניכטעט. די בוימער זיינען אויסגעהאקט און אלס ברען־האלץ פערברויכט געוואָ־רען. שובערט אין זיין „רייזע אין מאָרגענלאנד אין די יאָהרען 1836 און 1837“ דערצעהלט, אז ער האָט געפונען אפעלסינען און ציטראָנען אין די גערטנער פון שכם. און די יפו׳ר אראנזשען־גערטנער, אנטקעגען וועלכע די שכמ׳ער פלאנצונגען זיינען אונבעדייטענד, דערמאָנט ער גאָר ניט. דאָס ווייזט אז די יפו׳ר גערטנער זיינען דאָן געווען זעהר אונבעדייטענד, הגם, שוין אין די צוואנציגער יאָהרען האָבען דאָ שוין געוואקסען אראנזשען. משה מונטיפיורו דערצעהלט אין זיין ערשטע רייזע נאָך ארץ ישראל (1827), אז דער וועג פון יפו איז פערפלאנצט מיט פייגענבוימער, מיל־גרוימען, לימאָנען, קאקטוסען און שענע אראנזשען, וואָס ער האָט נאָך ניט געזעהען זייער גלייכען. יעדענפאלס איז דער צווייטער העלפט פון 19טען יאָהרהונדערט זיי־נען די יפו׳ער אראנזשען געווען בעריהמט אין דער גאנצער וועלט.

די דאָזיגע גערטנער האָבען צו פערדאנקען, אויב ניט זייער ענטשטעהן, איז אם ווייניגסטען זייער אויסברייטונג און הויכער קולטור דעם אונמיטעלבארען איינפלוס פון דער אידישער קאָלאָניזאציע. די מוסטערהאפטע אראנזשען־קולטור פון די אי־דישע קאָלאָניסטען האָט געדיענט אלס ביישפיעל ניט נור פאר די אראבער, נאָר אויך פאר די דייטשען, און די אידישע פרדסים זיינען נאָך איצט די בעסטע און שענסטע אין גאנצען לאנד.

אין געגענזאץ צו אלע אנדערע פערשפרייטע פרוכטבוימער אין א״י, וואָס וואק־סען אָהן קינסטליכע בעוואסערונג, פאָדערט דער אראנזשען־בוים מ׳זאָל איהם בע־וואסערען אין פערלויף פון רעגענלאָזען סעזאָן. הויפטזעכליך וואקסט דער אראנזש אין ברעג־לאנד און אין ירדן־טאָל. דער הויפט בעטריעב געפינט זיך אין די פעטע וואסער־רייכע זאמדיגע באָדען, ביי די ברעגעס פון ים, פון עזה ביז צידון, בעיקר ארום יפו (זעה זייט 214). דער וויכטיגסטער און ווערטפולסטער מין וואָס ווערט דאָ (ארום יפו) פּראָדוצירט, איז דער דיק־שאָליגער, ציטראָנענפאָרמיגער גרויסער פרוכט — דער גרעסטער אין דער גאנצער וועלט — וואָס איז זעהר בעקוועם צו פּליקען און פּאקען און איז דערפאר אויסערגעוועהנליך גוט געאייגנעט פאר׳ן טראנס־פּארט און ווערט הויך געשאצט אין אויסלענדישען מארק, ספּעציעל אין ענגלאנד וואוהין די מייסטע פרוכטען ווערען עקספּארטירט. דער אמעריקאנער קאנסול סעלאה מעריל, אין זיין בעריכט וועגען די פרוכטען־קולטור אין א״י, פערגלייכט די דאָזיגע יפו׳ר אראנזשען מיט די קאליפאָרניער, ער שרייבט: „אונזער לאנד (ד. ה. אמערי־קא) פּראָדוצירט גאָר ניט עטוואָס עהנליכעס צו דעם.“ דער דאָזיגער סאָרט אראנזשען־בוים ברענגט גלייכמעסיג יעדעס יאָהר א פולען ערטראג. דער מין רופט זיך „שאמוטי“.

א צווייטער מין, וואָס וואקסט ארום צידון, בירות און טריפּאָלי, פּראָדוצירט רונדע, קליינע (ביז מיטעלגרויסע), דינשאָליגע פרוכטען, וואָס זיינען פיעל געשמאַ־קער פאר די ערשטע, זיי ליידען אָבער צוליעב זייער דינער שאָל פון דער בעהאנד־לונג, וועלכער זיי זיינען אונטערוואָרפען ביים פּאקען און אוועקשיקען, און זיינען ניט דעריבער טראנספּארטירבאר. זיי ליפערען אויך ניט קיין גלייכמעסיגען ערטראג יעדעס יאָהר, נאָר בלויז איין מאָל אין צוויי יאָהר ברענגען זיי א פולע ערנטע. דיזער מין רופט זיך „דמוי“ (דאמאווי), ד. ה. בלוטיגער. די עזה׳ר אפּעלסינען, לויט דעם בעריכט פון דאָרטיגען ענגלישען קאנסול, שטייגען אריבער די יפו׳ר סיי אין געשמאק סיי אין גרויס. די פּלאנטאציעס זיינען דאָרט דערווייל זעהר ווייניג. אין

1910 האָט מען פון דאָרט ארויסגעפיהרט נור 8.000 קעסטלעך, אָבער די פּרדסים האַלטען אויך דאָרט אין איין פערמעהרען זיך. ווייל פּונקט ווי יפו׳ר באָדען איז אויך דער באָדען ארום עזה זעהר געאייגענט פאר אראנזשען.

די אראנזשען ווערען בעוואַסערט בערך זעקס חדשים נאכאנאנד, פון מאי ביז אָקטאָבער. דערצו ווערט בענוצט די גרונד־וואַסער וואָס ווערט ארויסגעשעפּט פון ברונעמס 15—30 מעטער די טיעף (אין פּתח־תקוה ווערען איינינע גרויסע פּרדסים בע־וואַסערט פון די עוג׳ה — מי־הירקון). די אראבער האָבען זיך פריהער אויסשליסליך



בילד 77.
אן אראבישער ברונעם אין א באיארע.

בענוצט מיט א פּרימיטיווע שעפּווערק, וואָס רופט זך אין אראביש נעורה (נאאורה). דאָס וואַסער איז ארויסגעשעפּט געוואָרען אָהן אויפהער דורך דער בעוועגונג פון צוויי רעדער. די רעדער בעוועגען זיך מיט דער קראַפט פון פּרדות (טיילמאָל אויך גמלים). אינטער׳ן איינפלוס פון די אידישע קאָלאָניסטען וואָס געברויכען אויסשליסליך מאָטאָ־רען — אויל אדער פּעטראָלעאום — האָבען אויך פיעלע אראבישע פּלאַנצער אנגע־

היבען אלץ מעהר צו בענוצען זיך מיט די לעצטע. און די צאהל מאטארען וואס ווע־רען איינגעפיהרט אין יפו וואקסט פון יאהר צו יאהר.

אויסער בעוואסערונג פאדערט דער אראנזש־בוים א פיעל מעהר זארגפעלטיגע פלעגע און בעהאנדלונג, ווי אלע אנדערע פלאנצונגען. דער באדען מוז פיער מאל אין יאהר גוט בעהאקט ווערען, די צווייטע ערשטע מאל איבער׳ן גאנצען שטח פון פרדס. די צווייטע לעצטע מאל — בלויז אויף א געוויסען אומקרייז פון בוים. די פרוכטען ווערען רייף אין אנהויב ווינטער, און דאס פליקען קומט פאר אין די רעגען־חדשים, צווישען נאוועמבער און אפריל. עס הויבט זיך אן ווען כמעט אלע אנדערע פרוכטען און גרינסען זיינען שוין געערנטעט, און ענדיגט זיך ווען די פרוכטען פון נייעם יאהר הויבען אן רייף צו ווערען.

טראץ זייער יונגקייט פערנעמען שוין די אראנזשען זעהר א וויכטיגען ארט אין פאלקסווירטשאפט פון א״י. און זייער בעדייטונג וואקסט פון יאהר צו יאהר. זינט 1900 שטעהען די אראנזשען אויפ׳ן ערשטען ארט אין דער ליסטע פון עקספארט־ארטיקלען, און די צאהל ארויסגעפיהרטע אפעלסינען שטייגט פון איין יאהר צום צווייטען.

א דאנק דער דירעקטער שיפספערבינדונג וואס האט זיך איינגעשטעלט אין יאהר 1892 צווישען יפו און ליווערפול האט די אנפלאנצונג פון אראנזשען ארום יפו זיך שטארק אויסגעברייט. די יפו׳ר אפעלסינען זיינען בעסער פאר די שפאנישע און אויפ׳ן בריטישען מארק ווערען זיי געשעצט פיעל העכער. דאדורך איז שטארק געשטיגען די איינקונפט פון אראנזשען בוימער, און די קולטור האט זיך אנגעהויבען שנעל צו פערשפרייטען.

אין פערלויף פון די לעצטע דרייסיג יאהר איז דער עקספארט פון אראנזשען פערגרעסערט געווארען מעהר ווי אויף 1000 פראצענט. דער וואוקס איז פארגעקו־מען אונאויפהערליך, ווי מיר זעהען פון די פאלגענדע טאבעלע, וואס איז צוזאמענגע־שטעלט אויפ׳ן גרונד פון די ענגלישע קאנסול־בעריטען פון יפו:

| יאהר | עקספארטירט קעסטלעך | ווערט אין ענגל. פונט |
|---|---|---|
| 1885 | 106.000 | 26.500 |
| 1890 | 200.000 | 83.120 |
| 1895 | 260.000 | 65.000 |
| 1900 | 251.071 | 74.215 |
| 1905 | 456.152 | 114.650 |
| 1910 | 853.767 | 235.605 |
| 1913 | 1.608.570 | 297.700 |

דער הויפט מארק איז ענגלאנד, דאן קומט טערקיי, מצרים, רוסלאנד, עסטרייך, דייטשלאנד און אנדערע לענדער. דער אראנזשען עקספארט פון 1913 איז פער־טיילט געווארען צווישען די פאלגענדע ערטער: 825.455 קעסטלעך אין ליווערפול, 14.348 אין לאנדאן, 10.632 אין מאנטשעסטער, 10.737 אין אנדערע ענגלישע פאר־טען, 291.024 אין טערקיי, 233.291 אין מצרים, 152.932 אין אדעסא, 52.594 אין טריעסט, 13.317 אין האמבורג, 5.087 אין רומעניע און בולגאריע און 3.568 אין מארסעל.

גענוי די גרויס פון אראנזשען־פלאנצונגען אין א״י איז אונבעקאנט. לויט דעם בעריכט פון ענגלישען קאנסול צעהלט דער יפו׳ר ראיאן אליין ארום 1.000 פרדסים.

דער אלגעמיינער שטח פון אראנזשען־פלאנצונגען אין ירושלים'ער סאנדזשאק ווערט געשאצט בערך אין 30.000 דונאם. דערפון בעלאנגען צו די אידישע קאלאניעס 7.900 דונאם, ד. ה. איבער 25 פראצענט פון אלגעמיינעם שטח. לויט די אפיציעלע אנגאבען, וועלכע רופין ברענגט האט דער בירות'ער ווילאיעט 26.430 דונאם אראנ־זשען און ציטראנען מיט א פרוכטענערטראג פון 21.078.000 אקא. כמעט די אלע פלאנטאציעס געפינען זיך אויסער די גרעניצען פון א"י.

פון גאנצען פאלעסטינער טייל פון בירות'ער ווילאיעט האבען נור עכו און חיפה'ר קאדאס בעדייטענדע אראנזשען־אנלאגען: נעבען עכו די גרויסע ביארע פון עבד־אללה פאשא, און אין חיפה'ר קאדא — די אידישע פרדסים אין זכרון יעקב און חדרה. לויט די אפיציעלע אנגאבען פון בירות'ער סאלנאמע האט עכו א יעהרליכען ערטראג פון 6.000.000 שטיק אראנזשען, און חיפה פון 1.000.000.

---

בנוגע דעם איינטראג (הוצאות, הכנסות און ריוח) פון די וויכטיגסטע בוים־פלאנצונגען ברענגט דר. רופין די פאלגענדע אנגאבען וואס זיינען בעגרינדעט אויף די מאטעריאלען וואס ער האט געזאמעלט אין די אידישע פלאנטאציאנס־קאלאניעס אין יהודה:

| | אראנזשען | מאנדלען | וויינשטאק | אליוון |
|---|---|---|---|---|
| 1) באדען פרייז פרא דונאם *) | 150 | 40 | 45 | 40 |
| 2) צאהל בוימער פרא דונאם | 60 | 50 | 250 | 10 |
| 3) צייטדויער פון אנפלאנצונג ביז | | | | |
| א) צום ערשטען פרוכט־טראגונג | 5 | 5 | 4 | 7—8 |
| ב) צום פולען פרוכט־טראגונג | 7—9 | 7—9 | 6 | 12 |
| 4) אלגעמיינע הוצאות (איינגע־שלאסען 6 פראצ. צינזען ביז'ן פולען פרוכט־טראגונג) צוזא־מען מיט'ן באדען פרייז ביז | | | | |
| א) צום 1טען פרוכט־טראגונג*) | 1000 | 160 | 150 | 180 |
| ב) צום פולען פרוכט־טראגונג (אראברעכענענדיג די הכנסה פון די ערשטע פרוכטען) *) | 1200 | 200 | 160 | 230 |
| 5) ברוטא ערטראג פרא דונאם אין יאהר פון ערשטען פרוכט־טראגונג | | | | |
| א) אין פירות (ק"ג) | 20** | 20 | 300 | 80 |
| ב) אין געלד (פראנק) | 55 | 16 | 19 | 12 |
| 6) ברוטא ערטראג פרא דונאם נאך א פולען פרוכטטראגונג | | | | |
| א) אין פירות (קילאגראם) | 80** | 60 | 600 | 300 |
| ב) אין געלד (פראנקען) | 220 | 48 | 38 | 45 |
| 7) יעהרליכע הוצאות (פון אונ־טערהאלטונג און אראבנעמען די פרוכט) אין צייט פון | | | | |

*) פראנק.

**) קעסטלעך

| | אראנזשען | מאנדלען | וויינשטאק | אליווען |
|---|---|---|---|---|
| פולען פרוכט־טראגונג | 80 | 20 | 15 | 15 |
| 8) באדענשטייער און עשר אין צייט פון פולער פרוכט־טראגונג | 25 | 6 | 5 | 5 |
| 9) ריינער ריוח אין צייט פון פולער פרוכט־טראגונג פראָ דונאם (אין פראנק) | 115 | 22 | 18 | 25 |
| 10) פערצינזונג פון אריינגעלעגטען קאפּיטאל אין צייט פון פולען פרוכט־טראגונג (פּראָצ.) | 10 | 11 | 11 | 11 |

2. גרינסען.

גרינסען בעטרייבען די פלאחין הויפּטזעכליך אין ערטער וואו עס זיינען פערהאַנען בעוואסערונגס־מיטלען, הגם פיעלע גרינסען וואקסען זעהר גוט אויך אָהן וואסער, און ארבוזען, וואָס בילדען דעם וויכטיגסטען עקספּאָרט ארטיקעל פון געמיזע ווירטשאפט, פערטראָגען בכלל ניט קיין בעוואסערונג און זיינען אָנגעוויזען נור אויף'ן טוי.

בעזונדערס גרויס איז די פּראָדוקציאָן פון גרינסען אין די אומגעגענד פון די שטעדט, ספּעציעל ארום ירושלים. פיעל גרינסען ליפערען די דערפער: סילואן, ולג'ה (וואלאדזשא), ליפתא, ארטס, ביתר, בית עטב, עלר, ארום די הויפּט שטאָדט פון ארץ ישראל. די דערפער חמאמה און גורה נעבען אשקלון זיינען די בעסטע גרינס צענטרען אין יהודה. זיי גיבען ארויס די פריהסטע פרוכטען, ווען אין קיין אנדער אָרט איז נאָך ניט צייטיג. פיעל גרינס ווערט געפלאנצט אין די רייכע אומגעגענד פון שכם און אין די אָראנזש גערטנער פון יפו. די אמאָל בעריהמטע גערטנער פון עין־גדי בעלאַנגען איצט צו דעם האלב־בעדואינישען שבט תעמרה, וואָס קולטיווירען דאָרט פריהע אוגורקעס. מאנכע דערפער ספּעציאליזירען זיך אין געוויסע מינים. אזוי, צום ביישפּיעל, איז ארטס בעריהמט מיט איהרע טאָמאטאָס (באנדורא), ביתר מיט אייערגעוויקס, פאָטור און עלר — מיט ציבעלעס.

די פלאחין אונטערשיידען צווישען בעוואסערטע און אונבעוואסערטע גרינסען. די בעוואָסערטע געמיזע הייסט סאָקי (פון לשון השקה—בעוואָסערען), דאָס זיינען: קרויט (מאלפוף), ווייסע ריבען (ליפת), געלע ריבען (ג'סר), רעטיך (פיג'ל), פעפער (פלפלה—פלעפלע), אוגערקעס (חיאר), ציבעלעס (בצל—באסאל), סאלאט (חאס), אייערגעוויקס (באדינג'ן) און גריכעגהאָרן (באמיה).

טרוקענע, אונבעוואָסערטע געמיזע הייסט בעל (באאָל 1), דאָס זיינען: טאָמאטאָס (באנדורה), מארקקירבים (קוסא), שלאנגענאוגערקעס (פאקוס) און וואסער מעלאָנען (באטיח). די מינים ווערען אויסגעזעהט אין די בערג אין אפּריל, אין יוני און אין מערץ און זייער וואקסען איז אבהענגיג פון גוט אויפגעאקערטען באָדען און רייכליכען טוי וואָס פאלט זומער ביינאכט. אויף בעוואסערטען באָדען קענען די פרוכטען אָנגעפלאנצט ווערען אַ גאַנץ יאָהר און דריי—פיער מאָל געערנטעט ווערען. דאָס פלאַנ־

1) פעלדער וואָס זיינען אויסגעקומען בלויז מיט רעגענוואסער און האָבען זיך ניט גענויטינט אין קינסטליכע בעוועסערונג האָבען אויך ביי אידען געהייסען „שדה בעל" (בבא בתרא 3, 1; שביעית 2, 9; תרומות 10, 11).

צען פון קאַרטאָפּעל איז די פלאַחין אומבעקאַנט און נור די אידישע און דייטשע קאָ־לאָניסטען פערנעהמען זיך דערמיט, פאַרלויפיג נאָך אין זעהר א קלענער מאָס.

די מייסטע גרינסען ווערען פערברייטעט אין לאַנד גופא, און נור א קליינע טייל ווערט ארויסגעפיהרט. די פרוכט וואָס ווערט אם בייסטען עקספּאָרטירט איז דער וואַסער מעלאָן, וואָס וואַקסט אין זעהר א גרויסע צאָהל אויף די זאַמדיגע באָ־דענס פון השרון עבענע, צווישען יפו און זכרון יעקב. דאָס דאָרף מוחליד, צווישען נהר פאַליק און נהר אסכנדרונה ביים ברעג פון ים התיכון, איז דער גרעסטער צענטר פון וואַסער־מעלאָן פּראָדוקציאָן אין ארץ ישראל. הונדערטע גמלים געהן פון דאָרט ארויס יעדען טאָג אין דער צייט פון ערנטע (יוני—סעפּטעמבער) אָנגעלאָדען מיט גרויסע זאַפטרייכע מעלאָנען צו דעם קליינעם פּאַרט אבו־זאבורה, פון וואַנען די פרוכטען ווערען ארויסגעפיהרט נאָך בירות, יפו און אויסלאַנד. דער יעהרליכער ארויספיהר דורך אבו־זאבורה ווערד געשאַצט אין 700,000—6 פראַנק. דער הויפּט



ביילד 78.
וועכטער־ביידעל אין א גרינס־גאָרטען („מלונה במקשה", ישעיה א' 9).

מארק פון מעלאָנען איז קאָנסטאַנטינאָפּאָל און מצרים. דער עקספּאָרט נאָך קאָנ־סטאַנטינאָפּאָל הויבט זיך אָן אין ענדע סעפּטעמבער און דויערט ביז סוף נאָוועמבער. פאַר דיעזער צייט ווערען ארויסגעפיהרט פון יפו נאָך קאָנסטאַנטינאָפּאָל ארום 300,000 מעלאָנען. ווען דער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער סעזאָן ענדיגט זיך, ווערען די פרוכטען געשיקט נאָך מצרים, און דער עקספּאָרט דויערט א גאַנצען ווינטער. דער יעהרליכער ארויספיהר פון מעלאָנען דורך יפו איז, לויט די ענגלישע קאָנסול־בע־ריכטען, פון 700,000 ביז 1,000,000 פראַנק.

די עקספּאָרטירטע וואַסער מעלאָנען, וואָס וואַקסען אין די זאַמדיגע באָדענס נע־בען ים התיכון צייכנען זיך אויס מיט זייער גרויס און רופען זיך אין אראביש אבו־טבעה (אבו־טאבא), ד. ה. דער פאָטער פון רינג, מחמת זייער דיקע הויט. א צווייטער מין צוקער מעלאָן, פיעל קלענערע, אָבער געשמאַקערע, וואַקסט אין די אומגעבונג פון טבריה. זיי טויגען אָבער ניט פאַר'ן טראַנספּאָרט צוליעב זייער איידעלע הויט וואָס קאָן ניט פערטראָגען די שוועריגקייטען פון וועג.

### 3. בזימוואהל.

די קולטור פון בוימוואהל איז איצט כמעט אין גאנצען אונבעקאנט דער ארטיגער לאנדבעפעלקערונג, אויסער אייניגע פערזוכען וואס זיינען אין די לעצטע יאהרען געמאכט געווארען אין די אידישע קאלאניעס און אויך אין אנדערע פלעצער. פריהער אבער איז די קולטור פון דיזען העכסט־וויכטיגען האנדעלסגעוויקס געווען זעהר פערשפרייט אין לאנד. מעגליך אז בוימוואהל האט שוין געוואקסען אין ארץ ישראל אין דער צייט פון ערשטען בית, ווי מ'קען זעהען פון אייניגע שטעלען אין תנ"ך 1). עס האט זיך דאן געגרופען בוץ. יעדענפאלס איז עס א היסטארישער פאקט, דאס אין צענטען יאהרהונדערט האט ארץ ישראל פראדוצירט בוימוואהל. דער אראבישער געאגראף מוקדסי (985), בעשרייבענדיג די פראדוקטען פון „פיליסטין" (וואס ענטשפרעכט בערך דעם היינטיגען סאנדזשאק ירושלים) רעכענט צווישען אנדערעס אויך בוימוואהל. אין דער צייט פון די נוסעי־הצלב און די לאטייניש מלוכה פון ירושלים (1100־1291) „זיינען די בערגלעך פון ארץ ישראל געווען באדעקט מיט וועלדלעך. די טאלען פון קיסריה זיינען געווען געשטרייפט מיט דעמבען, אין די עבענעס האבען געוואקסען ווייץ און גערשט, האבער און אינדישער קארן, דורא און רייז, לינזען און ארבסען, באהנען און סעזאם. און די טיפעבענעס און אין ירדן־טאל האט געוואקסען בוימוואהל און פלאקס און אינדיגא" 2). דער אידישער רייזענדער יחק חילו (1334) דערצעהלט אז אין זיין צייט האט יפו געהאנדעלט צווישען אנדערש אויך מיט געשפונענע בוימוואהל, וואס האט אהן צווייפעל געשטאמט פון די יפו'ר טאלען — שרון און פלשת. ווארום פיעלע רייזענדער פון יענער צייט און שפעטער טיילען מיט וועגען דעם וואוקס פון בוימוואהל ביי דער גאנצער לענג פון ברעג־ים, פון עזה ביז צידון. סאנדיס אין 1611 זאגט עדות, אז אין זיין צייט האט קאטאן געוואקסען אין לאנד אין גרויס שפע, און דער פראנצויז וואלני, וואס האט איבערגעלאזט די בעסטע פאליטישע, קולטורעלע און עקאנאמישע בעשרייבונג פון א"י און סוריה אין אכטצענטען יאהרהונדערט, שרייבט אז דער הויפט־עקספארט פון סוריה (אין דעם איז שוין ביי איהם איינגעשלאסען אויך א"י) בעשטעהט אין קאטאן, סיי רויהערהייד, סיי געשפונענערהייד. רעדענדיג וועגען די פלאחין בעמערקט ער, אז יעדער איינער בעמיהט זיך צו בעפרידיגען מיט אייגענער ארבייט אלע בעדערפנישען. און יעדע פאמיליע בערייטעט אליין פאר דעם גראבען בוימוואהל מיט וועלכען זיי קליידען זיך. אין אנ'אנדער שטעלע בעמערקט ער: „די טאלען פון עכו — יזרעאל, חולה און בקעה — זיינען מיט רעכט בעריהמט מיט זייער פרוכטבארקייט. ווייץ, גערשט, מאיז, בוימוואהל, סעזאם ברענגען אריין טראץ דער אונפאלקאמענהייט פון דער ארבייט 20־21 פאכיגען ערטראג. צפת שטעלט צו אגוטען בוימוואהל וואס איז ניט ערגער פאר דעם בוימוואהל פון קיפריס. דער באדען איז פרוכטבאר און קארן און בוימוואהל וואקסען מיט גרויס ערפאלג. די צוויי זיינען דער פונדאמענט פון עכו'ר האנדעל." די דערפער פון שכם, דערצעהלט ער ווייטער, פראדוצירען

1) דברי־הימים א' ד' 21.

2) קאנדער: די לאטייניש מלוכה אין ירושלים (ענגליש), זייט 239.

ווייץ, בוימוואהל, אליוועז און זייד. אין דארף מגדל, צווישען יפו און עזה, שפינט מען דעם בעסטען בוימוואהל פון א״י. די בוימוואהל אינדוסטריע איז די הויפט הכנסה פון די איינוואוינער פון עזה. זיי פערמאגען ארום 500 בוימוואהל ווערק־שטאטען. ענדליך דערצעהלט דער גרעסטער פאלעסטינא־פארשער פון דער ערשטער העלפט פון נייינצעהנטען יאהר־הונדערט, דער בעריהמטער עדוארד ראבינ־סאן, אז „די עבענע פון עכו (די אזוי גערופענע סאהיל־עכו), ווען נור בעארבייטעט, איז רייכליך פרוכטבאר, זי גיט ארויס די בעסטע תבואה און די פיינסטע און גע־שמאקסטע פירות. אויך קאטאן איז דא לאנג געוועזן קולטיווירט". דער בוימוואהל פון א״י איז ניט נור פערברויכט געווארען אין לאנד גופא, נאר אויך ארויסגעפיהרט געווארען אין ענגלאנד. פון אנ׳אפיציעלען בעריכט צום ענגלישען פארלאמענט פון 1840 ווייסען מיר, אז אין 1838 האט מען פון שכמ׳ער געגענד אליין עקספארטירט אין אויסלאנד 7.500 פעק בוימוואהל (זעה העכער, זייט 285—286).

ווי אזוי די בוימוואהל־קולטור האט זיך אין אנהויב פון 19טען יאהרהונדערט ענטוויקעלט אין א״י און ווי אזוי זי איז שפעטער אונטערגעגאנגען ווערט דערצעהלט אין אפיציעלען בעריכט פון ענגלישען קאנסול פאר 1903 (סעריע 3223).

לויט דער מיטטיילונג פון קאנסול־בעריכט איז בוימוואהל אין אנהויב פון 19טען יאהרהונדערט געוואקסען אין נארדליכער סוריה. עס איז געווען א גוטער קוואלי־טעט קאטאן, און איז אפט ארויסגעפיהרט געווארען אין בריטישען מארק, וואו ער איז פערווענדעט געווארען אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע, אם מייסטען אבער איז עס עקספארטירט געווארען אין איטאליע, פראנקרייך און דייטשלאנד. דעד יעהר־ליכער עקספארט האט בעטראפען בערך 600־600 קאנטאר (160־134 טאן). אין 1836 איז געווען א גרויסע אונגערעטעניש אין צפון־סוריה, און דעריבער האט מען אנגע־הויבען צו פראדוצירען פיעל קאטאן אין שכמ׳ער געגענד, און די קוואליטעט פון דיזען בוימוואהל האט פיעל איבערגעשטיגען דעם סורישען און איז פערקויפט גע־ווארען פאר העכערע פרייזען. אין א״י גופא האט מען דעם קאטאן פארווענדעט אין פאבריצירען איינפאכען בוימוואהל־גארן, פון וועלכע מ׳האט געוועבט די גראבע פלאחישע מלבושים. דער שכמ׳ער געגענד האט פראדוצירט ארום 5000־4500 קאנטאר, פון וועלכע דריי פערטעל זיינען עקספארטירט געווארען און איין פערטעל איז פערנוצט געווארען אויפ׳ן פלאץ. בוימוואהל האט אויך גע־וואקסען אין דער אומגעגענד פון עכו און יפו, און מ׳האט געשאצט די אלגעמיינע קאטאן פראדוקציאן פון א״י און צפון סוריה אנגעפעהר 35.000־30.000 קאנטאר (ארום 8.700 טאן) אין דער ווערט פון 8.750.000 פראנק (350.000 ענגלישע פונט).

ווען עס האט אויסגעבראכען דער בירגער־קריעג אין אמעריקא (1861) און עס איז דעריבער ענטשטאנען א בוימוואהל־הונגער אין דער וועלט — האט מען אנגע־הויבען צו טראכטען וועגען דער מעגליכקייט פון בוימוואהל־קולטור אין א״י און סוריה, און מ׳האט דא פערזייעט אונגעפעהר 140.000 פונט אמעריקאנער קאטאן־זריעה. אבער די רעזולטאטען זיינען ניט געווען צופרידענשטעלענד, ווייל די אמעריקא־נער זריעה האט בעדארפט בעוואסערונג, און מ׳האט אויסגעפונען, אז די ארטיגע זריעה וואס נויטיגט זיך ניט אין בעוואסערונג איז בעסער אלס די פרעמדע, וואס האט ווארשיינליך אויך געליטען פון קלימאט. די גערעטעניש אין 1865 איז דערפאר גע־

װען ניט אין גאנצען גוט. דער רעזולטאט פון 1866 איז געװען א בעסערער, נור גראדע דאן איז געקומען א הײשעריק װאס האט פערניכטעט אלע תבואות און פלאנצונגען. ביז דאן איז קאטאן פראדוצירט געװארען אויף דער גאנצער לענג פון ברעג ים, פון עזה ביז צור, 100 מײל אין דער לענג און 5-20 מײל אין דער ברײט. נאך דער פערענדיגונג פון אמעריקאנער בירגער-קריג, װאס האט געבראכט א געװאלדיגען אומשטורץ אין בוימװאהל-פרײזען — איז די קאטאן-קולטור אין א״י כמעט גענצליך פערשװאונדען. דער קריזיס איז געװען אזוי גרויס, אז ער האט מיט אמאל פערניכטעט די גאנצע פראדוקציאן אין לאנד, און פון דאן ביז'ן הײנטיגען טאג האט מען זיך שוין דערמיט מעהר ניט בעשעפטיגט. „עס איז אבער ניטא קײן גרונד, בעמערקט דער ענגלישער קאנסול אין זײן בעריכט, פארװאס עס זאל זײן אונמעגליך צוריק אויפצולעבען די קאטאן-פלאנטאציע.“

די פערזוכען װאס זײנען פון דאמאלס אן געמאכט געװארען אין פערשיעדענע געגענדען פון לאנד האבען בעשטעטיגט די ריכטיגקײט פון דער דאזיגער בעמערקונג.

אין בעריכט פאר 1904 שרײבט דער ענגלישער קאנסול פון ירושלים: די פערזוכען פון 1904 צו זײען קאטאן, קאן מען אננעמען, זײנען צופריעדענשטעלענד. זײ האבען זיך אבער ניט געפיהרט אין א פאסענדער סיסטעם און דערפאר זײנען די רעזולטאטען ניט אזוי גוט װי זײ האבען געקאנט זײן. לויט דער ערקלערונג פון אויטאריטעטען איז דער ירדן-טאל דער בעסטער פלאץ אין א״י פאר קאטאן, מחמת זײן װאסערסרײכטום און װארעמען קלימאט. אין 1905 האט א ליװערפולער פירמע פערזײעט 200 אקער (ארום 800 דונאם) בוימװאהל אין פערשיעדענע ערטער פון לאנד אלס א פערזוך. דיזער פערזוך װאס איז אונטערגענומען געװארען מיט דער הילף פון די ארטיגע פלאחין האט זיך ניט אײנגעגעבען. „דער מיסערפאלג, בעריכטעט װעגען דעם דער ענגלישער קאנסול, שטאמט פון דער אונפעהיגקײט און פױלקײט פון די אײנגעבוירענע פויערים, װאס פלעגען ניט און היטען ניט אב װי מ'דארף די פלאנצונגען.“ און דער קאנסול רעקאמענדירט אײראפעער ספעציאליסטען זאלען זיך דערמיט בעשעפטיגען. ער בעמערקט דערבײ, אז „לאנד פאר בוימװאהל-פלאנטאציעס איז אין א״י צעהן מאל ביליגער װי אין מצרים. דער באדען איז פרוכטבאר און צוגעפאסט פאר דיזען ציעל.“

אין 1906 בעריכטעט דער קאנסול װעגען דעם עדפאלג פון די אידישע פערזוכען. ער שרײבט אין זײן בעריכט פון 1907: „פון די פערזוכען װאס זײנען די לעצטע דרײ יאהר געמאכט געװארען האט זיך אײנגעגעבען דער פערזוך װאס איז געמאכט געװארען דורך אידען אין א דארף נעבען יפו (ער מײנט פתח-תקוה). פון אײן אקער האט מען ארײנגענומען 400 קילאגראם בוימװאהל. די ערנטע איז אװעקגעשיקט געװארען אין ליװערפול און נאכ'ן רײניגען האט מען אויסגעפונען, אז זי איז פון אויסגעצײכענטער קװאליטעט. דיזער בוימװאהל איז געװאקסען אהן בעװאסערונג, מ'האט נור דערויף גוט אכטונג געגעבען בשעת'ן װאקסען. אין דער צײט װאס די אנדערע פערזוכען זײנען געמאכט געװארען אהן בעקאנטשאפט און געניטקײט. די קאלאניסטען אין פתח-תקוה האבען פארטגעזעצט זײערע פערזוכען און אין 1909 האבען זײ שוין פערזײעט 50 אקער מיט מצרישע זריעה. לויט דעם ענגלישען בעריכט איז דער ערהאלטענער קאטאן געװען עהנליך צו די גוטע מצרישע מינים. דאס מאל האט מען דעם קאטאן בעװאסערט פון מאי ביז האלב נאװעמבער. דיזע און װײטערע פערזוכען האבען פאלשטענדיג דערװיזען, אז עס איז ניטא קײן

קלימאטישע און אנדערע נאטירליכע שטערונגען, וואס זאלען אבהאלטען די ברייטע ענטוויקלונג פון דעם וויכטיגען לאנדווירטשאפטליכען צווייג אין ארץ ישראל.

4. אקערבוי.

דער ערשטער ארט אין דער לאנדווירטשאפטליכער פראדוקציאן פון לאנד, סיי לויט דעם שטח באדען וואס ווערט דערמיט פערזייעט, סיי לויט דער וויכטיגקייט פון די פראדוקטען אין אינערליכען מארק און אין פאלקס־לעבען, פערנעמט ווי אמאל דער ערשטער פון די „זיבען מינים" — דער ו ו י י ץ, אין אראביש קמח (קאמח) אדער חנטה (חינטא), העברעאיש חטה.

שוין אין די צייטען פון ערשטען בית המקדש האבען די אידען עקספארטירט ווייץ פון יהודה ספעציעל אין פעניקיע צו די צורים (1).

ווייץ ווערט איצט פראדוצירט אין אלע טיילען פון לאנד, בעזונדערס אין די עבענעס: עמק יזרעאל, עמק־עיון און בשן, אין די אזורי גערופענע „נוקרא" (חורן־עבענע). דער לעצטער געגענד איז דער הויפט פראדוקציאנס־געביעט פון ווייץ ניט נור אין א"י. נאר אויך אין גאנץ סוריה. דא איז אין דער רוימישער עפאכע געוועזן „דער קארן־שפייכלער פון דער רוימישער אימפעריע". איצט פערזארגט דער חורן מיט ווייץ ירושלים, דמשק, בירות און לבנון און עקספארטירט אויך א טייל אין אויסלאנד, הויפטזעכליך פראנקרייך און איטאליען, וואו דער הארטער, גלאזארטיגער חורנ'ער ווייץ ווערט פערברויכט אין דער מאקאראנען־אינדוסטריע. לויט די בע־ריכטען פון ענגלישען קאנסול איז אין די לעצטע יאהרען ארויסגעפיהרט געווארען דורכ'ן חיפה'ר האפען: אין 1911 — 4563 טאן ווייץ, אין 1912 — 13.030 טאן, אין 1913 — 5.960 טאן. דאס איז א קליינער טייל פון דער אלגעמיינער ווייץ־פרא־דוקציאן פון לאנד, וואס קאן געשאצט ווערען אונגעפעהר אין 300.000—350.000 טאן יעהרליך. קיין גענויע סטאטיסטיק איז ווי געוועהנליך ניטא. בנוגע גליל און שומרון זיינען פארהאן די אפיציעלע אנגאבען פון בירות'ער סאלנאמע (יאהר־בוך) פאר'ן יאהר 1326 (1910), לויט וועלכע צור פראדוצירט יעהרליך 190.000 כלי. מרג'־עיון 510.000, עכו 400.000, חיפה 100.000, טבריה 240.000, צפת 500.000, שכם 100.000, ג'נין 400.000, בני־צעב 20.000, בס"ה 2.460.000 כלי, וואס איז 61.500 טאן. לויט די אנגאבען פון קינע, וואס זיינען וזייט ניט פינקטליך און פער־טרויענסווערט, פראדוצירט חורן 159,567 טאן ווייץ, כרך 20.000 טאן און ירושלים 46.515 טאן.

די פלאחין אונטערשיידען פאלגענדע מינים ווייץ:

נורסי — האט 4 רייהעס קערנער מיט לאנגע אויערען, גיט ארויס גוטע ווייסע מעהל. וואקסט אין עמק יזרעאל.

קמח חורני — חורנ'ער ווייץ, מיט ברוינע, הארטע און שטארקע קערנער.

קמח עזוי (גאזאווי) — עזה'ר ווייץ, טונקעל־ברוינע קערנער.

קמח דיבוני — ברייטע, לאנגע קערנער, וואקסט אין געגענד פון כרך.

טובאסי — מיט זעהר דורכזיכטיגע קערנער.

ווייץ איז דער הויפט נאהרונגס־מיטעל פון דער ארטיגער בעפעלקערונג. א חוץ

1) מלכים א', ה', 25; יחזקאל כ"ז, 17; דברי הימים ב', ב', 9.

מעהל ווערט דערפון פאַרבערייטעט „בורגול“ — א מין ווייצענגרייץ, וואס ווערט זעהר פיעל גענעסען, אנשטאט רייז.

די פלאחין געברויכען די ווייצען אויך געבראָטענערהייד; דאָס איז די אלט העברעאישע קלי (2). זיי בראָטען די נאָך ניט רייפע זאנגען און פערשפּייזען די קערנער אלס א נאשווארג.

אויסער דעם קולטיווירטען ווייץ געפינט מען אין א"י דעם ווילדען ווייץ, וועלכען פיעלע געלערנטע האלטען פאר דעם פּראָטאָטיפּ פון קולטור-ווייץ. לויט דער מיינונג פון באָטאניק אהרונסון איז צפון א"י דאס היימלאנד פון ווייץ.

די ווילדע ווייץ וואס קויטשי האט געפונען אין 1855 אין ראשיה, צפונית-מערבית פון בארג חרמון, איז שפּעטער פון געלערנטען באָטאניק קעדניקע ערקלערט געווארען אלס דער ווילדער אורשפּרונג פון קולטיווירטען ווייץ. די שפּעטערע פאָרשונגען פון אגראנאם אהרונסון האבען בעפעסטיגט די דאָזיגע מיינונג.

דער פאלעסטינישער אידישער באטאניק האט געפונען די ווילדע ווייץ אין די פערשיעדענסטע געגענדען פון לאַנד, 325-500 פוס אונטער דעם ים-שפּיגעל נעבען דעם טייך יבוק, און איבער 6.300-6.000 פוס איבער'ן ים, אויפ'ן בארג חרמון, און לויט זיין מיינונג שטאמט די קולטיווירונג פון ווייץ — אזוי גוט ווי פון גערשט און האבער — פון דיזע און שכנות'דיגע געגענדען. די ווילדע ווייצען האבען ליעב שטייניגע טרוקענע און שלעכטע באָדענס, און וואקסען אָהן אירגענד וועלכע קולטיווירונג. און אהרונסון דענקט אז דורך די ווילדע טיפּען איז מעגליך צו פערשפּרייטען די קולטור פון ווייץ אפילו אין אזעלכע געגענדען וואו מחמת דער ארעמקייט פון באָדען און הארטקייט פון קלימאט, ווי אין נגב, איז זי אונמעגליך.

נעקסט צו ווייץ אין וויכטיגקייט און אין כמות פון בעארבייטעטען באָדען איז דער צווייטער פון די „זיבען מינים“ — גערשט, אין אראביש שעיר (שאעיר), העברעאיש שעורה. דער הויפּט-פּראָדוקציאָנס געביעט איז דרום א"י — די געגענד פון עזה און באר שבע, פון וואנען עס ווערט יעהרליך ארויסגעפיהרט נאָך ענגלאנד אויף אונגעפעהר 5.000.000 פראנק גערשט. א חוץ זיין אויסגעצייכענטע קוואליטעט און גוטסקייט פאר דער פאבריקאציאָן פון ביער און וויסקי, האט דער עזה'ר גערשט דעם פאָרצוג וואס ער ווערט רייף מיט איניגע וואָכען פריהער ווי ערגיץ אנדערש-וואו — נעמליך ענדע אפּריל. פון די 981.000 כלי גערשט, וואס עזה האט אין יאהר 1913 פּראָדוצירט, זיינען ניט מעהר אלס 59.150 כלי פערברויכט געווארען אין לאנד, די איבעריגע 921.850 כלי זיינען ארויסגעפיהרט געווארען נאָך אויסלאנד, הויפּטזעכליך נאָך ענגלאנד.

די אלגעמיינע פּראָדוקציאָן פון גערשט אין גאנצען לאנד איז אונגעפעהר א העלפט פון ווייץ. דער גערשט ווערט הויפּטזעכליך בענוצט אלס פוטער פאר בהמות. אָבער די ארימערע פלאחין געברויכען עס אויך אלס שפּייז, ווי עס האבען אויך געטאָן די ארימערע קלאסען פון די אוראלטע אידען (3).

די פלאחין אונטערשיידען די פאָלגענדע מינים גערשט:

פאראקאדי — 4 רייהען קערנער אין א זאנג, מיט לאנגע אויערען.

עזווי (גאזאווי) — 2 רייהען מיט א לאנגע שאָלעכץ.

2) „אביב קלוי באש“, ויקרא ב' 14; שמואל א', י"ז, 17; רות ב', 14.

3) שופטים ז', 13; מלכים ב', ד', 24; יחזקאל ד', 12; בבלי נזיר ל"א.

סבעיני (סאביני) — ד. ה. זיבעציגער, ווערען געזייעט שפעט אין פעברואר און געשניטען מיט זיבעציג טעג שפעטער.

די קלימאטישע בעדינגונגען פון א״י זיינען בעזונדערס גינסטיג פאר דער קולטור פון גערשט. דער דורכשניטליכער ערטראג פון א העקטאר גערשט אין דער אומגעבונג פון יפו איז 2880 קילאגראם אין דער צייט וואס דער דורכשניטס ערטראג אין דייטשלאנד איז נור 2220 קילאגראם.

פון די איבעריגע תבואות זיינען די פערשפרייטעסטע אין לאנד לינזען, באהנען (פול), ארבסען (חומצה), סעזאם (שומשמין), דורא, מאיז.

דער פ ע ל ד ע ר ט ר א ג איז פערשיעדען אין די פערשיעדענע געגענדען, און אין איין און דעם זעלבען ארט איז ער אונטערגעווארפען גרויסע שוואנקונגען, און ס׳איז איהם שווער דערפאר פעסטצושטעלען.

שלעכטע ערנטעס, און אמאל אויך פולשטענדיגע מיסערנטעס טרעפען זיך. ווען ס׳פאלט אוים ווייניגער רעגען ווי אין נארמאלע יאהרען — א זאך וואס טרעפט הויפטזעכליך אין די וואלדלאזע הרי־יהודה, — ווען ביים אויפגעהן פון די זריעה פון אזעלכע תבואות ווי ווייץ און גערשט, ווערט דער רעגענצייט אונטערבראכען דורך א לענגערע טרוקעניש, ווען דער מלקוש (שפעטרעגען) וואס איז נויטיג פאר דער ענטוויקלונג פון די קערנער פון ווינטער־תבואה, פערשפעטיגט זיך אדער פאלט ניט אוים אין א גענוגענדער מאס, אדער ווען דער „חאמסין“, דער הייסער מדבר־ווינט וואס קומט פון מזרח אדער דרום, בלאזט עטליכע טעג נאכאנאנד גראדע אין דער צייט פון דער אויסבילדונג פון די תבואות. א גרויסען שאדען פאר דער ערנטע קומט פאר ווען דער היישעריק בעפאלט די פעלדער אדער אנדערע שעדליכע חיה׳לעך, ווי מייז, מוראווקעס א. ד. ג., פערמעהרען זיך און פרעסען אויף די זאנגען.

ווען אבער די אויסערליכע אומשטענדען שטערען ניט דעם ענטוויקלונגס־גאנג פון געוויקס, זיינען די גערעטענישען זעהר רייכליך, בעזונדערס אין די טאלען.

אום אבצושאצען ריכטיג די בעדייטונג פון די פאלגענדע אנגאבען בנוגע דער ערטראגספעהיגקייט פון דער פלאחישער לאנדווירטשאפט דארף מען אין זינען האבען דעם מאנגעלהאפטען און אונצייטיגען ארט פון באדען־בעארבייטונג, דאס פעהלען פון מיסט, שלעכטע זאמען, אונגעניגענדע רייניגונג פון פעלד, מאנגעל פון ענטוואסערונג און די צו־וואסערדיגע געגענדען און די אלגעמיינע, טרויעריגע ווירטשאפטליכע פערהעלטניסען פון די פלאחין, ווי אויך זייער אפאטיע און ארבייטס־אונלוסט. אונטער די דאזיגע אומשטענדען איז ערשטוינענד דער פערהעלטניסמעסיג הויכער ערטראג פון אקערבוי אין א״י. דאס ערקלערט זיך בלויז מיט דער נאטירליכער פרוכטבארקייט און וואונדערבארען קלימאט פון לאנד.

אם רייכסטען פאלט די ערנטע אוים אויף דעם לאווא־באדען פון חורן, דער אמאליגער בשן. טראץ דער פרימיטיווער ארבייטס־סיסטעם ברענגט ווייץ אריין 50־60 פאכיגען ערטראג. מ׳דערצעהלט אויך וועגען 80 און 100 פאלטיגע פרוכט. אין עמק יזרעאל און אין דער ברעג־עבענע (שרון און פלשת) ברענגט ווייץ דורכשניטליך 8 מאס, גערשט 10־15. אין זעהר גוטע יאהרען דערהאלט מען אין דער עבענע א דרייסיג־פאכיגען ערטראג. אין די הרי יהודה קומען אזעלכע גוטע גערעטענישען ניט פאר. ווייץ טראגט דא דורכשניטליך נור 3־4 מאס, גערשט 5 מאס. דאס געבירג לאנד ארום ירושלם האט ווייניג גינסטיגען באדען פאר אקערבוי. ווי דער דייטשער קאנסול בעריכטעט קאן דא אפילו א ראציאנאלער בעטריעב ניט אי־

בערשטייגען א זעקספאכען ערטראג. פיעל בעסערען באָדען פערמאָגט די עבענע פון באר־שבע, פון וואַנען עס ווערט ארויסגעפיהרט פיעל גערשט.

דער דורכשניטליכער ערטראג פון א פלאחין־ווירטשאפט אויף אונגעמיסטיגטען באָדען איז, לויט די אנגאבען פון דר. א. רופין, ווייץ פון 8 ביז 10 פאכעס; גערשט, פול (באהנען), לינזען, חומצא (ארבסען) פון 10 ביז 15 פאכעס; סעזאם 40־50, דירא 60־80.

אין יהודה טראגט א דונאם גוטער באדען 5 כלי ווייץ (א כלי איז 28 קילאגראם), אָדער 8 כלי גערשט (א כלי 20 קילאגראם). אויף געמיסטיגטען באדען איז דער ערטראג ווערנטליך העכער. נאָך דער מיטטיילונג פון אגראנאם ווילקאנסקי ברענגט דר. א. רופין די פאָלגענדע אנגאבען בנוגע דעם ערטראג פרא העקטאר פון א אידישע אָקער־ווירטשע ווירטשאפט מיט א ראציאנעלען פרוכט־וועקסעל און רעגעלמעסיגע מיסטיגונג:

רוי ערטראג

| | געזעהט אויף יעדען העקטאר | פיעלפאכער ערטראג. | מאקסימאלע מענגע אין ק"ג | פרייז פרא 100 ק"ג | ווערט אין פראנק. |
|---|---|---|---|---|---|
| פול (אקערבאהנען) | 135 | 8—15 | 2025 | 18 | 364.50 |
| לינזען | 180 | 8—10 | 1800 | 13 | 234.00 |
| כרסינה | 144 | 15—20 | 2880 | 15 | 432.00 |
| גערשט | 192 | 15 | 2880 | 16 | 460.80 |
| ווייץ | 180 | 10—12 | 2000 | 21 | 420.00 |
| חומצה (ארבסען) | 90 | 20 | 1800 | 16 | 280.00 |
| דורא | 18 | 100 | 1800 | 12 | 216.00 |
| סעזאם | 13½ | 40 | 540 | 44 | 237.60 |

לויט די עטוואס פערעלטערטע אנגאבען פון דר. לעא אנדערלינד (בעציהען זיך צום יאהר 1874), וועלכע אבער ביי דער אונפערענדערליכקייט פון פלאחין־ווירט־שאפט קאָנען בעטראכט ווערען כמעט אלס צייטמעסיג, זייעט מען אין עמק יזרעאל, אויף אונבעמיסטיגטען באָדען און ביי דער פלאחישער בעווירטשאפטונג, אויף א העקטאר 195.2 קילאגראם ווייץ, 215.6 קילאגראם גערשט, 4.9 ק"ג דורא, 3.2 ק"ג סעזאם. דער מאקסימאלער ערטראג פון ווייץ איז דערביי א צעהנפאכיגער, דורכ־שניטליך 6—7־פאכיג. גערשט העכסטענס 10־פאכיג, דורכשניט 6־פאכיג. דורא — העכסטענס 329־פאכיג, סעזאם העכסטענס 443־פאכיג. דער דורכשניט פון דורא און סעזאם לאזט זיך ניט פעסטשטעלען.

ווי אין אלע אנדערע געביעטען איז ניטאָ קיין פינקטליכע און סיסטעמאטישע אָפיציעלע סטאטיסטיק וועגען דער לאנדווירטשאפטליכער פראָדוקציאָן, דעם שטח פון בעארבייטעטען באדען, דעם ערנטע ערטראג א. ז. וו. מיר האָבען בלויז צעוואָרפענע מאנגעלהאפטע, אָפיציעלע און האלב אָפיציעלע אנגאבען, פון וועלכע מ'קאָן דאָך בע־קומען א מעהר־וויינינער גענוגענדע ידיעה איבער דעם צושטאַנד און אומפאנג פון דער לאנדווירטשאפטט אין א"י.

בנוגע דעם ירושלים'ער סענדזשאק מיט דער אויסנאהם פון דער חברון'ער קאדא האָבען מיר די האלב־אפיציעלע אנגאבען פאר'ן יאָהר 1325 (1909) וואָס זיינען ער־שיענען אין קאָנסטאנטינאָפאָל אין 1912, ווי פאלגט.

| יעהרליכע פראדוקציאן פון ירושלים'ער סאנדזשאק. | שטח פון בע־ארבייטעטע באַ־דען אין דונא־מען. | געזייט (אין כלי) | ערטראג (אין כלי) | ערטראג (אין ק"ג) |
|---|---|---|---|---|
| ווייץ — — — — — — — — | 461.000 | 245.500 | 1.358.000 | 33.950.000 |
| גערשט — — — — — — — | 328.400 | 209.200 | 1.038.600 | 20.772.000 |
| האָבער — — — — — — — | 18.416 | 15.420 | 78.080 | |
| דורא — — — — — — — — | 191.250 | 24.000 | 740.000 | 18.500.000 |
| סעזאם — — — — — — — | 124.000 | | *4.455.000 | 5.902.000 |
| וויקען — — — — — — — | 25.416 | 19.416 | 174.160 | 4.005.000 |
| לינזען — — — — — — — — | 20.900 | 368.500 | 1.845.000 | 46.125.000 |
| פּול — — — — — — — — | 18.550 | 334.400 | 1.680.000 | 38.640.000 |
| חומצה — — — — — — — | 650 | 8.900 | 59.000 | 1.357.000 |
| באָהנען — — — — — — — | 160 | 450 | 5.600 | |
| טאבאק און טאמבעקי — — — | 56 | | *1.050 | |
| קארטאָפעל — — — — — — | 30 | | 4.550 | |

דערביי דארף בעמערקט ווערען, אז דאָס יאָהר 1909 איז געוועזן זעהר א שלעכטעס און האָט געבראכט קוים א העלפט פון דער ערנטע פון א נאָרמאל יאָהר, אזוי אז מען דארף בערך פערדאָפּלען די אויביגע ציפערן אויב מ'וויל אויסרעכענען דעם דורכשניט־ליכען ערטראג פון א נאָרמאלען יאָהר.

קיין בעזונדערע אנגאבען בנוגע דעם עבר הירדן, וואָס ענטהאלט אין זיך איינע פון די פרוכטבארסטע לאנדשטריכען אין דער וועלט — די בערימטע „נוקרא" (בשן־עבענע), — האָבען מיר ניט. אין דער שוין דערמאָנטער האלב־אָפיציעלער מיטטיילונג פאר'ן יאָהר 1325 (1909) זיינען פאראן אלגעמיינע אנגאבען וועגען גאנצען דמשק'ער ווילאיעט (א חוץ די קאדא פון דמשק), וואָס בלויז א העלפט פון איהם בעלאנגט איי־גענטליך צו ארץ ישראל. עס איז אונמעגליך פעסטצושטעלען וואָסערע פּראָצענט פון די פאָלגענדע אלגעמיינע אנגאבען בעציהען זיך דירעקט צו ארץ ישראל, לויט די ביי אונז אָנגענומענע גרעניצען; אונגעפעהר קאָן מען אָבער אָננעהמען 50 פּראָצענט פון די אלגעמיינע סומע פון דמשק ווילאיעט. — אויף דעם חשבון פון ארץ ישראל.

| יעהרליכע פראדוקציאן אין אמשק'ער ווידאיעט. | דער שטח פון בעארבייטעטע באדען (אין דונאם). | געזייט (אין קאָנסטאנטינאָ־פּאָלער כלי). | ערנטע ערטראג (אין קאָנסטאנ־טינאָפּאָלער כלי). | ערנטע ערטראג אין ק"ג. |
|---|---|---|---|---|
| ווייץ — — — — — — — | 2.055.872 | 1.255.935 | 5.923.330 | 148.083.000 |
| גערשט — — — — — — — | 987.470 | 605.535 | 4.240.370 | 84.807.000 |
| האָבער — — — — — — — | 29.300 | 24.650 | 143.600 | |
| מאיז — — — — — — — — | 98.600 | 21.389 | 425.610 | 8.512.000 |
| דורא — — — — — — — — | 135.990 | 32.650 | 464.130 | 11.603.000 |
| וויקען — — — — — — — | 60.400 | 22.050 | 120.250 | 2.766.000 |
| פּול — — — — — — — — | 13.070 | 253.700 | 1.275.470 | 29.335.000 |

*) אין אָקא (אן אָקא — 1.28 קילאָגראם).

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| חומצה | 58.800 | 569.560 | 2.665.010 | 61.295.000 |
| באהנען | 250 | 1.130 | 8.800 | |
| לינזען | 34.350 | 307.163 | 1.428.975 | 35.724.000 |
| קארטאָפּעל | 4.950 | 362.250 | 3.192.500 | |
| טאבאק און טאמבעקי | 3.060 | | * 45.030 | |
| ביימוואהל | 7.000 | | * 256.000 | |
| סעזאם | 2.800 | | * 42.000 | 54.000 |

אויך דאָ מוז מען אין זינען האָבען, אז דאָס בעציהט זיך צו א שלעכט יאָהר, וואָס איז בערך א העלפט פון דעם נאָרמאלען ערטראג.

עס איז נאָך געבליבען שומרון און גליל — ד. ה. שכם'ער און עכו'ער סאנדזשאַקען און די צוויי צפונ'דיגע קאדעס צור און מרג'־עיון וואָס בעלאנגען צום בירות'ער סאנדזשאק. דר. א. רופּין האָט ערהאלטען א אָפיציעלע מיטטיילונג בנוגע דער לאנדווירטשאפטליכער פּראָדוקציאָן פאר'ן בירות'ער ווילאיעט אלס א גאנצען, פאר דעם יאָהר 1330 (1914), וואו די איינצעלנע סאנדזשאקען און קאדעס זיינען ניט אויסגעטיילט. אונגעפעהר אָבער קאָן מען אָננעהמען אז די זידליכע טיילען פון בירות'ער ווילאיעט וואָס בעלאנגען אייגענטליך צו ארץ ישראל, בילדען בערך 40 פּראָצענט פון מערב־סורישען ווילאיעט. פון די פאָלגענדע אנגאבען קומען אלזאָ אויס אונגעפעהר 40 פּראָצענט אויף ארץ ישראל.

| יעהרליכע פּראָדוקציאָן אין בירות'ער ווילאיעט | דער שטח פון בעארבייטעטען באָדען (אין דונאם). | ערנטע ערטראג (אין כלי). | ערנטע ערטראג (אין ק"ג.) |
|---|---|---|---|
| ווייץ | 1.530.400 | 11.201.600 | 280.040.000 |
| גערשט | 1.113.400 | 8.139.200 | 162.874.000 |
| מאיז | 45.000 | 225.000 | 4.500.000 |
| דורא | 430.000 | 1.390.000 | 34.750.000 |
| וויקע | 112.350 | 408.000 | 9.384.000 |
| פּול | 53.400 | 383.200 | 8.814.000 |
| חומצה | 74.460 | 704.500 | 16.203.000 |
| לינזען | 55.880 | 263.150 | 6.579.000 |
| סעזאם | 94.500 | 191.000 | 4.775.000 |
| טאבאק און טאמבעקי | 57.300 | *2.965.000 | |

*) אין אָקא.

5) קאלענדאר פון לאנדווירטשאפטליכע פראדוקטען .*)

(א׳ ב׳ ג׳ — בעדייטען ערשטער, צווייטער, דריטער, דריטעל פון חודש).

| פרוכט | צייט פון זריעה-בליהונג | צייט פון רייף ווערען און שניט |
|---|---|---|
| אבריקאסען | פעברואר | ב׳ ג׳ מאי אין טאל. |
| אוגערקעס | אין יריחו און עין גדי ווערען זיי רייף אין מארט, אויף די בערג אין מאי און יוני. נאך א פויזע גיבט עס ווידער אין סעפטעמבער און אקטאבער. | |
| אליוווען (זיתים) | ג׳ אפריל (אין טאל — ג׳ מארט). | א׳ אקטאבער—נאוועמבער |
| ארראנזשען (אפעלסינען) | מארט — אפריל | ג׳ נאוועמבער — אפריל (הויפט ערנטע האלב יא־נואר — האלב מארט). |
| אפעל | א׳ אפריל. | ג׳ מאי און יוני. |
| אקערבאהנען (פול) | נאך׳ן ערשטען רעגען — נאוועמבער. | אין טאל א׳ אפריל, אין בערג א׳ מאי. |
| באמיע (גריכענהארן) | מאי. | יולי — אויגוסט. |
| באנאנעס | | נאוועמבער. |
| באנדורא (זעה טאמאטעס) | | |
| באקסער | נאוועמבער. | ענדע זומער. |
| בארנעס | ב׳—ג׳ מארט. | יוני — אויגוסט. |
| באהנע | א׳ מארט. | אפריל. |
| גערשט | נאוועמבער. | ג׳ מאי ביז א׳ יוני (אין טאל מיט א חודש פריהער) |
| דורא( זומער הירזע) | אפריל. | יולי—אויגוסט. |
| וויסדארן (זערור) | ג׳ אפריל. | סעפטעמבער. |
| ווייץ | נאוועמבער און דעצעמבער | ב׳—ג׳ יוני (אין ירדנטאל און אין דער עבענע ב׳—ג׳ מאי). |
| וויקען | דעצעמבער און יאנואר. (אין טאל מיט א חודש פריהער). | ב׳ מאי (אונמיטעלבאר פאר׳ן גערשטען שניט). |
| זומער הירז (זעה דורא) | | |
| חומצה (ארבסען) | ב׳ אפריל. | א׳ יולי. |
| טאמאטעס | א׳ מארט ביז ג׳ אפריל. | זומער ביז הערבסט. |
| טייטלען | פריהלינג. | אקטאבער—נאוועמבער. |
| טרויבען | א׳ מאי. | יולי ביז ג׳ נאוועמבער (אין טאל ענדע יוני). |

*) לויט די בעאבאכטונגען פון ל. בויער.

| פרוכט | צייט פון זריעה — בליהונג. | צייט פון רייף ווערען און שניט |
|---|---|---|
| לינזען | דעצעמבער און יאנואר (אין טאָג מיט א חודש פריהער). | ב׳ מאי (אונמיטעלבאר פאר׳ן גערשטענשניט. |
| מאנדלען | פעברואר. | יולי, אויגוסט. |
| מוילבערים (תות) | זיסע — מארט, זויערע — אפריל. | זיסע ג׳ אפריל ביז ב׳ מאי. זויערע — מאי, יוני. |
| מילגראַמען | ג׳ אפריל ביז ב׳ מאי. | סעפטעמבער. |
| מעלאָנען | מארט—אפריל (שפעט מעלאָנען־מאי). | ג׳ יוני — סעפטעמבער (האלטען זיך ביז יאנואר). |
| נים | | סעפטעמבער—אָקטאָבער. |
| סיקאמארען | | ווערען רייף 3—4 מאָל אין זומער. |
| סאלאט | פון ענדע נאָוועמבער ביז מארט. | |
| סעזאם | אפריל. | אויגוסט—סעפטעמבער. |
| פאקוס (שלאנגען־אוגערקעס) | | |
| פול (זעה באָהנען) | | |
| פייגען | פעברואר. | א׳ יוני—דעצעמבער. |
| פייגענבאָהנען (זעה תורמוס) | | |
| פלאשענקירבעס | אפריל. | ענדע זומער. |
| פלוים | ג׳ מארט. | יוני. |
| פערסיקעס | א׳ מארט. | יולי—אויגוסט. |
| צוקעררוירען | מארט—אפריל. | סעפטעמבער—יאנואר. |
| ציבעלעס | נאָכ׳ן ערשטען רעגען. | אויגוסט. |
| ציטראָנען און אתרוגים. | ווי אראנזשען, עס גיבט דאָך נאָכבליהענדע ציטראָנען און עס זיינען דעריבער פארהאן א גאנץ יאָהר רייפע פרוכטען. | |
| קאקטוס | | יולי ביז א׳ סעפטעמבער. |
| קוויטען | א׳ און ב׳ אפריל. | ג׳ אויגוסט—סעפטעמבער. |
| קוסא (שפייזקירבים) | [illegible] | יוני, יולי (אין טאָל מיט א חודש פריהער. פון עזה קומען שוין אין אפריל קליינע קוסעס נאָך ירושלים). |
| ריבען | געלע — כמעט א גאנץ־יאָהר. ווייסע — נאָוועמבער־ פעברואר. | |
| רעטיך | נאָוועמבער — מארט. | |
| שפינאט | נאָוועמבער. | יאנואר. |
| תורמוס | אָקטאָבער — נאָוועמבער. | א׳ מאי. |

## דורכשניטס ערטראג פון תבואות פרא דונאם אין יפו׳ר געגענד.

בנוגע דעם דורכשניטס־ערטראג, קאָסטען, ברוטאָ־איינקונסט און ריינעם ריוח פון די פערשיעדענע מינים תבואות און גרינסען ברענגט דר. א. רופין די פאָלגענדע טאבעלע וואס איז צוזאמענגעשטעלט פון יפו׳ר אגראָנאָם א בריל, אויף׳ן גרונד פון דיווירטשאפטס־אויסקינפטע פון יפו׳ר געגענד.

| קולטור | קוואליטעט פון באָדען | ברוטאָ ערטראג | | קאָסטען אין פראנק | | | | | ריינער ערטראג אין פראנק (פון דעם דארף מען נאָך אראָברעכענען עשר און ווערגו). |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | אין כלי | אין פראנק. | פאר זריעה אין כלי | פאר זריעה אין פראנק | פאר ארבייט פון בהמות. | פאר האנד־ארבייי און אנדערעס. | סך הכל פון קאָסטען. | |
| ווייץ | 1 | 5 | 30. | ½ | 3. | 6 | 7 | 16. | 14. |
| | 2 | 3½ | 21. | ½ | 3. | 5 | 5 | 13. | 8. |
| | 3 | 2½ | 15. | ⅓ | 2. | 4 | 4 | 10. | 5. |
| גערשט | 1 | 8 | 24. | ½ | 1.50 | 6 | 6 | 13.50 | 10.50 |
| | 2 | 6 | 18. | ⅛ | 1. | 5 | 5 | 11. | 7. |
| | 3 | 5 | 15. | ⅓ | 1. | 5 | 4 | 10. | 5. |
| באָהנען | 1 | 6 | 27. | ½ | 2.25 | 6 | 6 | 14.85 | 12.75 |
| | 2 | 5 | 22.50 | ½ | 2.25 | 6 | 5 | 13.25 | 9.25 |
| לופין | 1 | 7 | 17.50 | ½ | 1.25 | 5 | 4 | 10.25 | 7.25 |
| | 2 | 5 | 12.50 | ½ | 1.25 | 4 | 3 | 8.25 | 4.25 |
| וויקען | 1 | 8 | 28. | ½ | 1.75 | 5 | 8 | 14.75 | 13.25 |
| | 2 | 6 | 21. | ½ | 1.75 | 5 | 6 | 12.75 | 8.25 |
| לינזען | 1 | 7 | 28. | ½ | 2. | 6 | 7 | 15. | 13. |
| | 2 | 5 | 20. | ½ | 2. | 5 | 5 | 12. | 8. |
| דורא | 1 | 6 | 21. | | 2. | 5 | 5 | 11. | 10. |
| | 2 | 4 | 14. | | 0.70 | 5 | 3 | 8.70 | 5.30 |
| מעלאָנען | 1 | | 35. | | 1. | 9 | 10 | 20. | 15. |
| | 2 | | 25. | | 1. | 9 | 8 | 18. | 7. |
| סעזאם | 1 | 2½ | 22.50 | | 1. | 8 | 4 | 13. | 9.50 |
| | 2 | 2 | 18. | | 1. | 8 | 3 | 12. | 6. |
| קארטאָפעל | 1 | *1000 | 105. | *170 | 24. | 6 | 35 | 65. | 40. |
| | 2 | *700 | 75. | *130 | 18. | 6 | 25 | 49. | 26. |
| גרינע באָהנען און ארבסען | 1 | *650 | 67.50 | | 4. | 6 | 20 | 30. | 37.50 |
| | 2 | *500 | 52.50 | | 4. | 6 | 16 | 26. | 26.50 |
| ריבען | 1 | *600 | 50. | | 1. | 5 | 15 | 21. | 29. |
| | 2 | *450 | 37.50 | | 1. | 5 | 12 | 18. | 19.50 |
| טאָמאטאָס | 1 | | 120. | | 2. | 6 | 70 | 78. | 42. |
| | 2 | | 80. | | 2. | 6 | 50 | 58. | 23. |

*) קילאָגראם.

## י. פּרוכטבאַרקייט פון לאַנד און קאָלאָניזאַציאָנס מעגליכקייטען.

ווי גרויס איז דער שטח באָדען וואָס געפינט זיך אונטער לאַנדווירטשאַפט אין ארץ ישראל?

קיין פּינקטליכע פעסטגעשטעלטע אָפיציעלע סטאַטיסטישע אַנגאַבען וואָס זאָלען געבען א דירעקטען און גענויעם ענטפער אויף דיזער פראַגע זיינען ליידער ניטאָ. אונגעפעהר אָבער קאָן מען דאָס לייכט אויסגעפינען אויף'ן גרונד פון די אויבען געבראַכטע אָפיציעלע און האַלב־אָפיציעלע בעריכטען פון ירושלים'ער סאַנדזשאַק און דמשק'ער ווילאַיעט פאַר'ן יאָהר 1909 און בירות'ער ווילאַיעט פאַר'ן יאָהר 1914. לויט די דאָזיגע בעריכטען ווערען די פערשיעדענע אַקערבויערישע פּראָדוקטען אין די דריי פּראָווינצען פערזייהט אויף א שטח באָדען ווי פאָלגט:

שטח פון ווירט־שאַפטליך בע־נוצטען באָדען.

דער שטח פון אַקערבויאיש בעאַרבייטעטען באָדען (אין דונאַם) אין:

| | ירושלים'ער סאַנדזשאַק | בירות'ער ווילאַיעט | דמשק'ער ווילאַיעט | ס"ה פון אַקער־בוי־באָדען |
|---|---|---|---|---|
| ווייץ — — — — — — — — | 461.000 | 1.530.400 | 2.055.872 | 4.047.272 |
| גער ט — — — — — — — | 328.400 | 1.113.400 | 987.470 | 2.429.270 |
| האָבער — — — — — — — | 18.416 | ——— | 29.300 | 47.716 |
| סעזאַם — — — — — — — | 124.000 | 94.500 | 7.000 | 225.500 |
| דורא — — — — — — — | 191.250 | 430.000 | 135.990 | 757.240 |
| וויקען — — — — — — — | 25.416 | 112.350 | 60.400 | 198.166 |
| פּ ל — — — — — — — — | 18.550 | 53.400 | 13.070 | 85.020 |
| לינזען — — — — — — — | 20.900 | 55.880 | 34.350 | 111.130 |
| חומצה — — — — — — — | 650 | 74.760 | 58.800 | 133.910 |
| מאַיס — — — — — — — | | 45.000 | 98.600 | 143.600 |
| פערשיעדענעס — — — — — | 246 | 57.300 | 78.260 | 135.806 |
| סך הכל— — — | 1.188.828 | 3.566.690 | 3.559.112 | 8.314.630 |

פון בירות'ער ווילאַיעט בעלאַנגען העכער אַלס 60 פּראָצענט ניט צו ארץ ישראל נאָר צו סוריה, נעמליך די נאָרדליכע סאַנדזשאַקען טריפּאָלי און לאַטאַקיע און דער נאָרדליכער טייל פון בירות'ער סאַנדזשאַק גופא, אין צפון זייט פון טייך קאַסימיע. פון דמשק'ער ווילאַיעט געהערען בערך 50 פּראָצענט צו סוריה און ניט צו ארץ ישראל, נעמליך די סאַנדזשאַקען חמא (חמת) און דמשק (מיט דער אויסנאַם פון די קאַזאַס קונייטרא, חצביה און טיילוויז וואַדי אל־עגם). אָראַבערעכענענדיג פון די צוויי ווילאַיעטען דעם פּראָצענט וואָס געהט אַראָפּ אויף זייערע סורישע טיילען, האָבען מיר אונגעפעהר אַלזאָ א סך הכל פון אַקערבויאיש בעאַרבייטעטען באָדען אין:

| | | |
|---|---|---|
| ירושלים'ער סאַנדזשאַק — — — — — — — — — — — | 1.188.828 | דונאַם |
| עבר הירדן (50 פּראָצ. פון דמשק'ער ווילאַיעט) — — — — | 1.770.000 | " |
| שומרון און גליל (40 פּראָצ. פון בירות'ער סאַנדזשאַק) -- | 1.426.650 | " |
| צוזאַמען אונגעפעהר — — — — — — — — — | 4.386.000 | " |

דערצו דארף מען צוגעבען בערך א האלבען מיליאן דונאם פלאנטאציעס: ארום א פערטעל מיליאן אליוועז, און א פערטעל מיליאן וויינשטאק, אראנזשען, מאנדלען און אנדערע פרוכטבוימער. דער אלגעמיינער שטח פון לאנדווירטשאפטליך בענוצטען באדען איז אלזא אונגעפעהר 4.900.000—5.000.000 דונאם. דער שטח פון א"י איז אונגעפעהר (רעכענדיג 55.000 קוואד. קיל.) 60.000.000 דונאם. עס ווערט אלזא בעארבייט נור א צוועלפטעל פון פאלעסטינער באדען (8.33 פראצ.)

פלאנטאציעס.

די פראצענט פערהעלטניסע פון בעארבייטען צום געזאמטען שטח זיינען ניט גלייך אין אלע טיילען פון א"י. רעכענדיג בלויז דעם אקערבוי־באדען (די פלאנטאציעס פערנעמען אין גאנצען ⅕ פראצענט פון אלגעמיינעם שטח) בעקומען מיר אויפ'ן גרונד פון די אויבענגעבראכטע אנגאבען די פאלגענדע רעזולטאטען:

אקערבוי.

| | אלגעמיינער שטח אין קוו. קיל. | אקערבויאיש בענוצטער שטח. אין דונאם | אין קוו. קילאמ. | פראצענט. |
|---|---|---|---|---|
| ירושלים'ער סאנדזשאק — — | 18.900 | 1.189.000 | 1092.8 | 5.25 |
| שומרון און גליל — — — — — | 8.300 | 1.427.000 | 1311.6 | 15.6 |
| עבר הירדן — — — — — — — | 25.000 | 1.770.000 | 1627.3 | 6.6—7 |

מ'דארף אבער אננעהמען, אז דער פראצענט פון אקערבויאיש בעווירטשאפטעטען איז פיעל א העכערער, אויס דעם פאלגענדען גרונד: דער באדען וועלכע דער פלאח בעווירטשאפט, ווערט ניט בעארטייטעט יעדעס יאהר. געוועהנליך לאזט דער פלאח אויסרוהען (ער לאזט עס איבער „בור", ווי עס הייסט אין העברעאיש און אראביש) יעהרליך כמעט א העלפט פון זיין באדען. ווען די רעגיערונג רעכענט דעם ערטראג פון באדען רעכענט זיך נור דער באדען וואס ווערט אנגעגעבען אלס בעארבייטעט. מ'דארף דעריבער פערגרעסערן די אויבענגעבראכטע ציפרען כמעט אויף צוויי־דריטעל אום כדי אויסגעפינען מעהר־ווייניג ריכטיג דעם שטח באדען וואס געפינט זיך אונטער אקערבוי־ווירטשאפט.

לויט האלב־אפיציעלע אנגאבען פון טערקישען לאנדווירטשאפטס מיניסטעריום איז דער שטח פון ירושלים'ער סאנדזשאק 23.144.580 דונאם (יעדער דונאם איז 919 קוואדראט מעטר), דערפון ווערען לאנדווירטשאפטליך בענוצט נאר 1.223.188 דונאם, וואס מאכט אויס 5.28 פראצענט פון אלגעמיינעם שטח. ביירות'ער ווילאיעט (אין וועלכען עס איז אנגעשלאסען שומרון און גליל) צעהלט 31.141.300 דונאם, דערפון ווערען גענוצט 3.236.808 דונאם, ד. ה. 9.76 פראצענט. דמשק'ער ווילאיעט פערמאגט 108.660.000 דונאם, דערפון ווערען בענוצט 3.777.434 דונאם, ד. ה. 3.47 פראצענט פון גאנצען שטח. דער אלגעמיינער שטח פון די דריי פראווינצען ענטהאלט אלזא 162.945.880 דונאם און פון זיי ווערען בענוצט 8.237.430 דונאם וואס מאכט אויס דורכשניטליך 5 פראצענט פון אלגעמיינעם שטח. די ציפערען זיינען, ווי בכלל די טערקישע סטאטיסטישע אנגאבען, ניט אין גאנצען פינקטליך און אבסאלוט ריכטיג. דער שטח פון ווירטשאפטליך בענוצטען באדען, ווי מיר האבען שוין אויפמערקזאם געמאכט העכער, איז בעדייטענד גרעסער: מאכענדיג אבער די ברייטעסטע הנחה צו דער נאכלעסיגקייט פון דער טערקישער סטאטיסטיק קאן מען מיט זיכערהייט אננעהמען, אז דער אומפאנג פון בעארבייטעטען באדען דערגרייכט ניט גאנצע 10 פראצענט פון אלגעמיינעם שטח פון לאנד. ווי מיר האבען געזעהן האט ירושלים 1.189.000 דונאם אקערבאדען און ארום 275.000

דונאם פלאנטאציעס, צוזאמען 1½ מיליאָן דונאם, אונגעפעהר 6,5—7 פּראָצענט פון אלגעמיינעם שטח.

אין שומרון און גליל איז דער פּראָצענט פון בענוצטען באדען געוויסערמאסען גרעסער, אין עבר הירדן בערך דער זעלבער וואס אין ירושלים.

---

בעוואוינהייט פון א״י.

רנוגע דער בעוואוינהייט און קאָלאָניזאציאנס־מעגליכקייטען פון ארץ ישראל זיינען פערשפּרייט צוויי ענטגעגענגעזעצטע מיינונגען. פיעלע דענקען, אז א״י איז א לעער און אונבעזעסען לאנד, כמעט דרוכאויס ווילד, אָהן א בעשטענדיגער זעסהאפ־טער בעפעלקערונג, א חוץ וואנדערענדע אראבער. פיעלע אנדערע ווידער מיינען, אז דאָס לאנד איז דורכאויס בעזעסען און פערנומען און עס האָט שוין מעהר קיין פּלאַץ ניט פאר א גרויסער איינוואנדערונג און מאסען קאָלאָניזאציע.

דיעזביידע עקסטרעמע מיינונגען זיינען אונבעגרינדעט און פאלש, ווי עס איז צו זעהן פון די ביז־איצטיגע אבהאנדלונג וועגען אלגעמיינעם ישוב.

ארץ ישראל איז ניט לעער און אונבעזעסען. איגערהאלב די גרעניצען וואס מיר האָבען פעסטגעשטעלט אין אָנהויב פון דיזען בוך — פון חרמון אין צפון ביז׳ן גאָלף פון עקבה אין דרום, און פון ים התיכון אין מערב ביז׳ן מדבר סוריה אין מזרח, אויף א שטח פון בערך 55—60 טויזענד קוואדראט קילאמעטער, לעבט א בעפעלקערונג פון בערך א מיליאן נפשות, וואס מאכט אויס אונגעפעהר 18 נפשות אויף א קוו. קיל. דערפון זיינען צוויי דריטעל אין מערב זייט פון ירדן און איין דריטעל אין מזרח זייט.

דער גאנצער אידישער ישוב — בערך הונדערט טויזענד נפשות — איז קאָנצענט־רירט אין דער מערב טייל. איבער הונדערט טויזענד פון די לאנד איינוואוינער זיינען וואנדערענדע בעדואינישע שבטים. דאס לאנד ענטהאלט אלזא בערך 800.000 ניט־אידישע זעסהאפטע איינוואוינער, פון וועלכע ארום 300.000 זיצען אין די שטעדט און פערנעהמען זיך מיט האנדעל, פערשיעדענע מלאכות, קליין־אינדוסטריע און אויך אגריקולטור, בעזונדערס פלאנטאציאנס־ווירטשאפט (אליוועז, אראנזשען און וויינגרטנער). אונגעפעהר א האלבער מיליאָן וואוינט אין דערפער — דאָס זיינען די בויער און ארבייטער פון לאנד, די אזוי גערופענע פלאחין. דאס איז דער וויכטיג־סטער ווירטשאפטליכער עלעמענט פון א״י וואס איז פעסט צוגעבונדען צום באדען

דאָרפישער עלעמענט און זיין בעדייטונג.

זיין וועלכען ער האָט געלאזט טיעפע, אונאויסרייסבארע וואָרצלען. פון וועמען און פון וואנען זיי זאָלען ניט שטאמען — זיינען זיי די בעשטענדיגע ארבייטס־קינדער פון לאנד, וועמעס עלטערען און עלטערענס עלטערען ליגען בעגראבען אין די פעלדער, וואס זיי האָבען בענעצט מיט זייער שוויים און פיעל מאָל בעגאסען מיט זייער בלוט. קיין פערנינפטיגע פערוואלטונג און קיין ווייטזיכטיגער קאָלאָניזאטאָר וואס שטרעבט צו רעסטאווירען דאָס אמאָל בליהענדע לאנד און אויפשטעלען איהרע חורבות טאָר ניט אויסלאָזען פון אויג די רעכטען און אינטערעסען פון דער פלאחישער בעפעלקערונג.

אלס רעזולטאַט פון טויזענד יעהריגער אונטערדריקונג און עקספּלואטאציע זיינען די פלאחין פעראָרימט און דעגראדירט געוואָרען און געזונקען גייסטיג און מאָראַ־ליש. עס לעבט ניט אין זיי קיין נאציאָנאלער געפיהל וואָס זאָל זיי פעראייניגען און פערבונדען אין עטוואס נאציאנאל־גאנצעס, אפילו דער פאטריאטישער געפיהל צום לאנד אלס א פאטערלאַנד איז ביי זיי גענצליך אטראפירט געוואָרען — דערפאר אָבער פיהלען זיי א שטארקע צוגעבונדענקייט צום באדען, וואס זיי און זייערע עלטערען האָבען בעארבייט. די פלאחין פון איין דארף זיינען גאנץ גלייכגיל־

טיג צום שיקזאל פון אלע אנדערע דערפער און פון לאנד אין גאנצען. דערפאר אבער
איז דאס שטיקעל ערד וואס בעלאנגט צו זיי אליין, אינדיווידועל אדער בשתפות
צו דער גאנצער פאמיליע („חמגלה“) אדער צום גאנצען דארף — ביי זיי זעהר
טייער און זיי זיינען דערצו צוגעבונדען ווי צום שורש פון זייער קיום. עס איז אן
עלעמענט וואס קאן ניט און טאר ניט פערדרענגט ווערען
פון לאנד. און יעדע פלאנמעסיגע און צוועקמעסיגע קאלאניזאציע דארף שטרענג
אכטען און אבהיטען זייערע פאליטישע און עקאנאמישע אינטערעסען. פון דער אנ־
דערער זייט אבער דארף גאר ניט א נייע מאסען־קאלאניזאציע ארויסשטויסען דעם
איינגעווארצעלטען אקערבויערישען עלעמענט פון זיין פערנומענער פאזיציע — ווייל
דאס לאנד האט נאך גענוג פרייען פלאץ און גענוג ווירטשאפטליכע מעגליכקייטען
פאר א גרויסע אימיגראציע און פאר נייע גאנדווירטשאפטליכע זידלונגען.

קאלאניזאציאנס מעגליכקייטען.

ווי מיר האבען פריהער געזעהן ווערט איצט אין א״י בעארבייטעט קוים א צעהנ־
טעל פון איהר באדען. ניינציג פראצענט פון לאנד ווערט איצט ניט אויסגענוצט.
עס איז דערפאר זעהר קלאר, אז ארץ ישראל אלס אגריקולטו־
רעלעס לאנד האט נאך פלאץ פאר אם ווייניגסטען
צעהן מאל אזוי פיעל איינוואוינער, ווי זי האט
אין איצטיגען מאמענט, וואס קאנען זיין בעשעפ־
טיגט ביי לאנדווירטשאפט. דער גרעסטער פון אלע פאלעסטינא־
פארשער, אונטער וועמעס אויפזיכט איז אנגעפיהרט געווארען די גראנדיעזע אויס־
פארשונגס ארבייט פון „פאלעסטין עקספלארײשאן פאנד“ אין די אכציגער יאהרען,
און וועלכער האט געקענט א״י בעסער ווי אירגענד וועלכער פארשער פון 19טען
יאהרהונדערט, און האט נאך ביז היינט ניט געפונען קיין גלייכען צו זיך אין גרינד־
ליכער, אלזייטיגער און אינטימער בעקאנטשאפט מיט דער געשיכטע און געאגראפיע
פון „לאנד פון ביבעל“ — דער ענגלענדער קאנדער האט אין רעזולטאט פון
זיינע זעקס־יעהריגע מעסטונגען און פארשונגען אין לאנד געשריבען: „ווען פאלעס־
טינא זאל ווערען דורכאויס קולטיווירט, אפילו לויט׳ן ארט פון די ארטיגע פלאחין,
איז זי אומשטאנד אויסצוהאלטען צעהן מאל אזוי פיעל פון איהר איצטיגער בע־
פעלקערונג.“ די געשיכטע פון דער קולטור און בעוואוינהייט פון לאנד בעשטעטיגען
פאלקאם די דאזיגע אויספיהרונג. ניט נור זיינען פריהער די איצט ליידיגע און אונ־
בעארבייטע לענדערייען געווען קולטיווירט און דער שטח פון קולטור־לאנד איז געווען
פיעל גרעסער, נאר ווי מיר האבען שוין בעמערקט אין די פריהערדיגע קאפיטלעך איז
דער צושטאנד פון דער לאנדווירטשאפט געווען פיעל א העכערער. די ארבייט איז
געווען פיעל מעהר אינטענסיוו, זארגפול און פאלקאמען. די לאנדעס בעפעלקערונג
איז דעריבער געווען פיעלפאך גרעסער.

---

גרויס פון אמא־ליגער בעפעל־קערונג.

די געשיכטע האט ניט איבערגעלאזט קיין מעהר אדער וועניגער פינקטליכע
סטאטיסטיק פון דער בעפעלקערונג אין ארץ ישראל פאר צוויי און דריי טויזענד יאהר
צוריק, אבער עס איז ניטא קיין צווייפעל — צאהלרייכע היסטארישע און ארכעאלא־
גישע דאקומענטען און בעווייזע בעשטעטיגען דאס — אז די אמאליגע איינוואוינער־
שאפט פון לאנג איז געווען צעהנפאך גרעסער פאר דער היינטיגער.
אין אייניגע שטעלען אין דער תורה ווערט אנגעגעבען די צאהל אידען וואס איז

אריינגעקומען אין ארץ ישראל. 1). די צאָהל פון די מענער פון צוואַנציג יאָהר און ווייטער זאָל האָבען דערגרייכט 603.550 וואָס מאַכט אויס א בעפעלקערונג פון איבער צוויי מיליאָן. דאָס איז נאַטירליך ניט קיין אבסאָלוט זיכערע סטאַטיסטיק. עס איז אָבער ניטאָ קיין אורזאַכע צו דענקען, אז די צאָהל פון די אידישע שבטים האָט ווירקליך ניט דערגרייכט אונגעפעהר דיזע הויך. לויט דער ערשטער פאָלקס־צעהלונג וואָס יואב האָט אונטערנומען אין דוד'ס צייטען האָט ישראל געצעהלט 800.00 און יהודה 500.000 קאַמפּפסעהיגע מענער 2), וואָס מאַכט אויס א בעפעלקערונג פון 5־6 מיליאָן. די ציפערען זיינען וואַרשיינליך איבערטריבען, אָבער דער ישוב האָט דאַן אָהן צווייפעל דערגרייכט עטליכע מיליאָן. אין איניגע שטעלען וואָס בעציהען זיך אויף שפּעטערע צייטען ווערען אָנגעגעבען נאָך גרעסערע ציפערען. אזוי, צום ביי־שפּיעל, אין קאַמפּף צווישען אביה מלך יהודה און ירבעם מלך ישראל האָבען, לויט דברי־הימים, אנטייל גענומען פון ביידע זייטען 1.200.000 אידישע סאָלדאַטען 3). אסא מלך יהודה האָט געצעהלט 300.000 סאָלדאַטען פון שבט יהודה און 280.000 פון שבט בנימין 4). יהושפט'ס ארמעע זאָל האָבען דערגרייכט די ריזיגע צאָהל פון 1.160.000 מאַן 5), און אמציה האָט געהאַט 300.000 סאָלדאַטען פון שבט יהודה און 100.000 געדונגענע סאָלדאַטען פון ישראל 6).

ווי איבערטריבען דיזע אַלע ציפערען זאָלען ניט זיין — זיינען זיי ניט אין גאַנ־צען אָהן א גרונד. די אידישע בעפעלקערונג פון יהודה האָט ווירקליך דערגרייכט זעהר א גרויסע צאָהל. אין אן אשור'ישען אויפשריפט פון סנחריב, וואָס איז אין חזקיה'ס צייטען בעפאַלען יהודה 7), ווערט דערצעהלט ווי אזוי דער מעכטיגער אשור'ישער קעניג האָט אטאַקירט און ערָאָבערט זעקס און פערציג בעפעסטיגטע שטעדט פון מלך חזקיה און א גרויסע מענגע פון קליינע שטעדטלעך און האָט פון דאָרט אוועקגע־פיהרט 200.150 מאַן, גרויס און קליין, מענער און פרויען 8). די אויפשריפטען פון סנחריב צייכנען זיך אויס מיט א בעזונדער פּינקטליכקייט און גענויאיגקייט, און עס איז ניטאָ קיין סבה צו צווייפלען אין די ריכטיגקייט פון דער ערצעהלונג וואָס שטימט אויך אין אלגעמיין מיט דער ביבלישער געשיכטע. חזקיה'ס קעניגרייך האָט איינגע־שלאָסען נאָר א טייל פון איצטיגען ירושלים'ער סאַנדזשאַק. אין מערב און אין דרום אין די טיילען וואָס בילדען איצט די קאַדאַס פון באר־שבע, אל־חפיר, עזה און טייל־ווייז אויך יפו, זיינען געזעסען אנדערע פעלקער — פלשתים, אדומים, מואבים און אנדערע וואָס זיינען געווען אונאָבהענגיג פון יהודה, און געבילדעט זעלבסטשטענדיגע קעניגרייכען. סנחריב דערמאָנט עטליכע פון זיי:

יהודה אמאָל און איצט.

מתנת דער מלך פון אשדוד, בדואל מלך פון בית־עמון, כמוש־נדב מלך פון מואב, חירמו מלך פון אדום, צדק מלך פון אשקלון, פדיה מלך פון עקרון — מיט זיי אלעמען

1) שמות ל"ח 36, במדבר א' 46. פערגלייך אויך במדבר כ"ו 51.

2) שמואל ב' כ"ד 9. אין דברי הימים א' כ"א 5 ווערט אָנגעגעבען עטוואָס אנדערע צאָהלען, א גרעסערע פאַר ארץ ישראל און א קלענערע פאַר יהודה.

3) דברי־הימים י"ג 3.

4) דברי־הימים ב' י"ד 7.

5) דברי־הימים י"ז 14־19.

6) דברי־הימים כ"ה 5.

7) מלכים ב' י"ח 13־16.

8) "Records of the Past," vol. I, p. 38.

האט סנחריב געקעמפפט און גענומען א גרויסע צאהל געפאנגענע. טראץ דעם ריזיגען פערלוסט איז יהודה אין סנחריב׳ס צייט ניט חרוב געווארען, א סימן, אז די בעפעלקערונג איז דאן געווען פיעלפאך גרעסער אלס די צאהל פון געפאנגענע און אוועקגעפיהרטע. און צורעכענענדיג אויך די אנדערע פעלקער און פעלקערלאך וואס האבען פערנומען די וועסטליכע און זידליכע טיילען פון דעם וואס איז איצט ירושלים־ער סאנדזשאק קאן מען מיט זיכערהייט אננעהמען, אז די דארטיגע בעפעלקערונג האט דאמאלס דערגרייכט איינינע מיליאן, אין דער צייט וואס איצט צעהלט דער ירושלים־ער סאנדזשאק אונגעפעהר 400.000 אייגוואוינער. און צורעכענענדיג די בעדואינער — ארום 460.000. דאמאלס האט זיך די בעפעלקערונג פערנומען אויסשליסליך מיט לאנדווירטשאפט און פיהצוכט, אין דער צייט וואס איצט לעבט כמעט א העלפט פון דער בעפעלקערונג פון יהודה אין די שטעדט.

אמאליגע פרוכטבארקייט.

מיר זעהען אלזא, אז דער באדען פון יהודה, וואס איז דער אמווייניגסטען פרוכטבארער טייל פון מערב א״י האט דאמאלס, מיט בערך 2750 יאהר צוריק, ערנערט א בעפעלקערונג וואס איז אמווייניגסטען געווען צעהן מאהל אזוי גרויס ווי די איצטיגע בעפעלקערונג. ווי מיר האבען געזעהען פון האלב־אפיציעלע אנגאבען ווערט אין ירושלים׳ער סאנדזשאק איצט בענוצט נור 5.28 פראצענט פון באדען, לויט א מעהר פינקטליכער אבשאצונג ווערען אונגעפעהר 7 פראצענט בענוצט לאנדווירטשאפטליך. די שיטערקייט פון דער בעפעלקערונג און דער קליינער פראצענט פון בעווירטשאפטען באדען זיינען אהן צווייפעל ענג פערבונדען צווישען זיך.

נגב.

ניט אלע באדענס פון יהודה וואס זיינען יעצט פערלאזען זיינען געווען אין אלטע צייטען קולטיווירט. אויך דעמאלס זיינען מאנכע טיילען פון יהודה געווען וויסט. דער נגב האט הויפטזעכליך גדיענט אלס פאשעלאנד, און גרויסע שטחים אין דיזען „טרוקען־לאנד“ זיינען געווען פערוויסטעט. אבער אפילו אין דיזען אונפרוכטבארסטען טייל פון א״י. וואס איז איצט א טרויעריגע וויסטעניש וואו קוים א טויזענד איינגעזעסענע און א צוויי טויזענד וואנדערער בעארבייטען צוביסלעך און אויף א זארגלאזען אופן. דעם באדען געפינט מען אין פיעלע ערטער סימנים פון פריהערדיגער אינטענסיווער לאנדווירטשאפט און גדיכטער בעפעלקערונג (זעה זייט 243).

מדבר יהודה און עין־גדי.

א צווייטע שטיק לאנד וואס איז געווען אויך פריהער, וויסט איז — דער ביבלישער מדבר יהודה אדער ישימון, דאס וויסטע שטיק לאנד פון מערב זייט ים־המלח וואס איז דורך דער הויכער בערגקייט פון וואסערשייד אבגעשניטען פון די מערב־ווינטען וואס בלאזען פון ים התיכון.

אויך אין דיזער שטייניגער וויסטע וואס ציהט זיך אין א לענג פון בערך 40 מייל אנפאנגענדיג פון דער צפון זייט פון יריחו, ביז מסדה אויף׳ן ברעג פון ים־המלח — און א מאקסימום ברייט פון 12 מייל, איז פארהאן א וואונדער־שעהנער און וואסעררייכער פרוכטבארער פלאץ, וואס האט זיך אין די צייטען פון בית ראשון און בית שני גריהמט מיט זיינע ווייגערטנער און גרויסארטיגע פלאנצונגען פון באלזאם (9) — דער אאזיס עין־גדי. נאך איצט צייכענט זיך עין־גדי אויס מיט איהרע פרוכטען וואס די ארטיגע האלב־בעדואינער פון שבט תעמרה פראדוצירען דא. אבער דער קול־

9) שיר השירים א׳ 14, קדמוניות 9, 2,1.

טיווירטער שטח פון איצט איז אפילו ניט קיין צעהנטעל פון דעם וואס איז אמאל געווען. טעראסען וואס זיינען פאר צוויי און דריי טויזענד יאהר אנגעלעגט געווארען אויף די אבהענג פון די בערג וואס לאזען זיך אראב צום ים המלח — זיינען נאך עד היום קענטיג, און צייגען אויף דעם שטח לאנד, וואס איז דאמאלס זארגפעלטיג בע־ארבייט געווארען. אויסער די קוואלען פון עין־גדי האבען די אמאליגע אידען בע־נוצט אויך די וואסער פון א גרויסען וואדי אין דרום וואס ווערט איצט אין גאנצען פערנאכלעסיגט. און די גרעסטע טייל פון די פריהערדיגע גערטנער טיילען איצט דעם וויסטען שיקזאל פון מדבר יהודה.

מיט דער אויסנאהם אבער פון דעם נגב און מדבר יהודה איז דאס גאנצע איבריגע לאנד פון יהודה געווען איבעראל בעזעסען און קולטיווירט.

איבער דער מדבר הויבען זיך אויף די בערג פון יהודה וואס ווערט אין תנ״ך בעצייכענט אפט אלס „די בערג״ סתם. דער זידליכער טייל פון די בערג, וואס רופען זיך איצט „ג׳בל חליל״ — חברונ׳ער בערג — זיינען פארצייטענס געווען בעריהמט מיט זייערע וויין־גערטנער (10). דער וויינשטאק בליהט דא אויף א הויך פון 4000 פוס איבער׳ן ים שפיגעל. ווי מיר האבען געזעהן איז חברון נאך איצט א וויכטיגער צענטער פון טרויבען־קולטור, אבער די אונצעהליגע שטיינערנע טורעמס און וויינקע־לערס אויסגעהאקט אין די פעלזען, וואס זיינען פערבליבען פון אמאל אין די ערטער וואס ווערען איצט ניט בעארבייט — צייגען אז די וויין־קולטור האט זיך דא שטארק פערקלענערט. הרי־יהודה.

אין דיזען בארג־געביעט בעגעגענט מען אויך אין תנ״ך פיעלע נעמען פון וועל־דער (11). ארקולף אין יאהר 700 דערצעהלט נאך פון א סאסנע־וואלד צווישען חברון און ירושלים פון וועלכען עס איז איצט פערבליבען ניט מעהר ווי איינער אדער צוויי בוימער.

די מעהר נארדליכע טייל, וואס רופט זיך איצט „ג׳בל קודס״ — ירושלים׳ער בערג — האט זיך אויך אין אלטע צייטען ניט שטארק געריהמט מיט איהר פרוכט־ראַרקייט. לויט דעם תלמוד האט דא די תבואה געבראכט א פינף פאכיגען ערטראג (12), אבער איניגע ערטער זיינען געווען זעהר רייך. מכמש און זנוח האבען געהאט די בעסטע ווייץ אין לאנד און דעסטגלייכען אויך עפרין, וואס איז נעהנטער צו שומרון (13). דער לעצטער ארט איז געווען אזוי רייך מיט תבואה, אז מ׳פלעגט זאגען „ברענגען שטרוי אין עפרין״ („תבן אתה מכנים לעפרין״) (14) — פונקט ווי מ׳זאגט אין פראנצויזיש: „טראגען וואסער צום טייך״.

דיזע בערג זיינען געווען דאס הארץ פון יהודה, דא זיינען געזעסען די מעהרסטע איינוואוינער פון דער זידליכער אידישער מלוכה. די איצט נאקעטע און לעבענסלאַ־זע יהודה׳ר בערג האבען דאמאלס ערנערט א מיליאניגע בעפעלקערונג.

סיי פון די צייכענס אין די בערג סיי פון די היסטארישע שריפטען זעהען מיר ווי אזוי די טעראסען־קולטור איז דא געווען אויסערגעוועהנליך ענט־וויקעלט. די פעראומערטע הרי־יהודה וואס זיינען איצט אין א גרויסער מאס ענט־

---

10) במדבר י״ג 23.

11) „יער חרת״ — שמואל א׳ כ״ב 5, „חרשה״ — שמואל א׳ כ״ג 15, „כרמל״ — שמואל א׳ כ״ה 2

12) כתובות קי״ב.

13) משנה מנחות 8, 1.

14) מנחות פ״ה.

בלויזט פון זייער פרוכט־באָדען זיינען דאָן געווען גרין און בעדעקט מיט וועלדער, גערטנער און פעלדער.

פּאַרצייטיגע טעראַסען־קולטור און בעוואַסערונגס סיסטעם.

די גיגאַנטישע נאַטירליכע טרעפּ אין די בערג זיינען דאָן דורך פליס און ארבייט טיילווייז אויסגעגליכען געוואָרען, טיילווייז ארומגעמויערט געוואָרען און אין שעהנע קולטור־טעראַסען פערוואַנדעלט געוואָרען. צוזאַמען מיט'ן טעראַסענבוי איז זעהר ברייט פּראַקטיצירט געוואָרען די אנלאַגע פון קינסטליכע בעוועסערונגס מיטלען. די האַרטקייט פון די פעלזבענק אין די קאַלכבערג בעגינסטיגט זעהר דעם אויסבוי פון ציסטערנעס, באַסיינען, רעזערוואוארען, וואו די רעגען־וואַסער איז גזאַמעלט גע־וואָרען צו דערגענצען די קוואַל־וואַסער און דערמיט צו ערמעגליכען אלס א ברייטערע בעוואַסערונג פון די בערג אבהענג. מיט דער הילף פון די טעראַסען און בעוואַסערונגס־אנלאַגען האָבען די אידען געקענט אויסנוצען יעדען שטיקעל באָדען און יעדען טראָפּען וואַסער פון זייער בערגיג לאַנד. אויף די טעראַסען האָט מען געזייט תבואה, גרינסען און איבערהויפּט געפלאַנצט וויינגערטנער (15). דורך די טעראַסען האָבען זיי אלע מאָל געוואונען נייעם קולטור־באָדען און האָבען צו גלייכער צייט פערהיט, אז די דינע פרוכטבאַרע ערדשיכט וואס בעדעקט די בערג זאָל ניט ווערען אבגעוואַשט פון רעגען. אויך די קינסטליכע בעוואַסערונג סיסטעם איז אזוי געווען פערפאַלקאָמט, אז די וואַסער וואס האָט אראָבגערונען פון די בעוואַסערטע פעלדער אין דער הויך איז וויי־טער געזאַמעלט געוואָרען אין נידריגערע רעזערוואוארען, אויף'ן רוקען בארג, און האָט נאָך אמאָל געדיענט צו בעוואַסערען אנדערע פעלדער (16). מאנכע פון דיזע וואַ־סער איינריכטונגען אין די בערג פון יהודה זיינען נאָך פערבליבען ביז היינט — נעבען ירושלים, בית לחם און חברון (זעה בילד 17, זייט 145 און בילד 43, זייט 273). אזעלכע בעוואַסערטע פעלדער וואס האָבען זיך גערופען „בית־השלחין" ווערען בע־ארבייט דורכאויס, גאַנצע צוועלף חדשים אין יאָהר און ברענגען אריין יעהרליך צוויי ערנטעם 17).

די שפלה.

די שפלה, די נידריגע בערגלעך וואס לאָזען זיך אראָב פון די הרי יהודה אין מזרח צו דעם פלאַך־לאַנד ביים ברעג ים און מערב, וואס האָט א לאַנגע צייט גע־דיענט אלס אביעקט פון קריגערייען צווישען די אידען פון די בערג און די פלשתים פון טאָל, איז פון די רייכסטע געגענדען אין לאַנד און איז אין די אלטע צייטען געווען זעהר רייך מיט אליוון, סיקאמארען און תבואה פעלדער (18). די סיקאמאר וואס איז געווען דער כאַראַקטעריסטישער בוים פון דער שפלה געפינט זיך דאָ אין א סך ערטער, אָבער בלויז פּעראייגצעלט. די טערעבינטען (העברעאישע אלה) פון עמק אלה זיינען נאָך איצט אויך די בעסטע אין א"י; די גרויסע מענגע חורבות וואס געפינען זיך דאָ בעשטעטיגען די ביבלישע ערצעהלונג וועגען די צאָהלרייכע שטעדט וואס זיינען דאָ געשטאַנען (19).

פלשת.

דאס פלאַך לאַנד צו מערב צו, דער טאָל פון פלשת איז דאס פרוכטבאַרסטע לאַנד אין מערב א"י. הגם דאָ זיינען קיין קוואַלען ניטאָ, און וואַסער ווערט בעצויגען

15) תוספתא פאה 1, 9, תוספתא כלאים 3, 7-8, ירושלמי 3, 17, משנה כלאים 6, 2.
16) בבלי מועד קטן ד'.
17) תוספתא תרומות 2, 6, משנה בבא בתרא 2, ".
18) דברי־הימים א' כ"ז, 28.
19) יהושע ט"ו 33—36, דברי־הימים ב' כ"ח 8.

פון ברונעמס, איצט אזוי גוט ווי אמאל. די וואסער איז אבער נאהענט צו דער אויבערפלעכע און איז זעהר רייכליך. כמעט דיזער גאנצער געגענד קאן זעהר לייכט בעוואסערט ווערען — ווי די אראנזש־גערטנער פון יפו און די ארומיגע אידישע קא־לאניעס. דער גרויסער שונא פון קולטור אין דעם געגענד זיינען די זאמדען פון די דיונעס וואס רוקען זיך אונגעשטערט אלץ טיעפער אריין אין לאנד. צו דרום זייט פון יפו האבען די זאמדען שוין פערכאפט א ברייט פון פיער מייל, און די אמאל בע־רימהטע גערטנער פון אשקלון ווערען ביסלעכווייז פערשאטען.

עמק השרון. נאך גרעסערע דעגראדירענדע ענדערונגען זיינען פארגעקומען אין עמק השרון — די שטרעקע צווישען יפו און חיפה. די אלטע וואסער־לייטונג סיסטעם, וועמעס רעשטען זיינען נאך פערבליבען אין פיעל ערטער, ווי אין אנטיפטרוס נעבען פתח־תקוה, אין עתלית, א ז. וו. איז געגצליך צושטערט געווארען, און די דורכגענג וואס זיינען אויסגעהאקט געווארען אין די פעלזען ביים ברעג־ים, אבצוציהען די וואסער פון די געגענדען וואס זיינען צו רייך אין גרונד־וואסער — זיינען פערשטעלט געווא־רען, און אין פיעלע ערטער האבען זיך געבילדעט שרעקליכע זומפען וואס פערפעסטען די רייכסטע לענדערייען פון שרון עבענע. פון די וועלדער פון השרון, וואס האבען נאך עקזיסטירט אין מיטעלאלטער זיינער פערבליבען נור איינצעלנע בוימער דא און דארט. אויך דא שפארט אין פיעלע ערטער די זאמד פון די דיונעס אריין אין לאנד. קסריה וואס איז פאר'ן חורבן בית שני און ספעציעל דערנאך געווען א גרויסע און א רייכע פארט שטאדט מיט גערטנער ארום איז איצט אין מזרח זייט פערשאטען מיט זאמדען אויך א מהלך פון קנאפע פיער מייל.

אט די אלע לענדערייען וואס פוסטעווען איצט אלס רעזולטאט פון טויזענד־יעהריגער אבגעלאזענקייט און פערנאכלעסיגונג, סיי אין די פרוכטבארע טאלען, סיי אין די שטייניגע געבירג — זיינען פריהער, ווי מיר האבען געזעהען, פלייסיג און אינטענסיוו בעארבייט געווארען, און עס איז דעריבער גאנץ נאטירליך ווארום די פארצייטיגע בעפעלקערונג פון יהודה איז געווען פיעלפאך גרעסער פאר דער היינטיגער בעפעלקערונג פון ירושלים'ער סאנדזשאק. מ'קאן אננעהמען, אז א גאנצע העלפט פון איצטיגען ירושלים'ער סאנדזשאק וועמעס שטח איז 18.900 קוואדראט קילאמעטער איז געווען קולטיווירט, וואס מאכט אוים אן ערך פון איבער 9.000.000 דונאם קולטיווירט לאנד, אין דער צייט וואס איצט ווערט אין ירושלים'ער סאנדזשאק ניט מעהר בעארבייט אלס 1½ מיליאן דונאם. יוסף בן מתתיה (פלאוויוס) ציטירט א גריכישען שרייבער העקטאטעאוס (20), א צייטגענאסע פון אלכסנדר מוקדון, וואס בעשרייבט די גרויסע אידישע בעפעלקערהייט פון יהודה און בעריכטעט, אז דאס לאנד וואס די אידען בעוואוינען פערנעמט דריי מיליאן מצרישע אקר, וואס איז בערך 8.200 קוואדראט קילאמעטער אדער ארום 9.000.000 דונאם. די ציפערען בעציהען זיך בלויז אויף יהודה.

יוסף אליין בעשרייבט יהודה פון זיין צייט אלס א לאנד וואס האט פייכטקייט גענוג פאר לאנדווירטשאפט און איז זעהר פרוכטבאר און פול מיט בוימער און פרוכט. א דאנק די פיינע גראז ברענגען די דארטיגע בהמות מעהר מילך ווי אין אנדערע ערטער, און „וואס איז דער גרעסטער צייכען פון רייכטום און שפע איז די הויכע צאהל פון איינוואוינער" (21).

(20) נגענו אפיאו, 1, 22.
(21) מלחמות 3, 3, 4.

שומרון.

פון ש ו מ ר ו ן ווערט אין דער אידישער אלטער ליטעראטור זעהר ווייניג דערצעהלט, בעזונדערס איז דער תלמוד אָרעם מיט אויסקינפטע וועגען דעם צענט־ראל לאנד פון ארץ ישראל. דאָס שטאמט פון דער שנאה וואָס האָט געהערשט צווישען די אידען און די שומרונים. אָבער נאָך איצט איז שומרון דער רייכסטער געגענד פון לאנד. שכם גופא, די הויפּטשטאדט פון שומרון, איז רייך מיט קוואלען און גערט־נער (זעה זייטע 280) און די שומרונער דערפער זיינען גוט געבויט און פערמאָגען פיעל בוימער. אין צפון זייט, צום עמק יזרעאל זיינען די דערפער זעהר גרויס און די פלאחין זיינען פערהעלטניסמעסיג, אין פערגלייך מיט אנדערע געגענדען, פער־מעגליך. זעהר פערשפּרייט זיינען דאָ אליווען־פלאנצונגען, און אויך תבואות וואקסען זעהר גוט אין „וואדי שעיר" („דער טאָל פון גערשט"). אָבער ווי קאָנדער דענקט, איז די באָדען־קולטור אין דער פערגאנגענהייט געווען פיעל רייכער, ווי מ'קאָן זעהען פון די אלטע טעראסען וואס זיינען אויסגעהאקט אין ווייכען קאלך.

דער געבענש־טער גליל.

פון אלע לאנד טיילען איז ג ל י ל געווען דער בעזענסטער און קולטיוויר־סטער. דאָס איז געווען דער גאָרטען פון לאנד. דער תנ"ך און דער תלמוד, יוסף פלאוויוס און רוימישע געאגראפען און היסטאָריקער שטימען אין דעם איין. דער ים כנרת און זיינע וואונדערשעהנע און אונגעהויער פרוכטבארע אומגעבונג איז געווען דער ברען־פונקט פון ארץ ישראל.

ארום דעם ים כנרת.

די ברעגעס ארום דעם ים זיינען געווען פערפלאנצט מיט אלערליי פרוכטבוימער, און אין דעם אונענדליכען גרינעם גאָרטען האָבען געבליהט רייכע שטעדט און דערפער אזוי נאָהענט איינע צו די צווייטע אז די גאנצע געגענד האָט אויסגעזעהן ווי א ריעזיגע צעוואָרפענע שטאָדט דורכאויס איינגעטונקען אין גרינע בוימער. קיין איין שטיקעל באָדען איז ניט געבליבען ליידיג. „ווייל די ערד דאָ איז אזוי רייך אומעטום און פרוכטבאר און פול מיט פלאנטאציעס פון אלערליי בוימער, אז ס'בעוועגט אפילו דעם סאמע פוילסטען צו בעמיהען זיך און קולטיווירען דאס לאנד, אזוי רייכליך איז פרוכ־טען איז עס, און דעריבער איז גליל דורכאויס קולטיווירט ביי די איינוואוינער און קיין איין טייל דערפון איז ניט פערנאכלעסיגט. נאָך מעהר, די שטעדט זיינען דאָ זעהר געדיכט, און די פיעלע דערפער וואס זיינען דאָ פאַרהאַן זיינען פול מיט מענשען, א דאנק דעם רייכטום פון באָדען, אז די קלענסטע פון זיי ענטהאלט איבער 15.000 איינוואוינער" (22).

אויך אין תלמוד ווערט מיטגעטיילט, אז דער ים פון כנרת איז ארומגערינגעלט מיט שטעדט און שטעדטלעך און דערפער (23). פליניוס דערצעהלט דאס זעלבע אז דער ים כנרת „איז ארומגעגארטעלט מיט גרויסארטיגע שטעדט" (24).

עמק גינוסר.

מיט אויסערגעוועהנליכען רייכטום האָט זיך בעזונדערס אויסגעצייכענט דער עמק גינוסר, פון צפון זייט פון טבריה. די בעגייסטערטע שילדערונג פון יוסף פלאַ־וויוס מיט די לויבען פון תלמוד שטימען ביידע אין דעם פונקט. די פרוכט פון גינוסר האָט מען אין יום טוב ניט געבראכט אין ירושלם, כדי די עולי רגל זאָלען ניט זאגען, אז צוליעב די פירות אליין איז שוין כדאי געווען צו קומען נאָך ירושלם, וועט די עליה זיין שלא לשמה (25). „די נאטור פון דעם געגענד איז אזוי וואונדערבאר פונקט ווי

22) מלחמות 3, 3, 2.

23) „ימה של טבריא הואיל ויש לה אוננים ועירות וקרפיפים מקיפות אותה" (עירובין פ"ז).

24) „נאטור געשיכטע" 5, 15.

25) פסחים ח'. זעה אויך ברכות מ"ד.

זיין לאנדשאפט. דער באָדען איז אזוי געבענשט אז אלערליי בוימער געראטען דא, און די איינוואוינער האָבען די פערשיעדענסטע סארטען איינגעפלאנצט און אלע וואקסען אונטער דעם הערליכען קלימאט, וואס איז אזוי געמישט, אז ער פאסט זיך פאר יעדען סאָרט. נוס־בוימער וואס ליעבען קעלט בליהען אין גרויס שפע נעבען פאלמען וואס פיהלען זיך גוט אין הייסען קלימאט. אויך פייגען און איילבוימער וואס פער־לאנגען א מעסיגען קלימאט פעהלען דאָ ניט. מען קאָן דאס אָרט אָנרופען די אמביציאָן פון דער נאטור. ווי אין א וועט שטרייט זוכט די נאטור דאָרט צו פער־אייניגען די געגענזעצען אין איין פונקט. עס איז א גליקליכער שטרייט פון די יאָה־רעם צייטען וואס שיינען צו בעקעמפפען איינע די צווייטע פאר דעם בעזיץ פון דער עבענע. און אזוי ליפערט זי די קעניגליכע פרוכטען, טרויבען און פייגען צעהן חדשים נאָכאנאנד אָהן אונטערברעכונג, ווערענד אלע אנדערע סאָרטען ווערען רייף אין דער רייהע נאָך אין פערלויף פון א גאנץ יאָהר" (26).

פעלדער פון דריי ערנטעס א יאָהר.

אין דעם צפונית־מזרחית'דיגען עק פון ים כנרת פערשפרייט זיך א קליינע עבענע מיט'ן נאָמען אל־בטיחא וואס איז 7־5 קילאמעטער אין דער לענג און 2½ קיל. אין דער ברייט. צאהלרייכע שטארקע קוועלען ענטשפרונגען אין ראנד און לאָזען אָבפליסען זייער וואסער דורך איהר פלעבע אין ים כנרת אריין. דער באָדען ווערט דאָ בעארבייט דורך האלב־בעדואינער אויף זעהר א פרימיטיווען און פערנאכ־לעסיגען אופן, דאָך ליפערט די עבענע ד ר י י ע ר נ ט ע ס א י א ה ר. ווען די ווינטער תבואה ווערט אין מאי און יוני געשניטען ווערט דאס פעלד געאקערט, בעוואסערט און פערזייעט מיט וועלשקארן. ווי נאָר דאס ווערט אראבגענומען — ווערט דערויף פערפלאנצט גרינסען און וואסער מעלאָנען, און אלע דריי ערנטעס פאלען אויס זעהר רייכליך. און דורך א בעסערע בעהאנדלונג וואלט די ערטראַגס־פעהיגקייט פון באָדען נאָך פיעל מעהר פערגרעסערט געווארען. די קליינע עבענע דערמאנט דאס בילד וואס יוסף פלאוויוס האָט אזוי בעגייסטערט געשילדערט פון עמק גינוסר — אָבער דער טאָל וואס ער האָט בעזונגען ליגט איצט פערלאָזען און אונבעבויט. פון די פערשיעדענארטיגע און צאהלרייכע בוימער איז קיין זכר ניט געבליבען.

ניט בלויז די נאכבארשאפט פון ים כנרת, נאָר אלע טיילען פון גליל, דער אונ־טערשטער און דער אויבערשטער, פון עמק יזרעאל און כרמל ביז די בערג פון לבנון האָבען זיך דאמאָלס אויסגעצייכענט מיט זייער הויכער קולטור. דער נאָמען אליין פון יזרעאל צייגט שוין אויף זיין כאראקטער — „גאָט זייעט". דער באָדען איז מייסטענס ברוינע אָבגעשטאנענע לאווא. נאָך פעטער און רייכער איז דער שווארצער וואולקא־נישער באָדען פון דער הויכעבענע מזרח זייט פון תבור. אויף דעם געגענד ווערט דערצעהלט אין תלמוד אז זעכצעהן אויף זעכצעהן מייל ארום צפורי פליסט די ערד מיט מילך און האָניג (27). אין דעם געביעט געפינט זיך אויך בית־שאָן, אויף וועל־כען עס איז געזאָגט געווארען. „אויב דער גן־עדן איז אין ארץ־ישראל — איז בית־שאן זיין טהיר" (28). און רבי מאיר דערצעהלט, אז ער האָט געזעהן א פעלד אין בית־שאן וואס האָט פון איין סאה געבראכט זיבעציג כור (א כור איז 30 סאה) (29).

צפורי און בית־שאן.

---

26) מלחמות 3, 10, 8.

27) „אמר ריש לקיש: לדידי חזי לי זבת חלב ודבש דצפורי והויא ששה עשר מיל על ששה עשר מיל„ (כתובות קי"א, מגילה ו').

28) עירובין י"ט.

29) כתובות קי"ב.

גליל, בעזונדערס גליל העליון, האט זיך מעהר פאר אלץ אויסגעצייכענט מיט די גרויסע אליוועז־פלאנטאציעס און אויל־פראדוקציאָן (30). סיי די פעניקיער, סיי די סוריער האבען געצויגען אויל פון גליל, און דער אויל האנדעל איז געווען דער קוואל פון וואוילשטאנד און רייכטום פאר די גליליים. שוין אין דער תורה ווערט אשר, וועמעס נחלה ליגט אין גליל, געבענשט דערמיט וואס ער וואשט זיינע פיס אין אויל, און אין תלמוד איז פאראן א שפּריכווארט, אז „עס איז לייכטער צו ער־ציהען א לגיון פון אליוועז אין גליל איידער א קינד אין א״י (31). „אין לאנד פון אשר ציהט זיך די אויל ווי פון א קוואל" (32). אהער זיינען געקומען סוחרים פון צור און סוריה איינקויפען בוימאויל. די גרעסטע אליווענפלאנטאציעס האט דאמאלס פער־מאגט גוש־חלב, אין גליל העליון (33). אין דער פערטיידיגונג פון יודפת האבען די אידען בעגעגענט די אנגרייפענדע רוימער מיט קאכענדיגע אויל וואס זיי האבען אראבגעגאסען פון די מויערען פון שטאדט (34). אזוי רייך אין אויל זיינען די גליל'ער געווען. א חוץ דעם זיינען געווען בעריהמט די גראנאטען פון שקמונה (איצט חיפה), האניג פון ציפּיא (פיליכט די איצטיגע צפת), וויין פון כפר סיגנא, ווייץ פון דארף כרזים (35).

רייכטום פון אליוועז.

זיין הויכע שטופע פון ענטוויקלונג האט דער גליל דערגרייכט א דאנק צוויי פאקטארען — די פלייסיגקייט פון די איינוואוינער און דער נאטור פון לאנד. די ביבלישע כאראקטעריסטיק פון ארץ ישראל אלס „א לאנד פון טייכען, קוואלען און גרונד וואסער וואס שטראמט ארויס אין טאל און בארג" (36) איז אם מעהרסטען צוגעפאסט צום גליל. דער וואולקאנישער באדען פון דיזער פראווינץ מיט אויסער־געוועהנליכעם רייכטום פון אונטערערדישע און אויבענאויפיגע וואסערען, קוואלען, טייכען און אזערעס איז דורך דער ענערגישער און ארבייטס־לוסטיגער אידישער פויערטום פון גליל פערוואנדעלט געווארען אין „א גארטען אהן אן ענד", וואו עס האבען געבליהט וויינגערטנער און אליוועז, פייגען און גראנאטען, מאנדלען און ניס, ציטראנען און פאלמען, סיקאמארען און מוילבערים, פערשיעדענסטע תבואות און אונצעהליגע בלומען, אלערליי וואלד בוימער און אראמאטישע פלאנצונגען.

ביי אזא רייכער, אינטענסיווער לאנדווירטשאפט האבען זיך אויך ענטוויקעלט קלענערע און גרעסערע שטעדט פון סוחרים און בעלי מלאכה. בלויז ארום דעם ים כנרת זיינען געשטאנען ניין־צעהן גרויסע שטעדט, פון וועלכע נור איינע — טבריא — איז פערבליבען ביז היינט. פון אייניגע — ווי די גרויסע שיף־בויער שטאדט טאריכעא, די בעפעסטיגטע גמלא, אנקעגען וועלכע אספסינוס האט געמוזט ב־ענגען דריי רוימישע לעגיאנען, די אסטליכע בית־צידה וואס הורדוס האט פערוואנדעלט אין א בליהענדע שטאדט מיט'ן נאמען יוליאס, לכבוד אויגוסטוס קייזערס טאכטער — איז מעהר קיין זכר ניטא. אייניגע אנדערע ווי מגדלא, כפר נחום זיינען איצט נור ארעמע, מיזעראבעלע דערפלעך. פון די גרויסע שטעדט אין אנדערע טיילען פון גליל

אמאליגע שטעדט.

30) מלחמות 2, 21, 2.
31) ספרי דברים. זעה אויך בבא קמא קי"ט
32) מנחות פ"ה.
33) מלחמות 4, 2, 1; בבלי מנחות פ"ה.
34) מלחמות 3, 7, 28.
35) דמאי 1, 1, סוטה מ"ח, מנחות 8, 6, מנחות פ"ה.
36) דברים ח' 7.

זיינען בעקאנט צפורי, א לאנגע צייט די הויפט שטאדט פון גליל, בית־שאן (סקיטא־פאליס), די גרעסטע שטאדט פון דעקאפאליס, זבולון, קנא, גברה, יודפת, יפיע (יאפא), קדש, גוש־חלב, גבתא און אנדערע. זבולון איז געווען פון די גרעסטע שטעדט אין צפון און „איהרע הייזער זיינען געווען געבויט ווי צור און צידון (37)". ווי סטראבא טיילט מיט זיינען די הייזער אין צור געווען פון עטליכע עטאזשען, העכער אפילו ווי די הייזער פון רוים.

גליל'ס איינוואוינער לויט יוסף פלאוויוס.

מאנכע פון די שטעדט, ווי טבריא, טאריכעא, בית שאן, האבען געהאט צו 40.000 אײנוואוינער. יוסף פלאוויוס דערצעהלט, אז גליל האט פערמאגט 240 שטעדט און דערפער (38), און לויט זיין א מיטטיילונג אין אן אנדער ארט (39), האט יעדעס געהאט נים ווייניגער אלס 15.000 איינוואוינער, וואס מאכט אויס א בעפעלקערונג פון אם וויינגסטען דריי מיט א האלבען מיליאן. דיזע בעהויפטונג פון אידישען היסטאריקער ווערט בעטראכטעט אלס א געוואלדיגע גוזמא. עס איז ווירקליך אונגלויבליך אז די דערפער, ווי גרויס זיי זאלען נים האבען געווען, זאלען ענטהאלטען אזא גרויסע איינוואוינערשאפט. דאס גרעסטע דארף אין א"י איצט האט אפילו נים קיין העלפט דערפון וואס יוסף שרייבט צו דעם קלענסטען דארף אין זיין צייט. אויך די אלגעמיינע צאהל, איבער דריי מיט א האלבען מיליאן שיינט צו זיין זעהר גרויס ווען מען נעמט אין אכט דעם קליינעם שטח פון גליל. דער אלטער גליל ענטשפרעכט בערך דאס וואס איז איצט עכו'ר סאנדזשאק צוזאמען מיט די קאזא פון מרג' עיון און א טייל פון צור אין צפונית־מערבית און ג'נין אין דרומית מזרחית. דאס איז בערך א שטח פון 4000 קוואדראט קילאמעטער.

אננעמענדיג דעם אלגעמיינעם סך־הכל פון יוסף'ן קומט אויס, אז אויף יעדען קוואדראט קילאמעטער זיינען געזעסען ארום טויזענד נפשות. איצט געפינט זיך אין עכו'ר סאנדזשאק אויף יעדען קוואדראט קילאמעטער 45 נפשות, ד. ה. קוים פינף פראצענט פון דאמאלדיגען ישוב. די מייסטע פארשער בעטראכטען דעריבער יוסף'ס ציפערען אלס אונמעגליכע.

בעוויזען פאר אזא גרויסען ישוב.

ווי קריטיש אבער מ'זאל זיך נים בעציהען צו דער מיטטיילונג פון אידישען היסטאריקער מוז מען דאך אננעהמען אז די געדיכטקייט פון גליל'ער ישוב אין יענער צייט איז ווירקליך געווען אויסערגעוועהנליך גרויס. ד"ר. סעלאה מעריל אין זיין „גליל אין דער צייט פון ישו" ברענגט א גאנצע רייהע פון זעהר בעגרינדעטע און איבערצייגענדע ארגומענטען צו דערווייזען אז יוסף פלאוויוס'עס ציפערען זיינען נים גאר פאנטאסטיש.

יוסף פלאוויוס איז געווען דער קאמאנדיר פון די אידישע ארמעען אין גליל און האט גרינדליך געקענט די פראווינץ וואס ער האט פערוואלטעט. די בעהויפטונג וועגען דער צאהל איינוואוינער האט ער געמאכט אין א בריעף צו זיינע געגנער וואס זיינען געשיקט געווארען פון סנהדרין אין ירושלם איהם ארונטערצוזעצען, און וואס זיינען פונקט ווי יוסף אליין געווען גוט בעקאנט מיט דעם געגענד, און יוסף וואלט נים געשריבען גאר קיין ליגען וואס מ'קען גלייך אויפדעקען.

די ארמעע וואס יוסף האט צוזאמענגעשטעלט אין גליל איז בעשטאנען פון

37) מלחמות 2, 18, 9.
38) אויטאביאגראפיע 45.
39) מלחמות 3, 3, 2.

גרויסע ארמעע.

הונדערט טויזענד יונגע מענער, אויסער די גארניזאנען וואס זיינען געשטאנען אין די פערשיעדענע בעפעסטיגטע שטעדט. יוסף אליין האט בעפעסטיגט נייצעהן אזעלכע פלעצער. אז גליל איז שוין פון פריהערדיגע צייטען געווען זעהר געדיכט בעוואוינט קאן מען זעהן דערפון וואס נאך אין די צייטען פון די שבטים האט גליל געצעהלט 69 שטעדט, „מיט טעכטער", און פיעלע פון זיי זיינען געווען בעפעסטיגטע שטעדט (40). און לויט א צענזוס פון יענער צייט האבען די פיער שבטים — זבולון, יששכר, אשר און נפתלי—וואס האבען זיך דא בעזעצט, געצעהלט 206.700 קאמפפס־פעהיגע מענער (41).

געוואלדיגע פערלוסטען אין קריעג.

ווי גרויס דער ישוב אין גליל איז געווען איז אויך צו זעהן פון דער צאהל גע־פאלענע אין דער מלחמה מיט די רוימער. ניט פון אלע שלאכטען זיינען די רעזול־טאטען פערצייכענט געווארען, נור בלויז די פערלוסטען פון גליל'ער מלחמות וואס זיינען פערשריבען געווארען מאכען אויס איבער 155.000 געפאלענע און געפאנגענע. ווי גרויס איז געווען די צאהל גע'הרג'עטע אין די מלחמות וואס זיינען ניט פערציי־כענט און די טויזענדער וואס זיינען אומגעקומען פון הונגער און קרענק אין דעם שרעקליכען קריעג איז אונבעוואוסט — זייער צאהל האט אבער זיכער דערגרייכט אין די צעהנדליג טויזענדער. טראץ דעם האט גליל נאך אין פערלויף פון הונדערטער יאהרען געדיענט אלס אידישער צענטר און גרויסע אידישע מאסען זיינען נאך אלץ געזעסען אויפ'ן לאנד אין גליל ביז דער אראבישער עראבערונג.

די ריעזיגע קאנטריבוציעס און די געוואלדיגע פערלוסטען האבען ניט רואי־נירט דעם גליל ווירטשאפטליך — אזוי צאהלרייך און איינגעפונדעוועט איז דאמאלס געווען דער גליל'ער ישוב. נאך דעם שרעקליכען קאמפף פון די יאהרען 66—70, אין וועלכען אזוי פיעל זיינען אומגעקומען און פערקויפט געווארען אלס שקלאפען — זיינען דאך אלץ די אידען געווען פעהיג, ניט שפעטער ווי אין 65 יאהר ארום, ארויסצושטעלען אן ארמעע פון צוויי הונדערט טויזענד מאן אונטער דער פאהן פון בר־כוכבא אין א נייעם קאמפף געגען רוים. דער בעסטער רוימישער גענעראל יוליוס סעווערוס, האט געמוזט ארויסגעשיקט ווערען געגען די פרייהייטס־קעמפפער, און ווי דער רוימישער גענעראל האט מיטגעטיילט דעם קיסר, האבען די מורדים פערכאפט פופציג פעסטונגען און 985 דערפער. אין דעם קאמפף האבען אידען פערלארען ארום א האלבען מיליאן מענשען. דער קאמפף פון בר כוכבא איז אנגעגאנגען אין יהודה, אבער די גרויסע צאהל — 985 — דערפער שוין נאכ'ן חורבן בעווייזט, אז די צאהל 240 בנוגע גליל פון פאר'ן חורבן, איז ניט אונמעגליך. אין צפון זייט פון גליל זיינען די חורבות אזוי צאהלרייך, אז קאפיטאן בוירטאן אין „אונעקספלוירד סוריה" בעהויפ־טעט דאס ווען מ'קוקט דערויף פון א בעשטימטען לבנון בארג „זעהט די גאנצע געגענד אויס ווי איין אונאונטערגעבראכענע שטאדט". אין די „עלה", אין הויכלאנד פון סוריה, מזרח זייט פון חמת, איז פארהאן 365 רואינירטע שטעדט. ווי די אראבער זאגען „האט א מענש געקאנט פריהער רייזען א יאהר צייט אין דעם געגענד און קיינמאל ניט נעכטיגען אין איין און דעם זעלבען דארף". דאס זעלבע זאגט שראדער וועגען פעניקישען ברעג־לאנד: „עס איז אזוי געדיכט געווען בעדעקט מיט שטעדט און דערפער, אז עס האט אויסגעזעהן ווי איין שטאדט". דערצו דארף מען אין זינען

מאסען חורבות פון אלטע ישובים.

האבען, אז די פארצייטיגע שטעדט זיינען געווען זעהר ענג געפּאקט מיט איינוואוינער.

אזא געפּאקטע בעפעלקערונג ווי עס האט געלעבט אין גליל מיט צוויי טויזענד יאהר צוריק געפינט מען נאך היינט אויך, אפילו אין אזעלכע געגענדען וואס האבען ניט קיין אינדוסטריע, און די בעפעלקערונג דערנעהרט זיך בעיקר פון לאנדווירט־שאפט. אויפ'ן אינזעל מאלטא, אן אלט פעניקישע קאלאניע אין מיטעללענדישען מעער, האט זיך לויט דער אפיציעלער ענגלישער סטאטיסטיק פון 1907 געפונען א בעפעלקערונג פון 206.690 נפשות, אויף א שטח פון בערך 140 קוואדראט מייל, וואס מאכט אויס 1.478 נפשות אויף א מייל אדער 590 אויף א קוו. קילאמעטער. דער שטח פון בעארבייטעטע באדען איז אין גאנצען 41.534 אקער (ארום 160.000 דונאם) וואס פּראדוצירען ווייץ, גערשט און מאיז. ווי אמאל אין א"י ווערט דא אנגעווענדעט די טעראסען קולטור אויף די בערג. ווען מ'רעכענט אלזא נור דעם קולטיווירטען באדען (ארום 146 קוו. קיל.) קומט אויס מעהר ווי 1400 נפשות אויף א קילאמעטער. דאס אינזעל בארבאדאס, אין די בריטישע ועסט־אינדיען, האט אין 1901 געצעהלט א בעפעלקערונג פון 195.588, וואס מאכט אויס 1178 נפשות אויף א קוואדראט מייל. דערפון געפינען זיך נור ארום 20.000 אין שטאדט — די גאנצע איבריגע בע־פעלקערונג לעבט פון לאנדווירטשאפט.

געדיכטע בעפעל־קערטע אגרארי־לענדער.

מאלטא.

בארבאדאס.

אן עהנליכען ביישפּיעל שטעלט פאר די שכנות'דיגע פּראווינץ פון גליל — דער לבנון. אויף א שטח וואס איז קלענער פאר גליל — 3.200 קוו. קילאמ. — זיצט א בעפעלקערונג פון 405.000 נפשות. 2.200 קוו. קיל. — ד. ה. 70 פּראצענט פון גאנצען שטח, ווערען ניט בעבויט און בענוצט ווירטשאפטליך. 600 קיל. איז פער־נומען מיט וועלדער, און נור 400 קיל. זיינען לאנדווירטשאפטליך בענוצט. צורעכענ־דיג אויך די וועלדער פערמאגט דער לבנון 1000 קילאמעטער קולטור באדען, וואס איז א פערטעל פון גליל. אויף יעדען קולטיווירטען קילאמעטער קומט אלזא אויס אי־בער 400 נפשות.

לבנון.

אין גליל איז אמאל קיין איין שטיקעל באדען ניט געבליבען אונקולטיווירט. די אר־בייט איז געפיהרט געווארען אויפ'ן אינטענסיווסטען אופן. אויסער די קינסטליכע אי־ריגאציאנס איינריכטונגען, ווי אין יהודה, האט די נאטור אליין דא געהאלפען דעם פליסיגען לאנדמאן מיט שטראמענדע קוואלען, אימער פליסענדע טייכען, א חוץ די צוויי גרויסע אזערעס — מי מרום און כנרת. די רעשטען פון אלטע בעוואסערונגס אנלאגען אין בית־שאן, טבריה, עכו א. ד. ג. ציינען ווי זארגפעלטיג די פריהערדיגע איינוואוינער האבען אויסגענוצט די רייכע וואסער אוצרות פון גליל פאר אינטענסי־ווער לאנדקולטור.

דער עבר הירדן איז איצט דער אמווניגסטען בעזעסענער טייל פון ארץ־ישראל. אויף א שטח פון בערך 25־30 טויזענד קוואדראט קילאמעטער זיצט א בעפעלקערונג פון אונגעפעהר 320.000 נפשות, וואס מאכט דורכשניטליך אויס 11־12 נפשות אויף א קוואד. קיל. די ישובים זיינען דא שיטערער ווי אין מערב ארץ ישראל, די שטעדט ועניגער און קלענער. ווי מיר האבען געזעהען (זייט 316) צעהלט דער עבר הירדן (ניט אריינרעכענענדיג די קאדא וואדי אל־עג'ם, אויפ'ן צפון־גרעניץ פון לאנד) 418 דערפער, אנטקעגען די 850 דערפער (ניט אריינרעכענדיג די 50 אידישע קא־לאניעס) פון מערב ארץ ישראל. די דארפישע בעפעלקערונג פון עבר הירדן דערגרייכט אפילו ניט די העלפט פון מערב ארץ ישראל. די דערפער אין מזרח זייט פון ירדן צעהלען אונגעפעהר 160.000 איינוואוינער. אויף יעדע הונדערט קוואדראט קילא־

ישוב פון עבר הירדן.

מעטער קומען אפילו ניט אויס 2 גאַנצע דערפער (זעה זייט 317) — שריפטליכע דאָקומענטען און די אונגעהויערע גרויסע צאָהל חורבות וואָס בעדעקען די לענדערייען פון מואב און עמון, גלעד און בשן זאָגען עדות, אז אין פריהערדיגע צייטען איז די בעפעלקערונג געווען מעהר ווי א צעהנפאכע. לויט דער מיינונג פון בוירטאָן און דרייק זיינען דאָ געזעסען מיט צוויי טויזענד יאָהר צוריק ארום צעהן מיליאָן (10.000.000) מענשען. אז די בעפעלקערונג איז דאָ געווען זעהר געדיכט און צאָהלרייך — איז אנגענומען ביי אלע פּאלעסטינא־פאָרשער וואָס האָבען זיך ספּעציעל אָבגעגעבען מיט דער אויספאָרשונג פון עבר הירדן.

אלע ערטער פון גרויסער היסטאָרישער און רעליגיעזער וויכטיגקייט זיינען קאָנצענטרירט אין מערב זייט פון ירדן, און די מייסטע רייזענדע, פּילגרימען און טוריסטען וואָס קומען בעזוכען ארץ ישראל בעגנוגענען זיך געווענליך מיט א שנעלער רייזע אין די בערימטע, היסטאָרישע פּלעצער אין מערב ארץ ישראל און לאָזען אין גאַנצען אויס דעם מזרח טייל פון לאַנד, אויף יענער זייט ירדן. דערצו זיינען נאָך די פּאָליטישע בעדינגונגען אין עבר הירדן אונגינסטיג פאר פרעמדע רייזענדער, און זעלטען ווען א טוריסט ריזיקירט און נעמט אויף זיך די מיה צו בעזוכען די מעהר פערווילדעוועטע ערטער פון מזרח ארץ ישראל. עס איז דעריבער פערשפּרייט געוואָרען דורך דער טוריסטען ליטעראַטור די פאלשע מיינונג, אז דער עבר הירדן איז א ווילדע מדבר און אנ׳אונקולטיווירבאר לאַנד. אין דער אמת׳ען איז דער עבר הירדן ניט אָרימער און ווייניגער פרוכטבאר פאר דער צווייטער מערב זייט פון ירדן, און אייניגע טיילען אין מזרח, ווי חורן און גלעד, זיינען נאָך רייכער מיט נאטירליכע אוצרות און פרוכטבאָרע באָדענס ווי דער מעהר קולטיווירטער און בעזעסענער מערב זייט פון ירדן.

ווירקונג פון בעדואינער.

די איצטיגע טרויעריגע לאגע פון מזרח ארץ ישראל איז פערורזאכט געוואָרען דורך דעם פערניכטענדען און צושטערענדען איינפלוס פון די קולטור פיינדליכע קינדער פון מדבר — די וואנדערענדע בעדואינער (פערגלייך זייט 297־311). אלע מאָל וואָס דאָס לאַנד האָט זיך געפונען אונטער א שוואכער און אונפעהיגער פערוואלטונג האָט זיך דער איינפלוס פון די מדבר־איינוואוינער שטאַרק געלאָזט פיהלען אין דער שכנות׳דיגער זעסהאפטער בעפעלקערונג. די וויסטעניש האָט פערשפּרייט איהר ממשלה איבער דעם קולטור־לאַנד. די שטאַרקע בעדואינישע שבטים וואָס האָבען אליין ניט אוועקגעזעצט זיך בעשטענדיג אויף איין אָרט און ניט אנערקענט קיין „עול מלכות“ פלעגען ראַבעווען און פּלינדערען די דערפער פון דער זעסהאפטער בעפעלקרונג, פערטרייבען זייערע טשערעדעס און אָבשניידען און צוטרעטען און אויפעסען זייערע תבואות. די אונפעהיגע רעגירונג איז געווען צו שוואך צו בעשיצען די דערפער און זייערע פערמעגענס פון די רויבערישע וואנדערנדע שבטים, זי האָט זיך אויך ווייניג געקימערט וועגען דעם וואוילזיין פון דער בעפעלקערונג. די דערפער האָבען אליין אויך ניט געקענט בעשיצען זיך געגען די מעכטיגע נאָמאדען־שבטים, וואָס פלעגען זיי בעפאלען ווי די היישעריקען און חרוב מאכענדיג אלעס פלעגען זיי זיך צוריקציהען אין זייער מדבר ווי א שטורמווינד. אום צו זיין מעהר־ווייניגער זיכער מיט זייער האָב און גוטס זיינען די דערפער געווען געצוואונגען צו צאָהלען שוץ־שטייער צו די מעכטיגסטע בעדואינען־שבטים זיי זאָלען זיי בעשיצען געגען די איבערפאלען פון אנדערע בעדואינער. אזא שטייער האָט זיך גערופען חוה („חואווא“) ד. ה. ברודערשאפט. יעדער דאָרף וואָס האָט געצאָהלט שטייער איז געווען „אחת“ (אוחט) ד. ה. א שוועסטער פון בעשיצענדען שבט. די „חוה“ איז בעשטאַנען פון תבואה און פיה. די בעדואינער

בעדואינישע „ברודערשאפט“.

האָבען ניט גערהאַט קיין מאָס און קיין גרעניץ פאַר זייערע פאָדערונגען פון „ברודער־שאַפט“, און די דערפער וואָס האָבען ניט געקענט בעצאָהלען די אונטערטרעגליכע „חוה“ זיינען געבליבען אויף הפקר און בערויבט געוואָרען. אזא צושטאַנד פון אונזיכערהייט און אַנארכיע האָט געבראַכט דערצו, אז די בעפעלקערונג זאָל זיך צולויפען און דאָס לאַנד זאָל וויסט ווערען. אין אָנהויב פון נייעצעהנטען יאָהרהונדערט איז כמעט דער גאַנצער עבר הירדן געווען אונבעוואוינט און אונבעאַרבייט, און נור בעדואינישע שבטים מיט זייערע סטאַדעס האָבען ארומגעוואַנדערט צווישען די צאָהלרייכע, רואינירטע שטעדט און דערפער און פערלאָזענע, אָבער פרוכטבארע פעלקער.

אין דער צווייטער העלפט פון נייעצעהנטען יאָהרהונדערט האָט די טערקישע רעגירונג אָנגעהויבען אביסעל ענערגישער צו בעקעמפּפען די רויבערישע בעדואינער, און דער מנהג פון „חוה“ איז ביסלעכווייז אָבגעשאַפט געוואָרען. אין די אַלטע פערלאָזענע חורבות האָבען זיך אָנגעהויבען בעזעצען אַקערבויאישע עלעמענטען, און פילע לענדערייען וואָס זיינען פריהער גענצליך געווען פערוויסטעט ווערען שוין איצט בעאַרבייט, בעזונדערס אין דעם רייכען חורן.

נאָך דער אויפבויאונג פון דער חעדזשאַז־באַהן האָבען די בעדואינער כמעט אין גאַנצען פערלוירען זייער בייזע שליטה אויף דער זעסהאַפטער בעפעלקערונג, די פלאַחין זיינען בעפרייט געוואָרען פון דער געצוואונגענער און געוואַלדזאַמער „ברודערשאַפט“. זיי ווערען אָבער אויך איצט רואינירט דורך א מעהר פרידליכע און פאַמעליכע אָבער מעהר זיכערע רויבערישע סיסטעם — דורך די פּראַצענטניקעס, בעלי־עשור און תבואה סוחרים: די עקספּלואַטאַציע פון די דאָזיגע שטאָדטישע סורישע עפענדים האַלט ניט ווייניגער אָב די ענטוויקלונג פון דער לאַנדווירטשאַפטליכער בעפעלקערונג ווי די רויבערישע איבערפאַלען פון די נאָמאַדען פון דער מדבר. און דאָס אונגעהויער רייכע לאַנד פון עבר הירדן איז נאָך אלץ א אונבעוואוינטער און אונקולטיווירטער געגענד אין פערגלייך אפילו מיט דעם ניט גאָר געדיכט בעוואוינטען און הויך קולטיווירטען מערב־לאַנד פון דער צווייטער זייט ירדן.

דר. סעלאַה מעריל, דער אַנפיהרער פון דער וויסענשאַפטליכער עקספּעדיציע אין עבר הירדן פון דער אַמעריקאַנער „פּאַלעסטינא עקספּלאָריישאַן סאָסייעטי“, שרייבט אין זיין בעקאַנטען בוך „מזרח זייט פון ירדן“:

פרוכטבארקייט פון עבר־הירדן.

„איך ווייס קוים וואָס האָט מיך מעהר איבערראַשט, צו די אונגעהויערע פרוכטבארקייט פון עבר הירדן אָדער די וואונדערבארע רואינען וואָס בעדעקען זיין אויבערפלעכע. די דאָזיגע טאָלען ווערען אויסגעברענט אין זומער און אין דעם זין פאַסט זיך פאַר זיי די פראַזע „מדבר חורן“. ווען אָבער מען בענוצט דאָס וואָרט אין אלגעמיין, וועט עס יעדען איינעם, וואָס האָט אליין ניט בעזוכט די געגענד אריינברענגען אין א טעות. די בעסטע ווייץ פון סוריה קומט פון חורן און אין די נאָרדליכע טיילען וואו עס זיינען פאַרהאַן דערפער, זיינען די פּראָדוקטען פערשיעדענאַרטיג און רייכליך. אויף די פעלדער נעבען די פיס פון חרמון, אין די טאָלען וואָס נעבען דמשק, אין ג׳בל עג׳לון און ארום סאַלט איז די גערעטעניש פון וויינטרויבען אַנ׳אמת׳ער וואונדער סיי לויט׳ן כמות פון די פּראָדוקטען און סיי לויט׳ן איכות פון די פרוכטען. ווייטער אין מזרח, ארם בצרה, סלכה און די רוקענס פון די חורן־בערג זיינען פאַרהאַן צייכענס פון אַלטע וויינגערטנער וואָס זאָגען עדות אויף די צוגעפּאַסטקייט פון גאַנץ בשן־לאַנד פאַר וויין־קולטור. ניט אין אייראָפּא און אויך ניט אין קאַליפאָרניע האָב איך ווען עס איז פערזוכט געשמאַקערע און פיינער־שמעקענדיגע פרוכטען פון דיזען

מיז, דעסגלייכען האב איך אין ערגיץ ניט געזעהען שטאנגען פון אזא אנגנעהויערער גרויס ווי איך האב געזעהען און פערזוכט אין אסטליכער פאלעסטינא."

עס איז נאטירליך, אז אין אזא נאטורדייכען געגענד האט ביי גינסטיגע פאליטישע בעדינגונגען, ווען די איבערפאלען פון די מדבר־וואנדערענדע שבטים זיינען פערהיט געווארען דורך א שטארקע און גוט ארגאניזירטע רעגירונגס־מאכט, געלעבט א גרויסע און געדיכטע בעפעלקערונג און גרויסע שטעדט און צאהלרייכע דערפער זיינען געשטאנען אויף די ערטער ווי מ'זעהט איצט נאר חורבות פון הייזער אדער געצעלטען פון נאמאדען.

וועגען דעם לאנד פון גלעד, וואס האט אין דער צייט פון בית שני געהייסען „פערעא" שרייבט יוסף פלאוויוס, אז ס'איז ניט אזוי פרוכטבאר ווי דער גליל, פון וועלכען עס איז פיעל גרעסער אין שטח, ווארום דער מזרח זייט פון גלעד איז וואלד און איז ניט ווי דער גליל געאייגנעט פאר דער פראדוצירונג פון מילדערע פרוכטען. דאך „האט עס פייכטען באדען און עס פראדוצירט אלערליי פרוכטען מיט די פערשיעדענסטע בוימער, הויפטזעכליך אבער ווערען דא קולטיווירט דער אליוועבוים, דער וויינשטאק און די פאלמע. עס ווערט אויך גענוג בעוואסערט פון טייכלעך וואס פליסען ארויס פון די בערג און פון קוואלען וואס הערען קיינמאל ניט אויף צו שטראמען (42).

בשן, וואס ענטשפרעכט דעם היינטיגען חורן, איז נאך פאר דער אידישער ערשטעדט פון בשן. אבערונג געווען א דיק־בעוואוינטער און זעהר רייכער געגענד. אין דער פראווינץ פון ארגוב (די איצטיגע לעדזשא), האבען די אידען, לויט דער ערצעהלונג פון דער תורה, צוגענומען ביי עוג מלך הבשן 60 שטעדט. דאס זיינען אלץ געווען בעפעסטיגטע שטעדט מיט הויכע מויערען, טירען און ריגלען, אויסער זעהר א גרויסע צאהל פון אפענע דערפער (43). צאהלרייכע חורבות פון גרויסע אלטע שטעדט עקזיסטירען נאך איצט אין דער לעדזשא; עס איז אונמעגליך פעסטצושטעלען גענוי צו וועלכער עפאכע די רואינעס בעלאנגען. אייניגע פון זיי טראגען די אלטע ביבלישע נעמען. זייער עקזיסטענץ צייגט יעדענפאלס קלאר, אז דיזער געגענד איז פריהער ווירקליך געווען זעהר געדיכט בעוואוינט. די דעמבעס, די אקסען, די פיעלע פעלדער און בארג לאנדשאפט פון בשן ווערען זעהר אפט געריהמט אין די ביבלישע פאעזיע און נבואה (44). די פראיינצעלטע מעכטיגע דעמבעס זעהט מען נאך איצט אויף די בארג־רוקענס פון חורן, און דער באדען פון די טאלען און די פעטע פאשע פעלדער זיינען נאך איצט אויסערגעוועגליך רייך.

מיט דער אויסנאהם פון די לעצטע 1.200 יאהר, זייט דער אראבישער ערּאבערונג, איז דער עבר הירדן געווען אלע מאל בעוואוינט מיט א בעפעלקערונג וואס האט זיך אויסגעצייכענט מיט אונטערנעהמונגס גייסט און קראפט אדער מיט קולטור און רייכטום. פון די קיילענפארמיגע שריפטען פון אשור ווייסען מיר, אז די געגענדען פון עבר הירדן זיינען אין די צייטען פון ערשטען בית איבערגעפאלען געווארען דורך די אשור'ישע ארמעען זעקס אדער זיבען מאל, וואס צייגט, אז דיזע פרוכטבארע

---

42) מלחמות 3, 3, 3.

43) דברים ג' 4־5.

44) יחזקאל כ"ז 6, דברים ל"ב 14, יחזקאל ל"ט 18, תהלים ס"ח 15, מיכה ז' 14.

לענדערייען מיט זייער צאָהלרייכע שטעדט און גרויסע בעפעלקערונג זיינען פון די גרויסע וועלט־מאכט פון יענער צייט בעטראכט געוואָרען אלס זעהר א ווערטפולער געגענד וואס איז כדאי צו עראָבערען. די קיילענשריפטען דערצעהלען, אז די אשור'ישע עראָבערער האָבען מיט זיך אוועקגענומען פון דאנען אונגעהויער רייכע רויב — זילבער און גאָלד, גמלים מיט קאָסטבארע זאכען וואָס איז אין קריגע אריינגעפאלען אין די הענד פון די זיגער.

ווי ווייט דיזער געגענד איז געווען רייך און בעוואוינט צייגען אמבעסטען די אונגעהויער גרויסע מענגע פון רואינען און רעשטען פון שטעדט, טעמפלען, הייזער, באסיינען וואָס בעדעקען דאָס גאנצע לאנד פון מזרח זייט ירדן ביז די וויסטע פון סוריה. יעדער רייזענדער וואָס האָט דורכגעשניטען דאָס לאנד פון דמשק ביז מואב און די מזרח ברעגעס פון ים כנרת ביז די בערג פון חורן איז ערשטוינט געוואָרען פון דער רייכקייט און הערליכקייט פון די דאָזיגע רואינירטע שטעדט — בצרה, קנת, מסמיה, עתיל, סולים, סלכה, מ'שיתא, רבת־עמון, גרש, סווידה, נוה און פיעלע אנדערע.

רעשטען פון פארצייטיגע שטעדט.

ארום סווידה זיינען די בערג אבהענג נאָך איבעראל טעראסירט און די טאָלען אזוי גוט ווי די בערג טראָגען אויף זיך צייכענס פון פריהערדיגער אינטענסיווער און זאָרגפולער קולטיווירונג. די טעראסען זיינען זעהר גוט צוגעפאסט פאר וויינשטאָק, אָליוועז, פייגען. עהנליכע צייכענס פון פריהערדיגען וואוילשטאנד און רייכטום גע־פינט מען אויך אין די אנדערע ערטער.

וועטצשיין, דער פרייסישער קאָנסול פון דמשק, וועמעס בוך רעכעט זיך אלס איינער פון די גרינדליכסטע ווערק איבער דעם חורן, האָט אָנגעצעהלט שטעהענדיג אויף'ן אלטען שלאָס פון בצרה ארום דרייסיג רואינירטע שטעדט אין דעם טאָל ארום בצרה. פון דער הויך פון פעסטונג אין סלכה האָט דר. פּאָרטער אָנגעצעהלט ניט וועניגער אלס דרייסיג רואינירטע שטעדט און דערפער וואָס מ'קאָן גוט זעהען פון דיזען פונקט. אייניגע שעה צו מזרח פון סלכה, פון די רואינעס פון מלח עס־סארה האָט וו. רייט, א מיסיאָנער פון דמשק אָנגעצעהלט פערצעהן רואינירטע שטעדט אין דער אָסט־זידליכער ריכטונג, אנטקעגען דער וויסטע.

דר. סעלאה מעריל דערצעהלט, אז זייענדיג אין אהירא (ג'בל דרוז), האָט איהם א דרוז, אויף וועמעס הויז ער איז געשטאנען און באטראכט די געגענד, אָנגעוויזען אויף ארום פערציג חרב'ע שטעהט און שטעדטלעך פון וועלכע ער האָט דערביי פילע אָנגערופען מיט די נעמען. נעבען קנאוואת, די ביבלישע קנת, זעהט מען חורבות פון א צוועלף ערטער וואָס זיינען אין אמאָליגע צייטען געווען אָהן צווייפעל פערבונדען מיט דער צענטראלער שטאָדט: זיי אילוסטרירען אלזאָ דעם ביבלישען אויסדרוק „קנת און איהרע טעכטער־שטעדט" („קנת ובנותיה"). די דאָזיגע פלעצער געפינען זיך אין דרום זייט פון דער לעדזשא (די ביבלישע „ארגוב") ; די אנדערע טיילען פון דער לעדזשא, אין צפון און מזרח, זיינען אויף דעם זעלבען אופן רייך אין רואינעס. וועטצ־שיין זאָגט עדות, אז דער מזרח טייל פון דער לעדזשא, און די רוקענס פון די חורן־בערג (ג'בל דרוז) ענטהאלטען אמווענינגסטען דריי הונדערט (300) רואינירטע שטעדט און שטעדטלאך. יעדע איינע פון די שטעדט ענטהאלט 600־800 און טויזענד הייזער. דר. פּאָרטער האָט אויסגעמאכט א ליסטע פון 127 שטעדט און דערפער, אין דעם אל־טען גולן, צווישען די לעדזשא און ים כנרת, וואָס ליגען, מיט דער אויסנאהם פון 11, אין גאנצען רואינירט און פערלאָזען. צו דעם דארף מען ערשט צורעכענען די רואי־נירטע שטעדט און דערפער פון גלעד, עמון און מואב, וואָס מ'קאָן אָנצעהלען אין די

הונדערטער. דר. סעלאה מעריל בעהויפטעט, אז יעדע האלבע שעה רייזע, אויף'ן וועג פון צפון און דרום, אדער פון מערב אין מזרח אין עבר הירדן שטויסט זיך דער רייזענדער אן אנ'אלטער חורבה. דיזער פארשער פון עבר הירדן האט אליין אויסגעמאסטען 13-12 אלטע טעאטערע און צירקען פון דער רוימישער עפאכע, די קלענסטע פון וועלכע האט זיצפלאץ פאר 3.000 מאן, און די גרעסטע, אין רבת-עמון, קאן ארייננעהמען ניט ווענינער פאר 10.000 מאן. ניט אלע אזעלכע געביידעס פון אלטערטום האבען זיך אבגעהיט ביז דער היינטיגער צייט. פיעל מעהר ווי עס איז פערבליבען זיינען אהן צווייפעל געגצליך חרב און פערשוואונדען געווארען אין לויף פון די צוויי־טויזענד יאהר וואס האבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייערע צאהלרייכע איבערקערע־נישען און מלחמות.

דאך שוין די ווענינע וואס זיינען גערעטעט געווארען פון פערניכטונג זיינען גענוג צו צייגען אויף דעם פריהערדיגען רייכטום. אזעלכע גראנדיעזע פערגעניגונגס־געביידען קאנען אויפגעבויט ווערען נור דארט וואו די בעפעלקערונג איז צאהלרייך און הויך קולטיווירט.

ווענען פריהערדיגען צושטאנד פון דעם טייל ארץ ישראל דערצעהלען אויסער די גרויסע מענגע חורבות, אויך די הונדערטער און טויזענדער אויפשריפטען וואס זיינען געפונען געווארען אין די פערשיעדענסטע טיילען פון עבר הירדן. דיזע אויפ־שריפטען ענטהאלטען א גאנצען אוצר פון ידיעות און איינצעלהייטען ווענען די גייס־טיגע, מאטעריעלע, פאליטישע און עטנאגראפישע פערהעלטניסע פון דער פערשיע־דענארטיגער בעפעלקערונג וואס איז דא געזעסען אין פערלויף פון טויזענדער יאה־רען. פון דיזע שריפטליכע היסטארישע דאקומענטען איז קלאר, אז דיזער געגענד איז געווען גערוכט בעוואוינט און די קולטור פון לאנד האט אין פיעלע עפאכען דער־גרייכט א הויכע שטופע פון ענטוויקלונג. אויפשריפטען.

א פארשטעלונג ווענען די בעדינגונגען פון לאנד אין פריהערדיגע צייטען גיבען אויך די אלטע ווענען פון דער רוימישער צייט וואס מ'קאן נאך איצט דערקענען. דר. מעריל האט נאך א גענויע אונטערזוכונג אבגעשאצט די לענג פון די אלטע ווענען צווישען פעטרא (סלע) אין מואב און דרום זייט פון דמשק, אין ניט ווענינער פון 500 מייל. די דאזיגע ווענען האבען פערבונדען אלע וויכטיגע שטעדט אין דעם געגענד און האבען געפיהרט ביז צום ברעג ים. די ווענען זיינען דורכגעלעגט געווארען דורך פעהיגע אינזשענערען אויף א פעסטען און דויערהאפטען אופן. בערגלעך זיינען דורכגעהאקט געווארען, טייכען און שטראמען זיינען איבערגעלעגט געווארען מיט בריקען. דער וועג גופא איז פעסט געבויט געווארען פון שטיינדלאך. זאמד און צעמענט. דער פער־קעהר אויף דיזע ווענען איז געווען לייכט און בעקוועם און די האנדעלס־בעציהונגען האבען זיך א דאנק דעם ענטוויקעלט און פערמעהרט. פריהערדיגע ווענען.

ניט פון קלענערע וויכטיגקייט זיינען די אלטע סיסטעמען פון אירינאציע, וואס די פריהערדיגע בעפעלקערונג האט דא בענוצט און פערפאלקאמט. אומעטום געפינט מען נאך איצט רעשטען און אפטמאל אויך אונבעריהרטע און אונבעשעדיגטע אי־בערבלייבען פון אוראלטע גרויסע רעזערוואוארען, וואסערלייטונגען, ברונעמס, וואסער־קאנאלען, ציסטערנעס (פערגלייך זייטע 309-310), וואס צייגען ווי אזוי די אמא־ליגע איינוואוינער פון לאנד האבען פערשטאנען אויסצונוצען די וואסער־רייכטום פון לאנד פאר אינטענסיווע בעווירטשאפונג פון באדען. א מערקווירדיגער ביישפיעל פון פערשפרייטע אירינאציאנס־בעטריעבען שטעלט מיט זיך פאר דער טאל פון יבוק אירינאציאנס־סיסטעם.

וואָס איז בערך 70 מייל לאַנג און אַרום 1½ מיילען ברייט. איצט ווערט דאָ קולטי־ווירט נאָר זעהר אַ קליינער שטח, אין דער צייט וואָס אין אַלטערטום איז יעדער מייל באָדען געווען דאָ אינטענסיוו בעאַרבייט מיט דער הילף פון קינסטליכע בעוואַסערונג. די איצטיגע איינוואוינער פון דעם געגענד גראָבען אַליין קיינמאָל ניט קיין קאַנאַלען, נאָר ווען איינער וויל פערפלאַנצען אַ שטיקעל באָדען און בעוואַסערען עס — רייניגט ער נור אויס און פערריכט אַביסעל אַן׳אַלטען קאַנאַל. די אַראַבער זאָגען אַליין, אַז ניט זיי און ניט זייערע עלטערען האָבען די דאָזיגע קאַנאַלען דורכגעפיהרט, נור זיי עקזיסטירען שוין דאָ פון די עלטעסטע צייטען.

פאַר׳ן חורבן בית שני זיינען אין דעם געגענד געזעסען אידישע פויערים, און די דאָזיגע קאַנאַלען מיט זייער פיינער קאָנסטרוקציאָן שטאַמען וואַרשיינליך פון אידען. פון יוסף פלאַוויוס ווערק און בעזונדערס פון דער משנה איז בעקאַנט אַז די אידישע לאַנדווירטען האָבען זיך בעשעפטיגט מיט קינסטליכע בעוועסערונגס־מיטלען און האָבען איבעראַל דורכגעפיהרט איריגאַציאָנס־קאַנאַלען (אמת־המים).

עס קאָן דעריבער ניט זיין קיין מעהר פאַלשע און אונבעגרינדעטע מיינונג ווי די פערשפרייטע פאָרשטעלונג, אַז דער עבר הירדן אין אונקולטורפעהיג און אַז אַלע מאָל איז עס געווען אַ ווילדער געגענד. דער דייטשער אַגראָנאָם אויהאַגען איין זיין בוך איבער דער לאַנדעסנאַטור און לאַנדווירטשאַפט פון סוריה און ארץ ישראל שרייבט דעריבער מיט פול רעכט וועגען עבר הירדן:

„געוועהנליך דענקט מען, אַז דאָס גאַנצע לאַנד וואָס האָט געהייסען „אַראַביאַ פעטראַ" און „אַראַביאַ דעזערטאַ", דאָס מיינט די לענדערייען וואָס ציהען זיך צפונית מזרחית פון סועץ־קאַנאַל ביז צפון סוריה, אויף מזרח זייט פון ים־המלח און ירדן — איז אַ וויסט לאַנד וואָס פּראָדוצירט קיין זאַך ניט. אין דער אמת׳ען אָבער איז דאָס אַ געבענשט און אַ פרוכטבאַר לאַנד און די ערד איז אַ וואונדערבאַרער אַקערבאָדען. דאָס לאַנד וואָס ענטהאַלט איצט צוזאַמען מיט צפון סוריה אַ בעפעלקערונג פון צוויי מיט אַ האַלבען מיליאָן — האָט פאַרצייטענס, אַם ענדע פון בית שני, געהאַט אַ בע־פעלקערונג פון 22 מיליאָן נפשות, און עס איז געווען דער תבואה שפּאַכלער פון דער גאַנצער רוימישער אימפּעריע. אין דיזע פלעצער זיינען פערשפּרייט די רעשטען פון גרויסאַרטיגע חורבות, רואינען פון בעוואוסטע שטעדט און פּראַכטפאָלע געביידעס, אָבער די יעצטיגע קליינע בעפעלקערונג איז ניט אומשטאַנד צו בעאַרבייטען דעם גוטען באָדען און די פיעלע רעגענס וואָס פאַלען דאָ בשפע — געהען אַוועק אין ניוועץ, ווייל עס איז ניטאָ ווער עס זאָל זיי קאָנען אויסנוצען. די צאָהלרייכע ציסטערנעס און רעזערוואוּאַרען וואָס געפינען זיך דאָ ווערען רואינירט און צושטערט — ווייל עס איז ניטאָ ווער עס זאָל אויף זיי אַכטונג געבען און פערריכטען."

אורזאַכען פון דעגראַדאַציע און פער־אַרמונג.

איינינע פאָרשער דענקען, אַז די אורזאַכע פון דער פיעלפאַכיגער פערמינדערונג פון דער ארץ ישראל׳דיגער בעפעלקערונג דאַרף מען זוכען אין נאַטירליכע ענדערונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען אין לאַנד. בעזונדערס שטאַרק ווערט דיזע טעאָריע פער־טיידיגט פון אַמעריקאַנער געאָגראַף פּראָפעסאָר עלסוואָרט האַנטינגטאָן אין זיין בוך „פּאַלעסטינאַ און איהרע טראַנספאָרמאַציאָנען". לויט דער השערה פון אַמעריקאַנעם געאָגראַף איז דער קלימאַט פון ארץ ישראל אין פערלויף פון די לעצטע צוויי טויזענד יאָהר אַזוי געענדערט געוואָרען, אַז די פריהער הויך קולטיווירטע און בעוואוינטע

געגענדען זיינען איצט אונקולטיווירבאר און אונוואוינבאר. די אורזאכע פון דעם פריי־
ערדיגען וואוילשטאנד און גרויסער בעפעלקערונגסדיכטע זאל האבען געשטאמט פון
א גרעסערער פייכטקייט, מעהר רעגענס און עטוואס קיהלערעס קלימאט וואס האבען
דאמאלס געהערשט אין ארץ ישראל. פאר די לעצטע צוויי טויזענד יאהר איז די
ארימקייט, עלענד, פערלאזענקייט און די פאלגליכע שיטערקייט פון בעפעלקערונג פער־
אורזאכט געווארען דורך ענדערונגען וואס זיינען פארגעקומען אין קלימאט, וואס
מיינט, אז די היצען זיינען גרעסער געווארען און רעגענס — ווייניגער. די אנהענגער
פון דיעזער טעאריע האבען ניט קיין דירעקטע בעווייזע, אז דער קלימאט האט זיך
ווירקליך געענדערט. קיין דירעקטע בעווייזע קאנען אויך ניט זיין. פון די אלטע צייי־
טען זיינען ניט פערבליבען קיין פינקטליכע מעסטונגען פון טעמפעראטור און רעגענ־
פאל און עס איז דערפאר אונמעגליך צו פערגלייכען דעם פריהערדיגען קלימאט מיט'ן
היינטיגען. מחמת מאנגעל פון אייגענטליכע מעטעאראלאגישע אנגאבען איז אויך אונ־
מעגליך אבצופרעגען דיזע טעאריע און צו דערווייזען אויף אנ'אונמיטעלבארען אופן
איהר אונריכטיגקייט. אין אלגעמיין האט די טעאריע וועגען קלימאטישע ענדערונגען
אין פערלויף פון היסטארישע צייטען — פאר די לעצטע 2־3 טויזענד יאהר — ניט
בעקומען די הסכמה פון דער וויסענשאפט, און איז פארלויפיג ניט מעהר ווי א־דיס־
קוסירטע השערה. ספעציעל וועגען קלימאט פון ארץ ישראל זיינען פארהאן אין דער
אלטער ליטעראטור, תנ"ך און תלמוד פיעלפאכע, הגם ניט דירעקטע אנווייזונגען,
אז דיזעלבע קלימאטישע פערהעלטניסע, וואס הערשען איצט האבען געהערשט אויך
מיט דריי טויזענד יאהר צוריק. די אונטערזוכונגען פון קאנדער'ן — דער גרעסטער
אויטאריטעט אין אלעם וואס אנבעלאנגט צו ארץ ישראל — האבען איהם געבראכט
צו דעם רעזולטאט, אז „דאס לאנד האט זיך ניט געביטען אין אירגענד וועלכען היג־
זיכט, סיי אין קלימאט, סיי אין נאטירליכע פראדוקטען, אויסער דעם וואס די פער־
קלענערונג פון ישוב האט פעראורזאכט א פערמינדערונג פון דעם שטח פון דעם קול־
טיווירטען באדען פון לאנד און אויך, אז די ציגען און פלאחין האבען אנגעמאכט א
חורבן אין די בוימער".

פאר און געגנע קלימאטישע ענדערונגען.

אז ניט די פערמינדערונג פון רעגען־פאל איז שולדיג אין דער ווירטשאפטלי־
כער דעגראדאציע פון ארץ ישראל איז אייגפאך צו זעהען דערפון וואס די מעטעארא־
ליגע מעסטונגען פון פיעלע יאהרען האבען פעסטגעשטעלט, אז דער דורכשניטליכער
יעהרליכער רעגענמענגע פון ארץ ישדאל איז העכער ווי אין עסטרייך, ענגלאנד,
דייטשלאנד און פראנקרייך. ווי מ. בלאנקענהארן גיט אן אין זיין „שטודיען איבער
דאס קלימאט דער ירדנטאלעס", איז דער דורכשניטליכער רעגענהויך פון ירושלים
766 מילימעטער א יאהר, פון חיפה — 706, פון טבריה — 511, אין דער צייט וואס
אין קאנסטאנטינאפאל איז 700, לאנדאן 580, פאריז 500, וויען 440 און אטען 400.
אפילו די רעגענארימסטע טיילען פון ארץ ישראל אין דרום און אין עבר הירדן, הא־
בען אימער 400 מילימעטער רעגען, אזוי פיעל ווי די טרוקענע טיילען פון דייטשלאנד.

רעגענמענגע.

עס איז בכלל א טעות צו דענקען, אז וואסער־ארעמקייט איז די אורזאכע אדער
אפילו איינע פון די אורזאכען פון דעם ווירטשאפטליכען ריקגאנג פון ארץ ישראל.
„ווייניג לענדער", זאגט דער ג. פאסט פון בירות, „האבען א מעהר בעוואונדערענסווערטע
פראוויזיאן פאר דער אנזאמלונג, איינהאלטונג און דיסטריבוציע פון וואסער ווי סוריה
און ארץ ישראל. דער קאלכשטיין, וואס בילדעט דעם גרעסטען טייל פון די בערג־
קייט האט צאהלרייכע און זעהר ברייטע אונטערערדישע היילען, וואס דיענען אלס

נאטירליכע ציסטערנעס פאר דער איינהאלטונג פון דער אויבערפלעכע וואסערען, וואס זינקען איין אין זיי דורך די שפּארען פון דעם העכערען שיכט. די פיזיאָנאָמיע פון די לבנון בערג איז אזוי קאָנסטרואירט, אז זיי זאמלען אָן א מאסע שנעע. דער שפּיץ פון בארג ס ו נ י ן, צום ביישפּיעל, איז א גיגאַנטישער דעפּרעסיאָן פון 2500 ביז 1200 פוס אין אלכסון און 100 ביז 250 פוס אין טיף. דאָס אלעס ווערט ווינטער אָנגעפילט מיט שנעע. אויפ'ן באָדען פון דיזע דעפּרעסיעס ציהען זיך קאנאלען אין די גרויסע היילען אינערהאלב די בערג, און דורך דיזע קאנאלען שטרוימען די צוגאנגענע וואסערען אראָפּ אונטען, אָנצופילען די אונטערערדישע רעזערוואוארען, פון וואנען די וואסער פליסט ארויס דורך שטענדיגע קוואלען אויף פערשיעדענע הויכען, ביז אראָפּ צום ים, און טיילמאָהל אויך אונטער דער אויבערפלעכע פון דער ערד. עס זיינען אויך פאַרהאַנען פיעלע אונטערערדישע טייכען וואס פליסען אויף גרויסע שטרעקען און בעזאָרגען מיט וואסער די קוואלען אין דער הויך פון ים־שפּיעגעל און אויך הינטער זיין בעט. דערמיט ערקלערט זיך די עקזיסטענץ פון א גרויסע צאָהל קוואלען, וואס שטראָמען אפילו אין די רעגענלאָזע חדשים אויף די רוקענס פון די בערג אין ארץ ישראל. די קאפּאציטעט פון די זאמלענדע און פערטיילענדע רעזערוואוארען אין די בערג קאָן אָבגעשאצט ווערען לויט דעם גרויסען כמות וואסער וואס שטראָמט אין די צאָהלרייכע טייכען און וואדים פון לאנד. א טייל פון דיזע וואסער דיענט פאר בעוועסערונג, אָבער נאָך אן אונגעהייערע קוואנטיטעט פון וואסער ווערט פערלוירען אומזיסט און ניט אויסגענוצט. ווען מ'זאָל דערצו נאָך צוגעבען אז אין די עבענעס קאָן מען דורכגראָבען און אין דער ערד געפינען טרינק וואסער אין דעם אויבערשטען גרונד — וועט מען דאן האָבען א קלאָרען בעגריף וועגען די מעגליכקייטען צו בעפרוכטען דאָס לאנד און ערנעהרען א פיעלפאכע בעפעלקערונג.“

וואסער־רייכטום.

אויף וויפיעל דער איצטיגער ווירטשאפטליכער ריקגאנג פון ארץ ישראל האָט ניט צו טאָן מיט'ן קלימאט בכלל קאָן מען אמבעסטען זעהען ווען מען פערגלייכט דעם איצטיגען און פריהערדיגען צושטאנד פון אזעלכע ערטער ווי יריחו און בית־שאן. אידישע און ניט־אידישע קוועלען שטימען איין, אז די „פּאלמען־שטאָדט“ איז געוועזען מיט צוויי טויזענד יאָהר צוריק „דער בליהענדסטער טייל פון יהודה, רייך מיט באלזאם, האָניג, פּאלמען און אלע אנדערע פרוכטען. א גרויסער קוואל האָט בעוואסערט א גרויסען שטח און געשפּייזט די דיק־אָנגעפלאנצטע גערטנער. אזוי, אז יעדער וואס וועט דאָס ערקלערען פאר א געטליכען פּלאץ — וועט האָבען פול רעכט דערויף, ווארים אזא רייכטום פון בוימער און אזעלכע גרויסארטיגע גערטנער זיינען זעלטען (45).

יריחו אמאל און היינט.

יריחו האָט אויך פערמאָגט דאמאלס א גרויסען ישוב. הורדוס האָט דאָ אויסגעבויט גרויסארטיגע בנינים, און דער ישוב פון יריחו, ווי עס איז צו זעהען פון תלמוד, איז געוועזען זעהר גרויס (46). די וואסערלייטונג פון הורדוס'עס צייט עקזיסטירט נאָך עד היום, אָבער דער ישוב און די רייכע קולטור און די פּאלקאָמענע אירריגאציאָנס סיסטעם זיינען פערשוואונדען. איצט איז דער „געטליכער פּלאץ“ א מיזעראבעלער דערפעל פון א נעגערהאפטע, פוילע, דעגענערירטע קליינע בעפעלקערונג; דער קלימאט האָט זיך ניט געענדערט. נאָך איצט איז דאָס וואקסטום דאָ ווי פריהער אונגעהויער רייך און

45) מלחמות 4, 8, 3.

46) ירושלמי, תענית פ"ד, ה"ב.

טראָפּיש. וואסער איז פאַרהאַן בשפע, און ניט פון מאנגעל נאָר פערקעהרט פון איבערפלוס פון וואסער ליידעט איצט דער אַלטער הייל־פּלאַץ פון מלך הורדוס. די אורזאכע פון דער דעגראַדירונג איז די ענדערונג וואָס איז פאָרגעקומען אין ישוב — און ספּעציעל די פערנאכלעסיגונג און חורבן פון דער איריגאַציאָנס־סיסטעם, וואס איז דאָ געווען ענטוויקעלט פאר׳ן חורבן בית שני. אנשטאט דעם וואָס דער וואסער־רייכטום איז מיט צוויי טויזענד יאָהר צוריק פערנוצט געווארען צו בעוואסערען גערט־



בילד 79.
יריחו, די אמאָליגע „פּאַלמען־שטאָדט"
(עיר־התמרים").

נער און סעדער — ווערט עס איצט, דורך דער צושטערונג פון דער אַלטער וואסער־לייטונג און דער פוילקייט פון די איצטיגע איינוואוינער, פערוואַרטיילט צו פּראָדו־צירען פיעבער און מאלאריע און פערפּעסטען דאס טראָפּיש־רייכע לאנד מיט זומפּען. די האלב־נעגרישע איינוואוינער זיינען דאָ אזוי פויל, אז, לויט ווי דרייק דערצעהלט, „דארף מען נעהמען א שטעקען אום זיי אויפצוהויבען און א קורבאַדזש — צו מאכען זיי ארבייטען".

עטוואס עהנליכעס איז אויך אין בית־שאן, אָדער „די טיער פון גן־עדן", לויט ריש לקיש׳ס אויסדרוק. דאָ איז ניט אזא אָבגעלאָזענקייט ווי אין יריחו, אָבער וואַסער מהלך

פון די פריהערדיגע גרעסטע שטאָדט אין דעקאַפּאָליס ביז די היינטיגע ביסאן. איבע־ ראל זעהט מען רעשטען פון אלטע וואסער לייטונגען, וואס ווערען איצט פערנאכלע־ סיגט, הגם די קוואלען פון „נהר ג׳לוד“, און „עין זרעין“ שטראָמען מיט ניט וויניגער קראפט ווי אמאָל.

צושטערונג פון טעראסען און אויסראָ־טונג פון וועלדער.

די ווירקליכע ענדערונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען אין לאַנד, די ענדערונגען וואָס פיהלען זיך זעהר שטאַרק אין דער איצטיגער אגראר ווירטשאַפט פון ארץ ישראל, זיינען די פ ע ר נ י כ ט ו נ ג פ ו ן װ ע ל ד ע ר א ו ן צ ו ש ט ע ר ו נ ג פ ו ן ד י ב ע ר ג ט ע ר א ס ע ן וואָס זיינען מיט אזוי פיעל מיה און פלייס דורך די אַמאָליגע אידישע אַקערבויער אָנגעלעגט געווארען אויף די בערג פון יהודה, גליל און עבר הירדן. די האַסטיגע ווינטער־רעגענס, וואס שטראָמען אראָב פון די שטיילע בערג, האָבען דאַדורך אראבגעשווענקען די פרוכטבארע מינעראל־ערד פון די אָב־הענג, און אויף די רוקענס פון די בערג האָט זיך ארויסגעוויזען דער נאַקעטער שטיין. אָבער דערינען איז ניט שולדיג די נאַטור נאָר דער מענש. די גרעסטע צושטערער פון די וועלדער זיינען געווען די רוימער, וואס האָבען־אויסגעהאַקט אַלע ביימער ארום די שטעדט וואס זיי האָבען בעלאַגערט אין דער צייט פון אידישען בעפרייאונגס־קאַמפף. אזוי זיי־נען פערניכטעט געווארען די וועלדער פון גליל און ארום ירושלים ביי דער בעלאַגערונג פון אספּסינוס און טיטוס. די וועלדער וואָס זיינען ניצל געוואָרען פון דער בייזער רוימישער האַנד זיינען דערנאָך ביסלעכווייז צושטערט געווארען אין די צאָהלרייכע פרעמדע אינוואזיאָנען פון די אַראַבער, פערסער, מאָנגאָלען, נוסעי־הצלב און טערקען. און די שארית הפליטה וואס איז פערבליבען פון די אונאויפהערליכע מלחמות און חורבנות זיינען סיסטעמאַטיש און אונ׳ברחמנות׳דיג פערניכטעט געווארען דורך דער פערבליבענער לאַנד בעפעלקערונג. אין עבר הירדן זיינען נאָך איצט די בערג פון גלעד דרום זייט פון ירמוק בעדעקט אויף גרויסע שטרעקען מיט אורשפּרינגליכע וועלדער. דאָ קאָן מען זעהען פון איין זייט ווי אזוי די בערג אין מערב ארץ ישראל האָבען אויסגעזעהן פאַרצייטענס אין זייער גרינער צירונג, פון דער אַנדער זייט זעהען מיר דאָ, אין דער געגענוואַרט, א טרויעריגען ביישפּיעל פון וואַלד־פערניכטונג, וואס אילוס־טרירט פאר אונז ווי אזוי די וועלדער און אַנדערע טיילען פון לאַנד זיינען פריהער אויסגעראָטעט געווארען. די צושטערער פון די ביימער זיינען די פלאַחין, ציגיינער און קוילען־ברענער. ווען דער פלאַח געפינט אז דער בוים שטעהט איהם אין וועג, שאָנעוועט ער גאָר ניט, און טרעט גלייך צו צו פערניכטען די טייערע צירונג. גלייך אויסהאַקען דעם בוים קאָן ער ניט, ווארים ער האָט ניט די נויטיגע ווערקצייג אומ־צולעגען דעם מעכטיגען שטאַם, טוט ער דעריבער זיין פערניכטונגס ארבייט צו ביס־לעך. ער ברעכט אָב די דינערע צווייגען און לעגט אונטער א פייער אָונטער׳ן שטאַם, די באַרבאַרישע אָפּעראַציע ווערט עטליכע מאָהל איבערגעחזר׳ט ביז דער בוים ווערט אזוי אָבגעשוואַכט, אז מ׳קאָן איהם אָבברעכען. פּראָפ. הערמאן גוטע דערצעהלט, אז א סך מאָהל זעהט מען דעם שטאַם רויכערען און ברענען — און די קרוין בליהט און גרינט. „עס טרעפט זיך אז די לעבענס־קראפט פון א סאַסנע אָדער טערעבינט איז שטאַרקער פאר דער צושטערונגס־קראַפט פון פלאַח; דער זאַפט פון בוים איז בכח טיילמאָהל צו דערשטיקען דאָס פייער, דער בוים גרינט אין אונפערענדערטער פריש־

קייט און לאָזט זיך ניט שטערען אין זיין וואוקס; אזוי אונפערוויסטליך איז די נאַטור קראַפט פון דעם לאַנד."

א צווייטער פיינד פון די בוימער זיינען די מחנות ציגיינער וואס וואַנדערען ארום איבער'ן לאנד. איינע פון זייערע פרנסות איז מאַכען טערפענטין אויל, דערצו געברויכען זיי די צווייגען פון טערעבינטען, וואס זיי ברעכען אָב אָהן רחמנות. זייער שאָדען איז פערהעלטניסמעסיג ניט גאָר קיין גרויסער, ווייל זיי שטעהען ניט לאַנג אויף אַן אָרט. דערפאר זיינען זעהר געפעהרליך די קוילענברענער. ווי עס הערען נור



בילד 80.
אנ'אייכע אין עבר הירדן.

אויף די רעגענס און עס ווערט טרוקען, קומען זיי האַקען די ביימער אין די געדיכטעסטע שטעלען פון וואלד, פאַרצובריטען האָלצקוילען וואס ווערען געברויכט אין לאַנד אלס הייץ מאַטעריאַל. זיי בלייבען אויפ'ן אָרט אַזוי לאַנג ביז זייער צושטערונגס־ארבייט ווערט ניט גרינדליך אָבגעטהאָן. די רעגיערונגס־אויפזעהער, וואס דאַרפען אָבהיטען און בעשיצען די וועלדער בעקומען זייער חלק און זיי זאָלען פאַר דער צייט

אויפגעבען זייער אויפזיכט. אזוי ווערען שוצלאָז ביי דער אדמיניסטראַטיווער מיספערוואַלטונג פערניכטעט די וועלדער וואָס זיינען נאָך פערבליבען אין עבר הירדן, א דאַנק זיין גרעסערע פערבאָרגענהייט און ווייטקייט פון די היסטאָרישע שלאַכט פעלדער פון לאַנד.

די אויסראָטונג פון די וועלדער האָט דעם זעלבען שעדליכען איינפלוס ווי די צושטערונג פון די טעראַסען. דער באָדען פון די בערג ווערט אָבגעוואַשען, און עס בעווייזען זיך נאַקעטע פעלזען.

דערצו דאַרף נאָך צוגעגעבען ווערען די פערנאַכלעסיגונג און צושטערונג פון דער הויך ענטוויקעלטער איריגאַציאָנס־סיסטעם וואס די אידען האָבען געשאַפען און גע־ברויכט אין לאַנד: די וואַסערלייטונגען פון ירושלים, טבריה, בית שאן, יריחו און אַנדערע ערטער און די ברכות און אַנדערע בעוועסערונגס־איינריכטונגען וואָס זיינען פערצייטענס בענוצט געוואָרען — און פון וועלכע עס זיינען נאָך פערבליבען פיעלע רעש־טען אין לאַנד.

ענדערונגען אבהענגיג פון סאָציאַלע בע־דינגונגען.

די געשיכטע פון ארץ ישראל פאַר דעם לעצטען טויזענד יאָהר ציינט אונז א ביישפיעל פון ענדערונגען פון לאַנד, וואס האָט גאָר ניט צו טאָן מיט קלימאַטישע שנויים. די חראָניקעס פון צוועלפטען יאָהרהונדערט, פון דער צייט פון דער לאַטייני־שער מלוכה אין ירושלים, זיינען פול מיט ידיעות וועגען גערטנער פון ווייגשטאָק און אַליוען, סעדער און פעלדער און בעוואַסערטע פרדסים. אין צפון איז דאָס לאַנד גע־ווען בעצירט מיט סאָסנעס, דעמבעס און צעדרען. די קאַלך און קרייד שטיינער פון לבנון זיינען געווען בעדעקט מיט גרינע וויינגערטנער געפלאַנצט אויף טעראַסען. אַזי חיפה און אין אנדערע פאָרשטעדטע האָבען געוואַקסען פאַלמען־וועלדלעך. די בערג פון ארץ ישראל זיינען געווען איינגעהילט אין בוימען־מאַנטעל. אין די עבענעס איז געוואַקסען ווייץ, גערשט, האָבער, דורא, רייז, ארבסען, סעזאַם און באָהנען. בוימוואָהל, אינדיגא און פלאַקס איז קולטיווירט געוואָרען אין די טאָלען און בעזונדערס אין ירדן־טאָל. דער פלאַקס פון שכם איז געווען אזוי גוט ווי דער פלאַקס פון מצרים. אין בעוואַסערטע גערטנער זיינען געוואַקסען אלערליי גרינסען. פייגען, אַליוען, גראַנאַטען, פערסיקעס, אַפּעלסינעס, באַנאַנעס און מאַנדלען האָבען געבליהט אין די גערטנער. אין פיעלע ערטער האָט מען קולטיווירט צוקער רוירען. די צוקער־מיהלען פון יענער צייט שטעהען נאָך אין רואינען נעבען יריחו מיט'ן נאָמען „טוחאן־עס־סוקאַר". עהנליכע מיהלען זיינען געשטאַנען אין עכו, צור, בצה, ינוח, גבל, עין גדי. דיזער וואוילשטאַנד איז געווען דער פּראָדוקט ניט פון די פּלוצלונגע גליקליכע ענדערונגען פון קלימאַט — נאָר פון צייטווייליגע גינסטיגע פּאָליטישע פערהעלט־ניסע. דער אויפשוואונג פון גליל אונטער דער הערשאַפט פון שייך דאהער אל־עמר (זעה זייט 257) איז אַן אַנדער ביישפּיעל פון דער ענטוויקלונג פון באָדען־קולטור ביי בעסערע פּאָליטישע בעדינגונגען.

ניט קלימאַטישע נאָר היסטאָרישע, פּאָליטישע און סאָציאַלע ענדערונגען האָבען געבראַכט צו דער איצטיגער טרויעריגער לאַגע פון לאַנד. די אונצעהליגע מלחמות און אינוואַזיאָנען, די איבערפאַלען פון בעדואינער, די הונדערט יעהריגע מיספערוואַלטונג פון אַלטען מצריש־טערקישען רעזשים, די אונטערדריקונג און אויסבויטונג פון די פּאַשאַס און אגאַס, די איענדליכע בירגער קריגען און צוריסענקייט, די מאָראַלישע, קול־טורעלע און סאָציאַלע געפאַלענקייט פון די פּויערישע מאַסען, זייער אונוויסענהייט און אָרעמקייט, וואָס איז ענטשטאַנען אלס רעזולטאַט פון שוצלאָזיגקייט, אונזיכערקייט,

שווערע שטייערען, די עקספּלואַטאַציע פון די עפענדים — באַדען־אייגענטימער און פּראַצענטניקעס, די ווילקיר פון די בעאַמטע, דער איינפלוס פון מוסלימישען פאַטאַ־ליזם, א. ד. ג., א גאַנצע רייהע פון אונגינסטיגע סאָציאַלע, פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און קולטורעלע אומשטענדען וואס האָבען געהערשט אין לאַנד הונדערטער יאָהרען נאָכאַנאַנד; וויינינגער בעגינסטיגטע פון דער נאַטור לענדער וואָלטען אונטער אַזעל־כע אומשטענדען פיעל שנעלער און גענצליך חרוב געוואָרען; און עס איז נאָר צו בע־וואונדערען ווי אַזוי ארץ ישראל האָט, טראָץ אַלע מענשליכע פּערוויסטונגען און הונ־דער יעהריגער פערנאַכלעסיגונג, איינגעהאַלטען איהר פּראָדוקטיווע קראַפט און ביי דער מינימאַלסטער אנשטרענגונג און ארחאישע ארבייטס־מעטאָדען פון די פלאחין בעלוינט זי נאָך אַלץ די מענשליכע מיה און פּראָצע.

נור ביי אַזא אויסערגעוועהנליך גינסטיגען קלימאַט און נאַטירליכער פּרוכט־באַרקייט פון באָדען איז מעגליך אַז דער באָדען וואס איז הונדערטער יאָהרען ניט גע־מיסטיגט געוואָרען זאָל יאהר איין יאָהר אויס ברענגען פרוכט, און אַז די רייכסטע אָליוועז און אַנדערע פרוכט ביימער געראָטען זאָגאר אין אַזעלכע שטייניגע בערג וואס מאַכען אויפ'ן ניט געניטען צושויער אַן איינדרוק פון א האָפנונגסלאָזען פעלז.

ווען מיר זאָלען אַננעהמען די פערמינדערונג פון דער בעפעלקערונג און פערלאָ־זענקייט פון פריהער קולטיווירטע באַדענס אַלס א רעזולטאַט פון קלימאַטישע ענדע־רונגען וואָלטען מיר געמוזט קומען צום שלוס, אַז דער קלימאַט פון ארץ ישראל פאַר די לעצטע דרייסיג־פערציג יאָהר האָט זיך ווידער אמאָל געענדערט — צום גוטען. פיעלע לענדערייען וואָס זיינען געלעגען וויסט האָבען אָנגעהויבען בעארבייט צו ווע־רען, נאַקעטע בערג און זאַמדיגע טאָלען זיינען בעדעקט געוואָרען מיט וויינגערטנער, מאַנדלען, אוילבוימער און אראַנזשען, און אונבעוואוינטע, פערווילדעטע פּלעצער זיינען געוואָרען צענטערען פון לעבען און קולטור — דאָס זיינען די אידישע קאָלאָניעס, פון וועלכע א גרויסער טייל איז ענטשטאַנען אין ערטער וואָס זיינען שוין הונדערטער יאָהרען ניט געווען בעארבייט און בעוואוינט. די „אין שענסטען שמוק בליהענדע בוימער, הערליכע וויינגערטנער און גרינענדע פעלדער פון די אידישע קאָלאָניעס", לויט'ן אויסדרוק פון אראבישען געלערענטען דר. ת. כנען, האָבען דערוויזען וואָס בעדייטעט מענשליכע ארבייט, פליים, טיכטיגקייט און קולטור פאַר דעם באָדען אין א"י און אַז די ענדערונגען אין לאַנד זיינען אבהענגיג פון מענשען און פון מענשליכע קולטור, און פונקט אַזוי ווי די פערערגערונג שטאַמט פון מענשען, איז אויך די פער־בעסערונג מעגליך דורך מענשען.

וואס די אידישע קאָלאָניעס צייגען.

ניט די נאַטור — נאָר מענשליכער בייזער ווילען, מענשליכע צושטערונגס־קראַפט, פערנאַכלעסיגונג, דומהייט, אונוויסענהייט זיינען שולדיג אין דער איצטינער טרויעריגער לאַגע פון לאַנד. אָבער דאָס וואָס מענשען האָבען צושטערט קאָנען מענ־שען צוריק אויפבויען. וואס אונוויסענהייט האָט פערנאַכלעסיגט קאָן וויסענשאַפט גוט מאַכען און פיעלפאַך פערבעסערען.

# שלום .

„עקסנאציאָ־נאליטעט" פון א"י.

פון נאָך דעם אידישען חורבן און דער צושטערונג פון אויטאָנאָמען ישוב אין זיין היסטאָריש פאטערלאנד — איז ארץ ישראל געוואָרען און פערבליבען, אזוי צו זאָגען, אַן „עקסנאציאָנאל לאנד", א לאנד אָהן א פאָלק, אָהן אַן איינהייטליכע, פער־אייניגטע, צו דער היסטאָרישער ערד צוגעבונדענע בעפעלקערונג וואָס לעבט אין לאנד און ליעבט דאָס לאנד אַלס אַן אייגען לאנד, אַן אייגענען היים. מיט ארץ ישראל איז פאָרגעקומען אין א געוויסען זין דאָס זעלבע וואָס מיט'ן פאָלק ישראל. אָבגעריסען און בערויבט פון זייער היסטאָרישער היים, האָבען די אידען אין פערלויף פון זייער אַכצעהנהונדערט־יעהריגען גלות ניט ערוואָרבען זיך אויסער ארץ ישראל קיין אנדער נאציאָנאלע היים. אין געפיהל און בעוואוסטזיין, אין שטרעבונג און ווילען פון אי־דישען פאָלק איז א"י פארבליבען ז י י ן לאנד; דער מהלך פון צייט און רוים האָבען ניט געקאָנט אָבשוואכען און אויסרייסען פון אידישען פאָלקס־געוויסען דעם אינ־סטינקטיוועז גלויבען אין א"י אַלס די אידישע היים. דערווייטערט פיזיש פון זיין היסטאָריש לאנד, האָט דאָס אידישע פאָלק ניט אויפגעהערט צו זיין נאָהענט, אינ־טים נאָהענט צום לאנד פון זיין פערגאַנגענהייט, וואו ער האָט אויך געזעהן זיין צוקונפט. אין די טיעפסטע טיעפענישען פון פאָלקס נשמה איז פערזיגעלט געוואָרען א ליידענ־שאפטליכע בענקשאפט נאָך ז י י ן לאנד, און איבער דעם לאַנגען דאָרענדיגען גלות־וועג האָט אָבגעקלונגען אין אידישען הארץ די פייערליכע שבועה פון די ערשטע גולים: „אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני". און אין פייער און בלוט האָט דאָס פאָלק דורכ־געטראָגען און אָבגעהיט אין פערלויף פון אַכצעהן הונדערט יאָהר זיין חלום און גלוי־בען אין זיין נאציאָנאלער ווידערגעבורט און צוריקקעהר צו זיין אייגענער היים.

און דורך א מערקווירדיגען היסטאָרישען צופאַל איז ארץ ישראל פאַר די גאַנ־צע אַכצעהן הונדערט יאָהר פון אידישען גלות ניט געוואָרען די נאציאָנאלע היים פון אירגענד וועלכען עס איז פאָלק. קיין איין נאציאָן און קיין איין מלוכה איז ניט צוזאמענגעוואקסען און ניט באהעפטעט געוואָרען מיט'ן אידישען פאטערלאנד.

נאָך דעם פאַל פון שמעון בר־כוכבא, דעם לעצטען אידישען זעלבסטשטענדיגען הערשער, האָט רוים און ביזאַנץ געהאַלטען א"י פאַר גאַנצע 500 יאָהר (פון 136 ביז 636), אָבער ניט די רוימער און ניט די ביזאנטינער האָבען א"י ניט געמאכט פאַר זייער היים. פאַלעסטינא איז פאַר זיי ניט מעהר געווען ווי א קאָלאָניאַלער בעזיץ, א פאָליטיש אייגענטום וואָס מען געווינט און פערלירט, וואָס איז אָבער ניט קיין אָר־גאַנישער טייל פון נאציאָנאַלען קיום. דאָס לאנד האָט אפילו ניט איבערגענומען די הערשענדע רוימישע און גריכישע שפּראַכען, און ביז דער הערשאפט פון איסלאַם האָט די בעפעלקערונג פון א"י גערעדט ארמ'יש, די אידישע פאָלקס־שפּראַך, און טיילווייז אויך העברעאיש — די אידישע נאציאָנאלע שפּראַך.

די אַראַביש־מצרישע הערשאפט אין א"י, וואָס האָט מיט פיעלע אונטערברע־כונגען געדויערט בערך 880 יאָהר — פון 637 ביז 1517 — (אין צווישען, פון 1099 ביז 1291, האָבען מאנכע מאָהל געהערשט די נוסעי הצלב), האָט איבערגעלאָזט אין לאנד פיעל טיעפערע און דויערענדע סימנים. עד היום הערשען די שפּראַך און רע־

ליגיאָן פון אַראַביען אין לאַנד פון די אידישע נביאים. אַלס נאַציאָן אָבער, האָבען די אַראַבער זיך קיינמאָהל ניט אָרגאַניש פערבונדען מיט דעם עראָבערטען ארץ ישראל, הגם זיי האָבען אַרויפגעצוואונגען אויף דער עראָבערטער בעפעלקערונג זייער שפּראַך און גלויבען. דאָס וויגעלע פון דער אַראַבישער נאַציאָנאַליטעט איז נאָך אַלץ פער־בליבען אין דער גרויסער וויסטע פון אַראַבישען האַלב־אינזעל, און די צאָהלרייכע אַראַ־ביש־שפּרעכענדע פעלקער פון מערב אַזיען און צפון און מזרח אַפריקע בילדען נאָך אַלץ פערשיעדענע נאַציאָנאַלע איינהייטען וואָס האָבען צווישען זיך ניט קיין אַנ־דערע געמיינשאַפטליכע פערבינדונג אויסער דער רעליגיע.

אין ארץ ישראל גופא זיינען די קינדער פון די אַראַבישע עראָבערער נאָך ביז היינט געבליבען מייסטענס אָבגעזונדערט פון דער אָרטיגער בעפעלקערונג און מיט וויינציג אויסנאַהמען האָבען זיי נאָך אַלץ ניט געביטען זייער נאָמאַדישען לעבען אויף מעהר ציוויליזירטע, זעסהאַפטע לעבענס פאָרמען. אין מויל פון דער פּאַלעסטינער איינוואוינערשאַפט איז דער וואָרט „אַראַב" אידענטיש מיט'ן בעגריף נאָמאַד אָדער בעדואינער. די פלאַחין בעטראַכטען נאָך איצט דעם „אַראַב" אַלס אַ פיינד און אַ פרעמדען, און זיי האָבען אַ ווערטעל: „ערב ג'רב מא בנקרב" (אַראַב דזשאַראַב מא בינקאַראַב), ד. ה. דער אַראַבער איז קרעציג, דערנעהנטערט זיך ניט צו איהם. נאָר אַ טייל פון די וואָס שטאַמען פון די אַראַבישע עראָבערער האָבען זיך בעזעצט אין די שטעדט — דאָס זיינען די עפענדים, אַדעליגע פאַמיליעס וואָס זיינען נאָך איצט ווירט־שאַפטליך די הערשער פון לאַנד — צו זיי בעלאַנגען די מייסטע גרויסע גיטער, זיי זיינען די בעלי עשור און פּראָצענטניקעס וואָס האַלטען די פלאַחין אין עקאָנאָמישער און פינאַנציעלער אָבהענגיגקייט און פערשקלאַפונג.

וויינציגער פאַר די אַראַבער האָבען די טערקען זיך נאַציאָנאַל איינגעבירגערט אין לאַנד. נאָך אַ פיער הונדערט יעהריגער הערשאַפט פון די אָטאָמאַנישע טערקען אי־בער'ן לאַנד (1517—1917), איז די טערקישע קולטור און טערקישע שפּראַך געבליבען אַזוי פרעמד און אונבעקאַנט אין א"י, אַקוראַט ווי זי איז געוועזען מיט 400 יאָהר צו־ריק. פון די עטליכע און צוואַנציג נאַציאָנאַל רעליגיעזע גרופּען, פון וועלכע די פּאַ־לעסטינישע בעפעלקערונג איז צוזאַמענגעשטעלט, איז די טערקישע די קלענסטע, און עקאָנאָמיש און קולטורעל די אונבעדייטענדסטע. בלויז פּאָליטיש פערנעהמען די טערקען דעם אויבען־אָן, אַלס די הערשענדע ראַסע, אָבער אַ חוץ די קליינע צאָהל פון העכערע ציווילע און מיליטערישע בעאַמטע איז אין ארץ ישראל ניטאָ קיין טער־קישע איינוואוינער, און מחוץ די אָפיציעלע רעגיערונגס אַנשטאַלטען ווערט די טער־קישע שפּראַך וויינציגער געברויכט ווי אירגענד וועלכע עס איז אייראָפּעאישע שפּראַך, שוין ניט רעדענדיג פון אַראַביש און העברעאיש און אַנדערע אידישע דיאַלעקטען.

קיין איינע פון די עראָבערענדע נאַציאָנען האָט זיך אָרגאַניש ניט פערבונדען מיט ארץ ישראל — דאָס לאַנד איז ביז היינט געבליבען אָהן אַ בעזיצער אין נאַציאָנאַל־היסטאָרישען זין פון דעם וואָרט. דערפאַר איז דאָס לאַנד געבליבען רואינירט און האַלב־פערוויסטעט. אין לאַנד גופא איז ניט געוועזען קיין איינהיימישע בעפעלקערונג וואָס האָט דעם אינטערעס און דעם ווילען און די פעהיגקייט צו בעבויען און ענט־וויקלען דאָס לאַנד, און די פרעמדע רעגיערונגען האָבען זיך אינטערעסירט הויפּט־זעכליך אין דער מיליטערישער און פינאַנציעלער עקספּלואַטאַציע פון דער לאַנד־בע־פעלקערונג, און האָבען זעהר וויינציג געזאָרגט פאַר זייערע עקאָנאָמישע און קול־טורעלע נויטען.

אָט דיזע „ע ק ס ק ל ו ז י ו ו י ט ע ט“ פון ארץ ישראל האָט געבראַכט דערצו אז ארץ ישראל זאָל ווערען פערוויסט און רואינירט.

דאָס לאַנד פון זון און בלומען, פון אימער גרינע בוימער און פאַרבענרייכע פעלדער, וואו „די בערג טריפען מיט זאַפט“ פון פרוכטען און די „טאָלען זיינען אָנגעלאָדען מיט תבואה“, דאָס וואונדערליכסטע לאַנד פון ערד־קוגעל, א וועלט אין מיניאַטור, לויט דעם שאַרפזיניגען אויסדרוק פון רבי שמעון בן יחאי, „ארץ מתובלת בכל“, א לאַנד וואָס פעראייניגט אין זיך די פערשיעדענאַרטיגסטע נאַטור־געשטאַלטען און נאַטור־קאָנטראַסטען, וואָס האָט ניט קיין גלייכען אין דער פיעלפאַכער גלידערונג פון דער אויבערפלעכע, אין דעם רייכטום פון פלאַנצונגען אויף אזא בעגרענעצטען שטח, און וואס דער אידישער היסטאָריקער האָט מיט רעכט בעצייכענט אלס „די אמביציאָן פון דער נאַטור וואס זוכט ווי אין א וועט־שטרייט צו פעראייניגען אין איין פונקט די גענענזעצען און צווינגט די געוויקסען וואָס זיינען פון דער נאַטור פיינדליך צווישען זיך, זאָלען לעבען האַרמאָניש צוזאַמען“, א לאַנד וואָס בילדעט גלייכזאם די פערבינדונגס־בריק צווישען אַזיען און אַפריקא, דעם פרסי'שען גאָלף און ים התיכון, און פעראייניגט דעם מזרח מיט'ן מערב, א לאַנד וואו ס'טרעפען זיך צוזאַמען אלע קולטורען און פון וואנען דער העכסטער מענשליכער געניוס האָט פערשפרייט זיין גייסטיגע ממשלה איבער דער גאַנצער וועלט, דאָס לאַנד וואָס איז פון דער נאַטור און געשיכטע בעשטימט געווארען צו זיין דאָס גאָרטען־לאַנד און דער „צבי הארצות“, דער ברען־פונקט פון דער וועלט — איז זינט עס איז פערלאָזען געווארען פון די געטרייע, פלייסיגע, איבערגעגעבענע הענד פון א י י ג ע נ ע ק י נ ד ע ר, געבליבען צושטערט און פאַרוועלקט, פערעלענדט און פעראָרימט. „דערנער אין צאָהללאָזע מענגען בעדעקען די שעהנע טאָלען, די גערטנער און פרוכט־וועלדער זיינען פערשוואונדען, דער וואַלד צירונג איז פערניכטעט, די בערג־אָבהענג זיינען נאַקעט און לעבענסלאָז, ענטבלויזט פון זייער פרוכט ערד, דאָס לאַנד איז בעדעקט מיט חרבות“.

וואס א"י דארף.

און דאָס לאַנד וואַרט אויפ'ן פאָלק, אויף זיין פאָלק, ער זאָל קומען און אויפריכטען און רעסטאַווירען זיין אלטע היים, פערהיילען מיט קינדערשע ליעבע און מוטערליכע איבערגעבענהייט און טרייהייט איהרע וואונדען, אויפשטעלען די טויזענד יעהריגע רואינעס, ווידערשטעלען די בערג־טעראַסען און אָנפלאַנצען די וואַלד־צירונג, צוריק אויפבויען און פערפאָלקאָמענען מיט די אַלע מיטלען פון דער מאָדערנער וויסענשאַפט, אגראַנאָמיע און טעכניק, די אַמאָהל שוין עקזיסטירענדע איריגאַציאָנס־סיסטעם און בעפרוכטען די פערלאָזענע אָבער נאָך אימער פרוכטבאַרע פעלדער פון יהודה און גליל, בשן און גלעד; ער זאָל קומען און מיט זיין איניציאַטיווע און ארבייט, ערפינדונגס־גייסט און אונבעזיעגבארען ווילען אַרויסצוביברען פון שויס פון לאַנד איהרע בעהאַלטענע אוצרות און נאַטירליכע רייכטימער; ער זאָל קומען און מיט זיין פיאָנירען־לוסט און אָפפערווילינקייט, ענטוזיאַזם, מוטה און שעפּפערישען געניוס אויפבויען און גרינדען די נייע ארץ ישראל.

## ביבליאָגראַפיע צו דעם צווייטען קאפּיטעל וועגען לאַנדווירטשאַפטילכען ישוב.

### אלגעמיינעס

ר' אשתורי הפרחי: כפתור ופרח, הוצ' לונץ, ירושלם תרנ"ט.
ר' אוסף שווארץ: תבואות הארץ, הוצ' לונץ, ירושלים תר"ס.
א ספיר: הארץ, הוצאת „קהלת" יפו, התרע"א.
א. מ. לונץ: „ירושלם" עשרה כרכים, ירושלם.
א. מ. לונץ: לוחות ארץ־ישראל, ירושלים תרנ"ו־תרע"ד

علی جواد · ممالك عثمانیه نك تاریخ وجغرافیا لغاتی در سعادت ١٣١٣
סאַלנאַמע־אי דעוולעט־אי אליע־אי אסמאַניע, 1308 (טערקיש).
סאַלנאַמע־אי ווילאַיעט־אי סוריה, 1317 (טערקיש).
سالنامهٔ ولایة بیروت ١٣٢٦

**The Survey of Western Palestine:** Memoirs of the topography, orography, hydrography, etc.
Vol. I: Galilee. London, 1881.
Vol. II: Samaria. London, 1882.
Vol. III: Judaea. London, 1884.
**Trelawney Saunders:** An introduction to the Survey of Western Palestine.
**C. R. Conder:** Tent Work in Palestine. 2 Vol. London, 1878.
Heth and Moab, Explorations in Syria in 1881 and 1882. London, 1883.
**V. Guerin:** Description Geographique, historique et archeologique de la Palestine. 7 Vol. Paris, 1868-1880.
**E. Hull:** Mount Seir, Sinai and Western Palestine; being a narrative of a scientific expedition. London, 1889,
**K. Baedecker:** Palestine and Syria, Handbook for travellers. Leipzig. New York, London, 1912.
**Vital Cuinet:** Syrie, Lyban et Palestine. Paris, 1896-1901.
**Prof. Dr. Herman Guthe:** Palaestina. Leipzig, 1908.
**G. Schumacher:** Der Dscholan. (Z. D. P. V. IX, 1886.)
Das suedliche Basan. (Z. D. P. V. XXI, 1897.)
Across the Jordan. London, 1886.
Northern Ajlun. London, 1890.
**L. Oliphant:** The Land of Gilead. New York, 1881.
Haifa, or Life in Modern Palestine. New York, 1887
**Selah Merill:** East of the Jordan. New York, 1887.
S. Munk: Palestine. Paris. 1843.
The City and the Land. 1892. P. E. F.
**H. B. Tristram:** Land of Israel. (London 1866).
—— Land of Moab. (New York 1873).
K. T. Khairallah: La Syrie. (Paris, 1912).

Nadra Mautran: La Syrie de demain. (Paris 1916).
Burton and Drake: Unexplored Syria. 2 vols. (London, 1882).
Ellsworth Huntington: Palestine and its transformation. (Boston and New York, 1911).
W. Thomson: The Land and the Book 3 vol. (Hartford, Conn. 1907).
Azoury Negib: Le Reveil de la Nation Arabe. (Paris, 1905).
C. F. Volney: Voyage en Egypte et en Syrie pendant les annees 1783, 1784 et 1785. Paris. 1787.
J. L. Burckhardt: Travels in Syria. London. 1822.
J. Wilson: The Lands of the Bible. Edinburgh. 1847.

## געשיכטליכעם.

כתובים אחרונים (מועתקים מיונית ע"י רי"ז פרנקל).
פרופ' צבי גראטץ: דברי ימי ישראל, מתורגם עברית מאת שאול פנחס ראבינאוויץ. תשעה חלקים. ווארשא תרנ"א — תרס"ט.
שלמה רוזאנוס: דברי ימי ישראל בתוגרמה, ג' חלקים. הוסיאטין.
משא ארץ ישראל ע"פ חכמי המשנה והתלמוד ליוסף דרנבורג, תרגום מבש"ן. תרנ"ו (הוצאת „המליץ").
Emil Schuerer: A History of the Jewish People in the Time of Jesus Christ, 3 vols.
The Works of Flavius Josephus, translated by William Whiston, 3 vols. New York.
Dr. J. Benzinger: Hebraeische Archaeologie. 2 Auflage. Tuebingen, 1907.
Dr. Samuel Kraus: Talmudische Archaeologie. 3 Baender. Leipzig, 1911.
Dr. Wilhelm Nowack: Lehrbuch der Hebraeischer Archaeologie. Freiburg, 1894.
C. R. Conder: The Jews Under Rome. (Q. S. P. E. F., 1876.)
The Fertility of Ancient Palestine. (Q. S. P. E. F., 1876.)
S. Merill: Galilee in the Time of Christ. Boston, 1881.
E. Robinson: Biblical Researches in Palestine. 3 Vol. Boston, 1856.
Adolph Neubauer: La Geographie du Talmud. Paris, 1868.
Dr. Georg Kampfmeyr: Alte Namen in heutigen Palaestina and Syrien. (Z. D. P. V. XV-XVI, 1892-3.)
Dr. S. Klein: Beitraege zur Geographie und Geschichte Galilaeas. Leipzig, 1909.
Dr. G. Hoelscher: Die Geschichte der Juden in Palaestina seit dem Jahre 80 nach Ch. (Leipzig, 1909).
Gue le Strange: Palestine under the Moslems. (London, 1890).
C. R. Conder: The Latin Kingdom of Jesrusalem. London, 1897.
Edward Wilton: The Negeb, or the South Country," 1863.
Ch. Clermont-Ganneau: La Palestine inconnue. Paris, 1876.

## וועגען די פלאחין.

J. Finn: Stirring Times. 2 vols. London 1875.
Henry J. Van-Lennep: Bible Lands; Their Modern Customs and Manners, (New York, 1875).
Leonard Bauer: Volksleben im Lande der Bibel. 2 Auflage. Leipzig, 1903.
F. A. Klein: Mittheilungen ueber Leben, Sitten und Gebraeuche der Fellachen in Palaestina. (Z. D. P. V. III, IV, V.)

**L. Bauer:** Kleidung und Schmuck der Araber Palaestinas (Z. D. P. V. XXIV, 1901.)
**Elihu Grant:** The Peasantry of Palestine. 1907.
**Mrs. E. Finn:** The Fellaheen of Palestine. (Q. S. P. E. F., 1879.)
**Ph. G. Baldensperger:** The Immovable East. (Q. S. P. E. F. 1903-1916).
Religion of The Fellaheen. (Q. S. P. E. F., 1897.)
Morals of The Fellaheen. (Q. S. P. E. F., 1893.)
Woman in The East. (Q. S. P. E. F., 1900-1901.)
**R. A. Stewart Macalister:** Occasional Papers on the Modern Inhabitants of Palestine. (Q. S. P. E. F., 1904-1905.)
——History of the doings of the Fellaheen during the first half of the 19th century, from native sources. (Q. . P. E. F. 1905).
**W. Christie:** Der Dialekt der Landbevoelkerung des mittlern Galilaea. (Z. D. P. V. XXIV.)
C. Schick: Zur Einwohnerzahl des Bezirkes Jerusalem. (Z. D. P. V. XIX, 1896)).
C. R. Conder: Notes on the Language of the native peasantry in Palestine. (Q. S. P. E. F. 1876, pp. 132).
**G. M. Mackie:** Bible Manners and Customs. London 1903.

## לאנדווירטשאפטליכעס.

**DR. LEO ANDERLIND:** Ackerbau und Tierzucht in Syrien, insbesondere in Palaestina. (Z. D. P. V. IX, 1886.)
Die Fruchtbaume in Syrien, insbesondere in Palaestina. (Z. D. P. V. XI, 1888.)
Die Rebe in Syrien, insbesondere Palaestina. (Z. D. P. V. X, 1887.)
Der Einfluss der Gebirgswaldungen in noerdlichen Palaestina auf die Vermehrung der waesserigen Niederschlaege daselbst. (Z. D. P. V. VIII, 1885.)
**FR. Oetkin:** Palaestinafahrt eines Landwirts. (Altneuland III, 1906.)
**G. Schumacher:** Der arabischer Pflug. (Z. D. P. V. XII, 1889.)
**Dr. Canaan:** Der Ackerbau in Palaestina. (Globus, 1909.)
**Hubert Auhagen:** Beitraege zur Kenntnis der Landesnatur und der Landwirtschaft Syriens. Berlin, 1907.
**Samuel Bergheim:** Land Tenure in Palestine. (Q. S. P. E. F., 1894.)
**Georg E. Post:** Land Tenure, Agriculture, etc., in Syria and Palestine. (Q. S. P. E. F., 1891.)
**A. Aaronson und Dr. S. Soskin:** Die Weinfrage und die Rebenkultur in Palaestina. (Die Welt, 1901, No. 32.)
**Wady Medawar:** La Syrie Agricole. Paris, 1903.
**Dr. A. Ruppin:** Syrien als Wirtschaftsgebiet. Berlin, 1917.
**Dr. V. Schwoebel:** Die Verkehrswege und Ansiedlungen Galilaeas in ihrer Abhaengigkeit von den natuerlichen Bedingungen. (Z. D. P. V. XXVII, 1904.)
Resume de la Statistique agricole de la turquie d'Asie et d'Afrique pour l' annee. 1325, Constantinople, 1912.
**Selah Merril:** Fruit Culture in Palestine (United States Consular Reports, No. 45, Washington, 1884.)
**C. Schick:** Landwirtschaftliches aus Palaestina. (Oesterr. Manatsschrift fuer den Orient, 1879, No. 3.)
**Aaron Aaronson:** Agricultural and Botanical Explorations in Palestine, (Washington, 1910.)

**Dr. G. Rindfleisch:** Die Landschaft Hauran in Roemischer Zeit und in Gegenwart ZDPV, Bd. XXI (1898).

**Prof. Dr. Max Blankenhorn:** Naturwissenschaftliche Studien am Toten Meer und in Jordantal, Berlin, 1912.

Ernest Weakly: Report upon the Conditions and Prospects of British Trade with Syria. London. 1911.

Annual Series Diplomatic and Consular Reports on the Trade of the District of Jerusalem for the years 1885-1913;of the District of Syria (Beirut) for the years 1893-1913; of Damascus for the years 1901-1911.

Berichte ueber Handel und Industrie. Band XIII. Berlin. 19 November, 1909. Heft. 6.

Handel und wirtschaftliche Verhaeltnisse im Bezirk des Kaiserl. Konsulats von Jerusalem. s. 226.

**E. W. G. Masterman:** Palestine, its resources and suitability for colonization (The Geographical Journal) London, July 1917.

Dr. H. Hildescheid: Die Niederschlags verhaeltnisse Palaestinas in alter und neuer Zeit. (Z. D. P. V. XXV., 1902).

Dr. Hugo Klein: Das Klima Palaestinas auf Grund der alten hebraeischen quellen. (Z. D. P. V., 1917).

J. Treidel und A. Aaronson: Palaestina, ein wasserarmes Land? (Die Welt, 1902, No. 5).

E. Graf von Muelinen: Beitraege zur Kenntnis des Karmels. (Z. D. P. V., XXV., 1907, pp. 117).

**H. Vogelstein:** Die Landwirtschaft in Palaestina zur Zeit der Mischna. 1894.

**F. Goldman:** Der Oelbau in Palaestina zur Zeit der Mischna. Presburg, 1907.

**Moritz Mainzer:** Ueber Jagd, Fishfang und Bienenzucht bei den Juden in der tanneishen zeit. Pressburg, 1910.

**T. Loew:** Aramaeische Pflanzennamen. Leipzig, 1881.

**Dr. M. Duschak;** Zur Botanik des Talmud. Pest, 1870.

## זעקסטע אבטיילונג.

# די פאָרשונג פון לאנד.

די ליטעראַטור איבער ארץ ישראל איז אזוי אַלט, ווי איהר געשיכטע גופא. צוליעב איהר מערקווירדיגער נאַטור, צוליעב דעם אָפענעם כאַראַקטער פון איהרע טאַ־לען, ביים ברעג ים, און איינגעשלאָסענעם פאַרפעסטיגטען כאַראַקטער פון איהרע בערג אין דעם מיטעללאַנד, צוליעב דער מילדקייט פון איהר קלימאַט און צוליעב דעם רייכטום פון איהר באָדען, פון איהר פלאָרא און פאונא, האָט ארץ ישראל פון אייביג אָן צוגעצויגען צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע ארומיגע פעלקער און שבטים, וועלכע זיינען נור געקומען מיט איהר אין בעריהרונג. און אזוי ווי דאָס לאַנד איז במשך פון עטליכע טויזענד יאָהר כמעט אָהן אונטערבראַכען געשטאַנען אויף דעם שייד־וועג פון די גרויסע פעלקער צוגען, אין דעם מיטעלפונקט צווישען די מעב־טיגסטע וועלט־ציוויליזאַציאָנען, איז שוין פאַרשטענדליך ווארום האָבען כמעט אַלע פעלקער פון דער וועלט געווידמעט אזא גרויסען אינטערעס צו דיעזען קליינעם געאַ־גראַפישען ווינקעל.

דער נאַטירליכער אינטערעס צו פּ א ל ע ס ט י נ א האָט זיך אָבער אונגעהויער פאַרשטאַרקט צו א ר ץ ־ י ש ר א ל : די רעליגיעזע, מאָראַלע און קולטורעל־גע־זעלשאַפטליכע ווערטען, וועלכע זיינען אין דיעזען לאַנד געשאַפען געוואָרען — זיי־נען א פּראָדוקט פון דעם אידישען געניוס און פון דער אידישער טעטיגקייט. און קיין לאַנד האָט נאָך נישט געהאַט אזא וועלט־ווירקונג, קיין איינע האָט נאָך נישט גע־געבען אזוי פיעל שפּייז פאַר דער מענשליכער גייסטיגער טעטיגקייט ווי ארץ־ישראל. די רעליגיעזע, עטישע, פילאָזאָפישע און געזעלשאַפטליכע אידעען, וועלכע שטאַמען די־רעקט פון ארץ ישראל אָדער קומען ארויס פון איהר אונדירעקט, דורך דער פער־מיטלונג פון פיעלע דורות, וואָס זיינען פון דעם לאַנד לאַנג אָבגעריסען, טראָגען אָבער אין זיך רעזולטאַטען פון איהר אַמאָליגער ווירקונג: דיזע אידעען פאַרנעהמען ביז היינט אַן אונגעהויער וויכטיגען פּלאַץ צווישען די לייטענדע געדאַנקען פון אַלע צי־וויליזירטע פעלקער.

דער אינטערעס פאַר א״י.

די אויספאָרשונג פון ארץ ישראל קאָן איינגעטיילט ווערען, ווי די געשיכטע פון דעם לאַנד גופא, אין דריי אונגלייכע טיילען. ביז דער אידישע תקופה האָבען מיר בלויז אויסערליכע צופעליגע קוועלען וועגען ארץ ישראל. די אידישע תקופה איז די איינציגע, וועלכע האָט איבערגעלאָזען אַן אָריגינעלע און פאַלשטענדיגע ארץ־ישראל קולטור. די אידישע ליטעראַטור האָט אָבגעשפּיגעלט אין זיך דעם גאַנצען נאַטור־און געזעלשאַפטליכען אוניווערזום פון ארץ־ישראל פון אינווייניג. האָבענדיג אין זינען גאָר אַנדערע צוועקען — מאָראַליש רעליגיעזע, געזעלשאַפטליכע, פּאָליטישע, נאַציאָ־נאַלע — האָבען די גרעסטע יצירות פון אידישען גייסט — דער תנ״ך, די משנה, דער תלמוד, די פערשיעדענע מדרשים — און טיילווייז אויך די ליטורגישע פּאָעזיע, פּעראיי־ביגט פאַר די צוקונפטיגע דורות א פּאָלשטענדיגע בילד פון דער לאַנדס־נאַטור און פון גאַנצען געזעלשאַפטליכען און אינדיווידועלען לעבען פון איהר באַפעלקערונג.

די פאָרשונג אין פערשיע־דענע תקופות.




דאס לאנד כ נ ע ן פאר דער אידישער איינוואנדערונג (לויט די בריעף פון תל־אמרנא).

די דריטע נאָך־אידישע עפּאָכע האָט איבערגעלאָזען נאָך זיך צוויי ערליי קוועלען: אינערליכע (אַראבישע, שמרונישע און קריסטליכע כראָניקען) און אויסערליכע בע־שרייבונגען פון פערשיעדענע אידישע, קריסטליכע און מוסולמענישע רייזענדע און עולי־רגל. דיעזע אַלע מאַטעריאַלען, וואָס זיינען ספּעציעל מיט דעם צוועק געשריבען געוואָרען צוליעב אינפאָרמאַציאָן וועגען ארץ־ישראל און איהר צושטאַנד, גיבען איבער נור איינצעלנע, אָבגעריסענע בילדער פון לאַנד, און זיי קאָנען זיך ניט פאַרגלייכען מיט דער קלאָרער אַלזייטיגער גאַנצער לעבענס־בילד פון די אויבענדערמאָנטע אָריגינעלע יצירות פון דעם אידישען גניוס. ערשט אין אָנהויב פון 19טען יאָהר־הונדערט פאַנגט זיך אָן אַ נייע עפּאָכע אין דער פאָרשונג פון ארץ ישראל. — די תקופה פון וויסענשאַפטליכער אויספאָרשונג, וועלכע האָט זיך כסדר ענטוויקעלט אין משך פון דעם יאָהרהונדערט און געשאַפען די מאָדערנע פּאַלעסטינא־וויסענ־שאַפט.

די ערשטע איינוואָהנער פון ארץ ישראל האָבען אונז קיינע בעריכטען, אין דער פאָרם פון שריפטליכע דאָקומענטען, פון זיך ניט איבערגעלאָזט. נור די אויסגראָ־בונגען פון די לעצטע יאָהרען האָבען אַרויסגעבראַכט פאַר דער ליכט פון דער וועלט זאַכליכע ראיות, אין דעם פאָרם פון קברים, רואינען, מערות, מזבחות, כלים און פערשיעדענע אינסטרומענטען. די ערשטע שריפטליכע דאָקומענטען, וועלכע בע־שרייבען ארץ ישראל שטאַמען געראָדע פון חוץ־לארץ — פון מצרים און פון בבל. איבערהויפּט פון מצרים. דער ערשטער טוריסט איז געווען איינער סינוהיט, אַ יאָהרהונדערט נאָך אברהם אבינו. ער דערמאָנט פיעלע ערטער, וועלכע זיינען אונז בעקאַנט פון דער תורה, און בעשרייבט דאָס גאַנצע לאַנד כנען, אַלס „אַ לאַנד פון פייגען און וויין... וואו וויין איז מעהר פאַר וואַסער... האָניג מיט אָליוועס לרוב. בוימער בעלאָדען מיט אַלערליי פרוכט, פעלדער מיט גערשטען און פּיה אָהן אַ שיעור"... דער טיש איז פול מיט „ברויט, וויין, געקאָכטע פליישׁ און געבראָטענע עופות, ווילדע יאַגד־חיות פון די בערג און כלים פול מיט מילכיגע מאכלים".1) עגיפּטישע קוועלען.

דעהוטמאָזיס (טוטמאָס) דער דריטער האָט איינגענומען ארץ־ישראל אין 16טען יאָהרהונדערט, ד. ה. בשעת די ערשטע אידישע שבטים זיינען געוועזען נאָך אין „גלות־מצרים". אין אַן אויפשריפט פון יענער צייט, אין קאַרנאַק (מצרים), ווערט דערצעהלט ווי אַזוי עס איז איינגענומען געוואָרען מגדו, עמק־יזרעאל און דאָס גאַנצע לאַנד כנען. די אויפשריפט ענטהאַלט 119 נעמען פון שטעדט און ערטער אין פיעלע פון וועלכע מיר דערקאָנען לייכט נעמען פון דעם תנ"ך.

מיט דרייסיג יאָהר צוריק (1887) האָט מען ענטדעקט נאָך אַ וויכטיגערען קוואַל, דאָס זיינען די בריעף פון תל־אמרנא 2), וועלכע גיבען אונז איבער זעהר אינטערעסאַנטע ידיעות איבער דעם פּאָליטישען און געזעלשאַפטליכען צושטאַנד פון ארץ ישראל און סוריען אין דעם 15טען יאָהרהונדערט פאַר דער קריסטליכער רעכנונג. צווישען די עטליכע הונדערט בריעף פון תל־אמרנא געפינען זיך אויך זעקס בריעף פון אַ געוויסען קעניג אָדער שטאַטהאַלטער פון ירושלם, וועלכער מעלדעט אַז דער עגיפּטישער פּלאַט האָט פאַרלאָזען די ברעגען פון לאַנד, אַז

1) זעה „קאַמדען מ. קאָבערן"ס אַרטיקעל אין דער „אינטערנעשאַנאַל בייבל ענציקלאָפּעדיע. שיקאַגאָ 1915, אָדער די „רעקאָרדס אָוו דהי פּאַסט", באַנד 6.

2) The Tell-Amarna. Tablets, translated by C. Conder.

א סך שטעדט זיינען שוין איינגענומען געוואָרען פון דער פאָלק „חבירי” (וועלכע מאנכע געלערנטע אידענטיפיצירען מיט „עברי”), און אז ירושלם גופא שטעהט אין גרויס סכנה איינגענומען צו ווערען, אויב די מצרים וועלען נישט קומען שנעל צו הילף.

אין די בריעף פון תל־אמרנא זיינען אָנגערופען ביז 130 נעמען פון ארץ־ישראל־דיגע שטעדט און פונקטען, וועלכע זיינען כמעט אלע אידענטיפיצירט געוואָרען מיט שטעדט פון תנ”ך, אָדער מיט בעקאַנטע ערטער, וואָס עקזיסטירען ביז היינט.

נאָך א חאַראַקטעריסטישער דאָקומענט איז צו אונז דערגאַנגען אין דער פאָרם פון א עגיפּטישען רייזע־בעריכט פון אַנהויב פערצעהנטען יאָהרהונדערט. דער עגיפּטישער רייזענדער מ א ה ר 3) (מאָהאר) בעשרייבט מיט אזעלכע לעבעדיגע פארבען די שלים־מזל’דיגע נסיעה וועלכע ער האָט געמאַט אין ארץ־כנען: די שרעקליכע יסורים פון דורשט אונטער די גליהענדע שטראַהלען פון דער ארץ ישראל’דיגער זון און דעם אנגענעהמען שאָטען פון די פאַלמען־גערטנער לעבען יפו, די שעהנקייט פון די איינגעבוירענע פרויען און דעם איבערפאַל פון די רויבערישע בעדואינער, אז עס ווילט זיך בשום אופן נישט גלויבען, אז די ערצעהלונג איז געשריבען געוואָרען נישט אין אונזער עפּאָכע, נאָר — מיט דריי טויזענד און צוויי הונדערט יאָהר פאַר אונז.

באבילאָנישע און ארמ’ישע קוועלען.

צו א פּיעל שפּעטערדיגער עפּאָכע געהערען די אשורישע דאָקומענטען. ש ל מ נ א ס ר דער צווייטער (9טער יאָהרהונדערט) רעכענט אויס די שטייערען פון ישראל, און די מאָנומענטען פון אנדערע קעניגען פון אשור, פון 8טען יאָהר־הונדערט, ווארפען א העלען ליכט אויף די פּאָליטישע פערהעלטניסע אין ארץ ישראל און סוריה צו זייער צייט.

שפּעטערדיגע דאָקומענטען פון בבל און פרס בעלייכטען די לאגע אין א”י פ א ר און נ א ך גלות בבל, און די בעריהמטע א ר מ ’ י ש ע פּאַפּירוסען פון י ב (עלעפאַנטינא) ווארפען א נייעם ליכט אויף דער אידישער לאגע אין דער תקופה צווישען עזרא און נחמיה, און צווישען אלכסנדר מוקדון’ס הערשאַפט.

די תורה.

אלס דער וויכטיגסטער און אונערשעפּליכער קוואַל פון ארץ־ישראל וויסענ־שאַפט בלייבט אָבער אימער אונזער אלטער תנ”ך. אהערצו געהערט פריהער פון אלע ד י ת ו ר ה. דער גאַנצער לעבען פון די ערשטע אבות, אברהם, יצחק, יעקב און פון זיינע זיהן די שבטים, פליסט דורך אין דרום זייט און אין דעם צענטר פון א”י. ארום חברון, שכם און באר־שבע, טיילוויין אין גלעד און אין מדבר. די פאונא און די פלאָרא פון ס’ ויקרא און במדבר זיינען שייך טיילווייז צו דעם מדבר, טיילווייז צו דעם וואַדי־ערבה און צו די בערג פון מואב. אלע איבעריגע ספרים פון תנ”ך, די נביאים און די כתובים טראָגען אזא אויסדריקליכען שטעמפּעל פון ארץ־ישראל נאַטור, אז אויב עס וואָלט זיך נאָר ערוועקט וועלכער ס’איז ספק איבער זייער אָבשטאַמונגס־אָרט, וואָלט ער באלד בטל געוואָרען דורך דעם דאָזיגען חאַראַקטעריסטישען בעוויין. בעזונדערס איז וויכטיג פאַר דער געאָגראַפיע פון לאנד דער ספר י ה ו ש ע.

דער תנ”ך.

פון אלע 600 געאָגראַפישע נעמען, וועלכע מיר באגעגענען אין תנ”ך ענטהאלט דער ספר יהושע א העלפט, ד. ה. מעהר פון 300 נעמען. א לאַנגע צייט זיינען די אמת’ע פּאָזיציעס פון דיזע אלטע ערטער געוועזען צווייפעלהאַפט. דער תלמוד בעשעפטיגט

3) Travels of an Egyptian, by F. Chabas. Records of the past, V. II, p. 107.

א העברעאישע איבערזעצונג פון דעם מאָהאר’ס רייזע איז פארעפענטליכט אין א. מ. לונץ’ס זאַמעלבוך „ירושלם” כרך ט’ ע’ 91—101.

זיך פיעל מיט דער פעסטשטעלונג פון פיעלע ביבלישע פלעצער און האט אונז איבער־געלאזען אין דער הינזיכט א רייכע טראדיציע. אין דער צייט פון מיטעל־אלטער האָ־בען אייניגע אידישע חכמים פון ארץ ישראל אינטערעסירט זיך מיט דער פראגע. דער וויכטיגסטער פון זיי איז געוועזען ר' אשתורי (אדער איש־תורי) הפרחי. וועל־כער האט אויפמערקזאם געשטודירט דאס לאנד אויף דעם פלאץ. ביז דעם 19טען יאהרהונדערט איז אבער פיליכט בלויז איין פערטעל פון די ביבליש־היסטארישע פלעצער פעסטגעשטעלט געווען. ערשט די פארשער פון דעם 19טען יאהרהונדערט איז געלונגען צו אידענטיפיצירען און פעסטצושטעלען מיט זיכערהייט די גרעסטע טייל פון זיי. דער אמעריקאנער פאלעסטינא־פארשער דר. ראבינסאן האט פעסטגעשטעלט ניט ווייניגער פון 160 נעמען. דער פאלעסטינא עקספלארייישאן פאנד האט בעווי־זען צו אידענטיפיצירען נאך א הונדערט און פופציג נעמען*). דער פראנצויז קלערמאנט גאנא, מר. בליסס און אנדערע האבען מוסיף געוועזען נאך אייניגע ערטער, אזוי אז צוזאמען מיט די פריהערדיגע נעמען זיינען יעצט פעסטגעשטעלט געווארען העכער ד ר י י  פ ע ר ט ע ל געאגראפישע נעמען פון תנ"ך4).

ס' חשמונאים.

ניט ווייניגער וויכטיג איז פאר דער געאגראפיע פון א"י דער ספר חשמונאים א', וועלכער איז געשאפען געווארען אין ארץ ישראל (זיין העברעאישער אריגינעלער נאמען איז געווען: „סרבת סרבני־אל"). דאגעגען איז דער ס' חשמונאים ב' פון א פיעל קלענערער בעדייטונג. אונבעדייטענד זיינען פאר דעם צוועק אויך דער עוואנגעליום און די שפעטערדיגע פסעוודא־עפיגראפען (ספרים גנוזים און ספרים חיצונים). דערפאר איז אבער גאר נישט אבצושאצען די גרויסע ווערטה פון יוסף'ס ווערק (אידישע מלחמות, אידישע געשיכטע, אויטאביאגראפיע און פאלעמיק געגען אפיאנ'ען) פאר דער געשיכטע און געאגראפיע פון לאנד. זעהר א רייכען מאטעריאל פאר דער קענטניס פון ארץ ישראל ענטהאלט די תלמודישע ליטעראטור, וועלכע בע־לייכט א תקופה פון העכער פינף הונדערט יאהר. עס זיינען געבליבען ב ר י י ת ו ת, וואס בעציהען זיך צום צווייטען יאהרהונדערט, און ענטהאלטען געאגראפישען מא־טעריאל. די מ ש נ ה און די ת ו ס פ ת א בעשטימען די גרעניצען פון א"י, פון איהרע פערשיעדענע טיילען, ימים, טייכען, בערג און טאלען, ווענען דער בעפעלקערונג און איהר בעשעפטיגונג, ווענען אקערבוי און האנדעל, ווענען נאטור פון לאנד, און גיבען זיך אויך אב מיט איהר ארכעאלאגיע**). אויך דער ת ל מ ו ד  י ר ו ש ל מ י, וועלכער איז פערענדיגט געווארען ענדע פיערטען יאהרהונדערט, ענטהאלט פיעלע

משנה און גמרא.

---

*) ק א נ ד ע ר ז  אליין געהערט דער פערדיענסט פעסטצושטעלען און אידענטיפיצירען גאנצע 142 ערטער אין א"י.

דא מוז אבער בעמערקט ווערען, אז א גרויסע טייל פון אט די אלע אייראפעאישע ענטדעקונגען זיינען געווען זייט יאהרהונדערטער פאר דעם בעקאנט  ב י י  א י ד ע ן. א דאנק דער טראדיציע פון די רעשטען פון דעם אלטנעזעסענעם אידישען ישוב אין ארץ ישראל, וועלכע האט זיך אפגעשפי־געלט אין תלמוד און דער נאך־תלמודישע א"י ליטעראטור, ווי אויך א דאנק די אידישע אריגינעלע פארשונגען (צ. ב׳ ש. ר' אשתורי הפרחי אין 14טען יאהרהונדערט און אנדערע פארשער), זיינען די אידען במשך פון דעם גאנצען מיטעל־אלטער געוועזען די בעסטע קענער פון ארץ ישראל אין גאנץ אייראפא.

4) Palestine, by major C. R. Conder.

**) זעה דר. ל. צונץ'ס ווערק (אין דייטש): געאגראפישע ליטעראטור דער יודען פאן דען עלטסטען צייטען ביז צום יאהר 1841. דאס ווערק איז ער שיענען אויך אין דער ענגלישער שפראך.

וויכטיגע ידיעות בנוגע דער געאגראפיע פון גאנצען לאנד און פון איהרע טיילען, וואסערען, פרוכטבארקייט פון באדען און בנוגע איהר בעפעלקערונג. א קלענערע בע־דייטונג האט שוין פאר דער א״י־וויסענשאפט דער תלמוד בבלי. צום בעדויערן זיינען אבער די תלמודישע מקורות נאך זעהר און זעהר וועניג בעארבייט און ערפארשט פון דעם ספעציעלען שטאנדפונקט פון דער פאלעסטינא־וויסענשאפט. נייבויער האט נור א קליינעם טייל פון דעם אונגעהויער רייכען מאטעריאל צוזאמענ־געקליבען אין זיין ווערק איבער די געאגראפיע פון תלמוד 5) נאך דעם תלמוד ירושלמי. וועלכער דערגרייכט ביז דער צוויטער העלפט פון׳ם 4טען יאהרהונדערט, און דעם תלמוד בבלי, וועלכער ענדיגט זיך פונקט מיט דעם פינפטען יאהרהונדערט, פאנגט זיך אן די תקופה פון מ ד ר ש י ם, וועלכע זיינען מעהרסטענטיילס געשאפען געווארען אין א״י, און טראגען אויף זיך א בולטען שטעמפעל פון א״י און פון די קאנטעמפארערע ערשיינונגען. אהערצו געהערען אויך די ערשטע אידישע פייטנים, ווי ר׳ א ל י ע ז ר ה ק ל י ר און זיינע פארגעהער אין 8טען יאהרהונדערט. אין אייניגע פון זייערע פיוטים זיינען פערבליבען שטריכען פון דער נאהענטער צו זיי תלמודישער עפאכע, און אויך נעמען פון שטעדט און ערטער, וועלכע האבען א גרויסע בעדייטונג פאר דער געשיכטע פון דיעזער תקופה. 6)

מדרשים און פייטנים.

נאך עם קומען די שריפטען פון די גאונים פון בבל, וועלכע זיינען געשטאנען אין פערבינדונגען מיט ארץ ישראל בעזונדערס זיינען וויכטיג די בריעף און שריפטען פון דעם בעריהמטען רב ס ע ד י ה גאון (אין אנפאנג פון דעם צעהנטען יאהר־הונדערט).

די גניזה

אידישע קוועלען, וועלכע זיינען נישט לאנג ענטדעקט געווארען אין דער מצרישער גניזה (פוסטאט) ווארפען א נייע ליכט אויף דער אידישער לאגע אין א״י אין דעם צעהנטען און עלפטען יאהרהונדערט. די ענטדעקטע מאטעריאלען זיינען פובליקירט געווארען אין ספעציעלע אידישע צייטשריפטען 7) און בעטראכט געווא־רען דורך פראפעסאר שעכטער און אנדערע. פון א קארעספאנדענץ צווישען בן־מאיר און דעם ריש־גלותא אין בבל איז בעקאנט, אז אין צעהנטען יאהרהונדערט האבען נאך עקזיסטירט אין א״י א סנהדרין גדולה און א סנהדרין קטנה 8). דייטשע אדער פראנקישע אידען (אנשי ריינוס) האבען זיך זאגאר געווענדעט מיט געוויסע רעליגיעזע אנפראגען צו די אויטאריטעטען אין א״י. א גרויסער אידישער צענטר האט עקזיסטירט אין לאנד נאך אין 11טען יאהרהונדערט, ביז די נוסעי הצלב. אינ־טערעסאנטע דאקומענטען פון דער תקופה דערצעהלען אונז וועגען דעם אינסטיטוט פון „גאונות״ אין ארץ ישראל און וועגען דעם קאמפף צווישען צוויי פאמיליען (כהנים און „בני־דוד״ ד. ה. פון דער פאמיליע פון ריש גלותא) פאר העגעמאניע אלס „גאונים״ אין דעם בית־דין פון ארץ ישראל.

אונטער דער קריסטליכער הערשאפט פון די נוסעי הצלב האבען אייניגע אי־דישע רייזענדע בעזוכט ארץ ישראל (אין 12טען יאהרהונדערט). די ציון־לידער

5) La Geographie du Talmud par Adolphe Neubauer, Paris, 1868, livre premier : La Palestine.

6) צ. ב. ש. אין דער קינה „איכה ישבה חבצלת השרון״ אין קינות לתשעה באב. זעה: „בייטראגע צור געאגראפיע אונד געשיכטע גאלילעאס״ פון דר. שמואל קליין, לייפציג 1899. (דייטש).

7) אין „רעוויו דע זעטיוד זשואיוו״ און אין „דזשואיש קווארטעלי רעוויו״. זעה „סעדיאנא״.

8) אין דערמאנטען פראנצויזישען „רעוויו״ באנד 42, זייטע 179 און ווייטער.

(„ציונידען“) פון ר׳ יהודה הלוי (אונגעפעהר 1140) זיינען פערבונדען מיט זיין רייזע, און די פאלקס־לעגענדע פערבינדעט זיי מיט זיין טראגישען טויט. ר׳ א ב ר ה ם א ב ן ע ז ר א האט בעזוכט א״י צווישען די יאהרען 1140 און 1145, און דעם רמב״ם — אין צוואנציג יאהר ארום. דער רמב״ם זאגט עדות אין צוויי ערטער, אז אין ארץ ישראל עקזיסטירט נאך אין זיין צייט א קאמפעטענטער ב י ת־ד ין, וועלכער האט אין געוויסע פראגען דעם העכסטען אויטאריטעט אויף פאר חוץ־לארץ. 9).

שמרונישע היסטאריקער.

צו דעם יאהרהונדערט בעלאנגט די עלטסטע און וויכטיגסטע שמרונישע כראניק, ד י ת ו ל י ד ה 10), פון א ל י ע ז ר ב ן ע מ ר ם (1149), וועלכע גיט א היסטארישען איבערבליק איבער דער שמרונישער געשיכטע ביז זיין צייט.

אידישע רייזענדע.

דער וויכטיגסטער אידישער רייזענדער־פארשער פון מיטעל־אלטער, וועלכער האט אויך געקראגען א וועלט־בערימטקייט איז געוועזן ר׳ ב נ י מ ן מ ט ו ד י ל א 11). פון סאראגאסא איז ער ארויסגעפאהרען אין יאהר 1160 און האט זיך אומגעקעהרט צוריק אין יאהר 1173, בעזוכענדיג גריכענלאנד, ארץ־ישראל, בבל, סיני און מצרים, מעגליך אויך א טייל פון אראביען. ער גיט אונז איבער א גענויעם בעריכט וועגען די אידען אין ארץ ישראל, וועגען זייער עקאנאמישען צושטאנד און וועגען זייער גייסטיגער טעטיגקייט. ער שטעלט זיך אב בעזונדער אויף יעדע שטאדט און דארף, און ברענגט צום ערשטען מאל פיעלע אינטערעסאנטע ידיעות וועגען פערשיעדענע מוס־לימישע סעקטען. פון א פיעל קלענערע בעדייטונג איז דער קורצער רייזע־בעריכט פון ר׳ פ ת ח י ה מ ר ג נ ש ב ו ר ג 12), אין צוועלף יאהר ארום נאך ר׳ בנימן.

דער זיעג פון צלח־אלדין האט ווידער געעפענט דאס לאנד פאר אידישער אימי־גראציע 13). אין יאהר 1210 זיינען דריי־הונדערט אידען געקומען אין א״י פון פראנקרייך און ענגלאנד. אייניגע פון זיי האבען איבערגעלאזען שריפטליכע בעריכ־טען. ר׳ ש מ ו א ל ב ר ש מ ש ו ן 14) בעשרייבט גענוי די הייליגע ערטער און אויף די אידישע ישובים בעזונדערס אין גליל העליון (1210). קורצע ידיעות זיינען אויך געבליבען פון די בעריכטען פון ר׳ מ נ ח ם ב ן פ ר ץ ה ח ב ר ו נ י (1210), פון ר׳ י ה ו ד ה א ל ח ר י ז י. וועלכער בעשרייבט דעם צושטאנד פון אידישען ישוב נאך צלח־אלדין׳ען, און דערמאנט די מחלקת צווישען די רבנים אין ירושלם (1216) און פון ר׳ י ע ק ב ב ר נ ת נ א ל ה כ ה ן (אין מיטען פון 13טען יאהרהונדערט) 15).

אין יאהר 1267 איז דער אידישער ישוב אין ירושלם בענייט געווארען דורך דעם רמב״ן, וועלכער האט איבערגעלאזען פאר אונז א אינטערעסאנטע בעשרייבונג

---

9) אין „משנה תורה“, הלכות קדוש החדש, סוף פרק ה׳ און אין „ספר־המצוות“, מצות־עשה קנ״ג.

10) דער העברעאישער טעקסט איז פערעפענטליכט איז דעם „זשורנאל אזיאטיק“, דעצעמבער 1869 ביי מ. נייבויער.

11) ר׳בנימין מטודילא — ספר המסעות — די בעסטע אויסגאבע איז מ. אדלער׳ס, לונדון תרע״ו.

12) סבוב פתחיה, פטרבורג תרמ״א ביי פ. מרגולין (שלשה בעלי המסעות לבית ישראל).

13) זעה ר׳ י ה ו ד ה א ל ח ר י ז י: ס׳ התחכמוני, ווארשא, תרנ״ט, הוצ. אחיאסף, ע׳ 244—246.

14) „מסעות על קברי אבות“ אין „אוצר טוב“ שנה ג׳ 1876. אין פראנצויזיש פובליקירט ביי כרמולי, אונטער׳ן נאמען „מסע דפלסטיני“.

15) ר׳ יעקב בר נתנאל כהן: ספור מסעות (ירושלם כרך ז׳ ע׳ 90).

פון די צושטאַנדען אין זיין צייט, אין א בריעף פאָרם (צו זיין זוהן) 16). ענדע פון דיעזען יאָהרהונדערט שפּיעלט זיך אָב דער קאַמפּף צווישען פילוסופיה און קבלה אויך אין ירושלם און אין גליל (ר' שלמה פּטיט און דוד הנגיד). איינער פון די ערשטע און גרעסטע פאָרשער און קענער פון ארץ ישראל איז געוועזען דער אויבען דערמאַנטער ר' א ש ת ו ר י  ב ן  מ ש ה  ה פ ר ח י. (אונגעפעהר אין יאָהר 1322). וועלכער האָט זיעבען יאָהר געפאָרשט דאָס לאַנד, און איבערגעיאָגט (לויט דעם אויסדריק פון דר. בליסס) מיט זיינע עכט וויסענשאַפטליכע ידיעות אַלע זיינע קריסטליכע צייט־גענאָססען. זיין ווערק 17) בעהאַנדעלט די טאָפּאָגראַפיע פון לאַנד, איהר נאַטור, קלימאַט און די דינים התלויים בארץ. צו דער זעלבער עפּאָכע געהערט אויך דער רייזע־בעריכט פון ר' י צ ח ק  ח י ל ו  פון אראגאָן (1334). דיעזער רייזענדער בעשרייבט פינף און פערציג שטעדט און דערפער, וועלכע ער האָט בעזוכט אין א"י. ער שטעלט זיך, נאַטירליך, אָב בעזונדערס אויף דעם עקזיסטירענדען צו זיין צייט ישוב. און אויף די הייליגע קברים און רואינען 18). און פּרובט אידענטיפיצירען אייניגע היסטאָרישע פּלעצער פון תנ"ך און פון תלמוד.

צו דעם יאָהרהונדערט געהערט אויך די שמרונישע כראָניק  ס פ ר  ה י מ י ם 19) געשריבען פון  א ב ו ־ א ל פ ת ח  א ב ן  א ב ו ־ א ל ח ס ן  (1352) אין העברעאיש און אין אראביש, וועלכער דערציהלט די אויבענדערמאַנטע תולידה־כראָניק ביז צו זיין צייט.

פון דעם פופצעהנטען יאָהרהונדערט האָבען מיר אייניגע אידישע בעריכטען. ר' א ל י ה ו  מ פ י ר א ר ה 20) האָט איבערגעלאָזען א בריעף (1438), וואו עס ווערט בעשריבען דער שרעקליכער צושטאַנד אין ירושלם נאָך דער גרויסער מגפה.

נאָך אייניגע בעריכטען זיינען פון דער צייט געבליבען. די בעדייטענדסטע רייזע־בעשרייבונגען פון דעם יאָהרהונדערט זיינען פון ר' מ ש ו ל ם  ב ן  מ נ ח ם  מ ו ו ל ט י ר א  (1481) 21) און פון ר' ע ו ב ד י ה  מ ב ר ט נ ו ר א (1488) 22).

ר' מ ש ו ל ם  איז געוועזען א רייכער סוחר מיט ברייטע וועלט־ידיעות, און בעשרייבט גענוי און פּינקטליך ניט נור דעם אידישען לעבען, נאָר אויך דעם אַלגעמיינעם עקאָנאָמישען צושטאַנד, דעם האַנדעל און די אראבישע זיטען און מנהגים: ער איז געקומען מיט דעם ים קיין עגיפּטען, און פון דאָרטען מיט דער יבשה קיין א"י. ר' ע ו ב ד י ה ׳ס  בעריכטען זיינען זעהר וויכטיג פאַר דער פאָרשונג פון אידישען

16) ר' משה בר נחמן: „דברי הרמ"בן" און אויך א בריעף צום סוף פון „שער הגמול".

17) כ פ ת ו ר  ו פ ר ח  מאת הרב אישתורי הפרחי, בהוצאת א. מ. לונץ, ירושלם תרנ"ט.

18) זיין ווערק איז ערשיענען בלויז אין פראַנצויזישער איבערזעצונג פון א. כרמולי, אונטער דעם העברעאישען נאָמען „שבילי דירושלם, מאת ר' יצחק חילו". זעה א. כרמולי׳ס בוך: „הליכות ארץ ישראל"
(Itineraires de la Terre sainte, Bruxelles, 1847.)

19) פּובליקירט ביי מ. ו ו י ל מ א ר  אונטער נאָמען
Abulfathi Annales Samaritani Gotha 1865.
אויך אין „הײדעלהײמ׳ס פיערטעליאָהרשריפט".

20) „אגרת כתב" מר' אליהו מפיראַרא, געדרוקט אין „דברי־חכמים", מיץ תר"ט. זעה אויך ביי כרמולי „אהבת־ציון" (אין פראַנצויזיש).

21) „מסע לארץ ישראל מאת ר' משולם בן מנחם מוולטירא", אין א. לונץ׳ס „ירושלם", 1טער באַנד.

22) ר' ע ו ב ד י ה  מ ב ר ט נ ו ר א: מכתבם לבניו. געדרוקט אין דעם יאָהרבוך פיר געשיכטע דער יודען", לייפּציג, 1863.

גייסטיגען און מאטעריעלען לעבען צו יענער צייט. אויסער דעם האבען מיר נאך איינעגע קלענערע בעריכטען פון יענעם דור: פון א אנאנימען רייזענדער פון קאנדיא (1473) 23), פון ר' יוסף מנטבייא (1481) 24), פון אן אידערען אנאנימען רייזענדען (1495) 25). דער לעצטער איז געקומען פון צפון זייט, דורך בירות, און בעשרייבט די אידישע לאגע אין צפת און אנדערע ערטער אין גליל—באלד נאך דעם גירוש ספרד.

צו דער זעלבער תקופה (אנפאנג 16טען יאהרהונדערט) געהערען נאך איינעגע אנאנימע רייזע־בעשרייבונגען און וויכטיגע בריעף פון ירושלם און חברון 26). פון א בעזונדערער בעדייטונג איז די העכסט אינטערעסאנטע אויטאביאגראפיע פון דוד הראובני 27), וועלכער איז געקומען אלס א פאליטישער שליח פון א פרייעם אידישען שבט אין אראביען. אין יאהר 1523 האט ער בעזוכט די שטעדט עזה, חברון און ירושלם. ניט ווענינגער אינטערעסאנט און וויכטיג זיינען די בריעף און דאקומענטען, וועלכע זיינען געבליבען וועגען יוסף נשיא'ס קאלאניזאציאנס־עקספערימענטען ארום טבריה 28).

זעהר וויכטיגער מאטעריאל בנוגע דעם 16טען און 17טען יאהרהונדערט געפינט זיך אין די שאלות ותשובות פון יענער צייט. לײדער איז נאך דער מאטעריאל זעהר ווענינ בעארבייט.

פון דעם אנהויב פון זיעבצענטען יאהרהונדערט זיינען געבליבען פיעלע בריעף און איינינע ביכער אין זיי שפיגלען זיך אב די צרות, וועלכע עס איז אויסגעקומען אויסצושטעהן די אידען אין ירושלם און אין צפת, אין דיזער שווערער צייט 29). ווייטער זיינען געבליבען פון דער צייט איינינע בעריכטען פון קראים'ישע רייזענדע, ווי שמואל בן דוד (1641—2) משה ירושלמי (1653—4) און אנדערע 30). צו די וויכטיגסטע קוועלען פון 18טען יאהרהונדערט געהערען די ווערק פון ר' משה חאגיז 31) (1707), פון יעקב בירב 32) (1745), און פון יוסף סופר 33) (1758). די תקופה פון דער חסיד'ישער און פרוש'ישער אימיגראציע, ענדע 18טען און אנפאנג 19טען יאהרהונדערט, ווערט בעלויכטען דורך די פיעלע בריעף און דאקומענטען, וועלכע זיינען געבליבען פון יענער צייט.

קראימישע רייזענדע

---

איידער מיר קומען צו צו דער מאדערנער פאלעסטינא־פארשונג פון 19טען יאהרהונדערט, וועלען מיר ווארפען אן איבערבליק איבער די עלטערע ניט־אידישע קוואלען פון ארץ־ישראל־פארשונג.

---

23) אין „ירושלם", ערשטען יאהרגאנג.

24) מכתב מסע („ירושלם" 6 באנד, ע' 336).

25) אין דעם דערמאנטען „יאהרבוך פיר די געשיכטע דער יודען", לייפציג 1863, זייטע 273—284.

26) זעה צ. ב. ש. לונץ'ס ירושלם ג', אויך „לבנון" ה' (1868).

27) נייבויערס אויסגאבע („מעדיאיוועל דזשואיש קראניקעלס") אין אקספארד, תרנ"ג.

28) „דזשואיש קוו. רעוויו", ב.

29) צוויי בריעף פון דעם של"ה (אין „שומר ציון הנאמן" 1853). זעה אויך די אנאנימע הקדמה צום ספר „חרבות ירושלם", ויניציאה, 1636.

30) אין „גנזי סט. פטרסבורג" ביי י. גורלאנד, ליק.

31) משה חאגיז: „שפת אמת", ופרשת אלה מסעי. די לעצטע אויסגאבע איז ירושלם תרמיו

32) „זמרת הארץ", איבערגעדרוקט ביי א. לונצען אונטערן נאמען: „נֵס־טְבֶריה".

33) „עֵדות ביהוסף", רייזע־בעשרייבונג.

אויסערליכע דאָקומענטען בנוגע דער אַלטער תקופה פון אידישער זעלבסט־שטענדיגקייט זיינען צו אונז דערגאַנגען זעהר ווייניג. מען קאָן אָנרופען דעם אַפּאָקרי־פישען גריכישען בריעף פון א ר י ס ט ע א ס 34).איינצעלנע ערטער געפינט מען ביי די רוימישע שרייבער פ ט א ל א מ ע א ו ס (אין 2טען יאָהרהונדערט), ביי פ ל י נ י ו ס (ערשטען יאָהרהונדערט) און ביי אנדערע. די קריסטליכע גייסטליכע האָבען זיך מיט ארץ ישראל אינטערעסירט פיעל מעהר. פון פיערטען יאָהרהונדערט איז אונז געבליבען דער בעריהמטער „אנאמאסטיקאָן“ 35) (320—324) פון אייזע־ביוס. דיעזער ווערק איז געשריבען אין גריכיש. ער איז אָבער נאָך אין דעם זעלבען יאָהרהונדערט איבערזעצט און דערגענצט געוואָרען אין לאַטיין דורך א צווייטען קריסט־ליכען גייסטליכען ה י ע ר א נ י מ א ס . דער צוועק פון אייזעביוס איז געווען צו אידענטיפיצירען אויף ווי ווייט מעגליך די היסטאָרישע פּלעצער פון תנ״ך און פון עוואנגעליום מיט יענע וועלכע זיינען געוועזען בעקאנט אין זיין צייט. דיעזע ארבייט איז דורכגעפיהרט מיט קענטנים. אמת, די אויפגאבע איז זיי נישט גאָר געלונגען. וואָרום זיי האָבען נישט געהאט קיין קריטישע בעציהונג צו די טראדיציעס פון זייער צייט. אָבער דער בוך „אנאמאסטיקאָן“ איז פון דער גרעסטער בעדייטונג פאר דער טאפּאגראפיע פון א״י אין 4טען יאָהרהונדערט, און האָט פון זיין זייט געהאָלפען שפּעטער צו רעסטאוורירען עלטערע היסטאָרישע פּלעצער. הירונימוס איז געוועזען בע־זונדערס גוט בעקאנט מיט דעם געגענד ארום ירושלם און בית לחם, אָבער אויך עבר הירדן איז אריינגענומען אין זיין ווערק. די דיסטאנצען צווישען פארשיעדענע גע־אָגראפישע פּונקטען זיינען אָנגעגעבען גאַנץ ריכטיג, וואָרום די רוימער פלעגען פּינקט־ליך בעצייכענען די וועגען מיט „מייל־שטיינער“.

גריכיש־רוימי־שע קוועלען.

קריסטליכע דייזענדע.

אנפאנג פיערטען יאָהרהונדערט האָט דער אונבעקאנטער פּילגרים פון באָרדאָ (332) און ענדע דעם יאָהרהונדערט — די פּילגערין פּ א ו ל א 37) בעזוכט א״י. זייערע רייזע בעשרייבונגען גיבען ווייניג צו צו דער קענטנים פון לאַנד. א מפּה פון לאנד (פ ו י ט י נ ג ע ר ס טאבעל) האָבען מיר פון יאָהר 393. קורצע טראקטאַטען איבער ארץ ישראל האָבען מיר פון פינפטען יאָהרהונדערט ביי א י י ח ע ר י ו ס: עפּיטאמיע, ווי אויך א בולטע מפּה פון דער צייט, די בעריהמטע מפּה פון מידבא. אין זעקסטען יאָהרהונדערט איז דאס לאנד געוועזען בעדעקט מיט קלויסטערס און מאנאסטירען, וועלכע אינטערעסירען די רייזענדע פון די פאָלגענדע יאָהרהונדערטער (טעאָדארוס, פּראקאפּיוס און אנד.). פון א גרעסערער בעדייטונג איז די רייזעבע־שרייבונג פון א נ ט אָ נ י ו ס מ א ר ט י ר (530), וועלכער האָט דורכגערייזט דאס גאנצע לאַנד, דעם עבר הירדן און געקומען דורך׳ן מדבר־סיני קיין עגיפּטען. איינ־גאנצען זיינען בעקאנט פאר דער קריסטליכער צייט, ביז דעם איסלאם — 13 ווערק וועגען ארץ ישראל. פון די שפּעטערדיגע פּילגער, פון דער צייט פון איסלאם איז כדאי צו דערמאָנען דעם פראנצויזישען בישאף א ר ק ו ל פ ו ס 39), וועלכער האָט דאָס

34) אין חשמונאים ג׳ און אויך ביי ר׳ עזריה מן האדומים אין זיין מאור עינים. די מאָדערנע קריטיק שרייבט צו דעם ווערק צו דעם ערשטען יאהרהונדערט בעפאר קריסט. רעכנונג.

35) זעה „צייטשריפט דעם דויטשען פּאלעסטינא פעאיינס“ באנד 26.

36) אין ענגליש ארויסגעגעבען ביי דער „פּאלעסטינא פּילגרימס טעקסט סאסייעטי“. נום. 5.

37) די זעלבע אויסגאבע, נומער 2.

38) ד. ז. נומער 1.

39) ד. ז. נומער 10.

לאנד בעזוכט ענדע 7טען און ס ט. װ י ל י ב א ל ד 40) אין מיטען פון 8טען יאָהרהונדערט, װעלכע האָבען זיך מייסטענס אינטערעסירט מיט די הייליגע פּלעצער. אָנפאַנג ניינטען יאָהרהונדערט טרעפען מיר נאָך אַלס פּילגער דעם מאָנאַך ב ע ר נ - א ר ד דער װייזער מיט זיינע צװיי חברים 41).

ארבישע געאָגראַפען. װעגען דער געשיכטע פון לאַנד אין די דריי יאָהרהונדערטער (9—11) פון עגיפּטישער אויבערמאַכט האָבען מיר קיינע קריסטליכע קװעלען. דערפאַר זיינען אָבער געבליבען װיכטיגע מוסולמענישע, איבערהױפּט אַראַבישע און איינינע אידישע קװעלען. דער װיכטיגסטער פון די אַראַבישע געאָגראַפען און היסטאָריקער פון ארץ ישראל איז שמש־אלדין, בעקאַנט אונטער'ן נאָמען מ ק ד ס י 42) (מוקאַדדאַסי) ד. ה. ירושלמי. ער גיט אַ פּינקטליכע בעשרייבונג פון גאַנץ סיריען, פון די הייליגע פּלעצער, פון די שטעדט, פון קלימאַט, רעליגיע, האַנדעל, מנהגים און לעגענדען פון זיין צייט (ענדע צעהנטען יאָהרהונדערט).

אַ יאָהר פופציג נאָך מוקדסי, האָט דער פּערסישער שרייבער אבו־מועין נאַסיר אָדער נ א ס י ר - א י ח ו ז ר א י איבערגעלאָזט זעהר אַ װיכטיגע בעשרייבונג פון ירושלם 43) (1047). דיעזער שרייבער זאָגט עדות, אַז פיעלע אידישע פּילגרימען קומען פון גריכענלאַנד און אַנדערע (קריסטליכע) לענדער אַלס עולי־רגל קיין ירושלם. צו דער שפּעטערדיגער עפּאָכע פון די נוסעי־הצלב געהערען די װערק פון דעם אַראַבישען געאָגראַפער א ד ר י ס י (1154) און פון א ב ן - ג ' ו ב א י ר (דזשובאיר) 1185.

קרייץ־צינער. די תקופה פון די מסעי־הצלב איז רייך מיט קריסטליכע בעריכטען און כראָניקען. און דאָס איז זעהר נאַטירליך. די װיכטיגסטע קװעלע איז — די גרויסע געשיכטע פון לאַטיינישען קעניגרייך געשריעבען פון װ י ל ה ע ל ם פ ו ן צ ו ר (5—1182) און אויך די כראָניקס פון ריימאָנד ד'אַגיל און אַלבערט ד'עקס, װאָס בעלאַנגען אַלע צום ערשטען קרייץ־צוג.

איינינע רייזענדע, װי צ. ב. ש. סי װאָולף 44) (אין 1102), דער רוסישער איגומען ד נ י א ל 45) (אין 1106), טעאָדאָריקוס, יאָהאַן פאָן װירצבורק 46) און אַנדערע, האָבען איבערגעלאָזען בעריכטען װעגען לאַנד, אין 12טען יאָהרהונדערט. אַהערצו געהערט אויך דער טאָפּאָגראַפישער בעריכט פון פעטעלוס און אַן אָבהאַנדלונג פון יאָהאַן פאָקאַס 47).

אַ גרויסע בעדייטונג האָבען די „ק א ר ט ו ל א ר י ע ס" פון די גרויסע קריסטליכע אָרדענס פון יענער צייט (פון דעם „הייליגען קבר" און פון די ירושלם'ער „אַסיזען") פון די נעמען װאָס װערען אין זיי דערמאָנט איז קאָנדער'ן געלונגען צו אידענטיפיצירען ביז 700 מיט די מאָדערנע נעמען פון געאָגראַפישע געגענדען.

עס זיינען דאָ נאָך פיעלע כראָניקען. די װיכטיגסטע פון זיי איז די אַנאָנימע

40) אין ענגליש אַרויסגעגעבען אין באָהן'ס סעריעס "Early travels in Palestine".

41) די זעלבע אויסגאַבע.

42) פּאַל. פּילג. טעקסט סאָס. איבערזעצט ביי גאַי־לע־סטראַנדזש.

43) ד. ז. ביי דעם זעלבען ג. ל. סטראַנדזש איבערזעצט פון פּ ע ר ס י ש.

44) "Early Travels".

45) אָריגינעל אַרויסגעגעבען אין סלאַװיש, פּעטערבורג, 1837, Knozhdenie igumena Daniil

46) דער לאַטיינישער טעקסט אַרויסגעגעבען ביי טיטוס טאָבלער.

47) פּאַל. פּילג. טעקסט סאָסיועטי, 11.

„סיטעז די ירושלם" 48), וועלכע בעשרייבט מיט דער גרעסטער פינקטליכקייט די גאסען און מויערן פון ירושלם אין 12טען יאהרהונדערט. וועגען די מלחמות פון ריכארד לייבען־הארץ בעריכטעט אונז דזשאפריי די ווינסאף'ס חראניק. די לעצטע בעשרייבט דעם געגענד ארום ים, צווישען יפו און חיפה, צו מזרח פון אשקלון און ארום דעם עגיפטישען גרעניץ. די וויכטיגסטע אראבישע ווערק פון דער עפאכע איז — פון דעם בעריהמטען געאגראף יאקוט (1225).

צום פיערצעהנטען יאהרהונדערט געהערען אויך די בעשרייבונגען פון דעם ווע־נעציאנער מארינא סאניטא 49) (1321), פון סער בערטראנדאן דע לא־בראקיער, פון יאהאן פאלאנער און פון סער יאהאן מאנדעוויל 44).

פון א גרויסען ווערטה זיינען די אראבישע בעריכטען פון ג'מאל־אלדין און פון מגר־אלדין 50) (מעדזשער־עדדין). דער ירושלים'ער קאדי גיט א קורצע אבער ערטערווייז דעטאלירטע טאפאגראפישע בעשרייבונג פון ירושלם אין זיין צייט (אונס אלג'ליל, 1496) פון די קריסטליכע רייזענדע דארף דערמאנט ווערען דער נאמען פון דאמיניקאנער גלח „פעליקס פאברי" 51) (4—1483) און בעזונ־דערס — פון מאונדרעל 44), וועלכער האט דער ערשטער אונטערזוכט די אלטערמיטער אין פיניקיען, צו צפון פון בירות. בעזונדערס דארף דא פערצייכענט

נייערע פארשער.

ווערען דער וויסענשאפטליכער ווערק פון אדריינוס רעלאנד "פאלעס־טינא, ביים ליכט פון אלטע מאנומענטען" (1814), וואו א"י ווערט צום ערשטען מאל בעהאנדעלט אלזייטיג פון געאגראפישען, היסטארישען און ארכעאלאגישען שטאנד־פונקטען. רעלאנד האט צוזאמענגעפאסט אלץ, וואס איז בעקאנט געוועזען וועגען א"י ביז זיין צייט במעט אין אלע שפראכען 52).

מיט דעם ווערק האט זיך אייגענטליך אנגעפאנגען א נייע ווענדונג אין דער פארשונג פון ארץ ישראל. די וויכטיגסטע פארשער פון 18טען יאהרהונדערט זיינען געוועזען: ת. שאו (1722), וועלכער איז געוועזען א מומחה אין פראגען פון פיזישער געאגראפיע; דער בישאף פאקאק (1738), וועלכער האט געהאט גרויסע אלגעמיינע ידיעות און האט אידענטיפיצירט פיעלע ערטער אין ארץ ישראל; און וואלניי 53) (1783). דער לעצטער האט אונז איבערגעלאזען א גלענ־צענדע און לעבעדיגע שילדערונגען פון די געזעלשאפטליכע אומשטענדען פון סיריען און פון ארץ ישראל און זיין עפאכע.

סיטצען (1803), א דייטש, און בורקהארדט (1809-16) אן ענגלענ־דער זיינען געוועזען די טרייע פיאנערען־פארשער פון די רואינען פון מזרח און פון דרום ארץ ישראל, און געמאכט פיעלע ענטדעקונגען אויף דעם געביט פון זאאלאגיע, מעטע־ארלאגיע און באטאניק. א וויכטיגען בעריכט איבער זייער נסיעה אין עבר הירדן

48) "La citez de Iherusalem",

פובליקירט ביי קאונט בעאוגנאט, פאריז, 1843, זעה ראבינסאנס „ביבליקאל ריסוירטשעס אין פאלעסטינא", וואל. 2, אפפענדיקס.

49) כתב יד: „מארינא סאנוטא טארסעללי".

50) איבערזעצט ביי גאי לעסטראנדזש אין ענגליש. זעה דוד ילין'ס „ירושלים לפני ארבע מאות שנה", פרדס, ב.

51) Felix Fabri: Wanderings in the Holy Land.

52) Hadriani Relandi, Palestina ex monumentis Veteribus illustrata, 1714.

53) Travels through Syria and Egypt, 1805, London.

האָבען איבערגעלאָזען איירבי און מאַנגעלס (1817). פון דעמאָלס אָן זיינען די פאַרשונגס־רייזען געוואָרען אזוי צאָהלרייך, אז עס איז אונמעגליך איבערצורעכענען זיי אין דעם פּלאַץ. די אם בעסטען בעקאַנטע נעמען פאַר ראָבינסאָנען זיינען: באַרלעט, ווילסאָן, טאָבלער, טאַמסאָן, לינטש, דע־סאַלסי, וואַן־דע־וועלדע, וויליאַמס און פּאָרטער.

אינדיווידועלע פאַרשער פון 19טען יאָהר־הונדערט.

די אמת'ע וויסענשאַפטליכע פאַרשונג פאַנגט זיך אָבער אָן מיט דעם אַמעריקאַנער פאַרשער דר. עדוואַרד ראָבינסאָן [54] (1838), וועלכער איז ביז די פאַרשונגען פון „פּאַלעסטיין עקספּלוריישאָן פאָנד“ געוועזען דער גרעסטער אויטאָריטעט איבער פּאַלעסטינא. זיינע צאָהלרייכע אָריגינעלע ענטדעקונגען זיינען כמעט דורכאויס בעשטעטיגט געוואָרען דורך די לעצטע וויסענשאַפטליכע פאַרשונגען פון אונזער צייט.

צו דעם זעלבען פּעריאָד געהערט די פראַנצויזען דע־וואָגיו (1854־1862), וועלכער האָט בעשריבען דעם מקום־המקדש, די היינטיגע מאָשעע און די בערג פון צפון־סוריען. וואַדינגטאָן וואס האָט דער ערשטער ארויסגעגעבען א קאָרפּוס פון גריכישע אויפשריפטען אין א"י. אין דער צייט ווען אויף דעם געביט פון העברעאישע און פיניקישע איניפשריפטען איז בעריהמט ערנסט רנאָן. א אנדער פראַנצויז, גערין האָט געפאָרשט דאָס לאַנד במשך פון 23 יאָהר (1852—1875), אין דער לענג און אין דער ברייט. זיינע פאָרשונגען האָבען א גרויסען ווערטה אלס מאַטעריאַל צו פאַרגלייכען מיט זיי דעם מאָדערנעם צושטאַנד.

די רשימה פון דיעזע גרויסע אינדיווידועלע פאַרשונגען וועט זיין ניט פול, ווען דאָ וועלען ניט דערמאָנט ווערען די נעמען פון טש. ווילסאָן (66—1864), וועלכער האָט דער ערשטער וויסענשאַפטליך פעסטגעשטעלט די טיעף פון ים־המלח און אנדערע וויכטיגע זאַכען: דער נאָמען פון דעם בעריהמטען דייטשען פּאַלעסטינאָלאָג טיטוס טאָבלער, וועלכער האָט אויסגעפאָרשט און בעשריבען אויף א וויסענשאַפטליכען אופן ירושלם און א גרויסען טייל פון יהודה, צווישען יפו און דעם ירדן, און צווישען ירושלים און בית־לחם און האָט זיך קונה שם געוועזען אלס דער גרעסטער ביבליאָגראַף איבער פּאַלעסטינא: און דער נאָמען פון ס. וואָרען, וועלכער האָט זיך בערימט געמאַכט מיט זיינע ירושלם־אויסגראָבונגען און אויסמעסטונגען. וואָררען איז געוועזען דער מאַן, לויט וועמעס פּראָיעקט דער פּאַלעסטינא עקספּלאָריישאָן פאָנד האָט אָנגעפאַנגען זיינע בערימטע אויסמעסטונגס־אַרבייטען אין ארץ ישראל.

דיעזער „פאָנד“, געגרינדעט אין יאָהר 1865, האָט געעפענט א נייע עפּאָכע אין דער פאַרשונג פון ארץ ישראל. די עפּאָכע פון קאָלעקטיווער פאַרשונג. די וויכטיגסטע ארבייט פון דער געזעלשאַפט איז געוועזען די גענויע וויסענשאַפטליכע איבערמעסטונגען פון מערב ארץ ישראל און א טייל פון עבר הירדן.

קאָלעקטיווע פאַרשונג.

די ערשטע עקספּעדיציע האָט במשך פון קאַרגע פינף יאָהר (1872—1877) אויסגעמאָסטען יהודה, שמרון און גליל, פון דן ביז בר־שבע און פון ירדן ביז דעם ים־התיכון, אונטער דער פיהרערשאַפט פון קאַפּיטאַן סטיוארט און מאַיאָר קאָנדער, מיט דער בעטייליגונג פון קיטשענערען און אנדערע אינזשעניערען, קאָמאַנדירטע פון ענגלישען „וואָר־אָפיס“. שפּעטער זיינען אויסגעפאָרשט געוואָרען פון דער זעלבער געזעלשאַפט מואב, גלעד און בשן. די אויספאָרשונגס ארבייטען זיינען, אָבער, איבערגעריסען געוואָרען אין דער מיטען (1881), צוליעב די חשדים וועלכע זיינען דערוועקט

54) E. Robinson's biblical researches in Palestine.

געוואָרען ביי דער טערקישער רעגירונג. דאָך איז די ארבייט פון ווייטערדיגער פאָר־שונג פאָרטגעזעצט געוואָרען דורך דעם דייטשען אינזשעניער ג. שומאכער פון חיפה, וועלכער האָט אָנגעצייכענט אן אויסגעצייכענטע מפה פון בשן, ד ר. הולל האָט אויסגעפאָרשט גענאַגיש דעם דרום־געגענד פון ים־המלח, און הערר ק. שיק — די שטאָדט ירושלים.

שפּעטער אין דעם לעצטען יאָהר פאר דער מלחמה איז געלונגען דער זעלבער גע־זעלשאפט אויסצומעסטען און אויסצופאָרשען דעם גאנצען נגב און דעם צפון־געביט פון מדבר־סיני, בעזונדערס — דעם היסטאָרישען מדבר־צין (ל. וואוללי און ט. לאורענס).

רעזולטאטען. די ערשטע רעזולטאטען פון דעם פּאַלעסטינא עקספּלאָריישאָן פאָנד זיינען ער־שיענען אין זיעבען גרויסע בענדער. די געזעלשאפט האָט אָבגעטון א קאָלאָסאַלע ארבייט, צוזאמענקלייבענדיג ביז 10,000 פערשיעדענע געאָגראפישע נעמען, אידענ־טיפיצירענדיג פון דאָס ניי ביז 172 ביבלישע נעמען און ארויסגעבענדיג די פּינקט־ליכסטע און גרעסטע מפה פון מערב ארץ ישראל אין 26 סעקציעס. במשך פון וועלכע 15 יאָהר (1865—1880) האָט די ארץ ישראל וויסענשאפט, א דאנק דער ארבייט פון דעם פאָל. עקספּלאָריישאָן פאָנד דערגרייכט א סך מעהר, ווי אין די פאָריגע פופצעהן יאָהרהונדערטער.

די געזעלשאפט פּ. ע. פּ. גיט ארויס יעהרליכע פיערטעל־יאָהר־שריפטען, וועלכע ענטהאלטען די רעזולטאטען פון אלע נייע פאָרשונגען אויף דעם פּאַלעסטינא־געביט. אַז ענגליכער זשורנאַל ווערט ארויסגעגעבען אויך פון דעם דייטשען פּאַלעסטינא פעראיין (צייטשריפט דעם דייטשען פּאַלעסטינא פעראיינס). אויך אין אמעריקא ער־שיינען ספּעציעלע אויסגאַבען וועגען ארץ־ישראל־פאָרשונג. אָנפאנגענדיג פון די נייג־ציגער יאָהרען האָט זיך ענטוויקעלט א נייער געביעט פון ארץ־ישראל־פאָרשונג —

אויסגראָבונגען. דורך אויסגראָבונגען. ביז מיט זיעבען און צוואנציג יאָהר צוריק האָט גאָר קיינער נישט חושד געוועזען, וואס פאר א רייכע אוצרות עס געפינען זיך אונטער דעם שטויב פון די אזוי־גערופענע „תל"ס, וועלכע שטעלען מיט זיך אייגענטליך פאָר רואינען־בערגלעך פון אלטע צענטרען. דער ערשטער אויפגעגראָבענער תל איז גע־וועזען דער תל־אל־חאסי. אדער לכיש (1890). שפּעטער האָט בליסס געמאכט אויסגראָבונגען אין ירושלים, אין דער שפלה, אין תל־אלצפי. וועלכע איז אידענטיפי־צירט געוואָרען מיט גת פון די פלשתים, אין תל־סנדחנה (מרשה) א. א. וו. פּראָ־פעסאָר סעלין האָט אויסגעגראָבען דעם תל־תענך און יריחו, שומאכער דעם תל־אל־מתסלם (מגדו), מעקאַליסטער דעם תל־גזר, פּראָפ. רייס־נער — די אלטע שמרון, א. א. וו. די אלע אויסגראָבונגען האָבען געגעבען זעהר א רייכען מאטעריאַל צו דער בעלייכטונג פון דער אוראַלטער געשיכטע און געזעלשאפטליכער אָרדנונג.

אידישע בעטייליגונג. די אידישע באטייליגונג אין דער אָריגינעלער פאָרשונג פון ארץ ישראל אין דעם לעצטען יאָהרהונדערט איז אבסאָלוט אונבעדייטענד. אויסער דעם נאָמען פון הרב יהוסף שווארץ 55) (זיין ווערק תבואות הארץ, איז אויך איבערזעצט אין דייטש און ענגליש), געפינען מיר נישט אין דער גאנצער פלעיאדע פון די פאַרשיעדענע זעלבסטשטענדיגע פאָרשער פון 19טען יאָהרהונדערט,

55) „תבואות הארץ" להרב י. שווארץ, הוצ. א. מ. לונץ.

צווישען די פיעלע ענגלישע, דייטשע, אמעריקאנער, פראנצויזישע און זאגאר רוסישע און פוילישע געלערנטע — קיין איין איינציגען אידישען נאמען. א געוויסען ווערטה פאר דער געשיכטע (ספעציעל פאר דער אידישער) האבען בלויז די טאג־ביכער פון סער משה און לעדי יהודה מאנטעפיורי 56), די בריעף פון דר. אל. הלוי 57) און דער רייזע בעריכט פון דר. א. ל. פרענקל 58) (1856). עטוואס מעהר איז אויפגע־טהון געווארען אויף דעם געביעט פון ביבליאגראפישער זאמלונג פון ארץ ישראל אלטערטימער 30) אליקים כרמולי און שלמה מונק 59) אין פראנק־רייך, און יונה גורלאנד האבען געזאמעלט פיעל מאטעריאל פון די אלטע אידישע רייזענדע. א. נייבויער האט געפרובט געבען אן ארץ ישראל געאגראפיע לויט דעם תלמוד און פראפ. קרויזע האט אין זיינע קדמוניות־התלמוד געגעבען אויך א לעבעדיגען בילד פון די ארץ ישראל'דיגע אלטערטימער.

אידישע פארשער אין א"י.

זעהר פיעל אינטערעסאנטען מאטעריאל, וואס האט דעם גרעסטען ווערט פאר דער ארץ־ישראל וויסענשאפט איז צוואווארפען איבער די פערשיעדענע זשורנאלען און מאגאזינען פאר אידישער וויסענשאפט. אהער־צו געהערען דער פראנצויזישער „רעוויו דעז עטיוד זשוויוו", דער ענגלישער „דזשואיש קווארטערלי רעוויו". די נייע „רעוויו" אין פילאדעלפיא, און פיעלע אנדערע פעריאדישע זאמעלביכער אין דייטש און אנדערע שפראכען — פאר דער אידישער וויסענשאפט, פאר דער פארשונג פון אריענט און פון סעמיטישע שפראכען, נור אין העברעאיש האבען מיר נים קיין אייגענעם ארגאן, וואו עס זאל געזאמעלט ווערען דער וויכטיגער מאטעריאל פאר דער געשיכטע פון אונזער פאלק און פון אונזער לאנד. א דאנק דיעזער פיעל־שפראכיגקייט און א דאנק דעם וואס דער מאטעריאל (וועלכער איז שוין יא פאראן) איז צוואווארפען איבער פערשיעדענע לענדער במשך פון דעם לעצטען יאהרהונדערט, און איז נור טיילווייז בעקאנט אין זעלטענע אויסגאבען אין אונזער אייגענער שפראך — זיינען די פאר־שונגען פון ארץ ישראל און פון איהר געשיכטע ווייט אפילו פון אונזערע אינטעלי־גענטערע אידישע קרייזען פאר וועלכע ארץ ישראל האט ווייט נישט קיין ריין־ארכעא־לאגישען אינטערעס.

בעזונדערס דארפען דא פערצייכענט ווערען, אויף דעם געביעט פון פאלעסטינא־וויסענשאפט און ביבליאגראפיע גרויסע פערדיענסטען פון די אידישע געלערנטע אין דייטשלאנד און עסטרייך. צוערשט קומט, נאטירליך, דר. לעאפאלד צונץ, איינער פון די ערשטע פאטערס פון דער אידישער קולטור־פארשונג און געשיכטע שטודיום*). דאן קומט דער גרעסטער אויטאריטעט אויף דעם פאך פון אידישער ביבליאגראפיע — משה שטיינשניידער, דער לעצטער האט צוזאמענגעשטעלט און פער־

---

56) משה מנטפיורי: ספר הזכרונות.

ספר יהודית. ס' הזכרונות לגב' יהודית מנטפיורי.

57) דר. אליעזר הלוי. אין מ. א. גינצבורג'ס הדביר, אין מ. מאהר'ס מבשרת ציון און אין די „אלגעמיינע צייטונג דעס יודענטומס".

58) „נאך יערוזאלעם" אין 2 בענדער (דייטש). אין העברעאיש איבערזעצט אונטערן נאמען „ירושלימה", וויען תרי"ט.

59) S. Munk, Palestine, Paris, 1845.

*) דא קומט בעזונדערס אין בעטראכט זיין ארטיקעל: געאגראפישע ליטעראטור דער יודען פאן דען עלטעסטען צייטען ביז צום יאהר 1841." (זעה זייטע 453).

עפענטליכט די וויכטיגסטע ביבליאגראפישע פערצייכנים פון דער העברעאישער פּאַ־לעסטינא ליטעראטור ביז די אכציגסטע יאָהרען. (60).

אינטערעסאנטער מאַטעריאל איז געזאמעלט געווארען אין די העברעאישע זשור־נאלען פון ארץ ישראל (הלבנון, פון ברילל, 1863; החבצלת, פרומקין, אנפאנג 1871; יהודה וירושלם, י. מ. סולומון, 1877; האור — הצבי — השקפה, — א. בן־יהודה, 1883). ניט נור וועגען דעם אידישען, נאָר אויך וועגען דעם אלגעמיינעם צושטאנד פון ארץ ישראל און איהר בעפעלקערונג. קיינער אָבער האָט זיך אַזוי נישט אָבגעגעבען מיט דער ארץ ישראל פאָרשונג ווי דער אונערמידליכער אברהם משה לונץ. זינט דעם יאָהר 1880 גיט ער אַרויס זיין זאמעלבוך „ירושלם", און אויך זיין יעהרליכען לוח ארץ ישראל. די צעהן בענדער פון דעם זאמעלבוך ווי אויך דער „המעמר" שטע־לען מיט זיך פאָר א רייכען אוצר פון היסטארישען געאגראפישען, נאטורוויסענ־שאפטליכען און ארכעאָלאָגישען מאַטעריאל וועגען דער אמאליגער און דער היינטי־גער ארץ ישראל. דער אלטער לונץ ארבייט אונערמידליך, כמעט אָהן שום אויסערלי־כער הילף, און נישט קוקענדיג אויף זיינע יאָהרען און בלינדקייט האָט ער אָנגעפאנגען א גראנדיעזע ווערק — א וויסענשאפטליכע אויסגאבע פון תלמוד ירושלמי.

דער וויסענשאפטליכער אינטערעס צו ארץ ישראל האָט זיך געהויבען ביי אידען ערשט מיט'ן אָנהויב פון ציוניזם. „אלטנייאלאנד", „פּאלעסטינא", „די וועלט", ווי אויך ספּעציעלע ארטיקלען און איינציגע רוסישע צייטונגען (צ. ב. ש. יעווריעיסקאיא זשיזן, בודושטשנאסט, א. דג.) שוין נישט רעדענדיג וועגען די העברעאישע צייטונ־גען און זשורנאלען אין רוסלאנד (ווי צ. ב. ש. דער העולם) און א"י (האחדות און הפועל הצעיר) ענטהאלטען פיעל מאַטעריאל וועגען א"י. אלס איינצעלנע ווערק קאָנען אָנגערופען ווערען די „הארץ" און די „כתבים" פון פארשטארבענעם אליהו ספיר 61), ווי אויך די העברעאישע ארץ ישראל מפּה פון קרויזה־ספיר, ארויסגע־געבען פון דעם ציוניסטישען אקציאָנס־קאָמיטעט, בערלין.

דייטשע ביבליאגראפען.

ווי גרויס דער אלגעמיינער אינטערעס פאַר ארץ ישראל איז געשטיגען קאָן מען זעהן פון דער אונגעהויער רייכער ליטעראטור איבער דעם לאנד. דער דייטשער ביב־ליאגראף רעהריכט 62) האָט צוזאמענגעשטעלט א רשימה פון פּאלעסטינא־ביכער, וועלכע זיינען ערשיענען פון יאָהר 333 ביז 1878. פאַר דיעזע פּופצעהן מיט א האלבען יאָהרהונדערט האָט ער אָנגעזאמעלט (בלויז אויף דעם געאגראפישען גע־ביעט) נעמען פון 3515 ווערק און 747 מאַפּעס און קארטען. פאַר די נעכסטע 17 יאָהר (1878—1895) געפינען מיר אין די זאמעלביכער פון דער צייטשריפט פון דעם דייטשען פּאלעסטינא־פעראיין גאנצע 4575 נעמען פון נייע ווערק, וועלכע זיינען פאַר דער צייט ערשיענען. מען דארף אָבער נישט דענקען, אז דיעזע רשימות זיינען פול־שטענדיגע: פיעלע ביכער און שריפטען, בעזונדערס אין העברעאיש פעהלען דארט אויס. אן אנדער דייטשער ביבליאגראף פּעטער טאמסאן 63) האָט

60) פערעפענטליכט אין ירושלם, 3טען און 4טען יאהרגאנג.

61) „הארץ", „סוריה וא"י, „כתבי א. ספיר".

62) ביבליאטהעקא געאגראפיקא פּאלעסטינאע (כראנאלאגישע פערצייכניס דער אויף די געא־גראפיע דער הייליגען לאנדעס בעציגליכען ליטעראטור פון 333 ביז 1878) פאָן ריינהאלד רעהריכט, בערלין 1890.

63) סיסטעמאטישע ביבליאגראפיע דער פּאלעסטינא ליטעראטור, בעארבייט פון פּעטער טאמסאן, 1טער באנד 1895—1915, 2טער באנד 1905—1909. עס איז שוין אויך ארויס דער דריטער באנד, וועלכען מיר האבען ליידער נישט געקאנט קריגען דא.

במשך פון צעהן יאהר (1895—1904) אנגעזאמעלט נעמען פון גאנצע 2918 ווערק און אין די נעכסטע פינף יאהר (1905—1909) נאך 3755 נעמען. צוזאמען האבען מיר אלזא א רשימה פון 14.769 ביכער און ווערק וועלכע זיינען ערשיענען איבער ארץ ישראל ביז דעם יאהר 1909. די רשימה קאן אבער נישט גערעכענט ווערען פאר א פולשטענדיגע.

די פארשונג פון ארץ ישראל איז נאך וויט נישט פארענדיגט געווארען. א גרויסע טייל פון מזרח ארץ ישראל איז נאך אפילו נישט אויסגעמאסטען און נישט אויסגע־פארשט. אבער אויך יענע טיילען וועלכע זיינען שוין גרינדליך אויסגעפארשט געווארען פון די אומות העולם האבען פאר אונז א גאנץ בעזונדערן ווערטה, וועלכער האט זיי. די אנדערע פארשער וועניגער אינטערעסירט. מיר מיינען דערמיט — די אייגענ־שאפטען פון לאנד, וועלכע זיינען נויטיג פאר איהר ענטוויקלונג אין קאלאניזאציאנס און אינדוסטריעלען זין און די מעגליכקייט צו שאפען דארט א נאציאנאלען אידישען ישוב. אויף דעם דאזיגען געביעט זיינען ערשיענען בלויז איינצעלנע ווערק, צ. ב. ש. פראפעסאר בלאנקענהארנ'ס ווערק: „נאטורוויסענשאפטליכע שטודיען אם טאדטען מערע און ירדן־טאל" (בערלין 1912) און אויהאגען'ס בוך וועגען סוריה און פאלעס־טינא. פון א בעזונדערען אינטערעס איז דר. רופין'ס ערשט ערשיענענע „סוריען אלס ווירטשאפטסגעביעט" (בערלין 1917).

אין אלגעמיין איז אבער דיעזער וויכטיגער פארשונגס־געביעט ביז יעצט כמעט א קרקע־בתולה, וועלכע ווארט אויף איהר ארבייטער און, מעגליך, עס איז גאר קיין צופאל ניט, וואס א"י איז דורך אנדערע פעלקער ערפארשט געווארען בלויז אלס לאנד פון דער פערגאנגענהייט: די פארשונג פון ארץ ישראל אלס צוקונפטס־לאנד דארף ערשט דורכגעפיהרט ווערען, און דאס מוז געטון ווערען פון יענעם פאלק וועלכעס פערבינדעט זיין אייגענע צוקונפט און עקזיסטענץ מיט דער צוקונפט פון דיעזען לאנד.

אויסזיכטען.

# חראנאלאגיע

| | לויט אידישער צייטרעכנונג („לבריאת העולם") | לויט קרעסטליכער צייטרעכנונג |
|---|---|---|
| סרגון 1, קעניג פון אכד, האלט מלחמה מיט די אמורי | בערך 1010 | בערך 2750 |
| פ ע פ י. קעניג פון מצרים, זיין ערשטע מיליטערישע עקספעדיציע נאך ארץ ישראל | בערך 1260 | בערך 2500 |
| ד ע ה ו ט - מ א ז י ס (טוטמאס) דער 3טער נעהמט איין ארץ ישראל | בערך 2200 | בערך 1560 |
| רעמסס דער 2טער, מלך מצרים | 2479—2412 | 1281—1348 |
| המורבי אדער אמרפל, קעניג פון שנער, אין דער צייט פון אברהם אבינו | בערך 1510 | בערך 2250 |
| אידישע איינוואנדערונג קיין עגיפטען | 2260—1960 | פון 18 ביז 15 יאהרהונדערט |
| יציאת מצרים (אונטער דער הערשאפט פון פרעה מערנפטאה) | 2498—2479 | 1262—1281 |
| גרינדונג פון אידישער מלוכה | 2749—2732 | 1011—1028 |
| דוד המלך | 2781—2749 | 979—1011 |
| די צוטיילונג פון אידישער מלוכה אויף יהודה און ישראל | 2827 | 933 |
| דער גלות פון די עשרת השבטים | 3038 | 722 |
| חורבן פון ערשטען בית המקדש און גלות בבל | 3173 | 587 |
| שיבת ציון אונטער זרבבל בן שאלתיאל | 3222 | 538 |
| עזרא און נחמיה | 3336—3315 | 424 — 445 |
| אלכסנדר מקדון נעמט איין ארץ ישראל | 3427 | 333 |
| דער זיעג פון די סורישע סעלעווקידען (מניין השטרות) | 3449 | 312 — 311 |
| אנטיוכוס פעראומרייניגט דעם מזבח | 3592 | 168 |
| אויפשטאנד פון מתתיהו | 3593 | 167 |
| דער זיעג פון יהודה המכבי און דער יום־טוב פון חנוכה | 3595 | 165 |
| פאמפעיוס נעמט איין ירושלים | 3697 | 63 |
| הורדוס המלך | 3756—3723 | 4 — 37 |
| קריסטליכע ערא | 3760 | |
| חורבן פון צווייטען בית המקדש. אידען ווערען אן די זעלבסטשטענדיגקייט | 3829 | 69 |
| אויפשטאנד קעגען טרינוס (טראיאן) | 3877 | 117 |
| אויפשטאנד פון בר־כוכבא | 3893 | 133 |
| חורבן ביתר | 3896 | 136 |
| די צוזאמענשטעלונג פון דער משנה | 3970—3960 | 210 — 200 |
| אויפשטאנד אין צפורי | 4111 | 351 |
| בטול פון דעם סנהדרין און שלוס פון'ם תלמוד ירושלמי | 4119 | 359 |
| די דעקלאראציע פון יוליאנוס־קיסר | 4121 | 361 |
| בטול פון דער נשיאות | 4185 | 425 |
| ערשטער אויפשטאנד פון די שמרונים | 4244 | 484 |
| לעצטער אויפשטאנד פון די שמרונים | 4312 | 556 |
| אידישע לעגיאנען צוזאמען מיט פערסישע נעהמען איין ירושלים | 4374 | 614 |

| | | |
|---|---|---|
| ארץ ישראל איינגענומען דורך די אראבער | 4396 | 634 — 636 |
| אויפשטאנד פון אבו־עיסא | 4514—4507 | 754 — 747 |
| אפשפאלטונג פון די קראים | 4522 | 762 — 761 |
| לעצטער אידישער סנהדרין אין ירושלם (בערך) | 4844—4806 | 1084—1046 |
| ערשטע תקופה פון די נוסעי־הצלב | 4947—4856 | 1187—1096 |
| אימיגראציע פון 300 רבנים פון ענגלאנד און פראנקרייך | 4971 | 1211 |
| ירושלים אפגענומען ביי די קריסטען | 5004 | 1244 |
| מאנגאלישע אינוואזיאן אונטער הולאגו־כאן | 5020 | 1260 |
| די גרינדונג פון דעם ישוב דורך דעם רמב"ן | 5028 | 1267 |
| ענדליכע מפלה פון די נוסעי הצלב | 5051 | 1291 |
| ר' עובדיה מברטנורא אין ירושלם | 5248 | 1488 |
| אימיגראציע פון די גולי ספרד נאך א"י | 5252 | 1492 |
| עראבערונג פון ארץ ישראל דורך טערקיי | 5276 | 1516 |
| דוד הראובני אין ירושלם | 5283 | 1523 |
| די קאלאניזאציע פון טבריה און אומגעגענד דורך יוסף נשיא | 5325—5319 | 1565—1559 |
| דרוזען־אנפאל אויף צפת | 5364—5360 | 1604—1600 |
| די רדיפות פון אבן־פארוך אין ירושלם | 5387—5385 | 1627—1625 |
| שבתי צבי אין ירושלם | 5423 | 1663 |
| ר' יהודה החסיד מיט אימיגראנטען פון פוילען | 5461 | 1701 |
| חורבן פון אשכנזישער געמיינדע | 5481 | 1721 |
| די קאלאניזאציע פון ר' חיים אבואלעפייא אין גליל | 5502 | 1742 |
| אימיגראציע פון 300 חסידים (תלמידי הבע"שט) | 5537 | 1777 |
| נאפאלעאן אין ארץ ישראל | 5559 | 1799 |
| אימיגראציע פון פרושים | 5565 | 1805 |
| נייע אשכנזישע געמיינדע אין ירושלם | 5572 | 1812 |
| פעלאכישער אויפשטאנד. די מורדים נעהמען איין ירושלם | 5584 | 1824 |
| עגיפטישע הערשאפט איבער ארץ ישראל | 5600—5592 | 1840—1832 |
| צווייטער פעלאכישער אויפשטאנד אין יהודה און דרוזען־אנפאל אויף צפת | 5594 | 1834 |
| די ערד ציטערניש אין צפת | 5597 | 1837 |
| דער צווייטער דרוזען־אנפאל אין צפת | 5598 | 1838 |
| אפיציעלע אנערקענונג פון אשכנזישער געמיינדע | 5596 | 1836 |
| עלילת דם אין דמשק | 5600 | 1840 |
| די קרים־מלחמה | 5614 | 1854 |
| דער מאניפעסט חאטי—הומאיון | 5616 | 1856 |
| דער ערשטער אידישער פרדס לעבען יפו | 5616 | 1856 |
| אויטאנאמיע פון לבנון | 5624 | 1864 |
| ערשטע אידישע פארם מקוה־ישראל | 5629 | 1869 |
| ערעפענונג פון טערקישען פארלאמענט | 5637 | 1877 |
| ערשטע אידישע קאלאניע פתח־תקוה | 5638 | 1878 |
| ביל"ו בעוועגונג | 5641 | 1881 |
| נייע ארבייטער פיאניערען נאך א"י | 5665—5666 | 1905 |
| רעסטאוורירונג פון דער טערקישער קאנסטיטוציע | 5668 | 1908 |
| טערקיי'ם ארייננטריט אין דער וועלט־מלחמה | 5675 | 1914 |
| ענגלישע דעקלאראציע וועגען דער ווידעראויפשטע־לונג פון דער אידישער נאציאנאלער היים אין א"י | 5678 | 1917 |

## ביילאגע א.

## די אידישע לאַנדווירטשאַפטליכע ישובים אין א"י, אין יאָהר 1914.

| נומער | נאָמען | גרינדונגס יאָהר | שטח אין דונאַמען | צאָהל נפשות בערך | הויפּט־קולטורען (לויט דער רייהע פון זייער וויכטיגקייט.) | באַמערקונגען. |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | **א. אין יהודה.** | | | | | |
| 1 | מקוה ישראל 1) | 1870 | 2.612 | 100 | וויין, אָראַנדזשען, גרינס, תבואה, מילך. | אקערבוי־שולע פון „כל ישראל חברים" (אליאַנס איזראַעליט.) |
| 2 | ראשון לציון 2) | 1882 | 10.625 | 1.400 | וויין, מאַנדלען, אָראַנדזשען. | גרויסע וויינקעלערס |
| 3 | נחלת יהודה | 1913 | 301 | 65 | | ארבייטער ישוב ביי ראשון לציון |
| 4 | באר יעקב | 1908 | 2.040 | 150 | מאַנדלען | אַרבייטער־דאָרף, נאָהענט צו ראשון לציון. |
| 5 | ואדי־חנין־נס ציונה | 1882 | 2.390 | 200 | אָראַנדזש. וויין, מאַנדלען | |
| 6 | רחובות | 1890 | 14.193 | 1.100 | וויין. אראנדזשען, מאַנדלען, אַליוועז. | |
| 7 | עקרון (מזכרת בתיה) | 1884 | 13.000 | 360 | תבואה, מילך, אַליוועז, מאַנדלען. | |
| 8 | גדרה | 1885 | 5.970 | 180 | מאַנדלען, וויין תבואה. | |
| 9 | קסטיניה (באר־טוביה) | 1896 | 5.623 | 170 | תבואה. מאַנדלען | |
| 10 | רוחמה (ג'ממה) | 1911 | 6.000 | 30 | מאַנדלען. | פּריוואַט פארם. צווישען עזה און נייעם איזענבאַהן |
| 11 | פתח־תקוה | 1878 | 23.870 | 3.300 | אָראַנדזשען. וויין, מאַנדלען, אַליוועז, אייקאַליפּטוס, תבואה. | |
| | יהוד 3) | 1882 | | | | |
| 12 | עין גנים | 1908 | 762 | 200 | גרינס, אָראַנדזשען, אייקאַליפּטוס,. | אַרבייטער־ישוב. |
| 13 | כפר־מלל (עין־חי) | 1912 | 4.220 | 20 | מאַנדלען | אַרבייטער־ישוב צווישען פ"ת און כפר סבא. |
| 14 | כפר סבא | 1892 | 7.231 | 100 | מאַנדלען, אַליוועז, אייקאַליפּטוס. | |
| 15 | בן־שמן (בית עריף) | 1906 | 2.329 | 120 | אַליוועז, מאַנדלען, מילך. | לעבען לוד. נ"פ פארם. |
| 16 | חולדה | 1909 | 1.973 | 30 | אַליוועז, מאַנדלען. | לעבען סעדזשעד נ"פ פארם. |
| | גזר | | 6.000 | | | |
| 17 | כפר אוריה | 1912 | 4.800 | 30 | מאַנדלען, אַליוועז. | פּריוואַט־פאַרם. |
| 18 | ערתוף | | | | | א פּריוואַט פארם און א |

| נומער | נאָמען | גרינדונגס־יאָהר | שטח אין דונאַמען | צאָהל נפשות בערך | הויפט־קולטורען (לויט דער רייהע פון זייער וויכטיגקייט.) | באַמערקונגען. |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | (הר־טוב) | 1896 | 4.727 | 150 | תבואה, מאַנדלען, מילך. | קאָלאָניע. |
| 19 | מוצא | 1894 | 750 | 40 | וויין, אָליווען. | לעבען ירושלים. |
| | | | | | | די ביידע באָדענס געהען |
| 20 | דילב | 1913 | 1.800 | | | צום נ״פ. זיי זיינען נאָך |
| 21 | קאלענדיא | 1914 | 1.600 | | | ניט בעאַרבייט. |

סך הכל ענטהאַלט יהודה 116,816 דונאַם אידישען באָדען (אויסער דעם נישט־אויסגע־מיילטען באָדען פון ראשון און דעם נישט־קאָלאָניזירטען באָדען פון יק״א לעבען גזר). גע־נויערע ידיעות וועגען דער בעפעלקערונג און קולטור פון די יהודה׳ר קאָלאָניעס, זעה ביי־לאַגע 2.

## ב. אין שמרון.

| נומער | נאָמען | גרינדונגס־יאָהר | שטח אין דונאַמען | צאָהל נפשות בערך | הויפט־קולטורען | באַמערקונגען. |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 22 | חדרה | 1891 | 32.500 | 300 | תבואה, אָראַנדזשען, אָלי־ווען, אייקאַליפּטוס, מאַנדלען. | |
| 23 | חפצי בה | 1905 | 5.908 | 20 | אָראַנדזשען, מאַנדלען. | געהערט צו א פּריוואַטער געזעלשאַפט. |
| 24 | כרכור און רביע | 1913 | 15.500 | 50 | מאַנדלען, אָראַנדזשען, תבואה. | ערוואָרבען דורכ׳ן נאַציאַ־נאַל פאָנד. |
| 25 | זכרון יעקב | 1882 | 30.668 | 1.000 | וויין, תבואה, מאַנדלען, אָראַנדזשען, אָליווען. | גרויסע וויין־קעלערם. |
| 26 | שויה | 1891 | 6.915 | 50 | תבואה, מאַנדלען, וויין. | |
| 27 | אם־אל־גמאל (בת שלמה) שוני 4) | 1891 | 7.642 | 80 | תבואה, מילך, מאַנדלען. | |
| 28 | עתלית | 1909 | 6.800 | 80 | תבואה. | קאָלאָניע און עקספּערי־מענט־סטאַציאָן. |
| | דאר (טאַנ־טורה) 5) | | | | | |

ס״ה פאר שמרון 105,933 דונאַם באָדען מיט אַ בעפעלקערונג פון 1580 נפשות.

## ג. אין דעם עמק יזרעאל.

| נומער | נאָמען | גרינדונגס־יאָהר | שטח אין דונאַמען | צאָהל נפשות בערך | הויפט־קולטורען | באַמערקונגען. |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 29 | מרחביה | 1911 | 9.415 | 100 | תבואה, מילך־ווירטשאַפט, מאַנדלען. | נ״פ קאָאָפּ. און קאָלאָניע. |
| 30 | תל עדש 6) תל־שמאם 7) | 1913 | 24,000 | 25 | אַרבייטער־קאָאָפּעראַטיווע. | |

ס״ה פאר דעם עמק יזרעאל 33.415 דונאַם, פון וועלכע 22,000 זיינען נאָך ניט קאָלאָניזירט.

## ד. אין גליל התחתון.

| נומער | נאָמען | גרינדונגס־יאָהר | שטח אין דונאַמען | צאָהל נפשות בערך | הויפט־קולטורען | באַמערקונגען. |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 31 | סעדזשערא | 1899 | 17.720 | 200 | תבואה, אָליווען, אייבער־וואַלד. | פּריוואַטע פאַרם און קאָ־לאָניע. |
| 32 | מסחה כפר־תבור | 1902 | 10.120 | 250 | תבואה. | |

| נומער | נאָמען | יאָר געגרינד. | גרעס אין דונאַמען | צאָל נפשות | הויפּט־קולטורען (לויט דער ריהע פון זייער וויכטיגקייט.) | באַמערקונגען. |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 33 | ימה (יבנאל) | 1902 | 23.290 | 300 | תבואה. | |
| 34 | בית־גן | 1904 | 5.681 | 50 | תבואה. | |
| 35 | פוריה | 1911 | 3.545 | 50 | מאַנדלען, אָליוועז, אייקאַ־ליפּטוס. | אמעריקאַנער אחוזה־פאַרם. |
| 36 | שרונה (רמה) | 1913 | 5.000 | 30 | מאַנדלען, אָליוועז. | אמעריקאַנער אחוזה־פאַרם. |
| 37 | מצפה | 1908 | 2.941 | 50 | תבואה. | |
| 38 | כנרת | 1908 | 9.000 | 100 | תבואה, גרינס, אָראַנדזשען, מאַנדלען. | כ"פ פאַרם קאָלאָניע, שולע. |
| 39 | דגניה | 1909 | 3.073 | 30 | תבואה, גרינס, מאַנדלען, אָראַנדזשען. | ארבייטער קאָאָפּעראַטיווע. |
| 40 | מגדל | 1910 | 6.000 | 50 | תבואה, גרינס, מילך, מאַנדלען, אָראַנדזשען. | פריוואַטע פאַרם. |
| 41 | ביתניה | 1919 | 600 | 30 | באַנאַנען, גרינס. | יק"א־פאַרם. |
| 42 | מלחמיה | 1902 | 8.477 | 100 | תבואה. | |

## ה. אין גליל העליון.

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 43 | ראש פנה 8) | 1882 | 41.987 | 700 | תבואה, מאַנדלען. | |
| | מחנים 9) | 1900 | | | | |
| 44 | משמר הירדן | 1890 | 7.569 | 100 | תבואה. | |
| 45 | יסוד המעלה | 1883 | 12.228 | 160 | תבואה. | |
| 46 | מטלה | 1896 | 16.731 | 300 | תבואה. | |
| 47 | עין־זיתים | 1891 | 6.016 | 30 | וויין, אָליוועז. | |

די קאָלאָניעס פון גליל התחתון בעטרעפען אלזאָ 95,447 דונאם און פון דעם גליל העליון 84,531, צוזאמען איןביידע גלילים 179,978 דונאם.

## ו. עבר הירדן 10).

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 48 | בני יהודה | 1886 | 3.500 | | | |
| 49 | חורן'ער באָדען 11) | 1889 | 70.000 | | | |

## ז. אַלטע אידישע ישובים.

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 50 | שפרעם | 1750 | | 15 | אַקערבוי און מלאכה | אידישע פלח'ן. |
| 51 | פקיעין | 16 יאהר הונדערט | 50 | 96 | אַקערבוי און מלאכה | אידישע פלח'ן. |

דער גאַנצען שטח פון דעם אידישען באָדען אין די אויבענדערמאָהנטע קאָלאָניעס פון יהודה, שמרון און גליל באַטרעפט 414,142 דונאם. אויסער דעם אָבער פאַרמאָגט דער אידישער ישוב גרויסע שטרעקען באָדען, וואָס זיינען נאָך ביז יעצט פון אידען ניט באַזעצט און ניט בעארבייט: אין יהודה און גליל אונג. 30,000 דונאָם (אין ראשון, גזר, תל־עדש) און אין עבר

הירדן ביז 70,000 דונאם, אזוי אז צוזאַמען דארף מען רעכענען קרוב צו א האלבען מיליאָן דונאם, אין זייער ישוב 12-13,000 (אין יאָהר 1914).

די אידישע קאָלאָניעס פון יהודה ענטהאַלטען (אין יאָהר 1914) 7900 דונאם אָראַנזשען, אין ווערט פון 1200 פראַנק אַ דונאַם, ד. ה. 9,480,000 פראַנק; 12,000 דונאַם וויין־שטאָק (200 פראַנק אַ דונאם) אין ווערט פון 2,400,000 פראַנק; 27,000 דונאם מאַנדלען (150 פראַנק אַ דונאם) אין ווערט פון 4,050,000 פראַנק און 7,200 דונאַם אַליוועז און אַנדערע פלאַנצען 50 פראַנק אַ דונאם) אין ווערט פון 1,080,000 פראַנק. צוזאמען באַטרעפט עס 54,100 דונאם פאר שיידענע פלאַנצונגען אין ווערט פון 17,010,000 פראַנק.

---

אין די איבעריגע אידישע קאָלאָניעס פון ארץ ישראל געפינען זיך אונגעפעהר פאָלגענדע קולטורען:

אָראַנדזשען 1300 דונאם צו 1,000 פר. א דונאַם, ס"ה אויף — — — — 1,000,000 פר.
ווייש־שטק 2000 דונאַם צו 200 פר. א דונאַם, ס"ה אויף — — — — — — — — 400,000 "
מאַנדלען 10,000 דונאם צו 150 פר. אַ דונאם, ס"ה אויף — — — — — — — — 1,500,000 "
אַליוועז 2,000 דונאם צו 150 פר. אַ דונאם, ס"ה אויף — — — — — — — — — 300,000 "
איקאַליפּטוס 2,000 דונאם צו 100 פר. א דונאם, ס"ה אויף — — — — — — — — 200,000 "

צוזאמען 17,300 דונאם, ס"ה אויף — — — — — — — — — — — — 3,700,000 פר.
און צוזאַמען מיט יהודה איז עס אונגעפעהר — — — — — — — — — — — 21,000,000 "

דער ווערטה פון אונבעפלאַנצטען באָדען, אונגעפעהר 340,000 דונאַם (צו 50 פראַנק אַ דונאם) איז סך הכל 17,000,000 פראַנק. (מיר רעכענען דאָ נישט די 100,000 אונבעזעצטען אידישען באָדען אין יהודה און אין עבר־הירדן). צוזאַמען מיט די געביידעס, וואַסערלייטונגען, וויינקעלערס, לעבעדיגען און טוידטען אינוועטאר באַטרעפט דער ווערטה פון גאַנצען מאַטעריאלען רייכטום פון אלע אידישע קאָלאָניעס פון 60 ביז 70 מיליאָן פראַנק.

די יעהרליכע הכנסה פון די קאָלאָניעס באַטרעפט אונגעפעהר 4,720,000 פראַנק.

---

## באַמערקונגען צו דער ביילאַגע א.

1) אונטער דער אויפזיכט פון מקוה־ישראל שטעהט אויך דער „פּרדס־מנטפיורי" — דער עלטסטער אידישער גאָרטען, ערוואָרבען אין יאָהר 1855 דורך ר' משה מאָנטעפיאָרע. דער פּרדס ענטהאַלט 103 דונאם פלאַנצונגען.
2) דאָ זיינען נישט אַריינגערעכענט 3500 דונאם פון דעם נאָך ניט אויסגעטיילטען באָדען.
3) יהוד (יהודיה) איז א קליינער ישוב לעבען פתח־תקוה, געגרינדעט אין יאָהר 1882. ער ענטהאַלט 150 דונאם באָדען, אָבער זינט 1900 איז יהוד אין גאַנצען פאַרלאָזען.
4) א קליינער אַרבייטער־ישוב, בעלאַנגט צו זכרון־יעקב.
5) לעבען זכרון־יעקב, מיט 300 דונאם. דאָרט איז געוועזען א אידישע גלאָז פאַבריק. יעצט איז טנטורה פאַרלאָזען.
6) די יורידישע זייט פון דער קניה איז נאָך נישט גאָר פאַרענדיגט. פאָרלויפיג ווערט דורך אידען בעאַרבייט בלויז 2,000 דונאם פון תל־עדש.
7) דיעזע קניה איז נאָך נישט פאַרענדיגט.
8) שוין איינגעשלאָסען 11,885 דונאַם פון דעם באָדען אויף דעם הר־כנען, וועלכער איז מייסטענס אַ פעלזיגער.
9) די קאָלאָניע מחנים איז געגרינדעט אויף דעם באָדען פון ראש־פנה אין יאָהר 1900. צוערשט איז זי קאָלאָניזירט געוואָרען פון גאַליציאַנער אידען שפּעטער האָבען זיך דאָרט באַזעצט קאַווקאַזער בערג־אידען. יעצט עקזיסטירט מחנים שוין נישט אַלס א בעזונדער קאָלאָניע. איהר באָדען ווערט בעאַרבייט פון ראשפנה'ער קאָלאָניסטישע קינדער.

10) די לענדערייען פון עבר־הירדן זיינען ביז יעצט נישט קאָלאָניזירט דורך אידען.

11) אָהערצו געהערען די פאָלגענדע באָדענס פון חורן: א) ס א ח ם־ג ו ל ן מיט 30,000 דונאָם; ב) נ פ ע ה — 22,000 דונאָם; ג) ג׳ י ל י ן — 12,300 דונאָם; ד) ב ט י מ א — 6,000 דונאם; ה) ב ו ס ט ו ס — 18,200 דונאם (לויט די אָנגאבען פון מ. לונץ אין יאָהר 1895 קומט אַלזא אויס 95,000 דונאם, פון וועלכע 70,000 זיינען אויסגע־מאָסטען; דר. רופין רעכענט אָבער בלויז 56,000 דונאם).

## ביילאַגע ב.

### די אידישע באַפעלקערונג פון די יהודה'ר קאָלאָניעס.

(מר. מאירעוויטשעס בעריכט פון מאָנאַט מאַרט, 1915.)

| נאָמען | אשכנזים ארבייטער | תימנים ארבייטער | סך־הכל אַרבייטער (נפשות) | בעלי־מלאכה | אנדערע באַשעפטיגונגען | סך־הכל תושבים נישט־אַרבייטער | קאָלאָניסטען. (נפשות) | ס"ה איינוואוינער. (נפשות) |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ראשון לציון — | 330 | 288 | 618 | 200 | 150 | 350 | 380 | 1348 |
| פתח תקוה — | 580 | 310 | 890 | 800 | 656 | 1456 | 933 | 3279 |
| עין גנים — — | — | — | — | — | 37 | 37 | 157 | 194 |
| כפר מל"ל — — | 30 | — | 30 | — | — | 30 | — | 30 |
| כפר סבא — — | 30 | — | 30 | — | — | — | 66 | 96 |
| נחלת יהודה — | — | — | — | 12 | 12 | — | 41 | 65 |
| רחבות — — — | 140 | 320 | 460 | 150 | 155 | 305 | 303 | 1068 |
| נס־ציונה — — | 15 | 16 | 31 | 16 | 20 | 36 | 132 | 199 |
| באר יעקב — — | 30 | 7 | 37 | 3 | — | 3 | 105 | 145 |
| גדרה — — — | 40 | — | 40 | 13 | 20 | 33 | 109 | 182 |
| עקרון — — — | — | — | — | 40 | 35 | 75 | 285 | 360 |
| קוסטינא — — | 7 | — | 7 | 24 | 30 | 54 | 109 | 170 |
| רוחמה — — — | 34 | — | 34 | — | — | — | — | 34 |
| ערתוף — — | 24 | — | 24 | 10 | — | 10 | 115 | 149 |
| כפר־אוריה — | 30 | — | 30 | — | — | — | — | 30 |
| בן־שמן — — | 120 | — | 120 | — | — | — | — | 120 |
| חולדה — — — | 30 | — | 30 | — | — | — | — | 120 |
| סך הכל — — | 1440 | 941 | 2381 | 1268 | 1115 | 2383 | 2735 | 7499 |

די בעפעלקערונג פון די יהודה'ר קאָלאָניעס אין מאַרט 1915 איז געוועזען פאָלגענדע: 2735 קאָלאָניסטען (מיט זייערע פאַמיליען־מיטגליעדער), 2381 לוין־אַרבייטער (דארונטער 941 תימנים) 1268 בעלי־מלאכה און 1115 זייטיגע איינוואוהנער. צוזאַמען 7499 נפשות.

## ביילאַגע ג.

### אידישע בעפעלקערונג (נפשות) אין די שטעדט און קאָלאָניעס פאר דעם לעצטען יאָהר הונדערט.

| שטאָט | אין די 30-ער, 40-ער יאָרען | אין די 50-ער יאָרען | אין די 70-ער, 80-ער יאָרען | אין די 90-ער יאָרען | 1914 |
|---|---|---|---|---|---|
| ירושלם — — — | 4,000 | 10,000 | 14,000 | 27,000 | 55,000 |
| צפת — — — | 1,200 | 2,100 | ——— | 7,150 | 12,500—13,000 |
| יפו — — — — | 30 | 400 | 1,200 | 3,000 | 12,000 |
| טבריה — — — | 650 | 1,514 | 2.047 | 3,200 | 7,000 |
| חברון — — — | 500 | 400 | 600 | 1,420 | 1,000 |
| חיפה — — — | 150—200 | 100 | 175 | 1400-1000 | 3,500 |
| צידון — — — | 300 | 300 | 500 | 780 | 800 |
| עזה — — — — | ——— | ——— | 150 | 75 | 175 |
| עכו — — — — | 100 | 120 | 140 | 130 | 50 |
| צוהר — — — — | 100 | ——— | ——— | ——— | 2 |
| שכם — — — | 150—200 | 40 | 120 | 31 | ——— |
| בית שאן — | ——— | ——— | ——— | 13 | 80—100 |
| רמלה — — — | ——— | ——— | ——— | 100—166 | 20 |
| באר־שבע — | ——— | ——— | ——— | ——— | 130—150 |
| לוד — — — | ——— | ——— | ——— | 14 | 15—10 |
| ס"ה שטאָדטישע בעפעלקערונג — — — | 7.200 | 15.000 | 22.000 | 44.000 | 93.000 |

### אגראַרע באַפעלקערונג.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| פקיעין — — — | 100 | 50 | 100 | 96 | 90 |
| שפרעם — — — | 60 | 60 | 30 | 45 | 15 |
| קאָלאָניעס | | | 3000 | 4500 | 12.000 |
| ס"ה אגראַרע בעפעלקערונג | 160 | 110 | 130 | 140 | 12.100 |
| דער סך הכל פון דער אידישער באַפעלקערונג — | 7.360 | 16.000 | 25.000 | 48.500 | 105.000 |



יפו
שלה
בית-אל
ירושלים
נחל שורק
אשקלון
גיא צפתה
עזה
גרר
לכיש
חברון
נחל קדרון
חצצון תמר
ים המלח
נחל שבע
חן יוניס
באר שבע
נחל אל-חליל
מעלה-עקרבים
רפיח
אל-חפיר
בת-עמון
ודי חשבון
בני זעיב
נחל ארנון
קיר מואב
קטרנה
נחל זרד
אדום
תפל
קלעת אל-חסן
באר לחי ראי
קדש ברנע
הר ההר
בצרה
שובך
סלע
(פטרא)
מען
אל געפר
נחל מצרים
(ודי אל עריש)
עין גרנדל
קלעת אל-נחל
מדבר סיני
(בדית אל טיה)
מדבר פארן
עציון גבר
עקבה
אילת
ים סוף
עקבה אל-חגאזיה


דער נגב.

# דרוק־פעהלער:

| זייט | שורה | אנשטאט | דארף זיין |
|---|---|---|---|
| 28 | 13 | בית אדם | בית ארם |
| 47 | 5 | חליף מעדואן | חליף מערוואן |
| 49 | 31 | פאלמיא (תדמור) | פאלמירא (תדמור) |
| 71 | 28 | שפרעם | שפרעם |
| 78 | 8 | קירבענהיים | קירכהיים |
| 103 | 15 | קאלאניזאציע | קאנאליזאציע |
| 107 | 25 | ראטאדאקסישע | ארטאדאקסישע |
| 142 | 34 | מעטס | מעטר |
| 376 | 1 | ח. לאנדווירט. | ט. לאנדווירטשאפטליכע |
| 409 | 9 | אמשקיער ווידאיעט | דמשקיער ווילאיעט |
| 420 | 8 | 400.000 | 340.000 |
| 420 | 9 | 460.000 | 400.000 |

אונטער'ן בילד 23 (זייט 160) דארף זיין: „רפידים, אז אאזים אין מדבר סיני“.

די אויבערשטע שורה, וועלכע לויטעט: „דער פלאץ פון בארג חורב, אויף וועלכען עס איז געגעבען געווארען די תורה, איז“ — שטעהט אין איניגע אויסגאבען נישט אויף איהר ארט. זי דארף גאר זיין פון אנהויב דער 160טער זייטע.

די נומעראציעס פון די בילדער 58 (זייט 344) ביז בילד 72 (זייט 381), איינגעשלאסען, איז על פי טעות געדרוקט מיט צוויי נומערן פאראויס. אנשטאט 58 דארף זיין 60, אנשטאט 59 דארף זיין 61 א. א. וו.

בילד 7, זייט 28, איז על פי טעות איבערגעקעהרט.

